# אלע

# שריפטען

— פון —

## מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראמאוויטש).



דיא היברו פאבלישינג קאמפאני

88־85־87 קאנאל סטריט, נויארק.



HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85-87 Canal Street, New York.

1909.

# אינהאלט-פערצייכניס:

# דאס קליינע מענשעלע

ווידוי

ליצחק־אברהם תקיף.

## 1.

„מה שמכם ?“ דאָס איז דיא ערשטע שאלה, וואָס א איד פרעגט דעם אנדערן, גאָר א ווילד פרעמדען, וויא באלד ער בעגעגענט זיך מיט איהם און שטעקט איהם אָב א שלום עליכם. קיינעם געהט בשעת מעשה גאָר אויף דער מחשבה ניט ארויף, אז מען זאָל זיך קענען אָנרופען א שטייגער : „וואָס איז אייך ר׳ קרוב אזוי דאָ גלעגען צוא־ וויסען וויא איך הייס ? מיר ווילען דען איינער מיט דעם אנדערן זיך משדך זיין ? איך הייס וויא מען האָט מיך א נאָמען געגעבען און לאָזט מיך געמאך.“ אדרבה, דיא שאלה „מה שמכם“ איז א גאנץ נאטידליכע זאך, עס ליעגט אזוי אין דער טבע, אקוראט וויא א טאפ צו טאָן יענעמס נייע קאפאָטע מיט א פרעג : וואָס קאָסט איין ארשין ? וויא צו בעטען א פאפיראָס בשעת יענער עפענט אויף זיין טייסטעריל מיט טיטון; וויא ארייבצושטעקען דיא פינגער אין יענעמס פושקעלע און נעמען א שמעק טאבאקע; וויא ארייבצוקריכען מיט א פיס אין יענעמ׳ס ביטעל, זאיינטונקען דאָרט דאָס פארשמאָלצענע פאַטשוילכען און רייבען דערמיט דאָס לייב; וויא צו צוגעהן וואו צוויי מענשען שמיעסען צווישען זיך, צולייגען איין אויער הערען זייער שמועס, אָדער וויא א א פרעג צו טאָהן איינעם פלוצלים פון דער העלער הויט מכה זיינע געשעפטען און אָנוואַרפען זיך אויף יענעם מיט עוצת, חאָטש יענער האָט זיך אין זיי כלל ניט גענויטיגט און קען אָהן זיי זיך אויך בעגעהן. אזעלכע וכדומה נאָך אזעלכע זאַכען זיינען גאנץ געוועהנטליך, אזוי איז דער סדר העולם פון אייבינע צייטען און אָנצורופען זיך אקעגען דעם וואָלט אויסגעקומען עפעס טאקי ריין משוגע, עפעס משונה ווילד גאָר שלא כדרך הטבע. נישט נאָר אויף דער וועלט, נאָר אפילו אויך דאָרט אויף יענער וועלט איז ביי אידען איינגערערט, אז תיכף ביים ארייבשטעקען אהין א פוס איז דעם מלאך־הדומה׳ס ערשטע שאלה: מה שמכם, ר׳ קרוב? דער מלאך, וואָס האָט זיך געראנגעלט מיט יעקב אבינו, ער אפילו האָט ניט משנה געווען פון דעם סדר העולם און איהם באלד טאקי א פרעג געטאָהן וויא ער הייסט ? הייגט א פשיטא שוין א מענש א בשר ודם. איך ווייס זעהר גוט, אז מיין ערשטען ארויספאָהר אין דער אידישער ליטעראטור מיט מיינע מעשיות וועט געוויס דעם עולם׳ס ערשטע שאלה זיין : מה שמכם, פעטער ?

מענדעלי, הייס איך ! אזוי רבותים האָט מען מיך א נאָמען געגעבען נאָך מיינעם איין עלטער זיידען פון דער מאמעס צד, ר׳ מענדעלי מאָסקווער, זכרונו

לברכה. מאסקווער האט ער אין זיינע צייטען געהייסען דעריבער, ווייל ער איז א מאל געווען אין מאסקווע איינצוהאנדלען דארט רוסישע סחורה. דאס האט איהם פערשאפט אין זיין ווינקעל א נאמען און גרויס כבוד, אלע האבען איהם געהאלטען פאר א געניטען, וועלטליכען מענשען און מען פלעגט בשעת עפעס א נויט און ביי א פראשעניע אנשרייבען מיט איהם פריהער זיך מישב זיין, נאר נישט דאס בין איך אויסען.

דערמיט אבער בין איך נאך נישט יוצא. נאך דער דאזיגער ערשטער שאלה הייבען ביי אידען ערשט אן זיך צו שיטען נאך אלערליי שאלות, וויא א שטייגער: פון וואנען איז א איד? זייט איהר א בעווייבטער? האט איהר קינ־דער? מיט וואס איז אייער האנדעל? און וואהין פאהרט איהר? וכדומה נאך און נאך אזעלכע מיני שאלות, וואס אזוי איז שוין אנגענומען געווארען בכל תפוצות ישראל זיי צופרעגען אויב מען וויל א פנים האבען פאר לייט אז מען איז איין אויסגעריבענער מענש, נישט קיין באנק-קוועטשער, און וואס מען מוז על פי מענשליכקייט דארויף ענטפערן אזוי ווי א גוט יאהר אויף איינעם'ם א גוט שבת אדער גוט יום טוב! איך וויל מיט א וועלט נישט איינרייסען און בין בע־רייט אויף דיא דאזיגע שאלות אויך צו ענטפערן קורץ און גיך וויא נאר מעגליך

אליין בין איך א געבירטיגער פון צוויאטשיץ, א קליין שטעדטעל אין טעטע־ריוווקער גובערניע, בעריהמט מיט איהרסע גוטע בהמות און נאך מעהר מיט דעם צוויאטשער להבדיל, וואס מיט איהם קלינגט דיא וועלט. נישט דאס בין איך אויי־סען. אין מיין פאספארט שטעהט איך אלט 52 יאהר, נאר בעשטימט וויא פיעל איך בין אלט קען איך אייך נישט זאגען. מיין טאטע מיט דער מאמען עליהם השלום זיינען שטארק מחולק געווען אין דער רעכנונג פון מיינע יאהרען, נאך זיי ביידע בין איך געבוירען געווארען צו דער ערשטער ליכטעל בשעת דער גרויסער שרפה פון דיא קלייטען, נאר נאך דעם טאטענ'ם חשבון איז דאס געווען בשעת דיא גרויסע קרירות זיינען פערשלעפט געווארען אין אונזער ווינקעל, פונקט אין דער צייט, ווען דער אלטער זכרונו לברכה איז נסתלק געווארען, און דיא מאמע פלעגט אויסווייזען, אז דאס איז גאר געווען א יאהר צוויי נאך דער ערשטער בהלה, נישט היינט נעדאכט. א סימן אפילו, דערנסטמאהל האט זיך ביי אונז גע־קעלבט דיא רויטע קיה און זאת חנוכה האט זיא פאר א האלב שטעדטעל געמאכט מילכיגע ווארעניקעס, וואס מען האט פון זיי געלעקט די פינגער און ליגען ביי א טהייל אלטע אידען נאך אי היינט אין טעם. נישט דאס אבער בין איך אויסען. דיא פרימעטעס מיינע אין מיין פאספארט זיינען אזוי: דיא וואוקס א מיטעלע;

האָר, ברעמען גרויא; אויגען קארע; דיא נאָז, דער מויל מיטעלמעסיג; א באָרד א
גרויע; דאָס פנים א ריינס; אכאָביע פרימעטעם נישטאָ. דאָס הייסט אין גאנצען
פראָסט גאָר נישט. א מענש ווי געוועהנטליך דאָס רוב מענשען, נישט קיין קאטער
קיין בהמה חלילה. אי, דיא קשיא איז, גלאט א פאספאָרט גאָר אָהן פרימעטעס
וואָלט דאָך אויך דאָס אייגענע בעוויעזען, אז מען איז א מענש ? וואָרים וואו האָ־
בען בהמות פאספאָרטען ? דער תירוץ איז אָבער, אז קשיות פרעגען איז קיין
שכל נים. הערסט־דוא, דער גאנצער שכל איז דאָך טאקי, אָט נאט אייך פרי־
מעטעס און ווייסט פאָרט נישט וואָס פאר א פנים איך האָב..... און באמת טאקי,
לאָמיר זיך נישט נארען, וואָס וועט אייך ארויסקומען אז איהר וועט שוין וויסען
א שטייגער, אז מיין שטערען איז א הויכער מיט א סך קנייטשען,: אז מיינע נאָז־
לעכער זיינען זעהר גרויסע און עפּעס משונה, אז איך קוק מאך איך רערביי צו
א ביסעל דיא אויגען וויא א קורצזיכטיגער, און אז איך פארציה דיא ליפּען זעהט
עפּעס אוים וויא איך שמייכעל מיט א שטעכעדיג געלעכטעריל. גלויבט מיר, מיין
ווייב אפילו פאר אונזער חתונה, האָבען אזעלכע קלייניגקייטען אויך כלל נישט
אינטערעסירט. מען האָט איהר געזאָגט: מזל טוב כלה, דוא האָסט א חתן ! און
גענוג. ווערענס עסק דען איז דאָס יענעמס א נאָז, יענעמס א פנים ? וואָס מאכט
עס אוים און ווערען געהט עס אָן ? מילא ווייסט איהר דאָך אגב שוין רבתי, אז
איך בין א בעווייבטער. קינרער פערשטעהט זיך דאָך ממילא אז איך האָב און אָהן
עין־הרע נאָך פיל, וואָרום וואו האָט איהר א בעווייבטען אידען ער זאָל נישט האָ־
בען לכל הפחות א האלב טוץ קינדערלאך? בפרט נאָך איין אָרימאן. האנרלען האנ־
דעל איך מיט רומעל, דאָס הייסט מיט חומשים, מחזורים, סידורים, סליחות,
תחינות ובדומה אזעלכע מיני ספרים. רערביי געפינט זיך ביי מיר אלערלייא
מעשיות—און א ביסעל פון היינטיגע מיני ביכלאך. איך האָב איבערגעהאט אין
מיין לעבען א סך מיני פרנסות: באלד ביין ארויפגעהן פון קעסט בין איך געוואָרן
א חלפן דערנאָך א בשמים קרעמערל, א שיינקער, א מוכר־תבואהניק, א מעקלער
און א מלמד, איך האָב מיך געוואָרפען, וויא דער שטיינער איז פון אידען, אויף
אלע זייטען און בין געוועזן, לא עליכם, א גרויסער אביון. וויא זאָגט מען עפעס
,א בך מלאכות און ווייניג ברכות. ביז לכוף האָב איך מיך גענומען צו ספרים און
בין דערפון שוין א צייט מיט יאהרען, ברוך השם זעהר שיין זיך מפרנס. חוץ רו־
מעל פיהר איך נאָך מיט מיר בערשטער טליתים, טלית־קטנ׳ס, כפול־שמונהדיגע
ציצית, רצועות, שופרות, הייעליך, מזוזהליך, וואָלפציינדליך, קמיעליך, קינרערשע
כליטשקענע שיכעלעך און יארמולקעלעך, און א מאָהל אויך מעש און קופּערוואַרג.

וויא ארום מעש און קופער ווארג קומט צו ספרים וויים איך אליין נישט, נאָר אזוי איז שוין ביי אונז איינגעפיהרט מכמה וכמה שנים, פונקט וויא א יודישער מחבר מוז אמאָל אויך זיין אי א שדכן, א פוילישער שמש אין א קלייזעל מוז דערביי דאָרט האלטען א קליין שיינקעל, וויא א סבאָרשטשיק מוז א מאָל אויף א שמחה ביי דיא פיינע־בריות קאָכען פיש און זיין א סארוטער, וויא עפּים א כלי־קודש מוז דאָס רוב זיך אָפּגעבען מיט פלאָטקעס, פארקאָכען א מאָל א קאשע און וויא א ליאד גבירי׳ל מוז האָבען חלק אין דער טאקסע.... נישט דאָס בין איך אויסען. יאָהרעלאנג בין איך אונטער וועגענס. איך פאָהר ארום אין גאנץ פוילען און בין דאָרט פול אין אלע שטעדט און שטעדליך. מען קען מיך ברוך השם אומעטום וויא א בייזען שילינגער. איהר ועט מיך דאָרט טרעפען שטעהענדיג מיט מייןביידעל דאָס רוב לעבין בית־המדרש. מיין פערדיל שטעהט אויסגעדרייט מיט דעם פּנים צום וואָגען און עסט, אויב ער האָט נאָר, סיטשקע פון איין אויסגעשפּרייטען לאנ־טוך, וואָס איז צוגעבונדען פון איין זייט צו דיא קאָזלעס און פון דער אנדערער זייט צו ביידע אין דער הויך אויפגעשטעלטע האָלאָבלעס. יודישע קינדערלעך פארגנבנען זיך שטילערהייט און רייסען געשמאק סטרינעס פון זיין עק נעביך, און ער שלימזול שטעהט זיך גאנץ רוהיג, עס זאָל דאָס איהם אָנהויבען צווארען, ער לאָזט א מאָל דערביי אראָפּהיינגען דיא אוטערסטע ליפּ און עס דאכט זיך גאָר דענסמאָל, ער לאכט עפּים מיט ציין, גאָר וויא להבדיל א מענש. אז מאכט זיך א מאָל ער האָט נישט וואָס צו עסען, שטעהט ער זיך פארטראכט מיט אויפגע־שטעלטע אויערן און קוקט אין ביידעל אויף דיא ספרים עפּעס אזוי, אז מען וואָלט געמעגט שווערען ער פארשטעהט דרינען זעהר גוט מיט זיין פערדישען מוח און נעמט עס אויף זיינע כלים אפשר נאָך פיל בעסער ווי איין אנדער בעהעלפער־מחילה. נישט דאָס בין איך אויסען.

דאכט זיך איך האָב שוין מיינס יוצא געווען, אלס־דינג אייך אָפּגעזאָגט און מעג שוין אָנהויבען מיין ספּור המעשה. איבריגענס בין איך דאָך נישט מעהר וויא א מענש, אפשר האָב איך עפּעס פארגעסען מעגט איהר מיר זיכער גלויבען, אויף מיין וואָרט, אז וויא באלד איך וועל מיך נאָר דערמאָנען וועל איך עס גאנץ געווים צושטעלען אין איינע פון מיינע מעשיות, וואָס איך האָב בדעה מיט גאָטס כח איי־נע נאָך דער אנדערער אָפּצודרוקען. און ווייטער אויב עמיצער ועט קיין צייט ניט האָבען און טאקי באלד וועלען וויסען כל שורש דבר, איטליכעס פּיטצעלע, מעג ער זיך מטריח זיין צו מיר שרייבען און ועט בעקומען פון מיר אין גיכען א קלאָהרע תשובה. מיין אדרעס איז: מענדעליו יודעלאָוויטש מוכערו ספּאָרעמו אוב

צוויאטשישו. דעם טיטעל גאַספּאַדינו יעוורעיו באראַרפט מען נישט שרייבען, מען וועט אזוי אויך וויסען.

שאט, שאט רבותים! עיקר שכחתי. גוט חלעבין וואס איך האב מיך בעציי־טענס ארומגעקוקט, דער מנהג פון אונזערע יודישע מהברים איז, וויא איטליכען איז בעקאנט, אריינצושטעלען זייערע ווייבער דיא צנועות אין זייערע ספרים בפירוש מיט דיא נעמען, אדער מיט א המצאהלע דורך ראשי תיבות און אָפּצולוי־בען אין טאָג אריין זייער גוטסקייט און פרומקייט. בכן וועט איהר דאָך אוודאי ועלען וויסען לכל הפחות וויא מיין ווייב הייסט און וועט טאקי זיין זעהר נערעכט.

שאט, זיא הייסט יענטע!

---

ב

איצטר רבותים, אז מיר האבען שוין זיך אביסעל בעקענט, זייט מוחל און שטעלט אייך פיר מיך, מענדעלי מוכר ספרים, וויא איך שטעה מיר אָסיענצייט מיט מיין ביידעל ערגיץ אויף א וועג, שטארק פארטראכט און ריהר מיך נישט פונם אָרט. אפשר וועט איהר ועלען מיינען אז מיין ביידעל האט זיך איינגעגריז־נעט אין בלאָטע און איך טראכט דאָ וויא אזוי עס ארויסצושלעפּען, ניין! דאס איז געווען טאקי היינטיגעס יאהר תרט"ו, וואס מען מעג איהם פארשרייבען אין דיא קראָניקעס פאר א וואונדער מיט זיין טרוקענעם זעהר שיינעם אָסיען. אין דרויסען איז געווען נאָר זומער, ווארעם, לויטער, בהמות האבען זיך געפיטערט אויף דיא פעלדער, פון וועלכע עס האט נעדיכט ארויסגעשפּראָצט יונגע גרינע תבואה. דיא בוימער האבען אויף זיך געהאט א געל־גרין העמדעל, ערטער ווייס אפילו מיאוס אָפּגעבליאקעוועט, צוהאקט, צופאלען מיט אויסגעטריפּעלטע לעכער, נאָר דאָך האָבען זיי נישט געהאט נאָך ברעה אויסצוטאָן זיך אין גאנצען נאקעט אויף צושלאָ־פען זייער געווייגטליכען הארטען שלאָף דעם גאנצען ווינטער. אין דער לופט זיינען אומעטום געפלויגען לאנגע ווייסע פעדים פּויטינע, א סימן אויף א גוטער שיינער פּאָגאָדע, חאָטש דער לוח האָט געשריעבען אויף כמארנע טעג, קאלטע רעגענס און בלאָטע. ער האט, זאל ער מוחל זיין, נישט געטראָפען, געזאָגט וויא דער שטייגער איז, א גרויסען ליגען. נישט דאס בין איך אויסען. אפשר וועט איהר ווייטער וועל־לען מיינען, אז איך בין געשטאנען מיט מיין ביידעל ווייל איך האב ניט געוואוסט דעם וועג. נאָך א מאָל ניין! איך האב זעהר גוט געוואוסט, אז דאָרט וואו דער וועג צוטהיילט זיך נעהמט מען זיך רעכט קיין גלופּסק און לינקס ערגיץ אנדערש

אין א שטעדטיל. נאָר וואָס דען זשע? פשוט איז איך האָב מיר קיין עצה נישט געקענט געבען אין וועלכער זייט זיך צונעהמען. איך האָב געהאט טעמים פאָהרען קיין גלופסק, צומאכען דאָרט עפּיס א שטיקעל חלוף און אָפּצוזעטצען דאָרט סטאַטשקעס און וועקסענע חנוכה ליכטלאך, אקעגען זשע האָב איך ווידער געהאט טעמים צו פאָהרען אויפן יריד דאָרט אין שטעדטעל, און מחמת דעם בין איך געבליעבען שטעהן אויפן וועג נישט אהין און נישט אהער, אזוי וויא אין דער קלעהם. טראכטענדיג האָב איך מיך גראָד פארקוקט אויף מיין פערדיל, וואָס איז געשטאנען זעהר רוהיג, געקראצט דעם האלז אין דער האלאָבלע און איז פונקט שטעהן א פנים שטארק צופריעדען געוועזן. איך האָב געקוקט אויף איהם עפּיס מיט אזעלכע אויגען, גלייך וויא איך וואָלט פערלאנגט פון איהם עפּעס איין עצה. און באלד איז מיר טאקי איינגעפאלען איבערצוגעבען דיא גאנצע זאך דעם פערדיל, וויא ער וועט וועלען אזוי זאָל זיין. לאכט נישט, לאכט נישט רבותים, אז מען איז אמאָל מסופק און מען ווייס נישט וואָס צו טאָהן פארלאָזען זיך קלוגע אפילן אויף משונהדינע מיטעל. זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז אזוינס א פּאטש טאָן זיך אין אזא פאל, אין שטערען און מאכען אויף דער האנד קנייטשען? אָדער וואָס שטעקט אזוינס נאָך אין אנדערע אזעלכע גורלות און אלערליי סמנים? א נאַר איפלו גילט דענסטמאָל זעהר שטארק, מען פרעגט איהם און מען נעהמט אָן זיין עצה. עס טרעפט זיך אין דער וועלט זעהר אָפט, אז קלוגע גיבען זיך איבער נאראָנים אין דיא הענד און לאָזען זיך פון זיי פיהרען. איך קען א סך אזעלכע נאראָנים, וואָס שפּילען א ראָלע און דווקא ביי סוחרים, לייטישע מענשען... ניט דאָס בין איך אויסען. איך האָב א שמיץ געטאָן דאָס פערדיל, אָפּגעלאָזט דיא לייצען און איהם געלאָזט געהן פרייא, פיהרען מיך וואָהין ער וויל. ער האָט זיך גענומען רעכטס אויף דעם וועג קיין גלופסק. נו, פיהר מיך, פיהר מיך, אפשר ביסט־דוא גערעכט. אז דיר געפעהלט גלופסק לאָז זיין גלופסק!

דינסטאג פריה נאָכן דאווגען בין איך אָנגעקומען קיין גלופסק און בין מיר, וויא מיין שטייגער איז, צוגעפאָהרען גלייך צום בית־המדרש. איידער נאָך איך האָב אויסגעפּייעט א נאָז אויסשנייצען האָבען זיך א לאָז געטאָן צו מיר יודען און בעלי־הביתליך, דער מיט א שלום עליכם, יענער א קוק אין ביידעל, איינער מיט דער שאלה, דער אנדערער מיט איין אנדער שאלה, דער א טאפּ, דער אלאפּ, וויא דער שטייגער איז פון יודען. דיא ווייסע חברה, דיא תלמוד־תורה יונגליך האָבען זיך פרעהליך לעבעדיג געוויטעט מיט מיין פערדיל, גאָר פריינדליך מקבל פנים געוועזן זייער אלטען בעקאנטען און שוין אפילו זיך דאביוועט רייסען סטרינעס פון

זיין ווײדיל. אויפן שולהויף האָב איך געזעהען רעדליך מענשען, עפּיס האמפּערט מען זיך, מען האָט וואָס צו טאָהן, מען שמיעסט, מען לאכט, מען זאָרגט און שי־קעלט מיט דער קאָפּ. באלד האָבען עטליכע רעדלאך זיך צונויפגענומען אין איין רעדיל, עס האָט געארבייט, געקעהרט, געפּילדערט, געמאכט מיט דיא הענד אי מיט דיא פיס, און באלד איז דאָס צונויפגעשטיקט רעדיל צושפּרונגען געוואָרען, וויא א זייף בולבע, אויף קליינע רעדלאך. א פּנים ס'איז עפּעס געשעהן. אז מען קלינגט איז א חנא. איך בין שטארק ציקאווע געוועזן צו וויסען וואָס מהומ זיך דאָ אזוינס, איך בין דאָך עפּיס אויך איוד, מיין נשמה איז, וויא זאָגט מען עפּיס, נישט פון קלאָטשע, מען בעדאַרף אין דער וועלט אלסדינג הערען, אלסדינג שמע־קען. עס קומט אמאָל צוניץ. עס זיינען דאָ זעהר פיעל יודען, וואָס ציהען זייער שטיקעל פּרנסה דערפון, וואָס זיי שטעקען אומעטום אריין דיא נאָז און שמעקען. וואָס וואו צוויי זיינען זיי דריטע און פאָדערן א חלק, אָדער העפ, וויא מען רופט עס אויף זייער לשון. יתרו איז א יודישע זאך. נישט דאָס בין איך אויסען. אז איך האָב מיך צוגעהערט צו א ניי רעדעל, וואָס איז געשטאנען לעבען מיר, איז מיר אריין אין אויער אָט דער דאָזיגער שמיעס:

— אָ־ווא, אָ־ווא! ברוך דין אמת! נאָך כמעט נאָר א יונגער מאן, איך מיין ארום ארבעים. אָ־ווא, אָ־ווא! סטייטש אזא מענש, אזא מענש!

—מילא וואָס זשע זאָרגט איהר זיך דאָ אזוי רב אברהמצע און קענט זיך נע־ביך נישט טרייסטען? פיש, א טהייערע זאך! א שיינע, ריינע כפּרה, הלעבין! וואָס איז דאָ אזוי מיט איהם דער יחוס? טאקי באמת טאקי ווער איז ער אזוינס געוועזן?

— ביי דיר יאָסיל איז אלץ נישט קיין טהייערע זאך, אלסדינג נישט קיין יחוס! מסתמא איז טאקי ר' אברהמצע גערעכט. סטייטש, סטייטש אזא מענש, אזא רייכער א גאנץ רייכער מענש! א רחמנות, וויא איך בין א יוד, ארחמנות!

— נאט אייך א נייעם בעל רחמים לייבצע טעמעס - באסעוועט אונטער ר' אברהמצען און ווייזט ארויס וויא איין עהרליכער יוד, זיין רחמנות. זאָג נאָר, וואָס האָסטו דוא דאָרטען פריהער געזאָגט לייבצע?

— געזאָגט?! וואָס יאָסיל האָב איך געזאָגט, איך? אדרבה יאָסיל וואָס, וואָס אדרבה....

— טאקי אדרבה ואדרבה, דוא אליין לייבצע, טאקי דוא אליין האָסט אקאָרשט מיט דיין כשר מיילכעל געזאָגט: „אויך מיר א מענש איציק אברהמיל תקיף! ער איז געוועזן, זאָל ער מיר מוחל זיין, נישט מוחל זיין, א גראָבער יונג.

א בלוטזויגער, א רמאי, א אכזר און דערצו נאָך אביסיל חושים.״

— וואָס איך, יאָסעל? ! עט? עט.... א גוטען טאָג! איך האָב אסור נישט קיין צייט.

— א גוטען טאָג, א גוטען יאָהר! הא? קומט ר' אברהמצע אין בית־המדרש אריין, לאָמיר דאָרט נעהמען צוביסליך בראָנפין. דער שמש האָט היינט א גוט ביסעל בראָנפין.

— זעהסטו־דוא יאָסילע אביסיל בראָנפין שאדעט טאקי אפשר נישט. הא? האָסט חלעבין קלוג געטאָן יאָסילע, וואָס דוא האָסט אזוי גוט מכבד געווען דאָ דעם ליגנער. לאָמיר זיך נישט נארען, באמת טאקי וואָס איז ער דאָ אזא פאר־נעהם? ער איז, עליו השלום, געווען איין עם־הארץ, א קאָכלעפעל, א בערייסער, א פיאווקע. נישקשה גענוג פרעמד געלד איבערגעלאָזען!

— אָט דערפאר ר' אברהמצע האָב איך אייך טאקי ליעב. זעהט איהר, דער־פאר טאקי וואָס איהר האָט תמיד ליעב צו זאָגען דעם אמת.....

„ניין, ניין! האָב איך געהערט שרייענדיג נאָך פון א רעדיל מענשען, דאָס איז פאר איהר ניט קיין שידוך, איך האָב פאר איהר איין אנדער שידוך. עס וועט מיט נאָסס הילף געהן ס'איז איהר איבערגעבליעבען א פארמעגען. זיא האָט א גע־בליאטעוועטע כתובה און מיינער וועט זיא מיט גאָט'ס כח נעהמען, חאפען מיטביידע הענד.

„יחדו, יאָקיל גרונם! איך בין דארויף אויך געפאלען. יחדו! יורען זייט עדות!

„א רוח אין דיין טאטענס טאטען אריין! האָט זיך געלאָזט הערען א קול ־־ין דאָס רעדיל איז זיך צופלוינען.

איך האָב אויסגעשפאנט דאָס פערדיל, איהם אומגעקעהרט צווישען דיא האָ־לאָבלעס מיט דעם פנים צום וואָגען, אונטערצופאסען עס מיט א ביסעל סיטשקע און דער נאָך האָב איך מיך גענומען צו דער ארבייט, אויסצופאקען מיין ביידעל. נאָר קוים וואָס איך האָב געמאכט א שטיקעל סדר, ארויסגעהאנגען פון ביידע זיי־טען בויד א קרענציל קמיעליך, בליטשקענע יארמולקעליך, עטליכע פעקליך ציצית און ארויס דערטאפט א סטאָטשיק א טלית־קטן וכדומה איז דער בית־דין שמש געקומען צולויפען הענדום פענדום אין איין אָטהעם.

— אוי גוואלד ר' מענדעלי! שלום עליכם ר' מענדעלי! דער רבי זאָל לעבין האָט אייך זעהר שיין געלאָזט בעטען, איהר זאָלט גיכער צו איהם זיך מטריח זיין מיט אייער כבוד. גיכער, טאקי גיכער ר' מענדעלי!

דאָס וואָס דער רב איז אזוי גיך נעוואָהר געוואָרען אז איך בין געקומען, דאָס גראָד איז מיר קיין חידוש נישט געווען, וואָרום גלופּסק איז א יודישע שטאָדט, און יורען דערגעהן זיך תמיד אלסדינג געשווינד, לאָז איינער בייא זיך אויסריידען עפּיס א וואָרט, באלד טאקי ווייסט מען עס אויף דער צעהנטער גאס און מען צוטראָגט עס אויף טעלערליך, א סך גיכער וויא דער טעלעגראַף. א חידוש איז מיר נאָר געווען, וואָס בעדאַרף מיך אזוי דער רב האָבען? און צו וואָס האָט ער נאָך מיר געשיקט דעם בית־דין שמש אין אזא אייל־עניש? באלד אָבער איז מיר ארויף אויפֿן זינען, א דין תורהלע, דאָ מוז עפּעס זיין א קרעטשצעלע און עס האָט מיר א טיאַכקע געגעבען אין הארצען! וואָרים וואו האָט איהר דען א יודען, וואָס ער זאָל נישט פיהלען ביי זיך אין דיא געשעפטען עפּיס א מכהלע, וואָס מען זאָל נישט קענען צו איהם נעביך זיך זוכען? נישט דאָס בין איך אויסען. איך האָב איבערגעמישט אין קאָפּ מיינע געשעפטען און מיר איז אריין אין דער מחשבה דער מחותן, אפשר טשאַטעוועט אויף מיר דער מחותן, וויל מיך צווינגען איינצולייגען דעם נדן און וויל וויסען אן עק, א סוף. דער מחותן מיינער איז א פּראָסטער מענש, ער מיינט וואָס עס שטעהט אין דיא תנאים מוז מען האַלטען און וואָס מען האָט זיך מתחייב געווען מוז מען טאקי סיליקין. ער פערשטעהט נישט דער נאר, אז דאָס אלסדינג איז לאו דווקא, עס געהט אזוי נאָר אין שמיעס, גלאט אזוי פון איידעלקייט וועגען. מען בעדאַרף זיך ברויט שטעלען מיטן פולען מויל, עס זאָל פאר דער וועלט א פּנים האָבען, וויא אונזערע טאַטעס און זיידעס האָבען זיך נוהג געווען.... נישט דאָס בין איך אויסען. אָדער, האָב איך געטראַכט, אפשר גאָר חלילה דער מוכר ספרים, מיט וועלכען איך האָב פאר א יאָהרען זומער געשטעכעוועט אויף פארלעגערטע מינים, איך האָב איהם א חילוף אָנגעגעבען הגדות, תיקון שבועותליך, הייעליך וואָלפּציינדליך, היינטיגע נייע מעשיות, שמאַכטעס, קייא און שפּייא, און ער מיר: מענה לשון'ס תפילה זכה'ס חנה בת טובים, מעש, מחזורים, וכדומה נאָך מיני ספרים. א קשיא אוי; א מעשה אפשר האָט ער זיך ארומגעקוקט אז ער האָט זיך געגאַרט און וויל איצט טענהן א מקח טעות, אויסצורמאַנטען ביי מיר עפּיס! גאָט זאָל שומר ומציל זיין האָבען צוטאָן מיט א היגען מוכר ספרים. עס קען צוזעצט ווערען דיא גאל פון זייערע טענה'ס און תביעות! נישט דאָס בין איך אויסען. הכלל ס'איז מיר געוואָרען אויפֿן הארץ עפּיס נישט פרעהליך. אהער אהין, מען מוז דאָך געהן. מישב האָב איך מיך געווען מיטצונעהמען א פּאָר סטאַמשקעס, עטליכע קליינינגקייטען, גאָר א שפּאָגעל נייע תחינה, אפשר וועט דאָס דער רביצין טויגען און מיר צוניטץ קומען.... נישט דאָס בין איך

אויסען. אויף מיין פערדיל בין איך געווען עפּיס ברוגז, וואָס איהם איז נעפעהלען געווען גלופּסק, דער פאר האָב איך איהם מכות אונטערגעשאָטען סיטשקע, איהם דערלאנגט א זעץ אין דער מאָרדע מיט עטליכע שטעכווערטליך און איבערגעבענ־דיג איהם מיט דעםביידעל אונטער דעם שמש השגחה בין איך אוועקגעגאנגען אין כעס, זאָלען איהם זיינע גלופּסקער יונגליך רייסען סטרינגעס וויפיעל זייער הארץ גלוסט. רעכט אויף איהם, ער האָט אזוי געוואָלט. אז איהם איז ניחא איז מיר אויך ניחא, וואָס פאר א דאגה איך האָב.

וויא איך האָב נאָר געעפענט דיא טהיר און אריינגעטראָטען מיט א פוס צום רב אין שטוב איז ער מיר געלאָפען אקעגען מיט א קול :

— אוי, ר' מענדעלי ! אוי, שלום עליכם ר' מענדעלי ! טאקי נאָר איין גאָט האָט אייך געבראכט אהער פונקט אין דער צייט וואָס איהר זיינט אונז נייטיג, טאקי שטארק נייטיג ליעבער, הארצעדיגער ר' מענדעלי ! ר' מענדעלי, דאָס איז מן השמים, דאָס איז בעשיינפּערליך טאקי א נס ר' מענדעלי ! איהר האָט געטאָן א גרויסע חכמה, וואָס אצינד גראָד, זענט איהר אָנגעקומען ר' מענדעלי !

דיא גרויסע חכמה האָט געטאָן נישט איך מענדעלי, נאָר מיין פערדיל. אזוי האָב איך דערנמאָל צו מיר אליין געלאכט און זיך איבערגעבעטען אין הארץ מיט מיין שלימזאלניק, דאָס פערדיל נעביך. אויף דין תורות, וויא עס האָט גאנץ קלאָהר אויסגעזעהען, האָט מען מיך דאָ נישט גערופען, נאָר וואָס דען זשע ? דאָס האָב איך נישט געקענט טאקי פערשטעהן. איין אנדרער וואָלט זיכער געמיינט, אז מען האָט דאָ שטארק ארויסגעקוקט אויף זיין ביידעל מיט סחורה, נאָר איך אָבער בין נישט קיין מלופּם קינד און ניט ערשט נעכטען פונם איי ארויסגעקראָכען אז איך זאָל מיך נישט קענען אָנשטויסען. איהר זאָלט וויסען א כלל, דיא וועלט בע־שטעהט אויף אָפּנארעניץ. דער וואָס בעדארף האָבען עפּיס א נויטיגע זאך, מאכט זיך קלאָמערשט געפּיינרט, אזוי וויא דיא זאך טויג איהם לחלוטין נישט, בכדי ער זאָל קויפען בחצי חינם. ווען, למשל, איינער בענויטיגט זיך אין א מחזור, רינגט ער קלאמערשט א סליחה, א קינה, א פּעקיל ציצית, דערוויל טהוט ער א חאפּ אויף קאטאוועס דעם מחזור, גיט קלאָמערשט אבי אָט א קיק און לייגט עס אנידער מיט א קנייטש און מיט א שמייכעלע : אָט פאר א קליינינקייט וואָלט איך עס אפשר אויך געקויפט. גלויבט מיר, דיא גאנצע וועלט איז א מארק, איטליכער זוכט מציאות, איינער ביים אנדערען אָפּצוחייסען : איטליכער וויל יענער זאָל פארלירען און ער זאָל געפינען; איטליכער מיינט קודם־כל זיך און ערשט דערנאָך, אז גאָט האָט איהם געהאָלפען כאפּען מציאות, אזוי צי אזוי, און צו מאכען א גליק,

ערשט דענסטמאָל אַז קריכט איהם שוין פונם האַלז, מיינט ער — טאַקי נאָר זיך... נישט דאָס בין איך אויסען. איך האָב אין דעם רב'ס פּנים מיך אָנגעשטויסען, אַז קויפען וויל ער ביי מיר כלל נים. זיסט, וואָלט ער דאָך נישט ארויסגעוויזען אַז ער האָט אויף מיר ארויסגעקוקט. אמת טאַקי דער רב איז א כשרער, אָרענטליכער מענש, אַזא יאהר זאָל איך האָבען, אָבער אויף דער וועלט מוז מען דאָך נאַרען. אפילו דיא מלאכים האָבען געמוזט ביי אברהם אבינו נאָכטאָן דעם סדר פון דער וועלט, ו י א כ ל ו און זיי האָבען געטאָן דער טאָן גלייך וויא זיי האָבען געגעסען, נישט דאָס בין איך אויסען.

דער רב, זאָל לעבען, האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנד און אריינגעפיהרט צו זיך אין זיין בעזונדער שטיבעל. דאָרט זיינען געזעסען דיא דינים, אויך א סך נגידים עפּים אזוי וויא פאַרטראַכט. נגידים זענין אפילו תמיד אביסיל פאַרטראַכט, פאַרזאָרגט, און קוקען אויף יענעם מיט א מרה־שחורה פּנים עפּים אזוי, אַז ווערד פאַרקיהלט אין בויך, עס גלוסט זיך אויסקנעהן און זיי מעהר נישט אָנקוקען. איך וויים אסור נישט אַז מען האָט געלד וואָס האָט מען דאָ אזוי צו טראַכטען, צו זאָרגען און צו מאַכען אַזא ערנסט פּנים? דאַכט זיך צו געלד צעהלען, בעדאַרף מען עפּים ניט האָבען אַזעלכע הויכע געדאַנקען. מען קען, דאַכט זיך, האָבען אין קאַסטען געלד און קוקען אויף א מענשען גלייך, נישט מיט קיין קרום פּנים וויא סרעדאַ נאַ פּיאַטניצאַ.... מילא גאָרנישט, נישט דאָס בין איך אויסען. ז

— רבותי! האָט דער רב זיך געווענדעט צו דיא דינים און צו דיא נגידים בזה הלשון: איך האָב אייך מטריח געווען צו מיר איבער א דבר גדול, נאָר אזוי וויא על פּי נס איז ר' מענדעלי גראָד היינט געקומען אין אונזער קהלה, בכן האָב איך מיך מיישב געווען, לאָזען אייך א רגע וואַרטען ביז איך וועל מטריח זיין צו מיר אונזער ר' מענדעלין, וואָס ער איז שטאַרק נייטיג צום ענין. זייט־זשע מיר הונדערט מאָל מוחל. היינט רבותי, אַז מיר אַלע זיינען דאָ וועל איך אייך דערצעהלען א דבר פּלא.

איך האָב אסור ניט געקענט פערשטעהן וואָס זאָל דאָס בעדייטען. איך האָב אפילו אָנגעהויבען זיך שטאַרק וואונדערען וואָס זאָל דאָס אין אמת אריין טאַקי בעטייטען? נאָר איך האָב מיך ווידער טאַקי מיישב געווען לאָס איך נישט זיין אזוי גייציג, איך וועל עלטער ווערען נאָך א ווײלע וועל איך דאָך שוין אלסדינג וויסען. דער רב האָט נישט לאַנג שיהות געמאַכט, ארויסגענומען פון דע ר בוזעמקעשענע עפּים א היבש פּעקיל פּאַפּירען און געזאָגט כהאי לישנאָ:

— זעהט רבותי! דעם דאָזיגען פּעקעלע פּאַפּירען האָט מיר היינט פאַרטאָג

צוגעשיקט דיא נייע אלמנה, יצחק אברהמ'ס ווייב. ער האָט אָנגעזאָגט פארן טויט, אז תיכף נאָך יציאת נשמה זאָל מען עס מיר איבערגעבען. קוקט זייט מוחל, רבותי, דארויף אויבען שטעהט בפירוש אָנגעשריבען מיין נאָמען. איך וויל לאנג נישט מאריך זיין, ליבער וועל איך עס אייך באלד טאקי איבערלייענען. זיצט ר' מענ־דעלי! לייגט, זייט מוחל, אנידער אייערע סטאָטשקעס אָט־אָ־דאָ אויף דער פּאָ־לעצע און זעצט זיך געזונדערהייט דאָ אקעגען.

אין שטיבעל איז געוואָרען שטיל, מען האָט נישט געהערט קיין פּיפּס. אלע האָבען אויסגעשטעלט דיא אויגען, איינגעהאלטען דעם אָטהעם און שוין געגאַדט הערען וואָס דער רב וועט לייענען. מעשה שטן אָבער האָט דאָס ביינקעל, אויף וועלכען דער רב האָט מיך געבעטען זיטצען, בעדארפט האָבען א צובראָכען פיסעל, וויא באלד נאָר איך האָב מיר נאָר דערויף געזעצט בין איך געפאלען און דורך דעם איז געוואָרען א שטיקעל עכוב.

---

.3

אז איך האָב מיר שוין גוט אנידערגעזעצט האָט דער רב זאָל לעבען צוגענו־מען דיא פאפירען, א גלעט געטאָן עטליכע מאָל דאָס בערדיל מיט אלע פינף פינ־גער, א מאך געגעבען מיט דיא אקסלען און אָנגעהויבען בנעימות ריין, קלאָהר, לייענען אָט דיא דאָזיגע ווערטער:

אין דיא דאָזיגע פאפירען מיינע, שטעהט מיין גאנצע לעבענסבעשרייבונג מיט מיין צואה, וואָס איך האָב געמאכט. איך בעט אייך, רבי, איהר זאָלט ממלא זיין מיין בקשה און מקיים זיין אלסדינג ביז אויף א האָר, וואָס איך פארלאנג דאָ פון אייך. זייט מיר הונדערט מאָל מוחל רבי, וואָס איך בעמיה אייער כבוד מיט אזא לאנגער מעשה. צום סוף וועט איהר ארויסזעהען, אז דאָס איז חלילה נישט קיין דברים בטלים, אדרבה דאָס איז זעהר ניטצליך און איך האָב עס בעדארפט טאקי שרייבען.

איך בין געבוירען געוואָרען אין דעם שטעטיל בעזליודעוו בייא אָרעמע על־טערין. מיין טאטען געדיינק איך נישט, ווארים ער איז געשטאָרבען בשעת איך בין נאָך געלעגען אין דיא וויקעלעך. ער האָט איבערגעלאָזען נאָכ'ן טויט ירושה א שלאף ווייב נישט קיין געזונטע מיט א היבש ביסעל קינדערליך און מיך נאָך א צוגאָב. ווייטער גאר נישט. איך הייב אָן צו געדיינקען וואָס מיט מיר האָט זיך פאסירט ערשט איז דעם עלטער פון א פינף, זעקס יאָהר. ועדליג וויא איך געדיינק

האָט מען מיך אין דער יוגענד א־פּנים נישט געהאלטען פאר א גרויסען חכם. אז איך פלעג עפּיס זאגען אדער עפּיס טאָן פלעגט מען זעהר לאכען. געבאלעוועט האָט מען מיך כלל נישט. מען האָט מיך נישט געקושט, נישט געגלעט, ניט גע־האלזט, וויא אנדערע קינדער, און אז איך האָב אמאָל געוויינט האָט מען מיך נישט איינגענומען מיט לאַטקעס, מיט צוקערלעקיך, מיט שפּילכעליך, נאָר מיט פּעטש און מיט קלעפּ. דאָס וואָרט רחמנות האָב איך קיינמאָל נישט געהערט. איך האָב נישט געהערט א שטייגער מען זאָל זאָגען: א רחמנות ער האָט נעבעך נישט געגעסען: א רחמנות דאָס פּנים איז איהם נעביך געשוואָלען; א רחמנות ער האָט נעביך זיך נישט אויסגערוהט, ער קומט אָפּ און וואלגערט זיך נעביך; א רחמנות ער ליידט נעביך קעלט, ער געהט נאקעט, באָרפיס; א רחמנות עס דראָזשעט איהם דיא ביינער, ער האָט נעביך נישט אויף זיך קיין לויט פלייש. איך האָב געהערט נאָר זאָגען: קוקט נאָר אָן דאָס שיינע פּנים, דיא אָנגעבלאָזענע פּארצע, דיא רויטע פּיס וויא בעריקעס; קוקט נאָר אָן דעם פרעסער, עס געהט איהם שוין איבער דיא סלינע; זעהט נאָר דעם שיינעם נפש, ער הייבט שוין אָן זיינע שטוטשקעליך — צאפּלען, ציטערען און קלאפּען מיט דיא ציינדליך.... איין אָרעמאנס א קינד איז אויף דער וועלט איין איבריגע זאך, איטליכען גרויס אין דיא אויגען, מען ווינשט איהם נעביך שטילערהייט דעם טויט נאָך ליגענדיג אין בויך, מען נעהמט איהם אויף ביים געבוירען ווערען וויא איין עקזאקוטציע, נאָך איידער ער קוקט אָן דיא ליכטיגע וועלט איז מען איהם נעביך שוין דם־שונאים. איז ער שוין דאָ האָדעוועט ער זיך וויא־עס־איז־ און דערוועקט אפילו ביי זיינע אייגענע עלטערין נישט קיין געפיל פון רחמנות צו זיך. סיידען ווען ער ווערט נעביך מסוכן קראנק ערשט דענסמאָל רופט זיך אין זיי אָפּ דאָס מענ־שענס הארץ. וואס איז פארשטיינערט געוואָרען פון צרות אי לייד אין דער ביטערער אָרעמקייט, ערשט דענסמאָל צו גיסען זיך אין זיי דיא אמתע ריינע עלטערנס־געפיהלען און שטעלען זיך פאָר דאָס גאנצע אומגליקליכע לעבען פון זייער בידנע קינד נעביך, וואָס אזא טהייערע, כשרע נשמה איז אומשולדיג פאר־וויסט, פארשווארצט געוואָרען נעביך, נישט געהאט קיין גוטע, רוהיגע שעה. זיי מאָהלען זיך דאָס אלסדינג אויס מיט שרעקליכע פארבען און זייער הארץ שרייט וויינט מיט בלוטיגע טרערען. אז א פארשטיינערט הארץ עפענט זיך איז עס נאָר א טייך בשעת דאס אייז לאָזט און עס געהט דיא קריעה — דאָס האָב איך אין דער לעצטער צייט אליין געפיהלט — עס טראָגט, קאָכט, רוישט מיט א שרעקלי־

כער קראפט! דאריבער טאקי בעוויינען זעהר אָפט אָרעמע עלטערען זייערס א קינד א סך שטארקער און ריהרענדער וויא דיא רייכע לייט....

געהאָרעוועט האָב איך זיך וויא א ווילד פערד אין סטעפּ, פארגרעבט פאר־ווילדעט און האָב אין מיר געהאַט דיא אלע מיאוסע קונדייסקע זאכען מיט אלע פּיטשעווקעס. איין טבע האָב איך געהאַט אריינצוקוקען אין מויל בשעת אימיצער האָט געגעסען און קוקען יענעם אין דיא אויגען. דיא מאמע מיינע פלעגט מיר דערפאר נישט איין מאָל הארגענען שלאָגען און אויסרייסען מיר שטיקער פלייש. א מאָל אז איך בין עפּעס געלעגען קראנק און דיא מאמע איז צו מיר גוט געווען, האָב איך מיך שטארקט פארקוקט איהר אין דיא אויגען, און אז איך האָב גע־זעהן אז זיא לאָזט זיך קוקען, נישט צו ריידען קיין קרום וואָרט, האָב איך מיך נישט געקענט איינהאלטען און זיא א פרעג געגעבען: איך בעט דיך מאמע, וואָס איז עס פאר א מענשעלע ביי דיר אין דיא אויגען? דיא מאמע האָט א שמיי־כעל געטאָן און געענטפערט: נארעלע, דאָס קליינע מענשעלע איז דיא נשמה! דאָס קליינע מענשעלע איז ניטאָ אין קיינעמס אויגען, נישט אין דיא אויגען פון חיות און בהמות נאָר אין דיא יודישע אויגען. — דער מאמעס דאָזיגער ענטפער איז מיר אריין שטארק אין קאָפּ און האָט אין מיר דערוועקט א סך פרישע צאַ־פּעלדיגע געדאנקען. אז א מאמע זאָגט מסתמא ווייסט זיא דאָך וואָס זיא זאָגט, זיא איז דאָך א מאמע, א גרויסע, אפשר צעהן מאָל גרעסער פון מיר, איהר איין פינגער איז גרעבער פון מיין גאנצע האנד. דאריבער האָב איך אָנגענומען איהֿ־רע ווערטער שוין וויא א געוויסע, אויסגעמאכטע זאך און דרינען געגלויבט פונם גאנצען הארצען. פון דענסמאָל אָן איז מיין כח־המדמה שטארק בעשעפטיגט געווען מיט דעם קליינעם מענשעלע. עס איז דאָך עפּיס גאָר א חידוש, זעהר א ציקאַווע זאך! אין שלאָף אפילו האָב איך נישט פארגעסען דאָס קליינע מענ־שעלע, איך שפּיל מיך מיט דעם קליינעם מענשעלע, שפּרינג אין דיא אויגען וויא א קליין מענשעלע. הכלל דאָס קליינע מענשעלע איז מיר ניט ארויס פונם זינען. עס האָט מיר עפּעס זיך געגלוסט אויף צו זיין א קליין מענשעלע. א קאַ־טאָוועס א קליין מענשעלע איז דאָך דיא נשמה! אין גאנצען גרויס וויא א פלעה, דאכט זיך א נארנישט און איז דאָך דאָס חיות, דאָס לעבען!.... מיר איז ארויף א געדאנק וויא אזוי דערטאַפּט מען דאָס קליינע מענשעלע? און האָב אָנגעהויבען וועגען דעם שטארק צו טראכטען. איינמאָל בין איך געפאלען אויף איין אויבער הסברה. בשעת דיא מאמע האָט איינגעבויגען דעם קאָפּ ארויסצו־נעהמען א טעפּיל פונם אויווען בין איך פלוצלים צוגעלאָפען וויא א פארמיש־

טער — איך ווייס אליין נישט וואָס מיט מיר איז דענסמאָל געשעהן — און האָב איהר פון הינטען אויף גאַטס בעראטה א זעטץ געטאָן מיט דעם קולאק אין דער פאטילניצע, כדי דאָס מענשעלע זאָל איהר פון דיא אויגען האָטש אויף א ווײלע ארויסשפרינגען. איהר קענט אייך משער זיין וויפיל פעטש און קניפ איך האָב דער־פאר געלייזט. א חוץ דעם האָב איך א גאנצען טאָג ניט געגעסען, ווארים דיא מאמע נעביך האט מיט איהר שטערען צובראָכען דעם טעפיל קאָליש. איין אנ־דערסמאָל האב איך געהאפט נאָך א גרעסערען פסק. ס'איז מיר אריין איין אפיקורסישער געדאנק אין מיין גלויבען אין דער מאמעס ווערטער, און איך בין ציקאווע געוועזן אליין צופריווען, מיך צופשיקאָנען אויב א בהמה האָט א מענשעלע צי ניט. נו איז מיינער צוגעגאנגען אויף דער גאס צו א קיה, און בשעת איך האָב מיר גענומען אריינקיקען איהר אין דיא אויגען האָט זיא מיך דורס געוועזן מיט דיא הערנער און שרעקליך שטארק סקאליטשעט, דער צייכען איז מיר טאקי עד היום אויף דער לינקער באק געבליבען. דיא אלע קלעפּ האָבען נישט נאָר ארויס־געשלאָגען, פארקעהרט זיי האָבען נאָך מעהר אין מיר אריינגעשלאָגען דעם גע־דאנק פון א קליין מענשעלע.

געלעהרענט האב איך אין דער תלמוד תורה. וואָס א תלמוד תורה איז ווייסט איהר זעהר גוט אליין און פארשפּאַר עס אייך צו שילדערען. דאָס איז א קבר אויף צו בעגראָבען אָרעמע יודישע קינדער, צודערשלאָגען זיי דיא קעפּ און אָפּצורייסען פון דער וועלט; א פאבריקע אויף צו פאבריצירען טויגעניכטסען, ליידיג־גייער, ביעדנע, אומגליקליכע נפשות; דאָס איז א וויסטע גרוב, א לאָך, איין אומריינע חורבה אויף היהנערשע פיסליך, וויא געוועהנטליך ביי אונז דיא תלמוד־תורות, וואָס איז א חרפה, א בושה. זיי זאָלען טראָגען אויף זיך אזא טהייערן, חיילינגען נאָמען... וויא מיר דאכט זיך בין איך נישט געוועזן א גראָב יונגעל. ביי אכט יאהר לערך האָב איך שוין געלערענט חומש מיט חבור, מיט אלע אויסריידעניש פון רש"י, האָטשע איך בין נאָך שטומפּיג געוועזן אויף דער עברי. א־פנים, מען קען זיך זיין א למדן און פון דעסטוועגען פאָרט א גרויסער נאר, איינס צום אנדערען האט נישט... דיא מאמע מיינע פלעגט מיך רופען שלימזל און איז באמת טאקי זעהר גערעכט געוועזן. אין דער תלמוד־תורה בין איך שלימזלדיגער געוועזן מעהר פון אלע אנדערע קינדער. דער רבי, וואָס פארדינט אסור נישט אזוי צו הייסען, האָט זעהר ליעב געהאט דעם ענין פון שמייסען, אפשר נאָך מעהר פון א טרונק בראנ־פין, ער האָט פשוט גרויס הנאה געהאט צו פייניגען, גלאט אזוי זיך, דיא פארוויכ־טע, פארוואָגעלטע קינדערליך נעביך, וואָס זיי זיינען אָהן דעם אויף געגוג אָפּגע־

קומען און קו"ם וואס דיא נשמה האט זיך געהאלטען אין זייער דארען אויסגע־דייווערטען גוף. ער האט געבראכען דיא צובראכענע ביינער, געצופט, געריסען דאס דארע שטיקעל לייב און דער בעסטער חלק קלעפ איז אין מיר אנגעקומען. ער האט צום סוף אויף מיר זיך שטארק פארעסען מחמת א זאך, מיך נעהרג'ט געשלאגען אזוי, אז איך בין פון זיינע הענד קוים לעבעדיג ארויס און געמוזט אויפהערען צו־געהן אין דער תלמוד־תורה, דיא מעשה איז אזוי געשעהן: דער רבי האט מיט מיר אין דער סדרא בראשית אויסגערעט אויף דעם פסוק „ויאמר למך לנשיו" אזוי: למך איז געווען א בלינדער, תובל קין האט איהם געפיהרט, און אז ער האט דער־זעהן פון ווייטען זיין זיידען קין האט איהם זיך אויסגעדאכט אז דאס איז א חיה (דער רבי האט געזאגט אפוקס, בכדי דאס בעסער מסביר צו זיין), האט ער צו דעם בלינדען, צו למך, געזאגט, אז ער זאל צילען אויף דעם פוקס, האט ער געציהלט און איהם געהרגעט. און אז למך איז געוואהר געווארען, אז דאס איז גאר קין זיין זיידע, האט ער געפאטשט איין האנד אין דער אנדרערער האנד און ער האט דער־וויל זיין זוהן תובל קין צוקלאפט אויף טויט. האבען זיינע ווייבער דערפאר פון איהם זיך פורש געווען,, דאס טייטשט אפגעשיידט, האט ער זיי איבערגעבעטען, ויאמר און ער האט געזאגט לנשיו צו זיינע ווייבער עדה וצלה, ערה וצלה, שמען הערט, קולי מיין קול, נשי ווייבער למך, למך!.....

ויהי היום איז מיט אמאל געקומען אין דער תלמוד־תורה עפיס א דייטש, א גענאלטער, דאכט זיך פון פעטערסבורג. מיט איהם זיינען געקומען אלע גבאים פארהערען דיא קינדער. צום שלים־שלימזל בעדארפ ער מיר גראד הייסען פער־טייטשען א שטיקעל חומש און נאך דעם גוטען פסוק „ויאמר למך לנשיו"! ווען האב איך דען גערעדט מיט א מענשען און בפרט נאך מיט א דייטש, א גלוח? איך האב געפלאטערט, געציטערט אזוי וויא א פיש אין וואסער. עס האט מיר גערוישט אין דיא אויערען, געקלאפט אין הארץ, דיא האר האבען מיר זיך געשטעלט קאפויר, און אין דיא אויגען איז מיר געווארען פינסטער און ליכטיג צוגלייך, אקו־ראט וויא בשעת מען קוקט אין דער זון. איך האב געפיהלט אז איך וועל נישט אין שטאנד זיין אויסצודערצעהלען אזא גרויסע, לאנגע מעשה מיט למך'ן און דא שטעהט מען איבערן האלז, איין קויל: זאג, זאג! וואס זאל איך טאן, מען מוז זא־גען. עס האט מיר פארנומען דער אטהעם, איך בין ארויס מיט דער שפראכע, מיך שטארק פארבאלעמוטעט און אנידערגעלייגט, מישטעהנס געזאגט, א מין טייטש: „ויאמר א פוקס, למך א בלינדער, לנשיו האבען דיא ווייבער פון איהם זיך אפגע־שיידט, תובל קין האט איהם געפיהרט. ערה, עדה וצלה און ער האט איהם

געהרגעט" — דער דייטש איז געבליבען שטעהן וויא מען קאַכט איינעם אָפּ מיט אָקרעפּ, איז אַקאַרשט פון דער הויט נישט ארויסגעשפּרונגען פאר כעס, ער האָט צוגערופען דעם רבי און מיט א בייזער איהם געזאָגט: הא, וואָס הער איך? וויא זאָ לעהרנען זיא איהרע תלמידים? ! שאנדע און שפּאָט!... דער רבי האָט זיך גע־קראצט, קאליפּעט דיא נאָז און געטאלעפּעטשעט מיט דער צונג: מיין הארענקע, דער קנאב האָט זיך פארשראָקען,דער קנאב איז א גוטשקער אינגעל אויף נאמנות! נו, האָט דער דייטש געזאָגט צו מיר: פירכטע ניכט מיין קינד, עס ווירד דיר ניכטס געשעהן. זאגע מיר ויאמר, וואָס טייטש ויאמר? איך אָבער האָב שוין ניט געוואוסט וואס מיט מיר טהוט זיך, האָב ארויסגעשטעלט א פּאָר אויגען וויא א ליימענער גולם און א זאָג געטאָן דעם דייטש גלייך אין פּנים: פּוקס!... מיין איך ויאמר, ער האָט זיך געבעטען צו דיא ווייבער... דער רבי נעביך איז געשטאנען וויא אין געהאקטע וואונדען און זיך שיער נישט בעגראָבען אין דער ערד פאר גרויס בזיון. ער האָט געלייזט פאר דאָס זייניגע וויפיל אין איהם איז אריין און געהאט א וויסטען, פינצטערען טאָג. זיין שווער ביטער הארץ האָט ער דערנאָך צו מיר אויס־געלאָזען. פון יענער צייט אָן פלעגט ער תמיד צו מיר זיך טשעפּען און מיך שלאָגען, ממתין אויף וואָס דיא וועלט שטעהט, ביז וואנען מיר איז שוין אונמעגליך געווען אויסצוהאלטען. איך בין פארשלאָפט געוואָרען און אויפגעהערט צו געהן אין דער תלמוד־תורה.

.4

דיא מאמע מיינע האָט געלעבט אין דחקות און נישט געהאט פּשוט מיט וואָכ א טאָג איבערצוקומען. זיא פלעגט ארבייטען זאָקען, פליקען פעדערען, זיך שטעלען א מאָל פאר א ווארטערען ביי א קינפּעטערין און אונטער א פסח וועלגערען מצה. זי פלעגט טאָג און נאכט נעביך ארבייטען, טאָן, און פון איהר גאנצע ארבייט קוים געהאט וואסער אויף קאשע. ווייבערשע מלאכות האָבען אין דער וועלט נישט קיין ווערטה און ווערען זעהר ווענייג בעלוינט. ווארום וואָס זיינען דען ווייבער אין גאנצען? וואס פאר א פּנים, וואָס פאר א ווערט האָט מישטעהנס געזאָגט די גאנ־צע יודענע, אז זיא איז שוין אפילו א בריה? פון ווייבער, אזוי איז ביין עולם שוין איינגערעדט, קען קיין מאָל קיין גוטס נישט ארויסקומען, זייערע אלע מלאכות האָ־בען נישט קיין שום ממשות. עפּעס רעכטס אין תוך אריין גוט, אי ניטצליך, איז ניט פארן ווייבערשען מוח... פון'ם טאטענס ירושה איז געוואָרען א גוטער סך־

הכל: צוויי מיידלאך מיט א יונגעל זיינען געשטאָרבען, מען קען טאקי זאָגען פשוט פאר הונגער, איין גרויסער בחור האָט ערגעץ זיך אוועקגעשלעפּט און פער־פאלן ביז אויף היינטיגען טאָג, מען ווייס ניט וואו זיין געביין איז אהינגע קומען. לעבען דער מאמען איז געבליעבען א קראנק, שלאף מיידעל. אין גאנצען א צובראָכענער שארבען, און איך, שלימזל, וואָס איך בין איהר געזעסען אויפ'ן האלז. איין אפּעטיט האָב איך געהאט אָהן עין הרע זעהר א גוטען, דאָס ביסעל עסען, וואָס איך פלעג פון איהר נעביך אוועקנעהמען, האָט מיך נישט געקלעקט אויף א צאָהן. איך פלעג אלץ בעטען עסען, עסען! האָטש וואָס עס איז, אבי עסען! די מאמע נעביך האָט געליטען און ניט געוואוסט, וואָס מיט מיר צו טאָהן. לייט פלעגען זיא ראָטהען מיך אוועקצוגעבען עפּעס צו א בעל בלאכה, נאָר זיא פלעגט פארווארפען מיט'ן קאָפּ און דערביי ריידען מיט הארץ: „א, דיא כפרה בעסער זאָל ער ווערען איידער אָפּצוגעבען איהם צו א בעל מלאכה, צו פארשווארצען מיר דאָס פנים און דאָס פנים פון זיין טאטען דאָרט אין קבר, זיין טאטע וועט דאָך דאָרט ניט קענען רוהיג ליגען. סטייטש ר' טעביל דעם מלמד'ס א זוהן זאָל זיין א בעל מלאכה, איינגעקויפט אין דער חברה פ"צ! ס'איז דאָך גאָר א וועהטאָג אזוינס צו הערען. א נישט דערלעבען, נישט דערהארען. רבוני של עולם, זאָלען עס מיינע שונאים!" גאָט האָט צום סוף דער מאמען געהאָלפען מיך אריינצוגעבען אין א קלייט פון צעלניק. זיא איז געוועזען איבערגליקליך און האָט געמיינט, אז איהר זוהן איז שוין א סוחר.

נאָר איהר זוהן אָבער איז גאָר געוואָרען א הונגר! איך וועל עס אייך באלד טאקי מפורש זיין. מיין עובדא איז געוועזען אָנצוהאפּען איטליכען, וואָס איז פאר־ביינגעגאנגען מיט א ליארם, מיט א געשריי און שלעפּען איהם אין קלייט אריין. איז אימיצער פערביי געגאנגען אויף דער גאָס פלעגט מען מיך אָנרייצען אזוי וויא א הונד און איך האָב בעדארפט ארויסלויפען, שרייען אין איין אָטהעם: אהעד פאני! וועבעלנע טיכלאָך, לייננוואנד, שלייקעס, מעסערלעך, קאלאָשען אמעריקא־נישע, ים-שיימענע שטעקליך, מאנדעל זייף, פּאָמאדע! וכדומה נאָך אזעלכע זאַ־כען. תחלת איז מיר דאָס געוועזען א ביסעל פריקרע, וויא געהט מען עס גלאט ארויס שרייען אויף דער גאס אונפארשטעלען יענעם דעם וועג, ס'איז דאָך עפּעס משונה ווילד! איך פלעג א ביסעל אונטערפאלשעווען, מאכען דיא שפיעל בקיצור און אריינברייננגען דאדורך אין כעס מיין בעל הבית מיט דער בעל הבית'טע, וואָס פלעגען מיך זידלען, אויסמישען גלייך מיט דער בלאָטע און אויסוואָרפען מיר, אז איך פרעס אומזיסט זייער זאלץ און ברויט. האָטש איך נעביך האָב געהאָרע־וועט, געארבייט איבער מיינע כוחות און געטאָהן אלערהאנט מלאכות אין קלייט און אין שטוב. דערצו נאָך בין איך געוועזען א משרת ביי דיא עלטערע משרתים. פלעג זיי פאָלגען אין פייער, אין וואסער אריין, קריכען זיי אונטער דיא נענעל

און בין נאָך זעהר גערען געווען אז איך האָב נאָך דערבייַ פון זיי נישט געהאפט קיין פסק און טרוקען פון זייערע הענד ארויס. ווער שמיעסט ווען א משרתיל פון דער אנדערער קלייט פלעגט אַ מאָהל ארויסרייסען א קונה ביי מיר פון דיא הענד, דאָ האָב איך שוין געמעגט געזעגנען זיך מיט דעם לעבען. אלע ביי אונז אין קלייט זיינען אויף מיר ארויף, דער מיט דער צונג, דער אנדערער מיט דער האנד און מען האָט מיר געגעבען וויא פיעל אין מיר איז אריין. מיין מאַמע און דער טאַטע, ר׳ טעביל דער מלמד ז״ל, האָבען דענסטמאָל אויך גוט געלייזט, מען האָט אָן זיי חלילה ניט פערגעסען. פון עסען אין אזא בימשרען שווערען טאָג איז נאָר קיין רעדע נישט געוועזן, איך האָב געפאסט, נישט טועם טעם געווען. מען האָט מיר אפילו מתיר געמאכט עסען וועריס, קריינק, נאָר אזוי וויא עסען ווערים, קריינק איז נישט פאר קיין מענשליכען מאָגען, האָב איך פערבראכט דעם טאָג פשוט אין א תענית און אזעלכע תענתים פלעגען מיר אָפט זיך מאכען א פּאָר מאָל אין וואָך. אז איך האָב א קוק געטאָהן ס׳איז שלעכט, האָב איך א געהם געגעבען זיך צו מיין זאך בשלמות. וויא באלד אז אימיצער, וואָס נאָר פאחאָזשע אויף א קונה, האָט זיך א ווייז געטאָהן פון דער ווייטענס, אז מיינער איז וויא אן אָפּגעריי־סענער הונד פון דער קייט געשווינד צו איהם ארויס, פארשריגען איהם דעם קאָפּ מיט ריעב גאנצען צעטעל סחורות, איהם פארלאָפען דיא וועג און געשלעפט ביי די פּאָלעס. איך פלעג אפילו א מאָהל פון אזעלכע בעקומען א קלאַפּ, אָדער א שפּיי אין פנים, נאָר איך אָבער פלעג מיר טאקי טאָהן מיין זאך, גלייך וויא מיר איז גאָרנישט געשעהן. דערנאָך האָב איך מיך דרינען אזוי איינגעוואָהנט, אז דאָס שרייען איז ביי מיר געווען א חדוה א פרייד, איך פלעג זעהר הנאה האָבען ווען עס פלעגט זיך מיר מאכען אריינדערטאפען עפּעס א פּריץ, איהם פארדולען דעם קאָפּ און צווישען דעם צעטעל מיני צעלניק סחורה איהם אויך רעכענען מיט א געשריי: מאַזשע פּאני פּאריזשעסקי הארצוועהטאָג מיינע אויף דיין קאָפּ! פּאָ־מאדא, מכות, צרעת דיר פּאני!

דער דאָזיגער ענין המסחר מיינער אויף דער גאס פלעגט מיך אָפט ברייגנען אין א סכסוך מיט משרתים פון אנדערע קלייטען, וואָס פלעגען אויך אָנהאפּען קונים און שרייען. מיר האָבען זיך געריסען אין דרויסען, אקוראט וויא אונזערע בעלי הבתים האָבען זיך געריסען צווישען זיך אינווענינג אין דיא קלייטען איבערן לייזעכטס נישט מעהר מיט דעם חילוק: ביי זיי האָט מען געוואָרפען דיא מקחים, אראָפּגעלאָזען דיא פּרייזען, ביי אונז האָט מען געוואָרפען קלעפּ, אראָפּגעלאָזען פּעטש. און אזוי וויא איך בין געווען דער קלענסטער, דער שלאפסטער, איז פאר־

רעכענט געוועזן פאר א מצוה, דיא אלע בעסטע קלעפּ מיט דיא הייסע פייערדיגע פּעטש, על פּי מענשליכקייט מיר איינעם צו צולאָזען. אזעלכע מתנות אָבער זיינען מיר אין קאָריסט נישט געגאנגען און פון אזעלכע מצות על פּי מענשליכקייט, בין איך אויס מענש געוואָרען. הגם צו אזעלכע כיני מסחרים איז א מענש נישט אזוי שטארק נויטיג, אָהן דעם קען מען אויך זיין א משרת, א מענש, נאָר כח, געזונט אָבער בעדאַרף מען דאָך טאקי האָבען, און איך בין געוואָרען פּשוט אין פּשוט אויס מענש, דאָס הייסט, אָהן כח, אָהן קראפט, קוים וואָס איך האָב מיך אויף דיא פיס געהאלטען. א קאטאָוועס וואָס איך בין נעביך אויסגעשטאנען! אין שטוב האָב איך בעדארפט טאָהן, העלפען אין דעם בעל־הבית'קייט, אין קלייט ארבייטען, ראמען, קעהרען, איטליכען בעדיענען, איטליכען צופרידען שטעלען, עסען פלעג איך יסורים און קלעפּ האָב איך געלייזט פון פרעמדע אי פון אייגענע. דער גרויסער משרת פון קלייט פלעגט מיר מעהר פון אלע טאָן צום טויט. איהם איז עפּעס נישט געפעהלען געוועזן וואָס איך נעכטיג אין דער קיך, וואוהין ער פלעגט זיך שטילער הייט ארייננחאפּען ער פלעגט זוכען אלץ אויף מיר זאכען וויא מיך פון דאָרט משלח צו זיין.... איך בין איהם געוועזן עפּעס וויא א דאָרן אין דיא אויגען. פון דעסטוועגען וואָלט איך עס נאָך אפשר אלסדינג איבערגעטראָגען ווען עס זאָל נישט געוועזן זיך מאכען דיא מעשה מיט א קנעפּעל. איך האָב א מאָהל דערזעהן אין קלייט וואלגערענדיג זיך א מוטערפערלען קנעפּעל, וואָס האָט געפינקעלט געלויכטען מיט אלערליי קאָלירען און פארשיינט דיא אויגען אזוי, אז איך האָב בעקומען צו איהם יוצר־הרע. דערביי איז מיר ארויף אויפ'ן זינען מיין קראנקע שוועסטער, איך וועל עס איהר געבען א מתנה. זיא וועט א שבת א יום טוב דער־מיט זיך אויספּוצען און זיך בעריהמען פאר איהרע חברתות. דער דאָזיגער גע־דאנק האָט מיר נאָך אונטערגעגעבען מעהר חשק און אז איך האָב גענומען דאָס קנעפּעל און ארייגעלייגט עס אין קעשענע, איז דער גרויסער משרת, וואָס האָט עס אלסדינג פון דערווייטענס צוגעזעהן, באלד צוגעלאָפען צו מיר מיט א געשריי: „אזוי, שייגעץ, גנב איינער, דוא לייגסט אין קעשענע ? ! זעהט איהר, בעל־הביתטע, האָט ער געזאָגט, יענע זאכען וואָס האָבען געפעהלט איז אויך זיין מלאכה !“ דאָס האָט ער שוין געזאָגט בכיון ארויפצו־ווארפען אויף מיר א פנים זיינע אייגענע חטאים, און איך געדענק וויא פון שלאָף, אז ער פלעגט א מאָל טאקע אונטעררוקען דער דינסט עפּעס קלייניגקייטען.... קורץ מען האָט מיר גע־מאכט א וועסטען פינסטערן סוף, גוט אויסגעפּאטשט און ארויסגעטריעבען.

דיא מאמע האָט מיך ווידער בעקומען צו זיך צו גאסט אין א גוטער, מזל־

דיגער שעה! איך זאג נישט אומזיסט אין א מזל'דיגער שעה, ווארים יענע צייט גראד איז געווען דיא צייט, וואס זיא האט עפעס ביי א בעקער געוועלגערט מצה, און דורך איהר חשיבות איז איהר געראטען, אויסצואורבייטען דארט פאר מיר א התמנות פון א גיסער אונטערצוגיסען מיט א קריגעל וואסער דעם קנעטער, וואס דענסמאל האט עס ביי מיר אזוי פיעל פרעגומען וויא דיא גרויסע שטעלע פון א שר המשקים. איך האב זיך מיט דער שטעלע ביי זיך אין הארץ מיחס געווען און געקוקט אויף זיך עפעס מיט דרך ארץ, וויא אויף א מענשען, וואס מען בעדארף צו איהם אנקומען און זיין הילף איז שטארק נויטיג. אין דער ערשטער צייט איז מיר אפילו אנגעקומען שווערליך צו פאטראפען אקוראט דיא מאס וואסער, עס זיינען דורך מיר המצדיג געווארען עטליכע מיערעס און מען האט מיר דערפאר מיאוס אנגעריבען א נאז, נאר דערנאך איז עס ביי מיר געגאנגען וויא א פוטער, איך האב זיך געהאלטען ביי זיך פאר איין גיסער אין דער וועלט, אפילו אין פאריז קען שוין קיין בעסערער ניט זיין. צווישען דיא מענשען, וואס האבען ביים בעקער זיך איבערגעווארפען מצה באקען איז געווען אויך איינער א דרדקי מלמד. ער איז געווען מיט מיין גיסען זעהר צופריעדען און מיך אפילו א קניפ געטאן אין בעקעלע. די מאמע מיינע האט מיט דעם מלמד עפעס אלץ גערעדט, גערע. ט, דערנאך האט זי מיך צוגערופען און געזאגט: זעהסטו, יצחק אברהמצע, ר' עזריאל נעהמט דיך צו פאר א בעהעלפעריל! דערביי האט זיא געמאכט צו דעם מלמד: איך חידוש מיך מעהר ניט וויא אזוי דאס איז מיר ביז אצינד נישט ארויף אופן מוח! זיין טאטע איז געווען א מלמד, זאל דער זוהן זיינער אויך זיין א מלמד. נאר אויך דיא איינענע מעשה, זאלט איהר מיר געזונד זיין, אז דער מוח, נישט פאר אייך גערעכט. ניט פאר קיין אידען גערעכט, ליגט שונא ציון, אין דער ערד. איהר, ר' עזריאל, קענט עס טאקי פערשטעהן. איהר האט דאך מיינעם, אייך אויף צו לאנגע יאהר, גוט געקענט. אויך דיא אייגענע מעשה, מסתמא איז דאך אזוי אנגעשריעבען געווארען, דער זוהן זאל אויך בלייבען ביין טייטעל. אז זיין ליעבען נאמען איז ניהא איז מיר אויך ניחא. נימערערגער זאל זיין מיט'ן טייטעל...

ס'איז אבער נישט געווען, וויא דיא מאמע האט געזאגט, מיט'ן טייטעל, ס'איז גאר געווען מיט דער וויעג, מיט דער ציעג וכדומה מיט אזעלכע זאכען! ר' עזריאל מלמד'ס ווייב האט מיך גענומען אין איהרע הענד אריין, מיט מיר געשמאק געקנעלט און מיך מכבד געווען מיט אלערליי מלאכות. איך בין ביי איהר געווען א פארשטעקעל, א קארק, מיט וועלכען זיא האט פערשטופט אלע לעכער. אלע טאג אין דער פריה האב איך בעדארפט, וויא א איד פערפעהלט נישט דאוו־

נען, אָפּפיהרען דיא ציגע אין דער טשערעדע. זעלטען, זעלטען אז ר' עזריאל פלעגט זיא מיט זיין כבוד אליין פיהרען פאר דיא הערנער און איך פלעג זיא מיט א ריטעל פון הינטען אָנטרייבען. אָפּגעפּאַרטיגט זיך מיט דער ציגע, איז געגאַנגען א סדרה מיט אָנטראָגען האָלץ, צונויפקלייבען אין הויף אויפ'ן מיסט דינע שפּענד־ליך, אויסגיסען דיא פּאמייניצע, אויסקעהרען דיא שטוב און האלטען אויף דיא הענד דאָס קליינע קינד מיט א נאס פערקאטשעט העמדעל, וואָס האָט געוויינט, זיך געריסען נאָך דער ברוסט, געצאַפּעלט מיט הענטלאך און מיט פיסלעך, זיך פארגאַנגען, פארקייכט און מחילה פארסמאָרקעט. איך האָב עס בעדארפט איינ־נעהמען, אויסטראכטען שפּילכלעך, בלאָזען אין קולאק וויא אויף א טרומייט, קנאַקען מיט דער צונג, מאכען „סאָראָקע וואָראָנע", זינגען „פּי־פּי־פּי", „ציגעלע מיגעלע" און נאָך אנדערע קינדערשע לידליך, חלילה אָפּצושטעלען זיך א רגע! דיא רעבעצין האָט געעפענט א פּיסק און אויסגעגאָסען אויף מיר א תוכחה, האל־טענדיג דיא קאַטשערע, נאָר אויף צופלעטען מיר דעם מוח. איבערגעקומען בשלום אי די דאָזינע מלאכות בין איך געלאָפען צונויפנעמען די קינדער אין חדר אריין. דאָ האָט זיך אָנגעהויבען גאָר א נייער קאפּיטעל — דער „מודה אני" מיט אלע תרי"ג בעהעלפערשע מלאכות: פּיטצען שטיוועלעך, שיכליך, ארויסנעהמען נאסע וויא א חלישטש פון דיא בעטלעך, אויסזוכען דאָס אָנטאָהן, פארשפּיעלען שפּענ־צערס, אָבּרייבען שלומפּערס, אָפּבלאָזען פעדערען פון יארמעלקעליך, אָפּווישען נעזלעך, שלעפּען מיט געוואלד פון דער שטוב און ארויסשטופּען אין דרויסען. אזוי בין איך געגאַנגען פון שטוב צו שטוב ביז איך האָב צונויפגעזאמעלט דיא גאַנ־צע קאָמאנדע, דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען דער משונה ווילדער מארש, וואָס מען האָט איהם געמאָגט אויף חידושים אָנקוקען. פאָראויס און הינטער מיר, לויפען, שפּרינגען, קריכען אינגלעך אין דער פאָלנער פאָרמע, מיט ארויסגעשטעקטע העמד־לאך הינטען פון שפּענצער. דער געהט טרויעריג מיט איין אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ וויא צו דער שחיטה,יענער האלט א שטיק ברויט מיט איין איי און עסט, איינער מאכט קוקורעקו! און דער אנדערער מאכט ציגעלע מע־מע־מע! איך אליין געה וואזשנע אין דער מיט, אָנגעלאָדען אין דיא קעשענס, אין דעם בוזים, אין א קוי־שעל אויפ'ן אָרעם פּלעצלעך מיט פּוטער, ברויט בעשמירט מיט שמאלץ, ריטטליך ברויט מיט א ווײַדעל פון א הערינג, מיט טעפּעלעך קאשקע, זויערטילך, קעז, צי־בעלעס, קנאָבעל אי שאר ירקות און פּיהר פון ביידע זייטען ביי דיא הענטליך צו האלב טוץ אינגלאך. וואָס א טהייל כליפּען, סמאָרען מיט דער נאָז, א טהייל שפּאַ־רען זיך איין און ווילען נישט געהן, א טהייל פארדרעהען דעם קאָפּ אהינטער,

רעוועז שרייעז : מאמע ! מאמע ! הויך אויף א קול, איבער דער גאנצער גאס.... אַנקומענדיג אין חדר האָט דער רבי מיט דעם עלטערן בעהעלפער איבערגענומען דעם גאנצען עטאפּ קליינע ארעסטאנטליך און זיך גענומען שמייסען. איך האָב בעדארפט דערלאנגען ריטער און האלטען פאר דיא פיסלאך, אָפּגעשפּיעלעט און געלייגט אויפ'ן ביינקעל האָט דער רבי מיט זיין כבוד אליין. אז דיא אָפּגעשמיסענע קינדער האָבען זיך א לאָז געטאָהן שפּיעלען אויפ'ן בערגעל מיסט אין דרויסען האָב איך מיך געזעצט אָפּרוהען וויגען דאָס קינד, ר' עזריאל דעם מלמד'ס קדיש, זינגען איהם דערביי „אונטער חייקילעס וויגעלע שטעהט א ווייס קלאָהר ציגעלע“, אָדער אויפפּלאָנטערן א מאָל א מאָטיק פּאָדים, נעהן אויפזוכען דיא הינער, שרייען א קיש, א קיש ! און טרייבען דעם האָהן מיט זיין פּעקעל ווייבער, דיא לעפּטשיכעס, אראָפּ פונם בוידים אי פונם דאך. אין א פּאָר שעה ארום האָב איך מיך איינגעשפּאנט געהן ברענגען דיא אינגלאך ווארמעס אין חדר אריין און אזוי האָב איך אהין און אהער מיך געדרעהט אָנגעטופּעט ביז פארנאכט, וואָס דענסמאָל איז געקומען דיא צייט אָפּצופיהרען דיא האָפּטע קינדער א היים. מיינע צאן קדשים זיינען לוסטיג געלאָפען, געשפּרונגען, דער מיט איין אונטערגעשלאָגען אויג, יענער מיט בלויע צייכענס אויף דער באק, איינעם האָט געפלאמט איין אויער, דעם אנדערן איז א ביסעל אויסגעצופּט געווען א פּאה, קיינער אָבער האָט פאו שמחה דארויס זיך גאָר נישט געמאכט, אלע האָבען געשטיפּט, געאיילט, געיאָגט, לעבעדיג פרעהליך, אין דער צייט ווען דיא טשערעדע איז אויך צוריקגעגאנגען פונם פעלד מיט דיא פארשייטע ציגען פּאָראויס. איך האָב אָפּגעלאָזען מיינע צאן קדשים, געגאנגען מקבל פּנים זיין ר' עזריאל דעם מלמד'ס ציעג, זיא א חאפּ געטאָהן ביי די הערנער און אָבגעפיהרט א היים אין איהר רוה אריין. דערמיט האָב איך זיא אָפּגעהאלטען פון א גרויסער מיאוסער עבירה, שפּרינגען ערגעץ צו א פרעמדען אין גאָרטען אריין, און מיר פערשפּאָרט א קאָפּדרעהעניש זיא צו זוכען ביז שפּעט אין דער נאכט. מכח מיין עסען איז דער מדובר געווען אזוי : ר' עזריאל האָט מיר צוגעזאָגט קעסט ביי זיינע בעלי הבתים, ביי איינעם אכט טאָג ביין אנדערן צוויי וואָכען, אָדער א חודש, ווי עס האָט זיך געלאָזט. נאָר באמת'ן בין איך גאָר געווען אויף קעסט ניט ביי דיא בעלי הבתים, וויא דען זשע, ביי זייערע קעכענס, וואָס זיי האָבען געהאט א מגו זעהר אָפּט נישט צוהאלטען ר' עזריאל'ס התחייבות און מיך לאָזען פּשוט הונגערען. איך וואָ־ער פון מיין זייט הגם אין מיינע תנאים איז ניט געשטאנען צוטאָן דאָרט עפּעס א מלאכה, פון דעסטוועגען האָב איך פּאָרט נישט געקענט אזוי גראָב זיין, אָפּצוזאָגען זיך ווען מען האָט מיך מכבד געווען מיט

ארבייט. איך פלעג רייבען חריין, שארפען מעסערס, שייערן, רייניגען דיא שבת־דיגע מעשענע לייכטער, געהן צום שוחט קוילען עופות, לויפען אין דער דינסטס שליחות נאך פעפער, אינגבער מיט צימערינג צום קוגעל וכדומה נאך זאכען אין דעם בעלהבישקייט.

ס'איז געווען ארום תשעה־באב צייט. איך האב מיך שטארק מכת'ן געווען, אנגעגרייט כלי זין — הילצערנע שווערדלאך פאר דיא אינגלעך, אפגעפארבט מיט שווארצע יאגדעס אי מיט אנדערע מיתה־משונה פארבען און געהאפט דער פון צו האבען א שעהנעם גראשען. נאר פלוצלים האט אויף מיר זיך אנגערוקט א המארע און צערשטערט מיינע האפנונגען. ר' עזריאל האט אין דער צייט בעדארפט גראד שלאגען טויט שלעק עפעס איינעם א נגיד'ס א אינגעל, א בן־יחיד'ל, וואס איז געווען שטארק ציטעריג ביי דיא עלטערן. דאס אינגעל איז פערשלאפט געווארן און געלעגען צו בעט. דיא מאמע מיט דעם טאטען האבען געלארעמט, געשריגען און געזאגט: זיי מיזען דעם ר' עזריאל'ן גוט אנלעהרנען און צונעהמען ביי איהם דעם גאנצען חדר. ר' עזריאל האט זיך שטארק איבערגעשראקען, געזוכט א וועג וויא זיך צו רייניגען און ארויפגעלייגט דיא גאנצע שולד אויף מיר. דאס איז, האט ער זיך מתנצל געווען, דעם בעהעלפערס מלאכה. ער איז א גרויסער שייגעץ א ווילדער עבבראש! דאס יונגעלע פון זיין זייט האט געשוויעגען און שטארק מורא געהאט, וויא געוועהנטליך, אויסצוזאגען פונם חדר. עס איז אנגענומען גע־ווארען, אז איך בין שולדיג און בייביידע צדדים איז געבליבען מיך גוט אויסצו־פאטש'ען און ארויסצוטרייבען פונ'ם חדר. איך בין געווארן דאס כפרה הינדעל און מען האט מיט מיר, שלימזל, טאקי באלד געשלאגען כפרות!

---

.b

— טא! האט דיא מאמע מיינע זיך אנגערופען אין א שמיעס מיט עפיס א יודענע. און בשעת מעשה געקוקט אויף מיר. אויף דיא אייגענע מעשה, וויא זאגט מען עפיס, אסתר, א מענש טראכט און גאט לאכט. איך האב פון מיין זייט יוצא געווען, זיך געלייגט, וויא זאגט מען עפיס זאלט איהר מיר געזונד זיין, אין דער לענג און אין דער ברייט נישט צו פארשווארצען מיינעם דארט אין קבר דעם פנים, נאר נעה צוריים זיך, שונא ציון, אז פאלט אליץ מיט דער פיטער אראפ. איך האב איהם, אזוי וויא איהר קוקט איהם אן, אסתר, שוין געשטעלט אויף עטליכע ער־טער. ער האט געקענט דארט ווערען א לייט, טאקי וואס לייט הייסט, אז גאט און

לייט וואָלטעז מיר מקנא געוועזן נאָר געה צורייס זיך, אסתר, נעהם האָטש דאָ איין א מיתה משונה און ווער דיא כפרה אז עס קומט גאָר אויס, דיר אויפצוזעצעניש שונא ציון, פונקט בויבעריק! אויף דיא אייגענע מעשה, וויא זאָגט מען עפּיס, אז דאָס שלימזל לאָזט נישט אָפּ א מענשען מוז מען אנבויגען דעם קאָפּ. אז מען קען נישט אריבער, זאָגט דער עולם א ווערטיל, מוז מען ארונטער. יאק נימא ריבא טאָ אי ראק ריבא זאָגט אפילו להבדיל אויף דער מוזשיק. איהר זיינט דאָך א וואוילקענערדיגע אסתר. טא! צו א בעל מלאכה, לאָז זיין צו א בעל מלאכה. מסתמא איז דאָך אויבען אזוי טאקי אָנגעחתמעט געוואָרען, אז טעביל דעם מלמדס זוהן זאָל זיין א בעל מלאכה, וויי און ווינד איז מיר! אויף דיא אייגענע מעשה מה אני מה חייני, געה פרעג דעם רבוני של עולם קשיות!

אין עטליכע טעג ארום בין איך אריינגעטרעטען פאר א לעהרעניונגעל צו לייזער דעם שניידער.

לייזער דער שניידער איז געוועזן א קליין דאר אידעל מיט א בלייך פּעניצעל, זעהר ספּריטנע, א ריהרענדיגעס וויא קוועקזילבער מיט אלע שניידערשע פּאַסטעמקעס, א פאלגע מיט דיא ביינער. מען האָט איהם געקענט רופען אי ווייבעריער אי א מענערשער שניידער, אָדער, נאָך גלייכער, נישט קיין ווייבערשער נישט קיין מענערשער, ווייל ער האָט זיך אונטערגענומען נייען אי ווייבערשע אי מענישע קליידער, אלסדינג אין דער וועלט, אפילו א היטעל און האָט קיין זאך נישט רעכט געקענט, אונטער זיינע הענד פלעגט א ייפּע מגולגל ווערען אין א שלאָפראָק, א שלאָף ראָק אין א קאפּאָטע, א קאפּאָטע אין א קליידעל און א קליידעל אין א קינדער לייבעל.דערצו איז ער געוועזן א בריה, עס האָט ביי איהם אויסגעגעבען תמיד מאטעריע אקוראט וויא פיעל מען בעדאַרף, און איהם איז נאָך אויף איבערגעבליבען א היבשער שטיק יתור. אונטער איין אָסיען, דיא רעכטע צייט, ווען ביי די אידען אין דער פאמיליע הייבען אָן קליידער איבערגעניצעוועט און מגולגל ווערען פון איין מלבוש אין דעם אנדערן, דענסטמאָל איז ער געוועזן פערוואָרפען מיט ארבייט. לייזער האָט פון זיך הנאה געהאט און זיך געהאלטען פאר דעם בעסטען שניידער, ווען נישט אין דער גאנצער וועלט, על כל פנים פאר דעם בעסטען אין בעזליודעוו, ווייל ער האָט אליין ניט געוואוסט וואס איהם פעהלט. אז מען פלעגט איהם א מאָל ווייזען עפּעס א גוט שטיקעל ארבייט ערגעץ פון דער פרעמד פלעגטער געבען א שמייכעלע און נישט ווועלען אפילו דעם כבוד אנטאָהן, דערצו זיך רעכט צוקוקען און בעטראכטען וויא דאָס איז גענייט, וויא עס געהט דער שניט. עט פלעגט ער שמייכלען מיט א

קנייטשעלע און יענעם אָפּשלאָגען דיא פּליגעל, עס, וואָס איז דאָ אזוינס פאר א חריפות ? וואָס האָט מען דאָ געפונען אזוינס וואָס צו זעהען ? אזעלכע ארביי־טען האָב איך שוין אין מיין לעבען טויזענדער מאָל איבערגעמאכט. מען בעדארף נאָר צו אלץ האבען מזל. א צינגעל האָט ער געהאט א געשליפענעם, זעהר א געלויי־פינס, אז אימיצער פלעגט וועלן איהם אויסמאָהלען וויא ער זאָל אים נייען האָט ער יענעם נישט געלאָזט ריידען, פערכאפּט און גערעדט אלץ אליין. איך וויים, איך וויים, איך וויים ! זייט זיכער, איך וועל אייך מיט גאָט'ס הילף מאכען נאָך בעסער וויא איהר ווילט. דאָס ערשטע מאָל איז מיר דען צו מאכען אזא ארבייט? איך וויים, זייט זיכער, איהר וועט זיין צופריעדען. ביים אָפּבריינגען דיא ארבייט, אז יענער פלעגט זאָגען דאָ קוועטשט איהם, דאָ קנייטשט זיך, דאָ ליגט נישט גוט, דאָ איז שמאָל האָט ער ניט געוואָלט גאָר הערען, אלץ גערעדט,גערעדט און פערשאָ־טען מיט רייד : חלילה, וויא פאלט איהר אויס אזוינס צו זאָגען ? עס קוועטשט נישט, עס טאָר ניט קוועטשען, עס הויבט ניט אָן אפילו זך צו קנייטשען. ניט נאָר א ציה, זייט מוחל, אהין אביסעל. עס ליגט גוט אזוי וויא אויסגעגאָסען. נאט אייך נייס ס'איז שמאָל ! וואָס הייסט שמאָל, אז ס'איז טאָר נישט זיין שמאָל ? איהר האָט ערשט אָבגעגעסען און זענט אביסיל פול דאכט זיך אייך אויס אז ס'איז שמאָל. איך זאָל פארקריינקען אין דעם היגען הקדש, וואָס מיר איז דערפון אראָבגעפאלען. ביי מיינע יודישע נאמנות מען איז קוים אויסגעקומען וויא מיט קרעפּילפּלייש. ס'איז איבערגעבליבען פונם אונטערשלאק א שמאָל פאסעקיל פערקיל האָב איך עס אייך אָבגעבראכט. בעסער ווי איך האָב אייך געמאכט קען מען שוין טאקי אין ערגעץ ניט מאכען. איהר וועט אביסיל איינגעהן וועט איהר נעוועהנט ווערען. טראָגט געזונד ! ביים צאָהלען פלעגט זיך אָנהויבען א דינגע־נים, ער האָט אוועקגערעדט א שעה מיט שבועות מיט חרמות, אָפּגעלויבט אין טאָג אריין זיין ארבייט, אויסגערעכענט איטליכעס פיצעלע בעזונדער וואָס האָט איהם געקאָסט, געמאכט א שניידערשען חשבון און געשטעלט פאר עדות אונטער דיא אויגען דעם קרעמער, דעם שמוקלער אי דיא יודענע פונם שאפקעלע און אָפּ־געשאָטען פשוט מיט ניין מאָס רייד ביז מען האָט איהם מוסיף געווען נאָך א צעהן גראָשען. טא פלעג טער דערנאָך מאכען גיט האָטש א ביסעל בראנפען ! מיט א ביסיל בראנפין האָט ביי לייזערען זיך אָנגעהויבען און אויסגעלאָזען אלע געשעפ־טען. ער איז נישט געווען חלילה קיין שכור, זיך נישט געוואלגערט אין דיא גאַ־סען, נאָר טרינקען האָט ער געקענט. דיא מלאכה האָט ליב דעם טרונק, איז געווען זיין ווערטעל און ער האָט טאקי אמת ליעב געהאט דיא משקה. צוליב דעם פלעגט

ער זיין א נאַנצער מאכער אין דעם צעך, האָבען א גרויסע התקרבות מיט דעם צעכמייסטער, ארויסווייזען זיך און שטארק ארבייטען בשעת עפּים א וויבאָר, ווייל געוועהנטליך איז מען דאָ נישט זשעדנע אביסיל בראַנפּין. לייזערס נשמה האָט נישקשה געפּיהלט וואו מען בעקומט דעם ביטערען טראָפּען. נאָר זאָגען, אז פאר א כוסע האָט ער פארקויפט זיין האַרץ, זיין פארשטאַנד, ער האָט אויפגעהערט צו פיהלען צו פארשטעהן וואָס איז גוט און שלעכט, חלילה, דאָס נישט. פאַרכוסעט האָט ער עס נישט, ער האָט טאקי ביי זיך געהאט זיין שכל און וויא אלע אנדערע זעהר גוט געוואוסט דעם אמת, ער האָט נאָר פאַרכוסעט. פאַרקויפט — זיין גאַלקע...

לייזער דער שניידער האָט מיר גלייך ביי מיין אָנקומען צו איהם שטאַרק געגומען אין דער ארבייט און מיט מיר אָנגעהויבען דעם אלף־בית פון דער מלאכה. דער אלף־בית איז נישט בעשטאַנען דרינען, וויא מען האלט דיא נאָדעל. ווי מען בעדאַרף א שטאָך טאָהן, דאָס איז נאָך געווען צו פריה, דעם דאָזיגען כבוד האָט מען מיר נאָך א לאַנגע צייט נישט אָבגעגעבען. לייזער האָט מיט מיר אָנגעהויבען נאָר פון דער התחלה — פון דער פּאמייניצע, האַלץ טראָגען וכדומה אזעלכע זאכען כמעט דערזעלביגער אלף־בית וואָס ביי דעם צעלניעקר און ביי עזריאל דעם מלמד, נאָר מיט א ביסיל פאַרענדערונגען, וויא עס פּאסט צו א שניידער, דהיינו: גיין אין א מארק נאָך כשרע פאָדים, אריינשטעלען פּרעסליך וואַרעמען אין איוווען, ביי לייזערן גופא אין שטוב, אָדער א מאָל ערגעץ ביי א שכן, זוכען א מאָל צעהן אין טאָג אונטערין טיש, אונטער דיא ביינק דעם פענגערהויט, אָדער א דין נעדעלע, ארויסציהען פאַרסטריגעס און אָפּטראָגען מיט דעם בעל־הבית א שטיקעל ארבייט. און אזוי וויא לייזער האָט געהאט א ווייב, א בעלהביתטע, א בריה א יודענע, האָט זיא מיט מיר זיך שטארק אָבגעגעבען, אויסגעזוכט ביי זיך תמיד פאר מיר ארבייט און מיך נישט געלאָזט חלילה ליידיג זיטצען קיין רעג. דיא מאמע מיינע האָט נאָך לעת עתה נישט געהאט זיך וואָס צו שעהמען פון מיין מלאכה און מיין טאטע ר' טעביל דער מלמד האָט נאָך דערווייל געקענט רוהיג ליגען אין קבר. זייער זוחן האָט זיי נאָך נישט פארשווארצט דאָס פּנים, ביז דער נאָדעל איז נאָך געווען גאַנץ ווייט. און מכח שלאָגען — דרינען האָט מען זיך נישט געדונגען. א מאָל האָט מיך געשלאָגען לייזער, א מאָל לייזערס ווייב און א מאָלביידע אין איינעם טאקי, אָדער זיי ביידע, נאָר אויף איין אנדער מין אופן, דהיינו אזוי: לייזער האָט פריהער אָפּגעשטעקט עטליכע פּעטש, לייזעריכען און לייזעריכע האָט זיי מיר דערנאָך געטריי איבערגעגעבען מיט פּראָ־

צענט, מיט געשמאקע עטליכע קניפ דערצו, אָדער פארקעהרט, לייזעריכע האָט גאָר א מאָל צום ערשטען אריינגעלייגט מיט איהרע אייגענע הענד וויפיל זיא האָט נאָר געקענט אין לייזערין, און לייזער האָט נישט געקענט אויסהאלטען, ער זאָל עס באלד נישט אריינוואָרפען אין מיר....לייזער מיט'ן ווייב האָבען געלעבט וויא א פּאָר טויבען, גלייך אין אלע זאכען: ביידע זיינען געגאנגען אין ספּאָדיק, ביידע האָבען געהאט א גלייכע דעה, ביידע האָבען מורא געהאט איינער פאר דעם אנ־דערען, ביידע האָבען אויסגעלאָזען זייער שוועך, ביטער געמיטה איינער צום אנ־דערען, זיך געהאלזט, ארומגענומען און זיך געטהיילט מיט דעם שעהנסטען בעס־טען — פּאטש....קיין האָניג האָב איך ביי לייזערין נישט געלעקט, איך האָב געאר־בייט אין שטוב וויא איין אייזעל און געחאפּט פון אלע זייטען קלעפּ. דענסמאָל האָב איך געמיינט, אז דאָס אלסדינג מוז מען איין לעהרעניונגעל טאָן און אָהן דעם חלילה וועט ער נישט קענען זיין קיין בעל מלאכה, אקוראט וויא אָהן קלעפּ קען מען נישט לערנען און זיין א למדן. א פּרימער האָב איך פאר מיר געהאט לייזערס איין ארבייטער, א דארער, איינגעהייקערטער אויסגעבלייכטער בחור, וואָס ער האָט זיינע בעסטע יונגע יאָהרען פארבראכט ביי לייזערין, געטאָן עבודת פּרך און גע־ליטען ביז ער איז געקומען צו דער מדרגה האלטען א נאָדעל און שטשאָבען. דער־ריבער פלעג איך שלימזל, נעביך מקבל באהבה זיין אלע פּעטש און אפילו נישט הויך וויינען.

איין מאָל אונטער א פאר פּסח רופט דער בעל הבית צו מיר זיך אָן : „איציק אברהמיל גיב נאָר א שפּרינג אין קרעמיל, חאפּ, פארחאפּט זאָלסטו ווערען, פאר א גרשען כשרע פּאָדים און בעוארף, וואָרפען זאָל עס מיט דיר, אָט פון דעם דאָ־זיגען קלייד דעם פעדער חלק, דערנאָך דעם אינטער חלק, זשיוואָ ממזר !“ איך געדיינק וויא שטארק איך האָב מיך דערפרייט דענסטמאָל אויף דעם כבוד — זיטצען ביים טיש און האלטען א נאָדעל, גלייך וויא מען וואָלט מיר אויף א חתונה מכבד געוועז האלטען דיא חופּה־שטעקענס. היידא ! איך האָב מיך אנידערגעזעצט ביים טיש אקעגעז דעם אויסגעבלייכטען בחור, פרעהליך, לוסטיג און מיט ביידע הענד געהאלטען דעם אינטערחלק וויא עפּעס א טהייערע זאך, איין אבן־טוב. דער שניידער האָט אויף א ביי קולכעל צוגעזונגען א שטיקעל פון כל נדרי, באלד א מלך עליון, באלד איז ער איבערגעגאנגען אין א מארש, צוגעשאָקעלט מיטן קעפּיל און צוגעפּויקט צום טאקט מיט דיא פּיסקעס, באלד האָט ער געזאָגט א המצאהלע אי־בער מיר, איבער דעם אויסגעבלייכטען בחור און דער ביי ארויסגעשטעקט א

שפיטץ ציננעל. באלד האט ער געזונגען ווײנענדיג וויא מען בעזעצט א כלה און באלד האָט ער געזאגט, וויא דער מארשאלעק, גראמען. „זשיוואָ איציק אברעמיל: האָט ער מניה-וביה טאקי געזאָגט מיט א ניגון, שנייטץ אָפּ דאָס לעכט ממזר! געה גיכער אנגעבלאָזענע פּארצע! אביסיל גיכער איציק אברהמיל, חאפּ ביי מיר נישט ממזר סיין דרעמיל!״ און איך, שטאָך, שטאָך דא שטאָך, שטאָך דא שטאָך אין דעם קלייד אין דיא פינגער וואו עס האָט זיך פּאפּאדעט. נאָר ווער הערט א שטאָך בשעת אויפין הארצען איז פרעהליך?... פּלוצלים אָבער האָט אויף מיר זיך אָנגע־רוקט א חמארע אין דער גאנצער שטוב האָט אָנגעהויבען שטינקען סמאלינע. מען זוכט דאָ, מען זוכט דאָרט און מען געפינט לסוף, אז ביי מיר שלימזל סמאלעט זיך דער אונטערחלק, יענער אונטערחלק וואָס איך האָב בעוואָרפען! וואָרים בשעת איך האב אָבגעשנייצט דאָס לעכט איז א שנויץ דארויף אראָפּגעפאלען. א געוואלד א געשרייא, א געפילדער, וואלייא פּעטש, קולאקעס און קלעפּ איז מיר געפאלען וויא האָלץ! איך האָב גענוג געהאט פאר דאָס מייניגע. דער שניידער פּריווט זיך מאכען פונם אונטערחלק א פּעדערחלק, ארבעל, עס געהט נישט! ער האָט שוין נעביך פונם קאסטען ארויסגענומען דעם שטיק יתור פון דעם קלייד, נאָר מוטשע זיך, שונא ציון, פון היינט ביז איבער א יאָהר עס געהט נישט! חאָטש צערייס זיך. חאָטש טהוא דאָ פּיטער ארײן עס געהט נישט! דער אינטער־חלק מוז טאקי בלייבען איין אונטערחלק, פון א חזירש עקיל קען מען ניט מאכען קיין שטריימעל. „הער נאָר אוים איציק אברהמיל! האָט געזאָגט דער שניידער, הער אוים ממזרוק, יונגאטש איינער, א קריינק דיר אין דיא ביינער! פּאטשען דיך האָב איך שוין מעהר קיין כח נישט, אז דיא בעלהביתטע ותעט קומען פונם מארק וועט זי דיך מסתמא אויך דערווארמען אביסעל און אויסטאפּען דיר דיא ביינדליך, זיא האט אויך אזא רעכט גלייך וויא איך און זיא וועט דיר איהרס ניט שיינקען. נאָר דאס אלסדינגג אָבער איז אלץ גאָרנישט, א היוועניק אקעגען דעם וואָכ דו וועסט לייזען ערשט שפּעטער; באם עס וועט מיר נישט איינגעהן מיין הסברה.

דער שניידער האָט באלד טאקי זיך פערטראכט איבער דעם אינטערחלק און נערעדט צו זיך אליין: פאר וואָס נישט טאקי א קעשענע... פונם לאָך א קעשענע?... אי וואס?... עט! מילא וואָס מאכט עס אוים?.. דערנאָך האָט ער אויסגעשטעלט אויף מיר א פּאָאר אויגען און א געשריי געטאָן: „פּאשאָל וואָן ממזר! אלע־לולע (הללוהו) כל צבאיו, הינט זאָלען מיט דיר האנדלען!״

איך האָב מיך ארויסגערוקט פון אונטערן טיש וויא א קעטצעלע, און געוואַרט מיט א פערסלעהמט הארץ א וויסטען סוף

דיא ז"אזינגע טרויעריגע מעשה איז געשעהען מיטוואָך תחלת אבענד. פרייי־טאָג, גערענק איך וויא היינט, האָט דער בעל הבית מיר געהייסען אָפּטראָגען נאָך איהם דאס קלייד צו דעם ארענדארס ווייב. דיא ארענדארקע גיט א בליק, א דונער, א שלאָס. א קעשענע סאמע אונטען! וואָס איז דאָס אזוינס שניידעריל לעב? ! האָט זיא זיך צושריגען, סטייטש וואָס איז דאָס — דאָס? איך וועל אָסור חזיר, אזא קלייד בשום אופן נישט צונעהמען! אי האָט לייזער מיינער גע־ענטפערט מיט א זיס לעכעלע און איהר פארשלאָגען דיא רייד, אי שרייט חלעבען נישט ברײנדיל! אזוי העלף מיר גאָט וויא איך האָב אייך געמאכט גוט! איך האָב אייך גענעהט דאָס קלייד נאָך דער סאמע פאָסליעדנע מאָדע. סטייטש ביי אלע פריצים זיינען היינט אויפגעשפּאָלטען קעשענעס אונטען. א משוגענער מאכט היינט קעשענעס פאָרענט! איך זאָל אזוי רבוני של עולם פטור ווערען פון מיין מלאכה און נישט בעדארפען זיין קיין שניידער (אזוי געוועהנטליך פלעגט ער זיך שווערען וויא דער שטייגער פון אלע אנדערע אידישע בעלי מלאכות) וויא שעהן דאָס זעהט אויס! א שאָד חלעבען, וואָס איהר קענט ניט אליין מיט אייי־ערע אייגענע אויגען אָנקוקען דעם זיבעטען׳חן וואָס דאָס האָט. טאפּט חלעבען נישט ברײנדיל. ס'איז גוט! אָט טראָגט געזונד, פארניצט געזונט, צערייסט געזונד! גיט נאָר קרישטשענע מיין לעהריונגעל, ער פארדינט חלעבען, ער האָט נעביך דיא אויגען זיך ארויסגענומען און א סך געהאָרעוועט אויף דער קעשענע. מיר קומט אויך חלעבען א כוסע!" לייזער איז געווען גערעכענט אין בעזליוו־עוו פאר איינעם פון דיא בעסטע שניידערס, וואָס נייען נאָך זשורנאלען, און דער ארענדאר דאָרט איז געווען איינער פון דיא גרעסטע נגידים, היינט אז מען האָט געזעהען, זיין ווייב, דיא ארענדארקע, געהט ארום אונטען מיט א קעשענע זיינען דערנאָך אלע בעזליוורעווער מאָדנע ווייבליך ארויסגעגאנגען אונטער מיט אויפגעשפּאָלטענע קעשענעס. נאָר הגם מיין קשענע איז אריין אין דער מאָדע, איך בין אָבער דערפון נישט געהאָלפען געוואָרען, לייזער האָט מורא געהאט איך זאָל מיט דער צייט נישט ארויסוואַרפען עפּעס אזוינע נייע מאָדעס, וואָס וועלען איהם חלילה אָנמאכען בזיכווייטאָג און מחמת מורא נישט געוואָלט מיר געבען א שטאָך ארבייט. ער האָט מיר אין גאנצען אָנגעשיינקט זיין הייב במתנה גמורה זיך נאָר איבערגעלאָזען דאָס רעכט, מיר א מאהל אָפּצושטעקען א פּאטש. וואָס טויג מיר, האָט ער זיך אָנגערופען, אזא פערשלעפּטע קרענק, אזא סין

קינצלער? און דערביי אָבגעזאָגט זיין געוועהנליכען פּסוק : אלער־לולע כל צבאיו, הינט זאָלען מיט דיר האנדלען !.... לייזעריכען האָב איך א מאָהל א שאָדען אָנגעטאָהן, נישט ווילענדיג איהר צוברעכען א טאָפּ מיט אייער און האָב געמוזט לסוף דורך דעם עוקר זיין.

מען האָט מיך דערנאָך אָפּגעגעבען צו אלערליי אנדערע בעלי מלאכות, וואָס א וואָך צו אן אנדערן. איך אָבער בין געוועזן א שלימזל און ערגעץ נישט געהאט קיין גליק. איטליכער בעל מלאכה בעזונדער האָט מיך דאָס ערשטע בעקאנט געמאכט מיט דעם בעל הבית'שקייט און מיך איינגעשפּאנט אין דעם יאָך. איין בעל־הבית האָב איך אויף מיר געהאט, עפּעס א שוסטעריל, א פרעהליכער קבצן, ער פלעגט מיך אלץ שיקען צווישען דיא אומריינע ערטער — רייסען ביי חזירים האָר פונ'ם רוקען. נארעלע, אזוי איז געווען תמיד זיין ווערטעל : פון א חזיר א האָר איז אויך גוט. ביי א חזיר איז אמצוה צו רייסען . . . בשעת ארויסטראָ־גען א פּאָמייניצע פלעגט דער דאָזיגער פרעהליכער קבצן אויף א שפּאס אויפ־שטעהן און מאכען מיט א ניגון : תן כבוד לאיציניא ! טראָג איציק אברהמוניא, איך זאָל דער לעבען טראָגען דיר צו דער חתונה וויין אין א רעשעטע ! טראָג איציניאָ, טראָג. אין דיינע יאָהרען האָב איך נענוג פּאָמייניצעס איבערגעטראָגען! דעם דאָזיגען שוסטעריל האָב איך אין הארץ ליעב געהאט, ער איז מיט מיר זיך בעגאנגען בעסער ווי אלע אנדערע.איך וואָלט מיך ביי איהם געהאלטען און אפשר וואָס אויסגעלעהרענט, נאָר ער איז אָבער שטארק קראנק געוואָרען, אָנגעהויבען שטארקער וויא פריהער צוהוסטען צושפּייען מיט בלוט, ווייל ער איז נעביך שרעקליך אָפּגעקומען געהאָרעוועט, געארבייט איבער זיינע כוחות מפרנס צו זיין ווייב און קינדער, און עסען האָט ער נעביך געגעסען יסורים. א חוץ א דאר שטיקעל ברויט מיט עפּעס וואָס עס איז דערצו, איז אין זיין מויל נישט געקומען. דעם טעם פון פלייש האָט ער שוין לאנג פערגעסען. ביי א שמיעס א מאָהל פלעגט אלץ שפּאסען : פלייש דאָס איז נישט קיין אידישע זאך. איך משוגענער האָב מיר מאקי איינגערעדט א שטיקעל לונג־און־לעבער שבת אין טעפּעל ! . . . מען האָט איהם נעבעך אויף א ווענעלע אוועק געפיהרט אין הקדש אריין און ער איז דאָרט טאקי באלד געשטאָרבען . . .

---

ט

ויהי היום איז אין בעזליוודעוו אָנגעקומען איינער פון דיא ארומפאָהרענדינע חזנים און האט ביי אונז שבת געדאווענט מיט משוררים. דער עולם איז פון אלע קלייזליך איהם געלאָפען הערען. א טהייל האָבען זיך נוהג געוועזן, וויא זאָגט מען עפּעס, וויא פּראָסטע בעלי הבתים. האָבען אָפּגעדאוונט וותיקין. פריער טאקי, זיך גוט קידוש געמאכט און דערנאָך געגאנגען הערען. ס'איז געוועזן א שרעקליכע איינגשאפּט, מען האט זיך געשטופּט אויף דיא קעפּ און איך האָב מיך צווישען דעם עולם אויך אריינעשטופּט הערען דעם חזן, ווייל איך האָב וויא אלע אידען זעהר ליעב געהאט זינגען, דער חזן האָט געהאט א קליין משורר'ל, א פּייפער, אין מיינע יאָהרען. איך האָב איהם עפּעס אזוי מקנא געוועזן וויא ער שטעהט זיך ביים עמוד אונטערגעהאלטען דאָס בעקעל מיט דער האנד און טראלעלייקעט. אז איך וואָלט פון מיר באַראי, דאָס העמד אוועקגעגעבען אבי זיין וויא ער א משורר'ל. איך האב אויף דעם דאָזיגען משוררל געקוקט מיט גרוים דרך ארץ דענכ־מאָל ווען מיר אינגל'ך זיינען אלע גיוועזן אין פּאָלעש בשעת לייענען. איך בין עפּעס פאר איהם אין גאנצען בטל געוואָרען, מיר האָט זיך געדאכט אויף דער וועלט איז שוין נישטאָ קיין בעסערעס פון א משורירל. וויא קום איך צו איהם! אז דאָס משוררל האָט נאר געעפענט דאָס מויל, נוא האָט מיינער זיך גענומען איהם אריינקוקען אין דעם מויל און ווען עס וואָלט נאָר מעגליך געוועזן אריינצושפּרינגען אין איהם וויא איך שטעה און געה וואָלט איך מיך פּשוט מחיה געוועזן. אהיים קו־מענדיג פון דער שוהל האָב איך מיך אלץ געפּראוּבט נאָכמאכען דעם משורריל, ביי דיא זמירות האָב איך מיך שטארק צולאָזט אויף א קולכען, און טריילעלייקעט אזוי אז דיא מאמע האָט גרויס תענוג געהאט, נאָר איך האָב כלל נישט געמיינט דיא זמירות וויא נאכצומאכען דעם משוררל. עס האָט מיר עפּעס זיך געזונגען. דאָס מויל האָט מיר זיך ניט געקענט צומאכען אויף א רגע,מען האָט שוין אָפּגעגע־סען ווארמעס און איך האָב טאקי. אלץ נאָך געזונגען, געמאכט שטייגער. דאָס זינגען איז לסוף איבערגעגאנגען אין קונדעס אריין און איך האָב מיך געריסען אויף אלערליי משונה ווילדע קולות. אז דיא מאמע האָט דאָ א קוק געטאָהן, אז איך וויל גאָר ניט אויפהערען און לאָז זיא נישט א ביסעל אָפּרעכען נאָכן קוגעל האָט זיא מיך גום אויסגעבאכעט און ארויסגעוואָרפען פון דער שטוב. וואָהין? לויפט א אינגעל שבת ביי טאָג? מסתמא אין בית מדרש אריין, הע־הע! דאָרט האָב איך געטראָפען דיא גאנצע ווייסע חברה, דיא אלע רעכטע קונדסים. איך

האָב געמיינט, אז נאָר איך איינער האָב נאָכגעמאכט דעם משורר'ל, ניין! אלע אנדערע האָבען דאָס אייגענע געטאָהן וואָס איך. איטליכער בעזונדער איז געוועזן שטארק בעשעפטיגט, דער האָט געקוויטשעט, דער געריטשעט, דער האָט געברימט וויא דער באס, יענער נאָכגעמאכט דעם פיסטעל זינגער, איינער האָט זיך משונה געקרימט געריסען אויפ'ן האלז וויא דער חזן און דער אנדערער האָט זיך צילאָזט וויא דער פלייטער. דערנאָך האָט א חברה אלע אין איינעם זיך א נעהם געטאָן אפצושפילען דאָרט אויבען אין דער ווייבערשער שול דאָס שיינע בעטלעריל, מיט וועלכען דער חזן האָט געזאָגט משברך. מען האָט געמיאָקעט, געפישטשעט. געשווישטשעט, געצוילכט, געשריגען ביז דער שמש האָט אונז אָפּגעשפריצט מיט וואסער און אונז מיאוס טאקי ארויסגעטריבען —. באמת, מוזט איהר וויסען. האָב איך טאקי געהאט א דין קעלכען, א שיין געליינקעל, איך פלעג א מאָהל אונטערהעלפען לייזער דעם שניידער בעזעטצען א כלה, אָדער אונטערהאלטען איהם א מלך עליון. לייזער פלעגט דערביי קוקען אויף מיר און זאָגען מיט א שמייכעל. וויא אייגער וואָס טהוט איהם הנאה: גוט ממזרוק איינער! אזוי, אזוי, אין דיין טאטען אריין ממזר!... מיר איז אריין אין קאָפּ צו בעטען דיא מאמע, זיא זאָל מיך אָפּגעבען צום חזן. איך האָב מיך צו איהר צוגעטשעפעט וויא א זלידנע אזוי לאנג אזוי ברייט ביז זיא האָט מיך געמוזט פיהרען טאקי צום חזן. דיא אָרימע פערוויסטע אלמנה נעביך איז שוין אויך טאקי געוועזען געוועזן אזא סחורה וויא איך פטור צו ווערען. אז דער חזן האָט מיר געהייסען א קוויטש טאָהן און דערנאָך געזאָגט, ער נעהמט מיך צו, האָב איך פאר שמחה געמיינט, אז דיא וועלט איז מיינע. איך בין גאָר ניט אין שטאנד צו שילדערן וויא מיר איז דענסטמאָל געוועזן אויפ'ן הארצען. דיא מאמע מיינע איז אפנים דערפון געוועזן שטארק צופריעדען, טאקי שטארק וואָס שטארק הייסט, וואָרים אין א שמייכל מיט איהרע א בעקאנטע אידענע האָב איך געהערט וויא זיא האָט צו איהר געזאָגט אזוי:

— אייך דיא אייגענע מעשה, אסתר, זאָלט איהר מיר מאריך ימים זיין, וואָס קען א מענש יענעמס תכלית פארזאָרגען? צוברעך דיר שונא ציון, דעם קאָפּ, צעריים זיך און שפרינג דיר אפילו פון דער הויט וועסט דוא גאָר נישט מאכען, וויא זאָגט מען עפּעס, אסתר, אז השם יתברך דערהייבט א מענשען, ווייסט מען גאָר נישט פון וואנען דאָס איז געקומען. איך זאָג עס אקעגען מיין יתום, זאָג איך עס. אויך דיא אייגענע מעשה, לייט האָבען געזאָגט צו א בעל מלאכה, לאָז זיין צו א בעל מלאכה. וואָס וואָלט פון איהם געוואָרען? בעראָרף גאָר גאָט

חסר טאָהן און בעווייזען אז ניט אזוי וויא לייט זאָגען. נא דיר גאָר א חזן, גע־דאנקט און געלויבט איז, אסתר, השם יתברך! מיין יתום איז שוין אצונד פאר־זאָרגט, א לייט אויף מיינע ליבע געזאָגט געוואָרען! איך האָב עס גאָר אזוי פיעל ביי זיין ליעבען נאָמען נישט פארדינט. דאָ האָבען נאָר זכות אבות זיך געמיהט.

מיט דעם חזן בין איך מעהר ווי האלב יאָהר ארומגעפאָהרן אויף דער וועלט. מיר, שלימזל, איז ביי איהם אויך שלעכט געווען, ערגער פון אלע איבריגע משוררים. איך האָב מיר נישקשה גוט מפטיר געקויפט. דער שטייגער איז געווען ווען דער חזן האָט ערגעץ געדאווענט האָבען דיא משוררים בעדארפט אונטער־וויילעכס קוקען אויפ'ן עולם, זעהען אויב זיין דאווענען געפעהלט, וואָס זאָגט מען אויף זיין געמבע און וויא ער זעצט עברי, און אז דער חזן האָט אין דער היים אימיצען א רוף געטאָהן ביין נאָמען, מיט עפעס א ווינק דערביי, האָט עס געהייסען: נוא זאָג נאָר, איז מען עפעס צופרידען געווען? כמעט תמיד אָבער איז דער גורל וויא אויף צו להכעיס געפאלען אויף מיר. עס קען אפשר זיין דריבער, ווייל דיא איבריגע משוררים פלעגען באלד נאָכ'ן דאווענען מאכען פליטה און אויסגעטריקענט ווערען. קוים האָט ער נאָר א זאָג געגעבען: אברהמקע! און דער־ביי דערלאנגט א ווינק, אז מיינער, וואָס האָט נישט געוואוסט קיין חכמות, איז ארויס מיט דער שפראכע: חזן מען האָט געלאכט, טאקי זעהר שטארק עפעס גע־לאכט! נוא פלעגט ער מיר אָננעהמען ביין אויער, דרעהען און דרעהען, ציהען און ציהען אז איך זאָג אייך, דער שניידערקעס קלעפ זיינען אקעגען דעם קאטאָוועס־לעך געווען. א מאָהל האָבען מיר ערגיץ אין א שטעדטעל געדאווענט שבת פרשה שקלים. דער חזן האָט צום דאווענען זיך שטארק מכין געווען, ווייל ער האָט ארויסגעקוקט אויף יענעם שטעדטעלס חזנות. שבת צו נאכטס האָבען צו איהם זיך פארקליבען מענשען א גאנצער עולם. מען האָט געטרונקען פונש, וויין און ס'איז געווען א פרעהליכע מלוה מלכה. דער חזן האָט זיך געפיעשטשעט, זיך געקלאָגט אויפן האלז, ער האָט א ביסעל זיך צוגעקיהלט און מוז עטליכע טעג אָפּהיטען זיין כלי, זיך אליין געקווינקעלט, געקוויינקעלט און פון דערסטוועגען האָט ער דעם עולם פארט צוליב געטאָהן געזאָגט „אליהו'ס" און געזונגען א וואָלעכיל. דעם חזן איז אויסגעקומען נייטיג נאָך עפעס צו שיקען און וויא ער האָט ארוף געטאָהן: אברהמקע! הא־הא, דאָ האָב איך געעפענט א פיסקעל און א זאָג גע־געבען: „חזן מען האָט פון אייך געלאכט!" גאנץ הויך אויף א קול און פרעהליך. ווייל איך האָב געהאט אין קאָפּ א ביסעל משקה. דער חזן נעביך איז געוואָרען אָנגעצונדען, רויט וויא איין אינדיק, דאָס פנים האָט איהם זיך געמינעט און דער־

גאנצער עולם איז געבליעבען עפּעס וויא צומישט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען. איך האָב געמיינט, אז דער חזן וויל מיר נישט גלויבען. בערייזדעוודיג בין איך גראָד דעמאָלס געוועזען פון דעם ביסעל פּונש, נוא האָב איך מיך צולאָזט מיט מיין זים צינגעל און אָנגעהויבען צו שווערען: „וויא איך בין א איד, חזן, מען האָט פון אייך געלאכט! אָט־אָ דיא דאָזיגע מענשען טאקי האָבען זיך גע־קריהמט, שטארס חוזיק געמאכט!... ווער שמיעסט יענער, יענער, וואָס טרינקט און סורעט זיך אלץ מיט אייך, ער האָט חלעבען זעהר געלאכט בשעת מיר האָ־בען געארבייט אין דער קדושה עפּעס האָט ער, ראכט זיך געזאָגט, קאטשאן. ווייס איך וואָס קאטשאן הייסט? איגדריקזוימען צו קאטשקעפּוטער...“ דער חזן האָט פערביסען מיט דיא ליפּען, קלאָמפּערשט געמאכט זיך לאכענדיג און געזאָגט דעם עולם אויף מיר. אז איך בין א שוטה, שטארק תמעוואטע, ווייסט נישט ווער עס האָט מיך געשוירען, צו דיא אלע מעלות בין איך נאָך גראָד איצט א ביסעל פּארלעקט, נאר ער מוז אזא אָנשיקענעם האלטען צוליעב דעם קולכּעל, דעם עולם איז געוואָרען עפּעס אויף פּריקרע, דיא מלוה מלכה האָט זיך נישט געקלייעט און מען איז זיך פאנאנדערגעגאנגען עפּעס צושטערכעט. איהר קענט אייך משער זיין, וואָס איך האָב דערנאָך געלייזט. דער חזן האָט מיר געוויעזען וואָס פאר א גאָט מיר האָבען און דאָס ביסעל פּונש איז אונז באָקום אויסגעפאלען.

איך בין מיט דעם חזן ווייטער ארומגעפאָהרען, זיך אויסגעשלעפּט אין א סך אידישע שטעדטלעך און אויף שבת נחמו זיינען מיר אָפּיינגעפאָהרען קיין צוויאטשיטש. דער חזן האָט ארויסגעקוקט אויף צוויאטשיטשער חזנות. ער האָט דאָרט איינגעלעגט דיא וועלט און געארבייט אויף אלע כלים, דיא גבאים האָבען איהם געבעטען, פארבלייבען דאָרט אויף ימים נוראים, און דערנאָך וועט מען זיך מיט איהם אויסגלייכען, אלסדינג אם ירצה השם גוט זיין. איך בין דער־ווייל א ביסעל בעקאנט געוואָרען מיט צוויאטשיטשער קונדסים און בין בה“ש ביי דער דאָרטיגער ווייסער הרבה געוועזען א שטיקעל חשוב, היינו, אז ס'איז אויכ־געקומען צו לויפען מיט א הורא נאָך דעם דאָרטיגען משוגענעם האָט מען מיך געלאָזט לויפען פאראויס, אָדער אז מען האָט געדארפט אימיצען מאכען א פאָנפע פלעגט מען דערצו נעהמען קליעטשע ביי מיר פון דער קאפּאָטע און ווען ס'איז א מאָהל געראטען ארויסצו'גנב'ענען פונ'ם שמש שאפקעלע דעם שופר פלעגט מען מיך מכבד זיין מיט דעם ערשטען בלאָז. עס וואָלט מיר אָנגעהויבען אפילו צו ווערען גוט. נאר וואָס העלפט עס אָבער, אז ס'איז נישטאָ קיין מזל!

הערט נאר מיין כוף ביין חזן. ראש השנה קענט איהר זיך פאָרשטעלען וויא מיין חזן נעביך האָט געהאָרעוועט. ער האָט געארבייט, וויא מען זאָגט,

אויף אלע זאסטעווקעס, געדרעהט איטליכעס וואָרט א מאָהל צעהן ארויף און אראָפּ, אויסגעטייטשט מיט דעם פינגער, פון דער געמבע פלוצים אריין אין דעם ביי קול, היידי־די־די אהער, היידי־די־די אהין און איז שיער נישט געקראָכען אויף דיא ענד. דער באס איז אחריפנעט געוואָרען פונ'ם שטייגער מאכען ביי איטליכם שטיקעל א נייע שטייגעריל, נאָך א מאָהל לאטום־דום־דום, ווידער א מאָל לאטום־דום־דום! ער איז אָפּגעגאנגען מיט שוויים און זיך אלץ געווישט מיט דעם פאצייליכען, וואָס איז איהם נישט ארויס פון דער האנד. דעם פלייטער נעביך האָט שוין נישט געדינט דער קול, ער האָט בעדאַרפט איבערשרייען דעם באס, נאָר עפּעס א פּייף, א קוויטש און איך, שלימזל, האָב כמעט אלע רגע בעדאַרפט א קוויטש טאָן טאטעניאָ! אָדער א לאנגין טראטאטי! אזש נו.... הכלל מען האָט געארבייט, זיך געריסען אויף וואָס דיא וועלט שטעהט. אין דער שוהל האָט געדאַוועגט א יונגער מאן א נגיד, ער איז געוועזען א ביסעל פון היינטיגער וועלט, א דיקער, א געזונטער, א שטיקעל לץ און זעהר א גוטער מענש. ער פלעגט ליעב האָבען זיך נאריש צו מאכען מיט קינדער און האָט שרעקליך פיינד געהאט דעם חזן פאר זיינע מיאוסע הוויות. אז דער חזן איז א ביסעל זיך צופאָהרען אין דעם „אתה זוכר“ וואָס אין דער מוסף־דיגער שמונה עשרה, זיך געגאנגען וויא אויף א פּאָטשטאָווען וועג און פלעגט ארויסווארפען געטאָקטע ונאמרליך פּאָ מאלאדעצקי, איז צו מיר שטילערהייט צוגעגאנגען דער לץ, דער נגיד, און האָט מיך עפּעס גאנץ ערנסט א פרעג געטאָהן: זאָג נאָר קליינער, קענסט דו מאכען א וויינשעל? און מניה־וביה טאקי איז שוין ביי איהם אויף דיא ליפּען פארטיג געוואָרען א וויינשעל, אזא גרויסע, אזא רויטע, אז איך האָב מיך שטארק צולאכט. אָבער דענסטמאָל גראָד האָט דער חזן שוין אויסגעטאָקט א ונאמריל און געווארט איך זאָל מאכען טראטא־טא־טי! אז דער עולם האָט געזעהן, דער חזן איז עפּעס געבליעבען שטיל וויא דערוואָרגען, האָט מען אָנגעהויבען פּאטשען אויף דיא סעטנדערס. דער חזן האָט מיט כעס זיך ארומגעקוקט צו מיר, גלייך וויא איך וואָלט איהם גע'גזל'ט, אָדער נישט געוואָלט אָפּגעבען וואָס איהם קומט. די אויגען האָבען איהם געפייערט און זיין פּנים איז געוועזען רויט, אויסגעפּרעיעט וויא א צימעס. דער באס האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צו מיר מיט א ברום, וויא א קיה צו א קעלבעל, איך זאָל שוין אָפּענטפערן, מיין טראטא־טא־טי! נאָר קוים וואָס איך האָב מיך גענומען קוויטשען האָט דער נגיד אקעגען מיר געמאכט נאָך א מאָהל א וויינשעל און איך האָב פון דער העלער הויט אויסגעשאָסען א געלעכטער הויך אויף א קוויטש! דער חזן האָט זיך ראס־

פּאַלאַשעט, פאַרפּוטעט און פאַרפּלוטעט, איז ארויסגעשפּרונגען פון דיא האלאַב־
לעס, אַראָפּ פון גלייכען שליאך, האָט איבערגעהיפּערט א שטיק שמונה עשרה און
דערצו נאָך געמאכט עטליכע גרייזען, דער עולם האָט פון אלע זייטען געמאכט
פאַרוואונדערט אי, אי, געקלאַפּט און געסטוקעט. דיא ווייבער דאָרט אין דער
ווייבערשער שוהל האָבען זיך שטאַרק דערשראָקען און אין איין אָטהעם א געשריי
געטאָן: אוי. עס ברענט !.... דאָ האָבען שוין ווידער דיא מאנסבילען זיך דער־
שראָקען, זיך אָנגעהויבען שטופּען און ארויסלויפען פון דער שול. דער כלל ס'איז
שוין געוועזען א צעריידערט ראַוונען. דער עולם איז שרעקליך ניט צופריערען גע־
וועזען. אויף מאָרגען נאָך ראש השנה האָט דער חזן מיך ארויסגעטריבען און אליין
איז ער געביד בבושה וחרפה אוועקגעפּאָהרען, זיך ווייטער ערגעץ ארומשלעפּען.
איך, שלימזל, בין איבערגעבליבען אין צוויאטשיטש וויא אויפ'ן וואסער.

---

## 7.

דער רב, זאָל לעבען, האָט אין מיטען ענין אנידערגעלייגט דיא פּאַפּירען אָפּ־
צורוהען זיך א ביסעל און צו חאַפּען דעם אָטהעם. ער האָט א קוק געטאָהן אויף די
נגידים און געזאגט צו זיי מיט דיא ווערטער:

— איך בעט איבער אייער כבוד, רבותי, וואָס איך פאַרנעהם אייך מיט אזא
מעשה, איהר זענט דאָך מענשען, סוחרים, איטליכער פון אייך איז טרוד פאַר־
דרעהט אין זיינע עסקים און האָט אוודאי קיין צייט נישט ! נאָר וואָס זאָל איך
טאָן ס'איז דאָך א מצוה מקיים צו זיין צוואת המת. ער, עליו השלום, האָט עס פון
מיר פערלאנגט און פאַרדינט טאַקי מיטרעכט מען זאָל ממלא זיין דיא בקשה
זיינע, אזוי וויא איהר וועט צום סוף אליין ארויסזעהען. זייט־זשע מיר הונדערט
מאָל מוחל רבותי !

— נישקשה. נישקשה ! האָבען דיא אלע נגידים זיך אָנגערופען. אדרבה, רבי,
דיא מעשה געפעהלט אונז זעהר. מיר וואָלטען נישט מיעד געוואָרען זיא צו הערען
ביז אין סוף אריין חאָטש א טאָג מיט א נאכט, אזוי שיין געפעהלט זיא אונז.
דער ביי האָט יצחק אברהם עס טאַקי ביי אונז אלע פאַרדינט, מיר זאָלען פון זיי־
נעט וועגען אוועקלייגען א ביסעל צייט און הערען זיין בעשרייבונג. מסתמא
וועט דאָך עס צו עפּעס פיהרען. דער סוף מוז אוודאי זיין וואונדער שיין און מיר
וועלען קיין חרטה נישט האָבען, וואָס מיר האָבען אזוינס געהערט.

פלוצלים האָט זיך געעפענט דיא טיהר, דיא רביצען האָט אריינגעשטעקט

דעם קאָפּ מיט א פרעג: אויב אימיצער קען איצט צום רב אריינגעהן, עפּעס זעהר מיט א נגנייטיגער זאך, און אז זיא האָט בעקומען איין ענטפער: יאָ! האָט זיא טאסי אריינגעפיהרט אין שטיבעל עפּעס א יודענע א בילד שעהנע, אַ שארצחענעוודיגע, מיט א פּאאר אויגען וויא דיא קארשען, נאך אין דיא מיטע־לע יאָהרען. דיא נגידים האָבען פון דער זייט דערלאנגט א געשמאקען קוק מיט אפּעטיט און נעגעסען מיט דיא אויגען די אומבעקאנטע, שעהנע אידינע, וואָס איז אקעגען א פּאר מינוט געבליעבען שטעהן מבולבל אין דערמיט שטיבעל און דיא פארב איז איהר געשטאנען אין פּנים. דערנאָך‌דאָ יז זיא מיט א פארנייג צוגעגאנגען צום רב און געזאָגט אויף א ביסעל א ציטערדיגען קול, אז זיא האָט צו איהם עפּעס א זאך, זיא קען אָבער מיט איהם דערפון ניט ריידען נאָר אונטער פיער אויגען. דער רב האָט זעהר שעהן איבערגעבעטען דעם עולם און איז מיט דער יודענע אוועקגעגאנגען אין איין אנדער חדר אריין.

— א ר' מענדעלע! וואָס מאכט איהר גומס? האָט דיא רביצען צו מיר זיך געווענדעט נאכדעם אז דער רב איז ארויסגעגאנגען. שוין א לאנגע צייט, רב מענדעלי, זיינט איהר היא ביי אונז נישט געוועזען האָט איהר עפּעס געבראכט נייס? דיא מאנסביל מיינען, אז נאָר פון זייערט וועגען בעדארף מען דרוקען ספרים, !אלסדינג פון זייערט וועגען, ווייבער האָבען גאָר קיין נשמה ניט, זיי זיי־נען גאָר קיין מענשען ניט און בעדארפען קיין זאך נישט האָבען, געגוג פון זייערט וועגען אי דאָס וואס זיי לעבען, וואָס זיי טראָגען, וואָס זיי האָבען קינדער, האָדע־ווען זיי, קאָכען וואַרמעס, היטען אָפּ דא מאנען און ווערען פארשוואַרצט.

—געלויבט איז גאָט, וואָס מען זעהט זיך געזונד! האָב איך געענטפעוט. נישקשה רביצען, איך האָב אין אייך ניט פערגעסען. איך האָב אייך געבראכט א „תחינת ארץ ישראל" גאָר א שפּאָגעל נייע. זעהט איהר, רביצען קרוין, איהר בעשולדיגט אומזיסט דיא מאנספארשוינען, מען האָט אייך חלעבען אויף אין זינען. קוקט, זייט מוחל, און בעטראכט דיא תחינות וואָס מען מאכט פאר אייך אָן. וואָס ווילט איהר האָבען? מיר דאכט זיך, מען האָט שוין גענוג, איבערגע־נוג אייך, ווייבער אנגעמאכט.... נישט דאָס בין איך אויסען.

— איי־אי רביצען! האָט איינער פון דיא גבירים מיט א שמייכעלע זיך אָנגערופען. איהר ווילט חלעבען מאכען א מרידה אונטער דיא ווייבער! הערענ־דיג אייך וועלען דאך אונזערע ווייבער פארדייסען דיא נעז, אָנהויבען פאָדערן עפּעס גאָר נייע זאכען און אונז חלילה נאָך ועלען גמ'ען! נאָר איך פרעג אייך, רביצען, אז ס'איז שוין יאָ געקומען צו רייד, זאָגט זשע, זאָלט איהר מיר געזונד

זיין, פאר וואס זשע האט פארט שלמה המלך אנגעשריבען, אז אפילו אונטער טויזענד ווייבער האט ער נישט געפונען אי איינע א רעכטע ?

—טאקי דריבער האט ער נישט געפונען, איז דיא רביצען ארויס מיט א תירוץ, ווייל ער האט געהאט מחילה טויזענד ווייבער, מאנסביל, וואס זוכען צו האבען א סך ווייבער קענען טאקי איינע א רעכטע אויך נישט האבען, זאגט מיר, איהר וואלט אויף זייער שטעלע בעסער געווען, מאנסביל ?..... .

—נאר פאר וואס אבער, האט נאך איינער זיך אנגערופען, שטעהט אין אונזערע ספרים. אז דיא גאנצע חכמה פון איין אשה בעשטעהט אין גאנצען נאר אין דעם שפינדעל ?

—ס'איז דעריבער, האט דיא רביצען געענטפערט, ווייל דאס האט אנגעשריבען א מאנסביל. אוודאי זענט איהר חכמים, אז איהר געוועלטיגט און האלט די ווייבער נעבעך אין אייערע הענד. דער שטארקער בלייבט תמיד דער קלוגער, דער גערעכטער, וויא זאגט מען עפעס: דער מלאך־המות שעכט און בלייבט גערעכט. נאר ווערטליך אין דער זייט. איך פרעג אייך נישט מעהר, וויא קענט איהר אונז אפ'פסק'ענען אזוינס, וואס מיר ווייסען און מיר זעהען מיט אונזערע אויגען אז ס'איז נישט אזוי ! וויניג ווייבער נביאות אי חכמות זיינען ביי אונז אידען געווען א מאהל אין דיא אלטע צייטען און וויניג ווייבער חכמות, בריות זיינען דא ביי אונז אויך היינטיגע צייטען, וואס שטעהען א סך העכער וויא אנדערע מאנסביל? מיר דאכט זיך, אז טאקי דא ביי אונז אין דער שטאדט קען מען אויפצעהלען פיעל ווייבער, וואס נאר זייער בריה'שקייט און חכמה אליין האבען דיא מאאלסדינג, זייער כבוד אי זייער עשירות. ווען נישט דיא ווייבער וואלט פון זיי נאר ניט געווארען. פון דעסטוועגען זאל אויסקומען אמאל עפעס ביי א שטאדט זאך אדער ביי עפעס איין אנדערען וויכטיגען ענין, ווייסט מען נישט מעהר וויא דיא דאזיגע בעלי־הבתים, וואס טויגען נישט מחילה א קאטץ א נעק צוביסדען, דיא ווייבער זיינען פאררעכענט וויא גאר נישט. אלץ בעלי־הבתים, בעלי־הבתים, אפילו אין מרחץ אריין מחילה רופט מען אויך נאר בעלי־הביתים. בעלי־הבתים אין באד אריין....

— עפעס זענט איהר מיר היינט רעביצען זעהר שטארק אויפגעבראכט, האט דער נגיד ווייטער זיך אנגערופען. עפעס רערט איהר מיט פארדראס, ס'איז אייך עפעס נישט גוט אויפן הארצען און איהר לאזט אויס אייער כעס צו דיא מאנסביל נעביך !

— גלויבט מיר, האט דיא רעביצען געזאגט און אין דיא אויגען האבען איהר

זיך געשטעלט טרעהרען, גלויבט מיר, וויפיל איך האב גערעדט איז נאך קיין מעשר מן המעשר נישט וויפיל איך האב נאך בעדארפט ריידען, אזוי פארביטערט איז מיר דאס הארץ. דיא בידנע יודענע נעביך, וואס איהר האט זיא דא ערשט ניט לאנג געזעהען, זיא האט ביי מיר היינט א שטיק געזונט צוגעקומען און מיר גע־וויעזען מיט איהר גרויסאומגליק, וועלכעס עס האט זיא געטראפען, וואס מאנס־ביל זיינען, וואס זיי זיינען אין שטאנד צו טאהן, און וויא פינסטער און ביטער אונזער ווייבערשע לאגע איז נעביך. אז אך און וועה איז אונז, וואס מיר זיינען אויף דער וועלט גאר געבוירען געווארען! האט דיא רביצין טיף פונם הארץ א זיפץ געטאן און מיט א טיכעל זיך געווישט דיא אויגען.

— נאט רביצען! האב איך געזאגט און איהר געגעבען דיא תחינה וועלכע איך האב ארויסדערטאפט פונם פעקיל, איך ווייס, אז דיא תחינה איז פאר אייך גוט, פאר אייך איז טאקי הלעבין גוט דיא תחינה....

— אמת טאקי רב מענדעלי! האט דיא רביצען זיך אנגערופען. פאר אונז בידנע ווייבער נעביך איז טאקי גוט נאר תחינות איין איינציגע רפואה צו הער־צער פול מיט מכות מיט וואונדען; איין איינציג מיטעל אויס צו וויינען זיך האטש א מאל און אויסצוגיסען דאס שווער ביטער געמיטה אין הייסע ווארעמע קוואלען טרעהרען.... ס׳איז נאר א וועהטיג, א צוזעטצעניש וויא דיא מאנסביל, וואס פער־שטעהן נישט און ווילען גאר נישט פארשטעהן אונזער הארץ, לאכען, שפאטען פון דיא ווייבערשע תחינות און פארגינען אונז נישט אויף דיא דאזיגע איינציגע רפואה. זיי זאלען זיטצען אמאל אין דער ווייבערשער שול א שבת אדער א יום טוב און צוזעהען דארט א סך בידנע אומגליקליכע ווייבער, וואס האבען זיך קוים ארויסגעריסען פון דער היים: דיא מיט א פינסטערער דאליע פון איהר מאן, יענע א וויסטע עגונה, איינע מיט א שווער טראגען, דיא אנדערע מיט א פארבי־טערט געמיטה פון איהר א זייגענדיגס, קראנק קינד, וואס לאזט זיא דורך דיא נעכט נישט שלאפען און פארמוטשעט זיא נעביך, דיא מיט געשוואלענע, אפגע־בריהטע הענד פונם שטעהעןביים אויוועז און דיא מיט א פארזארגט, אויסגע־בלייכט פנים פון דער שווערער פאנטשטשענע, פון שטענדיגען געהן אין יאך, וויא דיא דאזיגע אלע פאראומערטע דערשלאגענע נעביך שטעהן ארום דער זא־נערען דארט. יאמערען, קלאגען מיט אויפגעהויבענע אויגען צום בארמהארצדיגען, נעטרייען פאטער אין הימעל, בעוואשען זיך מיט טרעהרען און וויינען פון זיך ארויס דיא נשמה, ווען זיי, דיא מאנסביל, זאלען עס בעטראכטען און צוזעהען מיט זייערע אייגענע אויגען, וואלט חלעבין זיי זיך נישט געעפענט דאס מויל

צושפעטען פון דיא ווייבערשע תחינות.... א דאנק אייך רב מענדעלי ! וואס איהר האט אן מיר נישט פארגעסען. איך וועל אייך באלד ארייגשיקען פאר דער תחינה. אזוי האט דיא רביצען א זאג געטאן צום סוף, זיך אויסגעווישט דיא אויגען און שטילערהייט ארויסגעגאנגען.

אלע מענשען אין דעם שטיבעל זיינען א היבשע צייט געבליבען שטיל וויא דאס לשון האט זיי אבגענומען. דיא רביצען מיט איהרע רייד האט אויף זיי אנ־געווארפען א מרה־שחורה, איך בין מיר געזעסען אומעטיג אין א ווינקעל און צו־קייעט דער רביציענס איטליכעס ווארט. איהרע ווערטער זיינען געווען אנגעזאפט וויא א שוואם מיט שארפע, ביטערע געפיהלען און מיך געשטאכען, געצופט אי אנגעהאפט ביים הארץ וואס מעהר איך האב זיי צוקייעט. מיר איז דענסמאל גע-ווען צו־מוטה עפים גלייך וויא מען וואלט פאר מיינע אויגען געפאלמעסט א לע־בעדיגען מענשען, ארויסגענומען דאס ווארמע, נאך צאפלענדיגע הארץ, עס גע־עפענט, געשניטען ארייגצוקוקען און זעהן אלסדינג, וואס דארט אינווענדיג געהט פיר. פאר מיינע אויגען האבען געדונען בלוט, גאל, טרעהרען מיט אייטער און אין דיא אויערען האט מיר זיך געהערט א זיפצען מיט א קרעכצען. צווישען א סך משונה טרויעריגע געשטאלטען האט מיר זיך אלץ געדרעהט אין קאפ דיא בילד־שיינע יורענע. וואס דיא רביצען האט זיא אזוי בערויערט, זיא איז מיר פירגעקו־מען וויא זיא וויינט. ברעכט דיא הענד און בלוט גיסט זיך איהר פון דיא אויגען וויא דיא קארשען. וואס איז דאס פאר א יורענע ? וואס איז איהר נעביך אזוינס? ווער האט אזעלכע געקענט בעליידיגען ? און אין וואס בעשטעהט איהר אומגליק? דיא דאזיגע אלע זאכען האב איך אלץ געטראכט ביי מיר אין דיא געדאנקען שטארק פארטיעפט, אזוי האב איך אוועקגעטראכט גאנץ היבש ביז איך האב פלוצים מיך אויפגעוואכט וויא פון א שלאף און א קוק געטאן אויף דעם עולם.

— וואס זיפצט איהר אזוי ר׳ חנא ? האט איין נגיד דעם אנדערען געפרעגט.

— איך זיפץ ר׳ בעריש, האט ר׳ חנא געענטפערט, אויף דער אבדה, וואס מיר האבען פארלארען. יצחק אברהם איז געווען זעהר א נוטצליכער מענש, מיר האבען אלע אין איהם געהאט א פריינד, א טהוער און א בעל סוד. ער איז אונז צו פריה אפגעשטארבען. ער האט בעדארפט האטש נאך עטליכע יאהר לעבען. א שאד חלעבין ! מיר מעגען אלע טאקי זיפצען אויף אזא גרויסער אבדה. קיינעם איז יצחק אברהם אזוי נישט אפגעשטארבען וויא דער שטאדט, אונז אלע מיין איך !

— טאקי גאנץ אמת ר' חנא, האָבען אלע געענטפערט און זיך שטארק פארטראכט.

איהר ר' פייבוש געהערט דאָך טאקי צו־וויסען ווען דיא קבורה וועט זיין, האָט איינער א פרעג געטאָן. איהר זענט דאָך, ר' פייבוש א טהוער אין דער חברא קדישא.

דיא קבורא, ר' אבא, וועט ערשט זיין מאָרגען. איינמאָל איז היינט שוער געוועזן זיך אויסצודרעהן, עס איז געווען איין עיכוב מחמת כמה זאכען, און צוויי־טענס טאקי האָט חברה זיך נאָך נישט אויסגעגלייכט.

— איך האָב נאָך היינט א חתונה, האָט זיך אָנגערופען איין דין. איך בין מיט מסדר קידושין.

— און מיר חלשט גאָר דאָס הארץ, האָט געזאָגט דער אנדערער דין. פון אלע זאכען וואָלט איך גענומען עפּעס אין מויל. מיר איז שוין טאקי צייט צו עסען, איך האָב נאָך היינט חוץ א גלעזעל ציקאָריע נישט טועם טעם געווען.

— מיינע מערידין טהוען מיר אָן גאָר צרות! איז אריין אין דער מיט נאָך א דין. זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס טהוט איהר עפּעס צו אייערע מערידין? מעהרנצימעס, זאָגט מען, זאָל דערצו גוט זיין. ווייס איך? איך האָב אלץ ביז אהער געהאלטען פון געקאָכטע פלוימען מיט צענעס.

— צו מערידין איז דיא בעסטע רפואה, האָבען ביידע פריהערדיגע זיך גלייך ארויסגערעדט, זיך גאָר נישט וויסענדיג מאכען און גאָרנישט טאָן. מיר האָבען עס בקבלה פון אונזערע טאטעס...

איך בין געזעסען וויא אויף שפּילקעס און געציילט דיא מינוטען דער רב זאָל אריינקומען, איך זאָל שוין זוכה זיין צו הערען דעם סוף פון דער גאנצער מעשה און צו וואָס בין איך דאָ אזוי נייטיג געווען. ס'איז מיר צו גרויס געווען איטליכע רגע און איך בין מיד געוואָרען ווארטענדיג. פּלוצים איז אריין דער רב עפּיס וויא שטארק צוטראָגען מיט א געקנייטשטען שטערען, וואָס דאָס האָט זעהר גוט בעוויזען. אז אינוועניג אין קאָפּ זייגען דאָ פיעל מחשבות און ס'איז עפּיס נישט גלאטיק. ער האָט עטליכע מאָהל א פיהר געטאָן דיא האנד איבער דעם פּנים און דערבייא אויסגעצויגען דיא האָר פונם באָרד. דער נאָך האָט ער זיך געווענדעט צום עולם בזה הלשון:

— זייט מיר הונדערט מאָל מוחל רבותי, וואָס איך האָב אייך דאָ געלאָזט אזוי לאנג ווארטען. איך בין געווען טרוד מיט דער דאָזיגער יורענע נעביך, אצינד בין איך זעהר צוטראָגען, עס טהוט מיר, לא עליכם, אביסיל וועה דער קאָפּ. דער־

ביי איז שוין טאקי אביסיל שפעטליך, דעריבער וואָלט איך געזאָגט, לאָז דאָס לייענען פאר היינט גענוג זיין. אם ירצא השם מאָרגען פריה, בעט איך אייך, זאָלט איהר מוחל זיין קומען, וועלען מיר בלי נדר דערלייענען ביז אין דעם סוף אריין. נאָר איך בעט אייך צו קומען, אויב אייער גוטער ווילען וועט זיין, פריה, טאקי גאנץ פריה, באלד נאָך דעם דאווגען.

דער עולם איז זיך צוגאנגען. אז איך בין צוריקגעקומען צום בית המדרש האָב איך געטראָפען מיין הונגעריג פערדיל נעביך וויא ער שטעהט מיט אויפגע־שטעלטע אויערען און קוקט אין ביידעל אריין. גוא חכם מיינער, האָב איך גע־זאָגט און איהם א נעהם געטאָן פריינדליך ביי דער טשאָפרינע, קום עסען סיטשקע! לעת עתה, חכם מיינער, ביסט דוא ניט קראנק צו עסען סיטשקע. מאָר־גען אם ירצה השם אז דיא חכמה דיינע וועט איינגעהן, דענסמאָל זעהסט דוא, האָסט דוא ביי מיר א גאנץ מעסטיל האָבער.

---

ט.

קוים וואָס איך האָב דערלעבט מאָרגען פריה אָפצודאווגען האָב איך עפּעס איבערגעהאפּט אין דער גיך, איבערגעלאָזען ווייטער אויף דעם שמש מיין ביידיל מיט דעם פערדיל און מיך געיאָגט געשווינד צום רב, וואָס אהינצו איז באלד טאקי אָנגעקומען דער איבעריגער נעכטיגער עולם, חוץ איין ר' פייבוש אליין האָט געפעהלט צום מספר. אלע האָבען פשוט געברענט הערען דעם סוף פון דער מעשה און זיך געריכט אויף עפּעס נייעס. דער רב האָט זיך אנידערגעזעצט, גע־נומען אין האנט דיא פּאַפּירען און נאָכדעם וויא ער האָט זיך אביסיל אויסגעהוסט האָט ער געזאָגט:

—מיר זענין נעכטען, דאכט זיך געבליבען דער בייא: „איך, שלימזל, בין איבערגעבליבען אין צוויאטשיץ וויא אויפן וואסער“. יאָ טאקי דאָ, דאָ! אצינד רבותי, הערט זייט מוחל ווייטער און זייט מיך נישט מפסיק. אָט וואָס ער שרייבט ווייטער:

ראש השנה האָב איך אין צוויאטשיץ געגעסען ביי א יודען, וואָס איז שווער אקוראט צו בעשטימען וואָס פאר א מענש ער איז געווען: עפּעס נישט קיין חסיד, נישט פון היינטיגער וועלט, עפּעס אי אהין אי אהער און דאכט זיך ווידער טאקי נישט אהין און נישטאהער; נישט געקליידעט אלטפעטעריש, נישט היינטיגע מאָדיש, נישט, ווי מען זאָגט, פליישיג, נישט מילכיג. עפּעס גאָר האלבגעבראָטען,

גלאט פאר זיך עפּעס א מין יוד. איך האָב דערנאָך אין דער וועלט בעגעגענט א
סך אזעלכע מיני יודען, נאָר איך בין קיינמאָל אויף זיי קיין מבין נישט געווען
און נישט געקענט רעכט פארשטעהן וואָס פאר א מענשען זיי זיינען.... אז איך
בין דאָ געבליבען עלענד, זיך ארומגעבלאנקעט וויא א שעפּעלע איינער אליין,
נישט געהאט מיט וואָס א טאָג איבערצוקומען, האָב איך מיך מישב געווען און
בין געגאנגען צו דעם דאָזיגען יודען און האָב איהם דערצעהלט מיין אומגליק, די
גרויסע צרה וואָס מיך האָט געטראָפען. דער דאָזיגער יוד איז געווען בטבע נישט
קיין שלעכטער, א שותק, א רענדיל א וואָרט, ער האָט מיך שווייגענ)־יג אויסגע־
הערט און אלץ גענלעט דיא וואָנטשעס, דערנאָך האָט ער פארטראכטערהייט א
מאך געטאָן, איך זאָל בלייבען ביי איהם אין שטוב און געהייסען מען זאָל מיר גע־
בען עפּעס עסען. בייא דער נאכט ארום זייגער צעהן, עלף, אז אויף דער גאס האָט
מען שוין נישט געזעהן קיין משוגענעם הונד און אין דרויסען איז געווען אזוי
פינסטער חאָטש איין אויג ארויסצונעהמען איז ער מיט מיר געגאנגען העט העט
אין עק שטאָדט, ערגיץ אין א פארוואָרפען געסעל. אין דעם דאָזיגען געסעל, איז
געווען רוהיג, שטיל וויא אויף א בית־עולם, עס האָט נאָר זיך געהערט דאָרט א
רוישען פון ביימער, וואָס דער ווינד האָט מיט זיי געטרעשטשעט וויא אויך א גע־
שושקערייא פון עטליכע איבערגעבליבענע דארע בלעטליך ערגיץ דאָרט אויף א
ביימעל און א קול פון א דריבנע־אָסענדיג רעגענדעל, וואָס האָט צרווייילען גע־
קראָפּעט אויף אראָפּגעפאלענע בלעטער אי אויף פארטריקענטע גראָז פון אלערליי
מיני גאָרטענוואַרג. איז דער ווינד אויף א רגע אנשוויגען געוואָרען האָט פון דער־
ווייטענס זיך געלאָזט הערען א געקלאפּערייא ערגיץ פון א מיהל און א ליארעם,
א גערויש פון א ביסטרע פלייצענדיג וואסער. קוים האָט דער ווינד ווידער אויף
דאָס נייע אָנגעהויבען,האָבען מיט איהם, ביים אָנהויב, פון דער שטאָדט זיך פאר־
טראָגען מטושטשע, פארמישטע מיני קולות: א קרעה פון א האָהן, א מריקען פון
א קיה, א סקריפּ פון אהינ־און־אהער זיך שליידערענדיגען טויער, א גערידער, א
געטימעל פון א בעל־העגלישער פאָרענדיגער יאזדע און א בילען, א האווקען פון
א בעל־הבתישען הונד. א פּנים אז אין יענעם געסיל זיינען נישט געזעסען קיין
יודען, זיסט וואָלט דאך דאָרט נישט געווען קיין גערטנער מיט ביימער, אויף דער
ערד וואָלט דאך נישט געווען צוזייעט, צו שפּרייעט קיין בלעטער און מיין יוד
וואָלט דאך געמוזט טאפּען דעם וועג ער זאָל חלילה אין דערמיט גאס נישט ארויף
אויף א קיה, אָדער נישט אָנגעשלאָגען זיך אָין צובראָכענע טרעפּליך פאר איטלי־
כער טיהר. מיין יוד איז מיט מיר אלץ געגאנגען, נישט צוריידען אפילו

איין וואָרט ביז צום סוף זיינען מיר צוגעקומען צו א הייפעל און ארייגעגאנגען דאָרט אין א נידעריגס, נישט קיין גרויסעס הייזעל. אין א קליין פאָר חו ר האָט געצאנקט א לעכט, דאָרט האָט מיין יוד אויסגעטאָן זיין אויבערקלייד און איז אריינגעגאנגען אין צווייטען חדר, מיר אָבער האָט ער געהייסען ווארטען דאָ אין דעם פאָר חדר. מיר איז גראָד אויסגעקומען דאָרט שטעהן הינטער דער צוגעמאכטער טהיר האָב איך געהערט אָט אזא מין שמיעס:

— גוטעז אבענד הערר גוטמאנן!

— ווילקאָממען הערר יאקאָבזאָהן! אָ, וואָס פאר א גאסט! שאָן זייט דריי וואָכען ווארען זיא ניכט ביי מיר. וואָס זאָל עס דייטען הערר יאקאָבזאָהן?

— ליעבער הערר גוטמאנן וויא האָב איך געקאָנט? זיא וויסען דאָך, היינט איז דיא היילינע פייערטעגע יום טובים און דיא היעזיגע יודען זיינען אצונד נאָך מעהר פאנאטיש וויא איין אנדערש מאָל, זיא קענען דאָך מיין לאגע וויא אָבהענגיג איך בין פון דיעזע לייט. זיי זאָלען מיך א שטייגער דערזעהן געהן צו איהנען...

— זיא האָבען פאָללקאָמען רעכט הערר יאקאָבזאָהן. אויב אזוי האָבען זיא רעכט. יא זיא זינד אָבהענגיג, זיא האָבען פאמיליע.

— האָט איהר שוין געענדיגט אייער ווערק, הערר גוטמאנן?

— אָ, יא, דאס בוך איזט מערקווירדיג געלונגען. זעהר א ניטצליכער ספר! שאדע נור, דאָס ביי אונז זעהר וועניג מענשען זינד, וועלכע העברייאיש לעזען.

— זאָגעז זיא בעסער הערר גוטמאנן, דאָס איהר קיין בעלוינונג פאר אייער ארבייט האָט און זיא מיסען אָפטמאָל נעביך דארבען און דערצו נאָך אומפערדינט ליידען פעראכטונג און רדיפות.

— גלויבען זיא מיר, הערר יאקאָבזאָהן. דער שרייבער, דער דיכטער, ברויכט אייגענטליך קיינען אנדערן לאָהן אויסער פערשטאנדען צו ווערדען. פעראכטונג, רדיפות, מאנגעל, דיזע שפּאָרנען נור זיין גייסט צור ארבייט אן. ערסט דענמאָל גלוסט זיך ארבייטען און פערדינטע פעראכטונג אומכבוד, איזט עבען זאָ דעם מענשען אנגענעהם ליעב, וויא פערדיענטע אכטונג, פיר דיא וואהרהייט, דעם אמת, צוליידען איזט אייגענטליך קיין ליידען. ליידען הייסט חנפה'נען, צוויאטשען, זיך זעלבסט פערלייקנען, זיין געוויסען, זיין הערץ, זיין שכל פערקויפען, זיא מיינען, איין חונף, איין פאלשער מענש צו זיין איזט איינע גרינגע, לייכטע ארבייט? חלילה! עס איזט אָבער עבען זאָ שווער וויא איין גנב צו זיין. דער חנף, דער צבואק, דער פאלשער מוז אימער זאָ פירכטען, אימער זאָ אויף דער הוט זיין, זיך שטענדיג זאָ היטען וויא דער גנב. גלויבען זיא דען, דאָס אלע מיינע פערפאָלגער, וועלכע מיך רודף'ן רעליגיעז, אמת פרום און גליקליך זינד? אָ, ניין,

ניין! איין געוויסען טהייל פון זיי רודף'ן, פערפאָלגען מיך בלאָס אוים נייד, אויס קנאה. גאנץ פשוט. זיי פיהלען זיך פאר ליידיגע, אונוויסענדע, אונניטצליכע מענשען, זיי שטעכט פאר וואָס איז דאָ איין פערשטענדיגער מענש, וועלכער אויף זיי א מבין איזט און נעהמט זיי דורך און דורך מיט אָפענע אויגען. זיי שייען זיך פאר אָפענע אויגען זאָ וויא פלעדער מייזע פאר דיא שטראהלען פון דער ליכטיגער זון.

— ווירקליך, הערר גוטמאנן, מיט זאָלכע אייגענשאפטען און זאָלכע גוטע מחשבות זינד זיא באמת טאקי בעניידענסווערטה. מען דארף זיא טאקי מקנא זיין. וויסען זיא, וואָס אייגענטליך בין איך יעצט צו איהנען געקאָממען? איהר גלוסט זיך ארבייטען אונפערדינטע פעראכטונג, אומכבוד, איזט עבען זאָ דעם קען א מאָהל גאנג. אצינד האָב איך אזעלכען בעקאָממען און האָב איהם נעבראכט. עס שיינט, ער איז איין עהרליך יונגעל, חאָטשע אביסעל א לעקיש, ניט געשליפען.

איך האָב דעם ראָזינגען שמועס כמעט אין גאנצען פערשטאנען, דאָס הייסט נישט דעם געדאנק, דעם פשט דערפון, דאָס איז געוועזן נישט פאר מיין מוח, איך האָב נאָר פערשטאנען ווערטער. א טהייל ווערטער זיינען געוועזן פון אונזער לשון יודיש־דייטש, און אויפ'ן ביסעל דייטשע ווערטער האָב איך שוין געקענט וויא ס'איז מיך אָנשטויסען, מחמת ארומפאָהרענדיג מיט דעם חזן האָב איך אלערליי סאָרטען מענשען געהערט ריידען. דער חזן אליין פלעגט אויך ליעב האָבען ארייינצוואוארפען א מאָהל אין זיין שמיעס עפּעס א דייטש וואָרט ווען עס האָט איהם געפּאסט. א מאָהל פלעגט איהם נאָך גאָר אויסקומען צוזאָגען, אז ער זינגט נאָך נאָטען און קאָרכיש דאוונען קען ער אויך... דיא תלמוד תורה האָט מיר אויך נעגעבען א ביסעל דייטש פון דיא טייטשווערטער אין חומש, וויא א שטייגער: „ועלטה" און א נעפיל. „וסערו לבכם" און לעהענט אונטער אייער הארץ. „ירכי" מיין דיך. „מחשף" ענטפּלעקט. „באחו" אויפ'ן געמיזעכץ. „בין המשפתים" צווישען דיא געמארקען. „ותחללה" און דוא האָסט זיא פאר־שוועכט. „קממיות" האָפערליך. וכדומה נאָך אזעלכע טייטשען. אין דער ייעלניק קלייט האָב איך אויך נעחאפּט עטליכע דייטשע ווערטער פון דיא עלטערע משרתים, וואָס פלעגען א מאָהל אין א שמועס מיט א קונה זיך צולאָזען אויף דייטש: „מיין הארר, קוקען זיי אָן דיא וואארע! איך האָב בנאמנות ניכט טהייער געביטען. שוין וועלוועלער פון בארשטש זאָג איך איהנען. זיי וועלען, מיין

האַרץ, קיין חרטה ניכט האָבען". נאָר חוץ דעם גאָר פארשטעהען אלע אידען דייטש. ס'איז דאָך פּאָרט זייער מוטערשפּראכע....

דיא טיהר האָט פלוצלים זיך אויפגעעפענט און מען האָט מיך אריינגערופען אין דעם צווייטען חדר. מיין איד איז דאָרט געזעסען אָהן דעם היטעל. דער דייטש האָט מיך אָנגענומען ביי דער האנד און געזאָגט צו מיר גאָר פריינדליך:

—נוא ליעבער, יונגער מענש! דוא ווילסט ביי מיר אין הויז זיך שטעלען? ביי מיר ווערסט דוא נישט האָבען קיין שווערע מלאכות. דוא ווערסט בעדאַרפען טאָהן געוועהנליכע זאכען און געהן א מאָהל א גאנג.

איך האָב אויסגעטאַלאַפּטשעט א פּאָאר אויגען און עפּעס אזוי תמעוואטע געקוקט אז דער דייטש האָט ניט געקענט זיך איינהאלטען, א שמייכעל צו טאָהן. ער איז מיר אָבער באלד זעהר געפעהלען. זיין פּנים האָט אויסגעזיעהן עפּעס אזוי גוט און ער האָט מיט מיר עפּעס אזוי פריינדליך גע־רעדט, נישט וויא אלע אנדערע, וויא דער שניידער, דער חזן א שטייגר און וויא דיא מאַמע מיינע אפילו, און געקוקט אויף מיר מיט אזא רוהיגער גוטער מינע, אז עס האָט מיך צו איהם עפּעס געצויגען. איך האָב אויפגעהויבען דיא האנד צו מיין שמייסען מיטצעל (ווארום איך בין שטענדיג געגאנגען אין מיין שמיישען מיטצעל, סיי ווינטער סיי זומער אין דיא גרויסע היטצען, בשעת אפילו איך בין געגאנגען באָרפיס) האָב עס א קאַפּ אונטערגעהויבען און גע־האלטען איבער דעם קאָפּ, דערנאָך האָב איך עס א ריק געטאָהן אויף א זייט, אויף דער אנדערער זייט קאָפּ, א ביסעל א בייג געגעבען צום פּנים, א שלעפּ גע־טאָהן פון הינטען, אהין אהער, א קאַפּעטשקע העכער, און מיט דער אנדערער האנד א טאַפּ געגעבען די פּאות, א קראַטץ די פּאטילניצע. איך האָב פּשוט אליין ניט געוואוסט וואָס צו טאָהן מיט דעם קאָפּ און מיט דעם מיטצעל, ביז לסוף האָב איך מיר געמאכט א האַרץ און האָב עס אויף גאָטס בעראָטה ראַפּטאָם או אָפּגע־כאַפּט פונ'ם קאָפּ. איך האָב בשעת מעשה געפיהלט וויא איבער מיין הוילען קאָפּ וועהט עפּעס א קיהל ווינטעלע, גלייך מען וואָלט מיך געשווירען, אלע רגע האָב איך געמוזט מיך ביי איהם אחאַפּ טאָן. ס'איז מיר פירגעקומען עפּעס ווילד משונה!

— נוא, מיין ליעבעס קינד, האָט דער דייטש געזאָגט און מיר ארויפגע־לעגט זיין האנד אויף דעם אקסעל. דוא ביזט א גוטער בורש! וויא הייסט דוא?

איך בין געשטאנען פארדולט, אקוראט וויא א מאָהל פאר יענעם דייטש

אין דער תלמוד תורה, האָב געפּענט א מויל, אויסגעשטעלט דיא אויגען און געקוקט לעקישעוואטע נאָר וויא איין אַנגעמאָהלטער גולם.

— וויא הייסט דוא ? האָט דער דייטש מיך נאָך א מאָהל א פרעג געטאָהן.

— איך ווייס ? !

— סטייטש. דוא ווייסט ניט וויא דוא הייסט ? ווער דען זשע ווייסט ?

— דיא מאמע, האָב איך געענטפערט, דיא מאמע מיינע פלעגט מיך רופען יצחק אברהמצע: דער תלמוד תורה מלמד — איטצע אברהמעלע ; דער שניידער ממזרוק איציק אברהמעל; דער שוסטער, בשעת ער פלעגט מיר צו ווינטשעווען ווען איך האָב געטראָגען די פּאָמייניצע, האָט מיך גערופען איטציניא אברהמוניא און דער חזן — אברהמקע. הייגט וויא זאָל איך וויסען וויא אזוי איך היים ?

— גערעכט ! האָט דער דייטש געזאָגט מיט א שמייכעל, נאָר זיעבען נעמען וויא יתרו האָסט דוא פאָרט ניט. דוא האָסט נור איין צונויפגעפּאָרעטען נאָמען : יצחק־אברהם זעהר א שעהנער, נאָך דיא אָבות. איך וועל דיך טאקי אזוי רופען. דוא הייסט ביי מיר איזאק אבראהאם, אָדער אבראהאם. נוא, ווילסט דוא ביי מיר זיין אבראהאם ?

— איהר זאָלט מיר אָבער נישט הרג׳ענען, שלאָגען. איך האָב שוין חלעבען קיין גאנץ ביינדעל נישט.

— ביי דעם דייטש האָבען טרעהרין זיך געשטעלט אין דיא אויגען. ער האָט מיך אָנגענומען ביי דער פּלייצע און ארייגקוקענדיג מיר אין פּנים געמאכט אזוי : נעביך, נעביך ! עס ווייזט אוים ער האָט זעהר פיעל געליטען. אזוי יונג און האָט שוין נעביך קיין גאנץ ביינדעל נישט ! יא, יא, האָט ער זיך אָנגערופען דערנאָך צו מיין אידען, יא, ער איזט ווירקליך פּלומפּ, זעהר נאאיוו, תמעוואטע, אָבער איין גוטער בורשע.

מיין יוד האָט געשוויעגען און נאָר געגלעט דיא וואָנצעס.

—ניין ! האָט דער דייטש ווידער צו מיר געזאָגט. איך וועל דיך אויף מיין וואָרט, נישט אָנריהרען, דוא ביסט דאָך אזא מענש וויא איך, חוץ דעם ביסט נאָך איין עלענדער אויך. זיי רוהיג, איך וועל דיך נישט שלאָגען, נוא בלייבסט דוא ביי מיר ?

— יא ! חאב איך געענטפערט און בין געבליעבען ביים דייטש.

דער דייטש איז נעביך געווען זעהר אָרים, נאָר דיא אָרימקייט אָבער האָט ביי איהם אין הויז קיין שליטה נישט געהאט ארוים צו ווייזען זיך מיט איהר־

אומריינקייט, פוילקייט, אָפּגעלאָזענקייט און מיט אלע איהרע איבריגע מיאוסע
סימני דאלות וויא געוועהנטליך ביי אלע אנדערע, און בפרט נאָך ביי אידישע
אָרימע נישט קיין פארמעגליכע לייט. אין שטוב ביי איהם איז געווען ריין, אלס־
דינג אויף זיין אָרט. עס האָט געלויכטען געפינקעלט אין איטליכם ווינקעלע.
דיא מאדאם, זיין ווייב, האָט אכטונג געגעבען אין איטליכער שפּארינע, נישט
געזעסען קיין רגע ליידיג: געקאָכט, געבאקען, געשמירט, גערייניגט, געארבייט,
גענעהט, פּארריכט גרעט, און ביי דיא אלע דאָזיגע מלאכות, וואָס מאכען אין
אנדערן בייז וויא א רוח, איז זיא שטענדיג געווען רוהיג שטיל, מיט א פרעהליך
פּנים. צו אלסדינג האָט זיא געהאט צייט, וויא פארטראָגען זיא איז געווען איז
איהר נאָך איבערגעבליעבען צייט צו האלטען א מאָהל א בוך צולייענען און ווי־
סען וואָס טהוט זיך וואָס הערט זיך אויף דער וועלט. דער מאן איז ביי איהר
געווען געהויכט און געקרוינט, זיא האָט פון איהם אי פון זיין שרייבען געהאלטען
עולם־ומלואה, נישט צוגעלאָזען צו איהם קיין שום עגמת־נפש, וואָס האָט איהם
געקענט שטערען פון דער ארבייט און איז געווען מיט איהם באמת איין גוף, איין
נשמה. זייער עלטסטע טאָכטער, א פיינע איין איידעלע, פלעגט צוהעלפען דער
מוטער, פלעגט וואשען, פּרעסען, טאָן וואָס מען בעדארף און זעהר שעהן שטרי־
קען. זיא האָט געהאט אויף איבערצובייטען נאָר איין קלייד, אָבער וויא שעהן און
ריין איז עס תמיד געווען, נאָר שפּאָגעל ניי וויא ערדשט פון דער נאָדעל! אלע
טאָג אין איין בעשטימטער צייט פלעגט זיא לעהרנען מיט איהרע צוויי קליינע
שוועסטערלעך, וועלכע זיא האָט מדריך געווען, געגעבען א גוטע ערזיהונג, זיי
תמיד געצוואָגען און געפיהרט ריין ווייס אָנגעטאָהן. — דער עלטערער זון האָט
געלעהרענט אין אוניווערסיטעט, וואָס פון דאָרט פלעגט ער אָפּט שיקען צו דיא
עלטערן הייסע ווארימע בריעף, אין וועלכע ער פלעגט זיי טרייסטען און בע־
טען, זיי זאָלען זיך ניט זאָרגען, אָפּעסען זיך דאָס הארץ דערפון, וואָס זיי זייי־
נען נישט ביכולת איהם צו העלפען מיט עפּעס געלד אויף זיינע הצטרכות. אמת
טאקי, ער ליידט א ביסעל דחקות, אָבער ער האָפּט, אז ער וועט וויא עס איז זיך
אויסדרעהען און נישט שטארבען פון הונגער. נשקשה, פלעגט ער אויסלאָזען מיט
א טרייסט, דאָס איהר האָט מיר געגעבען האָבען עס אנדערע רייכע טאטעס און
מאמעס זייערע קינדער בשום אופן נישט געגעבען, איהר האָט מיר געגעבען א
סך מעהר פון געלד — איהר האָט מיך געלעהרענט, אויסגעאיידעלט מיין הארץ,
אריינגעלייגט אין מיר גוטע געפיהלען: ליבשאפט צו מענשען, רחמנות צו בידנע
אומגליקליכע לייט, און מיך געוויינט צו בענוגנען מיט ווייניג, איבערצוטראָגען

צרות אונטער א שלעכטע צייט מיט א פרעהליך געמיטה. אזעלכע מידות טובות, וואס רייכע עלטערן קענען זיי מיט גאר זייער געלד און דעם גאנצען פארמעגען זייערע קינדער נישט געבען.... דעם זוהנס דאזיגע בריעף פלעגען אלע אין שטוב זעהר אפט לייענען הויך, זיך בשעת מעשה פרייען און צוגלייך זיך בעוואר־שען מיט טרעהרען. הכלל דאס איז געווען זעהר א טהייערע, זעלטענע פאמיליע. איך האב דענסמאל אבער נאך גאר אזוי ווייט קיין שכל נישט געהאט דאס אלס־דינג צו פארשטעהן אקוראט וויא איך האב עס איצט דא בעשריעבען, איך האב נישט מעהר וויא געפיהלט, אז גוטמאן און זיין ווייב זיינען עפעס גאר אנדערע מיני מענשען, נישט א שטיינער וויא לייזער דער שניידער מיט לייזעריכען. וויא ר' עזריאל דער מלמד מיט זיין פלוניתטע און אויך נישט אפילו וויא דער רייכער צעלניקער מיט זיין דיקער, געזונטער צעלניקערין, דיא אשת חיל, וואס האט געהאט א פיסק אויף שרויפען, געטראגען א האלז פערעל, א זיידען קלייד און אין גאנצען איז זיא געווען פארשמירט, פארשלומפערט. האב מעהר נישט וויא גלאט געזעהן, אז דאס איז נישט דאס הויז, נישט, מישטעהענס געזאגט, יענע יודישע אפגעלאזענע, צוקראכענע קינדערלעך, נאר אין תוך אריין צו פאר־שטעהן דעם ווערטה זייערן, דאס איז דענסמאל נאך נישט געווען פאר מיין מוח.

דער דייטש מיינער איז געזעסען טאג וויא נאכט אין זיין בעזונדער חדר, ארום איהם האבען זיך געוואלגערט ביכער אויף'ן טיש און אונטערן דעם טיש און ער האט אלץ געשריעבען. ער איז געווען אין דעם שרייבען זעהר פארטיעפט און מען האט בעשיינפערליך געזעהן, אז ער האט דערפון חיות. ער פלעגט דערביי א מאהל ריידען צו זיך אליין, לאכען אדער קריצען מיט דיא ציין גלייך וויא ער וואלט מיט אימיצען עפעס געהאט וואס צו טאהן. האט מען איהם א מאהל אין דערמיט מפסיק געווען מיט עפעס א זאך, האט ער זיך א חאפ געטאהן פלוצלים גלייך וויא ער וואלט אראפגעפאלען פונם הימעל, געקוקט עפעס צוטראגען און געענטפערט בוידעם ניט געשטויגען, נישט געפלויגען. איך פלעג נישט איין מאל מאכען מיט דיא אקסלען און אוועקגעהן, נישט צו וויסען וואס ער האט געזאגט. שטיוועל האב איך איהם פארשפארט צו פוצען, ווארים ער איז זעהר זעלטען אויס־געגאנגען, דערפאר האט ביי איהם דער חאלאט און דיא שטעק שיך שטארק מיאוס קריעה געריסען. מיין עיקר ארבייט איז געווען פאלגען א גאנג. ער פלעגט מיך אפט שיקען אויף דער פאסט, אפצונעהמען און אויפצולייגען בריעף אדער פא־סילקעס. א מאהל פלעגט ער מיך שיקען צו איינעם מיט א קוויטעל אדער מיט

א בוך וכדומה נאָך אזעלכע גענג. דאכט זיך אין פלוג וואָס איז דאָס פאר אַן ארבייט ? זעהר א גרינגע זאך. נאָר אָבער ניין, ס'איז נאָך אזא ביטערע, מיאוסע שווערע ארבייט גאָר נישטאָ ! אז איך פלעג א מאָהל אַפּטראָגען איינעם א קוויטעל פלעגט ער פארדרעהען שטארק מיט דער נאָז, גלייך וויא ס'איז איהם פארגאַנ־גען א ריח פון שארפע ערשט אָנגעריבענעם חריין, און מיט א בייז פנים מיר הייסען קומען מאָרגען, מאָרגען האָט ער געזאָגט איבערמאָרגען, דאן האָב איך איהם אין דער היים נישט געטראָפען, און ביים קומען צו איהם שפעטער נאָך א מאָהל פלעגט ער שוין אויף מיר א חיק טאָהן : וואָס וויל אָט־אָ־דאָס יונגעל פון מיר האָ־בען ? עפּעס איז דאָך פון איהם ניט פטור צו ווערען! איין אנדער פלעגט פשוט אנזאָגען זיינע משרתים מען זאָל מיך ניט לאָזען אויף דער שוועל ; א דריטע־ פלעגט איבערלייענען דאָס קוויטעל, קווינקלען זיך און אוועקגעהן, מיר נישט צו זאָגען אפילו א ווארט ; א פערטער פלעגט זיך אָנרופען : זאָג דעם הערר ריינעם אז איך בין נישטאָ אין דער היים ! פארשטעהסט דוא ?—הכלל מען פלעגט מיך טרייבען, אויסווייכען וויא איין עפּוש. אז מען האָט מיך נאָר דערזעהן פון דערווייטענס מיט א קוויטעל צו מיט א ביכעל פלעגט מען פראַסט דיא טיהר פארשליסען, אָדער אָנרייצען אויף מיר א הונד, א משרת . . . מען האָט געזעהן אז פיעל בעקומען פשוט דעם שלאַק, דער רוח נעהמט זיי צו פאר א ביכעל, עס מאָרדעוועט עפּעס מיט זיי דיא ביינער. פאר וואָס זיי האָבען דע־פאר אזוי מורא ? דאָס האָב איך דענסטמאָל נישט געקענט פערשטיין. האָט איינער אונ־טער צעהן א מאָהל זיך שוין דערבארעמט און צוגענומען א ביכעל פלעגט ער עס באלד טאקי א שליידער געבען צו אלדע־שווארץ יאָהר ערגעץ אונטער א בעט, אָדער אונטער א באנק און מיר געבען א צעריסען קערביל אָהן א נומער... יענע צייט איז פאר מיר געוועזן זעהר א ביטערע. איך ווינש אלע מיינע שונאים זאָלען געפּריווט ווערען, געהן מיט ביכלאך צו אידישע נגידים, הערען דערביי זייערע שטעכווערטלאך, זעהען וויא עס ענדערט זיך זיי דאָס גשטאלט, וויא זיי בלאָזען זיך אָן, ווערען אש־להבה און אָנקוקען זייער פינסטער פּרצוף־פּנים !

מיין יודיל, אָדער הערר יאקאָבזאָהן, פלעגט אָפּט קומען צום דייטש שפּעט ביי דער נאכט, זיטצען דאָרט א ביסעל און שמיעסען. און ווען איך בין נאָר נישט מיעד געוועזן פלעג איך א מאָהל זיך צו הערען אונטער דער טיהר צו זייער שמועס, גלאט אזוי אבי דיא צייט צו פערטרייבען. איינמאָל האָב איך גע־הערט וויא יאקאָבזאָהן האָט עפּעס דערצעהלט פון א דאָקטאָר שטיינהערץ און זיך אלץ שטארק גענחידושט. עט, האָט גוטמאן זיך אָנגערופען, וואָס חידושט איהר

זיך דאָ אזוי און ווערט נתפעל ? דער דאָקטאָר שטיינהערץ איז א קליין מענשעלע און דעריבער טאקי איז ער אזוי רייך און ביי אלע גאָר דיא נשמה. איז דען ביי אייך נייעס, אז מען ווערט א קליין מענשעלע איז מען דאָס לעבען און מען דער־גדייכט אלסדינגג אויף דער וועלט ? — איך בין דערצאפּעלט געוואָרען הערענדיג דיא דאָזיגע ווערטער ! סטייטש, גוטמאן, מיין הערר גוטמאן זאָגט אויך, אז א קליין מענשעלע איז דיא נשמה און איז רייך ! . . . איך האָב פּאר גרויס וואונ־דער א שפּרונג געטאָהן, זיך אָנגעחאפּט ביין קאָפּ און בין געוועזן שטארק צו־טראָגען. גוטמאן אָבער האָט מיך גראד א רוף געגעבען, און אז ער האָט דערזעהן מיין נאריש פּנים דענסמאָל איז איהם אונמעגליך געוועזן זיך איינצוהאלטען נישט צו טאָן א שמייכעל. מיין אידעל האָט אָנקוקענדיג מיך געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ און געמאכט : עהע ! ער איז נאָך טאקי אלץ תמעוואטע, דער אייגענער לעקיש וואָס פריהער ! . . . אין א קורצע צייט ארום האָב איך ווידער געהערט אונטער דער טהיר, ווי יאקאָבזאָהן האָט אין א שמיעס גערעדט פון איסר ווארגער, וויא רייך און גליקליך ער איז, אין שטאָדט דער גאנצער פיהרער. זיין חשיבות,זיין שטארקייט איז עפּעס גאָר שלא כדרך הטבע ! — ס'איז גאנץ פּשוט, האָט דארויף גוטמאן געזאָגט : איסר ווארגער איז א קליין מענשעלע. און איז ביי דעם גביר דיא נשמה, דאָס אלסדינגג איז דווקא כדרך הטבע, ס'איז גאנץ נאטירליך און מען האָט זיך דאָ גאָר ניט צו חידוש'ן. — יאָ, טאקי זעהר אמת גוט אויף דער וועלט איז טאקי נאָר א קליין מענשעלע ! האָט יאקאָבזאָהן געזאָגט מיט א זיפץ, זיך באלד טאקי געזעגענט און אוועקגעגאנגען.

---

.ט

ברוך הבא קליין מענשעלע ! ווידער דאָס קליינע מענשעלע, נאָך א מאָל טאקי מיינע ערשטע פריהערדיגע געדאנקען ! דאָס קליינע מענשעלע איז מיר געוועזן זעהר איין אָנגעלעגטער גאסט, פּונקט וויא געוואונשען אין דער רעכטער צייט ווען איך בין געוועזן זעהר צובראָכען, פּאראומערט, דערשלאָגען פון דיא צרות, וואָס איך בין אויסגעשטאנען, און בין שטארק גערן געוועזן חאָטש א ביסעל זיך אויסצורוהען. א גאנצע נאכט, נאָך דעם פריהערדיגען שמועס, האָב איך שטארק אומרוהיג מיך געוואָרפען פון איין זייט אויף דער אנדערער און ביי מיר אלץ געטראכט אזוי : איסר ווארגער איז א קליין מענשעלע א נשמה, און א רייכער גליקליכער מענש. הייסט דאָך אפנים, אז מען איז א קליין מענשעלע

איז מען א רייכער. א גליקליכער! און א פנים טאקי, וויא ס'איז משמע, קענען מענשען ווערן קליינע מענשעלעך ווען זיי ווילען, און אז זיי ווערן קליינע מענשע־ליך ווערען זיי אי רייך אי גליקליך און דערגרייכען אלסדינגג אויף דער וועלט. האָב איך דאָך טאקי א־פנים זעהר גערעכט, וואָס מיר האָט תמיד זיך אלץ געגלוסט ווערען א קליין מענשעלע. יאָ, דאָס אלץ איז זעהר רעכט, טאקי זעהר גוט! דיא שאלה איז אָבער וויא אזוי ווערט מען א קליין מענשעלע? וויא קומט דיא קאמץ איבערן וואסער? ווען אפילו איך זאָל מיך בייגען, קרימען, איינהויקערן זיך אין צעהנטען וועל איך דאָך פאָרט נישט ווערען אקליין מענשעלע. אפנים אז א קליין מענשעלע צו זיין איז א גרויסע קונץ טאקי א קונץ וואָס א קונץ הייסט, נאָך א סך א גרעסערע וויא צו מאכען מיט דער רייף און אלע אנדערע קאָמער־יאנטססקע שטוקעס, דרינגען מוז אוודאי שטעקען עפּיס א גרויסע המצאה, וואָרים זיסט, וואָלטען דאָך אלען געקענט זיין קליינע מענשעלעך, נשמהליך, רייכע און גליקליכע לייט! ... אָט דיא דאָזיגע אלע געדאנקען האָב איך זעהר לאנג אלץ געטראכט, געטראכט אויף מיין געלעגער און אז איך בין לסוף איינעשלאָפען געוואָרען האָט מיר זיך געחלום'ט וואונדער שיינע זאכען: וויא איך בעגעגען אויף דער גאס א קליין מענשעלע, וואָס ארבייט מעשים דרעהט זיך און וואַרפט זיך אויף אלע זייטען. אָט שפּרינגט ער צו צום קהל־שטיבעל, חאפּט זיך דאָרט אריין צווישען א געזעמעל קהל'ם לייט, דרעהט און מאכט מיט זיי געביך דיא קאָמעדיע. דער עולם לאָזט זיך ניט לאנג בעטען, נעהמט זיך צום בייטעל און בעצאָהלט איטליכען גאנץ פיין פאר דיא אָנשטעלען... פון דאנען איז ער וויא א גלגול אריין צו דעם בעל טאקסע אין בוזעם, איהם געטאָהן א געשמאקען קיטצעל,ביידע האָבען געלאכט, עס האָט זיי עפּעס משונה הנאה געטאָהן, און איז דערנאָך ארוים צוריק אין גאנצען וויא אָפּגעגילט, פונ'ם בעל טאקסעס קעשענע איז ער פּוץ אריין אין דעם מויל פון א פּאָאר שיינע נפשות, בשעת זיי האָבען זיך געזעצט מאכען „ספּראוועטצנע צענעם" אויף'ן פלייש, נאָר וואָס זיי זיינען ברייט געוועזען ארויסצוזאָגען פּינף־און־פערציג גראָשען איין אָקע, האָט ער זיי עפּעס א שמיר געגעבען אריינגעכאפּט זייער צונג אין זיין הענטיל, זיי נע־ביך האָבען זיך פאראיקעט און א זאָג געטאָהן זעכציג!... פון זייער מויל. וואָס איז געוואָרען ניט פאר קיין אידען געדאכט, א האָלעווע האָט ער וויא א די־בוק זיך אָנגעטשעפּעט אין עפּעס א גביריל, מיט איהם געדרעהט נעדרעהט, גע־קעהרט וועלטען און געמאכט מיט איהם א לעדערנעם דישעל..... פון דעם לע־דערנעם דישעל איז ער מגולגל געוואָרען אין א „קאָכלעפעל", פונ'ם קאָכלעפעל

אין א טלית-קטן, פון א טלית־קטן אין א קורצען רעקעל, און פלוצלים זיצט ער נאר רייטענדיג אויף דעמקהל'שען צאפ, וואס פאשעט זיך געוועהנטליך צווישען דער טשערעדע שטאדט־בהמות!..... הכלל דאס קליינע מענשעלע האט גע־ארבייט, געטאן און וואס ער האט געטאן איז עפעס אויסגעקומען נאר גוט, גוט און גוט. איך האב איהם אזוי שטארק מקנא געוועזן, אז איך האב אזש אנגעהוי־בען זיך צונויפציהען, האב ארונטער גענומען די פיס אונטער זיך, זיך געקרימט, געקוועטשט, און איינגעהאלטען דעם אטהעם ביז איך האב אויפגעהערט צו דיינ־קען, צו פיהלען, צו זעהען און צו הערען, און פלוצלים בין איך, אז וואויל איז מיר געווארען א קליין מענשעלע, אזוי קליין וויא א פלויא! איך האב מיך פשוט מחיה געוועזן. ס'איז מיר אפגעגאנגען דיא ביינער, ליכטיג געווארען אין אלע רמ"ח אברים, באלד בין איך געווארען א נשמה, ביי איטליכען דאס לעבען, און דאס גליק האט מיר אנגעהויבען צו געהן פון אלע זייטען, איך בין געפאהרען אין א קארעטע אנגעטאהן וויא א שררה, אלע האבען מיר אפגעגעבען כבוד, מיר צוגעטראגען דאס שעהנסטע דאס בעסטע, מיין קוויטעל איז געגאנגען. איך האב געטאהן וואס איך וויל און געפיהרט דיא גאנצע שטאדט ביי דער נאז, איטליכער האט פון דער וויטען אויף מיר געטייט מיט דיא פינגער: אט פאהרט דיא נשמה, אט געהט דיא נשמה, אט רעדט דארט עפעס דיא נשמה, אך, קוקט נאר אן דיא נשמה! שא, וואס זאגט עפעס דיא נשמה? וואס, איהר האט נדן געלד? לייגט עס איין ביי דער נשמה! איהר האט עפעס א משפט, א בוררות? געהט הלעבען צו דער נשמה! איהר בעדארפט אפשר א טובה האבען? צו א טובה איז נאר דיא נשמה! א חכם, א בעל עצה, א חשוב, א מאכער, א גבאי, א צונויפגנעה־מער איז טאקי נאר דיא נשמה!...... פלוצלים אבער האב איך אנגעהויבען זיך אויסצוגלייכען, אויסצוציהען, עפעס האט אנגעהויבען ליכטיג צו ווערען מיר אין דיא אויגען און גוט מארגען דיר ממזרוק איציק אברהמעל! איך אליין טאקי ליעג צו לייגט, וויא ביים טאטען אין וויינהויז, אויף מיין געלעגער. איך טאפ מיך, דא א טאפ, דארט א טאפ, יא, וויא איך בין א יוד, איך בין עס טאקי אליין! איך שלימזול מיט מיין איינענעם כבוד, אין גאנצען וויא גרויס איך בין. פון וואנען האב איך פלוצלים דא מיך גענומען? אך, האב איך עס אביסעל מיך פיינה געהאט פאר וואס איך בין אויפגעשטאנען און פאר וואס איך בין עס טאקי איך אליין!..... נוא, האב איך דערנאך ביי מיר געטראכט, נישקשה! איך וועל שוין דערגעהן וויא אזוי מען ווערט א קליין מענשעלע. מיין טוידט זאל דא אפילו זיין מוז איך עס דערגעהן. דא האב איך באלד אנגעהויבען וויעדער צו בעטראכ־

מען אזוי: בשעת מיר האָט זיך געחלומ'ט אז איך בין געוואָרען א קליין מענ־
שעלע, א רייכער. א גליקליכער, א פיינע־בריה און א גאנצער מאכער אין דער
שטאָדט האָב איך דענסטמאָל, דאכט זיך אויפגעהערט צו דענקען, צו פיהלען,
צו זעהען און צו הערען, איז דאָך אפנים משמע, אז מען קען אנדערש ניט זיין
א קליין מענשעלע סיידען טאקי מען מוז פריהער אויפהערען צו דיינקען און צו
פיהלען, דאָס הייסט פשוט איז פשוט מען זאָל לגמרי גאָר נישט דיינקען, גאָר ניט
פיהלען, יענער זאָל אפילו דאָ פאר דיר דיא כפרה ווערען און זיך א מעשה אָנ־
טאָן. נאָר וואָס טהוט מען אָבער דערצו? וויא אזוי הערט מען אויף צו דיינקען
און צו פיהלען? דאָס איז דאָך טאקי דיא גאנצע מלאכה, דרינען ליגט דאָך טאַ־
קי דער הונד בעגראָבען! איך בין געפאלען אויף א המצאה — פרעגען מיין הערר.
איך האָב אָבער קריק טאקי זיך מישב געווען, סטייטש! ווען גוטמאן זאָל וויסען
דעם סוד דער פון וואָלט ער דאָך אליין געביך געוואָרען א קליין מענשעלע! ער
וואָלט דאָך געווען רייך. זיך נישט אזוי געמוטשעט און פארשפּאָרט זיך געביך
שווארצען דאָס פנים, שיקען ביכלאָך און אונטערוואָרפען זיין דיא מיינונגען
פון איטליכען בעזונדער. איך האָב איבערגעקלעהרט דיא זאך אויף אלע זייטען
און בין געבליבען ביי גאָר נישט.

דעם גאנצען טאָג דערנאָך בין איך ארומגעגאנגען וויא א דולער, דער קאָפּ
האָט מיר זיך געשפּאָלטען, איך האָב נישט געוואוסט וואָס איך טהוא און אויף
וואָס פאר א וועלט איך בין. צו וואָס איך האָב מיך צוגעריהרט האָב איך אָנגע־
מאכט שאָדען, איך האָב יענעם טאָג צובראָכען צוויי טהע-גלעזער, עטליכע פאר־
צעלייענע טעלער זיינען מיר פון דער האנד ארויסגעפאלען, איבערגעקעהרט א
טינטער מיט טינט און פארביטען דיא יוצרות ביים סאַמאָוואר אויפשטעלען:
אין דעם אָרט פונ'ם וואסער האָב איך ארייגעשאָטען קוילען און אין דעם אָרט
פון דיא קוילען ארייננעגאָסען וואסער, אלע אין שטוב האָבען מיך אָנגעקוקט עפּעס
שטארק פערוואונדערט, זיך געשושקעט און געפיהלט א פנים, ס'איז מיט מיר
עפּעס ניט גלאטיג. גוטמאן האָט אָנגעוויזענדיג אויף מיר דער מאדאם זיינער,
אנידערגעלייגט א פינגער אויפ'ן שטערען און איהר געזאָגט שטיל: ביים יונגעל
איז דאָ, אין קאָפּ. עפּעס נישט רוהיג. נארעש תמעוואטע האָט ער תמיד אויסגע־
זעהן, נאָר היינט זעהט ער עס נאָך מעהר אויס. ער איז געביך וויא שטארק דער־
שלאָגען. ער איז נאָך גאָר א קינד!..... א לאנגע צייט בין איך געווען עפּעס
בייז וויא צעהן רוחות, זיך אלץ געקרימט און נישט געווען צופריעדען. דאָס האַרץ
האָט מיר געקלאָפּט שרעקליך שטארק, עס האָט מיר דאָרט אינווענינ געראוישט.

זיך נערידעוועט וויא אין א מיהל, עפעס וויא א קול האָט מיר אלץ געשריגען: יצחק אברהם! טהו אלסדינג וואָס דוא קענסט און ווער א קליין מענשעלע, וועסט דוא לעבען גליקליך, אין עושר, אין כבוד און אויסגלייכען דיר דיינע ביינער!.... דאָס קול האָט נישט אויפגעהערט קיין רגע מיר צו פיקען דעם קאָפּ. איך בין ארומגעגאנגען וויא א נעכטיגער, שטארק צומישט און מיר קיין עצה נישט גע־קענט געבען וואס מען טהוט, וואָס מען הייבט אָן. פּלוצלים איז מיר וויא א בליץ אריין א געדאנק — זיך שטעלען פאר א משרתיל ביי דאָקטאָר שטיינ־הערץ! ביי איהם וועל איך גאנץ גוט מיך צוקוקען צו איטליכעס פיטצעלע און מיט דער צייט דערגעהן דעם סוד וויא אזוי מען ווערט א קליין מענשעלע. מען בעדארף זיין אזא מענעגע, אזא דערשלאָגען איינגעל וויא איך בין געוועז, צו פארשטעהן דענסמאָל מיין הארץ און דיא משונה שטארקע געפיהלען, וואָס דער דאָזיגער געדאנק האָט איז מיר אויפגעוועקט. איטליכער אויף דער וועלט, אפילו אזעל־כע וואָס פארשטעהן איין עסק און קלוגע אין מלי־דעלמא זאכען, טאקי איטליכער בעזונדער האָט זיך זיינע מאנקאָליעס, זיינע זאבאבאָנעס, זיינע נארישקייטען, שמאָכטעס, וואָס רעדט זיך זיי איין, וואָס ליגען איהם איינגעבאקען אין הארץ, און איטליכעס איינגערעדטע זאכען קומען פאָר דעם אנדערן עפעס משונה ווילד, אָהן טעם אָהן ריח. קיינער קען נישט און וויל נישט אריין אין יענעם'ס לאגע, פיהלען זיין הארץ און פארטראָגען זיינע נארישקייטען, איטליכער נעהמט נאָר א ראיה פו זיך. איינער לאכט פונ'ם אנדערן און אלע זיינען משוגע!.....

איך האב אויפגעזוכט א מעקלער, איהם צוגעזאָגט א שעהן מעקלעריי, אז ער זאָל מיך אריינדרעהען פאר א משרתיל ביין דאָקטאָר שטיינהערץ. עס האָט נישט גערויערט לאנג האָב איך אָפּגעטראָטען פון מיין גוטען הערר גוט־מאן, כמעט פון איהם זיך אָפּגעטראָגען, פארגעסען דעם זיי געזונד און איבער־געגאנגען אויף מיין ניי אָרט צום דאָקטאָר!

---

.10

מיט מיין אריבערטרעטען דאָס ערשטע מאָהל דיא שוועל פונם דאָקטאָרס הויז בין איך געגליכען געווען נאָר צו א וואנץ, וואָס חאפט זיך אריין צו־נאכט אין א שפּעלטעל פון אונזער בעט, זיצט דאָרט איבער דעם גאנצען טאָג און נעהמט זיך ארויס דיא אויגען קוקענדיג ווען וועלען מיר, מענשען, זיך שוין אָפּ־פארטיגען פון אונזערע געשעפטען, זיך אריינלייגען אין בעט. זיא זאָל שוין קענען

למזל מאכען מיט אונז בעקאנטשאפט, איבערשמיעסען אביסעל מכח דער פרנסה, דיא גאנצע כוונה פון איהר קומען איז דאָך טאקי נאָר דיא שטיקעל פרנסה— צו האָבען פון אונז. פיינע בריות. דיא יניקה.... דער דאָקטאָר שטייהערץ, דער פיינער בריה, איז פערטראָגען געווען ערגעץ אין וויכטיגע זאכען, געשארט געלד פון אלע זייטען און איהם איז נאָר אויף דעם זינען נישט געקומען, אז היינט פריה האָט צו איהם אין הויז זיך פעקליעבען עפעס א וואנץ — ממזרוק איציק אברהמעל, וואָס וועט איהם דאָ גוט נאָכקוקען אלע זיינע גיינג, חאפען דעם סטריח זיינעם אין דער פרנסה און לעהרנען זיך בייאיהם דיא קונץ, וויא צו פארוואַפען זיך אין א קליין מעשעלע. א גאנצען טאָג האָב איך געארבייט, געטאָן דיא מלאכות וועלכע דיא מאדאם האָט מיר געגעבען און שטילער הייט אין הארץ אלץ געגארט. איך זאָל שוין דערלעבען זעהן דאָס קליינע דאָקטאָריל! מיט א מאָעפענט זיך פארנאכט אויף דיא טיהר און עס קומט אריין א הויכער מענש, א בורלאק מיט א בויך, הויך און גרויס וויא גוג-מגוג. וויא איך האָב איהם נאָר דערזעהן האָב איך אויסגעשטעלט א פאָר אויגען און נאָך מיין שטיינער נאָך איהם אָנגעקוקט שטארק תמעוואטע. דעם בורלאק איז מיין קוקען נישט געפעהלען, ער האָט מיך דורכגעשטאָכען מיט זיינע אויגען און אויף מיר בייז א היק געטאָהן: טשטאָ טי טאק סמאָטריש באָלוואן! אזא לשון האָב איך נאָך קיין מאָהל נים געהערט און האָב גאָר נישט פערשטאנען דעם פרוש דערפון. אוי, אוי! האָב איך אָנגעהויבען ציטערן, פלאטערן, גלייך וויא ער וואָלט מיך געוואָלט קוילען, איך הייס איציק אברהמעל, הייס איך, אבראהאמקע!... איך בין א יתום... דאָ א משרתיל בין איך דאָ!.... „ווידנאָ טשטאָ טי באלשאָי דוראק! האָט זיך אָנגערופען דער בורלאק, נוא־זשע דוא, פון היינט אָן סמאָטרי, אז איך וועל קומען זאָלסט־דוא פון מיר געשווינד צונעהמען דעם פעלץ דיא קאלאָשען, סלישעם?!“ איך האָב מיך עפעס פאר איהם אזוי איבערגעשראָקען, אז איך האָב אין גאנצען וויא גרויס איך בין מיך דערלאנגט א וואָרף אויף דער ערד א־ן שטארק ארומגעחאפט מיט מיינע הענטלאך דעם בורלאקס געזונטע פיס, אויסצוטאָהן איהם ז יא קאלאָשען. גאָט האָט מיר ג־זהאָלפען איבערצוקומען בשלום דעם דאָזיגען שרעק און דער בורלאק איז אריינגעגאנגען אין דעם זאל. איך האָב שפעטער אביסעל אריינגעבראכט דעם סאמאָוואר און גאנצען אבענד דעם שיינעם פארשוין מ־ט דער מאדאם בעדיענט. ביי נאכט האָב איך אויף מיין געלעגער אלץ געטראכט. ווער זאָל עס זיין אָט דער דאָזיגער בורלאק, אָט־אָ דער פעמפּיק? א גאנצע נאכט יצט ער עפעס אליין מיט דער מאדאם און מאכט מיט איהר קוטציוניו־ז־מוצונייא,

ער זיא—ליובעניוא, און זיא איהם צוריק — קעטצעלע. וואָס איז דאָס עפּעס פאר א מין קעטצעלע? און וואו איז ערגעץ דער דאָקטאָר אליין—אזוי האָט א פּאָאר טעג כסדר דער פּעמפּיק געמאכט זיינע לאנגע וויזיטען. וויא ער איז נאָר ארויס אָדער ארייננגעגאנגען האָב איך מיך אויסעצויגען אויף דער ערד, אָנצוטאָהן אָדער אויסצוטאָהן איהם דיא קאלאָשען, ער פלעגט בשעת מעשה זיך האלטען ביי דיא זייטען און קוקען מיט גדלות אויף דער שטעליע, ס'איז איהם אפילו קיין פּיצעל נישט אָנגעגאנגען, אז ער האָט מיט זיינע גראָבע פּיס וויא דיא קאפּיטעס מיר צוגעקלעהמט דיא פינגער. איך האָב טאקי לעת עתה נאָך אלץ נישט געוואוסט ווער זאָל עס אזוינס דער פּעמפּיק זיין, אָט־אָ דער געזונטער עשו? אָפּגעפּארטיגט זיך איינמאָל אין אָוועגד פון מיין ארבייט און איבערגעלאָזט דאָס קעטצעלע שפּילענדיג זיך מיט דער ליובעניוא בין איך מיר ארונטערגעגאנגען אונטען איז דער קיך, אביסעל בעסער בעקאנט צו ווערען מיט דער קעכנע און האָב זיא דאָרט אגב עפּעס מיט א רחמנות־פּנים'ל געטאָהן א פרעג:

—זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער איז עס אָט־אָ דער, וואָס קומט אָפּט צו־גאסט, איז עפּעס א גאנצער שמעלקע מיט דער מאדאם און שלאָפט אין דער ספּאלניע?

— הא, וואָס?! האָט דיא קעכנע געמאכט און מיך אָנגעקוקט פארוואונ־דערט, וואָס זאָגסט־דוא? סטייטש, אימיצער שלאָפט אין דער ספּאלניע! וואָס הייסט אימיצער?

— וויא איך בין א יוד! האָב איך מיך אָנגעהויבען צו שווערען, זאָל איך אזוי אויפגעריכט ווערען! זאָל איך אזוי הערען שופר של משיח, וויא איך אליין מיט מיינע אייגענע אויגען און אויערן האָב איהם געזעהן און געהערט ארייננגעהן אהין! סטייטש, אוודאי, איך זאָל מיט אייך טאקי אזוי געזונד און גליקליך זיין! וויא הייסט ער עפּעס דאָרט ביים שפּיטץ נאָמען, קעטצעלע, צי קאָטערל? ווייסט איהם דער שווארץ יאָהר!

— נוא. און דער בעל־הבית? האָט דיא קעכנע געפרעגט מיט א פרעהליך פּנים'ל און דיא אייגעלעך האָבען איהר זיך צופלאקערט אזוי וויא אין אויוועז בשעת חלה באקעז.

—דער בעל־הבית! האָב איך גענטפערט און ביי דעם נאָמען עפּעס א ביסעל געשטאמעלט. וויא איינער וואָס ווערגט זיך און וויל פאר יענעם עפּעס נישט ארויסריידען. דער בעל־בעל־הבית נעכטיגט א פּנים נישט אין דער היים. ער האָט געמוזט ערגיץ אוועקפאָהרען ארבייטען אין זיין עסק....

— נוא, אז ס'איז יאָ אזוי דיא מעשה, האָט דיא קע־נע געזאָגט מיט עפּעס א ווילד געלעכטעריל בין איך טאקי א בעלן ארויפצופיין זעהן. איך וויל מיר אויסזוכען עפּעס אז אויסרייד. ס'איז כדאי חלעבען צוזעהן, אז דיא ראמעס זייגען נישט בעסער פאר דיא דיענסטען.... זאָלען זיי נישט מאכען אזוי קיין חן!

אין עטליכע מינוטען ארום איז דיא קעכנע צוריק אראָפּגעגאנגען פארפלאמט רויט אָנגעצונדענע וויא א העליש פייער און האָט אויף מיר נעביך געעפענט א פּיסק מיט טוידטע קללות:

—א דו עכבראָש, יונגאטש איינער! ביסט דאָך ווערטה מען זאָל דיך דאָ צעררייסען וויא א הערינג, ס'איז דאָך א העזה פון אזא סמאָהרקאטש, פון אזא פערשטונקענע נשמה, פון אזא שטיק פלייש א ווערעמדיק בחור'ל! אברהם עזות פּנים צו דיין קאָפּ צו דיין לייב און לעבען! וואָס עס האָט געזאָלט זיין מיר און כל ישראל, רבוני של עולם, טאקי צו דיין קאָפּ! פארחאפּט זאָלסטו ווערען, רבוני של עולם, אז קיין תחית המתים זאָלסט דוא ניט אויפשטעהן! אזוי יונג און קען שוין צונויפפיהרען זלאָטקעס לאָקש בוידעם פּאָליצע! סטייטש אוי קיין גוט אָרט זאלסט דוא נישט ליגען, דער הערר אליין סטייטש, זיטצט דאָך עס מיט דער מאדאם דאָרט אין ספּאלניע!

— נאָט איז מיט אייך, וואָס זאָגט איהר? בין איך ארויס מיט דער שפּראכע

— פאריכטען מיין מזל ביי דער קעכנע, בעטראכט זיך נאָר וואָס איהר רעדט. סטייטש אָט־א דער הויכער בורלאק, אָט־אָ דער גראָבער פּעמפּיק!.......

א רוח אין דיין טאטענס־טאטענס־טאטענס־טאטען אריין שייגעץ! האָט דיא קעכנע זיך צושריען אויף א קוויטש און א חאפּ געטאָן די קאָטשערע, סטייטש שייגעץ, דעם בעל הבית רופסטו דוא בורלאק! ארויס שייגעץ, וואָרים איך וועל דיר דאָ פּלעטען דעם קאָפּ!

איך האָב מיך ארויסגערוקט געשווינד פון דער קיך און בין מיר וויעדער ארויפגעגאנגען אויבען שא קיטש. אז איך האָב מיך אנידער געלייגט אין דער פערעדנע שלאָפען האָב איך נישט געקענט פאר גרויס וואונדער קיין אויג צומאכען און אלץ ביי מיר געטראכט: וואָס הער איך און וואָס זעה איך? דער דאָקטאָר איז גאָר א הויכער, א גרויסער, א דיקער! היינט וואָס זשע האָט גוטמאן געזאָגט, אז ער איז א קליין מענשעלע?! זאָל גוטמאן זאָגען א ליגען, אזא גראָבען ליגען? ניין, עס קען נישטזיין! גוטמאן האָט קיין מאָל קיינעם נישט אָפּגענארט, וואָס גוטמאן האָט געזאָגט איז תמיד אמת געוועזן. וואָס טהוט זיך דאָ אזוינס? דאָ מוז אוודאי עפּעס זיין.... אפשר גאָר שטעקט דרינען כשוף, אקאמעדיע? וויא

באלד אז מענשען קענען א מאָהל זיך פארוואַרפען אין א וואָלף, אין א וואָקעלאַק און אָננעהמען אלערליי געשטאַלטען, וואָס דאָס איז דאָך א געוויסע זאַך, אזוי קלאָהר וויא דער טאָג און איך האָב עס א סך מאָהל געהערט דערצעהלען פון אלטע יודען מיט גרייז גרויע בערד, מילא איז דאָך גאַנץ גרינג צו גלויבען, אז מענ-שען קענען אויך א מאָהל זיך פאַרוואַרפען אין קליינע מענשעליך און דורכדעם מאַכען א גליק! נאָך א מאָל, אז א מענש קען ווערען א וואָלף — א חיה רעה, וואָס לויפט ארום משוגענער וויים און בילט, וואָס פרעסט און איז מזיק ווענען ער בעגעגענט, איז דאָך נאָך דעם פון א מענשען אין א קליין מענשעלע זיך צו-פאַרקעהרען עפּעס גאָר נישט אזוי שווער. מען בלייבט דאָך טאַקי ביי דעם פריי-הערדיגען מענשליכען געשטאַלט, מיט דעם אייגענעם פּנים ווי איטליכער, נאָר פון גרויס ווערט מען קליין...... יאָ, איך געה דאַנקען גאָט, דאַכט זיך, אויף א שטיקעל דרך. דיא מעשה דערפון איז אפּנים טאַקי אזוי. דאָ שטעקט הוקעס-פּוקעס! מען מוז דיא זאַך בעטראַכטען, גוט נאָכקוקען און דערגעהן דעם סוד, דיא וועלט זאָל אפילו זיך איבערקעהרען!

מיט דעם דאָזיגען נייעם געדאַנק מיינעם, האָט מיין קינדערשער שכל, וויא איהר זעהט, געשטעלט פעסטער א פיסעל און שוין געמאַכט א טריט ווייטער. אָנשטאָט וואָס פריהער איז מיין גלויבען אין דעם קליינעם מענשעלע געווען מגושם גראָב, שטאַרק קינדעריש, גלאַט בפשטות עס קומען אויף דער וועלט אראָפּ פאַרטיגע קליינע מענשעליך, איז ער איצט שוין אויסגעפּיינטער, אויסגע-איידעלטער, עס ליגט שוין אין איהם א כונה, עפּעס א כח, א רוחניות זאַך מיט א דרך הטבע, דאָס הייסט: קומען אויף דער וועלט קומען מענשען טאַקי אלע גלייך וויא זיי זיינען, נאָר א טהייל מענשען קענען זיך פאַרוואַרפען און ווערען א מאָל קליינע מענשעליך דורך שמות, דורך רוחות. דרינען ליגט שוין גאָר עפּעס איין אויבערהסברא!...

אז איך בין אין עטליכע טעג ארום געשטאַנען הינטער דער טהיר, וואָס געהט אריין פון דער פּערעדנע אין דעם דאָקטאָרס קאַבינעט איז מיר אויסגעקומען צו-האָרכען אזא מין שמיעס צווישען דעם דאָקטאָר און זיין רופא.

— היינטיגע וואָך, דאָקטאָר, האָט איהר געהאַט אָהן עין-הרע זעהר א גוטע. איך האָב אייך נישקשה א סך צוגעשאַרט. איך טהו פאַר אייך דאָס מייניגע בשלמות. צופּויק אומעטום אייער גרויסקייט, וואָס נאָר עפּעס זאָג איך, מען בע-דאַרף האָבען אייך, אייך, נאָר אייך, און איהר פאַר מיר מאַכט זיך ניט וויסענדיג.

— וואָס זאָגסט־דוא געמצעל? סטייטש און נעכטען, ערסט נעכטען?

— וואָס דאָקטאָר נעכטען ? וואָס איז אזוינס געוועזן נעכטען ?

— ער האָט א קורצען זכרון ! וויא הייסט, דוא האָסט פארגעסען געטצעל ? צוליב וועמען האָב איך נעכטיגען קראנקען געהייסען שטעלען א דרייסיג פּיאַוור־קעס ? צווישען אונז גערעדט, ער האָט אזוי בעדארפט דיינע פּיאַווקעס וויא איך מיט דיר, א נאס טיכעל צום קאָפּ וואָלט גאנץ גענוג געוועזן. פּע, מעגסט זיך חלעבין שעהמען געטצעל ! נאָר צוליב דיר, וואָרהאַפּטיג בין איך נעכטען געוועזן א קליין מענשעלע !...

— איהר, דאָקטאָר, זענט געוועזן נעכטען: א קליין מענשעלע, וויא איהר זאָגט, און איך בין געוועזן צו ליב אייך א קליין מענשעלע תמיד, אי אייערנעכטען, אי נעכטען אי היינט. צווישען אונז גערעדט, האָט דער היינטיגער חולה געדארפט א דאָקטאָר ? ער האָט פּראָסט דעם קאטער. אויף מיר קוקענדיג נאָר האָט ער אייך גערופען און איצונד איז שוין דאָ א האָפּענונג, אז ער וועט אייך טאקי שוין בעדארפען אקעגען א פּאָר וואָכען רופען און נאָך צוויי מאָל אין טאָג...

— גוא, גוא, וואָס־זשע ווילסט־דוא געטצעל ?

—פּיאַווקעס, דאָקטאָר ! איך האָב א סך פּיאַווקעס !...

— זייא רוהיג געטצעל ! דוא וועסט שוין שטעלען פּיאַווקעס. שא ! האָסט־דו נאָר גוטע סחורה געטצעל ? דוא ווייסט דאָך, איך בין א מקפּיד אין אזעלכע זאכען.

—עכט פרישע פּיאַווקעליך דאָקטאָר, גאָט זאָל מיר אזוי העלפען ! איך אליין האָב אויף פיינט יענעם צו נארען...

הע־הע ! אזוי איז גאָר דיא מעשה ? ! האָב איך געטראכט ביי מיר אין הארץ נאָכדעם וויא איך האָב געהערט אזא שמיעס און דיא זאך אביסיל בעסער צונומען ליגענדיג ביי דער נאכט אויף מיין געלעגר. א־פנים ווי איך הער דאָ און זעה הייסט א קליין מענשעלע נישט פשוט זיין א קליינעטשקער, וויא איך נארעלע האָב פריהער געמיינט. מען קען גאָר זיין א גרויסער, אפילו א גאנץ גרויסער און פּאָרט א קליין מענשעלע. מען קען דערביי טאקי אפילו בלייבען א גרויסער, תמיד טאקי א גרויסער... איך בין מיר משער, אז א קליין מענשעלע הייסט גאָר צאפּען פרעמד בלוט און אויסנארען געלד. אָט וואו דער הונד ליגט בעגראָבען ! איצט־אָ האָב איך אביסעל שוין אָנגעהויבען רעכט צו פארשטעהן און קומען צום אמתן שכל. אָט וואָס הייסט רייבען זיך אין דער וועלט, צווישען לייט ! נאָר וואס העלפט עס אָבער וואָס איך ווייס שוין פון דעם סוד אז איך בין דאָך נישט קי ,
דאָקטאָר, קיין רופא און קען נישט שטעלען קיין פּיאַווקעס ? מען מוז זוכען עפּעס אנדערע מיטעל. עפּעס כמו אזוי וויא אזא וועג נאָר אויף איין אנדער אופן, עפּעס

צאפּען און פּארט נישט צאפּען פּשוט בלוט. דערצו מוז אודאי זיין נאָך א סך אנ־דערע מיני תחבולות, וואָס מען מוז זייא דערגעהן. דאָ האָב איך שוין פּשוט מעהר נישט וואָס צו טאָן. וואָס־זשע טהוט מען ווייטער? הא! חלעבין דאָס איז גאָר נישט קרום, דאָס איז חלעבין גאַנץ גלייך. טאקי איסר ווארגער! מען בעדאַרף זיך ארייננדרעהן צו איסר ווארגער. וויא איך בין א יוד צו איסר ווארגער! דאָס הארץ זאָגט מיר עפּעס צו איהם, צו איסר ווארגער! איסר ווארגער איז דאָך אויך א קליין מענשעלע און זעהר א גרויסער פּאַרנעהם. הא? !....

אָט אזעלכע געדאנקען האָבען מיר זיך געדרעהט אין דעם קאָפּ און מיך נישט געלאָזען שלאָפען כמעט דיא גאנצע נאכט. איך בין דיא נאכט עלטער גע־וואָרען מיט עטליכע יאָהר מעהר און געפּיהלט אין מיר עפּעס א פאַרענדערונג. אויף מאָרגען האָב איך נישט געמאכט לאַנג שיהות, אויפגעזוכט מיין בעקאַנטע: מעקלער, איהם צוגעזאָגט נאָך א בעסער מעקלערייא וויא פריהער און נאָך זין עטליכע טעג ארום האָט ער מיך ארייננגעשלייערט צו איסר ווארגער.

---

II

איסר ווארגער איז געווען איינער פון דיא פּאַרנעהמסטע בעל־הבתים אין צוויאטשיץ, אלע האָבען פאר איהם געהאט דאָס נייניעהריגע קדחת און עס האָט מיט איטליכען געוואָרפען אז ער האָט ארויסגערעדט א וואָרט, וואָס טייטש איסר, עפּעס א קליינינגקייט איסר! איסר אליין האָט נישט געהאנדעלט, נישט ארייננגע־טאָן קיין האנד איז קאלטע וואסער און פון דעסטוועגען האָט ביי איהם אין שטוב תמיד געקאָכט וויא אין א קעסעל, דער אריין יענער ארויס, קינד און קייט אלע ביי רב איסרן. מיינט איהר אפשר, איסר איז געווען א גרויסער למדן, א גרויסער יחסן? חלילה! אפילו נישט קיין קליינער. ער האָט קוים קוים געקאָנט דאווגען און איז געווען וויא מען זאָגט „המכה בעברתו“ דאָס הייסט שטומפּיג או ף דער עברי. פון דעסטוועגען האָט ער געהאט א טלית־און תפילין זאק זעהר א גרויסען, זעהר א גראָבען פון עטליכע בני־פקועהליך, ארומגעלאמעוועט מיט רויטע קריי־קעס. דאָרט אינווענדיג האָט זיך געפונען אי א סידור „דרך החיים“ מיט אלע נויטיגע דינים, אי א תהלים מיט מעמדות, אי א „חוקיל“ און א „שערי ציון“. א האנד צום שרייבען האָט ער געהאט זעהר א שווערע, דיא פען האָט וויא אויף צו להכעיס בשום אופן נישט געוואָלט ביי איהם געהן אין זיינע שליחות, ער האָט זיך געשטופּט אהין און זיא איז גאָר פארקראָכען קיין בויבעריק, זיא האָט געשפּריצט,

געמאכט קלעקען, געקריצט, געדריגעט און זיך געשטעלט דיבאָם. עס האָט איהם נעביך גענוג צרות געקאָכט איטליכס וואָרט און איידער ער האָט ביי איהר ארויס בעקומען שווארץ אויף ווייס זיין חתימה „איסר" זיינען איהם דיא אויגען פון קאָפ שיער ניט ארויסגעקראָכען און איז פשוט אָבגעגאנגען מיט שוויים. ער פלעגט דערנאָך זיך ווישען דעם שטערען מיט דעם ארבעל פונם העמד אָדער פון דער קאפּאָטע און סאָפען גלייך וויא ער וואָלט געהאקט האָלץ. דיא מעלה קען מען אויף איהם זאָגען, אז אין דעם אויסלייגען איז ער נישט געווען וויא אנדערע א שטארקער מהמיר, איין אות האָט ביי איהם נישט געשפּיעלט אזא וויכטיגע ראָליע שטעה פארענט צו הינטען אָדער שטעה אפילו גאָר ניט מאכט אויך נישט אזוי אויס, מען וועט זיך אָנשטויסען נישקשה, און ווען ער פלעגט דרינען א מאָל עפּעס מסופק זיין, דאָ איז איהם דיא פען דוקא בייגעשטאנען אין דיא נויטען, זיא פלעגט זיך טאָן א יאָג מאכען א צוק מיט א קלעק און דערמיט האָט ער שוין געקענט יוצא זיין לכל הדעות, פון זיינע אלע זאכען שטעל איך אייך דאָ ארויס זיין „קוויאכ" מיט זיבען גרייזען און זיין עברי זעטצען אין דער הגדה: „תרח אבי, אברהם ואבי. נחור ויעבדו" זועלכעם דערפון וועט אייך בעסער געפעלען ווייס איך נישט, מיר אָבער זיינען ביידע גלייך זעהר געפעלען. מילא דאָס האָט איתר זיין לומדות, און וואָס אנבעלאנגט זיין יחוס איז נישט געווען מיט וואָס זיך איבערצונעהמען. ער האָט נישט געשטאמט פון דער גילדענער פאָן און האָט אין דער יוגענד קיין פלעצעליך מיט פּוטער נישט געגעסען, דער אמת טאקי איז, אזוי וויא איך בין עס שפּעטער דערגאנגען, ער איז געווען א קליין מענשעלע און דערמיט האָט ער א ים בעסער געמאכט וויא איין אנדערער מיט זיין תורה אָדער מיט זיין סחורה. ביי דעם צוויאטשער גביר איז ער באמת טאקי געווען גאָר דיא נשמה, נאָר עפּעס — איסר. הכלל איסר, איסר, נאָר איסר! איסר איז געווען זיין נשמה, זיין פּוס זיין האנד, זיין אלץ מיט אנאנדער און דורכדעם ממילא א גרויסער חשוב דער גאנצער כל-ולך אין דער שטאָדט. אָט פון דעם רב איסרן האָב איך א סך זאַכען מיך אויסגעלערענט. ער, טאקי נאָר ער איז מיין אמתער רבי. ער האָט מיר געעפענט דיא אויגען; ער האָט מיר אין דעם מויל א פינגער ארייגעלייגט און מיר געגעבען צו פארשטעהן זעהר פיעל זאכען, וואָס געהן אין דער וועלט פיר, מיר פערענטפערט הארבע קשיות, דערקלעהרט גוזמות רעטענישען ביי אונז אין דער פיהרונג; ער האָט מיך געשטעלט אויף א שטיינער, מיך אויסגעריבען, אויסגעשליפען און געמאכט פון מיר א כלי, קורץ, ער האָט מיר געוויזען א וועג און ענטפּלעקט דעם סוד וויא צו־ווערען א קליין מענשעלע.

בטבע איז איסר געווען א פארביסענער, זעהר א באהאלטענער מענש, מען האָט ביי איהם קיינמאָל נישט געקענט וויסען דאָס מינדעסטע וואָס ער דיינקט און וויא מען האלט מיט איהם. וואָס ער האָט געמיינט האָט ער נישט גערעדט און וואָס ער האָט גערעדט האָט ער נישט געמיינט. אפילו דאָס ווייב זיינס האָט ביי איהם נאָר נישט געוואוסט, ער האָט פון איהר און פון זיינע קינדער זיך געהאלטען תמיד ווייט, אלע אין שטוב האָבען געהאט פאר איהם דרך ארץ, ער האָט ניט גערעדט, נישט געטענהט קיין סך און קוים האָט ער עפּעס ארויסגערעדט א וואָרט האָט ער געמוזט בעשאפען ווערען טאקי גיך אין דער הייסער רגע. זיין פּנים איז שטענדיג געווען אלץ איינס, תמיד ערענסט און וויא עפּעס פארטראכט. קיין הויך געלעכטער האָט מען פון איהם קיינמאָל נישט געהערט זעלטען נאָר פלעגט ער מיט א פארמאכט מויל טאָן עפּעס א שמייכעל, נאָר דאָס זויערע שמייכעלע איז אָבער געווען נישט מעהר וויא א ציה מיט איין זייט פון דיא דינע ליפּען, דער איבעריגער טהייל פּנים האָט דערפון אפילו נישט געהאט קיין רמז דרמיזה, איז געבליבען אייז־קאלט, דיא אויגען גלעזערנע אזוי וויא פריהער. א גוטען ברודער אָבער ער האָט געהאט, אין וועלכען ער האָט געקלעפּט מיט לייב און לעבען, מיט איהם איז ער שוין געווען בערייעדעוודיג זיך נישט פארשטעלט אויף קיין האָר, מיט איהם האָט ער ליעב געהאט צו פארברייננגען אָפט דיא צייט ביי א גלעזיל וויין און אריינצולאָזען זיך אין א שמיעס, מיט איהם איז איסר עפּעס וויא איבערגעביטען געוואָרען און איז נישט געווען גאָר דער איסר. פאר איהם איז געווען זיין הארץ אָפען אויף ביידע טויערען און ער האָט אהין געקענט אלע צייט בראנק און פרייא ארייגעהן, איבערלייענען דאָרט און וויסען איסר'ס אלע סודות. ווער שמיעסט אז איסר איז נאָך געווע א קאָפּ פארלעקט, דענסמאָל פלעגט ער שוין גאָר אוועקנעהמען דיא האנד פונם הארצען און וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג. ער פלעגט געוועהנטליך מיט זיין גוטען ברודער זיך פארקלייבען אין זיין בעזונדער חדר. אוועקשמיעסען און אויסריידען זיך פרייא דאָס הארץ. איך האָב שוין לאנג בעקומען דיא נאטור צושטעהן הינטער דער טהיר און זיך צוהערען צו דעם וואָס מען רעדט. איך וויל דאָ אייך איבערגעבען א מקצת פון איסר'ס שמיעסין מיט זיין גוטען ברודער צו וועלכע איך האָב מיך אונטערגעהערט, וואָס דאָס וועט אייך אביסעל חאָטש ערקלערן איסר'ס גאנג, איסר'ס שיטה אין דעם לעבען און איסר'ס בליק אויף דער וועלט, און וועלכע איך האָב אייזען־פעסט מיך געהאלטען.

— הער נאָר אוים גוטער ברודער! האָט איסר ווארגער איינמאָל זיך אָנגע־

רופען אז ער איז געקומען מיט זיין גוטען ברודער עפּעס פרעהליך, אביסיל פאר־קנאקט און מיט איהם זיך אנידערגעזעצט ביי זיך אין חדר. הער נאָר, דוא, טיפּוש איינער! איך זאָג דיר, אז אזא טהייער, אזא גוט פאָלק וויא יודען זיינען איז אויף דער גאנצער וועלט נישטאָ, טאקי זעהר א גוט פאָלק, א גאָלדענס, בנאמנות, מען קען פון זייא האָבען — א גראָשען!...

— זאָג בעסער, איסר, א נארעש פאָלק. ס'איז אזעלכע נאראָנים וויא יודען אויף דער גאנצער וועלט נישטאָ!

— גערעכט, גוטער ברודער! וואָס אמת איז טאקי אמת, ס'איז נאָך אזא טהייער, אזא גוט, אזא ניטצליך אזא גאָלדען און אזא נארעש פאָלק וויא אונזערע אתה־בחרתניקעס גאָר נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ!

— וואָס האָסט־דוא עפּעס אזוי זיך צורעדט, איסר, אין דיא שבחים פון דיא כנסת ישראל? גענוג גערעדט! דערצעהל נאָר בעסער מיט וואָס האָט זיך אויס־געלאָזען דער סוף פון דער היינטיגער אסיפה?

— וואָס פאר איין אסיפה? ! וואָס פלוידערסט־דוא מיר עפּעס גוטער ברודער!

— רעדט דבורים, איסר! וואָס הייסט, דוא האָסט פארגעסען דיא אסיפה? היינטיגע אסיפה מכח דעם פלייש!

— ווייס איך פון וואָס דוא רעדסט, טפּוש איינער! א וויכטיגע זאך אביסיל דיא אסיפה! זיא האָט געהאט אזא ממשות, מישטעהנעס געזונגט, וויא אלע אנ־דערע זייערע אסיפות, דוא האָסט בעדארפט שטעהן דאָרט און זעהען עפּעס שיינס. אריינקומענדיג אהינצו האָב איך געטראָפען א גערידער. דער עולם האָט עפּעס גע־זוזשעט וויא דיא פליגען. איך האָב זיך מישב געווען, וואָס וועל איך דאָ מיך שטע־לען א ים ברייען מיט דעם גאנצען פּעקיל, און נישט לאנג געטראַכט האָב איך הויך א זאָג געטאָן, גלאט אזוי אין דער וועלט אריין: מה רעש אז מעהר מיט עט־ליכע גראָשען? ס'איז נאָך נישט גאָר אזא אומגליק. גלויבט מיר יודען, א סך א גרעסער אומגליק וועט זיין, אז דער בעל טאקסע וועט אין כעס ווערען און חלילה זיך וועלען אָפּזאגען! גלויבט מיר יודען ס'איז אזוי. — טאָמיר מיינסט־דוא, איך האָב געוואוסט וואָס איך האָב גערעדט פאר וואָס ס'איז אזוי? אסור! נוא, האָסט דוא בעדארפט זעהן וויא עטליכע שיינע בעלי־הבתים, וואָס האלטען זיך פאר קלוגע, געניטע מענשען האָבען געמאכט ערענסטע פּנימליך, זיך גענומען פאר דיא בערדליך און מיט א נארעש קנייטשעלע זיך אָנגערופען: טאקי אמת ס'איז אזוי, מען האָט גאָר נישט צו ריידען, ס'איז געוויס אזוי... דער איבעריגער עולם האָט

אקעגען דעם נישט געהאט וואס צו ענטפערען גלייך וויא אקעגען א געוויסער, שוין איין אויסגעמאכטער זאך און זענין אלע כמעט געבליבען עפעס וויא דער־ווארגען, עמיצער זאל עס זיך בערעכענען, האטש זיך אליין פרעגען: פאר וואס איז עס אזוי? איינער נאר, עפּיס א שייגעץ, א ממזר בן־הנדה, אויף וועלכען איך האב שוין לאנג איין אויג, האט נישט געוואלט נאכגעבען און אלץ געטענהט. ס'איז גאר נישט אזא אומגליק, אדרבה, אדרבה... אהן א בעל טאקסע קענען מענ־שען אויף דער וועלט אויך לעבען. נאר דיא קלוגע, געניטע בעלי הבתים, וואס פארשטעהן איין עסק האבען אויף איהם געקוקט וויא אויף א יונגעל, נישט קיין געניטע מענשען, מיט וועמען ס'איז גאר נישט כדאי צו ריידען און האבען איהם אפילו נישט מזכה געוועזן מיט א ווארט. פון דעסטוועגען וויל איך דעם דאזיגען שייגעץ פערזארגען, דוא וועסט מיר מוזען, גוטער ברודער, אויף איהם אנשרייבען א שיר המעלה צולייגען איהם א גוט קנייטעל עס זאל גוט אנרייסען... דוא ווייסט דאך איך האב דערצו א שווערע האנד.

— דאס, איסר, איז א שפעטערדיגע זאך. מסתמא ועט שוין זיין רעכט. לאם איך שוין נאר דערלעבען הערען מיט וואס דיא אסיפה האט היינט זיך אויסגעלאזען.

— וואס פארשטעהסט־דוא דא נישט טפּוש איינער! ס'איז דען נאך אזא גוט, אזא גאלדען פאלק וויא יודען ערגעץ דא? מען האט אלסדינג נאכגעגעבען ארויפגעצויגען נאך עטליכע ראשען, מעהר נאך וויפיל מיר האבען אליין זיך גע־וואונשען, און מען איז זיך פארנאנדער געגאנגען שטארק צופרידען. איך בי־ן, טפּוש איינער, אודאי צופרידען.

— אודאי איסר מעגסט־דוא צופרידען זיין, אבער....

— וואס אבער? טיפּוש איינער! וואס אבער? אבער א רחמנות! ווילסט דוא אפשר זאגען, א רחמנות אויף א שטאדט ארעמע לייט! געה שוי־ן געה נאר־רעלע איינער מיט דיין נארישען פוסטען ווארט רחמנות! רחמנות, האבען אויס־געטראכט נאר שלאפע, שלימזלניקעס, שאף, וואס ווייל זיי פיהלען זייער שלאפ־קייט, אז זיי זיינען טויגעניכטסען, אהן כח אהן בריהשקייט צודערלאנגען זייער־וואונש, צונעהמען אלסדיג וואס זיי פארלאנגען אז זיי פעהלען אי נעגעל אי ציין זיך צו ראנגלען און וועהרען, דעריבער האבען זיי אויסגעטראכט דאס ווארט רחמנות, עס איז געוומען פאר א כלי־זין, שרייען מוסרען בעטען רחמים, מאכען רחמנות־פנימליך און מיינען דערמיט צו פועלין. ס'איז אבער שווינדעל, גוטער־ברודער, לויטער שווינדעל! מען פארשטעהט נישקשה אזעלכע אנשטעלען, אזא

מוסר מיט אזעלכע מוסר־זאָגער, איך בין שוין ברודער איין אָנגעלערענטער, איין אויסגערייכערט לולקעלע, א שטיקעל מבין ברוך־השם אין דעם סדר העולם האָטשע נישט אזא גרויסער למדן. מען ברויכט נאָר דערצו נישט קיין גרויסע למדנות, ־ע־נוג חלעבין נאָר א גלייכען שכל, א שטיקעל תפיסה קען מען שוין תופס זיין אין וואָס דיא גאנצע וועלט בעשטעהט, זיא בעשטעהט פון צוויי צדדים: פון שטארקע און פון שלאפע. פון וועלף, חיות רעות און פון שאָף, בהמות טהורות, דיא נעהמען און יענע גיבען דאָס הייטעל. אנדערש קען עס גאָר נישט זיין, בייט איבער דיא יוצרות וועט אויסקומען פונקט דאָס אייגענע. לאָז דער שלאפער נאָר בעקומען כח, שווימט ער ארויף פון אויבען, ווערט ער דער פריץ און צופיהרט זיך דיא הענט־ליך: לאָז דאָס שעפעלע דערטאפּען נעגעל און ציין, וועט ער שטארק קראטצען, שארפען דיא ציין און ארויפציהען דיא הויט. פריוו א שטייגער איינעם פון דיא רחמנות־שרייער, פון דיא שלימזלניקעס און מוסר־זאָגער געבען עפּעס א התמנות אין קהל אויף איין אנדערענס א שטעלע, אבי ער וועט נאָר דערשמעקען זיין כח, אז ער האלט דיא בייטש, הייבט ער שוין אָן צו שמייסען און געוועלטיגען ביד רמה. נעהם איינעם א נעבעכיל און גיב דיא טאקסע איהם איבער, הייבט ער דאָס אייגענע אָן, לערנען בלק מיט דעם עולם — צופּען, רייסען און ארויסציהען דיא קלייא פון דיא ביינער. „ני דאי באָך איז איוואנא פאנא!“ איז דאָ א ווערטיל. זעהר א גלייך, אמתדיג ווערטיל! משוגע צי חסר דעה האָט פאן בעדארפט זיין איוואנען איבערגעבען דיא לייצען. בלייב דיר ביי דיין רחמנות־פּנימעל דוא גוטע כשרה נשמה, דוא פרים שעפעלע, זאָג דיר מוסר וויא פיעל דוא ווילסט, פון דיינע [illegible]על און ציין, ווען דוא זאָלסט זיי נאָר בעקומען, וואָלט חלעבין טויזענ־טער [illegible] נאָך ערגער געווען!...

— חלילה, איסר! וואָס פאלט דיר איין? איך מיין גאָר נישט קיין רחמנות, נאט איך גאָר רחמנות! עפּעס אנדערש גאָר מיין איך, דוא איסר, זאָג איך, מעגסט אודאי זיין צופריעדען, מהכא־תיתי. אָבער... איך!

— רעדן־זשע, טפּוש איינער, ווערטער! אזוי דוא ווילסט אויך צופרידען זיין! געה ווײַס, זייא מוחל, צו אלדע שווארצע יאָהר אהין.... שטעק אריין דיא לאַפּע, וועכט־דוא אויך חאפּען א לעק. ביסט נישט קראנק חלעבין אליין צו־בעשטעהן דיין שטעטיל. דער רוח נישקשה האָט דיר אויך נישט גענומען. מאָרגען, ברודער, געהט א נייע כדרה פון קהלשע ענינים, מען וועט מוזען אביסיל צוקנע־לען. היינטיגע וואך געהט ביי אונז תרומה, ווען זאָגסט־דוא טפּוש איינער, האָבען מיר פרשה שקלים?....

— זעהר קלוג טפּוש איינער, האָסט־דוא געטאָן, וואָס דוא ביסט אצינד גע־קומען, האָט איינמאָל איסר אין איין אנדער שמיעס געזאָגט צו זיין גוטען ברודער. איך געה ארום מיט א פול הארץ מחשבות, וויא א קיה מיט פולע אייטער, און קען אין מיר שוין מעהר נישט איינהאלטען. איך מוז שטילערהייט א מאָל חאָטש דאָס הארץ אָפּריידען, אזוי פיל הערען און זעהען וויא איך און שטענדיג שווייגען, טראָגען אין זיך איז איבער אלע מענשליכע כחות. זאָל איך נישט האָבען צו אלדע שווארץ יאָהר אזא שווערע האנד וואָלט איך אויף פּאפּיר מיך אמאָל אויסגעגאָסען און אָנגעשריבען א שיין טריאטער חלעבין. פארזיך נאָר דעם וויין. הא, וואָס זאָגסט דוא אויף איהם ? דאָס האָב איך היינט בעקומען א מתנה פאר עפּעס א געשעפטעל.

— זעהר א גוט גלעזיל וויין איסר. נאָר דערצעהל מיר, וואָס איז דאָס געווען פאר א געשעפט.

—עט, א געשעפטעל, לעמילס עפּעס א דיעלע. ער האָט מיר שוין לאנג גע־בעטען איך זאָל איהם דרינגען א טובה טאָן, גלייך וויא איך וואָלט געווען א זאַ־קאָנטשיק. נאָר דיא נאראָנים אָבער ביי אונז אין שטאָדט מיינען, אז אלסדינג איז אָנבעלאנגט אין מיר, אבי איך וויל נאָר, קען איך העלפען, אז עטליכע שרייבערליך עסען ביי מיר א מאָהל שבת פיש, ווייל דאָס חיות געהט זיי אוים נאָך אידישע פיש, מיינען זיי שוין, אז איך בין מיט אלע טשינאָווניקעס פון גרוים ביז קליין אין לעבען און אלסדינג געוועגדעט זיך אין מיר. נאָר זאָל זיין אזוי טיפּוש איי־נער זאָלען זיי, דיא נאראָנים, טאקי אזוי זיך מיינען און מיך קומען אלץ בעטען טובות. ביי מיר איז פאר זיי תמיד איין ענטפער: מיר וועלען זעהן, מיר וועלען זעהן, מיט א ממה נפשך זאָג איך עס, שפּילט יענער אוים, הייסט עס איך האָב געזעהן, חאָטש איך האָב אזוי פיעל געזעהען ווי איך זעה מיינע אויערען און נעהם דערפאר אראָפּ פון אויבען א מנה יפה. אי וואָס יענער פארשפּילט, פארליר איך ראָך נישט מיין ווערט, מיינע תקיפות. יענער דיינקט זיך ער האָט פארשפּילט נאָר ווייל איך האָב נישט געוואָלט זעהן, אָבער ווען איך וואָלט טאקי באמת געוואָלט זעהן, וואָלט איך גאנץ זיכער טאקי אויסגעפיהרט. נוא האָט יענער אויף מיר אביסיל תרעומות, לאָז ער מיך קומען ווארגען, לאָז ער מיך רופען קנאקניסעל, אָבער איך האָב מיין שם „תקיף“ נישט פארלוירען. עט, ער וועט זיך איבער־ברונגזען, נאָך א מאָל טאקי קומען בעטען מיין לאסקע און איך וועל איהם ווידער־נאָך א מאָל טאקי ענטפערן: מיר וועלען זעהן, מיר וועלען זעהן. פארשטעהסט־דוא ? — לעמלין האָב איך אויך אזוי געענטפערט: מיר וועלען זעהן און איהם

דערבייא טאקי בתורת עצה אָנצוהערעניש געגעבען, אָפּצושטעקען דאָרט עפּיס, פארשטעהסט־דוא? דאָרט וואו מען בעדארף.... איך האָב זעהר גוט געזעהן, אז מיין זעהן אליין קען איהם אזוי פיעל העלפען וויא א טויטען באנקעס. לעמיל אָבער איז ביי זיך געווען גאנץ זיכער, אז איך זעה און בעט דעם גביר ער זאָל אויך זעהן. היינט ביי טאָג געהענדיג אין דער גאס האָסט־דוא בעדארפט זעהן, וויא לעמיל מיטן וויב זיינעןביידע מיך בעפאלען פאר איין ערה יודען מיט א שמחה און מיט טרעהרען אויף דיא אויגען: „רב איסר, טאטעניא, נשמהניא! טאקי פריהער גאָט דערנאָך אייך, נשמהניא, האָבען מיר צו פארדאנקען מיט אונזער עסק וואָס מיר האָבען היינט אויסגעשפּילט, ווען איהר רב איסר וואָלט זיך דאָ נישט געווען ארייגלייגענוואָלטען מיר נעביך געקענט גען מיט דיא האָר. מיר וועלען עס טאקי דער גאנצער וועלט זאָגען, רב איסר!“ פארשטאנען האָב איך אז דאָ האָט געהאָלפען מיין אָנצוהערעניש, לעמיל האָט א־פּנים גוט אויסגעפאָלגט מיין עצה. האָסט בעדארפט זעהן בשעת מעשה וויא זייא האָבען מיר דאָ אזוי גע־דאנקט וואָס פאר א קרים איך האָב זיך געטאָן, גלייך וויא איינער רעדט: וויפיל געזונט און לעבען האָט מיר אייער עסק געקאָסט! וויפיל מיה האָב איך דערבייא געהאט ביז איך האָב געפּועלט! — לעמיל האָט מיר שפּעטער אביסיל אָפּגעשיקט א היים מיין רח"ש און דערצו נאָך עטליכע פלעשליך גוטען וויין. נוא, טיפּוש איינער, וואָס זאָגסט־דוא אויף דעם וויין?

— הלוואי איסר, לאָז מען אזוי האָבען צו זאָגען אויף דיר, אויף דיינע נאָ־ראָנים און אויף דעם גאנצען שווינדעל.... לחיים!

— ווער דערוואָרגען טיפּוש איינער! שווינדעל, זאָגט ער, שווינדעל! פאר וואָס הייסט דאָס ביי דיר שווינדעל? וואָס זענין דען דיא אלע עסקים, אלע מסחרים, האק־און־פּאק פון אויבען ביז אראָפּ, נישט קיין שווינדעל? איך זאָג דיר אלע עסקים, אלע אפילו אין עולם־הבא זאכען. פערשטעהסט־דוא? אויף וואָס בעשטעהען דיא אלע מסחרים נאָך גאָר פון דער התחלה, וויא אזוי ווערען זיי גע־פיהרט און מיט וואָס לאָזען זיי זיך אוים לסוף? אפשר אויף דעם אמת מוזט־דוא זיכער מיינען? ניין, ברודער! אמת איז נאָר א ווערטיל, וואָס איטליכער פאר־שטעהט עס אויף זיין גאנג, אויף איין אנדער אופן וויא עס פּאסט צום ענין. דער אמתער אמת איז גאָר נישטאָ און קען טאקי גאָר נישט זיין, ווייל אונזער שכל קען איהם נישט משיג זיין און ער וואָלט אויך פאר אונזערע מסחרים גאָר נישט געווען קיין גוטער ארטיקעל. טויזענדער קאנטאָרען, טויזענדער קלייטען און טויזענדער אנדערע מסחרים, וועלכע דוא זעהסט היינט ביי אונז וואָלטען וויא פוי־

פינע זיך פאנאנדער געפלויגען און עס וואָלט פון זיי קיין זכר, קיין שריד ופליט
ניט איבערגעבליעבען. א סך נגגידים אונזערע וואָלטען זיך מיט דיא טאָרבעס
ארומגעשלעפט.— אפשר אויף ארבייטען, מיינסט דוא, בעשטעהט עס אלס־
דינג! חלילה! ארבייטען ארבייט א האָלץ־העקער, א וואסערפיהרער, א טרעגער,
א בעל מלאכה וכדומה, מיט ארבייט וועסט־דוא קיין סך נישט פארדינען, דוא
זאָלסט אפילו צוועצמער הייד ארבייטען וועסט דוא פאָרט צעהר מאָהל אין
טאָג פגר'ן פאר הונגער. געה גיב זיך טאקי אָפּ, א שטייגער, מיט לעמילס א
דיעלע, וועסט דוא דארויף פארברייינגען א סך צייט וועסט
האָבען דאָס לויפעניש, זיך אָפּשרייבען דיא פינגער
און לסוף, אז עס וועט דיר שוין געראָטען אויסצופיהרען עס, וואָס וועט דיר קלע
קען דאָס פארדינסט? דיא חלה וועט דיר נישט קלעקען אויף דער המוציא.
חלילה אָבער אז געראָטה דיר נישט, איז פערלוירען דיין מיה און בלייבסט נאָך
ביי דער וועלט א קאליקע, א טויגעניכטס, וואָס פערשטעהט נישט מאי דקא-אמרי
רביצען און קען א קאץ איין עק נישט צובינדען, דוא האָסט פוילע פיש און פער־
שטונקענע הערינג...... קנייטש ברודער נישט אזוי דעם שטערן! איך זאָג דאָ דיר
גאָר נישט אזא פולוסופיא, נאָר פראָסטע, ריינע ווערטער. פילוסופיאָ טויג
אויך אויף כפרות. צו גרויסע חכמות איז דוקא א גרויסער חסרון, דיא וועלט
האָט עס פיינט און היט זיך דערפאר וויא פאר פייער. גרויסע בריות, געלעהרענטע
מענשען געהן ארום אין צוריסענע שטיוועל אָהן פאדעשוועס. א סך גאָר ניט
דער ערך בעסער געהט עס אין דער וועלט דעם קליינעם מענשעלע. מען בעדאַרף
גאָר אזוי נישט טויגען זיין א בריה, דער עיקר וואָס מען מוז אָבער קענען איז:
חנפה'נען, צוויאטשען, ליגנערען, ווארפען זיך אהין און אהער וויא עס קומט אויס
צום עסק. וואָס זאָל מען טאָהן? געלד מוז מען האָבען, אָהן געלד ביסטו דאָך
אודאי גאָר נישט, נאָך טויזענד מאָהל קלענער וויא דאָס קלענסטע קליין מענ־
שעלע. דוא ביזט אי קליין אי געמיין. וואָס איז, ברודער, אין דער וועלט א קבצן?
דוא קענסט דען דיר אזוי משער זיין א־פנים וויא נגידים האָבען פיינד א קבצן!
דאכט זיך ריידען א מאָהל מיט איהם און האָבען אויף איהם א מאָהל קלאָט־
פערשט רחמנות, אין אמת'ן אָבער קענען זיי אים נישט ליידען, ער איז זיי גרויס
אין דיא אויגען און טראכטען צו וואָס דרעהט זיך גאָר ארום אזא נפש אויף
דער וועלט. עפעס קומט ער זיי פאָר וויא א קאָלטין, איין איבריג ביינדיל, א
שטיק ווילד פלייש, א פגע, איין אָנשיקעניש און עס גיט זיי עפעס א שטאָך
אין הארצען אז זיי דערזעהן איהם. זיי דאכט זיך אלץ, אז ער איז אויסען אויף
זייער לעבען — אויף זייער בייטעל, אז ער איז להוט אויף זייער נשמה —
נאָך זייער געלד. איך האָב אסור נישט קיין ווערטער איך זאָל דיר עס אזוי ווייט
ארויסזאָגען. ביסט דוא ברודער א קבצן, ביסט דוא אָפּגעשטאָרבען פון דער
וועלט. דיינע פריהערדיגע פריינד, אים זיי זיינען רייך, האלטען זיך פון דיא
ווייט, מאכען זיי דיר א מאָהל א וויזיט, האָט עס נאָר א פנים וויא איין אויפגע־
קומענע גבירה חאפט זיך א מאָהל אראָפּ ערגיץ אין א קליין שטעדטעל אויף קבר

אָבות צו א געשטאַרבענעם טאַטען א קבצן און פוצט זיך דערבײַ אויס אין פּערל און דימענטען, דאָס אָרעמע קליין שטעדטעל זאָל פון איהר הנאה האָבען..... אין חומש צי אין שיר השירים דאַכט זיך שטעהט אויך וויא זאָגט מען עפּעס: העני חאסיע נחמעס (עני חשוב כמת) דאָס הייסט א קבצן שמעקט מיט קברות־בלעט־לאַך. אין געלד ברודער בעשטעהט דיא גאַנצע חכמה, אלסדינג.... האָסט־דוא געלד האָסט דוא דיא און יענע וועלט. נאָר ביי דער צייט געלד צו האָבען הייסט, צו זיין א קליין מענשעלע און א קליין מענשעלע הייסט חנפהנען צוויאַטשען, וואָס אין דער קאַרט.... לחיים גוטער ברודער!

— לאָמיר זיין געזונד, איסר, און האָבען תמיד אזעלכע לעמליך: נוא איסר, דיין גביר, ביי וועלכען דוא ביסט דיא נשמה, וואָס איז ער אזוינס?

— אָט פון איהם ברודער וויל איך ניט ריידען. פאַרשטעהסט־דוא? איך וויל פון איהם נישט ריידען, פון דער צייט, וואָס איך האַלט איהם אויף דער ארענדע וויל איך פון איהם ניט ריידען.

— וואָס הייסט, איסר, אויף דער ארענדע? נאָט אייך גאָר א נייעס! וואָס הייסט דוא האלסט דיין גביר אויף דער ארענדע? א מיהל איז ער, צו אלדע שווארץ־יאָהר. אדער א קרעטשמע, וואָס דוא האלסט איהם אויף דער ארענדע?

— וואָס מאכט עס אויס, טיפּוש איינער? וואָס איז דיא נפקא־מינא א גביר, א מיהל, א קרעטשמע, א רוח, א טייוועל און דער שווארץ יאָהר וואָס נאָך אזעלכעס? אבי איין ארענדע!.... הע־הע־הע, צרודער! דוא ביסט נאָך גאָר א מלמד, א פריץ. מען מוז דיר נאָך אלץ דינג אויסטייטשען. נוא איך וועל עס דיר איצט דערוויל וויא ס'איז דערקלעהרען. לאָמיר טאַקי אָנהויבען פון א מיהל. א וואסער אָדער א ווינד איז אויף דער וועלט א גרויסער כח, קומט דאָס מענ־שעלע וואָס וויל מיט אלסדינג זיך בענוצען, שטעלט אנידער א געביי מיט רעדע־אי שטיינער און מאכט אז דאָס וואסער אָדער דער ווינד זאָל דרעהען דיא רע־דער. דיא רעדער דעהען דיא שטיינער און עס מאָהלט זיך. פאַרשטעהסט־דוא? היינט טיפּוש'ל מיינער לאָמיר געהן ווייטער. ראשית חכמה איז כח, דאַרויף שטעהט דיא וועלט מיט אלע זאכען. א נגיד איז אין דער וועלט אויך א גרויסער כח. אלע ווערען פאר דעם נגיד במל. אלע קריכען און שאַפקעווען פאר דעם רייכען אי אזעלכע אפילו, וואָס זיי קומט פון איהם לחלוטין גאָר נישט ארויס, וואָס זיי האָבען פון איהם נישט געהאַט א מאָהל, האָבען פון איהם נישט אצינד און וועלען קיין מאָהל פון איהם נישט האָבען אי שפּעטער אפילו א טרונק וואַ־סער, גלאט ווייל א רייכען קומט כבוד, ווייל א נגיד קומט אלסדינג. חאָטש איך איסר זאָג: דער עיקר וואָס אין א נגיד בעדאַרף מען שעטצען איז נאָר זיין געלד. פאַרשטעהסט־דוא? זיין געלד איז נומער 1 און ער אליין איז נומער 2

אזא נגיד, וואס ניצט דיר כלל נישט, ער זאָל ביי דיר אזא אָרט פארנעהמען וויא גאָר נישט. וויאבאלד אז נישט דער עיקר וואָס זשע איז מיט איהם דער יחוס? קוקט זיך אפילו אויף איהם נישט אום און הער איהם אזוי וויא אין טשערניווויטש דיא מגילה.... היינט בעדארפסט־דוא וויסען ווייטער, אז א קלוגער בעדארף מיט אלסדינגג אין דער וועלט זיך בענוצען. פארשטעהסט־דוא? אצינד וועל איך עס דיר איבער'חזר'ן נאָך א מאָהל, זאָג־זשע טיפּישול איינער זאָג: אויף כח בעשטעהט אלסדינגג, א נגיד מיט געלד איז אין דער וועלט א גרויסער כח און אקלוגער בעדארף מיט אלסדינגג אין דער וועלט זיך בענוטצען, בכן בעדארף מען פונ'ם רייכען קענען מאכען א נוטצען. וואָס מיינסט־דוא, מען זאָל ביי איהם נעהמען נאָר געלד? ניין! מען בעדארף אויך לעבען איהם קענען שטעלען א ווינט־מיהל, ער זאָל מיט זיין ווילדען כח טרייבען און דרעהען דיא רעדער. עס זאָל זיך מאָהלען. אדער לעבען איהם זיין אזוי וויא א קאָמעדיאנט לעבען דער קאָמעדיע, אָדער וויא א ציגיינער לעבען זיין בער. האָסט דוא מיר אָפּגעמאָסטען א גוט מעסטעל מיט א ווערך, נוא, געה מאָהל דיר געזונטער הייד אין מיין ווינד מיהל. האָסט־דוא בעצאָהלט פאר א בילעט, געה־זשע דיר אריין אין דער קאָמעדיע און זעה דיא שעהנע אָנשטעלען, אָדער האָסט־דוא מיר געגעבען עטליכע גראָשען וועל איך דיר הייסען מיין בער טאנצען. פארשטעהסט־דוא? איך האלט מיין גביר אויף דער ארענדע. דוא ווילסט צום גביר—צו מיין ווינטמיהל, גיב זשע מיר מעסטעל, איך בין דער ארענדאר. דוא ווילסט מען זאָל פאר דיר מאַ־כען דיא קאמעדיע, דיך „אונטערהאלטען" אביסעל מיט אָנשטעלען, בעצאָהל מיר פריהער פאר א בילעט, איך בין דער קאָמעדיאנט, אָדער ווילסט־דוא אפשר מיין גביר זאָל זיך פאר דיר שטעלען אויף דיא לאפּעס, לייגען זיך פאר דיר אין דער ליינג אין דער ברייט און ברומען, ארויס פריהער מיט עטליכע גראָשען און גיב מיר זיי מוחל וואָס מיין גוטען ווילען וועט זיין, איך בין זיין ציגיינער!...... היינט פארשטהסט־דוא טיפּושיל? געגוג פאר היינטיגעס מאָהל געלערנט!.... לחיים, גוטער ברודער! )

— לחיים, איסר, פאר דיין ווינטמיהל, פאר דיין קאָמעדיע און פאר דיין בער! דיינע רעדער זאָלען זיך דרעהען, דיין קאָמעדיע זאָל אָנגעהן און דיין בער זאָל טאנצען......

---

12

עס פערשטעהט זיך איסר'ס דרך, איסר'ס בליק אויף דער וועלט איז פאר מיר תחלת געווען צו הויך און א סך ווערטער גאר תרגום. איך האב גאר נישט געוואוסט מיט וואס מען עסט עס. נאר דאס אבער האב איך באלד אין דער רגע איינגעחאפט: „ביי דער צייט געלד צו האבען הייסט צו זיין א קליין מענשעלע, אין א קליין מענשעלע הייסט חנפה'נען, צוויאטשען, וואס אין דער קארט". אט־א דא בין איך שוין דערגאנגען דעם רעכטען סוד. אבער וואס הייסט אזוינס חנפה־נען צוויאטשען האב איך נאך לעת עתה נישט רעכט פערשטאנען. איך מוז אזוי דא בעמערקען, אז דענסמאל האב איך נאך נישט גוט געוואוסט בכלל צוואונטער־שיידען וואס מען מעג און וואס מען טאר נישט. איין עברה האט ביי מיר גע־הייסען: קוקען אויף דיא כוחנים בשעת דוכנען; נישט שלאגען קיין כפרות, נישט געהן צום תשליך, שניידען דיא נעגעל כסדר, נישט איבערהיפערן א פינגער איבער א פינגער, און נישט צולייגען צו דיא אפגעשניטענע נעגעל דריי פיטצליך שטיקלאך האלץ, אפגעשניטצט פון א סטענדער צי פון א טיש, זיי זאלען דיענען פאר כשרה עדות, נישט גלויבע אין א בעל שם, נישט גלויבען אין א לץ, נישט גלויבען אז אין דער גרויסער שוהל דאוונען ביי דער נאכט מתים, נישט גלויבען אין עולם־התוהו, דאס הייסט נישט גלויבען אז א סך מענשען געהן ארום צווישען אונז, זיי האנדלען דאכט זיך, זיי מאכען געשעפטען, זיי פאהרען אויף ירידין, קויפען און פערקויפען, חוא־הא־הוא! און באמת זיינען זיי גאר מתים, טויטע, געשטארבענע נעביך, אויף דעם עולם־התוהו... נישט גלויבען, אז צום בעז־ליודעווער רב פלעגען קומען מתים צום משפט און דער מלאך־הדומה האט זיי אהין געפיהרט וויא א פארטיע רעקרוטען, אדער נישט צו גלויבען אז דער דא־זיגער רב טאקי האט געהאט קפיצת הארץ, געווען א חשוב אין הימעל און געהאט אין דער האנד דעם שליסעל פון קינדער, פון שניי און רעגען, נישט גלויבען אין א גלגול, דאס הייסט נישט גלויבען, אז דעם מענשענס הייליגע נשמה ווערט מגולגל אין בהמות, חיות און עופות, אז א געוויסער עושר איז געווארען א מאהל א חזיר; איינער, עפעס א פיינע בריה—א קעלבעל, נישט פאר אונז גערעכט; נאך איינער, עפעס א גרויסער פאדראטשיק—אפויגעל, וואס האט שטאק אנגעפייפט, נישט פאר אידישע קינדער געדאכט; ווייטער איינער, עפעס א גלאסנע איז געווארען א פיש נעביך, פונקט מיט אזא גלאס, אזא שטימע ווי פון א שלייען, און נאך איינער א בעלטובה עפעס גאר א קאטץ, רחמנא ליצלן..... קורץ, אט אזעלכע זאכען האבען ביי מיר געהייסען עברות, אבער חנפה'נען, צוויאטשען און זיין א קליין מענשעלע דאס איז אין מיין צעטעל נישט ע־

שטאנען. מהיכא־תיתי פאר וואס נישט זיין א קליין מענשעלע ? מען איז דאך רייך און גליקליך. א קליינמענשעלע האט מען נישט דיא העזה, צו'הרג'ענען, צו־שלאגען און אז מען שלאגט טהוט דאך עפעס אזוי וועה ! א שניידער־קע אז דערלאנגט א טעלעמעטשע ווערט דאך אזש פינסטער אין דיא אויגען. ווער שמיעססט אז א חזן דרעהט ביים אויער קען מען טאקי יאהרצייט פער־געסען, און אויסציהען זיך אויף דער ערד אנצוטאהן אדער אויסצוטאהן יענעם קאלעשען בשעת יענער האלט זיך ביי דיא זייטען און קוקט אויף דער סטעליע, דאס איז חלעבען אויך עפעס נישט קיין געשמאקע זאך. אודאי האט מיר זיך געגלוסט זיין א קליין מענשעלע מיט אלע פישטשיווקעס, פטור ווערען מיט א מאל פון אלע צרות און לעבען גליקליך אין עושר און אין כבוד. דעריבער טאקי פלעג איך בעשטענדיג מיט גרויס חשק מיך אונטערהערען הינטער דער טיהר בשעת איסר ווארגער פלעגט שמיעסען מיט זיין גוטען ברודער. איך האב זיך אנגעהערט זעהר פיעל זאכען און דערנאך טאקי זוכה געווען צו פארשטעהן זיינע ווערטער. איך האב איהם מיט דער צייט א סך בעסער פערשטאנען ווי דעם תלמוד־תורה מלמד.

אמת טאקי א לעקיש בין איך געווען אין דער יוגענד, זעהר נארעשאוואטע, נאר וויא שפעטער האט זיך ארויסגעוויזען בין איך נישט געווען א נאר פון דער נאטור, וואס דען זשע ? דיא מעשה דערפון איז גאר געווען וואס תמיד פון דער קינדהייט אן בין איך געווען פארוויסט, פארוואגעלט און דערשלאגען. מען האט מיך אויפגעהאדעוועט מיט שמיץ, מיט קלעפ, מיט קולאקעסס און מיט טויט־שלעק. ווער עס האט נאר געוואלט האט אין מיר ארייננעליינט און געבראכען מיר דיא דארע ביינער. נוא וויא זאגט מען עפעס, פון על חטא ווערט מען נישט פעט. פון א סך שלאגען ווערט מען טאקי דערשלאגען. א קאטאוועס עפעס וואס מיין לייב, דאס אויסגעמאגערטע, אויסגעדעווערטע לייב מיינס האט אין זיך נעביך ארייננעקראגען ! איך נעבאך לייד הונגער, קעלט, פיהל אז געהן מיר אויס דיא כחות עס שטעכט מיר אין אלע גליעדער ס'איז מיר נישט גוט, אנ־שטאט מען זאל זאגען א רחמנות, א קינד נעביך געהט אויס, א מענש, אדער לאז זיך אפילו נאטס א בעשעפענים צאנקט נעביך וויא א לאכט, ער איז הויט און ביין, נעהמט מען נאך און מען רייסט מיר מיין דארע קווארע שטיקעל פלייש, נעהמט מען נאך און מען גיט מיר נאך ועהטאג אי שטעכענים, נעהמט מען נאך און מען צופט מיר דאס איבערינע שטיקעל הויט אויס !..... איך בין פשוט געווען דערטשמעלעט, פארטומעלט און פארמאראטשעט. היינט דערצו נאך

בין איך געבוירען געוואָרען אין בעזליודעוו, וואָס אין תוך אריין איז זיא א קליין שטעדטעל, און א קליינשטעטעלדיגער בלייבט טאקי א קליינשטעטעלדי־גער. דיא קליינשטעטעלדיגע לייט זיינען חלעבען עפּעס גאָר אנדערע מיני מענשען מיט אנדערע חושים, מיט איין אנדער טעם, ני מע, ני מו, ני קאקאריקוא, נישט פיש נישט פלייש. עפּיס מיני ברואים.... איך וויל דערמיט אייך נישט מעהר אויסברייען, אז איהר זאָלט זיך ניט וואונדערן ווי אזוי א נאר ווי איך פלעג א מאָהל פּאָרט פּאַלען גלייך און דיינקען מיט א גאנג. אמת טאקי, א נאר ב׳ין איך געוועזן און בין מיט מיין נארישקייט געפאלען איטליכען אין דיא אויגען, אָבער פון רעסטוועגען ניט קיין נאטירליכער, נאָר גלאט א פערדולטער א פּער־לאָזטער, א דערהארגעטער. עס האָט מיר אין קאָפּ נישט געפעהלט קיין קלעפּ־קע, נאָר דיא קלעפּקע איז נאָך ניט געוועזן אָפּגעטעסיעט. אָט־אָ דאָס בין איך גע־ווען. דעריבער האָב איך מיך נאָך געקענט עפּעס אויסלעהרנען, מיך עפּעס אָנ־שטויסען, און דעריבער האָב איך געקענט איבערנעהמען רב איסר ווארנערס תורות.

ביי איסר ווארגער האָב איך אוועקגעדיענט א סך יאָהרען, אין דער צייט האָב איך מיך אויסגעשליפען, האָב גוט פערשטאנען און געקענט אלסדינג וואָס א קליין מענשעלע בעדארף צו קענען, וואָרים איך פלעג זיך שטארק צוהערען מיט קאָפּ און בין געוועזן א מתמיד. איך האָב שוין געקענט אין מיין גראד אָפּ־ארבייטען מעשים, מאכען פוילע תנועות און געהן אלץ מיט שפּיצלאָך. דיא גרעס־טע הנאה האָב איך געהאט אָפּצוטאָהן איינעם אויף טערקיש, גלייך וויא איך וואָלט מיך אין איהם נוקם געווען, און זיך אויסדרעהען גלאט וויא אויף א טעלער. דאָס געפיהל פון יושר, פון רחמנות האָט ביי מיר נישט דערלעבט רעכט אויסצו־וואקסען. יושר האָט רבי איסר ווארגער געזאָגט, איז א שטיקעל גומעלאסטיק, וואָס לאָזט זיך ציהען וויא מען וויל, דאָס איז א כי הנה כחומר. פון וועלכען דער מענש האָט ביד צו מאכען עפּעס, נאָך זיין פערלאנגען און צו בייגען עס אזוי צי אזוי; רחמנות—דאָס איז אן אויסגעטראכט, פוסט וואָרט, אין גאנצען נאָך א שווינדעל! איך, אז איך בין שטארקער פון דיר איז ביי מיר דער יושר און דוא אז דוא ביזט שלאָפער פון מיר ווילסט־דוא מיך איינרייידען עפּעס רחמנות. אזוי איז געווען ביי זיך איסרס א ווערטעל. איך בין געווען איסר׳ס איין אמת׳ר תלמיד, האָב מיר אלץ געגעבען מיה ביין רבין צופריעדען צושטעלען, טאָן אלסדינג נאָך זיין געשמאק, איהם אין אלץ צו פּאַטראפּען, איך בין איהם שטארק גע־פעלען אז ער וואָלט פאר מיר וויא מען זאָגט קיין זאק בארשטש ניט גענומען. א:

איך בין עלטער געוואָרען האָב איך אָנגעהויבען מיך אלץ צו בעטראַכטען און זיך אליין צו פרעגען: „מתי אעשה לביתי?“ דאָס הייסט, ווען וועל איך שוין אָנהויבען עפּעס צו טאָהן, איך זאָל אויפגעריכט ווערען? „ואני באתי בימים“ און איך בין דאָך שוין א בחור'ל! אמת טאקי, איסר'ס תורה קען איך גוט מיט אלע פשטליך, נאָר „לא המדרש עיקר“ נישט דאָס לעהרנען איז דיא קונץ, דער עיקר איז דאָך דיא מלאכה. איך האָב אלץ זיך מישב געווען אזוי לאנג אזוי בּרייט ביז איך בין געפאלען אויף א א הסברה. סטייטש, האָב איך צו מיר אליין געזאָגט, וואָס פאר א נאר איך בין! איסר אליין זאָגט: „א קלוגער בעראַרף מיט אלסדינג אויף דער וועלט זיך בענוצען און דעם נגיד בעראַרף מען נעהמען אויף דער ארענדע מיט איהם צו שפּיעלען דיא קאָמעדיע און צו מאכען דיא קאָפּעקע“ איסר אליין איז דאָך אויך א נגיד, סטייטש, איך וועל איהם נעהמען אויף דער ארענדע און וועל ווערן איסר'ס ארענדאר, איסר'ס נשמה! איסר אליין איז דאָך אויך א כח, נוא, וועל איך מיר שטעלען א ווינטמיהל, איסר זאָל דרעהען מיינע רעדער סטייטש, געבראָטענע טויבען פליהען מיר אין מויל, אין דער האנד האלט איך איין אָפּגעשיילטע אייעלע און שריי עסען!.... איך וויל אייך דאָ נישט א ים ברייען, איך האָב אָנגעהויבען צוויאַטשען און איסר'ן חנפה'נען, מיר אויסגעזוכט טויזענטער וועגען וויא צו איהם זיך צו־צושמייכלען, וויא ארייננצוקריכען אינווענינג איהם אין הארץ ביז איך האָב איהם למזל דערטאַפּט און אָנגעהויבען אין א גוטער שעה ווערען זיין נשמה! איסר איז דאָך נישט מעהר געווען וויא א מענש, ער האָט אויך ליב געהאט מען זאָל איהם חנפה'נען, קעמשקען, איהם בעוואונדערן און פון איהם שטארק הנאה האָבען; הגם ער האָט זייער גוט געוואוסט וואָס פאר א האפּט, פאר א ממשות דאָס חנפנען האָט. ער אליין א שטייגער אז ער זאָגט איינעם: איהר זענט דאָך א חכם, א גוטער, א פרומער, א בעל־צדקה, א כשרער, עהרליכער מאן, הייסט עס גאָר קאפּויר: איהר זענט א פּראָסטער נאר, איין אכזר, א צוויאַק, א קארגער הונד און א גנב שבגנבים, דאָס שווארצאפּעלע פון'ם אויג! אזוי איז שוין א־פּנים אוי דער וועלט, אז איטליכער לאָזט זיך איינריידען, איטליכער האָט ליעב זיך צו נארען..... נאָר נישט אזוי גיך טהוט זיך וויא עס רעדט זיך. עס האָט לאנג געדויערט ביז מיר איז געראָטען צו ווערען איסר'ס חשוב. אייך ווענט אפשר קשה זיין וויא אזוי ווערד עס פון א משרת א חשוב? אי, האָט מיר קיין פאראיבעל נים, אויב אזוי, קענט איהר דאָך נישט דיא וועלט! כמעט אלע משרתים זיינען השובים און כמעט אלע חשובים זיינען משרתים.... אז דער עולם האָט דאָס ארויסגעזעהן

מיין חשיבות, אז איך בין איסר'ס נשמה, זיין חשובער משרת, האָט מען מיך אָנגעהויבען צו גלעטען, אָפּצוגעבען מיר א ברייטען גוט מאָרגען, וויא אומעטום אין דער וועלט פיהרט זיך, אז מען בעדאַרף עפּעס האָבען צו דעם פּריץ זעהט פריהער זיך צו צושארען צו זיינע חשובע משרתים, זיי צוגעפעהלען, ארייצולאָזען זיך מיט זיי אין עפּעס א שמיעס מיט זיסע ריידלעך, ווערען קלאָמפּערשט מיט זיי נאָהענטע שמעלקעכ און אגב טאקי ארייששטופען זיי עפּעס אין הענטיל. מען טראכט זיך דערביי, לאָמיך זיי פארשטופען דאָס מויל, לאָזען זיי זיך נייט קרימען, נישט בילען. אָדער גאָר אזוי: ניישקשה, לאָזען זיי דעם פּריץ ביים וועג געהענדיג ארייגלאָזען אין אויער א גוט וואָרט, א משרית קען ביי זיין אָדון א מאָהל זעהר פיעל העלפען, דאָס וואָס א משרית פּועלט א מאָל קענען עס גרויסע לייט נישט פּועל'ן. דער משרת ווייסט ביין אדון דאָס הארץ און פארזעהט איהם מיט אלע זאכען, וואָס מען טאָר נישט זאָגען.... האָט איינער בעדארפט עפּעס צו איסר'ן (און ווער האָט ניט בעדארפט צו איסר'ן?) דאָ האָט ער שוין פריהער אָבגעניצט מיין לאסקע, איך זאָל בעטען פאר איהם סטאנציע און דערמאָהנען איהם צום גוטען בייא א שמיעס. פון געלט און מתנות איז שוין קיין ריידע נישט געווען. יענער האָט געמיינט, אבי ביי מיר האָט ער געפּועלט, אז איך זאָל ביי מיין רב איסר'ן פארוואָרפען פאר איהם א וואָרט איז ער שוין געהאָלפען, האָטש איך האָב מיר געוואוסט מיינס, אז איסר אליין קען איהם אזוי פיל העלפען, טאקי אויף איסר'ס רייד, וויא א טויטען באנקעס. וואָס ארט עס מיך? לאָז ער מיינען און געבען געלד. און ווען אפילו ס'איז א מעגליכקייט געווען צו העלפען, וועט דאָך איסר נעהמען געלד און טאָן זיינס גאָר אָן מיין שתדלנות. יהיה־איך־שיהיה אזוי צי אזוי, וועט דאָך איסר אליץ נעהמען געלד און מאכען וויא דער שטייגער זיינער: מיר וועלען זעהן, מיר וועלען זעהן! היינט צו וואָס טויג איך נאָך דאָ אין דערמיט? נאָר ווייטער טאקי, וואָס ארט עס מיך? לאָז יענער מיינען און געבען געלד. אָט אויף אזא אופן האָב איך מיר אָנגעהויבען ביסליכווייז נתגדל צו ווערען, צונעהמען אויף זיך לייב און טאקי צונויפגעקליבען שיינע עטליכע גילדען.



— נאָר איין וואָרט, נישקשה. נישט מעהר וויא איין וואָרט! האָט זיך געהערט הינטער דער טהיר עפּעס א גראָב קול און באלד טאקי איז ארין געגאנגען

אין שטיבעל א געשפיקעוועט יורעל אהן א קאפאטע נאר אין אפערלאטעט לייבעל, פון וועלכען עס האבען ארויס געקוקט שטיקליך פארשמירטע ציצית, וואס האבען זיך געבאמבעלט אויף דיא קניע, און אין גראבע תחתונים מחילה מיט גרויסע מגושמדיגע שטיוועל, אויף וועלכע ס'איז געלעגען אפשר א פוד בלאָ־טע און וואס האבען פון זיך ארויסגעגעבען א שטארקען ריח עפעס פון שוויים אין איינעם מיט דיאר.

— א, בעני! האט דער רב געזאגט א קוק געבענדיג אויף דעם דאזיגען פארשוין. וואסוועסט־דוא עפיס זאגען בעני?

— וואס זאל איך זאגען? האט בעני געענטפערט און זיך א קראטץ געגעבען אין דער פאטיליצע. עט, גארנישט זאג איך. נעלד פאר היינטיגען חודש, האב איך שוין ביי אייך אפגענומען, וואסער האב איך נאך נעכטען ביי דער נאכט אפגעגעבען. איך האב נעכטען דיא גאנצע נאכט כמעט געהאט דאס פיהרע־ניש. יצחק אברהם'ס שטארב האט מיך גוט אפגעפיהרט. מיינע בעלי־הבתים, וואס לעבין איהם אין שכנות, האבען דאס וואסער אויסגעגאסען, געליבען א גאנ־צען טאג אהן וואסער. נישט געהאט מיט וואס צו קאכען. ווער איז שולדיג? דער וואסערפיהרער. יענעם גלוסט זיך שטארבען און אויסגעהן געהט עס אויס צום וואסערפיהרערס קאפ. געה פיהר זיי דיא גאנצע נאכט וואסער! אז איך האב אקעגען טאג צוגעמאכט איין אויג קומט דיא מאמע זאל לעבען און וועקט מיך: בעני, בעני! שטעה אויף, פארקייטעל דיא טהיר, איך געה צום ערשטין מנין הערען קדושה, פון דער שוהל געה איך אויפין הייליגען ארט, היינט האב איך יאהרצייט. גיב דא אכטונג צום טעפעל קאליש, וואס איך האב צוגעשטעלט אויפן פריפעטשיק. איך פטר ארויס דיא מאמע און לייג מיך וויערש־ צו. קוים וואס איך חאפ א דרעמיל הער איך פיק, פיק, פיק. דער האהן מיט דיא היהנער זיינען אראפ פון דער סידעליע. שטעהן און פיקען געשמאק א ריפטעל ברויט אויפן טיש. א קיש, א קיש! שרייא איך. א קיש אהין, א קיש אהער זייא פיקען טאקי אליץ. לעבין מיר איז גראד געלעגען א הילצערן לעפיל, א פליישינגס, חאפ איך דאס לע־פעל און לאז מיך צו דיא היהנער. פלוצלים הארך איך, אויפן פריפעטשעק לויפט דאס טעפיל.. מיינער חאפט אין איילענעש און שטעקט אריין אין דעם מילכיגען טעפיל דאס פליישינגע לעפעל און מאך אהן א שאלה! דער לעפעל איז פליישיג, נאר ווייל ס'איז נישט געקארבט מיט דריי קארבען. חלילה נישט ווייל מען עסט דערמיט פליישיגס. איך זאל אזוי בעהיט ווערען פון קריינק! דאס טעפיל ווידער איז מילכיג, נאר ווייל מען האט דרינען קאנמאל נישט געקאכט קיין פלייש. זינט

מיין ציג איז מיר געפגרט קומט אפילו אין מיין גבול קיין מילך נישט אריין. איהר מעגט מיר גלויבע אויף מיין יודישקייט..... היינט, רבי, פסקעט מיר א שאלה!

— עפעס א גרויס טעפעל? האט דער רב געפרעגט.

— גרעסער פון מיין קאפ, האט בעני געענטפערט, אפשר אקעגען איין איי־מער. איך זופ מיך דערמיט אן פול וויא א פעסעל און ארבייט אוועק דעם גאנצען טאג אהן א פאפאס.

— כשר. האט דער רב געזאגט, און איידער בעני איז ארויסגעגאנגען איז אריינגעלאפען עפעס א ווייבעל מיט א יאמער א קלאג:

—רבי, איך האב שוין מעהר קיין כח נישט אויסצוהאלטען! איהר האט אודאי זעהר גוט געמיינט, וואס איהר האט צווישע אונז געמאכט א לעבען און ניט צוגעלאזט קיין גט, נאר אזא לעבען אויף אלע מיינע שונאים געזאגט געווארן. אייערע טהייערע ווערטער זיינען צו איהם אזוי פיל צוגעשטאנען וויא איין ארבעס צום וואנד. ער טהוט זיך טאקי זיינס און מאכט מיר אליין דעם טויט. איך שווארץ דאס פנים, לייא, בארג קויף איין אויפן מארק אייער, היהנער, וויא ס׳איז עפעס צו פארדינען אבי צו דערהאלטען דיא נשמה פון דיא הונגעריקע, אפגעריסענע, אפגעשליסענע קינדערליך, און ער ווייכט נישט מעהר וויא דיא הסידאָניע, וואו ער פארברייננגט דיא גאנצענע טעג מיט זיינע לייט אונטערן אויסווע טרינקען, שמיעסען פאטשטען, און אז ער קומט אהיים מוז איהם אלסדינג זיין. ער זאל האטש א קוק טאהן אויף דיא קינדער. זיי געהען איהם כלל נישט אן, וויא זיי וואלטען געוועזן פרעמדע. צו מיר רעדט ער נישט קיין גוט ווארט גלייך וויא איך וואלט געוועזן צו איהם פערקויפט, זיינס א דינסט, וואס איך בין נישט ווערטה צו וואשען איהם דיא פיס און טרינקען דאס וואסער, איך הער נישט מעהר פון איהם אלץ שטיא, טיפושטע, שפלה! אונטער עפעס א יום טוב פאהרט ער זיך אוועק צו זיין רבי׳ן, נעהמט ביי מיר צו דאס לעצטע און ליגט דארט אפ א צייט מיט זיין קומפאניע, אזעלכע וויא ער. עס זאל איהם אנהויבען ארען א היים, עפעס א ווייב מיט קינדער, וואס זיינען זשעדנע א שטיקעל ברויט און קומען נעביך אפ. רוף איך א מאהל מיך אן אקעגען דעם עפעס א ווארט סטראשעט ער מיך, ער מוז מיך נאר אוועקווארפען מיך מאכען פאר א וויסטע עגונה, און וויזען מיר ווער עלטער איז, וואס א יודענע איז אזוינס. היינט אין דער פריה קומט ער פון קלייזעל, אין שטוב איז קאלט, האטש וועלף צו טרייבען, שוין מעהר פון צוויי טעג איז קיין רויך פון מיין קוימען נישט געגאנגען, דיא קינדער דרא־

זשען, ציטערן און בעטען עסען. דאָס קליינע קינד אין וויעג איז שוין הייזעריג שרייענדיג, וויל נעביך זייגען און ביי מיר איז נישטאָ קיין קאפּ מילך. פון וואנען זאָל עס זיך נעהמען אז איך דארב און צוויי טעג איז אין מיין מויל קיין לעפעל געקעכטץ נישט געקומען. שטיאָ, מאכט ער מיט א קאלט געמיטה, לייג מיר אריין אין קלומעקיל א העמד מיט דער שבתדיגער קאפּאָטע. איך האָב פערשטא־נען אז ער קלייבט זיך פאָהרען אהין מיט זיין כנופיא, עס געהט דאָך א חנוכה. דאָס הארץ איז מיר געוועזן זעהר פערביטערט נעהם איך און רוף מיך אָן : גזלן איינער! וואָס טראכטסטו זיך ? קוק האָטש אָן דיינע קינדער, וויא זיי בידעווען, ליידען און דוא האָסט אין זינען פוסטע, נארישע זאכען! מילא דאָס ווייב איז א גאָר נישט, א שטיא, א יודענע, א צויג, אָבער דיא קינדער, גוואלד דיינע קינדער! . . . וויא איך האָב דאָס איהם נאָר ארויסגערעדט אז ער פאלט עס אויף מיר אָן מיט א כעס, מיט א געפּילדער : אזוי שטיא! דוא וועסט עס מיך אזוי זידלען און אָנרופען נארישקייטען אזעלכע הויכע זאכען, וואָס זיינען נישט פאר דיין יוייבערשען מוח! אזוי דוא שפלה איינע! נוא היינטיגס מאָהל איז איין עק, איך מוז דיך אויף אייביג טאקי אויף אייביג אוועקווארפען, אז דוא זאָלסט בלייבען א וויסטע עגונה. נישקשה איך וועל מיר דאָרט ערגיץ חתונה האָבען, איך מעג נישקשה, און דיך מוז איך אָנלעהרנען, דוא זאָלסט וויסען וואָס איז אזוינס א יודענע. . . . ער האָט זיך נישט געקיהלט מיט דיא רייד און מיך נאָך אָנגעהויבען צו קנייפּען. נאָט, זעהט זייט מוחל וויא ער האָט מיר צוקניפּען דיא הענד. ברוין און בלוי מיר געמאכט דאָס לייב! גוואלד רבי ראטעוועט מיך! לאָז ער מיר געבען גט. איך האָב שוין מעהר קיין כח נישט אויסצוהאלטען! . . .

— געה שוין, געה א היים! האָט דער רב געזאָגט. איך וועל נאָך היינט שיקען דעם שמש, ער זאָל איהם צו מיר בריינגען.

קוים איז דאָס ווייבעל ארויסגעגאנגען האָט דיא שמשטע זיך אריינגעחאפּט אָנגעטאָהן דיא ייפּע אויף איין ארבעל מיט א ליילעך אונטערן אָרעם.

— נאָט העלף! האָט זיא געזאָגט צום רב נאָכדעם וויא זיא האָט פריהער־מיט דער האנד א ריהר געטאָהן דיא מזוזה און א קיש געטאָהן דיא פינגער. איך האָב אייך געוואָלט אויף א רגע מטריח זיין מיט א „שאלת נשים“. נאָט אייך זייט מוחל דעם ליילעך.

אין דער צייט ווען דער רב איז בעשעפטיגט געוועזן מיט זיין רבנישע זא־כען איז דער עולם אין שטיבעל געזעסען עפּעס משונה פערטראכט. דיא נגידים האָבען זיך געבלאָזען, געקוקט מיט פערדראָס און זיינען געוועזן עפּיס שטארק צו־

האכט, גלייך וויא איינער וואלט פלוצלים פון דער העלער הויט אויף זיי אנגעפאלען און זיי גערופען שווינדלער פאר א וועלט מענשען.

— וואס זיפצט איהר אזוי ר' חנא? האט איין נגיד זיך אנגערופען און אליין אויך עפעס וויא א קרעכץ געטאהן.

— עט, ר' בעריש, האט רבי חנא געמאכט מיט א קנייטשעל. איך ווייס חלעבען נישט, וואס יצחק אברהם וויל האבען מיט זיין מעשה. עפעס קומט דא פיר אזעלכע ווערטער, וואס פאסטען כלל נישט פאר איהם! וואס זאגט איהר ר' בעריש צו דיא שטעכווערטלעך? איהר זיינט א מבין וואוהין זיי דערלאנגען? ווער ווייסט ביז וואנען דאס לייענען וועט נאך געדוישרן, איך האב היינט אסור נישט קיין צייט. איך זיץ דא וויא אויף שפילקעס.

— איך זיטץ אויך חלעבין וויא אויף שפילקעס, האט ר' בעריש געענטפערט. אויב איך בין א מבין, פרעגט איהר, וואהין דיא שטעכווערטליך גערן, וואהין זיי דערלאנגען? אי־אי בין איך א מבין ר' חנא! פע, פע. איך וואלט מיך אזוינס פון יצחק אברהם קיינמאל נישט געריכט! ער איז, דאכט זיך נישט געוועזן קיין נארישער מענש און פארשטאנען איין עסק.... אפשר וואלט א סברא געוועזן מיר זאלען איצט טאקי אוועקגעהן. מיר זענין דאך בעשעפטיגטע מענשען. אט חלעבין, פאלגט מיך לאמיר אוועקגעהן.

— חלילה, חלילה! האבען זיך עטליכע נגידים אנגערופען, עס וועט אויסזעהן אז מיר האבען זיך געפונען געטראפען. אדרבה, דוקא זיטצען און אויסהערען ביז אין סוף אריין.

ר' חנא האט ווייטער א זיפץ געטאן און ר' בעריש האט מיט דער האנד זיך אנגענומען בייא דער נאז און געברומט עפעס אונטער זיך וויא איינער וואס איז שטארק ברוגז.

— א, גוט מארגען, גוט מארגען! האט ר' פייבוש געזאגט אריינקומענדיג אין שטיבעל זעהר פרעהליך און דאס פנים האט איהם געפלאמט וויא בייא איינעם, וואס איז אביסיל פארלעקט. איך בין ביז איצט טרוד געווען און נישט גע קענט מיך אויסרייסען אהער. וואס איז דיא מעשה? האט ער געמאכט א קוק געבענדיג אויף דיא נגידים, וואס זיצט איהר עפים אזוי אומעטיג?

— וואס איז דיא מעשה, ר' פייבוש, וואס איהר זענט אזוי פרעהליך? האבען דיא נגידים צו איהם זיך אנגערופען.

— מען האט שוין א־פנים דערווייל אפגעלייענט אהן מיר, האט ר' פייבוש

געזאָגט, א שאָד חלעבין, וואָס איך האָב נישט געהערט. עס האָט געמוזט זיין זעהר שיין.

—אזא יאָהר זאָלט איהר האָבען, האָט ר' בערוש געברומט אונטער זיך.

—נישקשה ר' פייבוש ס'איז פאר אייך נאָך אויך געגוג איבערגעבליבען. האָט איינער פון דיא נגידים זיך אָנגערופען.

א, גוט מאָרגען רבי! האָט ר' פייבוש געזאָגט צום רב, וואָס איז צוגעקומען צום טיש. זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב מיך פארזאמט, איך בין אצינד פאר־טראָגען געווען אלץ וועגען יצחק אברהם'ן. חברה האָט ערסט זיך אויסגעגלייכט וועגען דעם קבורה געלד.ביידע צדדים האָבען אביסיל זיך איינגעשפארט, פאר־עקשהנט. חברה איז אָבער געווען גערעכט און האָט טאקי אויסגעפיהרט. פון ווע־מען דען זאָל חברה אָפּלעקען א ביינדעל אז נישט פון אזא פעטען ברמינן? א שאָד חלעבען רבי, וואָס איהר האָט געלייענט און איך האָב ניט גיהערט. אזא מעשה חלעבין מעג מען הערען, זיא איז מתוק מדבש. איך האָב מיך נעכטען פשוט מחיה געווען זיא הערענדיג פון אייער כשר'ן מויל. דער סוף מוז זיין גאָר אנטיק אַ־ווא, א שאָד חלעבין וואָל איך האָב נישט געהערט!

אודאי ר' פייבוש, האָט דער רב געזאָגט, האָבען מיר דערווייל אָהן אייך דאָ היבש אָפּגעלייענט, נאָר ס'איז נאָך געבליבען שירים. אָט וועל איך מיך טאקי נעהמען לייענען ביז אין דעם סוף אריין.

---

14

דער רב האָט נישט געמאכט לאנג קיין שיהות און אָנגעהויבען ווייטער לייענען אזוי:

פוצען און קליידען זיך דאָס איז געווען מיין בעסט פארגניגען וויא דער שטיינער איז פון אלע אויפגעקומענע משרתים, וואָס האָבען ליב ארויפצוציהען אויף זיך אלסדינג וואָס נור זיי קענען, צוגעהן בעהאנגען מיט בלישטשענדיגע קייטעליך און פינגעדליך און זייערע שטיוועל זאָלען גלאנצען וויא דיא שפיגעליך, בכדי דיא וועלט זאָל זיך אויף זייא וואונדערין און חידושין. שבת פלעג איך גע־ווענהטליך מיך אויספוצען וויא א טאָק און דורכגעהן זיך מיט מיינע חברים צור־ווייזען זיך אויף חדושים פאר דער וועלט און צובעטראכטען דיא אלע ווייבליך און מיידליך, וואָס געהן קומפּאניעסוויים שפאצירען. איך האָב געקענט אין דער שטאָט כמעט אלע דינסטען און געוואוסט היסטאָריעס פון א סך ווייבליך, צווישין

וועלכע איך האָב געהאט זעהר פיל בעקאַנטע. אז איך האָב איינמאָל שבת נחמו געשפּאַצירט מיט חברה אין דער שטאָדט, וואו עס האָבען זיך געשפּאַטען יודישע טעכטער אין זיידענע און סאַמעטענע מלבושים, בעהאַנגען מיט פּערעל און מיט אַלערלייא מיני צירונג איז מיר אקעגען געקומען עפּעס א מיידעל, אָנגעטאָן זעהר פּראַכט אין א ציטצען קליידעל, ריין וויא זילבער, איהר פּנים האָט געשיינט וויא דער ליכטיגער מאָרגענשטערען און פאַרטונקעלט אַלע אַנדערע מיט זייערע פּערעל און דימענטען, זייא האָבען אקעגען איהר זיך אָנגעזעהן וויא א ליכט אקעגען דער זון. בייא דער זייט איז איהר געגאַנגען א יונגער מאַן א כּמאַטעטשנער זעהר שיין געוואַקסען, איהר שיינקייט האָט מיר פאַרנומען דיא אויגען, איך בין געבליבען א היבשע צייט שטעהן וויא צוקאָכט און נישט געהערט נישט געזעהן וואָס ארום מיר טוהט זיך. אז איך האָב שפּעטער א ביסעל מיך פאַמיעטענט האָב איך זיי מעהר שוין ניט געזעהן, זיא איז דורכגעגאַנגען צווישען דעם עולם און פאַרשווינ־דען געוואָרען אזוי וויא א פליהענדער שטערען אין דיא זומער־נעכט נאָר איהר בילד אָבער איז מיר געבלבען איינגעבאַקען טיף אין האַרצען און פון יענער צייט אָן האָב איך זיא נישט געקענט אויף א רגע אַרויסשלאָגען פונם קאָפּ. עס האָט תמיד פאַר מיר זיך אויסגעמאָהלט איהר פּנים איהר געשטאַלט און בייא דעו נאַכט אין דער פנסטער האָבען אקעגען מיר געפינקעלט געלויכטען איהרע ברע־נענדיגע אויגען וויא צווייא אָנגעצונדענע סטעאַרינאָווע ליכט. עס האָט מיר זיך אַלץ געדאַכט, אז זיא איז מיר שוין לאַנג בעקאַנט, איך האָב זיא אין מיין לעבען שוין א מאָל געזעהן, נאָר ווען און וואו האָב איך נישט געקענט מיך דערמאָהנען. איך האָב מיר פירגענומען, אז איך מוז מיך דערגעהן ווער זיא איז און אויפזוכען וואו זיא זיצט.

א מאָל בין איך צווישען טאָג און נאַכט גראָד געגאַנגען ערגיץ אין א פאַרלע־גען געסעל. דער בלויער לויטערער הימעל האָט ביי דיא ברעגען זיך בעדעקט מיט שוואַרצע פּאַסען חמאַרע, אין וועלכע עס האָבען צייטענווייס זיך דורכגעוואָרפען בליטצען וויא לאַנגע פייערדיגע שטרייפעליך. אין דעם געסיל איז געווען שטיל, נישט קיין פוס פון א מענשען און איך בין מיר געגאַנגען זעהר פאַרטראַכט, עפּיס שטאַרק מרה־שחורהדיג. פּלוצלים דערהער איך א ביטער געשרייא, וואָס האָט מיך אָנגעחאַפּט ביים האַרץ. איך גיב א בליק, אַעגען מיר לויפט איינער מיט א פּעקיל גיך און געשווינד וויא א גנב, וואָס וויל אַנטרינען ווערען. שטעה! האָב איך א געשריי געטאָן, זיך געשטעלט בעהאַרצט איהם אקעגען און אויפגעהויבען אויף איהם מיין גראָבען שטעקען. יענער האָט זיך שטאַרק דערשראָקען, אַרויסגעלאָזט

פון די הענד דעם פעקיל און אליין איז ער אנטלאָפען, גיך פארשווינדען געוואָרן.
נישט ווייט פון מיר לעבען א פּלייט איז געלעגען אויף דער ערד עפּעס א מענש.
אז איך בין צוגעלאָפען צו איהם מיט דעם פעקיל האָט ער אפילו קיין ריהר זיך
נישט געטאָן. אין דרויסען איז טונקעל געוואָרען פון א שטיק שווארצע חמארע
וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויבען אין הימעל. איך האָב אין איילעניש אָן דעם
מענשען ביין קאָפּ און מינטער איהם. פּלוצלים האָט אָנגעהויבען צו בליטצען,
איין בליטץ נאָך דעם אנדערען און איך דערזעה אקעגען מיר א פּאָר אָפענע ברע־
נענדיגע אויגען. עס האָט מיר א קלאַפּ געגעבען אין הארץ, דער קאָפּ האָט מיר
זיך פארדרעהט און איך בין געבליבען שטעהן שטארק פארמישט, איך האָב דער־
קעמט ז י א דאָס איז געווען ז י א

זיא האָט מיר דערצעהלט, אז בשעת זיא איז פריהער אביסיל געגאנגען אליין
דאָ אין דעם געסעל איז אונטערגעשפּרונגען עפּעס א מענש, ער האָט איהר דער־
לאנגט א שטארקען זעטץ איבער דער האנד און געשווינד ארויסגעחאפּט ביי איהר
דאָס פעקעל מיט העמדער, וואָס זיא האָט אָנגענומען ערגעץ אין איין אָרט צו
נעהען. ווען איך זאָל נישט געווען אונטערקומען, האָט זיא געזאָגט מיט טרעהרען
אין דיא אויגען, און אָפּנעהמען ביים גנב דיא זאכען וואָלט זיא געבראָכען געוואָ־
רען פון ברויט און נאָך ארויין אין א מיאוס'ן רוף ביי לייט, קיינער וואָלט איהר
מעהר נישט געגעבען קיין שטאָך ארבייט. זיא האָט מיר גידאנקט פונם גאנצען
הארץ, דאָס פּנים האָט איהר דערביי געפלאמט און איטליכער בליק פון איהרע
פייערדיגע אויגען האָט מיך געסמאַליעט, געבריהט, איך האָב געפיהלט, אז דאָס
הארץ ווערט מיר אינווענינ צושמאָלצען וויא וואקס. גאָט זאָל אייך בעצאָהלען!
האָט זיא צולעצט געזאָגט מיט א ציטערדיג קול און געוואָלט געהן איהר וועג. —
ניין, ניין! האָב איך מיך אָנגערופען צוקאָכט, איך וועל אייך בשום אופן נ שט
לאָזען געהן איצט איינע אליין, איך מוז אייך אונטערפיהרען ביז צו אייער היים.
זיא האָט זיך עפּעס וויא געקווייקעלט, דאָס פּנים איהרער האָט געזאָגט, אז איהר
איז עפּעס פריקרע צוגעהן אין דער צייט מיט א פרעמדען יונגען מאַן, נאָר איך
האָב זיא נישט געלאָזט קומען צום וואָרט, געשווינד גענומען צו מיר אין האנד
איהר פעקעל העמדער און בין מיט איהר געגאנגען ווייטער דורך געסליך, וואוהין
זיא האָט מיך געפיהרט. דעם גאנצען וועג האָבען מיר נישט גערעדט כמעט קיין
וואָרט. איך האָב נאָר הינטערווייעלעכס אויף איהר געקוקט און געציטערט וויא אין
קדחת, און ווען זיא האָט מיך אָנגעריהרט מיט דער האנד בשעת מעשה, אז זיא
פלעגט אלץ ועלען צונעהמען ביי מיר דעם פעקעל, איז מיר דורך דעם גאנצען

ליב דורכגעלאפען עפעס א דראַזש, דאָס בלוט איז מיר געבליבען שטעהן פאַר־גליווערט אין דיא אָדערן און עס האָט מיר פאַרנומען דער אָטהעם. אזוי זענין מיר ביידע געגאנגען ביז זיא האָט מיך צוגעפיהרט צו א שטוב, וואָס אויף דער טהיר אין הויף אריין איז געהאנגען א קליינע ווייסע וויווּעסקע מיט שווארצע כתיבהטע אותיות: „דאָ זיצט גאָלדע יאקאָבזאָהן דיא נעהטאָרין". יאקאָבזאָהן! האָב איך א זאָג געטאָן פארוואונדערט און האָב מיך דערמאָהנט אָן יאקאָבזאָהן, וואָס האָט מיך א מאָל ארויסגעהאָלפען אין דער נויט. יאָ, האָט זיא זיך אָנגערופען, איך הייס גאָלדע יאקאָבזאָהן, וואָס איז עס עפּיס אייך אזא וואונדער? — אייער טאַ־טע איז מיר פון גאנץ לאנג בעקאנט, האָב איך געענטפערט, ער האָט מיר אמאָל געהאָלפען אין א שלעכטע צייט. — מיין טאטע איז שוין עטליכע יאהר טויט, האָט זיא געזאגט מיט א זיפץ. און איידער מיר האָבען זיך געזעגענט האָט א שטארקער דונער געטאָן און א שלאקס רעגען האָט אָנגעהויבען צו פלייצען וויא א מבול. זיא האָט מיך געבעטען אריינצוגעהן מיט איהר צו זיך אין שטוב איבער־ווארטען דאָרט דעם רעגען. עס פארשטעהט זיך, אז איך האָב עס געטאָן בשמחה און בין פון דעם רעגען זעהר שטארק צופריעדען געוועזן. פון מיינעטוועגען האָט געמעגט גיסען א מבול, גאָר קיינמאָל נישט אויפהערען און איך זאָל בלייבען מיט איהר אין איינעם אין שטוב וויא אין נח'ס תבה.

דיא שטוב, אין וועלכער איך בין אריינגעגאנגען, איז בעשטאנען פון איין חדר אבגעטיילט אין דערמיט מיט שפּאַנישע ווענטלאך. א העלפט איז געווען א ספאלניע און דיא אנדערע העלפט—א חדר אויף צו זיטצען.ביים ערשטען אָנבליק האָט מען געקענט זעהר גרינג ארויסזעהען, אז דאָרט וואוינען מענשען אָרעמע אָבער נישט קיין פוילע, אָפּגעלאָזענע. דאָרט האָבען זיך געפונען עטליכע אלטע ביינקליך מיט א קאנאפּקעלע איבערגעצויגען מיט א געלבליכען, אָבגעבלאַ־קעוועטען סיטץ. לעבען וואנד איז געשטאנען א קאָמאָדע איבערגעדעקט מיט א טישטוך, ווייס וויא שנייא און דארויף איז געווען אויסגעשטעלט: שמאָכטעלייען: א פּאָר קליינע פּארצעלאענע שעלכליך מיט רויטע קווייטען, א צווייא בלויע גע־שליפענע קעלישקעליך און א פושקעלע פון טשערעפּאשקעס, א שפּיגעלע מיט קליי־נע פּארפימע־פלעשליך וכדומה נאָך אזעלכע קליינינקייטען, וואָס זענין געווען דאָס גאנצע צירונג, דאָס שיינדעל אין דער שטוב, דערצו האָט מען נאָך געקענט צורעכנען דיא עטליכע בלומענטעפּליך אויף דיא פענסטער און דעם אויסגע־שטריקטען פּארטרעט פון משה רבינו מיט דיא לוחות אין דער האנד. לעבען בענסטער איז געשטאנען א טיש, אָנגעלייגט מיט לייוואנד, מיט פּאסמעס פּע־

דעמליך און מיט אלע אנדערע זאכען וואָס צו דער ארבייט. אריינקומענדיג אין שטוב האָט גאָלדע מיך פאַרגעשטעלט פאר איהר מוטער, א דארע, א שלאַפע ייד־דענע פון א יאָהר פופציג, און אין קורצען איהר דערצעהלט דאָס גאנצע בעגעגע־נים איהרס, ערשט ניט לאנג. דיא מוטער האָט מיך געמאכט א שיינעם ברוך־הבא און מיך געבעטען זיטצען. לעבען עק טיש אויף א ביינקעל איז געזעסען א קליין מיידעלע פון א יאָהר אכט, זיא האָט קלאַמפּערשט עפּעס וויא גענעהט און הינ־טערוויילעכס אויף מיר געקוקט מיט חיטרע אייגעליך. גאָלדע האָט זיך אויך גע־זעצט לעבען טיש און פאנאנדערגענומען דאָס פּעקיל, וואָס זיא האָט געבראכט. עטליכע מינוטען בין איך געזעסען שטיל וויא א חתן־בחור און נישט גערעדט קיין וואָרט. אויפן הארץ איז מיר געווען עפּעס פרעהליך, איך האָב געקוקט וויא גאָלדע ארבייט מיט איהרע ווייסע פוחקע הענדליך און עס האָט מיר עפּעס שטארק הנאה געטאָן. דערנאָך איז געוואָרען א רייד איבער דער פּאַגאָדע, וויא נייטיג דער רעגען איז. דיא אלטע האָט אפשר א מאָל צעהן איבערגעחזרט, אז דאָס געהט נישט קיין רעגען נאָר ברויט און האָט געמאכט האָפנונגען, אז נאָך דעם רעגען וועט מיט עטליכע גראָשען זיכער ווערען דער מקח פונם פוד מעהל. גאָלדע האָט עפּעס זיך איבערגעווינקען מיט דער מוטער און איז ארויסגעגאנגען. דיא אלטע איז געבליבען לעבען מיר, האָט אלץ גערעדט און איז ארויפגעקומען אין שמיעס דארויף, וויא דער מאן איהרער האָט א צייט נעביך געקריינקט און פארקריינקט דעם לעצטען גראָשען ביז ער איז געשטאָרבען און איבערגעלאָזט זיא, ווי סטע אלמנה, מיט צוויי קינדער וויא אויף דעם וואסער. נאָר גאָט אָבער האָט זיא גע־בענטשט מיט א טאָכטער, וואָס איז ווייט אין דער וועלט צו זוכען איהר גלייכען, איהר גאָלדעניוא איז גוט אי פרום מיט אלע מעלות. זיא ארבייט נעביך טאָג וויא נאכט, נעהט, שטיקט און נעהמט זיך דיא אויגען ארויס איבער דער נאָדעל וויא ס'איז ארויסצוברייגגען דאָס שטיקעל פרנסה. מען לעבט טאקי אין דחקות אין צרות, איהר ביטערע, שווערע ארבייט קלעקט קוים קוים אויף דיא נייטיגסטע בעד־דערפניש, נאָר נישט צו פארזינדיגען, מען לעבט דאָך פּאַרט, גאָט ווייסט וואָס פון אונז וואָלט געוואָרען ותען נישט גאָלדעניוא. אודאי מעג איך מיר פרייען, זיך שעטצען גליקליך מיט אזא מתנה פון זיין ליבען נאָמען, נאָר וויא ווײנט אין מיר ‏איבער דאָס הארץ, האָט זיא געזאָגט מיט א שטארקען זיפץ און טרעהרין האָבען איהר זיך געשטעלט אין דיא אויגען, קוקענדיג וויא גאָלדעניוא ארבייט אויף אונז אלע מיט נויט־שוויים נעביך, שטעלט איין דאָס געזונד, דאָס לעבען און פאו־גינט נישט אויף זיך אליין אויסצוגעבען א מאָל, איהר זאָלט זאָגען אפילו א

צוּבראָכענעם שילינגער. וואָס איך בעט זיא א מאָל: גאָלדעניוא סערצע! האָב רחמנות אויף דיין לעבען, קויף דיר עפּעס אויף צו דערקוויקען זיך און רוה זיך אביסיל אוים, נשמה מיינע, ענטפערט זיא אלץ מיט א געלעכטער: איך בעדארף מיך נישט קוויקען, מאמע, עס נידעט מיר חלילה נישט ביים הארץ. לאָזען זיך קוויקען יענע וואָס זיטצען פארלייגט דיא הענד און ווייסען אליין ניט וואָס געהט זיי אָפּ. אויף אויסרוהען זיך איז דאָ ביי אונז א גרויסער טאָג שבת. אזוי ענט־פערט זי אָפּ תמיד מיט א ווערטעל און טוט טאקי ווייטער דאָס איהריגע שטיל, פיין וויא א שטילע טויב, לאָז מיר זיין פאר איהר קאָפּ!...

אין מיטען שמיעס איז אריינגעקומען גאָלדע און אנידערגעשטעלט אויפען טיש א טאץ מיט פיער גלעזער טהעע.

אז מיר האָבען אָפּגעטרונקען טהעע האָט דער רעגען אויפגעהערט, גאָלדע האָט געהייסען איהר שוועסטעריל זיך געהן לייגען שלאָפען. געה שיינדעלע, האָט זיא צו איהר געזאָגט און זיא א גלעט געטאָן איבער דער קעפּעלע, דיר איז שוין צייט צו שלאָפען. דוא ווערסט בעסער פריהער אויפשטעהן. דיין לעהרער וועט שוין היינט נישט קומען. — שיינדעלע האָט א קיש געטאָן דיא מוטער אי דיא שוועס־טער, געזאָגט איטליכען א גוטע נאכט און געגאנגען שלאָפען. מיר איז שוין אויך צייט געווען צו געהן, איך האָב מיך אויפגעהייבען פונם ביינקעל זיך געזעגענט און אוועקגעגאנגען.

דיא האַלבע לבנה האָט געשיינט און איז וויא א גילדען שיפעלע זיך גע־שווימען אין דעם גרויסען, בלויען ים פון דער לופט, וואָס איז געווען רוהיג, שטיל אָהן א שום ווינטעלע. דער הימעל האָט מיט טויזענטער ליכטיגע שטערען אראָפּ־געקוקט וויא א פארליבטער חתן אויף דער געליבטער ערד, וואָס איז געווען אָנגע־טאָן אין א גרין קלייד פון גראָז, פארפוצט מיט אלערליי שיינע בלומען, פון וועל־כע עס האָבען געשמעקט זיסע, געשמאקע ריחות וויא פון דיא טהייערסטע פאר־פומעס. זשאבעס האָבען לוסטיג געקוואקט אין דיא טייכליך און ערגיץ פון א גאָרטען האָט זיך אָנגערופען אויף זיין קול א סאלאווייא, איין בריה אויף דער וועלט. א כפּרה אלע חזנים.... מיר האָט עפּעס אויך זיך געזונגען אויפען הארץ. איך האָב געהענדיג אונטערגעזונגען און אליין נישט געהערט וואָס, נאָר צוקומעדיג נאָהענט לעבען דער היים האָב איך מיך עפּעס וויא א כאפּ געטאָן און דערהערט אז איך זינג לייזער דעם שניידערס א ניגונדיל וויא מען בעזעצט א כלה. א, אין דער ערד אריין פאלגע! האָב איך אין שפּאס געשאָלטען לייזערען און מיט א פרעהליך שמייכעלע איהם אָפּגעשיקט צו אלדע שווארץ־יאָהר.

הערט א מעשה! נאָך אזא פרעהליך בעגעגעניש האָט דיא גאנצע נאכט מיר זיך נאָר געחלומט עפּעס טרויעריגע סצענעס, וויא מען וויינט מיך אָפּ מיט טרעה־רען און קולות פון מענשען שרייען עפּעס ארויס וויא פון דער ערד, גוואלד וואָס האָט מען צו אונז געהאט!....

---

15

איך האָב אנגעהויבען צו־ווערען ביי גאָלדען אין שטוב איין אָפּטער גאסט, עס האָט מיך געצויגען אהינצו עפּעס וויא א מאגנעט. מיך האָט געצויגען צו איהר נישט איהרע מעלות און מדות טובות וויא זיא דערנעהערט זיך כשר און האלט אויס שיין און פיין איין אלטע מוטער און א שוועסטעריל מיט איהר ארבייט, ניין, אזעלכע זאכען האָט איסר'ס א תלמיד נישט געקענט שעטצען. געלד, דאָס איז געווען ביי מיר דער ארשין אויף־צומעסטען דעם מענשענס מעלות וויא אויך דאָס עכטע געוויכט אָפּצו־וויעגען אלע מיני מידות טובות, א קלוגער א בריה, א מענש האָט ביי מיר געהייסען דער וואָס האָט געלד און לעבט אין וואוילטיג, וויא אזוי עה האָט עס בעקומען און אויף וועמעס הוצאות ער לעבט, דאָס מאכט גאָר נישט אויס, און אזעלכע זאכען געהן אריין פּאָדראָבנע נאָר אָרימעלייט, שלימזל־ניקעס מחמת קנאה און פארדראָס, וויא אויך מחמת דעם, בכדי מיט זייער בערייד־דען יענעם צו פארגלעטען דערווייל זייערע אייגענע פעהלער, וואָס זיי זייגען שלימזלניקעס, טויגעניכטסען און צוקיהלען זיך אביסיל דאָס הארץ, צו טרייסטען זיך קלאָמפּערשט פאר דער וועלט, אז זייער אָרעמקייט איז נאָר פאר זייער גוטען חאראקטער, דערפאר וואָס זיי קענען נישט וויא אנדערע זיין פאלשע, נידעריגע מענשען. ניין, נישט גאָלדעס גוטע שיינע מעלות זענין מיר געפעהלען, מיר איז געפעלען געווען נאָר איהר שיין פנים, מיך האָט געצויגען צו איהר א מגושמדיגע ווילדע ליעבשאפט. וואָס איך האָב מיט דער ליבשאפט געמיינט דאָס האָב איך מיר נאָך אליין קיין חשבון ניט געקענט אָבגעבען, איך בין דערווייל צו גאָלדען געגאנגען, תחלת האָב איך איהר געבראכט ארבייט, מיר געלאָזט נעהן ביי איהר העמדער, מאנישקעס און דערנאָך פלעג איך מיר שוין אזוי קומען גלאט וויא א גוטער בעקאנטער.

אין דער צייט וואָס איך בין געגאנגען צו גאָלדען פלעג איך דאָרט אלץ טרעפען יענעם יונגען מאן, וועלכען איך האָב דאָס ערשטע מאָל בעגעגענט שבת געהענדיג מיט איהר שפּאצירען. ער איז געווען דאָרט זעהר היימעש וויא אן איי־

גענער, א גאנצער בן־בית. ער פלעגט לערנען מיט שיינדעלען, העלפען אין שטוב, ברייננגען א מאל מיט זיך פונם מארק נייטיגע זאכען, אויך אמאל לייען און געבען אונטער איין איינגער צייט, קיינער אין שטוב האט איהם נישט געהירצט און איהם גערופען פראסט ביים נאמען מיכיל. מיכיל איז געווען א שרייבער, וואס פלעגט לערנען מיידליך און יונגליך שרייבען און ציהען דערפון זיין שטיקעל פרנסה. פון א שמיעס אמאל מיט דער אלטער האב איך מיך דערגאנגען, אז מיכיל איז דער פאמיליא א גאנצע אנהאלטעניש, א גרויסע פאדפארע, אהן איהם וואלט אויסגעקומען א מאל זעהר שלעכט, ער איז איהרער א ווייטער קרוב און איז גאלדעניוס שוין כמעט א חתן. לעת־עתה איז דאס נאר פאר דער וועלט בסוד, נאר אין א קורצער צייט פארהאפט זיא אם־ירצה־השם מאכען תנאים און ברעכען טעפ. דיא דאזיגע ווערטער האבען מיך געשטאכען אין דער זיבעטער ריפ, נאר איך האב מיר געמאכט נישט וויסענדיג, גלייך וויא עס געהט מיך גאר נישט אן. פון יענער צייט האב איך געהאלטען מיכלען פאר מיין ערגסטען שונא, וואס שטעהט מיר אין וועג און האב אלץ געטראכט וויא איהם בייא צוקומען. איך פלעג מיך וויא א קעצעלע צושארען צו גאלדען אי צו דער מוטער מיט גוטע, זיסע ריידעליך, שפילען זיך מיט שיינדעלען און ברייננגען איהר אפט א צוקער־קעלע אדער עפיס א שפילכען, אין דער האפענונג צו ווערען דורכדעם א חשוב און אראפשטופען מיכלען, אוועקשטעלען איהם אין דער זייט. איינמאל האב איך מיך אפילו געפריפט צוגעבען עפעס געלד, אז איך האב בעמערקט, אין שטוב איז עפעס איינג, נאר גאלדע האט מיר געהייסען צוריקנעהמען דאס געלד עפעס מיט אזא שמייכעלע, וואס האט מיר געלערענט דרך ארץ און וואס איז א סך ערגער געווען פון א פאטש. דאס האט נאך טויזענד מאל מעהר פארשטארקערט מיין שנאה צו מיכלען, עס האט מיך געברענט וויא א העלעש פייער, נאר וואס מעהר אבער דיא שנאה מיינע צו איהם איז געווארען אלץ שטארקער, האב איך מיך אלץ מעהר פארשטעלט, גערעדט מיט איהם זיס און געוויזען איהם תמיד א פרעה־ליך פנים. פארשטעלען זיך, דאס האב איך שוין אין יענער צייט זעהר גוט גע־קענט, ווייל דאס איז דיא ערשטע זאך, וואס א קליין מענשעלע בעדארף קענען. אז איסר האט שוין פירגענומען זיך, איינעם צו בעגראבען פלעגט ער איהם אויפנעהמען זעהר פריינדליך, לויפען איהם אקעגען מיט א שמחה און זיך קישען מיט איהם אין דיא פיסקעלעך. מאכען יענעם דיא מיתה בנשיקה, דאס הייסט קושענדיג ביי יענעם דיא נשמה צונעהמען, איז אי פיל זיכערער אי מען איז נאך מקיים דיא מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך" לויט איין חכם האט געזאגט, דער־

מיט, וואָס מען קלייבט אויס פאַר דעם חבר א שיינע מיתה, א שטילען טויט, אז קיין האָהן אפילו זאָל נישט קרעהן.... איך פלעג קומען צו גאָלדען אויסגעפוצט און אויסגעשמירט דיא האָר מיט א סך פּאָמאדע בכדי דערמיט צו געפעלען און אראָפּוואַרפען אין איהרע אויגען מיכלען, וואָס איז געגאַנגען פּראָסט געקליידעט, נאָר ביי גאָלדען האָבען קליידער גאָר נישט אזוי אויסגעמאכט, זיא האָט מיר גאָר איינמאָל דעליקאט אָנצוהערעניש געגעבען, אז פון אויסגעפריעטע פּאָמאדע אויף יענעמס קאָפּ בעקומט מען דעם קאטער. מיכיל האָט דערבייא א שמייכעל געטאָן און אינוועניג אין מיר האָט געקאָכט, געזאָטען אויף איהם דאָס בלוט. שיינדעלע האָט א מאָל זיך אָנגערופען: פע, מיכיל, וויא דוא געהסט! ר' איציק אברהמיל שיינט טאקי. ער איז אויסגעפוטצט, אויסגעצוואָגען מיט רויטע בעקעליך און פּאָמסענע ליפּעליך וויא א שיין מיידעל. — נארעלע, האָט מיכיל איהר געענט־פערט גאנץ רוהיג, וואָס זאָל איך טאָן, אז איך בין אָרעם און האָב נישט אזא ד י ע נ ס ט, וואָס זאָל מיר אויף אלסדינג טראָגען. — מיר האָט זיך געדאכט אז מיכיל גיט מיר א שטעכווערטיל, אז איך בין א משרת און וויל מיך דערמיט בייא איטליכען שטארק אראָפּוואַרפען. איך האָב עס אָבער אראָפּגעשלונגען, פאַר־ביסען דיא ליפּען און נישט אָפּגעענטפערט קיין קרום וואָרט.

אויף אזא אופן איז אוועקגעגאַנגען דער גאנצער זומער און א שטיק פונם אָסיען. איך בין שיער אויס דער הויט נישט געשפרונגען פאַר גרויס ליבשאַפט נאָר ס'איז גאָר נישט געווען צו מאכען. מיכיל איז מיר געשטאַנען וויא א ביין אין האלז. איך האָב געזעהן, אז איך וועל מיך נישט איילען דעם ביין ארויס־נעהמען וועל איך דערוואָרגען ווערען. עס האָט שוין געהאלטען, אז אָט אָט ווערט מיכיל א חתן פאַר גאָלדען. דיא אלטע האָט איהם ליב געהאט וויא איין אייגען קינד און זיא האָט געוואָלט דערלעבען דעם טאָג צו זעהען איהם פארבונדען מיט איהר טאָכטער אויף אייביגע יאָהר. זיא האָט א פּאָר מאָל געמאכט א שמועס פון דיא הכנות, וואָס מען בעדאַרף דערצו האָבען און אלע אין שטוב זענין געווען פרעהליך. שיינדעלע איז אזש געשפרונגען פאַר פרייד. געשטיפּט, זיך גערייצט מיט מיכלען און געפאַלען איהם דערנאָך אויפען האלז ארומנעהמענדיג איהם מיט ביידע הענטליך. גאָלדע האָט געקוקט אויף זיי מיט פייכטע ברענענדיגע אויגען, וואָס האָבען אויסגעדריקט זעהר פיעל תענוג און איז רויט געוואָרען וויא פייער. ס'איז איהר דענסמאָל אין פּנים ניט געווען אריינצוקוקען וויא אין דער ליכטיגער זון, אזוי שיין איז זיא געווען. איך האָב אויך געמאכט א פריינדליך פּנים, וויא א היימישער מענש וואָס טהוט איהם הנאה אז אין הויז איז א שמחה, נאָר אין הארץ

אָבער האָט מיר געברענט א גיהנם. אותקגעהענדיג פון דאָרט האָב איך געקריצט מיט דיא ציין און געשוואָרען, אז איך מוז זוכען עפעס א תחבולה וויא צום גיכ־סטען אָפּרוימען מיר דעם וועג צו גאָלדען.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דיא תחבולה איז מיר געקומען אין האנד אריין. אין יענער צייט גראָד איז געוועזן א נאבאָר. איך האָב אָבגעארבייט שטי־לערהייט דורך איסערען און מען האָט מיכלען גענומען פאר א רעקרוט !....

אז איך בין געקומען צו גאָלדען איז דאָרט אין הויז געוועזן תשעה־באב. דיא אלטע איז געלעגען אין בעט, קראנק, צובראָכען און אויפן קאָפּ א נאס טיכעל מיט קאלט וואסער. גאָלדע איז געוועזן בלייך וויא דיא וואנד מיט רויטע געשוואָלענע אויגען און זיך ארומגעדרעהט לעבען דער מוטער צופאטעלט דיא האָר, פארזאָרגט, פאראומערט וויא א דערשלאָגענע. שיינדעלען איז גאָר נישט געוועזן צו דערקענען, זי איז איינגענורעט געזעסען אין א ווינקעלע, פארלייגט די הענטלך און געקוקט מיט אראָפּגעלאָזענע אויגען אויף דער ערד. ביי מיין אריינקומען האָבען אלע מיט א מאָל זיך צו־וויינט מיט הייסע טרעהרען, אָהן ווערטער, וויא אומגליקליכע בשעת זייא דערזעהען זייער בעסטען פריינד. — וואָס איז אזוינס געשעהען? האָב איך וויא א תם א פרעג געטאָן און געבליבען שטעהן פארוואונדערט. אקע־גען א פּאָר מינוט איז געוועזן שטיל, דערנאָך האָט דיא אלטע אויף א וויינענדיג קול ארויסגערעדט און זיך געוואָרגען מיט טרעהרען: אָך וועה און וויינד איז מיר, מיכיל... נישטאָ מיכיל... דיא חאפערס האָבען איהם גענומען מיכלען! עס האָט איהר זיך גענפענט א פרישער קוואל טרעהרען, גאָלדע איז לעבען איהר אויפן בעט געזעסען אָנגעבייגען, מיטביידע הענד אויפן פנים, דיא קראנקע מוטער האָט איהר ארויפגעלייגט דיא האנד אויפן קאָפּ און אלע האָבען געוויינט, געיאָ־מערט וויא מען בעקלאָגט א טויטען. איך האָב געמאכט א טרויעריג פנים, גע־זיפצט, געקרעכצט און אין הארץ האָט מיר הנאה געטאָן קוקענדיג אויף גאָלדען, וואָס צו איהר פארשטעלט מיר איצט שוין קיינער נישט דעם וועג. איך האָב זיא געגעסען מיט דיא אויגען, אָנגעקוקט זיא פון אויבען ביז אראָפּ וויא א וואָלף קוקט אויף א שעפעלע, און ביי מיר אין הארץ געטראכט: נישקשה, דוא וועסט זיין מיינס, וועסט פון מיינע לאַפּעס זיך שוין נישט אויסדרעהן....

א פּאָר חדשים נאָך דער דאָזיגער סצענע זענען פארגאנגען. מיכלען האָט מען אָפּגעגעבען און אוועקגעפיהרט וואָהין מען בעדאַרף. בייא גאָלדען אין שטוב איז געוועזן א חורבן, אלסדינג האָט געטרויערט און פארלוירען זיין געשטאלט. די בלומענטעפּליך זענען געשטאנען פארדארט, ווייל ס'איז נישט געלעגען אין זינען

זייא אין דער געהעריגער צייט צובעגיסען, דיא קלייינקייטען אויף דער קאמאָרע זענין נישט אויסגעשטעלט געוועזן מיט א שיינעם סדר וויא פריהער און אויף „משה רבנו" איז געלעגען א געדיכטער שטויב. ער האָט אויסגעזעהען עפּים מרה־שחורדיג און ארויסגעקוקט פון אונטער דעם גלאָז עפּעס וויא סטראָגע, זעהר שטארק ברוגז. מיר וויניגסטענס האָט זיך אזוי געדאכט און איך פלעג מיך היטען אויף איהם א קוק צו געבען. שיינדעלע האָט אויפגעהערט צולעהרנען, נישט געהאט מעהר מיט וועמען זיך צו שפּילען, זיא איז אראָב פונם לייב אויסגעגאַנגען וויא א לעכט און איז געוואָרען גאָר אוים קינד. אויף גאָלדע זאיז געלעגען דיא ערד, קיין פרעהליכע מינע האָט מען פון איהר נישט געזעהן, ס'איז איהר עפּעס וויא נישט ניחא געווען דאָס לעבען. דיא אלטע פלעגט קוקען אויף איהרע קינדער, שאָקלען מיטן קאָפּ און זיך בעוואשען מיט טרעהרען. זיא פלעגט אלץ איינפאלען און צייטענווייס ליגען אין בעט. איך פלעג עפּטערס אהין קומען זיצען בשעת גאָלדע פלעגט ארבייטען, פלעג זיא שטארקען מיט גוטע, זיסע ריידעליך און מיט מיינע טרייסטווערטער געזוכט אלץ וואָס ווייטער זיך אריינצוגנבהנען אין איהר הארץ. שפּעטער אביסעל האָב איך בעמערקט אין שטוב איין עלענד. גאָלדעס האנדארבייט אליין, וויא זיא האָט זיך געמוטשעט, געפּלאָגט און קריאה געריסען, האָט נישט משפּיק געווען אויף דיא אלע לעבענס־בעדערפניש, ווייל דיא בעלוינונג פאר איהר ארבייט איז געווען זעהר קליין, דרינגען האָט בעשיינפערליך זיך ארויסגעוויעזען וויא מיכיל געהט אָפּ, וויא שטארק ניטצליך ער איז פאר דער אָרעמער פאמיליע געווען. זיין הלק הילף האָט איצט געפעהלט. דערצו איז נאָך גראָד רענסמאָל געווען ווייניג ארבייט און מען האָט בעדארפט געהן איינמאָל אין דער אפּטייק אריין נאָך א רעצעפּט פאר דער אלטער און דארויף איז נישט געווען קיין גראָשען. איך האָב מיך איינגעשטעלט און פאָרגעלייגט גאָלדען צו נעהמען ביי מיר עפּעס געלד. גאָלדע איז רויט געוואָרען, האָט אראָפּגעלאָזט דיא אויגען און נישט געענטפערט קיין וואָרט. מען האָט געזעהען, אז בייא איהר אינ־ווענינ אין הארץ איז נישט רוהיג, דאָרט רוישט א שרעקליכער שטורמווינד פון ביטערע געפיהלען. איך האָב גאָלדען געגעבען צו פארשטעהן, אז איך לייא עס איהר נאָר אויף א צייט אויס, זיא מוז עס נעהמען צוליב דער קראנקער מוטער, וואָס זיא געגויטיגט זיך אצינד אין דעם רעצעפּט, וואָס זעהר מעגליך דרינגען הייגגט אָפּ איהר לעבען. דיא אלטע האָט בשעת מעשה ביי איהר אין בעט גראָד א שטארקען קרעכץ געטאָהן, גאָלדע איז פערצאפּעלט געוואָרען, גענומען ביי מיר

מיט א ציטערדיגער אייז־קאלטער האנד דאָס געלד, ארויפגעהאפט אויף זיך א שאל און איז געשווינד ארויסגעלאָפען פונ'ם שטוב.....

ביי מיר אין שטיבעל בין איך איינמאָהל שפעט ביי דער נאכט געלעגען אויף מיין געלעגער און נישט געקענט קיין אויג צוטאָן. עס האָט פון מיר זיך אפגעטאָן דער שלאָף. דיא ליבשאפט מיינע צו גאָלדען האָט מיר שרעקליך געמוטשעט, נישט געלאָזט רוהען און איך האָב מיך גענומען טראכטען וואָס קען דערפון ווערען? ביז וואנען נאָך וועל איך מיך אזוי פייניגען און נישט ברייננגען דיא זאך צו איין עק?—חתונה האָבען? נאָר דאָס איז פאר מיר זעהר א שווערע זאך, דאָס לוינט מיר נישט מכמה טעמים: ערשטענס, וועל איך דורך דעם מוזען אויסטרע־טען פון דיענסט ביי איסירן, און אוועגעהן פון איסירן הייסט אזוי פיעל וויא אויפהערען צו זיין א קליין מענשעלע, א חשוב, אפזאָגע זיך פון פארדינען גרינג געלד, פון א גליקליך לעבען אָהן צער אָהן מיה און אויפגעבען אלע מיינע האָפנונגען אויף שפעטער; צווייטענס, וואָס וועל איך ביי איהר נעהמען? גאָר־נישט! זיא איז דאָך הויל, נאקעט אזוי וויא דיא מאמע האָט זיא געבוירען. זיא וועט מיר אָנהאָבען א סך קינדער, פופקעליך, וואָס וועלען מיר פערדרעהען דעם קאָפּ, איך וועל אויפעסען דאָס ביסעל געלד און וועל דערנאָך בלייבען א קבצן, א טויגעניכטס. א לא יוצלח צו קיין זאך נישט אין דער וועלט, וועל ליידען, פערשוואַרצט ווערען וויא א מאָהל אין דער יוגענד איך בין פערשוואַרצט גע־וואָרען, און צוליעב וואָס? צוליעב א ליבשאפט!.... וואָס א שטיינער, האָב איך געטראכט, וואָלט דערצו געזאָגט איסר? איסר וואָלט זיכער געמאכט דעם גרעסטען געלעכטער און געזאָגט, אז ליעבשאפט איז ניט מעהר וויא שעהן פנים'ל א זייפענבולבע, וואָס שפיעלט פארן אויג אין אלערליי וואונדער שיינע קאָלירען און פלוצים צושפרינגט עס, מען ווייס ניט וואוהין עס קומט אהין, דאָס איז א שפילכע, א קליינינגקייט, וואָס מען בעדאַרף עס טאקי נאָר פיר א קליינינג־קייט בעקומען און וואָס עס לאָזט זיך זעהר גרינג איינהאנדלען אבי מען איז נאָר קיין שוטה נישט. ליבשאפט דאָס איז א שווינדעל זאך, וואו דעם מענשענס הארץ שווינדעלט אין דיא געפיהלען פונקט אזוי וויא דער קאָפּ שווינדעלט אין פראָסטע סוחרישע געשעפטען. דער שפיטץ איז, דאָס איז א מסחר, א דעליקאטע, קונציג אויסגעארבייטע נעטץ, צו פאנגען אין דעם נאראָנים, שוואכע מענשלעך, וואָס צוקריכען וויא שניי און צוגיסען זיך וויא באלד מען גיט זיי נאָר עפּעס א ווארם..... וואָס דען־זשע, זאָל איך קיין נאר נישט זיין און דער־גרייכען מיין וואונש נאָר פראָסט, אויף אן אנדער אופן? נאָר דאָס איז אָבער

א ריינע אונמעגליכקייט. וויא איך האב געקענט גאלדען איז גאר אונמעגליך געווען אזעלכעס גאר צו טראכטען. זיא האט תמיד געקענט עפעס זיך אזוי האל־טען, אז מען האט געמוזט האבען פאר איהר דרך ארץ און דיא צונג האט זיך נישט געלייגט ארויסצוריידען אין איהרע אויגען עפעס א מיאוסווארט. איין מאהל האב איך מיך ארויסגעהאפט מיט עפעס נישט אזא שיין ווערטעל, וואס ביי אנדערע געהט עס איין, נישט צו מאכען דארויף קיין שום פירוש, האט זיא דערביי געמאכט עפעס אזא מין מינע, אז איך בין בטל געווארען און א קעלט איז מיר דורכגעלאפען אין אלע אברים. ניין, אזעלכע וויא גאלדע לאזט זיך נישט איינהאנדלען מען זאל אפילו קלוג זיין וויא צעהן רוחות.

וואס־זשע דען, לאם איך אין גאנצען א שפיי טאהן און זי פערגעסען דאס האב איך געפיהלט איז איבער מיינע כחות, גיכער וואלט איך מיך אפגעזאגט פון מיין לעבען איידער פון איהר. דיא ליעבשאפט מעג זיך זיין אין גאנצען א שפיעלכען, אבער איך האב אזא שפיעלכען בשום אופן נישט געקענט אוועקוואר־פען.איך האב געטראכט, געטראכט און ווידער געקומען צום ערשטען. אין ברירה טאקי חתונה האבען. אי וואס, דאס קען מיר דאך שאדען ? נוא, דערצו וועט מען מוזען געפינען עפעס א תחבולה, מאכען עפעס א פשרה עס זאל אי אהין אי אהער גוט זיין. חתונה מוז מען האבען און וואס גיכער איז אלץ בעסער, מעהר פלאגען זיך האב איך שוין קיין כח נישט. עס מוז באלד נעהמען אן עק. גאלדע בעדארף זיין מיינע. מיט דעם דאזיגען געדאנק בין איך אנשלאפען געווארען און נעהאט זיסע גוטע חלומות.

איך בין אויפגעשטאנען א ביסעל שפעטלאך אויפ'ן טאג און ביי מיר אפ־געמאכט עס זאל אפילו דונערן און בליצען מוז איך היינט פארנאכט מיט גאל־דען מיך דערקלעהרען. דענסטמאל איז גראד געווען פאר פסח, גאלדען איז זעהר ענג געווען, זיא האט געדארפט זעהר פיעל האבען און נאך נישט געהאט קיין אנהויב אויף יום טוב. צו מיין זאך איז דאס געווען סאמע דיא בעסטע צייט. אז איך בין געקומען צו גאלדען האב איך זיא געטראפען איינע אליין זיצענדיג איבער דיא ארבייט, דיא אלטע איז געלעגען אין בעט הינטער דיא ווענטלאך און שיינדעלע לעבען איהר, מען האט פון דארט נישט מעהר געהערט וויא א הוסטען, דאס האט געהוסט דיא אלטע און דאס שיינדעלע,ביידע האבען גע־קייכט אין איין אטהעם, גלייך וויא זיי האבען זיך פערהערט ווער פון זיי קייכט שטארקער, דערצו האט נאך צוגעשווישטשעט א גריל און אין איינעם איז ארויס־געקומען עפעס א שרעקליכער קאנצערט. גאלדע איז געווען פערזארגט, אלץ גע־

נעהט, געמאכט מיט דער נאָדעל און נישט פארגינגען זיך אפילו א רגע דעם קאָפּ אויפצוהייבען. איך האָב מיך געמאכט א שמיעס, זיא געמוסרט פאר וואָס זי האָ־רעוועט אזוי איבער די קרעפּטען, פארלירט איהר געזונד און האָט ניט קיין רחמנות ניט אויף זיך אליין, נישט אויף איהר פאמיליע, וואָס האלט זיך אין גאנצען נאָר אויף איהר, און נישט אויף איהרע גוטע פריינד, וואָס איהר געזונד איז זיי שטארק טהייער און וואָלטען פאר איהר דאָס לעבען אוועקגעגעבען..... גאָלדע האָט ביי די דאָזיגע ווערטער אויף מיר א בליק געטאָן און אין דעם בליק איז געלעגען עפּעס אזוינס וואָס איז שווער איבערצוגעבען. איך האָב גערעדט נאָך מעהר בעהארצט, וואָס ווייטער ווייטער אלץ מיט מעהר פייער און ארויס לסוף מיט דער גאנצער שפּראכע, אז זיא איז מיר ליעב וויא דאָס לעבען און איך וואָלט מיך געשעצט איבערגליקליך ווען איך זאָל מיט איהר חתונה האָ־בען. גאָדען איז דיא נאָדעל פון דיא פינגער ארויסגעפאלען און געבליעבען זיט־צען צומישט אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אויף ביידע הענד. אויף א פּאָאר מינוט ערך בין איך אנשווייגען געוואָרען, עס האָט מיך בעשלאָגען א שוויים און דאָס הארץ האָט מיר שטארק געקלאפּט גלייך וויא איך וואָלט איבערגעגאנגען א הויכען בארג. דאָס הוסטען און קייכען פון אונטער דיא ווענטלאך איז אלץ געגאנגען שטארקער און שטארקער, א צובראָכענע שויב אין דעם פענסטער האָט זיך געשאָקעלט הין און אהער פון'ם ווינד און צונעקלאפּט צום טאקט עפּעס זעהר מרהשחורה'דיג. מיר האָט זיך געעפענט ווייטער א מויל, איך האָב גערעדט מיט היטץ, גערעדט גערעדט און אלץ איינגערעדט גאָלדען. איך האָב געשילדערט איהר איצטיגע לאגע וויא זיא איז געקוועמשט פון אלע זייטען, איך האָב איהר אָנגעוויעזען אויף דער קראנקער, שלאָפער מאמען מיט שיינדעלען וויא זיי ליידען נעביך און קומען אָפּ. נאָר צוליעב זיי אליין מוז זיא דאָס טאָהן. ביי מיר וועט דאָך אלע אם ירצה השם זיין גוט, מיר וועלען לעבען גליקליך און צופרידען, אז גאָט און לייט וועלען הנאה האָבען. גאָלדע האָט מיר אריינגעקוקט אין פּנים און הייסע טרעהרן האָבען אין גרויסע טראָפּענס וויא פּערל געקאפּעט פון די אויגען. לאָזט מיך צורוה א קורצע צייט, האָט זיא זיך אָנגערופען עפּעס מיט א קול פון געבעט, גלייך וויא איינער וואָס איזאין דער קלעהם, איך וועל מיך א ביסעל בעטראכטען, זיך מיישב זיין מיט דער מאמע און אייך באלד געבען א קלאָהרע תשובה.

אז איך בין געקומען אויף מאָרגען צו גאָלדען האָב איך זיא געטראָפען זיט־צענדיג אונטער דיא ווענטלאך לעבען דער מאמע. דיא אלטע האָט מיך אָנגענומען ביי דער האנד און געזאָגט, אָנווייזענדיג מיט'ן קאָפּ אויף גאָלדען, אז זיא איז

מרוצה אָפּצוגעבען מיר אין דיא הענד אריין איהר טהייערן בריליאנט, איהר שאטין, איהר מתנה פון זיין ליעבען נאָמען, נאָר איך זאָל בעסער וויסען תאָמש א צעהנטחלק פון איהר וויא זיא טהייער צו האלטען, וויא זיא צו שאטצען. דערביי טאקי האָט זיא צוגעשטעלט א פונקט, אז איך זאָל מיך אָפּזאָגען פון מיין שטע־לע, וואָרום וויא פאר א חשוב איך בין, בין איך דאָך פאָרט טאקי נאָר א משרת. און איהר גאָלדעניון אָפּגעבען פאר א משרת איז איהר נישט לכבוד, אויך נישט איהר משפחה. איך האָב מיך אקעגען דעם געשטעלט, איהר אויסגעוויעזען וויא ס'איז נישט גוט, נישט קלוג, אָפּצוזאָגען זיך פון אזא גילדענער שטעלע, וואָס טראָגט מיר פיעל אריין און קען דאָרט מיט דער צייט ווערען א מענש וואָס א מענש הייסט. א סך מיוחסים חלעבען ליגען מיר א מאָל צו דיא פיס, זיינען מיר מקנא און וועלען מיר ערשט שפּעטער אם ירצה השם מקנא זיין. נישקשה איך בין שוין איצט אזא מיוחס וויא זיי אלע. נאָר וויא דיא מעשה איז, אצינד אָפּזאָגען זיך איז זעהר קרום, א גרויסע עברה. לעת־עתה איז פיעל גלייכער אין אלע אופנים איך זאָל לעבען איסערן אי נאָך דער חתונה טאקי ווייטער בלייבען. וואָס מאכט עס אויס, זאָל זיך דאכטען איך בין א קרעמער און זיטץ גאנצענע טעג אין קלייט, אָדער איך בין א סוחר און פאָהר דיא גאנצע וואָך ארום. אין ליידינגע צייטען וויא אויף שבת און יום טוב וועל איך מיר צוברייננגען ביי זיך אין דער היים. לעת־עתה מוז זיין אזוי און שפּעטער איז דאָך גאָט א טאטע. מסתמא וועט שוין זיין רעכט..... אי וואָס, אייך קומט אליץ פיר פאָרט עפּיס א משרת, ס'איז אייך עפּעס פּריקרע פאר דער וועלט, נוא וועלען מיר אָפּמאכען דיא חתונה שטיל אָהן רעש, אָהן געפּילדער און זיך מוזען בעגעהן אָהן דיא אלע מיוחסים. אויך מיר א וואזשנע זאך ! פון וועמען מען האָט דאָ צו ריידען!.... דער שפּיטץ איז געווען מיינע רייד זיינען אנגענומען געוואָרען און מיר האָבען געמאכט א האנדשלאג. זעה־זשע דוא זאָללט אָפּהיטען מיין בריליאנט און חשוב האלטען מיין ק־נד, מיין טהייערע נשמה, האָט דיא אלטע נאָך א מאָהל מיר געבעטען און זיך צור־ווינט, גאָלדע מיט שיינדלען האָבען אויך געוויינט געחליפּעט און איך בין דענס־מאָל געווען אויף דעם זיבעטען הימעל פאר פרייד, וואָס מיר איז גערעטען אָפּ־צומאכען דיא זאך גלאט וויא איך האָב מיר געוואונשען.

ל"ג בעומר אין א שיינעם טאָג בין איך מיט גאָלדען אין איינעם מיט דער מוטער און שיינדלען זיך דורכגעפאָהרען נישט ווייט אין א דעופעל און פאר א מנין אידען דאָרט שטיל אָפּגעשטעלט א חופּה.

---

15

דיא ערשטע צייט נאָך דער חתונה האָב איך געהאט מיט גאָלדען זעהר א גוט לעבען, אלע אין שוטב זיינען צופרידען געוועז. איך בין טאקי ווי פריהער געוועזן ביי איסרן איןהויז, האָב מיך געהאלטען אין איהם אייזען פעסט און געארבייט אין מיין זאך זעהר געשמאק, נאָך א סך געשמאקער וויא א מאָהל. מיר איז קיין רגע נישט ארויס פונ'ם זינען, אז איך בין א בעווייבטער און בעדארף האָבען געלד. איך האָב מיר גוט איבערגעהזערט אין קאָפּ דיא אלע הלכות קליינמענשעלע מיט אלע פירושים פון ר' איסר'ן, אויך מיט אלע מיינע הנהות, וואָס איך האָב דערינען וויא א למדן מופלג אויפגעטאָהן שטארק שכלדיג נאָר א חריפות. לאָז דיא וועלט פון איצט אָן פיהלען וואָס פאר א גרויסער למדן, וואָס פאר א כלי־שלמה, א טשאצקעלע איך בין; לאָז זי גוט טאקי פיהלען אז איך האָב א ווייב, אז איך בין א בעל הוצאה און בעדארף היינט א סך האָבען; לאָז זיא געבען געלד און אויסשטעהן מיינע הוצאות, נישקשה, דיא וועלט איז נישט קראנק, דער רוח וועט זיי נישט נעהמען ! אזוי האָב איך ביי מיר אין הארץ אָפּגעמאכט און ארויפגעצויגען דיא מקחים אויף מייע אלע שטוקעס, וואָס איך האָב אָנגעהויבען שטארק מיט חשק צו מאכען. איסר'ס גביר, דער בער, האָט געטאנצט ביי איסרן אין דער קאמעדיע, און איסר אליין האָט געטאנצט וויא א בער אין מיין קאָמעדיע. מיר האָבען ביידע געהאט גרויס שפע, דער נארעשעעולם איז צו אונז געגאנגען אונז געצאָהלט געלד אין טאָג אריין, מיר האָבען געמאכט גוטע געשעפטען און זיינען ביידע צופרידען געוועזן. איך האָב בעקומען א גרויסען חשק צו געלד, וויא פיעל איך זאָל נישט געוועזן פערדיענען איז מיר אליז געוועזן ווענינ און האָב שטארק געציטערט איבערן קערביל. אין דער היים ביי מיר האָט מען געלעבט זעהר קארג, איך פלעג זעהן איינשפּאָרען, איינקארגען וויא ווייט נאָר מען קען און זעהר ברוגז זיין אז פלעגט אוועקגעהן איין איבריגער גראָשען. דיא אלטע פלעגט זיך דארויף בלאָזען און א מאָהל זאָגען, אז איך צעהל דיא גרויפּען אין דעם טאָפּ און פארגין קיינעם נישט דעם ביסען. איך פלעג מיך צוריק בלאָזען און איהר געבען שטעכווערטליך, אז אויף פרעמדעס איז איטליכער א וותרן, אז מען זאָל מיך אומזיסט האָרעווען מהיכא־תיתי וואָלט איך אויך קיין קארגער נישט געוועזן. גאָלדען פלעגט אזעלכע ווערטער קריינקען, זיא פלעגט אזש געל און גרין ווערען און נישט איין מאָהל נאָר איז מחמת דעם צווישען אונז ארויסגעקומען א רוגז. ס'איז א מאָהל געגאנגען אזוי ווייט. אז איך האָב מיאוס זיך צוקריעגט מיט גאָלדען, זיא גראָב בעליידיגט, געזידעלט וויא איך האָב געקענט, בין איך אין איין כעס ארויסגעלאָפען פון שטוב, א שטאר־

קען קלאפ געבענדיג מיט דער טיהר, און אנקעגען :: זאך נישט אהיים געקומען. דיא פריהערדיגע הייסעם ליעבשאפט מיינע האט אלץ וואס ווייטער ווייטער זיך אפגעקיהלט. גאלדעס שעהן פנים איז ביי מיר געווארען א געוועהנטליכע זאך, איך האב שוין דרינען גאר נישט עפעס אזוינס ארויסגעזעהן, א פנים ווי אלע פנים'ער מיט א נאז, מיט אויגען. גאלדע האט ביי מיר פערלוירען דעם חן און אויסגעזעהן פראסט א ווייבעל וויא אלע ווייבליך. איך האב אין הארץ חו טה געהאט אויף דעם גאנצען שידוך, צו וואס האט עס מיר געטויגט, האב איך ביי מיר געטראכט, צונעהמען אויף מיר אזא שווערען יאך. א גאנצע געזינד, וואס פרעסען מיר אפ דעם קאפ און ברייננגען מיך אויס, נאר א בייזע שעה איז אייך מיר רענכסמאל געווען, וואס איך האב מיך געלאזט פערפיהרען פון א שיין פנימעל און אויסגעבראכט דערויף אזוי פיעל געלד. איך האב מיך געחידושט וואו איז רענכסמאל געווען מיין שכל, מיין פערשטאנד, וויא קום איך צו אזא נארישקייט האב בערעכנט וויא פיעל דיא נארישקייט האט מיך אפגעקאסט און מיט וויא פיעל איך וואלט איצט רייכער געוועןן, אז איך זאל נישט געווען טאן. דאס האט מיך שטענדיג געערגערט אזוי, אז איך פלעג מחמת דעם תמיד זיך קרימען, קוקען אויף איטליכען אין שטוב מיט א פינסטער פנים און האב נישט גערעדט דארט מיט קיינעם קיין גליך ווארט. אין א צייט פון א יאהר צוויי איז גאלדע פון מיר גענוג אויסגעשטאנען, זיא האט געהאט פון מיר דיא גאל, נאר זיא האט אלסדינג ארפגעשלונגען און פלעגט אפילו נישט הויך ווינען, קיין פיפס אפילו נישט געטאהן.

אין מיט'ן דערינען בעדארף זיך גראד מאכען, אז דער גביר, ביי וועלכען איסר איז געוועןן די נשמה, זאל גאר פלוצים א שטארב טאהן און דיא ווינטהמיל מוז בלייבען שטעהן, דיא רעדער קענען מעהר זיך נישט דרעהען! מיט דעם גביר'ס טויט ווערד מיין ר' איסר אויס נשמה, אויס מאכער, און מיט ר' איסר'ס אויס־נשמה ווערען ווער איך דאך אויך ממילא אויס נשמה, אויס אלץ מיט אנאדער. דער עולם האט מיט דער צייט שוין אויפגעהערט געהן מיט בקשות צו איסרן, ווארים ער איז דאך שוין מעהר נישט געוועןן קיין ארענדאר, ער האט דאך שוין מעהר נישט געהאט דעם בער. דערצו נאך איז איהם שוין טאקי שטארק צונג־טרעטען דאס עלטער, ער איז אויסגעוועפט געווארען, עפעס גאר עובר בטל, גאר נישט דאס פנים, נישט דער שכל, דיא חכמה, וואס א מאהל. היינט אז איסר איז אויס חשוב געווארען, פערשטעהט זיך דאך, בין איך אויך אויס חשוב גע־ווארען און שוין מעהר נישט נעגאלטען, אקוראט וויא איין אפגערופענע מטבע.

ביי איסרן בין איך נאך אפילו אליץ טאקי נעבליעבען דער אייגענער חשוב און גישט אויפגעהערט ביי איהם צו גילטען, נאר וויא באלד אבער ער האט מיר שוין מעהר נישט געקענט נוטצען האב איך איהם בעדארפט אויף ניינציג טויזענד כפרות, איך האב איהם אזוי געהערט וויא אין טשערניוועטץ דיא מגלה. אזוי האט דאך מיך געלעהרענט טאקי ר' איסר אליין, איך האב דאך דאס בקבלה טאקי פון איהם, דאס זיינען דאך זיינע אייגענע ווערטער. איך האב נישט לאנג געטראכט און אפגעטראגען פון איסר'ן, וואס ער האט ביי מיר א פנים געהאט וויא א נבלה.

א געפגרט בעשעפעניש מאכט אויף דעם מענשען נישט אזא טרויעריגען שלעכטען רושם וויא א בעשעפעניש, וואס איז וויא גע'פגר'ט און האט נאך אין זיך פארט א סימן לעבען. איך זאג עס אקעגען מיר און אקעגען נאך א סך אנדערע נפשות, וויא א שטייגער אקעגען איין אויסגעווארענעם בעל טאקסע, איין אפ-געזאגטען סבארטשיק, איין אויסגעמאכטען כלי קודש און אלערליי מיני אראפ-געווארפענע קהלם לייט. מילא א פגירה איז חאטש א פגירה, עס לעבט נישט און בעדארף נישט קיין שום זאך, יענע לייט אבער, יענע נפשות אז זיי ווערען פלוצ-לים אוים און פארליהרען זייער פרנסה, אין וועלכער דאס חיות זייערע איז געהאנ-גען א צייט מיט יאהרען, זיי נעביך ווערען אמת טאקי פגירות, אבער לעבעדיגע, צאפעלדיגע פגירות, וואס ווילען עסען, טרינקען, חאטש א ביסעל משקה, און בע-דארפען אלסדינג טאקי האבען,נאר וואס העלפט עס אבער,אז זיי קענען זיך ניט ריהרען אז זיי זיינען, לא עליכם, גרויסע ביטערע קאליקעס, האבען דאכט זיך א מויל, הענט און פים און טויגען נישט פון דאנען אהין !... דאס הארץ חלעבען רייסט קוקענדיג אויף אזעלכע לעבעדיגע פגירות, אזעלכע שלימזלדיגע, מחילה פארשטונקענע בעשעפעניש !

אט אזא מין בעשעפעיש בין איך געוועז נאכדעם אז איך האב אפגעטראטען פון איסרן. איך האב נישט געוואוסט וואס מען טהוט, צו וואס מען נעהמט זיך, ווארים חוץ מיין קליינמענשעלדיגע פרנסה האב איך דאך גאר נישט געקענט און צו קיין שום זאך נישט געטויגט. דיא לאגע מיינע איז דענסמאל גע-ווען זעהר א שלעכטע, איך האב געלעבט פונם גרייטען, געביטען קערבליך און גענגעסען, און ביי איטליכען קערביל וואס איך האב צוביטען איז מיר אפגעפאלען א שטיק פלייש, געשטארבען געווארען איין אבר. שטענדיג בין איך געווען אין כעס, האב קיינעם אין שטוב ניט פארגונען דאס לעבען און צו איטליכען בעזונדער זיך געזוכט. בייא איטליכען גראשען, וואס איך האב גאלדען געגעבען אויף דער

חוצאה, פלעג איך פארצאפּען דאָס בלוט, אלץ זאָגען, וואָס וויל מען פון מיר האָבען? איך קען נישט אויסאלטען אזא געזינד. דיא אלטע האָט פון מיר געקייעט דיא ערד, זיא האָט זיך פארעסען און אָט פאר שברי לב מסוכן קראַנק זיך אריינגעלייגט אין בעט אריין, מען האָט געזעהן אז עס עקט איהר זיך דאָס לעבן, זיא וועט נישט גערויערן לאנג. איך בין זיך מודה, אז איך האָב איהר געוואונשען ועס טויט און עס האָט מיר אין הארץ הנאה געטאָן, וואָס באלד וועל איך פטור ווערען פון א פרעסער און דיא הוצאה וועט קלענער ווערען. דעריבער האָב איך מיך פארשטעלט, זיך געמאכט קלאָמערשט וויא איהר קריינק ריהרט מיך אָן ביי דער נשמה, איך בין גאָר אויס מענש. איך האָב נישט געזשאלעוועט אויף קיין דאָקטאָר, אויף קיין אפּטייק, אבי גיכער זיא זאָל שוין זיך איבערפּעקלען, האָב זיא בעדינט וויא א געטרייא קינד, גאנצע נעכט נישט צוגעמאכט איין אויג, איהר איינגעגעבען דיא רפואות און געטראכט דעריבייא, ווען וועט דער מלאך המות דיך שוין צונעהמען. בייא איטליכען אין שטוב בין איך געהויבען געוואָרען פאר מיין געטריישאפט, דערפאר וואָס איך לייג מיך דאָ אזוי אוועק און מען האָט מיר פארגעסען אלע צרות, וועלכע מען איז פון מיר פריהער אויסגעשטאנען. גאָלדע פלעגט מיך אָפּט טרייבען פון דער מוטערס בעט, איך זאָל געהן אביסיל מיך אויסרוהען, נאָר זיא האָט עס ביי מיר נישט געקענט בשום אופן פועלין, געה דוא האָב איך איהר דארויף געזאָגט, דוא נעביך, געה חלעבין לייג זיך אביסיל צו איך וועל מיר דאָ בלייבען אליין, נישקשה. איך דערמאָהן מיך איצט מיט שרעק יענע ווינטערדיגע נאכט ווען דיא אלטע איז געלעגען שטארק פארדולט מיט פארגלאָצטע אויגען, גערעדט עפּעס נישט צו דער זאך און אין הארץ האָט ביי איהר שרעקליך געהריפּעט אזוי, אז מען האָט געהערט אויף דער גאנצער שטוב, גלייך וויא אימיצער וואָלט געזעגען האַלץ. גאָלדע איז נישט טויט נישט לעבעדיג געזעסען לעבען בעט אויף א ביינקעל מיט רויטע פארוויינטע אויגען און געבראָכען דיא הענד. שיינדעלע, דיא אויסגעבלייכטע, אויסגעדארטע, אויסגעטריקעטע שיינדעלע לעבען איהר, האָט מיט א פינסטער פנים געקוקט אויף ; ער נוטה־למותר מאמע, געקוקט און געהליפּעט און חליפּענדיג זיך שרעקליך פארהיסט. פלוצלים האָט דיא אלטע זיך אויפגעזעצט, געקוקט אויף איהרע קינדער און טיף פונם הארץ דערלאנגט א זיפץ. איך בעט דיך, האָט זיא אויף א שלאָף קול צו מיר זיך אָנגערופען, נאָכדעם אז זיא האָט פריהער אקעגען א מינוט שווייגענדיג מיך אָנגעקוקט מיט אזא בליק, וואָס האָט מיר דורך־און־דורך גענומען אין אלע גלידער, איך בעט דיך האָב רחמנות אויף מיינע קינדער! זיי

בלייבען נעביך עלענט וויא א שטיין — יתומים אָהן פאָטער און מוטער, אָהן א קרוב אָהן א גואל... איך וועל רוהיגער געהן פון דער וועלט, רוהיגער ליגען אין קבר אז דוא וועסט מיר עס הייליג צוזאָגען און טאקי מקיים זיין... זיא האָט ווי־דער א מאָל א זיפצעטאָן, ארויפגעלייגט איין האנד צו גאָלדען, דיא אנדערע שיינדעלען אויפן קאָפּ און זיי געבענשט שטילערהייט, קוים, קוים, וואָס מען האָט געהערט איהר קול. ביידע קינדער זענין צושמאָלצען געוואָרען וויינענדיג און צוגעפאלען צו דער מוטער, וואָס האָט זיי געהאלזט, געקושט, צוגע־קוועטשט צו איהרהארץ. זיא איז באלד טאקי אָהן כח אנידערגעפאלען ווידער אויף איהר געלעגער, זיך אומגעקעהרט מיט דעם פנים צו דער וואנד, א חראפּע געטאָן — און אנשלאָפען געוואָרען אויף אייביג... גאָלדע מיט שיינדעלען האָבען ארויסגעלאָזט אזא יאָמער אזא ביטער קלאָג, אז א שטיין האָט עס געקענט ריהרען. איך האָב פערשטעלט דעם פנים מיט ביידע הענד און.... ס'איז א וועה־טיג, א חרפּה, א שרעק צוזאָגען — און עפּעס א שמייכעל געטאָן צופרידען, ווי איך וואלט פון מיר א שווערע משא אראָפּגעוואָרפען.

דיא אלטע, דאָס איז געווען לעת־עתה דער צווייטער קרבן, וואָס איז דורך מיר געפאלען. שפּעטער א ווייל האָט געדארפט געהן א גאנג אויף דער דריטער קרבן — דיא דארע, אויסגעטריקענטע שיינדעלע !.....

---

16

מיר איז דערנאָך שטארק נמאס געוואָרען צוזיטצען אין דער היים מיט פּאר־לייגטע הענד און לאָזען שימלען דיא גוטע מתנה, דאָס שטארקע געפיהל פון א קליין מענשעלע, וואָס איך האָב אין מיר געהאט. איין עברה חלעבין, אז אזא געפיהל זאָל פארפאלען ווערען, אזא גוטע מתנה זאָל פוילען, ווערען א לענער סחורה, אין דער צייט אז איך בין נאָך יונג מיט אלע קרעפטען און וואָלט דער־מיט געקענט מאכען דאָס בעסטע געשעפט, געהן אין גאָלד ! איז דען נאָר, האָב איך געטראכט, איין צוויאטשיץ, א וועלט און ווייטער איז שוין מעהר נישטאָ קיין אנדרע שטעדט מיט יודען, וואו מיין סחורה זאָל האָבען איין אָפּגאנג ?— דיא וועלט ברוך השם איז גרויס. עס זענין דאָ נאָך יודישע שטעדט, יודען זענין אומעטום יודען, מיט איין טבע, מיט איין תאראקטער און יודישע גבירים זענין אויך דאָ אָהן עין־הרע וויא מיסט, וואָס לאָזען זיך מסתמא נעהמען אויף דער ארענדע און וואָס מען קען מיט זיי מאכען דיא שפּיל ! צו וואָס־זשע זאָל איך

פארוויסטען מיין לעבען, פוילען דא אין דער היים ביז איך וועל אויפעסען מיין ביסיל געלד און ליידען דערנאך דחקות, צרות און לייד וויא א מאל, וואס אז איך דערמאהן מיך אצינד ציטערט אויף מיר דיא הויט און עס שטעלען זיך מיר קאפויר דיא האר? ניין, מען טאהר דא מעהר אזוי נישט בלייבען! כל זמן איך בין נאך יונג און האב נאך שיינע עטליכע גילדען מוז איך פריוועז דאס גליק און אויף מזל זיך אוועקלאזען.

זייא געזונד! האב איך אין א שיינעם מארגען געזאגט גאלדען, וואס איז דענסמאל געוועזען מעוברת, און בין אוועק אין דער וועלט אריין.

גלופסק איז דער בעסטער פלאטץ, וואס איז מיר באלד געפעלען, זיא איז א גרויסע יודישע שטאדט מיט א סך נאראנים, וואס לאזען זיך פיהרען בייא דיא נעז פון איטליכען בעזונדער און איטליכער טראגט נאך דיא נאז זיינע אנטקעגען, שטופט זיך מיט איהר פאראוים, בכדי מען זאל זיא אננעהמען בייא איהם צום ערשטען, ווייל ער מיינט, אז לאזען זיך פיהרען ביי דער נאז איז א חיוב, א יודישע זאך, וואס אנדערש קען עס גאר נישט זיין. גלופסק איז א שטאט מיט זעהר פיעלע חברות, מיט אלערהאנד גבאים, מיט אלע מיני כלי קודש און מיט אלערליי שיינע יודען, און גאט, וואס ער שפייזט פון דיא גרויסע בע־שעפעניש, וויא דיא געהערגערטע בופלאקסען ביז דיא אייער פון דיא כנים, שיקט דארט דיא דאזיגע מיני בעשעפעניש אויך צו זייער פרנסה בכבוד. קורץ, גלופסק איז מיר באלד טאקי געפעלען, אקוראט וויא געוואונשען, זיא איז פאר מיר געוועזען דאס, וואס א שטעהענדיגע זומפיגע בלאטע איז פאר א זשאבע, וואו זיא קען זיך קוואקען און צופיהרען אביסיל דיא הענד. דענסמאל בין איך אלט געוועזען א יאהר דרייא, פיער און אפשר פינף, זעקס, זיבען און צוואנציג (איך האב מיינע יאהרען נישט געציעהלט און נישט געוואוסט ווען איך בין געבוירען געווארען, ווארים צו־וואס האט עס מיר געטויגט וויסען?), געלד האב איך ביי מיר געהאט דעריבער איז מיר גרינג געוועזען בעקאנט צו ווערען מיט דיא גלופסקער פיינע בריות. איך פלעג תחלת זאגען קלאמפערשט אז איך טראכט רא מאכען עפעס א געשעפט, אבער אין אמת אריין האב איך גאר ארויסגעקוקט אויף מיין ארענדע, ווארום חוץ דער ארענדע האב איך געטויגט אויף סים סאט כפרות. מיין גאנצע כונה איז געוועזען צונעהמען דארט דעם גרעסטען גביר אויף דער ארענדע און מאכען מיט איהם דיא קאמעדיע וויא ר' איסר ווארגער א מאל מיט זיין גביר. וויא איהר ווייסט דאך איז דער גלופסקער גביר ביי זיך זעהר פראסט, ער האט ליב זיך אפצוגעבען מיט אלע נארעשקייטען און צו־וויסען

אלסדינג וואָס קאָכט זיך ביי איטליכען אין טאָפּ. און דאָס איז דאָך פאר מיר גע־ווען טאקי אזוי וויא אָנגעמאָסטען, אזעלכען וויא ער האָב איך דאָך טאקי בע־דארפט האָבען, נאָר וויא אזוי אָבער קומט מען צו איהם? וויא אזוי דערטאפט מען איהם אין דיא הענד אריין און מען מאכט פון איהם א בער? דערצו, האָב איך ארויסגעזעהן, קען מען אנדערש נישט קומען סיידען צו ווערען איין עכטער גלופסקער תושב, אריינצודרעהן זיך וויא איין איינענער צווישין גלופסקער כלי־קדש און ווערען מיט זיי פארקניפט און פארבונדען. איך האָב אָנגעהויבצען מכח דעם שטארק צו טראכטען.

דערוויילע איז אוועקגעגאנגען א היבשע צייט און איך בין מיט דעם פלאטץ אלץ וואָס ווייטער מעהר בעקאנט געוואָרען. שדכנים האָבען מיך נישט געלאָזט רוהען און ארום מיר זיך גערדרעהט וויא דיא בינען. זייא איז געפעלען געווען, אז איך בין איין אלמן, פון וואנען זייא האָבען דאָס גענומען ווייס איך אליין נישט. פאר זיי איז געווען געווען דאָס אליין, וואָס איך בין א מאנסביל און זיטץ א צייט אָהן א ווייב, מסתמא בעדארפט איך און וויל חתונה האָבען, אנדערש האָט זיך־זייא גאָר נישט געלייגט אין קאָפּ. דעריבער פלעגען זייא מיך בעפאלען וויא דיא היישרעקען און מיר אָנשלאָגען שידוכים. איך פלעג זייא צו־הערען תמיד מיט א שמייכעל און ביי מיר טראכטען, וואָס ארט עס מיך, לאָ־זען זייא זיךריידען, ס'איז דאָך דערווייל גלאט גוט, א פארגניגען צו שמיעסען פון כלות, צו פארברייגגען דיא צייט אין א שמיעס איבער שיינע מיידלאך און נאָך דוקא מיט עהרליכע יודען, וואָס שטעלען ארויס זייער שיינקייט, זייער פיינקאט, וואָס לויבען אָפּ אין טאָג אריין זייערע מעלות און לעקען פון זיי דיא פינגער פון גרויס חשק און התלהבות. מהיכא תיתי, האָב איך געטראכט, לאָזען יודען זיך ריידען, אפילו צוזעטצטערהייט, ווען קען עס ארען?... דיא שדכנים האָבען דערווייל מיך צוטראָגען אויף טעלערליך און מיט זייערע רייד מיך אריינ־געבראכט אין א גוטען שם ביי דער גאנצער שטאָדט, אז איך בין שטארק רייך, אָנגעשטאָפּט מיט געלד, א יחסן, א קלוגער, א בריה א מענש, איך זינג גאָר מחיה, דערצו בין איך נאָך א דימענט, אָהן א גאל, מיט א יודעש הארץ און מיט גילדענע מעלות. — גאנץ גוט, האָב איך מיר געטראכט, רעדט, רעדט יודישע קינדער, נאָט אייך א טרונק בראנפען און רעדט וויא ווייט איהר קענט!... איי־נער פון דיא שדכנים האָט מיר צולעצט אָנגעשלאָגען א שידוך, דוקא נישט מיט קיין געלד אָבער מיט אגרויסען פיינע בריה, מיט א בעריהמטען יחסן, איינער אין דער וועלט.

דער גרויסער פיינער בריה, מיט וועלכען מען האָט מיר גערעדט, האָט גע־הייסען מיט א פיערגאָרענדיגען נאָמען: ר' יוסף מאַרקיל ר' מאָניש לייבעלס. ער איז געווען איינגעטונקט אין גאָלע יחוס, געשטאמט פונם פארצייטיגען גלופ־סקער רבי'ס געזינד, כל ימו האָט ער קיין האנד אין קאלט וואסער נישט אריינ־געטאָן נאָר פון דעם יחוס זיינעם תמיד זעהר שיין געלעבט און אויסגעגעבען קינ־דער. גאָט האָט איהם געלייטזעליגט מיט א סך דארע, שווארצע, מיאוסע מיידי־ליך, צו אלע מעלות נאָך גרויסע שלימזאלניצעס, נאָר ער האָט זייא אלע אוים־געבראכט, ווייא מען זאָגט, אויפן לוים. גרויסע ווייא א שטיינער אויפגעקומענע משרתים, פלוצלים רייך געוואָרענע קליינע מענשעליך, פלעגען פשוט אויסגעהן מיט ר' יוסף מארקיל ר' מיניש לייבעלעס זיך משדך צו זיין און זיך איינקויפען דורכדעם אין יחוס. קוים האָט זיינע א טאָכטער דערלעבט אלט צו־ווערען פער־צעהן, פופצעהן יאָהר האָט זיך שוין געפונען אויף איהר א בעלן, וואָס ער איז געשווינד פארלאָפען אנדערע דעם וועג, ארויסגעהאפט דיא טהייערע מציאה פון זיינע הענד און נאָך איהם געגעבען אין בייטעל אריין. דאָס מיידעל וועלכע מען האָט מיר גערעדט איז נאָך געווען שווארצער, מיאוסער פון איהרע אלע איבעריגע שוועסטער, מיט איין אויסגעווייקט פנימעל, קליין, דאר ווייא א גרוגרת דר' צדוק, דאָס הייסט, ווייא ר' צדוקס איין אויסגעטריקענטע פייג. אין פארגלייך מיט גאָלדען האָט זיא א פנים געהאט ווייא א מאַלפע אקעגען א מענשען. דער שדכן אָבער האָט אין איהר קיין שום חסרון נישט געפונען, בייא איהם אין דיא אויגען האָט זיא געהאט דעם יודישען חן. מילא, האָט ער געזאָגט, אז זיא איז אביסיל טונקעל, אדער ווייס איך נאָך וואָס אזוינס, נוא מילא וואָס מאכט עס אוים? ווער קוקט אויף אזעלכע נארעשקייטען און ווענען בעדארפען אזעלכע קלייניגקייטען אָננעהן? מילא וואָס מאכט עס א יודען אוים שווארצליך צו ווייס־ליך אביסיל, אלץ איינס חלעבין! דער עיקר איז דאָך דער קרן אליין, אָט אויף וואָס מען בעדארף קוקען. און אויב דער קרן, וואָס איך גיב אייך דאָ פיר איז גוט, דאָס דאכט זיך, קען א בלינדער אפילו אויך אָנטאפען. עס פערשטעהט זיך, אז איך האָב געלאכט פון דעם שדכנ'ס דאָזיגע ווערטער, פון דעסטוועגען האָב איך הנאה געהאט איהם צוהערען און דער שידוך איז מיר אלץ וואָס ווייטער מעהר אין קאָפּ אריין. עס האָבען מיר זיך געעפענט דיא אויגען און איך האָב דערזעהן, אז דער איינציגערוועג, אויף וועלכען איך קען קומען צו מיין ארענדע א. מאכען א גליק איז טאקי נאָר דורך אזא מין שידוך, ר' יוסף מארקיל ר' מאָניש לייבעלעס איז דאָך א כלי־קדש, א שטיקעל קאָבלעפעל א גבאי אין א כ.

חברות און איז זעהר איינגעזעהן בייא דעם גביר, וואס לייגט אויף איהם גרויס כבוד און האלט זיך מיט איהם עוצת מכח יודישע זאכען, הייננט אז איך וועל ווערען זיינער איין איידעם וואלט איך דאך געוואָרען זעהר גרינג דעם גבירס נשמה, ער וואלט דאך בייא מיר געטאנצט גאר א וואונדער, איך וואלט געהאט שפע, אריין אין דיא גרויסע אלפים און געלעבט גליקליך נאך א סך בעסער וויא וויא איך האב מיר א מאל פירגעשטעלט! נאר אי וואס דער קרן? זיא איז דאך מיאוס? נוא מילא באמת טאקי וואס מאכט עס אוים! נוא אז גאלדע איז שוין א שיינע, מילא וואס-זשע קומט מיר פון איהר שיינקייט ארוים? אלסדינג איז גוט מיט ברויט.... איך האב מיך דערמאָהנט אין גאָלדען און געהאט גרויסע צרות, וואס זיא הייננט מיר וויא א קאלטען און איז אויסען מיין נשמה. איך האב זיא אין הארצען געשאלטען און געטראכט וויא מען ווערט איהרער פטור. דער שדכן האט דערווייל טאקי געטאן זיינס, מיר אלץ געפיקט, געפיקט דעם קאפ און געזאגט. אז באם אי וועל מיך נישט איילען וועט אונטערשפרינגען איין אנדער בעלן און וועט אויסחאפען אזא גליק, אזא כשרע מציאה בייא מיר פון דיא הענד. עס וועט מיר דערנאך משונה באנג טאן. איך האב מיך געלאזט איינריידען און דער שדכן האט וויא א בריה מיך פלוצלים צונויפגעפיהרט מיט ר' יוסף מארקיל ר' מאניש ליבעלעס, פאר וועלכען ער האט אנגעזאגט אויף מיר הרים וגבעות און אויסדערצעהלט שבחים נאך מעהר וויא אויף א יודענס א מצבה. אלץ גוט, אלץ שיין, נאר דער עיקר וואס דער מחותן האט געפארערט איז געווען, איך זאל נישט האבען פונם ערשטען ווייב קיין קינדער. פרעמדע קינדער אנהייגגעגען זיין טאכטער האט ער נישט געוואלט בשום אופן. איך האב איהם פארזיכערט אז איך האב נישט קיין קינדער, דער שדכן האט איהם פון זיין זייט אויך וועגען דעם בערוהיגט און איהם געשווארען בייא זיינע הייליגע נאמנות אי בייא זיין חלק עולם הבא וכדומה נאך אזעלכע מיני שבועות. מיר האבען למזל גע־מאכט א תקיעת־כף און אפגעלייגט דיא תנאים אין א קורצער צייט שפעטער. איך האב מיך געשמאק גענומען טראכטען צוגעפינען עפעס א מיטעל, וויא איך זאל דערווייל אין דער דאזיגער צייט לויז ווערען פון גאלדען, שא, שטיל, קיין האהן זאל נישט קרעהן.

אקעגען א דריי וואכען נאך דעם תקיעת־כף איז אין צוויאטשיץ אוועגט־צייט ארייגגעפאהרען א בויד און זיך אבגעשטעלט לעבען גאלדעס שטוב. א קאל־טע אלולדיגע לופט האט געוועהט און אראפגעבלאזען פון א טהייל ביימער דיא געלע בלעטליך, וואס האבען ליגענדיג אויף דער ערד זיך שטילערהייט געשוש־

קעט צווישען זיך עפּעס זעהר אומעטיג און אָנגעמאכט אויפֿן הארץ א מרה־שחורה. פונם בויד איז ארויסגעקראָכען א מענש, וואָס איז פאמעליך צוגעגאנגען צו ר׳ער טהיר און געבליבען דאָרט אביסיל שטעהן מיט אזא מינע, גלייך וויא איהם וואָלט עפּעס פריקרע געווען אנצונעהמען בייא דער קליאמקע. דער דאָזיגער פארשוין איז געווען טאקי איך מיט מיין כבוד אליין. ביים אריינקומען אין שטוב האָט מיר א קלאפּ געטאָן אין הארץ און איך בין געבליבען שטעהן לעבען דער טהיר אָהן לשון. גאָלדע איז איינע אליין געזעסען אויף דער ערד אין א ווינקעל, אָנגע־שפּארט דעם קאָפּ מיט דעם פּנים אראָפּ אויף א ביינקעל, גלייך וויא זיא האָט געדרעמעלט און נישט בעמערקט וויא איך בין אריינגעגאנגען. אויפֿן פענסטער האָט מיט א רויטען פלאם געברענט א חלבדיג לעכטיל, לעבען איהם איז גע־שטאנען א גלאָז וואסער מיט א שטיקעל לייווענט. איך האָב באלד פארשטאנען וואָס דאָס אלסדינג בעטייט און אין מיר האָבען געקאָכט פארשידענע געפיהלען. איך האָב מיך דערמאָהנט אין מיין ערשטען אריינקומען אהער, וויא פרעהליך, וויא שיין דאָ האָט דענסמאָל אלסדינג אויסגעזעהן, וויא שטארק צופרידען האָט דאָ א מאָל זיך געלעבט איין אָרמע פאמיליע, אלע האָבען זיך ליב געהאט, האָבען געהאט גוטע האָפנונגען אויף שפּעטער און געלעבט מיט דער האָפנונג דערווייל זעהר גליקליך, פּלוצלים האָב איך מיך אהער אריינגעהאפּט וויא א קאטץ א נעסט פון גליקליכע צופרידענע טויבען און האָב פון איטליכען גע־מאכט איין עק. מיכיל איז ערגיץ פארוואָגעלט, דיא אלטע מוטער און שיינדע־לען האָב איך געטריבען אין דער ערד אריין און אצינד וויל איך אין גאנצען אויך עקען מיט גאָלדען, פארוויסטען איהר אויף אייביג דאָס לעבען... איך האָב גע־טאָן א טריט ווייטער. גאָלדע האָט וויא פון שלאָף זיך אויפגעהאפּט און מיך אָנ־געקוקט א רגע, עפּעס וויא צומישט. מיט איהר בלייך פּנים, אויף וועלכען ס׳איז געלעגען אויסגעדרוקט דיא גרויסע צרות, וואָס זיא איז אויסגעשטאנען, אי מיט איהרע רויטע פארשוואָלענע אויגען, אין וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט איהר פינצטער געמיטה, האָט זיא אין מיר אויף א ווײלע דערוועקט א מענשליך גע־פיהל פון רחמנות און איך האָב נישט ווילענדיג א זאָג געטאָן: וואָס מאכסט־דוא גאָלדע? — א טהייערער גאסט חלעבין! האָט גאָלדע מיט א טיפען זיפץ זיך אָנגערופען און אוועקגעקעהרט דעם קאָפּ, נאָך אזא לאנגע צייט שווייגען האָט ער זיך פאָרט דערמאָנט און איז געקומען מנחם־אבל זיין דעם ווייב! אָט וואָס איך מאָך. שבעה זיטץ איך... אך, שיינדעלע, שיינדעלע!... זיא האָט עס גע־זאָגט אזוי טרויערדיג, אז עס האָט געקענט ריהרען אפילו א שטיין. גאָלדע! האָב

איך ווייטער א זאג געטאן, געמאכט עפעס מיט דער צונג און אליין נישט גע־ וואוסט וואס איך רייד. — וויסט און פינצטער איז מיר דאס לעבען, האט גאלדע גערעדט וויא צו זיך אליין, איך וואלט מיר בעסער געוואונשען דעם טויט ווען נישט ער.... קום, האט גאלדע אויפשטעהענדיג פון דער ערד געזאגט שוין ווייכער אביסיל, מיך ארייננעפיהרט ביי דער האנד אין ספאלניע אונטער דיא ווענטליך און איז מיט מיר צוגעגאנגען דארט צו א ווינעלע, וואס אינוועניג איז געלעגען א שלאפענדיג קינד מיט ביידע צוגעמאכטע הענטליך אויפן מיילכען און א זיס שמייכעלע איז איהם צייטענווייס איבערגעפלויגען איבער זיין פנימעל, אט צוליב וועמען איך וויל לעבען, האט גאלדע געזאגט אנווייזענדיג מיר אויף דעם קינד און דאס פנים איז איהר דערבייא געווארען לעבעדיגער פרעהליכער. דאס קינד האט פלוצלים געעפענט דיא אייגליך זיך גענומען זויגען א פינגער, געבעבעט און געמאכט קינדערשע אנשטעלען. דיא מאמע האט גאר אנגעקוואלען און פאר־ געסען אין דער מינוט איהרע ביטערע צרות, גלייך וויא זיא איז אליין געווארען א קינד. קוק נאר, זוהן, האט זיא אויף קינדערש גערעדט צום קינד, קוק נאר ווער דא שטעהט. טיא־טיא! מיט ליב דיר דיין גאסט! אט איז דיין טיא־טיא טיא־ טיא!... עס האט אין מיר פלוצלים אנגעהויבען צוזידען דאס בלוט, איך האב דאך דעם מחותן נעגעבען א ווארט, אז איך האב נישט קיין קינד און אצינד זעה איך גאר ליגט פאר מיר דא א קדיש, וואס טויג מיר כלל נישט צום עסק. דאס געפיהל פון רחמנות איז אין מיר באלד אויסגעלאשען געווארען, איך בין געשטא־ נען אנגעלאדען מיט א ברוגזדיג פנים און אנגעקוקט בייז דאס אומגליקליכע קינד נעביך, וואס האט אנגעהויבען צו מאכען פיסקליך און זיך שטארק צושריגען אוועק־קערענדיג פון מיר דאס קעפיל. שא, שא! האט גאלדע צו איהם געמאכט, שא נארעלע, וואס האסט דוא אזוי מורא פאר דיין טאטען? און בשעת זיא האט זיך אנגעבויגען צום קינד האב איך ארויסגענומען פון דער בוזעם־קעשעניע א גע־ שריפטס און האב עס געשווינד אריינגעווארפען איהר אין דיא הענט אריין מיט דיא ווערטער: אט האסט־דוא דיר פון מיר א גט!... גאלדע איז געבליבען שרעק־ ליך צומישט גלייך וויא מען וואלט איהר מיט א דובינע געגעבען אין קאפ, זי האט אויסגעגלאצט א פאר גלעזערנע אויגען און געקוקט נישט צוריידען א ווארט. הער נאר אויס גאלדע! האב אין צו איהר געזאגט, וויא דיא מעשה איז, דוא ביסט שוין מעהר נישט מיין ווייב, מיר געהערן זיך שוין ביידע נישט אן. נאר אז דוא ועסט קיין נאר נישט זיין, נישט מאכען דערפון קיין רעש און האלטען ביי זיך דאס קינד וועל איך דיך מסתמא נישט פארלאזען און וועל דיר צייטענווייס צו־

שיקען עפעסגעלד. ביי דיא דאָזיגע רייד מיינע האָט גאָלדע אויסגעשאָסען עפּעכ מיט א משינה ווילדען געלעכטער אזוי, אז איך האָב געמיינט, זיא איז זיכער אראָפּ פונם זינען. דער דאָזיגער ווילדער מין געלעכטער איז איבערגעגאנגען דערנאָך אין א ביטער געשרייא. ארוים ! האָט זיא אויף מיר געשריגען און אָנגענומען דערביי א שטאָלצע מינע, דוא ביסט נישט ווערטה א רגע צו בלייבען דאָ אין שטוב וואו עס האָבען געלעבט א מאָל עהרליכע לייט, וואָס זענין דורך דיר געגאנגען פון דער וועלט. זייא רוהיג, איך וועל אזא פארשוין וויא דוא נישט נאָכיאָגען. כ'איז מיר גאָר א חרפּה צו זאָגען ועמען איך האָב געהאט פאר א מאן. מעגסט דיר גאנץ רוהיג חתונה האָבען ! איך און מיין קינד בעדארפען נישט קיין הילף האָבען. כל זמן איך לעב וועל איך מיר נישקשה מיט מיינע הענד כשר פארדינען אונזער בע־דערפניש, ארוים פון דאנען אין פארגעס גאָר אז דוא האָסט ערגיץ א קינד ! ארויס, ארריים !...

איך האָב געשווינד מיך ארויסגעחאפּט פונם שטוב און בין באלד טאקי בייא דער נאכט נאָך אוועקגעפאָהרען.

18

דער שוואר מיינער ר' יוסף מארקיל ר' מאָניש ליבעלעס איז געוועזן א טהייער שליסעלע, וואָס האָט געעפענט פאר מיר אלע טהירען פון דיא גרעסטע גלופסקער פיינע־בריות און מיר ענטפּלעקט א סך סודות פון דער גאנצער כנופיא שטאָדט פיהרער. זיין יחוס און זיינע זכות אבות זענין מיר בייגעשטאנען צונעהמען לסוף דעם גלופסקער גביר אויף דער ארענדע און ווערען ביי איהם דיא נשמה, וויא איטליכען איז בעקאנט האָט דער גביר פון תמיד אָן ליב געהאט צושפּילען א ראָליע, דיא גאנצע שטאָדט, אָרעם און רייך, קליין און גרוים אלע האָבען פאר איהם געשאפּקעוועט און געבעטען זיין לאסקע, נאָר זינט אָבער איך האָב איהם גענומען אין מיינע הענד אריין און געמאכט פון איהם א בער האָט ער ערשט אָנ־געהויבען צו מאכען אָנשטעלען, ער האָט געארבייט, געמאכט תנועות און גע־טאנצט אזוי וויא מיר האָט זיך געוואָלט. איך האָב געמאכט מיט איהם דיא שפּיל כדת איסר ווארגער והקליין מענשעלע. יודען האָבען געגעבען געלד, געצאָהלט פאר אלע אָנשטעלען אין טאָג אריין עון איך האָב בחוש טאקי ארויסגעזעהן איסר'ם ווערטער : „אז אזא טהייער, אזא נוט, אזא גאָלדען און אזא נארעש פאָלק וויא יודען זענין איז אויף דער גאנצער וועלט נישטאָ"... מיין ודוי וועט אייך דאָ געבען צו פארשטעהן א מעשר מן המעשר פון מיין דרך און פון מיין אויפפיהרונג אין מיין לעבען :

על חטא שחטאתי באיש־קטן ובארענדע ובאמוץ הלב. דאס הייסט פשוט, איך בין געווען א קליין מענשעלע מיט אלע פיטשיווקעס. א כפרה, האב איך גע־זאגט, אלע פרנסות, אלע מלאכות אין דער וועלט. פון זייא קען מען אייביג נישט אויפקומען, מען בלייבט דערנידעריגט, דערשלאגען, תמיד דאס כפרה־היהנדעל און נאך א נס אז מען פגרט האטש נישט צעהן מאל אין טאג פאר הונגער. בעסער, האב איך געזאגט, לאזען אנדערע הארעווען, פראצעווען און דיא כפרה ווערען, איך אבער וויל לעבען, און האב מיך געווארפען אויף א נייעם מין פרנסה — צוהאלטען גבירים אויף דער ארענדע! דאס הייסט גארנישט טאן, גארנישט אר־בייטען, נאר אנטשעפען זיך וויא א זלידנע אין רייכע, שטארקע מענשען און דרעהן, מאכען דיא קונץ מיט זיי אין איינעם. זעהר א גרינגע, איין איינבריינגענ־דיגע פרנסה, וואס איך האב זיא מקיים געווען מיט אלע איהרע פוילע תנועות און איהרע כונות און מיט אלע אפשניטצליך וואס אין איהר שטעקט! דיא ארענדע מיינע האט מיך פארפיהרט, מיר פארשטאקט דאס הארץ, איך האב אויפגעהערט צוגלויבען אין אמת, אין ארענטליכקייט, אין רחמנות, אין פריינדשאפט און אין אלע אנדערע גוטע מענשליכע געפיהלען. איך האב נישט מעהר געוואוסט נאר דאס, וואס מיר טויג, וואס מיר נוטצט און געריסען בייא איטליכען, אי בייא ארעמע, בייא אלמנות און יתומים וויא ווייט און וויא אזוי איך האב נאר גע־קענט. אז איין ארעמאן האט פאר מיר געוויינט, געגאסען ריקעס טרעהרען האב איך איהם אזוי פיל געהערט וויא דעם קאטער. וואס טויג מיר דיינע טרעהרען? פלעג איך בשעת מעשה טראכטען, גיב בעסער געלד! תן לי הרכוש והדמעות קה ליך. דאס הייסט אויף קליינמענשעלדיג לשון: זשיד דאוואי גראשי! אדער הונט, גיב געלד און מיט דיא טרעהרען דערוואר֗ג זיך אליין!...

ועל חטא שחטאתי בבער ובבלענדעניש. איך האב גענומען א גביר, גאטס א מין בעשעפעניש אויף צווייא פיס מיט א געשטאלט וויא בייא א מענשען און געמאכט פון איהם א בער! איך האב געהאלטען אין דער סברא, ווי ר' איסר ווארגער נאך בדורו האט געזאגט, אז א נגיד איז בייא יודען א גרויסער כח. אלע אין דער שטאדט וואו ער וואוינט קוקען איהם אין מויל אריין און ווילען איהם אלץ פאטראפען אין אלסדינג וואס זייא טהוען. אין זייערע האנדלונגען צווישין זיך, אין זייער מגדל זיין דיא קינדער און זייער לעבען בייא זיך אין דער פאמיליע, אין זייער נאנצען הילוך וויא אויך אין זייער גלויבען, אין זייער פרומקייט און אמונה זאכען זעהט זיך בעשיינפערליך ארויס דעם נגידס גוטס, זיין געשמאק און זיין האראקטער. דיא אלע דאזיגע הנהגות פון עפעס א שטאדט, גוטע צי שלעכטע,

קלונג צי נארעשע, געווענדט זיך זעהר פיעל טאקי אין דעם, וואס פאר א מין מענש דער דארטינגער נגיד איז. דאריבער אז איך האב געשפילט מיט דעם גביר אין בלענדעניש און געמאכט נארעשע הויות, וואס האט אונז שטארק געפאסט צום עסק. זענין דורך מיר א סך טאקי פארבלענדזט געווארען און האבען נעביך מיאוס זיך נארעש געמאכט. וואס מעהר נארעשער איז אלץ אויסגעקומען שענער, יודישליכער. א נאר האט אנגעהויבען שטארק צו גילטען, ווער שמיעסט דערצו נאך איין עם הארץ, דער איז גאר ארויף אויף א הייכער מדרגה... איך, ווען איז מיר, פלעג קוקען און הנאה האבען פון מיינע נאראנים. איך פלעג אויף זייא קוקען וויא דער אקסענהענדלער אויף זיינע אקסען און מיט א פרעהליך הארץ אפשאצען דעם ריוח וואס מען קען פון זייא האבען.

על חטא שחטאתי בגלאסנעם :בגאלגאנסקע היהנער. דיא גלאסעם אין דער דומע האב איך געהאלטען אין מיינע הענד. זייא האבען געמוזט טאן אלסדינג וואס איך האב געהייסען, וואס מיר האט געטויגט, ווייל זייא האבען דאך נישט געקענט מיט מיר איינרייסען און מורא געהאט איך זאל זייא חלילה נישט אויסמאכען. זייא האבען זיך געמעגט זיין אפילו כשרע מענשען האבען זייא געמוזט דורך מיר טרפה ווערען, אקוראט וויא דיא כשערע, גרויסע גאלקאנסקע היהנער וואס דיא דינים נעביך האבען זייא געמוזט אסרען און זייא זענין טרפה געווארען נאר מהאי־טעמה, ווייל איך האב אזוי געהייסען, ווייל איך האב געהאלטען בלאט מיט דעם בעל־טאקסע און איהם האט דאך נישט געטויגט, מענשען זאלען זיך גלאט עסען אזעלכע גרויסע היהנער וואס קומט פאר זייא איין שחיטה־געלד וויא פאר קליינע.

ועל חטא שחטאתי בדאנאסען. איז איינעם נישט געפעלען געווארען אמאל מיינע הנהגות אין דער שטאדט, ער האט נישט געקענט צוזעהען דעם שרעקליכען שווינדעל וויא מען פארבלעדזט דעם עולם דיא אויגען, וויא מען פארדרעהט איהם דעם קאפ, וויא מען פיהרט איהם ביי דער נאז און מען פארפיהרט איהם ביז דעם האלז אין מיאוסע בלאטעס אריין, אזעלכען פלעג איך און מיינע לייט פארזארגען מיט א שיר המעלה, דאס הייסט א דאנאסעל, וואס מיר פלעגען שיקען אהין וואו מען בעדארף און אויף אזא אופן האבען מיר א סך מיילער פארשטאפט.

על חטא שהטאתי בהוקעס־פוקעס. פשוט איז איך בין געוועזן א פאקוסניק, וואס ווייס אזעלכען אויף דער וועלט צו זוכען. איך פלעג מאכען מיט דער רייף, צאפען פון דער וואנד געלד, מאכען פון שנייא גאמעלקעס, אריין יענעם

אין דער גרגרת, שטעהן פון דערוויטען און דערלאנגען א ביס, מאכען פון שווארץ ווייס, ריידען מיט א מענשען און פון דער העהלער הויט ארומשטעקען, איהם מיט פעדערען, חאפען פיש פאר דער נעטץ און מאכען פונם מויל א חאַל־יעוּרע וכדומה נאך אזעלכע פאַקוסען, וואָס פינעטע אפילו דעה בעריהמטער פאַקוסניק איז ניט ביכולת געווען זייא צו מאכען.

ועל חטא שחטאתי בוויבאַרעס. יענע מעלות וועלכע מען בעדארף האָבען אין מענשען ביים אויסקלייבען זיי צו עפּעס א התמנות, א שייגער: עהרליכקייט, א קאָפּ מיט שכל, א מויל און פען וכדומה, דיא דאָזיגע אלע מעלות, מיט וועלכע מען קען א פנים האָבען פאר דער וועלט און פיל נוטצען ברייגנגען דער שטאָדט, זיינען פאר מיר און פאר מיין כנופיא געווען גאָר חסרונות. איך האָב בעדארפט דוקא אזעלכע, וואָס האָבען נישט קיין פנים פאר דער וועלט און קענען קיין נוט־צען נישט ברייגנגען דער שטאָדט. וואָרים דאָס וואָס האָט געטויגט דער שטאָט האָט לחלוטין מיר נישט געטויגט. איך האָב גאָר בעדארפט האָבען עפּעס א לאַ־פּענמיטצעל, א לאַ־יוצלה, א לעדערנעם דישעל, וואָס איך זאָל איהם בייגען וואָהין איך וויל, וואָס פאר א גראָשען זאָל ער פארקויפען זיין נשמה, וואָס ער זאָל זיך שטארק מכניע זיין און חנפהנגען מיך מיט מיין גאנצען פעקיל. און ווייל דער גלופסקער עולם איז דאך געווען תמיד שטארק פארנארעשט וויא א קליין קינד און זיך געלאָזט פיהרען בייא דער נאָז, דעריבער האָט ער תמיד בשעת וויבאָרעס אויף א גלאַכנע אָדער אויף א רב וכדומה אויסגעקליבען יענעם לאפּענמיטצעל, יענעם טויגעניכטס, יענעם לעקיש וועלכען איך האָב געוואָלט און דורך וועלכען יצר פלעגט דערנאָך בעקומען בוויכוּותעהטיג. וואָס ווייסט דען א נאריש קינד צו בערעכענען וואָס שפּעטער וועט זיין? ער איז זעהר גערען צו פאָלגען אלסדינג, אבי מען גיט איהם א שמיר איבער דיא ליפּליך מיט אביסיל ווייז מען רוקט איהם אריין אין הענטיל א לעקעכיל און מען פערשטופּט איהם דעם מויל מיט א קני־שיקעל.... אי דערנאָך וועט איהם דערפון גרימען אין בייכעל און עס וועט איהם באָקים ארויספאלען, נוא מילא וועט איהם מאקי וועה טאָן. מיין עולם, מיין נאַ־רעש קינד נעביך, פלעגט דאָס קנישיקעל נישט בעקומען, ער פלעגט עס שפּעטער אויסקריינקען און איז דורכדעם נעביך שטארק אראָפּ פונם פנים...

על חטא שחטאתי בחברות, בחאַפּ־לאַפּ ובחאטע פאַקרעשקע. חברות האָב איך זעהר ליב געהאט פאר דעם גרויסען נוטצען, וואָס מען האָט פון זייא. מתעסקים אין אונזערע חברות בעקומען דאך א נאָמען: בעלי־רחמים׳ס כלי־קדש. און צו דעם דאָזיגען טיטעל פאלט זייא נאך שטילערהייט צו איין אָפּטער,

זעהר א היבשער א שיינער גראָשען. מיין שווער האָט דערגרייכט דעם טיטעל דייסטוויטעלנע טאינע גבאי, דאָס הייסט א גבאי, וואָס חברה׳ש געלד איז בייא איהם אין דיא הענד בסוד סודות און קיינער חוץ איהם ווייסט נישט וואָהין דאָס געלד קומט אהין... איך בין אויך אריינגעטרעטען אין א סך חברות און זיך דער־דינט צום טיטעל נאמן, דאָס הייסט איינער פון יענע מיני מתעסקים, וואָס מען גלויבט זייא אויף נאמנות, אלסדינג וואָס זייא טהוען איז געטאָן און זעניין נישט מחויב קיינעם רעכנונג אָפּצוגעבען. מיר האָבען אלע איטליכער אויף זיין שטייגער געמאכט האפּ־לאפּ און אלסדינג איז געבליבען האטע פּאָקרעשקע....

ועל חטא שהטאתי בטאקסע. דיא טאקסע, אָדער דאָס קעסטעלע, איז דאָס פּעראיפּושטע, אומריינע אָרט, וואָס דאָרט פּלאָדען זיך וואנצען, טאו אקאַ־נעס, ווערעם און נאָך אזעלכע מיני שרצים; זיא גיט ביי אונז ארוים יענע מיני מענשליך, יענע מיני שלעק, וואָס עסען אָפּ דעם קאָפּ און טהוען אָן גרויסע צרות; זיא איז איין אָנשיקעניש, א פּלאָג, וואָס מאכט קאליע דאָס בלוט, פּארדארבט אויך דעם גייסט, דיא נשמה, און פארגיפטעט אונז דאָס גאנצע לעבען זיא איז אזא גיפט וואָס נעמט דורך און דורך אין אלע אברים, אין אלע יודישע זאכען, אומעטום לאָזט זיא זיך דערפיהלען און האָט א חלק אין אלע צרות. דורך דער טאקסע זיינען דיא יודען קראנק, דאַר, אויסגעמאָגערט און לידען ביטערע שלאפּ־קייטען, וואָס געהן איבער בירושה פון דור צו דור, נאָר דערפאר וואָס זייא איז אוממעגליך צו עסען געגונג פלייש — דאָס איינציגע שפּייז, וואָס איז שטארק נייטיג צום מענשענס געזונד. דורך דער טאקסע געפינט מען זיך ביי אונז תמיד איין אויסרייד וויא צו בערייסען דעם עולם, איטליכער גראָשען טאקסע־געלד ציהעט ווי א מאגנעט צו זיך צו נאָך א סך אידישע גראָשענס. ביז עס ווערט זייא א היבש בערגעל. דורך דער טאקסע שפּרינגען האָפּטעסוויים ארוים און האָ־בען בייא אונז א קיום יענע מיני נפשות, וואָס פארשווינדלען דעם עולב מיט אלערלייא נארעשקייטען און נאָגען איהם אוים. עס שפּרינגען דורך איהר ארויס און האָבען פון איהר זייער גאנצע יניקה דיא אלע גאָטססטראפּטשעס, קאָכלעפּעל באסאָקעם און אלערלייא מיני בעלי טובות, וואָס נעהמען צו פּשוט דאָס חיות מיט זייער גוטסקייט און פרומקייט, קורץ, דורך דער טאקסע בעקומען א סך מענשע־ליך דעם כח, דיא שליטה צו טאָן אלסדינג וואָס זייא טויג און וואָס זייא ווילען. איך אליין, וועה איז מיר, בין דאָך געווען איינער פון יענע מענשעליך, איך אליין פלעג דאָך נחנה זיין פון דער טאקסע און געהאלטען פאר איהר תמיד שטאָל און אייזען, ווייל איך האָב געוואוסט דעם סוד, אז כל זמן בייא יודען וועט זיין דיא

טאקסע ווע̇לען זייא בלייבען אין גלות בייא אזעלכע מענשליך וויא איך מיט מיין נאנצער כנופיא. מען וועט זיי קענען האלטען אין דער מורא וויא קליינע קינדער, ארויפפיהרען זיי אויף נארישקייטען, און טאָן מיט זיי אלסדינג וואָס מען וויל, איך האָב געהאלטען פאר דער טאקסע און דיא טאקסע האָט מיך געהאלטען אויף דיא פיס. איך האָב נענעסען אומזיסט דאָס שעהנסטע, דאָס בעסטע פלייש און דיא אָרימע לייט האָבען געצאָהלט טהייער און נענריזעט ביינער, זיי זיינען געווען דיא שאָף און איך דער וואָלף, איך האָב געביסען, געוואָרגען און נענוג אידיש בלוט אין מיין לעבען אויסגעזויגען......

על חטא שחטאתי ביראת שמים וביודישע גזרות. אלע פאלשקייטען מיינע האָב איך אריינגעלייגט אין דער יראה, עס פלעגט עפּעס אויסקומען, אז אלס־דינג וואָס איך טהו איז נאָר לשם שמים, איך נעהם מיך אָן גאָטס קריוודע און וויל פארהיטען זיינע אידען, זיי זאָלען בלייבען טאקי דאָס וואָס זיי זיינען. און וויל פאר מיר מיט מיין כנופיא איז גלייכער נעווען אידען זאָלען בלייבען נראנים, דערשלאָגענע מענשען, דעריבער קענט איהר דאָך שוין פארשטיין וויא מיר האָט ניט געשמעקט יענע קלוגע זאכען, וואָס וואָלטען זיי געקענט דיא אויגען עפענען, וויא שטארק איך האָב, קלאָמערשט פון גאָטס וועגען, מיך נארעש גע־מאכט און זיך אָפּגעגעבען מיט אלע קרעפטען דאָס מינדעסטע נארישקייט צודער־האלטען, וויא ווייט פאלש איך בין געווען און וואָס פאר א מין טעם מיין יראת שמים האָט געהאט....... איז א מאָהל אָנגעקומען עפּעס א גוטע זאך אויף אידען האָב איך עס גערופען א גזרה און איינגעווענדעט אלע תחבולות אין איינעם מיט מיינע לייט דיא דאָזיגע גזרה מבטל צו זיין. אידישע קינדער שטיינער זאָלען זיך לעהרנען שרייבען רעכענען בכדי צו פארדינען דערנאָך זייער ברויט בכבוד האָט ביי אונז געהייסען א גזרה, אידען זאָלען זיך טראָגען שיין און נישט זיין מעהר בזוי־ומבזה מיט יענע קליידער, אין וועלכע זייערע שונאים האָבען פאו־צייטען זיי געצוואונגען זיך אָנצוטאָהן, האָט ווייטער געהייסען א גזרה. טאָמיר איז דאָ א סברא. אז דיא טאקסע זאָל בטל ווערען, האָט אויך געהייסען א גזרה. הכלל אלסדינג וואָס אונזער כנופיא האָט נישט געטויגט האָט געהייסען גזרות..... דערווייל האָבען מיר צו דיא גזרות נישט דערלייגט, פארקעהרט פיעל האָבען דערפון געהאט א פרנסה און לעבען זיך דאָרט ערגייץ גאנץ שיין נאָך ביז אצינד. מיר, פושע ישראל, מיר א שטייגער איז פון לאפּענמיטצליך און יארמולקעס נישקשה גענוג געלד אין קעשענע אראָפּגעפאלען.

ועל חטא שחטאתי בכנופיא ובכל־ולך; בלעקען במאניפארגעס, בנצחנות,

בסבאַרשטשיקעס בספּראָוועטשנע צענעס, בעזות בפּאקטרעוועז, בצביעוות ובצי־גיינעריש; בקאמעדיעס, בקהלשטיבעל ובקוממיות זאָגנו; ברכילות ובראיעסלאַזעו בשטותים, בשקרים, בשווינדעל, בשלישית געלד, בשייגעץ ובתקיפות. דער פּרוש פון דיא דאָזיגע אלע זאכען ליגט פון אויבען אויף, און איך פאר שפּאָר עס גאָר צו דערקלעהרען.

הכלל איך בין געוועזן א קליין מענשעלע און האָב דורכדעם געלעבט אין עושר און אין כבוד. דעם גביר מיינעם האָב איך געהאלטען אויף דער ארענדע און מיר ביידע האָבען געמאכט דיא קאמעדיע. איך בעדארף דאָ פאר מיין גביר זיך נישט מתודה זיין, ער לעבט נאך און ער וועט נאך צייט האָבען אליין זיך מתודה צו זיין.

---

19

אויבען האָב איך געזאָגט אז בטבע בין איך נישט געוועזן קיין נאר, קיין שוטה, איך בין נאָר געוועזן א דערשלאָגענער, א פערוואָגעלטער, אזוי מוז איך אצינד בעמערקען, אז כפי עס זעהט אוים בין איך א פנים פון דער נאטור אויך נישט געוועזן אזוי גראָב שלעכט, נישט מעהר איך בין געוועזן פערפיהרט. דיא צרות, וואָס איך בין א מאָהל אויסגעשטאנען פון דער וועלט האָט מיר פאר־שטאָקט דאָס הארץ און מיך געמאכט שלעכט. אז איך האָב געטאָהן א מאָהל א שרעקליכע מעשה־רע פלעגט אין מיר דערנאָך דורכלויפען עפּים נישט קיין פרעה־ליכער געדאנק, וואָס פלעגט מיך אויף א רגע א שטאָך טאָן ווי א שפּילקע איך געדיינק איסר ווארנער האָט א מאָהל צו זיין גוטען ברודער אין איין כעס געזאָגט: „מען בעדארף נישט קענען אָנקוקען אזעלכע לייט וויא גוטמאן, יענע אלע שיינע נפשות וואָס מאכען ביכליך. מען מוז אין תוך אריין זיי האסען, שפּייען אויף זיי קלעק און אויסווייכען זיי ווי ווייט מען קען, אין זייערע ד' אמות מאָר מען נישט שטעהן, ווארים זיי זיינען ערגער פון פייער, זיי זיינען א מאָהל אויסען אריינצו־קריכען יענעם אין דער גרגרת און אָנצוטאָהן גרויסע צרות מיט זייערע בעשריי־בעכצען און שטעמעדינע ווערטלעך, אל אָגיל ואשמח, קיילעכדיג און שפּיציג. דאָס גאנצע שטיקעל נס נאך וואָס דער אייזעל האָט נישט קיין הערנער, וואָס אזעלכע שלימזל'ס האָבען נישט קיין געלד, קיין העלער ביי דער נשמה און זיי־נען, געלויבט איז השם־יתברך, גרויסע דלפנים, וואָס בעדארפען פּאָרט אָנקומען א מאָהל צו אונזער גראָשען, זיסט וואָלט מען געהאט פון זיי צו זינגען און צו זאָ־

גען, מען וואָלט חלילה זיך געקראַצט און פון זיי געליטען נאָך ערגער וויא פון דיא וואנצען.“—עס פערשטעהט זיך אז איסר'ס דאָזיגע ווערטער זיינען ביי מיר פאררעכענט געווען וויא תורת אמת און כאָטש מיר האָט הארציג באנג גע־טאָהן פיינט צו האָבען אזא מענשען וויא גוטמאן וואָס ער איז מיר געלעגען טיעף אין מיין זעל, נאָר ר' איסרן האָב איך דאָך געמוזט הערען, ווען נישט וואָלט דאָך מיר קיין סברא ניט געווען צו זיין א קליין מענשעלע, איין ארענדאר און וואָלט נעביך געמוזט ווייטער ליידען צרות און קלעפּ אויפ'ן פּור. מיין פוס איז פון יענער צייט צו גוטמאנען נישט געקומען, איך האָב איהם און אזעלכע מענשען וויא ער אויסגעווייכט וויא איין עפּוש. איז מיר א מאָל צו דיא הענד געקומען עפּעס א מין פארשוין מיט דיא ביכליך האָב איך אין איהם מיך נוקם געווען וויא אין דעם ערגסטען שונא און האָב איהם געטאָן שפּיטצליך וויא ווייט נאָר איך האָב געקענט. „ווער דיא כפּרה, האָב איך בשעת מעשה געטראַכט, פאר מיין מינדסטען נאָגעל, דוא אזוינער און אזוינער, דוא אָנחאַפּער, דוא אָנשיקעניש, דוא פּושע־ישראל איינער! ליג אין דער ערד און באַק בייגעל דוא אפּיקורוס איינער“..... נאָר אז איך בין שוין געווען שטארק רייך און האָב שוין מעהר נישט בעדאַרפט מורא האָבען אז איך וועל ליידען בידעווען, אָט דענסטמאָל האָט מיר אָנגעהויבען צוטיאָכקען מיין הארץ, דענסמאָל פלעגט מיר אלץ זיך פירשטעלען דער גוטער און שטילער גוטמאן. אך, וואָס פאר א גוטער, פאר א טהייערער מענש ער איז געווען! אך, וויא פריינטליך, וויא צוגעלאָזט ער אי גע־ווען צו אלע מענשען! ער האָט מיך ליב געהאַט און מיך בעהאנדעלט נישט וויא א משרת! ער איז געווען נעביך איין אָרימאן, האָט געליטען דחקות, פון דעסמי־וועגען וויא לוסטיג און צופריעדען איז ער תמיד געווען!....

א מאָל, געדיינק איך, האָט זיין וויב נעביך זעהר געוויינט, ס'איז שוין גע־ווען נאָהענט צו פּסח, אין גאנצען עטליכע טעג און דאָ איז נאָך אין שטוב נישט געווען קיין סימן אויף יום־טוב. ער האָט מיך ארויסגעשיקט א גאנצען טאָג מיט ביכליך, נאָר קיינער האָט זייא דיא הענד אפילו נישט געוואָלט נעהמען. איט־ליכער צו ווּעמען איך האָב אָפּגעטראָגען קוויטליך האָט שטארק פאררעהט דיא נאָז און מיר נישט געענטפערט קיין גוט וואָרט. דיא מאדאם, דיא טהייערע מאַ־דאם, זיין געטרייא וויב, האָט נעביך געוויינט און איז געווען זעהר פאראומערט. „אך, האָט צו איהר גוטמאן זיך אָנגערופען און זיא געטרייסט, זינדיג חלעבין נישט, נשמה מיינע, מיט דיינע טרעהרען! אונז איז נאָך בעסער פון א סך אנ־דערע רייכע, מיר זענין דאָך עהרליכע לייט. האָבען חלילה ביי קיינעם נישט צו־

גענומען, קיינעם קיין שלעכטערס נישט געטאָן. מיר ליידען.... נאָר פאַר דעם אמת צו ליידען איז א סך בעסער און שעהנער וויא פון דעם שקר גליקליך צו זיין. זאָרג נישט, מיין לעבען, זאָרג חלעבען נישט! גאָט האָט געהאָלפען, גאָט ועט ווייטער העלפען. א ברירה ועט ער דען האָבען? מסתמא וועט ער דאָך מוזען וויא ס'איז עפּעס ארויסהעלפען. וואָס ניצט מיר באמת צוויי רעק מיט א פעלץ? טראָגען טראָגט מען דאָך נאָר איין ראָק נישט קיין צווייא, און דער פעלץ איז חלעבען אויך איבעריג, עס געהט דאָך צו זומער, ליגענדיג אין קאסטען קען איהם נאָך נאָר דער מאָיל אויפעסען. אַט חלעבין אבראם פויל זיך נישט, נעהם טאקי באלד דעם פעלץ מיט מיין ראָק און געה פערזעטץ זייא, פארקויף זייא, טהוא מיט זייא וואָס דוא ווילסט, ווען מיר האָבען מצות אויף פסח, כרפס און מרור מיט אלע זיבען זאכען". דיא דאָזיגע סצענע האָט מיר תמיד זיך פירגעשטעלט פאַר מיינע אויגען. איך האָב געזעהען אז גוטמאן איז גליקליך געווען אָהן געלד, איז דאָך א־פּניב משמעות אז דאָס גליק בעשטעהט נישט אין געלד נאָר גאָר אין עפּעס אנדערש. ער האָט נאָך געזאָגט בזה הלשון: „אונז איז בעסער פון א סך א נדערע רייכע, מיר זענין דאָך עהרליכע לייט". איז משמע א פנים, אז נאָר עהרליכע לייט זענין גליקליך און צופריעדען. דערבייא איז מיר נאָך תמיד געלעגען אין זינען וואָס ער האָט א מאָל געזאָגט יאקאָבזאָהנען: „ליידען הייסט חנפהנען, צוויאטשען, דער הונד, דער צוויאק מוז תמיד זאָ פירכטען, תמיד זיך היטען אזוי וויא דער גנב".
איך האָב אָנגעהויבען בעשיינפערליך ארויסצוזעהן וויא אמת, וויא ריכטיג זיינע ווערטער זענין. גוטמאן האָט נאָר מיט דעם שכל זיינעם פארשטאנען אז „ער הונד, דעם צוויאק איז אזוי שלעכט וויא דעם גנב, וואָרים זייא אלע מוזען תמיד מורא האָבען און זיך היטען מען זאָל זייא נישט דערטאפּען, מען זאָל נישט דער־געהן זייערע מיאוסע זאכען, און זיין תמיד אין דער מורא, זיך בעדארפען תמיד צו בעהאלטען איז עפּעס נישט אזא געשמאקע זאך. איך האָב אָבער דאָס אייגענע טאקי געפיהלט בייא מיר אין הארץ, אז א פאַלשען מענשען איז עפּעס גלאָט שלעכט, נאָר אָהן אלע טעמים. עפּעס קאָרטשעט עס איהם, עפּעס ליגט איהם וויא א שטיין אויף דעם הארצען, עפּעס קאָכט אין איהם דאָס בלוט, דער קאָפּ ווערט איהם שיער נישט צוזעצט, ער ברענט וויא א פלאם פייער, עפּעס איז איהם אייגג דיא וועלט און ער ווייס נישט זיך וואָהינצוטאָן, ער וואָלט געשפּרונגען אויס דער הויט און פון זיך אליין גערען געוועזן צו אנטלויפען ערגעץ וואו חער שווארצער פעפער וואקסט, העט ווייט ווייט צו אלדע שווארץ־יאָהר! — ! —" יא, איך האָב טאקי בחוש געפיהלט, אז ליידען הייסט חנפהנען, צוויאטשען. איך בין דאָך גע־

ווען רייך, אָנגעשטאָפּט מיט געלד און בין פאָרט נישט גליקליך געווען. איך פלעג האָבען בייזע ביטערע חלומות, עס פלעגט מיר זיך אויסדאכטען אז איך האלט א חלף און קוילע, איך פלעג הערען קרעכטצען, זיפצען, חאָרחלען, גוסען און מיינע פּאָלעס זיינען געווען פארשמירט, פארשלומפערט אין בלוט. מיכל, דער גוטער, דער שטילער מיכל פלעגט מיר אָפּט זיך דרעהען פאר דיא אויגען, טויט בלאס וויא דיא וואנד. ער פלעגט אויף מיר קוקען זעהר בעטריבט, מיר ווייזען אויף דיא קיימען אין וועלכע ער איז געווען געקאָוועט און מיט א טרויערדיג פנים מיך אלץ פרעגען: גוואלד, יצחק אברהם וואָס האָסט־דוא צו מיר געהאט? גוואלד, גוואלד, יצחק אברהם וואָס האָב איך דיר געטאָן? !.... דיא אלטע און שיינע־עלע פלעגען אויסוואקסען וויא פון אונטער דער ערד,ביידע פלעגען הוסטען זיך פארקייכען, ביידע פלעגען זיך איינעסען אין מיר מיט רויטע ברענענדיגע אויגען און שרייען: אָט איז אונזער מלאך־המות! אָט איז ער דער רוצח, דער קוילער! פּלוצלים פלעגט פון זייא ווערען א הויפען ביינער, פון דיא ביינער פלעגען ארויסקריכען ווערעם און גיפטיגע שלאנגען, זיך לאָזען צו מיר מיט אָפענע מיילער און מיר בייסען שטעכען וויא שפּילקעס.... מעהר פון אלע פלעגט מיר קריינקען גאָלדע. זיא פלעגט מיר זיך אויסדאכטען וויא זיא זיצט דערשלאָגען פארוויסט, פאר־אומערט מיט עפּעס א שטיקעל ארבייט אין דיא הענד, זיא שטשאבעט נעהט און צושטעכט זיך דיא פינגער, נאָר זיא פיהלט אָבער נישט, גיט זיך אפילו נישט א קרים, זיא שטשאָבעט נעהט אלץ ווייטער וויא א מאשינע און שאָקעלט מיטן פוס א שווערע סקריפּענדיגע וויג צוזינגענדיג דערבייא „אליו־לוליר־ליוליונוא" אויף א משונה אומעטיג קול. דיא וויג אָבער איז ליידיג, קיינער איז אין איהר נישטאָ. גאָלדע! שרייא איך, וואו איז ער? וואו איז דאָס קינד? גאָלדע ווינט און זינגט ווייטער נישט צו ריידען מיט מיר קיין וואָרט:

א־ליר־לוליו בירנע קינד,
ווער איז דער מאמע וועה און ווינד!
אינוועניג אין ווינעלע
ליגט א קלאהר ווייס צינעלע.
צינעלע מע! צינעלע מע!
ניט־זשע שרייא נים זשע וויין,
ביסט דאָך עלענט וויא א שטיין.
צינעלע מע! צינעלע מע!
וויסט און פינצטער איז דיין וועלט,

ליידישע שטיל הונגער און קעלט.
ציגעלע מע ! ציגעלע מע !
דארט אין דרויסען הער נאר הער,
וואיעט א וואלף, ברומט א בער
ציגעלע מע ! ציגעלע מע !
לידיג, לידיג איז דאס וויגעלע
נישטא, נישטא מיין ווייס ציגעלע !
א־ליו־ליוליוא בידנע קינד,
ועהה איז דער מאמע וועה און ווינד !

ביא דיא דאזיגע ווערטער שטעהט גאלדע אויף, בלוטיגע טרעהרען קאפען איהר פון דיא אויגען, זיא שטרעקט אוים דיא הענד אין אלע זייטען און שרייעט אויף א ווילד קול „נישטא, נישטא מיין ווייס ציגעלע !“ איך לויף ארוים פון שטוב שטארק צוקאכט, עס דאכט זיך מיר וויא וועלף און בערען יאגען מיך נאך, זייא קנאקען מיט דיא ציין יוננע ביינדליך און איך הער ביטערע קולות פון איין אומגליקליכע ציגעלע....

דיא דאזיגע אלע פינסטערע חלומות און ביטערע געפיהלען האבען מיך היינטינס יאהר אזוי זאמיטשעט, אז איך האב אנגעהויבען צו קרענקען, איך האב געפיהלט אז איך וועל נישט לאנג דויערען און מיך געהאפט וויא עס איז אויפ־צושרייבען מיינע אלע הנהגות, אלסדינג וואס מיט מיר האט זיך פאסירט און וואס איך האב געטאן אין מיין לעבען בכדי דאס זאל מיר זיין לכפרת עון. גאלדען האב איך לסוף אנגעשריבען א בריעף אין וועלכען איך בין זיך מתודה וויא שלעכט איך האב אקעגען איהר געהאנדעלט און בעט זיא רחמים מוחל צו זיין מיינע שווערע זינד. איך שרייב דארט און בעט רחמים זיא זאל קומען מיט אונזער קינד, אויב ער איז נאך דא אויף דער וועלט, בכדי איך זאל זייא מינדליך מחילה בע־טען און קענען רוהיגער שטארבען. נאר דרינען איז שוין עטליכע וואכען און גאל־דע איז נאך נישטא ! איך בעט אייך רבי, איהר זאלט פאר מיר זיך פארוועגדען און פועלין ביא גאלדען זיא זאל מיר מוחל זיין, וואס איך האב איהר פארוויסט, פאראומערט איהר גאנץ לעבען. גאלדע, ווייסט איהר דאך, האט על פי דין נישט געקענט חתונה האבען, זיא האט געלעבט אודאי אין צרות אין לייד אין דער צייט ווען איך האב געלעבט אין עושר און אין כבוד און האב אין גאנצען פארגע־סען זיא און דאס אומגליקליכע קינד, וואס איך האב איהר אנגעווארפען און פאר־לייקענט אז איך בין זיין טאטע. זיא האט נישקשה געהאלטען ווארט און מיך אויך

פארגעסען. זיא האט מיך דיא גאנצע צייט, וואס איך בין פון איהר אוועק, געלאזט צורזה און ס'איז איהר א חרפה געווען צו זאגען ועמען זיא האט געהאט פאר א מאן. גאלדע איז שטאלץ, זיא איז אבער גוט. אז איהר וועט זיא בעטען פאר מיר וועט זיא מיר מוחל זיין. זאגט איהר, אז יצחק אברהם איז געווען פארפיהרט, ער האט זיא נישט פארשטאנען צו שעטצען, ער האט געמיינט, אזוי וויא א סך אנ־דערע, אז א ווייב איז נישט אזא גרויס יום־טוב, מען האט מיט איהר זיך נישט וואס צו צערעמאניען. זאגט איהר אז יצחק אברהם האט פארן טויט אנגעהויבען זיא אמת ליעב האבען, ערשט דענסמאל האט ער אנגעהויבען צו פיהלען אז „א ווייב מיט אלע מעלות איז א טהייערע זאך, טהייערער פון דיעמענטען און בריליאנטען א סך".

---

20

דא, רבי, האט איהר אייך אין גאנצען מיין צואה פון מיין גרויס פארמעגען און עשירות וואס איך לאז איבער, וויל איך אז מען זאל אזוי טאן: מיין ווייב זאל מען מסלק זיין איהר כתובה מיט דער תוספת כתובה, וואס זיא האט פארמאלניע פון מיר ארויסגענומען, דאס גאנצע ציהרונג לאז זיא זיך אויך נעהמען און געהן געזונטערהייט. זיא וועט דאך מסתמא אליין נישט וועלען בלייבען אין הויז און זיך אודאי איילען חתונה האבען. זיא וואקסט דאך פון אזא הויז, וואס דארט לאזט מען בתולות און אלמנות ניט לאנג זיצען אהן שידוכים... גאלדע זאל נעהמען אזוי פיעל וויפיל מיין איצטינע ווייב, דאס הויז וואס איך זיטץ אליין זאל געהע־רען מיין עלטערען זוהן, דעם בכור, וואס איך האב געהאט מיט גאלדען, און ווייד־טער פון מיין מזומן קאפיטאל בעדארף ער נעהמען א גלייכען חלק מיט מיינע צווייא יונגליך פונם צווייטען ווייב. באם מיין עלטערער זוהן איז חלילה נישטא אויף דער וועלט בעדארף איהם גאלדע ירשהנען. דאס גרויסע געמויערטע הויז מיינס מיט א קאפיטאל פון 85 טויזענט רובעל עולמית געלד לאז איך איבער אויף מצוה־זאכען אזוי: אזוי וויא איך וויים זעהר גוט, אז דיא יודישע תלמוד־תורה'ת טויגען לחלוטין גאר נישט און האבען נישט קיין שום זין, מען נעהמט ארעמע קינדער און מען פארטרייבט זייא — גאט זאל מיך נישט שטראפען פאר דיא רייד — אין א שטאל, וואו זייא וואלגערען זיך אין מיסט, אין בלאטע וויא דיא קעלבער, מען לערענט מיט זייא דארט נישט קיין ווארט, וואס מען בעדארף, מען מאכט נאר פון זייא דראבעס, טויגעניכטסען, אומגליקליכע מענשען, וואס טויגען

נישט שפּעטער נישט צו גאָט, נישט צו קיין לייט, און אזוי וויא איך ווייס ווייּ־
טער, דיא תלמוד־תורות קאָסטען נאָך יודען זעהר פיעל געלד, מען רייסט דארויף
פון טויטע אי פון לעבעדיגע, מען נעהמט אויך פון דער טאקסע און דאָס געלד
נעהט נאָר לאיבוד, עס פאלט אריין שלעכטע מענשען אין דיא הענד, זייא האָבען
הנאה און אָרעמע נעביך ליידען, זייא טהוען כל הפסלנות און הייסען נאָך פיינע
מענשען, גבאים, בעלי רחמים'ס, וואָס פארזאָרגען יודישע קינדער און לעהרנען
זייא תורה ; דעריבער, בכדי נישט צולאָזען מעהר אזעלכע מיאוסע זאכען, גיב איך
אועק מיין הויז אויף א תלמוד תורה פאר אָרעמע קינדער. דאָרט זאָל מען מיט
זייא לעהרנען וויא עס געהער צו זיין אלסדינג וואָס איז נייטיג : יודיש, רוסיש,
שרייבען און רעכענען, דאָס אלסדינג זאָל זייא שפּעטער צוניטץ קומען אין דער
וועלט, כשר צו פארדינען זייער ברויט. דערבייא זאָל מען דאָרט מאכען א שולע
פאר בעלי מלאכות, וואו מען לעהרענט אלערלייא מיני מלאכות, בכדי דיא
לעהרניונגליך זאָלען נעביך נישט ליידען פון דיא שניידער און שניידערקעס, זאָלען
נישט דארפען ביי זיי אוועקזיין א צייט מיט יאָהרען און נעביך טראָגען פּאַ־
מייניצעס. א רחמנות חלעבין, פיל יתומים, לעהרניונגליך, בלייבען דורכדעם קאַ־
ליעקעס, אָהן א גאנץ ביינדיל נעביך, און לסוף ערשט הייסען זייא נישט אָן צו
קענען דיא מלאכה. דיא הכנסות פון דיא קלייטען אין דעם דאָזיגען מויער זאָלען
געהן אויף אויסצוהאלטען דיא תלמוד־תורה מיט דער רעמעסלעני (בעל־
מלאכהישע) שולע. אייך רבי און דעם הערר **ג ו ט מ א ן** מאך איך פאר פּיה־
רער, משגיחים איבער דיא דאָזיגע צווייא זאוועדעניעס. דעם גרויסען פליגעל אין
הויף גיב איך אייך ביידע אָפּ פאר א דירה, איהר זאָלט דאָרט ביידע וואוינען מיט
אייערע פאמיליעס און אייער געהאלט צום לעבען זאָלט איהר בעקומען פון דיא
זיכערע הכנסות. איך בעט אייך, רבי, אז איהר זאָלט למען השם וויא צום גיכ־
סטען שיקען נאָך דעם העררן **ג ו ט מ א ן** קיין צוויאטשיטש און אָנהויבען
צו טאָן דרינען, וואָס איך פארלאנג דאָ. איהר, רבי, זענט א צדיק, א גוטער,
עהרליכער **מ א נ ן**, א סימן, איהר זענט דאָך א גרויסער אביון. ווען איהר
זאָלט וועלען וואָלט איהר דאָך אויך געקענט זיין רייך און האָבען געלד אויף פּראַ־
צענט וויא איין אנדער דין. גוטמאן איז הלעבין אויך א צדיק, א גוטער, א טהיי־
ערער מענש, חאָטש ער געהט אָהן א היטעל און צוגעפּוטצט דיא באָרד. ער האָט
אייער טהייערען חאראקטער. איך בעט אייך, רבי, האָט איהם ליב, ער וועט אייך
זיכער ליב האָבען, וואָרים ער האָט ליב אלע מענשען, ער איז א וואַרמער יוד,
מיט א יודיש הארץ און ער וואָלט פאר יודען זיך מקריב געווען, אזוי אמת ליב

האָט ער זייא. ער איז נאָר ברוגז אויף דיא צוויאקעס, פארפרומטע נשמות, וואָס גיבען זיך אוים פאר פרומע כשרע יודען, ווייסען דאכט זיך נישט מעהר וויא גאָט און ציצית און שטילערהייט טהוען זייא כל הפסלנות, פארפיהרען דיא יודען נעביך אין דער בלאָטע און טהוען זייא אָן גרויסע צרות. רבי, איהר וועט שפעטער אליין ארויסזעהען, וואס פאר א טהייערער מענש און א ווארמער, אמתער יוד גוטמאן איז. ער וועט אייך שטארק צוניטץ קומען אין דיא אלע זאכען, וואָס איך בעט דאָ אייך צו טאָן. ווייטער, דיא הכנסות פון דעם עולמית געלד זאָלט איהר אין איינעם מיט גוטמאנען געברויכען אויף נאָך גוטע זאכען אין דער שטאָדט, וועלכע איהר ביידע וועט געפינען פאר נויטיג. אויב עס וואָלט א סברא געווען איינצופיהרען אין דער שטאָדט עפּעס אזא מין חדר פאר א סך קינדער, מיט אמת גוטע מלמדים און לעהרער, וואָס דאָרט זאָל געלערענט ווערען געטרייא יודישע למודים און וועלטליכע זאכען, וואָס דאָרט זאָלען דיא קינדער זיך אויסלערנען צו זיין עכטע יודען און אויך ניטצליכע, פארשטענדיגע מענשען, אויף אזא מין שטאָדט־חדר וואָלט מיר זעהר, זעהר ניחא געווען איהר זאָלט אלע יאָהר געבען א געוויסע סומע פון דיא הכנסות פון עולמית געלד, נאָר בתנאי, אז איהר מיט גוטמאנען זאָלט האָבען דיא השגחה איבער דעם דאָזיגען מין חדר. איהר רבי זאָלט קוקען אויף דיא יודישע למודים, זייא זאָלען געלערענט ווערען פיין, מיט א גוטען דרך, אקוראט וויא עס בעדארף צו זיין, און גוטמאן פון זיין זייט זאָל האָבען איין אויג אויף דיא איבעריגע ענינים און השכלה זאכען. איך ווייס, אז אזא מין שטאָדט־חדר, וואָס זאָל געפיהרט ווערען דורך אזעלכע מענשען וויא איהר און גוטמאַן וואָלט פאר יודישע קינדער געווען א גליק. נאָר איך ווייס אָבער צודיס, אז וויל טאקי פאר יודישע קינדער וואָלט אזא חדר געווען א גליק, דעריבער וועט עס א סך מיני מענשעליך כלל נישט שמעקען, זייא וועלען אקעגען דעם זיך ארויס־שטעלען, זייא וועלען אריינלייגען זייער שמאדשטיק אין דר יראה, קלוימערשט איז אזוינס עפּעס נישט יודעשליך און וועלען זוכען אלע מיני מיטעל אזעלכעס נישט צולאָזען. פון דעסטוועגען איהר, רבי, זאָלט פון אייער זייט פריווען טאָן וועגען דעם אלסדינג וואָס נאָר מעגליך אולי ירחם, אפשר וועט גאָט פאָרט פאָרט רחמנות האָבען אויף יודישע קינדער, זייא זאָלען קליגער ווערען און זעהען מיט אָפענע אויגען ווער וויל זייער רעה און ווער זייער טובה, וואָס פאר זייא איז שלעכט און וואָס גוט. — איך וועל עס דערוויל פאר זייא פריוען אויף מיינע אייגענע צווייא קינדער. איך וויל און פארלאנג עס פונם גאנצען הערץ, אז איהר, רבי, און גוטמאַן ביידע זאָלט איהר לעהרנען מיט מיינע קינדער, איהר ביידע

זאָלט זייא מדריך זיין, בכדי זייא זאָלען זיין יודען, ניטצליכע מענשען און געפע־
לען אי גאָט אי לייט.

דיא דאזיגע אלע פאפירען מיינע, זאָלט איהר, איידער מען וועט מיר מיין
רעכט טאָן, פירלייענען דיא אלע היגע נגידים, מיר וועט עס זיין א כפרות און און
זייא א מוסר. אויב איך און מיינע ווערטער וועלען נישט ווירקען אויף זייער לע־
בען, זיי זאָלען זיך בעסערן און אוועקוואַרפען זייערע שלעכטע נארישע
גיינג ביים לעבען, לכל הפחות וויל איך זיי אויסלעהרנען וויא צו שטאר־
בען, זייא זאָלען חאָטשע שטארבען וויא מענשען.... וויפיל נגידים איך האָב ביז
אהער בייא אונז געקענט זענען ביז דער לעצטער מינוט געבליבען דאָס וואָס זייא
זענין געוועזען און געשטאָרבען אָהן שכל. האָבען תמיד אין זייער גאנצען לעבען אין
זינען געהאט נאָר זיך אליין, נאָר זיך, און ביים טויט אפילו נישט קליגער, נישט
בעסער געוואָרען. לאָזען זייא הערען מיינע ווערטער און לאָזען זייא אויף מיר קו־
קענדיג זיך אויסלערנען חאָטשע שטארבען, אוועקגעהן פון דער וועלט וויא מענ־
שען... שטארבט, זאָג איך אייך, נגידים, שטארבט, שטארבט וויא מענשען!

מיינע דאזיגע פאפירען זאָלט איהר מוחל זיין, רבי, דערנאָך אָפּצודרוקען,
לאָז דיא גאנצע וועלט וויסען, אז מיט רייכקייט איז מען נישט גליקליך. גליקליך
איז מען נאָר מיט א גוט הארץ און מיט מעשים טובים. בעסער פארשווארצט צו
ווערען און ליידען אבי זיין א בראווער, עהרליכער מאנן, איידער צו האָבען פון
פייגעלמילך און זיין א קליין מענטשעלע. דיא דאָזיגע אלע פאפירען וועט איהר
מוחל זיין געבען רב מענדעלי מוכר ספרים, ווארום ער ווייסט שוין
הלכות הדפסה. א חוץ דעם פאָהרט ער ארום אין גאנץ פוילען
וועט ער עס קענען אומעטום אָפּזעצען. פאר זיין טרחה דערביי זאָלט איהר
איהם אָרענטליך בעצאָהלען, ער איז דאָך נעביך איין אָרעמאן. איהר זאָלט איהם
געבען פון מיינע קליידער א פּאָאר קאפאָטעס, העמדער, זאָקען הויזען וכדומה
אזעלכע קלייניגקייטען, לאָז ער נעביך האָבען אין וואָס זיך אָנצוטאָהן און א
פנים האָבען פאר א מענשען, לאָז ער נעביך נישט געהן אָפּגעריסען, אָפּגעשליסען,
פארשמירט און איך בעט אייך איבער, פארשטונקען וויא אלע אנדערע אידישע
מוכרי ספרים. —

---

21

אז דער רב האָט אָפּגעלייענט אין גאנצען און אנידערגעלייגט דיא פאפירען
איז צווישען דעם עולם אין שטיבעל געוואָרען עפּעס א קאָכעניש. דיא נגידים
זיינען געוועזען שטארק אין כעס. א טהייל האָבען געביסען פאר פארדראָס דיא
ליפען און האָבען געשוויעגען א טהייל האָבען געזשווזשעט וויא דיא פליגען און
א טהייל האָבען געזיפצט און געאייקעט.

— הא ר' חנה! האָט איין נגיד זיך אָנגערופען און דערביי א שטאַרקען
זיפץ געטאָהן, וואָס זיפצט איהר אזוי, ר' חנה?

— טא־טא־טא! האט ר' חנא געמאכט און געשאקעלט מיט דעם קאפ. עס, וואהין ער איז פארקראכען! היינט געה גלויב מענשען. דיא וועלט איז שיין חלעבען קיין וועלט נישט..... אזא חרפה, אזא בושה! א שרעק, וויא איך בין א יוד! עס קומט דאך זיין טאקי היינט אויס, ר' בעריש.... נוא־נא אזא מעשה, אזא בושה.

איך האב שוין אבער פריהער פערשטאנען, האט ר' בעריש געענטפערט, וואהין דיא סויל פליהט. מיר, נארען, האבען נאך בעדארפט זיטצען וויא דיא פערד אוןווארטען ביז דיא קויל וועט אונז טרעפען, פאר וואס זיינען מיר נאך פריהער נישט אוועקגעאנגען? איך האב אייך געזאגט: ר' חנא קומט! וואס־זשע זייט איהר דא געבליעבען הערען ביז אין דעם סוף אריין דיא אלע שטעכ־ווערטלאך. נאר אבער צוריק שמועסענדיג נוא מילא? ! אודאי איז עס אביסעל נישט גלאטיק, אביסעל טערפקע. נאר צוריק שמועסענדיג אבער, וואס איז אזוינס דיא מעשה? עס, מען האט שון אזעלכע זאכען געהערט. נישט אזא גרויסע סכנה חלעבען! אודאי לכתחלה, זייט איהר טאקי גערעכט, ס'איז אביסעל פריקרע, עס לאפטשעט ביים הארץ, נאר בדיעבד איז.... עס, חלעבען, גארנישט. א נאר בלייבט א נאר און דיא וועלט בלייבט א וועלט, טאקי ווי פריהער א וועלט......

„ניין, ניין, רבי! האבען עטליכע נגידים געשריגען אויף א קול שטארק אויפגעבראכט. אזעלכעס איז נאך נישט געהערט געווארען, מען זאל נעהמען מענשען און זיי זאגען אין דיא אויגען אריין אזעלכע מיני זאכענישען! וואס שווייגט איהר ר' חנא? וואס שווייגט איהר ר' בעריש, ר' פייבוש, ר' אבא? ! סטייטש, סטייטש אזעלכע מענשען, מען זאל נעהמען מענשען, ברוך השם אנגע־זעהענע, פיינע בריות און מאכען פון זיי מחילה.... לעמעשקע! ווער האט איהם געבעטען אזוינס צו זאגען? וואס געהערען זיך מיט איהם און אנדערע? אויף דיר אליין זאג, שרייבט חאטש צוזעצטערהייד, אבער וואס געהט דיך אן יענער? מיר זאגען בפירוש: ניין, ניין, ר' חנא, ר בעריש, ר' פייבוש, זאגט, זאגט ניין ניין! וואס איז, אין דער קאשע וועלען מיר זיך לאזען שפייען, אין דער קאשע?"

— נוא ר' מענדעלע, האט דער רב צו מיר געזאגט, אוועקקעהרענדיג זיך מיט א קאלטער מינע פון דיא נגידים און זיי געלאזט שרייען, איך בעט אייך ערשטענס ר' מענדעלי, איהר זאלט מיר זאגען ווער איז אזוינס ביי אייך אין צוויי־אטשיטש דער הערר גוטמאן? איז ער טאקי אזא עהרליכער מאן? קענט איהר איהם?

רבי, האב איך געענטפערט, גוטמאן געהט מיט א געפוצטער בארד, נאר איין עהרליכער מאן איז ער טאקי.

— נוא. האט דער רב געזאגט, אבי ער איז איין עהרליכער מאן ארט מיך נישט זיין געפוצטע בארד, מען זאגט: בעסער א יוד אהן א בארד וויא א בארד אהן א יודען (ביי דיא ווערטער האט דער רב א קוק געטאהן אויף עטליכע פיינע לייט פון דיא נגידים). צווייטענס בעט איך אייך, אזוי וויא איהר זייט א צוויי־אטשיטשער זאלט איהר טאקי מוחל זיין פאהרען אין אייער צוויאטשיטש טאקי

בלי נדר מאָרגען, איהר וועט אָפּגעבען דאָרטען דעם העררן גוטמאַן מיין בריעף און איהם בעטען, אז ער זאָל למען השם גיך קומען אהער צו פאָהרען, בכדי מיר ביידע זאָלען באלד קענען מקיים זיין צוואת המת, און דריטענס, זאָלט איהר ליבער הארצעדינגער ר' מענדעלע אָפּדרוקען דיא דאָזיגע אלע פּאַפּירען אין א בעזונדער ספּריל און עס פערקויפען אין גאַנץ פּוילען, פאר א זעהר וואָלוועלען מקח, בכדי דער עולם זאָל עס מעהר קויפען. אייך וועל איך מסתמא גוט בעלוינען.

„קען מען אריינגעהן?“ האָט פּלוצלים זיך געלאָזט הערען א קול און דערביי טאַקי עטליכע קלעפּ מיט דיא פינגער אויף דער צוגעמאכטער טיהר, און אז דער רב האָט געענטפערט: „נוא־נוא אריין!“ איז אין שטיבעל אריינגעקומען דיא רעביצין און דיא נעכטיגע אונבעקאַנטע שווארצחנוודיגע יודענע מיט דיא אויגען וויא דיא קאַרשען,וויא פיעל מענשען עס זיינען געווען אין שטיבעל האָבען ביי איהר אריינקומען געפיהלט עפּעס א דרך־ארץ, און זיינען גלייך אלע מיט א מאָל פערשטומט געוואָרען.

גוט חלעבען. וואָס איהר זיינט דאָ! האָט דער רב געזאָגט צו דער יודענע און זיא געבעטען זיצען. פריהער אביסיל, אביסיל פריהער ווען איהר וואָלט געווען קומען וואָלט גאָר גוט געווען. איהר האָט זיך עפּיס געזיימט, וואָס איז די מעשה, הא?

איהר ווייסט דאָך, רבי, האָט דיא יודענע בנעימותדיג געענטפערט און טרעהרען האָבען איהר זיך געשטעלט אין דיא אויגען. איך האָב דאָך אייך נעכטען דערצעהלט מיין אונגליק, דיא גרויסע צרה, וואָס מיך האָט געטראָפען. דיא שטאָדט האָט אָפּגעגעבען מיין איין איינציג קינד, מיין אויג אין קאָפּ, און איך האָב פון איהם א לאַנגע צייט ניט געהט קיין בריעף, אזוי וויא אין וואַסער אריינגעפאַלען. היינט אין דער פריה אין א שמיעס מיט מענשען איז גראָד צו רייד געקומען, אז איינער עפּעס א היגער אידישער סאָלדאט איז צוריק געקומען פון דער קרים, פונם אָרט, וואָס דאָרט איז ערשט געווען דיא גרויסע שרעקליכע מלחמה. מיין הארץ האָט מיר עפּעס געזאָגט, איך זאָל מיך זעהן מיט דעם דאָזיגען סאָלדאט. ביז איך האָב מיך צו איהם דערפרעגט וואו ער זיצט איז אוועק א היבשע צייט. גאָט האָט געהאָלפען, איך האָב איהם לסוף אויפגעזוכט. אז איך האָב איהם באותות ומופתים געפרעגט אויף מיין זוהן, אויסגעמאָהלט זיין געשטאַלט און איהם אָנגערופען ביין נאָמען, האָט דער סאָלדאט אויסגעשטעלט אויף מיר א פּאָאר אויגען און געבליעבען וויא צומישט דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופען מיט א זיפץ: „אויב אזוי, קען איך אייער זוהן. דאָס הארץ טהוט מיר וועה אָנצוזאָגען אייך נישט קיין פרעהליכע בשורה. אייער זוהן, אייער זוהן איז נעביך — פערוואונדעט. ער האָט בעקומען א גרויסע ראַניע. איך מיט נאָך צוויי סאָלדאטען האָבען מיר איהם געפונען פאַכענדיג מיט דער נשמה אויפן פרייען פעלד צווישען געפאַלענע דערהארגעטע סאָלדאטען נעביך. קוים וואָס ער האָט געזיפעט. אז מיר האָבען נעהענטער צוגעלייגט צו איהם דיא אוי־

ערן האָבען מיר דערהערט פון איהם עפּעס א פארדומפּפטע קול, גאנץ שטיל: אך, עס ברענט, עס ברענט! גוואלד, אביסעל, האָטש א טרעהר וואסער! און אז מיר האָבען איהם אין מויל ארייננעגאָסען אביסעל וואסער, אין גאנצען וויא פיעל ביי אונז האָט דענסטמאָל זיך געפונען, האָט ער אויפגעעפענט דיא אויגען, אונז שארף אָנגעקוקט, זיך אָנגעטאָהן א כח און מיט אלע קרעפטען ארויסגעלאָזט א געשריי: „שמע ישראל! זא צארייא אי זא אָטעטשעסטווא!“ (פאר דעם קיסר און פאר דעם פאטערלאנד)—הורא! האָבען מיר אלע א געשריי געטאָהן און איהם אויפגעהויבען פון דער פייכטער פערבלוטיגטער ערד, דיא אויגען האָבען איהם באלד ווידער זיך צוגעמאכט. ער איז געווען שטארק פערדולט, דאָס פנים טויט, בלייך וויא דיא וואנד און איינגעשמירט מיט פארבאקען בלוט. מיר האָבען איהם געטראָגען אויף דיא הענד און געבראכט אין לאזארעט אריין. דאָרט ליגט ער איצט שטארק קראנק, אָפּגעשוואכט נעביך. פאר מיין אוועקגאנג אהער בין איך צו איהם אריין, איך האָב גע'פועלט מען זאָל מיך צו איהם צולאָזען, זעהן וואָס ער מאכט. מיין הארץ האָט עפּעס צו איהם געצויגען, ער איז א פיינער, בראווער יונגערמאן, זיין נאטשאלסטווא איז בעוואוסט וויא ער איז בשעת מלחמה געגאנגען אין פייער, שטארק בעהארצט און זיך געשלאָגען וויא א לייב צוויי מאָהל האָט ער אָבגעשלאָגען ביין שונא אונזער פענדעל און דערהאלטען דערמיט דעם כבוד פון זיין פאָלק. ביים געזעגענען זיך מיט איהם האָט ער מיר איבערגעגעבען דעם אדרעס פון זיין מוטער און מיט הייסע טרעהרען אויף דיא אויגען מיך געבעטען, באם עס וועט אוועקגעהן א היבשע צייט און פון איהם וועט נישט זיין קיין שום ידיעה, זאָל איך מודיע זיין דער מוטער אלסדינג, וואָס מיט איהם האָט פּאסירט. לאָז זיא בידנע נעביך האָטש וויסען וויא אמת געטרייא איהר זוהן האָט ביז דער לעצטער מינוט זיא געליעבט. יאָ, ער האָט מיר נאָך דערביי מיטגעגעבען זיין פּאָטרעטעל וואָס ער האָט אוספייעט פאר דער מלחמה ביי א פאָטאָגראף פון זיך אראָפּצונעהמען, מיט דער בקשה, איך זאָל עס דער מוטער זיינער איבערגעגעבען. — אָט האָט איהר עס!“ אך וועה איז דער מאמע! האָט דיא יודענע נעביך צום סוף זיך צו־וויינט, אך וועה איז דער מאמע, וועה און ווינד.

דיא רביצין האָט אויף דער יודענע קוקענדיג זיך אויך צו־וויינט. אין שטי־בעל איז געוואָרען א חשבות, אויף איטליכען איז אָנגעפאלען א מרה שחורה. עס האָט זיך געגלוסט עפּעס וויינען. דער רב האָט א היבשע צייט געשוויעגען, מען האָט געזעהן. אז ער געהט פשוט אוים פאר גרויס עגמת נפש, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען מיט דיא טרויסט ווערטער:

—געוגג חלעבען אזוי צו־וויינען. גאָט קען העלפען אייער קינד זאָל נאָך געזונט זיין! אודאי איז אייך נעביך נישט גוט, נאָר וואָס קען מען מאכען? מען בעדאָרף נאָר נישט פארליהרען דעם בטחון.—זעהט איהר רבותי! האָט דער רב זיך געווענדעט צום עולם, דיא דאָזיגע יודענע מיט אזא געבראָכען געמיטה נעביך, דאָס א!.....

„צדקה תציל ממות!" האָט פלוצלים זיך געלאָזט הערען פון דרויסען א משונה טרויעריג קול. דער רב האָט נישט אויסגעפיהרט זיינע רייד, זיך געלאָזט געשווינד ארויסלויפען פונם שטיבעל און געבעטען אלע וואָס זיינען דאָ געווען, זיי זאָלען איהם נאכגעהן.

אין דרויסען איז געווען זעהר א גרויסע עדה מענשען, ס'איז געווען אזוי איינג, א שפילקע אפילו נישט דורכצו־וואַרפען, אז איך האָב מיך צום לעצטען קוים מיט צרות דורכגעשטופט צווישען אזא עולם האָב איך דערהערט דעם רב'ס קול, וויא ער זאָגט עפעס שמיהענדיג לעבען דער מיטה און בעט דיא שוואַרצ־הנעהדיגע אימבעהאַנטע יודענע אין דעם נאָמען פונם מת, זיא זאָל איהם מוחל זיין. די יודענע איז וויינענדיג צוגעפאַלען מיט דעם קאָפּ צו דער מיטה און אויסגעוויינט איהר שווער, ביטער הארץ.

— רבותי! האָט דער רב זיך אָנגערופען צו אונז אלע, דיא דאָזיגע יודענע איז אזא ביטער געמיטה נעביך, דאָס איז יצחק אברהם'ס פריהערדיגע ווייב — גאָלדע!...

---

צוריקקומענדיג צום בית־המדרש האָב איך געטראָפען מיין פערדיל נעביך אין זעהר א שלעכטער לאגע. ווייסע חברה, קונדסים, האָבען איהם אויסגעריסען כמעט אלע סטרינעס, איבערגעלאָזט איהם אפשר נאָר אקעגען א פערציג. עסען האָט ער געהאט מכות, ער איז געשטאנען מיט אן אראָפּגעהאנגענע אונטערסטע ליפּ געקוקט אין ביידעל אויף דיא ספרים און געטראכט. וואָס א פערד טראכט קוקענדיג אין ספרים, דאָס איז ניט פאר אונזער מח צו פארשטיין, איך וויים נישט מעהר, מיינער קוקט און טראכט, לאָז זיך זיין חאָטש פערדיש, אָבער אלץ א קוק איז דאָך עס פּאָרט... נישט דאָס בין איך אויסען. נוא, חכם מיינער! האָב איך פריינדליך געזאָגט און אָנגענומען מיין שלימזלניק ביי דער טשאָפּרינע, דיר קומט היינט א סך האָבער. דוא האָסט טאקי געטאָן א גרויסע חכמה, וואָס דוא האָסט מיך געפיהרט קיין גלופסק. דוא האָסט מיט דיין חכמה געבראכט א גרויסען נוטצען אי מיר אי דער ליטעראטור. דוא ווייסט, פערד! וואָס דוא האָסט געטאָן? וואָס פאר א שיינעם חבור מיר איז אצינד בעשעהרט דער וועלט ארויסצוגעבען נאָר צוליב דיר טאקי, צו ליב דיין מוח, וואָס האָט געראָד א נעהם געטאָן גלופסק? — פון היינט אָן פיהר דוא מיך, חכם מיינער, איך לאָז אָפּ דיא לייצען און לייג פאר דיר אוועק דיא בייטש!

אויף מאָרגען האָב איך מיך גרייט געמאכט מיט אלע נייטיגע זאכען און בין אוועקגעפאָהרען קיין צוויאטשיץ.

ארויספאָהרענדיג פון גלופסק ניט ווייט פון דער ראגאדקע איז אונטערגעפאָהרען א פּאָטשט מיט דריי פערד וויא דיא לייבען. אין וועגעלע איז געזעסען יודענע, וואָס איך האָב זיא באלד אויף דער רגע דערקענט. אז איך האָב זיא א

פרעג געגעבען: זייט־זשע מוחל גאָלדע, זאָגט וואָהין איהר פאָהרט? איז דיא פאָטשט וויא א פאל אויסען בויגען אוועקגעפלויגען און צו מיינע אויערען א־ז צווישען דיא פארטראָגענע קולות פונם גלעקיל, דערגאנגען נאָר דאָס איינציגע וואָרט: קרים!

א היים אז איך בין געקומען, האָב איך מיך דערוואוסט אין שטאָדט, אז גוטמאַן איז ארויסגעפאָהרען פון צוויאטציץ און מען ווייסט נישט וואו ערגיץ ער געפינט זיך היינט. איך האָב מיך געאיילט גיכער אָפצודרוקען דעם דאָזיגען ספר און בין דאָ מדיע, אז ווער פון אייך רבותי, וועט זיך בעגעגנען ערגיץ מיט הערדן גוטמאַן, אָדער ווער פון אייך ווייסט וואו ערגיץ ער געפינט זיך, זאָל ער מוחל זיין תיכף ומיד טאקי איהם צו מעלדען, אז ער זאָל למען השם ולמען השם וויא צום גיכבטען רימען קיין גלופסק. טאָמיר האָט ער נישט אויף הוצאות זאָל ער חאָטש פארזעטצען א משכון, נישקשה, און קומען, וואָרים דער רב דאָרט קוקט אויף איהם ארויס, זייא זאָלען ביידע איינפיהרען א בעריהמטע תלמוד־תורה מיט א בעל־מלאכהישער שקאָלע, אקוראט וויא מען בעדאַרף און מתקן זיין דאָרט א סך אנדערע גוטע זאכען.

ישראל בני רחמנים! האָט רחמנות און טהוט עס צוליעב אָרעמע יודישע

ענדע.

# פישקע דער קרומער

א מעשה פון יודישע ארימע לייט.

מיין ליעבען טהייערען פריינד,

דעם בעריהמטען און געלעהרטען הערר

# מנשה מרגליות

בריינגט דעם דאָזיגען ספר במתנה פונ'ם גאנצען הארצען,

דער מחבר.

# טהייערער פריינד!

טרויערדיג איז מיין ניגון אין דער קאפעלע פון דער יודישער ליטעראטור. אין מיינע חבורים ליגט אויסגעדרוקט א יוד מיט דיא ביינער, וואס ווען ער זינגט אפילו א מאל א פרעהליכס, דאכט זיך נאר אויס פון דערווייטענס, עפיס קלאגט ער, פארגעהט זיך וויינענדיג. אין זיינע זמירות הערט זיך עפעס איין אומעטיגער שטיינער פון איכות: לאכט ער, שטעהען איהם אין דיא אויגען טרעהרען, וויל ער אביסעל לוסטיג זיין, רייסט זיך איהם דערבייא ארויס טיף פונם הארצען א ביטער־רער זיפץ—און תמיד אלץ אוי, ווייא וויינעשריגען!..

איך רעד מיך ח׳ילה נישט איין מיט גדלות, אז איך בין א סאלאווייא אין אונזער יודישער ליטעראטור, נאר אין איין זאך אבער בין איך אין איהם יא שטארק געראטען. דער דאזיגער מרה־שחורה׳דיגער משורר פון דיא פייגעל שפילט זיינע ניגונים א.ג, צוגיסט זיך אין אומעטיגע שטיינער דווקא נאר אין וועסנע־צייט, ווען דיא גאנצע וועלט איז וויא נייא געבוירען, ווען עס בליהט, עס שמעקט מחיה אומע־טום, עס שיינט, עס לויכט און איטליכען איז פרעהליך אויפ׳ן הארצען.

מיר ביידע, טהייערע־ פריינד, האבען אנגעהויבען אונזער ארבייט אין דער יודישער ליטעראטור פונקט אין דער וועסנע־צייט פונם יורישען לעבען דא בייא אונז אין לאנד. פונם זעכצינגסטען יאהר אין אונזער צייט, הויבט זיך פאר יודען אן נאר א נייא לעבען—א לעבען שוין מיט א גרינגער געמיטה, פול מיט גוטע האפנונגען אויף שפעטער. דענסטמאל זיינען מיר געווען ביידע נאך זעהר יונג און האבען מיט א ברען זיך א נעהם געטאן צו דער פען, געארבייט געשמאק, איטליכער אויף זיין נאנג. דער עולם האט פון אייער שרייבען געלעקט דיא פינגער, גאר אנגעקוואלען הערענדיג, וויא אזוי איהר רעדט צוקער זיס איבער פיעל וויכטיגע ואכען אין דעם יודישען לעבען; וויא אזוי איהר זענט אויף יודען א מליץ יושר און ;עהרענט זיי מיט גוטען, גאנץ פריינדליך, צוקענען זיך אליין, צו וויסען פון זייער לעבען צוזאגען, א פנים צוהאבען און זיין לייטען גלייך.

עס חאבען אייך אויס דעם מויל זיך געיטאָטען פעריל, וואס פונקלען, לויכטען און וועלען אייביג זיין א ציהרונג אין דער יודישער ליטעראַטור. איך פון מיין זייט האב אין יענער פרעהליכער וועסנע צייט מיר אויך אונטערגעברומט, געשריבען, געשפילט אויף מיין שטייגער. אין מיין שפּילען האט געוועהנטליך איין סטרונע געברומט טרויעריג און געמאכט אויף דיא צוהערער עפּעס א שטיקעל מרה־שחורה. א טהייל האבען מיך געהערט נערען מיט א פערקלעהמט הארץ, ווידער א טהייל האבען זיך געקרימט, משונה זיך גענקראַצט, נישט צופרידען געוועזן, וואס איך ריהר זיי און ביי דער לעבער און דערמאהן זיי נישט קיין פרעהליכע זאכען. נאָר וויא דיא מעשה איז, איך האב מיר געשפּילט און געטאָן מיינס.

יענע שיינע וועסנע־צייט איז אוועק. אז אָך און וועה איז דעם יודענס־לעבען! און מיר איז פאר צרות פערגאַנגען דער חשק צו שרייבען. עס האט מיר א צייט לאנג אָפּגענימען דאס לשון.

און ווען איך נעהם אצינד אפיר מיין פאַרדאַרטע, פערטריקענטע פען און געה ווידער מיט דער שפּראַכע ארויס, האב איך עס צו פערדאַנקען אייך, נאָר אייך, וואס אין אייער געזעלשאַפט איז מיר צוגעקומען א שטיק געזונט. אייערע קלוגע רייד, אייער ארבייטען שטענדיג פאר אונזער פאָלק האבען מיך דערפרישט און מיר צוגעגעבען חשק צו נעהמען זיך אויך פאר עפּעס איין ארבייט. פון הייליגען פייער, וואס ברענט תמיד אין אייער יודיש הארץ, האט זיך פארטראָגען א פונק צו מיר אין מיין הארץ, עס האט זיך אָנגעצונדען און ברענט אצינד וויא א מאל אין דיא יונגע יאהרען.

יא, מירביידע האבען אָנגעהויבען אונזער ארבייט אין דער ליטעראַטור גלייך אין איין צייט, נאר דאס מזל אונזערס דארט איז נישט גלייך. איהר זעהט דארט ארויף אויבען אין דיא הויכע פענסטער; איהר האנדעלט דאָרט מיט בריליאַנטען און דימאַנטען פון דער יודישער היסטאָריע; איהר שטעלט ארויס דאס שעהנסטע ציהרונג פון אונזער פאָלק פארצייטענס, דאס בעסטע, דאס טהייערסטע אין זיין

לעבען. איהר האט איבערגעהאט עסקים מיט הלל, רבי מאיר, רבי עקיבא און מיט נאך אנדערע גרויסע לייט מיוחסים פון הויכען סאָרט מענשען. מיר אקעגען איז בעשעהרט געווען זיך אראפצולאָזען אויפ׳ן נידעריגען טרעפיל פון יודישען לעבען אונטען אין ד״א קעלערס. מיין „יש־בכאן" איז: ש מ א ט ע ס און פ ו י ל ע ס ח ו ר ה. איך האב נאָר שטענדיג צו טהאן מיט אביונים, קבצנים, אומגליקליכע נעביך; אויך מיט מענשעליך דראבעס, פאָקוסניקעס וכדומה אזעלכע מיני נפשות, קליי־ניטשקע, נידעריגע פארשוינען. מיר חלומט זיך נאָר בעטלערס. פאר מיינע אויגען שוועבט תמיד א טאָרבע. — דיא אלטע, גרויסע יודישע טאָרבע הייננט מיר תמיד, וויא יענעם מרה־שחורהניק, א לונג און לעבער אויף דער נאָז. וואוהין איך זאל מיך נישט קעהרען און ווענדען זעה איך פאר מיר דיא טאָרבע; וואס איך זאל נישט ווֶעלען עפעס דערצעהלען אדער זאָגען קומט מיר אפיר דיא טאָרבע!

אוי אַלץ דיא טאָרבע, דיא יודישע טאָרבע!

יא, טהייערער פריינד, דורך אייך האב איך בעקומען ווידער א ברען צו שריי־בען — און אָט האט איהר אייך היינט, בעוונותינו־הרבים, טאקי ווידער א טאָר־בע: א פישקע דעם קרומען, מישטעהנס־געזאָגט, מיט וועלכען איך טרעט ארויס פאר דעם עולם, נאך אזא לאנגער צייט שטילשווייגען. איך וויים, אז מיין פישקע דער קרומער איז עפעס נישט אזא מתנה אויף אָפצודאנקען אייך מיט איהם פאר אייער פריינדשאפט; נאָר וויסענדיג ביי מיר אייער גוט הארץ, אייער צינגלאָזקייט צו מענשען, פארהאָף איך, אז איהר וועט מיין ארמען פישקען אויפנעהמען מיט א „ברוך הבא". זעהר מעגליך נאָר איהר זאלט איהם נאך אריינבעטען אין זאל אריין, איהם בעקענען מיט אייער הויזגעזינד און מיט אייערע געסט דאָרט. פישקע וועט זיך ביי אייך אָפליינען מיט דער טאָרבע, אייך דערצעהלען מעשיות און איהר וועט פון זיי הנאה האבען. און פירשטעלענדיג אזוינס שמייכעלט פאר פרייד און דאנק איך פון גאנצען הארצען פאר אזא כבוד מיט א פארביינג

ד ע ר מ ח ב ר.

## 1.

קוים ניט א שיין דיא ליכטיגע זון און זומער לעב אין דעם לאנד, מענשען ווערען וויא ניי געבוירען און דאס הארץ פרעהט זיך זיי קוקענדיג אויף נאַטס וועלט דער שיינער; דענסטמאָל הויבט ביי יודען זיך אָן דיא רעכטע אומיטיגע צייט, צו־קלאָגען און פארניסען טרעהרען. עס נעהט דאָס גאַנצע צעטיל טרויער: תענתים, פיינינען־זיך, יאָמער און געוויין פון ספירה ביז העט אין דיא גרויסע בלאַטעס און אָסענדיגע קעלט. דענסטמאָל שטעלט זיך פאר מיר, מענדיל מוכר ספרים, דער גרויסער יריד, איך ארבייט, פאהר בעשטענדיג ארום, צופארזארגען יודישע קינדער אין אלע שטעדטליך מיט דיא אלע נייטיגע מאטעריאלען צום וויינען: מיט קינות, מיט סליחות, ווייבערשע תחינות, מענה־לשון׳ס, שופרות און מחזורים. הכלל, יודען קלאגען, פארווינען דעם זומער און איך מאך דערוויל געשעפטען. נישט דאס בין איך אויסען,

אונטער ווענענס איינמאָל, שבעה עשר בתמוז, גאַנץ פריה, זיטץ איך מיר אויף דער קעלניע פון מיין ביידיל אין טלית און תפילין, מיט דער בייטש אין דער האנד, גאנץ יודעשליך. דיא אוינען זיינען מיר צו געמאכט, בכדי נישט אנצוקוקען ביים דאוונען דיא לעבטינע וועלט. מעשה־שטן אבער איז זיא דיא נאטור, וויא הייסט מען עס, געוועזן וואונדער שיין, נאָר א בילד, און עס האט מיך געצוינען, עפּיס וויא א כשוף, א קוק צוטהאן. איך האב א היבשע צייט מיך געראנגעלט מיט מיר אליין. דער יצר טוב זאגט: „פע! .... מען טאָהר נישט!“ דער יצר־הרע אקענען טאָרעט: „נישקשה! האב הנאה, נארעלע!“ און עפענט מיר דערביי טאקי אויף איין אויג. עס טהוט מיר א שיין, נאר וויא אויף צו להכעיס, עפּיס א בילד־שעהנע פאנאראמע: פעלדער געשפריינקעלט מיט בליהענדע רעטישקי וויס וויא שניי לעבען געלב־גילדענע ראצעמארענע פאסען פון ווייץ און מאט־גרינליכע הויך געוואקסענע קוקורוזעס; א שעהנער גרינער טהאל, בעדעקט פוןביידע זייטען מיט וועלדליך ניס־ביימער, אונטען פלייצט א טייכעל, ריין קלאהר וויא קריסטאָל, אין וועלכען עס טוקען זיך דיא שטראהלען פון דער זון און בעליינען עס מיט פונקעלדיגע גילדענע

פליטערליך. דיא שאף און דיא קיה אויף דער פאשע דארט זעהן פון דערוויטענס אוים וויא טונקעלע, רויטע, נעפלעקטע פינטעליך. — פע, פע! מוסרט מיך דער יצר־טוב מיט יענע ווערטער פק״ם פרק; א יוד אונטער ווענענס אז ער איז מפסיק דאס לערנען און זאגט: וויא שיין דער בוים איז, וויא שיין דאס פעלד, איז גלייך וויא ער טהוט זיך אליין א מעשה און״. — דער יצר־הרע אבער פארטראגט מיר אונטער דער נאז מהיהדינע ריחות פון סטערטעס היי, גנוווירץ און קרייטעכצער, וואס צונעהן זיך אין אלע אברים. ער צוניסט זיך אין קונציגע ניגונים פון אלערליי שפיעל פיינעליך, וואס קיצלען ביי דער נשמה. ער לאזט מיך פיהלען אויף מיין פנים אווארם ווינטעלע, וואס גרייזעלט מיר דיא פאות, שושקעט מיר אין דיא אויערן קוק, האב הנאה און זיי א מענש, דוא נארישער יוד איינער! — איך בעבע, מריקע מיר, מישטעהנס געזאגט, אליין נישט רעבט צוהערען, וואס איך בעבע. עפיס טראגט מיר דער מוח, עס פיקט מיר אין קאפ און עס טראכט זיך זידלע־רייען: געפגרטע נפשות!.... אהן לייב, אהן לעבען.... נשמות פארריקטע און טשאלענס!.... אהן ריח, אהן טעם.... דראפאטשעס צושאטענע!.... פארדארטע אפגעשלאגענע השענות!... איך צושאקעל מיך מיט נעמאכטער כונה, בכדי עס זאל זיך נישט טראכטען, און דערהער גראד וויא דאס מויל לאזט פון זיך אליין אוים יענץ שטיקעל דאוונען מיט דיא ווערטער: „המחזיר נשמות לפגרים מתים״, דאס הייסט אויף קרבן־מנחה טייטש: דער דא קערט אום דיא נשמות צו דיא טויטע פגרים.

הא, וואס! אקענען ועמען? טוה איך מיך א חאפ, פארשעהמט פון מיינע איינענע מיאוסע געדאנקען. און בכדי צו פארגלעטען מיין פעהלער אקענען דעם רבונו של עולם, מאך איך קלאמפערשט א מינע, וויא נישט זיי מיין איך, דאס פערדיל מיין איך.... דערלאנג דעם שלימזלניק מיינעם א שמיטצעל מיט דער בייטש, מאכענדיג דערביי: א־א־א, פגירה איינע!....

א שיינער איינפאל אפילו! נאר היינטיגס מאל האט עס וויינינ געווירקט, עס האט מיך שטארק געקריינקט פאר וואס גראד היינט זאל מיר נאר איינפאלען אזעלכע געדאנקען, היינט, ווען וויינען און קלאגען בעדארף מען ארף דעם גרויסען חורבן, אויף דיא גרויסע צרות, וואס דיא קינדער ישראל האט געטראפען. — דיא

קאמאנדע פון נבוכדנאצר מלך בבל איז אריין אין ירושלים און פון איהר תל גע־
מאכט.... איך מאך א רחמנות פנים און זאג דיא סליחות צום היינטיגען שווע־
רען טאג א יף א וויינענדיג קול, וואס איז געגאנגען אלץ העכער און טרויערדיגער
אין דעם פזמון דארט, ביי יענע ביטערע ווערטער:

„והשפיפון מצפון: און דער פיפערנאטער, דער טאטער פון צפון זייט, כשבולת
שטפני: האט מיך וויא א שטראם וואסער פארטראגען ווייט, והציד: און דער
יעגער, דער טויט־שלעגער, ש ל ח י ד: טהוט א לאפ, א חאפ, ו ה צ פ י ר
ו ה ש ע י ר: אויף דיא ציג, אויף דער צאפ“.

א יוד אבי ער שרייט זיך אביסעל אויס מיט א פזמון, רעדט
זיך אן וויא א פויק און זינגט אפ א סליחה, דאכט זיך אים, ער
האט שוין אלסדינג אפגעטאן און איז וויא איין אפגעשמיסען קינד
נאכ'ן אויסוויינען זיך, ווייטער זיך גאנץ צופרידען. איך זיטץ מיר
אנגעלעהנט אויף דער קעלניע, גלעט מיר דאס בערדיל, שוין מיט א גרינגער גע־
מיטה, גלייך וויא איינער רעדט: מיינס האב איך געטהאן, געגוג יוצא געוועזן, אצינד
גאטעניו איז נאר געוועזן אין דיר. ווייז זיך טאטע־פאטער, רחום־צדיק! — נעה
שוין, נעה, זיי כוחל!“ מאך איך צום פערדיל מיט גוטען, איבערבעטענדיג עס אין
הארצען פאר דעם צונעמעניש „פנירה“ פריהער. מיין שלימזלניק טוהט זיך א קניא
אויף דיא פעדערסטע פיס, א בוק מיט'ן קאפ צו דער ערד און קרעכצט עפעס אזוי
וויא געזעדט: „אדני פאריץ! און וואס איז עפעס מכח עסען?“—קלוג חלעבין וויא
דער טאג! זאג איך, געבענדיג איהם בשעת מעשה א צייכען, אז ער מעג אויפ־
שטעהן, זיך שטעלע אויף דיא פיס. נישט אומזיסט שטעהט אין דיא קינות: „ציון,
בך כל־בהמה ועוף חכמו“. דאס הייסט. ביי דיר כנסת ישראל, זיינען אלע בהמות
קלוג!... נישט דאס בין איך אויסען. פון דער דאזיגער ממרא בין איך טראכטענ־
דיג ווייטער ארויף אויף דיא כנסת ישראל, זיך פארטיפט אין דיא געדאנקען מכח
זייער חכמה, זייער פיהרונג, זייערע פיינע־בריות און מכח זייער לאנגע געביך. דער
קאפ טאלאבענדעט זיך מיר אהין, אהער. עס דאכט זיך מיר עפעס דער פיפער־
נאטער, נבוכדנאצר מיט דער קאמאנדע, א שרעקליכע מלחמה, א קלאפעריי א
געשלעגעריי, דיא קאמאנדע ברעכט ווענט, זעצט אויס טיהרען, שויבען. יודען, א

טהייל מיט פעקליך סחורה און אלטע חפצים טוהען זיך אָן א כח שרייען געוואלד און לויפען... איך חאפ א שטעקען, לאָז מיך — און בוך אויף דער ערד, אויס־ציהענדיג זיך וויא גרויס איך בין.

א פנים אין דאוונען האב איך, זאָל נישט אויסגערעדט זיין, נעהאפט א דרעד־מיל. מייןביידיל, טוה איך א בליק, איז ארייין אין א קאליזשע, וואס אויף דעם בעל־העגלה־ישען לשון הייסט עס א „טינטעריל". אין דעם הינטערסטען רעדיל איז פּ־רטשעפעט איין אקס פון עפעס איין אנדער ביידיל. דאס פערדיל מיינס שטעהט אין נעהאקטע וואונדען מיט איין פוס איבער דער האלאבלע, פארדרעהט אין דיא לייצען און סאָפעט וויא א גאנז. פון יענער זייט ביידעל שיטען זיך טויטע קללות, אויף יודיש, מיט א קייכען און הוסטען אין איינעם. אי, א יוד! טראכט איך מיר, איז אָהן סכנות און טוה מיך א לאָז אין איין כעס אויף יענער זייט וואָגען. דארט אונטערן וואָגען ליגט פארפלאָנטעט אין טלית און תפילין א יוד, דיא בייטש פאר־דרעהט מיט דיא רצועות, צאפעלט און ארבייט מיט אלע כחות זיך אויסצודרעהען. איך שרייא: סטייטש! סטייטש! איך בטל צו איהם אויס חלומות, ער בטלט צו מיר, נישט אָנצוקוקען איינער דעם אנדערענס פנים. איך פילדער: וויא שלאָפט עס אין דאוונען א יוד! ער צוריק: וויא פאָפט עס א יוד! איך גיב איהם אין טאטען, ער מיט א צונאָב אין דער מאמען אריין! איך שמייס זיין פערדיל, ער, אויספלאָנ־טענדיג זיך, לויפט און שמייסט מיין פערדיל, ביידע פעדרליך שטעלען זיך דיבאָם און מיר, שטארק אָנגעצונדען, לאָזען איינער צום אנדערען זיך צו הענדום־פענדום, וויא דיא העהנער, מיט דער רעה אָנצונעהמען זיך פאר דיא פאות. א קענען א רגע שטעהען מיר שטיל, שארף אָנקוקענדיג איינער דעם אנדערען. עס האט געמחט זיך אויסנעהמען משונה ווילד, האבען דעם זיבעטען חן. צוויי יודישע גבורים אין טלית און תפילין שטעהען אָנגעדרורעלט, גרייט צו בעווייזען זייער גבורה און זיך פאט־שען אויפ'ן פרייעם פעלד, וויא אין א בית־מדרש להבדיל!... אזעלכעס האט מען באמת געמענגט אויף חידושים געהן זעהען. מיר שטעהען, קוקען און אָט בעדארף שוין פליהען הייסע פעטש, פלוצלים שפרינגען מיר איינער פונם אנדערען אויף עטליכע טריט אָפּ און לאָזען ביידע שטארק פארוואונדערט אין איין קול ארויס: אוי, ר' אלטיר!... אוי־אוי, ר' מענדעלי! —

אלטיר יקנה״ז איז א יאָרערדיג יודיל, א נעשפּיקעוויטער מיט א דיק בייכעל. זיין פּנים איז נעדיכט בעוואקסען מיט שמוטציג־געלע האָר, פון וועלכע ס'איז דאָ נענוג אויף פּאות, אויף א באָרד און אויף וואָנצעס אי פּאר זיך, אי אויף נאָך עטליכע יודען צוגעטהיילען. אין דעם ים־האָר ליגט א וויספּע — א ברייטע, פלייישינע נאָז, וואס איז דאס רוב יאהר פארלייגט, אָהן א שום התמנות. נאָר ווען עס מאכט זיך אין איהר א מאָל עפּעס א פערענדערונג, אונטער א פּאר פּסח א שטיינער, בשעת עס לאזט אומעטום, עס נעהט דיא קרעע, און דער בעל־הבית איהרער נעהמט זיא אין דער ארבייט מיט אלע פינף פינגער, דענסטמאל בלאָזט זיא הילכענדינע תקיעות, וויא א שופר; דענסטמאל קלינגט מיט איהר גאנץ מתנ־יאָדעווקע. אין איינעם מיט דיא אינדיקעס דאָרט גיט זיא דענסטמאל קאָנצערט. אלע אין שטעדטיל בלייבען פארגאפט און עס שיטען זיך איהר שמעק טאבאקע פון אלע זייטען מיט ווינשעוואניעס יקנה״זן אָהן א צאהל: אסיס, אסיס! — איבער־הויפּט אין דיא יודעשע שטעדטליך צושפּילען זיך דיא נעז אין יענער צייט. מסתמא שמעקט דאך עס מיט עפּעס און עס האט א טעם... דאס איז שוין דאָרט אזוי נעשטעלט, וויא פּרשה יתרו ציגלען זיך דיא ציינען. נישט דאס בין איך אויסען. אלטיר יקנה״ז איז א טונעיאדעווקער מוכר ספרים, מיינער א בעקאנטער פון אלטע יאהרען. ער איז א מענשיל פּאר זיך, נישט שטארק איבערנעשפּיצט, נישט קיין גרויסער בעל־דברן, שטענדיג אָנגעבלאָזען, וויא ברוגז אויף דער וועלט. הנם ער איז בטבע נישט קיין שלעכטער מענש.

נאָך דעם ברייטען שלום־עליכם פון ביידע צדדים, נעהמען מיר זיך איינער דעם אנדערען אויסצופאָרשען, דאס הייסט בייא אונז יודען געוועהנטליך: א טאבּ־טהאן אין וואָגען, אדער א שמעק טהאן, וואס הערט־זיך.

— וואוהין פאהרט עס א יוד? — גיב איך אלטירן א טאפּ.

— וואוהין עס פאהרט א יוד? עט!... ענטפערט אלטיר צוריק מיט א פרעגע, וויא דער שטיינער איז פון יודען' נישט צו ענטפערען גלייך, אָפּצופּאטערען יענעם מיט „עט" און אָנצושטויסען זיך אויף ווינק — דיא אלע חכמות, וואס אין

דער מלאכה אנשמעקען, א טאפ טאן שמעקען.... א יוד פאהרט! אין דער ערד מיטן קאפ פאהרט ער.... און ר׳ מענדעלע פאהרט עס וואהין? טהוט ער מיך צוזיק א טאפ.

—אהין!.... וואהין געוועהנליך איך פאהר אין דער צייט.

—איך שטוים מיך שוין אן וואהין. אהין קיין גלופסק, וואהין איך פאהר אוך א צינד. מאכט אלטיר מיט אזא מינע עפיס, וויא עס ארט איהם, צום פוין זאל עס איהם חליכה נישט שאדטען.—נאר פאר וואס, ר׳ מענדעלע, איז ביי אייך היינט עפים מן הצד מיט א הינטער וועגעלע און פאהרט נישט אהין מיטן גלייכען שליאך?

—היינטיגס מאל איז מיר נראד אזוי אויסגעקומען. ס׳איז רעכט! שוין מאקי א לאנגע צייט בין איך אויף דעם וועג נישט געווען. און ביי אייך, ר׳ אלטיר, פאר וואס איז דאס עפים הינטען ארום? טוה איך א שמעק. פון וואנען קומט עס א יוד?

—פון וואנען א איד קומט! פון אלדע שווארצע יאהר!.... פון דעם שיינעם יריד. נאט אייך א יארמעלינין! איינגעזונקען זאל זיא ווערען!

און דערוויל וויא אלטיר מיינער שעלט, פלוכט יארמעלינין מיט דעם יריד ראַרט, פאהרען און אקענען גריעשע פוהרליך מיט א געשריי, פאר וואס דער וועג איז פארשטעלט. דערנאך וויא זיי האבען דערזעהן צוקומענדיג מיך און אלטירן, ביידע אין טליתים מיט גרויסע של ראשין אויפן קאפ און לאנגע ברייטע רצועות, צושרייען זיי זיך שוין גראַבליך, מיט געשפעט:

באמשיטי, יאקיי פאני בעריי, צאמצי, ע׳ע! טראסצא וואשי מאטערי, דאיטע דאראגי! הייא תודקא, זשידקי, לאבפארדאקי!

איך מיט אלטירן טהוען מיר געשווינד זיך א נעהם צו דיא ביידליך מיט אימפעט. א פאר פון דיא פויערען, האטשע נישט פון יודישע קינדער, נאר אמת מוז מען זאגען, האבען געהאט אזוי פיעל יושר צו העלפען אונז אין דער נויט. און בזכות זייער שטופ מאקי איז מיין ביידעל באלד ארויס פונם טינטעריק. זיסט, וואלטען מיר זיך אוועקגעבאַבּרעט, נאט ווייסט וויפיעל, און נאך נעקענט מיאוס צערייסען אונזערע טליתים. מיט דיא עשו׳ים אין איינעם איז שוין אויסגעקומען

גאר עפעס ענדערש. זיי האבען געשטופט אויפען רעכטען אמת טאקי, והידים ידי עשו, באלד צו דערקענען געוועזען עשו׳ים הענד, און ביי אונז, להבדיל, איז נאר געוועזען הקול קול יעקב, דאס הייסט, מיר האבען זיך נאר געקוועטשט זיך געמאכט ויא מיר שטופע׳ קלאמפערשט....נישט דאס בין איך אויכען. וויא באלד נאר דער וועג איז געוואָרען פריי, זענען דיא גראָבע חמולעס זיך געפאהרען זייער וועגס, אויס־דרעהענדיג דיא פרצעס צו אונז, אלץ געלאכט, געשפעט, וואס מיר געהן אננעמאָך, וויא גלחים להבדיל לעבען דיא פערד אין וועג. און דינען דעם בורא מיט דער בייטש אין דער האנד.... א טהייל האבען, טייטענדיג אויף אונז מיט איין עק פאַלע, וויא א „חזיר אויעריל״, געשריגען: זשיד חאַלאמיי! אלנזירן האט עס נישט אזוי געארט. אויף מיר לייט! מאכט ער מיט א קנייטשיל, פאר וועמען, מישטעהנעם געזאגט, מען האט זיך דא צושעהמען!.... מיך אבער האט דאס שפעטען זייערס יאָ געארט. געוואלד, רבונו של עולם פאר וואס? פאר וואס? פאר וואס?......

—אלמאכטיגער גאָט! זאג איך מיט א געבעט אויף תחינה לשון. עפען דיינע אויגען און טוה לוגען פון דיין הארבעריג, דאש איז דער הימעל, וויא דיינע פאַרכצומע יודעליך זענען צו עפאט און צו שאנד געיערט וועגען דעם כבוד פון דיין ליבען נאמענס וועגען. ווייל זיי פאַרכטען דיין פאַרכט, זיי אכפערין דיינע גע־באָט האָפערדיג מיט וואהרהאפטיקייט. דרום וועלגער אויף אונז דיין בארמהאר־ציקייט און לאכיר מאן געפינען לייטזעליקייט און הן אין דיינע אויגען און אין דיא אויגען פון אלע מענשען. באשירעם דיינע האָפערדיגע געליבטע שאָף, דיין רחמנות זאל טאן ברומען אויף דיינע פארשטענדיגע פאַרכטער. טוה אויך באניטינען מיין מזל פאר מיין לויבונג און בעשיינונג היינט דיין נאמען בעשיינפעריליך מיט אבפער־קייט. טוה צושיקען מיר, דיין קנעכט מענדיל דער זוהן פון דיין דינסט גנענדיל און כל ישראל עפיס פרנסה, א גוט געשעפטיל מיט נחת רוח אמן!

2

נישט לאנג ישיהות געמאכט קריכן מיר ארויף אויף דיא ביידליך און הייזא ווייטער אין וועג אריין. איך פאהר פאראויס און אלטיר הינטער מיר אויף א ביידעל פון אלטע צעריסענע ראגאוויטקעס פיר רעדליך נישט קיין גלייכע, געקרעמ־ פעוועטע מיט שטריקליך און א קרעמפעלעץ צווישען דיא פלעקליך. דיא אויסגע־ סמילטעוועטע קלעצליך ווארפען זיך אין אלע זייטען אויף דיא אקסע, סקריפען, קוואקען און קענען קיין ארט זיך נישט געפינען. דאס ביידיל אין גאנצען איז זיך מטריח צושלעפען א הויכע, זעהר א דארע שקאפע מיט א קרעטציגען, אנגעביסע־ נעם ריקען, גאלע אייטער, גרויסע אויערען און א קאלטענעוואטע גריווע, פאר־ פלאנטעט מיט הייא און קלאמשע וואס קריכען ארויס פונם אלטען חאמוט.

פונם ראוונען איז מיר איבערגעבליבען נאר דיא שטיקליך דרויב צום לעצט, פון וועלכע מען מאכט געוועהנטליך עפיס נישט אזא פירוש. אפגעפטרט דעם ראוונען הויבט זיך אן גאר א נייער עסק מיט דעם יצר הרע. נעהם, טארעט ער, נעהם אביסעל בראנפין: דערקוויק דאס הערץ—אי.... אי! וועהר איך מיך אפ מיט א קנייטשעלע, שבעה עשר בתמוז, אין אזא תענית! — עט! בעקום איך איין ענטפער. א שייכות אביסיל צווישען א יודיל הייגט און נבוכדנאצרן פארצייטען!.... גרעסערע צרות איז דא און פון דעסטוועגען נארנישט. זיי נישט קיין נאר. דיא ביסט נעביך אלט, שלאף, ניעקנה! — איך גיב א מאך מיט דער האנד איבערן פנים, וויא אבצוטרייבען א פליעג א זלידנע און חאפ דערוויל א קליין קוקעלע אויפן רענצעלי דארט אין ביי־ דיל, וואו עס געפינט זיך ביי מיר תמיד א נוט ביסל שפירט, רעטשענע קיכלעך, קארנלעקיך, קנאבעל, ציבעלע און שאר ירקות. דיא סמאהע נעהט איבער דיא ליפען. דאס הארץ חלשט, דער מאגען בורטשעט, געוואלד אביסל בראנפען! ניי־ וואלד עפעס פארבייסען! — איך קעהר געשווינד אוועק דעם קאפ אין דער זייט און קוק, בעטראכט אלסדינג אין פעלד ארום מיר, בכדי צו פארשלאגען דעם בייזען געדאנק.

דער הימעל איז בלוי, לויטער אָהן א פּיצעל וואָלקען. דיא זון בראָטה סטאַ־ליעט, עס ווייהעט נישט קיין ווינטעלע, מען פיהלט נישט קיין ליפטעלע. דיא תבואה אויף דיא פעלדער, דיא ביימער אין דיא וועלדער שטעהען שטיל וויא צו־נעקאָוועט, קיין שאָקעל אפילו זיך נישט צו טהאן. קיה אויף דער פּאַשע ליגען מיד, אויסגעשטרעקט דיא העלזער, שאָקלען צו ווײלען דיא אויערן, קייען און מעלה גרה׳ן, אנדערע גראָבען אונטער זיך דיא ערד מיט זייערע הערנער, שאַרען מיט דיא קאַפּיטאַס און רעווען, שרייען פאַר גרויס היטץ. דער בוהייא פאַררייסט דעם עק, לויפט גאַלאָפּ, וואַרפענדיג דעם קאָפּ אין אלע זייטען, שטעלט פלוצלים זיך אנידער, אנגעבויגען דעם שטערן הארט צו דער ערד, שמעקט, פּאָכט מיט דיא נאָזלעכער, לאָזט ארויס א ברומען, סאָפּעט און דריגעט מיט דיא פיס. לעבען איין אלטער, אויסגעקריטטער און האַלב־פאַרדאַרטער ווערבע, איבערגעשפּאַלטען אין דער העלפט אמאָל פון א דונער, שטעהען פערד, איינער אויפ׳ן אנדערען פאַר־לייגט דיא קעפּ, צומאַכען האָטש עפּעס א שאָטען און שמייסען מיט דיא ווידלען, פּטור צו ווערען וויא ס׳איז, פון דיא בייזע פליגען.—אויף א צווייגעל אין דער הויך ווינט זיך א סאָראָקע, אויסזעהענדיג פון דערווייטענס וויא אָנגעטהאן א ווייס טליתל מיט פּאַסען תכלת פאָרענט און דאַווענט שאָקלענדיג זיך. זיא ביקט זיך, פאַלט תחנון מיט׳ן קעפּיל, שפּרינגט אביסל אונטער א קליין קראַקעלע נעבענדיג אפּאָל מאָל, בלייבט דערנאָך ווייטער שטעהען אָהן לשון, שטרעקט אויס דאס העלזיל און קוקט גלאָט אזוי אין דער וועלט אריין מיט פערשלאָפענע אייגעליך — אויף דעם גאַנצען וועג איז שאַ־שטיל, מען זאל דאס הערען ערגעץ א שאָרך, א פּיפּס, מען זאל דאס זעהען פליהענדיג ערגעץ א פויגעל, נאַר קאָמאַרען, מיקען טראָגען וויא דיא רוחות זיך אין דער לופט ארום, פליהען טאַנצענדיג פאַרביי דיא אויערן, טהוען א גרילץ, א זוזשע, איינרייסענדיג עפּעס א סוד און באלד טאַקי מאַרש ווייטער: נאָר צווישען הייא, צווישען תבואות דאָרט שמוצערען דיא גרילען, זומזען צימבעלען און נעהן מיט דיא טאַצען....

ס׳איז הייס, ס׳איז שטיל, וואונדערליך שיין. שאַ! נאָטס בעשעפעניש רוהען...

איך ליג מיר פאַר גרויס היטץ פּשוט צולייגט אויף דעם וואָגען אין העמד מחילה מיט דעם טלית־קטן, אונטערגעהייבען אויפ׳ן שפּיטץ קאָפּ דאס געסטעפּטע

פעלפענע היטעל און אראפּנעלאזען ביז דיא פּיאטעס מיינע אונטערגענעהטע ברעט־לער וואָלענע זאָקען, וואס איך טראָג, בעוונותינו הרבים, און זומער אפילו און האב משונה שטארק געשוויצט. איך וואלט דערפון גאנץ הנאה געהאט אפילו ווען דיא זון זאל מיר נישט געווען זיין גלייך אנקעגען פּנים, מחמת איך האב ליב צו שוויצען און קען שעהן לאנג אוועקליגען אין באד העט העט אויף דער אויבערשטער באנק, בשעת דער נרעסטער היטץ. מיין טאטע, זאל זיך מיהען, האט מיך פון קינדוויים־אויף דערצו געוועהנט. ער איז געווען א הייסער, געבראטענער, א ברענענדינער, פייערדינער יוד. ער האט שטארק ליעב געהאט זיך צו פּארען, צו שוויצען און דערמיט אפּגענומען דיא וועלט, זיך שטארק בעליבט געמאכט ביים יודישען עולם. עס האט געשטעקט דרינען דאס פּינטעלע יודישקייט מיט דעם ברען און מען האט אויף איהם געקוקט וויא אויף א שיינעם בענאטישען יורען, געמאכט מיט דרך ארץ: יא, און שמייסען־זיך איז ער א למדן־מופלג, ער פארשטעהט דעם עני, מרחץ. ער קען, ער קען שוויצען נאר א חרפּות!—

שוויצען איז א יודישע זאך. נישטא קיין שבת קיין יום־טוב, וואס א יוד זאל פריהער נישט גום שוויצען. ווער אונטער אלע פעלקער פון דיא שבעים אומות שוויצט נאך אויף דער וועלט מעהר וויא יודען? .... נישט דאס בין איך אויסען.

און בשעת שוויצען אי ווילט זיך עס קוויקען! עס טריקענט מיר אין האלז, עס ברענט מיך א טרונק, איך שטארב עסען. דער יצר־הרע נעהמט מיך ווייטער און, שטארקער וויא פריהער, רעכענט מיר אויס דאס גאנצע צעטיל יודישע מאכלים: א געבראָטענע לעדוויצע מיט קאשע, א ראסעלפליישיל, א לאקשען קינעל מיט א גנב—איין אנגעפּילט העלזעל אינוועניג — פארפעליך איינגעפּרענלעט מיט גריוועץ. איך בין טויט מיט אלע אברים דער אפּעטיט איז א שרעק און ער אליין מאכי ווייטער: חרעמזיל, פּראקעס, פּעמשע מיט פּעניצליך, לעבערליך, רעטיך מיט ציבעלע, א קראפּ פון אינדיק און א פּאסטארנאק צימעס. און פּלוצלים, איך געדענק נישט וויא אזוי, וואקסט פאר מיינע אויגען וויא פון דער ערד אויס דאס רענצעלי.... „לחיים, נארעלע! רעדט אויס מיר דער רוח, געננג זיך נארעש גע־מאכט, דוא לעקיש איינער!״—די · האנד מיינע שטרעקט זיך עפּעס וויא אליין פון זיך, אויס, עפענט אויף דאס רענצעלי און נים א חאפּ דאס פּלעשיל געשווינד

איך קוק מיך ארום וויא א גנב אין אלע זייטען און מיין קוק בעגעגענט זיך מיט דעם בליק פון פערדיל, וואס האט קראטצענדיג זיך אין דעם שפיטץ האלאבלע, אויסגעדרעהט דעם קאפ צום ביידיל און קוקט אויף מיר עפעס שטארק אָנגעבלאָזען, גלייך וויא עס וואלט גערעדט מיט פאראיבעל: „נא, זעה! א הינטערסטער פוס איז מיר שטארק געשוואָלען, פארבונדען מיט שמאטעס. עס רינט מיר נאך איין אויג, יאטרעט זיך מיר דער האלז, דאס מויל זאל מיר אָפּנעהמען אויב איך וויים דעם טעם פון א האָבער. פון דעסטוועגען — וואס זאל איך טהאן?—שלעפּ איך מיך הונגעריג, קראנק, צובראָכען, נישט אויסצושפאנען זיך חלילה פון דער עבודה“... דאס פלעצ׳יל גליטשט זיך פון דיא הענט מיר ארויס, צוריק אין איהר רוה אריין. איך שטופּ דאס רענצעלי פון מיר אוועק וויט זעהר פארשעמט, מאַכענדיג דערביי מיט א קרעכץ מיך פּנים הארצען: אָם, פון וועמען בעדארף א יוד זיך א מוסר נעהמען, ביי וועמען זיך לערנען שכל! מלפנו מבהמות ארץ: ער לעהרענט אונז פון דיא בהמות אין דער וועלט..., ניין, פערדיל מיינס! איך געה אויך אין יאָך און שפאן מיך פון דער עבודה נישט אויס.... נישקשה, ר׳ פערדיל, דער רוח וועט אונזביידע נישט נעהמען! אדם ובהמה, א מענשען א בהמה, תושיע ה׳ העלפט נאָט!.... נישט דאס בין איך אויסען.

א יוד אבי ער האט איין מאָל נעגעבען א בראָך דיא מיאוסע תאוה פון עסען, מאכט איהם שוין דיא אכילה אזוי נישט אויס און קען דאס גאנצע לעבען זיינס אָפּקומען כמעט מיט גאָרנישט. אי היינט נאָך, אין אונזערע צייטען, געפינען זיך זעהר פיעל יודען, ביי וועלכע ס׳איז דאָ נאָר א סימן פון מאָגענס, טאקי עט־וואס וויא א כזית. און ס׳איז דאָ א גרויסע האָפנונג, אז מיט דער צייט — דיא טאקסע, בעלי טובות און דעסגלייכען לאָזען נאר נישט פארשטערט ווערען — וועלען זיי פּוּ׳ם עסען אלץ מעהר מעהר זיך אָפּגעוועהנען ביז עס וועט קומען דערצו, אז ביי יודען אין דיא שפעטערדיגע דורות וועט, חוץ מערידין, אפילו אויך קיין סימן פון קיין מאָגען נישט זיין, יודען וועלען דענסמאל אין דער וועלט זעהר א שיין פנים האבען....

מיט דעם דאָזיגען שמיעס אצינד בין איך אויסען, אז נאכין אוועקשטופען דאס רענצעלי פון מיר, בין איך געוואָרען עפעס שטארקער און מיך שוין געפיהלט

נאר קיין מעשה נישט. איך האב מיר נעטראַכט פון מסחר און אונטערגעברומעט עפּעס א תשעה־באָב׳דינג ניגונדיל. שוין דאַכט זיך גאָר גוט. טראָגט דער רוח אָן א יונגע ערלטע, א מכוערת, מיט א טעפּיל פּיליניצעס, דאס בעסטע לאַקעטקע מיינס. איין איינדערער אויף מיין אָרט, פון יענע גוטע לייטע וואלט עס גענומען א־יף זיינע כלים, דאס איז דער יצר־הרע אליין אין דעם געשטאלט פון איין אשה געקומען מיט איין אויסרייד.... נאָר, לא היה! איך בין א בעלן געוועזן און זיך גוט צוגעקוקט. פּשוט, איין ער־ל׳טע אָהן חכמות! און בעטענדיג מיך אהועקצוקויפען ביי איהר דיא פּיליניצעס און איינעם מיט דעם טעפּיל פאר צעהן גראָ־טען, ריקט זיא עס מיר אונטער גלייך אונטער דער נאָז, דער ריח איז מיר פערגאַנגגען שטארק אין דער נאָז, עס וועסערט מיר דאס מויל, עס קלעהמט מיר דאָס הארץ, טונקעל וועדד מיר אין דיא אויגען. עס גלוסט זיך מיר א שרעק! און מחמת מורא איך וועל מיך נישט קענען איינהאלטען, חאַפּ איך און שפּרינג אראָפּ אויף דער ערד שטארק צוקאָכט, וויא איינער ראטעוועט זיך אין א שרפה. אז איך האב נישט צובראָכען ריס און לענד איז נאָר גרויסע נסים, און לאָז ארויס נישט מיט מיין קול א געשריי: ר׳ אלטיר! — דיא כוונה מיינע איז דערמיט געוועזן, אלטיר זאל זיין א שומר.

אויפן וואָגען אין דער לייגג ליגט ראקום מחילה מיין ר׳ אלטיר, אונטערגעשפּארט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, רויט וויא א צוויק, צוחראשטעט מיט דעם רויט־פּאר.ואָקסענעם הארצען אין דרויסען, פּארברענט, פּארבראָטען און נויטשווייס בעשלאָגט איהם, אזוי אז דאָס הארץ, שונא־ציון, האט געריסען קוקענדיג אויף איהם.

— הא־א? מאכט אלטיר, דערהערענדיג מיין געשריי, עפּעס אויף קיהעיש נישט ריה־ענדיג זיך פון׳ם אָרט. וואס איז?

יענע מיט דעם טעפּיל פּיליניצעס, גיב איך א בליק, איז שוין נישטא, וויא אויסגעטריקענט געוואָרען. איך מאַך מיר איין אויסרייד און טוה א פרעג אלטערן:

— וויפיעל, מיינט איהר, זאָל אצינד האלטען א זייגער?

— א זייגער אצינד וויפיעל זאָל האלטען? ענטפערט אלטיר מיט א פּאַרדומפּטק׳, וויים איך? צו דיא ער־ומע שטערן וועלען דיא אויגען ארויסקריכען גענוג ווארטענדיג, נו מילא....., אָ, שטארק הייס!

— א נעשמאקע הימץ, א־א־א! רוף איך מיך אָן, נעהענדיג צופוס לעבען אלטירסביידיל. איהר שוויצט ר׳ אלטיר? איך מיין שוין צייט צופאסען. אונזערע אָדלער זיינען נעביך מידע, קוים וואס זיי שלעפּען זיך. צום טראקט אויף גלופּסק איז נאָך דאָ אקעגין א פּאָר ווערסטליך, אפשר נאָך מיט א שמיטצעל. נישט ווייט פון דאנען, דאָרט וואו עס הויבט זיך אָן ציהען א וואלד העט ביז צום שליאך, זעה איך אין דער זייט, לינקס, זעהר א גוט אָרט צופּיטערען.

אין עטליכע רגע ארום האבען מיר אראָפּגענומען זיך אין דער זייט פּוקים ווען אָן צונעקומען צו יענעם אָרט, וואו ס׳איז געווען וואלד, שיינע פעלדער, א געכי זאבין אָן אלע גוטע זאכען. מיר האבען אויסגעשפּאנט אונזערע לייבען, געלאזט זיי פריי פּיטערען זיך דאָרט ביים ברעג וואלד און אליין האבען מיר זיך אונטערגעלעהענט אונטער א בוים.

3.

אלטיר יקנה״ז האט קוים נעאָטהעמט פאר הימץ, אנגסטען האבען איהם בעשלאָגען ער האט נעזיפצט נעקרעכצט, אזוי אז עס האט מיך פארוואָהר ביים הארצען אנגעחאפּט. און בבדי איהם צומינטערין אביסיל, אויף מאקי צוריידען צופּארברייננען אביסיל דיא צייט, לאז איך מיך אריין מיט איהם אין א שמיעס אזוי:

— א פּנים, ר׳ אלטיר, אייך איז נעשמאק הייס?

— בע! ענטפערט אלטיר גאנץ בקיצור עפּיס וויא אָנגעברונזט, רוקענדיג זיך אונטער דעם בוים, וואו עס איז נישט געווען אזא גרויסע באהעלטערניש פון דער זון, וואס עס האט אריינגעשיינט דורך דיא צווייגען.

— פע, נישט גוט פון דעם תענית! וואס איהר קרעכצט אזוי? מינטער איך מיין אלטירן, פעסט ביי זיך אבגעמאכט, מיין טויט זאל דא זיין, מוז איך ארויסבעקומען ביי איהם א וואָרט.

— בע! מאכט אלטיר און ווייטער מאקי א ריק אונטערן בוים.

מיט „בע״ אליין אָבער האָב איך נישט געוואלט מיך בעגנינען. אי, טראכט

איך, דוא ביזט א נעבראָטענער עקשן ! נישקשה, דוא וועסט ביי מיר ריידען. היטץ, שוויס אין דער זייט, עס מוז זיך אנהויבען פון נעשעפט, דאס בעסטע, איינציגע מיטעל ריידענדיג צומאכען א יודען. א יוד בשעת דער נסיסה אפילו קוים דער הערט ער נאָר עפּיס נעשעפט ווערט ער לעבעדיג און דער מלאך המות אפילו קען דענסטמאל צו איהם אויך נישט צוטרעטען. דעם ערנסטען שונא מיינעם ווינש איך נישט אריינקומען צו א סוחר בשעת עס דאכט זיך איהם נאָר נעשעפט. ער איז מבטל דענסטמאָל איטליכען, אפילו דעם בעסטען פריינד. איין איינענעם ברר־דער, מיט דעם בליק.... נישט דאס בין איך אויסען. איך ווענד מיך צו אלטירן מיט אזא שמיעס :

— מיר וועלען, דאכט זיך, ר׳ אלטיר, מאכען א נעשעפטיל ! גוט חלעבין, וואס מיר האבען זיך דאָ היינט בענענענט. אי, האב איך עס היינט מיט מיר א מין סחורה, ניך־גאָלד !

דאס מיטעל מיינס האט נעווירקט. אלטיר איז וויא איבערגעביטען נעוואָרען. ער הייבט זיך אביסל אונטער און קוקט אויף מיר מיט אויפגעשטעלטע אויערען. איך גיב איהם ווייטער איין פּיזעם אזוי :

— היינטינס מאָל, ר׳ אלטיר, נעהט דאס נעשעפט צווישען אונז אויף מזומן נעלד. איהר פאהרט דאך פון יארמעליניצער יריד און מוזט, אָהן עין הרע, האבען פולע קעשענעס.

— פולע קעשענעס, יא ! א הארץ פול מיט מכות האב איך. זאנט אלטיר שטארק אנגעברונזט. איך זאג אייך ר׳ מענדיל... נאר נישמער נאָרנישט. א מענש אהן מזל זאל נישט געבוירען ווערען גלייכער... עסקים, עס האט מיר זיך נענלוסט נייע עסקים ! איין אנדערער אויף מיין ארט הע-הע־הע ! ביי מיר אבער איז נארנישט, מיט דער פיטער אראָפּ. אזא אומגליק ! א וועהטיג נאר צו דער־צעהלען. שנייץ דיא נאָז און שמיר דאס פּנים. נישמער וואס, נאָרנישט.

איך האב גוט ארויסנעזעהען, אז מיט מיין אלטירן איז עפּיס ניט גלאַט, ס׳איז דאָ א צרה. אבי נאר עס האט איהם זיך נעעפענט א מויל איז שוין נענוג נעווען א קליין קוועטשעלע, עס זאָל איהם זיך שיטען ניין מאָס רייד. פון מיין זייט איז

קיין מניעה נישט נעווען. איך האב נעטאן א גוטען קוועטש און מיין אלטיר האָט זיך צו ו׳נט, אָנגעהויבען צודערצעהלען זיין אומגליק, אויף זיין שטיינער, אזוי:

— מילא ק׳ם איך מיר ציפאָהרען אויף יארמעלינעצער יריד. קומענדיג אויפ׳ן יריד. שטעל איך מיך מיט מייןביידיל אויף דעם פלאץ, פארשטעהט איהר מיך און צופ׳ק מיר דאָס ביסעל סחורה. מילא בקיצור נאָרנישט. שטעה איך מיר און קוק ארויס אויף לייזעכטס. נעטראגען אויפן יריד האבען מיך דיא צרות. איך בין הייגט, נישט פאר אייך נעדאכט, מיאוס אין דער קלעהם. דער דרוקער מאָהנט נעלד. מילא דאָס איז נאָרנישט, מאָהנט ער. ער וויל אָבער, פארשטעהט איהר, מעהר נישט נעבען קיין סחורה!... מיין עלטערע בתולה איז שוין אין דיא יאָהרען א בתולה, פארשטעהט איהר, בעדארף חתונה האבען. מילא נעה זשע דרעה דעם קאָפ, זוך א חתן. חתנים זענין דאָ, אָבער א חת׳, דאָס הייסט, פארשטעהט איהר מיך, א חתן! איז נ׳שטאָ... מיין ווייב בעדארף זיך צו דיא צרות פארגלוסטען האבען א יונגעל. און נאך ווען? פאר פסח. איהר פארשטעהט וואס הייסט א ווייב האָט א יונגעל? א חתונה, חתונה הייסט עס! נישטער נארנישט.

— נעהמט נישט פאר אום גוט, זאג איך צו אלטירן, וואס איך פאל אייך אריין אין דיא רייד. למאי האָט איהר אויף דער עלטער נענומען א יונג ווייב, זיא זאל אייך אזוי פיל קינדלען?

— נאָט איז מיט אייך! מאכט אלטיר פארוואונדערט. איך האב דאָך נעמוזט נעהמען א בעל־הביתטע אין שטוב אריין. וואס וויל דען א יוד מיט דעם חתונה האבען? נארנישט! א יוד וויל נעביך האבען א גוטע בעל־הביתטע...

— למאי־זשע, ר׳ אלטיר, טוה איך א פרעג, האט איהר נענט אייער ערשטע ווייב און איהר פארוויכט דאס לעבען? זיא איז דאך נעוועזן א גוטע בעל־הביתטע!

— בע! מאכט אלטיר פארקנייטשענדיג זיך מיט א פינצטער פנים.

— קיין עקרה, נעלויבט השם יתברך, איז אייער ערשט ווייב אויך נישט נעוועזן. לאז איך אלטירן מיינעם אלין נישט אָפ. וואהין זענין היננעקומען דיא קינדער נעביך? הא, וואָס?

— בע!... בע׳עט אלטיר אהן לשון, א קראַמץ נעבענדיג זיך אין דער פאה, א מאַה מיט דער האנד און א זיפ׳ן טיף פונם הארצען.

„בע" איז ביי אונז יודען א טהייער וואָרט, וואס האט זעהר פיל טייטשען או איז א תירוץ אויף אלע קשיות. „בע" קען מען נעברויכען אלע צייט אין א שמיעס און עס זאל תמיד פאסען. א יוד קען מיט „בע" זיך תמיד אויסדרעהען, ווען ער איז נעביך אין דער קלעהם און שטעהט שמאל. מיט „בע" סיליקט א שווינדלער, איין אנזעטצער, אז די בעלי חובות טרעטען צו מיט שטארקע טענות. „בע" שטעהט א יודען ביי אין דער נויט ווען עס בעוויזט זיך, ער איז נעביך א ליגנער. מיט „בע" קען מען אפּ ענטפערען יענעם, וואס דולט אן א קאָפּ צוויי שעה, נישט צר הצרען, נישט צופארשטעהען; אפילו איין וואָרט פק'ים נאנצען שמיעס. מיט „בע" קומט אָפּ א שיינער, צובראָכענער יוד, ווען ער דערלאנגט שטילערהייט א ביס, א שיינע מורנו, ווען ער טהוט אָפּ א מיאוסע מעשה; א דימענטינ מענשיל, אהן חכמות, ווען עס לאזט זיך נאָר אויס, ער איז נעמלאָכהט, האט פול פליי אין דער נאז. הכלל „בע" האט אלערליי טעמים, משונה ווילדע פירושים, וויא א שטייגער: רוף מיך קנאַקניסעל; לאָד מיך צום ונתנה תוקף, מהיכא תיתי קוממיות, געסמאהע דיר פארפול און נאך טייטשען אהן א צאָהל. דאָס יודישע קעפּיל שטויסט זיך תמיד אן וואהין דאָס וואָרט „בע" צילט און פארשטעהט דעם רעכטען פשט דער פון, וויא עס פאסט צום ענין. —

אלטירס לעצטער „בע" איז נעוועזן א ביטערס מיט גרינע ווערים. אין איהם איז נעלעגען עפּיס וויא חרטה, א ביינק־טאָן, א בעשולדינונג זיך אליין. עס האט איהם זיכער נעמוטט לינען אויפן הארצען וויא א שטיין זיין מיאוס בענעהמונג א קעגען דעם ערשטען; וייב און דיא קינדער פון איהר. ער האט נעמוזט אין איטליבס אומגליק, וואס איהם טרעפט, זעהען א שטראָף פון גאָט פאר זיינע זי"ד. דאָס האָט בעשיינפערליך ארויסבעוויזען זיין ביטערער זיפץ און דאָס מאך נעבענדיג מ'ט דער האנר, אויף דער קראטץ אין פאה רערביי, האט אזוי פיל געהייסען: „פארבייס דיא ליפּען און שטום.... אין דער ערד מיט'ן קאפּ!"

איך האב מיך אין הארצען שטארק בעשולדינט, למאי האב איך אויפגע־ריהרט אלטירס אלטע וואונדען. דאָס איז טאקי דיא מעשה מיט א אידען, אריינ־צומישען זיך אין יענעמס הייטישע זאכען און אריינצוקריכען מיט שאלות יענעם אין

דער נשמה אריין, בשעת זיא טהוט וועה אוןווארנט זיך נעביך מיט דיא צרות שטילערהייט פאר זיך אליין. א חוץ דעם האט מיך טאקי נעערגערט, וואס דיא מיה מיינע איז איז גאנצען פארלוירען. אלטיר האט זיך שוין אזוי פיין צו ווינט, און נערעדט מחיה, דאס צינגעל האט נעקלאפט וויא א זיינער, פלוצים בעדארף איך אנריהרען אינוועניג א רעדיל און דער אומרוה איז נעבליבען שטעהן ! איבער א נייס מיינע מיטעל, איבער א נייס פיזעם ר׳ אלטירן. איך האב נישט נעקארגט, ווייטער איינגענעבען אלטירן רייד מיטעל מיט דער פולער מאס, צונעפאסט צו איהם א גוט שליסעלע, אננעדרעהט איהם מיט קונצען און דער אומרוה, דאס צינגעל זיינס, האט ווידער זיך צושאקעלט.

---

4.

— מילא שטעה איך מיר אזוי לעבען מיין ביידיל, האט אלטיר ווייטער אב־ נעהויבען צו דערצעהלען מיט זיין לשון. בקיצור וויא איך שטעה מיר דא, קוק איך און בעטראכט מיר דעם יריד. א יריד — א יריד, עס קאכט, דער עולם איז גרויס, יודען מאכען נעשעפטען, שטארק פארטראגען, פשוט זיי לעבען. א יודעלע אויף א יריד איז א פישעלע אין וואסער. דארט פארשטעהט איהר מיר, לעבט עס. יעקב אבינו׳ס ברכה טאקי: וידגו און זיי זאלען זיך פישלען בקרב הארץ אויף דער וועלט. — אמת ר׳ מענדעלי? שטעהט טאקי אזוי נעשריבען וויא יודען זאגען: „אויפן הימעל א יריד״? הייסט עס א פנים דיא עולם הבא פאר יודען איז א יריד!.... מילא שטעהט, נישט שטעהט, יודען ירידעווען, לויפען, האנדלען, שטעהן נישט איין אויף איין ארט. צווישען דיא סחורים, זעה איך בעריל טעלעצע, א מאל א בעהעלפער, דערנאך א משרת, היינט רב בער, שטעהט מיט א גרויסע קלייט, פלאמט אויפן יריד. בקיצור גארנישט. ס׳איז א טאראראם, א קאבעניש, דארט זעה איך, לויפט א יודיל, א צווייטער, א דריטער, אויף פארליך, פארשוויצט שטארק, דאס מיטצעל אויפן שפיטץ קאפ, דא א טאפ, דארט א טאפ, א מאך אהין, א מאך אהער, א דרעה, מיטן גראבען פינגער און א קייא דאס שפיצעל בערדיל, נעפאלען א פנים אויף א המצאה. עס לויפען נאר אהן א נשמה מעקלער, שרכנים,

טאנדעטניקעס, מאחליארקעס, קורלאפניצעס יודענעס מיט קוישען, יודען מיט טאָר־
בעס, מיט פינף פינגער, בעל הביתליך מיט שטעקליך, בעלי הבתים מיט בייכליך־
איטליכען פלאמט דאָס פנים, נישטא קיין צייט, א רענדיל א מינוט. מילא בקיצור,
נארנישט עס האט אויסגעזעהן אָט חאפען זיי דאָס גליק. אי אַי, בין איך עס
מקנא וויא איטליכען געהט דאס מזל! איטליכער פארדינט שעפט גאָלד און איך
שלימזל וואָס? שטעה וויא א לייטנער גולם פארליינט דיא הענד לעבען מיין
צעריסען ביידיל, בעהאנגען פון ביידע זייטען מיט ציצית, קמיעליך און אינוועניג
שמאָכטעס, פעקליך ספרים. א קאטאָוועס חלעבען תחינות, שרה בת טובים! שרה
בת טובים אין גאנצען איז ווערטה א דרייער... נעה לעב, צופיהר זיך מיט איהר דא
הענד, מאך חתונה א מיידעלו איך שעלט, אין הארצען, זיא, דאָס ביידיל, דיא דארע
שקאפע מיינע, הלוואי וואָלטען זיי אויף דער וועלט נישט געווען! גענוג, מען בעדארף פרר
ווען זאג מל. אויף עפיס טאָן ארבייטען. השם יתברך קען אפשר רחמנות האבען,
וואס דען? בקיצור עס פעררייסט זיך מיר דאס היטעל, עס פערקאטשען מיר זיך
דיא ארבע, מיינע פיס געהען צו, וויא צו זיך אליין, צו א וואגען און באלד טאקי
ייל איך מיר א שטרייעלע, וואס איז פונם וואגען פארקראָכען מיר גלייך אין מויל
ארייך. מילא קיי איך מיר דאס שטרייעלע און דער מוח מיינער ארבייט, א
קנייטשעלע אהער, אהין און באלד טאקי א קלאפ מיט'ן פינגער אין שטערען!
ס'איז דאָ! א שיין נעשעפטיל, — א שידוך צווישען צוויי סוחרים, לייטישע מענ־
שען, וואס שטעהען מיט קלייטען אויף'ן יריד. פערשטעהט איהר מיך ווער? איינער
איז ר' אליקים שאראָגראדער! דער אנדערער — ר' נעציל גריידיננער. פארבייג
איך מיר מיין עסק. אין דער ערד מיט'ן קאָפּ דאס ביידעל מיט דער שקאפע
מיט דעם דרוקער אין איינעם? טוה מיך א געשמאקען נעהם צום נייעם עסקיל.
למזל עס ריהרט זיך!.... א האפנונג עס וועט פאהרען. בקיצור, איך טרייב
אָן, עס רוקט זיך. מיינער ווייסט נים מעהר וויא קאלענדרעווען, לויפען פון
ר' נעצלין צו רב אליקים'ן, פון ר' אליקים'ן צו רב נעצלין, איך לויף שוין ברוך
השם לייטען גלייך, שטארק בעשעפטיגט, נישט ערגער פון אלע יודען. איך האָרעװע
אקער מיט דער נאָז דיא ערד, עס מוז ווערען, פערשטעהט איהר מיך, א שידוך
איך בעדארף עסען. עס מוז ווערען און דאָ טאקי אויף דעם יריד. וואס דען?

איז דען דאָ נאך א בעסערער אָרט וויא אויפ'ן יריד? בקיצור, אין חאפעניש, אין איילעניש דיא מחותנים קוקען זיך אָן, איינער דעם אנדערן נעפעלט,ביידע בעקר מען חשק, ווילען שטאַרק. נוא, וואס זשע בעדאַרף מען נאך? אז ביידע מחותנים צאפלען, ברענען, האבען חשק און זיינען פערטיג! .... איך ווער גרעבער וויא ליינגער פאר שמחה. דאס פארדינסט איז ביי מיר גלייך וויא אין קעשעניע. איך קלעהר שוין אפילו וויפיעל נדן מיין בתולה צו געבען. דרילך אויף איינשיטען האב איך אויף דעם סמך נעהאנדעלט נאך פריהער, שוין נעהאלטען אפילו אין קויפען ביז א טאנדעטניק א געניצט סאמטען מענטעלע העמדער, דאס איז שוין דיא לעצטע דאגה, וויא נאט וועט געבען .... מילא בקיצור נאָר נישט. נאָר הערט א מעשה וואס קען זיך פערלויפען! ס'איז נישטא קיין מזל זאָל מען בעסער נישט געבאָרען ווערען. — אז עס האלט שוין ביי טעפ בירעכען און מען דערמאָנט זיך גראד ארום תתן כלה, לאזט זיך נאָר אויס, וואס מיינט איהר? א וועהטיג חלעבען צו דער צעהלען, לאָזט זיך אויס בוידעם! ניין, בידעם איז נאך א הונט, א נאָרנישט. עס לאזט זיך אויס קאפויר! הערט נאר דאס אונגליק, דער שטראף פון נאָט! ביידע מחותנים האבען — וואס מיינט איהר האבען זיי? ביידע האָ־בען — בחורים! ....

— סטייטש, ר' אלטיר! שיס איך אויס מיט א געלכטער. איך בעט אייך איבער, וויא איין אייגענע מוטער, וויא פאלט איהר אויס צוטאָן אזא שבו.תעריי— ריידען א שידוך איידער איהר ווייסט, ווער פון דיא מחותנים האט א בתולה און ווער א בחוריל?!

— אוודאי, פשיטא! נימ זיך אלטיר שטאַרק א קרים מיט פערדרוס. איך האב נאך חלעבין אזוי פיל שכל וויא אנדערע און בעדאַרף מיך ביי קיינעם נימ לעהרנען. חלעבין איז ער דען א יוד און ווייסט דען נישט וויא אזוי עס ווערען שידוכים! ! ...... דאכט זיך, ר' מענדעלי, איהר ווייסט זעהר גוט דעם יורישען איינפיהר, דעם גאנצען שטיינער אין דעם משדך זיך זיין און תנונה האבען בייא א גז יורען. וואס זשע חידושט איהר זיך אזוי אויף יענעם אונגליק מיינעס, וואס האט זעהר גרינג געקענט מיט איטליכען זיך מאכען? — איך האב זעהר וואויל געוואוסט אז ביי ר' אליקים'ן איז מחויב זיין א בתולה. און נאך וואס פאר א

בתולה! אזא שטיק נאָלד זאל איך האבען! איך האב זיא מיט א יאהר פריהער געזעהען אליין מיט מיינע אויגען. אזוי זאל איך זעהען פיעל גוטס. נישמער גאָר נישט. אז קיין מזל איז נישטאָ העלפט נישט קיין חכמות. בעדארף דיא בתולה קיין ציים נישט האבען און איך צישפּרינגעניש תתונה האבען. עפּעס איין אויסחאפּעניש אויף איהר נעקומען וויא אין דער בתולה. איך זאל דאס אנהויבען חאָטשע עפּיס צו וויסען. וויסען זאל איך אזוי פון מיין דיוות! היינט פרעג איך אייך אדרבה, נעדענקט זשע, אז איך קום דאָ וועגען דעם שידוך און זאָג גאַנץ ירדעשליך וויא נעוועהנליך: ר׳ אליקים! איך וויל אייך משדך זיין מיט ר׳ נעצלין. וועמען האב איך פון מיין זייט געקענט מיינען? מסתמא ר׳ אליקים׳ס בתולה. זיא עס פערשטערט זיך, מיט ר׳ נעצילס בחוריל. אויסריידען עס בפירוש איז נאר א נעבעכטער, איין איבעריגע זאך, ווארום דיא קשיא איז דאך פשיטא! וואס לאזט דוא מיך הערען? עס פערשטעהט זיך, אז נעהמען, נעהמען זיך נישט צוויי זכרים, וויא דען זשע? א זכר מיט א נקבה וויא דער שטיינער איז. דאכט זיך פון מיין זייט האב איך נעהאנדעלט וויא עס נעהער צו זיין. קיינער, ביי מיין יודישקייט! וואלט בעסער נישט נעהאנדעלט. בקיצור, איך האב גערעדט ריין, שארף, דעם ריכטיגען עיקר: מכח נח, מכח קעסט. דערביי מוזט איהר נישט פערגעסען, אז אויף א יריד און דערצו נאך מיט סוחרים קען מען גאָר נישט ריידען איבעריגע רייד, ביי זאכען, נאר געציילטע ווערטער, דעם עיקר, דאס געשעפט אליין. נישטא קיין ציים. מילא, האט איהר אייך איין ענטפער פון מיין זייט. וי״ט לאמיר געהען צו ר׳ אליקים׳ן. ר׳ אליקים ווידער פון זיין זייט, הערענדיג וויא איך רעד איהם א שידוך מיט ר׳ נעצלין, האט זיכער דארתמער געמיינט זיין בחור. אנדערש קען עס דאך גאָר נישט זיין. איהם אליין רעדט מען מיט ר׳ נעצלין? וויא שיקט זיך עס? און איינפאלען א בתולה, האט איהם אויך נישט געקענט, אז ער ווייסט ביי זיך זעהר גוט, ער האט חתונה צומאכען א בחור, נישט קיין בתולה. מילא קומט אוים,ביידע זיינען גערעכט. נישמער נאַרנים. היינט פארשטעהט איהר שוין?

— בע! .... מאך איך קוים איינהאלטענדיג זיך פאר געלעכטער און אָנטוהענדיג זיך א כח אָנצונעהמען איין ערנסט פנים.

— נו, געלויבט איז גאָט, אבי איהר פארשטעהט! זאָגט אלטיר, א טייט געבענדיג אויף מיר מיט׳ן גראָבען פינגער און מאבענדיג דערביי צוציגען „אָ״! גלייך וויא איך האב מיט מיין „בע״ געטראָפען פונקט אין קארב.

און דעם אמת מוז איך זאגען איז מיר אלטירס דערקלעהרונג אריין טאקע דערנאָך אין קאָפּ. טא, פאר וואס נים? אויף דעם יודישען גאנג וויא עס ווערען געשלאָסען שידוכים ביי אונז, פאר וואס זאל זיך טאקע אזוינס נישט מאכען?— עס חאפט זיך מיר פונם מויל ארויס נאך א מאל „בע״ א קוק געבענדיג אויף אלטירן עפּעס גאר פריינדליך.

— א, יאָ! מאכט אלטיר, ווייטער א טייט מיט׳ן פינגער, א יאה, איהר פארשטעהט! נישמער גאָרנישט. איהר זיינט נאך נישט פארטיג.—עס האט נאך געצאנגט אין מיר עפּעס א האָפנונג. נעהם ..יך מיך צו איין עסקיל לאז איך עס אזוי גיך נים אָפּ.

— ר׳ אלטיר, גאָט איז מיט אייך! וואס רעדט איהר? שפּרינג איך אזש אונטער פאר גרויס וואונדער און מיין זיבער, אלטיר איז אין תמוז, פאר גרויס היטץ, משוגע געווארען.—וואס פאר א האפנונג, ר׳ אלטיר, האט געקענט איבער־בלייבען נאכדעם, אז עס האט זיך ארויסבעוויזען צוויי חתנים? !

— לאזט זיך דינען! נעהמט מיך איין אלטיר. לאָזט זיך דינען, ר׳ מענדעלע! ס׳איז רעכט. עס האט זיך נאך געשלאָגען ביי מיר איין אדער. נאט גיט דיא רפואה פאר דער מכה, פארשטעהט איהר מיך, עס האט געטאנצט אין קאהן טעלעצע. נאך גאר אויפ׳ן אנהויב איז מיר איינגעפאלען טעלעצע. דארט זיינען שוין דא מייד־ליך, זיבערע, איהר מענט מיר גלויבען. עס האט מיר תחילת זיך געדרעהט אין קאפּ טיט א מאל: אליקים, נעציל, טעלעצע. פון זיי האט מען בעדארפט אויסקלויבען א פּאר. האב איך בעדארפט גראד בלייבען ביי ר׳ אליקים׳ן און טעלעצע דערווייל אוועקשטעלען אין דער זייט. מילא אז דאס אומגליק האט מיך דא אזוי געטראָ־פען, וואס זשע טהוט מען? בעדארף מען ארויספיהרען אויפ׳ן פּלאטץ טעלעצע, געהויבט, געקרוינט, שוין מיט דער גאנצע מורנו: ר׳ בערישיל! בקיצור איך פאר־רייב דעם פעה׳ער בייא דיא פריהערדיגע ביידע צדדים. שולדיג שמולדיג זיי אביסל איך אביסל אין אביסל אויף דאס מזל אוּנזערס. מסתמא איז נישט געווען פון

השמים, נישט בעשערט, פארשטעהט איהר מיך?... עס הויבט זיך אן דער גרויסער מזמור: ר׳ בערישיל איז אהן עין־הרע א גביר, א דיטענט, א בעל־צדקה, א גבאי אין פיעל חברות. סטייטש ר׳ בערישיל! דעם טיטעל חכם רעכען איך נישט, ה׳ייל עס פערשטעהט זיך אליין, עס ליגט שוין אין דעם נאמען גביר... מילא נארנישט. דער פונק האפנונג האט אין מיר זיך אלץ ווייטער מעהר צוברענט. גם זו לטובה, טראכט איך, וואס זיינען וויא ביימיל אויפין וואסער ארויפגעשווימען צוויי בחורים, אצינד איז דא פאר זייביידע טאקע צוויי בתולות, גלייך וויא אנגעמאסטען. ר׳ בערישיל וועט מיר צורעכט מאכען אלסדינג, און עס וועט אם ירצה השם זיין גוט. אהער, אהין, בקיצור איך ארבייט אויף אלע כלים. איך האב ווייטער דאס לויפעניש. דאכט זיך אין פלונק גאר נישקשהדיג, עס האלט אויף א שטיקעל שטירער. נישמער גארנישט. בעדארף זיך אין מיטען דרינען אויסלאזען דער יריד. איין איבערקעהרעניש, אלע צופאהרען זיך, צולויפען זיך, אוים געשעפטען און פארפאלען מיין מיה, אזוי פיל מיה!

— היינט פארשטעהט איהר? ווענדעט זיך אלטיר צו מיר מיט א ניגון נאך געבעט, אויסשטרעקענדיג ביידע הענד, וויא ער קלאגט זיך, ניסט אוים זיין שווער, ביטער הארץ און פערלאנגט פון מיר עפעס א הילף. פארשטעהט איהר שוין? אז סיאיז נישטא קיין מזל דאס פיצעלע מזל, העלפען נישט אלע חכמות. אוי, א צארן פון גאט איז שוין פון א צייט אויף מיר אויסגעגאסען געווארען, א שטראף פאר מיינע זינד. — „אויף מזומן געלד!“ זאגט איהר. איין איבעריגען גראשען האב איך דען אין קעשעניע, אז אך־און־וועה־און־ווינד איז מיר!

— אי, וויא אין באד! אין באד! צוהיטץ איך מיך אויף א קול און טוה מיך א געשמאקען ריק.

אלטיר שטעלט אויף מיר אויס א פאר אויגען, שאקעלט מיט דעם קאפ שטארק אויפגעבראכט, מאכענדיג דערביי וויא אין דער וועלט אריין:

א גאנג אביסל פון א יודען! א מענש ווערד, שונא ציון, צוזעצט, דיא גאל שפריננט איהם פאר צרות, רעדט, און ער, גארנישט! האט אין זינען זיין נפשיל. א קאטאוועס, סיאיז הייס וויא אין באד! וועט צושמאלצען ווערען... איך פארשטעה נישקשה יורישע אנשטעלען. דאס וויל א יוד א חאפ טהאן זיך צוריק, ארויסצו־

הענדרינג, אז ביי יענעם איז קיין מזומנים נישטא, קיין נעשעפטיין, מיט איהם וועט ער נישט מאכען.

— אי, חלעבען... רוף איך מיך אן, א ציה נעבענדריג אלטירן ביי דער באָרד כמנהג יוד. וואס פאלט אייך איין, ר׳ אלטיר, אזוי לכעם צוטראכטען? איך מיין נאָר עפעס אנדערש. אייער סוף מעשה אצינד אויף דעם יריד האט מיך דער־מאהנט אין זעהר א שינער מעשה א מאל אין באָד, וואס לינט מיר עד היום אין מעם און קען עס נים פארגעסען. אויך דיא אייגענע מעשה, עס זאל דאס פעהלען א האָר. נאָר דאָרט איז עס געוועזן בקיצור און זיך אויסגעלאָזט מיט׳ן קנאק. מען מעג עס הערען.—אָ, איהר שוויצט, ר׳ אלטיר! ריקט זיך, זייט מוחל, א קאפעלע אהין, וועל איך מיר לינען אָט אזוי מיט דעם ריקען צו דער זון און דערצעהלען.

אלטיר ווישט מיט׳ן עק ארבעל פון׳ם העמד אָפּ דעם שוויים פון זיין פנים. נעהמט פון דער בוזעם קעשעניע ארויס זיין פארצאלייען פיפקעלע מיט עפעס א יפה־פה אויס־נעטאהלט דארויף מאכט אויס מיט א דרעטיל, וואס הייננט אויף א קייטעלע ביים טעמד־באקאָוועז דעקיל פון דעם קולקעלע, דאס קורצע ציבעכיל, פון וועלכעם דאס דינע אויסגע־בורנענע מונדשטיקעל, וויא אויך דער אונטערסטער טהייל זעגען גרויא שווארצליכע ביינדליך און דאס מיטעל שטיקעל א ווייכס, אויסגעהעפט ארום מיט זאמד פאטשערקעס. פאררייבערט דערנאך דאס פיפקעלע, טוהט דערביי א קליין קוקע־לע אויף דער יפה־פה און ציהעט זיך אויס, וויא גרויס ער איז, אונטער דעם בוים. איך הוסט מיך אויס, טוה מיך א ריק און הויב אן מיין מעשה אזוי:

## 5

אין דער נכופסקער נעמוערטער באָד האלט זיך זינט א לאַנגער צייט אויף א בחור—פישקע דער קרומער. ווער פישקע איז, פון וואנען ער איז? דאס איז נישט מיר, נישט קיינעם איינגעפאלען צו וויסען. גאר נישט! עס דרעהט זיך ארום א בעטעפעניש, א פישקע, וויא אלע אנדערע פארוואָהרלאָזטע נפשות, זיין נלייבען, וואס גיבען זיך א ווייז ביי אונז יודישער קינדער, עפים פון דער העלער

הוים, וויא דיא גריבעס, פארטיג מיט א מאל, מיט דיא אלע הנדליך, מען זאל עס געוועןן אנהויבען זעהען וויא זיי האבען ביסליכוויים געשפּראצט, האטש האבען פון זיי פריהער עפּיס א סימן !.... עס זיצען זיך ערגיץ אין לעכער קבצנים, קינדלען זיך שטילערהיים—ועמעס עסק איז עס? — פרוכטערען זיך און מעהרען. ס'איז אהן עין הרע א גרויס גערעטעניש. דאס קליינוואַרג גיט זיך א הייב אויף דיא פיסליך און פכוצלים שפּרינגען ארויס אין דער וועלט פריש צאפּלדיגע קליינע יודליך: פישקעליך, חייקעליך, חיימליך, יאסעליך, נאקעטע באָרפיסע, מיט לייב־סערדאקליך, פלאָנטען זיך אומעטום פאר דיא פיס, אויף דיא נאסען, אין דיא הייזער און אין דיא קלייזליך.—קיין שטארק גרויסע פארשוין קען מען פישקען נישט אנרופען. ער האט א גרויסען פלאטשיקען קאפּ, א ברייט גרויס מויל מיט געלע קרומע ציין. רעדט שטשיפילאווע, קען נישט קיין „ר" שארף ארויסזאָגען און הינקט שטארק אויף א פוס. פישקע איז שוין געוועןן אין דיא יאהרען, פון זיינעם וועגען האט ער שוין געקענט לאנג חתונה האבען און מזכה זיין גלופּסק מיט עטליכע קינדערליך. נאר, אויף זיין פינצטער מזל, האט מען אין איהם זיך פארגעסען אין ער איז, וויא א פוילער מין אין אונזער ספרים האנדעל, געוואָרען א לענער סחורה. מען האט אין איהם זיך פארגעסען אפילו בשעת דעם רעקרוטען נעהמען פאר חלירע־התנים. דאס הייסט: בשעת גלופּסקער קהל האט געחאפּט אין דער בהלה וויסטע קאלעקעס דראבעס, שלעפּערס און זיי חתונה געמאכט אויף דעם הייליגען אָרט צווישען דיא קברים, מיט אבי אט מיידליך, בכדי דורכדעם זאל דיא שלאפּ־קייט אויפהערען. אנשטאט איהם האט קהל דאס ערשטע מאל מכבד געוועןן מיט חתונה האבען דעם בעריהמטען קאלעקע יאָנטלען, וואס ריקט זיך אויף זיין געזיים מיט צוויי קליינע הילצערנע בייגקעליך אין דיא הענד. מען האט איהם געפּאָרט מיט דער ארמער יודענע, דיא מפורסמת, וואס האט גרויסע ציין וויא לאָ־פּעטעס אהן איין אונטערסטע ליפּ. דיא חאָליריע האט זיך פאר זיי שטארק דערשראָקען און נאכדעם אז זיא האט פאר שרעק מזיק געוועןן אין גלופּסק א סך מענשען, האט זיא געחאפּט דיא פיס אויף דיא פּלייצעס און איז אנטלאפען;.... דאס צווייטע מאל האט מען אויסגעקליבען נחום'צין דעם שטאדט מיגיד, דעם געוויסען לעקיש. לעקיש האט אויף דעם בית עולם, פאר א גאנצער עדה שיינע

יודען, צוגעדעקט דעם קאפ פון יענער מויד, וואס איהר קאפ איז פון קינדרוויים אן בעדעקט, איך בעט אייך מחילה, מיט א קרוין און אויף וועלכער עס געהעט אין דער שטאדט ארום א קלאנג, אז זיא איז איין אנדרוגינוס. דער עולם, זאגט מען, האט אויף זייער חתונה, זיך גאנץ שטארק משמח געווען. מען האט זיך וואויל געטהאן און עפיס גאר א ים בראנפען צווישען דיא מצבות אויסגעטרונקען. אט, האט מען געזאגט, נישקשה! לאזען יודען זיך פרוכפערען. לאזען יודישע קינדער, דער חאלירע אויף צושפרינגעניש, זיך מעהרען, לאזען ארמע קאלעקעס נעביך אויף הנאה האבען.... נישט דאס בין איך אויסען. הכלל פישקען האט קהל פארגיסען. אויף גלופסק איז געקומען ווייטער א חאלירע און פישקען האט עס פארט נישט געהאלפען. ער איז געבליבען א בחור וויא פריהער. אפילו דיא מוהמע אהן א נאז, וואס איהר שטיינער איז צוהעצקען זיך אין מיטען דער גאס, בשעת איהר בליזמרל סקריפעט אויף עפיס א מין פידעלע, צווינגענדיג דערצו אויפן בייקולכען, נעהמט צוגויף אויף א טעלעריל נדבות, בבדי צוויי מתים זאלען נעהען טאנצען, קאלעקעס, קבצנים, ארמע מיידליך זאלען חלילה נישט פארזימצען—אפילו דיא נוטע, בארמה:רצדינע מוהמעניא האט אין פישקען זיך פארגעסען און איהם געלאזט ארום געהען אהן א ווייב. ס'איז אוודאי נעביך א גרויס רחמ:ות, א צער בעל החיים, נאר מסתמא איז זיין מזל שוין געווען אזוינס. פישקעס גאנג איז געווען געוועהנטליך בארפים, אהן א קאפאטע, נאר אין א גראב געלאטעט העמד, מיט א לאנגען פארשמאלצעוועטען ארבע כנפות און תחתונים פון גראבער לייניוואנט מיט א סך פאלדען. זיין ארבייט איז געווען צוגעהען רופען אויף דער גאס: בעלי הבתים אין באד אריין! פרייטאג און ווייבערליך אין באד אריין! מיטוואך. זומער, ווען עס פלעגט זיך אנהויבען ווייזען גארטענווארג, האט אין דער יודישער גאס זיך געלאזט הערען זיין קול וויא פון א שלייען: יודעליך, אהער! יונגער קנאבעל יודעליך!—אין באד פלעגט ער היטען דאס אנטאן, אונטערטראגען א שעפעלע וואסער, ארייגלאזען א קויטיג העמד אין דעם ארבעל אריין מיט א קנופ אינווענדיג, וויא א מייסטער, דערלאנגען א קויל פייער, ווארפענדיג עס פון איין האנד אין דער אנדערער, צופא:רייבערען א ציגארמיטקו. און חאפען דערפאר מיט א מאל א הארטען צווייער, אדער א דרייער. פישקע האט זיך שוין גערעכענט

דערמיט פאַר אַ שטיקעל כלי־קודש און געהאַט דאָס רעכט אויף געוויסע זאַכען, וויא אַ שטיינער: ארומגעהען אין איינעם מיט דעם פעקיל שמייסער, באַדלייט, אי־בער דיא הייזער, נאָך פורים־געלד, חנוכה־געלד; קומען מיט דער קאָמפּאַניע אויף אַ לעקיך־און־בראַנפּין, אויף אַ קריאת־שמע לייענען, אויף אַ ברית ביי דיא בעלי־הבתים אין באַד און חאַפּען אַ כוסע מיט אַ שטיקעל האָניג־לעקיך, אויך ארומגעהן פּסח מיט טאָרבעלע, צונויפנעהמען ביי דיא בעלי־הבתים שטיקלעך מצה. — איך האָב פישקען זעהר גוט געקענט, פלעג ליעב האבען אריינצולאָזען זיך מיט איהם אין שמועס און אָנקוועלען אַ מאָל פון זיינע ווערטער. ער איז נאָר ניט געוועזען אזא מיאוסער שוטה וויא ער האָט ארסגעזעהען. ווארים ווען איך בין נאָר אין גלופּסק אין ביי מיר דיא ערשטע זאַך פון אַלע מלאכות זיך אַראָפּצוחאַפּען אין דער גע־מויערטער באָד, אויסצופּרודען דיא זאַכען, דיא זאָקען און צופּאַרען דיא ביינער אויף דער אויבערשטער באַנק. זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, דאָס איז דער בעסטער תענוג ביי מיר. וואָס קען, דאַכט זיך, בעסער זיין פון שוויצען? איך זאָג אייך בפירוש נאָך אַ מאָל, אצינד אַ אפילו וואָלט איך אויך שטאַרק הנאה געהאַט פון ביסעל שוויס, ווען דיא זון זאָל מיר נישט זיין אקעגען פנים.

— ריקט זיך נאָר, ר' אלטיר! ריקט זיך, זייט מוחל, ווייטער אביסעל! — אָ, איהר האָט איצט אהן עין־הרע גאָר דעם גאַנצען שוויס! טהוט זיך נאָר, זייט מוחל, אַ ריק אָט אזוי, אזוי.

— נו, איין עק, אַ סוף זאָל עס האבען! מאַכט אַלטיר אָנגעברוגזט. איך ליג שוין דאַכט זיך גוט. ציהט נישט, איך בעט אייך, ביי דער נשמה און מאַכט עס בקיצור.

— האָט צייט, ר' אלטיר! דער טאָג איז נאָך גרויס. רוף איך מיך אָן און הויב אָן ווייטער צו דערצעהלען:

— אז איך בין געווען מיט עטליכע יאָהר צוריק אין גלופּסק און פון דערוויי־טענס אויף דער נאָס דערזעהען פישקען, בין איך פשוט אויס דער הויט נעשפּרונגען פאַר גרויס וואונדער. פישקע מיינער, זעה איך, געהט מיט דיא קרומע פיס, אָנגע־טאָן וויא אַ שמשאָנעל אין אַ שפּאָנעל נייע טשערקאַסענע קאַפּאָטע מיט נייע שיך און זאָקען. אויפ'ן קאָפּ אַ גרויס פליסען היטעל און אויפ'ן האַרץ בליטשעט איהם

ערשט נייא פון דער נאָרעל, א לייבצודאַק פון הארט אָנגעקראָכטאָלטען ציטין מיט גרויסע רויטע קווייטען! וואס קען עס בעטייטען? טראכט איך ביי מיר. זאָל זיין אפשר, קהל האט איהם אויסגעקליבען פאָרט פאר א חלירעדתתן? נאר אויף גלופסק אבער איז אין יענעם יאָהר קיין חאלירע נישט געקומען. נישט דאריבער, ווייל מען האט אפשר אויסגרייניגט דעם טייך, צוגענומען דיא בערגליך עיפּושדינע בלאָטע און דיא נעפּגרטע קעטץ פון דיא גאסען, אדער בעלי הבתים האבען געמאכט א האסלע, אויף צרלהכעיס דעם גאנץ אלטען מנהג, ווייטער נישט אויסצושיטען דעם מיסט, אויסצוגיסען דיא פאמייניצעס אונטער דער נאָז, פאר דיא הייזער; חלילה! וויא קען מען אויף אזא יודישער קהילה אזוינס נאָר טראכטען! נאר וואס דען? ס׳איז גלאט געווען נאָר ריינע נסים.... יודען האבען אפילו דענסטמאל זיך געקלאָגט אויף דיא בייכער, צוביסלעכווייס אויף אונטערגעשטאָרבען, נאָר דאס איז געווען גלאַט אזוי, איין אונטערגאנג. מען האט עס צוגעשריבען דיא גרינע אוגערקעס. דער ארמער עולם האט מיט א הייסען הונגער זיך צוגעחאפּט צום יונגען גארטענ־וארג און.... ס׳איז געליבט נאָט, מיט חסד.... נישט דאס בין איך אויסען. דערגוייל וויא איך טראכט דאָ און וואונדער מיך אזוי, איז פישקע פארשווינדען גע־וואָרען. גראָד בין איך, נישט היינט געדאכט, דענסטמאל געפאלען אויף דיא קריד שעס, געליטען שטעכעניש. שוין טאקי א לאַנגע צייט נישט געלאָזט צו דער אדער, נישט געשמעלט קיין באנקעס, א תוך נאָר אקעגען א צעהן פּיאווקעליך אין דער גאנצער צייט פון עטליכע חדשים!.... א. ט, האב איך מיר פירגענומען, מאָרגען, בלי נדר, געה איך בעצייטענס אין באָד, וועל דארט צוברייננען גוטע עטליכע שעה און שוין אָנשמעקען דאָרט אלסדינג...... נישט דווקא וועגען פישקען אליין וויא אויך טאקי וועגען אנדערע וויכטיגע זאכען: מכח פּאָליטיקע, פּאטשטען און אלס־דינג, וואס קאָכט זיך, פארלויפט זיך אויף דער וועלט און אין דער שטאָדט. דאס איינציגע שטיקעל ארט פאר יודען אויף צושטעקען, ארויסצוגעבען וואס עס בורטשעט אינגווענינג אין זיך און חאפּען צוריק עפּעס א לעק פון אנדערע. דארט אין דער באָד ווערט מען געוואהר פון זעהר פיעל סודות, דארט ווערד אפּגעמאכט זעהר פיעל גע־שעפטען און עס רודעוועט זיך כעהר נאָך וויא אויף א יריד. מען בעדארף אהין קומען אין א פרייטאג זעהט מען שעהנס: אין איין ווינקעל זיטצען רופאים מיט

דעם קליפּערנעציינג, ארום זיי יודען א סך. איין רופא גאָלט קעפּ, דער אנדערער רופא מיט א בריטווע צוקארדדאשעט פּלייצעס, פּאטילניצעס, שטעלט באנקעס דעם, חאפּט אראפּ געשטעלטע באנקעס ביי יענעם און יודיש בלוט גיסט זיך טייכענווייס אויף דעם פּאל, אונטער מענשען, פּארמישט אין איינעם מיט בלעטליך פון בעזעמער און אפּגעגאָלטע האָר, דעם רופא'ס ברענענדיג לעכטיל שמעלצט זיך מיט א צו־פלאָכטענעם קנויט, שפּריצט בריזגעס מיט א בייזער, מיט א פלאם פייער פון א מיתה־משונה קאָכיר. — אויף דיא ווענט, אויף דער סטעליע לעבין אויווען הייגען, וויא אין דעם גרעסטען מאגאזין, אלערליי קליידער: העמדער, זאקען, כל־א־מיני לייבצודאקען, אלע סארטען תחתונים, קאפּטענס, קאפּאָטעס, אויף קאלעכדיגע פּעלפּעגע היטלען. — פון דער אויבערשטער באנק לאזען זיך הערען שרעקליכע קולות. מיט א טהייל יודען ליגען דאָרט אהן כוחות, זיפּצען און קרעכצען, א טהייל זיינען געוואפּענט מיט בעזעמליך און שרייען: געוואלד יודישע קינדער! געוואלד האט רחמנות! געוואלד! געוואלד פּארע!... אין באָד ווערט קאלט, אלע שרייען און איינער נישט שטרעקט אויס א האנד אויפצוגיסען אויפ'ן שטיין, ביז צום סוף גע־פינט זיך עפּיס א ווייסע־חברהניק און מאכט אָן אזא היטץ וויא אין גיהנום, אויף דערשטיקט צו ווערען. צוויי אויסגעווייקטע יודען שלאגען זיך דאָרט פּאר א ראש־קעלע, אויסרייסענדיג איינער פון'ם אנדערענס הענד מיט זידלערייי א שרעק. א דא־רער מלמד, וואס בלאנקעט זיך דאָ ארום אהן נעצייג, לייגט זיך אריין און שלום, מאכט א פּשרה — און אלע דריי טונקען זייערע פּארשמאָלצעוועטע פּאטשיילכעס און וואשען זיך פון איין ראשקעלע. אויבענאָן אין א קיפּקעלע זיצען מיוחסים, נגידים, לייטישע מענשען און שמיעסען עסק, פון תוך זאכען: מכח דער טאקסע, מכח הייגטיגע עזות פּנימער, מכח דעם נאבאר, מכח דיא ווי־באָרעס אויף גלאס־נעס, אויף א רב, מכח אכטצעהן און דרייצעהן און מכח דעם נייען פּאליצמייסטער. צו זיי שארט זיך צו וויא א קעטצעלע עפּיס א שיינער יוד און מאכט א שמ'עס מכח דער תלמוד תורה, מכח דיא נייע גזרות, מכח חטאים אין שטאדט און רייסט ד'ערביי איטליכען איין סודות אין אויער... פּלוצלים קומט צו איינער א וואוילער יונג, וואָס שארפט דיא ציין אויף גלאסנע און פּארבעט מיט א חניפה־שמייכעלע אויף דער אויבערשטער באנק דעם גרעסטען יחסן און בעל דעה, וועלכען ער וויל

אביסעל אויספארען טשאקענדיג מיט זיין כבוד אליין. דער שיינער יוד, וואס האט אויך א קוק אויף עפּיס א התמנות און וויל אפּלעקען א ביין פאלט דעסגלייכען אויף דער איינענער המצאה, טה:ט זיך א בייג מיט א חניפה׳לע און פארבעט אויף א יחסן צום טאנץ. אלע קריכען ארויף אויבען אויף דער באנק, דיא בעזעמליך הייבען זיך און דיא נעשעפּטען זענין אפּגעמאכט... בזכות דיא מיוחסים ווערט אין באַד געשמאַק הייס, קליין און גרויס יונג און אלט חאפּען זיך צו דיא כלים. דער עולם קרעכצט, איקעט, פּאַסמאקעוועט זיך אויף אלערלייא קולות, און דענסטמאָל קריכט מיינער ארויף העט העט הויך אין א ווינקעלע, ביחידות, פאר זיך אליין און טהוט זיך א נעהם פארען דיא 2ביינער אויף וואס דיא וועלט שטעהט.

— אוי, רב אלטיר, א ריק! חאטש א קליין ריקעלע, אהין, אהין אביסעל קיין צפון זייט!...

אלטיר קוקט מיך אן עפּיס וויא איין אנשיקעניש, מאכענדיג מיט דיא אקסלען:

נאַ, נאַ!

— האט צייט אביסעל, ר׳ אלטיר! נעה:ם איך איהם איין. וואס איז אזוי דאָס חאפּעניש? באלד, באלד! לאמיך נאר א קאפּעלע זיך אָפּרוהען.

---

אלטיר האט זיך עפּיס צושטארק נעפּארעט מיט דעם מונדשטיקעל, וואָס איז נעוועזן מיאוס פארליינט. דערנאך האט ער עס אפּגעדרעהט פּק׳ם ציבעבעל, שעל־טענדיג עס מיט פארדראָס, ארייננעזעצט אנשטאט איהם א נעגזען פּענדיל, פאר־רייכערט אויף דאָס ניי זיין פּיפּקעלע פּוף־פּוף־פּוף און ארויסגעלאזט וויא פון א קוימען א גאנצען וואָלקען רויך. איך האב אביסעל אויסגעגלייכט דיא אלטע ביינער און ווייטער אנגעהויבען צודערצעהלען.

אויף מארגען בין איך געקומען אין באָד בעצייטענס. א סך פריהער איידער דער עולם אין זיך ביסלעכווייס צונויפגעקומען. בעריל דער שמייסער איז געזעסען

אין הויז אויף א באנק צווישען ראשקעליך, אויפגעשטעלט וויא א טורעם איינע אין דיא אנדערע און נעבונדען בעזעמליך, איבערקוקענדיג דיא בלעטליך מיט אזא ערענסט פנים וויא א יודענע קלויבט ארבעס. נישט ווייט פון איהם שטעהט לעבען אויוען איציק דער היטער, א יוד מיט א גרויסער באָרד, וואָס איז אין דעם ברויט א יאהר דרייסיג, טהוט נישט מעהר וויא קוקען מיט צונויפגעליינטע הענד אויף דיא פעקליך זאכען, צו ווינטשעווען איטליכען ביים ארויסגעהן פון׳ם מרחץ „צו רפואה!“ און ציהט דערפון דאָס שטיקעל פרנסה. ער נעניצט אויף א קול, אויסציהענדיג דערביי דיא הענד אין דער הויך, מאכט א חשבון וויפיל דאס וויב בעט אויף שבת, שמיעסט איבער מיט בערלין פון דיא היינטיגע שיינע פארדינסטען, שפעט אויס איטליכען פון דיא בעלי הבתים בעזונדער, מאכט אלע אויסצודרעהען, דער איז אזוינער, יענער—אזוינער, נישטאָ דיא מענשען וואָס אמאל. נאָר נישט דאָס מרחץ וואס פריהער, וויינינער פון א זעקסער האט דער קארגסטער אפילו נישט געוואוסט, און היינט... טהוט ער א שפיי און לאזט אויס: היינט מעגען זיי אלע דיא כפרה ווערען! —

בעריל און איציק האבען מיר געמאכט א גרויסען „ברוך הבא“, שוין טאקי א היבשע צייט אז מיר האבען זיך נישט געזעהן און איך בין ביי זיי געווען זעהר איין אנגעליינטער גאסט. מיר האבען זיך צושמיעסט פיל זאכען און בין אין דערמיט שמיעס ארויפגעקומען אויף פישקען, וואו פרעג איך, איז אונזער פישקע?

— פישקע! מאכט בעריל, א טרעסע געבענדיג דאָס בעזעמיל, הערהע! פישקע איז היינט א מענש, א בעל־הביתיל, איבערגליקליך:

— פישקע! זאגט איציק, צושאקלענדיג מיטין קאָפּ, פישקע איז היינט א פריץ! אויסער זיין שאדען געזאָגט געוואָרען אויף א סך!.... נוא, פישקע! ער האט זיך נאר קיינמאל אזוי נט נים געווינטשען.

אָט וואס בעריל דער שמייסער האט מיר לסוף דערצעהלט:

— א דאנערשטיג פארנאכט איינמאל איינהייצענדיג אין אלע אויוענס און זיך שטארק אנגעמארדעוועט פון דער ארבייט, לייג איך מיך מיט חברה אין באָד אויף דיא ביינק, אביסעל דעם אטהעם צו חאפען;

חוץ אונז זענין דאָרט געלעגען אויסגעצויגען נאָך עטליכע יודען בטלנים וואס האלטען זיך דאָ אויף, וויא מיר ליגען זיך דאָ אזוי רוהיג, רייבערען און שמיעסין זיך אזוי גאנץ פרעהליך, מיט א מאל הערען מיר, וויא מען פארט עפּיס צו, גלייך צו דער באָד. נוא, צוגעפאהרען — צוגעפאהרען, וואס מאכט עס אוים? איידער מיר קוקען זיך ארום קומען אריין דריי אייזערנע, געזונטע פארשוי־נען, אלע אין איין קול: גוט גאָוועגט יודען! וואו איז פּישקע? נימ אהער פּישקען!... דאָ האב איך מיך שוין טאַקי אביסיל וויא דערשראקען. וואס הייסט עס פאר א לשון, עפּיס נאָר אין איי; אטהעם: נים אהער פּישקען! באלד אבער האב איך צוריק מיך מישב געוועזן, וואס איז דאָ אזוי דער שרעק? קיין גנב חלילה איז פּישקע נים, עפּיס נעשעפטען גרויסע, מאכט פּישקע אויך נים און ווען אפילו דיא פאר־שוינען זענין חאַפּערס, וואס זשע הערט זיי פּישקע? אקוראט וויא דאס מילבידינע קלינגעל. מיט זיינע מעלות איז פּישקע, ברוך השם, בעוואהרענט פאר א רעקרוט. —פּישקען בעדארפט איהר? רוף איך מיך אן בעהארצט. ער איז אצינד נישטאָ. נאָר זאגט מיר, פרטערס, צו וואָס מוינ אייך פּישקע? איך וויל עס וויסען.

דיא יודען קוקען זיך איבער א ווײלע צווישען זיך, דערנאָך טרעט איינער פון זיי ארויס און מאכט צו מיר: מהיכא־תיתי, מיר וועלען אייך זאגען. פאר וואס נישט? מען האט חלילה דערמיט זיך נישט צושעהמען. דאס איז א יידישע זאך. דיא מעשה דערפון איז אזוי:

דיא בלינדע יתומה קענט איהר דאך. דיא בלינדע יחומה, וואס זיצט שוין פון גאנץ לאנג לעבין דער טויטער שול, ביים אלטען בית־עולם, און בעט נדבות מיט דעם בעקאנטען לידעל, וואס איינער פון דיא בריות האָט אויף איהר געמאכט דיא דאָזיגע בלינדע יתומה איז היינטיגס יאהר געבליבען איין אלמנה. זיא האט זיך געאיילט גיך צו פארקנאסען מיט עפּיס א טרעגער, זיך מתחיב געוועזן, איהם אויסצוקליידען בעל־הבתיש און געבען איהם זיין בערערפעניש, דערצו נאָך אביסיל געלד. היינט האט געוואלט זיין דיא חופּה. מען האט אנגעגרייט זעהר א גוטע וועטשערע: בראָנפין, בוקעס, פיש און טאפּ־געבראטענס. א גילדענע יאָיך מיט עופות וויא דער שטיינער איז ביי יודישע קינדער. דאס אלסדינג קאָסט געלד. אז מען איז אין גאנצען פארטיג געוואָרען, דיא כלה אויסגעפּוצט, אויסגעשלייערט, יעצט

ליכט וויא א יודישע טאכטער, איז מען גענאנגען צו דעם חתן, נעהמען איהם צו דער חופה, דער תכשיט אָבער הערט נאר, איז נאר נישטא אין דער היים! מע ווארט א שעה, נישטאָ, מען ווארט נאך א שעה, ער קומט נישט, ער איז וויא אויסנעטריקענט געווארען! וואס לאזט זיך צום סוף אויס? דער בחור, ברענען זאל ער, האט חרטה! באשר זיין באבע, וואס איז אזוי פיל יאהרען שוין א קעכנע ביי אונזער גביר, לאז געזונט זיין, וויינט ליארעמט, פילדערט, שרייעט אויף דעם שידוך, ס'איז איהר נישט לכבוד, זיא דינט פארט אזא צייט ביים היגען גביר, איז אויסגע־קאכט מיט א סך בעלי־הבתים אין דער שטאדט, וואס געהען צום גביר אויף דער הינטערסטער טיהר דורך דער קעך. זיא קען מאכען א גוטען קוגעל מיט חנציעס קבלה און צו איהרע חרעמזליך איז קיין גלייכען נישטא. עפיס א קאטאָוועס א קעכנע אין דעם גבירס געזונד וואס האט אין יאטקע דיא גרעסטע דעה, וואס דער שמש פון דער שול בריינגט איהר מיט זיין כבוד אליין דעם אתרוג בענשען, וואס דער אונטער חזן אין דעם קלייזעל לייענט איהר פורים דיא מגילה אין דער קעך און ריקלע דיא זאָגערען טרינקט ביי איהר א גלעזיל ציקאריע ראש השנה נאך אויסנעהמניש. פאר וואָס זשע זאל היינט דאס אייניקעל איהר אויף דער עלטער דאס פנים פארשווארצען און צושטערכען איהר דעם גאנצען יחוס? ניין, חאָטש האקט איהם און בראָקט איהם. שריי חי וקים עס העלפט נישט. ער וויל נישט דעם שידוך, וויל נישט דיא כלה. רופט מיך, זאגט ער, קנאק־ניסעל און לאדט מיך צום ונתנה תוקף! — מיר אלע זענען געבליבען וויא אויף דער טילבעדינער באנק. עס טהוט אבער קיינעם נישט אזוי באנג דער חתן וויא דיא ועטשערע. וואס טוהט מען מיט דער ועטשערע, מיט אזעלכע פיש און געבראטענס? מיר מתעסקים האבען א גאנצען טאָג זיך אנגעמאָרדעוועט, ארומגעלאפען, געטאָן, געארבייט. אונז קומט נאך אויף פונם שרכנות. איין עבירה חלעבין אזוי פיל מיה, אונזער מיה און ער ארבייט! מיר האבען געטראכט, געטראכט, געקלעהרט, געקלעהרט און אונז איז איינגעפאלען פישקע! לאָז ער, חלעבין, ארויספיהרען איטליכען פון דער נויט. כאָז פישקע, חלעבין זיין דער חתן, וואס מאכט עס אויס? וואס קען עס איהם ארען? מיר זענען דאס אצינד געקומען נעהמען איהם באלד טאקי צו דער חופה אנשטאט דעם טרענער.

אינדעם וויא דיא יודען טענה'ן דאָ אזוי קומט אָן פישקע. מיר האבען איהם געטאָן א נעהם, געחאפּט דיא כשרה מציאה, נישט צומאכען מיט איהם קיין פיל הסברות, קיין לאנגע שאלות: נעה בחור מיט דיא קראנקע פיס, נענוג זיך נעפּאסעט, נעה בחור אונטער דער חופה! — מען האט אלסדינג אָבגעמאכט גאנץ געשווינד נאך איידער פישקע האט צייט געהאט אפילו זיך ארומצוקוקען. חברה האט געהאט א גוטע וועטשערע, גענעסען, געטרונקען אויף וואס דיא וועלט שטעהט און צונע־ווינטשעוועט דעם נייעם פּאָר פּאָלק.

פישקע געהט עס היינט אין דער טשערקאסענער קאפּאָטע, וואס אין איהר האט געזאלט געהען דער מרענער און איז נאָר דער וואוילער יונג. זיין ארבייט איז היינט, ארויסצופיהרען אלע פריה מארגען זיין ווייב, דיא בלינדע יתומה, א׳יך איהר ארט לעבין אלטען בית עולם און תחילת הלילה אײַועקצופיהרען זיא פון דארט צו־ריק א היים. מיט עסען און טרינקען האט פישקע נישט וואס צוזארג׳ן. זיין ווייב איז איין אשת חיל, האט א שטענדיגע, גוטע פּרנסה אין דיא הענד. דאס פּארעל האט זיך ליב, איינער דעם אנדערן האט נישט חלילה אויסצוזעצען קיין חסרונות.

אָט דאס, ר׳ אלטיר, האט מיר דערצעהלט בעריל דער שמייסער. זעהט איהר שוין, רוף איך מיך אָן, וואס אויף דער וועלט קען זיך טרעפען. וויא אזוי, מען פּאָרט ביי אונז יודעליך הינקעדינע מיט בלינדע; וויא אזוי מען שטעלט חופּות, מאכט זיווגים, צוליעב וואס? דיא טהוערס זאלען זיך זאט אָנעסען, אָנטרינקען! אזוי איז ביים געמיינעם עולם, ביי דיא אָרעמע און אזוי איז אויך ביי דיא נגידים. דאָרט ווערד אויך זעהר אָפט געשלאָסען אזעלכע מיני שידוכים וואס נישט געשטוינען. עס פּארשטעהט זיך צו ליעב איין אנדער מין וועטשערע, מיט איין אנדער חן... נישט דאס בין איך איסען. זאָרגט חלעבין נישט, ר׳ אלטיר! אויב אייך איז נישט גע־ראָטען פּארען א בחור מיט א זכר, דערפאר וועט אייך געראָטען, אם־ירצה־השם, צונויפפיהרען עפּעס איין אנדער מין שידוך. פּאלט נאָר ביי אייך נישט אראָפּ. נישקשה, חלעבין! איך זעה, איהר טוינט, איהר האט געחאפּט דעם סטריה באלד טאקע, גאָר לומדיש. פּארקעהרט, אדרבה, אָנגעהויבען אייער נייא געשעפט האט איהר גאנץ גוט, וויא א לאנד שדכן טאקע. אי וואס דער בחור... נו, בע, חלעבין! דערפאר אבער, אז איהר וועט ערגעץ שוין אָנ׳טמעקען א מויד, וועט עס שוין געהן

וויא א מזמור. א בלינדע, א שטומע, א קרומע, נעה טאַכטער, נעה מיט מזל אונ־טער דער חופה! דער דרוקער מאַהנט נעלה, דיא שקאפע בעדארף עסען דיא בתולה מיינע מוז חתונה האבען, מיך ווייב איז נעלענען נעוואָרען למזל מיט א איינעל, נעה זשע טאכטער נעה, ריק זיך אונטער דער חופה!....

ריקט זיך נאר אין מחשבות'ן, ר' אלטיר, ווייבער אביסל. אָ, איהר שוויצט אהן עין־הרע וויא א ביבער! שוויצט, שוויצט נעזונטערהייט!

———•———

7.

— מילא בקיצור וויא דיא מעשה איז, דערוו"יל איז שאפעל! מאכט אלטיר וויא אליין צו זיך, מיט א קרעכץ, בעטריבט, פאראומערט און נרויסע טראפען שוויס טרעטען איהם ארויס אויפ'ן פנים. ער הייבט אויף דיא אוינען, דערלאַננט אויף מיר א בליק, עפעס מיט אזא ריהרענדע קניימשעלע, מיט אזא רחמנות־פנימעל, וויא א זויגענדיג קינד קוקט אויף דער מאמע, בשעת ער לעכצט נאך דער ברוסט. אלטיר נעביך האט נעמיינט פרנסה. עס האט איהם נעצווינגען צוזאַמען מיט מיר עפּעס א נעשעפטעל. ווארום וויא לינען עס צוויי יודען מיט בערד, אין מיטען העלען טאג, גלאט אזוי אָהן עסק? ! ווען צוויי יודען זאלען א שטיינער פארוואָרפען ווערען ערגעץ אין א העק אויף א וויסטע, וואו חוץ זייא איז נישטאָ קיין לעבעדיג בעשעפעניש, איז גאנץ זיכער, אז איינער וועט מיט דער צייט מאכען א קלייטיל, דער אנדערער—אויף עפּעס א שטיקעל נעשעפט, ביידע צווישען זיך וועלען האנדלען, איינער דעם אנדערען בארנען, געבען אין קאַמיסיע און איינער פונם אנדערען ציהען דאס שטיקעל פרנסה. אלטיר האט באלד טאקע א פרעג נעט־טהאן: „וואס נעפינט זיך ביי מעלתו היינט עפּעס אין ביידיל?" עס האט אזוי פיעל נעהייסען וויא: מאמע, טיטע!... צופאקט אייך, ר' מענדיל, און ארויס מיט דער סחורה!

אין ברירה! מען טאָהר זיך נישט פוילען. איך נעהם אפיר מיך פּעקיל סחורה אלטיר זיין פעקיל און נעהמען זיך קנעלען, נעשמאק צום עסק. מיר סטעבעוועו,

בייטען, איך ניב אלטירן אין חיכוף  אריין בריה׳ישע ביכלעך מיט קורצע שורהלאך ז.אן הה, אהה, וועה געשריען! וואס איך וויל זיי פטור ווערען. ער איז אבער אויך קיין נאר נישט און וויל זיי אפילו אין דיא הענד אריין נישט נעהמען.

— פוילע סחורה! זאגט אלטיר פארקרימענדיג זיך. שמאָכטעט פון עפּעס פארשימעלטע באנק־קוועטשערס, ארעמע בעלי־עברות! ווייס איך וואס זיי האבען דאָרט עפּעס אָנגעמאכט! פאר ווע‍מען? קיינער פונם עולם פארשטעהט דארט נישט אפילו קיין וואָרט. עפּעס טערקיש, מישטעהנס געזאָגט, לשון!.... איינמאל שוין געטהאן א נארעשקייט פיהרען טיט זיך אזא לענער סחורה. פע, חלעבין! ניט אהער, ר׳ מענדעלע, עפּעס רעכטס!

איך לייג ארויס רומי״ל, איין מין נאך דעם אנדערען. מיין אלטיר קווינקעלט זיך אלין, זעצט אויס חסרונות. צו איין מין אָבער בעקומט ער שמארק חשק און איז צו איהם וויא צוגעזאָטען געוואָרען. ס׳איז באמת געוועזן נאָר אנטיק. דיא בלעטר ליך פון כל־א־מיני קאָלירען, און נישט פון איין גרויס. דיא אותיות אביסעל מטרטמש פון אלערליי שריפט: רש״י, דימענט, פעריל, ציצערא, פרקים, גרויס און קליין וועלישע, דאס אויסשטעלעכטס נאָר א וואונדער: שמאָלע פאסיקליך אָנגע־דרוקט מיט קליינע אותיותליך ביי דיא זייטען, א ברייטער פאס מיט גרעסערע שריפט אינווענינג אין דערמיט, אותען א בויך מיט פיצליך א:תיות, אָנגעזעצט וויא מאָהן און צווישען דיא אלע שטיקליך ציהען זיך אין דער לייננ, אין דער ברייט סטעזשקעליך, וויא ווייסע שמאָלע בענדליך. דיא אלע גוטע מעלות, וואס יודען אין אונזער ווינקעל האבען ליב. פארוועגדטע בלעטליך איז אין פיל שטעלען אויך נער־ווען. דאָס איז דאך ערשט דיא גאנצע חריפות. אדרבה, לאָז א יוד ברעכען דעם קאָפּ, פאלען אויף דעם שכל און געפינען. גלאט אזוי, פראָסט, וויא עס געהר צו זיין, קען דאך אפילו א גראָבער יונג אויך אנטאַפּען... פון גרייזען רעדט מען שוין נישט, דאס מה דאך שוין זיין. און ווע‍מען געהן זיי אן? א יוד האט א קעפּיל און איז נישקשה נישט קראנק זיך אָנצושטויסע וואס מען מיינט. נאר א לשון, א לשון איז עס דאָרט געוועזן קונציג וואויל, נאר נישט צום פארשטעהן! אקוראט אין דעם יודי׳שען גוסט. „אָץ קוציץ״ איז דאך עפּיס אויך נענוג גוט, הארבליך מחיה, נאר אָץ־קוציץ־לשון שרייבען בייא אונז

היינט נעוועהנטליך אויף פיל אנדערע, מען קען פארט וויא עס איז זיי איינבייסען,
טרעפען וואס זיי מיינען. מילא וואס־זשע איז דאס פאר אזא חשיבות? וואס־זשע
לאזען זיי מיך דא הערען? גוט, אמת גוט איז ביי יודען נאר אזוינס, וואס ברעכט
דעם מוח און אוממעגליך צופארשטעהן. אז מען פארשטעהט עס נישט, מסתמא
מוז דאך דרינען עפיס שטעקען... נישט דאס בין איך אויסען.

מיין אלטיר חאפט דעם דאזינגען מין סחורה מיטביידע הענד און מען זעהט,
וויא עס קוסט איהם צו א שטיק געזונט. דערנאך בייטען מיר תחינות אויף בבא
מעשיות, מענה־לשון׳ס אויף טויזענט און איין נאכט. שיר המעלות׳ן אויף קמיעליך,
סטעכעווען א מאה זיטאמירער סליחות אויף בערשעדער טלית קטנ׳ס, ווילנער קינות
אויף שופרות, חנוכה־לעמפליך אויף וואלפציינדליך, שבת־רינגע מעשענע לייכטער
אויף הבדלות און קינדערשע בליטשקענע יארמולקעליך.ביידע צדדים האבען דעו־
וייל פונ׳ם גאנצען משא־ומתן קיין גראשען אין דיא אויגען נישט געזעהן און גע־
בליבען שטארק צופריעדען, גלאט פונ׳ם האנדעל אליין. מען האט דאך געטאן, גע־
האנדעלט געמאכט געשעפטען, נישט געזעסען ליידיג. אלטירס טרה־שחורה איז וויא
א רויך פארשווינדען געווארען, ס׳איז איהם געווען צודערקענען אין דעם פנים, אז
יארמעליניצער יריד מיט זיין פינסטער מזל איז איהם פונ׳ם זינען ארויסגעגאנגען.
ער רעכענט עפיס שטילערהייט פאר זיך אויף דיא פינגער, האלטענדיג דעם
לינקען אויער אנגעבויגען, גלייך וויא אין קאפ ביי איהם חשבונט א בן־האלטער, צו
וועלכען ער הארכט זיך גוט צו, און א פנים דער חשבון וויזט אויף א פערדינס־
טיל, אם ירצה השם, ווייל דאס מויל שפאלט זיך איהם אין דער
גאנצער ברייט און פון צווישען זיינע געדיכטע וואנצעס בליצט ארויס א
זיס שמייכעלע.

דערווייל איז געווארען מנחה צייט. א נעשמאק ווינטעלע הויבט אן צובלאזע׳
און אויפ׳ן הימעל ווייזען זיך שטיקליך וואלקען, אויף וועלכען מען האט, וויא אוף
טהייערע נעסט, שוין א לאנגע צייט ארויסגעקוקט. דיא בוימער הויבען פאמעלאך
אן זיך צושאקלען, איינער צום אנדערן איינגעבויגען דעם קאפ, און פיהרען זיך א
שמועס אויף זייער לשון, נאכדעם אז זיי האבען אזוי לאנג געשוויגען שטיל. דאס

ווינטעלע האט אויפגעוועקט דיא שלאָפעדינע תבואה, אלע זאנגען חאפּען זיך וויא יונגע קינדער אויף מיט א קול און צוקישען זיך נאר פריינדליך. גאָטס בעשעפעניש ריהרט זיך אומעטום: אויפן פעלד, אין וואלד און אין דער לופט. איינס נאך דאס אנדערע טרעטען שפּילפיינעליך ארויס, אויף צווייגלעך, ביימליך, נידעריג און גאנץ הויך פּוטצען זיך דיא פעדערליך. א וויש מיט דעם שנעבעלע. א טרעסע, א שאקעל און הויבען אָן דיא זיס'ע זמירות, צווינגען, צושווישטשען. באַבעטשקעס רייך געקליידעט אין אטלעס, סאמעט, מאָרע אנטיק מיט טהייערע ציהרונג חאַפּען א טענציל, שוועבענדיג אין דער ליפט, הייב'ען זיך, דרעהען זיך און מאכען צוויי בּוּשלעס, נוואַרדייצעס, מיט לאנגע, רויטע פיס שטעהן אויפן גראָז, פארריסענדיג דיא קעפּ אין דער הויך און קוקען מיט נדלות. עפּיס א קונדעס, א פוינעלע, שטיפט, פליהט פון איין בוים צום אנדערען, מאכט „קוּקו, קוקו" ! וויא ער שפּילט זיך אין באהעלט'עניש. איהם ענטפערט אָפּ פון צווישען ווייץ און קאָרן איין אנדער מין פוינעל עפּיס. „פּיק-בער־וויק, פּיק-בער־וויק ! וויא גערעדט: אייביג ועסט דוא מיך דאָ נישט חאפּען, חאָט'ש שיט מיר אָן זאלץ אויפן עק, פּאקט זיך ר' קרוב ווייטער און אוועק, אהעק !.... נישט ווייט אין א וועלדעלע קנאקט דער סאָלאוויי, צולאָזט זיך אויף זיין העלזעלע, מאכט זיסע שטיינער און שפּילט גאָר מחיה. איטליכער וואס קען נאָר עפּנע א מויל האלט דעם וועלטבעריהמטען חזן אונטער. זשאבעס אפילו פון דיא טייכליך ערגיץ מערעלייקען, אפילו פליגען, בינען האבען נישט געשוויגען און דער זשוק, דער שייגעץ, דער אנחאפּער, האט פליהענדיג אויך געזומשעט. דאס איז געווען אזא קאָנצערט, וועלכען מען האט געמענט אויף בילעטין געהען הערען... דיא גאנצע וועלט איז עפּעס וויא לעבעדיג געוואָרען און בעקומען א פרעהליך פּנים. א פרייד, א פארגעניגען צוהערען, צוזעהען, צושמעקען דיא זיסע ריחות פון אלע זייטען.

—ר' אלטיר ס'איז גוט ! ר' אלטיר ס'איז שיין ; עס ציהט עפּיס ביי דער נשמה, עס רעדט עפּעס צום הארצען : גאָטס וועלטיל איז שיין, גאָטס וועלטיל לעבט ! עס ציהט און גלוסט זיך ארייגוואַרפען זיך עפּיס אהין, אהין מיט הענד און מיט פיס...

— מענדעלי, בע! .... ר׳ מענדעלי, עס .... פע! טוהט אלטיר אויף מיר זיך א קרים. שוין צייט בעסער מנחה דאווענען, פארגעסט בעסער נישט פון אייערע אלע זאכען צחאָגען עננו ....

איך פארבינד דיא זאקען, גארטעל ארום מיט א פאסעק דיא קאפאָטע און הויב אָן זאָגען „קטורת״ אויף א ביי קול, נאנץ לוסטיג, מיין אלטיר, זאל לעבען, צולאָזט זיך באלד טאקי נאך מיר אויף דער נראבע סטרונע, אויף דער נעמבע און מיר ביידע ניבען אפּ א שבח זיין ליעבען נאָמען, בשעת אלע קרייטיכיער און בלעטלעך אויף דיא פעלדער, אלע חיות און עופות אין דיא וועלדער לויבען נאָט, זאָ ע ש״ה. —

נאך ביים אָנהויב „פטום הקטורת״, אז אלטיר איז ארויס מיט דעם גאנצען אפטייקעל קרייטיכצער און געווירצען: החלבנה, טייבילש קויט, והלבונה לויטערע ווייריך, הצפורן א וואָרציל גלאט וויא א נאָגעל, איננבער און שטיינגליך זאפרען, האט ער ארויסדערטאפּט פון אונטער דער קעלניע דאס בעל העגלה׳ישע טריף־געווירץ, א קליין פעסעלע „מאזניצע״ מיט סמאָלע. מיט דעם דאווגען איז ער פערטיג געוואָרען גיך און בשעת איך האב נאך געהאלטען אין דערטיט האט ער שוין געשמירט דיא רעדער.

— הייעט נישט, ר׳ מענדעלי, מאכט עס בקיצור! טרייבט מיך אלטיר אונטער־נעהמט זיך איהר דאָ צו אייער וואגען און איך וועל דערוויי׳ א נעה טאן נאך דיא פערדליך. צייט צופאָהרען. ביז נאכט קענען מיר גאנץ ווייטליך איינפאָהרען.

אלטיר נעהט באלד טאקע אוועק און איך נעהם מיך צו דעם וואָגען, מאן איהם זיין רעכט. איך אייל מיך נישט, שמיר דיא רעדער בעל־הבתיש, איך קאָרג נישט קיין טריף־געווירץ, בעטראכט מיר דיא אקסען, איטליכס פיצע׳ע בעזונדער. דאס האט נעדויערט א היבשע צייט — און מיין אלטיר קומט נישט. דיא פערדליך האבען נעמחט פארנעהען ווייטליך אביסעל אין וואלד און זיך גוט אונטערגעפאַסעט אזוי דיינק איך מיר און טהו א קוק אויף דער זון, וואס האלט נאהענט ביים אונ־טערנעהען. איך שטעה מיר אזוי אוועק ווייטער א היבשע צייט. דיא זון האט זיך שוין געזעטצט. איהרע לעצטע שטראהלען קריכען ביסלאכוויים אראָפּ פון דיא בוימער, אויף וועלכע זיי האבען עָרשט אזוי פרעהליך־לויכטענדיג זיך געשפּילט, און

זאָגען דעם וואלד: א גוטע נאכט!....

עס בעפאלט מיך עפעס א מורא. אפשר איז אלטירן נישט גוט געוואָרען? א קאַטאָוועס נאך אזוי פיעל שוויס, נאָך אזא לאנגען טאָג פאסטען; אגשר איז ער דאָרט ערגעץ חלשות געבליבען, אדער אפשר איז איהם דארט נאָר עמיצער בעפאלען? ס'איז דאָך א וואלד, א פארלעגען אָרט, אין דער זייט וועג! מען טאהר אזוי דיא זאך נישט לאָזען, מען מוז געהען זעהן.

איך מאך מיר הארץ און געה אין וואלד אריין. איך געה און זוך, איין עברה אבער דיא טיה, אלטיר און דיא פערד זעגען אזוי וויא אין וואסער אריינגעפאלען. איך בין שוין פערגאנגען טיפליך און קום לסוף צו עפעס א לאנגען, שמאָלען טהאל, וואס האקט פאר מיר איבער דעם וואלד אין צוויי טהייל. דער טהאל איז בע־וואקסען מיט טשערעט און מיני ביימליך שטעבענדיגע וויא דערנער, און ציהט זיך מיט איין זייט צום שליאך, מיט דער אנדערער ערגעץ אנדערש, העט וויט צו אלדע שווארצע יאָהר. דער וואלד שטעהט און שלאָפט, איבערגעדעקט פון אויבען עפעס מיט א טונקעלען פאָרהאנג. ארום און ארום איז שטול. נאָר צייטענווייס הערט מען, וויא צוויי הירבגעוויקסיגע ביימליך, נאהענטע שכנים, שושקען זיך מיט אראָפּגעלאָזענע קעפ צווישען זיך, איינער דעם אנדערען א קיטצעל געבענדיג הינ־טערווי ליכס מיט דיא צוויינען. אדער וויא א פאר בלעטליך ערגעץ פלאטערען, בעריהרען זיך, גלייך וויא עס גרימט זיי עפעס און עס לאזט זיי נישט רוהען. דאס רעדט דער וואלד פון'ם שלאָף. דאס חלומט זיך איהם געכטינער טאָג מיט אלע פרייד און לייד אין איהם. דער שארך פון דיא דארע ריטליך דאָרט — דאס קומען איהם צו חלום ביימער געביך, וועלכע מען האט פאר דער צייט אויסגע־האקט. דער קלאפ ביים אראפפאלען דאָרט עפעס פון דער הויך — דאס בעטייט א נעסט מיט יונגע אומשולדיגע פייגעליך, וואס דער שפארבער, דער שוליק, האט פלוצלום צושטערט, און דאס טאקי פלאטערען דיא בלעטליך דארט אויף דער טויטער מוטער מיט איהרע דערהרגעטע קינדער, וואס קומען אצינד איהם צו חלום... עפיס א גאנצער וואָלקען מרה־שחורה ריקט זיך אן אויף דעם וואלד און אויף דער נשמה מיינער. דער כח־המדם, דער פאָקוסניק, דער וועלט־בעריהמטער קינגער, מעקלערט אויס מיט שווינדעל עפיס א מין שותפות

נעשעצטיל, א קאמיסיע צווישען מיר און דעם טהאל, וועלכען איך שטעה און קוק אן. איך בעקום פון איהם א טראנספארט משונה שרעקליכע בילדער, און פון מיין קאפ־פאבריק געהען דיא אייגענע סחורה, איבערגעמאכט אויף איין אנדער שטיינער מיט נאך פילווילדע זאכען, אהין צוריק. אין איין טראנספארט קומט מיר פון דארט אן א מת, א דערהרגעטער אלטיר יקנה״ז און ביינער פון אונזערע פערד, צוויי פגירות. ביי מיר אין קאפ ווערד עס קונציג אויסגעארבייט מיט טויזענדער פארפוטצונגען, און באלד טאקי, גיך פלינקט טראנספארטירט צוריק מיט א גזלן א רויטען, א געזונטען און א וואלף מיט א קארק און שרעקליכע ציין א צוגאב דעצו.

און וויא איך האלט שוין אויף אראפצוגעהען אין דעם טהאל שטעלט מיך פלוצלים אפ א געדאנק אזוי: דיא ביידליך שטעהען דארט אויפן פעלד הפקר, פונם גאנצען ביסעל פארמעגען אונזערס קען חלילה נישט בלייבען קיין זכר. עס ווילט נישט געשאדט פריהער א קוק צוטאן. נאר זעהר מעגליך אפשר, אז אלטיר האט שוין לאנג זיך צוריק געקעהרט מיט דיא פערד און בעאומרוהיגט זיך אצינד וועגען מיר. דער דאזיגער געדאנק לייגט זיך מיר אויפן מוח און ווער ביי מיר עפים שטארקער. דיא האפנונג ווערד אלץ גרעסער, גרעסער אזוי, ביז זיא צערייסט דיא געדיכטע וואלקענס מרה שחורה און עס לייטערט מיר זיך אביסיל אויס אויפן הארצען.

איך לאז מיך געהען געשווינד צוריק.

---

8

נאט האט געהאלפען איך בין געקומען בשלום און נישט אויסגעבראכען קיין פוס ביי איטליכס מאל פאלען אויפן וועג, אין איילעניש אנשלאגענדיג זיך אין א בוים. דאס אויפשטעהען א געפאלענעם אין וואלד איז חלילה נישט מיאוס אזוי וויא אין שטאדט, וואו מענשען שטעהען און לאכען. דעריבער פלעג איך איטליכס

מאל מיך גאנץ פיין אויפהויבען פון דער ערד מיט גרויס חנאה און געלויבט גאט, וואס חאטש מיט הסר. און אז דער חסר פון גאט איז יא אזוי גרויס מיט מיר, האב איך שוין געהאט דאס רעכט צו טראכטען, מסתמא וועל איך קומענדיג אויך זוכה זיין צוטרעפען מיין אלטירן מיט דיא פערד. נאר אזוי פיל גנאד פון זיין ליי־בען נאמען האב איך נישט פארדינט.

אלטיר איז נישטא!

איך בלייב שטעהן וויא אפגעבריהט. זעהר נישט גוט ארפין הארצען! גאט ווייסט, וואס מיט אלטירן איז געשעהען, וואו זיין געביין איז אהינגעקומען, דא האט דאס פינסטערע מזל זיינס זיך טאקי געמיהעט. אזוי גלאט איז דיא זאך ז׳כער נישט. הייגט איז אויך דיא שאלה מיט מיר, וואס טהוט מען? וואס קען פון מיר ווערען? דער חשבון מיינער איז געווען: אפזעטצען אין גלופסק מיינע זאכענישען, אנגעהמען דארט וויא מענליך מעהר קינות אויף צובעטהיילען דיא אלע שטעדטליך ארום און ארום, וויא דער שטיינער מיינער איז תמיד, כ׳איז שוין דיא „דריי וואכען״ דיא צייט איז קורץ, א שעה טאהר מען נישט פארליהרען. באם חלילה איך פארהאיע מיך דא אין וועג, בלייבען יודען אין דיא שטעדטליך אן קינות. א קאטאוועס עפיס יודען אהן קינות!... איך קען מיר פירשטעלען דעם גוטען תשעה־באב: יודען האבען זיך שוין אפגעפאר־טיגט מיט דיא מילכינגע לאק־שען, אריינגעליינט אין בייך דאס הארטע איי איינגעטונקט אין אש. זיטצען שוין ברונז אנגעלאדען אויף דער ערד נאר אין זאקען מיט אויסגעטרעטענע פיאטעס, פלייא בייסען, קונדסים האלטען דיא בערליך גרייט צום ווארפען, מען ווארט נאר הערען איין אנהויב, עפיס א גוט ווארט, און פלוצלים — נישטא קיין קינות! מענדעלי איז צו אלדע שווארצע יאהר פארפאלען געווארען, נישט געבראכט קיין קינות!... צעהן יודען אויף איין קינה. ס׳איז א שטופעניש, א קוועטשעניס, א פארמישעניש מיט דיא פלייא, א פארפ׳אנטעניש מיט דיא האר: בערד פאות פול אנגעזעטצט מיט בערליך. עס גיט־זיך־נאך אייער, לאקשען, וואס קריכען פונם האלז, איינעם דעם אנדערן אונטער דער נאז.... פון דיא ווייבער איז דיא יסורים נאך נישט אזוי גרויס, זייא נעהמען וואס ס׳איז, אבי געדרוקט, א תחינה: א בענטשעריל, דיא דינים פונם טרייבערען, א הגרה—אלץ איינס, וואס

מאכם עס אוים? — ווײנען יאמערען איבער דעם הויך אויף א קול. און וואס בעדארף מען דען מעהר וויא פארגיסען טרעהרען?

אוי א מיאוסע לאנע. נישט פרעהליך, ארום און ארום, ביטער אויפ'ן הארצען!.... נישט דאס בין איך אויסען.

אפהענדינג פון דעסטוועגען טאהר מען נישט זיין. מען מוז עפעס טהאן, נישט זיטצען מיט פארלײנטע הענד. מען מוז ווײטער טאקע געהן זוכען. איך טוה א קוק אויף דיא שטערען און דערמאהן מיך, שוין צייט אנצובייסען. איך נעהם מיך צום רענצעלי, שמ'עס איבער, פאר צרות, מיט דעם פלעשעל בראנפין, בול־בול־בול גלייך אין מויל אריין, האפ אין איילעניש עטוואס פארבייסען, טאקע נאר פון יוצא ווענען. נעזעגען מיך מיט דעם פלעשילע נאך א מאל בול־בול און לאז מיך געהן אלין טאקע געשווינד.

איך בין ווידער אין וואלד, ווידער לעבין טהאל און באלד טאקע בין איך שוין אין דעם טהאל. נאר לאמיך נישט זאגען קיין ליגען; איך בין דארט נית אליין, אויפ'ן הארצען איז מיר אויך נישט אזוי שלעכט וויא פריהער, איך גע אין צווייען, שמ'עס מיר מכח מיין איצטיגען עסק און גאנץ נישקשהדינג, נאר נישט אומעטינ! — א פנים בשעת נעהמענדינג זיך אין איילעניש צום פלעשיל, נאך אזוי פיעל פיין און יסורים, האב איך איבער־נעהאפט דיא מאס, איין איבערינען זופ געטאן או פ'ן ניכטערען מאגען און גענעסען האב איך כמעט נארנישט, ס'איז מיר אין האלז נישט געקראכען, מיך געווארנען מיט דעם ביסען. דער דאזיגער איבעריגער זופ איז מיר ביינעשטאנען אין דיא נויי־טען וויא א טאטע. ער האט מיר אונטע־געגעבען מוטה און מיך שטארק בעריי־דעוורינג געמאכט אויף מיין שפאציר, נישט הײנט געדאכט. אזוי איז שוין דער שטייגער מיינער תמיד, פון איין איבערינען לעק משקה, פורים אדער שמחת תורה א מאל, שיט זיך פון מיר רייד וויא פון א לעבערדינען זאק. איך רייד צו דער וואנד און שמייכעל מיר דערביי זעהר זיס. בין גוט און הייך, האטש צוצולײנען מיך צו א געשוויר. דענסטמאל צוציהט זיך מיין גוף ווייטליך, עפעס איז ער גרינג שיטער וויא לעמעשקע. עס באמבלען זיך ארום איהם פון אלע זיינע זייטען עפעס חלקים'ליך מענדעלי, נישט רעכט צופיהלען וואו איז דאס וו כטינסטע,

מיטעלסטע פינטעלע, ביי וואס אנצונעהמען. עס ווערד דענסטמאל פון מיר, דאכט זיך נאָר צוויי מענדעליך. איינער קריכט קיין יהופעץ, דער אנדערער קיין בויבעריק, דיא בשותפותע פיס ווערען משוגע, נישט צו וויסען וועמען צופאָלגען- איינער פרענט, דער אנדערער ענטפערט. דיא רייד מיינע קומען מיר, וויא פון דער זייט א ווידער קול צוריק טאקי אין מיינע אויערען אריין, עפּיס נאָר נים מיין שטימע, א קול וויא פון א פוסטער פאס. דער קאָפּ אין גאנצען, פון דעסטוועגען, פארליהר איך נישט, עפּיס בלייבט מיר נאך איבער א שטיקעל זכר וויא אין חלום.

— גוט נאוועגט! ווימע איך מיך מיט א פארבייג, וואהין עס געהט מען ביי נאכט דא? — עס... טפשים, פערדישע קעפּ! ענטפערט צוריק א מענדעלי מיט א גום, זיס שמייכעלע. זיי צו ווערען פארפאלען זיך פארגלוסט זיי. א נע־לעכטער הלעבין! — א גרוב, ר׳ מענדעלי! היט אייך דיא ביינער. — יא, וויא איך בין א יוד, א גרוב! איך געפאלען בין שוין אפילו. דאס צוואנציגסטע דאכט זיך, מאל. — שטעהט ושע, זייט מוחל, אויף! נישט קיין דרך ארץ עפּיס זיך צוליינען אזוי. — א שיינעם דאנק ר׳ קרוב; איך מיט דער בייטש טאפּ ווייטער שוין... א געלעכטער, חלעבין, ביימליך געהען? געזונטערהייט .... קומט בעקומפּאניע. פע, דראפּעט נישט! .... אי ווייטער א דראפּ! פע, פע, אויגען ארויסגענומען שיר מיר, טפוא! — שפּייעט, ר׳ מענדעלי אויף זיי! זיי באלד פּטור ווערד מע זיי. אויף א סטע שקעלע ארויס דאָ געהט זייט מוחל, אויפ׳ין פרייען פעלד. — גוט בין שוין דאָ! אי א לבנה, א באַקרויד שע, א שיינע אדעסער לבנה! א נאָז מיט אויגען! .... שאַ, מקדש זיין דיא לבנה! שלום עליכם? — עליכם שלום שכום! — שלום עליכם? — עליכם שלום! אזוי וויא איך אקענען דיר שפּרינג און אָנריהרען דיך נישט קען איך .... שפּרינגט ושע פעטער! — האָץ, האָץ, האָץ! אזוי מיך אָנריהרען זאלען מיינע שו:א:ם נישט.... וואס זיי צו אונז האבען וואס? צוחליפּע איך מיך פּלוצלים. וואס איך שולדיג אז איך לעב איך און וויל עסען איך? נאַ, א לייב, מישטעהנעס נעזאגט, א שפּע.דיל! שטענדיג קריינק, וועהטינין.... אויך געהאט א מאמע, מיך געקלעט, נעקישט האט זיא.... וועה מיר, איך בין א יתום, א יתום! צו ווין איך מיך

נאך שטארקער. — שא. שא! ענטפערט זיך צוריק מיט א טרייסט, וואס קען מען טאן? וויא שעהמט זיך עס נישט איין אלטער יוד מיט א בארד, א בעווייב־טער, א מטופל מיט קינדער צו־ווייגען אין דרויסען פאר דער לבנה! שא, נישט קיין דרך־ארץ, תלעבין! שא, דער רוח וועט אייך נישט נעהמען, נישקשה! היט זיך בעסער, אט איז א פלייט. — יא, וויא איך בין א יוד, טאקי א פלייט. שוין א גוטען זעטץ געטאן מיך אפילו. וואס טהוט מען? — מען נעהמט און קריכט אריבער. אט אזוי, אזוי. — א שיינעם דאנק: איך שטעה שוין מיטביידע פים אין גארטען. — ברוך הבא מחותן! זייט זיך מטריח וויטער. — האט קיין צרות נישט, איך נעה, וואס פאר א גערעטעניש! באב, ארבעס אן עזעצט, אוגערקעס גאר אהן א צאהל! — מאכט ברכה, פעטער, לאזט זיך נישט בעטען. — יישר כח! אוגערקעס גאר א דערקוויקעניש! געשמאק מחיה!.... הא, א קלאפ! וואס בעטייט דער קלאפ? פון וואנען דער קלאפ?

דער קלאפ איז געווען פון א געזונטען ערל, וואס האט הינטען־ארום מיך גע־טאן א חאפ און מיר גוט גענעבען אנצוהערעניש, אז אין א פרעמדען גארטען איז נישט שיין צו קריכען. דער קלאפ האט בעטייט, אז פרעמדע אוגערקעס נעהמען ביי־נאכט טאהר מען נישט. פון דיא קלעפ, און מעגליך אפשר אויך טאקי פון דיא פרישע אוגערקעס, האב איך כמעט אין גאנצען מיך אויסגעניכטערט. איך בין גע־שטאנען א וויילע פארדולט וויא אויפהאפענדיג זיך פונם שלאף. דאס ערשטע ווארט מיינס, עס פארשטעהט זיך, איז געווען: געוואלד!.... באלד דארויף בין איך מיך מישב, לאמיך קלאמפערשט מאכען זיך נישט וויסענדיג און גיב א פרעג דעם ערל מיט גוטען, אויף זיין גראב לשון: „צי ני באטשילי, משויעש, מוטעטשקי זשידקא אים קינאמי? קאזשי נא משילאוויטשע!“ דער ערל אבער טהוט זיין זאה, וויל נישט הערען, שלעפט מיך ביים ארבעל, דערלאנגט מיר א מאל אויך א שטופ פון הינטען אין איין קול: קום, קום! עס העלפט נישט, איך געה, מען קען קיין חזיר נישט זיין און מיר קומען אזוי צוביידע עפעס לעבען א שטוב, ביי וועלכער עס שטעהט א געשפאנטע בריטשקעלע מיט פיר גוטע פערד, און עס לייכט זיך פון דיא פענצטער.

ביים אריינקומען אין שטוב טהוט דער ערל מיך א שטופ פאראויס און אליין שטעלט ער זיך לעבען דער טהיר אהן א היטעל. אין ברירה, איך נעהם אויף אראפ דאס היטעל קראטץ מיך אין קאפ און קוק וויא א נעכטינער.

ביי א טיש זיטצט א שרייבעריל און שרייבט, סקריפענדיג מיט דער פען, וואס בעט זיך איטליכע רגע אין טינטעריל אריין, אפצונעמצען אביסל דאס מייכבען איהרס, נאכדעם וויא זיא ברעכט מיאוס אן אויפ'ן פאפיר. דאס שרייבעריל האט מיט איהר דאס לויפעניש, קרימט זיך און זידעלט זיא ביי איטליכען טונק. מען זעהט,ביידע פייניגען זיך נעביך, ביידע זיינען נישט צופרידען: זיא, מיט זיין שווע־רער האנד, מיט זיינע מיאוסע גרייזען און ער — מיט איהרע חלשותדיגע קלעקען. ער—איהר א קוועטש און זיא—איהם א קלעק.... אין מיטען שטוב שטעהט א רויטער קאלנער מיט מעשענע קנעפ, עפעס א מין מענש מיט א בויך און איין אנגעבלאזען פנים. גלאנצט מיט דיא קליינע אויגען און בישעת עס פארווארפט זיך איהם דאס שווארצאפעלע קוקט ארויס דאס ווייסעלכען פונם אייג, פארלאפען מיט בלוט. ער דרעהט דיא לאנגע וואנצעס און רעדט אויפ'ן ניידער, בייזערנדיג זיך, צו צוויי פארשוינען מיט אנגעבויגענע קעפ, אין דער זייט פון דער טהיר. איינער א הויכער מיט א געזונטען קארק, אונטערגענאלט דעם האלז און א זילבערן ריי־העלע אין לעפיל פונם לינקען אויער. דער אנדערער א דארער מיט א שפיצאסט ערדיל, אויפ'ן הארצען א בלעך, האלט א לאנגען שטעקען מיט ביידע הענד, בינצעלט מיט דיא איינעלעך און בוקט זיך איטליכע רגע. דער רויטער קאלנער ...ייערט זיך אויפ'ן ערשטען פון דיא צוויי פארשוינען, שרייעט: אין קייטען! קיין סיביר אזא סטארעסטע!.... און אויפ'ן צווייטען: פאסען וועל איך פון דיר שינדען, דוא, סאטסקי אוינער און א זוינער. אין דיין מאמען!

איך בין טויט מיט אלע מיינע אברים. עס ווארפט מיט מיר וויא אין א קדחת. עס רוישט מיר אין קאפ, קלינגט אין דיא אויערן. איך הער נישט און זעה נישט, ו אס ארום מיר טהוט זיך. איך האב נישט רעכט געהערט אפילו דיא טענות פון ...יין ערל, בשעת קלאגענדיג זיך אויף מיר. נאר אז דער רויטער קאלנער האט א ...ן געטהאן אויף מיר מיט דעם הארבען ווארט אויף יונית, האב איך מיך באלד ...יפגעהאפט און שוין גוט געהערט. פאר דיא אויגען מיינע שוועבט א קולאק און

עז פליהען שרעקליכע ווערטער: גנב, קאנטורעבאנדטשיק, טרפה־סחורה, בייטעל־שניידער קייטען, טיורמא, קנוטעס, סיביר!.... ער זוכט זיך פלוצלים צו מיינע פאות און נאכקרימענדיג מיך שטארק אין כעס האפט ער אין אימפעט פונם טיש א שער און שערט מיר אפ אין גאנצען איין פאה!—איך בעוואש מיך מיט טרערען, קוקענדיג אויף דער ערד מיין פאה, מיין גרוי אלטע פאה, וואס האט געוואקסען מיט מיר פון קינדוויים־אויף ביז אין מיינע אלטע יאהרען; וואס האט איבער־געהאט מיט מיר פרייד און לייד געגוג אין מיין לעבען. דיא מאמע האט זיא אין דער יוגענד געגלעט, געצוואגען, גאר נישט געקענט זאט אנקוקען זיך אויף דיא שווארצע שיינע גרייזעליך איהרע. זיא איז געוועזן א ציהרונג מיין פנים אין מיינס גוטע טעג, ווען איך בין געזוען פריש און שטארק. זיא איז פריה פאר דער צייט גווארן געווארען פאר צרות נעביך, און איהר גרויקייט האט מיר חלילה נישט געמאכט קיין בושה.ביידע האבען מיר זיך פריה געעלטערט פאר פורעניות, נויט, עלענט, גרויאטע, אומזיסטע פיינשאפט און רדיפות אין דער וועלט. ווענען חלילה האט זיא געשענדעט? ווענען חלילה האבען מיינע גרויע האר עפעס שלעכטס געטאהן? — עס וויינט אין מיר דאס הארץ, שרייעט געוואלד שטיל, נישט ארויסצוברייגגען אויף דיא ליפען קיין ווארט. איך קוק שווייגענדיג וויא א שעפעלע ביים בעשוירען עס, און פון דיא אויגען קאפ, קאפ, טרעהרען וויא דיא באב.... מיין הויל געבליבענע באק האט מיר שטארק געפלאמט, דאס פנים האט געמוזט מיר זיך פארענדערען א שרעק. עס האט געמוזט זיין א רחמנות מיך אנצוקוקען דענסטמאל. וויל באלד דאו ויף דאס דעם רויטען קאלנער עפעס וויא אפגענומען דאס לשון, שוין גערעדט מיט גוטען, ארויפלייגענדיג ביידע הענד מיר אויף דיא אקסלען. אונטער דעם מע־שענעם קנעפיל א פנים האט זיך געריהרט א מענשליך הארץ. מיינע גרויע האר און מיין גאנץ אויסזעהען האבען איהם בעוויזען מיין ארענטליכקייט, און וויא אי־בערבעטענדיג מיך פאלט ער מיט א בייזער אן אויף מיין ערל, וואס פאר עפעס איין אונערקע שלעפט ער איין אלטען מענשען נעביך, טהוט א היק און טרייבט איהם ארויס. ער אליין נעהמט דאס היטעל, דרעהט זיך אביסל ארום, זאגענדיג דעם, יענעם א ווארט, געהט דערנאך ארויס און באלד הערט זיך וויא דאס בריטש־קעלע פאהרט אוועק.

דיא אלע מענשען אין שטוב ווערען לעבעדיג. דאס שרייבעריל טהוט א ווארף דיא פען, אפשיקענדיג זיא צו דיא אלדע רוחות. דער סטארעסטע און ד׳ר סאָטסקע גלייכען זיך אויס, אויפהייבענדיג דיא קעפּ. איטליכער גיט א מאך מיט דער האנד צו דער נאָם-צו און דיא אויגען זייערע ריידען: יברכך! פאהר געזונטערהייט און לאז מען דיך נישט אנקוקען!.... דער סטארעסטע חאפּט דעם אטהעם פאָהרט אריין מיט אלע פינף פינגער צו זיך אין דיא האָר פונם קאָפּ, טהוט איהם א גוטען שאקעל און מאכט דערביי: נוא א סטאנאָוואָי!....

דיא גוים האבען מיך געראטהען, נאכדעם אז איך האָב זיי דערצעהלט וועגען מיין אומגליק, צוגעהען צו דער קרעטשמע ביים דארף, נישט ווייט פון דאנען. דארט בעדארף זיין אצינד איין עולם מענשען צוריקפאהרענדיג פון מארק טאָג. מעגליך ביי זיי וועל איך עפּעס מיך דערגעהן. איך הייב אויף מיין פּאה, באהאלט זיא אין קעשע ..., בינד אונטער דיא באק מיט א פאטשיילכען, זאג א גוטע נאכט און געה אוועק.

---

9.

דיא קרעטשמע איז געווען בעלאגערט אין דרויסען מיט פוהרליך און וועגעליך אלערליי. א טהייל ליידיגע נאר מיט אביסעל שטרוי, א טהייל פארנומענע מיט מי.י זאכען און חפצים, סיי נישט קיין פארקויפטע, סיי געקויפטע דאָרט אויפ׳ן מארק. אויף איין פוהריל לינט אין א זאק א חזיר, ארויסגעשטעקט פון א לאָך זיין שיין פיסקעל און מאכט לעבער אין קאָפּ. שרייענדיג משונה אויף א גרילצענדיג קול. הינטער א וואָגען, אנגעליינט מיט נייע לאָפּטיעס, מיט נייע ליימענע טעפּ, טעפּכיך און מאקערעטעס, שטעהט צוגעבונדען א רויט געפלעקטע קיה מיט איין הארען און רייסט זיך מיט אלע כחות זיך צובעפרייען, גיכער קומען צו איהרע אלטע חברת׳עס אין ש.אל מיט דער בשורה: נישקשה: מען איז איהרער נאך נישט פּטור געוואָרען, געבליבט דער שור-הבור, מען זעהט זיך געזונט!.... א פּאָר גרויע, ברייט-בייכינע, פיינע אָקסען שטעהען געשפּאנט אין דעם יאָך, מאכען אזוי

ערענסט מיט דעם טויל און טעלה־נרהן נעשמאק, קיין מינוט חלילה נישט מפסיק גו זיין, גלייך וויא די זענין פארטיפט אין א וויכטיגער זאך און טהוען מיט זייערע אקסענע קעפ אויף עפיס א גרויסען שכל. דעם ארענדארס ציג שטעהט דערווייל אויפין וואגען, שטעקט הינטערווייליכס אריין דעם קאפ אין א זעקעלע דארט, נעהמט באלד איהם ארויס מיט א פול מויל, פירקעט דרעהענדיג דאס שווענציל, קייעט, מאכט מיט דיא באקען, טרעסעט דאס בערדיל ניך, געשווינד, ארומקוקענדיג זיך אין אלע זייטען. איין אלטער אויסגעדארטער דארפס־הונד, לעבט אויף דער עלטער פון קצבה, אהן א שטעלע, מיט א הינקעדיג פיסיל און א קאלטון באמבלענדיג זיך איהם אויפין עק, שארט זיך צו נאהענט צום וואגען, קוקט מיט דרך ארץ, קומט דערנאך צו נעהענטער אויף עטליכע טריט, שמעקט, זוכט מיט דער נאז. דערטאפט עפיס א טרוקען, אפגעלעקט ביינדיל, לויפט מיט דער מציאה אפ אביסעל וויטער, שטרעקט זיך אויס אויף דער ערד און נעהמט זיך קנאקען דעם ביין, האלטענדיג דערביי דעם קאפ אין דער זייט אויף דיא פעדערסטע לאפעס. — דאס פערדיל דארט אין יענעם וואגען, נמאס ווערענדיג איהם, א לאנגע צייט צו שטעהן אויף איין ארט, נאר נישט צוטאן נאר דרעמלען, מאכען מיט דער מארדע און שאקלען דיא אויערען, איז זיך מישב, אפצושטעקען א וויזים א פאר איינגעשפאנטע אקסליך, וואס טהוען זיך וואויל איבער א זעקעל פאלאווע, און זיין זייער אורח אויף וועטשערע. נאר ביים נעהען פארהאקט זיך דיא אקס פון זיין וואגען אין א רעדיל פון איין אנדער פוהריל, שיער איטצר־ווארפען עס. יענץ פערדיל דארט ארויסשפרינגענדיג פון דיא האלאבלעס, טרעט אן איין אנדער פערד אויפן פוס, עס טהוט א הירזשע און שטעלט זיך דיבאם. דיא ציג דערשרעקט זיך, טהוט ניכער א שפרינג און טרעט אן דעם דארפס הונט אויפן חיידיל. ער שפרינגט דערשראקען אוועק אויף דריי פיס, הייליענדיג אויף א קוויטש מיט א צעהנגארענדיגען שלשלת.

מיט גרויס מיה שלאג איך מיך דורך צווישען דיא אלע פוהרליך, גוט צוקערענדיג זיך טאמיר איז דא דאס, וואס איך זוך, און לאז מיך אריינגעהען אין קרעטשמע.

דאָס אלסדינג, וואס אינוועניג אין קרעטשמע טהוט זיך, דערפיהל איך ביכּ־ליכּוויים, איינס נאך דאס אנדערע כסדר, נישט אויף איין מאָל. דעם ערשטען כבוד דאָרט האט מיין נאָז. באלד ביים אריינקומען, נאך אויף דער שוועל, טהוט מיר א זעטץ א שארף ביטערער צאַפּענשטינקעדיגער ריח פון בראנפּין, מאחאָרקע און מענשענשוויים אין איינעם. אז דיא נאז ניסט אָפּ איהר „מה טובו" פון אזא ברוך הבא מיט א הילך, צוגיסענדיג זיך אין שטיינער, נעהען צום שמיק דיא אויע־רען. א רעש, א געפּילדער פון אויסגעמישטע אין איינעם דינע, גראָבע, הייזעריגע, צוריפּעטע און הריפּעדיגע קולות קויקעלען זיך אריין אין זיי מיט א גרילצען נאָר טויב צו ווערען. אז דיא נאָז מיט דיא אויערען האבען שוין זייערס אָפּגענומען געהאט זייער עהרליך אויסקומעניש, זענין שטארק אין דער ארבייט נעביך דיא אויגען. נאכדעם וויא זיי בלאָנקען זיך פריהער ארום אין דער טונקעלניש צווישען א געדיכטען עולם מענשען, צונויפגעשמאָלצען אין איינעם, נישט צוהאבען א פּיצעל סימן פין עפּעס א זאך, דערזעהען זיי פון דערווייטענס אויף א לאנגען הילצערנעם טיש א חלבידיג לעכטיל אין א ליימען לייכטעריל, וואָס ברענט מיט א רויטען שטעבענדיגען פלאָם, ארומגערינגעלט מיט געל־גרין־בלויא־גרויע רעדער וויא רענגע־בויגענס פון דער הייסער פּארע און זיילען רויך, וואס שלעפּען זיך איבער דער שטוב ארום. ערשט דערנאך הויבען אן ארויסצושווימען פונם טונקעלען טומאן כסדר: נעזז, בערד, בערדליך, טשופּרינעס, גאנצע פּנימער און צורות פון מאנסבי־ין און נקבות. עס שווימען ארויס רעדליך מענשען, א טהייל האלטען זיך אויף דיא פיס, ערשט נאכין פּערטען, פינפטען טרונק בראנפּין. אין דער דייט האלזען זיך צוויי שיכורים׳ליך, זידלען זיך פאר גרויס ליבשאפט מיט מיאוסע ווערטער. לעבין זיי שטעהט א פלוניתטע בארפּיס אין א קורץ קליידעל מיט א געשטיקט העמד אויסגעשניטען וויים און האט הנאה, פּאטשט איינעם, דעם אנדערן, אויפן ריקען מיט גוטען, מאכענדיג דערביי: נענוג, א היים, א היים! דאס שכורע פּאָר פאָלק אבער שמעלצען זיך נאך מעהר פאר ליבשאפט, נעהמען זיך שטייפער ארום און פאלען. ווידער א טהייל זיטצען אויף לאנגע ביינק לעבין פלעשליך משקה מיט פּארבייסען. צוויי בעלי־הגוף׳ן טרינקען איינער צום אנדערן לחיים און ויינען ביידע, וויא מען זאָגט. בנילופין. איינער, א שטארקער ליבהאבער פונם

בימערען טראָפען און וואס דא איז שטענדיג זיין מקום מנוחה, וויטעס זיך פון דערוויטענס, רייבערענדיג זיין ליולקעלע, דאס מיט דיא דאָזיגע צוויי לייט, דאס מיט יענעם, דאס מיט איין אנדערען און ווינשטעוועט צו: לחיים לחיים! חאָטש מען קוקט זיך אפילו אויף איהם נישט אום. און נאָר צו לעצט שווימט ארויס אין דעם געשטאַלט פון א יודענע, אריהרענדע, א זשוואווע, מיט אָפּגעבלאַקצעוועטע פעלענע טושקעס און עפּעס א מין טיכעל אויפן קאָפּ, דעם שיינקערס ווייב מיט איהר כבוד אליין, לעבין פעסליך, פלעשער, קעלישקעליך גלעזליך, קרענצליך ביינעל, נעקאָכטע אייער, דארע פישליך און שטיקליך פער־הארטעוועטע לעבער. דאס מויל מאַכט איהר זיך קיין רגע נישט צו, דיא הענד איהרע רוהען אויך נישט, פונם טענהן, ריידען מיט איטליכען בעזונדער, פונם געבען און נעהמען, גרייט געלד מזומן, אדער כשכנות, אָדער מיט א קריידיל אָנשרייבען אויף דעמס, אויף יענעמס השבון פּאַסקעליך און רינגעלאָך.

איך דרעה מיך ארום וויא א נר צווישען דעם דאָזיגען גאנצען עולם, פּרווו ריידען מיט דעם מיט יענעם און דער שפּיטץ איז אלטירס ווערטעל טאקי: מילא בקיצור גאָרנישט.

אין קרעטשמע ווערד שימעריער, דער עולם הויבט אָן זיך צו צופאהרען און איך לאָז מיך צוגעהען צו דער בעל הביתטע, האלטענדיג דיא בייטש אונטערען אָרעם, אקענען איהרע ארינען. דאס טהוא איך בכוון, מיט איין אויבער הסברא, וויל קרעטשמארקעס בכלל האבען ליעב בעלי העגלות, קויפען זייא אונטער מיט בראנפען, מיט עסען און מיט נאך עפּיס, בכדי זיי זאלען פארפאהרען צו זיי מיט פארשוינען. דיא בייטש איז מיר נעווען א טליין און מיר גענעבען חן און לייטזעליגקייט אין דער בעל הביתטעס אויגען. עס הויבט זיך צווישען אונז אָן אזא שמיעס:

— גוט נאָוועגט! — גוט יאהר! — וואו איז דאס אייער מאן? — וואס טוינ אייך מיין מאן? — גלאט אזוי זיך. — זאָגט, אפשר וועל איך טוינען. — טא ... מהיכא תיתי! — אהער אהין מיר צושמיסען זיך ברייטליך. איך דער־צעהל איהר דאס אונגליק, וועלכעס מיך האט דאָ געטראָפען, מיין איצטיגע מאוסע

— וואו האסט דוא עס ביז אצינד געהינעט? נעהמט חיה־טריינע דעם מאן אויפן ציהונדער. וואהין האט עס דיך, שלימזול, דער שווארץ יאהר נעטראגען? האסט דוא נעהערט, דען אביסל!.... מען זאל אוועקוואַרפען אַ שטוב מיט דעם בעל הבתישקייט און גאָרנישט.... נישקשה, ר׳ מענדעלי איז איין איינענער. פאר איהם מענ מען זאגען, וואס פאר א שלאק דוא ביסט. א שלאק פון זיין ליבען נאמען. קוקט איהם אן! שטעהט וויא א ליימענער גולם און קייעט דיא צונג....

— דוא האסט דאך מיך אליין, האסט דוא מיך געשיקט צו גברילאָן נאך א זאק קארטאָפּלעס מיך געשיקט! פארענטפערט זיך חיים־חנא, בעלעקענדיג זיך פריהער מיט דער צונג.

— און דער רבי, דער שיינער רבי איז קראַנק געווען ברייגגען צוטראָגען דעם זאק קארטאָפּלעס! עסען נישקשה קען ער פאר צעהן!

— דער רבי איז דאך געגאנגען, דער רבי, אפּפיהרען דיא פעריסטע קיה מיט דעם קעלביל אין פעלד אפּפיהרען! גיט חיים־חנא דעם ווייב צו פארשטעהען.

אָט, שווייג שוין שווייג, קיי דיר בעססער דיא צונג! מאכט חיה־טריינע קר קענדיג בייז אויפן מאַן. דערנאך ווענדעט זיא זיך צו מיר מיט א גאנצען שמיעס, וואס זיא האט פון איטליכען אויסצושטעהען, ווען נישט זיא וואלט דיא גאנצע שטוב שוין לאנג האָרנעם־קאָרנעם איבערגעקעהרט געוואָרען און מישט אלץ אריין אין דיא רייד: נישקשה, פאר אייך מעג מען, וויא פאר א טאטען. איהר זענט דאך צוין איינענער, ר׳ מענדעלי!

איך לייג מיך אר־ין אין שלום און פאררעכט ביי חיה־טריינען דעם מאנס דאָליע. פון שלום ווענען זאג איך אביסעל ליגען, בעשולדיג בבכל אלע מענער, מיך דארונטער אויך אביכל, און חנפה, לויב אין טאג ארייך דיא אלע ווייבער, בעזאנדערס חיה־טריינען, חלילה ווען נישט זיי, וואלט דיא וועלט קיין וועלט נישט געווען.... חיה־טריינע איז געוואָרען ווייכער. געזונט זאלט איהר זיין, ר׳ מענדעלי! זאגט זיא מיט א שיינענדיג פּנימעל און מאכט באלד טאקי צום מאן מיט גוטען:

כאנע, זיא טרייסט מיך מיט א זיפץ, אונטערשפארענדיג דעם קאָפּ מיט דער האנד און צוויי פינגער אויף דער באק. מאכט אלין: א מעשה, א מעשה! און וויטער א זיפץ, — איך טוה איהר צוליעב, דערצעהל אלסדינג, וער איך בין, וויא איך הייס, מיט וואס איך האנדעל און זיא פון איהר זייט פארשיט מיך מיט רייד, זאָגט מיר ארויס איטליכעס פיטצעלע, וואס ביי איהר אונטערען נאָגעל פון איהר מאן דעם שלימזלניק, פון דיא קינדער און פון דער פרנסה.... עס ווערד צווישען אונז א נאהענטע בעקאנטשאפט. מיר רעכנען זיך אויס, אז מיר זיינען גאָר ביידע שטיקלעך קרובים! זיא הייסט חיה-טריינע, נאך מיינס א קאלטער מוהמע, פון דער באבעס צד. א שמחה, א פרייד! זיא פרעגט מיך אויס אויף מיין וויב, אויף דיא קינדער, אויף איטליכען ביי מיר בעזונדער. און אז דער מאן איז דארויף אָנגעקומען זאָגט זיא איהם אָן דיא בשורה גיך און איין אָטהעם: מיר האבען א גאסט .... א טהייערן גאסט ר' מענדעלי מוכר ספרים!.... מיינער א קרוב! און לאזט אויס מיט גדלות צום מאן, אננעהמענדיג זיך מיט ביידע הענד ביי דיא זייטען:

— הא, מיינסט אפשר, פון א שטאל האסט דוא מיך ארויסגענומען! נישקשה, איך וועל ברוך השם פאר אנדערע נישט מבויש ווערען. מעגסט זיך, חלעבין, איבערנעהמען מיט מיין משפחה!

מא, רבונו של עולם! טראכט איך מיר, לאז זיין אזוי. שאול האט געזוכט אייזלען און געפונען דיא מלוכה. איך זוך פערד און געפונען א חיה-טריינע!....

חיה-טריינעס מאן איז א יוד מיט א לאנגער נאָז. דאס שיטערע בערדיל, דיא פאות און דיא ברעמען העל בלאנד וויא בלאקס. בשעת שווייגען קייט ער דיא צונג און איידער עד קלייבט זיך צו ריידען בעלעקט ער זיך פריהער, אזוי אז איהם אָנקוקענדיג רענסטמאל, פארשטעהט מען וואס טייטש לעקיש.... ביים אָפּ־שטעקען מיר א שלום עליכם מורמעלט ער עפיס גאָר אהן ווערטער און פונם גאנצען בענעהמען זיינעם דערקען איך באלד, אז ער ליגט אונטערן ווייבס פאנ־טאָפעל, האט פאר איהר דאס נייע יעהרינגע קדחת. וויא עס האט שפעטער מיט דער צייט זיך ארויסגעוויזען הייסט ער אין דער סביבה: חיים-חנא חית טריינעס און חיה-טריינע אליין הייסט: חיה-טריינע קאָזאַק.

— נענוג צו קייען דיא צונג! נעהם בעסער, חיים־חנא, וויש איבער דאָ דיא קעלישקעליך און דיא טעלער, פון וועלכע עשו האט נעפרעסען.—ר׳ מענדעלי מוז אוודאי נוט הונגעריג זיין, טהוט זיא א זאָג צו מיר, אויפהייבענדיג זיך פונם נע־זיים איהרכ ביים שיינקעל, איך פיהל עס אין מיר אליין טאקי. אין א מארק־טאָג פארשפעטיגען מיר זיך תמיד מיט דער וועטשערע. נישמא, נימער ערגעץ, קיין צייט. קומט, זייט מוחל, מיר בעטען זעהר שיין צו אונז אהין אין שטוב!

גלייך פונם שיינקעל קומט מען אריין אין א פינצטער אלקיריל, וואו אקענען איז אפען א טהיר נאך אין איין אלקיר און לינקס אין דער זייט פיהרט א טהיר אין א היבשען חדר, א נידריגער אהן א פאָל מיט קליינע פענסטערליך. דיא טאפלעס זיינען א טהייל צושפאלטען, א טהייל נעלאטעט פון צונויפגעקלעפטע שטיקלעך און א טהייל אין נאנצען אויסגעשלאגען, נאָר ערגיץ אין א ווינקעל שטעקט איין איבערגעבליבען שטיקעל גלאָז, וויא דער איין איינציגער צאָהן ביי א זקנה, וואס ביי נאר עפעס א ווינטעלע שאָקעלט זיך עס, שטיל געבעבעט זים־זים־זים, זעהר אומעטיג. אין איין עק שטוב, צו דער גאס־צו, שטעהט א טיש, לעבען איהם ביי דיא ווענט לאנגע שמאלע ביינק, נישט נעפארבט, אין דעם אנדערען עק אקענען שטעהט א בעט מיט א סך בעבעטעס, אהן עין־הרע: מיט קישענס, גרויסע, מיטעלע, קליינע, קליינימשקע א הויכער טהורעם ביז אין דער סטעליע. און ביי דער זייט אויוועז דאָרט ציהעט זיך א ברייטע באנק, וואס דינט ביי־נאכט פאר א בעט צום שלאפען. ארום דיא ווענט אין דער הויך הייננען פאָר טרעטען בעדעקט מיט פואיטינע, מיט נעפיינערטע פלינען, אויסגעטריקענט אייער פון פרייסען און פלינענקויט. פונם קויט אויף דיא דאָזינע פארטרעטליך קוקען ארויס עפעס נעשטאלטען: א „מזרח“ מיט קראָליקליך, מיט משונה ווילדע חיה־ליך, האלב ציג — האלב לייב — האלב אייזעל, האלב לעמפערט און האלב פיפער־נאטער. א הויכער המן נעקליידעט וויא איין אונטער אפיציער, הייננט אויף א תליה, וואס גרייכט איהם קוים ביז צום אקסעל, אזוי אז ניכער הייננט דיא תליה אויף איהם. דערביי שטעהט מרדכי אין א שטריימיל, א ראַצעמארענע קאפאָטע מיט א גארטעל, אויבען א טיזליק, אין שיך און זעקע־ליך מיט פאהקעליך, טאקי גאר „מאנדרוש“. ארום איהם „בעבערדעלטע, בענאזענ־

ריינע״ יודען, מיט כוסות אין דיא הענד און מאכען: לחיים רבי מרדכי! צו זרשין מיטן מאפ האבען זיך זעהר מיאוס צונעחאפט דיא פלינען, האבען פון איהר נעביך איבערגעלאזט נאר א האלבען קאפ מיט א שטיקעל פעדער חלק. נאפאלעאן נעביך איז אויך אריינגעפאלען אהינצו אין יודישע הענד. אז אך און וועה צו איהם, וואס פאר א פנים ער האט נעהאט! ער איז געהאנגען צווישען פוטיפרס ווייב, עפיס א פארזעהעניש, א מיאוסקייט, וואס מאכט חן, שלעפענדיג יוסף הצדיק ביי דיא פאָלעס און צווישען א שמאלען, פארשמאלצעוועטען, שטארק אנגעבוינענעם שפיגעל, הינטער וועלכען עס האט געשטעקט א פארדארטער לולב און אלטע אפגעשלאָגענע הושענות.

אין שטוב דרעהט זיך ארום א דיקע, א ברייטע א הארפאשנע מויד מיט א פאר באקען וויא דיא פאמפושקעס, אויפן קאפ זעהר ווייניג האר און צוויי קליינע צעפליך פון הינטען. דיא הענד האלט זיא ביז דיא איילענבויגענס שטייף צו ביידע זייטען, דיא ארעם אויסגעשטרעקט גלייך פארענט וויא צוויי האלאבלעס, צווישע׳ וועלכע זיא ריקט זיך, שליטעלט זיך, נישט צו הייבען קיין פיס, ארויסשיקענדיג דעם קאפ אביסעל פריהער פאר איהר, זיא ריקט זיך ניך, טראגענדיג אין דיא הענד א טישטוך מיט טעלער און גרייט צום טיש. חיה טריינע רוימט איהר עפיס אין אויער איין, זיא קעהרט אום דיא הלאבלעס. דער קאפ לאזט זיך פאראויס, זיא אליין מיט דיא פיסיליך באלד טאקי נאך איהם און ווערט גיך אנטרינען פון דער שטוב. אין א ווינקעלע קרינען זיך א שטיק פיר קינדער, מ ידליך מיט יונגליך, רייסען זיך עפיס איבער א קליין הינטעלע, א מאפסיק, וואס פישטשעט, נישט צוהערען, צו זעהן וואס הינטער זיי טהוט זיך אין שטוב. חיה טריינע בעפאלט זיי פלוצלים, טהוט שטילערהייט א קניפ דעם, א צופ יענעם, חאפט דאס פיצעל הינטעלע און ווארפט עס ארויס. דיא קינדער שטעקען זיך אונטער דיא נעז אפ פייגען און צולויפען זיך אין דיא ווינקעליך. באלד קומט אן חיים-חנא מיט א גרויסען לאדעש סמעטענע. דאס ווייב נעהמט עס ביי איהם צו, פארעט זיך דערמיט אביסעל דאָרט פאר זיך און הייסט זיך אונז וואשען.

א בחוריל אהן א קאפאטקע, באָרפיס אין א לייבסערדאקיל מיט הרזליך לויפט אריין מיט א שמחה: דער רבי האט נעחאפט אין שטאל א וואראָביטשר

קעל!.... אלע קינדער בלייבען פארגאפט מיט אויסגעצויגענע פנימער פאר גרויס וואונדער און איידער זיי זענען צו זיך געקומען קומט אריין א יונגער מאנטשיק עפיס מיט א נעשוואלענער נאז און גראבע ליפען, וואשט זיך גיכער איבער דער פאמוניצע, זעטצט זיך דערנאך צום טיש און ריקט אריין אין מויל א גרויסען שטיק ברויט, אלץ אין האפעניש, און איילעניש נישט צושיינקען קיינעם א קוק, גלייך וויא אוים מורא, ער זאל חלילה נישט פאר-שפעטיגען, מען זאל אהן איהם נישט אפעסען. דערוויל ריקט זיך אריין יענע ברייטע מויד מיט דיא פאמפושקעס אויסגעפוצט שבת'דיג און זעצט זיך אויף ביים טיש. חיה טריינע מאכט צו מיר, ווייזענדיג מיט א פינגער אויף דער מויד: דאס איז מיין עלטערע טאכטער, האסיעדגרונע. דער עולם עסט, פריהער עפעס מיט דרך ארץ, א שעפ מיט דעם לעפעל און א לייג אנידער, דערנאך הויבט עס אן געהן לעבעדיג, רעשיג: א צעהן לעפעל ארבייטן געשמאק און איין שיסעל אין פליהען פון דארט געשווינד און צעהן מיילער, וואס זופען, איטליכם אויף זיין שטייגער. ס'איז א האפעניש, א בהלה, א זופעריי: וואַפ-הופ, הופ-פופ! מיינע נייא-געפונענע קרובים טרייבען מיך אלץ אונטער: עסט, לאָזט זיך נישט בעטען! און איך: וורופ—פפיפ! אויף מיין נוסח. דער יונגער מאנטשיק מיט דער געשוואָלענער נאז פרילט זיך נישט, ארבייט פאר צעהן און גרינטעוועט זיך ביז דעם פוינעל, וואָס קוקט לסוף ארויס אויסגעמאָהלט אינווענינג אויפן דעק פונם שיסעל. אפגעפארטיגט זיך פון דער ארבייט מיט א זיפץ מיך פון בויך שטעלט ער אויס א פּאָר גלעזערנע אויגען און קוקט אויפן עולם. טהוט פלוצלים א שטרעק דיא האנד, אונטערהייבענדיג זיך אביסיל פונם ארט, גלייך צו מיר, מאכענדיג דערביי: שלום עליכם! איהר זענט מיר עפעס קענטליך... מה שמכם?—איך זאג איהם מיין נאָמען. ער שפרינגט אזש אונטער פאר גרויס וואונדער:

— ר' מענדעלי!... ר' מענדעלי מוכר ספרים!! פישששש!.... א קאטאָ-וועס עפים! ווער קען נישט ר' מענדעלין?! איך האב נעהאט א מאל דיא זכיה, אין גלופסק נאך, קויפען ביי אייך א בענטשעריל.

— ר' מענדעלי איז מיינער א קרוב, זאגט חיה-טריינע מיט גדלות, שמעל-צענד זיך פאר פרייד און אנווייזענדיג מיר אויפן יונגען מאנטשיק מאכט זיא:

דאָס איז אונזער רבי! — א נוא הושיקעלע, ווענדט זיא זיך צום בחוריל אהן דעם קאפּאָטקעלע, ר׳ מענדעלי ווענט דיך פאַרהערען. שעהם דיך נישט, נישקשה, דער פעטער וועט דיך נישט אויפעסען.

הושיקעלע האלט א פינגער אין דער נאָז, קוקט אין דער זייט אנבלאזענדיג זיך, פארציהט דעם אקסעל און מאכט: איך סעהם מיך, סעהם מיך....

— וויפ׳על איז אלט אייער הושיקעלע, זאָל לעבען? פרעג איך דיך מאמען.

— מיין הושיעקעלע, זאָל לעבען, איז אין וועסנע געווארען בר־מצוה, ענטפערט דיא גליקליכע מאמע.

— נוא, הושיעקעלע, נעהם איך דעם בחוריל אָן פארן בעקעלע, זאָג, שעהם דיך נישט, וואס נעהט היינט פאר א סדרא?

— זאָג, זאג! טרייבט מען הושיעקילען אָן פון אלע זייטען. ער שטעלט אויס א פּאָר אויגען און שווייגט.

— ב......ב.......ב.... מאכט דער רבי מיט דיא גראבע ליפּען.

— ב־ב....באָהאי! לאזט הושעקילע אויס אויף א קול, קוקענדיג צום רבין.

— נוא, בלק, בלק.... זאָג איך אונטער און גיב ווייטער הושיקילען א פרעג: וואס האט אזוינס בלק געשיקט זאָגען?

דער רבי לעקט דעם פינגער, בכדי דער תלמיד זאל זיך דערמיט אנשטויסען.

— לעקען! טהוט הושיעקילע א ג׳שריי׳ מיט אימפעט.

— וועה, וועה? טרייבט הושיקיעלע׳ן אונטער דער רבי, און עס ווערד איהם גרינגער אויפן הארצען, מיינענדיג ער האלט שוין מיט דעם תלמיד זיינעם א ׳ א שטיקעל דרך. וועה, הא?

— דער רבי! שרייעט הושיקילע אויס אויף א קול.

— דוא פארשטאָפּטע קאפּ איינער! צוהיטצט זיך דער רבי מיט כעס. וועה זאָגט בלק, וועט לעקען?

— דיא יודען!.... טהוט הושיעקילע גיך א זאָג אויף א קוויטשיג קולכע.

— יא, דיא יודען, דיא יודען... הושיטקילע! זאָג איך א גלעט געבענדיג א ים דאס בעקעלע. זעהר וואויל, דוא קענסט: —

דיא מאמע איז נאָר איבערגליקליך, האלט דיא הענד אויפן בויך און קוועלט: אז וואויל איז, חלעבין, דעם בויך, וואס האט אזא תכשיט געבוירען! דער טאטע קייעט דיא ציגג און האט שטארק הנאה.

נאך דער וועטשערע שמיעסט מיט מיר חיה־טריינע איבער וועגען מיין עסק אזוי: אין א פאר שעה ארום בעדארף אָנקומען מיין יאנקא מיט דיא פערד. רענסטמאל, ר׳ מענדעלי, זעצט איהר אייך אויף רייטענדיג אויף איינעם, מיין מאן אויף דעם אנדערען פערד און פאָהרט פארנעהמען דיא ביידליך מיט דער סחורה רערוייל אהער, און ווייטער וועלען מיר שוין זעהען. לעת־עתה לייגט זיך אביסעל צו אם האט איהר אייך א בעט מיט איבערבעטען.

— א שיינעם דאנק! רופט איך מיך אן. אין דיא בעבעבעס אז איך וועל אריינפאלען וועט שווער זיין דערנאך ארויסצובעקומען מיך פון דאָרט. גאט ווייסט וויפיעל איך קען דאָרט אָפשלאָפען און דא איז דיא צייט טהייער. איין אנדערס מאל, אם־ירצה־השם, אז איך וועל קומען צו אייך מיט מיין ווייב און דיא קינדער צו גאסט, רענסטמאל, זעהט איהר, געזעגען איך מיך מיט אייך אלע און וואַרף מיך, אויף גאטס בעראטה, אריין טיף אין דעם תהום בעבעבעס אויף א לאנגער, לאנגער צייט.

— מיר בעטען, מיר בעטען! מאכט חיה־טריינע מיט חן. זעהט זשע, מיט אלע קינדער טאקי. נעהמט אייך מיט יאחנע סאָסיען. זאָגט זשע זיך נישט אָפּ, חאָטש נעהמען א קישעלע צהין אין אלקיריל.

— שלאָפט געזונד! געזעגנעט זיא זיך מיט מיר, גישקשה, מיינער וועט אייך גאנץ פריה כלתיך השור אויפוועקען!

---

10

חית טריינע איז טאקי א כ׳שרה יודענע, א גוטע, נאָר וואנצען האט זיא גער־האט אין שטוב רשעים, זעהר בייזע. זיי זענען מיך בעפאלען וויא באלד איך האב מיך

געליינט אויפן טאפטשאן אין אלקיריל און דיא מגהמה צווישען אונז האט זיך אנגעהויבען. ביידע צדדים האבען זיך פארעקשנט, געארבייט אין עסק: זיי כי־ן מויל, איך מיט דיא הענד; זיי קריכען, איך שפרינג אונטער; זיי מיט טענות: דער טאפטשאן איז אונזערער, דרך ארץ זשע ר׳ יוד, און לאזט זיך בייסען—איך זיפץ, פארבייס דיא ליפען, קראטץ מיך מיט אלע כחות; זיי א ביס, איך א קראטץ; זיי אויף מיר, איך אויפן קישען, אראפ, צו אלדע שווארצע יאהר, ד ס קישען! דאס הינקעדיגע ביינקעל אויף דריי פיסליך פאלט אום; דאס לייטענע קרינעל מיט נעגעל וואסער טראף—טראך; טאראקאנעס אויפן פאל לויפען, דרא־פען, הארמידערען; פעדערען פון דעם צעריסענעם קישען פליהען אין דער נאז, אין דיא אויגען אריין; דער טאפטשאן אונטער מיר ריפעט סקריפעט. א טאראראם א גערידער! איך בין דול, צומישט, צאפעל מיט אלע גלידער און ווארף מיך פון איין זייט אויף דער אנדערע. עס הערט נישט אויף צו בייסען, עס שטינקט וואנצען!—נמאס ווערענדיג מיר דיא גאנצע מעשה, בלייבט ביי מיר עוקר צו זיין. איך פארלאז מיין געלעגער, שפרינג אראפ גלייך צום פענסטער, צועטהעמען אביסיל פריי און טהו א קוק אין דרויסען, אויף גאטס וועלט.

אויפן בלויען הימעל שטיל רוהיג געהט דיא גילדענע לבנה, איהר שיינענדיג פנים איז זעהר ערענסט, עפיס שטארק פארטראכט. שא, ארום און ארום!.... איהר פארטראכטקייט ווארפט אויף מיר אן א זיסע מרה־שחורה, זיא רעדט עפיס צו מיין הארץ, דיא נשמה מיינע נעהמט זיא מיר ארויס מיט איהר איטליכען בליק. זיא רופט אין מיר ארויס א ים געפיהלען און עס טראכט זיך, טראכט זיך עפיס נאר פון זיך אליין. עס טראכט זיך פון דעם ביטערען לעבען פול קריינקונג, אלערליי ליידען מיט בעליידיגונג; פול פלאגען אנשיקענישען, אלטע אויף נייע, און צופיעסטע מיך פאר איהר וויא א שלאף קינד נעביך פאר דער מוטער. אוי מאמע, עס טהוט וועה!.... אוי, ווערד מען עס פאר־שווארצט, קומט מען עס אפ!.... קארג קאפדרעהעניש, בויכוועהטיג, איז מען נאך גרויס אין דיא אויגען; קארג איינענע מכות און וואונדען, האט מען נאך א יסצושטיעהן געבראכטענע לייד: קוים קוים וואס מען זיפצט, פארגינט מען נאך ניט דאס שניקעל געפלאגטע לעבען. אוי, מאמע, עס שמארצט, אוי, עס טהוט וועה!...

דיא לבנה קוקט אויף מיר מיט איהר ליכטיגער צורה, אליין ערענסט, פארטראכט און דאכט זיך, זיא נעהמט מיך איין: שא, בידנע קינד, שא! וואס זאל מען טהאן?...... דאס הארץ ווייט אין מיר נאך מעהר. הייסע טרעהרען טרעפען כמעט אויס אין דיא אויגען, איך שפאר אן דעם קאפ אויף מיין אָרעם, דיא זייט מיט דער אפגעשווירענער פאה דער לבנה אקעגען: נא, זאל זיא זעהן, זאל זיא זעהן!... עפעס עפענט זיך אין מיר א קוואל פון געפיהלען, ציפען מיך ביים הארצען, פארפלייצען מיר זיא געדאנקען. דיא אויגען, אנגעקוואָלענע וויא דיא באנקעס קוקען אין דער וועלט אריין מיט א ריהרענדיג געבעט: געוואלד, העלפט, האט רחמנות! עס טהוט וועה, וועה, וועה... אזוי חאפט זיך אויף פונם שלאף ביי דער נאכט א קראנק קינד געבעך, יאמערט פונם הארצען פאר זיך אליין, קוקט מיט דיא אייגלעך, בעטענדיג רחמים. — נישטא קיינער! קיינער הערט נישט! אלע אלע שלאפען, שא!... א הינטעל נאר שטעהט אויף דער נאס וואך, דער ווידיל צווישען דיא פיס, דער קאפ פארריסען הויך און בילט מיט א קאלטער לעבער אקעגען דער לבנה זיא געהט איהר וועג רוהיג, פארטראכט, פון א הונדס בילען זיך גאר נישט צומאכען...

אויפ'ן הארצען ווערט מיר גרינגער. עפעס ווארעמט מיך אינווענינ א געפיהל פון האפנונג און טרייסט אָהן ווערטער; אזא געפיהל, וואס א יוד פיהלט, אז ער וויינט זיך אויס פאר גאָט אויף זיינע צרות, אזא געפיהל, וואס מאכט דעם מענשען וויך וויא א טייג, נוט אהן א ברעג, גרייט איטליכען אויפצונעבען דיא נשמה ארומצונעהמען דיא גאנצע וועלט און זיא א קוש צו טהאן פאר גרויס ליבשאפט.

און זיי, דיא ווענצעליך, זיינען דען נישט נאטס בעשעפעניש? וואס זיינען זיי שולדיג אז זיי שטינקען נעביך? וואס זאלען זיי טהאן, אז ליגט שוין אזוי אין דער טבע זייערע צובייסען? טהוען עס נים פאר שלעכטס, פאר שנאה און אויף צו להכעיס, נאָר פאר דעם שטיקעל פרנסא: זיי ווילען נעביך טרינקען, אנזעטיגען זיך מיט יענעמס בלוט, מילא כאָז שוין מיינס איבערגעהן, עפעס דאס ערשטע מאל גיין לעבען איז מיר דען וואנצען? און וועלכער יוד האט דען פון זיי נישט צו זינגע און צו זאגען?...

איך געה אוועק פון דעם פענסטער און זאגענדיג: „אין דיין האנד מהו איך

מיין זייל ב״האלטען״ גיב איך מיך א ווארף אויף׳ן טאפט׳שאן און נארנישט, איך שלאף !....חלומות האב איך פיינט צודערצעהלען. נארעשקייטען !

דאס אויפשטעהען אויף מארגען גאנץ פריה. האט מיך געקאסט גרויס מיה, עס האט מיר וועה געטאהן איטליכעס אבר. נאר דיא נויטה האט מיך געצוואונגען און מיט מיר א טראג געטאהן פון מיין געלעגער. א יוד לעבט מיט אימפעט דיא נויט טרייבט איהם צולויפען, ארום צוויאגען, צוטאהן, צוארבייטען. לאז נאר שוואך ווערען א קאפעלע דער אימפעט בלייבט ער ליגען וויא א דעהרנטער. יום טוב דערפיהלט א יוד זיינע גרויסע וועהטאגען, דענסטמאל האט ער געוועהגטל׳ך צייט קראנק צו זיין ......

דיא נויט האט מיך פון מיין געלעגער אויפגעהויבען, דיא נויט האט מיך אויף דיא פיס געהאלטען, דיא נויט האט מיך רייטענדיג אויף א פערד אויפגעזעצט, דיא נויט האט מיר אין קארק געגעבען און איך האב מיך געריהרט פונם ארט אין איינעם מיט חיים־חנא חיה־טריינעס. הארב איז ביי א יודען נאר דאס ערשטע ריהר, דערנאך, אבי א קוועטש דיא ספרינזשינקע, געהט עס שוין וויא א פוטער ער קריכט שוין אפילו וואהין מען בעדארף נישט, וואהין מען האט איהם כלל נישט געבעטען. ער דראפעט זיך אפילו אויף דיא גלייכע ווענד. איך קום באלד צו מיינע קרעפטען, בין פריש שטארק אויף דאס ניי.

אז דער עולם זאגט: „א אידישע נשמה קען קען מען נים שאטצען״, מסתמה איז רעכט. נאר אין אנהויב האב איך נערעכענט, חיה־טריינע פרייעט זיך דא מיט מיר אזוי פשוט, וואס זיא האט דערטאפט פלוצים א קרוב און נאך אזעלכען, וואס רייבט זיך ארום ספרים ! דאס רייבען זיך אליין ארום עפעס א זאך האט שוין א גרויסען ווערטה ביי יודען. א יוד, פון דיא שיינע בעלי הבתים אפילו, ווען עס קומט איהם אויס צוהאבען איין עסק אין דיא פריסוטסטוועס הויבט ער אן צום ערשטען פונם סטאראזש. ער רייבט זיך דאך פארט ארום דיא אדונים דארט. שמיעסט מיט איהם איבער און געהט אוועק צופריעדען. לעת עתה, טראכט ער איז נענוג. דער סטאראזש איז נישט קיין שלעבטער מענש. — דער שמש, וואס רייבט זיך ארום א יודישער סקאלע, הייסט ביי א טהייל פונם יודישען עולם: דער אינספעקטאר ; דער יודישער בריף־טרע־

נער — פאָטשטאר, דער יוד פון דער פאָטשט, אזוי פיעל פיעל כמעט ודיא פאָטשט מייסטער. קורץ וויא מען זאָגט טאקי: „דעם בים שיקסע קען פסקנן שאלות.“ ביי דער וועטשערע, אנקוקענדיג דיא דיקע, ברייטע מויד וואס שוין צייט איהר אונטער דער חופה, איז מיר שוין אריין אין דער נאָז, אז חיה־טריינעס פרייד בעטיים, איך קען איהר צוניטץ קומען צו א שידוך ...... און דאכט זיך נאָר אויף מיר נופא האט זיא אן אויג. דאריבער מאקי האט דיא מויד אזוי שבתדיג זיך אויסנעפוצט ...... דאס איז מיר דערנאך קלעהרער נעווארען פון חיים־חאָנאים רייד. פאהרענדינט מיט מיר אויפן ווען. עפעס צופיעל אויסנעפרענט מיך ווענען מיין בחוריל מיט אזא שמיעס:

— אזוי! איז אייער בחוריל שוין נעוואָרען, אייער בחוריל בר מצוה און נאך נישט - קיין חתן נישט! איך אין זיינע יאהרען, האב שוין חתונה נעהאט אין זיינע יאָהרען. — מיין חיה־טריינע לאָזט מיך דיא נעכט נישט שלאָפען: נעוואלד א בחוריל! וואס לינסט דוא גולן אזוי?... נעוואלד א חתן! — דיא בתולה מיינע האט איהר דאך נעזעהען דיא בתולה, א גוטע בעל הביתטע. אפשר טאקי שוין צייט איהר חתונה צוזאכען, שוין צייט אפשר? — וואס זאגט איהר, ר' מענדיל? עפיס זענט איהר דאָך א יוד, א למדן, שוין צייט? מיינע האט מיט מיר היינטינע נאכט איבערנעשמיעסט.... איהר זענט ביי איהר שטארק חשוב זענט איהר. אלץ קומט אומנעריכט בעדארף זיך גראָד מאכען א מעשה און איהר האט פארבלאָנד־זעט צו אונז... זעהר אננעלייגט, חלעבין. איז אייער בחוריל שוין, זאָגט איהר בר־מצוה אייער בחוריל?

אינדעם וויא מיר שמיעסין דאָ אזוי קומען מיר צום אָרט פון דיא ביידליך. פריהער בעטראכט איך גוט מיין ביידיל אין איטליכס ווינקעלע, ברוך־השם אלסדינג דאָ אין נאנצען, און לאָז מיך צונעהען דערנאָך צו אַלטירס ביידיל. דאכט זיך, אויך נישט נעריהרט, עס שטעהט אויף זיין אָרט. נאָר קוים נעהם איך מיך צום לאנטוך, מיט וועלכען דאס ביידיל איז איבערנעדעקט און מוה א טאפ, בין איך פארצאפעלט געוואָרען עס ריהרט זיך עפעס אונטער איהם... . איך שפרינג אָפּ שטארק דערשראקען אויף צעהן איילען אין דער זייט. דאָס לאנטוך הייבט זיך דערוויל אויף און איך דערזעה פאר מיינע אוינען זיצענדיג אויפן וואָגען מיט א פארבונדרענעם קאָפּ — אַלטיר יקנה״ז !....

## 11.

וואס מיט אלטירן איז פירגענאַגען, וואו ער איז היגנעקומען, פון וואנען ער האָט פלוצלים זיך גענומען און פאר וואס דער קאָפּ איז איהם פארבּונדען, דיא שאלות דערקלעהרט אונז באלד אלטיר מיט זיין כשר מויל אליין, אזוי:

מילא גוט איך מיר נאָך דיא פערדליך. בקיצור, נישטאָ קיין פערדליך! נישמער טראכט איך מיר, גאָרנישט. א פּנים זיי זענין פארגאנגען וויטליך. גראָז אין וואלד איז זעהר נטע, שאָטען אויך דא. פאר וואס נישט? א מענש להבדיל זוכט אויך וואו גוט איז. מילא גוט איך מיר וויטער, וויטער, פארשטעהט איהר מיך, מען הערט נישט. וואס טהוט מען, הא? ס'איז דאָך עפּעס שפּל! פלוצלים דאכט זיך מיר אין וואלד עפּעס א שאָרך אויף יענער זייט פון א טהאָל. מיינער באלד מאכי אראפ, ארויף, אוי, אהין בקיצור גארנישט. דערווייל ווערד שפּעטליך, ס'איז שוין טונקעל, עפּעס נאר נים קיין גוטער משא ומתן!... דאכט זיך מיר ווידער א שאָרך, איך וויטער אהין, דרעה מיך, זוך און וויטער גארנישט. עס פארדריסט מיך שוין, פארשטעהט איהר מיך. וואס איז דאָס פאר א גאנג? בקיצור, ווידער א שאָרך און עפּיס וויא טריט. אט האסט דיא זיי, דיא שיינע לייט! א קריינק זיי אין דיא ביינער! פלוך איך שטארק אויפגעבראכט און דערשלאָג מיך אהין, ערגיץ אין א העק, צווישען געדיכטע צווייגען. אהא ס'איז דאָ, דערטאפּט!.... וואס? צו אלדע שווארצע יאהר, עפּיס א רויטע קיה!... א קיה, וואָס וויא געוועהנטליך, זיך פון דער טשערעדע אפּגעריסען און פארגאנגען אין וואלד. אצינד וואָס? איך וויים נאָר נים וואו איך בין. ניטמער שטעהען איז קיין תכלית נישט, מילא גוט איך מיר אין צרות, אויף נאטס בעראטה און פארגעה מיר צו א פייעריל, וואס האלט ביים אויסגעהען, האָלאָוועשקעס רייכערען זיך, ס'איז נאך דאָ אין זיי א פונק. דאָס גראָז ארום און ארום אויסגעטרעטען, עס וואלגערען זיך ברעקליך ברויט, שאלעכטס פון אייער, פון אוגערקעס, ציבעלעס און קנאבעל, אויף צעריסענע שמאטעס און שמאטקעליך. דאָ איז א פּנים געווען א היבשע קאטפּאניע און וויא עס זעהט אויס, א

חאפטע צינאָנער. נאָו עפּיס נישט קיין גוטער עסק! צינאָנער האבען ליב צו לאָק־
הענ:ן פּלוצלים דאכט זיך פון גאנץ ווייט עפּיס א קול. אפשר רופט עס דאָרט
ר׳ מענדעלי? געהט מיר איבער א געדאנק, און איך לאז מיך געהען געשווינטער
דאָס קול, דאָ הערט עס אויף, דאָ לאזט עס זיך ווידער הערען און וואס געהענ־
טער ווערט עס אלץ שרעקליכער, וויא איינער שרייעט געוואלד!... עפּיס נאָר א
שרעק חלעבין! נישמער נאָרנישט. איך טהיא מיר מיינס און געה. עס העלפט
נישט, נאר קוק מיך גוט ארום און היט ביינער. בקיצור, אקענען מיר וואקסט אויס
פון דערווייטענס עפּיס א קרעטשמעלע, א חורבהילע, אויף היהנטרשע פיסליך. עפּיס
איז מיר עס נישט געפעהלען. איך באהאלט מיך אביסיל אין דער זייט צווישען
צוויינגען. גראד טאָפּ איך דארט אן עפּיס א דרענגיל. נעהם עס אין דער האנד.
פארשטעהט איהר מיך, ליתר־בטחון: זיטץ שטיל און קוק מיר וואס וועט דאָ זיין.
עס קומט מיר אין קאָפּ אריין שרעקליכע זאכען, מעשיות מיט גזלנים און גלופּס־
קער גנבים. פּלוצלים ווייטער א געשריי, א ביטער געשריי, וויא פון איינעם, וואס
איז אין א גרויסער סכנה און דאכט זיך, דאס ביטערע געשריי איז פונ׳ם חורבה־
לע. עס חאפּט מיך אָן ביים הארצען. עס טראגט מיך אונטער פּק׳ם ארט און
איידער מיך צובעטראכטען שטעה איך שוין לעבען קרעטשמעלע, אלי׳ן נישט רעכט
צו געדיינקען, וויא ארום האב איך מיך דא גענומען. עפּיס געפיקט האט מיר אלי׳ן
אין קאָפּ: איין איינענער, איין איינענער! א קשיא אויף א מעשה, אפשר איז נאָר
ר׳ מענדעלי אין א סכנה. איך וויים דען א פּנים וואו איך בין? ס׳איז טאקי א
מורא, נישמער נאָרנישט מיין טויט זאל דאָ זיין מוז איך מיך דערנעהען, וואס
טהוט זיך דא אזוינס. עפּיס בין איך דאָך א שטיקעל עקשן אויך. בקיצור, איך גנה
מיר פּאמעליכין און האָרך מיך גוט צו. עפּעס הערט זיך א פּארדומפּט קול איך
קום צו לעבען א צושאָטענעם טויער, קוים וואס ער האלט זיך פאר אלטקייט.
מיינער פּוטץ אריין אינוועניג אין א גרויס הויז, נעה אויף דיא שפּיץ פינגער, זוך
ניסטער אין דער פינסטער, שא, שטיל. איך נעהם ארויס פון דער קעשענע א פּער
קעלע מיט עטליכע שוועבעליך, רייב, רייב מיט א ציטערדינע האנד, אומזיסט, עס
וויל נישט ברענען. דאס לעצטע צינדט זיך לסוף אָן און באלד טאקע לאזט זיך
הערען א׳ געשריי נאָר אין איין אָטהעם, ערגיץ פון דער זייט דאָרט, דאס שווּבע־

לע פארלעשט זיך און גאַרנישט, איך טאפ אין דער פינצטער, קריך ערגעץ אריין און שלאָג מיך אויף עמיצען עפּעס אן. דיא האָר שטעלען מיר זיך קאפויר, פרעגט מיך בחרם אויף וואס פאר א וועלט איך בין. בקיצור, ביי דער שיין פון דער אויפגעהענדינער לבנה, דורך א קליין אויסגעשלאָגען פענסטעריל, אין א פארשימעלט חדריל אָהן א טהיר, דערזעה איך׳ ליגט איינער געבונדען, וויא א שאָף, מיט הענד און מיט פיס, איז נעביך טויט, בלייך וויא דיא וואנד, קוים קוים וואס ער זיפעט. גאָט האט אייך געבראַכט אהער, זאָגט דער אומגליקליכער פארשוין. בינדט מיך גיכער אויף, ווארום איך בין פארביי. דיא שטריק האט מיר זיך איינגעשניטען אין דעם לייב און עס ברענט מיך א טרונק! — ווער האט עס אייך אזוי געפּענטעט? טהו איך א פרעג, נעהם באלד ארויס מיין מעסער און שנייד אויף דיא שטריק. — אין זיין טאטענס טאטען אריינגעפלויגען! שעלט דער פארשוין, אויסגלייבענדיג דיא ביינער. אזא מטזר, נאָטקע גנב! — וואס, א גנב? ! רוף איך מיך אָן שארף אָנקוקענדיג דעם פארשוין. — יא, יא אלסדינג אין דער קאָרט! ערשט היינט נאך האט ער גענגבהט א פּאָר פערד. איך שפּרינג אזש אונטער הערענדיג גנבים זיך צולאזען. דער פארשוין פריוועט מיך אָפּהאַלטען, ליינט מיר שטיינער אויפן הארצען: ער האט מורא, דער מטזר זיינער איז א רוצח, מיט איהם פאהרען נאך בויירען פארשרינען, אלע כמעט אזעלכע וויא ער. מיך אבער האט עס נישט געלאָזט רוהען. בלייבען אהן א פערד קען איך נישט. — ניין, ניין! איך מח זיי דעריאָגען, עס מעג זיך זיין וואס עס וויל. לאָזען שפּייען זיך אין דער קאשע קען איך נישט. א רגע איז אצינד טהייער. בלייבט איהר דאָ, רוהט זיך אויס, ביזן מיין צוריק־קומען מיט דיא פערד, אם ירצה-השם, נעהם איך אייך און מיר פאָהרען ביידע פון דאַנען אוועק. אזוי !אָג איך דעם פארשוין, צו וועלכען עס ציהט מיר עפּים שטארק דאָס הארץ, נעהם דיא פיס אויף דיא פלייצעס— און לאָז מיך געשווינד אין וועג אריין.

דאס אלטע וויסטע קרעטשמעלע שטעהט אריינגעריקט אביסעל אין וואלד ביי דעם של אָך, וואו עס מהיילען זיך וועגען אין פארשידענע זייטען. לינקס פאהרט מען קיין גלופסק, קיין וואָהלין און רעכטס אין שטעדט פון פּאדאָליער גובערניע. איך נעהם מיך רעכטס. בקיצור, איך געה נישט, נאָר איך לויף. אין

כעס בין איך א שרעק. איך וואָלט צעריסען דעם גנב וויא א הערינג. עס פעהלט מיר מעהר נישט צו דיא נוטע עסקים, בלייבען זיטצען אין פעלד אָהן א פערד, אהן א גראָשען געלד. נישטער גאָר נישט. מיינע פיס הויבען אן זיך אָפצואָנען פון דעם ניכען גאנג, דער מאגען וויל נישט וויסען פון קיין שום זאך און מאהנט עסען. א קליינינקייט עפּיס אזא גרויסען טאָג אָפצופאסטען. שלעכט! עס עסט מיך דער געדאנק: פארפאלען דיא מיה, אומזיסט דאס לויפען! זיי, דיא שיינע נפשות, זעניז, אוועק א היבשע צייט פריהער פון מיר און וואס נאך? זיי פאהרען. אקענען זשע איך געה צו פוס. עס שטאַרקט מיך נאר איין האָפנונג, טאָמיר וועט אנלויפען עפּיס א פיהריל. א גליק נאָך, וואס דיא לבנה שיינט און מען קען האָטש זעהען וויא אין העלען טאָג. בקיצור, איך געה, שוין נישט אזוי געשווינד, מיט אימפעט וויא פריהער, אבער איך געה, געהם מיר ארום דיא אויגען קוקענ־ דיג נישטא קיין לעבעדיג בעשעפעניש. נישטער גאָרנישט, איך טהוא מיר מיינס, אלץ ווייטער, ווייטער. נעהם איך מיך צו עפּיס א זאך, פארשטעהט איהר מיך, לאָז איך עס אזוי ניך נישט אָפּ. בקצור, דאכט זיך א קלאַפּען פון רעדער.... אין דער ערד מיטן קאָפּ! אַזיף צושפרינגעניש פאהרט מען נאָר מיר אקענען, נישט אין דער זייט, וואָהין איך בעדאַרף. אי, א מזל, מיין פינצטער מזל—איך ווענדע מיך צו איין פוהריל, צו דער אנדערער, אלע זעניז שבור — לוט. אציגד פארשטעהט איהר מיך, ווער איך שוין גאָר מיאוס אין כעס, אבער וויא נאָך אין כעס!.... און טהוא מיך א לאָז ווייטער מיט אימפעט. איך בין שוין אָפּגע־ גאנגען א היבשע שטרעקע וועג, כ׳איז שוין טאקי גוט שפעט. און מיר איז נאָך דאָ אלץ א האָפנונג, עס וועט מיך אָניאָגען א פוהריל, און פון דערווייטענס דאכט זיך טאקי עפּיס פוהרליך. נאר אין דער ערד מיטן קאָפּ! ווידער טאקי מיר אקענען.... ניין! טראכט איך, היינטיגס מאָל לאָז איך עס אזוי נישט אָפּ. דאס לעצטע, וואס ביי מיר געפינט זיך, גיב איך אוועק, אבי מען זאל מיך אונ־ טערפיהרען. איך טרייב מיך אונטער, געה מיט קוראזש, נאָר דיא פוהרליך דאָרט ריהרען זיך, דאכט זיך, נישט. שטעהען עפעס אויף איין אָרט.

א האַריך־וועהמיג נאר, א צושפרינגעניש! נישטער גאָרנישט. בקצור, צוקומענדיג נעהענטער דערזעה איך, דאָס זעניז ביידליך. עס

פאלט מיר באלד איין, אפשר זענען עס דיא פיינע לייט. איך האלט איין דעם גאנג. נעה מיר שטיל, פאמעליכין און טראכט וואס טהוט מען? ביי דער זייט וועג ציהט זיך א וועלדעלע, מיינער אריין אהין, באהאלט מיך צווישען ביימער, פון וואנען איך קוק ארויס און בעטראכט דיא בייד־ליך אקעגען. יא, דאס זיינען מיט דיא אלע סימנים זיי, זיי! איין ביידיל ליגט אנגעבויגען צו דער ערד, ארום איהם א גאנץ פעקיל: מאנזבילען, ווייבער, יונג און אלט, קינד און קייט, אפגעריסענע, אפגעשליסענע. דער האקט, יענער קלאפט, איינער גיט עצות, דער אנדערער פלוכט, זידעלט. ווייבער קווטשען און קינדער שרייען, פישטשען. ס׳איז א געשעלטעריי, א געבייזעריי, א פאטשעריי א חארחלעריי מיט א געוויין און א געלעכטער אין איינעם. צווי־שען דעם רעש הערען זיך קולות: שולדיג איז דאס נייע פערדיל, פארברענט זאל עס ווערען! אזא פליאגע, דעם גאנצען וועג האט עס געצויגען אלץ אין דער זייט, אויף צולהבעים אלץ אין דער זייט.... עפעס א פגרש׳עפטע קריינק, פגרין זאל עס! פייבושקעס כשרה מציאה, א חאלירע אויף איהם! — פיסקאטשעס, שטינקפעסליך, קוליעס שטרוי, אהן הענד, אהן אויגען, נארנישט, נאר פרעסען, דריבנען! זידעלט זיך איינער, א רויטער יונגאטש מיט ברייטע פלייצעס און ווייזט דערביי איטליבען א קילאק. איך זוך מיט דיא אויגען און דערזעה: אין דיא אבער ריקעס מיט שלייעס שטעהט אפגעשפאנט, ביי דעם הונטערסטען ביידיל, אייער פערדיל, ה, מענדעלי! מען האט איהם א פנים, מכבר געווען נעהן אויפ׳ן דראגז־שיק. אי, חכם מיינער! מאך איך פאר פרייד, דוא האסט זיי אנגעמאכט א גוטע חתונה, נישקשה.... וואראשע איז ערגעץ מיין שלימטזלניצע? מיין שקאפע, זעה איך, שטעהט צוגעבונדען הינטער דער דאזיגען ביידיל טאקע. איך בעטראכט מיין דרענגיל נעהם ארויס מיין מעסער און לאז מיך אזוי שטילערהייט וויא א קעטצעלע צום ביידעל, בשעת דיא חאפטע איז שטארק בעשעפטיגט דארט מיט דער אקס, שנייד געשווינד איבער דיא שטריק, חאפ מיך ארויף רייטענדיג און פאהר מיט ביידע סוסים אהן א זיי געזונט אוועק. מילא נארנישט, בעדארף גראד צו אלדע שווארץ יאהר, איינער פון חאפטע דערזעהן, מאכט א געפילדער און עס הערט א קאכעניש. דער רויטער יונגאטש, זעה איך, יאגט הענדום־פענדום און אט אט

דעריאנט ער מיך. מיינער שמייסט, טרייבט דיא פערד, זיי לאזען זיך הײנטיגס מאל נישט בעטען און לויפען וויא ווייט נאר זיי קענען. דער רויטער איז וויטליך אביסל הינטער מיר. בעדארף מיין שקאפע זיך פארפלאנטען אין דיא שלייעס פון אייער פערדיל, וועלכע איך האב אין איילעניש נישט אראפגענומען. זיא פאלט און עס ווערד איין עכוב. דערווייל יאגט אן דער רויטער יונגאטש, אנגעצונדען וויא א גזלן און ווארפט זיך אויף מיר וויא א חיה רעה. מיר ראנגלען זיך מיט אלע כחות, שטום, נישט צוריידען קיין ווארט פאר גרויס כעס. מיר ווילען איינער דעם אנדערן אומווארפען און פאלען ביידע ארומגעהמענדיג זיך שטייף, אזוי אז דיא ביינער קנאקען. בקצור, מיר ארבייטען געשמאק, אט בין איך פון אויבען, דער רויטער אונטען, קוועטש אזש דער רוח נעהמט איהם, פלוצלים בייטען זיך דיא יוצרות: ער פון אויבען און איך אונ־טען, ניעמער נארנישט. איך דערלאנג איהם. פערשטעהט איהר מיך, דארט אין דער זיבעטער ריפ, אין דער דעך. ער שפרינגט אונטער און בלייבט ליגען שטיל, וויא טויט. מילא נארנישט. דאס איז געווען נאר אן אנשטעל. איך לאז איהם אפ און דאס טאקי האט ער געמיינט־ ער בייברעט זיך דערווייל שטיל און בעקוממט ארויס ביי זיך פון דער קעשעניע א מעסער. — עהע, אזא בחור ביסט דוא! טהוא איך א געשריי, גיב איהם א זעטץ איבער דער האנד, אזוי איז דאס מעסער פאלט איהם ארויס און פארפליהט ווייט, ער נעהמט זיך צונויף מיט אלע קרעפטען, גיט זיך א ווארף אויף מיר פלינק וויא א קאטץ, דראפעט מיר דעם האלדז און אט אט שטעקט ער מיר אריין דיא פינגער אין נארגיל. פלוצים הערט זיך פון דערווייטענס א גלעקיל. דאס מאכט אויף איהם א מורא. ער איז דאך פארט א גנב. — אייער טרפהן מזל, ברומט ער וויא א בער, וואס דאס גלעקיל. נאט אייך זשע א מתנה! .... ער טהוט מיר א טראך אין קאפ און ווערט פערשוואונדען. איך שטעה באלד אויף, חאפ מיך ווידער ארויף רייטענדיג און פאהר מיר מיין וועג. שפעטער ערשט דערפיהל איך דעם וועהטיג, טוה מיך א טאפ' בע, אופן שטערען איז מיר א בייל! נישמער נאר־נישט. מיינס האב איך אויסגעפיהרט. דיא פערדליך, פערשטעהט איהר מיך, זיינען ביי מיר.

— בענססט נומל, וואס האט זיך אזוי אויסגעלאזט! רופ איך מיך אן און נעהם אלטירן ארום פאר פרייד.

— נישקשה! מאכט אלטיר. לאז דער רויטער דארט אויף בענשען גומל, וואס א מעת לעת האב איך גארנישט אין מויל געהאט און בין געווען שטארק מיד, אבער אונזערע סוסים זענען דא.

— ווא זיינען זיי, דיא לייבען אונזערע! פרעג איך, ארומקוקענדיג זיך אין אלע זייטען.

— האט צייט אביסיל ר׳ מענדעלי! ענטפערט אלטיר, דער פארשוין, מיט וועלכען איך בין צוריק געקומען, האט געפיהרט דיא לייבען אנטרינקען דארט אראפ נידריגער, וואו ס׳איז דא א טייכעל און גוטע גראז. זייט רוהיג נישקשה. ער גיט אויף זיי אכטונג. איך בין נישט לאנג געקומען. מיד, צובראכען, לא עלכם, מוה איך מיך א ווארף איןביידעל און דעק מיך איבער מיט דעם לאנטוך חאפען א דרעמיל. נאר קוים וואס איך מאך צו אן אויג, קומט איהר אן ר׳ מענדעלי, און געלויבט איז גאט, וואס מען זעהט זיך געזונט .... וואס נעהט איהר עס עפיס פערבונדען, ר׳ מענדעלי? הא, דיא ציין?

— איהר, ר׳ אלטיר, זאג איך, איהר זיינט געקומען פארבונדען דעם קאפ מיט א בייל, איך — פארבונדען, אהן א פאה; איהר מיט א פארשוין און איך מיט ר׳ חיים־חנא, חיה טריינעס מאן! שטעל איך איהם צום צווייטען מאל פאר שוין מיט דעם גאנצען טיטעל.

אלטיר שטעלט אויס דיא אויגען, קוקט אויף מיר מיט א פרעגע.

— וואס הייסט! מאך איך וויא שטארק פארוואונדערט, איהר קענט נישט חיה־טריינען!

— מילא חיה־טריינע איז חיה־טריינע, מאכט אלטיר פארוואונדערט צוריק, אבער דיא פאה! וואס נעהר זיך עס אן מיט אייער פאה?

— א קרובה, מיין וייב נעהר זיך אן א קרובה. רופט זיך חיים־חנא אן תאמאַ א ־ע.

און וויא מיר שמיעסען זיך דא אזוי, זיצענדיג אויפן גראז, ווייזען זיך פון דער ווייטענס אונזערע לייבען, העצקענדיג זיך, קלאמפערשט וויא זיי לויפען. עפיס האט

זיי אין מיינע אויגען דאָס פּנים זיך גענענדערט פון געבעטען און. זיי פאַררייסען די קעפּ מיט גאוה, גלייך וויא גערעדט: לאָך דיר, לאָך, פון דעסטוועגען האט זיך אויף אונז געפונען א בעל, געהאט שטאַרק חשק און אונז אוועק־גענגבהט, נישקשה. מיט א שמאַטע אויפן פּוס, מיט א רינענדיג אויג, פון דעסטוועגען אז מען בעדאַרף געהן אויפן דראנזשיק געהט מען און איין אקס אז מען בעדאַרף צעברעכען קענען מיר אויך, נישט ערגער פון אנדערע. אז אָך און וועה איז אונז נאר, וואס מיר זענען יודישע. איהר, ר׳ יודען, זענט זיך נאָר מתחייב אייערע פערד קעסט און געבען גיט איהר זיי מכות.... איך דערלאַנג מיין פערדיל, בשעת צוקומענדיג צו מיר, א קליין זעטצעלע איבער דער מאָרדע מיט א שמייכעלע: דוא שקאָץ איינער!

באלד דארויף קומט אויך צו אלטירס פּארשוין. איך טהוא א בליק און לאז ארויס אויף א קול, א פּאטש געבענדיג מיטביידע הענד:

— פישקע! מען זאָל געוועזן דערמאָהנען משיחן וואלט ער געקומען.

— יענער פישקע? פון וועלכען איהר האט מיר דערצעהלט? פרעגט אלטיר זעהר פארוואונדערט.

— יאָ, יענער, דער פון דער באָד. — נוא שלום עליכם, פישקע!

— איך האב אייך, ר׳ מענדעלי, אויף׳עם דערקענט. זאָגט פישקע אפּשטע־קענדיג מיר צוריק א שלום־עליכם.

— אייער פישקען קומט א דאנק, מאכט אלטיר צו מיר, ווען נישט ער, וואלטען מיר אונזערע פערדליך געזעהען וויא אונזערע אויערען.

— ווען נישט ר׳ אלטיר, מאכט פישקע אויך צו מיר. וואָלט פישקע א מיתה משונה איינגענומען.

— איך האב שוין געהערט, געהערט! רוף איך מיך אָן. זאָג בעסער, פישקע פון וואנען האסט דוא זיך אהער גענומען?

ס׳איז א לאַנגע מעשה. ענטפערט פישקע, אוועק־קעהרענדיג דעם קאפּ אין דער זייט.

איך שטעה א רגע און בעטראַכט פישקען. ער איז געביך נאַקעט און באָרפיס מיט געשוואָלענע פאַרבלוטיגטע פיס, פאַרברענט פון דער זון און דאַר וויא א צוים־שטעקיל, נאָר הויט און ביין. דאָס הארץ האָט געריסען קוקענדיג אויף איהם.

ער האט געמוזט נעביך נעהנג צרות אויסשטעהען. איך נעהם איהם ביי דער האנד און זאג:

— דיין מעשה, פישקע, וועלען מיר שפעטער הערען. עס וועט נאך זיין צייט: אצינד רוה זיך אביסיל אויס דא מיט אונז.

---

12

פאר א יודישען בעל־לשון וואלט נעוועזען נענונג מאטריאל אויף אנצושרייבען א שיינעם פזמון פון אונז אלע, דענסטמאל אין יענעם שיינעם פריה מארגען. ס'איז דא צום פזמון פיר בעווייבטע יודען, וויא זיי ליגען זיך צושפילעט אויפן גרינעם גראז, האבען הנאה און שווייגען, אויף א זון מיט שטראהלען, הימעל, נאטור, טויה־טראפען, שפילפייגעליך און פערדליך, איינס שעהנער פונם אנדערען. דערצו וואלט ער דאך געמענט געבען א גמילות־חסד עפיס פון זיינס אויך: א משערעדע שאף, וואס פיטערען זיך אויפ'ן געמייזאכץ, א קלאהר רינענדיג וועסעריל, וואו „אינדען טהוען צוברעכען זייער דארשט", און אונז פייפעליך אין מויל, אויף וועלכע מיר שפילען און שאלען, וויא דיא פאסטוכער, א ליבליד דער גליבטער כלה אין שיר השירים. טארבעס איז דא ביי אונז, ברוך השם, איינענע, נישט צובע־דארפען זיינס. ביי איהם בלייב עס... גאר אבער עד כאן, ביז דאנען וויטער, ר' יוד, ריקט זיך נישט! צו מיר אין דער נשמה אריינקריכען, אריינליינען דארט אייער־ר'ע חכמה'ליך, פולע פשטליך — דאס איז נישט פאר אייך. דארויף איז שוין דא פאר אייך אנדערע ערטער... מיינע נעדאנקען גיב איך איבער בעסער אליין.

פשוט איז פשוט, איך ליג מיר בקומפאניע צוליינט, קוק מיט א פאר אפענע אויגען און האב זיך משונה הנאה. וואס? נארנישט. עפיס איז מיר גוט אויפן האר־צען גלאט אזוי אהן ווערטער. דאס צוברימקען מיינס דערביי איז אויך נישט מיט א כוונה צוגעבען קאנצערט, אדער צושארפען דיא כלי, נאר גלאט אזוי זיך א טרים־ברים, ברים טרים... אזוי געוועהנטליך טרימקעט א יוד אהן ווערטער, אהן א שום געדאנק, ווען דיא דאגות הפרנסה לאזען איהם אביסעל נאך. אזוי געוועהנטליך טריטקען קומפאניעס יודען, איטליכער פאר זיך, אויף

זין שטיינער, בשעת זיי שפּאַצירען זיך יום-טוב, אָדער שבת נאָכ׳ן קוגעל אין דיא חאַלאַטליך, דרעהענדיג דערביי א טהייל — דיא קוטאַסין, דיא שפּיצע בערדליך און א טהייל פּאַרליינט דיא הענד אהינטען.

חיים-חנא מיינער טרימקעט אויך מיט א שיינענדיג פּנים. דערנאָך ניט ע זיך פּלוצלים א שטעל-אויף, נעהמט זיך ביים בערדיל, בעלעקט זיך און מאַכט צו מיר אזוי:

— נו, ר׳ מענדעלי: שוין צייט, מיין איך, צייט פאָהרען. הא?

— איהר ווילט שוין פאָהרען אהיים? רוף איך מיך אן און שטעה אויף אויף. ט פּא־רט נעזונטערהייט!

— וואס הייסט! קוקט חיים-חנא אויף מיר שטאַרק פערוואונדערט. און איהר, ר׳ מענדעלי, איהר וועט דען מיט מיר נישט פאָהרען? עפּעס האט מען דאך גע־רעדט עפּעס.

— וויא קען איך! ענטפער איך, וויזענדיג אויף דיא אלע לייט מיינע.

— מיר בעטען, מיר בעטען! מאַכט חיים-חנא. לאָזען זיי אויך פאָהרען. מיין חיה-טריינע מאַכט היינט ווארעניקעס. עס וועט פאר איטליכען גענוג זיין וואס צו עסען, ווארעניקעס.

— שיינעם דאנק! פאַרביינ איך מיך, נישטא קיין צייט. מען מוז און זינען האבען עפּעס פּרנסה. גריסט אייער ווייב נאָר פריינטליך.

— נאט איז מיט אייך, ר׳ מענדעלי! מיין ווייב וועט מיך הרג.... חיים־חנא האט געוואָלט זאָגען „הרגנען", נאָר ער האט זיך פאַרחאַפּט און אויסגעלאָזט שטאַרק צוטראָגען: וועט מיך און שטוב נישט אריינלאָזען מיין ווייב אהן אייך. מיינע האט מיט מיר היינטיגע נאַכט איבערגעשמיעסט דעם עסק.... פאַרשטעהט איהר מיך? זיא ריכט זיך דאָ אזוי אויף אייך, חאַסיע־גרונע מיינע אויך.... פאַרשטעהט איהר?

— איך פאַרשטעה, פאַרשטעה. עס מוז אָבער נעדולד זיין אביסעל. מיין ווייב וועט מיך אויף הרג.... און שטוב נישט אריינלאָזען, מיין איך, ווען איך זאל מיט איהר ניט איבערשמיעסען דאס עסק. פאַרשטעהט איהר מיך? וואס קען מען טאָן? ר׳ חיים-חנא.

— חיים־חנא איז נעבליבען שטעהן וויא אויסגעפּאטשט. מען האט געזעהן, וויא עס טריפט איהם דאס בלוט. דאס פּנים האט איהם זיך פאַרענדערט.

— טהוט מיר דיא טובה, קומט! מאכט ער מיט א נעבעט. ווען נישט, ניט זשע מיר חאַטש א בריוועלע צו חיה־טריינען, א געשריפטס, מיר אליין וועט זיא נישט גלויבען. מיך בעשולדיגען וועט זיא מיך, אז איך בין א שלים־שלימ.. וועט.... וועט.... פאַרשטעהט איהר מיך? שרייבט איהר אן עטליכע ווערטער, דער רבי וועט עס איהר איבערלייענען איך בעט אייך!

אין ברירה, מען מוז ראטעווען א נפש. ס'איז אפילו א גרויסער יושר אזא מאן נוט מקיים פּסק צו זיין. נאר לאז ער חאַפּען א פּאטש נישט דורך מיר. איך נעהם פון רענצעלי מיינעם אין ביידיל ארויס א בלייא־פעץ, רייס אָפּ פון א סידור דאס אויבערשטע ליידיגע בלעטיל, שפּאר מיך צו צו דער קעלניע און שרייב דיא דאָזיגע ווערטער:

להנגידה המפורסמת שאר־בשרי, הצנועה מרת חיה־טריינע, זאָל לעבען און געזונט זיין. אמן.

הנה זייט וויסען אז געלויבט השם־יתברך, איך בין בקו הבריאה, געזונט אויף אלע אברים. גאָט ברוך־הוא זאָל נישט אָפּטאָן דעם חסד זיינעם פון אונז אויף אויף ווייטער, מיר זאָלען הערען און ניכען ישועות ונחמות איינעם פונם אנדערען אין גרויס נחת, עושר און כבוד מיט א גרינג געמיטה, אמן סלה. אייערע קינדערליך זאָלען מאריך ימים ושנים זיין גרים איך גאָר פריינטליך, ובפרט לבתכם הכלה הבתולה מרת חאסיע־גרונע לעב בעט איך למען־השם צוגריסען גאָר פריינטליך.

ווייטער בין איך אייך מודיע, אז הסחורה האב איך, געלויבט זיין ליבען נאָמען, געטראָפען גאַנץ עם הביידליך אויף זייער אָרט. והשנית בין איך מודיע, אז הסוסים האבען זיך אויפגעהוכט. ר' אלטיר יקנה"ז האט זיי פון גנבים'ס הענד מציל געווען. דאָ האבען זיך געמיהט גאר זכות אבות. גרויסע ניסים איז אונז בעשיינ־פערליך געשעהען. מיר זיינען גאָר אזוי פיעל נישט ווערטה דעם אויבערשטענס חסדים. בעלכם נ"י וועט אייך איבערגעבען בל־דבר שורש. מען מעג אזוינס אין דיא קראָניקעס שרייבען.

איך בעט אייך מחילה, חיה־טריינע, ווי אין איינעגע טומער, וואס איך נעהם מיך אונטער צו זיין פאר אייך א מליץ־יושר אויף אייער בעלכם, וואס האט נעביך גרויס שרעק און עגמת נפש דערפון, וואס איך פאהר היום נישט צו אייך לויט דעם מדובר. האט אויף איהם רחמנות, לאז ער נעביך נישט האבען אפגעשניטענע יאהרען און בעשטראפט ווערען דערפאר, וואס איך האלט נישט ווארט און קען נישט כפי המדובר צו אייך היום קומען. אויף אייער בעלכם איז חלעבין א צער בעלי־החיים. ער האט פאר מיר פשוט נעהאלעשם, מצדו איינגעלייגט דיא וועלט, אפגעלויבט אין מאנ אריין אייך ובפרט בתכם הכלה המושלמת, וועלכער איך גריס גאר פריינטליך. הכלל ער האט מצדו געטאן, וואס א מאן און א געטרייער טאטע בעדארף צוטאן.... פארשטעהט איהר מיך? און נאך א מאל טאקי פערשטעהט איהר מיך? — ער האט מיר אפילו נערייצט דעם יצר־הרע מיט ווארעניקעס און מיט נאך גוטע זאכען. נאר פרנסה איז בילכער פון אלסדינג. מען מוז צוליעב דעם שמיקעל פרנסה פארבוינען אפילו ווארעניקעס. והשנית, האב איך דאס עפיס א זונתי. איהר פארשטעהט דאך, פארשטעהט איהר מיך, וואס איך מיין.... אי, אזעלכע זאכען פארשטעהט איהר?.... וואס איז דען א מאן אהן א זונתו? איך האף צו דעם וואס לעבט אייבינ, אז מיר ו...לען בלי־נדר זיך נאך זעהען און איה״ש אין פריידען אפעסע ביי א ד ווארעניקעס און אפשר נאך לעקיך אויך... פארשטעהט איהר מיך. דערוייל זאל בעלכם נעביך נישט ליידען. א צער בעלי החיים!..

איך שיק אייך דא מיט בעלכם א מתנה: א „תחינה חדשה על־הפרנסה“, „תחינות צו ליכטבענשען, צו ראש חדש בענשען“, „תחינה אמהות שרה רבקה רחל ולאה“, נאר א שפאגעל נייע תחינה פאר כפרות שלאגען“. גם שיק איך אייך דעם „מעין טהור“ וואס איטליכע אשה בעדארף דריגען זיין בקי און שטארק היטען דיא אלע דינים דארט וויא זיך נוהג צו זיין. איהר וועט דערפון גרויס תענוג האבען, אייער בתכם הכלה הבתולה וועט דערפון אויך משונה הנאה האבען.

חיה־טריינע! איך האב צו אייך א בקשה. אז דיא וואנצען שלכם האבען מיך, נישט היינט געדאכט, נעכטען נעפייניגט, האב איך אראבגעחאפט פון מיר הוואקענע זאקען שלי, דיא ברעסלער, און זיי אין איילעניש ביי אייך אויפן טאפטשאן פאר־

נעסען, זכט זייא, זייט מוחל, אויף, און לאָז בעלכם זיי טראָגען געזונט, א מתנה פון מיר. — זייט מיר געזונט און גריסט נאך אמאָל אייערע ליבע קינדערליך, גם אייער בתכם הכלה לעב אויף נאָר פריינדליך. פארגעסט למען השם ולמען השם נישט מכח אייער בעלכם. בעלכם האָט געביך א שווער, ביטער געמיטה. הבייטש שלי, וואס איך האב פארגעסען בהאלקיריל שלכם גיב איך במתנה דעם רבין, זיא וועט איהם צוניטץ קומען... פון מיר וואָס גריסט אייך און אייערע קינדערליך איטליכען בעזונדער און בתכם הכלה לעב אויף בעזונדער הקטן מענדעלי מוכר ספרים".

אז איך האב איבערגעלייענט דעם דאָזיגען בריעף חיה־טרייגעס מאַן איז ער געווען איבערגליקליך און נאָר אנגעקוואָלען פון דעם זיסען לשון. ביי איטליכם וואָרט האט ער זיך א פאטש געגעבען אין דעם שטערען פאר גרויס וואונדער, וויא א מענש קען אזיינס אָנשרייבען! מאכענדיג דערביי: אוי, מחיה׳דיג לשון!... אוי, לשון, צוקער זיס, וויא איך בין א יוד!.. מיר האָבע, זיך זעהר שיין געזעגענט און ער איז מיט א גרינג הארץ אוועקגעפאָהרען.

13.

אזוי וויא איך און אלטיר זענין געוועןביידע שרעקליך מיעד און צובראכען פון נעכטינער נאכט, דאריבער איז ביי אונז געבליבען, חאפען א דרעמיל און אויסרוהען זיך אביסיל אקעגען א פאָר שעה. דערנאך וועלען מיר זיך לאָזען פריש אין וועג העט ביז אין דער נאכט אריין. פישקע האט אויך זיך גענומען, אבטונג צוגעבען דערווייל אויף דיא פערד און אנגרייטען עפים צום מיטאג. „איך, אזוי זאגט ער, האב דיא נאכט נאך דער מעשה מיט מיר, געשמאק געשלאפען וויא נאך א באָד. ר׳ אלטירן, ביי זיין צוריק קעהרען זיך, איז שווערליך אנגעקומען איידער ער האט מיך דערוועקט". — אלטיר לייגט, אויף מיין בקשה, דעם קאפ זיינעם אנידער צו מיר אויפן שויס. איך

נעהם א מעסער און קוועטש מיט דעם קלינגעל איהם אפ דעם בייל אויפן שטערן. דערנאך מעניצען מיר, קנאקען אויס דיא ביינער, געהן און לייגען זיך אין שאָטען אונטער א בוים.

ווען נישט דיא זון זאָל געוועזן פון דער פוטערפאַס ארויסשיקען איהרע ברענענ־דיגע שטראהלען, וואָס האבען אונז געבראָטען, וואָלטען מיר געקענט אזוי ביז נאך האלבען טאג אפשלאָפען. אויפעפענענדיג דיא אויגען דערזעהען מיר נישט ווייט פון אונז ברענט א פרעהליך פייעריל, ביי וועלכען עס קאָכט זיך א טעפיל קארטאָפלעס צונערעמפס מיט ציבעלע און מיט א יודישער דארער קישקע. מיר נעהמען צו בים־ליך בראנפין און זעטצען זיך באלד עסען מיט אפעטיט. מיר לויבען אפ פישקעס קאכען אין טאג אריין. עס האט דעם יודישען טעם, דער מלכות מעג זיינע קאר־טאָפלעס עסען. און ער קוועלט נאר אָן, צו ווינטשעווענדיג אונז: עסט געזונט, זאָל אייך וואויל בעקומען!

— פון וואנען, פישקע, טהוען מיר איהם א פרעגע, האסט דוא עס אויסגעקראצט א יודישע דארע קישקע? פון אונזערע קארטאָפלעס און ציבעלע האט דאך געקענט זיין נאר פיש קארטאָפעל.

— פון וואנעט, פרעגט איהר, א יודישע דארע קישקע? ענטפערט פישקע. פון׳ם טארבעלע! ס׳איז מיר גראָד געראָטען מיין טארבעלע צו בעהאלטען פון דעם ממזר, פערהאָפט זאָל ער ווערען!

— דערצעהל, פישקע, בעטען מיר איהם, וואָס איז אזוינס מיט דיר געשעהן?

— עט! מאכט פישקע מיט א זיפץ, ס׳איז פיל צו דערצעהלען, זעהר א לאנ־גע מעשה.

— דער טאג איז גרויס, צייט איז ביי אונז ברוך השם דאָ צו הערען דיין מעשה. — קומט שפאנען! זאג איך צו אלטירן. מיר וועלען זיך פאהרען און פישקע וועט אונז אויפן וועג דערצעהלען.

אז דיא ביידליך זענין שוין געשטאנען געשפאנט, פארבעט איך דעם עולם צו מיר אויפן וואָגען, אלטיר אבער פארבעט אונז צו זיך. ביי מיר, זאגט ער, איז גע־ריימער, נישט אזוי אָנגעפאקט מיט סחורה. איך מאך א פשרה: לאז זיין אביסעל ביי איהם אויפן וואגען און אביסעל ביי מיר.

## ביי אלטיר יקנה'ז אויפן וואָגען.

נו היידא פישקע! ארויס מיט דער שפּראַכע. בעטען מיר איהם, נאכדעם וויא מיר האבען זיך אויסגעזעצט אויף אונזערע ערטער און געפּרעגעלט ביי אונזערע פערד־ליך, זיי זאָליי זיך ריהרען פונם אָרט. פישקע אבער קווינקעלט זיך, האלט אראָפּגע־לאָזען דיא אויגען און ברעכט דיא פינגער.

— וויים איך? .... איך שעהם מיך עפּים חלעבין. גלאט נעהם און דערצייל אז איך קען נישט. עפּים פריקרע, חלעבען.

איך גיב פישקען אונטער השק. אלטיר פון זיין זייט שטיעסט מיט איהם איין אזוי:

— סיאיז נאָר הארב, נארעלע, דער אָנהויב. אבי נאר דאס ערשטע וואָרט נעהט עס שוין דערנאָך וויא א מזמור. איך וויים עס טאקי פון מיר אליין. מילא בקיצור, וואס מאכט עס אוים? וועסט אליין, נארעלע, דערנאָך זעהען, סיאיז גאָרנישט .... מילא האָסט דוא, פישקע, חתונה געהאט, פארשטעהסט דוא מיך, מיט דער בלינדער יתומה: נוא! גאָרנישט, וויים איך מיר עס שוין. בקיצור, וואס־זשע איז ווייטער?

— ווייטער; אין איהר טאַטען און אין איהר טאַטענס טאַטען א רוח אריינ־געפלויגען! שיסט פישקע אוים מיט אינפּעט אין איין כעס. זיי האבען מיר עס אָפּ־געאָן־עט אויף טערקיש.

נו, נו, נו! טרייבען מיר אָן פישקען, וואס האט נאך דעם אינפּעט זיך באלד אָפּגעשטעלט. פישקע עפּענט ווידער א מויל און הויבט אָן שוין נישט מיט אזא היטץ וויא פריהער.

— אוי, א שיינע ווייבערא! .... נאך דער חתונה האבען מיר גאָר נישקשהדיג געלעבט, וויא א יודעש פּאָר פּאָלק בעדאַרף צולעבען. איך האב, דאכט זיך, אקענען מיין ווייב געגונג יוצא געווען. הערט איהר יודען, זאָל מיר אָפּ דאַרען דאס מויל אויב איך זאָג א ליגען! אלע טאָג אין דער פריה פלעג איך זיא, וויא עס געהער צוזיין ארויספיהרען אויפ'ן אָרט לעבען דעם אלטען בית־עולם, וואס דארט איז דער שטיינער איהרער אז געווען צוזיטצען אויף אביסעל שטרוי און בעטען נדבות מיט א נינון פון דיא קינות, וועל־

כ;ר עס האט איטליכען געריהרט ביי דאס הארצען. עטליכע מאָל אין טאָג פלעג איך איהר צוטראָגען אהין, דאס א טעפיל געקעכץ, דאס א ז״סע באבקעלע, א זויערע אונערקע, א קיכליצע. נא קוויק זיך! זיא זיצט ראָך דיא גאנצע צייט אָפּ־עט אויף איין אָרט און איז שטארק פערטראָגען אין דער פרנסה. פיעל מאָל פלעג איך מיר גלאָט אזוי קומען געוואהר ווערען, וואס מאכט זיא, אויך אונטערהעלפען איהר אביסעל אין דעם פדיון: ארויסגעבען איינעם, דעם אנדערן רעשט פון א דרייער, פון א זעקסער, דערמאהנען זיא אין אלטע חובות פון בעלי הבתים, וואס האָבען איהר פארביי געהענדיג נישט געסילעקט באַלד במזומנים, נאָר אָפּגעליינט אויף שפּעטער. אדער אפטרייבען א קיה, א ציג, וואס זיי האט זיך געגלוסט, אויף זייער שפּאציר אין דיא גאסען, ארויסחאַפּען איהר פון אונטער דעם געזיים א פול מויל שטרויא. אין חודש אלול האב איך זיא געפיהרט אויפן גרויסען יריד, ארויס פון דער שטאדט, דאָרט אויף דעם בית עולם. זיא האט עס געמאכט נישט ערגער פון דעם איבעריגען פּעקיל כלי קודש דאָרט: שמשים, שמשטעס, חזנים, זאָגערענס מקבלים, תהילים זאָגערס, נבאיטעס, קנייטליך לייגערענס, פעלד מעסטערענס, וויינערענס און קלאָגערענס. אָט אזוי האט זיך עס געמאָלקען, יודישע קינדער! ס׳איז געווען, נישקשה, פון וואנען צולעבען. נאָר אז ס׳איז גוט וויל מען נאך בעסערס, אז מען האט ברויט וויל מען קיילעטש.

ווייסט דוא וואס? הויבט מיין ווייב אָן־עט מיר צחאָגען. אזעלכע מענשען וויא איך און דוא, אזא פאר פאלק וויא מיר ביידע ווערען אויף דער וועלט פאַר־פאלען אסור נישט ווערען. אין אונזער ברויט זענין אונזערע חסרונות גאָלע מעלות. ביי אנדערע אין דיא הענד אזעלכע זאָלען איינשטעהען, וואָלטען זיי א גליק געמאכט. מיר ביידע זענין גרויסע שלימזלניקעס און טהוען נישט דאס, וואס מען בעדאַרף. אָט פאלג חלעבין א ווייב, אביסיל עלטער, געניטער פון דיר. נעהם, פישקע, פיהר מיך ארויס־עט אויף דער לעבטיגער וועלט, צווישען לייט, אין יענע מקומות אריין, ועסט דוא זעהען, געדיינק מיינע ווערטער, אז מיר וועלען געהען אין גאָלד. דאָ אויף דעם פלאטץ איז שוין כמעט גאָר נישטא, וואס צוטאנ׳עט. מען זיצט א מאָל אָפּ׳עט א לאנגע צייט ביז איינער דערבארעמט

זיך און ניט א גראָשען. לייט דערצעהלען עס א ביסיל פון דעם גרויסען גליק, וואס לעקיש, דער חאָלירע חתן, האט אין דער וועלט מיט פערלען זיין ווייב געמאכט. זיי האבען באַלד נאך דער חתונה זיך אוועקגעלאָזט און דאס מזל, אהן עין הרע, געהט זיי! מאָטיל מקבל האט מיט זיי אין קישינוב זיך בעגעגענט, ארומגעהענדיג אין דיא הייזער. זייערע טאָרבעס, דערצעהלט ער, זענען פול אנגעשטאָפּט מיט אלעם גוטען — מיט שטיקער קיילעטש, גרעסערע וויא מען גיט דאָ דעם שבת נוי, מיט מאמאַליגע, מיט גערייכערט שאָפּענפלייש, מיט דארע קישקעס און קאָרע. פערלע שיינט וויא דיא לעבטיגע זון. ס'איז איהר אין פנים נישט אריינצוקוקען. זיא איז פעט, דיק און ברייט מיט פּיסקעס נאר א גראָפּינע. גלופּסק וויל זיא מעהר נישט קענען, מען זאָל איהר עס אפילו שיינקען. — מענשען, וואס קומען פון אדעס קענען זיך גאָר נישט אפּוואונדערען פון דעם גליק, וואס יאָנטלען, דעם אנדערען חאָלירע חתן, האט געטראָפען. זיי האבען איהם געזעהען זיך ריקענדיג דאָרט אויפן געזיים צווישען דיא קלייטען און גאָט שיקט איהם צו. ער מאכט עס גאנץ גוט. דער עולם קען אויף איהם זיך גאר ניט זאַט אנקוקען. אדעס, זאָגען זיי, האט דאך עפּעס גענוג קאַלעקעס, וואו ערגיץ אין דער וועלט א קאַלעקע רייסט זיך אהין אָפּ'עט און מען איז שוין מיט אזעלכע געוועהנט, נאָר וויא קומען זיי אלע צו גלופּסקער. אזעלכע וויא גלופּסק ניט ארויס'עט, קען ענגלאנד אפילו אויך נישט ארויסגעבען. גלופּסק, אזוי דערצעהלען מענשען, קלינגט אין דער וועלט. אויף א גלופּסקער יודע; לויפט מען קוקען וויא אויף א בייז וואונדער.... און חלעבען אונז וועט גאָט אויך נישט פארלאָזען. אָט כל־זמן ס'איז נאך זומער קום לאמיר זיך אוועקכאַזען. האיע נישט, א טאָג הלעביך איז אויך אן עברה.

מיין ווייב האט מיר געמאכט א יצר הרע און מיר האבען זיך אוועקגעלאָזט.

וואס זאל איך זאגען, יודען, נישט פארזינדיגען, ס'איז אונז געגאנגען זעהר גוט. אין וועלכען דאָרף, אין וועלכע שטאדט מיר זיינען געקומען האבען מיר אויסגענומען. איטליכער האט אויף אונז געקוקט, קיינער האט אונז נישט אָפּגעזאָגט. דער הקדש איז פאר אונז געווען אָפען אומעטום, הייזער וויפיל דאס הארץ גלוסט, געה אהין און נעהם, אין קעשעניע, אין בוזעם און אין דער טאָרבע. דער שמש

פון דער שול פלעגט נעהמען עטליכע גראָשען און אונז געבען דערפאר פלעטען אויף שבת תמיד און איין הויף. מיין ווייב האט מיט מיר געלערנט הלכית אָרע־מאָן. איך בין דרינען געווען נאָך נאר א פריץ און נישט רעכט נעוואוסט דיא דינים פון אין דיא הייזער ארומגעהן. מיינע אבער איז אין דיא זאכען געוועזען א וואויל־קענעוודיגע מיט אלע אפשנימצליך. זיא האט מיך אלץ געלערנט, וויא אזוי מען בעדארף קלאָמפערשט קרעכצען, הוסטען און וואס פאר א רחמנות פנים מען בעדארף מאכען דערצו; וויא אזוי מען בעדארף א נדבה בעטען אָדער מאָהנען, זיך דינגען און צוטשעפען זיך וויא א זלידנע; וויא אזוי מען בעדארף צו ווינט־שעווען, אָדער שעלטען, פלוכען טויטע קללות. איהר מיינט, עפעס אזוי גלאַט נעהמט מען זיך און מען נעהט אין דיא הייזער. ניין! דאס איז א גאַנצע תורה. ביי יודען א נגיד צו ווערען איז געגוג נאָר מזל. עזות, פארשטאָכענע אויגען און דעסגלייכען, דאס קומט שוין שפּעטער פון זיך אליין ממילא. אבער א יודישער אָרעמאַן צו זיין, טאקע וואס אָרעמאַן הייסט, איז מזל אליין ווייניג, ער מוז קענען און וויסען א סך זאכען, וואס זיינען שטארק נייטיג צום עסק. ער בעדארף קענען דיא שפּיל און אריין אין דער נרגרת אזוי, אז יענער מוז געבען. ער זאל אפילו א מיתה משונה איינגעהמען.

איך מיט מיין ווייב זיינען מיר געווען פוס־אָרמעלייט. — איהר קוקט מיך עפעס אָנ׳עט, מיינע ליבע יודען, וויא אייך איז עפעס שטארק קשה. לאזט זיך דינען, זייט מוחל! אז איך האב שוין אָנגעהויבען צו דערצעהלען וועל איך געבען צו פארשטעהן אייך, וויא ווייט איך קען, דאס אויכ׳עט. דיא ארמע לייט ווערען וויא דיא סאלדאטען, איינגעטהיילט: אין פיעשע.... ווארט נאָר, ווארט, עפעס איז דאָ א פארדרעהעניש פון הונדערטער מאָרטען, א פלאָנטעניש פון שווערע נעמען און צונעמענישן. אָרמעלייט, וואס דראלען, הולכין מיט דיא רגלים... דער שווארץ יאהר זאָל זיי וויסען! אָרמעלייט וויא מיסט, עפּיס אזוינע און אזוינע קבצנים דאָ און דאָרט, אביונים, דלפנים כ״ט אלע פירושים, שלעפערס אין דער וועלט. בעטלער, בטלנים, מקבלים און טעלער־לעקער אין דער שטאָדט. אלערלייא, גאָר אָהן א צאָהל!...... ווארט נאָר, לאָמיך זיך אביסיל בעטראכטען.

פישקען אָבער האָט דאס בעטראכטען זיך אויך נישט נעהאָלפען. ער האט זיך פארדרעהט אין דיא גרויסע מחנות אָרמעלייט און נישט געקענט ארויס. איך האָב פון זיינע ווערטער פארשטאנען, אז דיא אלע מיני אָרמעלייט, ביי אונז טהיילען זיך איין אזוי: פּיעשע אדער פוס אָרמעלייט, דיא וואס שלעפען זיך צו פוס, און קאָניצע אדער בויד־ארמעלייט, דיא וואָס שלעפען זיך ארום אין ביידליך, א חוץ דעם ווערען זיי נאך איינגעטהיילט אין מינים: שטאָדט־אָרמעלייט, אז ל׳ע וואָס זענען געבוירען געוואָרען ערגיץ אין א שטאדט, געוועהנטליך ערגיץ אין דער ליטאָ, און פעלד ארמעלייט, דיא וואס ווערען געבוירען פשוט אויף דעם פעלד אין א בויד, זייערע עלטערס עלטערען האבען פון אייביג אָן זיך ארומגעשלעפט. דיא דאָזיגע ארמעלייט זענען יודישע ציגאנער. שטענדיג וואנדרעווען זיי פון איין עק וועלט צום אנדערען, זיי ווערען געבוירען און אויפגעוואקסען, האבען התונה, פרוכ־פערען זיך און שטארבען אלץ אונטער וועגענס, זיי זענען פרייע מענשען, פטור פון אלע זאכען: פון נתינות, טאקסעס וכדומה, אויך פטור פונם דאווענען און פונם גאנצען יודישקייט. נישטאָ קיין אויבער האר. — צו דעם טהייל שטאדט ארמע־לייט געהערען אלערליי שטעדטישע קבצנים פון דיא דאָזיגע סאָרטען: קבצנים פשוטע. יודען, יודעניש, מיידליך און בחורים, וואס געהען מיט טאָרבעס אין דיא הייזער אלע ראש חודש, אויך אין מיטען דער וואך און נעהמען גראָשענס און שטיקליך ברויט. א גרויסער טהייל יונגליך און מיידליך פון דיא דאָזיגע, לויפען א מאָל נאך איטליכען אויף דער גאס און רייסען ביי דיא פאָלעס, ביז מען מוז זיך פון זיי אויסקויפען מיט עפּיס א נדבה. — קבצנים כלי קדש. דאס זענען מקבלים, בטלנים, אין איטליכען קלייזעל, וואָס זופען משניות און זאגען קדיש ביי א ברמינן און אויפן היילינען ארט צו א יאהרצייט. מען מעג צו זייא רעכנען אויך שופר בלאָזער, מזוזות איבערקוקער מיט דעם גאנצען קאפיטעל אזעלכע לייט. — תורה און מצוה קבצנים. וויא א שטיינער פרושים, וואס ווארפען אוועק ווייבער און קינדער, בעגראָבען זיך אין א קלייזיל ערגעץ אין דער פרעמד און לערנען „ביצה“ אויף דעם עולם׳ס רעכנונג. ישיבה בחורים, וואס געהן ארום שלינג און שלאנג, קראצען זיך אונטערן אויוען און עסען טעג. יודען מיט פאטשיילבענס אין דיא הענד, אדער מיני גבאים, מישטעהנעס געזאגט, וואס זאמלען נדבות קלאטפערשט

אויף עפּיס א מצוה זאך.—באהאלטענע קבצנים, פון בעלי הבתים וואס נעהמען קצבה און נדבות שטילערהייט.—האלבע קבצנים. וויא א שטייגער תלמוד תורה מלמדים אין פיל שטעדט, וואס זענין האלב מלמדים, האלב בעטלער, און דעסגלייכען אויך שמשים, דיינים, רבנים. איטליכער פון זיי איז האלב דאָס, וואָס ער איז און האלב דאָס, וואס אלע אנדערע יודען מיט טארבעס זענין. — יום טובדיגע קבצנים. אזעלכע, וואס קבצנען געוועהנטליך פורים, בשעת יודען בכלל מאכען זיך הארץ און לאזין זיך פאר גרויס חדוה געהען קומפּאניעסווייס אין דיא הייזער, אדער א מאל אויך אונטער א יום טוב, און הייסען עס קלאמפּערשט, זיי קבצנען פאר אנדערע נעביך. — גמילות חסד־קבצנים. אזעלכע וואָס נעהמען זייער גאנץ לעבען נדבות אונטער איין אויסרייד א גמילות חסד קלאמפּערשט, היינט מאָרגען גיבען זיי עס מיט א דאנק צוריק אפּ.

— דערמאָהנט מיך ר׳ אלטיר, רוף איך מיך אן, נאכדעם אז איך האב פּיש־קעס ווערטער געגומען אויף מיינע כלים און געמאכט דעם דאָ־יגען שטיקעל סדר צווישען אונזערע קבצנים. דערמאהנט מיך, איך בעט אייך, אפשר איז דאָ נאך קבצנים, וועלכע איך האב חלילה פארגעסען אריינצושטעלען אין צעטיל.

— מילא וואָס מאכט עס אויס? טהוט אלטיר א זאָג און פארקרימט זיך אויף מיר עפּיס אזוי, וויא איינער מיט א באָרד קרימט זיך אויף א יונגעל, ווען ער מאכט זיך עפּיס נארעש. — אָווא, ער האט חלילה פארגעסען!.... אזא וויכטי־גע זאך דאס צעטיל! און אז מען שמעהט נישט אין צעטיל קען מען חלילה קיין קבצן נישט זיין!....

— זאגט עס נישט ר׳ אלטיר! שמעל איך מיך שטארק אקעגען. אונזערע קבצנים זענין ביי זיך שטארק פארריסען, שרעקליך להוט נאך א פּיצעל כבוד. כאָז איינעם זיך נאר דאכטען עפּיס א מינדסט בעליידיגונג איז ער גרייט צורערגעהן אייך דאס לעבען. בעהיט זאָל מען ווערען פון א קבצן, א שמעלקע!.... שאַ, זעהט איהר, אָט האב איך מיך מאַקי דערמאהנט! אָהן עין־הרע נאך א סך־קבצנים: אייניקליך, ירושלמים, ארץ־ישראל יודען, נשרפים׳ שלאָפּע, מערידינרינגע מיט כתבים פון דאקטורים, עגונות, אלערליי מיני אלמנות, מחברים, ניי־מאדנע מחברטעס מיט דעם מאנס חבורים. נישקשה דער רוח האט אונז׳ ר׳ אלטיר, אויף

נישט גענומען. מען מעג גאנץ שטארק רעכנען אויף מוכרי ספרים און אז ס'איז שוין יאָ אזוי, רופט־זשע טאקי אויף אויך אונזערע דרוקער און אלע מיני רעדאק־טערס, זיי מיט אלע זייערע ארבייטער זעטצער, בעלי מגיה'עס, שרייבער, קארעס־פאנדענטען — יעמוד עם כל־הקבצנים!.... אצינד, ר' אלטיר, בעדארף מען דיא דאזיגע אלע לייט אויססארטירען, איטליכען אויף זיין אָרט אין צעטיל. — דאכט זיך, קיינעם נישט פארגעסען, הא?

— אי, פע, ר' מענדעלי! מאכט אלטיר אויפגעבראכט און הויבט זיך אָן צוקראצען. גענוג חלעבין מיט אייערע קבצנים. עס בייסט מיר אזש דאס לייב, וויא פלייא וואלטען מיך אָפגעשים. פון מיינעט וועגען וואלט איהר עס געקענט מאכען בקיצור: כל ישראל איין קבצן, און גאָרנישט.... איין עק, א סוף זאל עס האבען. לאָזט פישקען דערצעהלען ווייטער און שלאָגט איהם נישט איבער. אונטערזאגען א װארט, װען עס שטעלט זיך פישקען אין גאָרגעל און ער בלייבט וויא דערוואָרגען, אדער אויסבעסערן איהם אמאָל דאס לשון, דאס,—מהיכא־תיתי.

נאך גאר ביים אָנהויב איז פישקע געװען דער חזן, וואס האט גערדעהט דאס מויל, ארויסגעלאזט צוהאַקטע צובראָקטע ווערטער און איך זיין משורריל, וואס האט איהם אונטערגעהאָלפען אין דער נויט און איהם אויס דעם מויל ארויסגענומען דאס װאָרט, מיט וועלכען ער האט זיך געוואָרגען. אָהן מיר וואלט שוער געווען פישקען אליין רעכט צו פארשטעהן. דאס, בין איך א בעלן צו ווייזען אויף א פראָבע שפעטער אביסעל. אלטיר האט דערביי נישט מעהר געמאן וויא אונטערגעשטופט מיט זיינע ווערטער: „מילא בקיצור", „נישטער גאָרנישט", וויא איינער, וואס טרייבט שבת אין שול אונטער דעם חזן, ער זאל עס אָפמאכען בקיצור, פיהלענדיג, אז אין דער היים װארט אויף איהם דער קידוש, א טשאָ־לענט מיט א קוגעל.

14.

„עך מיט מאן וואב אבען קענעט צי פישע. ני קענטי אך משאעה זאן וויא מיט מאגע קיאנקע פיסיעך פיענען מי זעך שיעפען זייע פאמעיעך, קייכין וויא דיא

יאַקעס." אַט אזוי הויבט פישקע אָן ווייטער צו דערצעהלען מיט זיין לשון, וואס אויסגעבעסערט מיט מיין הילף מאכט עס: איך מיט מיין ווייב האבען גענעהרט צו דיא פיעשע, דאס הייסט, פוס־אָרמעלייט. נו, קענט איהר אייך משער זיין, וויא מיט מיינע קראַנקע פיסליך פלעגען מיר זיך שלעפען זעהר פּאַמעליך, קריכען וויא דיא ראַקעס. און אזוי געהט פישקעס דערצעהלונג, אויסגעבעסערט, ווייטער:

מיין ווייב האט אנגעהויבען מיך ביסלעכווייס צו זידלען, צו שעלטען, צו זאגען שטעכווערטליך, צו רופען מיך מיט צונעמעניש און מיר אויסצרוואַרפען מיינע קראַנקע פיס. זיא איז אַקענען מיר ארויס מיט טענות, אז זיא האט אין מיר גאר אין גאנצען זיך אָפּגענאַרט פון אויבען ביז אראָפּ: אז זיא האט מיך געמאכט פאר א מענשען, זיא האט מיך אין דער וועלט צווישען לייט ארויסגעפיהרט, זיא האט מיך פארזארגט מיט פרנסה, געשטעלט אויף א שטיינער און איך בין איהר נישט געטריי, מהו איהר אלין אויף צופוקעניש. נאָר דאס אבער איז געווען זעלטען. איך פלעג מיך נישט וויסענדיג מאכער, אלפדינגג אראָבשלינגען, געטראכט ביי מיר, אזוי אזוי געוועהנטליך דער שטייגער פון א ווייב, אזוי בעדארף צו זיין. אימליכען מאן איז דאס ווייב א מאל מכבד מיט א וואָרט און א מאָל טאקי מיט א קלאַפּ אויך. קוים איז איהר דער כעס אָפּגעגאַנגען איז ווייטער געוואָרען א לעבען, פישקע ווייטער שטארק חשוב. זיא פלעגט ארויפלייגען איהר האַנד טיר אויפן אַקסעל, זאָגען: הייטאַ, פישקע! מיינער געהט פאראויס, זיא הינטער מיר און ביידען איז עפּיס גוט אויפן הארצען. „אָט אזוי האָבען מי זעך געייקט און געקיאָכען".

ביז באלטע האבען מיר זיך געשלעפּט עפּיס גאָר א לאנגע צייט און פערשפּעטיגט דעם גרויסען יריד דאָרט וואס קלינגט אין, דער גאנצער וועלט, מיין ווייב איז געווען אויסער זיך, שרעקליך זיך געערגערט, גלייך וויא זיא וואלט דאָ פערלוירען שרפ"ט אלפים טאהלער. איך טרייסט זיא און דרינג איהר אלין: מילא וואס איז דאָ אזוינס, אבער באלטער הייזער זענען דאָך, ברוך־השם, פאר אונז געבליבען! קארג פאר אונז אזוי פיעל הייזער, אזא שטאדט? נישט צופאַר־זינדיגען. און זיא אליין אין איין קול: פאַרברענט ווער אין איינעם מיט ד ײ נ ע

הייזער ! וואס טויג מיר, דוא ימחשמוניק איינער, ד י י ן שטאדט, אזא בלאָטינע שטאדט ! אָט אזא שטאדט נאראיעסט דוא עס מיר, הא ! איך וויל נישט. דוא הערסט ? איך וויל ניט א׳א שטאדט. איינגעזונקען ווער דאָ אין דער בלאָטע און וואַרג זיך דיר מיט ד י י ן שטאדט מיט דיין בלאָטינער באלטע.

— ר׳ אלטיר, ס׳איז דאָ ! לאז איך פלוצלים ארויס הויך אויף א קול. איך האב מיך דערמאָנט נאך א פאָר קבצנים ! קבצנים־באנקירען.

— א גרויסע מציאה חלעבין ! מאכט אלטיר, קנאקענדיג מיט דער צונג : טצע־טצע־טצע־צע ! פון מיינעט וועגען מעגען זיי אפילו נישט גע־דאכט ווערען.

— איינעם פון דיא דאָזיגע לייט, שמחה׳לע דער לעב׳עדינגער, קען איך אין גלופסק זעהר גוט. ביי איהם אין א בעזונדער בוך שטעהען פארשריבען אלע הייזער, אפגעטאקסירט וויפיעל הכנסה בע־דארף איהם דורכ׳ן יאהר איטליכעס הויז אויג־ברייננען. דיא הייזער, זאגט ער, זענען מיינע, צאהלען מיר צינש, גאנץ גלופסק איז מיין קאָנטאר, זיין שטיינער, איז, איטליכען טאג צו׳געהען אין א געווי־סען מהייל הייזער. ער קומט אריין אין א שטוב לעבעדיג, מיט ברייט־קייט. ניט מען איהם באלד דיא נדבה איז גוט, ווען נישט, זאגט ער : א גוטען טא. ! נישקשה, איך וועל פארש־ייבן אויף אייך א הוב. א׳ן לויפט לעבעדיג, געשווינד ארויס. אפשר האט איהר געהערט, ר׳ אלטיר, דערצעהלענדיג, וויא איין גלופסקער קבצן האט זיך משדך געוועזן מיט נאך א קבצן פון מעטערי׳וקע און האט נעגעבען אין נדן אריין דיא הייזער אין גלופסט ? — דאס איז, שמחה׳לע דער לעבעדינגער. אדער אפשר האט איהר געהערט אויך, ווא אויף א מאהלצייט פאר ארמעלייט, ביי א נביר אויף א חתונה, איז געקומען איין קבצן א געבעטענער, נאכשלעפענדיג מיט זיך נאך איינעם איין אומגעבעטענעם, און אויף דעם פרעג : ר׳ קרוב, וואס שלעפט איהר מיט אייך אין איבעריגען פארשוין ? ענטפערט ער : דער דא׳ינער פארשוין איז מיין איידעם, וועלכען איך האב צוגעזאגט קעסט — דאס איז ווייטער טאקי שמחה׳לע דער לע־בעדינגער. בקיצור, שמחה׳לע קוקט אויף גלופסק וויא אויף זיין שטאָדט און זיינע הייזער.

— פון סינטס־וועגען מעג אייער שמחה׳לע דער לעבעדיגער דיא כפרה ווערן.
זאגט אלטיר אפ זיינס גאנץ בקיצור און בעט פישקען ווייטער צודערצעהלען.

פישקע הויבט אן אויף זיין שטיינער איך העלף איהם אונטער אויף מיין שטיי־נער און דיא מעשה דערצעהלט זיך ווייטער אזוי:

דער וועג אונזערער איז נישט געווען קיין גלייכער, פון איין שטאדט צו דער אנדערער, אלץ ווייטער ווייטער. נאר וואס־דען? „מי פיגנען קייבען״ אהין און אהער, זיך דרעהען אין אלע זייטען, וויא ס׳איז אונז אויסגעקומען. איינמאל זיינען מיר מגולגל געווארען עפיס אין א שטאדט, וואס הלוואי דער רוח זאל מיך געווען האפען פריהער איידער איך בין אהין געקומען. צו דער שטאדט אליין האב איך נישט אפילו, פארקעהרט, זיא האט אקעגען מיר גענוג יוצא געווען, מיך געלאזט א־ומגעהען מיט אלע כבודין אין דיא הייזער, נאר דארט האב איך מיך בעגעגענט מ׳ט מיין מלאך־המות, געקוילעט זאל ער ווערען אהן א מעסער! „א קיינק אידם אין דיא ביינער!״ — אט וויא א־זוי ס׳איז געשעהן:

אין יענער שטאדט, וואוהין מיר זענען געקומען, איז געשטאנען קאניצער־פעלד־ארמעלייט מיט בוידען. ס׳איז געווען א מרידה. בעל־הביתליך פון היינטיגער וועלט האבען דארט אויפגעטאן נייעס, אז ארמעלייט, חוץ אלטע, קראנקע און ביטערע קאלעקעס, נים צוגעבען נארנישט. געדינטע בחורים, ווייבער און מיידליך זענען נייטם קראנק צו דינען, צו ארבייטען און מיט איינענער מיה צו פארדינען זייער שטיקעל ברויט. דאס יודישע נארעשע רחמנות טהוט נאר אן גרויסע צרות. דורך־דעם, האבען זיי געזאגט, האלטען זיך ביי יודען פוילע נפשות אהן א צאהל וויא וואנצען, וואס זוכען יענעמס בלוט און עסען אפ׳עט אנדערע דעם קאפ. זיי האבען ביי זיך איינגעפיהרט עפיס וויא א מין פאדריקע, וואו מען האט מכבד געווען געזונטע ארמעלייט, וואס זיינען געקומען צו גאסט, מיט עפעס א מלאכה! צו דרעהען שטריק, צו נעהען זעק און געגעבען זיי דערפאר עסען. ארמעלייט האבען אנגעהויבען זעגטענער זיך אהין צו ווייזען. דיא קאניצע, וועלכע מיר האבען דארט געטראפען, איז געווען שטארק אויפגעבראכט אקעגען דעם דאזיגען איינפיהר, פלאס־פייער. געוואלד! האבען זיי אלע גע־שריגען, ס׳איז שוין גאר קיין וועלט נישט. וואו איז דאס יודישע רחמנות? אויס יודישקייט, חלעבין!.... איינער, א רויטער, א געונטער

א קיינק איהם אין דיא ביינער! — האט נעפיהרט דאס רעדיל און געשריגען מעהר פון אלע: ס'איז סדום, נאר סדום! פאר וואס קומט עס דיא נגידים זאלען זיך זיצען וויא דיא פריצים רוהיג און אנדערע זאָלען אויף זיי הארעווען? זייער גוטץ איז דען נישט יענעמס מיה, יענעמס פראצע, יענעמס שווייס? אליין זענען זיי ביי זיך אפגעפיינטע מענשליך, היטען אָפּ־עט זייער נפשיל און ווילען אלץ יענער זאָל ארבייטען. א נגיד, וואס מעהר דיק, געזונט ער איז, וואס מעהר ז"ין בייכיל איז גרעסער, איז ער אלץ מעהר פארנעהם, מעהר פיינע בריה. אונזער איינער אקעגען מוז מיט זיין געזונט זיך נעביך באהאלטען, זיך שעהמען וויא א גנב. איטליכער שרייעט אויף דיא ציין, פאר וואס געהט אזא געזונטער נישט ארבייטען! עס וואָלט שוין רעכט געווען, חלעבין, איבערצובייטען דיא יוצרות. לאזען דיא נגידים פריווען אביסיל ארבייטען. וואס איז, קראנק זענען זיי? — גערעכט, פייבושקע, גערעכט, מיר זענען אויך יודישע קינדער, אזעלכע שמיילינע וויא זיי! האבען אלע אין איין קול אונטערגעבאסעוועט דעם רויטען טמזר און ביסליכוויים זיך צוגאנגנען פונם הקדש.

אָוועגט־ציים בעדארף איך גראד געהען אין א גאס פארביי דעם שולהויף. אין דרויסען איז טונקעל און מענשען א סך אהן עין הרע דרעהען זיך דארט ארום מיט א מאָל קומט מיר פון דער זייט גאס אן צו דיא אויערען עפּיס א וויינענדיג קול מיט א געבעט, וואס קען ריהרען אפילו א שטיין. אפשטעלענדיג זיך, דערזעה איך נישט וויים פון מיר, וויא א צובראכענער יוד האלט אויף ביידע אויסגעשטרעקטע אָרם א קישעלע, פון וועלכען עס הערט זיך א פּישטשען פון א ברעקיל קינד, וואס פארגעהט זיך נעביך שרייענדיג. דער אומגליקליכער טאטע דרעהט זיך אין אלע זייטען, שאָקעלט עס, וויגט עס, נעהמט עס איין אויף א וויינענדיג קול מיט ביטערע קרעכצען: אוי, וויסט איז מיר, פינצטער איז מיר. מיין וויב שטארבט און לאזט מיר אויף דיא הענד איבער א פיצעל קינד!.... אוי, וויסט איז דיר, קליינע בלינדע יתומהילע, פינצטער איז דיר אָהן א מאמע! א־א־א שא־טא! וואס זאָל איך דיר נעביך טאָן?...... איטליכער וואס געהט פארביי גיט איהם עפּיס אין דער האנד. א טהייל ווייבער ווענדען זיך צו איהם, אויך מיט א וואָרט, און ער אלץ אין איין אטהעם: וויסט איז מיר, פינצטער

אין דיר ! שאָקלענדיג און ווארפענדיג זיך מיט דעם פיצעלע אין אלע זייטען. דאס הארץ האט מיר געריסען פאר רחמנות אויף דעם וויסטען טאטען און אויף דער וויסטער יתומה׳לע נעביך נאך אין דיא וויקעליך. איך נעהם ארויס פון דער קעשענע א דרייער און קום דערמיט צו נאָהענט צו דעם וויסטען טאטען. קוים שטרעק איך אויס צו איהם דיא האנד איבער דער קישעלע דערלאנגט ער מיר א שטארקען קניפּ, מאכענדיג דערביי אויף זיין וויינענדיג קול, אוי, וויסט איז דיר ! מיט א קוועטש אויף דעם וואָרט „דיר״, גלייך וויא מיך מיינט ער. איך חאפּ מיך ביי דער האנד פאר וועטהיג, שפּרינג אָפּ־עט דערשראָקען אין דער זייט און בלייב שטעהען עטליכע רגע פארגאפט. דער וויסטער טאטע דרעהט זיך אויס באלד צו מיר איך קוק איהם גוט אָן און בין פארצאפּעלט געוואָרען.... פאר היינט וועט גענוג זיין. קום ! נא, האלט אביסל דאס קינד !״ זאגט ער און שטופּט מיר אריין אין דער האנד דאס קישעלע. דאס קליינע יתומה׳לע, זעה איך, איז עפּעס א לילקע, איינגעוויקעלט אין שמאטעס און דער וויסטער טאטע איז דער רויטער ממזר, פייבושקע „א קיינק איהם אין דיא ביינער !״ ער האט עס געמאכט וויא א בריה, געוויינט, געקרעכצט פאר זיך און געפּישטשעט, זיך פארנאנגען אויך פאר דעם קינד.... אָט אזוי מוז מען, רופט ער זיך אָן, מיט דיא נארישע יודישע קינדער האנדלען. ווילען זיי נישט געבען מיט גוטען מוז מען ביי זיי נעהמען מיט קונצען. אָהן דעם געהט עס נישט. דער רב, דער דין, דער שיינער מקבל מיט דעם גאנצען פּעקיל כּלי קדש, אלע פארשטעלען זיך, מאכען קונצען. יענע מיט זייערע הוויות און איך—וויסט איז מיר—מיט מיין קליין יתומה׳לע. מעלקט זיך בהמ׳ת !... זאג, פישקע, אמן !

אין יענער צייט, וואס מיר האבען זיך אויפגעהאלטען אין הקדש, האט דער רויטער ממזר אנגעהויבען זיך צוצושארען צו מיין ווייב מיט גוטע ריידעליך. זיא איז איהם עפּעס שטארק געפעלען. ער פלעגט זיך חאפּען צוטראָגען איהר, אז זיא האט עפּ׳ס בעדארפט, און ליב געהאט זיא צובאדינען. ביסלעכווייז האט ער אלץ צו איהר זיך אריינגענארט ביז ער איז געוואָרען מיט איהר א שמעקע. ער פלעגט אָפּזיצען מיט איהר שעהנווייס און פלוידערן, אריינוואַרפען אין דעם שמיעס גראָבע,

נישט קיין שיינע ווערטליך. מיינע פלעגט פארשטעקען דיא אויערן און נישט וועלע, דאכט זיך, הערען און אז ער פלעגט זיא אמאל אין טאג אריין לויבען: זיא איז א יארערדינע, א פעמע, א לויטערע, א פליישיגע יורענע, אזעלכע וויא ער האט ליב, פלעגט זיא איהם אפזידלען, א פאטש טהאן אויפ'ן ריקען און דערביי טאקע לאכען. איך פלעג אויך לאכען, א מאל טאקע מיט ווערעם, נאר באלד טאקע מיך בעטראכט צוריק: וואס ארט מיך א פלורערזאק? מארגען—איבערמארגען ווערד מען גאר זיינע פטור, מיר צונעהען זיך, איטליכער אין איין אנדער זייט און איבינג ווען מען זיין פרצוף־פנים נישט אנקוקען. און ווייטער, אין דיא ה.ייזער געהט דאך מיין ווייב, נעלויבט דער אויבערשטער, מיט מיר. איהם דעם ממזר, ווען ער נעהמט זיא אנ'עט ביי דער האנד און וויל זיא פיהרען, שטופט זיא אפ־עט מיט א בייזער: „נעהט אייך, נעהט, פע! איך בין איין אשת איש האב ברוך השם מיט ווען אין דיא הייזער ארומצונעהן.“

אויף מארגען, נאך דעם בענעגעניש מיינעם מיט דעם רויטען ממזר, וויא ער האט זיך פארגעגלט פאר א היסטען טאטען בין איך מיר גע־גאנגען אין דיא הייזער אליין מיין ווייב האט אויפשטעהענדיג אין דער פריה זיך נעקלאגט, עפעס איז זיא נישט מיט א לעמען, עפעס ציהט זיא זיך אלץ און געניצט, עס מח זיין א גוט אויג און איז דאריבער געבליבען אין דער היים. איך אליין בין אויך געוועזען עפיס לא עליכם'דיג, עס האט מיר עפיס געשלאגען ארויף. היינט איז מיר טאקי געוועזען אומיטיג איינעם אליין, צונעהען אהן מיין ווייב. ס'איז מיר וויא עפיס אפגענאגגען. איך לייקנען נישט, אז זינד דער ממזר האט זיך צוגעשטארט צו מיין ווייב און מיט איהר געטריבען קאטאוועסליך איז זיא מיר געווארען טהייערער. עס האט מיך א מאל פארדראסען געברענט וויא א פייער, נאר דערבייא טאקי — איך וויים נישט פארוואס — האט מיך צו איהר עפיס געצויגען, געצוי־גען וויא א כישוף. עפיס איז עס געוועזען, וויא זאל איך אייך זאגען, א געשמאקער שמארץ וויא פון א בלאטער בשעת קראצענדיג איהם אמאל אויף מיין לייב. ס'איז א שמארץ מיט הנאה האבען ביידע זאכען אין איינעם... ס'איז געוועזען א געמלא־בעטע „אין דיא הייזער ארומגעהען“ גאר נישט דער טעם, וואס איין אנדערס מאל. איך האב עס אבגעמאכט בקיצור, שבת שטעך, סיור ביור ומפליא לעשות און מיך

אפגעפארטיגט בעצייטענס. ארייגקוטענדיג אין הקדש האב איך געטראָפען מיין ווייב, זיצענדיג מיט דעם ממזר און זיך עפיס געשושקעט. דאס פנים האט איהר געבלאסט זיא האָט געהאלטען דעם קאפ אנגעבויגען צום ממזר, זיך צוהערענדיג צו זיינע רייד און א זיס שמייכעלע איז איהר פון דיא ליפען נישט אראָפּ. ביי מיין צוקומען צו איהר מיט א פרעג, וואס זיא מאכט ? האט זיא זיך געמאָן א חאפ, געבליבען אקענען א רגע אהן לשון און נישט געוואוסט וואס צוטאָן. דערנאך טאפט זיא מיך אָנעט, וויא איהר שטיינער איז געוועזן, און מאכט צו מיר אזוי: „וויסט דוא פישקע, וואס איך בין קראנק ? דאס איז נישט קיין גוט אויג. דאָס איז מיר געקומען פונט צופוס געהן. דיא רופאי'טע, וואס געהט אהער אריין, האט מיר געהייסען געהען אין באָד מחילה, אויסשטייסען זיך, לאזען זיך שטעלען באנקעס, גוט אויסרייבען זיך אויף דער נאכט און שוויצען. — ניין פישקע ! צופוס ווייט קען איך נישט געהען. ר׳ פייבושקע איז אזוי גוט, אזוי פיין און וויל אונז געהמ.ן מיט זיך אין בויד. וואס טהוט מען פישק.? וואס זאָגסט דוא, הא ?

דער ממזר, א קיינק איחם אין דיא ביינער אין ! האט אויף מיר געקוקט עפיס מיט אזא איינעלע, מיט אזא שמייכעלע, וואס האט מיך געשטאכען. עס האט מיך פארקלעהמט ביים הארצען׳ ס׳איז מיר געוועזן צו מוטה וויא א יונגעל, ו.לבען דער רבי הייסט זיך לייגען אויפן ביינקעל, איחם אפצושמייסען. איך האב ג.עמאכט א היבשע ווײלע מיט דער צונג, עפיס אהן ווערטער און נישט געוואוסט וואס צוזאָגען.

וואס שווייגסט דוא ? וואס ענטפערסט דוא נישט ? צושרייעט זיך אויף מיר מיין ווייב מיט כעס. איך וויס, עס ארט דיך גאר נישט מיין געזונט. ווילסט מיך ניכער פטור ווערען, מיך טרייבען יונגערהייט אין דער ערד אריין.ווארט נאר, ווארט, דוא עכבראש איינער ! ניכער וועסט דוא אנלייגען מיט דעם קאפ, א מיתה משונה איינגעהמען. הערסט דוא פישקע, פאראפאָטשקע, דיא ערד וועסט דוא פון מיר קייען ! נישט איין האר אין קאָפּ וועט דיר איבערבלייבען. דיא ציין וועל איך דיר א.יס:זעטצען !

אז מיין ווייב האט געעפענט א מויל פלעגט מיר אין בויך קאָלט ווערע:. איך בין געשטאנען צוקאָכט, דערשלאָגען און דערהרגעט. וויא מיר איז דענסטמאָל

געוועז אויפן הארצען ווייסט נאר איין גאָט וואויל. וואס האב איך געקענט טאן? איך האב אָנגעבוינען דעם קאָפּ און געמאכט צו מיין ווייב: שאַ שריי נישט, ערגער דיך נישט אזוי. שאַ, דוא וועסט פאהרען! פאר וואס ניט?

— אָט אזוי רעד! זאגט מיין ווייב שוין ווייכער. פאר וואס זשע אז מ'גן רעדט צו דיר, שטעהסט דוא וויא א לייט:גער גולם און ענטפערסט נישט קיין וואָרט? יענער איז אזוי גוט, אזוי פיין, וויל אונז מיט נעהמען אומויסט און ער זאל דאס חאטש זאגען א דאנק! שעהמען מענסט דוא זיך אין דיין ווייטען האלז, דוא גראָבער יונג איינער.

וואס האב איך געקענט מאכען? איך האב געמוזט טאָן דאס אויך, זאגען דעם ממזר א דאנק.

— ר' אלטיר, נאך איינער!—טהו איך א זאָג הויך אויף א קול.

— וואס איז, ר' מענדעלי, נאך א מציאה? מאכט אלטיר צו מיר מיט א געשפעט. נאך א פריי:ען סאָרט קבצנים האט איהר געפונען? גאָט מעג אייך, חלעבין, שוין בעשעהרען בעסערע מציאות. גענוג שוין קבצנים!

— ניין, ר' אלטיר! איך מיין נאָר, נאך איין חיים חנא חיה טריינעס, וואס ציטערט אזוי פארן ווייב. אונזער פישקע, דאכט זיך מיר, פלעגט פון זיינער חאפען א מאל אויך הייסע פעטש.

18.

פישקע הויבט ווידער אן אויף זיין שטיינער איך ארבייט, העלף איהם אונ־טער אויף מיין שטיינער, אלטיר טרייבט אונטער אויף זיין שטיינער און דיא מעשה דערצעהלט זיך ווייטער אזוי:

אויף דעם אנדערן טאָג נאך דעם פריהערדיגען שטיעס, האט זיך דיא קאָניצע נעריהרט און ארויסגעטרעטען פון סדום, וויא יענע שטאדט האט ביי דער דאָזיגער חאליאַסטרע געהייסען. זיא איז ארויס מיט א רעש, א געפיילדער, מיט א שעלטען, פלובען פון א סך מיילער און א סקריפּעריי פון רעדער. עס האט זיך געשאָטען אויף

דער שטאדט טומע קללות: פארברענט זאל זיא ווערען! די בעלי הבתים זאלען צעהן מאל אין טאג פגרען פאר הונגער און וויא נשרפים אין דער וועלט זיך ארומ־שלעפען.... דריי בוידען זענין געווען פול אנגעזעצט מיט אלערהאנד פארשוינען: יודען, יודענעס, ווייבליך, מיידליך, בחורים, גרויס און קליין, און צווישען זיי אייך מיין ווייב מיט מיר. מיר זענין למזל דערהויבט געוואָרען, אריינגעמרעטען אין דינסט, אין דער קאניצע אריין.

הערט איהר, מיינע ליבע יודען, עס האָט מיר זיך געעפענט עפיס נאָר א נייע וועלט און אין אנהויב איז מיר מיט דער חאַליאַסטרע גאַנץ פרעהליך געווען. איך פלעג מיך אנזעהען און אנהערען וואונדער שיינע זאכען, וואס גאָר אומטעגליך אלס־דינג מיט איטליכס פיטצעלע בעזונדער איבערצוגעבען. איך פלעג הערען א שטייגער, וויא מען פלעגט אָפרעכטען, אפשפעטען פון דער גאנצער וועלט און איט־ליכען זיך נאכקרימען. וויא איטליכער פון דיא פיינע מענשליך פלעגט דערצעהלען עפיס אויף גנבה לישן זיינע אלע נייגע און שפיטצליך, וואָס ער האָט אפגעטאָן. איינער דערצעהלט, וויא אזוי ער האב זאבאָרעט א קרעל (גענגבהט א ברויט), דער אנדערער — וויא אזוי ער האָט זאלאַבערט א כפרהניצקע (גענגבהט א הוהן), דער דריטער — וויא אזוי ער האָט נעלקחענט קלינגערס (אויסנעהאפט געלד) און אין דיא נארנאָגעס אריינגנעריקט, און דער פערטער — וויא אזוי ער האט געבעל־דברט א יאָלד (געהרגעט, געשלאָגען איינעם א בעל־הבתיש קינד). נגידים פלעגט מען שעלטען אויף וואָס דיא וועלט שטעהט. גלאַט אזוי זיך, פאר גאָרנייטם. איך קען אייך שווערען אין טלית און אין קיטעל, אז זיי האבען דיא נגידים א סך מעהר פיינט וויא דיא נגידים זיי. א נגיד האט ביי זיי געהייסען עפּים אזוי פיל וויא: פיאווקע, צושטאָפּטע קישקע, פארשטאָפּטע קאפ און פארשטאָקט הערצעלע, פאר־שיט בן יחידיל, קופערנער שטערען און דער שווארץ יאהר ווייסט זייער טאטען, וואָס נאך פאר א מיאוסע צונעהמעניש. ס׳איז ביי זיי פאררעכענט געווען פאר א מצוה, א נגיד אפצוטאָן עפיס א שפיטצעל, וויא באלד נאר מעגליך. זיי פלעגען אפשיקען צו דיא נגידים בויכווהטיג, שטעכעניש, יסורים, לייד און כל א מיני־קריינק, בשעת א מאָל עפּיס א צרה. מיך פלעגען זיי, אין שפאַס א מאָל, רופען נגיר, דערפאר וואס איך פלעג זעהר אָפט מיך פאר דיא נגידים ארויסשטעלען און

שטארק אננעהמען זיך פאר זייער כבוד. ווייל אויפהאלטענדיג זיך פריהער אין באד בין איך דאָך צווישען נגידים דערצויגען געוואָרען, מיט זיי עפּיס דאָך איבערגעהאט עסקים, וויא א שטיינער היטען זיי דאס אנטאָן, צוטראגען זיי דאס פעקיל זאכען, א שעפעלע וואסער, א ק״יל פייער און דערנלייכען נאך אזעלכע געשעפטען. איך פלעג הערען א שמיעס פון בחורים מיט מיידליך, וויא זיי טרייבען קאטאוועס און רעדען זיך שידוכים. איין בויד האט זיך משדך געווען מיט דער אנדערער. דיא קונץ פון פארשטעלען זיך איז ביי דער חאליאסטרע געווען שטארק געהויבען. עס האט געמיינט צום עסק. ווען א מאל איז אויסגעקר מען, האבען דיא שיינע לייט זיך פארשטעלט: איינער פאר א הייקערינגען, דער אנדערער פאר א הינקעדיגען, דער פאר א בלינדען, יענער פאר א געלעהמטען, דיא פאר א שטומע און יענע פאר א ק ומע. נאָר אמתע נישט געמלאכהטע קא־לעקעס, וויא א שטיינער איך און מיין ווייב, דאס האט ביי זיי געהאט נאָר א גרויסען ווערטה. זיי האבען זעהר אָפט געזאָגט, אז אזעלכע פעהלער וויא אונזערע איז פאר אָרמע לייט א שאטץ, א מתנה פון זיין ליבען נאמען. זיי קענען זעהר פיל איינטראָגען. מיין ווייבס פעהלער איז זיי נאך בעסער געפעהלען. היינט פלעגען זיי גלאט בטל ווערען פאר איהר פיסק, וואס אויף שרויפען. דיא האָר האבען זיך גע־שטעלט, אז זיא האט געעפענט א מויל.

דער רויטער ממזר האט זיך שטארק געדרעהט ארום מיין ווייב און זיך פּשוט געהאנגען אויף איהר. ער האט זיא געקאָשקעט, געקיכעלט און צוגעטראגען איהר פון פייגעלמילך: געקאָכטע ארבעס, באָב, פלאָמען, וואס נאָר ער האט ערגיץ דער־טאפט. איך האב מיך אָבער בעטראכט: חאפּ דיך דער וואטנ־ל־מאכער! וואס קען עס מיך ארען? קיכעל זיא, קאָשקע זיא, וואס קענסט דוא דערמיט מיינען, וואס?.... נאָרנישט. אז זיא איז איין אשת־איש! מילא איז דאך אהן סכנות.. מיינסט דוא דאָך, גאנץ זיכער, נאָר איהר פעהלער, פּשוט א בלינדע איז גוט, מע קען מיט איהר מאכען געלד. טאָ האב־זשע, כלבותיק איינער, דיא גאַל. מיין ווייב געהט לעת־עתה אין דיא הייזער אלץ טאקי מיט מיר. וואס־זשע האסט דוא דאָ, טיפש איינער, געפועלט מיט דעם צולאָנטשען זיא צו זיך, מיט דעם איזניובע זיך

צו איהר, אז דער רעכטער עיקר זאך — אין דיא הייזער געהן, געהט זיא מאקי מיט מיר, מיט מיר?!

און דאריבער. ווייל איך האב אזוי מיר געטראכט, האב איך שטארק בענעהרט יעהרנען הלכות ארעמאן מיט אלע פישטשעווקעס, בכדי מיין פלוניתטע דערמיט געפעהלען און געמאכט דעם עסק שוין גאר קיין מעשה נישט. איך האב מיך שוין אויסגעלעהרענט וויא אריינצוקומען אין א שטוב. דיא קונץ בעשטעהט דארין: אריינקומען זאל מען מיט א רוגזא, אננעברוגזט און מאהנען דיא נדבה וויא א חוב. מען זאל קריכען, ארויפקריכען ארבענאן און פארקריכען אזש אין דער ספאגניע, אויפצחוכען דעם בעל הבית, אדער דיא בעל הביתטע דארט. אין דינגען זיך בין איך געוועזען א מייסטער, איין בריה אי״ דער וועלט. דער גאנצער שכל שטעקט דארינען: קיינמאל בעדארף נישט געפעלען וויפיעל מען גיט. גיט מען א שטיקעל ברויט, זאל מען בעטען עפיס געקעכטס, אביסעל בארשטש; גיט מען געלד זאל מען בעטען א העמד, אלטע תחתונים און זאקען וכדומה. שטענדיג בעדארף מען זיך נאר קרימען און בלאזען, קיינמאל נישט דאנקען, נאר ווארטשען און א מאל אויך מאקי שעלטען.

וואס דשע טהוט דער רוימער ממזר? א קיינק איהם אין דיא ביינער איאן! דער רוימער ממזר טהוט אויף אסברות וויא מיינער פטור צו ווערען. ער קלעהרט ביי זיך גאנץ זיכער אזוי: אין הלכות ארעמאן, פישקע, מעגסט דוא ביי מיר דיא רובעם הייצען. איך קען מאכען דיא שפיל אכטציג טויזענד מאל גע־סער פון דיר. אז איך האב מיר אריינגענומען אין דינען דיא פרנסה מיט דיין בלינדרער, ועט מכתמא שוין זיין רעכט. נישקשה, איך וועל דיך, מיט גאטס הילף, שוין פערזארגען. — ער האט צו מיר זיך גענומען און געמאכט אויס מיר א קאטער. איך בין מיאוס אראבגעפאלען ביי מיין ווייב און געהאט ביי איהר א פנים וויא חזיק. קיין אנדערווארט האב איך פון איהם נישט געהערט נאר וויא געשוואלען ווער, לייג אנ־עט מיט דעם קאפ, ווערעם זאלען דיך עסען, דוא פרע־סער, יונגאטש איינער, דוא אזוינער, אזוינער און אזוינער! דער ממזר, קיין תחית המתים זאל ער נים אויפשטעהען, האטאליץ אויף מיר געגראבען און מיר געטאן צום טויט, ביז איך בין ביי איטליכען געווארען צו שאנד און געשפעט, אלע בוידען

האבען לסוף מיט מיר נעהאט צוטאן. וואס א מינוט איז איבער מיר נעפאלען א חמצאה, וואס א רגע האב איך נעהיסען מיט איין אנדער צונעמעניש. איטליכער האט מיט מיר נעטאהן, וואס זיין הארץ נלוסט. איך בין נעווען דאס כפרה היהנדעל. האב איך א מאָל מיך נעביינערט פאר צרות, פלעגט עס איטליכען אונטערטראגען. זעהט נאָר, האט מען נעמאכט, ווי דער נגיד האט זיך צוויאחמערט, ער וועט שוין באלד פלאנבענען. האב איך מיך א מאָל בעוואשען מיט טרעהרען פאר וועהטינ פון דיא קלעפּ, וועלכע אין מיר איז אריין, פלעגט מען זאגען: וואס איז מיט דיר דא אזוי דיא שמחה, פישקע? וואס האסט דוא זיך עפּיס אזוי צולאכט מיט דיא ציין? זעהט נאר, עולם, וויא פישקע לאַכט! — דערלאנגט איהם יודישע קינדער, פלעגט זיך הערען דעם ממזרס קול, דערלאנגט איהם אפשר טעלעמעטשע צווישען דיא ליטקעס, א רייב איבער דיא לאַפּעמקעס, דאס איז א רפואה צום לאכען. אויב חלילה עס וועט נישט העלפען, בעדארף מען איהם גלעטען דיא האר, אננעהמען ביים אויער און איינראמען איהם א סוד, דערפון וועט איהם זיך שוין שטעלען טרעהרען אין דיא אויגען, וויא פון א כזית מרור.. מען טוז דאך א יודען ראטעווען. — א מאָל פלעגט מען מיך ארויסווארפען פון דער בויד און אז איך בין מיט דיא קראנקע פיס נעלאפען נאך דעם וואגען, וויא נאר איך האב נעקענט און נעזאכט מיט דיא זייטען. האט מען צונעפליעסקעט, צונעפּאטשט מיט דיא הענד און נעשריען מיט א נעלעכטער: בראוואָ, פישקע! אָט אזוי פישקע, טאנץ אביסעל, טאנץ! קוקט נאר, עולם, וויא פישקע הייבט פיסליך, וויא שיין, אהן עין הרע ער טאנצט! ער מעג אויף אלע חתונות טאנצען. קיין בייז אויג זאל איהם נישט שאטען. — איינמאל האט זיך אנגערופען איינער — און אלץ טאקי דער טמור, א קיינק איהם אין דיא בייניע איצן. — עולם! פישקע איז נאר א גלייכער ער פארשטעלט זיך נאָר, דער גנב, פאר א קרומען, ער מאכט אויס אונז אלע חוזק. מען בעדארף איהם פריווען אויסגלייכען. גיט איהם דאָרט א טעלעפּעטשע אין דער דעך, וועט איהר זעהען, וויא ער ציהט אוים גלייך א „פּאָלקע“. — הכלל, יודען, מען האט מיך נעפּייניגט, מען האט מיר שטארקע יסורים אנגעטאָן. אוי, פלעג איך מיך דערמאהנען אין דיא גוטע גליקליכע יאהרען, וואס איך בין

מיר געזעסען וויא א שררה אין באָד און געלעבט וויא גאָט אין פראנקרייך! וואס איז מיר דען דאָרט אפגעגאנגען?

— מילא געהסט מען און מען גט אָפּ. פאַלט אלמיר אריין פישקען אין דיא רייד. דארויף איז דאָך דא ביי יודען א גט.

יאָ, גערעכט. מאכט פישקע מיט א זיפץ. הלוואי וואָלט איך עס טאקי פריהער געטאָן, וואָלט אז וואויל און נוט געווען מיר און אפשר נאך עמיצן.... נאָר איך וויס נישט, וואס מיר איז אזוינס געשעהען. נאָר א כשוף האט מען מיר אפגעטהון. ס׳איז א ווערטיג, א בושה צוזאגען, דאס הארץ האט מיך צו זיינער עפיס געצויגען.... וויא שטארק איך האב געליטען און געהאט נעבראָטעניע לייד, פון דעסטוועגען האט מיך דער רוח נאך איהר גענומען. איך וויס נישט, צי איז דאס געווען פון מיר נאר איין עקשנות — אז דיר, טמור, גלוסט זיך, ווילסט צווישען מיר מיט מיין ווייב אנמאכען א בייז לעבען און מיך פטרען, וויל איך, דיר אויף צו להכעיס, מיך דווקא אין איהר האלטען און, נאך מעהר וויא פריהער, מיטביידע הענד זיך האלטען. אָדער דאס איז געווען, וויא זאל איך עס זאגען, גלאט אזוי, פון זיך אליין.... עפיס טאקי נאר א כשוף. איהר געשטאלט האט מיך עפיס גענומען. א געזונט׳, א דיקע, א יאָרערדינע, א פנים אָפגעגאָסען, נישט אזוי שיין וויא חנעוודיג. פיעל מאל פלעגט זיך מאכען, א פאר גרויסע צרות און הארצווערטיג האב איך מיר געוואָלט א מעשה אנטאָן, געווינטשען מיר דעם טויט מיט איהר אין איינעם. היינט, היינט, פלעגט איך בי, מיר טראכטען, מח עס האָבען איין עק, היינט זאָג איך איהר: גט! נאָר קוים בין איך צו איהר צוגעקומען נאָהענט און זיא האט מיט מיר געמאכט א רייד, אדער ארויפגעלייגט דיא האנד מיר אויפן אקסעל און געזאגט: פיתר מיך, פישקע! האט מיר אָפגענומען דאס לשון און בין עפעס וויא איבערגעביטען געוואָרען.

אין א גוטער שעה איינמאל, געהענדיג מיט מיין ווייב אין דיא הייזער עפיס מיט א גרינג געמיטה, טהוא איך איהר א זאג: בתיה, נשמה מיינע, וואס וועם דער תכלית זיין פונם שטענדיגען ארומשלעפען זיך? עס פאסט חלעבען נאר גיט פאר אונז. אין גלופסק האבען מיר ביידע ברוך השם א שטיקעל נאָ־

מען געהאט. דוא מיך האסט ארויסגענומען דארט פון באד. א קאמאוועס עפעס גלופסקער געמוירעטע באד, וואו עס ווארפען זיך איבער א וואף אַוועלכע בערען, גרויסע ליים! דיך האט איטליבער געקענט און אויף דיר כבוד געלייגט. היינט זענען מיר גע ונד עפּיס מיט שלעפּערס אין דער פרעמדר און וואס פאר א פנים האבען מיר מישטעהנס געזאגט? — „ווילסט אפשר צוריק קיין גלופסק! ענטפערט אָפּיעט מיין ווייב וויא איינגעבראכט. מענסט זיך דיר, פישקע, אהין צוריקקעהרען, אויב דיר גלוסט זיך אזוי. איך בשום אופן נישט. אין גלופסק זיינען דא היינט גענוג ארמעלייט אהן מיר. וואס א טאג וואקסען דארט אויס פריש צאפּעלדינע קבצנים, שפּאנעל נייע מקבלים. בעלי־הבתים געהען היינט דארט איינער צום אַנדערען אין דיא הייזער ארום.“ — פון מיינעט וועגען מאג זיין איין אנדער שטאדט אויכעט. ענטפאר איך צוריק, נשמה׳ניא, קלייב דיר אויס עפעס א שטאדט, וועלכע דיר געפעלט, און לאָמיר זיך דאָרט בעזעצען. אז מען ווייסט, דאס איז אונזער שטאדט דאס זיינען אונזערע הייזער, אונזערע בעלי הבתים, איז עפעס מזל און ברכה. וויא זאגט מען עפעס: איטליכער הונד אויף זיין מיסט.

באלר פישקע, באלה. מאכט מיין ווייב, קלאפענדיג מיך מיט איהר האנד איבערן ריקען גאר פריינדליך. לאמיר נאך אביסל פאהרען, לעבען, רייבען זיך אין דער וועלט. ס׳איז עפעס גוט, פרעהליך, מחיה.... האב ציים אביסל, פישקע מיט דיין שטאדט, באלד, באלד!

איהר „באלד“ האט געדויערט א לאנגע צייט און ס׳איז נישט געוועזען קיין עק, קיין סוף. אין דער צייט בין איך איבערגעוועזען אין גענוג שטעדט, האב מיך אנגעליטען גענוג צרות און פיין. און נאנצען האב איך עס געהאט צו פאררא־קען איהם, דעם ממזר, א קיינק איהם אין דיא ביינער איאן!...

פישקע טהוט א זיפץ טיף פונם הארצען און בלייבט זיטצען שטיל מיט צוגעמאכטע אויגען. מיר לאזען איהם אביסל צו זיך צו קומען, דערנאך הייבט ער ווייטער אָן און דיא מעשה דערצעהלט זיך אזוי:

16

צו דעם צונעמעניש „נגיד" האב איך אין דער לעצטער צייט בעקומען נאך א נייעם טיטעל „מקבל". דעם דאזיגען טיטעל האט מיר געגעבען דער ממזר, פארחאפט זאל ער ווערען. און אזוי האט איטליכער פון דער חא־לאסטריע מיך גערופען: פישקע מקבל. — מקבל איז ביי זיי א מיאוס ווארט, וואס ביים ארויסברייגנען עס פונם מויל שפייעט מען זיבען מאל אויס. דיא שנאה, וואס הערשט געוועהנטליך צווישען בעלי מלאכות, סוחרים, קרעמער און דעסגלייכען, וואס האבען איין ברויט, איז א הונט אקעגען דעם, וויא זיי, בויד ארמעלייט, האבען פיינט דיא שטעדטישע קבצ:ם און בפרט נאך דאס גאנצע קאפיטעל מקבלים. אם דיא ווערעמדינע מקבלים, פוילע מיוחסים, פארשמאלצעוועטע שיינע יודען, פלעגען זיי אלץ זאגען מיט נאל, זענען וויא דיא וואנצען פול אין אלע הייזער און נישט אויסצוהאלטען פון זיי. מען צושטאפט זיי דיא קישקעס אויף אלע שמחות: חתונות, בריתין און קריאת־שמע־לייענענס, רייסען פון טויטע און פון לעבעדיגע. און מיר נעביך רייסען קריעה, הארעווען. פרא־צעווען אויפ׳ן שטיקעל ברויט און ווערען פארשווארצט.... דיא דאזיגע אלע צור קראבענע נפשות, בלאכקעדרינעס, האבען זיך גענומען דוד המלך׳ס תהלים׳ל און מאכען מיט איהם דיא שפיל. דוד המלך זאל געוועזען פריהער וויסען, צו וועמען אין דיא הענד זיין תהילים׳ל וועט ארייגפאלען, וועלכע פרנסות דיא פוילע, פאר־שימעלטע לאפענמיצליך מיט אויסגעווייקטע פנימליך וועלען דערמיט מאכען, וואלט ער עס, גאנץ זיכער, נישט געמאכט. —

ניין, בתיה! האט דער ממזר געמאכט צו מיין ווייב, פון אייער פישקען וועט קיין לייט שוין נישט זיין. ניין, ניין, נישט קיין לייט, איינער פון אונזער חברה! ער איז א מקבל מיט דיא ביינער, א מקבל מיט אלע חן־גריבעליך. דאס פאה־רען מיט איהם, דאס רייבען זיך אין דער וועלט, וועט איהם כלל נישט העלפען. אין הלכות ארעמאן ווייסט ער נישט מאי דקא אמרי רביצין. נישט קיין לייט, קיין מענש, וויא עס געהער צו זיין, איהר וועט נעביך האבען פון איהם א פארפוילטע נאל.— ש, אזא בתיה, איך זאל האבען אזא בתיה! א גליק, וו׳א איך בין א יוד, א גליק זאלט איך מיט אייך געמאכט.

נאך דיא אלע מיטעל, וועלכע דער ממזר האט נעברויכט, אנצוטאכען צווישען מיר מיט מיין ווייב א בייז לעבען און מיך דערוויטערען פון איהר דורך רכילות, וואס נישט נעשטוירנען, נישט נעפלוינען, איז איהם לסוף נעראטען צופאלען גאר אויף עפּיס נייעס. ער האָט מיך פארמסרט פאר מיין ווייב, אָנגערעדט אויף מיר שטילערהייט, אז איך שרבן מיך עפעס צו איין מיידיל פון א בויד און מאך מיט איהר עפּעס צופיעל חן.... צווישען דער חאלאיסטרע האט זיך נעפונען א הארר־באטע מיידיל, מיט וועלכער איך האב, אמת טאקי, ליעב נעהאט צו שמיעסען זעהר אפט און....

— הא, וואס איז דאָס פאר א מיידיל עפּיס? פאל איך און אלטיר פּיש־קען אין דיא רייד אריין. הא, פּישקע, זייא זיך מודה!

דאס מיידיל איז נעווען א ווילד פרעמדע אין בויד, און זיא האָט נעביך נענוג זיך אָנגעליטען, נענוג אָפּנעקומען אין איהרע יונגע יאָהרען. איך בין זיך מודה, אז איך האב ליב נעהאט טאקי מיט איהר אין איינעם צחוטצען און שמיעסען. מיר פלעגען אויסגיסען איינער דעם אנדערען אונזער ביטער הארץ. זיא פלעגט אויף מיר רחמנות האבען און נישט איינמאָל וויינען אויף מיינע און אויף איהרע צרות, אי, איהר זאָלט וויסען, וואס דאס איז פאר א מיידל! אי, איהר זאלט וויסען איהרע צרות נעביך!... האט פּישקע אויסנעלאזט מיט טרעהרען אויף דיא אויגען.

מיר האבען נעבעטען פּישקען אונז קלאהר צומאכען, ווער איז דאס מיידיל און וואס מיט איהר האט זיך אזעלכעס נעטראפען.

אז איהר בעט מיך אזוי האט פּישקע אננעהויבען, נאכדעם אז ער האט מיט איין עק ארבעל אויסנעווישט דיא אוינען, אז אייך איז נאך נישט נמאס נעווארען הערענדיג מיך, וועל איך אייך צוליב טאן און דערצעהלען, וויא ווייט נאר איך קען. הערט זייט מוחל און האט קיין פאראיבעל נישט. אריב ביי מיר וועט עס אויסקומען נישט גלאט.

דאס מיידיל איז נעווען נאך א קינד, אז דיא מאמע איהרע האט זיא נע־בראכט קיין גלופּסק אין איינעם מיט א קלימעקעל זאכען און בעבעבעס. דאס קלימעקעל האט זיא אפּנעווארפען דארט ערגיץ און א שטיבעל ביי איין אלטער

יודענע, א מכשפה'טע. א פנים דאס איז נעווען א מעקלערען פון דינסטען. די
אלטע יודענע פלעגט אוועקגעהען מיט דער מוטער, איבערלאזען דאס קינד איינע
אליין אהן עסען, און פארפאלען ווערען אויף א גאנצען טאג. אז דאס קינד האט
איינמאל געוויינט, געצאפעלט: מאמע נעהם מיך אויף מיט זיך! האט די
אלטע מכשפה'טע אויף איהר זיך שטארק געבייזערט, מאכענדיג צו דער מוטער:
חלילה! מען טאהר פון איהר גאר נישט וויסען. עס קען שאדטען צום עסק. און
עטליכע טעג ארום האט די מאמע זיא גענומען און גאנץ שטיל זיא ארייגנע-
פיהרט למזל אין א קעך, ערגיץ אין א בעל הבתיש הויז. עס האט נישט געדוי-
ערט לאנג, איז זיא מיט דער מאמע איבערגעגאנגען ערגיץ אנדערש אין א קעך
און פון דארט ווייטער אין א נייער קעך, אזוי אז אין א קורצער צייט זענען זיי
מטלטל געווארען אין א היבש ביסעל קעכען. די מאמע איז מיט איטליכס מאל
איבערקלייבען זיך אין א נייער קעך, געווארען צו איהר אלץ ערגער און שלעכטער
איהר טאטען האט זיא ווייניג געקענט. פריהער און דער היים איז ער געווען א
זעלטענער גאסט, שטענדיג אונטער ווענגעס און דערנאך דא אין די קעכען. האט
זיא איהם קיינמאל נישט געזעהן. זיא וואלט אפילו נאר פארגעסען אויב זיא ה׳ט
א טאטען, ווען די מאמע זאל איהם פופציג מאל און טאג נישט שעלטען, בשעת
זיא פלעגט צו איהר אויסלאזען איהר שווער בימער הארץ. „אנליינען זאל ער מיטן
קאפ, דער שיינער טאטע! פלעגט זיא שעלטען, פלוכען. דאס ווייב האט ער גע-
פטרט נאך אזוי פיל יאהר מיה, בויכוועהטיג, וואס זיא האט געהאט ביי איהם,
און איהר נאך אנגעהאנגען — געהאנגען זאל ער ווערען! .. א באמבע, א קינד
אויפן האלז, וואס איבער איהר קען זיא אייף קיין ארט נישט איינזיין און בער
דארף זיך מיט איהר שטיקען, בעהאלטען. ווארים ווער וויל עס דען
האבען ביי זיך א קעכנע מיט א קינד?" — נישט איין מאל טאקי פלעגט די
בעל הביתטע אין קעך ארייגלויפען, ווען דער ווארמעס איז נישט געווען עפיס
אזוי געראטען און פילדערען, שרייען, פאר וואס האט גאט זיא געשטראפט מיט
אזא קעכנע, וואס שעפט אפ דאס אויבערשטע פון דער יאיך און גיט עס איהר
שיין מעכטעריל אוועק. חאטש דאס מעכטעריל נעביך האט געדארט געקווארט און
נענעסען קריינק. די מאמע פלעגט עס פארשטופען, אזוי וויא טרפה סחורה,

ארפן אויווען, אין א ווינקעלע. דארט איז עס דעם גאנצען טאג אפגעזעסען ארויף איין ארט, איינגעהייקערט אין צעהנטען און מען האט ניט געמאהרט הערען פון איהר קיין פיפס. עס פלעגט איהר די סמאהע איבערגעהען, שמעקענדיג די ריחות פון געבראטענע גענז, געפרעגעלטע לעבערליך און זיא.... שא, נישט קיין ווארט! זיא האט שטילערהייט געליטען נעביך הונגער ביז מען האט זיך דערמאנט ארייגצושטופען איהר אין הענטיל א טרוקען שטיקעל ברויט און א מאל אויך איי אפגעלעקט שטיקעל ביינדיל, אדער עפיס אנדערש, וואס איז איבערגעבליבען אויף די טעלער. א מאל ווידער האט מען אין איהר זיך גאר פארגעסען און אז זיא האט זיך נישט געקענט איינהאלטען און א פיפס געטאן, פלעגט זיך ווייזען אין דער הויך ארפן אויווען א קאטשערע, א לאפעטע, אדער א שטעקען, א פאלאניק און שלאגען אויפן קאפ, אויף די הענטליך, אויף די פיסליך, וואו נאר עס האט געטראפען. און דערביי האט זיך געשאטען טויטע קללות און חרמות אויף איהר, אויף איהר טאטען און מאמענס טאטען ביז אברהם אבינו. אזוי האט זיא פארבראכט אין קריינק, אין צרות איהרע יונגע יאהרען אויף די אויוועגס. פונם שטענדיגען זיטצען אויף איין ארט איינגעבויגען, איינגעהייקערט איז זיא געווארען הארבאטע נעביך.

פונם אויווען אראפקוקענדיג פלעגט זיא זעהען עפעס א יונגען מאן. ער איז געווען איין אפטער אריינגעהער צו דער טאטען איהרער אין קעך. די מאמע פלעגט זיך אין איהם שמעלצען, איהם האדעווען פונם ארבעל, אנשטופען איהם די קעשענעס מיט גוטע זאכען און נאך נעבען איהם א מאל געלד אויך. ער פלעגט קומען אפט שפעטליך אין אווענט און בלייבען נעכטיגען אין קעך. א מאל פלעגט די מאמע פארפאלען ווערען ארויף א לאנגע צייט, זיך אויספוצענדיג פריהער, אנקוקענדיג זיך גוט אין דעם שפיגעלע, און איבערלאזען די קעך הפקר. א פנים, אז דער טאטען איז אין זיינען געלעגען התונה צו האבען און איז אלץ בעשעפטיגט געווען מיט דעם חתן....

איינמאל אקעגען אווענט איז געקומען עפעס א מענש און פארנומען פון דער קעך דער מאמעס זאכען. די מאמע האט געדאנקט דער בעל־הביתטע פאר דעם זאלץ און ברויט, אראפגענומען מיט מזל איהר נאקעט טעכטעריל פון אויווען און

איז מיט איהר ארויסנענאנגען. זיא פיהרט דאס טעכטעריל און פיהרט ביז זיא פארפיהרט עס ערגיץ אין א געסעל. „זעטץ זיך דאָ אנידער אוןווארט. יודען וועלען רחמנות האבען, !.... אזוי האט דיא מאמע גזאָגט און איז פארשווינדען געווארען.

דאָס פארוואָרפענע קינד זיצט נעביך אויף דער גאס שטיל און האט מורא א ריהר צוטאָן זיך אפילו, אזוי וויא פריהער אויפן ארווען. א קאלט אָסענדיג רעגענדיל שפריינקעלט און נעצט איהר דורך דיא ביינער. זיא איז געזעסען איינגעטורעט במעט אין איין העמד, נעצימערט פאר קעלט און א צאָהן אין א צאָהן האט איהר געקלאפט. אז איינער פון דיא פארביינגעהענדיגע האט זיא א פרעג געטאן: ווער ביסט־דוא, מיידעלע? איז דער ענטפער איהרער געווען: איך בין דער מאמעס.... דיא מאמע מיר געהייסען דאָ זיצען שטיל.... מען טאָהר ניט שרייען א קאָטשערע, א לאָפעטע קומען און שלאָגען.... אזוי איז זיא, שלימזלדיגע נעביך, געזעסען העט שפעט אין דער נאכט. ביז עפיס א יודענע האט זיא פארנארט מיט נוטע רייד און אוועקגעפיהרט צו זיך א היים, ערגיץ אויף דיא פיסקעס אין א קליין שטיבעלע אויף היהנערשע פיסליך.

ביי דער יודענע האט זיא זיך אויפגעהאלטען א היבשע צייט און ביי איהר קיין האָניק נישט געלעקט. דיא יודענע האט זיך איהר אויסגעגעבען פאר א מוהמע און איהר געהייסען, זיא אזוי רופען, דיא דאָזיגע מוהמע איז געווען א סעדעבע, וואס איז געשטאנען אין מארק מיט קארטאָפלעס, הייסע באבקעס, כל נדרי בארליך און ארץ ישראל עפעליך. גאנץ פריה איז דער שטיינער איהרער געווען אוועקצונעהן אין מארק אריין. דאס הארבאטע מיידעלע איז איבערגעבליבען מיט א טעכטעריל אין שטוב און געווינט איהר קינד, אויך געהאלפען אין דעם בעל הבתישקייט, וויא א שטיינער: קלייבען אויף דער גאס דארע שפענדליך אויף אונטערצוהייצען, קריכען אונטערן פעקלאָק נאָך אייער, וועלכע דיא היהנער האבען געליינט אויס־סקראָמאדען א טעפיל פון פארטריקענטער קאשע, פערוואשען אין דער פאמי ניצע דעם קינדס א פארשמירט העמדיל, און שטעהן אכטונג צונעבען אויף דיא איבערגעוואַשענע הילצענע מילכידינע לעפעל, וואָס טריקענען זיך אויף דער פריזבע, אין איינעם מיט דעם קינדס קישעליך, א קענען דער זון, און נאָך אנדערע אזעלכע מלאכות

פאַרנאַכט, אז דיא סערעכע איז א היים געקומען. האט זיא געשיקט איהר קליין דינסט מיידעל אין דיא הייזער ארומצוגעהן און צונויפגעהמען עטליכע שטיקליך ברויט, דערפון האט זיא זיך דערנעהרט אליין און נאך געגעבען דער מוהמע איהוער.

זומער פאר נאכט איינמאל, בשעת ארומגעהענדיג אין דיא הייזער אויף איהר שטייער, אין איין גראָב העמדיל מיט א האלב קליידעל, האט זיא זיך פארשלאָגען גאנץ ווייט, אזש ביים עק שטאָדט און נישט געטראָפען דעם וועג צוריק א היים. דיא זון האט שוין לאנג זיך גנזעצט. אויף דעם הימעל האט זיך אנגעריקט א שווארצער וואָלקען. עס האט ביסליכווייס געבליצט און גדונערט. פלוצלים קומען אונטער, פון דער שטאָדט ארויספאהרענדיג, עפיס בוידען, פול אנגעזעמצט מיט מענשען. קוקט נאָר! האבען פארשוינען ארויס געשריגען פון אייןביידיל, עפיס דרעהט זיך דא ארום א הארבאטע מ ידעלע און וויינט געביך. און באלד טאקי שפרינגט אראָפּ׳עט עפיס איינער א רויטער — טאקי אלץ דער רויטער ממזר, א קיינק איהם אין דיא ביינער איאן! נים א פרעג דאס קינד, ווער עס זיא איז. — איך וויל א היים, א היים צו דער מוהמע! ענטפערט דאס מיידעלע אויף א וויינענדיג קול. — שא טאָכטער, וויין נישט. זאָגט צו איהר דער ממזר איך וועל דיך אָבפיהרען א היים צו דער מוהמע. ער כהוט זיך באלד טאקי א חאַפּ, ווארפט זיא אין אביידעל אריין און פאהרט מיט איהר אוועק.

פון יענער צייט אָנ־עם בלאָנקעט דאס האָרבאטע מיידיל נעביך זיך ארום מיט דער חאָלאסטרע בויד אָרמעלייט, וואס האבען פון איהר הייקער געמאכט א פרנסה. דער שטיינער איז זייערער געווען, קומענדיג ערגיץ אין א שטאָדט, אני־דערצחעצען זיא נאקעט און באָרפוס אויף דער גאס, וואו מענשען גנעהען און זיא האט בעדארפט חליפּען, בעטען נדבות אויף א וויינענדיג קויל מיט א ניגון און אויף רייסען ביי דיא פּאָלעס. האט זיא אָבער א מאָל נישט געשפּיעלט דיא קאָ־מעדיע טיטאָקענדיג מיט אלע אָנשטעלען און געמאכט ווייניג געלד, פלעגט מע־איהר אָבשפּילען א גוטע חתונה: שלאָגען זיא טויט שלעג, ארויסווארפען ז׳א ביי דער נאכט אין דרויסען, וואו זיא פלעגט, נאקעט, הונגעריג נעביך, שריי־

ען וויינען אויפ׳ן רעכטען אמת טאקי .... זיא האט מיר דערציילט, וויא זיינ־
מאָל, ווינטער אין א שטארקען פראָסט, האט מען זיא ביי נאכט אזוי ארויסגע־
וואָרפען אויף דער גאַס. דער פראָסט האט זיא א נעהם געטאָהן און געמאכט
פון איהר א ביינעל, געצופט געטשיפעט דאס לייב וויא מיט קאַלטע שפּיקעס.
עס האט איהר זיך געריהרט דער שארבען אויף דעם מוח, טונקעל און לבטיג,
עפּעס ביידע כ״י״ג א מאָל, איז איהר געווארען אין דיא אויגען, אט, אָט עקט
איהר זיך דאס לעבען. זיא קען שוין מעהר נישט אויסהאלטען און הויבט זיך אָן
בעטען אין שטוב אריין מיט א ביטער געוויין. זיא ציטערט, בעט רחמים:
עפענט מוהמע, עפענט פעטער! — אזוי האט זיא איטליכען פון דער חאָלאָסטרע
גערופען — זיא שרייעט: פעטער. איך וועל שוין ווייטער דארט פאר
מענשען נוט שרייען: זיא ווײנט: מוהמעניא, איך וועל שוין דאָרט
גוט ווייגען! זיא בעט: געוואלד, איך וועל שוין ווייטער גוט בעטען
נאר שריי צו דער וואנט נישטאָ קיין ענטפער! .... זיא בלייבט ליגען שטיל,
פיהלט מעהר נישט קיין קעלט, קיין פיין, עס בעפאלט זיא עפּעס וויא א זיסער
שלאָף, עס דאכט זיך איהר, מען האלזט זיא, גלעט זיא, עפּעס גוט ווארם א
מחיה — און מען האט זיא א טויטע צועקנעטראָגען פונס אָרט .... זיא האט
א היבשע צייט פון יענער נאכט געקרייינקט. — ווייטער איז דער שטיינער געוועזן
אראבצולאָזען זיא פונם וואָגען, וויא באלד מען האט פון דערווייטענס אויפן וועג
דערזעהען פאָהרענדיג עפּעס א פאָריץ, אדער סוחרים, לייטישע מענשען. זיא
האט בעדארפט מאכען דיא גאנצע שפּיל, אויסשטרעקען דיא האַנד,
דרעהען זיך, לויפען פאר ביי דיא פערד, ביי דיא זייטען וואָגען־ חליפען, בעטען
אונטער דער נאָז מיט א רחמנות־פּנים און דערטאַפּען א נדבה, איהר טויט זאל
דאָ אפילו זיין. א מאָל פלעגט זיא טאקע חאַפּען א שמיטץ מיט דער בייטש פונם
שמייסער אויף דער קעלניע, נאָר זיא פלעגט עס נעביך אראָפּשלינגען, שאַ, קימש
און געטהאן טאקע איהרס, ווייל זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז א בייטש איז
נאָרנישט געגען דעם, וואס זיא וועט שפּעטער חאַפּען, אויב חלילה זיא קומט צוריק
אין בויד מיט ליידיגע הענד.... וואס זיא נעביך איז אין דיא יונגע יאהרען צרות
אויסגעשטאנען, לאזט זיך גאָר ניט ארויסזאָגען. אויך היינט שטעהט זיא נאך געגוג

צרות אויס. אין גיהנם בעדארף מען אזוי פיעל נישט אָפּקומען וויפיל זיא נעביך קומט אָפּ־עט. אָך, דאס בלוט קאָכט אין מיר, ווען איך דערמאהן מיך אין איהר! אוי־ווייא, מיין לעבען וואלט איך פאר איהר נעהרען אוועקגעגעבען, אבי זיא אויסצולייזען. הערט איהר יודען, ס׳איז נאך אויף דער וועלט גאָר נישטאָ אזא גוטע, שטילע טו̇יב, אזא זיסע טהייערע נשמה, ווי זיא!....

17.

פישקעס דערצעהלונג האט אָנגעמאכט א שטארקע מרה־שחורה אויף אלטירן מיט מיר. אלטיר האט מיט דער האנד נעריבען דעם שטערען, וויא עס האט איהם עפּעס געביסען און אלץ געמאכט פאר זיך: עט, עט!

— הערט איהר, ר׳ אלטיר, רופט איך מיך אָן מיט א שמייכעלע, פישקע, הלעבען, איז טאקע פארליאָפּעט אין דעם האָרבאטע מיידיל. ס׳איז חלעבין, עפּעס נישט גלאט.

— למאי זאל איך לייגענען, האט פישקע געזאגט, איך האב זיא טאקע אָנגעהויבען שטארק ליב צו האבען און הארצען פאר גרויס רחמנות. עס האט מיך עפּעס צו איהר נעצויגען, מיר צונעקומען לעבען פונם זיטצען א מאל מיט איהר אין איינעם—וואס? .... נאָרנישט! גלאט אזוי זיך—שמיעסין, אָדער שווייגענדיג אָנקוקען זיך איינער דעם אנדערען. דאס גוטסקייט איז איהר געלעגען אויפ׳ן פנים־ דאס קוקען איהרס אויף מיר איז געווען טאקע נאָר, וויא א געטרייע שוועסטער קוקט אויף איהר אומגליקליכען ברודער, בשעת איהם איז געבעך שלעכט, שטארק נישט גוט. און אז נעחמענדיג צום הארצען מיינע צרות האט זיך איהר געשטעלט טרעהרן אין דיא אויגען, איז מיר געווארן עפּעס גוט ווארם מחיה אין אלע גלידער. עפּעס האט מיר זיך געדאכט, געדאכט... איך וויים אליין נישט וואס. עפּעס האט מיך אינוועניג געבריהט, געגעלט ביי דער נשמה: „פישקע דו ביסט נישט מעהר אליין אין דער וועלט, ביסט נישט מעהר עלענט וויא א שטיין״ — און עס בענעטצען מיר זיך דיא אויגען פון הייסע טראָפּען טרעהרען....

מיין ווייב — א וואונדער חלעבען! — האט מיך שוין עפּיס נישט אזוי גע־ ארט, עפּיס איז מיך שוין נישט אזוי שטארק אַנגענאַנגען וויא זיא מאַכט חן מיט דעם ממזר. געקרימט דארויף האָב איך מיך נאך מאקי, אבער דאָס קרימען זיך האט שוין נישט געהאט דעם טעם וויא פריהער. אז מיר פלעגט א מאָל אריינ־ קומען אויפֿן געדאנק אזוי: דוא ווילסט, פּישקע, דײַן ווייב זאָל א זאָג טאָן, „אצינד איז שוין נענוג זיך ארומגעשלעפּט, קום, לאָמיר זיך בעזעטצען אין א שטאדט"? פלעג איך זוכען וויא מיך ארויסצודרעהען, נישט געבען קיין גלייכען ענטפער און זיך פארטראכטען דערביי אין איהר.... וואָס וועט זיין מיט איהר, מיט דער האָרבאטער נעביך.... נאָר הערט אבער א מעשה! אז איך בין גע־ וואָרען אין הארצען צו מיין ווייב קיהלער, שוין נישט נעצאפּעלט נאך איהר אזוי וויא פריהער, איז זיא, דאכט זיך, געוואָרען צו מיר הייסער. עס פלעגט אויף איהר א מאָל אנקומען א שעה, וואס זיא איז געווען צו מיר גוט, ווייך וויא א טייג, און האט זיך געהאנגען מיר פשוט אויפֿן האלז. נאָר דערפאר שפּעטער פלעגט עס מיר באָקום אויספּאלען. זיא פלעגט מיר טאָן אין דער גאַל אריין, מיך פּלאָגען, פּייניגען נאך טויזענד מאָל ערגער וויא פריהער, אזוי אז דאס לעבען איז מיר נישט ניחא געווען און האב מיר געווינטשען דעם טויט. איך האב פון איהר געהאט, מאקי וויא מען זאגט, קאלט און ווארם. איך האב נאָר נישט געקענט פארשטעהען, וואס איז איהר געשעהען? נאר אין א קורצע צייט שפּעטער איז זיך פארלאָפען עפּיס א זאך און דער בלאָטער איז פלוצלים אויסגעשפּרונגען. איך האב שוין פארשטאנען, וואס ברענט אזוינס מיין ווייב, וואס דיא רוגזא איהרע בעטייט ס'איז א ועטהיג, א בושה צורערצעהלען.

פּישקע פארטראכט זיך א רגע. דערנאָך טהוט ער זיך עפּיס א געשמאקען קראַטץ און הויבט אָן ווייטער צודערצעהלען.

איינמאל זענען מיר אנגעקומען ערגיץ אין א קליין שטעדטיל און פאַרפאָהרען, וויא געוועהנטליך, אויף אכסניא גלייך אין הקדש אריין. איך זאג אייך יודען, עפּיס האב איך דאָך שוין גענוג הקדשים מיך אנגעזעהען אין מיין לעבען און ווייס גאנץ גוט, וואס אזעלכע בעטייטען, נאָר זיי אלע זענען גאָלד אקעגען דעם הקדש פון יענעם שטעדטיל. אז איך דערמאָהן מיך אין איהם, הויבט אצינד

נאך אן מיר דאס גאנצע לייב צובייסען און איך מח מיך קראטצען. אין גאנצען האט דער הקדש אויסגעזעהען וויא א שטארק אלטע קרעטשמע, א חורבה מיט אויסגעקרימטע, נישט קיין גלייכע ווענט, מיט עפּיס א דעכעל, מישטעהנסגעזאגט, וויא א צוקנייטשט קאפּעלישעל, פארריסען; פון פאָרענט און נידעריג אנגעביינען פון הינטען; כמעט ביז דער ערד. מען האט בעשיינפערליך געזעהען, אז דער הקדש נעביך האלעשט, וויל איינפאלען און ליגען וויא א בארג מיסט אויף דער ערד נאר דער עולם אין שטעדטיל האט איהם אפּגעשריגען, אונטערגעשפּארט מיט דרענגליך און איהם איינגעבעטען, צוהאלטען זיך אזוי אויף ווייטער ביז הונדערט און צוואנ־ציג יאָהר. דורך קלאָמפּיזרשט עפּיס א טויער איז מען אריינגעפּאהרען אין א גרויס הויז מיט צושאָטענע, לעכערדיגע ווענט, דורך וועלכע עס האָט זיך אריינגענבעט א שטיקעל שיין. דיא ערד דאָרט איז געווען גריבערדיג, ערטערוויים איז געשטאנען קאליושעם, פארשימעלטע, פארדומפּענע פון פאמייניצעס און נאך אזעלכע זאכען אויף פונם רענען, וואס פלעגט תמיד דורך דעם פוילען שטרויענעם דאך, צור שיטעט וויא א רעשעטע אהין אריינקאפּען. צוריבענע פארפוילטע שטרויא האבען זיך אומעטום געוואלגערט, אויסגעמישט מיט אלערלייא מיני שמאטעס: צעריסענע טאָרבעס, צוהאקטע ראָנאושעס, פארדאָרטע ווערכליך פון שיך, אלטע פּאָדאָשוועס און אויסגעדרעהטע אָפּזאטצען מיט פארזשאווערטע טשוועקעס, שטרבליך, צובראָכענע רייפען, ספּיצעס פון רעדער, האָר, ביינער, דראפּאטשעס, ריטער פון בעזעמער און נאך אזעלכע שמאָכטעס. דאָס דאָזיגע ביסעל סחורה אין איינעם האָט געפּריעט און געגעבען „דיא שמוכט״, משונה־דיגע ריחות נאָר א שרעק! — אין דער לינ־קער זייט הויז האט זיך געפּענט מיט א בייזער א פארשמאָלצעווטע טהיר און א שטוב אריין מיט קליינע, שמאָלע, נישט גוט צוגע־שטאנענע פענסטער און א טהייל שויבען זענין איינגעשלאגען און פארקלעפּט מיט צוקערפּאפּיר, אדער פאַשטעקט מיט א שמאטע, א טהייל זענין שטארק שמוטציג, און דיא ווינקעליך בעדעקט דיק מיט שימעל און ווידער א טהייל זענין פאר אלטקייט איבערגעצויגען מיט געל־גרינע משונה גלאנצענדיגע קאָלירען און דער גלאנץ שטעכט עפּיס דיא אויגען, גלייך וויא א קריטץ אויף גלאָז גרילצט ווילד אין דיא אויערען. ארום דיא אפּגעשלאָ־גענע ווענט און לעבין א גרויסען אויווען ציהען זיך לאנגע בייגק פון ברעטער,

וואס לינען אויף קלעטצליך און שטיקער האָלץ. העכער אביסיל איבער דיא ביינק שטעקען אין דיא וועגט גרויסע און קליינע פלעקליך. פון דער שווארצער סטעלע חיינגען אראָפּ שטריקליך מיט פּעטלעס, אין וועלכע עס האלט זיך ביי דיא ביידע עקען א לאנגער שטאנג. דיא פלעקליך מיט דעם שטאנג זענען פערהאנגען מיט פארדריבּעטע קאפּטענס און קליידליך, מיט אלערליי חפצים און טאָרבעס פון ארמעליים, וואס קומען צופאהרען אין ביידליך, אָדער קומען זיך צושלעפּען צופוס און שטעהען דאָרט איין, יונג און אַלט, מאנסבילין און ווייבער אלע אין איינעם. — דער הקדש איז א חוץ דעם נאך א ביקור־חולים אויך. דאָרט איז דאס אָרט אויף צושטארבען פאר קראנק מיאוסע קבצנים אין דער שטעדטיל. דער רופא טהוט אלסדינג, וואָס נאר מעגליך: שטעלט באנקעס, פּיז וקעס, לאזט צו דער אדער און צאפּט, אויך קהלשע הוצאת קבצנים בלום ביז דיא כשרה נשמה נעהמט זיי אויס און דער הקדש מאן וואס איז צוגלייך דער קברות יוד פונם שטעדטיל, איז זיי מאקי באלד מקבר אומזיסט. דער הקדש־מאן מיט זיין הויזגעזינד זיצט אויך טאקי דאָרט אין א מין אלקיריל, מישטהנעס־נעזאָגט. חוץ וואס ער איז א הקדש־מאן, א קברות־יוד, א שמש אין דער חברה־קדישא, א משגיח אין זיין בקור־חולים, א ושתי המלכה, אדער א מאנדרוש אין פורים, א פערשטעלטער בער מיט איין איבערגעקעהרטען פעלץ אין שמחת־תורה א סארזוער, איין אָנשטעקלען־מאכער, א ווערטיל־זאָגער אויף אלע חתונות און בריתין, האט ער נאך א פּרנסה דערצו, צו מאכען חלבידינע לעכטליך. דיא אלע בעלי־הבתים און בתי־מדרשים ציהען ביי איהם לעכט אין הויז פונם הקדש און עס ווערד דענסטאָל א געשטאנק, איין עיפּוש ווייט ארום און ארום.

אז אונזער חאליאסטרע איז אָנגעקומען אהין אין הקדש, איז ער געווען אָנגעזעטצט נענוג מיט אורחים. דער הקדש־מאן האט זיי געטריבען: גענוג געזעסען, פאהרט אייך געזונטערהייט שוין ערגיץ אנדערש! נאָר אזוי וויא ס׳איז געווען דאָנערשטאג האבען זיי גענאמען איין אויכרייד זיך אָפּצובעטען — פארבלייבען דאָ ביז נאך שבת. דיא ערד, דיא ביינק און דער אויוון זענען ביי־נאכט בעלאגערט געווען מיט מענשען. מען האט זיך געשטופּט, געקוועטשט, געקרינט און געשאָלטען פאר א שטיקעל אָרט. קאָניצע און פּיעשע האָבען שטארק געארביים, איינעם דעם אנ־

דערען ארויסגעוויעזען שטארקע שנאה און דיא גבורה זייערע מיט דיא הענד. אין דער גרויסער מהומה, נישט דאָ־געדאכט, האט געקרעכצט אין א ווינקעלע א קראנ־קער אלטער יוד, וועלכען מען האט געכטען אויף קוראציע אהער געבראכט. און א פיצעל קינד, וועלכען מען האט אין דעם שטופעניש צונעקלעהמט א פיסעל, האט געקוויטשעט, געמאכט לעכער אין קאָפּ שרייענדיג. — ערשט שפּעטער, אז דיא בייזע מהומה האט זיך איבערגענומען האב איך מיר אָפּגעזוכט ערגיץ א ווינקעל און זיך געלייגט וויא ס'איז אויסצורוהען אביסיל. נאָר קוים האָב איך מיך געלייגט, זענען מיך בעפאלען גאנצע חילות פרייסען, וואנצען, פליי וויא דיא בערען און האָ־בען מיך געוואָלט לעבעדיגערהייט אויפעסען, דאס לייב הויבט מיר אצינד נאָך אָנ־עט צובייסען און מוז מיך געשמאק־קראַטצען, נאָר ביים דערמאָהנען־זיך אין דיא דאָזיגע מלאכי־חבלה. אז איך האב א קוק געטאָן, מיט פרייסען מ׳חמה צו האל־טען איז שווערליך, א פרייס איז א בעשעפעניש, וואָס קריכט און זיין שותף דיא וואנץ שטינקט, האב איך זיי מוחל געווען מיין שטיקעל פלאַץ, לאָזען זיי מיט איהם זיך ווארגען; און בין ארויס אין הויז, דאָרט וויא ס׳איז צוברייגנען דיא נאכט. אין דרויסען איז געווען שרעקליך פינצטער. א קאלטער, א שטארקער ווינד האט געשטורעמט, געהיילט וויא דיא הונגעריגע וועלף, געפייפט און געבלאָזען דורך דיא שפּאלטען אין דיא ווענד. שטיקליך שטרוי זענען פונם דאך געפלויגען און האָבען מיט נאָך אנדערע שמאכטעס וויא דיא רוחות אין הויז ארום־געטאנצט, צרוויילען האט אהין דורך דיא לעכער אויף אריינגעקאפּעט גרויסע טראָפּען רעגען. איך האב פארריקט מיך דאָרט אין א ווינקעל און געלעגען מיט א ביטער געמיטה, געציטערט פאר קעלט. אי, דיא באד, דיא באָד! האב איך געאייקעט און גע־אָכט, וואו געהמט מען מיין באד! דאָרט איז דאך פשוט א גן־עדן, ווארם, א דערקוויקעניש, וויא גליקליך בין איך אין דעם דאזיגען גן־עדן דאָרט אמאל געווען. וואס האט מיר געפעהלט, וואס איז מיר דאָרט אפּגעגאנגען? מיר איז געווען אזוי גוט, אזוי וואויל, האט דער רוח בעדארפט אנטראָגען מיין ווייב, איך זאָל דורך איהר פארטריבען ווערען פון גן־עדן און ארומוואגלען זיך אין דער וועלט. אויף צרות נאָר זיינען דיא ווייבער דאָ, טאקי נאָר אויף צרות. וואס טויגען זיי? וואס האט מען פון זיי? קיין גוטס חלעבין קומט פון זיי נישט ארויס.... באלד אבער

דערמאהן איך מיך אין דעם הארבאטע מיידיל און פאר מיר אליין מיך געשעהמט סטייטש, זיא איז דאך א גוטע, א כשרה נשמה, מיט איהר אין איינעם איז דאך עפיס א תענוג. ס'איז עפיס גלאט גוט, גרינג, פרעהליך אויפן הארצען צו זיטצען און שמיעסין מיט איהר. א כפרה טויזענד באדען פאר איהר מינדסטען נאגעל. פון איהרם א קוק ווערט עפיס געשמאק ווארם אין אלע גלידער. — שעהם דיך, פישקע! שיינעץ איך מיך אליין אויס, זינדיג נישט מיט דיינע רייד, ווייבער גיבען עפעס צו א שטיק געזונד און לעבען. ווייבער קענען גליקליך מאכען און פון גיהנם אפילו מאכ׳ן א גן־עדן...... פון אזעלכע זיסע געדאנקען האב איך פארגעסען אין אלע מיינע צרות. דאס ווינקעלע, וואו איך האב מיך צונעשפארט, איז עפעס גאר גוט מחיה, מיר איז שוין מעהר נישט קאלט. איך הייב אן־עם לייענען קריאת שמע מיט געפיהל, דיא אוינען קלעפען מיר זיך און ווער באלד אנדרעמעלט. פלוצלים אבער האט מיך אויפגעוועקט עפעס א שרעקליך געשריי.

— קוקט נאר אן דאס נפש! האט עמיצער געשריגען לעבען דער טהיר פון שטוב, און דערלאנגט פון דארט א ווארף מיט דעם גאנצען כח אין הויז אריין עפעס א שווערע זאך, וואס איז וויא א שטיין געפאלען אויף דער ערד מיט א שטארקען קלאפ. קוקט נאר אן דיא מצאצע, אויך מיר א מענש! א קאטאוועס דיא גראפינע פאטאצקע!.... און אין הויז ביזט דוא קראנק צו ליגען פארפאטש־קעטע גראפינע!—

איך האב באלד אין דעם קול דערקענט דעם ממזר, א קיינק איהם אין דיא ביינער איאן! ער האט נאך אביסעל געשריגען, געזידעלט, אויסגעווארפען מיט דער גראפינע פאטאצקע, דערביי אויסגעשפיגען און פארמאכט דערנאך דיא טהיר מיט א שטארקען קלאפ.

א שטיקעל לבנה איז ארויסגעקראכען פון צווישען דיא צוריסענע שטיקער וואלקען, האט אריינגעקוקט דורך דעם צובראכענעם דאך אין הויז אריין און בע־לויכטען דארט עפעס א מענשליך געשטאלט, וואס איז געלעגען וויא א קלימעק, שטיל, קיין ריהר זיך נישט צוטאן. איך האב מיך א לאז געטאן זעהען, ווער איז עס דיא מצאצע, אדער דיא גראפינע פאטאצקע, וואס ליגט דארט אזוי, איך טהו א בליק און א דונער האט מיך דערשלאגען! פינסטער איז מיר אין דיא אויגען

און דער קאפּ דרעהט זיך מיר, אזוי וויא פון דער ערשטער פּארע אויף דער אויבערשטער באנק. מיין האָרבאַטע מיידיל, זיא געביך ליגט עס אויפן ריקען טויט אויסגעשטרעקט פון'ם שטארקען שליידער, וואס דער ממזר האט מיט איהר געטאן! איך נעהם מיטערן מיט אלע כחות דיא האָרבאַטע געביך און אז נאט האט געהאָלפען, זיא האט זיך אנגעהויבען צוריהרען, האב איך זיא א חאַפּ געטאָן אויף דיא הענד עפּעס נישט מיט קיין מענשליכען כח, וויא בשעת מען ראטעוועט אין א גלופסקער גרויסע שרפה, און בין מיט איהר ניך אוועק אהין אין מיין ווינקעלע. איך וואלט געמעגט שווערען, אז דענסטמאל בין איך געגאנגען נאָר גלייך, וויא אלע מענשען, און האב אפילו קיין הינק נישט געטאן. זיא האט פּאָר מעליך, פּאמעליך אויפגעעפענט איין אויג נאך דער אנדערער און א שמילען זיפץ געטאן. איך האב פאר שמחה געמיינט אז דיא וועלט איז מיינע. ס'איז מיר געווען צו מוטה טאקי נאר וויא דעם בעטלער אין דיא געשריבענע מעשיות. וואס ווערט פלוצלים פון דער העלער הויט מגולגל אין א מ...יערן פּאלאטץ, זיצט זיך דאָרט אנגעלעהנט אויף דער גוטער עסעבעט און איינעם מיט א בת־מלכה און טהוט זיך וואויל. איך האב געשווינד אראפּגעווארפען פון מיר מיין קאפּאָטע און איינגעוויקעלט דערמיט מיין בת־מלכה, וואס האט געציטערט געביך פאר קעלט.

— אוי! האט מיין האָרבאַטע געביך א זיפץ געטאָן, ארויסגעריבען דיא אויגען און געקוקט, עפּיס גלייך וויא זיא האט זיך ארומגעקוקט אויף וואָס פאר א וועלט זיא איז.

— וואס קוקסט־דוא עפּעס אזוי? טהו איך זיא א פרעג. איך בין פּישקע. געדאנקט און געלויבט איז גאט, וואס דוא לעבסט.

— אך און וועה איז מיר, זאגט זיא מיט א זיפץ טיף פונם הארצען. וואס טויג מיר, וואס איך לעב! איידער א.א לעבען איז שוין בעסער דער טויט. נאט איז דאך א גוטער, א בארמהערצעדיגער, הייגט צו וואס האט ער אזעלכע וויא איך נאר בעשאפען, נאָר אויף צו ליידען און פּלאגען זיך אין דער וועלט?

— נארעלע! מאך איך צו איהר, מסתמא ווייסט גאט וואס ער טהוט. מסתמא איז דאך איהם ניחא, אז אזעלכע וויא מיר זאלען זיין אויף דער

וועלט. נאט איז א טאטע, ער זעהט, הערט און ווייסט אלסדינג. דוא מיינסט, נארעלע, ער ווייסט נישט אונזערע ביידענס צרות? נאט ווייסט נישקשה! דיא לבנה זיינע, זעה נאר, זעה, קוקט פון הימעל אהער אפילו, אין הויז, אויף אריין. זינדיג נישט, נארעלע, מיט דיא רייד.

זיא האט אויסגעשטעלט אויף מיר א פאר פייערדיגע אויגען, אין וועלכע עס איז געשטאנען גרויסע טראפען טרעהרן און זיך געפונקעלט אקעגען דעם שיין פון דער לבנה, וויא ברילאנטען. איהרע אויגען און איהר קוק דענסטמאל אויף מיר, וועל איך אייביג נישט פארגעסען.

אז איך בין אויפגעשטאנען אויף מארגען גאנץ פריה, האב איך געזעהן, מיין הארבאטע ליגט אין ווינקעלע, איינגעוואָרעט אין מיין קאפאטע און שלאפט וויא א פיינעלע. דאס פנים איהרס איז געווען בלייך און אויסגעזעהן עפעס אזוי גוט, אזוי רחמנות׳דיג גוט.... דיא ליפען האבען צרווילען געציטערט און זיך אויסגע־צוינען עפעס וויא מיט א געבעט. עפעס בעט זיא געביך רחמים: פייניגט מיך נישט! וואס האב איך אייך געטהאן? וואס האט איהר צו מיר? פארוויכט מיר נישט דאס לעבען. וואס האב איך אייך געטהאן?.... און דאס בעטען איהרס רייסט אוים א שטיק הארץ. עס האט מיר זיך געשטעלט טרעהרען אין דיא אויגען—און איך האב געוויינט....

דער ערשטער, וואס איז אין דער פריה אין הויז אריינגעגאנגען, איז געוועזן דער ממזר, א קיינק איהם אין דיא ביינע אין! — ער האט מיט זיינע גנבה׳שע אייגעליך א קוק געטהאן אויף מיר, אויף דער הארבאטע און איז מיט א שטעג־בענדיג געלעכטעריל אוועק צוריק אין שטוב אריין.

---

18.

פישקע איז פלוצים געבליבען שטיל און אוועקגעקעהרט דאס פנים, גלייך וויא ער האט זיך געשעהמט. וואס מיין אלטיר האט איהם נישט געבעטען, וויטער צו דערצעהלען, האט אלץ נישט געהאלפען. עס.... חלעבין! האט

פישקע געמאכט, איז רויט געוואָרען, זיך געמינעט און נישט געעפענט קיין מויל. פישקע, וויא עס האט אויסגעזעהן, האט לסוף זיך אליין פארשעהמט פון זיינע אייגענע רייד. פריהער אז עס האָט איהם דער ערשטער בריה געטהאן, האט ער זיך צופלאַקערט, צורעדט וויא איינער פון היטץ. ער האט גערעדט מיט פייער און אויסגעגאָסען זיין גאנץ הארץ אין אזעלכע ווערטער, וואָס זיינען גאָר נים געוועזען פאר פישקעס מוח. דיא דאָזיגע ווערטער האבען זיך איהם געגאָסען אליין עס האָט אין איהם זיך צורעדט דיא נשמה. ער האָט בשעת מעשה פארגעסען אלסדינג, וואָס ארום איהם טהוט זיך, גערעדט, נישט צוהערען כמעט אליין, וואָס ער רעדט, ביז ער האט פלוצים זיך א חאפ געטהאָן, עפעס וויא זיך אליין צוגעהערט צו זיינע רייה, זיך עפעס געוואונדערט, וויא קומט אזוינס צו איהם... און איז שטארק פארשעהמט געוואָרען. ביי וועלכען פון אונז מאכט זיך נישט חאָטש איין מאל אין לעבען אזא לעכטיגע, גוטע שעה, וואס דענסטמאל עפענט זיך א מויל און ריינע, אמתע מענשליכע געפיהלען ניסען זיך איהם ארויס, וויא א שטראָם הייסע זודיגע נאזען פון א פייערשפייענדיגען בארג? אויף בלעס׳ס אייזעל אפילו איז אויך אנגעקומען א שעה, אין וועלכער עס האט פון דער העלער הויט איהם זיך געעפענט דאָס מויל און האט געהאלטען א שיינע ריידע. ווער שמיעסט ביי בעלי דרשהנס להבדיל, מאכט זיך פיל מאל, אז אזעלכער, וואָס מעלה־נרה׳ט געוועהנטליך, פלוידערט תמיד אוועק נארעשקייטען, א שרעק צוהערען, פלוצים פאלט אויף איהם אן א מאל עפיס א בעגייסטערונג און ער זאגט נישט ווילענדיג ארויס א גלייך וואָרט, וואס דער גאנצער עולם און ער אליין מיט זיין כבוד אויך, בלייבען דערנאך פארגאפט. ביים ערגסטען חזן, א קאטשאן, וואָס גלוסט זיך ברעכען, הערענדיג זיין טערעלייקען מיט משונענע הוויות, טרעפט זיך אויך א מאל, אז פלוצים טהוט עס מיט איהם א טראָג, ער צוויאָגט זיך אין דעם מוסף מיט א ברען און ווארפט ארויס א „יקום פורקן׳דיל״, א „תכנת שבתי׳ל״ מיטן קנאק. טרעט דיא גוטע שעה אָפּ, בלייבט דער אייזעל ווייטער טאקי איין אייזעל, דער בעל דרשה להבדיל ווייטער א פלוידערזאק און דער חזן מישטעהנעס־געזאגט ווייטער א קאטשאן.... נישט דאס בין איך אויסען. צוויי יודען דרעהער

האב איך געקענט אין א יודישער דרוק, וואס דיא גאנצע ארבייט זייערע איז בעשטאנען דרינען, טאג וויא נאכט, צו דרעהען דיא ראָד פון דער מאשינע, שטעהענדיג ביי איהר אין דער זיים, איינער לעבען דעם אנדערען, נאר אזוי וויא דיא אנגעטאהלטע גולמ׳ס. דרעה און דרעה שטענדיג, אָהן איין עק, אלץ אויף איין אָרט, אויף איין שטיינער. פלוצים האט עס זיי עפּיס וויא אונטערגעטראגען און האבען זיך א נעהם געטאן דרעהן דיא ראד געשמאק מיט געפיהל, שטארק בעגייסטערט. דיא אויגען ברענען, פלאקערען און זיי דרעהען מיט אזא תענוג, וויא זיי וואָלטען געוועזען אויפן זיבעטען הימעל, וויא זיי וואָלטען געוועזען געדרעהט וועלטען און האבען מיט איטליכען דרעה ארויסגעדרוקט עפּיס א געדאנק, עפּיס א געפיהל, וואס דרעהט זיי אינוועניג. שפּעטער א ווייל, אז דער ברען האט נאכגעלאָזט האבען זיי פארוואונדערט איינער דעם אנדערען מיט א פּאָר גלעזערנע אויגען אנקעקוקט, אויסגעשפּיגען, פארדרעהט דיא קעפּ, איטליכער אין זיין זייט, געדרעהט וויא געוועהנליך און ווייטער א פּנים געהאט וויא דיא לייטענע גולמ׳ס.

איך קוק אויף פישקען, וואס איז געבליבען אהן לשון און זוך ביי מיר מיטל וויא איהם בערייזעווען צומאכען. פלוצלים פאלט מיר איין ר׳ ליב ש״ה׳ס גולם, וויא ער מהוט זיך א שטעל־אויף, נאכדעם אז ר׳ ליב ריקט איהם ארויין הינטען דעם שם המפורש, האפּט זיך און מהוט אלסדינג, וואס מען הייסט. זעהר שיין, טראכט איך מיר, ברוך הבא! נאר אנשטאט דעם, וואס ביי יענעם גולם, עליו השלום, האט געווירקט אין זיינע צייטען וועט היינט ביי מיין גולם, איהם צו לאנגע יאהר, ווירקען פשוט דאס מיידיל....

איך הויב אָן פישקען אונטערצוגעבען פּארע, צודערוואַרמען איהם מיט א שמיעס וועגען זיין האָרבאטע מיידיל. און דערביי האב איך טאקי מיך אליין אויף צוהיצט, נערעדט פּתם הארצען מיט פייער און אויסגעלאזט דעם שמיעס אזוי:

וויפיל אומשולדיגע קינדער נעביך קומען עס אויף דער וועלט אזוי אָפּ פּאר דיא זינד פון זייערע עלטערען, וואס גלוסט זיך זייא נארעשקייטען, דרעהען זיך, גמ׳ן זיך און לאָזען איבער דיא קינדער, זייער פליייש און בלוט, הפקר וויא אויפ׳ן וואסער! וואס נעהט זיי אן קינדער! זיי האבען אין זינען נאָר דאָס נפשיל, זייער

איינגען נפשיל. איטליכער פון דיא שיינע עלטערען האָט ווייטער חתונה....

איך בין געבליבען וויא דערוואָרגען אין דערמיט פונם שטיעם. אלטיר מיר נער, זעה איך, איז צוקאָכט, אויס מענש. עס טהוט מיר באַלד טאָקי א קלאפ אין הארצען: אי, האב איך עס בענאנגען א מיאוסען פעהלער, זיך ארויסצוחאפען פאר אַלטיץ מיט אזעלכע ווערטער, וואס זעניך צונעפאסט צו איהם און האבען איהם נעשטאכען אין דער זיבעטער ריפ! עס טהוט מיר שרעקליך באנק, איך שטראָף מיך אין הארצען און זאָג מיר אליין מוסר: געוואַלד מענדיל, שוין צייט קוסען צום שכל, נישט ארויסצחאָפען יענעם דעם אמת וויא א יונגעל! ביסט דאָך ברוך השם, שוין א יוד מיט א גרויסער באָרד. שוין צייט זיין א מענש, פארשטעהן וואס זיך איז נוטצליך און גוט. אי דיין צונג, דיין צונג!....

איך האב מיר אין הארצען א נדר געגעבען, ווייטער מיך צוהיטען מיט א וואָרט הערען, זעהען און שווייגען — דיא גוטע מדה פון אלע קלוגע, פיינע לייט, וואס איז נייטיג אין לעבען. איטליכען וועל איך נאָר לויבען, בעליבט צומאכען זיך דערמיט ביים עולם. עס האט מיט מיר פירנעשטעלט טחנות אונזערע גוטע מענשעליך, פעטערס מיט שיינענדיגע פנימליך. זיי דרעהען זיך אהין און אהער, חבר מיט דעם, מיט יענעם טאנצען אויף אלע חתונות, האבען שטענדיג נאָר הנאה, קישען זיך מיט איטליכען, וואס ער איז פון אויבען, צוגיין פשוט פאר פרייד, ריידענדיג מיט יענעם פון זיין גליק, ווינטשעווען איהם צו מיט טרערען אין דיא אויגען און מיט א זיס שסייכעלע אויף דיא ליפעליך, צולייגען אויף טעלערליך יענעמס גוטסקייט און ניבען איהם עולם הבא מיט דער פולער האנד לויפען אנזאגען בשורות געפינען זיך אומעטום, וואו נאָר ערגיץ א קערטישיל, א שמחה, תמיד שיינען זיי דיא איינעליך, דער שטערען גלאנצט, דיא בעקעליך פארפארבט, דיא נאז פייכט מיט ווייספערליך. זיי זעניך צופרידען פרעהליך און קוועלען גאָר אָן.... אז וואויל איז אייך פעטערס! פון היינט אן בין איך אויך א פעטער, עפיס האָט מיר דער נאָמען פעטער אָנגעהויבען ציגעפעלען, אזוי אז עטליכע מאָל האָב איך עס פאר מיר איבערגעחזרט מיט גרויס פארגניגען: פעטער! פעטער מענדעלי: פעטער ר' מענדעלי!......

בכדי צופארגלעטען מיין פעהלער אקעגען אלטירן הויב איך אן אויף איהם רחמנות צוהאבען און איינגעהמען איהם מיט גוטע ריידעליך : ר' אלטיר, אייך איז נעביך נישט גוט צוזיצען איהר שפארט שוין נעביך אן ביים עק וואגען ; עס טוט אייך נעביך וועה טאן דיא ביינער פונם צופיל זיטצען אויף איין ארט : קומט, איך בעט אייך, צו מיר אויבן וואגען דארט מאך איך אייך א גוט געלעגער : מיר וועלען נעהמען צו ביסליך בראנפען, זיך אביסעל דערקוויקען. — מיין אלטער לאזט זיך נישט לאנג בעטען. מיר קריכען אלע אראפ פונם וואגען, בין מכבד מיין פער־דיל צושלעפען זיך פאראויס, אלטירם שקאפיצ איהם פון הינטען. מיר צונעהן זיך אביסעל דיא פיס, קריכען ארויף דערנאך צו מיר, דערקאנטשען דעם אשר־יצר, מאכען לחיים. איך בין זיס וויא לאקריצע, ווינטשעווע אלטירן אהן איין עק, מיט טרעהרען אין דיא אויגען פאר גרויס פרייד' גלאט אזוי זיך, וויא א פעטער. דער־ווארם אויך פישקען, ניב איהם אונטער הימץ, רייץ איהם דעם יצר הרע. עס צושפילען איהם זיך דיא געבליטען און דיא מעשה הויבט זיך אצינד אן.

בײ מענדעלי מוכר ספרים אויפן וואגען.

פישקע הויבט ווידער אן אויף זיין שטיינער, איך העלף איהם אתמער, בעסער אוים אויף מיין שטיינער, אלמיר האט קיין צייט נישט, טרייבט אונטער אויף זיין שטיינער אן דיא מעשה דערצעהלט זיך ווייטער אזוי :

אויפן אנדערען טאג, פרייטאג, איז אין בית־מדרש דארט אין שטעדטעל געוועזען שרעקליך איינג פון דיא ארמעלייט, וואס האבען זיך געשטופט, צונויפגע־שטיקט ארום דעם שמש. איטליכער בעזונדער האט געוואלט זיין דער ערשטער, בעקומען דעם בעסטען פלעט אויף שבת צו א נגיד, אדער צו א יוסטען בעל־הבית, וואס מאכט א פעטען קוגעל. העכער פון אלע איז געשטאנען דער פלעט צו דעם בעל־טאקסע. נידריגער פון אלע שטעהען געוועהנטליך דיא פלעטין צו כלי־קדש און קהלס־לייט, ווייל זיי האבען ליעב אליין גוט צו פרעסען און יענעם גיבען זיי מכות. דיא גבאים, פון חברות קרעבצען, זיפצען אויף יודישע ארמעלייט נעביך און עסען גיבען זיי אויף א שפיטין מעסער, נאר אויף צובעשמירען דיא ליפען, ארמעלייט האלטען פאר איין אונגליק צו זיי ארייגפאלען און ווייכען זיי וויא איין עפויש. בעקומט איינער צו זיי א פלעט לאכען דיא איבריגע וויא פון

איינעם, וואס בעקומט א בערדע .... דער שמש פונם בית המדרש איז געווען זעהר בייז, ער האט געשריען, אז היינט זיינען דא ארמעלייט עפעס מעהר וויא תמיד. קבצנים! האט ער געשריגען, וואס זענט איהר וויא דיא היישרעקען בעבאלען אונזער שטאדט נעביך! נישט אויסצוהאלטען, נישטא וואו אייך אהין צוטאן! נאר א שטראף פון גאט, איין אנשיקעניש! — ער שרייעט. בייזערט זיך און דיא ארמעלייט טהוען זייערס, שטופען זיך און הערען נישט קיין ווערט, איין קול! מיר! נים מיר! איטליכער ריקט דעם שמש אין האנד אריין עטליכע גראשען, דער שמש, וואס זאל ער נעביך טאן, נעהמט צו, בייזערט זיך און נים פלעטען. איך מים דער הארבאטע זענין מיר געשטאנען אין דער זייט פון דערוויטענס. ערשטענס האבען מיר נישט געקענט און צווייטענס, טאקי נישט געהאט דיא העזה זיך צושטופען צווישען אונזערע בערען, מיוחסים, פיינע בריות. אומוטום זענין דא בערען, אריסטאקראטען, אפילו צווישען קבצנים. דיא ארמע אריסטאקראטען זענין נאך טויזענט מאל ערגער פון דיא נגידישע.... דער ממזר איז געווען, עס פארשטעהט זיך, איינער פון דיא ערשטע. ער האט באלד בעקומען צוויי גוטע פלעטען פאר זיך און פאר מיין ווייב. זיא האט אפילו פארשפארט זיך צושטופען. ער האט דעם שמש אנגעוויזען אויף איהר פון דערווייטענס: קוקט נאר, זייט מוחל, אט דארט שטעהט זיא, מיין בלינדע נעביך!... אז דער עולם איז אוועק, זיך צו לאזט איבער דער שטאדט, איטליכער מיט זיין פלעט צו זיין בעל־הבית, בין איך מיט מיין הארבאטע צוגעגאנגען' אויף גאטס בעראטה, צום שמש און געבעטען פאר אונז פלעטען. ער האט עפיס מיט א זיס זויער שמייכעלע אויף אונז א קוק געגעבען און נישט געענטפערט קיין ווארט. דערבארעמט זיך, זאג איך צו איהם, אויף צוויי נפשות, קאלעקעס נעביך. א גאנצע וואך קומט אין אונזער מויל קיין עפעל נעקעכטס נישט אריין. — נישטא מעהר קיין פלעטען, ענטפערט דער שמש, איהר האט דאך געזעהען, וואס דא האט זיך ערשט געטאן. נישטא שוין וואוהין צושיקען. — נאט אייך, זאג איך, און שטופ דעם שמש אין דער האנד א זעקסער געהמט, זייט מוחל, און דערבארעמט זיך אויף אונז, זייט אונז מחיה, איהר וועט האבען א גרויסע מצוה. — הער נאר דוא, רופט זיך אן דער שמש שוין אביסל

וויכער, דיין געלד בעדארף איך ניט, איין פלעט געפינט זיך נאך ביי מיר און קען איהם איינעם פון אייך געבען, אויב איהר ווילט ווארפט צווישען אייך גורל.

ניט איהר, איהר ניט! בעט איך און וויז אן אויף דער הארבאטע.

איהם ניט, איהם! בעט דיא הארבאטע און ווייזט אן אויף מיר, ניין, ניין, איך ועל דעם פלעט אסור חזיר נישט נעהמען!

א היבשע צייט איז אוועקגעגאנגען מיט בעטען און דינגען זיך, איינער דעם אנדערען האבען מיר איינגערעדט צו נעהמען דעם פלעט און אימליכער פון אונז האט זיך אפגעזאגט, געשוואוירען, ער וועט עס בשום אופן נישט נעהמען. דעם שמש האט דיא זאך עפיס הנאה געטאן. ער האט געגלעט דאס בערדיל און גע־קוקט אויף אונז זעהר פריינדליך, ווייסט איהר וואס? רופט ער זיך אן, נאך מעריב זאלט איהר ביידע שטעהען אין פאלעש לעבין דער טהיר. אז דער עולם וועט געהן פון׳ם דאווענען ועלען זיך מסתמא געפינען יודען, אייך צונעהמען אויף שבת. איך ועל פאר אייך אויך בעטען.

אזוי איז טאקי געווען. נאכ׳ן דאווענען פרייטיג צונאכט, אז דער עולם איז געגאנגען פון דער שול, האט דער שמש זיך געווענדעט צו צוויי בעלי־הבתים אין פאלעש זיי געבעטען, וויזענדיג אויף אונז, צו נעהמען אורחים אויף שבת. איך האב חל־בין שוין קיין הארץ נישט געהאט, האט ער זיך פארענטפערט, צושיקען אייך היינט פלעטען. איך לאז אייך נישט אויס כמעט אלע וואך. נאר אויב אייער גוטער וו־קען איז נעהמט אט דיא דאזיגע ארמעליים.

אך! האבען ביידע זיך אנגערופען. וועלכער יוד זאגט זיך עס אפ פון איין אורח אויף שבת? איין טאג אין דער וואך איז דא, וואס א יוד קען חאטש אבי־סיל ענ הען, פאר וואס זאל ער אין דעם הייליגען טאג אויף נישט מחיה זיין נויטבערערפטיגע געביך און טהיילען זיך דערמיט, וואס גאט האט געגעבען? מיר בעטען אייך, שמש, אלע וואך, אלע וואך טאקי זאלט איהר אין אונז נישט פערגעסען.

דיא ביידע בעלי־הבתים זענין געגאנגען פאראויס, ארום זיי קינדערליך — יונגעליך, בחורים, אויסגעצוואגענע און אנגעטאן שבת׳דיג. אלע האבען געשיינט און געשמיעסט צווישען זיך פרעהליך. מען האט געזעהן בעשיינפערליך, אז אין זיי איז

דא דיא נשמה־יתרה, דעם יודענס צווייטע שבת־דיגע נשמה. איך מיט מיין האָר־
באטע זענן נאָכגעטאַנגען שטיל פון הינטען און ביידע געווען עפּעס צופרי. ע.

גוט שבת! האט מיין בעל־הבית, אריינקומענדיג אין שטוב, געזאָגט פרעהליך
דעם ווייב, וואס איז געזעסען אויף א ביינקעל ריין, קלאָהר אָנגעטאָן און געלויכטען
ויא א פרינצעסין. אויפן שויס ביי איהר האט זיך געשפּיעלט א קליין קינד נאָר
א ליאלקע און ביי דיא זייטען האָבען געשפּרונגען צוויי שיינע אויסגעפּוצטע מיידע
ליך, — נאָט האט מיר בעשעהרט איין אורח אויף שבת. זיסט, מיין ווייב, וואלסט
דוא דאָך מיך אין שטוב נישט אריינגעלאָזט, לאָזט ער אויס מיט א שמייכעלע
און נעהמט זיך זאָגען הויך אויף א קול „שלום עליכם“ געהענדיג איבער דער שטוב
אהין און אהער. ביי „אשת חיל“ האט ער זיך גע־ם ־לט, זינגענדיג מיט א ניגון
אקעגען דעם ווייב געגומען דאס קליינע קינד צו זיך אויף דיא הענד און עס גע
קישט, געהאלזט, בשעת דיא איבעריגע קליינע קינדער האבען זיך איהם געהאנגען
פון אלע זייטען לעבעדיג, פרעהליך. עס האט זיך גערעכט, אז אין שטוב זענען
טאקי געקומען דיא גוטע הייליגע מלאכים פונם „שלום־עליכם“. — איך דערציהל
עס איך דאָ אזוי, ווייל דענסטמאָל האט מיר דאס הארץ עפּעס שטארק געצויגען
און געצוינען צו מיין האַרבאטע מיידיל....

מיין בעל־הבית, וויא עס האט אויסגעזעהן, איז געוועזן פון מיטלען שטאנד. דיא
בענשליכט האָבען געברענט אין ריין אויסגעפּיצטע לייכטער, איך וויס נים פון אמתן
אָדער פון ווארשאווער זילבער, דער טיש איז געוועזן געגרייט מיט פּארצעלאענע טעלער
און דיא קוילטשען איבערגעדעקט מיט א געשטיקט טישטיכעל. א פלעשיל ווייז האט
געפונקעלט אויפן טיש, פון וועלכען איטליכער האט קידוש געמאכט. ביים עסען
האט דיא בעלי הביתטע מיר געגעבען אלסדינג געטוג און מיך אלץ געבעטען,
אונטערגעטריבען, זיך נישט צושעהמען און עסען. ס'איז געוועזן גאנץ גוט. נאָר
מיר איז אביסיל נישט איינגעגאנגען, אז איך האב ביי איטליכס שטיקעל פיש, ביי
איטליכען זופ לאָקשען, בייא איטליכען ביסען פלייש און צימעס, מיך דערמאָנט
אין איהר, ווער ווייסט אויב דיא געביך האט דאָרט אזא וואורלטיג וויא איך. נאָך
דעם עסען האט מען מיך געבעטען אויף נאכטלעגער. לאָז ער בלייבען דאָ גענע־
טיגען, האָט דיא בעל־הביתטע שטילערהייט געזאָגט צו דעם מאַן. וואָהין וועט ער

נעזען אהין, אין דעם שיינעם הקדש, אין דעם שטאל, לאז ער חאַטש א נאכט אביסיל זיך אויסרוהען. — נאָך נעכטינער נאכט, נישט היינט געדאכט, איז מיר טאַקי שטארק נייטיג געוועזן אויסצורוהען זיך, אפשר נאָך נייטיגער פון עסען. עס וואָלט געווען גאַר א דערקוויקעניש, צולינען דאָ אין א ווארעמער שטוב אויף א קישען און אויסגלייכען זיך אביסיל דיא ביינער. נאַר איך האָב מיר דערמאָהנט אין איהר און מיט א שיינעם דאַנק זיך אפגעזאָגט פון נאכטלעגער. זיא האַט גע־נ זיסען שבת אויף דעם איינענעם הויף טאַקי אין א שטוב. איך בין אריין אהין נאָך איהר, האָב זיא גענומען און מיט איהר באַלד אוועקגעגאנגען.

אין דרויסען איז געווען ליכטיג, שיין. דיא לבנה האט געשיינט און ס׳איז גע־ווען מחיה גוט צוגעהען. קום! האָב איך צו איהר געזאָגט, כאָמיר אביסיל שפאצירען, אין הקדש אריין איז עפים נישטאָ אזוי וואָס זיך צוויילען. דערמאָה־נענדיג זיך אין דעם הקדש, איז מיר א פראָסט איבער דעם לייב איבערגעגאנגען. ענער אלטער יוד, דער קראַנקער, וואָס האט נעכטען דארט ביי נאכט אזוי גע־קרעכצט, האט פון מאָרגען פריה געהאט דיא גסיסה, געפאָכט מיט דער נשמה— און איז נאָך לעכטבענשען געשטאָרבען. מען האט איהם גלייגט איבער שבת אין חויז, דאָרט וואו איך האב בעדאָרפט נעכטיגען.

מיר זענין געגאנגען און פארנאנגען ערגיץ אין א געסיל מיט גערטנער און ביימער, וואָס האָבען ארויסגעגעבען געשמאקע ריחות. אומוטום איז געווען שטיל מען האָט נישט געהערט קיין שאָרך, אלע אין שטעדטיל האָבען, וויא דער שטיינער פון יודען פרייטיג צו נ כט נאָך דער וועטשערע, שוין לאַנג געשלאָפען. מיר האָ־בען זיך געזעצט אויפן גראָז ערגיץ אין א ווינקעל, לעבין א פ׳יים.

מיר זיטצעןביירע, קוקען א היבשע צייט און שווייגען. איטליכער פון אונז איז פארטראכט. מיין האָרבאטע טהוט דערנאָך א זיפץ טיף פונם הארצען און ברומט שטילערהייט פאר זיך זעהר טרויעריג דאס בעקאַנטע לידעל:

דער טאטע האט מיך געקוילעט.

דיא מאמע האָט מיך געגעסען......

איך גיב א בליק, טרעהרען גיסען איהר זיך פון דיא אויגען. עס פלאַמט איהר דאָס פנים, זיא קוקט אויף מיר און שמייכעלט זעהר בעטריבט. דיא כחות

האָט זיא מיר ארויסגענומען מיט איהר קוק דענסטמאל אויף מיר. עס האָט מיר פארקלעמט דאס הארץ, געקלאפט וויא מיט האמערס אין דיא שלייפען. איך ווייס נישט וואָס טהוט זיך אזוינס מיט מיר און.... צום ערשטען מאל חאפט זיך מיר עפעס אליין פונם מויל ארויס: „נשמה מיינע!“ הא, וואָס איז דיר נשמה מיינע:!.... אי, פישקע, זאָגט זיא שטיל און ווארגט זיך מיט טרעהרען איך וועל עס נישט אויסהאלטען. אי, שטעה איך עס אביסל פון איהם אויס!

— פון ווענען? רוף איך מיך אָניעט אנגעצונדען. פון איהם? פון דעם ממזר? א קיינק איהם אין דיא ביינער איאן!

— אי דוא זאָלסט וויסען, פישקע, דוא זאָלסט וויסען!....

איך נעהם זיא אָניעט ביי דער האנד, ביים קאָפּ און בעט זיא מיט טרעהרען אין דיא אויגען, מיר אויסצוניסען איהר שווער ביטער הארץ. זיא ליינט ארויף ביידע הענד אויפ'ן פנים, בייגט זיך אָניעט נאָהענט צו מיר און גיט מיר איבער אויף א ציטערדיג קול, מעהר אויף דעם ווינק, עפעס אזוינס, אז דער רוח מאג טאקע חאפען דעם ממזר, ער זאָל קיין תחית המתים נישט אויפשטעהן!

19.

פישקע איז ווייטער געבליבען שטיל עפעס שטארק צוקאָכט און פאראומערט. און בכדי איהם בערייערוודיג צו־מאכען, ארויסצודערטאפען בייא איהם אלסדינג, וואס מיר האט זיך נעגלוסט צו וויסען הויב איך איהם אָן אונטערצוהידען אביסל און מתו א זאָג אזוי:

— דוא האסט נאך נאָר נישט נעזאָגט, פישקע, אויב דיין האָרבאטע איז א שיין מיידל. וואָס קען, דאכט זיך, א האָרבאטע מיידיל אזוי געפעלען!

— וואָס הייסט! מאכט פישקע שטארק אויפגעבראכט. ווער רעדט ביי א יודישער טאָכטער פון שיינקייט! אז זיא איז שיין איז זיא פאר איך שיין, ווענען נעהט עס אָניעט? דיא האָרבאטע איז אמת טאקע נאָר נישט קיין מיאוסע, א פנים, א קאָפּ מיט האָר מלא חן, אויגען א פאר האט זיא, נאָר בריליאנטען. נאָר וואָס וואלט מיך דען אלסדינג אנגענאנגען?.. עפעס א שאלטיק בין איך, אין זינען צו האבען אזעלכע זאכען נאכצולויפען שיינע נקבות?... נארעשקייטען!... מיך האט נענומען איהר גוטסקייט. איהר גוטסקייט, דאס

רחמנות האבען איהרס אויף מיר, וויא א שוועסטער און ווידער צוריק, דאס רחמנות האבען מיינס אויף איהר, וויא א ברידער אין דער נוים, אָט וואָס!...

— מילא, וואס מאכט עס אויס? רופט זיך אלמיר אָן, וויא זאָגט מען עפּיס: לאָז זיך זיין פון טייבעל אבי עס זאל הייסען פייבעל... בקיצור, האט זיא דיר איי־בערגעגעבען עפּיס אזוינס: נאַ פישקע, וואס־זשע איז דאס עפּיס אזוינס, נוא, נוא, נוא!

אלמיר טרייבט אונטער אויף זיין שטיינער. פישקע הייבט אן אויף זיין שטיי־נער, איך העלף איהם אונטער׳ בעסער אויס אויף מיין שטיינער און דיא מעשה דערצעהלט זיך ווייטער אזוי:

— קנייפען, האב איך שוין לאנג בעמערקט, וויא דער ממזר, א קיינק איהם אין דיא בייניע איאן! פלעגט קנייפען א מאל דיא הארבאטע נעביך. איך האב געמיינט דאָס זענין זיך גלאט אזוי קניפ פון א רשע, וואס שלאָגט, פייניגט א מענשען נעביך. נאר וויא עס האט זיך פון איהר קלאנגען זיך דענסטמאל פאר מיר דערוויזען, זענין דאָס געוועזען נאָר אנדערע מיני קניפ. עס האט געהאט עפּיס נאָר איין אנדער טעם .. פע! יצר־הרע קניפ... דער ממזר פלעגט זיך צו איהר שטארק טשעפען. ער פלעגט זיא נישט לאזען צורוה. האט ער זיא דערטאפּט א מאל ער־גיין אליין, איז ער צו איהר צוגעשטאנען מיט זיסע ריידעליך, אזוי און אזוי, גערעדט פאר פייער, פאר וואסער, צוגעזאגט גילדענע בערג. און אז איהם האט נישט גע־האלפען מיט גוטען האט ער אנגעהויבען מיט בייזען, געמאכט א טורא, ער וועט איהר פארביטערען דאָס לעבען, ארויסלאזען אויף איהר א שלעכטען רוף און איהר מאַן צום טויט, און דערביי טאקי זיך געפּריפט א האפּ טאן זיא מיט גוואלד, גע־ענדיגט האט זיך עס געוועהנטליך דערמיט, וואס זיא פלעגט זיך אויסרייסען פון זיינע הענד, איהם דערלאנגען א מאל, נאך א זעטץ אין בויך, אז דער רוח האָט איהם גענומען. ער פלעגט עס איהר בעצאהלען דערנאך מיט פראָצענט, זיא פיי־ניגען מיט ארבייט און אויסרייסען איהר שטיקער פלייש. שפּעטער אביסיל האט דאס איינענע טאקי זיך אנגעהויבען ווידער אויף דאָס ניי. ווייטער מיט גוטען, ווייטער מיט בייזען. וואס מעהר זיא האָט איהם געוויזען, איז ער אלץ מעהר צו איהר צוגעשטאנען און פארביינעהענדיג א מאל פלעגט ער זיא פאר מענשען א טאָר־

קע מאַן, קלאַמפּערשט אומגערען, אויף דערלאַנגען אַ קניפּ גלאַט אַזוי זיך.

אַזעלכע מיאוסע מעשיות מיט איהם האָט זיך געמאַכט וועהר אָפט, וואָס איך וויל זייא פאַר דעם טויל ניט ברייננען. נאָר דיא נעכטיגע איז געוועזן פע, פע, אַ שרעק! געכטען ביי נאַכט נאָך דער בייזער מהומה אין הקדש, אַז דער גאַנצער עולם דאָרט האָט שוין געשלאָפען און זיא, דיא האָרבאַטע נעביך, האָט איינגעהייקערט אין צעהנטען, נישט ווייט פון דער מיהר, אין אַ ווינקעלע אויף געדרעמעלט, וועקט זיא פּלוצלים אויף עפּעס אַ שושקען איהר אין אויער אריין, דאָס איז געוועזן דער ממזר. דיר נעביך איז שלעכט דאָ צו ליגען, רעדט ער צו איהר מיט רחמנות, קום, איך האָב פאַר דיר זעהר אַ גוט אָרט וואו דוא וועסט קענען זיך אביסעל אויסרוהען נעביך. זיא דאַנקט איהם זעהר שוין פאַר זיין גוט האַרץ און בעט איהם צונעהען אין זיין רוה אריין. ער הויבט אָן־עט זיינע אָנשטעלען אַזוי און אַזוי. ער נימט איהר אויף אָנצוהערעניש פון מיר, אַז ער וויסט נישקשה איהר מחותנה־שאַפט מיט מיר .... ער שרעקט זיא, אַז קייע ויעט זיא פון איהם דיא ערד און מיר וועט ער דערנעהען דעם עק. דער רוח נעהמט איהם, דעם ממזר, און מאַכט אויס איהר אַ חיה רעה און אַ לעמעלע צונלייך אין איין צייט. ער איז גוט, ער איז שלעכט, ער ווערט אַ שיינעץ און .... חאַפּט אַ טראַך אין באַק, אַז דיא ציין פאַלען איהם שיער נישט אַרויס. עס צושפּיעלט זיך אין איהם דיא רציחה, ער טהוט זיא אַ נעהם וויא אַ גזלן און נימט זיא אַ שליידער אין הויז אריין. וואָס ווייטער איז געוועזן, ווייסט איהר דאָך שוין.

נאָכדעם וואָס דיא האָרבאַטע נעביך האָט מיר איבערגענעבען דענסטמאָל, זיצענדיג מיט מיר אויפן גראָז, בין איך אַ היבשע צייט געבליבען וויא דערשלאָגען, אָהן לשון. נאָר אינוועניג האָט עס מיך געצופּט, געגעסען וויא אַ וואָרעם. עס האָט מיך געגעסען אַ ברענענדיג געפיהל פון כעס אויף דעם ממזר, אַ הייסזודיג געפיהל פון רחמנות אויף איהר נעביך און נאָך עפּעס אַזעלכעס נאָר אָהן אַ נאָמען, וואָס האָט מיך געצויגען, געצווינגען .... און אָנגעחאַפּט ביים האַרצען. פּלוצלים האָט ער מיר געגעבען אַ שטאַרקען ציה, אַזוי אַז דאָס האַרץ אין מיר

שיער נישט ארויסגעפאלען, איך נעהם זיא אָן ביי דער האנד, וואס איז נאך גע־ אויף איהר פנים און טהו א זאָג עפעס נישט מיט מיין קול :

— נשמה מיינע ! דאס לעבען וועל איך פיר דיר אוועקגעבען.

— אך פישקע ! זאָגט זיא מיט א זיפץ, טהוט זיך ארוק נעהנטער צו מיר און שפארט אָן דעם שטערען מיר אויפן אקסעל.

עס ווערד מיר עפעס ליכטיג אין דיא אויגען, ווארם מחיה איז אלע מיינע גליעדער. איך רעד און נעהם זיא איין וויא א געטרייע שוועסטער מיט גוטע ווערטער. טרייסט זיא ! נישקשה, גאָט וועט העלפען ! און שווער איהר, אז אייביג וועל איך איהר זיין א געטרייער ברודער. זיא קוקט מיר גלייך אין דיא אויגען טהוט דערנאָך א זיס שמייכעלע און זאָגט, אראָפּלאָזענדיג דעם קאָפּ :

— איך ווייס נישט פאר וואס, פישקע ! מיר איז אצינד עפעס גוט אויפן הארצען. עס גלוסט זיך מיר לעבען ....

א היבשע צייט האָבען מיר אוועקגעשמיעסט מיט א גרינג הארץ און זיך געמאכט האָפנונגען, וויא גאָט קען העלפען, מיר זאָלען נאָך אמאָל אויפגעריכט ווערען אזוי וויא מיר ביידע ווינשען. פלוצלים הערט זיך נישט ווייט פון אונז, אביסיל אין דער זייט, עפיס א קלאפען. איך קוק מיך ארום, לאָז מיך נעהען פאמעליך עטליכע טריט הארט לעבען דעם פלייט אין שאָטען און דערזעה אויף יענער זייט נעסיל אקעגען עפעס א געשטאלט פון א מענשען, וואס באַגרעט זיך איבער א קעלער. עפיס האט עס מיך אינוועניג געטראָגען, געשטופט ווייטער אויף א פאָר טריט, נוט צוקוקענדיג זיך און.... א קיינק איהם אין דיא ביינער איאָן ! דאס איז געוועזען דער מסור. ער דרעהט אָפּ דעם שלעסעל און ווערד באלד פארשווינדען אין קעלער אריין, ארויסצוגנב׳נען אלסדינג, וואָס מען שטעלט געוועהנטליך אראָפּ אחוץ אויף שבת. וויא א בליטץ לויפט אין מיר דורך א געדאנק : פישקע ! אצינד זיי זיך אין איהם נוקם פאר דיר און פאר דער האָרבאטע געביך. אצינד האסט דוא צייט, ניכער מאך צו דיא טיהר פונם קעלער און לאָז ער ליג׳ן דאָרט געפאנגען וויא א בער אין דער נעץ, ביז מען וועט איהם מאָרגען דערטאפּען, איהם ברעכען א ביין און געבען זיין פסק. ערשט דענסטמאָל האב איך געפיהלט

דעם טעם פון נוקם זיך זיין, וויא גוט, וויא געשמאַק דאַס איז. עס האט אין מיר געקאָכט דאס בלוט און איך בין געווען דול וויא אַ שכור. צולויפען צום קעלער, א געהם טאָן ד׳א טהיר און צומאכען זיא מיט אַ קלאַפּ דאָס האָ נישט געדויערט קיין סך צייט. אצינד ליג דאָ בעגראָבען וויא א הונט? זאָג איך אליין צו מיר מיט א לעבעלע. טהוא א נעהם דיא קליאַמקע און וויל פארשטעקען, דער סקאָבעל אבער איז אפגעביינגען אין דער זייט. איך ציה שלעפ; אומויסט! עס שטעהט נישט צו. איך טהוא מיר אן א כח, דערלאַנג א ציה מיטביידע הענד און אָט, אָט האַלט עס שוין אויף אַ שטיינער פּלוצלים טהוט זיך איין עפען מיט אימפעט דיא טיהר פון א געזונטען שלעפּ אינוועניג און איך פליה אריין אין קעלער, אָנשלאָגענדיג זיך מיט דעם ממזר דאָרט אויפ׳ן טרעפּיל.—אזוי, ר׳ פישיל! מאכט דער ממזר, נאכדעם וויא מיר זיינען געשטאַנען א ווײלע איינער אקעגען דעם אנדערען שטיל. דאס האסט דוא מיט דיין כבוד אליין זיך דאָ געפּאָרעט מיט דער טיהר און געוואלט צוליב מיר מחלל שבת זיין! זעהר אנגעליינגט חלעבין. קום קעטצעלע, אביסל אראפּ אונטען און לאמיך דיך חאטש אביסל מכבד זיין.... ער טהוט מיך א שטופּ פון דיא טרעפּ אראפּ, איך ברעך שיער נישט האלז און גניק און ציה מיך אוים אויף דער ערד. מקבל מיינער, נאַ דיר דערווייל איין אויפנאב, דערלאנגט ער מיר א גוטען זעטץ אין ריקען, וועסט שוין נישט קראנק זיין צו ווארטען אביסל ביז איך וועל פאר־נעהמען צו מיר אין טארבעלע דאס געבראטענע היתגרעל, דעם פּאַלימעשיק פיש מיט דעם שיסעל פעטשע, וואס איך האב אין איילעניש איבער דיר דא איבערנע־לאָזט. עס האָט נישט געדויערט קיין רגע גיט ער מיר ווייטער א זעטץ, צייל פישקע זאגט ער. נישט איינס, ניט צוויי, נישט דריי, פיער פינף ...... דאס האסט דוא דיר פאר מיר. אצינד לייג איך דיר א קנייטיל פאר דער האָרבאטער. צייל פישקע! נישט ניין, נישט צעהען.... וואס איז דאס פאר א נאַנג, ארומשלעפּען זיך מיט אַ מיידיל ביי נאכט אין פארבאָרגענע ערטער! — נישט צוועלף, נישט דרייצעהן... איך האב דיך, נישקשה, געזעהען פריהער, ארומשפּאצירענדיג מיט איהר אין היני־טערגעסעליך.... נישט זעכצעהען, דאכט זיך, נישט זיבענצעהן. עס האָט אין מיר זיך אָנגעצונדען דאס בלוט פון זיינע לעצטע ווערטער. ממזר! טהו איך א געשריי

דוא ביסט נישט ווערטה צו דערמאָהנען איהר נאמען. שפרינג דערביי טאקי נעך שווינד אויף און עס־זיך אין איהם אין מיט דיא ציין. ס׳איז א מלחמה! איך מיט דיא ציין, ער מיט דיא הענד. ביידע האבען זיך שרעקליך פיינט און איינער דעם אנדערען וויל מאכען דעם טויט, ער רייסט מיך מיט כח פון זיך אוועק, האלט מיך שטייף אין דיא הענד, קוועטשט מיך, א שרעק, און טהוט מיט מיר דערנאָך א וואָ־ף ווייט פון זיך, וויא מיט א מיאמשיק. בענש גומל, זאָגט ער, וואס מיט חסה, וואס מיר קומט עפעס נישט אויס, דיך דאָ צו בעל־דבהן, בלייב דאָ פישע׳ע זיך אויסרוהען ביז מאָרגען. אנשטאט דיא געפילטע פיש ווּעלען זיי מאָרגען האָבען א לעבעדיגע פישעלע.... א גוטע נאכט! וואס זאגסט דוא און עפּיס צום ווייב? זיא וועט נאך היינט בעקומען דעם נריס.... מיט דיא דאזיגע ווערטער געהט ער אוועק און פערמאכט דיא טהיר.

דיא ערשטע זאך מיינע, אז איך בין צו זיך געקומען, איז געוועזען צו געהן צו דער טהיר. איך רייס זיא און רייס, אומזיסט דיא מיה, זיא איז גוט פארשטעקט פון דרויסען, איך ווייס נישט, וואס צוטאָן. קלאפען שטארק האב איך מורא, מען זאל נישט דערהערען און אזוי בלייבען איז אויך שלעכט. איך שטעה און דער קאפּ דרעהט זיך מיר פאר שרעק, פאר כעס, פאר וועהטיג און יסורים פון דיא פרישע קלעפּ. איך נעה אראָפּ פון דיא טרעפּ, טהוא מיך א וואָרף אויף דער ערד און קינ אין איינע צרות. נאר דער געדאנק וואָס מאָרגען וועט דאָ מיט מיר זיין, וויא מען וועט מיר מאכען דעם גוטען „ברוך הבא“ און זיך צונויפלויפען אנקוקען דעם גנב׳ עס וועט הייסען, מען האט מיך געכאפּט, מיט טויזענט אויסגעטראכטע מעשיות דערצו, וועד אין גאָט גלויבט וועט מיך שלאָגען און עס וועט נישט העל־פען פון מיין זייט קיין שום תירוץ — אט דער דאזיגער געדאנק האט מיר גענג־בערט אין קאפּ וויא מיט אייז ענגער און מיך נישט געלאזט איינגלינען. נאָר אין מיטען־דרינען דאכט זיך מיר, וויא עס דראפּעט זיך עפּיס אויף מיר. איך שמרעק אויס דיא האנד און האפּ־אנ׳עט א שטשער, וואס גליטשט מיר זיך פלינק ארויס פון צווישען דיא פינגער מיט א פּישטש. איך שפּרינג־אויף פאר שרעק, עס וועדר מיר נישט גוט און עס בעשלאנט מיך א קאלטער שוויים. האלטענדיג זיך קוים אויף דיא פיס מאפּ איך אנ׳עט אין דער פינצטער א קאלטע, פייכטע וואנד, צו

וועלכער איך ריק מיך צו איך שטעה אזוי אנגעשפארט אין דער וואנד און טראכט מיט א ביטער הארץ: רבונו של עולם, וואס איז דאס פאר א לעבען? פאר וואס שטראפסט דוא מיך אזוי? האלט דען נישט בעסער געוועזען פאר מיר, פאר דער וועלט, אז איך זאל נאר נישט געוועזען געבוירען ווערען? פאר וואס קומט מיר עס אזוי.... אזוי מיך צובעליידינגען? — ביי דעם דאזיגען געדאנק ברעכט מיר דאס הארץ און איך בעוואש מיך מיט טרעהרען. עס הויינט זיך מיר און עס טראכט זיך: רבונו של עולם, וואו ביזט דוא?! איך בלייב דערנאך שטעהען דערשלאגען, נישט צו וויסען וואס מיט מיר טהוט זיך, עפיס וויא א גולם. פלוצלים גיט א סקריפ דיא טיהר, א שמאלער ליכטיגער פאס שיינט אריין מיר פאר דיא אויגען און עס הערט זיך טריט, וויא עמיצער געהט שטיל אויף דיא טרעפליך. דיא האר שטעלען זיך מיר קאפויר פאר שרעק, אט, אט טחוט מען מיך א חאפ און מען רעכענט זיך מיט מיר אפ וויא מיט א גנב. און וויא איך שטעה אזוי אין שרעק און ציטערניש, האלטענדיג אראפגעלאזען דעם קאפ הארך איך וויא מען רופט שטילערהיים מיך ביים נאמען: פישקע, פישקע, און טאקי באלד דערזעה איך לעבין מיר זיא, דיא הארבאטע. איך ווער לעבעדיג און טהו א געשריי פאר גרויס פרייד. שא! מאכט זיא אנגעהמענדיג מיך ביי דער האנד, קום ניכער אוועק פון דאנען. — נשמה, דוא האסט מיך דערהאלטען ביים לעבען! שריי איך, שטארק צוטישט פאר שמחה און — איך איך בין זיך מודה צום ערשטען מאל, אונטען אין קעלער — מוה איך איהר א קיש .... איך פרעג זיא, וויא ארום זיא האט זיך אהער גענומען? דיא אבער בעט מיך שווייגען, דערמאהנט מיר אז מיר געפינען זיך ביי נאכט אין א פרעמדען קעלער. קום ניכער, ווערסט אלסדינג וויסען אביסעל שפעטער. אזוי זאגט זיא און פיהרט מיך ביי דער האנד ארויס אויף דער גאס.

נעהענדיג אויפין וועג, האט זיא מיר עס דערקלעהרט נאר פשוט אזוי: אין עטליכע רגע ארום נאך מיין אוועקגאנג האט איהר עפעס דאס הארץ געזאגט ס'איז נישט גלאט, מען בעדארף געהען זעהן וואו איך בין. זיא קומט צו ביז צום עק פונם פלייט, קוקט אין אלע זייטען און דערזעהט אויף יענער זייט גאס אקעגען שטעהט עמיצער איינגעבויגען לעבין א דעכעל און באברעט זיך עפעס,

טראכטענדיג אז דאס בין איך, לאזט זיא זיך געהן ווייטער און צוקומענדיג נאָ־הענט הערכט זיא עפּעס ווערטער: „אצינד ר׳ פּישיל, ליג דא און קריינק וויא א הונד, ס׳איז שוין גוט פארשטעקט, נישקשה.“ עס ווערד איהר טונקעל אין דיא אויגען און זיא בלייבט שטעהען פארדולט. פּלוצלים וואקסט פאר איהר אויס דער ממזר, טהוט זיא א קניפּ און טאכט דערבּיי מיט א שטייבעלע: גוט שבת, סקאָטציל קוטט רביצין! א שיין מיידעלע, נישקשה! שלעפּט זיך ביי נאכט ארום איבער דיא נאסען און נאך קלאָמפּערשט פרום.... א היים נעה חצופה. היל־טייקע איינע! ער טהוט זיא א שטופּ מיט דער קניע אין ריקען און זיא מוז מיט איהם געהען, נישט צוריידען קיין ווארט. אויפן וועג קוקט ער זיך אלץ ארום, איבערלייגענדיג דיא פול אנגעשטאפּטע טאָרבע פון איין אקסעל אויפן אנדערן פארגעסט נישט דערביי אויך צושפּעטען און צומאכען מיט איהר זיינע אָנשטעלען. זיא געהט נעביך שטארק פאראומערט, פארזאָרגט. זיא ווייסט, אז איך געפין מיך אין א שלעכטער לאגע און אונמעגליך מיר צו העלפען, אז דער ממזר האלט זיא לעבין זיך און לאזט פון איהר קיין אויג נישט אפּ. פּלוצלים גיבען זיך א וויז א קאמפּאניע יודען, וואס געהען פון א בן־זכר לעבעדיג, פרעהליך און רייד־דען, לאכען הויך אויף א קול, וויא דער שטיינער פון יודישע קינדער. מען לאכט עפּעס פון איינעם, וואס האט זיך פארגעסען און געטראגען דאס פאטשיילכען אום שבת. דער ממזר נעהמט זיך געשווינד אין דער זייט, דרעהט זיך אין איילעניש און חאפּט זיך אריין אין א שמאל געסעל. מיין הארבאטע חאפּט דערווייל אויך, אנט־לויפט אין דער אנדערער זייט און ווערט אנטרינען.

עס פערשטעהט זיך, זיא לויפט געשווינד מיך ארויסצונעהמען פון דער קלעהם. נאר שטעלט אייך פיר איהר הארצוועהטיג, אז זיא פארדרעהט זיך לויפענדיג אין געסליך און קען נישט טרעפען צום אָרט, וואו מיר זענין פריהער געזעסען! זיא וויסט, אז איך בין אין א גרוסער סכנה, מען בעדארף מיך גיכער בעפרייען, איין רגע איז אצינד טהייער און דא דרעהט זיא זיך און ווייסט נישט צו מיר דעם וועג!.... א היבשע צייט האט אזוי געדויערט, ביז גאט האט געהאָלפען, זיא האט געפונען דעם קעלער און מיך בעפרייט.

מיר נעהען אזויביידע און ריידען מיט א פרעהליך געמיטה. איך איהר: נשמה מיינע! דוא ביסט מיר היינט ביינעשטאנען אין דיא גריטען. און זיא מיר: פישקע! דוא האסט מיר געדינט וויא א ברודער נעכטען. געדיינקסט דוא, דארט אין הויז, ביי נאכט, נעכטען.... נאר נישט ווייט שוין פונם הקדש בעפאלט אונז א מרה־שחורה און עס נעהמט אונז אפ דאס לשון. דאס הארץ האט אונז גע־זאגט, אז מיר געהען נישט אויף קיין גוטס, עפעס גלאט וועט שוין דיא היינטיגע נאכט אזוי נישט אפלויפען.

איין העלפט טויער פונם הקדש איז געווען צוגעמאכט, דיא אנדערע העלפט אביסיל אפען' אזוי אז אין דעם הויז האט פון דער נאס אריינגעשיינט א ליכט. צוקומענדיג צום טויער שטעלען מיר זיך א וויילע אנידער מיט א פערקלעמט הארץ, דערנאך נעהם איך מיך צום ערשטען אריינצוגעהן שטיל. קוים שטעק איך אריין דעם קאפ אין הויז דערזעה איך, כמעט טאקי אין דעם טויער, דעם ממזר, וויא ער זיצט זיך אנגעלעהענט מיט מיין ווייב, פרעסען פון דער טארבע און טהוען זיך וואויל, דער ממזר שושקעט איהר עפעס אין אויער אריין און וועדד באלד וויא אויסגעטריקענט. זיא שטעהט אויף אין איין כעס און חאפט זיך אויף מיר ארויף מיט א מויל: דוא אזוינער און אזוינער, אין דיין טאטענס טאטען אריין! דוא וועסט עס ביי מיר דיא גאנצע נעכט מיט אזא הילטייקע, אזא דראבקע ארומ־שארלאטאנעווען! דוא מיינסט אפשר, איך ווייס נישט דיינע מיאוסע נייגנ? איך וויים נישקשה אלסדינג שוין לאנג און שטיק געביך אין זיך, האב א פארפוילטע גאל. אזוי דאנקסט דוא עס מיר אפ פאר מיין גוטסקייט, וואס איך האב דיך ארויסגעפיהרט אין דער וועלט, געמאכט פון דיר לייט? ! דוא מיינסט, כלב שבכלבים, דאס וועט דיר געשיינקט ווערען? ניין! איך וועל דיר ווייזען, יונגאטש איינער, אין דיין טאטען אריין, מיט דיין דראבקע, און איהר טאטענס מאמע און מאמעס טאטען אריין! מיט איהר אין איינעם וועל איך דיר ווייזען ווער עלטער איז! — נא, נא! הויבט זיא אן מיר צושלאגען. נא דיר פאר היינט. פאר נעכטען און פאר פריהער, נא, נא, נא, דיא כפרה זאלסט דוא ווערען! — איך רייס מיך קוים א לעבעדיגער פון איהרע הענד ארויס און לויף אפיעט עטליכע טריט ווייט אויף דער גאס. זיא שטעהט נאך א היבשע ווייל אין דרויסען און שרייעט, דערנאך געהט זיא אריין

אין הויז און שרייענדיג: ליג ווי א הונט אין דרויסען, פארשפארט זיא פאר מיר דעם טויער מיט א שטארקען קלאפ.

איך שטעה מיט דער הארבאטער נעביך אין דרויסען און קוקען אונז אן. ביידע זיינען מיר שטארק בעטריבט, אונז ביידע איז אנגעוואלצען אויפ'ן הארצען וואס דא איז ערשט געשעהן. דיא צרות לאזען אונז ביידע נישט איינשטעהען אויף איין ארט און מיר לאזען זיך געהן וואוהין דיא אויגען קוקען, איינער מיט דעם אנדערן נישט צו ריידען קיין ווארט, ביידע פארטראכט. אז איך בין צו זיך געקומען זעה איך, מיר געפינען זיך אויפ'ן שולהויף. דאס הארץ האט מיר גע־ ריסען קוקענדיג אויף דער הארבאטע נעביך, וויא זיא ווערד עס פארשווארצט. דיא אנדערע נאכט אז זיא האט נישט קיין רוה. איך טראכט ביי מיר וואס מהוט מען, וואו ערגיץ געפינט מען איהר א נאכטלעגער? און עס פאלט מיר איין זעהר א גוט ארט—דיא ווייבערשע שול!

אז גאט האט געהאלפען. מיר זיינען בשלום ארויף, נאך גרויס מיה, אויף א צעבראכען טרעפיל, וואס האט זיך געווינט, געשאקעלט אונטער אונזערע פיס, און אין דער פינצטער אנגעטאפט איין אפען טיהר, פאלען מיר פלוצלים אויף עפעס ווייכס. עס ווערט א גערודער, א שפריננעניש, א לויפעניש ארום אונז, אויף אונז און איבער אונז. מיר האפען קלעפ הינטען, אין דיא זייטען, נישט צו וויסען פון וואנען דאס איז אונז געקומען. איך ווארף מיך אהין אהער, צאפעל מיט הענד אונד מיט פיס און האפ אן א בארד. פון ועמען מיינט איהר? א בארד פון א ציג!.... דאס זיינען געוועזען ציגען, וואס האבען וויא געוועהנטליך א חזקה צו נעכטיגען אין איינעם מיט דעם קהלשען צאפ אין דער ווייבערשער שול. — וואו ביסט־דוא ערגיץ? רוף איך מיין הארבאטע, שרעק דיך נישט, דא זיינען, אהן עין־הרע, זעהר פיעל ציגען! נישט קיין ארם שטעדטיל א פנים. איך זוך זיא אויף, טרייב ארויס דיא ציגען, זייא זאלען היינט־טינע נאכט מוחל זיין נעכ־ טיגען אין דרויסען, אליין געה איך טאקע באלד אויך ארויס, זאגענדיג איהר א גוטע נאכט, און מאך גוט צו דיא טיהר.

ביים אראפנעהן פון טרעפיל שטעלט מיר זיך אקעגען דער צאפ, אנגע־בוינען דעם קאפ מיט דיא לאנגע הערנער, שטארק אנגעדרודעלט דערפאר, וואס איך האב אזוי מיאוס בעליידינט זיינע ווייבער. איך ראנגעל מיך מיט איהם אוועק א צייט. ער לאזט מיך נישט אפ און ג.הט מיר נאך פוס־טריט, ביז מיר איז נעראטען, אריינצוחאפען זיך אונטען אין קלייזעל אריין.

אין קלייזעל לינען אויף טיש און אויף ביינק אויסגעצויגען מקבלים און שלא־פען וויא דיא פריצים. איבערפייפענדיג זיך מיט דיא נעז צווישען זיך אויף אלערליי קולות. א מחיה נעווען צוזעהען וויא געשמאק, אהן עין הרע, זיי זענין נעשלאפען. מקבלים איז טאקי אויף דער וועלט גוט, האב איך מיר נעטראכט און זיי אין הארצען מקנא געוועזן. דאס זענין עפיס נאר אנדערע מיני קבצנים, נגידישע.... איך זוך מיר אויס איין ארט אונטערן אויוועז, טהוא מיך א ווארף דארט אויף א באנק און ווער באלד אנשלאפען. נאר מיר איז אבער נישט בעשעהרט קיין גוטס אויף דער וועלט. עס דויערט נישט לאנג וועקט מען מיך אין רעבטען מיטען שלאף: יונגער מאן, שטעהט זייט מוהל אויף! איך רייב אויס דיא אויגען און דערזעה פאר מיר היבש יורען מיט ערענסטע פנימער. דאס זענין נעוועזן פון דער חברה תהלים מענשען. וואס קומען אלע שבת גאנץ פריה זאגען תהלים און האבען זייער ארט דא אונטערען אויוועז. אין ברירה מען מוז אויפשטעהען. איך נים אפ נענעלוואסער, וועטץ מיך אנידער, קוים וואס איך האלט דעם קאפ, ציה מיך׳ גע־יין און זאג תהלים.

20.

נאך דעם פסק, וועלכען איך האב יענעם פרייטאג צוזאכט פון מיין ווייב געחאפט, איז מיר שוין פארענטפערט נעווארען אלסדינג, וואס איהר משונענע אויפפיהרונג אקעגען מיר אין דער לעצטער צייט בעטייט. עס האט זיא נשברענט כ״י, חבר זיין מיט דעם הארבאטע מיידיל, וואס דער ממור האט עס איהר אר־

בערגענעבען מיט טויזענד אָפּגעטאָקטע ליגען. ער האט ביי זיך נעקלעהרט, אז דורכדעם וועט מיין ווייב מיך נישט וועלען מעהר קענען, א שפּייא טאָן אויף מיר און איין עק. ס'איז אבער געווען א פאַלשע רעכנונג. אָנשטאט דעם, זיא זאָל ס'ז א קאַלטער לעבער מיך לאָזען לויפען מיין וועג און אויף אייביג מיט ס'- זיך צ'נצהען, האט נאָר אין איהר געברענט א העליש פייער. סטייטש, איהר מאן זאָל אזוינס טאָן! עפּיס א האָרבאטע מיידיל זאָל פּישקען בעסער געפעלען פון איהר! דאס איז דאָך אזא בעליידינונג, וואָס שווער אראָפּצושלינגען. ניין, מען קאָן אזוינס נישט דערלאָזען.

— אַי דיא קשיא איז דאָך פאר וואס זיא.... דיינע מיין איך מיט דעם ממזר? קען זיך אלטיר נישט איינהאלטען און טהוט א פרעג מיט א גמרא-ניגון.

— זענט איהר, דאכט זיך, גאנץ נערעכט. ענטפערט פישקע, נאך אויף אזוי פיל האב איך אין דער גלופסקער באָד מיך אויסגעלערענט שכל צופארשטעהן, אז דאס איז קיין קשיא נישט. וואו נאך ערגיץ רעכט מען פון איטליכען אָפּ מעהר ווי אין דער באָד? און ווער? דווקא אזעלכע, וואס האבען געמעגט חלעבין טאקי שטומען. איינער, וואָס האט קיין וואָהר וואָרט נישט, שפּעט אויס יענעם, אז ער איז א ליגנער. אזעלכער, וואָס מען מאָהר איהם קיין גראָשען ניט געטרויען: רעדט אויף יענעם, ער איז א גנב. א קארגער, וואָס וועט פאר א פעניג זיך דיא אויגען ארויסנעהמען, לאכט: יענער איז א חזיר. א שלעכטער כ'ענש, וואָס האט א שטיי- נערן הארץ רופט יענעם רשע, און אזוינער וואָס פאר א פּיצעל כבוד איז ער פארטיג אויף אלסדינג, בערעדט יענעם, אז ער לעכצט נאך כבוד. בעדיל דער שמייסער פלעגט א מאָל, צווישען זיך אין א שמיעס, זיך אנחאפּען ביים קאָפּ: אַי, אַי! איך פארשטעה נישט, וויא לייגט זיך עס דיא צונג אפצורעכטען פון יע- נעם, ווייסענדיג זעהר גוט ביי זיך, אז מען איז אליין א גנב, א ליגנער, א ח'יר, א שלעכטער, אלסדינג וואס אין דער קארט! — הערסט-דוא, חכם מיינער: פלעגט איהם אפּענטפערען איציק דער היטער, דאָס איז טאקי דיא גאנצע צ'הה, וואס מען ווייסט נישט. זיינע פלייא אין דער נאָז זעהט ניט קיינער און יענעמס א שפּריינקעל איז דעם אנדערען גרויס אין דיא אויגען. — שמעריל, איינער פון יענע בטלנים, וואָס האלטען זיך אויף אין באָד, פלעגט מאכען מיט א שמייכעלע,

אנגעהמענדיג זיךביים בערדיל: לאזט זיך דינען ר׳ בעריל! לאזט זיך דינען, ר׳ איציק! איהר האט ביידע א טעות. דער אמת דערפון איז, וויא איך האב דער־קלעהרט, פשוט אזוי: איטליכער ביי זיך מיינט, ער מעג, דער אנדערער טאהר נישט.

— נערעכט, שמעריל! לאז איך ארויס אויף א קול, אונטערשפרינגענדיג פון מיין ארט און פארטראכט מיך טאקי באלד. שמערילס ווערטער האבען אונטער־געגעבען ווייזיך דעם טייפעל, וואס ליגט אינוועניג ביי איטליכען פון אונז, זינדיגע מענשען. ער חאפט זיך אויף און מיר מיט א שטעכענדיג געלעכטעריל, גראבעלט טיף ביים הארצען, צוטראגט מיר דעם מוח, אויפריהרענדיג דארט מיינע אלע נע־דאנקען און קראצט אויף אויס עפיס אלטע מעשיות, פארלענערטע אין דעם זכרון. עס ווערד אין מיר א קאכעניש, א יריד פון אלערליי מיני נעשטאלטען, וואס זענען פכוצלים וויא פון דער ערד אויסגעוואקסען און אנווייזענדיג אויף זיי רעדט אויס מיר דער רוח ארויס שטארק פארקרימענדיג זיך:

— אט האסט־דוא דיר דיא אלע שיינע נפשות! זיי אלע מענען, מענען, מענען...

דיא דאזינע שיינע נפשות דרעהען זיך אין דעם האנדעל, אין שטעדטישע זאכען, אין חברות, אין דעם יודישקייט און אין דער גאנצער פיהרונג. ווייבער און ווייבליך אלע סארטען, פון דער אלטער און הייגטינער וועלט זענען אויך דא אויפן יריד· שלום עליכם, פארשווינען! מאך איך אליין צו מיר. נאט ווייסט דעם אמת, אז איך בין נע־רען אייער פנים נישט אנצוקוקען און דעם נאמען אייערען מעהר פאר דעם מויל נישט צובריינגען. אזוי נמאס ומאוס זענט איהר מיר געווארען. נאר וואס קען מען טאן? אז דער שווארץ יאהר האט אייך אצונד געבראכט צוטראגען, קען מען אייך אזוי נים אפלאזען: מען מוז איהם צוליעב טאן און פון איטליבען האטש עפעס דערצעהלען. — ווארט אביסעל פישקע! האט קיין פאראיבעל נישט, ר׳ אלטיר! רוף איך מיך אן. איך האב אייך עפעס צודערצעהלען, נאר לאמיך אביסעל מיך בעטראכטען. און טראכטענדיג דא אזוי גיב איך א נעהם איינעם פון דער גוטער כנופיא, קום צום סמיך! ער ווארפט זיך מיט דיא הענד און מיט פיס, קרעכצט שרייעט, וויא דער געפענטעטער האהן בשעת כפרות שלא־

נען. דיא איבערינגע לייט קוקען מיך אָן קרום און מאכען א בייזע מינע, איך זאָל שווייגען. נאראָנים! טראכט איך ביי זיך, איך הער אייך וויא דאס מילבינגע קלינגעל. מיך וועט איהר מיט „בוא" און איין איבערגעקעהרטען פעלץ נישט איבערשרעקע׳. מאלפעס זענט איהר, נישט קיין בערען .... דער טייפעל צר היצט זיך אין מיר און גיט מיר אונטער חשק: „אזוי, אזוי! נעהם זיי, נעהם זיי צום סמיק, דיא אלע שיינע נפשות!" — הערט, זייט מוחל, ר׳ אלטיר, א שיינע מעשה: אין א יודישער שטאָדט ערגיץ זיינגען דאָ פיינע לייט, וואס דער שטיינער זייערער איז.... הויב איך אָן אזוי צודערצעהלען און בלייב אין דער־וואָרגען דיא ווייבער ווינקען צו מיר א נעבעט: גוטער, זיסער, ר׳ מענדעלי, האָט רחמנות, זאָגט נישט אוים! .... זיי מאכען הן, קוקען און בעטען מיך מיט ברענענדיגע אייגעליך. דער ווייבערשער חן מאכט פיך ווייך וויא א טייג, פון זייערס א בליק ווער איך צושמאָלצען. דערביי דערמאָהן איך מיך מיין נדר, איינצוקויפען זיך אין דער תברה פעטערס. חאפט אייך דער וואטעל מאכער! מאך איך מיט א שמייכעלע און ויענדענדיג זיך צו אלטירן זעטץ איך צו: זיי מיין איך, יענע פיינע לייט אין דער שטאָדט דאָרט, עפעס נלוסט מיר זיך היינט נישט דערצעהלען מיין מעשה. לאָזען־זיי געהען צו אלדע שווארצע יאהר.... האט קיין פאראיבעל נישט ר׳ אלמיר.

— פארקעהרט .... מהיכא־תיתי, פון מיינעט וועגען מעגען זיי אויך, חאָטש באלד. דיא כפרה ווערען. נאָר וואס איז דאס פאר א גאנג יענעם אי־בערשלאָגען, ארייגפאלען איהם אין דיא רייד מיט מעשיות! ...... אזוי רופט זיך אָן אלטיר און קוקט מיך אָן א ווילע אן, מאכענדיג מיט דיא אקסלען, עפיס אזוי, גלייך וויא נערעדט: א לעבערדינער זאק, מישטעהגם געזאגט. עס שיט זיך פון איהם ניין מאס רייד אָהן איין אויפהער, שטארק נייטיג חלעבין זיינע מעשיות! טאמער ווייסט איהר צו וואָס? .... און א מאך געבענדיג דערנאך און דער זייט א פאָר מאל: פע, פע! טהוט ער א טאָרקע פישקען: נוא וואס טילא בקיצור דער שפיטץ

פישקע הויבט אן אייף זיין שטיינער, איך נאך איהם, ארבייט אויף מיין שטיינער. אלטיר טרייבט אונטער אויף זיין שטייגער און דיא מעשה דערצעהלט זיך ווייטער אזוי:

— דיא צייט איז זיך דערוויל געגאנגנען און איך מיט מיין ווייב זענין מיר אלץ וואס ווייטער זיך מעהר פאנאנדערגעגאנגנען. זיא האט נאך שטארקער זיך איזגיוכעט מיט דעם ממזר, זענין געווארען חבר כאפ, גאנץ נאהענטע שמעלקעס און פלעגען שויןביידע, וויא א פריץ מיט א פריצע, אין דיא הייזער ארומגעהען. מיר האט עס שוין מעהר נישט אזוי אויסגעמאכט, דער קאפ איז מיר געווען שטענדיג פארדרעהט מיט דער הארבאטער נעביך, זיא איז מיר קיין רגע פונם זינען נישט ארויס. געהט אייך, האב איך געטראכט, פון מיינטוועגען האטש אין דער ערד, ווארגט זיך ביידע מיט דיא הייזער! ביים בעגעגענען זיך א מאל מיט דיא באר לייט, פלעגט דער ממזר מיך אנקוקען מיט געשפעט, עפיס וויא געזעגט אוף האב דיר אנגעפייפט גוט, נישקשה.... איך האב געוועהנטליך אויסגעשפיגען און בין מיר געגאנגען מיין וועג. טראכטענדיג ביי זיך: און אז דוא שלעפסט זיך מיט איהר ארום, וואס העלפט עס דיר? אז זיא איז איין אשת איש, הע חע, גוט פארטשוואקעוועט, נישקשה! אבער איך האב דיר אויך אנגעפייפט, דוא ממזר איינער! פוקע זיך, ווער צושפאלטען....

מיט מיר האט אנגעהויבען אין דיא הייזער ארומצוגעהען איין אלטעטשקער, פונם ממזרים פעקיל, א רשע מרושע, א נאטקע גנב, אזוי וויא ער, און ער האט עס געמאכט מיט מיר גאנץ גוט. איטליכער האט איהם געמוזט געבען, אזא רחמנות פנימעל פלעגט ער קענען מאכען, אנווייזענדיג אלין מיט א קרעכץ מיך פונם הארצען אויף מיר, ביטערע קאלעקע. געהייסען האט עס עפיס, א ווייסטער מאטע מיט איין אומגליקליך קינד נעביך. — הינק פישקע, הינק גוט, תכשיט מיינער! פלעגט ער מאכען, אונטערשטופענדיג מיך פון הינטען, ביים ארייננקומען אין א שטוב. פארקרים דאס פניצעל און זיפץ, זיפץ, דוא הונט איינער. זיי וועלען מיר נישקשה פאר דיינס א זיפץ בעצאהלען. אויפן וועג נעהענדיג פלעגט ער מיך אלץ לעהרנען מאכען דיא שפיל, אפשפעטען פון דיא בעלי הבתים, א קניפ א צופ טאן און שעלטען מיך דערביי: פארהאפט זאלסט דוא ווערן! נאר אין גוטע מוטה. איינמאל האט ער מיר אין שפאס קלאפערשט געגעבען א באכענצע אין הארצען, דא אין לעפעלע, אזוי אז איך האב שיער דיא ניכפא נישט בעקומען. דיא נדבות פלעגט ער געוועהנטליך צו זיך צונעהמען און ס'איז מיר שווער געווען

א נראשען ביי איהם אויסצורייסען. וואס טוינ דיר, פישקע, נעלד? פלענט ער שפאסען, אז דוא ביזט אליין נעלד. דוא זאלסט מיר נאך דערלעבען הינקען מיט דיא פיסעליך און קריינקען אויף אלע גלידערליך ביז דוא וועסט מיטן קעפעלע אנליינען, תכשיט מיינער. איינמאל בין איך צו איהם שטארק צונעשטאנען, עס האט מיך נעצוואונגען דיא נויט און האב נעבעטען חלק מיטן הארבען וואָרט. א קוק נעבענדיג אז איך מאהן איהם דא אזוי, האט ער נעעפענט אויף מיר א מויל: שט־ם קרומער הונט! אומזיסט וועסט דוא דאס פאָהרען ביי מיר אין בויד: אומזיסט וועל איך דיך, אזא נבלה, ארומפיהרען דאָ! תרבית שיינעץ! איך וועל דערצעהלען דיין ווייב. איך קען דיך נישט און האב מיט דיר נישט וואס צוטענהן. קענען קען איך נאר דיין ווייב, זיא האט דיך מיר איבערגע־נעבען, פון איהר האָב איך אזא סחורה בעקומען און מיט איהר וועל איך שוין מסתמא זיך אפרעכנען....

שלעכט! אצינד האָב איך נאנץ קלאָהר ארויסגעזעהען, אז איך בין ביי דער חאליאסטרע אזוי וויא א בער ביי דיא ציגאנער. מען פיהרט מיך ארום צומאכען מיט מיר דיא קאָפעקע. מען האט ביי מיר צונענומען מיין ווייב, זיא ארייננענארט אין זאק אריין און זיא העלפט נאך זיי אויף אונטער אקענען מיר. זיא נים מיר איבער וויא סחורה הילטייעס, נגבים אין דיא חענד!.... שלעכט, ביטער, ס׳איז שוין נאָר אויס וועלט.

איך האָב שוין ארויסגעזעהן, ס׳איז פארפאלען, צווישען מיר מיט מיין ווייב וועט שוין קיין לעבען מעהר נישט זיין, הייננט צו וואס, האב איך נעטראכט, זאָל איך מיך דא האלטען? מען בעדארף אנטלויפען, וויא צום ניכסטען אנטלויפען. א טאג איין איבעריגער צווישען אזעלכע נגבים איז א זינד פאַר גאָט. דאס זעין דאך מענשען, וואס האבען נישט קיין גאָט אין הארצען: וואס טהוען נישט קיין האנד אין קאלטע וואסער אריין, אראָפגעוואָרפען פון זיך אין גאנצען דעם יאָך, ווילען נישט וויסען פון קיין ארבייט, פון דאגת הפרנסה און זיך אויף אנדערע אנגעוואָרפען, נאָגען, זויגען יודיש בלוט און זענען נאך זיי דם שונאים. איך אליין בין ביי מיר אויף מיאוס אראָפגעפאלען, בעטראכ־טענדיג מיינע אלע גייננ אין דער גאנצער צייט צווישען דעם דאָזיגען פעקיל שלעכ־

טע מענשען. נאָר נים דער איינענער וואָס פריהער. עס האט צו מיר זיך צוגעק־לעפט פיל נישט קיין שיינע זאכען פון זייא. איין מיטעל בטור צו ווערען פון אזוי פיל צרות און בייז איז, ארויסצורייסען זיך פונם מיאוסין פעקיל און ווייכען זייא וויא איין עפוש. נאר וואס טהוט מען אבער מיט איהר? וויא לאָזט מען איבער זיא. דיא הארבאטע מיינע? מיר איז פירנעקומען וויא איך שטעה אין א פארדאָר־בען אָרט, א שרעקליכע גרוב, נאר א גיהנם. און איין אויער אריין שרייעט מיר עפּים אַ קול: פארשפיל נישט דיין נשמה, פישקע, וויא נאָט איז דיר ליב אנטלויף! און אין דעם אנדערען אויער קלינגט מיר פון דער הארבאָטער מיינער א קול: פישקע. פישקע!... מען בעדארף אויסקלייבען ..יינס פוןביידע: אדער אהין אין דער לעבטיגער וועלט, ריין פון זינד, פון צרות און בייז, אָדער דאָ אין דעם גיהנם נאר אין איינעם מיט איהר. איך האב מיך גוט אויסגעווייגט און... נאָט זאל מיך נישט שטראָפען פאר דיא זינד — איך בין געבליבען ווייטער ביי דער חאליאסטרע...

שפעטער ערשט אין א צייט ארום איז מיר אין קאָפּ אריין א געדאנק מיט דער „ארבאָטער אין איינעם אנטריגען צו ווערען פונם פעקיל. נאָר דאָס אבער האט דאָך אנדערש נישט געקענט זיין סיידען אויפגעבונדען צו ווערען פריהער פון מיין ווייב. וואס וועט דער תכלית זיין פון מיין ארומפיהרען זיך מיט א מיידעל גלאט אזוי? דיא וועלט וועט מומלען און טראכטען נאט ווייסט וואס.... איין רפואה איז דא — גט. נאר וועט מיין ווייב אבער, טראכט איך ביי מיר, וועלען נעהמען גט? זיא איז דאך א שלאק, איין אָנשיקעניש פון זיין ליעבען נאמען. אז איך וועל זאגען גט, וועט זיא, מיר אויף צושפרינגעניש, זאגען: ניין! דיא גרעסטע הנאה, אין דער לעצטער צייט, איז ביי איהר געווען, מיך צופייניגען און צוטאן מיר אין דער גאל אריין. פון דעסטוועגען האט עס מיך נישט אפגעשראקען און האב מיר פירגענומען ארום דער זאך צו ארבייטען מיט גוטען אדער מיט בייזען, אפשר וועט גאט רחמנות האבען. דערווייל האב איך דיא זאך געהאלטען ביי מיר בסוד, קיי־נער זאל דערפון נישט וויסען.

זינט דער מעשה מיט דעם אלטעטשקען האב איך פאר גרויס פארדראס מיט קיינעם פון דער חאליאסטרע מעהר נישט געוואלט אין דיא

הייזער ארוטנעהען. דאס האט מיך גענוג צרות גענאסט, נאר איך האב מיך איינגעשפארט, מיין טויט זאל דא זיין, וויל איך מעהר קיין בער נישט זיין ביי דיא דאזיגע ציגאַנער. דער ממזר מיט זיין פעקיל לייט זענען דערמיט שטארק נישט צופרידען געוועזן און האבען מיר מיט דיא הענד געווי זען ווער עלטער איז, שלאָגענדיג מיך איינמאל רופען זיי זיך אָנ-עט: פאר וואס זשע זאָלען מיר דיך אומזיסט פיהרען, שיינע סחורה, אז דוא ווילסט נישט ארבייטען, ווילסט נישט פארדינען? געה דיר אוועק צו אלדע שווארץ יאהר! — אפילו דיא רגע, ענטפער איך זיי. גיט מיר אָפּ מיין ווייב, מיין ווייב! — זיי האבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אנדערן און ארויסגעלאָזט א גרויס געלעכטער. עס פערשטעהט זיך, אז דאס וואס איך האב געזאָגט, גיט מיר אָפּ מיין ווייב, איז גאָר געוועזן איין אויסרייד. אין הארצען האב איך גאָר געמיינט, האלט זיך מיט איהר' מיט אייער שטיק סחורה און לאָז זיא געהמען ביי מיר גט- אמת מאקי פון דיא קלעפּ, וועל- כע איך האב געהאפט פאר מיין עקשנות האט מיר גוט וועה געטאהן, נאר דער- ביי האט מיר הנאה געטאהן, טראכטענדיג ביי זיך: נישקשה! דאס וועט מיר נימצען צום עסק. אז זיי וועלען זעהען, איך בין איינגעשפארט און טויג זיי מעהר נישט, וועלען זיי גערען זיין מיינער פטור צו-ווערען און דאס וועט מיר דערנאך העלפען צום גט.

---

21

— בתיה! גיב איך א זאָג צו מיין ווייב, צושארענדיג זי' צו איהר מיט גוטע איינמאל, אז מיר זיינען געוועזן אלייך און געוואלט אין א שמיעס מיט איהר א טאג סאָן ווענען גט. וואס האסט-דוא, בתיה, צו מיר?

— ווער דיא כפרה, פישקע! בעקום איך פון איהר א קורצע תשובה.

— אָט האסט-דו דיר! מאך איך ווייא אנגעברונזט זיך. איך מיט איהר אַלץ ארדבה ואדרבה און זיא אלץ קידער-ווידער: ווער דיא כפרה, פישקע! פאר וואס?

— בעקום זשע דיא נבלא! זאגט זיא מיט א קרום פנים אוועקריקענדיג זיך פון מיר.

— זאלסט מיר געזונד זיין בתיה! רוף איך מיך אָניעם מיט נוטע. ווארף חלעבען אוועק דיינע נארעשקייטען און לאמיר לעבען וויא גאט האט געבאָטען.

— ווער דיא כפרה פישקעניו מיט דער הילטייקע דיינער אין איינעם!

א־א, ווער דיא כפרה דוא בעסער מיט דעם ממזר דיינעם טראכט איך! בייא מיר און נעה ארויס מיט דער שפראכע גאנץ ריין: הער אויס, בתיה! וויא זאָגט מען עפעס, א בת ישראל נייט מען נישט. ווילסט נישט קיין לעבען, איז דאָך דאָ דארויף ביי יורען עפעס א גט. רויט אָדער טויט!

— אהא, דיא הילטייקע גלוסט זיך איהם! ניכער פטרן דאס ווייב און האצעניו מיט דער דראבקע! א, נישט דערלעבען זאלט איהר עס, גיכער ווערט איהרביידע מיט׳ן קאפ אָנלייגען. נישקשה, עס ווערט איהר נישט געשיינקט ווערען דער חצופה דיינער, קייען וועט זיא פון מיר דיא ערד. הערסט דוא פישקעלי? אין טאטענס טאטענס טאטענס......

מיין ווייב האט זיך צושריגען אזוי, אז איך האב נעחאפט דיא פיס אויף דיא פלייצעס און אוועק.

מיט מיר איז געשטאנען שמאל. שלעכט ארום און ארום! איך אליין האב קיין האָניג נישט געלעקט, בין פארשווארצט געוואָרען און דיא האָרבאטע געביך האט אויך געהאט איהר עהרליך אויסקומעניש, זיא האט גענאָסען אין מיין זכות. מיין ווייב האט זיך פארהאלטען צו איהר וויא א בעל־הביתטע, געהאט איבער איהר צו שאפען. נאָר עפעס נישט נאך איהר וואונש האט זיא מיט איהר זיך גוט אָפגערעכענט, און דער ממזר פון זיין זיים האט איהר געמאכט א פינסטערען פסק בעזונדער. אדאָך־אוקוועה איז אונז ביידע געווען. אונזער גאנצע טרייסט איז געווען, וואס שפעט ביי־נאכט, ווען אלע האבען געשלאָפען פלעגען מיר זיך ארויסגנבהנען אין דרויסען, צושמיעס׳ן האָטש אביסל און איינער דעם אנדערן אויסצוגיסען דאס שווערע ביטערע הארץ.

איינמאל זיצען מיר זיך אזוי ביידע ביי נאכט לעבען דער גרויסער שול. דער הימעל איז אויסגעשטערענט און ארום אונז איז שטיל. נישטא קיין לעבעדיג בעשעפעניש. זיא זיצט לעבען מיר אויף א שטיין, איינגענורעט, איינגעהייקערט,

טרעהרען גיסען זיך איהר פון דיא אויגען און ברומבעלט פאר זיך שטארק אומעטיג איהר בעקאנט לידעל:

דער טאטע האט מיך געקוילעט.

דיא מאמע האט מיך געגעסען....

איטליכס ווארט איהרס שניידט מיר דאס הארץ וויא מיט א מעסער. איך טרייסט זיא, נעהם זיא איין מיט גוטע רייד, אט, נאך אביסיל וועלען מיר אם ירצה השם אויפגעריכט ווערען. איך מאך איהר א גאנצען צעטיל פון אונזער לע־בען שפעטער, אז מיר וועלען מיט דעם אויבערשטענס הילף ביידע פון צרות אויסגעלייזט ווערען. איך שטעל איהר אנידער פאר דיא אויגען אלסדינג לעבעדיג מאהל איהר אויס דיא גלופסקער געמויערטע באד מיט איטליכס פיצעלע דארט, וויא איך וועל מיך אהין ווייטער אריינגדרעהען און אז גאט וועט דערהויבען דאס מזל קען איך מיט דער צייט בעקומען דארט א שטעלע פון א היטער. זיא אליין קען אפשר אויך מיט דער צייט האבען דארט א טהועכטס: זיין א טוקערין אדער עפעס אנדערש אזוינס. און ווען נישט, קען מען אין גלופסק אויסזוכען אנ־דערע מיני פרנסות. פאר ארמעלייט איז גלופסק ארץ ישראל, זיא איז אהן עין הרע גרויס, הייזער זענען דא וויא מיסט. דיא מענשען זענען אהן חכמות, וויסען נישט נאך קיין צערעמאניעס, איטליכער טהוט זיך וואס ער וויל און ס׳איז רעכט. דארט קענען א שטייגער גאנץ שיינע בעלי הבתים זיך געהען אפגעריסען, אפגע־שליסען פארדריפעט ביז דעם האלדז און נארנישט. אדער אין מיטען העלען טאג זיך שפאצירען אויף דער גאס אין עפים א פארשמאלצעוועט חאלאטעל, צוהראש־טעט און נארנישט. אדער פארקעהרט, ארמעלייט קענען נאר אמאל ארויסגעהען אנגעטהאן אין זייד אין סאמעט און אויך נארנישט. דארט איז שווער אונטער־צושיידען צווישען קבצנים און גבירים נישט אין דער הלבשה, נישט אין דעם גאנ־צען פיהרונג. זעהר אפט מאכט זיך דערפון דאס שטיקעל פרנסה אין איינעם מיט דיא רייכע, איינער העלפט דעם אנדערן און ס׳איז זיך א גוט לעבען. ארם איז נישט קיין שאנד, מען בעדארף נאר האבען מזל, ווערד מען אויפגעריכט באלד. וויפיל זענען דא אזוינע, וואס ערשט נים לאנג זענען זיי געוועזען קליין, נידעריג, משרתים, קבצנים נעביך, און פלוצלים געווארען לייט, גאנצע פיהרער, כל ולך

אין דער שטאָדט! מענליך נאר אז איך אליין, וויא דוא קוקסט מיך אן קען מיט דער צייט אויך ווערען א טהוער, א מאכער און עס וועט אם ירצה השם זיין גוט. מיר וועלען לעבען אין עושר און כבוד און נחת. לאך נישט, זאג איך, לאך נישט, נשמה מיינע איך בין נאָר נים צו וויים פארקראכען. און גלופסק איז אזעלכעס נאר פון דיא געוועהנטליכע זאכען, מען בעדארף נאר גלויבען אין גאָט, ביי זיך נישט זיין אראבגעפאלען און זיין א יוד.... מיט בטחון. אך גלופסק, גלופסק! וויא דערלעבט מען שוין זיך אויסרייסען פון דעם מיאוסין פעקיל און גיבער, מאמע צו דיר!

—אך, פישקע! איך האב שוין קיין כח נישט מעהר אויסהאלטען. זאגט דיא הארבאמע מיט א זיפץ טיף פונם הארצען, אָנשפארענדיג זיך מיט'ן קאָפ מיר אויפן אקסעל און אויף דעם פנים אין איהר געלענען עפּיס וויא א געבעט. איך גלעט זיא, טרייסט זיא און שטארק זיא מיט האָפנונגען. זיא ווערד אביסעל פרעהליכער, קוקט מיר גלייך אין דיא אויגען אריין און לאכט. פישקע! זאָגט זיא שטיל, דוא ביסט מיין איינציגער אויף דער וועלט. ביסט מיין טאטע, מיין ברידער, מיין פריינד, מיין אלסדינג. זעה פישקע, זיי מיר געטריי און פערגעס מיך נישט. שווער מיר דאָ ביי דער שול, וואו עס דאווגען אצינד דיא מ ת י ם און צווישען וועלכע עס געפינט זיך אפשר אויך מיין טאטע, וועלכען איך האב ווייניג געקענט. און איז אן עדות. שווער מיר, אז תמיד וועסט דוא מיר בלייגעטריי......

איך האב מיך א נעהם געטאָהן שטארק קנעלען מיט מיין ווייב ווענען גט, געארבייט, גערעדט אהין אהער ביז צווישען אונז איז אָפּגעמאַכט געוואָרען אזוי: דאס ביסעל געלד, וועלכעס ביי מיר האט זיך אָנגעזאמעלט אין דער גאנצער צייט, וואס איך האב געארבייט פאר מיר אליין, האב איך בעדארפט איהר אין האנד אָפּגעבען, טאקי באלד, נים איינצולייגען עס פרי־הער וויא, דער שטייגער איז, און חוץ דעם האב איך נאך זיך מתחייב געווען, דעם גאנצען ווינטער, וועלכען מיר וועלען דערלעבען, מיך צולאָזען, גאָר אָהן שום טענות, חברה זאָל מיט מיר מאַכען דיא שפּיל, דאס הייסט, מיך לאָזען פיהרען אין דיא הייזער און דיא נדבות, וועלכע מען וועט מיט מיר מאַכען, געהרען צו

מיין ווייב פאר איהר כתובה. דער ממזר האט מיט א שמייבעלע מיר געבראכען דיא בי נער והכל שריר וקים און געזאגט מזל טוב. איך בין וויעדער למזל גע־ווארען א בער, א גוט שטיקעל סחורה. דער אלטעטסקער איז וויטער טאקי מיט מיר אין דיא הייזער ארומגעגאנגען און איך האב אלץ גענומען הינקען גוט, זיפצען, קרימען זיך, מאכען אנשטעלען, וויא ער האט מיר געהייסען.

נאך פסח זיינען מיר געקומען ערגיץ אין א שטעדטיל, אין חערסאנער גובערניע וואו איך האב דיא ערשטע צייט געארבייט לויט מיין התחייבות, נאר דערנאך האב איך געזאגט, געגוג! לאז שוין זיין דא און עק. מיין ווייב האט תחלת זיך געקוויינקעלט, געבעטען א פאר טעג צייט זיך מישב צוזיין. צום סוף האט זיא גע־ענטפערט, גוט! מארגען געהמט זיא גט. ס׳איז מיר לעכטיג געווארען אין דיא אויגען, אזוי שטארק האב איך מיך דערפרעהט. פאר שמחה האב איך נישט גע־קענט איינזיטצען אויף איין ארט. עס האט מיך געצויגען אין דרויסען. איך האב א היבשע צייט מיר ארומגעשפאצירט אין דיא גאסען און אין איין ווענ טאקי מיט חשק געגאנגען אויך אין דיא הייזער, טראכטענדיג ביי זיך, וואס קען עס שאדטען? אויף דער הייסער שעה, ביי: אראפנעהען פון קעסט, ועט מען בעד־דארפען האבען עטליכע גראשען. דער עסק מיינער איז געגאנגען גוט. אזא „אין דיא הייזער ארומגעהען", וויא דענסטמאל, געדיינק איך נישט שוין פון א צייט. עס טרעפט זיך אזוינס איין מאל אין התדערט יאהר. אז גאט וויל העלפען א מענשען העלפט ער איהם מיט אלעמען. און וועלכער שטוב איך בין אריין, בין איך ליידיג פון דארט נישט ארויס. דאס מזל האט מיר דענסטמאל געשפילט און האב בעד־דארפט גראד טרעפען אין א שטוב, וואס דארט איז געווען א ברית. דער עולם איז געוועז שטארק פארלעקט, לעבעדיג, פרעהליך, מען האט מיר געגעבען א גוטען טרונק בראנפין, א גאנץ קידוש גלעזעל, אויך א גרויסען שטיק לעקיך. א מלכות ברוימיל און דערצו נאך עפיס געלד מיט א רויזענבולקעלע. איך האב מיך איינגע־האלטען, נישט צופארזוכען אפילו קיין ברעקיל און בעהאלטען דיא אלע גוטע זא־כען וויים אין דעם בוזעם, צוברייננגען עס א מתנה מיין הארבאטע מיידיל. מען האט בעדארפט זעהען מיט וואס פאר א פרייד איך בין עס געגאנגען דעם גאנצען וועג. אלץ געטראכט ביי מיר, חיינט ביי נאכט, אז דער עולם וועט שלאפען, וועל

איך איהר דאס געבען, לאז זיא נעביך אויף הנאה האבען. זיא איז נעביך אויף הנאה האבען. זיא איז נעביך פארוויסט, פארוואגעלט, האט א הארץ פול מיט מכות. זיא האט נעביך נישט געהאט אין איהר לעבען קיין זיסע מינוט. נא, לאז זיא וויסען, אז פישקע איז א גוטער ברודער, ער זארגט זיך פאר איהר און היט זיא אפעט וויא דאס שווארצאפעלע אין אויג. ער וועט באדאי אליין נישט עסען און איהר דעם לעצטען, דעם בעסטען ביסען אוועקגעבען. עס האט מיר זיך גע־דאכט וויא מיר ביידע זיטצען לעבען דער גרויסער שול און האבען שטארק הנאה. זיא עסט, קוויקט זיך מיט דעם לעקיך און איך איהר: נשמה מיינע, לאז דיר וואויל בעקומען! טראכטענדיג דערביי ביי זיך: א גוטער סימן! הלואי אין גיכען לאמיר עסען לעקיך בייא אונז... איך זאג איהר אנעט דיא בשורה: מארגען ווער איך אויסגעלייזט, מיין ווייב נעהסט גט, און זיא שיינט, קוועלט נאר אן. מיר קלעהרען. וויא אזוי שטילערהייט ארויסצוחאפען זיך פון דער חאליאסטרע און מאַ־כען א פליטה. ביי אונז ווערד פארטיג ווענען דעם א גאנצער פלאן און ס׳איז דא א האפנונג, אז עס וועט אם ירצה השם זיין גוט... אט מיט אזעלכע געדאנקען בין איך מיר געגאנגען דעם גאנצען טאג און מיר פירגעשטעלט גליקען. אויפן וועג האב איך נאך בעגעגענט א וואסער טרעגער מיט פולע עמער, דאס איז דאך געווים א גוטער סימן. נאר וואס אבער לאזט זיך אויס?

עס לאזט זיך אויס, ווי איז מיר, א טייך. איז א מענשען בעשעהרט אומ־גליק העלפען איהם נישט קיין גוטע סימנים אויך, צעהען גויות אפילו זאלען איהם מיט פולען איבערגעהען דעם וועג. אז איך בין פאר נאכט געקומען צוריק אין הקדש האב איך שוין דארט נישט געטראפען דיא חאליאסטרע!... אין דער צייט, וואס איך האב מיר לוסטיג ארומגעשפאצירט אין דער שטאדט זענין דיא שיינע לייט דערווייל אוועקגעפאהרען און מיין ווייב, אויך מיין הארבאטע נעביך מיט זייא... דאס איז שוין געווען דעם ממזר׳ס מלאכה, זיינס א שפיטצעל. — זאל ער אזוי וויסען פון זיין לעבען צחאגען וויא איך האב דענסטמאל געוואוסט אויף וואס פאר א וועלט איך בין. זאל איהם, רבונו של עולם! אזוי דרעהען אינווענינג אין בויך וויא מיר האט זיך געדרעהט דער קאפ. חושך און פינצטער איז מיר געווארען אין דיא אויגען, פינצטער איז מיין וועלט.

דאס איינציגע שטערענדיל, וואס האט מיר געשיינט. איז פלוצלים פארשווינדען געווארען. נישטא, ווייא איז מיר, נישטא מיין טרייסט! נישטא, מיין הארבאטע נעביך!.... איך בין ווידער עלענט וויא א שטיין, איינער אליין אין דער גאנצער וועלט. און זיא! וואו איז זיא, וואס טהוט נעביך זיא, זיא?.... פאר וועמען וועט זיא קענען חאטש א מאל זיך אויפוויינען, אויסגיסען איהר שווער ביטער הארץ. אוי, יודען: א וועהטיג. ס'איז מיר א וועטהיג טאקי אין צווייען!

ארויסנעהמענדיג שפעטער פונם בחעם דאס שטיקעל לעקיך, וואס איך האב איהר עס אגנעגרייט, איז מיר געווארען א לאך אין הארץ. איך האב עס גע־האלטען שטייף, אפגעגאסען עס מיט טרעהרען, וויא עפיס א זאך, א זכר, וואס בלייבט איבער נאכן טויט פון א געליבט קינד. פון איין איינציג קינד. נישט בע גהרט דיר געווען צופארזוכען עס, צודערקוויקען זיך איין מאל אין דיין לעבען, בידנע, אומגליקליכע, נשמה מיינע! איך קוק קוק אויפן שטיקעל לעקיך, קוש עס, וויקעל עס דערנאך איין וויא איין אבן־טוב און באהאלט עס ווידער אין בוזים טאפענדיג עס אפט און צוקוועטשענדיג עס צום הארצען.... וויים איך, וואס מיר איז געשעהען?!....

---

## 22

פישקע האט ביי זיינע לעצטע ווערטער ארויפגעלייגטביידע הענד אויפן פנים, זיך אוועקגעקעהרט אין דער זייט און געכליפעט. מיר האבען געפיהלט זיין הארץ און איהם געלאזט צורוה, אויף אונז אליין איז אויך אנגעפאלען א מרה־שחורה, מיר זענען געבליבען זיטצען שטיל. איטליכער פארטיפט אין זיינע געדאנקען. אלטיר מיינער האט זיך אלץ געקראצט אין דער פאה, געפיהרט דיא האנד איבערן פנים, אנהויבענדיג פונם שטערען און אויסלאזענדיג מיט דער בארד, וועל־כע ער האט ארומגעחאפט מיט אלע פינף פינגער און געמאכט דערביי עט, עט!.. מען האט געזעהען, ער איז צוטראגען, מיט איהם איז עפיס נישט גלאט.

איך אליין בין עפּעס געווען אויך צודרעהט, פּישקעס געשיכטע האט מיך נעקאָ־טערט. נאך גאנץ לאנג האב איך פּיל מאל ביי מיר נעטראכט: רבונו של עולם! וואס איז דאס אזוינס, זיין פּארליאפּעט? עפּיס האב איך נעהערט, עס טרעפט זיך א מאל אזעלכעס, נאָר וואס דאס איז, האט טיין מוח נישט נעקומען. ביי אונז פלעגט מען אויף אזעלכע זאכען געוועהנטליך זאָגען: ס׳איז איין אָפּגעטאנע זאך, כישוף, עפּעס אזא מין פלעשעלע איז דאָ דערצו, עפּעס א מין קרייטיכץ פון איין אלטער נויע, א מכשפה׳טע. און דאָס וואס אלטע מכשפה׳טעס זענען פארטיג אָפּ־צוטאָן אזעלכע שפּיטצליך, אויך אראָפּצוברייננען רייטענדיג אויף א בעזעם דעם מאָן, וואס האט אוועקגעוואָרפען דאס ווייב, זיא געמאכט פאר איין ענונה — דאס איז דאָך קלאָהר וויא דער טאָג, דארויף זענין דאך דאָ א סך עדות: כשערע יו־דענעס און בעטאָנטע, עהרליכע יודען מיט בערד.... פּארליאפּעט זיין האט ב׳ אונז געהייסען עפּעס אזא מין שלאפקייט, וויא קדחת א שטיינער, א דבוק, א מאנקאָליע, דיא נכפּא, דיא שלעכטע זאך, וואס דערצו איז מאקי נימאָ נאר א בעל־שם, אדער להבדיל דער טאָטער. ביי א ישטיעס דערפּון פלעגט מען זיבען מאל אויסשפּייען, אָננעהמענדיג זיך ביי דיא ברעטען, און מאכען דערביי מיט א פארקריטטע פּרום פּנימעל: נישט-דא געדאכט, נישט פאר קיין יודישע קינדער געדאכט!....

אויך איז א מצוה געווען צולאכען אויס יענע פּארליאפּעטע דעם גרעסטען נעלעכטער, וויא דער שטיינער איז צולאכען אויס א משוגענעם. אזא שלאפקייט אבער, געדיינק איך, ווען עס האט זיך געמאכט, האט זיך עס געמאכט סיידען נאָר ביי דיא גרויסע נגידים, אדער ביי דיא גרויסע קבצנים. אין בעל־הבתישין גראד אקעגען, האט מען נישט געוואוסט אפילו מיט וואס מען עסט עס. — דאס איז דאָך, האָב איך אָפּט ביי מיר געטראכט, א וואונדער! פאר וואס איז דאָס אזוי? און וואס איז דאָס אזוינס? עס מוז דאך האבען א טעם. דער טעם פון דער אל־טער נויע, איז נארעשקייטען, וויא דאָס פלעשעלע. איך בין קיינמאָל דערמיט נים צופריעדען געווען, הגם יודען האָבען עס געהאלטען פון מיר פאר א שטיקעל אפּיקורסות — כטיימש, וויא גלויבט מען עס נישט אין כישוף, אין דעם טאָטער, און שדים! איך האב געזוכט ביי מיר, געזוכט א טעם און, דאכט זיך, געפונען. גרויסע נגידים איז אויף דער וועלט צו גוט, האָבען אלסדינגג, עסען, טרינקען דאס

טהייערסטע, דאס בעסטע, אָהן זאָרג, אָהן קאָפּדרעהעניש, עס נעהט זיי אָפּ נאָר קרחות, דעריבער ליגט זיי אין זינען צוסאכבען קוצעניר־מוצעניו. ערענסט, אדער גלאט אזוי א שלכען? דאס איז שוין זייער סוד. ווידער־זשע דיא גרויסע קבצנים פון דער אנדערער זייט, זיי איז אויך, אויף זייער שטייגער, גוט. האָבען נאָרגישט, קדחת וואס איינצושטעלען, עסען קעסט ביי דער וועלט אָהן קאָפּדראָרעניש און קר מען אויפן גרייטען. בושה אין דער זייט! דעריבער גלוסט זיך זיי אויף אזעלאַע מעשיות שטענדיגע עסקים פון דרעהען זיך און מיני חתונות איז געוועהנטליך נאָר אין דעם הויכען און אין דעם נידערינען שטאַנד. דער איבעריגער עולם אונזערער, פונם מיטעלען סאָרט מענשען, איז תמיד פארטראָגען אין דייזשע באָרטשט. איהם דארט דעם קאָפּ פאַר דעם שטיקעל ברויט, זוכט פרנסה. ביי איהם איז ראשית חכמה געשעפט. אלסדינג — געשעפט. חתונה האבען איז אויך א געשעפט. ער האנדעלט איין א ווייב, דינגט זיך פריהער גוט אויס וועגען דעם מקח, וועגען נדן, וועגען איטליכעס פיטצעלע בעזונדער, אלסדינג פינקטליך אויסגערעכענט, אפילו א שטריימעל און דיא שבת׳דיגע קאפּאָטע מוז אויך שטעהן בפירוש אין דיא תנאים, זענען דיא תנאים דערפילט געוואָרען, כפי דעם מדובר, קום־זשע כלה לעב אונטער דער חופּה מיט דעם שדכן, מיט דעם בדחן, מיט דעם גאנצען פּעקיל כלי־קודש, וואס לעקען פונם געשעפט אָפּ א ביינדעל. זיי א ווייב האב קינדער, רייס קריעה און ווער פערשווארצט מיט מיר אין איינעם ביז הונדערט און צוואנציג יאהר, אויב דיר גלוסט זיך לעבען, נישט שטארבען פאר דער צייט. אויב דוא ביסט שיין אדער מיאוס, קלוג אדער א נאר, דאס איז שוין דיין עסק פון מיינעטוועגען איז אלץ איינס, א פלוניתטע איז א פלוניתטע. מיר זענען נישט קיין פּריצים, האבען נישט קיין צייט צו קוקען זיך צו אזעלכע זאכען. יודען זיינען מיר, סוחרים, מעקלער, קרעמער, טרוד אין דער פּרנסה! — זעהר פיעל זיינען דאָ פון מין גראד יודען, וואס ריידען כמעט נישט, עסען נישט ביי איין טיש מיט דיא ווייבער, קוקען זייא ווייניג אָן, און ס׳איז גאנץ רעכט. ביידע צדדים זיינען צופרידען און ווינשען, ווען עס קומט אוים אמאָל, הכוואי אזא לעבען אויף אלע גוטע לייט און אויף זייערע קינדער געזאגט געווארען! שטארבט ביי איינעם דאס ווייב בעגראָבט ער זיא, זיצט נאך איהר שבעה גאנץ יודעשליך און

האנדערט באלד טאקי איין א צווייטע, פריהער נאך, אמאָל, פאר שלשים. און אויף אזא שטיינער אויף די דריטע, די פערטע, די פינפטע.... ביז דער אלטער יודענע, וועלכע ער נעהמט צום לעצט און די אלטע געשיינקטע יאהרען אונטער דעם אויסרייד געוועהנליך, מיט איהר אין ארץ ישראל אריין צופאהרען. הייסען הייסט עס ביי יודען די גאנצע חתונה, מקיים זיין א מצוה, וויא נאט האט געבאָטען.... וויא א שטיינער דעם יודענס עסען שבת איז נישט גלאט גראָב פרעסען ווענען דער אכילה, ווייל א זינדינער מענש בעדארף עסען, נאר וואס דען? עס הייסט מקיים זיין שלש סעודות. דעסגלייכען אויף דאס גלעזעלע ווין פסח ביים סדר, טרינקט עס דען א יוד גלאט משונה גראָב, ווייל אביסעל ווין איז מחיה און נאך די קניידליך טאקי נאָר א דערקוויקעניש? חלילה! ער מאַכט דערביי מיט א פארפרומט פנימעל: הריני מוכן ומזומן איך בין מיר גרייט, איך בין מיר ברייט מקיים זיין די מצוה כוסען: דעם ערשטען, צווייטען, דריטען, פערטען כוס.... אונזער איינער עסט, טרינקט, האט חתונה אלץ מיט א לשם יחוד, צוליב קודשא־בריך־הוא און דער שכינה. — נאר דאס אלסדינג איז אבער נישט געזאגט געווארען אויף פישקען. און זיין שלעכטער לאגע, און וועלכער ער האט זיך געפונען איז דאס האָרבאטע מיידיל פאר איהם געווען א גליק, זיין טרייסט, זיין לעבען, זיין אלץ מיט איינאנדער. אז מען טרינקט זיך האפט מען זיך אָן פאר א שטרוי, היינט וואס־זשע איז פאר א וואונדער, אז פישקע האט זיך אָנגעחאפט אין דער האָרבאטער מיט זיין גאנץ לייב און לעבען און איז צו איהר צוגעזאמטען געוואָרען? אז עס ריהרט אָן ביי דער נשמה, דענסטמאל שרייעט דאס הארץ, שרייעט, רעדט איינע ביי אלע מענשען גלייך. דאס לשון פונם הארץ איז איין לשון פאר גרויס און קליין, פאר דעם געלעהרענטען און פאר דעם גראָבען מענשען — וואס־זשע איז פאר א וואונדער, אז פישקעס הארץ האט זיך דאָ אויסגענאָסען און אזעלכע הייסע געפיהלען, ריינע מענשליכע ווערטער? דעריבער טאקע האבען זיינע ווערטער גע־ריהרט, מיך צוטמען וויא א פידעלע, וואס רעדט שפילט אומעטיגע שטיינער. אלע בעלי־דרשהנס און מוסר־ספרים און איינעם האבען קיינמאל מיך אזוי נישט גע־ריהרט, געמאכט ווייך, נט און פרום, וויא א קרעכץ פון א צובראָכען הארץ, וויא דעם כלי־זמרס א שפיל אויפן פידעלע....

מילא גאנץ רעכט, איך בין שטארק געריהרט פון פישקעס דערצעהלונג, בין איך מיר דעריבער פארטראכט, אָבער דוא פערדיל מינס, פאר וואס ביסט־דוא פארטראַכט? א גאנג אביסל, מישטעהנס־געזאגט, קוים וואס ער ריהרט זיך. עס זאל איהם דאס אנהויבען ארען, וואס אָט באלד איז תשעה־באב און מען בעדארף זיך איילען מיט קינות אין א סך שטערטליך. ער געהט נאָר נישט מיט דעם גלייכען וועג, פארקריכט אין דער זייט לעבען דער תבואה, שטעלט זיך צו ווילען אָפּ און שמשיפעט גראָז. דיא שיינע שקאפע איז נים בעסער פון איהם, טהוט איהם נאָך און חאפט אויך א קיי. דאס איינענע מאקע וואס אין חדר, אז דער רבי פארקוקט זיך א מאל אין דער זייט, פארווינט דאס קינד, אָדער האַמפערט זיך מיט דער רביצין, פארקוקען זיך אייך דיא תלמידים און פאלשעווען אין דעם לעהרנען. איך מהוא דיא רפואה, וואס דער מלמד, נעהם דיא בייטש און טהוא א וויז דעם שלימזל מיינעם, זאגענדיג איהם דערביי מוסר. ער שמ:לם אויף דיא אויערן, שטרעקט ארים דעם האלז, שטעקט ארויס א שפיטץ צינגעל, דרינעט מיט א הינטערסטער פוס און שמייסט אקענען מיר מיט דעם ווידיל.— איי, דוא ביסט איין עזות פנים! רוף איך מיך אָן און בין איהם שוין טאקע נוט מכבד מיט דער בייטש. ער האט אפילו נישט געוואלט ליידען, מאכט א פער־דישען קוממיות, א הייב מיט דעם הינטען און געהאט בדעה אויסצושטרעקען זיך אויף דער ערד. נאָר ער האָט זיך באלד מישב געווען, א ציה געטהאן מיט אימ־פעט דעם וואגען און אָנגעהויבען זיך ווייטער צושלעפען. מיר אלע זיינען דערוייל צו זיך געקומען. אלטיר האט אונטערגעטריבען אויף זיין שטיינער, פישקע הויבט אָן אויף זיין שטיינער, איך נאָך איהם טאקע, ארביים, פארטייטש אויף מיין שטיינער און דיא מעשה דערצעהלט זיך ווייטער אזוי:

איך וועל אייך דאָ נישט קיין ים ברייען. איינער אליין האָב איך מיך דערנאך אויף ארעסער טראקט געלאָזט, געטראכט טאָמער וועל איך מיטע לייט דאָ בעגעגענען, אָדער הערען עפּיס וועגען זייא. נאר אומזיסט דיא מיה, זיי זענין וויא אין וואסער אריין. דאס לעבען איז מיר נמאס געוואָרען פונ׳ם שטענדיגען ארומשלעפען זיך. איך האב געהאלעשט אויסצורוהען זיך אביסיל, זיטצען אויף איין ארט, וויא איך בין געוועהנט געווען פריהער. גאָט האט געהאלפען, איך האב מיך לסוף פארשלעפט קיין ארעס.

—

דיא ערשטע פאַר טעג איז אדעם פאר מיר געווען א טויט. איך האב מיך דאָרט ארומגעדרעהט עלענט, פרעמד, אליין נישט צו וויסען וואו מיך אהין צוטאָן. אלסדינג איז פאר מיר געווען נייא, עפּיס ווילד משונה. קיין חקדש, וויא אין אנדערע יודישע שטעדט, האב איך דאָרט נישט נעפונען, הייזער אויף ארומצוגעהען אויך נישטאָ. ביי אונז אין דיא יודישע שטעדט זענען דאָ הייזער, טאקי וואס הייזער הייסען, נידעריגע, אהן חכמות, אהן קונצען, מיט דיא טהירען צו דער גאס איין קליין שטופּעלע דיא טהיר קומסט־דוא גלייך אין שטוב אריין. ברויכסט נישט מאכען קיין גרויסע צערעמאָניעס, אט איז דאָס גאַנצע בעל הבתישקיים, אלסדינג גוטס נייטינ איז צום עסען, צום שלאָפען. בעדארפסט אביסיל וואסער, האסט דוא עסט, בעדארפסט דיא פאמייניצע, איז זיא דא, וואש דיא הענד און זאג דיר אשר יצר וויפיל דיין הארץ גלוסט. אט איז דער בעל הבית, דיא בעל הבית׳טע, דאס הויזגעזינדע, זאג: גאט העלף! שמועק אויס דיא האנד, בעקומסט דוא דיר דיין נשמה, א קוש דיא מזוזה און נעה דיר געזונטערהייט ווייטער. — היינט איז טאקי פון דרויסען גרינג צודערקענען א יודענס הויז. דאס בערגעלע מיסט, דאס רינשטאָקיל, דיא פענסטער, דיא ווענד, דער דאך שרייען, דאס איז א יודעש הויז. און דעם ריח אליין; דערקענט איהר, אז דא זיצט א יוד... אקעגען־זשע דאָרט אין אדעם זענען דיא הייזער, מישטעהנס געזאגט עפּיס ווילדע, הויך אומגעלומפּערט. דער גאַנג איז געוועהנטליך דורך א טויער אין א הויף דאָרט קריך אויף טרעפּ, זוך א טהיר. האסט דוא שוין געפונען א טהיר, איז זיא נאר פארשלאסען, עפּיס איז זיא מיט א גלעקיל, מיט גאַנצע צאַצקעס. דוא בלייבסט ביי דיר עפּיס אראָפּגעפאלען, פיהלסט, אז דוא ביסט ארעם, נידעריג, האסט קיין פּנים נישט, שמעהסט א רגע דערשלאָגען, מאכסט דיר דערנאך הארץ, נעהמסט זיך מיט גרויס דרך ארץ פאַרן גלעקיל, עס ציטערט דיר אבער דיא האנד, טהוסט א קליין ציהעלע, כמעט וויא גארנישט, שרעקסט זיך עפּיס אליין פון דיין ציהעלע, גלייך וויא דוא וואלסט ארויס אקעגען יענעם מיט א גראב ווארט, איהם געשאלטען אין טאַטען אריין, און טראַנסט זיך באלד טאקי אפ... טאפּסט דוא א מאל און ערגיץ עפּיס איין אנדער גאַנג, פאלט אויף דיר אנ׳עט א קעכנע, א בעדינטערע, אדער עס לאזט זיך גאר אויס, דא זיצט נישט קיין יוד, וואס הייסט עס! וואונדערסט דוא זיך שטארק, וואס איז דאס פאר א שטאדט? וואס זענען עס פאר

הייזער? וואו ווענין עס אונזערע ארמעלייט מיט דיא טארבעס? איך האב מיך ארומג־
בלאנקעט אין דיא גאסען, זיך גוט צוגעקוקט צו אלסדינג דארט, טאמיר וועל איך
זעהען עמיצען מיט א טארבע, ארויסצופרעגען איהם מכח דעם עסק, וויא אזוי מען
געהט דא אין דיא הייזער ארום. נאר וויא אויף צו להכעיס האב איך נישט
בגעגענט קיינעם. און וויא איך דרעה מיך דא אזוי ארום בעמערק איך פון
דערווייטענס עפיס א יונגען מאן, געקליידעט דייטש, געהט וויא איינער, וואס
ווייסט נישט דעם וועג, קוקט אויף דיא הייזער און ווארפט זיך אין אלע זייטען
נאס. דער דאזיגער פארשוין, טראכט איך ביי מיר, מוז נישט זיין קיין הינער,
מען בעדארף איהם נאכגעהען, זעהן וואס ער טהוט. ער געהט אריין אין א הויף,
איך נאך איהם. ער זוכט און לאזט זיך דערנאך ארויפגעהען אויף א טרעפ
מיינער—אויף ארויף. ער געהט אריין אינווענינ אין א פאדער חדר, מיינער
שטעלט זיך אויף יענער זייט לעבין דער טהיר. עס דויערט נישט לאנג קומט
ארויס איינער, א געגאלטער, עפיס נאר א פרינץ, א פנים דאס איז דער בעל־
הבית. דער יונגער מאן גיט איהם עפיס א ביכעל, ארויסגעהטענדיג עס פריהער
פון קעשענע, ברייט און לאנג וויא א טארבע. דער געגאלטער טהוט א בליק
אויף דעם שער־בלעטיל און ווארפט עס באלד טאקי דעם יונגען מאן צוריק, פאר־
קריטענדיג זיך מיט א בייזער: לאזט מיך צורוה מיט אייערע שמאבטעס! מיר
ברויג עס כלל נישט. דער יונגער מאן טענהט, קריכט זיך אין טאג אריין, ער
האט געמאכט עפיס אזוינס, נאר אנטיק. עס העלפט איהם אבער נישט און
ער געהט נעביך בבושה וחרפה ארויס. ער ארויס, מיינער אריין און בעט פשוט
א נדבה. איך בעקום באלד עטליכע גראשען און ריק מיך געשווינד ארויס מיט
א פרעהליך הארץ. אצינד טראכט איך מיר, בין איך אויף דעם אמת וועג.
נאט שיקט צו דעם שפינער זיין פלאקס, דעם שיינקער זיין ביר און דעם ארעמ־
מאן — דעם נר זיין ווענווייזער. מען בעדארף איהם פינט אויג נישט אפלאזען.
איך גיה דעם פארשוין נאך שטילערהייט וויא א קיה א קעלביל, וואו ער,
דארט בין איך. איהם געהט עס שלים־שלימזל, אומעטום חאפט ער נעביך זיין
פסק, דא אזוי: נישט אויסצוהאלטען, וויא זיי האבען זיך היינט צולאזט! און
דארט אזוי: געהט אייך געזונטערהייט, מיר בעדארפען אזעלכעס נישט האבען!

דער שפיטץ איז, ער נעהם אוועק צוקאָכט מיט ליידינע הענד און מיר נעהם עס, אָהן עיךהרע, גאר נישט שלעכט. איך נעהם א גראָשען, א צווייער, א דרייער, וויפיל מען גיט. — וואס איז דאס, וואונדער איך מיך, פאר א מין ארעמאַן אזוינער ? ! אין מיין לעבען האט מיר אזעלכעס זיך קיינמאָל נישט געחלומט. א פנים דא איז אזא מנהג — אָרעמעלייט מיט ביכליך. נייא מאָדישע קבצנים און נאך אנגעטאן דייטש ! נאראָנים, צו וואס בעטלען מיט ביכליך און האבען א פייג, אז מען קען בעטען נדבות פשוט אזוי ! איך בין זיך נוהג וויא אונזערע זיידעס — נעה מיר אין דיא הייזער פשוט אהן חכמות און מאך עס בעסער וויא אנדערע מיט דיא ביכליך. נאָר וויא דיא מעשה איז, אויב זיי זענען נאראנים אדער נישט, דערווייל האלט איך מיך פעסט אין מיין קבצן מיט ביכליך, נעה איהם נאך שטילערהייט פוס טריט און היט מיך וויא וויט נאר מעגליך, ער זאל מיך נישט זעהען. תחילת איז דאס געגאנגען גאנץ גוט, נאר שפעטער האט ער א פנים בעמערקט וויא איך שלעפ זיך איהם נאך און דאס איז איהם שטארק נים געפעהלען. ער האט אָנגעהויבען זיך אָפט ארומצוקוקען, אָפצושטעלען, און געזוכט וויא מיינער פטור צו ווערען. איך ..אב מיך געמאכט תם, געקוקט אין דער זייט קלאָמפערשט, וויא נישט איהם מיין איך און געה מיר מיין וועג. נאָר אין הארצען האב איך געטראכט: ניין, דוא וועסט זיך ביי מיר נישט אויסדרעהען, ברודער ! ווען דוא טוינסט נישט קיינעם און דיר אליין אויך נישט, טוינסט דוא אבער מיר. א רבי וויא אין דיא הייזער ארומצוגעהן ביסט דוא זעהר א א גוטער, חאָם טיינער !.... צום לעצט האט זיך מיט אונז געמאכט אין איין שטוב אזא מעשה: דער בעל הבית האט זיך גע־קליבען עסען מיטאג און פלוצלים קומט אָן מיין קבצן מיט דיא ביכלאך, עס הויבט ־יך אָן א טענה'ן פוןביידע צדדים. איינער וויל ארייינדרעהען, דעם אנדערען, א ־ווארט פאר א ווארט, דער בעל הבית ווערד שוין גוט אין כעס, בעלייט מיינעם צו דער טהיר אביסיל גראבליך, דערזעהט דארט מיך און שיקט אונז ביידע אָפ צו אלדע שווארצע יאהר. דער בשותפות׳ער פסק אונזערער האט שוין ממילא גע־־יהרט דערצו, מיר זאלען איינער מיט דעם אנדערע, זיך בעסער דערקענען. ביים אראָפגעהען פון דיא טרעפ קוקט מיך אָן מיין חבר עפּיס שטארק אנגעברוגזט.

איך פארדרעה דעם קאָפּ אין דער זייט און וויים נישט וואס צוטאָן, איך ווארט, ער זאל נעהען פאראוים און ער ווארט, איך זאל נעהען פריהער. מיר שמַיהען אזוי אוועק עטליכע מינוט אונז ביידע איז נישט גוט. מיין שותף טהוט מיך דערנאך א פרעג:

— וואָס וויִלט איהר, ר' יוד?

— גארנישט! ענטפער איך. דאס איינענע וואס איהר.

— דאס איינענע וואס איך! מאַכט מיין שותף, אויסטעסטענדיג מיך מיט א קוק פון קאפּ ביז דיא פיס אָהר פערוואונדערט, איהר זיינט אויך א מחבר?

איך האב געמיינט, מחבר איז עפּעס א דייטשעס ווארט און עס הייסט וואס ביי אונז אויף פּראסט יודיש קבצן, זיינער א חבר אין דער פרנסה. דאריבער ענטפער איך איהם אָפּ׳עט באלד טאקי אויף טייטש:

יאָ, א מחבר.

— וואס האט איהר עפּעס געמאכט? טהוט ער ווידער א פרעג.

— איך האב געמאכט גאר נישקשהדיג. ענטפער איך, טראכטענדיג ביי מיר: אויף אייך געזאָגט געווארען! א פערציג גראשען האב איך געמאכט.

— וויא הייסט אייער חבור? גיט ער מיך נאך אמאל א פרעג.

ווייטער טייטש, טראכט איך מיר. ער פרעגט זיכער: וויא הייסט איהר קבצן, חבר מיינער.

— פּישקע!.... טהו איך א זאג קורץ און שארף.

— קען איך האבען דעם כבוד מיט פישקען בעקאנט צו ווערען? מאכט ער עפּיס מיט א זיס חנדעלע.

— אך, מיט אלע כבוד'ן, זעהר אנגעליינט הלעבין. זאָג איך, אנקוקענדיג איהם גאר פריינטליך.

— נוא, וואו איז ער, דער חבור?

— אָט בין איך דאָך טאקי אליין דא פאר אייערע אויגען, זאלט איהר מיר געזונט זיין!

— נעהם צו אלדע שווארצע יאָהר? טהוט ער אויף מיר א געשריי און פליהט אוועק געשווינד אין איין כעס.

אז איך בין ארויס פונם חויף זעה איך, מיין שואף לויפט וויא א משוגענער ער איז שוין גאנץ ווייט, טהוט זיך פלוצלים א נעהם אין א נעסעלע און איז פארשווינדען געווארען. איך בין געבליבען שטעהען עפיס וויא אויסגעפאטש און וואונדער מיך, וואס איז דאס פאר א מין נפש. נאר א משוגענער טאקי. אט איז ער גוט, פלוצלים קומט איהם אן דער שגעון און ווערט אנגעצונדען דאכט זיך איך העד איהם נאר ניט געזאגט אזוינס. איך האב איהם געענטפערט טייטש מיט זיין לשון. נ אט אייך נייס, מחאבאר, חיבארים! ביי אונז אויף יודיש הייסט עס פראסט קבאָן, טארבע. — איבעריגענס חאפט איהם דער וואטעל טאכער!....

23

אין א קורצער צייט ארום האב איך מיט אדעס מיך שוין בעסער בעקענט בין קלאהר געוועזן אין דיא אלע ווינקעליך און הינטערגעסליך, געחאפט דעם סטריה און געוואוסט וואו עס עפענט זיך א טהיר. אדעס איז היא א טאבא־קערקעלע מיט א סעקרעט, מען ברויכט צו וויסען דיא ספרינזשינקעלע וואו צו־געבען א קוועטש, דענסטמאל עפענט עס זיך גרינג אויף, מען שטעקט אריין דיא פינגער און נעהמט א גוטע שמעק טאבאקע. עס האט פאר מיר זיך געעפענט א קוואל פון הייזער, אזעלכע וואס פאסען צום עסק, מיט אלע גוטע מעלות וויא ביי אונז. ארמעלייט האב איך שוין געפונען וויפיל דאס הארץ גלוסט, גאנצע מחנות פון אלערליי סארטען: ארמעלייט מיט טאָרבעס, ארמעלייט אָהן טאָרבעס. אזעלכע וואס דיינען אין ערגיץ נישטאָ נאר אין אדעס. ירושלמעס, פריינקען, טערקישע און פערסישע יודען, וואָס פלאפלען לשון קודש: אלטע יודען, קבצנים מיט ווייבער, אויך אָהן ווייבער, וואס פאָהרען אויף דער עלטער שטאַרבען אין ארץ־ישראל און עסען דערוויל דאָרט קעסט, קינדלען, לעבען אויף דער וועלטס רעכנונג: יורענעס

מיט ספאזמעס, יורען נעבראָכענע מיט מיחושים, וואס קומען זיך היילען אין דעם לימאן. מקבלים אלט פּעטערישע, וואס רייבען זיך ארום פראָסטע יורען אין דיא בתי־מדרשים און מקבלים פון הייגטינער וועלט מיט נענאָלטע בערד, וואס רייבען זיך ארום דיא בראָדער פראנצויזען אין דיא קאפיינעס און טראקטירען. אביונים אָפּגעפיינטע, אויסגעפּוצטע וויא דיא נגידים, אזעלכע וואס האָבען טאקי להלוטין נאָרנישט און אזעלכע, וואס האבען, דאכט זיך, הייזער און דאך גרויסע דלפנים מיאוסע קבצנים.... וויפיעל אָרמעלייט איך האָב בעגעגענט פון אונזער ווינקעל האָבען נישט געקענט נענוג אָפּלויבען אדעס, הגם איך וויים נישט דיא גליקען זייערע דאָרט. איינער האָט מיר נעגעבען צו פארשטעהן, וואס דער גאַנצער חילוק איז צווישען איין אָרעמאן ביי אונז און דיא שטעדטליך, און אזעלכען דאָ. דאָרט עסט דער אָרעמאן דאס טרוקען שטיקעל ברויט פארפּיצטערט, פארזאָרגט און דאָ עסט ער טאקי אויך דאס איינענע שטיקעל ברויט, נאָר א קאטערינקע שפּילט, איהם דערביי צו. און אדעס שפּילט דיא קאטערינקע א גרויסע ראָליע. אויף דער גאס א קאטערינקע, און דיא הייזער א קאטערינקע, און דיא טראקטירען א קאַטערינקע, און דיא קאמעדיעס א קאטערינקע, און שול להבדיל— פע! — אויך א קאטערינקע. שטעגדיג איז אין אדעס נאָר א קאָכעניש. הרחא! נאָר עס קאטער־ רינקעט זיך, עס שפּילט, עס זיננט און עס פייפט. דאָרט אין א טראקטיר זעהסט דוא אָפּט, זיצט א שכור און גרעבצט, זינגט „קראסנאיא דיעוואָשקא“, ווייערס א מין לידעלע צקע־ען זיטצען פארבוסעמטע יורען, זיננען א שטיקעל פון זמירות, אדער „אדם יסודו מעפר“ מיט א שניידערשען מארש, לעבעדיג פרעהליך.

נעהענדיג איינמאל ביי דער זייט גאס פיהל איך הינטען אין דעם ריקען א געשמאקען זעטץ. איך נעהם עס אָן־עט פאר ליב, זיך דארויס נאָר נישט צומאַכען, טראכטענדיג, איינער פונם עולם האט אין איילעניש אומגעהרען מיך א שטופּ גע־ טאָן. באלד אבער פיהל איך נאָך א זעטץ, וויא מיט א שטיק האָלץ. איך קוק מיך אום און דערזעה יאָנטעל דער חאָלירע־חתן זיצט אויף דער גאס! מיט איין ביינקעלע אין דער האנד אָנגעשפּארט אויף דער ערד און דאס אנדערע ביינקעלע האלט ער אויפגעהויבען מיר אקעגען און קוועלט, שמאכט פאר פרייד וואס ער האט מיך בעגעגענט. איך האָב מיך אויך דערפרעהט שטארק מיט יאָנטלען, מיט

וועלכען איך האָב אין גלופסק זעהר גוט געלעבט און געווען ביי איהם אויף דער חתונה אויפן הייליגען אָרט, אין דער חאלירע, נישט היינט געדאכט.

— אזוי, פישקע! זאָגט ער אָפגעבענדיג מיר א שלום עליכם. דוא ביסט אויך דא אין אונזער אדעס? א יאָ, א שיין שטעדטיל מיין אדעס!— און א קוק געבענדיג, אז איך קנייטש מיך, מאך פון זיין אדעס עפעס נישט אזא פירוש, מאכט ער אביסיל מיט פארדראָס, גלייך וויא איך וואלט איהם צושטערכעט דיא גערעלדיע און איהם געטראפען אין קנעפיל.

— הא, דיין גלופסק אפשר איז א שטאדט?! א וואָרעם, וואס זיצט אין חריין מיינט, קיין זיסערס פון דעם איז גאר נישטא. וואַרט נאר פישקע, ווארט, איך וועל דיר ווייזען אביסיל מיין אדעס. וועלען מיר דערנאך הערען, וואס דוא וועסט דענסטמאל זאגען.

יאָנטעל דערצעהלט מיר פון זיין גרויסקייט אין אדעס. אלע קוקען אז האבען הנאה וויא ער ריקט זיך אויפן געזיים. ער איז א שטיקעל חשוב און פיל קלייטען נעמען ביי איהם אפ זיין נדבה גאנץ פיין. נישט פארזינדיגען, עס געהט איהם אין עין הרע גאנץ גוט. אז איך האב איהם א פרעג געטאן וועגען זיין ווייב, האט ער געענטפערט מיט א שמייכעלע:

— א שיין ווייב, מ'שטעהנס געזאגט, האט מיר גלופסק געגעבען! וואס פאר א נוטס קען זיין פון א חאָלירע-ווייב? דיא חאָלירע האט זיא פריהער גענומען נעהמען איידער זיא איז צו מיר אנגעקומען. דאכט זיך, עס פעהלט איהר דיא אונטערסטע ליפ, פון דעסטוועגען ארבייט אין איהר דאס מויל, שרייעט, פילדערט פלוידערט, מאָהלט וויא א מיהל, פיל בעסער נאך פון איין אנדערן מיט צווי געזונטע ליפען.

צקענען א ווייב, טראכט איך ביי מיר, העלפט נישט קיין מיטעל, איז זיא א שלאק שרייעט זיא אפילו אהן איין ליפ, אפילו אהן ביידע, אפילו אויך אהן א נאָז דערצו, און פאלט אויף דיר און אפילו בלינדערהייט אהן אויגען... איך דער צעהל יאָנטלען און קורצען אויף דיא געשיכטע מיט מיין בלינדער ווייב, אלסדינג וואס איך בין פון איהר און דער לעצטער צייט אויסגעשטאנען.

— נארעלע: זאגט יאנטעל טוה דאס איינענע וואס איך, א שפיי אויף איהר און איין עק. לאז זיא געהן צום רוח!

— וואס הייסט, יאָנטעל, א שפיי. גלאט געה צום רוח אהן א גט! איך בין דאך עפיס א יוד און בעדארף חתונה האבען.

— אזוי התונה האבען, מאכט יאנטעל, קוקענדיג אויף מיר מיט א געלעכטער. טאקי איין אמת׳ע גכופסקער, חלעבין! בלייב נאר, פישקע, אביסעל דא אין אדעס, וועלען מיר דענסטמאל זעהען....

פון יענער צייט אן, זינט מיין בעגעגניש מיט יאנטלען, פלעגען מיר זיך אפט צונויפקומען און ריקען זיךביידע איבער אדעס, ער אויפן געזיים און איך מיט מיינע קראנקע פיס. יאנטלען איז נאר געגאנגען דריגען, מיר אלץ ארויס צושטעלען זיין אדעס און בעריהמען זיך פאר מיר, מיט דיא שיינע גאסען, שיינע הייזער און נאך אנדערע זאכען, גלייך וויא זיי וואלטען געהערט איהם און איהם דערפון א סך ארויסגעקומען. ביי איטליכס מאל ווייזענדיג מיר עפיס, פלעגט ער קוקען אויף מיר מיט א שיינענדיג פנים שמאכען פאר גרויס פארגניגען, עפיס אזוי וויא דורך יענעמס שיין הויז, דורך יענער שיינער גאס, בעקומט ער א גרעסערען ווערטה אין מיינע אויגען, און אלץ טאכע, טארקענדיג מיך, נוא, פישקע! א שיינע שטאדט אדעס? אפשר, הא, אין דיין גלופסק האסט דוא אויך אזוינס?

— תער איס יאָנטעל! זאג איך צו איהם איינמאל, אז ער האט מיר אנגעמארקעט דיא זייטען, ווייזענדיג מיר פון דערווייטענס דעם בולוואר, וואו עס האבען געשפאצירט א גרויסער עולם מענשען און צו ועלכען, וויא איך האב בעמערקט, ער האט זיך עפיס געשייעט, נישט געהאט קיין מוטה צוגעהען נאהענט. וואס זאל איך דיר זאגען, יאנטעל, אדעס איז אוודאי א שיינע שטאדט, נאר א א שאד חלעבען. וואס נישטא דא קיין מענשען!... אדרבה זאג, קען מען דיא היגע לייט אנרופען מענשען? געהען אזוי אנגעטאן, לעבען אזוי מענשען? קוק אדרבה, וויא דארט אויף דיך בולוואר פיתרען זיך מאנסבילין אונטער דיא הענד מיט נקבות. ס׳איז דאך נאר א בושה! יורען געגאלטע, נקבות מיט האר,

הינטען שלעפט זיך זיי נאָך א שטיק קלייד און קעהרען דערמיט דיא נאסען פארענט אויסגעשניטען מיט דער גאנצער ברוסט און דרויסען. פע, חלשות, חלעבין!.... וואו געהפט מען אהער אונזערע יודען, גלופסקער יודען, דענסטמאָלי זעהסט־דוא, וואָלט ארעס טאקי .עהייסען א שטאָדט, געהאט א פנים, יודעשליך, מיט שיינע איינפיהרען, וויא עס געהר צו זיין.

יאָנטעל האט שוויינענדיג זיך געריקט מיט מיר ווייטער, נישט געהאט, א פנים וואס מיר צו ענטפערען. אויפן וועג קומען אונז אקעגען א פאָר פיינע לייט, פראנצוזען. יאָנטעל שטרעקט אויס דיא האנד. איינער פון דיא לייט שטעלט זיך אָפּ־עט ריידען מיט איהם עטליכע ווערטער און גיט איהם א נדבה.

— וויסט דוא, פישקע, ווער דיא דאָזיגע זענען? מאכט יאָנטעל מיט גדלות און דיא איינעליך שיינען איהם פאר גרויס הנאה. יענער, וואס האט מיר געגעבען דיא נדבה, איז דער עלטסטער מלמד דא ביי אונז אין דער תלמוד־תורה. מיינער א בעקאנטער, דוא פארשטעהסט! א יאָ, פישקע, ער האט שוין א פנים?

— אזא יאהר זאָלען האבען מיינע שונאים! ענטפער איך איהם און טהו א שפייא. פונם שיינעם מלמד קען איך מיך שוין אָנשטויסען, וואס פאר א מין תלמוד־תורה, מישטעהנס געזאגט, מוז דא ביי אייך זיין. איך פרעג דיך נאָר יאָנטעל, וויא שעהמסט דוא זיך נישט זאָגען, אז אזוינס איז גוט! ניין דוא ביסט שוין דאָ קאליע געוואָרען יאָנטעל! בי ט געווארען אזעלכער וויא דיא אלע הינע לייט.... א מלמד אביסל! חלעבין, נאָר אונזער תלמוד־תורה מלמד, ר׳ הערצעלי מזיק, להבדיל! ר׳ הערצעלי מזיק איז א יוד מיטן פולען מויל, פול אין דער גאנצער שטאדט און טהוט זיין זאך בשלמות, גאנץ פיין: אויף לויות ער, א שידוך אויספיהרען ער, אויפן היילינגען אָרט תהלים זאָגען, א פרק משניות לעהרנען, ווייטער טאקי ער. נעהם ער, וויא דער שטיינער איז, אלע וואָך אין דיא הייזער, געלד צונויפנעהמען; טראָגט מען איהם דיא נדבה אקעגען: לויפט ער שמחת תורה מיט דיא תלמוד תורה יונגליך צו דיא נגידים מאכען א „מי שברך״, גיט מען איהם אומעטום קידוש מאכען מיט דער פולער מאָס. ער שרייעט „צאן קדשים״ און דיא יונגעליך — מע־מע! — עס האט א פנים. און

דיין פראנצויז וואָס? וואס פאר א פנים קען ביי אזעלכען האבען זיין תהלים זאָגען, זיין „מי שברך״? וואס פאר א טעם קען האבען זיין קידוש מאַכען, זיין געהען אויף א לויה, מישטעהנס־געזאָגט?....

— האָסט דוא דאָך א גראָבען טעות, פישקע! פאלט מיר יאָנטעל אריין אין דיא רייד. אז מיינער טהוט נאר קיינמאל נישט אזעלכע זאכען! ווייסט פון אזעלכע זאכען אפילו נישט וואָס צחאָגען.

— וואס הייסט, ער טהוט נישט אזעלכע זאכען?! מאך איך פארוואונדערט. וויא געשיקט זיך עס, א תלמוד תורה מלמד זאָל ניישט טאָן אזעלכע זאכען! נישט מאַכען קיין „מי שברך״ דיא נגידים, נישט בענראָבען דיא פיינע בריות, נישט....

— שא, שא, פישקע! שלאָגט מיר איבער יאָנטעל דיא רייד. ער בעד גראָבט זיי, נאָר אויף איין אנדער שטייגער. נישקשה, דיא פיינע בריות זענען צופרידען....

— פע, פע, פע! שרייא איך אין איין קול און פארשטעק דיא אויערען, נישט צוהערען. נאָר יאָנטעל לאָזט מיך נישט צו רוה און רעדט איבער מיר טאקי ווייטער:

— ווייסט דוא ווער דער צווייטער איז, וואָס איז מיט דעם מלמד געגאַנגען? דאס איז א גרויסער פיינע בריה. א גאנצער מהוער אין שטאדט זאכען, וויא ביי אייך דאָרט אהרן יאָסיל שטילפייפער.

— פע, פע! טהוא איך א געשריי שטארק אויפנעבראַכט אזוי אז מענשען, וואָס זענען פארביי געגאַנגען האבען זיך ארומגעקוקט. אָט אזעלכער הייסט ביי דיר, יאָנטעל, א פיינע בריה! א פיינע בריה וויא אונזער ר׳ אהרן יאָסיל! זאג חאָטש להבדיל. ר׳ אהרן יאסיל איז א יוד מיט א בארד, מיט פאות, דאס יודעשקייט ליגט איהם אויפן פנים און אין דיא הענד ביי איהם ליגט יודעש געלד, עולמית געלד, פון אלע חברות געלד, נאך און נאך געלד, מען גלויבט איהם אויף נאמנות. מסתמא אז ער נעהמט ווייסט ער דאך אז ער נעהמט און וואס מיט דעם געלד צוטאָן. מען קען זיך דרינגען שוין אויף איהם פארלאָזען. דיין פיינע בריה מוז האבען א שיין ביסעל נאמנות. אויף וואס קוקענדיג קען מען אזעלכען

נעטרויען? אויף זיין יודישקייט? אוף זיינע אונטערגעשוירענע פאות?

— איין נאמנות חלעבין! שפארט זיך יאַנטעל מיט מיר. מיט פאות, אהן פאות, אלץ איינס, וויא איך בין א יוד!

— עס! מאך איך, וואס ווילסטו דאַ מיר אויסדרינגען? מילא שיינק איך דיר שוין דאס נאמנות, אבער וויא קען מען אזעלכען מכבד זיין מיט סנדק, מיט מציצה? א שיין שטיקעל מציצה מוז דאס זיין ביי דיין פיין בריה. פע, חלעבין! נאַר א געלעכטער. אז דיא וועלט זאגט, פערציג ווערסט ארום אַרעס ברענט דער גיהנם, איז טאקע אמת.

— פון דעסטוועגען, מאכט יאַנטעל מיט א שטעכווערטיל, איז מיר פיעל ליעבער דאַ אין גיהנם וויא אין דיין גלופסק, אין גן־עדן.

יאַנטעל איז אין מיינע אויגען אין גאנצען איבערגעקעהרט געוואָרען, אדעם האט איהם שטארק צולאזען און מיר פלענען שפארען זעהר אָפט. וואס ביי איהם האט געהייסען גוט, איז ביי מיר געווען שלעכט און וואס ביי מיר גוט, איז ביי איהם געווען שלעכט. מיר האבען זיך נישט אויסגלייכען א שטיינער ווענען דער גרויסער שול, ווענען דעם חזן און דעם רב דאָרט. א חזן, מישטעהנס־געזאנט, אין א טענדע־ווערענדע, דאווענט קאָרבעש! ער אליין זאל עס ארבייטען, אריינשטעקען דעם פינגער אין נאָרגעל, האלטענדיג זיך ביי דער באק, וויא אונזער חזן ר׳ ירחמיאל קלאָגמוטער, שרייען קולות אויף דער געמבע, פון דער נעמבע א חאפ טאָן זיך אין פיסטעל־געזאנג, ווידער אויף דער גראָבער סטרונע, ברומען, זעטצען ווערטער ארויף און א ראָפ, פארגעהען זיך אין שטיינער צוגיסען זיך מיט א זיס וואלעכיל, א בעטלעריל פאר דעם רבונו של עולם: טאטעניו, פאטערעניו! אוי וועה איז מיר, וועה! אריינלייגען דאס גאנצע לעבען און אָפגעהען מיט שוויס אין „יקום פורקן", אין דעם „מי שברך" — אזוי צו ארבייטען, חלילה! ער אליין שווייגט מייסטענס, נאָר קוים רופט ער זיך אָן א וואָרט, האפען עס אויף דיא משורתים, צוליינען עס אויף טעלעריך, נעהמען עס אויף דיא כלים אלערליי, אויסגעמישט אין איינער קאשע מיט מאהן — און דאס הייסט ביי זיי דאָרט קאָרבעש. וואו א וואָלעכיל! וואו א קליוואנער בעטלעריל, א פאָניע! וואו א „יקום פורקן"! דיא גאנצע ראָליע שפילט ביי זיי אונזערס א שטיקעל דרויב, דער „אין כמוך" מען מאכט פון איהם

א ציטעס. און וואס נאך—א געלעכטער חלעבין! — האלטענדיג דיא תורה אויף דיא הענד דרעהט מען זיך דערביי ארום מיט דיא הקפות. האט איהר געהערט, שבת מיט דיא הקפות. וויא אין שמחת־תורה!.... סטייטש! וועט איהר זיך וואונדערן, וואו איז דער רב? וויא דערלאָזט עס אזוינס דאָרט דער רב? הערסט־דוא, אָט דאס איז דאָך טאקע דער גאנצער פארדראָס, או דער שיינער רב טאנצט א־יך אין קאהל, ריקט זיך נאך פאראויס, אויף אין א טענדע־ווערענדע, מיט א געפוצט בערדיל און האט א פנים, פע!.... דאכט זיך נענוג חלשות, און יאָנטלען איז דאס נאָר געפעהלען.—נעוואלד, שריי איך, יאָנטעל! וואס איז דיר געשעהן? משוגע ביסט־דוא צי חכר דעה? ורא קומט אזוינס צו דיר, וויא פארקריכט מען עס אזוי מיאוס גוואלד א רוח אין דיין טאטען אריין!.. און ער קוקט מיך אָן, שמאָכט מיט א שיינענדיג פנימעל, מאכענדיג דערביי נישט מעהר וויא: פישקע, ביסט א נאר! פארשטעהסט נישט, וואָס גוט איז, היינט געה, רייד, טענה מיט אזעלכען. או איך האב א קוק געטהאן ס'איז פארפאלען. יאָנטעל איז איינגעשפארט, ס'איז מיט איהם נאָר נישט צומאכ־ן, האב איך מיך געגעבען דאס וואָרט, מעהר ווענען דעם מיט איהם נישט צוריידען. לאָז זיך זיין אדעס פון מיינטוועגען אפילו מיטן קאָפּ אראָפּ איבערקעה־רען געהט עס מיך מעהר ניט אָן.

— הער אוים! זאָג איך איין מאל צו יאָנטלען, שפארען זיך מיט דיר ווענען אדעסער איינפיהרונגען וויל איך שוין מעהר נישט. דוא ביסט א געבראטענער עקשן און וועל מיט מיינע ווערטער ביי ד־ר נאָרנישט פועלין. לאָמיר בעסער ריידען תוך זאכען. איך וויל זיך מיט דיר מישב זיין ווענען מיר, וואס קען פון מיר דער תכלית זיין? דער ענין, אין דיא הייזער ארומצוגעהען האט זיך מיר שטארק צוגעגעסען. ס'איז דאָ היינט ארמע לייט נענוג אהן מיר אויף, וואס בעפאלען דיא הייזער וויא דיא היישרעקען און ועלען באלד פארפלייצען דיא וועלט. דיא בעלי־הבתים בלאָזען זיך, שרייען געוואלד נישט אויסצוהאלטען! עס וואלט גוט געווען צוהאבען עפּיס א שטיקעל פּרנסה. ראַטה, חלעבין, צו וואס זאל איך מיך נעהמען.

— קיין קאנטאָרען מאכען, ענטפערט יאָנטעל, מיין איך, ווילסט דוא נישט, קיין קלייט מיט צעלניק אויך נישט. וואס רען זשע א שטיינער?

— לאָך נישט יאַנטעל, זאג איך צו איהם, רייד וויא א מענש. עפּיס חוץ קאַנטאָרען און צעלניק איז דען נישטאָ ביי יודען מעהר קיין פּרנסות?

— אָך! מאכט יאַנטעל, ס'איז דאָ, דאָ זעהר פיל. וויא א שטיינער האלטען דיא טאַקסע, זיין א גבאי אין חברות, רייבען זיך ארום מאיר בעל־הנס פּושקעס, דרעהען זיך ארום שטאָדט זאכען, ארום דיא פיינע בריות, זיין א כל ולך, א קאַב־לעפעל און דעם גלייכען זעהר גוטע פרנסות. נאָר א קאָטאַ! אזעלכע זענין נישט פאר דיר. לאָמיר זיך נעהמען צום צעטיל יודישע פרנסות פונם קליינעם סאָרט. נוא פישקע, האנדלען מיט אלטע קליידער, א שטיינער! זעהר פיל יודען דערנעהרען זיך דערפון נאָר נישקשהדינ.

— ניין! גיב איך יאנטלען צופארשטעהען. אלטע קליידער מוז מען דאך קויפען, אויסלאטען און דערצו ברויכט מען דאך געלד, אויך טאקי פארשטעהען אביסל ויא מלאכה און דאס איז פאר מיר שווערליך. מיט גלופסקער תחתונים א שטיי־נער, איז נאך א האלבע צרה, וואס מאכט עס דען אויס, אז צוריסען אביסיל, אזוי אדער אזוי פארלאטעט, אבער דא מיט דיא אדעסער איז דאך א שרעק. אדעסער תחתונים, מחילה, זענין מיט גאנצע צרעמאניעס, דרך ארץ! עפּיס נאר א מורא צו זיי זיך צוריהרען.

—אויב דוא שרעקסט זיך פאר אדעסער תחתונים, מאכט יאנטעל, לאדושע זיין צי־בעלעס, קנאבעל, צונעלענערטע לימענעס, מאראנצען וכדומה. נאר מוזט אבער וויסען, אז דאָ איז דיא מאָדע זיך איינצושפאנען אין א טאטשקע און ארומפיהרען עס איבער דיא גאסען, שרייענדיג אויף א קול מיט א נינון.

— שרייען, קען איך זעהר שיין, ענטפער איך, דארויף בין איך א מייסטער. אבער איינשפאנען זיך וויא א פערד און שלעפען, האב איך קיין כח נישט. היינט חוץ דעם איז דאָך אויך ווייטער דיא איינגענע מעשה: און דיא ממתקים? וואו נעהמט מען דערצו דיא קלינגערס, געלד?

— הער־אויס, פישקע, מאכט יאנטעל מיט איין ערענסט פנים. פרנסות אהן מיה, אהן געלד ארייינצולייגען, זענין נאָר יענע, דיא פריהערדינע.... פונם הויבען סאָרט. ווייטער ווייס איך קיין אנדערע נישט. זאג אדרבה דוא!

— בעסער פון אלע זאכען, זאָג איך צו יאָנטלען, געפעהלט מיר א באָד. אין דער גלופסקער געמויערטער באָד, וואו איך האָב מיך אויפגעהאלטען, איז מען פון מיר שטאַרק צופרידען געווען. איך האב געטוינט. ווען נישט דיא אומגליקליכע חתונה מיינע, וואָלט אויס מיר שוין לאנג דאָרט געווארען א מענש. איך וואָלט שוין אָנגעשפּאָרט העם ווייט. אויב דוא ביסט יא א שטיקעל הישוב אין אדעס, טהו־זשע מיר דיא טובה גוטער, זיסער יאָנטעלע און העלף מיר זיך־אריינצודרעהען דאָ ערגיץ אין א באָד. זיי א גוטער ברודער, יאָנטעל, און וויז מיר דיין גרויסקייט דאָ!

— אצינד פישקע, מאכט יאָנטעל צו מיר מיט א שמייכעלע, אצינד וועל איך דיר מכח דיין בקשה גאר נישט ענטפערען, נעח. זיי מוהל, פריהער און קוק אליין אָנ־עט מיט דיינע אויגען דיא הינע באָדען, דערנאָך וועלען מיר שוין שמיעסען.

איך האב געפאָלגט יאָנטלען און בין געגאנגען אין איין באָד, אין דער אנדע־רער, איז מיר פירגעקומען עפּיס משונה ווילד. האט איהר געהערט אביסיל א באָד! דאָ ־ט איז לעבטיג, ריין וויא אין א שטוב. דאָרט שטעהען גוטע באנקבעטליך, טאַקי גוטע, וויא איך בין א יוד! פּרודען זיך דאָרט, זאל דער אויבערשטער היטען! מען זעהט נישט הייננען דאָרט קיין העמד אפילו. ס׳איז נאָר א נעלעכטער, אויף נאמנות! — ניין, טראַכט איך ביי מיר, אין אזא באָד קען איך נישט זיין. דאס איז נישט פאר מיר, ניט דאס, ניט יענץ, ניט דער תענוג, וואס אין אונזער גלופּס־קער באָד. דאָרט איז נאָר עפּיס אנדערש, עס האט עפּיס טאָקי א פּנים. מענשען האלטען זיך דאָרט אויף, מען לינט זיך אין קומפּאניע אויסגעצויגען אויף דיא בייגק; מען שמיעסט, מען דערצעהלט מעשיות, מען רעדט פון אלסדינג וואס פארלויפט זיך אין דער וועלט. ס׳איז עפּיס אזוי גוט, אזוי געשמאַק, מחיה, חלעבען.... איך בין געגאנגען אין נאך און נאך באדען, אלע נישט וואס ביי אונז. עפּעס שמעקט דארט נישט דער ריח, וואס אין אונזער געמויערטער באָד! היינט זייערע מקוות איז גאָר א געלעכטער. אונזער מקוה וואסער פּיהלט מען, עס האט עפּעס איין אנדער טעם, איין אַנדער קאָליר און איז עפּעס געדיכטער וויא אנדערע וואסערן. מען פּיהלט באלד, ס׳איז יודעשליך.... דאָרט אבער איז דאס מקוה־וואַסער לויטער, גלאט וואסער, וויא וואסער בעדאַרף געוועהנטליך זיין, וואס מען קען

עס טרינקען....

— נוא, פּישקע? האט מיך יאַטעל א פרעג געטאָהן דערנאָך מיט א שמייכעלע. האָסט דוא געזעהען א היגע באָד?

— עס האב איך געענטפערט. נישטא פון וואס, מישמעהנס געזאָגט צוריידען. ביי אייך איז אַלץ ווילה, חוזיק און גאנצען. דיין אַדעס איז פאר מיר נישט קיין אָרט.

24

מיט אַדעס בין איך מאקי נישט צופריעדען געווען, נאר איבער דעם ווינטער האב איך געמוזט דאָרט פערבלייבען, ווארום וויא לאָזט מען זיך עס ווינטערצייט נאקעט אין וועג אריין, און דערצו נאך איינער אליין אין א פרעמד ג־ינקעל? וויא באַלד אבער עס האט א ווארם געגעבען דיא ליבטיגע זון און געשמעקט מיט זומער, האט עס מיך עפעס געמאָרעט, נישט געלאָזט מיך איינזיצען רוהיג אויף איין אָרט. א מאָל פלעגט פאר מיר דער זומער זיין וויא געוועהנטליך, זומער, זומער נאָרנישט! ס'איז ווארעם, לעבטיג, טעג גרויסע, גרין אומעטום. מיקא איז נוט איז נישט קאלט. בהמות געהן אין דער טשערעדע, איז דאָ מילך, אביסיל סמעטענע. ס'איז נאך דאָ צום ברויט א גרינע ציבעלע, א קנאָבעל, רעטיכיל, פאר א יודען איין ארעמאן א גרויסע זאך, א גאנצער חשבון. היינטיגעס מאָל אגענען האָט פאר מיר דער זומער עפיס גאָר איין אנדער פנים געהאט. איך וויים נים וויא זאָל איך מיך אויסדריקען. עפעס א חשק.... מיך דערמאָנט אלין אין איהר, און מיין האַרבאַטער. איטליכס גרעזעלע, איטליכס גרין ביימעלע און איטליכס שפיל פון א פיינעלע האט מיר עפעס דערצעהלט, אָפגעבען א גרים פון איהר. עס האט מיר זיך אלץ געטראכט: אט אזוי איז זיא מיט מיר געזעסען, אזוי האט זיא געקוקט, אזוי געלאכט און א־זוי אויסגענאסען איהר ביטער געמיטה. עס האט מיר זיך צושפּילט דיא געבליטען, מיך בעפאלען א זיסע מרה־שחורה און עס האט מיך עפּ־ס געצויגען וויט אהין אהין.... וואס פאר א שייכות דאס אלסדינג קען האבען מיט דער

זומער, אויב דאס איז געווען אין גאנצען זיין ארבייט, אדע־נאר עפּיס אזא מין שלאפקייט, א ספאזמע אזוינע? דאס ווייס איך נישט. איך ווייס נישט מעהר, מיט מיר איז געווען עפּיס נישט גלאט. איך האב געצאנגט וויא א לעבט, געוואָרען גאָר נישט דער איינענער וואָס פריהער.

— פישקע, ביסט קראנק? האָט יאָנטעל אָנקוקענדיג מיך איינמאָל געפרעגט. ביסט עפּיס שטארק פונם פּנים אראפּ. וואס טהוט דיר וועה?

— עט, גאָרנישט, ענטפער איך, אָנהאַבענדיג זיך מיט ביידע הענד בייםבארצען.

— דוא פיהלסט נישט דאָס הארץ? מאַכט יאָנטעל. דערצו איז איין סגולה, א שטיקעל ברויט גוט איינגעטונקט אין זאלץ אויפן ניכטערן מאָגען.

— ס׳איז מיר אָנגעזאלצען אויפן הארצען גענוג אהן דעם. ענטפער איך מיט א זיפץ. עפּיס פיהל איך וויא עס ציהט מיך ציהט און עס לאָזט מיך נישט איינזיטצען.

— איך פארשטעה שוין, פארשטעה. מאכט יאָנטעל מיט א שמייכעלע. עס ציהט דיך אין דיין גלופּסק ציהט דיך. אהין וואו דיא גנילאָפּיאַטקע בליהט, וואו עס שווישטשעט דער דלות און קנאַבעל און ציבעלעס ניבען זיינע שעהנעם רי... שעהם .שן דיך נישט, פישקע, און נעה דיר אהין אין דיין רוה אריין.

אין עטליכע טעג ארום האב איך זיך געזעגענט מיט יאָנטלען און מיך גע־לאזט צופוס אין וועג אריין...

דער קאָפּ איז מיר געפלויגען אין עק וועלט, דאָס הארץ האט מיר געצויגען צו איהר. אלץ געטראכט, וואו איז זיא, וואו געפינט זיך אצינד זיא? וואס מאכט זיא, וויא לעבט זיא געביך אליין אָהן מיר? און דיא פיס מיינע זענען געגאנגען, וויא אליין פון זיך. געגאנגען פאמעליכין אויפן וועג קיין גלופּסק. איך בין געגאנגען דורך דערפער, דורך שטעדט, דעם גאנצען וועג געטראכט, געזוכט מיט דיא אויגען, טאָמיר וועל איך בעגעגענען זיא, איך בין זיך אָנגעגאנגען גענוג און אויסגעוועזן א וועלטדישע שטעדט. וואָס מעהר נעהענטער צו גלופּסק איז מיר געוואָרען גרינגער אויפן הארצען. איך האב זיך מחיה געווען מיט דיא יודען פון אונזער ווינקעל. זייער לשון

דייער גאַנג, זייער שמיינער לעבען און פיהרונג איז פאַר מיר געווען גאָר א ז/ר קוויקעניש, חלעבין. עפּיס האָב איך מיך געפיהלט היימעש צווישען מיינע לייט, איי־גענע מענשען. פון אונזער ווינקעל דיא יורען זענין טאקי מחיה! אה, צערעמאָניעס, אָהן חכמות, הערען נישט קיין וועלט, נאַרעשע מאָרעס. רעדט דיר, שרייא דיר הויך אויף א קול, טהוא דיר פרייא אלסדינג, פראָסט וויא גאָט האָט געבאטען. וועמעס עסק איז עס שיין אדער מיאוס, אויב עס פאסט אדער נים. יענעם געפעלט נישט? לאז ער פארמאכען דיא אויגען, פארשטעקען דיא אויערען. געסמאהע איהם פארפול!.... איך בין ביסליכווייס געקומען צו דיא קרעפטען, געוואָרען רוהיגער, געטראכט פון גלופסק, פון דער געמויערטער באד און געהאפט צו השם־יתברך.

אט אזוי בין איך מיר אין א שיינעם פריה מארגען געגאנגען צווישען ווייץ און קארען און פארגאנגען ביז צו א גרויסען, געדיכטען וואלד. איך בין אריין טיפליך אביסל אין וואלד, אָפּגלייגט זיך דאָרט מיט מיין פעקיל, אראָבגעוואָרפען פון מיר דיא קאפאָטע און זיך אויסגעשטרעקט אונטער א בוים צווישען הויך גראָז, וואס האַ־בען מיט דיא גרויסע, ברייטע בלעטער מיך פארשטעלט ארום און ארום. מילא וואס איז דאָ איבערצוטראכטען? א וואלד, א וואלד, וויא אלע וועלדער. ביימער זיינען זיך ביימער, גראָז—גראז, פיינעליך און איך בין מיר איך און מעג מיר טאקע חאפען א דרעמיל, זיך אויסרוהען אביסל פונם וועג. איך ציה מיך, גענייץ, פארמאך דיא אויגען און—הערט מיין חלום.

עס דאכט מיר זיך א שאָרף, עפּעס וויא טרים און א קנאקען פון דארע ריטליך. איך שטעל אויף דיא אויערן און האָרך מיט צוגעמאכטע אויגען. דער שאָרף ווערד אלץ שטארקער, דיא טרים אלץ נעהענטער. עפּעס הויפּט עס מיך אָן צו הארען, וויל עפענען דיא אויגען, נאָר שווערליך, איך ליג וויא א קלאָטץ און קען פאר גרויס מידקייט מיך נישט ריהרען. דיא טרים ווערען אבער באלד שטילער. איך בערוהיג מיך, גיב מיך איבער דעם שלאָף, דיא געדאנקען פלאָנטען זיך מיר און ס׳איז מיר עפּעס גוט, אזוי גוט.... עפּעס הערט זיך א שטיל אומדיג ניגונדיל דאכט זיך א בעקאנטס, דאס ניגונדיל צוגעהט זיך אין אלע גלידער, רייסט אויס א שטיק הארץ, עס גלוסט זיך ויינען און דערביי פיהלט זיך מאקע וויא עס קומט צו א שטיק געזונט. עפּעס גאָר וויא אויף א בעדעקעס פאר דער חופה, עס

ווינט זיך חתן כלה און עס לאכט זיך,ביידע זאכען אין איינעם, וויא א זון מיט א רעגען צו גלייכער צייט. — פלוצים פיהל איך, עפעס טהוט מיך א נעהם בייא דיא האר און עס טהוט א געשריי. איך חאפ מיך געשווינד אויף, צונעהם פאר מיר דיא גרויסע בלעטער פונם גראז און דערזעה א טעפיל מיט שטארק רויטע פילינ־צעס, וואלגערענדיג זיך נישט ווייט פון מיר אויף דער ערד. ווייטער א ביסל ריקט זיך עמיצער, וויא א נקבה, זיצענדיג אויפ׳ן גראז און קוקט זיך ארום אין איינע שרעקה. מיר איז באלד איינגעפאלען, וואס דאס בעטייט. יענע האט דא א פנים געקליבען פילינצעס פארטיפט אין דעם זוכען און בשעת מעשה אונטער־וינגענדיג עפעס א לידעלע האט זיא פלוצלים אנגעטאפט מיין קאפ און זיך שטארק איבערגעשראקען. איך שטעה געשווינד אויף, נעהם דאס טעפיל און נעה איהר עס אפצוטראגען, טאכענדיג פון דער ווייטענס: נישקשה! גאנץ פריינטליך. נאר קיים קום איך צו נאהענט פאלט מיר פון דיא הענד דאס טעפיל ארויס. איך טהוא א געשריי, בלייב פארמישט — און באלד שטעהען מיר ביידע, שטייף האל־טענדיג זיך בייא דיא הענד, איך און מיין הארבאטע...

דאס איז געווען טאקע וואכענדיג, נישט קיין חלום. איך האב געקוקט און געזעהן גאנץ קלאהר, פאר מיר שטעהען געזונטע ביימער, אויבען אויף דיא צווייגען שפרינגען פייגעליך, שווישטען, זינגען און פרייען זיך מיט אונז אין איינעם. ביידע זיינען מיר איבער גליקליך פרייען זיך און לאכען מיט טרעהרען. ביידע וואונדערען זיך, פרעגען איינער דעם אנדערען פון וואנען ער האט פלוצלים זיך אהער גענומען און ביידע רערען, דערצעהלען, וואס מיט איטליכען האט זיך פאסירט.

זיא דערצעהלט דיא גרויסע צרות, וואס זיא נעביך איז אויסגעשטאנען זינט דיא חאלאסטריע האט מיך פאר א יאהרען אין שטעדטיל דארט אוועקגעווארפען דאס איז געווען דעם מזרח ארבייט. איהם האט זיך נישט געגלוסט מיין ווייב זאל נעהמען גט בכדי זיא זאל נישט באלד צושטעהען צו איהם מיט געוואלד, ער זאל מיט איהר חתונה האבען. איהם האט נאר גע־מוינט א בלינדע, אבער נישט קיין בלינדע ווייב. מאכען מיט איהר חן און שלט— דאס זאל ער און זיין זאל זיא זיך נעזונטערהייט יענעמס. דערביי האט ער נעהאט

נאך א מיין, מיר צופארוויסטען מיינע יאהרען. איך זאל נישט זיין פריי אויפג־
בונדען. איהם איז אויך שטארק נישט געפעלען מיין פריינדשאפט מיט דער האָנ־
באטער, דאָס האט איהם שרעקליך געשמאָכטען אין פון זיין זייט געטאָן מיטעל,
דיא פריינדשאַפט זאל ניט געהען ווייטער... אבי ער איז מיינער פטור געווארען,
האט ער מיין ווייב ביסליכווייז אין דיא לאפעס אריינגענומען; און איהר דערנאָך
געוויזען ווער עלטער איז וויסענדיג זעהר גוט, אז פון זיינע הענד איז איהר שוין
אוממעגליך זיך ארויסדרעהען, ווארים וואָס קען א בלינדע איינע אליין טאָן? שפע־
טער האט זיא איהם זיך שטארק צוגעגעסען. ער האט זיא איבערגעגעבען דעם
אלטעטשקען, צוגעהען מיט איהר אין דיא הייזער און מאכען דיא קאָמעדיע וויא
אמאל מיט מיר. דער טמזר האט איהר פארצאפט דאָס בלוט זיא געהארגעט,
געשלאָגען און דער אלטעטשקער האט בעזונדער מיט איהר געלערענט בלק. זיא
איז אין א קורצער צייט געעלטערט געווארען, פינצטער וויא דיא ערד. — דאס
גאנצע יאהר האט דיא חאלאפטרע זיך ארומגעשלעפט, אין פיל שטערט אויסגע־
ווען, און היינט פאר טאג זיך געשטעלט אויסרוהען דאָ אין וואלד. איהר האט זיך
פארגלוסט געהען קלייבען פיליניצעס אין האט פלוצלים — אזוי לאזט זיא אויס
מיט א שמייכעלע — אנגעטאפט א נוטע פיליניצע מיך אליין...

איך פון מיין זייט דערצעהל איהר אלסדינג, וואס מיט מיר האט זיך פאַ־
סירט און וויא איך בין אויך היינט אין דער פריה געקומען אהער, געהענדיג אויפן
וועג קיין גלופסק. ביי אונז איז געבליבען פון היינט אן זיך מעהר נישט צושיידען,
אינגעוועגדען אלע מיטעל מיין ווייב זאָל נעהמען גט. אויב חלילה נישט וועלען מיר
ביידע פון דער חאליאסטרע אנטרינען ווערען, און ווארטען וואס גאט וועט געבען
און וויא מיר זיצען זיך דא אזוי, שטארק הנאה האבענדיג איינער פונם אנדערען
הערט זיך אין וואלד א קול א הוא! — דאָס איז א קול פון אונזערע לייט,
זאגט מיין הארבאַטע, דאָס זוכט מען מיך. און שפעטער א ווילע קומט צו
א פארשיין, וועלכען איך האב באלד דערקענט. דער פארשיין האט
מיך עפעס קרום אָנגעקוקט און געשמייכעלט פאר זיך מיט א געשפעט. מיר מאכען
נישט לאנג עיחות און לאָזען זיך געהען. דער פארשוין לויפט פריהער, איילט זיך א
פנים אָנצוזאָגען דיא גוטע בשורה, און מיר איילען זיך נישט, געהען פאמעליך.

הינטער א קרעטשמעלע, א חורבה, אויף א שטרעקע ווייטליך א־ן דעם וואלד זעה איך, שטעהען בעקאנטעביידלעך, ווייטער אביסעל אויף א פרייעם פלאץ ארומגע־רינגעלט מיט ביימער, ברענט א פייעריל, דיא שיינע חלאסטרע ארום און ס'איז פרעהליך. דעם ערשטען „שלום עליכם" שטעקט מיר אפ דעם ממזר מיט ברייט־קייט, הויך אויף א קויל: א, א גאסט חלעבין! וואס מאכט א יוד? איך האב טאקי נאך אייך שוין געביינקט, ר' פישיל! — באלד דארויף לאזען זיך הערען קולות: קומט מקבל פנים זיין דעם „נגיד"! און פון אלע זייטען שיטען מיר זיך משונה ווילדע, משוגענע „שלום־עליכם־ס" מיט קניפ און קלעפ הינטען ארום, אזוי אז דאס היטעל, איז מיר פונ'ם קאפ אראבגעפאלען. און וויא איך דהעה מיך דא זוך דאס היטעל, צודעקענדיג דערווייל דעם קאפ מיט'ן קעפאלע פון דער פון דער ק פ ־ע און חאפ קלער נאר א שרעק. פליהט צו מיין ווייב מיט א פרייד אין א־ן קול: וואו איז ער, מיינער? וואו. וואו? פישקע!.... איהר פריי־ד האט מיך ערגער נעשטאכען וויא פון דיא פיינע לייט דיא קניפ. צום גט טויג מיר כלל נישט אזא פרייד, טראכט איך מיר, האב מיך בעסער פיינד, וויא דער גאנצער עולם דא. זיא אבער היינגט זיך אויף מיר, אליץ פישקע, מיין פישקע מיין פישקע! מיר איז שטארק נישט גוט געווארען אנקוקענדיג זיא, א בלינדע, א דארע, א שלאפע, אלטע יודענע! וואו איהר לייב' איהר געזונד, איהרע פעטע בא־קען און איהר פיסק? איך האב מיר בעדארפט אנטאן א כח א פרעג צוגעבען זיא, פון יוצא ווענען וואס מאכסט דוא, בתיה? — דוא ביסט טאקי נערעכט געווען' פישקע, זאגענדיג אמאל: „אין גלופסק האבען מירביידע ברוך השם א שיינעם נאמען געהאט, איטליכער האט מיך געקענט און אויף מיר כבוד געלייגט" מאכט מיין ווייב הויך אויף א קול, אלע זאלען הערען, אננעהמענדיג דערביי א שטאלצע מינע, וויא איין אפגעקומענער נגיד, וואס דערצעהלט פון זיין גרויסקייט אין דיא פריהערדיגע יאהרען, און נעמאהן א זיפץ פונם הארצען. נענוג זיין נע־ונד א היים, צוריק א היים! פיהר מיך פישקע צוריק אין אונזער שטאדט, צו אונזערע הייזער, אונזערע בעלי הבתים! — ס'איז מיר געווארען פינצטער אין דיא אויגען פון איהרע רייד, אזעלכעס איז מיר גאר ניט איינגעפאלען צוהערן פון איהר און איך האב מיך שטארק פערקרימט. דער ממזר האט זיך אויך מיאוס פער־

קריטם, טראכטענדיג זיכער, אז איך וויל דערטאפּען דיא סחורה און ביי איהם צו נעהמען דיא פּרנסה. איך האב נאר געטראכט: אדרבה, ביי דיר בלייב עס איך בין דיר זיא מוחל פונם גאנצען הארצען. עס האט אין איהם געברענט דיא רציחה, דיא אויגען זיינען איהם פערלאָפען מיט בלוט, אנקוקענדיג מיך ביז דערנאך האָט ער זיך אויפגעהייבען פון זיין אָרט, געוואָרטשעט און איז אוועקגעגאנגען שטארק אין כעס.

ווייבער און מיידליך פון דער שיינער חאלאסטריע האבען זיך געפּאָרעט לעבין דעם פייער, צונעשטעלט טעפּליך, געשארט, געריקט, געבאקט קארטאָפּלעס. א טהייל בחורים שטעהען צו און שפּיעלען זיך מיט זיי אונטער, דערלאַנ־גענדיג א זעטץ, א קניפּ און זאָגענדיג דערביי גלייכווערטליך. דיא ווייבער זענען קלאָמפּערשט בייז, גרייט אויסצורייסען דיא אויגען, זידלען, שעלטען און קייכען טאקי באלד פאר געלעכטער, קאָזען זיך חאפּען וויא א הוהן פונם האָ־ן, ווען ער ווארפט אויף איהר איין איינעל מיט אראָפּגעלאָזענע, צושפּרייטע פליגעל און איז מקבל באהבה דעם פּיק, וועלכען ער טהוט איהר אין קעפּיל. — ווידער א טהייל זענען צוזייעט, צושפּרייט אין וואלד. איינער לינט מיט דעם ריקען ארויף און חראָפּעט, דער צנדערער לאטעט עפּיס א קאפּטאָן, יענער קראצט זיך, טאפּט זיך און זוכט עפּיס מיט א שטארק ערענסט פּנים. נאך עטליכע שלאָגען זיך, פּריוועו, ווער וועמען וועט בייקומען. עס קאָכט זיך, עס רעשט זיך, חברה לעבט!.... מיין ווייב האלט מיך פעסט מיט דיא הענד, נאר איין גוף, איין נשמה, רעדט און רעדט פאר פייער, פאר וואסער, זיא קלאָגט זיך אויף איהר פינצטער מזל, דערצעהלט איהר שווער, ביטער געמיטהה, וויא אזוי זיא איז עס אני־על אָפּגעקומען און ווינשט נישט אנדערש, איך זאָל זיא פון דאנען אוועקפיהרען, לעבען מיט איהר אין איינעם וויא גאט האט געבאָטען ביז הונדערט און צוואנציג יאהר. איך ענטפער איהר איין ווארט אויפן צעהנטען, עפּעס אהן לשון און זוך וויא פון איהרע הענד זיך אויסצודרעהען. אז איהר האט זיך שוין אויסגעלאזט רייד און מיר זענען שוין גענוג אויף איין אָרט זיך אָנגעזעסען, איז מיר לסוף געראָטען פון איהר זיך אויסצורייסען, אביסעל פריי צו אטהמען. איך האב באלד אויפגעזוכט מיין הארבאָטע און מיט איהר שטילערהייט אוועק אביסעל און

דער זייט. דער שמיעס אונזערער האט זיך אָנגעהויבען דערמיט, אז ס'איז שטאַרק נישט פרעהליך. פון גטין זיך מיט מיינער איז גאָר נישט צו דיינקען, זיא וועט באַרוואַרפען מיטן קאפּ, נישט וועלען אפילו הערען. ווידער־זשע דא צו בלייבען ביי דער גוטער כנופיא איז אוודאי נישט גוט, דאס הייסט, פשוט זיך פּארקויפען דעם טייפעל, אויף דאס ניי ווערען א בער און טאַנצען אויף דיא לאַפּקעס. וואס דען־זשע טהוט מען? א היבשע צייט זענען מיר אזוי געזעסען און אונזער שמיעס האט זיך אויסגעלאָזט דערמיט: אין ברירה מען בעדאַרף מאַכען א פּליטה. און אזוי וויא דיא חאלאַסטרע האט בדעה דאָ צו נעכטיגען, איז פאר אונז קיין בעססערע צייט און קיין בעססער אָרט נישט געווען וויא אָפּצוטהאָן עס טאַקי דיא הייני־טיגע נאַכט. דא אין דעם וואלד. וויא מיר זיצען אונד בעטראַכטען גוט דעם פּלאַן, ווייזט זיך פון דערווייטענסט דער ממזר מיט עפּעס א פּאַר פערד. לאָמיר נישט וואַרטען, זאָגט מיין האָרבאַטע, ביז ער וועט צוקומען נעהענטער, עס טויג נישט, ער זאָל אונז זעהען זיצענדיג אזוי אין איינעם. בעססער לאָמיר בעזייטיגנס זיך צוגעהען.

זיא גיעהט אוועק אין איין זייט און איך אין דער אנדערער.

דער ממזר איז עפּיס וויא שטאַרק בעשעפטיגט געווען, זיך אלין געסודעט מיט דעם אלטעטשקען, וואס איז געווען זיין גאַנצער פלינעל־אַדיוטאַנט. איך האב אויס־געמידטען מיט דעם ממזר זיך נאָהענט נישט צובענענען און מיך געהאַלטען אלין בעזונדער. בשעת חברה האט געאַרבייט, געשטיפּט, פאַרטראַגען געווען מיט זיך, איז צו מיר צוגעגאַנגען מיין האָרבאַטע, מיר איינגערוימט אין אויער, אז איידער, דיא זון וועט זיך זעצען וויל דער ממזר זיך ריהרען מיט דער חאלאַסטרע אין וועג אריין. דיא פּאַר פערד, וועלכע ער האט געבראַכט צופיהרען זענען געגנבהטע און ער אייל זיך א פּנים דעריבער אוועק פון דאַנען. פון אונזער פריהערדיגען גאַנצען פּלאַן האט זיך אויסגעלאָזט א טייך. איך בין געבליבען שטעהען אפּהענגדיג, נישט צו וויסען, וואָס מען טהוט. עס האָט מיך פאַרקלעהמט ביים האַרצען, פאר גרויס פאַרדראָס, אזוי אז דער קאָפּ האט זיך מיר געדרעהט און מיך קוים געהאַלטען אויף דיא פיס. מיין האָרבאַטע האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרויס רחמנות, דיא אויגען האבען איהר געברענט וויא פייער' דאָס פּנים האט איהר געפלאַמט און נאָכדעם

אז זיא האט א ווײלע געטראכט זאגט זיא צו מיר מיט א ציטערדיג קול:

— פישקע! זאלסט שפעטער אביסעל זיך געפינען אין דעם חורבה׳לע, דארט אויפן בוידעם. דוא פארשטעהסט?...

— איך פארשטעה, פארשטעה. רוף איך מיך אן לעבעדיג, אונטערשפּרינגענדיג פאר פרייד. און דוא וועסט דערנאך אהין אונטערקומען?

— יא, שא! מאכט זיא און טהוט מיטן קאפ א שאקעל אויף יא, למען־השם שטיל. דוא הערסט?

מיט מיין ווייב האב איך נישט געהאלטען אזוי פאר גייטיג זיך צונעזעגנען. הגם ס׳איז אויף איהר געוועזען א רחמנות, נאר ווער איז איהר שולדיג? זיא האט געגעבען דעם ערשטען ריס און דער ריס צווישען אונז איז געווארען דערנאך אלץ גרעסער, גרעסער. פארפאלען, וואס האב איך געקענט טאן? אז, נאר חוץ אלע אנדערע זאכען, איז מיר אוממעגליך געוועזען מיט איהר אויף ווייטער זיך צופּארבינדען, אוממעגליך מיט איהר זיך צונויפגעהען וויא דער הימעל מיט דער ערד. איך האב, עס פארשטעהט זיך, פארגעסען דעם „זייא געזונט“ און שטילערהייט זיך געלאזט געהן צו דעם חורבה׳לע.

מיט וואס פאר א הארץ איך בין אין דעם חורבה׳לע אריינגעגאנגען איז גרינג צופארשטעהן. נאך אזוי פיל פיין און געבראכטענע לייד האט גאט געוואלט צונויפפיהרען מיך מיט דער הארבאטער אין איין וויסט קרעטשמע׳לע, וואס דא האט בעדארפט אויסגעשפּילט ווערען אונזער ביידענס גורל און פון אצינד אן אנהויבען צו פיהרען א נייא לעבען. ארויפקריכען אויפן בוידעם איז מיר אנגעקומען זעהר גרינג. ווארים דאס שטיבעל איז געוועזען נידעריג, מיט דער הינטערסטער וואנד, וואס אין הויז אריין, אנגעבויגען כמעט ביז צו דער ערד. דיא פּטעליע איז געוועזען ערטערווייס געלעבערט מיט גרויסע שפּאלטען, אזוי אז מען האט געקענט פונם בוידעם אריינקוקען אינווענדיג אין דעם שטיבעל אריין. איך זיטץ מיר אין א ווינקעלע און ווארט. עס טיאכקעט מיר דאס הארץ, קלאפּט וויא מיט א האמער. איטליכע מינוט ציהט זיך מיר וויא א יאהר. איך הארך טיף־צו צו א מינדסטען שארך. א מינדסטע בעוועגונג פון א שטרייעלע ערניץ, דאכט זיך מיר טריט, זיא געהט.... א מינדסט בלאזעלע פון א ווינטעלע, דאכט זיך מיר מיין נאמען, זיא רופט....

פל.צלים קומט מיר צו דיא אויערען פונם שטיבעל אונטען עפיס א קול. דער גע־
דאנק, אז דאס איז זיא, אָט איז זיא, באלד, באלד ווערען מיר אויסגעליזט—האט
מיר צוקאָכט, נעוואָרפען פון היטץ אין קעלט. איך וויל מיך אָנרופען, עס פער־
חאפט מיר אבער דער אָטהעם, עס דינט מיר נישט דאס מויל. אין דער דאזיגער
הייסער רגע הער איך טאקי גאנץ שארף מיין נאָמען און דיא אוינען מיינע דער־
זעהען דורך א שפאלט — ווען? אוי, דעם ממזר מיט דעם אלטעטשקען!....
זיי שמיעסען צווישען זיך אזוי:

— דוא נעהם אויף דיר דיין שטיקעל סחורה, זאָגט דער ממזר. גיב אכטונג,
דיא בלינדע מכשפה,טע זאל זיך נישט ארויסגליטשען. פארשטעהסט?

— נישקשה! ענטפערט ד"ר אלטעטשער. מיינס האָב איך שוין געטאָן. איך
האב נאר מורא, זיא זאָל נישט פגרין. דער אלטער סקראָב ליגט אצינד וויא א
טויטע און קען זיך נישט ריהרען, אזוי האב איך איהר געבראָכען דיאביינער.

— און דעם הינקענדיגען פלאסקערדיגע, פיהרט אויס דער ממזר נעהם איך
אויף מיר. אָנקוקען קען איך נישט זיין פרצוף־פנים, אזוי פיינט האב איך איהם.
איך ועל מיך מיט איהם גוט אָפּרעכנע,' נישקשה. איך האב נאך מיט איהם
אלטע חשבונות.

ס'איז מיר ענטפאלען דער מאמעס מילך, הערענדיג אזעלכע שרעקליכע
ווערטער.

.. וויא עס זעהט אויס, מאכט דער אלטעטשקער, זיינען דיינע געלקחענטע
סוסים יודישע. דארע, דערשלאָגענע, קאָלטענעוואטע, מיט אויסגעקרימטע ריקענס,
מיט דינע הענזליך, גערגעליך און מירידין, וויא אונזערע פאראפאָטשקעס, פיינע
בריות.

— אָפּפאלען זאל דיר דיא צינג דוא אלטער סטורמאק! זידעלט זיך דער
כמ"ר. נעה בעסער, זוך, שמעק, כלב איינער, דא אין הויז, אויפןביידעם, טאמיר
וועסט־דוא „פאציאצען" עפיס אלטע בעלי־העגלהשן זאבענישען, וואס קענען אונז
טויגען. פאָרט איז דאך עס א מאל געוועזן איין איינפאָרהויז, מישטעהנס־געזאגט.

עס בעשלאָגען מיך אנגסטען, מיר איז נישט גוט צום שטארבען. איין פוס
ציטערט מיר שטארק און טהוט, נישט ווילענדיג, א זעטץ אין דער סטעליע. דיא

פאַר שיינע לייט פאררייסען דיא אויגען ארויף, שטעהענדיג א ווילע פארגאפט. דערנאך לאָזען ארויסביידע אין איין קול:

— עפיס שיט זיך פון דער סטעליע! מען בעדארף טאָן דאָרט א קוק.

עס פארדרעהט מיר זיך דער קאָפּ. עס קלינגט מיר אין דיא אויערען, שווינדעלט אין דיא אויגען און איך שוועב עפּיס אין לופטען......

יאָ, טאַקי אין לופטען. א פאַר אייזערנע הענד טהוען מיך א חאפּ און שליידערען מיך פונם בוידעם אראָפּ אויף דער ערד. איך דערהער, וויא מען מאכט מיר א ברייטען „ברוך הבא" מיט דעם גאנצען טיטעל: סקאָציל קומט, ר' פישיל! און דערזעה באלד פאר מיר דעם ממזר מיט א פנים, א שרעק אנצוקוקען. עפּיס נאָר א פנים וויא ביי א קאטץ, בשעת זיא קלייבט זיך צודערשטיקען דאס נעהאַפּטע מייזיל. דעם אלטעטשקען האב איך שוין נישט געזעהען. ער איז, א פנים, אוועק, איבערלאָזענדיג מיך אויג אויף אויג מיט דעם ממזר.

— א נוא, נפשיל, מאכט דער ממזר, זאָג ווידוי!.... דאס וואס איך האב בעדארפט טאָן דיר א מאל, דאָרט אין קעלער, וועל איך עס דיר טאָן אצינד, פייבושקע פארגעסט נישט, נישקשה.

איך פאַל איהם צו דיא פיס, וויין, בעט מיך ביי איהם וויא ביי א גזלן, מיר צושיינקען דאס לעבען. עס העלפט נישט. ער נעהמט ארויס א מעסער, האלט עס מיר אקעגען דיא אויגען, מיט גרויס הנאה צוקוקענדיג, וויא איך צאפּעל, פלאַטער. איך פּרווו מיך איינשמיעסין איהם מיט דעם גן עדן, זאג איהם צו עולם הבא, א גאנצע וועלט, שיינק איהם מיין חלק לעולם הבא אויך. אלסדינג וואס נאר מעגליך. ער שמשירעט אויס אויגען און שווייגט. איך הויב אָנ'עם צושראַקען: א'ם מיט דעם גיהנם. מיט נאָטס משפט, דער אויבערשטער וועט איהם שטראָפען, זיך נוקם זיין פאר אומשולדיג בלוט. ער מארבייסט דיא ליפּען, טהוט א הייב אין דער הויך דאס מעסער און אין דער שרעקליכער רגע, וואס אָט אָט ליגט מיר דער חלף אויף דעם האַלז, טהוט עס איהם פלוצלים עפּיס א חאַפּ פון הינטען, נאָר ניט מיט קיין מענשליך געשריי: נייִן, וועסט עס נישט טאָן! — ער ווערד שטארק פארמישט און קוקט זיך אין שרעקעניש ארום.

דאס האט איהם א חאפּ געטאָן דאס האָרבאטע מיידיל!

— חצופה, ארוים! דערלאנגט דער ממזר א געשריי, באלד וויא ער איז צו זיך געקומען. ארוים, חצופה! ווארים...

— ניין, ניין, פון דאנען געה איך נישט ארוים! דערהרגעט זאל איך דא ווערען אין איינעם מיט איהם! שרייט בעהארצט דיא הארבאטע און פאלט דעם ממזר אויפן האלז. וויינט מיט ביטערע טרעהרען, גלעט איהם און חאלעשט פאר איהם, ער זאל זיך אפלאזען, זאגט איהם צו דאס אייביגע לעבען און א שטול אין גן־עדן. דער ממזר טהוט זיא פון זיך א ווארף וויא א מיאטשיק, שעלט, פלוכט אויף וואס דיא וועלט שטעהט. און אז דיא רציחה איז איהם אביסעל אפגעגאנגען ווענדט ער זיך צו מיר מיט דיא ווערטער:

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך אליין האב דא דיך, מין טינופת'ל, נישט „געבעל דבר'ט". נאר אויב דיר האט געשפילט דאס טרפה'נע מזל דיינס, איך זאל דיך, פארשטונקען נפש'ל, נישט צוקוועטשען וויא א בינה, דאך אין נאכ־צען טרוקען ארוים פון מיינע הענד וועסט דוא נישט. — ער נעהמט א שטריק, מיט וועלכער ער איז געווען ארומגענארטעלט, שטעלט זיך בינדען מיר הענד און פיס, מאכענדיג דערביי:

— ליג־זשע דא שטיל, הונט איינער, קיין פארע זאל מען פון דיר הערען! ליג ביז דיא פגירה דיינע וועט דא אויף דיר קומען. נאר געדיינק־זשע, פלאסקעד־רינע, טאמיר טרעפט זיך דיר א נס, עפיס א באבע דיינע אין קבר וועט זיך פאר דיר מיהען, און נעהסט פון דאנען א לעבעדיגער ארויס, זאלסט־דוא זיך היטען, מיר פאר דיא אויגען זיך נישט צו ווייזען, ווארים באלר „פלומפעל" איך דיך און מאך חיק...

אפגעטאן מיר מיין רעכט נעהמט ער זיך צו דער הארבאטע, וואס האט זיך געוואלגערט אויף דער ערד, געיאמערט, נעקלאגט, קוקענדיג אויף מיר און זיך גע־ריסען ביי דיא האר.

— א, דוא חצופה איינע! בייזערט זיך דער ממזר, א שטופ געבענדיג זיא נעביך מיטן פוס, איך וויים נישקשה, פארשטעה אלסדינג. דאס איז געווען איין אפגערעדטע זאך — א חתונה אהן כלי־זמר, דא אויפן בוידעם... א שיין מיידעלע נישקשה און פאר מיר ניט זא זיך אוים פאר א רביצין. פון היינט אן וועסט־דוא

שוין ביי מיר וויסען, חצופה איינע! ער טהוט זיא א חאפ און דיא הענד און אומקעהרענדיג זיך צו מיר מיט א זאג: שא, הונט, געדיינק מיינע ווערטער! ווערד ער מיט איהר געשווינד אנטריננען.

אין גיהנם קען מען אזוי פיל יסורים נישט ליידען וויפיל איך האב איבערגע־ליטען, איך בין געווען נישט אין גיהנם, נאר דער גיהנם אין מיר. עס האט אין מיר געקאכט געברענט א העליש פייער. דיא האר זענען מיר גע־שטאנען קאפויר. עפיס האב איך געפיהלט, זיי שטעכען מיך וויא שפילקעס און דא טאהר מען נישט הויך וויינען, נישט טאן קיין פיפס.

שפעטער אביסיל האבען מיר אין דיא אויערען זיך פארטראגען קולות: א סקרים פון רעדער, א ליארם, א געשריי פון מענשען, דאס בעטיימט, חברה האט זיך גע־ריהרט. דיא חאלאסטריע האט זיך געלאזט אין וועג אריין און מיט פעקיל דעם לייט— מיין הארץ, מיין גוטע, בירנע, אומגליקליכע הארבאטע נעביך....

א היבשע לאנגע צייט בין איך געלעגען וויא א שטומע שאף, געבונדען אויף אלע פיער, מיט אוינען וויא דיא באנקעס פון הייסע טרעהרען. דיא שטריק האט מיר זיך איינגעשניטען אין לייב אריין און ביי א מינדסט ריהרעלע מיך געשניטען וויא א מעסער. עס האט מיך דערצו נאך געברענט א טרונק, אט, האב איך גע־מיינט, עקט מיר זיך דאס לעבען. פאר גרויס וועהטיג האב איך דערנאך אנגעהוי־בען שרייען, מאמיר ועם עמיצער דערהערען. דיא חאלאסטרע האט, נאך מיין רעכ־נונג, שוין געמוחט איינפאהרען גאנץ ווייט. איך שריי, אבער אומזיסט, שריי צו דער וואנד. עס טריקענט מיר אין האלז, עס בעשלאגען מיך אנגסטען. דאס שרייען קומט מיר שוין אן שווער, איך טוה צווישען אפרוהען. דיא לאנגע מיינע ווערדט וואס וויטער ערגער. נישטא שוין קיין כח צו שרייען דיא נשמה הייננט מיר אויפן שפיטץ נאז, דער מלאך־המות, פיהל איך, איז נאך איהר געקומען, מען בעדארף שטארבען, יונגערהייט פון דער וועלט געהען. איך טהוא מיר אן א כח, נעהם זיך צונויף מיט אלע מיינע קרעפטען און טראכט, לאמיך האטש טאן דאס לעצטע געשריי — לאז היכבען דיא תקיעה גדולה פון מיין אומגליקליך לעבען....

נאר גאט אבער האט אייך, ר׳ אלטיר, געבראכט! איהר זענט מיר בייגע־שטאנען אין דער נויט און מיך דערהאלטען ביים לעבען.

25.

אז פּישקע האָט נעענדיגט זיין אומעטיגע מעשה איז צוגעפאַלען דיא נאכט און אונזערע פערדליך האבען זיך פאַרשלעפּט צום גרינעם בארג, וואס פאר גלופּסק.

דער גלופּסקער גרינער בארג איז בעקאנט כמעט דער גאנצער וועלט. נאך פון גאנץ אלטע צייטען טראגט זיך וועגען איהם ארום צווישען דעם עולם א לידעל, וואס קינד און קוים קענען עס, וואס אלע מאמעס און אמען נעהמען דערמיט איין און פערווינגען ברעקליך קינדער. מיין מאמע, זאָל האבען א ליכטיגען גן עדן פלעגט מיר קינדוויים אויך אלץ זינגען דאס לידעל:

„אויף דעם גרינעם בארג,

אויף דעם הויכען גראָז,

שטעהען א פּאָר דייטשען,

מיט דיא לאנגע בייטשען.

הויכע מאנען זיינען זיי,

קורצע קליידער טראגען זיי.

אבינו מלך"........

דאס לידעל פלעגט מיר זעהער געפעלען, פיעל בעסער פון אלע לידליך, עפּים איז מיר דער גרינער בארג אזוי וואונדער שוין פירגעקומען אין מיין קינדערש קעד פיל! עס האט מיר זיך געדאכט, ער איז נישט גלאט גראָב פון ערד, וויא פּראָס־ט׳ג בערגליך ארום מיין שטעדטיל. ניין! ער איז עפּעס, וויא זאָגט מען עס, גאָר כצפיחית.... וויא דער הר הזיתים, דער בארג לבנון, פון ארץ ישראל ערד.. — און דיא דייטשען דאָרט, זיי זענען מיר פירגעקומען עפּים נאר גאָר משונה ווילד, איך בעט זיי מחילה, עפּעס אזעלכע מיני בעשעפעניש, מיני בהמות אזעלכע, אָקסען שור הברין. זיי שמייסען מיט לאנגע בייטשען און לאָזען צו גלופּסק נישט צוטרעד טען, וויא דער סמבטיון צו דיא רויטע יודעליך. אריין אין גלופּסק מוז מען האָבען א שמיטץ, און אלע דאָרט האָבען א פּנים פון אָפּגעשמיסענע.... שפּעטער אז איך בין ארויס פון דיא קינדערישע שיכליך און אויסגעוועזן א וועלט, אין גלופּסק א יאָה, האב איך געזעהען אלסדינג מיט אנדערע אויגען און פערשטאנען, וויא עס געהער צו זיין, דעם פשט פונם לידעל. דער גרינער בארג איז פּשוט מאקי א

בארג, נישט אזוי גרין וויא בלאַטיג, זעהר גריבעדיג און דיא דייטשען, הויכע מאַ־
נגן דאַרט, זענען געזאָגט געווארען אקעגען יענע מאַנען מיט לאַנגע הענד און לעפּ־
קע פינגער, וואס לקחענען און שניידען אָפּ קלימקעס, געוועהנטליך איז דער שטיי־
נער, דאס ערשטע מאָל אריינצופאהרען קיין גלופּכק אָהן א קלימעק. דערנאָך
אַז מען איז שוין גוט אָנגעלעהרענט, לאָזט עס עטליכע ווערסט פאר
גלופּסק עפּעס נישט רוהען דיא אויגען חאַפּען, וויא פון זיך אליין,
א קוק הינטערן ביירעל, דיא הענד א טאַפּ דאס קלימעקיל, דיא
בוזעמקעשעניע, צושפּי׳ענדיג דיא קאַפּאָטע אויף אלע קנעפּליך. איך בין
אויסען דערמיט, אז דערגרייכענדיג דעם גרינעם בארג האבען אלע אונזערע אבו׳ים
דיא נאָז אויך, געפיהלט פון דערווייטענס גלופּסק. און ערשט שפּעטער א
ווילע, אז מיר האָבען און אלע זייטען זיך גוט ארומגעקוקט, א טאַפּ געטאָן אין
וואָגען, האב איך מיך דערמאָהנט אין פישקען און געזעהען וויא ער זיצט נעביך
פאַראומערט, שטארק בעטריבט״.

„אָבינו מלך
דאס הארץ איז מיר פרעהליך,
פרעהליך וועלען מיר זיין,
טרינקען וועלען מיר וויין,
קרעפּליך וועלען מיר עסען,
און אונזער ליבען נאָמ
קיינמאָל ניט פארגעסען״

זאָרג נישט פישקע! אונזער ליבען נאָמ בעדארף מען קיינמאָל נישט פאר־
געסען. ער קען העלפען.

איך פרעג אייך נישט מעהר, ר׳ מענדעלי! מאכט פישקע מיט א ביטער
געמיטה, צו וואס האט עס נאָט בעדארפט מיך מיט איהר ווידער צונויפפיהרען,
בכדי באלד טאַקי אום צושיידען? עס זאל אונז פלוצלים א שיין טאָן דאס מזל,
בכדי באלד טאַקי זאל אונז נאָך ערגער פינצטער ווערען אין דיא אויגען?... ס׳איז
עפּיס נאָר וויא א צולהכעיס! און געוואלד, רבונו של עולם, אקעגען וועמען?
אקעגען צוויי אומגליקלכע, ביטערע קאלעקעס, וואס איידער אזא וויסט לעבען אי,

סורים אין וועהטיג, וואָלט פאר זיי פיל גלייכער געווען גאָר ניט געבוירען צו ווערען !...

איך מאך א פרום פנימעל און שאָקלענדיג מיטן קאפ זאג איך: טע־טע־טייא! וואס האט אזוי פיל געהייסען: מען טהאָר נישט, פישקע, מען טהאָר נישט ריי־דען אזוינס!... געזאגט האב איך עס, נישט ווייל דאס איז ביי מיר געווען א גע־טער ענטפער אויף דער קשיא נאר גלאט אזוי ווייל דער שטיינער און דער וועלט איז שוין אזוי אז איינער פרעגט פאר צרות שטארקע קשיות, מח דער אנדערער זאגען מוסר, אפּבלאָגען איהם חאטש מיט טע־טע־טייא־אפּזאָגענדיג דעם מוסר, פון יוצא ווענען, עפּען איך באלד א מויל און זאג אזוי:

— זאָג נאָר, פישקע, וויא דאס מיידיל הייסט? ביז אהער האסט דוא זיא אלץ גערופען דיא האָרבאטע, מיין האָרבאטע, אצינד וויל איך וויסען וויא זיא הייסט.

— אקעגען וואס, רב מענדעלי? רופט זיך אָן פישקע, אָנקוקענדיג מיך פארוואונדערט. אקעגען וואס, איך בעט אייך, ווילט איהר עס אזוי וויסען? צו וואָס אומזיסט אויסגעבען א מיידילס נאָמען?

— פארשטעהסט־דוא נארעלע, ענטפער איך, דאָס קען א מאָל צוניטץ קומען. אויף מיינע נסיעות קען זיך מאכען, אך זאָל עפּעס אָנשטעקען, אויספאָרשען. לאָמיך וויסען איהר נאמען. נישקשה! זעהר מעגליך, דוא פארשטעהסט? אז דיין שאדען זאל זיך נאָך אויפזוכען. איך זאָל זיין דער שליח.

— ביילע הייסט זיא! חאפּט זיך פישקע זאָגען מיט א קול, זיא הייסט ביילע!

פלוצים הערט זיך עפּעס א שטארקער קרעכץ מיט א קלאפּ. וויא עס האט זיך עפּעס אָפּגעריסען. איך קוק מיך דערשראָקען אום און דערזעה: מיין אלטער ליגט אויסגעצויגען אויפן וואָגען, זיפצט און איז בלייך וויא דיא וואנד.

— וואָס איז אייך ר' אלטיר? טהוא איך איהם א פרעג. איהר ווערט אפשר געהטען אביסל בראנפין? — אייך איז נישט גוט?

— בע!...... ענטפערט אלטיר, שטארקט זיך און זעצט זיך ווידער אויף.

— זאָג מיר, פישקע! הויב איך ווייטער אָן, נאָכדעם אז איך האב מיך בערוהיגט ועגען אַלטירן. ווייסט־דוא נישט, וויא דיא מאַמע איהרע האָט געהייסן און פון וואַנען זיא איז?

— יא. ענטפערט פישקע. מיין הארבאטע האט מיר דערצעהלט, אז איהר מאַמע פלעגט מען רופען עלקע. זיא האט געדיינקט, וויא דורכן שלאָף, אז דיא מאַמע האט זיך נענט מיט איהר מאַן אין טונעיאַרעהקע. זיא פלעגט עס זעהר אָפט דערמאהנען און אויסלאָזען איהר שווער ביטער הארץ צו איהר וויסט טעכטעריל.

מיט איהר מאַן אין טונעיאַדאָווקע! מאַך איך פארוואונדערט. ווער זאָל דאָס דאָרט זיין איהר מאַן, דער רשע־מרושע מיט א שטיינערען הארץ, וואס האט דערווייטערט זיין קינד און זיא געמאַכט אזוי אומגליקליך? הא, טאַטער ווייסט ר׳ אַלטיר, וויא אזוי זאָל׳ער דאָרט ביי אייך אין שטעדטיל הייסען?

אַלטיר איז געזעסען וויא א טויטער, אויסגעגלאָנצט א פּאָר אויגען, געקוקט עפּעס משונה ווילד מיט איין אָפּען מויל, אזוי אז ס׳איז מיר אנטפאַלען דאָס געזונט.

—ער האט געהייסען... רייבט פישקע דעם שטערען און וויל זיך דערמאָהנען דעם נאָמען, ער העט, האָט, דאכט זיך געהייסען. . וואַרט אביסל.

— אַלטיר, הייסט ער!... טהוט אלטיר א געשריי און פאַלט אנידער אויפ׳ן וואַנען.

— יאָ, טאַקי אזוי! זאָגט פישקע קוקענדיג אויף אלטירן, נישט אנהויבען צו פארשטעהען, וואס זיין געשריי בעטייט. דאכט זיך נאָך, עפּיס אויך א צונעוד־טעניש, יקנה״ן. דיא מאַמע פלעגט ביים טעכטעריל שטיקער פלייש אויסרייסען רופען זיא דערביי יקנה״זיכע, יקנה׳ס טעכטעריל, ווען זיא פלעגט האבען גרויסע צרות, ווען מען האט זיא אפּגעשאפּט פונם אָרט.

איך אבער האב מיך שוין אנגעשטויסען, וואס דיא גאַנצע מעשה בעטייט און בין געבליבען עפּיס וויא מען גיסט איינעם אָפּ מיט איין אקראָפּ.

אַלטיר הליפּעט און שלאָגט זיך מיט דעם קילאָק אין הארצען, מאַכענדיג דערביי: אמנם חטאתי! איך האב איהר פארווישט דאָס לעבען. זיא געביך איז טאַקי געשטאָרבען!

„דער טאַטע האט זיא געקוילעט״....

א שטראף פון גאָט איז דערפאר פון א צייט אויף מיר אנגעשיקט געוואָרען. וואוהין איך קעהר מיך און ווענד מיך געהט עס מיר נאר שלים־שלימזל...

איך הויב אן פאר רחמנות צוטרייסטען מיין אלטירן, רעד אוהם אויס דאס הארץ און פארגלעט אביסיל זיינע זינד: ער איז דאך נישט מעהר וויא א בשר ודם, פלייש און בלוט. דער יצר הרע איז ביי אונז, זינדיגע מענשען זעהר גרויס. גאנץ גרויסע צדיקים אפילו זענין אין אזעלכע זאכען.. נעחאפט און קענען אין דעם ענין פון חתונה האבען מיט דעם יצר־הרע גאָר נישט מאכען. זעהר פיל פון אתזעדע עלטערן, צדיקים, זענין געוועזן לאפענמיצליך, נעלעגען אונטער דעם ווייבס פאנטאפעל, געטאן איהר ווילען און צוטריבען אפילו אייגענע קינדער פון איין אנדער ווייב, אויב נאר זיא האט געהייסען...

פישקען זעהט דיא גאנצע זאך אויס עפּיס משונה. ער זיצט פארוואונדערט מיט א פאר אויסגעשטעלטע אויגען. קוקט ווילד עפּיס אויף אלטירן, אויף מיר און וויסט נישט וואס צוטאָן.

דערווייל ווערדט שטאָק־נאכט. דיא שטערען פונקלען, ווינקען צו אונז פונם הימעל מיט זייערע שיינענדיגע, ליכטיגע פנימליך, גלייך וויא זיי מישען זיך אריין אין אונזער שמיעס, ווילען עפּיס זאָגען און ביים עק הימעל הויבט אָן, וויא פון דער ערד, ארויסצוגעהען א גרויסע לבנה, רויט וויא פייער. דאכט זיך, זיא קוקט גלייך נאר אויף אונז. אלע דאָרט אויבען קוקען, דאכט זיך, און וויל זעהן דעם שפּיטין, מיט וואס דיא דאָזיגע מעשה וועט זיך אויסלאָזען.... מיין אלטיר זעגנט זיך געשווינט אויף, הייבט אויף זיינע אויגען צום הימעל און רעדט מיט'ן הארץ:

— איך שווער ביי דעם וואס לעבט אייביג, אז איך וועלען נישט קומען אהיים צו ווייב און קינדער, נישט חתונה מאכען מיין בתולה, ביז איך זוך נישט אויף מיין פארוואָגעלט קינד! הימעל און ערד זיינען עדות! איך פאהר טאקי באלד און נעה, וועה דארט דעם, וואס וועט זיך מיר אקעגען שטעלען!....

פישקין פאלט ארויף אלטירן אויפן הארצען, האלזט איהם קושט א היבשע וויילע אהן ווערטער, און איז שטארק צוכיישט. דערנאך שיסט ער אויס אויף א וויינענדיגן קויל מיט א געבעט: געוואלד ראטעוועט, ראטעוועט זיא!...

מיין אלטיר שפרינגט נעשווינד אראפ אויף דער ערד, קריכט ארויף צו זיך אויפן וואגען און געזעגענדיג זיך מיט אונז פון דערווייטענס, דרעהט ער אויס דעם דישעל, טהוט א שמיץ דיא שקאפע און פאהרט זיין וועגס. איך מיט פישקען קוקען מיר איהם א היבשע צייט פון הינטען נאך, נישט צוריידען קיין וואָרט. דערנאך ניב איך א בליק צום הימעל, דיא לבנה און שטערען נעהען זיך זייער גאנג, גאר נישט דאס פנים פון פריהער, שטארק הויך האפערדיג, וויט, וויט פון אונז מענשליך, עס ווערדט עפיס אומעטיג, נישט פרעהליך אויפן הארצע ....

איך טהו א שמיץ מיין אדלער ער זאל מוחל זיין זיך שלעפען אביסיל גיכער און שפּנטליך ביי נאכט פאהרט מיין ביידעל איבער דיא גריבערדיגע נאס פון גלופסק מיט א געקלאפערייא, א געשריי, אנזאגענדיג דעם עולם: הנה זייט וויסען, נאך צוויי פרישע יודין זענין אנגעקומען קיין גלופסק! !....



# די טאקסע

אדער

# די באנדע שטאדט בעלי־טובות.

משד עניים מאנקת אביוני׳
עתה אקום
(תהלים, י״ב, ו).

**אמר מענדעלי מוכר ספרים.** זאָגט מענדעלי מוכר ספרים געלויבט איז דער בורא וואָס האָט באַשאַפען גרויסע ימים, זעהר פיעל טייכען: דעם נילוס, דעם טעטערעוו און דעם בעריהמטען טייך גנילאָפּיאַטקע. וואָס האָט באַשאַפען דיא הרי חושך, דיא מדבריות, פּוסטינעס, א סך ווילדע מקומות און דיא גרויסע יודישע שטאָדט גלופּסק, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען וואס האט אונז אידען אויסגע־ווייכט פון אלע אומות און האט אונז געלייטזעליגט מיט א טאַקסע, מיט א קעס־טעלע, מיט פּאָפּעטשיטעלעם, מיט נבאים, מיט קהלס־לייט, מיט פּאָוויערענעס, מיט בוררים, ישרנים שתדלנים און מיט זייער פיעל בטלנים. געלויבט איז דער בורא פאר אלעסדינג וואס ער האט באַשאַפען: געלויבט איז ער פאַר דיא ווילדע חיות, לייבען, לעמפּערטען, וועלף, בערען, און פאַר דיא בעלי טאַקסעס, געלויבט איז ער פאר דיא בהמות פאַר דיא אָקסען, פאַר דיא פערדע, פאַר דיא אייזלען, פאַר דיא גלופּסקער פיינע בריות און פאר דער גאַנצער חעפּטע בעלי טובות.... נישט דאס אָבער בין איך אויסען, איך דאַנק און לויב נאט, וואס ער האט מיך בעהארצט און מיר געהאָלפען אָפּ צו דרוקען דיא דאָזיגע שרעקליך־שיינע מעשה, איך האָב ניט געזאַלעוועט קיין מיה, ניט קיין געלט און האב ניט געקוקט דאַרויף וואס א טהייל וועלען אויף מיר שטאַרק ברוגז זיין. דיא מעשה איז חלעבען אמת. איך האב יא אסור ניט אויסגעטראַכט פון דעם קאָפּ, הערט נאָר אירען, הערט נאָר וואס עס איז געשעהן:

מעשה שהיה כך היה. היינטיגען טאג נאך סכות האב איך מקבל געוועזען א פּאַסילקעלע, וואס איז אנגעקומען דורך דער פּאָטשט גלייך צוא מיר אויף מיין נאָ־מען. איך האב תחלת געמיינט אז דאס מוז זיין פּעקלעך ציצית אדער קינדערשע בלוטשקענע יאַרמעלקעלעך וכדומה אזעלכע זאכען, נאר אז איך האב עס אויפגע־עפענט, האב איך ארויסגענומען א גאַנצען פּאַק פּאַפּירען, פאַרשריעבען פון אלע זייטען, און צווישען זיי איז געלעגען א בריוועל, וואס אין איהם איז געשטאַנען גע־שריעבען דיא דאָזיגע הערטער׃

„להרבני הנגיד המפורסם מוהר"ר מענדעל נ"י. הנה אזוי וויא איהר האט א שם אין דעם היגען ווינקעל פאר איין עהרליכען מאן און אזוי וויא מיר ווייסען, אז איהר פארט תמיד ארום אין אלע אידישע מקומות מיט ספרים און איהר זייט א מאל אבעלען אפ צו דרוקען מעשיות אויף אייערע הוצאות, בכן שיקען מיר אייך דא אריין א שרעקליכע מעשה, וואס איז פארלאפען אין אונזער שטאט און בעטען אייך, אז איהר זאלט מוחל זיין אפ דרוקען, וועט איהר אייך פשוט קונה זיין עולם הבא. דא שטייט בעשריבען דיא שטוטשקעס פון אונזערע גלופסקער בעלי טובות, וואס האבען זיך אליין אן געווארפען אויף דער אומגליקליכער שטאדט נעבעך מיט זייערע טובות און פיהרען איטליכען ביי דער נאז. זיי האבען שוין ביי אונז ארויס־נעצויגען דיא קליי פון דיא ביינער, מיר ליידען, מיר ווערען פערשווארצט, מיר עסען ניט קיין פלייש, מיר האבען שוין אפנים וויא דיא רוחות און קענען שוין מעהר ניט אויסהאלטען פון דיא טובות, מען האט שוין אפילו געפריוווט שרייען, שרייבען פראשעניעס נאר וואס הערען זיי א וועלט? זיי זיינען רייך, זיי זיינען גבאים, פא־פעטשיטעלעס און דיא גאנצע שטאדט איז ביי זיי אין דיא הענד, זיי האבען פא־ווערענעס, זיי האבען שתדלנים, וואס נעהמען גרויסע זשאלעוואניעס פון אונזער בלוט, פון אונזער געלט, און בעגראבען אונז נאך צעהן איילען אין דער ערד, הכלל דער מלאך המות שעכט און בלייבט גערעכט. מיר זעהן זייער גוט ארויס, אז מיט שרייען מיט פראשעניעס וועלען מיר גאר נישט מאכען, דיא בעלי טובות וועלען זיך אומעטום קענען פארענטפערען, און זייער פארענטפערען זיך וועט נאך אונז קא־סטען געלט, עס וועט אלסדינג אויסגעהן צו אונזער קאפ.... מיר ווילען נאך פריי־ווען איין מיטעל אפדרוקען דיא דאזיגע מעשה, וואס איינער פון אונזערע שטאדט־לייט האט זיא אנגעשריבען, זיין נאמען וויל ער דערווייל ניט מגלה זיין מחמת כמה טעמים, מיר פערזיכערען אייך אז אלסדינג וואס דא שטייט איז אמת, מיר קענען אפילו שווערען אין טלית און אין קיטעל, פארקעהרט דא פעהלט נאך זייער פיעל זאכען, מיר בעטען אייך, ר' מענדעלע, טהוט א מצוה און דרוקט אפ דיא מעשה, אונזערע נעמען קענען מיר אייך איצט ניט אויסשרייבען, נאר איהר זאלט וויסען אז אין אונזער בריעף שרייט צו אייך א קול פון א סך צובראכענע הערצער, פון א סך אומגליקליכע אידען, דאס איז א קול פון ארעמע לייט, פון נויט בעדערפטיגע, פון בעלי מלאכות, און פון דערשלאגענע מענטשען, וואס מען דושעט זיי וויא קעץ און מען לאזט זיי ניט קיין קאפ אויפהויבען, דאס איז א קול פון פער־ווייסטע ווייבער און קינדער. וואס מען האט זייערע מאנען זייערע טאטעס נעבעך פארשיקט און איינגעזעצט אין דיא טהורמעס, דאס איז א קול פון א סך דערשלא־

נענע, פארוואָנעלטע אירעשע קינדער, הערט ר׳ מענדעלע דאס קול, פאָלגט און דרוקט אָפּ דיא מעשׂה, טאָמער וועט דורך דעם נצמח ווערען א טובה. אידען הלעבען ווען דיא דאזיגע מעשׂה קויפען, ווארום עס קען זיין אז זיא פארלויפט זיך ניט נאָר אין גלופּסק אליין אפשר טאָקע אויך אין אנדערע אירעשע שטעדט״....

אָט דאָס איז אין קורצען דער בריעף וואס איך האב מקבל געוועזען. איך האָב איבער געקייענט דיא מעשׂה און האב מיר פאָרגענומען זיא אָפּ צודרוקען. ניט אזוי גיך טהוט זיך אָבער וויא עס רעדט זיך, איך האב געגוג געהאַט צו זינגען און צו זאָגען ביז איך האב דערלעבט צו זעהן א געדרוקטע בלעטעל. דער כתב יד איז ניט געוועזען ריין געשריבען ערטער וויים פארפלעקט מיט טינט, פיעל סצענען זיינען געוועזען פאר ווענט ניט געשטאנען כסדר, היינט אין א פאָר ערטער האט גאָר געפעלט עטליכע בלעטלעך. דער שרייבער האט זיך אפנים געאיילט הכלל עס איז מיר געגוג דיא אויגען ארויסגעקראָכען ביז איך האב אלץ דינג צו נויף געשטעלט איך האב מיר ניט געקענט איינהאַלטען אין ערטער וויים ארייגעמישט מיינע אפאָר ווערטער פון דעם וואס איך האב געזעהען געהערט אויף מיינע נסיעות, אחוץ דעם האב איך געמאכט א בעזונדער צעטעל פון דיא אלע פערזאָנען וואָס קומען פאָר אין דער מעשׂה כדי זיי זאָלען אלע שטעהן פאר דיא אויגען און מען זאָל זיי תמיד געדיינקען. אָט קוקט זיי זיים מוחל אָן, דאָס זיינען דיא פּארשוינען :

| | |
|---|---|
| ר׳ איציק וואלף ספּאדיק<br>ר׳ שמעיה תם<br>ר׳ משה בעל תכלית<br>ר׳ יוסף מהיכא תיתי<br>ר׳ יודעלע שטאנדהאפּט | דאס זיינען דיא טובי העיר, פּאָפּעטשיטעלעס פון פון דער טאקסע. אלע זיינען בעלי צדקות, אָבער גאָר איבער א פּרעמדע קעשענע. אלע זיינען גאַטס סטראַפּטצעס, פרומע כשרע אידען, חוץ שטאנד־האפּט וואָס מען מומעלט אויף איהם, אז ער איז געחאפּט אין דער מעשׂה. |
| ר׳ יוסילע שינדער.... | געוועזענער נאמן אין פּראָיעקט היינט לפנים דער בעל טאקסע. |
| ר׳ נתן שיפּרעס.... | אויך סליימערשט א בעל טאקסע, א ווילדער בעל עצה און א שטאָט בורר. |
| ר׳ ראובן פּיאווקין.... | דער שטאָט־פּאָוויערענע, היינט אויך גלאסע. |

ר׳ אהרן קנעכטבארג.... גלאם א שיינער איד, א קאָכלעפעל, וויל אַלץ איינברייננגען דער שטאָדט, מאכט אמאָל אין דער שטיל עפעס א חרם׳על.

ר׳ נתן פרעכמאן.... האלט זיך פאר א בריה, האלט היינט שטאנד־האפטען אויף דער ארענדע און איז קהל׳ס שתדלן.

ר׳ מענדיל דער נעלער. א שטאָדט־שיינעץ א בילער, סלוזשעט בייא דיא בעלי טובות און פאלט אָן אויף וועמען מען הייסט.

ר׳ בעריל לאקשעוויץ
ר׳ פרידיל דער קליינער
} צווייא רעדעל פיהרער, מתנגדים פון דיא בעלי טובות.

ר׳ אברעמיל גרינפאן.... א נייער טאָרגאָוואָי דעפוטאט.

ר׳ שלמה וועקער.... איינער פון דער היינטינער וועלט.

בתיה. זיין ווייב.

ר׳ נדליה פיקהאלץ.. זיין פריינד.

ר׳ אייזיק זאאיקע.... א קרבן פאר זיין עהרליכקייט.

טויבע לאה. זיין ווייב.

איין אָרימער איד, איין אָרעמע אידענע, גלאסנעס, דיינים, שוחטים, ווייבער, נענז, היהנער, אינדיקעס, קאטשקעס און א נאראָד פון פופצינ טויזענד צאן קדשים, וואָס מען שערט זיי וויא דיא שאָף.

דאכט זיך אז איך האָב גענוג יוצא געוועזען און געטהאָן מיין זאך בשלימות. דאס ביכעל האט מיך געקאָסט גענוג מיה און הוצאות. נאָר איך בין דאָס אָבער ניט אויסען. הלואי מיין מיה זאָל ניט זיין אומזיסט, גאָט זאָל נאָר וועלען רחמנות האָבען און ווייזען באלד טאקע אין אונזערע טעג א נס בפועל, אז אידען נעבעך זאלען אין אלע שטעדט זייערע בעלי טובות פטור ווערען עד ביאת הגואל.

# ערשטער אקט.

**דאָ ווערט פאָרגעשטעלט וויא אזוי אין גלופסק שפריינגען ארוים פיהרער, מיט א יאָהר זעכצעהן צוריק, פאפעטש־טעלעס פון דער טאקסע.**

---

## ערשטע סצענע.

**ספאדיק אליין אין זיין חדר, זיצט שטאַרק פאַרטראַכט לעבען דעם טיש, זיינער צעהן אין דער פריה און שאקעלט זיך איבער א משניות, קנייטשט דעם שטערן, קוקט אויף דער וואַנד, דער נאָך טהוט ער ווידער אקוק אין משניות און לערענט מיט א ניגון.**

אמר ר׳ טרפון.... האט רבי מאיר געזאגט.... הא? נאָך אמאָל. (ער פאַר־טראַכט זיך אויף דער וואנד און רעט צו זיך אליין) ער האט געזאגט, אז נאָך שבת איז דער טערמין האט ער געזאגט.... מען וועט דארפען סיליקען. דער קאפ חלעבעט שפאַלט זיך מיר. אָה, שלעכט, שלעכט, נישטא קיין געלט! איך האב מורא מען זאל חלילה באַלד נים אנשטויסען. דיא קאסע איז פוסט, אויסגעטריקענט, דיא רע־דער וועלען זיך אויף הערען צו דרייען באם עס וועט חלילה נים צו קומען קיין וואסער, געלט מיין איך. אף זייער א שלעכטע צייט (ער שטייט אויף און גייט אַרום איבער דעם חדר) יא, זייער א ביטערע צייט, עפעס וויא אויף צוזעצענעס האט מען נאָך היינט אויף געהערט חתונה צו האבען. שוין א לאנגע צייט איז מיר נים אריינ־געפאלען קיין שלישית־געלט, נים פון היא, נים פון דער סביבה. א קאטאוועס עפעס שלישית־געלד, דאס פלעגט אוים מאכען א יאהר זייער פיעל.... א נס חלעבען וואס דרייט זיך נאָך אביסעל חברה׳ש געלד, אי וואס?.... עס נארישקייט, ווער איז דאס מחויב צו וויסען ועמען גייט עס אן? נאר עס איז מיט דעם אפילו אויף נים גוט, בע, גאר נים גוט!.... עס הערט זיך ווידער נייע גזרות, נייע פינסטערע פאראדקעס מיט כל א צרות. וואס טויג עס? נאך דאס נייט אפ, מאכען נייע פאראדקעס! מיר טויג עס כלל נים. מען דארף האבען געלט, גאר פריש געלט... (א ביסעל מיט גאל) האט חתונה אידען און לייגט איין געלט! שטארבט אידען און זאגט אפ עולמות־נעלד! קויפט זיך איין אין חברות און נים געלט! הכלל מען דארף האבען געלט מען דארף האבען געלט, געלט געלט! מאקע פון אייער טובה ווענען יודישע קינדער, מען דארף זיך פאר אייך סטארען, מען דארף פארזארגען

אייער תכלית, איהר זאלט זיין גוט און פרום און טאקע בלייבען דאס וואס איהר זייט.... (ער חערט זיך צו צו דער טהיר) הא? דאכט זיך אימעצער נייט? אפשר א מחותן מיט נעלט. (ער לויפט צו געשווינד צו דעם טיש. זעצט זיך אניעדער און שאקעלט זיך היערער איבער דעם משניות).

---

## צווייטע סצענע

ספאדיק און פיאווקין.

ספאדיק (לערענט מיט א ניגון) אמר ר׳ טרפון. ניין ווייטער, ווייטער אביסעל.... יא, אם־אדא: סומכוס אומר יחלוקו, מען דארף זיך מיט דעם נעלט צו טהיילען, יא טאקע צו טהיילען, וואס?....

פיאווקין (קומט אריין מיט דרך ארץ) גוט מארגען ר׳ איצע וואלף!

ספאדיק (מאכט זיך שטארק ניט הערענדיג אזוי וויא שטארק פערטיעפט אין לערנען) איי וואס, אויב יחלוקו דארף מען דאך מורא האבען?.... נוא עט.... בע....

פיאווקין (צו זיך אליין שטילערהייט) ער האלט ביי יחלוקו. דאס איז א גוטער סימן, עס וועט איה״ש זיין גוט.... (ער גייט צו אביסעל נעהענטער) גוט מארגען ר׳ איצע וואלף! אפשר בין איך אייך מבלבל וועל איך מיר אוועק גיין.

ספאדיק (צו זיך אליין מיט פערדראס אז ער דערזעהט פיאווקינען) נאט אייך דעם שיינעם מחותן! דער רוח האט איהם נעבראכט צו טראגען. (צו פיאווקינען מיט א קרום פעניטעל) וואס איז עפעס נייעס ר׳ ראובן.

פיאווקין בע.... איך האב אייך געוואלט עפעס זאגען, נאר איך וויל אייך איצט ניט שטערען פון דעם לערנען א חוץ דעם זייט איהר, דאכט זיך עפעס ניט געזונד, איהר זעהט אויס גרין און געל, דאס פנים איז דער בעסטער שפיגעל.

ספאדיק (מיט א קרעכץ) איך האב אלץ לא עליכם צו טהאן מיט מיינע מערידען. איך האב נעטוהט היינט דאווגען ביחידות און לערנען מיין שיעור משניות אין דער היים, נאר פון דעסט וועגען זעצט אייך ר׳ ראובן, אז איהר זייט שוין דא. וואס הערט זיך עפעס ביי אייך?

פיאווקין (זעצט זיך) מען הארעוועט, מען ווערט פערשווארצט, א קאטאוועס עפעס צו זיין א פאוויערענע ביי אזא עדה אירען, זאלען זיך מעהרען.

ספאדיק. בזכות זה וועט אייך גאט העלפען. יהי חלקי עמך.

פיאווקין (שטילערהייט צו זיך אליין) עס איז איהם קארג דיא וועלט ער וואלט געוואלט ביי מיר אויך נעהמען חלק. (צו ספאדיקין) ווען גאט זאל מיר ניט העלפען וואו וואלט איך שוין; ביז איצט געוועזען מיט מיין ווייב און מיט מיינע קינדער....

ספאדיק (מיט א שטייכעלע) זינדינט ניט ר' ראובן און זיים טאקע א בעל בטחון, ווערט אייך איה"ש תמיד זיין גוט. נוא וואס הערט זיך עפעס אין דער שטאט?

פיאוזקין. בע. וואס זאל זיך הערען? דער בעל טאקסע וויל ארויף ציעהען א קאפיקע אויף דער אקע פלייש. אזוי וויל ער, דער שיינער בעל טאקסע, זאגט ער, עס איז היינט א שלעכטע צייט.

ספאדיק (חאפט זיך ביי דעם קאפ) וואס הייסט ער וויל? מען ווערט עס איהם שווייגען, עפעס א קאטאוועס נאך א קאפיקע אויף דער אקע! ער נעהמט שוין בה"ש אן דעם אויף נענוג — פופצעהן קאפיקעס אן אקע! שטייטש, שטייטש נאך א קאפיקע, א אידישע קאפיקע! וואס וועלען נעבעך טאהן דיא ארימע לייט, דיא ארעמע יודען נעבעך? (ער קרעכצעט און זיפצעט).

פיאוזקין. עס וואלט א מצוה געוועזן אן צו לערנען אזא בחור, ער זאל וויסען ווער עלטער איז.

ספאדיק. איך זאג אייך מען קען שוין מעהר ניט אויסשטיין פון דיא בעלי טאקסעס, פון דיא גראביטעלעס. מען איז צו זיי עפעס וויא פארקויפט, סטייטש, נאך א קאפייקע אויף דער אקע! דאס ווערט דאך גאר אויסמאכען נאר א גרויסע סומע! א רחמנות חלעבען אויף דיא ארעמע לייט, וואס וועלען טאהן דיא ארעמע יודען נעבעך? אדרבה ר' ראובן זאגט, וויא אזוי לערנט מען אן דעם שיינעם בעל טאקסע וואס האט ניט קיין גאט אין הארצען.

פיאוזקין. איך וואלט געזאגט מיין עצה מען זאל אפנעהמען דיא טאקסע פאר דער שטאדט, פארשטייט איהר? איצט איז טאקע דיא צייט, און איהר ר' איצע וואלף מיט ר' משה מיט ר' שמעיה'ן וכדומה זאל זיין פאפעטשיטעלעס דאס הייסט איהר געבענ זאלט זיך חלצפאטשען, אבמונג געבען און דאס פארדיענסט זאל געהן אויף דער שטאדט, דאכט זיך דאס איז א גרויסע טובה, א גרויסע מצוה און ווייטער.... פארשטייט איהר? חלעבען אזוי וועט זיין גוט, טאקע בכל האופנים גוט פארשטיים איהר? ראזבעראיעט עס נאך א ביסעל ר' איצע וואלף מיט אייער גמרא קעפעל.

ספאדיק. אוואדאי איז דאס א גרויסע מצוה, א גרויסע טובה, נאר וויא קען איך... וויא קען אזא צובראכענער יוד וויא איך, אויף מיר נעהמען אזא טירחה.

פיאוזקין. נישקשה, גאט וועט אייך העלפען, סטייטש. ווער דען זשע וועט זיך זארגען פאר דער שטאדט ווען ניט איהר? ווער דען וועט אין זינען האבען דיא ארעמע לייט נעבעך אז ניט פריהער גאט און דער נאך איהר, בערעכענט זיך נאר גום

ר׳ איצע וואלף וועט איהר זעהן, אז איהר טארט זיך גאר נים דער פון אפזאגען, פארשטיים איהר ?....

ספאדיק (מיט א יראת—שמים פענעמעל) ווייניג איז פאר מיר דיא חברות מיט נאך אנדערע שטאדט זאכען? סטייטיש וואס האט מען זיך אויף מיר אנגעזעצט? וואס וויל מען נעבעך האבען פון מיר, אלץ פון מיר? ווייניג פאר מיר דיא אלע חברות....

פיאוקין (מיט א שמייכעלע) וואס מיינט איהר, ר׳ איצע וואלף, טאקע וועניג, פאר אזא יודען וויא איהר איז דאס טאקע ווייניג.... איך זאג אייך נאך אמאל ראזבערייעט מיין פלאן גאנץ גוט, וועט איהר זעהן, אז איהר קענט זיך בשום אופן ניט אפזאגען, און ווייטער וויא איהר פארשטעהט....

ספאדיק (מיט א זיפץ) אוודאי איז דאס פאר אזא צוכראכענעם יודען וויא איך א גרויסע טירחה, טאקע א טירחה גדולה, גאר א טובה פון ארעמע לייטס וועגען נעבעך פון א שטאט יודען וועגען....

פיאוקין (מיט א גנבה שמייכעלע) מיט אייך ר׳ איצע וואלף, וויא איך זעה בין איך שוין א פנים פארטיג. איצט מוז איך גיין צו דעם איבעריגען עולם איבער שמועסען מכח דעם עסק, וואס מען האט דא צו טאן. עס איז נאך דא גענוג אר־ בייט. הכלל מיר איז שוין באשערט תמיד ארבייטען, פראצעווען און זארגען זיך פאר דער שטאדט, מסתמא וועט מיר גאט העלפען.... זייטגעזונד ר׳ איצע וואלף, אייער געזונד איז איצט נייטיג. איהר דארפט טובות טהאן דער שטאדט....

ספאדיק (פארפרומט מיט אויסגעגלאצטע אויגען) בזכות זה זאל מיר השי״ת טאקע גע־ בען כח, אוודאי איז דאס נעבעך פאר מיר, פאר אזא צו בראכענעם יודען וויא איך, א גרויסע טירחה.

פיאוקין. לאזט זיך גאר ניט אפ, ר׳ איצע וואלף, נישקשה איהר וועט איה״ש קומען צו די קרעפטען.... א גוטען טאג ! (ער געהט ארויס)

ספאדיק. (רייבט זיך דיא אויגען) א, עס איז מיר ליכטיג געווארען אין דיא אויגען, געלויבט איז גאט, עס איז מיר אראפ א שטיין פון דעם הארצען, עס וועט אם ירצה השם זיין גוט, מיין מחשבה איז חלעבען א גוטע. איך וויל: יודען זאלען בלייבען טאקע יודען, יודען זאלען טאקע בלייבען דאס, וואס זיי זיינען און בעהיט ווערען פון גזרות רעות, איך וועל מיך אוודאי סטארען מיט כל א מעגליכקייטען, נו און דער פאר מעג איך ביי זיי עפעס נעהמען אפילו על פי דין. גאט אליין וועט מיר אויך ניט הייסען איך זאל זיין ביי זיינע יודעלעך א שומר חנם. איך בין דאך

א בשר ודם, איך דארף האבען ברויט און צום ברויט, פון וואנען דשע וועל איך דאס אלסדינג נעהמען ?.... וויא דיא מעשה וועט שוין זיין צי וועל איך נעהמען עפעס מעהר אדער עפעס וויניגער, דאס איז קליינינקייטען, א רענדעל ארויף, א רענדעל אראפ, יודען וועלען דורך דעם חלילה נים בדלות ווערען, נאר דערפאר אבער וועלען זיי פון א חשש טרפות שוין זיכער בעווארענט זיין, זיי מעגען גאנץ רוהיג זיין, איך וועל זייא אפהיטען און אליין אכטונג געבען עס זאלען זיין גוטע שוחטים. דער עיקר איז פאר יודען גוטע שוחטים.... וואס מאכט עס אוים א שטיקעל פלייש מעהר אדער א שטיקעל פלייש וויינינגער, א יוד דארף נים קוקען אויף אזעלכע זאכען, א שוחט, א גוטען א פרומען שוחט, אט דאס דארפען יודען האבען, און מכח דעם מעגען זיי שוין זיך אויף מיר פארלאזען, זי״ וועלען שוין מיט גאטס הילף האבען גוטע שוחטים....

(ער בלייבט שטעהן א ביסעל שטיל גיט זיך דער נאך א פאטש אין שטערען) אך איך האב נאר פארגעסען, אז איך בין היינט מיט סנדקאות אויף צוויי בריתען. גוט חלעבען. וואס היינט נאר צווייא, איך וועל היינט האבען וואס צו טהאן. איך וועל מיך ניין אנטאן, מען מוז שוין אויף מירווארטען, עס איז צייט צו גיין, (ער גייט אריין אין אן אנדערע הויז און מאכט צו דיא טהיר):

---

## דריטע סצענע:

ר׳ משה בעל תכלית דער נאך ספאדיק:

משה בעל תכלית (לויפט אריין וויא א פארסאמטע מויז נאר אן איין אטהעם) גוט מארגען ר׳ איצע וואלף! איך דארף מיט אייך איבערשמועסען מכח איין ענין, מכח א תכלית זאך.... (ער קוקט זיך ארום) א, ער איז שוין ניטא! ער איז שוין ניטא! ער איז שוין א פנים אליין אוועקגעגאנגען מכח דעם ענין, איך קען איהם, ער איז א זריז וויא באלד ער שמעקט אן א תכלית זאך. ע.... עס איז דאך עפעס נאר קיין תכלית נים ער קאן דאך דערווייל מיט דיא איבריגע אם ארבייטען דעם עסק און איך וועל חלילה בלייבען פון דרויסען. (ער קוקט זיך נאך אמאל ארום אין אלע זייטען און ווערט פרעהליך) אך געלויבט איז גאט, ער איז נאך נים אוועקגע־גאנגען. זיין ספאדיק ליגט אויף דעם טיש, ער האט גענומען נאר אויף א מינוט ארויסגעהן, איך וועל ווארטען ביז ער וועט קימען. איך וועל איהם שוין היינט נים אפלאזען, דער עיקר איז דאך ער, איך וועל מיך היינט אן איהם האלטען וויא א קינד אין דער מאמעס פארטוך (ער גייט צו צום טיש. האפט פאר שמחה דעם ספאדיק

און בעטראכט איהם פון אלע זייטען) אך, זייער א גוטער, זייער א פיינער ספאדיק, טאקע אין תכלית אריין א גוטער ספאדיק! (ער קלאפט אויף איהם מיט א פינגער) א ספאדיק, א חיטרע קעפעלע לינט אין דיר ספאדיק! א גמרא קעפעלע מיט אלע דריידעלאך. איך וועל דיך היינט פון דעם אויג ניט אפלאזען, מען זאל חלילה ניט אפטאכען אהן מיר דיא גאנצע חתונה. חלעבען, מיר קומט עס באמת פאר וויא א חתונה, פיאווקין איז דער שדכן, ער רעדט אונז א שידוך מיר זאלען נעהמען דיא טאקסע. זייער א רייכע כלה! מיר זיינען — דיא מיוחסים און זיא דיא רייכע, זיא גיט אין נדן אריין א גאנצע שטאדט מענשען, אנטקענגען. א 60 טויזענד פאדאנעס השי״ת זאל נאר נעבען כח מען קען מיט איהר וויסען פון א לעבען. (ער ווערט נאך פרעהליכער) אך, קעסטעלע, קעסטעלע, הרי את מקודשת לי, הרי את מקודשת לי קעסטעלע כדת ר׳ איצע וואלף כספאדיק, ושטאנדהאפט! זייביידע פערשטייען איין עסק, קוקען אין תכלית אריין, טויג אונז שטאנדהאפט זעהר גוט אין שותפות, שטאנדהאפט איז אפילו א דיימזש, נעהאפט אין דער מעשה, און קוקענדיג אונז זיינען מיר אין פלוק איינער פון דעם אנדערען פערשיעדען, נאר וואס מאכט עס אויס? אבי אונזער כוונה איז גלייך, אבי מיר האבען איין מחשבה. וואס מיינט דען א יוד היינטיגע צייטען, א שטיקעלע פרנסה, און וואס טהוט מען נעבעך ניט פאר דער פרנסה? שטאנדהאפט נעבעך פרובט זיך אין דער טומאה, מאכט זיך פאר א דייטש מאמע־וועט דא ארומגעהן, ספאדיק א שטיינער מוטשעט זיך נע־בעך אין דער קדושה.... נישקשה. מיר וועלען זיין חבר, מיר וועלען אלע איה״ש קוקען אין תכלית אריין און טהאן טובות, נאר וויא דערלעב איך שוין דאס אבער! (ספאדיק קומט אריין צוגעטהאן אין א טיזליג מיט א שטעקען אין דער האנד, משה בעל תכלית לויפט איהם אנטקעגען) וואס איז, ר׳ איצע וואלף, איהר גייט שוין.

ספאדיק. א, יא, שוין צייט, מען מוז שוין אויף מירווארטען.

בעל־תכלית. איך בין געקומען ניין טאקע מיט אייך אין איינעם.

ספאדיק. וואס איז איהר האט אויך א כבוד?

בעל־תכלית (מיט פייער) א שאלה א ביסעל, אויב איך האב א כבוד? איך האב אין דער זאך א גרויסען חלק.

ספאדיק (פערוואונדערט) וואס הייסט, איהר האט דערינען א חלק?!

בעל־תכלית (נאך מיט מעהר פייער) סטייטש, איך האב דערינען געארבייט!

ספאדיק. וואס זאגט איהר! ר׳ משה סטייטש, וואס זאגט איהר?

בעל־תכלית. סטייטש, וואס זאג איך? איהר ווייסט דען ניט, ר' איצע וואלף, וואס איך זאג?!

ספאָדיק. ניין! ביי מיין יודישקייט, איך ווייס ניט! זאָגט וואס מיינט איהר?

בעל־תכלית. סטייטש, דאס קעסטעלע מיין איך, פיאווקין האט דאך אייך ערשט געזאָגט, ער זאָגט אז איהר זייט מסכים.

ספאָדיק (וויא פון שלאָף) א דיא טאקסע מיינט איהר! חלעבען דאס איז פאר מיר א טירחא. איך בין לא עליכם א צו בראָכענער יוד, וויא קען איך אויף מיר נעהמען אזא טירחא?

בעל־תכלית, מען מוז דאך אָבער זאָרגען פאר דעם תכלית, מען מוז דאך אמאָל זאָרגען פאר קהלס תכלית, סטייטש ווער דען זשע, ווער דען זשע, ר' איצע וואָלף?

ספאָדיק, לאָם מיר דאס אָפליינען אויף איין אנדער צייט, מיר וועלען זיך נאך מיישב זיין, איצט איז מיר שוין צייט צו געהן אויף דעם ברית.

בעל־תכלית (שטילערהייד צו זיך) ער וויל זיך פון מיר אויסדרייען, איך קען נאך חלילה בלייבען פון דרויסען, מען דארף איהם ניט אָפלאָזען (צו ספאָדיקען) איך וועל מיט אייך אויך געהן, דער בעל ברית איז מיינער א שטיקעל מחותן.

ספאָדיק. נו ניט־זשע מיר, זייט מוחל מיין ספאָדיק. וואס איז ר' משה וואס קוקט איהר אזוי אויף מיין ספאדיס? ער געפעלט אייך אזוי?

בעל־תכלית. (שאָקעלט מיט דעם קאָפּ) אויב ער געפעלט מיר! ער איז טאקע אין תכלית אריין א גוטער ספאָדיק, איך וועל מיר בלי נדר אויך מאַכען אזא ספאָדיק, (ר' איצע וואָלף נעהמט און טהוט אָן דעם ספאדיק און געהט אוועק מיט ר' משה בעל תכלית.)

---

*) אמר ר' מענדעלי. אין דעם כתב־יד פעהלען דיא עטליכע בלעטלעך און דיא וויטערדיגע סצענע הייכט דאָרטען דיא זעקסטע, מען זעהט ארויס אז זיא איז געשעהן מיט עטליכע יאָהר שפּעטער, נאָך דער גזירה, אז יורען זאָלען כאַבען געשטודירטע רבנים. פאר דיא וואס לייענען מאַכט יאס אָבער איז גאָר ניט אויס, זיי קענען לייענען גלייך און זאלען אפילו ניט וויסען אויב עס געהט עפּעס אָפּ.

## פיערטע סצענע

אלץ בייא ספאדיקען אין חדר. שלמה וועקער.

דער נאך נדליה פיקהאלץ.

וועקער (ארייגעהענדיג) ער איז ווידער ניטא! נעכטען האט ער מיך בעשטעלט איך זאל היינט אין דער צייט קומען איהם שרייבען דיא פאסט, און ער אליין איז ניטא, ער איז אויף א ברית! אלע טאג איז ער אויף בריתען, אלע טאג אויף שמחות! א שיינער סוחר, חלעבען! אט וואס הייסט א סוחר, ניט קענען איבערלייענען א בריעף! ניט קענען אנשרייבען איין אדרעס, און נישט אויסלאזען ניט איין ברית ניט איין בר מצוה, און נאך אזעלכע שמחות! איך פארשטעה אסור ניט וויא אזא סוחר קען זיך האלטען אפילו א טאג! פון דעסטוועגען איז ער דאך רייך.... מערקווירדיג! ניט אנדערש טאקע אז רוחות ארבייטען פאר אזעלכע סוחרים, אז מלאכים היטען זיי אפ, אז א מלאך ווארפט זיי אראפ א גראשען.... (ער זעטצט זיך אניעדער און נעהמט ארויס פון דעם קעשענע א אידיש ביכעל) וואס זאל איך טהאן? איך מוז שוין אויף איהם ווארטען, נאך גוט וואס איך האב מיט זיך דאס ביכעל, וועל איך מיר דער ווייל ארייגקוקען, איך וועל טאקע איבערלייענען דאס ביסעל שירים, נאר פון א נייעם מחבר (ער קוקט אריין אין דעם ביכעל, דיא טהיר עפענט זיך שטילערהייט אויף און פיקהאלץ געהט אריין).

פיקהאלץ (צוגעהנדיג צו וועקערן גאנץ שטיל) וואס האסט-דוא זיך אזוי פערטיעפט אין לערנען, שלמה?

וועקער (גיט זיך א כאפ גאנץ אויסער זיך) וואס זעה איך? דוא ביזט עס נדליה, פון וואנען האסט דוא זיך דא פלוצלים גענומען, מיין גוטער, מיין טהייערער נדליה? ווען ביזט דוא געקומען? (ער קישט איהם).

פיקהאלץ (גאנץ רוהיג) איך בין געקומען מאקע היינט.

וועקער. אך, נדליה! וויא פאלסט דוא אוים צו קומען אהער?

פיקהאלץ. שא, וואונדער זיך ניט אזוי שלמה! עס איז גאנץ פראסט, איך בין שוין געוועזען ביי דיר אין דער היים. האט מיר דיין ווייב געזאגט אז דוא דארפסט זיין דא. (ער זעטצט זיך אויף א בייגקעל).

וועקער (רוקט צו זיין בייגקעל צו פיקהאלצ'ן) נוא, איצט דערצעהל מיר, וואס מאכסט דוא? וואס הערט זיך אין טונעיאדאווקע?

פיקהאלץ (גיט א מאך מיט דער האנד) אין דיין טונעיאדעווקע?!

ווע‍קער: נוא זאָל זיין אין מיין טונעיאַדרעווקע, וואס מאַכט דאָרט אונזער נגיר ?
איז ער נאָך אומשטעהנס געזאָגט אלץ מבולבל, אָהן א פּיצעל חאַראַקטער?
מאַכט ער נאָך טאַקע אַלץ פון זיין מויל א חאָלעווע און ביים צעהן פריינד א טאָג?
יא, סטייט דער אַרענדאַר. וויא הייסט ער צום טייפעל.... איך האָב שוין פאַר-
געסען וויא ער הייסט, אָט דער הויכער אַרענדאַר מיט א געגאָלטען האַלז וויא ביי
א סטאַרעסטע. וואס מאַכט ער?

פּיקהאָלץ. איך ווייס וועמען דוא מיינסט, ער איז היינט א קבצן און האַלט שוין
מעהר ניט דעם נגיר אויף דער אַרענדע.

ווע‍קער. א רחמנות הלעבען וואס טויג נעבעך אזא פּראָסט טענשעל וויא ער אהן
געלד? הלעבען א רחמנות! ווער דען־זשע, זאָג מיר, האַלט היינט דאָרטען
דעם נגיר אויף דער אַרענדע?

פּיקהאָלץ. דער נגיר האט זיך ניט לאַנג אָפּגעגעבען אין דער אַרענדע מכמה טע-
מים צו ר' גרשון חייקעס, ער טראַגט איהם איין אפשר פיער טויזענד
רובעל א יאָהר, ער האט צו זאָגען איבער דער טאַקסע, איבער דעם קהל שטיבעל,
איבער אלע טשלענעס און איבער איטליכען אין דער שטאָדט. מען זאָגט ער האט
צו פערדאַנקען דיא אַרענדע ר' נתן פוינעלס, דער שטאָדט—בורר.

ווע‍קער. ר' נתן איז הלעבען א קלונעטשקער. וואס מאַכט ער? איז ער טאַקע נע-
בעך נאָך אי היינט א קבצן? ער האט שוין אין זיין לעבען א סך מאָהל
אָנגעזועצט און פאָרט נעבעך א קבצן.

פּיקהאָלץ. וואס קבצן, ער איז זיך היינט מפרנס גאַנץ שיין פון אוראָקען, וואס ער
נימט אויף דער עלטער שפּאָנעל נייע אָן זעצערס, וויא אזוי זייא זאָלען
ענטפערען קוממיות, א חוץ דעם קנעלט ער עפּעס מיט דעם נגיר, ער מוטשעט
זיך נעבעך מיט איהם, וויא אזוי מען מאַכט פּאַטשערקעס? וויא אזוי מען צאַפּט
פון דער וואַנט געלט? וויא אזוי מען ציהט ארויס קליי פון דיא ביינער? וויא אזוי
מען מאַכט פון שניי גאָמעלקעס? וויא אזוי מען מאַכט מיט דער רייף? וויא אזוי
מען פאַרבלענדעט דיא אויגען? וויא אזוי מען כאַפּט פיש פאַר דער נעץ? וכדומה
נאָך אזעלכע קונצען.

ווע‍קער (טהוט א שפּייא) פּפו זאָל עס ווערען! עס איז דאָך א שרעק, וואס ביי איך
אין טונעיאַדרעווקע גייט פאָר.

פיקהאָלץ (קוקט שארף אן וועקערען) בייא אייך אין טונעיאדעוווקע! זאנסטו, און בייא אייך אין גלופסק איז דען בעסערע פאראדקעס. איך מיין חלעבען, נים! קוקט זיך נאָר גוט צו ווענסט דוא זעהען, וויא ביי אייך טאקע און נאך אין אנדערע יודישע שטעדט ליעגען דיא ארעמע נעבעך צעהן אייכען אין דער ערד, עס זיינען שוין דא אזעלכע גוטע און פרומע מענטשעלעך וואס פאר פרומקייט, פאר גוטס-קייט לייגען זיי אוועק אלע געשעפטען און גיבען זיך אָפּ נאר מיט שטעדטישע זאַ-כען און זארגען זיך נאָר לטובת הכלל, איינער איז א בעל טאקסע, איינער איז א פּאָוויערענע, איינער איז איין ארענדאר, איינער איז א גבאי, איינער א בעל עצה, איינער א תקיף, איינער דעם רב׳ס קרוב, איינער דעם גביר׳ס בן בית, איינער מאַכט באָם, איינער איז א מיוחס, איינער איין אייניקעל, איינער האט א באָבע אין ארץ ישראל, איינער טאנצט אויף אלע התונות, איינער איז א שטאט פעטער, איינער קהל׳ס יורש און איינער גלאט א שיינער יוד.— נו געפינט זיך נאך ערגעץ אין דער וועלט, אונטער אלע אומות אזוי פיעל גוטע מענטשען, וואס זארגען זיך פאר "עם כלל וויא ביי אונז יודען, רחמנים בני רחמנים? ביי דיא אומות א שטיינער איז א גביר אדער א פּאָמיעשטשיק, אדער א סוחר, א פאבריקאנט וכדומה, ביי אונז אקעגען איז א מינדעסטער גבירעל אין א שטעדטעל דאס רוב א בעל טאקסע, א גבאי, איין עסקן במצות, ער איז נאר א סוחר לפנים, באמת טראגט ער אויף דעם קאָפּ דיא גאַנצע שטאדט יודען נעבעך, ובזכות זה האט ער מיט אלע בעלי טובות דיא ברכה וואוהין זיי קערען זיך און ווענדען זיך.... זיי זארגען נעבעך זיי זארגען ביז זיי נעהמען אויף זיך לייב און ווערען אהן עין—הרע דיק, פעט, לויטער, מיט שעהנע בייכלעך, און זיי זיינען זייערע שונאים אויף צו שפּריננגענעש אומעדום נושא חן;.... דיא ארעמע נייס עס אבער ניט אין קאָריסט, פון דיא פיעל טובות וואס מען טהוט זיי הערען זיי אויף וואס א טאג וויימער צו עסען, זיי קריינקען זיי ווערען אויסגעדארט, אקוראט וויא א בן יחיד בייא א טאטען א נגיד, וואס מען דושעט איהם, מען היט איהם אָפּ פאר גרויס ליעבע און געטריישאפט פון עסען, און מען ניט איהם איבער אין דיא הענד פון א סך ניאנקעס, זייא זאָלען איהם למען השם אָפּהיטען, ער זאָל ניט חאַפּען קיין איברינגען ביסען. האט זשע דען ניט באטת טאַ-קע איטליכער ארמער יוד אין א שטעדטעל אויף זיין חלק צווייא דרייא בעלי טובות וואס דורך זייער השגחה קען ער שוין קיין איבערינגען ביסען ניט חאַפּען? וואס עסט דען א יוד, איין אָרעמאַן? קרענק, מכות מיט יסורים, א שטיקעל טרוקען ברויט מיט פּיסנעם קאַליש, פון פליייש וויים ער ניט וואס צו זאָגען, חוץ א שבת אפשר מאכט ער זיך א ביסעל פליישיג מיט א ביין, מיט א שטיקעל לונגען לעבער, דער

פאר פאלט איהם אָפּ א שטיק פלייש. און וויא מתים עסען אזא פּנים האבען זיי.—
נישט גוט שלמה! נישט גוט חלעבען וואס מיר יודען זיינען אזעלכע רחמנים, נישט
גוט חלעבען, וואס ביי אונז אין דיא שטעדטלעך זיינען זעהר פיעל בעלי טובות!
נישט גוט, נישט גוט חלעבען וואס א סך מענטשען ביי אונז זאָרגען זיך ניט בעסער
פאר זיך, זיך אויסלערנען עטוואס אדער זיך צו בעשעפטיגען מיט עפּעס אמלאָכה
און ווילען אלץ זאָרגען פאר אנדערע! נישט גוט חלעבען, וואס איטליכער לאידע
לעדיגע גייער, וואס איטליכער דראַב, איטליכער עזות פּנים, איטליכער צבועק ווערט
פּכוצים פון דער העלער הויט א שטאָט מענטש, א פיינע—בריה און א בעל טובה,
נישט מט חלעבען, טאקע זעהר נישט גוט!....
וועקער. עפּעס ביזט דוא היינט זעהר אין כעס, מיין ליעבער גדליה, עפּעס רעדסט
דוא מיר זעהר שטארק מיט הארץ! הא?!
פּיקהאָלץ. יאָ איך קען מיך שוין ניט איינהאלטען, איך מוז שוין אויסריידען דאס
הארץ, צווישען אונז זאל עס בלייבען, ניט מיט מיין מויל גערעדט, אָט
דאס זיינען אונזערע שטאָדט מענטשען, אט נעהם טאקע א שטיינער ביי אונז אין
טונעיאָרעווקע דיא גאנצע חאָפּטע פארשיינען, וואס דוא האסט זיך ערשט אויף
זיי נאָכגעפרעגט. דוא מענסט צו זיי צורעכענען משה לאָפּ, טרייטעל האָפּ, יוסעל
צאָפּ ניט זיי מיין איך, דיא וואנד מיין איך—ווער זיינען זיי? וואס קענען זיי? דער
האט זיך אויסגעלערנט איין אדרעס אויפשרייבען איז ער שוין קהל'ס פּאָוויערענע
יענער האט זיך ערגעץ אין איין איינפאָר הויז אויסגעלערנט עטליכע ווערטער רו־
סיש מיט גרייזען איז ער א שתדלן, א גאנצער האדאטאי, דער האט מירידען א
בּלייך אויסגעוויקסט פּנימעל איז ער איין ארץ ישראל גבאי, א כשרר יוד, א שיינער
יוד, יענער איז איין עזות פּנים געהמט ער א חלק אין דער טאקסע. דער אזוי יע־
נער אזוי.—מען שרייט אלץ אויף דעם נאראַד יודען געבעך, זיי זיינען פויל, זיי זיי־
נען ניט געזונד, זיי זיינען עקשנים. זיי ווילען זיך ניט בילדען וכדומה נאך אזעלכע
פארברעכען. געוואַלד! וועל איך שרייען וואס זיי געבעך שולדיג, וואס זאלען זיי
געבעך טהאן, אז זיי זיינען אונטער אזא פינסטערע אפּיקע? אז מען ציהט ביי זיי
ארויס דיא קליי פון דיא ביינער, אז איין יודעל געבעך האט איבער זיך אויף זיין
חלק דרייא בעלי טובות, וואס נאגען איהם אויס דעם מארך, פארשלאָגען איהם
דעם קאָפּ, האלטען איהם אין דער מורא, דערטאפּען ביי איהם ארויס דעם לעצטען
גראָשען, פארבלענדען איהם דיא אויגען און זאמוטשען איהם מיט זייערע טובות? י
יודען זיינען חלעבען ניט שולדיג, זיי האבען גוטע הערצער, זיי האבען בטבע שכל
און נעפיהל, זייא פארשטייען איין עסק זייא זיינען פּאקארנע און קענען זעהר פיעל

אראָפּ שלינגען, נאָר וואָס העלפט עס, אז זיי האבען נעבעך ניט קיין מזל, אז זיא זיינען נעבעך אומגליקליך אז פון כמה שנים שטיקט מען זיי צונויף אלע אין איי. עם אין איין אָרט וויא דיא שאָף, אז זיי זעהען פאר זיך ניט קיין וועלט און קענען ניט אטהעמען קיין פרייע לופט א מענטש מוז דאָך אָבער עסען, מוז דאך זיך ערנעה־רען און אונטערהאלטען זיין לעבען כל זמן ער זשיפעט, כל זמן עס שלאָגט זיך אין איהם איין אָדער, דעריבער זוכען זייא שפע איינער פון דעם אנדערען· דער שטארקערער וויל דערקוועטשען דעם שלאפערען, מען טראכט אויס כל א מיני תחבולות וויא אזוי צו דערטאפען א שטיקעל ברויט, וויא אזוי צו דערהאלטען דיא נשמה, דיא נאַטור איז שטארק זיא פאָדערט איהרס, זיא סטארעט זיך, זיא זוכט כל א מיטעל זיך צו דערהאלטען, אָט דעריבער זיינען דאָ ביי אונז אין טונעיאדעוור קע דיא גאנצע חאָפּטע פארשיינעו, וואס מיר האבען פון זיי גערעדט, אָט דעריבער זיינען דאָ ביי אונז אזעלכע מיני מענטשלעך, דערצו נאך זייער א סך זיידענע יודען גאנצע פאָקקען שרכנים, מלמדים גאָטס סטראפּצעס וכדומה אזעלכע טשינאָווניקעס, זיי אלע ווילען עסען, זיי אלע האבען א נשמה און סטארען זיך זיא צו דערהאלטען, זיי האבען אלע חושים א טבע פון מענטשען, זיי ווילען לעבען! א קעגען דער טבע העלפט זיך ניט צו באָרען, א קעגען איהר העלפט ניט קיין עצות, קיין הכמות, זיא איז אלסדינגג גובר! אך נישט גוט שלמה! א רחמנות חלעבען אויף אונזערע יודע־לעך. עס וואָלט שוין צייט געווזען מען זאל זיי לאָזען אביסעל אָטהעמען, אביסעל דיכען!....

וועקער, ניין, נדליה, עס איז עפּעס ניט גלאט, עס מוז עפּעס זיין וואס דוא רעדסט אזוי פיעל מיט פייער· סטייטש דוא קאלטער גדליה, דוא שטילער, דוא נוטער, דוא ליעבער נדליה זאָלסט ריידען אזוי פיעל מיט הארץ! ניין, ניין! זאָג דיר וואס דוא ווילסט, עס איז עפּעס ניט גלאט. (ער לייגט ארויף זיין האנד אויף פּיק־האָלץ אקסעל) איך בעט דיך גדליה, דוא בלייבסט היער אויף לאנג?

פיקהאָלץ· ניין, איך וויל נאך היינט אוועקפאהרען.

וועקער, וואס איילסט דוא זיך אזוי קיין דיין טונעיאדעווסע?

פּיקהאָלץ. זאג ניט מעהר איך בעט דיך „דיין טונעיאדעווקע“ איך בין שוין ניט מעהר קיין טונעיאדעווקער.

וועקער (פאַרוואונדערט) וואס הייסט? דוא ביזט שוין ניט מעהר דאָרטען קיין רב. סטייטש וויא קומט עס? פאר וואָס?

פיקהאָלץ. דוא פרענסט פאר וואָס ? פאר דעם ! פאר דעם וואס בייא אונז זיינען דאָ בעלי טובות, וואס קיינער פון דער אָבשטשעסטווע האט נים קיין דעה וואס מען הערט זיי וויא דאס מילכידיגע קלינגעל, וואס איטליכער ציטערט צו זאגען א וואָרט, פאר דעם וואס ר׳ טרייטעל, זאָל לעבען הייסט דיא שטאָדט, וואס ער מיט זיין כנופיא האַלטען אין זייערע הענד אַלסדינג : דיא טאקסע, דיא ארענדע דאס קהל—שטיבעל, אלע צדקות און עולמות געלד, וואס זיי מאכען טשלענעס וועלכע זייא טויג און נעהמען בלאנקע וועקסלען בייא דעם גאלאווא בייא דעם רב וכדומה, כדי אין פאל אז זיי וועלען נים וועלען טאהן דאס וואס ר׳ טרייטעל מיט זיין כנופיא ווילען, וועט מען אויף זיי אויספיהלען דיא וועקסלען *) היינט פערשעה־סטו דוא פאר וואס איך בין שוין נים מעהר דאָרטען קיין רב ? איך קען מיך נים פאַרקויפען, איך קען נים האַלטען בלאט מיט פאַלשע מענטשען און בערייסען א שטאָדט ארעמע לייט נעבעך. איך קען נים זיין געבונדען און טאָהן נאָר דאס וואָס יענער וויל, וואס יענער הייסט און וואס יענעם טויג.... איך בין נאך פאר דיא וויבאָרעס אוועקגעפאָהרען, זאל זיך דאָרט איין אנדער זיין רב.

וועקער (מיט א ביטער האַרץ) וואס הייסט, און מען שווייגט זיי, אַט־א־דער גאנצער כנופיא ? ! עפעס הפקר א וועלט !

פיקהאָלץ (מיט א זיפץ) יודען זיינען נעבעך דערשלאָגען, זייא מיינען אז אזוי דארף מאקע זיין. ווער אונטער אלע אומות קען נאך אזוי פיעל ליידען און שווייגען וויא יודען ?.... און איבעריגענס אז מען שרייט אמאל יאָ אויף ר׳ טריי־טעלס סטוטשקעס, אויף זיינע גנבות, הייסט עס נאָך, מען איז דאנאָסטשיקעס, א גאנצע שטאָדט מענשען, טויזענטער בעלי־בתים און בעלי מלאכות זיינען דאנאָסט־שיקעס, דיא שטאָדט, דאס הייסט ר׳ טרייטעל מיט דער כנופיא, איז ברוגז פאר וואס מען בעזספאָקאָיעט זייא. מען קען מאקע נאך חאפען א פסק, ר׳ טרייטעל שרייבט וואוהין מען דארף אין דעם נאמען פון דער שטאָדט... מיט חתימות האט ער קיינמאָל נים וואס צו זאָרגען. זייא ליגען בייא איהם תמיד פאַרטיג אָנגעגרייט, היינט האט ער דאָך עפעס נאך וועקסלען אויף !.... **)

---

*) אמר ר׳ מענדעלי, אויף מיין נסיעה אין בעסעראַביע האָב איך בעגעגענט אזא מין טריי־טעל אין א שטעדטעל אויף דעם דענסטער, עטליכע ווערסט פון יאמפעלע, איך האב זיך דאָרטען איבער איהם אָנגעהערט זעהר שרעקליכע זאַכען, ער איז א מזיק אין איין לאנגען טלית־קטן טען האט פון איהם געגוג צרות אויס צו שטען, השי״ת זאָל שומר ומציל זיין אלע יודעלעך פון אזעלכע ר׳ טרייטעלעך.

**) אמר ר׳ מענדעלי, איך האב נאָך א תירוץ אויף וועקערס שאלה, ער פרעגט פאר וואָס מען שווייגט ר׳ טרייטלען וכדומה, וויא איך זעה קען ער א פנים נים, זאל ער מיר מוחל זיין, דיא

**ווּעקער** (קוּיטשעט דאָס ביכעל אין דער האַנד זעהר שטאַרק אויפגעבראַכט), **נדליה! בלייב היע גדליה!**

**פיקהאָלץ. דאָ איז ניט מיין אָרם.**

**ווּעקער** (נאָך שטאַרקער אויפגעבראַכט) **פאַרקעהרט דאָ איז דיין אָרם! דאָ, דאָ איז דיין אָרם** (ער שטעהט אויף און רייסט דאָס ביכעל פאַר גרויס עגמת נפש).

**פיקהאָלץ** (קוקט אָן ווּעקערן פערוואונדערט) **וואָס טהוסט דוּא שלמה.**

**ווּעקער** (מיט א ריהרענדע שטימע) **איך טהו דאָס וואָס אונזערע עלטערען האבען גע־טהאָן אמאָל בשעת חורבן דארטען אויף דיא טייכען בבל׳ס. אויף דיא ווער־בעס דארטען האבען דיא משוררים אויפגעהאנגען זייערע פידלען, זיי האבען מעהר נים געוואָלט זינגען, שפּיעלען, נאָר קלאָגען, יאָמערען און טרויערען, גענוג זינגען גדליה! גענוג שרייבען שירים מליצות בשעת אונזער פאלק, אונזער ארעם פאָלק ליידעט אויף דער טייך גנילאָפּיאַטקע צעררייס אויף דיא סטרונעס פון דער יודי־שער פיעדעל** (ער רייסט מיט אימפּעטד). **יודען זיינען נים געבארען געווארען צו זינגען, צו שפּיעלען.... מען מוז האבען אין זינען ערענסטערע זאכען. בלייב היע גדליה: מיר וועלען פּרוּאווען ביידע היע עפּעס טהאָן, עפּעס ווירקען, פאַר אונזערע ארעמע יודען. דא גדליה, דא איז דער ארט צו טהאָן, דא איז דער ארט צו ווירקען!**

**פיקהאָלץ** (מיט אַ ביטערען לאַכען) **אי שלמה, ביי יודען ווילסט דוּא ווירקען! פאַר דיא וואָס דוּא וועסט זיך אָננעהמען, טאַקע דיא אליין וועלען דיר זיין שונאים, דער וואָס טרינקט זיך וויל תמיד אריין שלעפּען אין וואַסער דעם דאָזיגען, וואָס**

---

פּוילישע יודען, א פּוילישער איז אלץ אַ בריה ביי זיך אין שטוב, אין בית מדרש אונטער דעם אוויוען, דאָרט סמאַליעט ער דיא וועלט, ער קען ניט צוזעהן דיא עולות, דיעם גראַבעזש, וואָס עס געהט פאָר אין דער שטאָדט, ער ליאַרעמט, ער פּילדערט, ער גיט עצות מען זאָל שרייבען פּראָשענעס. מען זאָל שרייבען אויף דיא בייא צייטונגג, מען זאָל אלע שטושקעלאַך אַרויספיהרען וויא בוימעל אויף דעם וואַסער, מען זאָל טאַקע אַיינמאָהל אָנלעהרנען דיא פאַלשע מענטשען, מען זאָל אויסמאַכען דעם, מען זאָל אויסמאַכען יענעם, נאָכדעם זאָלט איהר זעהן אז עס קומט צו עפּעס איז ניטאָ קיינער אין דער היים, ער בעהאַלט זיך אין א מויזענלאָך פאַר א רויטען קאָלנער, ער ווערט א קעצעלע, א תם. ער גיט נאָך אָפּ אַ שיינעם גוט מאָרגען דעם דאָזיגען וואָס ער האט אויסגעמאַכט מיט דער צונג פאַרקעהרט ער דרינגט איהם אז אומעדום, אין אַלע שולען שרייט ער און וועט שרייען, אז קיין עהר־ליכער חוץ איהם איז טאַקע ניטאָ, מאַלע וואָס שונאים זאָגען, נאָר פון דעסטוועגען בין איך מודה אז פּיקהאָלץ תירוץ איז זייער איין אמת׳ער, אונזערע יודען נעבעך זיינען זעהר דערשלאָגען. א חוץ דעם האָבען זיי מורא זיך צוקלאָגען אויף שלעכטע מענטשען און אַרויסשרייבען זייער פאַלשקייט נאָך מחמת דעם טעם אויך, ווייל זיי ווייסען אז דיא אומות העולם בעשולדיגען דעם כלל ישראל פאַר אַ פּרט און לייגען ארויף דעם חטא פון איינעם אויף אלע יודען; דעריבער איז זיי בעסער ניחא צו ליי־דען שטילערהייט, איידער שרייען און עס זאָל חס ושלום ארויסקומען א הילול השם.

ראטעוועט איהם, קראנקע האבען כמעט אלע פיינט דעם דאקטער, דאס ליעגט שוין אזוי אין דער נאטור. — דוא וועסט זיך סטארען עפעס צו טהאן, עפעס צוא פארבעסערען, פלוצלים וועט קומען איינער און וועט אפזאגען א סליחה, אז דוא ביזט איין אפיקורוס אז עס פעהלט ביי דיר א האר אין בארד, נוא דא דערט שוין אויף אלסדינגג, מען מאכט דיך מיט דער בלאטע גלייך און מען לאזט זיך נאך בע־סער צו צו דיא בעלי טובות, אקוראט וויא דאס אומגליקליכע חיה׳לע נעבעך לויפט צו אליין צו דעם שרעקליכען שלאנג, וואס בעצויבערט און שלעפט דאס מיט דיא אויגען.... ניין, שלמה, דוא ביזט צו הייס, ניין זאג איך דיר שלמה, ניין איך וויל נים ווירקען.

ווער (גארטשעט זיך) דוא בלייבסט גדליה! דוא וועסט היע זיין רב. איך בין גוט בעקאנט מיט שטאנדהאפטען, ער איז דא דער גביר, דער גאנצער פיהרער, איך וועל איהם בעטען ער זאל דיך מאכען היע פאר רב, ער לעבט מיט מיר זעהר גוט.

פיקהאלץ. אי שלמה, דוא ביזט נאך ניט ערפאהרען, דוא קענסט ניט קיין גביר, קיין היגען יודישען גביר, דוא קענסט ניט שטאנדהאפטען, ביי איהם איז ניטא קיין פריינדשאפט, קיין געוויסען, ער ליעבט נאר זיך, ער זוכט נאר זיין נוט־צען, אי היט זיך. שלמה, היט זיך פאר איהם.

וועקער. נישקשה, דאס איז מיין זאך, שטאנדהאפט זאג איך וועט דיר מאכען פאר א רב.

פיקהאלץ. איך דאנק דיר שלמה פאר דער טובה! פע אזא רבנות וואס שטאנד־האפט ניט זיא, פע אזא רבנות וואס פאר איהר דארף מען זיך פערקוי־פען דעם טייפעל, וואס פאר איהר דארף מען זיין א נבנע, איין עבד כנעני, וואס פאר איהר מוז מען הערען, זעהען און שווייגען! פע, פע, פע אזא רבנות! דענסט־מאהל וועל איך זיין א רב ווען דער גאראד וועט מיך וועלען, ווען אללע ארעם און רייך גלייך, וועלען מיך מאכען און מיר שיינקען זייער צוטרויען, ווען איטליכער, אפילו דער ארעמער נעבעך, וועט מיך געפינען פאר ווערטה צו פארטרעטען דיא שטעלע נאר עס איז נאך אבער דערצו זעהר ווייט צו ווארטען! זאיי מיר געזונד, שלמה! איך מוז פאהרען, כאם מיר איינער דעם אנדערען ניט מעהר שטערען! (ער וויל געהן).

וועקער. אך גדליה!ווארט נאך אביסעל גדליה!

פיקהאָלץ. ניין איך מוז פאָהרען; זאיי געזונד, נעניט און ערפאהרען, היט זיך פאר שטאָנדהאַפטען און רעד זיך נישט איין צוא ווירקען בייא יודען. אדיע! (ער צוקוסט זיך מיט וועקערען און געהט אַוועק).

וועקער (נאך דעם אַז ער איז אַביסעל געשטאַנען פערטראַכט) אַך נדליה, דוא האסט מיר געעפענט דיא אויגען. איצט הויב איך אָן צו זעהען וויא אזא סוחר, וויא מיין ספאָדיק, קען זיך האַלטען און זיין רייך, א מלאך וויא איך זעה, ווארפט ניט קיין גראָשען און אַפנים אז מען נעהמט ניט אליין אויף דער וועלט האט מען טאקע ניט.... גאָר נישט גוט אָבער צו האָבען אָפענע אויגען, נישט גוט צו זעהען א סך אויף דער וועלט. עס קאָכט אין מיר דאָס בלוט, עס קלאפט מיר דאס הארץ איך פיעל אז דאָס גאַנצע פנים פלאַמט מיר. עס איז מיר דאָ דושנע, איך קען דאָ ניט אטהעמען דיא לופט, איך מוז פון דאַנען ארויסגעהן, ארויסגעהן און שוין טאקע אהער מעהר נישט קומען. אַך נדליה, דוא האסט מיר געעפענט דיא אויגען! (ער געהט געשווינד ארויס און גיט אַ קלאַפּ מיט דער טהיר).



# צווייטער אקט.

**דאָ ווערט פאָרגעשטעלט וויא אזוי דיא פּאָפּעטשיטעלעס פון דער טאקסע ארבייטען מעשים און פיהרען אַ וועלט.**

---

## ערשטע סצענע.

**אַ מכוה מכּכה ביי ר׳ משה בעל תכלית. דיא כנופיא פּאָפּעטשיטעלעס זיצען ארום טיש אויף איהם שטעהען פלעשלעך בראָנפען און וויין, א גרויסער פּאָלומעשיק מיט אַ געבראָטענע גאַנז און א טעלער מיט אייערלעך.**

ספּאָדיק (האַלט אַ כוס אין דער האַנד) לחיים יודישע קינדער. גאָט זאָל געבען עפּעס ישועות ונחמות אויף יודען. און טאקע דער בייא א שנת פּרנסה (ער פאַר גלאָצט דיא אויגען צו דער סטעליע) ישראל עמך צריכים פּרנסה! עס איז היינט זעהר א שלעכטע צייט! (ער קרעכצעט און טרינקט אויס דעם כוס).

דיא כנופיא (קרעכצעט אויך מיט דיא כוסות אין דיא הענט) עס איז היינט זעהר א שלעכטע צייט, השי״ת זאל רחמנות האבען! לחיים ר׳ איצע וואָלף, לחיים זאָל טאקע זיין זרענו וכספּנו ירבה כחול, (אלע טרינקען און פערבייסען).

משה בעל תכלית (האַלט אַ פּאַלקע אין דער האַנד) עס איז חלעבען נאָר קיין תכלית נים צו לייזען 25 קאָפּיקעס פאר איין אָקע פלייש אין אזא שלעכטער צייט. נענוג וואס מיר חלאַפּאָטשען זיך נעבעך מיט דער טאקסע לטובת הכלל פאר וואס נעבעך זאלען מיר דערלייגען פון אונזער קעשענע?

תם. פאר וואס נעבעך זאלען מיר דערלייגען?

שטאַנדהאפּט, דערלייגען זיינען מיר אוודאי נים מחויב, יענער זאל זיך עסען פלייש און מיר זאלען פאר איהם דערלייגען! פּשוט איז פּשוט מען דארף פאַרגרעסערען דעם מקח פון פלייש.

ר׳ יוסף. מהיכא תיתי! הא, מען מעג טאקע פאַרגרעסערען.

ספּאָדיק (זיפצט) אוודאי איז א רחמנות חלעבען אויף דיא ארעמע לייט, אויף דיא ארעמע יודען נעבעך, נאָר וואס אָבער זאָל מען טאָהן? גאָט קען אוודאי העלפען. דער ווייל מיין איך, וועט נים קיין סך זיין ארויף ציהען אַ פּאָר קאָפּיקעס אויף דער אָקע.

ר' יוסף מהיכא תיתי, וואָס קען עס שאַדען, הא ?

תם פאַר וואָס ניט דרייא ?

שטאַנדהאַפט. פאַר וואָס טאַקע ניט פיער, פיער איז דען אַ סך ? וואָס איז דיא שטאַדט דאַרף דען ווייניג האָבען ? פון וואַנען וועט מען עס נעהמען אויף אלע הצטרכות ?

ספּאָדיק. (פערגלאָצט דיא אויגען און קרעכצט) אוודאי איז צרכי עמנו מרובים, יודען נעבעך דאַרפען זעהר פיעל האָבען, נוּא זאָל שוין זיין, אויב יאָ אזוי, טאַקע פינף, איין מאָל איז ניט רעכט קיין זוגות און צווייטענס צוא אַ גלייכען מספר דרייסיג.

ר' יוסף מהיכא תיתי: דרייסיג, זאָל זיין דרייסיג.

משה בעל תכלית. און איך זאג אייך, אַז דאָס איז חלעבען אויף קיין תכלית ניט, בערעכענט זיך נאָר גוט, וואָס איז דרייסיג קאָפּיקעס אין אַזאַ צייט ? פאלגט מיך חלעבען, לאָזט מיך אויף עפּעס פּריבּאָווען.

ר' יוסף. מהיכא-תיתי, חלעבען. זאָל ער עפּעס אויף פּריבּאָווען, ער איז דאָך אויך אַ פּאָפּעטשיטעל....

שטאַנדהאַפט. האַפּט זיך ניט אזוי צו, מיין ליעבער ר' משה ! אמת טאַקע איהר האָט רעכט, איהר האָט אויך אַ דעה, מען קען אָבער ניט אַלץ אויף איין מאָל, לע"ע דאַרפט איהר האָבען אזא רעכנונג, אין גלופּסק נעהט אוועק לערך פון 17 ביז 18 טויזענד אָקעס פלייש אַ וואָך, חוץ עופות, הייגט אַז מען ציהט אַרויף נאָך 5 קאָפּיקעס אויף דער אָקע מאַכט שוין דאָס ביסעל אַליין אוים לערך 900 רובעל אַ וואָך, אין אַ יאהר איז 52 וואָכען, קענט איהר אייך שוין אַליין צוא נויף רעכענען דיא סומע, דער ווייל מוזען מיר זיך בענוגענען מיט דער קליינער סוממע און ווייטער וועלען מיר זעהן, מען קען ניט אַלץ אויף איין מאָל.

ספּאָדיק. לאָם מיר זיך ר' משה, נוהג זיין וויא אונזערע הייליגע חכמים האָבען געזאָגט „תפסת מועט תפסת" לאָם מיר זיך לע"ע בענוגענען מיט דער קליינער סומע. אַ רחמנות חלעבען אויף דיא אָרעמע לייט, זאָלען זייא לכל הפּחות נעבעך ביסלעכוויז געוויינט ווערען.

תם. פאַר וואָס זאָלען מיר נעבעך ליידען ?

ספּאָדיק (מרייסט תם-ען) שאַ, חלעבען, ר' שמעיה, נוּא וואָס קען מען מאַכען, חלעבען נישקשה, השי"ת וועט אונז דערפאַר העלפען, בזכות זה טאַקע וואָס מיר טהוען פאַר דיא אָרעמע לייט וועט אונז השי"ת הטלפען, לע"ע זאָל אונזערע

איבערגעהן, דער נאך, וויא זאגט שטאנדהאפט, וועלען מיר זעהן, מען קען נים אויף איין מאל איבער ציהען דעם בוינען, געדיינקט איהר וויא מען האט זיך נוהג געווע־ זען תחילת ביז מען האט געשטעלט אויף 25 קאפיקעס, א רחמנות חלעבען אויף דיא ארעמע לייט, מען קען נים אלץ אויף איין מאל.

שטאנדהאפט. דער עולם זאגט, א גויעש שפריכווארט איז להבדיל וויא א גמרא,

טישע יעדעש דאלשע בודעש, דאס הייסט ר׳ איצע וואלף אויף יר־

רעש, אז מען פאהרט פאמעלעך, פאהרט מען ווייטער איין:

ספאדיק. וויא קומט צו זיי אזא גלייך ווערטעל? זיי האבען דאס אוודאי גענאשט

ביי יורען.... דער אמת איז טאקע מען טאר זיך נים איילען, מען דארף

נים אויף איין מאל איבערציהען דעם בוינען, פארשטייט איהר?

דיא כנופיא. מיר פערשטעהען, מיר פערשטעהען, פאר וואס זאללען מיר עס נים

פערשטעהן?!

---

# צווייטע סצענע.

דיא זעלביגע כנופיא. פיאווקין קומט אריין שטארק פרעהליך.

פיאווקין. א גוטע וואך! פאזדראוולייאיו אויף א פולער וואך! גאט האט געהאלפען,

עס איז אנגעקומען!.... איצט, זעהט איהר קומט א גלעזעל וויין. (ער

גיסט זיך אן א גלעזעל ווייר נקט אויס און פערבייסט מיט אייערלעך).

דיא כנופיא (שטארק פערוואונדערט) וואס אנגעקומען? הא, וואס אנגעקומען, וואס?

פיאווקין. דאס געלד! דיא אבשטשעסטווענע הונדערט טויזענד קערבלעך אנגע־

קומען.

דיא כנופיא (אין איין קול) וואס זאגט איהר?!

פיאווקין. דאס וואס איהר הערט.

ספאדיק (פערגלאצט דיא אויגען) איך דאנק דיר און לויב דיר גאט (צו תם־ען) גוא ר׳

שמעיה היינט זעהט איהר וויא השי״ת העלפט פאר עהרליכקייט, הא, וואס

האב איך אייך געזאגט, ערשט נים לאנג געזאגט? אט האט איהר א מופת!

בעל־תכלית. היינט זעהט איהר, אז אין גאנצען איך! איך טאקע האב אלץ געזאגט

וואס וועט זיין דער תכלית פון אזוי פיל געלד, וואס האט זיך פון דער

טאקסע אנגעזאמעלט ביי דער קאזנא נאך פון גאנץ לאנג? טאקע סאמע פון דער

הייסער מינוט, וואס מיר זיינען געוואָרען פּאָפּעטשיטעלעס כמעט פון דער ערשטער רגע האָב איך אַלץ געשריען, וואס וועט זיין דער תכלית פון אזוי פיעל געלד. פון אזא סומע געלד? לאָם מיר ארויסנעהמען דאס געלד!

ספּאָדיק. זעהט איהר, איך האב טאקע גוט געראטהען מען זאָל שרייבען, אז מען דארף דאס געלד אויף א ביקור חולים, דאס האט א סך געהאָלפען.

פּיאווקין. (מיט חניפה) יאָ, זיי טאקע האבען געזאָגט, א ביקור חולים האט ר' איצע וואָלף געזאָגט.

בעל־תכלית. א גרויסע חכמה, ער האט געזאָגט! וואס איז דאס פאר א תכלית? מען האט געדארפט פשוט איז פשוט ארויסנעהמען דאס געלד סתם, אזוי וואָלט געוועזען א סך בעסער, בכל האופנים בעסער!

ר' יוסף. מהיכא תיתי, אזוי וואלט טאקע געוועזען בעסער, סתם איז אוודאי בעסער!....

תם. ווער האט עס געדארפט וויסען וואס מיר וועלען מיט דעם געלד מאָהן? ווער האט זיך צו מישען אין אונזערע עסקים? מיר זיינען דאָך פּאָפּעטשיטעלעס!

שטאנדהאפּט. מען האט דאך געמוזט וויזען דער קאזנא אויף וואס מען פער־ברויכט דאס געלד. דעם חשבון מאכען, דאס איז שוין אונזער זאך.

ספּאָדיק. (טרייסט תם־ען) חלעבען זארגט ניט, ר' שמעיה, השי"ת וועט העלפען נייש־קשה חלעבען, אזוי איז בעסער. פארשטעהט איהר?

דיא כנופיא. מיר פערשטעהען, מיר פערשטעהען, פאר וואס זאלען מיר עס ניט פערשטעהן.

פּיאווקין (מיט א גנבה שמייכעלע צו ר' משה בעל תכלית) גלויבט מיר. ר' משה, איך פערשטעה אויך א תכלית זאך, וואס עס נוצט פאר דער שטאָדט. עס וועט אויסקומען איהי"ש וויא מען זאָגט אגיל ואשמה, קיילעכדיג און שפּיציג!....

שטאנדהאפּט. איצט רבותים! דארף מען זיך בעטראכטען וואס מיר האבען מיט דיא איבעריגע געלד צו טאָן. פארשטעהט איהר?

בעל תכלית (מיט א זיס שמייכעלע). איך האב געוואָלט בעטען דער פון א גמילות חסד.

ר' יוסף. מהיכא תיתי, מיר אויך א גמילות חסד.

פּיאווקין (צו ר' משה בעל תכלית) נו א גמילות חסד דאס איז דאך א מצוה, א יודי־שע זאך, דאס איז דאך איינס פון דיא דברים שאין להם שיעור. (צוא זיך אליין און דער זייט מיט א שמייכעלע) דער פאר וועט דיא שטאדט האבען עולם הבא!...

ספאַדיק. איך וואָלט געוואָלט בעטען א זעקס זיעבען טויזענד קערבלעך אויף קאָב־
צינסקעס אַטראַטע.

שטאַנדהאַפט. מיין דעה וואָלט געוועזען אז מען זאָל דער ווייל דיא געלד איינ־
ליינען.

ר׳ יוסף. מהיכא תיתי, ליינט עס איין ביי מיר.

בעל תכלית. ביי אייך ר׳ יוסף איז קיין תכלית ניט איך קען בעסער פּאַרמאָגן געלד,
איך האָב גראד איצט א פּלאַן.

שטאַנדהאַפט. א פּלאַן האָב איך א בעסערען, איך נעהם דיא געלד אויף מיר.

דיא כנופיא (אין איין קול) ניין, ניין, אזוי איז ניט גוט, זאָל בעסער זיין וויא פריהער.

תם. מיר קומט פון דער שטאָדט געלד, וואס האט מען געבעך צו מיר?

ספּאַדיק. און מיך קומט אויך פון דער שטאָדט געלד פערשטעהט איהר?

דיא כנופיאָ. מיר פערשטעהען, פאר וואס זאלען מיר עס ניט פערשטעהן? אונז
קומט אויך געלד פון דער שטאָדט....

פּיאַווקין (דער וויל צו זיך אליין אַן דער זייט) איך פערשטעה, איך פערשטעה, עס קומט
זיי ניט פון א יחיד, א שטיינער פון דעם, יענעם, נאָר גלאט סתם פון דער
שטאָדט דאס איז א גרויסער חילוק (צו דער כנופיאָ מיט חניפה) עס פאַרשטעהט זיך
עס קומט אייך פון דער שטאדט, איך בין איין עדות עס קומט אייך.

בעל תכלית. נוא וואָס וועט זיין דער תכלית פון דעם וויין, בראַנפען, גאַנז, אייטער־
לעך? מען דארף עס אויסטרינקען, אויפעסען, איך בעט אייך טהוט
עפּעס, לאָזט זיך ניט בעטען.

ר׳ יוסף. מהיכא־תיתי, עס חאַלעשט מיר טאַקע דאס האַרץ (ער נעהמט א כוס אין
דער האַנד) לחיים מיט אלע פּרושים! לחיים! מהיכאָ תיתי, אידען זאָלען
נעבעך אויפגעריכט ווערען. מהיכאָ תיתי, ר׳ איצע וואָלף, זאָל זיין אזוי וויא איהר
זאָגט, אידען זאָלען בלייבען דאס וואס זייא זיינען, מהיכאָ תיתי, הא? אזוי איז
אוודאי בעסער.

דיא כנופיאָ. לחיים, לחיים! אידען זאָלען טאַקע בלייבען דאס וואס זיי זיינען, השי״ת
זאָל אויף אונז רחמנות האבען (מען טרינקט און מען עסט).



# דריטע סצענע.

**דיא כנופיא** איז אביסעל פארלעקט, זינגען אליהו'ס גאנץ פרעהליך, שטאנדהאפט זיצט אין א ווינקעלע, רייבערט א ציגאר און סודעט זיך מיט פיאווקינגען. דיא גלאסנעס קומען אריין אין פאר חדר.

**דיא גלאסנעס** (פערוואונדערט איינער פון איין זייט, דער אנדערער פון דער אנדערער זייט מחיר)

מען טרינקט, מען עסט, מען איז פרעהליך! איז דאס גלאט א מלוה מלכה אדער אפשר עפעס טאקע א שמחה!

**איין גלאסנע.** אָן איז פיאווקין! מען דארף איהם א וואונק טהאן און איהם פרעגען.

**צווייטער גלאסנע.** א! איך ווייס שוין, עס איז א חתונה, עס איז א גוטע חתונה! איך קען דיא כלה, זעהר א שעהנע!

**ערשטער גלאסנע** (נאך מעהר פערוואונדערט) ווער חתונה? ווער כלה?!

**צווייטער גלאסנע** (מיט א שמייכעלע) דיא קאץ! מען מאכט חתונה דיא קאץ,

**ערשטער גלאסנע.** דוא ביזט משוגע!

**צווייטער גלאסנע.** דוא ביזט חסר דעה! דוא קענסט זיך ניט אנשטויסען, דוא האסט ניש קיין שכל פאר א קאץ. איך זאג דיר טאקע נאך אמאל; מען מאכט חתונה דיא קאץ, דיא קאץ וואס איז היינט אנגעקומען דיא פאפעטשיטעלעס, דיא שיינע אבשצעסנוויענער קאץ, היינט פערשטעהסט דוא שוין? יא, א שיינע כלה, זיי מעגען זיך פרעהען.

**ערשטער גלאסנע.** א־א־! ! אט איצט פערשטעה איך. דיא קאפ איז מיר היינט אזוי פערשלאגען, אז איך ווייס אסור ניט אויף וועלכער וועלט איך בין. א קאטאוועס עפעס? מיר קענען חלילה פערפוילט ווערען אין אסטראג!

**צווייטער גלאסנע.** און דא טאר מען נאך ניט זאגען דיא פאפעטשיטעלעס א גראב ווארט! ווער האט דען אונז געמאכט און ווער קען אונז וויעדער אויסמאכען ווען ניט טאקע זיי!... בפרט נאך איצט, אז עס איז דיא צייט פון דיא וויבארעס. גוט איז טאקע נאר פיאווקינען, ער ווייסט ניט דעם טעם פון וויבארעס ער פערלעבט קהל'ס געלד וויא פיעל ער וויל און טאנצט אויף אלע חתונות. ער וועט, נישקשה, פון דער חתונה אויך אראפ נעהמען א גוט רח"ש!

**ערשטער גלאסנע.** וואס וועלען מיר דא שטעהן. דער נאלאווא ווארט אויף אונז אין איינע צרות עס ציטערט נעבעך אויף איהם דיא הויט. (זיי געהן אריין אין חדר צו דיא פאפעטשיטעלעס).

די כנופיא (צו די גלאַסנעס) א! ברוכים הבאים! זיטצט, מאכט ברכה, חאפט עפעס!

די גלאסנעס. א שיינעם דאנק. עס איז איצט אונז ניט אין קאָפּ. דער רעוויזאָר איז געקומען!

שטאנדהאפט (א ביסעל דערשראָקען) וואס, א רעוויזאָר, א רעוויזאָר איז געקומען!

פּיאווקין (גיט א מאך מיט דער האַנד) א וואַזשנע זאך! וואס איז דאָ אזוינס, אז ער איז געקומען?

ספּאָדיק (קרעכצעט) אך זעהר א שווערער גלות! אָט האָט איהר א רעוויזאר! מיר זיינען בעונותינו הרבים אין גלות, השי"ת זאל רחמנות האבען.

ר' יוסף. מהיכא־תיתי, אוודאי וואלט בעסער געווען, מיר זאלען ניט זיין אין גלות.

תם. נאט אייך א רעוויזאָר אויף אונזער קאָפּ! פאר וואס זאלען מיר נעבעך מעהר פון אלעמען ליידען גלות?

בעל תכלית. א שיינער תכלית חלעבען! נו מיילע אז ער איז געקומען, וועמען נעהט עס אָן?

די גלאסנעס. סטייטש, ער וועט מאָרגען רעווערירען די ביכער אין דער דומע! דאָרטען וועט ער געפינען די פּראָביעלען, מחמת איהר האט שוין אזא לאנגע צייט ניט אריינגעטראָגען, וויא עס געהער צו זיין, די ראטע פון דער טאקסע, און אין דער קאסע פעהלט געלד. האט אויף אונז ניט קיין פאר איבעל, וואס מיר זאגען אייך. דער גאָלאָווא געהט ארום אָן א קאפּ, מיר ווערען אויך שיעור ניט משוגע פאר פחד. איהר ווייסט מיט וואס דאס שמעקט? דאס שמעקט מיט סיביר, שמעקט עס!

פיאווקין. אז איהר האט מירא לייענט קריאת שמע. נייט, זאג איך אייך זאגט דעם גאלאווא ער זאל, דער נאר, קיין מורא ניט האבען.

ספאד־ק. עס וועט מסתמא מיט גאטס הילף זיין רעכט, פארשטעהט איהר?

די כנופיא. מיר פערשטעהען, מיר פערשטעהען פאר וואס זאלען מיר עס ניט פער־שטעהן? מען דארף זיך נאר מכח דעם אביסעל מישב זיין (וויא אלע, חוץ די גלאסנעס, געהן אריין אין איין אנדער חדר).



# פערטע סצענע.

**דיא גלאסנעם אליין, דער נאך דיא גאנצע כנופיא.**

ערשטער גלאסנע (קוקט אויף דעם טיש) זיי האבען זיך דא אפנים גוט משמח געווע־
זען! זעה נאר זעה וואס איז אנגעשטעלט אויף דעם טיש.

צווייטער גלאסנע. זיי מעגען זיך פרעהען, זיי האבען גוטע יאהרען, א קליינינקייט,
זיי האבען איין ארענדע אן ראטע! וואס א טאג פארגרעסערט
מען דעם מקח פון פלייש, ארעמע לייט ווערען פערשווארצט, עסען ביינער, קדחת
רביעית, זיי האבען נישקשה אין דיא עטליכע יאהר, וואס זייא זיינען פאפעטשיטע־
כעס אננעשאטען פעסער מיט גאלד!

ערשטער גלאסנע (מיט א ביטער שמייכעלע) זייא האבען דאך גענומען דיא טאקסע
פאר דער שטאדט, זייא האבען דאך א טובה געטהאן דער
שטאדט.

צווייטער גלאסנע. א שיינע טובה חלעבען! זיי ווערען נתעשר און אויף דער שטאט
נעבעך וואקסט ביסלעכווייז א נעדאיעס. מען קען שטארבען פון
אזעלכע טובות!

ערשטער גלאסנע. איך מיין, דיא בעלי טובות ועלען זיך מארגען אפ שאקלען מיט
א היבשען גראשען!

צווייטער גלאסנע. זיי וועלען נישקשה ניט דער ליינען פון זייער קעשענע. איך מיין
מארגען וועט טהייערער ווערען דער מקח פון פלייש, אוודאי
מעהר מיט עטליכע קאפיקעס אויף דער אקע! פון זייער היינטיגער אסיפה מיין
איך וועט דער שטאדט קיין גוטס הערויסקומען.

ערשטער גלאסנע. וואס זאגסט דוא! עס איז שוין אהן דעם אויך זעהר טהייער
דער מקח פון פלייש, איך האב מורא, מען וועט שרייען.

צווייטער גלאסנע. ווער וועט שרייען? ! אום שטיינס נעזאגט ווער וועט זיך אנרו־
פען א ווארט? דוא קענסט ניט דיא הינע מענטשען, זיי זיינען
מרוסען, האבען מורא פאר א פליג. מען מעג זיי אפילו דעם קאפ אפדרעהען וועט
כען זיי ניט ריידען קיין ווארט

ערשטער גלאסנע. חלעבען א רחמנות, וואס זאלען זייא נעבעך טהאן? מיר אליין
האבען דען ניט מורא? צו ווישען אונז נערעדט, פאר וואס זע־

העען מיר צוא דיא עוולות אוך שווייגען? פאר וואס קוקען מיר אוועק אן דער זייט און זאגען אמן אויף אלס דינג וואס זיי טהוען? ווארום מיר האבען טאקע פאר זיי מורא, זיי קענען אונז אוים מאַכען, ווארום מיר ווילען נים בלייבען אָהן ברויט אונ־זערע ווייבער און קינדער זאלען חכילה ליידען. פאדלעצעס וועלען מיר זיין סאַי וויא סאַי. האלטען מיר מיט זיי, האט מען דאך נישט צו ריידען אז מיר זיינען פאָדלע־צעס, און ווען מיר זאלען ארויסטרעטען אקעגען זייא, וועלען זייא אזוי לאנג דרייען וואו מען דארף און אונז מאכען פאר פאָדלעצעס, זיי זיינען תקיפים, זיי האבען אלע מיטעל, זיי וועלען בלייבען גערעכט און אונז ועט מען אָפגעבען פאדסוד. איז דאך גלייכער טאַקע דער ערשטער פאל, ווענינסטענס האבען מיר ברויט און הייסען פאר דער וועלט עהרליכע לייט. אין צווייטען פאל וועלען מיר שטארבען פאר הונגער, מיר וועלען נאך הייסען פאר דער וועלט פאָדלע מענטשען און זיין פאָדסוד דיא אָבסטאָיאטעלסטוועס זיינען אין דער וועלט אזוי פערדרעהט, אזוי פערפלוטעט אז מען קען נים זיין קיין עהרליכע לייט, וויא שטארק אפילו מען זאל וועלען. אויב מען וויל העלפען דיא מענטשען און ארויף פיהרען זיי אויף דעם רעכטען וועג איז קיין אנדער מיטעל ניטאָ נאר אויף פלאנטערען דאס קניפעל און עוקר זיין דאס שלעכטס מן השרש. דאס קניפעל אבער אויף פלאנטערען קען נאר דער וואס האט אין זיין האנד א גרויסען כח, דער צוא נאך א גוטע ראיה, איין ריכטיגען און איין אמת׳ען בליק....

צווייטער גלאסנע. אי, עפעס רעדסט דו איצט וויא א גאנצער פילוסוף! איך האב דיך אסור קיין מאל נים געהאלטען פאר אזא פילוסוף!

ערשטער גלאסנע. נארעלע, דיא אומשטענדען מאכען דעם מענטשען פאר אלס דינג! איך רייד דאס, וואס איך פיעל ביי מיר אז איך וויל מיט דעם גאנצען הארצען זיין אן עהרליכער מאן, נאר איך קען נישט, מען ציהט מיך מיט גוואלד אריין אין דער גען, דאס קנעפעל—דוא ווייסט דאך ועמען איך מיין— פארפוטעט מיך מיט גוואלד, איך וויל לעבען אויף דער וועלט, איך האב ליעב מיין ווייב און קינדער, און וויל נים זיי זאלען ליידען דחקות, איך וויל זיי נים פערשוואר־צען דאס פנים און וויל הייסען פאר דער וועלט א שטילער מענטש, איין עהרליכער מאן, דעריבער מוז איך מיר האלטען אין דעם שטארקען קניפעל און זיין אפאדלעץ.. לאך נים פון מיר, משה, איך בין אסור נים קיין פילוסוף, נאר א פראסט מענשעל איך זאג דא גיט קיין גרויסע חכמות. נאר דאס וואס איך זעה און פיהל. אדרבה, זאי זיך מודה, דוא זאגסט נים דאס זעלבינע וואס איך?

צווייטער גלאַסנע. הערסט דוא בעסער, וואס איך וועל דיר זאָגען, אז ווייטער דאַר פען מיר שוין קיין נארען ניט זיין, מיר ווייסען דאך יא אלע זייערע שטומשקעס, נוא דארף מען זייא האלטען, פאַר דעם קאָפּ, אז וועניגסטענס פאר גלאַסנעס מוזען זיי אונז וועלען.

ערשטער גלאַסנע. עפּעס מאכען זיי צו פיעל שיהות. עפּעס זיינען זייא זיך דארטען צוא פיעל מישב. דער גאלאווא נעבעך זיצט דער ווייל אין גע־האקטע וואונדען.

צווייטער גלאַסנע. שאַ, מען הערט שוין א קול אט דאכט זיך געהען זייא! — (דיא כנופיא קוממ אריין).

ספּאַדיק (צו דיא גלאַסנעס) נוא, גייט רוהיג א היים! פּיאווקין פאהרט היינט אריבער צו דעם רעוויזאָר....

דיא גלאַסנעס. אויב אזוי געהן מיר און האט אייך א גוטע נאכט!

פּיאווקין. ווארט, ווארט, אט געה איך אויך. איך וועל מיך אויך זעטצען פאהרען טאקע פאר איי׳ערע אויגען (ער זעגענט זיך מיט דער כנופיא און געהט אוועק מיט דיא גלאַסנעס).

---

## פינפטע סצענע.

**דיא כנופיא קלייבט זיך אוועק צוא געהן, פּלוצלונג קוממ אריין**

א חאליאסטרע בעלי מלאכות אָרעמע לייט.

דיא חאליאסטרע (אין איין קול) מיר בעטען אייך מחילה, רבותים! וואס מיר זיינען אייך מטריח, מיר זיינען דאך נישט מעהר וויא פּראסטע מענטשעלעך.

דיא כנופיא (קוקט אָן דיא חאליאסטרע פערוואונדערט) זאגט געשווינד וואס איהר ווילט וואס ווילט איהר?

דיא חאליאסטרע. וואס זאלען מיר וועלען! עט. דערלעבט משיח׳ן. מה נאמר ומה נדבר, מיר זיינען חלעבען פּראסטע מענטשעלעך. זייט אונז מוחל רבותים. אט האט איהר! וואס אויף דער לונג דאס אויף דער צונג....

דיא כנופיא. מיר ווייסען ניט וואס איהר ווילט. זאל איינער ריידען!

א שניידער׳ל. מאַקע וואו תורה דאָרטען איז חכמה. לאָזט מיך. איך וועל ריידען.
לב יודע מרת נימעל. ר׳ איצע וואָלף נישקשה קען מיך. איך האָב זיי אמ׳ל פערלאָטעט דעם הינטער חלק... פראָסטע איז מאָסטע רבותים! מען זעהט ניט דיא וועלט....

א שוסטער׳ל. שאַ, איך וועל ריידען! לאָזט מיך עולם, איך וועל ריידען! קיינער ווייסט ניט וועמען דער שוך קוועטשט, רבותים! נאָט זעהט וויא איך האָב מיר צו שטאָכען דיא הענד מיט דעם נאָל. זייט איך משער, איין ליכטעל אויף דער גאַנצער שטוב. אין איין ווינקעל איך מיט דיא פועלים. אין דעם אנדערען פליקט מיין ווייב פעדערען, מיר מוטשען זיך רבותים, אויף דעם שטיקעל ברויט, טאַקע פשוט בנפשו יביא לחמו, מיר עסען ווערים. מען זיצט אין נעץ און קעלט, דיא ליכטעל ברענט פינסטער, שפריטצט, שמעלצט זיך....

א קירזנער׳ל. (איין אויג פערהאנגען מיט אַ שטיקעל בלאָען צוקער פאַפּיער) זעהט, זעהט רבותים מיר האָבען שוין דיא ליכטלעך איין אויג ארויסגענומען! עפּעס ברענען זיי מיט א רויטען פלאַם אז עס שטעכט פשוט דיא אויגען וויא מיט א מע־סער און דער פאַר צאָהלען מיר דאָך אַזוי טהייער!

דיא כנופיא. נוא מילא וואס זשע ווילט איהר? וואס ווילט איהר פון אונז האָבען?

דיא חאַלאָסטרע. (אין איין קול, כמעט מיט א געוויין) האָט רחמנות אויף אונז אָרעמע לייט, מאַקע פריהער גאָט דער נאָך איהר! מיר האָבען שוין מעהר קיין כח ניט אויס צו האַלטען. דער צרענדאר פון דיא ליכט טהוט אונז אָן צרות, געבראָטענע לייד.

ספּאָדיק. שאַ, מען קען טויב ווערען פון אייער געשריי! זאָל חאָטשע איינער ריידען.

דער שניידער׳ל. שאַ שטילער עולם! ר׳ איצע וואָלף זאָגט דאָך מאַקע וויא א איד א למדן שאַ לאָזט מיך איך וועל ריידען! (צו ספּאָדיקען) מען דער לעבט קוים דעם שבת, א ביסעל אפּדיכען און זיצען נאָ ראָספּאַשקו ביים טיש מיט דיא ווייב און דיא קינדערלאָך. קוים אָבער האָב איך מיך נעכטען געזעצט צום טיש און האָב אָנגעהויבען ,,כל מקדש" האָבען דיא ליכט אנגעהויבען זיך צו שמעל־צען און צו שפּריצען מיינער חאָפּט א קוילעטש לינט אנטקעגען דיא ליכט, פון איין זייט, און פון דער אנדערער זייט, עס העלפט ניט. דיא ליכט קאַפּ, קאַפּ קאַפּ....

דער שוסטער׳ל. שאַ! איין אָקס האָט א לאַנגען צונג און קען קיין שופר ניט בלאָ־זען שאַ, לאָז מיך ריידען, איך וועל ריידען, (צו ספּאָדיקען) מה אני, מה חיי. איך בין א גרויסער עני. א גאַנצע וואָך וויא מען לעבט לעבט מען, שבת

פערזוכצט מען א משכן חאָטשע זיך פליישיג מאכען, חאָטשע פערזוכען א ביסעל נעקעכץ. מיט וואס פאר א שמחה קוקען דיא קינדערלאך נעבעך ארויס אויף דעם פרייטיג צו נאכט, עפעס א לעק טהאָן, עפעס א חאפּ טהאָן.... נוא זאָגט איהר געוועזען זעהען וויא מיין ווייב האט נאר אויפגענעבען נעכטען דיא שיסעל צום טיש האט זיך צופלאָכטען דער קנוים פון דיא ליכט און אויסגעפלאקערט אין איין מינוט אז מיר האָבען געמוזט דאס ביסעל לאָקשען אין דער פינסטער אויסזופען....

דיא כנופיא. וואס—זשע זיינען מיר שולדיג? וואס ווילט איהר פון אונז האבען?

דיא חאליאסטרע. מיר בעטען אייך מחילה רבותים. דער ארענדאר פון דיא ליכט פארענטפערט זיך אלץ, וואס איז, איהר נעהמט ביי איהם 1200 קערבלעך א יאָהר!

דיא כנופיא (אויפגעבראכט) מיר נעהמען דאך דאס געלד טאקע פאר אייך, טאקע לטובה פאר דיא ארעמע לייט!

אייגער פון דער האליאסטרע. אויף דעם סמך מישט ער חזיר אין דיא ליכט, און לייזט מיט עטליכע גראָשען טהייערער פאר איין אָקע.

דאס טראָגט איהם א יאָהר איין נאך א סך געלד!

נאך איינער. און אין נאנצען ווער ליידעט? מיר, טאקע מיר ארעמע לייט. ביי דיא נגידים ברענען לאָמפּען, אדער שטערען ליכט, זיי קערען זיך גאר ניט אן מיט דעם ארענדאר. פון אונז נעבעך לופעט ער דיא הויט....

דיא חאליאסטרע (אין איין קול) געוואלד, האט רחמנות, פערקויפט אונז ניט צוא דעם ארענדאר.

דיא כנופיא. סטייטש מיר נעהמען דאך בייא איהם דאס געלד פון אייער טובה וועגען.

דיא חאליאסטרע. דיא טובה קאסט אונז זעהר טהייער!...... מיר בעטען אייך נעהמט ניט בייא דעם ארענדאר דאס געלד זאָל ער ניט האבען קיין תירוץ. האט רחמנות, טהוט אונז ניט דיא טובה און נעהמט בייא איהם ניט דאס געלד!....

ספּאדיק. א האָזע א ביסעל פון עמי-הארצים, זיי קומען אונז זאגען א דעה!! —

תם. אט האט איהר אידען, נעה טהו זיי טובות!......

בעל תכלית. א שעהנער תכלית הלעבען, ניט נעהמען בייא דעם ארענדאר קיין געלד!......

ר׳ יוסף. מהיכא תיתי. וואס ארט עס זייא ?

שטאנדהאפט. וואס האט איהר זיך דא געשטעלט מיט זיי טענהן, מיט אירען ווילט איהר אויסקומען!

דער שוסטער׳ל (נעהמט ארויס פון אונטער דער פאָלע א ליכט) גאט זעהט מיט אייערע אויגען, אט האב איך אייך געבראכט אויף א צוקאוועשץ א ליכט.

ספאדיק. הוכטאיי. וואס האלסט דוא א חלעבנע ליכט אין דיא הענד! אוועק טרייפניאק! אוועק פון מיינע אויגען!

דיא כנופיא (אויף א קול צו דער חאליאסטרע) געהט אייך, זייט מוחל, געהט אייך מען דארף ניט אייער דעה, לערנט אונז ניט קיין שכל. מסתמא ווייסען מיר וואס מיר טהוען!

דיא חאליאסטרע. אז אך און וועה איז אונז! (איינער ברעכט דיא הענד דער אנדערער שלאָגט מיט א קולאַק זיך אין הארצען און דער דריטער אין קאָפּ, אלע גע־בען א קרעכץ אין איין קול און געהען ארויס).

דיא כנופיא. געלויבט איז גאט מען איז זייערער פטור געוואָרען!

ספאדיק. מיר איז שוין צייט צו געהן. מארגען דארף איך פריה אויפשטעהן איך האב א פאאר ברית׳לעך, פון דארטען דארף איך געהן אויף א בר מצוה, און פארנאכט בין איך מיט מסדר קדושין.

דיא כנופיא. אונז איז שוין אויך צייט צו געהן. א גוטע נאכט ר׳ משה! פארגעסט ניט, און זאגט איהר טאקע, זייט מוחל, אז מארגען גאנץ פריה שינדע־רען מכה דעם מקח, מכה אחת וחמש.

בעל תכלית. פאלגט מיך, איך בעט אייך, זאל זיין חאטשע אחת ושש.

דיא כנופיא (צו ספאָדיקען) טהוט איהם שוין ר׳ איצע וואלף צו ליעב. מארגען דארף אבלייז פאר יענעם האבען געלד......

ספאדיק (קווייכקעלט זיך) חלעבען עס טהוט מיר וועה דאס הארץ. א רחמנות חלע־בען אויף דיא ארעמע לייט, אויף דיא ארעמע יודען נעבעך! והרץ לזה איז טאקע ניט רעכט קיין זונות איהר ווייסט דאך איך האב פיינט זונות.

בעל תכלית. נוא זאל זשע זיין אחת ושבע.

ספאדיק (קנייטשט דעם שטערען גיט א מאך מיט דיא אקסלען) טא!

דיא כנופיא. נוא, נוא זאל שוין בלייבען אחת ושבע, אחת ושבע, א גוטע נאכט! (אלע געהען ארויס).

---

# דריטער אקט.

**דא ווערט פארגעשטעלט וויא מען האט עטליכע יאהר נאך דעם נעפּרואווט ארויסשטעלען אנטקעגנען דיא פאפּעטש־טעלעס פון דער טאקסע.**

## ערשטע סצענע.

**שינדער און קנעכטבארג אין דעם פּראָיעקט.**

קנעכטבארג. איך זאג אייך, מיין ליבער ר׳ יוסעל, אז עס איז ניטא קיין מזל העלפט נאר ניט קיין חכמות, אז דאס פּיצעלע מזל איז ניטא העלפט ניט אלע הסברות אונזערע הייליגע חכמים האבען טאקע רעכט, וואס זייא האבען געזאגט: מזל מחכים מזל מעשיר, דאס הייסט, דאס מזל מאכט קלוג, דאס מזל מאכט רייך. מען זעהט עס ארויס טאקע בהויש.

שינדער. גאנץ ריכטיג ר׳ אהרן! נאר אנטקעגנען וואס זאגט איהר עס?

קנעכטבארג. איטליכער ווארים האט א דארים איך זאָג אייך אנטקעגנען אונז ביי־דען. מיר קענען זיך שוין בה״ש פון א גאנץ לאנגער צייט, אז איהר זייט נאך געזעסען אין אייער שטעדטעל. איהר וועט מודה זיין, אז איך פערשטעה איין עסק ניט ערגער פון אייך. איך קען אויפטאָן אמאָל איין אויבער־הסברה, פּאלען אויף א עצה׳לע מאכען א פּלאָן, איין אָפּשניצעלע און געפינען א קנייטשעלע, פון דעסטוועגען נעהט עס מיר. שלימזל, תמיד מיט דער פוטער אראָפּ, און אייך ר׳ יוסעל, נעהט עס אן עין הרע גאנץ גוט.

שינדער. חלעבען ר׳ אהרן עס איז ניט אזוי דיא מעשה. וואס איז מיר דאָ אזוי גוט? חלעבען עס האט מיר גענומען בעסער זיין.

קנעכטבארג. אי פע, זינדיגט ניט חלעבען ר׳ יוסעל! איך האב דאך ליעב דעם אמת. אהער זייט איהר אָנגעקומען א קליינשטעדטעלדיג יודעלע, אהן א העל־לער. עס האט אייך תמיד געפעלט אויף שבת, דיא ערד איז פשוט אויף אייך גע־לעגען, נליקליך וואָלט איהר אייך געשעצט צו געהמען ערגעץ אכט ניכען אוואָך שכירות, אזוי אָרעם זייט איהר געבעך געוועזען—וואס איז, דאס איז דען א חרפה? ארעם איז ניט קיין שאנד—און היינט ב״ה אויסער אייער שאָדען אויף מיר, אויף אלע אידישע קינדער געזאגט געווארען! איהר האט זיך נשקשה גוט אריינגעחאפּט אין דער טאקסע, איהר זייט בעגעהט און בעקליידט, לעבט אין גרויס וואוילטאג,

עסט פלייש דארע קישקעס, לעדוועצעס, אייטערלעך און טרינקט זעהר אפט א גוט גלעזעלע וויין. וואס פעהלט אייך? איהר זייט אן עיןהרע געזונד, פעט, לויטער מיט אהדרת פנים און האט זעהר א גוטע עלטער. איהר האט, צווישען אונז גערעדט. קיינמאל אייך, אזוי נים געוואונטשען.

שינדער. מ׳טע! איך האב חלילה צו גאט קיין פרעטענזיעס ניט, נאר. פון דעסט־ וועגען, גלויבט מיר ר׳ אהרן. איז פארט נים אזוי דיא מעשה וויא שונאים זאגען.

ק:עכטבארג. איך בין אייך אסור נים קיין שונא. פארקעהרט, וואס איך ווינטש אייך זאל עס מאקע אייך זיין.... אט האט איהר דעם בעסטען סימן: נאר אז עס איז געקומען צו רייד זאג איך אייך דעם אמת, אז זינט איהר האט זיך אריינגעחאפט אין פראיעקט לעבט איהר וויא א שררה און האט נאך דערצו שעה־ נע עטליכע טויזענד איינענס, וואס האט איהר זיך דער מיט צוא שעהמען? פאר־ קעהרט, אדרבה.... דיא גאנצע וועלט וייסט וויא טרייא איהר דיענט דיא פאפע־ טשיטעלעס, איהר ברייננט זיי איין א יאהר גרובעס גאלד, איהר טוינט, איהר קענט זיך אפרעכענען מיט דעם היגען עולם און האלטען זיי אונטער דעם פראלניק, מען קען אייערם חלילה ביי איך נים אוועק נעהמען, איהר האט זיך ככל דער מיט נים וואס צו שעהמען, פארקעהרט, אדרבה.... מיר אנטקעגען געהט עס נים, חאטשע צערייס זיך! איך האב שוין געפרואווט אויפנעבען דער שטאדט, דיא פאפעטשי־ טעלעם מיין איך, גאנץ שעהנע פראיעקטען וויא עס קען ווערען א קערבעל, איך האב מיך נעווארפען אהין און אהער, אומזיסט! עס געהט נים. חאטשע טהו זיך דא, שונא ציון, א מעשה אן, איך זאג אייך מאקע נאך אמאל בפירוש, אז עס פעהלט דאס פיצעלע מזל, דאס פיצעלע גליק, העלפט נאר נים קיין חכמות!

שינדער (גיט אקוק אין פענסטער און ווערט בלייך) זעהט נאר, זעהט! עפעס נעהט א הער א גאנצער נאראד מענטשען, זייא זיינגען עפעס שטארק אין כעס און שרייען.

קנעכטבארג (גיט אויך אקוק אין פענסטער) און בראש געהט דארטען לאקשעוויץ און פרידעל דער קליינער. זיי זיינען שוין נאהענט, אט, אט זיינען זיי!



# צווייטע סצענע.

**דיא פריהערדיגע. דיא טהיר פון דעם פראיעקט עפענט זיך אויף מיט אימפעט, און דער נאראד שטויסט זיך אריין:**

לאקשעוויץ אויף א קול צום נאראד) שרייעט צאן קדשים! דא איז דאס ארט, וואס מען שערט אייך, וואס מען לופעט אייך!.... דא איז דאס ארט, וואס דיא בעלי טובות נעוועלטינטן און גיבען ארויס גזרות רעות, וויא אזוי מען זאל ביי אייך דאס לעצטע ארויסדראפען!

פרידעל (צום נאראד) שרייט, וויינט, פילדערט יודען! פאר וואס זייט איהר פלוצלים נעבליעבען ישטיל? פאר ווענען האט איהר מורא?

א קול אין דעם נאראד. טאקע באמת פאר וואס זאלען מיר זיין וויא שאף, וואס מען שערט זייא, און זייא שווייגען? טאקע באמת טאקע, וואס האבען מיר מורא פאר דיא בעלי טובות?

א שניידער. מיר זיינען שוין קראנק פון דיא טובות! מיר ווען חלילה שטארבען פון זייערע טובות!

א שוסטער׳ל. וואו איז אהיננעקומען אזוי פיעל געלד? אזוי פיעל יודעש בלוט?

א קול פון דעם נאראד. א נוזמא מעהר פון זעקס הונדערט טויזענד קערבלעך!....

א באנדער. זאלען זייא אבגעבען חשבון! פאר וואס זאלען זייא ניט אפגעבען קיין חשבון?

א סטאליער. א מלוכה אפילו ניט דאך אויך אפ א חשבון! סטייטש וואו זיינען דיא פארמענע ביכער? זאלען זיי ווייזען דיא ביכער!

א מילער. ספאדיק, טהוט אוים דיא קאפאטע! דאס איז מיין קאפאטע!

א קירזשנער (ווייזט מיט דער האנד אויף שינדערען) אט איז דער שינדער, דער בלוט־זיינער! קוקט איהם נאר אן דעם גרויסען יאלד מיט דיא וואנטשעס, ער האט א פנים וויא א וואלף!

איינער פון דעם נאראד. ניין, ער האט א פנים וויא א קאץ!

א צווייטער. וויא א צאפ!

א דריטער. נים איהם א טאפ!

א פיערטער. א נוא, נים איהם א חאפ!

א פינפטער. א דוא אלטער סקראב!

א זעקסטער. וואו איז ער דער דראב! (שינדער בעהאלט זיך הינטער קנעכטבארגס פלייצע)

לאָקשעוויץ. וואס טוינ ער אייך? זשינדער איז דאך נישט מעהר וויא א הונד, וויא א נעטרייער הונד! זאג שינדערע, האב איך רעכט? זאג, זאג, ווארום ווען נים....

קנעכטבארג (צו שינדערען) וואס קען מען מען מאכען? זאגט איהם שוין ר' יוסעל, מען קען אייך נאך חלילה ברעכען דיא ביינער. זאגט יא, און ווערט פטור.

שינדער (מיט א ציטערדיג קול) יא ... איך טהו וואס מען הייסט מיר....

פרידעל. קומט עולם! צו זייער טרייף גליק זיינען דא ניטא דיא בעלי טובות.

א קול פון דעם נאראד. הלואי זאלען זייא שוין טאקע מעהר נים זיין! (דער נאראד געהט ארויס).

---

# דריטע סצענע.

שינדער און קנעכטבארג.

קנעכטבארג. וואס זאגט איהר, ר' יוסעל, צו דעם שיינעץ. צו לאָקשעוויצען? עס איז א האָזע, מען זאל אזוי בעליידינגען, אזוי מבזה זיין! ער איז דאך ווערט מען זאל איהם אריינליינען אין דער חית!

שינדער (מיט א רחמנות פנים) אדרבה, אדרבה, וואס זאגט איהר? הא, וואס זאגט איהר? מען זאל אזוי בעליידינגען!

קנעכטבארג. פון דעסטוועגען פאלט ביי אייך נים אראָפּ ר' יוסעל, וויא זאגט עפּעס שטאנדהאפט: נעחאיי ליודי מאָוו איא זדראָוו. דאס איז זעהר א גלייך ווערטעל. (נאכדעם אז ער טראכט אביסעל) אט איצט ר' יוסעל, קענט איהר מיר טהאן א טובה, טאקע א גרויסע טובה וויא איך בין א יוד!

שינדער. אָ, פון אייערטוועגען ר' אהרן, וואס נאר מעגליך.

קנעכטבארג. טאקע פון אייערטוועגען אויך א ביסעל. עס וועט אייך אויך ארויסקר מען א טובה, בהן שלי!

שינדער. נו זאָגט זשע שוין ר' אהרן, וואס איז דארטען אזוינס?

קנעכטבארג. איך האב בה"ש א גוטען פּלאן. איך בין מיט גאטס הילף, דאָ זיצענ־דיג, נעפאלען אויף א גוטער המצאה. וויא אזוי מען זאל דעם שיינעץ קאנסענען, וויא אזוי מען זאל האבען א קערבעל און וויא אזוי דאס זאל נאך היי־סען א מצוה! איהר ווייסט דאך, אז אהן א מצוה הייבט זיך בייא מיר קיין שום פּלאן נים אָן. נאָר אביסעל איז דאָ געוועגט אין אייך ר' יוסעל!

שינדער. נו זאגט זשע, ר׳ אהרן, אייער פּלאַן, איך בין ציקאווע צו וויסען.

קנעכטבארג. מיין פּלאן איז מען זאל אנהויבען מאכען, דאס הייסט שטאדט זאל מאכען, פונקט אזעלכע לאקשען (מאקראָנעס) וויא ביי לאקשעוויצען אין דער פאבריקע דאס פארדיענסט, פארשטעהט איהר, זאל הייסען גערט אויף דער תלמוד תורה, אויף דיא ארעמע קינדער נעבעך איך זאל זיין דער מתעסק אין דער מצוה, דער שיינעץ וועט שוין אראפּלאזען דיא נאז און וועט ניט מעהר בעז־ספּאקאיען דיא שטאדט, פערשטעהט איהר דיא המצאה?

שינדער. וואס זאל איך זאגען, עס איז אוודאי א גוטע המצאה, איך פערשטעה דעם שפּיץ פון דער המצאה. נאר דיא שאלה איז אבער, וואו נעהמט מען דיא קלינגערס אויף דער המצאה?

קנעכטבארג. אט דאס, מיין איך, ווענדט זיך אביסעל אין אייך. איהר זאלט פער־ווארפען פאר מיר א גוט ווארט פאר דיא פּאפּעטשיטעלעס זיי זאלען נאָר מרוצה ווערען, זיי זאלען מיר נאר מאכען פאר דעם מתעסק. מיט געלד וואלט איך שוין ניט נעהאט וואס צו זארגען. דיא שטאדט איז בה״ש גרויס, כען קען מא־כען א קערבעל, בפרט אויף אזא מצוה, אויף אזא שטאדט־זאך! דיא שטאדט, וועט עס דאך הייסען, געהט צונויפנעהמען געלד, מאקע פון דער שטאדטס טובה ווענען! נו פרעג איך אייך, ווער וועט נישט געבען קיין געלד? איך וואלט נאך אי היינט אנגעהויבען ארום צו געהן מאכען געלד, איין עברה חלעבען דיא צייט! אט איצט ר׳ יוסעל קענט איהר מיר א טובה טהאן. איהר זייט בה״ש א מזלדינגער, א מוצלח, שטארק אנגעזעהן ביי דער שטאדט, בייא דיא פּאפּעטשיטעליעס מיין איך. איהר פיהרט בה״ש אוים אלסדינג וואס איהר ווילט! איך בעט אייך טהוט עס פון מיינעטוועגען, פון א גוטען ברודערס וועגען, טהוט עס נעבעך פון מיין ווייב און קינדערס וועגען און טאקע אויך פון אייערט וועגען, עס וועט אייך מסתמא אויך דער פון ארויסקומען וויא איך בין א יוד!

שינדער. מיר וועלען זעהן, מיר וועלען זעהן! איך האף צו גאט איך וועל אייך פּער־עלען אייער בקשה, לאזט מיר נאר צו רוה א פּאאר שעה!

קנעכטבארג. יישר כח ר׳ יוסעל, פאר דער הבטחה! האט אייך א גוטען טאג! (ער עפענט דיא טהיר און קעהרט זיך ווידער צוריק) דיא פּאפּעטשיטעלעס נעהן אהער! איך בעט אייך ר׳ יוסעל! ר׳ יוסעל, איך בעט אייך, טהוט א טובה א גוטען ברודער! (ער געהט געשווינד ארויס).



# פיערטע סצענע *)

**איין אסיפה פון דער כנופיא פאפעטשיטעליעס אין פראיעקט.**
**שינדער זיצט אין א ווינקעלע און שרייבט סטשאטעס.**

בעל תכלית. עס איז א טאראראם, א נערודער צווישען דעם עולם. מען שרייט איי, קול חשבון! א שעהנער תכלית חלעבען!

ר׳ יוסף. מהיכא תיתי, וואס ארט עס זיי?

תם. איך וויים נים, וואס חשבון? מיר מוטשען זיך, מיר חלאפאטשען זיך נעבעך היבשע עטליכע יאהר אלץ לטובת הכלל, לטובת הכלל און היינט נאט אייך דעם דאנק, דעם יישר כח. גיעב זיי חשבון!

שטאנדהאפט. ווער זיי?! ווער זיינען זיי?! כאקשעוויץ, פרידעל דער קליינער מיט עטליכע פערכלעך קבצנים. בעלי מלאכות! אויך מיר מענטשען!

ספאדיק. אט ווער הערט זיי דיא הולטאיעס, דיא ליידינג געהער, דיא עמי־הארצים! איך פרעג אייך, ווער איז דיא שטאדט? מיר אדער דיא קבצנים, דיא בעלי מלאכות? הא, ווער איז דיא שטאדט, ווער איז דיא שטאדט פרעג איך.

בעל תכלית. נאך שעהנער. זיי שרייען ביכער! וויא זיינען דיא פארמענע ביכער? א שיינער תכלית, חלעבען, גיעב זיי ביכער!

ר׳ יוסף. מהיכא תיתי וואס ארט עס זיי?

תם. איך וויים נים וואס הייסט ביכער?! אט האט איהר דעם דאנק. נעה מוטשע זיך פאר יודען, טהו יודען טובות!

ספאדיק. וואס מיר ביכער! ווער מיר ביכער!—נישטא קיין ביכער, פערברענט נע־ווארען ביכער! פערשטעהט איהר?

דיא כנופיא. מיר פערשטעהען, מיר פערשטעהען, פאר וואס זאלען מיר עס נים פערשטעהן?

שטאנדהאפט. (א ביסעל מיט מורא) פון דעסטוועגען וואלט מיין עצה געוועזען מען זאל לאקשעוויצען פערשטופען דאס מויל, זאל ער נישט ברעשען.

---

*) אמר ר׳ מענדעלי. אין דעם כתב יד איז בעשריבען ביז דער סצענע נאך צוויא. נאר אזוי וויא זיי זיינען ערטערווייס פערפלעקט מיט טינט, און א חוץ דעם קען מען זיך אהן זיי אויך בעגעהן, האב איך זיי איבערגעפיהרט און אנגעהויבען גלייך פון דער דאזיגער סצענע. וואס זיא איז געשעהן אין עטליכע טעג ארום. גלויבט מיר יודען, אזוי איז א סך גלייכער.

בעל תכלית. א שיינער תכלית חלעבען, איטליכען פערשטופען! וויינינ מיילער דאר־
פען מיר נעבעך אהן דעם פערשטופען ? ! נישקשה, אפשר א זיבען,
אכט, ניין, צעהן אלמשטעטינע לייטעשע יודען מוזען מיר נעבעך פערשטופען דיא
מיילער !.... סטייטש פון וואנען לעבען זיי אז נים פון אונז ? !.

תם. פאר וואס נעבעך זאלען מיר ליידען ? פאר וואס זאלען מיר איטליכען פער־
שטופען ? פאר וואס זאלען מיר נעבעך איהם דאס מויל פערשטופען ?

ספאָדיק. מכות איהם ! דיא שטאדט האט פאר איהם קיין מורא ניט! וואס הערט
אזעלכען א שטאדט ! דיא שטאדט האט בה״ש וואו אהין צוטאן נעלד !
אוודאי איז איהם א רחמנות חלעבען אויף דיא ארעמע לייט, דערווייל בעזספאקאיעט
ער זיי נעבעך, דער גזלן, דער רוצח !....

תם. וואס האט ער זיך צו מישען אין אונזערע נעשעפטען ? מיר מישען זיך אין זיי־
נע עסקים ? מיר זאגען איהם דען א דעה ? אונז נייען אן זיינע עסקים ?

שטאנדהאפט (קלייערשט מיט שטארקיים) ניחאיי ליודי מאָוו איא זדאָראָוו ! (אביסעל
מיט מורא) זיי ארבייטען מעשים, מען זאל דיא טאקסע איבערנעבען
אין אנדערע הענד !

שינדער (צוגעהנדיג בהכנעה פון דעם ווינקעלע) דאס, ר׳ יודעל, האב איך שוין פריהער
בעווארענט. א חידוש חלעבען וואס איהר זאלט ניט וויסען ?

שטאנדהאפט (פערוואונדערט צו דער כנופיא) הא ! עס איז פאר מיר א סוד ?

ספאָדיק. חלילה ! ר׳ יוסעל איז נעפאלען זעהר אויף א גוטער עצה היינו מען זאָל
זיי שיקען זאגען : באשר אזוי וויא מיר האבען שוין אנגענרייט פאר דער
שטאדט א ים אקסען, פאר א נוזטע אקסען און האבען זעהר מרבה בהוצאה געווע־
זען, בכן זאל מען אונז טאקע באלד אומקעהרען נאר א גרויסע סומע נעלד מיט
אלע אונזערע אוביטקעס נעבעך. אלאָ נים זאלען מיר בלייבען אויף ווייטער, ביז
מיר וועלען אויסשעכטען דיא מחנה אָקסען. פערשטעהט איהר ?

שטאנדהאפט (מיט א שמייכעלע) איך פערשטעה, איך פערשטעה. זעהר גוט ! נוא
האט מען געשיקט זאגען ?

ספאדיק. א שאלה אביסעל ! פיאווקין איז נאך אין דער פריה נעגאנגען זיי זאגען.
דיא הולטאיעס, דיא בעלי מלאכות, דיא עמי הארצים האבען אויף גע־
מאכט איין אסיפה ! ! חא, חא, חא ! דיא גראָבע יונגען, דיא פראסטע מענטשע־
לעך מאכען אויף אסיפות !.... אז אך און וועה טאסע ציא היינטיגע צייטען, צוא

היינטינער וועלט עס איז בעונותינו הרבים געוואָרען א שיינע וועלט.... (ער זיפצ און קרעכצט).

דיא כנופיא (קרעכצט אויך) ניטאָ דיא אַמאָלעדינע צייטען! עס איז היינט גאר ניט דיא וועלט וואס פארצייטען!....

בעל תכלית. פריהער איז טאקע אין תכלית אריין געוועזען גוטע צייטען, יודען זיינען געוועזען פיין, שטיל, פאָקאָרנע און דיא ברכה האט עפּעס בעסער שורה געוועזען....

שינדער. פון דעסטוועגען קען נאך נאָט העלפען, עס זאלען זיך נאך אומקעהרען פריהערדינע יאָהרען, א מאָלעדינע צייטען...

(ער גיט א קוק אין פענסטער) אַט וועלען מיר שוין וויסען. פיאווקין נעהט!

# פינפטע סצענע.

דיא פריהערדיגע. פיאווקין קומט אריין מיט א פּאַפּיער אין דער האַנד.

דיא כנופיא (אונגעדולדיג) נו וואס איז? ר' ראובן! וואס האט איהר דאָרטען אזוי לאנג שיהות געמאכט?

פיאווקין (ווישט אָפּ מיט דער האַנד דאס פּנים) א ניחאי איך.... איך האב דאָרטען גע־האַט א גוט שטיקעל ארבייט, נישקשה! עס איז מיר ארויס דיא נשמה ביז וואַנען איך האב ארויסדערטאַפּט אָט א דאס! (ער ווייזט אויף דעם פּאַפּיער אין זיין האַנד).

שינדער (צו פיאווקינען) נו וואס, איהר האט געזאָגט? איהר האט זיי דאס געזאָגט?

פיאווקין. א חידוש אפילו אויב איך האב געזאגט! וואס דען, איך בין גלאט גע־גאנגען בעסעדעווען מיט דיא ממורים! עס איז מיר אוודאי ניחא געוועזען דאס לעבען צוא צוהערען זייערע שטעכווערטלעך אויף מיר, אויף אייך און אויף איטליכען פון אונז.

שטאנדהאפט (מיט שטאַרקייט קלויסערשט) ניחאי ליודי מאוו איא זדראוו.

דיא כנופיא. נוא מילאָ, מילאָ האבען זיי געזאָגט.... וואס איז בעסער געבליעבען, וואס איז דער סוף?

פיאווקין. דער סוף איז געבליעבען, איין ברירה, איהר זאָלט ווייטער בלייבען בזה האָוסן, אז מען זאָל צו אייך צו זעצען א פּאָר גייע.

בעל תכלית. א שיינער תכלית חכעבען, א פאָר נייע פארשוינען נאָט אייך אויף אונזער קאָפּ א נייע פאָר!

תם. פאר וואס נעבעך אלץ אויף אונזער קאָפּ? פאר וואס זאלען מיר אלץ ליידען?

פיאווקין. דאס איז נאך ניט חלעבען, אזא גרויס אומגליק. דיא צוויי נייע זיינען פון דיא דאָזיגע פיינע—בריה׳ס, וואס מען פערשטופּט זייא א בלייז שטילער־הייט דיא מייכער.... עס איז דאָ נאך א תנאי, נאך א יעזשעלע. נאָט אייך דעם פּרינגאָוואָר און לייענט! (ער גיט דעם גרויסען פריגאָוואָר, אויף עטליכע בויגען הערבאָווע פּאַ־פּיער מיט א סך חתימות, ספּאדיקען אין דער האַנד).

ספּאָדיק (קוקט אין פּאַפּיער וויא א האהן אין בני אדם און מאַכט מיט דיא אַקסלען) מאָ—טע... בע, בע.... נאָט לייענט איהר, זייט מוחל, ר׳ משה!

בעל תכלית (פּרואווט זיך לייענען) בע.... הא? ווארט, ווארט אביסעל.... עס איז דאַכט זיך אבוקי.

ר׳ יוסף (קוקט אַריין פון דער זייט) יאָ, טאקע חלעבען, דאַכט זיך אבוקי!

בעל תכלית (שטופּט אַריין געשווינד דעם פּריגאָוואָר ר׳ יוסיפען) אדרבה, חלעבען, לייענט איהר ר׳ יוסף! למאי זאָלט איהר זיך נעבעך מוטשען אריינקוקען פון דער זייט? איהר וועט נאָך חליכה קאליע מאַכען דיא האיה.

ר׳ יוסף (שטופּט אויך געשווינד אַריין דעם פּריגאָוואָר תמען) מהיכא—תיתי, ר׳ שמעיה, לייענט איהר, מהיכא—תיתי, איהר זייט דאָך עפּעס פאָרט עלטער, איהר האט מיט א צעהען יאָהר פריהער פאר מיר חתונה געהאַט.

תם (זעהר תאמעוואַטע) איך בין אייך שטאַנדהאַפּט מכבד מיט קריאת הפּרינגאָוואָר! איהר זייט דאָך א געלעהרנטער.

שטאַנדהאַפּט (קוועטשט זיך אַביסעל) בערד... בערדיט.... בערדיטש.... אך ניחאַי יעהאָ מאַמע מאָרדויע! וואָס פאָר א מין האַנד דאס איז. וואס איז דאס פאָר א צווייא אותיות צום סוף פון דעם דאָזיגען וואָרט? דאַכט זיך ע, ווע, און דערנאָך אטוויאָרדע זנאַק מאַכט עס צום סוף עוו.... אך ניחאַי יעהע... ווער וועט זיך שטעלען לייענען אזא כתב, זאנט פּשוט ר׳ ראובן, זאָגט וואס איז דאָ נאָך פאָר א תנאי, (ער גיט אָפּ פּיאווקינען דעם פּריגאָוואָר).

פּיאווקין. מען האט דאָ ארויסגעוואָרפען צוויי פון דיא אלטע פּאָפּעטשיטעליעס.

דיא כנופיא. וואס הייסט ארויסגעוואָרפען? למאי האט איהר גענומען אזא פּרינגאָוואָר?

פיאווקין (געלאסען). נישקשה. פערלאָזט זיך אויף מיר, איך פערשטעהט איין עסק.

דיא כנופיא. הא, ווענען ארויסגעוואָרפען, ווענען ?

פיאווקין. ר׳ משה׳ן און ר׳ שמעיה׳ן.

בעל תכלית. מיך. ? פאַר מיין מיה, פאַר מיין פראַצע.

תם (מיט א רחמנות פנים) פאר וואָס גראָד מיך, נעבעך מיך ?

פיאווקין. שאַ, חלעבען, נישקשה ! ווער הערט זיי, דיא שקצים ? מיט נאַטס הילף איך וועל זיי פיהרען אין באָד אריין, איך האב א גלייכע עצה וויא ארייג־צונארען זיי אין זאק.

דיא כנופיא. גיכער ר׳ ראובן ! זאָגט וואס האט איהר פאר איין עצה ?

פיאווקין. גאָר א פראָסטע עצה, היינו מען זאל זיך איצט גאָר פאַמעלעך אראָפּ־נעהמען דעם ערשטען בוינען פאַפּיער פון דעם אָפּגעחתמעטען פרינאָוואָר, צו ליינען אנשטאָדט דעם איין אנדער בוינען און דאָרט אריינשטעלען אלע אלטע געוועזענע פאָפּעטשיטעליעס וויא פריהער, דער צו נאך זאל מען בפירוש פריבאָווען אז דיא אָבשטשעסטווע וועהלט זיי אויס בזה הלשון: אזוי און אזוי וויא מען ווייסט זיכער, אז זיי, דיא פאָפּעטשיטעליעס, אזעלכע און אזעלכע, זיינען עהרליכע לייט, בעזוקאָריסטנע, זאָרגען תמיד נאר לטובת הכלל, חלאָפּאָטשען זיך

ספּאָדיק (פאַלט אריין אין דיא רייד) פריבאָוועט טאַקע נאך אויך „מוטשען זיך“ אזוי וועט זיין שטאַרקער.

בעל תכלית. פריבאָוועט אויך, זייא קוקען אין תכלית אריין, דאס וועט בעסער נעהמען.

פיאווקין (פראָדאָלזשאַיעט) חלאָפּאָטשען זיך, מוטשען זיך נעבעך קוקען אין תכלית אריין און בוייננען איין זעהר פיעל דער שטאָדט מיט זייערע תחבולות, מיט זייער גוטסקייט, מיט זייער פרומקייט און עהרליכקייט.

שטאַנדהאַפט (שלאָגט איבער דיא רייד) פריבאָוועט טאַקע אויך : מיט זייער בילדונג, מיט זייער אויפקלערונג ; דאס וועט א סך העלפען, איך ווייס מיט וואס צונעהמען....

פיאווקין (הייבט אן נאך אמאָל) מיט זייער גוטסקייט, מיט זייער בילדונג, מיט זייער אויפקלערונג, מיט זייער פרומקייט און עהרליכקייט לכן א פאָטאָמו, וועהלט מען זיי ווידער פאר פיהרער און מען בעפרייעט זיי פון חשבון, מען פערלאָזט זיך פריהער אויף נאָט, דער נאך טאַקע אויף זיי, אי פראָטשע, אי פראַטשע....

דיא כנופיא (פריעהליך) אך, זעהער גוט ר׳ ראובן! אט וואס הייסט לעהרנען אין א חדר!

ספאדיק. גאנץ גלייך, וואס איהר האט אריינגעשטעלט מען .בעפרייעט זייא פון חשבון פערשטעהט איהר?

דיא כנופיא. מיר פערשטעהען, פאר וואס זאלען מיר עס נים פערשטעהן, פאר וואס זאלען מיר עס נים פערשטעהן?

פיאווקין. הערט אבער דעם שפיטץ. אם—כן קען שוין דאך דער פרינאָוואָר אייך דיענען פאר א קוויט, אז איהר האט חכילה נים נהנה געוועזען פון אָרים געלד, און איהר האט שוין נים, פאר דער האנד לע״ע וואס מעהר מורא צו האבען, איצט פערשטעהט איהר למאי איך האב ביי זיי גענומען א פריגאָוואָר? גישקשה, איך האב זיי מיט נאָטס הילף אָפגעטאָן אויף טערקעש!

דיא כנופיא. אוודאי ר׳ ראובן, האט איהר זייא געפיהרט אין באד אריין! אוודאי האט איהר זיי געשטעלט א חופה! איצט זעהט איהר, וואלט מען זיך געדארפט נעהמען צו לאָקשעוויצען, צו דעם פּראָצענטניק מען זאָל איהם אפיק טאָן שטילערהייד, וואו מען דארף, זאל ער האבען זיך צו קראצען, זאל ער וייטער ווי־סען וויא זיך צו טשעפען מיט א שטאָדט!...

שטאנדהאָפט (מיט איין וואונק צו פיאווקינען) נו וואס הערט זיך מכח דעם, וואס איך האב אייך געזאָגט? האט איהר איהם שוין פער׳אָרנט?

פיאווקין. וואס קלעהרט איהר דאָ? מסתמא האב איך איהם שוין גוט פערטראכט. מען האט שוין אָוועקגעשריבען.... ער וועט אויף זיך האבען א גוט פע־קעלו טרוקען וועט שוין דער פראָצענטניק נים ארויס, ער וועט זיך, נישקשה, מוזען אָפּשאָקלען מיט א שעהנעם גראָשען!

שטאנדהאָפט. א שעהנע ריינע כפרה! ער וועט שוין פערזאָגען דעם צעהנטען.

דיא כנופיא. מיר שטויסען זיך אן וואס איהר רעדט. מיר פערשטעהן. מיר פער־שטעהן וואס איהר מיינט. סין פינגער אין מויל, דארף מען אונז בה״ש נים אריינלייגען.

ספאדיק (מיט א יראת שמים פענעמעל) און איך, זעהט איהר, שטויסט מיך נים אָן; אז צוויי מענטשען ריידען א סוד וויל איך נאר נים הערען איך פערשטעה אסור נים, ביי מיין יודעשקייט! וואס ר׳ יודעל און ר׳ ראובן שמועסען דאָ עפּעס צווישען זיך....

פיאווקין (צו דער כנופיא) פון דעסטוועגען מיין עצה איז נאך אלע זאכען זאל מען
פארט שלום ווערען מיט לאקשעוויצען און מיט פרידלען. וויא זאגט מען
עפעס בעסער צעהן גוטע פריינד איידער איין שונא. אוודאי אנלעהרנען לאקשעוויר-
צען שטילערהייד, ער זאל נים וויסען פון וואנען דיא קויל האט איהם געטראפען,
דאס איז נייטיג, נאר וויעדער שלום ווערען מיט איהם, דאס איז אויך נייטיג, איך
דארף עס האבען צום עסק. איך האלט זיך טאקע אלץ ביי מיינעם: א פאטש און
שלום! א בים אזש צייבענס זאלען שטעהן און טאקע ווייטער חבר!

ר׳ יוסף. מהיכא תיתי, א פאטש און שלום!

שטאנדהאפט. מיינע ווערטער! איך האב נאך פריהער געזאגט, מען זאל איהם
פערשטופען דאס מויל, זאל ער נים ברעשען! איך קען דיא וועלט...

פיאווקין. אזוי, אזוי בלייבט עס. דערווייל א גוטען טאג! איך מוז געהן בעווארענען
נאך עטליכע זאכען (ער געהט אוועק).

---

# זעקסטע סצענע.

דיא פריהערדיגע אהן פיאווקינען.

שטאנדהאפט. נו לאקשעוויצען נעהם איך אויף מיר. איך וועל איהם אנטאן כבוד
און פריגלאשען צו מיר—עס וועט ביי איהם זיין א כבוד — און וועל
איהם פערשטופען דאס מויל אט מיט דעם (ער וויזט אויף א טייסטערעל אין זיין האנד).

בעל תכלית. חאפט איהם דער רוח, זאל ער זיך דערווערגען מיט דעם!

ר׳ יוסף. מהיכא תיתי, זאל ער זיך טאקע דערווערגען, אזוי איז נאר גלייכער!

ספאדיק. נו, און מכח דיא לאקשען חאפט איהם דער וואטעלמאכער! זאל ער זיך
מאכען לאקשען וויא פריהער.

תם. אט אזוי בעדארף צו זיין, ער זאל זיך נים מישען אין אונזערע עסקים און מיר
וועלען זיך נים מישען אין זיינע עסקים.

בעל תכלית. ר׳ אהרן האט דאך דערווייל צונויפגעקליעבען עפעס נאר א סך געלד,
וויא דערטאפט מען זיי ביי איהם, ער זאל נים מאכען קיין לאקשען?

ספאדיק. מען דארף בעטען ביי ר׳ אהרן א גמילות חסד. פערשטעהט איהר?

דיא כנופיא. מיר פערשטעהען, מיר פערשטעהען. פאר וואס זאלען מיר עס נים
פערשטעהן?

ספאָדיק. און פרידלען נעהם איך אויף מיר, ער איז דאָך א חסיד, וועט אויף איהם

טאַקע אויסקומען דאָס ווערטעל: „דער רבי האט געהייסען שווייגען"

פערשטעהט איהר?

דיא כנופיא. מיר פערשטעהן. מען דארף אונז ב"ה קיין פינגער. אין מויל ניט

אריינלעגען.

בעל תכלית. נו איין עק, א סוף מען דארף בעסער רעדען פון תכלית זאכען. לאָם

מיר זיך נעהמען צו דער סמעמע, לאָם מיר מאכען דיא טאבעלע.

שטאנדהאַפט. מיר דארפען שוין היינט קלינער זיין, מען דארף וויסען וויא אויסצר

רעכענען אין דער טאבעלע דיא הוצאות. וואס דיא שטאָדט דארף

א יאָהר האבען, אזוי, אז פון דיא הכנסות, פערשטעהט איהר, זאל נים איבערבליי־

בען קיין גראָשען. דיא קאָזנא פערלאַנגט נישט מעהר אבי א חשבון, אבי וויז

איהר א חשבון....

ר' יוסף. מהיכא תיתי, וויזט איהר א חשבון עס זאל נאך אונז אפשר ארויסקומען?

דיא כנופיא. וואס מיינט איהר עס וואָלט אפשר טאקע נים געשאדט אונז זאל

קומען, מען קען נים וויזען דער קאזנא אלע זאכען דיא שטאָדט אָהן

עין הרע דארף זעהר פיעל האבען, אמאָל דארף זיא אויף אזעלכע זאכען, וואס מען

קען זיי נים ארויסזאגען.

שטאנדהאַפט. ווייניג א שטיינער וועט קאָסטען דיא שטאדט לאָקשעוויץ? ! דעם

מקח פון פלייש האט מען געמווזט אין דער מהומה א ביסעל אראָפּ־

לאָזען, איהם ניעב, יענעם ניעב ווייטער, היינט דארף פיאַווקין פאָהרען בעוואהרע־

נען עטליכע שטעדטישע זאכען, דאס וועט מסתמא אויך נענוג קאסטען.... פון

וואנען זשע וועט עס דיא שטאדט אויף אלסדינג נעהמען? —מען וואלט איצט שוין

נעמענט ארויפציעהען א דריי קאפיקעס אויף דער אָקע פלייש.

תם. פאר וואס נים פיער?

בעל תכלית. פאר וואס טאקע נים זעקס? עס איז איצט זעהר א שלעכטע צייט.

ספאָדיק. אוודאי זיינען דיא הצטרכות העיר זעהר גרויס, נאר א רחמנות חלעבען

אויף דיא ארעמע לייט, נענוג דערוייל פינף, וואס זאלען מיר טהאָן? זאל

אונזערס איבערנעהן. (ער קרעכצט און זיפצט).

בעל תכלית. קוקט זשע אין תכלית אריין און מאכט א גרויסען צעטעל פון דיא

הוצאות.

ספאדיק. דער עיקר איז שוחטים, פערשטעהט איהר? מען דארף האבען א סך שוחטים....

שטאנדהאפט. היינט משגיחים, טאקע א סך משגיחים.

תם. היינט מנקרים!

בעל תכלית (חזרית איבער) שוחטים, משגיחים מנקרים, היינט דיינים, חזנים. רבנים, שמשים, בטלנים, קברנים פאוויערענעס. שתדלנים און נאמנים....

ר' יוסף. מהיכא תיתי ושאלעווען נים, מהיכא תיתי!

ספאדיק. איך עס נים פון קיין סירחא. מען דארף נאך א חוץ האבען נאר א טהייערען שוחט.

שטאנדהאפט. מען דארף ארייגשטעלען א פאר טויזענד קערבלעך א יאהר אויף א רעמעסלענע שוהל. דער מיט וועט זיך דיא שטאדט אויספיינען און עס וועט א סך העלפען אז מען זאל אוטווערזשרען דיא טאבעלע. איך וויים מים וואס צו נעהמען....

ר' יוסף. מהיכא תיתי אריינשטעלען, דאס איז נאר דאך כמשל.... מהיכא תיתי!

ספאדיק אויב אזוי.... שטעלט זשע אריין הונדערט קערבלעך א יאהר אויף דער חברה אלמנות ויתומים. דאס וועט אויך העלפען.

בעל תכלית. מען האט אלץ נעדארפט צונויף רעכענען און ארויסשטעלען דיא אלע איבריגע הצטרכות.

תם. א שאד חלעבען, וואס פיאווקין איז נימא, ער איז נעניט און טויג צו אזעלכע זאכען.

ספאדיק. ווייסט איהר זשע וואס? לאם מיר דאס אפליינען אויף מארגען. דיא מעשה קען זיך נאך פערלענגערען און מיר זאלען נאך חליכה עובר זיין זמן מנחה!.... (דיא כנופיא צוגעהט זיך).

---

# זיבעטע סצענע.

שינדער וויצט אלץ לעבען זיין טישעל אין ווינקעלע.

קנעכטבארג קומט אריין גאנץ פרעהליך. דערנאך פיאווקין.

קנעכטבארג (זעצט זיך לעבען שינדערען) אז דאס פיצעלע מזל נעהט ווערט עפעס ליבטיג אין אלע רמ"ח אברים! דאס רעדעל בה"ש האט זיך שוין בייא מיר אנגעהויבען צוא דרעהן, הכוואי ווייטער. איך דאנק אייך ר' יוסעל פאר דער טובה, פאר דער מצוה. וואס איהר האט געטהאן.

שינדער (מיט א שמייכעלע) ווען, ר' אהרן, הייבט איהר שוין אָן מיט מזל צו מאכען דיא לאָקשען?

קנעכטבארג. אבי געזונד, אבי געלד, אבי איך האב שוין לע"ע צונויף געמאכט א ביסעל געלד, מיט לאָקשען איז שוין קיין דאגה ניט. עס וועט נאָך צייט זיין צו מאכען. מען דארף בעקומען נאָך א ביסעל געלד.

שינדער (אלץ מיט א שמייכעלע, אזוי וויא איינער מאכט חוזק) איך, מיין ר' אהרן, אז איהר וועט מאכען גאָר א גוט געשעפט. א קאַטאָוועס איהר וועט גאָר נישט אריינלעגען! אדרבה, איהר וועט נאָך אלץ צו מאכען פריש געלד, דיא שטאָדט אָהן עין הרע איז גרויס! לאקשען, מיין איך, וועט אויך א סך פערקויפט ווערען, עס וועט דאך הייסען א מצוה געבען צוא לייזען דער תלמוד תורה, בפרט וויא זאגט איהר, זיי וועלען נאָך זיין כשר'ע לאקשען אויך, היינו מען וועט פון זיי נעהמען חלה חלעבען איהר וועט האבען א גוט געשעפט.

קנעכטבארג. מיט גאטס הילף, הלוואי דאס מזל, דאס פיצעלע מזל, זאל נאר ניט געשטערט ווערען, וואס זאגט איהר, ר' יוסל וויא לאקשעוויץ האט, א ביסעל אראפגעלאזט דיא נאז, מיינע לאקשען שמעקען איהם גאר ניט, דיא פאפע־טשיטעליעס מוז עס שטארק הנאה טהאן וואס איך לעהרען אן אזא שייגעץ! הא וואס זאגען זיי? וואס האבען זיי געזאגט?

שינדער. וואָס פרעגט איהר דאָ, ר' אהרן? זיי קוועלען גאָר אָן פון אייך.

קנעכטבארג. עס טהוט מיר חלעבען הנאה. א שאָד וואס איך האב זיי דא ניט גע־טראפען. איך האב זיי טאקע נאך א פלאן אויפצוגעבען. זעהר א גו־טען פלאן, איך מוז טאקע באלד געהן (ער געהט און בעגעגענט זיך אין דער טהיר מיט פיאווקינען).

פיאווקין (גאָר אין איין אטהעם) אך געשווינד, ר' יוסעל, ניט ניכער אהער, וואס עס איז אייך היינט עפעס אריינגעפאלען. דיא פאָפעטשיטעליעס האבען מיך געשיקט, מען דארף גראד איצט האבען געלד!

קנעכטבארג (מיט א שמחה) נו, עס איז א גוטער סימן! זעהר גוט, ר' ראובן, וואס איהר זייט מיר איצט גראד אנטקעגען געקומען! איך האב אייך בסוד אויפצוגעבען עפעס א פלאן (ער פיהרט אוועק פיאווקינען אין א ווינקעל און שושקעט זיך מיט איהם)

פיאווקין (אויף א קול) גאַנץ גוט ר' אהרן, עס וועט געהן! וואס מיינט איהר, עס איז טאקע א גוטער סימן, וואָס איך האב אייך גראָד איצט דאָ געטראָפען (ער גיט א וואונק מיט א גניבה שמייכעלע צו שינדערען) עס וועט איה"ש זיין רעכט.

ר' אהרן! נאַר לאָזט מיך צורוה מיט אייער פלאַן ביז מאָרגען, איהר וועהט דאָך, איצט בין איך טרוד, איך דארף האָבען געלד.

שינדער (אויך מיט א וואונק צו פיאווקינען) אָט האָט איהר, ר' ראובן, אין גאנצען דאס געלד וואס איך האב, עס וועט אייך אוודאי קארג זיין, וועט איהר שוין מוזען בעקומען ערגעץ א גמילות חסד....

פיאווקין (צעהלט קלוימערשט איבער דאס געלד) אָך ווענינ, עס דערגעהט ניט א פופצעהן, זעכצעהן הונדערט קערבלעך (ער ווענדעט זיך געשווינד צו קנעכטבאַרגען) טאָמער ר' אהרן, טאָמער זיים איהר רייך אין עטליכע קערבלעך? איהר זאָלט געבען דיא פאָפעטשיטעליעם א גמילות חסד, נאָר אויף עטליכע שעה, ביז וואנען עס וועט דאָ אין דער קאסע אריינפאלען (מיט א גנבה שמייכעלע) זיי וועלען איך דערפאר בעקוינען און מכח אייער פלאַן, מסתמא וועט זיין רעכט, עס איז חלעבען א גוטער סימן וואס מיר האבען זיך נראָד בעגעגענט!

קנעכטבאַרג. איך האב ביי מיר דרייצעהן הונדערט קערבלעך, מיט א ר' קערבלעך ווענינער וויא פיעל איהר דאַרפט, ווילט איהר, קען איך אייך לייהען בשמחה, אָבער נאָר אויף עטליכע שעה, ווארום איך דארף זיי האבען צו דיא לאָקשען (ער בעקומט ארויס פון דעם בוזעם קעשעניע, אין זיין פאַלנעלען לייבעל, א יערכין בייטעל, נעהמט פון דאָרטען ארויס דאס געלד, וואס איז געווען איינגעוויקעלט אין צעהן פאַפירלעך און גיט עס פיאווקינען) זעהט איהר, איך האב אייך אוועק נענעבען ביז איין גראָשען.

פיאווקין (מיט א שמייכעלע) שלאָפט רוהיג ר' אהרן, דיא פאפעטשיטעליעס וועלען ניט פערגעסען דיא טובה. (ער געזעגנעט זיך און געהט אוועק).

קנעכטבאַרג. איך זאג אייך, ר' יוסעל, אז דאס פיצעלע מזל האט מיר אנגעהויבען אהן עין־הרע טאקע צוגעהן, איך טראַכט, אז דורך דעם גמילות חסד וועט מיר זיין גרינגער אפצואַרבייטען מיין נייעם פלאַן. זארגט ניט ר' יוסעל, זארגט חלעבען ניט, עס וועט איה״ש זיין רעכט, איך מוז נאך געהן א שמעק טאהן אין מארק, וואס הערט זיך עפעס. (ער געהט אַרויס שטאַרק פרעהליך).

---

# אכטע סצענע.

שינדער (קריכט זיך נאָך קנעכטבאַרגען און שטעקט איהם ארויס א צונג) אוודאי ר' אהרן מענט איהר זיך פרייען, פיאווקין, נישקשה, האט אייך געשטעלט א חופה, נו, פיאווקין, דאס איז א חיטרע בעסטיע, ער אַרבייט אפ איין עסק קורץ און שארף,

וויא נעשווינד וויא חיטרע האט ער נענומען ר׳ אהרן׳ען אויף דער העטשקע ! דער לעקיש האט איהם נעבעך דעם לעצטען גראשען אוועקנענעבען און איז נאך פרעה־ליך אוודאי ר׳ אהרן מענט איהר זיך פרייען, (ער לאכט) שעהן איז נאר נעוועזען וויא דער זאגט צו מיר: זארגט ניט ר׳ יוסעלי, עס וועט איה״ש זיין רעכט, דער שלימזל, טרייסט מיך! א מצוה חלעבען, ער האלט זיך זעהר פאר א ווילדען חכם און מיינט אלץ יענעם אנפייפען. איך האב ערשט ארויסגעזעהן פון זיינע רייד, אז פון דעם עסק האט ער געהאט בדעה מיר נים צו געבען אפילו א פרוטה, ער האט מיך נע־וואלט פטרען מיט שהי־פיתי און געבען מיר איין אנווייזונג אויף עולם הבא פאר דער מצוה. א, קען איך אט א דיא שעהנע יודען, בשעת עס נעהט זיי שלעכט און זיי דארפען אייער טובה, וועלען זיי אייך קישען דיא פיס און צוזאגען הרים ונבעות קוים איז זייא גוט געווארען שטעלען זייא אייך ארויס א פייג.... רעכט אויף אייך מיין ליעבער ר׳ אהרן, זייט ווייטער נים קיין וואוילער, (ער גיט אקוק אין פענסטער) אוי, אוי, אן נעהט מיין ר׳ אהרן, ניין, ניין, ער נעהט ניט, ער לויפט אהן א נשמה, דאס פנים האט זיך איהם פערענדערט (ער לאכט און פארקעהרט זיך) וואס איז, ר׳ אהרן, ר׳ אהרנצוצנא? איהר האט שוין א פנים אנגעשמעקט פון דעם שלום, וואס איז קלאפט אייך אזוי דער פופיק? (ער גיט נאך אמאל אקוק אין פענסטער) הא! דאכט זיך ספאדיק און תם נעהן דארטען ! יא טאקע, זיי נעהן אויף אהער, זיי זיינען נאך ווייט, ר׳ אהרן האט זיי נאך זיכער ניט דערזעהן, אך דא וועט זיין זעהר א שעהנע סצענע, איך וועל מיך בעהאלטען אין מיין חדר׳ל און קוקען דורך א שפארינע וויא ר׳ אהרן וועט שמועסען מיט דיא פאפעטשיטעליעס (ער לויפט אריין צו זיך אין חדר).

---

## ניינטע סצענע.

### קנעכטבארג דער נאך ספאדיק און תם.

קנענטבארג (לויפט אריין פערסאפעט) אך, וואו איז ער? וואו ר׳ יוסעל? אוי וועה, וויא עס טיאכעט מיר דאס הארץ, אנגסטען האבען מיך בעשלאגען ! אקא־מאוועס עפעס פרנסה! איך האב מורא, אז עס האט זיך אפגעריסען דער ארמשיק און מיין גאנצער פלאן זאל חלילה ניט קאליע ווערען ! אך א מענטש אהן מזל זאל ניט געבארען ווערען ! (דיא טהיר עפענט זיך אויף און דיא צוויי פאפעטשיטעליעס געהן אריין).

ספאדיק און תם. וואו איז ר׳ יוסעל?

קנעכטבארג (לויפט זיי אנטקעגען וויא צו מישט) ר' יוסעל? ניטא ר' יוסעל! איך דארף אויך ר' יוסעל. עס טהוט מיר טאקע הנאה וואס איהר זייט דא. איך האב מיך ערשט אין נאס פאר אייך נעקריענט. שונאים זאגען, וואס איז איהר האט זיך איבערגעבעטען מיט דעם שיינעץ, מיט לאקשעוויצען, זאגען שונאים!

תם (גאנץ תאמעוואטע) בע......

ספאדיק (רוקט אן דאס היטעל און מאכט א זויערע מינע) אוי לא עליכם ווייטער מיינע מערידען!

קנעכטבארג (שפרינגט פון דער הויט פאר צרות) וואס הייסט? איהר וועט שלום ווערען מיט דעם עזות פנים, וואס האט אייך אויסגעטישט מיט דער בלאטע, וואס האט אייך גערופען, איך בעט אייך מחילה, גנבים, גראביטעליעס, בלוטזוינער, רוצחים, גזלנים, און אויף אייך אויסגערעדט אסור לדבר... וואס האט אנגעשטעלט מען זאל ביי אייך פארערען חשבון און ביכער! מיט דעם שיינעץ, מיט דעם, הולטאי וועט איהר, אזעלכע גרויסע בכבודע מענטשען וויא איהר, וועט מיט איהם שלום ווערען? עס איז כדאי אנצולערנען אזא הולטאי, ארייגלייגען איהם אין דער חית. פערשיקען איהם צו אלדע שווארץ יאהר, אפטהאן איהם א שפיטצעל, ער זאל ווייטער וויסען וויא זיך צו טשעפען מיט א שטאדט!

תם (אהן ווערטער) בע; . מילא וואס. עט.... בע....

ספאדיק (חאפט זיך פאר דיא קריזעס מיט א קרעכטץ) איך מוז נעהן א היים אפדאוונען מנחה און זיך אביסעל צו ליינען.

קנעכטבארג (עלץ שטארק צוקאכט) קודם, אין מחשבות'ען ניט מיר דאס נמילות חסד, איך דארף זעהר נעניטהיג האבען דאס געלד צו דיא לאקשען.

ספאדיק (מיט איין אנגערוקטע היטעל) וואס לאקשען?

תם (תאמעוואטע) הא, וואס זאגט איהר?

קנעכטבארג (מיט א פארקלעמט הארץ) סטייטש וויא הייסט, וואס לאקשען? וואס זאג איך? סטייטש, לאקשען זאג איך! מיין נמילות חסד זאג איך, בעט איך! איך דארף האבען דאס געלד צוא דיא תלמוד-תורה לאקשען. איך בין דאך דער לאקש.... דער לאקשענמאכער! — (שינדער עפענט אביסעל דיא טהיר פון זיין חדר און שטעלט ארויס הינטער קנעכטבארגען דיא צונג).

ספאדיק (מיט א קאלטער לעבער) דאס געלד איז דאך ניט אייערס, וואס זשע מאהנט איהר דא אזוי?

קנעכטבארג (לאַכט קלוימערשט. מיט גרינגע ווערים) זאָלט איהר לעבען און נעזונד זיין, וואס זאגט איהר? נאט איז מיט אייך, איך דארף דאך דאס געלד צו דיא לאַקשען!

ספאדיק (רוקט ארויף דאס היטעל) וואס לאַקשענט איהר מיר! וואס גמילות־חסד'ט איהר מיר! אויס לאַקשען, ר' אהרן! אויס לאקשען!

תם (בעט זיך מיט א רחמנות פנים) וואס ווילט איהר פון אונז האבען? מיר קענען זיך ניט קריענען, מיר האבען ווייבער און קינדער, מיר ווילען ניט טראגען קיין לע־קעך אויף דיא פלייצעס, מיר ווילען ניט מגולגל ווערען צו ליעב אייך קיין קליין ארץ ישראל. מיר ווילען זיך ניט קריעגען, וואס ווילט איהר פון אונז האבען?

קנעכטבארג (ווערט נעבעך שיעור ניט צוקאַפּנעט) נעוואלד, איך האב אויך ווייב און קינ־דער! איך בין אויך חלעבען א שעהנער יוד! פאר וואס קומט אלץ נאָר אייך, נאָר אייך?

ספאַדיק (מיט א געשרייא) תרבית! דרך ארץ!

קנעכטבארג (געהט ארויס פון דיא כלים פאר גרויסע צרות) לאָזט מיך אויך בייא דער שאף אויסרייסען עטליכע זשמעניעס וואָל! לאָזט מיך אויך אטשאָקע טהאן, אָפּלעקען א ביינדעל! נעוואלד, פאר וואָס אלץ אייך? אלץ נאָר אייך און אייך!

ספאַדיק. קומט ר' שמעיה, וואס וועלען מיר דאָ מיט איהם טענה'ן. (זיי געהן ביידע ארויס. קנעכטבארג בלייבט שטעהן וויא אָפּגעבריהט און שינדער שטעלט איהם ארויס פון הינטען א צונג).

---

# פיערטער אקט.

**דאָ ווערט פאַרגעשטעלט וויא אזוי מען נעהמט דיא טאקסע אויף דער היינטיגער צייט, ביז דעם יאהר 1870.**

---

## ערשטע סצענע.

**שטאנדהאַפט בייא זיך אין קאַבינעט, דער נאָך ספאַדיק.**

שטאנדהאפט (זיצט פערזאָרגט און האלט א בריעף אין דער האַנד) זעהר א שלעכטע ידיעה! ער שרייבט, אז מען וועט באלד אביאווען טאַרגעס אויף דער היהגער טאַקסע, איך האב מורא, אז דאס קעסטעלע קען זיך נאך חלילה ארויסגליטשען פון

דער האנד. עס ווע̇לען זיך נעפינען זעהר פיעל בעלנים, א סך, נאר א סך שארפע אויף דער היהנער טאַקסע דיא ציין. מען דאַרף בעציייטענס זעהן אלסדינג בעוואָה־רענען, אנהויבען זיך צו סטאַרען און צו טהאַן ארום דעם.... (ער פערטראַכט זיך און קוקט אין דעם בריעף, דיא טהיר עפענט זיך און ספאָדיק קומט אריין).

ספאדיק. גוט מארגען ר' יודעל, עס איז מיר נראָד אויסגעקומען צוא געהן פון א ברית פאר ביי אייער הויז האב איך מיך מישב געוועזען אריינצוגעהן אייך צו פרעגען, אפשר האט איהר מקבל געוועזען א בריעף פון פיאָווקינען.

שטאַנדהאַפט (מיט א ווידער מינע) יא, אט דאס איז טאַקע דער בריעף, וואס איך האב היינט פון איהם מקבל געוועזען.

ספאדיק. נו, וואס שרייבט ער? וויא געהן דארטען דיא עסקים? האט ער זיך שוין דארטען אָפגעפערטיגט?

שטאַנדהאַפט. מיט דיא עסקים, שרייבט ער, איז ער שוין כמעט פערטיג. דיא אלע פראשעניעס און דאָנאסען אויף דער שטאדט פון דעם גאנצען צעך וכדומה נאך פון אזעלכע קבצנים וועלכע קיין שום ממשות ניט האבען, מען האט איהם דארטען צוגעזאגט זיי אלע צו פערשטופען ערגעץ אין א לאָך, אז דער אדון הגדול זאל זיי אפילו ניט אנקוקען. קורץ און גוט, עס וועט אלסדינג זיין רעכט, דיא דאָנאסמשיקעס ווע̇לען נאך האפען א פסק ער שרייבט און בעט רחמים מען זאל איהם אריינשיקען נאך געלד.

ספאדיק (מיט א קרעכץ) גאט זאל רחמנות האבען אויף דער שטאדט. זיא דאַרף נעבעך האבען א סך געלד. וואוהין מען קעהרט זיך אלץ געלד, געלד און געלד, וואס שרייבט ער עפעס נאך?

שטאַנדהאַפט (מיט א פארחמורעטע פנים) ער שרייבט, אז מען האט בדעה צו מאכען טארגעס אויף דער טאַקסע.

ספאדיק (לאָזט אראָפּ דיא נאָז) טארגעס, אוודאי איז דאס ניט גוט פאר דער שטאדט נעבעך, השי״ת זאל שומר ומציל זיין זיא זאל חלילה אריינפאלען אין דיא הענד פון דיא בעלי טאַקסעס, זייא זיינען דאך פשוט רוצחים, נאר מסתמא ווע̇לען מיר עפעס טהאַן מכח דעם. מהיכא תיתי טארגעס, טארגעס, אלץ בעסער וויא מען שמועסט ביי אונז אין קלויז.

שטאַנדהאַפט. וואס שמועסט מען? וואס שמועסט דער עולם?

ספאדיק. מען שמועסט זעהר געשמאַק פון דער גזרה אז דאס קעסטעל זאל חס ושלום בטל ווערען. יודען עפעס זאלען מעהר ניט צאהלען קיין טאַקסע.

שטאנדהאפט (סטארעט זיך א שמייכעלע צו טהאן) וואס הייסט, ר׳ איצע וואלף, דאס רופט איהר א גזרה?

ספאדיק (נעהמט זיך פאר דעם בערדעל) יא, יא. זאלט איהר טאקע וויסען, ר׳ יודעל, דאס איז א גזרה. דאס קעסטעלע חלעבען דערהאלט נאך דאס ביסעל יו־דישקייט, פון וואנען נעהמט מען אויף דאס, איף יענץ, אויף דעם וואס מען טאר נים זאגען? טאקע פון דעם קעסטעל, מיט וואס האט מען דיא אויבערהאנד איבער די שרצים פון דער היינטינגער וועלט? מיט וואס היט מען אפ אז יודען זאלען בלייבען טאקע דאס וואס זיי זיינען? מיט וואס? אלץ טאקע מיט דער קעסטעל! — דורך וואס האלט מען אין דער מורא א בעל מלאכה, א נחות דרגא, א פארך א קבצן. זיי זאלען האבען דרך ארץ. אבשאי פאר דער שטאדט, פאר אונזער איינעם? דורך וואס? טאקע אלץ ווייטער דאס קעסטעל! הכלל דאס קעסטעלע האט נאך דער־האלטען דאס ביסעל יודישקייט, דאס ביסעל יודיש יחוס.... חלילה אהן א קעס־טעל שווימען דאך ארויף פון אויבען אפיקורסים, בעלי מלאכות, שניידער. שוסטער און אלע עמי הארצים, וואס קענען אפילו נים קיין פרק משניות, און דענסטמאל אך און וועה איז אונז...... יא, יא, ר׳ יודעל, דאס איז ביי מיר א גזרה!

שטאנדהאפט. וואס האבען יודען געטהאן א מאל, אז זייא האבען נים געהאט קיין קעסטעל?

ספאדיק. וואס גלייכט איהר אמאל צו היינט! אמאל זיינען יודען געוועזען גוט און פרום, ווער האט אויף זייא געקוקט וויא זייא געהן, וויא זיי שטעהן? דיא קליינע מענטשעלעך, דיא עמי־הארצים האבען נים געטארט קיין קאפ אויפהויבען וואס דיא מנהיגי העיר האבען געטהאן איז געוועזען געטהאן, יודען האבען אמאל נאר איין אנדער פנים געהאט...... היינט אבער זיינען דא בייא יודען זעהר פיעל עזות־פענימער, זעהר פיעל הולטאיעס, וואס זאגען דעות און פאדערען ביי דיר גרוי־סע חשבונות, וחוץ לזה, וואס א טאג קומען אן אויף יודען נייע גזרות, אזוי נעה נים, אזוי שטעה נים, אזוי לערען נים, א מערכה חלעבען וואס עס איז נאך דא דיא קעסטעלע, דורך דעם קען מען זיך נאך אויסדרעהן און דערהאלטען (ער וויזט אויף דעם ספאדיק) דאס ביסעל יודישקייט, איהר מיינט, ווען נים דאס וואלט איך, אזא צערבראכענער יוד וויא איך, זיך אפ נעגעבען אויף דער עלטער מיט דער טאקסע? עס איז פאר מיר א טירחא טאקע א טירחא גדולה, נאר וואס זאל מען טאן, וואס זאל מען מאכען? איך זאג אייך נאך אמאל בפירוש, נעהמט מען חלילה בייא אונז צו דאס קעסטעלע, נעהמט מען ביי אונז צו דעם כח.... (ער גיט א טרייסעל דאס בערדעל) אבער ניין! מיט השי״ת הילף, מיר וועלען עס נים דערלאזען, יודען בלייר־

בען יודען! מען וועט פאהרען, מען וועט זיך סטארען, נאַט וועט העלפען, דאס קעסטעלע וועט בליבען (מיט א שמייכעלע) נישקשה, עס וועט בלייבען, וויא איך בין א יוד, בלייבען....

# צווייטע סצענע.

שטאנדהאפט אליין, פערטראכט.

אז ספאַדריק מיט זיין גלייכען זאָגען, אז דאס קעסטעלע וועט בלייבען וויים איך זיכער אז עס וועט בלייבען, איך קען זיי.... נו זאָל עס חאָטשע ביי מיר בלייבען (נאָך דעם אַז ער טראַכט אַביסעל) יאָ ביי מיר, אָבער וויא ביי מיר? אויף וועלכער ארט בייא מיר? מען דארף געפינען עפעס אזא תחבולה, אז הייסען זאָל עס נים בייא מיר, און זיין זאָל עס פאָרט טאקע בייא מיר, אזוי וועט עס אין כמה אופנים בעסער זיין; איינמאָל, וואס טויג מיר דער טיטעל בעל טאקסע? איך בין מוחל דעם כבוד. צווייטענס, וואָס טויג מיר, מען זאָל פאר מיר וויינען? עס קומט פאָרט אמאָל אוים עפעס נים לאָווקע, יענער וויינט מוז מען דאָך אמאָל, חאָטשע פאר ליים, רחמנות האבען, רחמנות אבער קאָסט געלד. יאָ רחמנות, אָבער ווען זשע? ווען דאָס רחמנות טראָגט נאָך עפעס איין, דאס הייסט פשוט, ווען דורך דעם פער לאנגט מען עפעס א געוויסע זאך.... דריטענס, געה האָב שטענדיג צו טהאָן מיט ליאידע בעלי מלאכות, מיט גאָלדשמידלעך. מיט מילערעס און מיט נאָך קבצנים. פיערטענס.... דיא היצטרכות זיינען זעהר גרויס, מען איז שוין געוואוינט געוואָרען צו שפיעלען דיא ראָלע, געבען קלויטערשט אויף דאס, אויף יענץ און דיא געשעפטען געהן היינט עפעס נים אזוי שטארק גוט.... (ער קראַצט אביסעל דיא פאָטיליצע) יאָ, איך האב שוין א פלאן, איך וועל אָנפייפען איטליכען, אפילו דעם גרויסען פייפער ספאָדריקען, מכות איהם! אביסעל וועט פאר איהם אויך גענוג זיין. ביינער איז ער קראנק צו גריזען? נישקשה, דער צערבראכענער יוד האט זעהר שארפע צעהן... יסורים איהם! ער האט בה"ש אהן דעם גוטע געשעפטען, ער איז א גבאי פון א סך חברות, ביי איהם געפינט זיך שלישית געלד, עולמות געלד, ארץ ישראל געלד נאָך און נאָך געלד. ער איז א נאנצער כלי קודש.... איך וועל מיין שינדערען אָפּ־לאָזען פון דער קייט, ער קען שטיקערהייד גוט בייכען; אנקוקענדיג איהם איז ער נעראכט איין אָפּגעבארעט יודעל, בלייך, גרויא וויא א טויב, פרום און שטיל, נאַט

דיא נשמה שולדינ. נאָר אבער דרך ארץ! טרעט אָפּ פּאר שינדערן דעם וועג, היט אייך דיא ביינער, ער איז א משחית! אט דער שינדער וועט עס לפנים זיין גלופּ־סקער בעל טאַקסע.... הייסען מוז עס לכתחלה. מען פאהרט נעהמען דאס קעס־טעל פּאר דער שטאדט, נאר בּשעת טאָרג וועט עס שינדער אויסדינגען פּאר זיך, דאס הייסט פּאר מיר. ספּאָדיק מיט א טהייל פון דער כנופיא וועלען נאר נעהמען נעוויסע שכירות, אדער א קליין פּראצענט. חוץ זיי אבער וועט נעטהינ זיין צו צו־לאנטשען נאך עטליבע פיינעל, סאַמע דיא רעכטע עזותניקעס. איבּרינענס זיינען זיי נים קיין סך. (ער צעהלט אויף דיא פינגער). איינס, צוויי, דריי. הא? נאָך אמאל; נים איינס, נים צוויי, נים דרייא. דאכט זיך טאַקע מעהר ניטא. אין אפשר, הא? נאך איינער. נוא איז נים פיער.... א שעהן פּעקעל חלעבּען! דער גלאוונער פון זיי איז נתן שיפרעס; ווער קען נאך אזוי לערנען בלק מיט איינעם וויא ער? ער איז איין אויסנערויכערט ליולקעלע, מען מוז זיך נאך טאַקע היינט מיט איהם זעהן: (ער גיט א קוק אין פּענסטער) אַך, דער רוח האט איהם איצט אנגעטראגען! וואס טוינ מיר דער וועקער? וואס דולט ער מיר תמיד א קאפּ מיט זיין בילדונג. מיט זיינע פּלענער? ער איז איין עהרליכער נאַר, א כשרע בהמה, ער זוכט אַלץ דעם אמת, סטאַרעט זיך, מיך צוא צוציעהען צוא זיך, איך זאל איינטהייל נעהמען אין זיינע פּלענער. דער נאַר מיינט, אז מיך אינטערעסירען זיינע פּוסטע זאכען. אַך וויא טשעפּעט מען זיך אפּ פון איהם.?

---

## דריטע סצענע.

**שטאַנדהאַפּט, וועקער, דער נאַך שינדער און נתן שיפּרעס.**

וועקער. איהר זייט עפּעס וויא אומרוהיג, הערר שטאַנדהאַפּט, אפשר שטער איך אייך?

שטאַנדהאַפּט (אונטער דער נאַז) בע.... איך האב נאך צייט עטליבע מינוט;

וועקער. קיין סך וועל איך אייך נים שטערען. איך וויל אייך נאר בעטען, מיר צוא בעשטימען א צייט, ווען איהר וועט זיין רוהיג. איך וויל מיט אייך איבער־שמועסען מכח דער חברה און מכח נאך זאכען, וואס איהר האט בדעה צו טהאן.

שטאַנדהאַפּט. למאי, הערר וועקער. שרייבט איהר מיר צו אייער מיה, אייערע גוטע איינריכטונגען? איך פּערדיען אסור נים אייער לויב. וואס איהר לויבט מיך אומעדום און אין דיא צייטונגען.

וועקער. דיא ווערטער זיינען פון אייער זייט זעהר שיין. נאר וואס מאכט עס אוים

איך אדער איהר ? דער עיקר איז, מען זאל טהאן, מען זאל העלפען וויא

וויט מען קען. ליידער שטעהט איצט אונזער חברה שלעכט. און אין דער שטאדט

הערשט היינט א ביטערע עלענד !

שטאנדהאפט (גלעט דיא פאטליצע) וואס קען מען טהאן ? קענען מיר פערזארגען א

וועלט.

וועקער. פון דעסטוועגען טאר מען עס ניט לאזען אזוי. ביי מיר אין קאפ דרעהט

זיך שוין עפעס א שטיקעל פלאן. איך וועל עס אויף שרייבען און אייך וויי־

זען. אפשר וועט עס אייך געפעלען.

שטאנדהאפט. גלויבט מיר, מיין ליעבער פריינד. דיא היגע יודען זיינען ניט ווערט

מען זאל זיך מיט זייא אפ געבען. איך קען זייא בעסער פון אייך.

גלויבט מיר, עס איז פיעל גלייכער גאר נישט צו טהאן און זיך ניט מישען.

וועקער. עס איז אייך גרינג צו זאגען, דיא ארעמע אבער ליידען. זייא הונגערען און

דארען, זיי וויסען ניט דעם טעם פון פלייש;

שטאנדהאפט. אט וועט באלד זיין מארגעס אויף דער היגער טאקסע, נוא וועלען

מיר זעהן אויב דיא נייע בעלי טאקסעס וועלען בעסער זיין. איך

זאג אייך אויסדריקליך עס וועט נאך צעהן מאל ערגער זיין, געדענקט מיינע ווער־

טער, הלוואי זאל איך ליגען זאגען.

וועקער. איך פערשטעה אסור ניט פאר וואס יידען מוזען האבען א טאקסע אויף

פלייש, אז דורך דעם זאלען זיי אזוי פיעל ליידען און ליגען אין דער ערר ?

דיא טאקסע זוינט אוים וויא א פיאווקע יודעש בלוט, זיא מאכט זייא קראנק, זיא

לאזט זיי ניט זיין שטארק און געזונד. דיא רעגיערונג פערלירט דורך דעם אויך זעהר

פיעל עפעס א קלייניגקייט צווייא מיליאן מענטשען אין לאנד זיינען אומזיסט אומ־

נישט פערקויפט צוא דיא בעלי טאקסעס, עסען ניט דאס נעטהינסטע שפייז זיינען

שלאף און האבען א פנים וויא דיא מתים !.... וויא קענען אזעלכע דערשלאגענע,

אזעלכע שלאפע מענטשען האבען אין זינען דיא וועלט ? וויא קען מען פון זיי פער־

לאנגען זיי זאלען האבען א געפיהל פאר ערנסטע זאכען ? ; איך רייד שוין ניט אז

דיא רעגיערונג זאל מיט א מאל געבען יודען ראוונא פראוועס, אלע פרייהייטען,

נאר ווייניגסטענס זאל זיא אונז אויסלייזען פון דעם יודישען גלות. וואס ער איז

זעהר א שווערער. דיא פאאימענעס האבען אמאל בעווייזען וויא ביטער וויא שווער

דער יודישער גלות איז. ; . וויא באלד אז יודען מוזען געבען, חוץ דעם פאדאט וואס

זיי צאָהלען דער קאזנא, נאָך אמאָל פּאָדאַט טאקע זייערע יודען אליין, און נאָך
שרעקליך א גרויסען פּאָדאַט, היינט פאַר וואָס זידעלט מען זיי אין אלע צייטונגען,
אז יודען טהיילען זיך אָפּ וויא א בעזונדערע מדינה אין דער מדינה ? . ; .

שטאַנדהאַפט. פּוסטע רייד, מיין ליעבער פריינד! איהר רעדט וויא א מענטש וואָס
איז ניט קיין געניטער און האט ניט קיין ידיעה אין שטאָדט זאַכען.

דיא טאַקסע מוזען יודען האבען, אָהן איהר, זאג איך אייך, וועט נאָך ערגער זיין.
אין פיעל גראַדען ערגער זיין, אוים ווייזען עס אייך, איז ניט איצט דיא צייט.

וועקער. איך וויל מיך אויך ניט אריינלאָזען אין ווייטע וכוחים, ווייל איך ווייס, אז
עס איז דברים בטלים, די טאַקסע וועט בלייבען, וועניגסטענס וואָלט רעכט

געוועזען, אז אויף ווייטער זאָל מען זייא אביסעל עהרליכער פיהרען, אז דער עולם
זאָל קענען עסען פלייש פאַר א ווערלוועלערען מקח. בפרט וויא עס הערט זיך, וועט
מען שוין מעהר קיין פּאָדאַט ניט דאַרפען צאָהלען פון דער קעסטעל. (ער גיט אָבליק
אויף שטאַנדהאַפטען פון דער זייט מיט שפּאָט) חלעבען עס וואָלט רעכט געוועזען, אז איהר
הערר שטאַנדהאַפט, אזא רייכער, אזא געבילדעטער און א דורש טוב וויא איהר
זאָלט נעהמען דיא טאַקסע. איהר וואָלט טאַקע אי כשר פערדיענט אי א גרויסע
טובה געטהאן דער שטאָדט. איהר ווייסט דאך, וואָס פאַר א ראָליע פלייש שפּי־
עלט אין דער געזונדהייט. אלע קרענק, אלע מכות און פּורעניות נעהמט זיך דאס
רוב ביי דיא הינגע יודען פון דעם, וואָס זיי עסען ניט קיין פלייש; געהט הערט, זייט
מוחל, וואָס דאָקטורים זאָגען. ערשט נעכטען האט מיך איין דאקטער געפיהרט צו
א קראַנקען, וואָס דיא ביינער פון דיא הענד און דיא פים פוילען ביי איהם, מחמת
ער האט אין זיין לעבען געגעסען זעהר וועניג פלייש. ער זאָגט, אז אזעלכע קראַנקע
מאכען זיך ביי איהם זעהר אָפט און ער איז אפילו בערייט צו שרייבען און צו זאָ־
גען עס בקול רם פאַר דער גאַנצער וועלט, חלעבען, עס וואָלט רעכט געוועזען, איהר
זאָלט נעהמען דיא טאַקסע.

שטאַנדהאַפט (וויא איינער וואָס איז שטאַרק אויפגעבראַכט) איך דיא טאַקסע ! איך דיא
הינגע טאַקסע ! ! מען זאָל זיא מיר אפילו שענקען. איך וועל פערזאָ־

גען דעם צעהנטען ניט צו האַנדלען מיט דיא הינגע יודען, נענונג טאַקסע, נענונג, איך
וויל זיא שוין מעהר ניט קענען! (דיא טהיר עפענט זיך אויף און שינדער מיט נתן שיפרעס
קומען אריין).

שינדער און נתן. מיר שטערען אייך אפשר, ר' יודעל, וועלען מיר אוועק געהן.
שטאַנדהאַפט (לויפט זיי אַנטקעגען) חליכה! פערקעהרט, וויא געוואונטשען, איך דאַרף
אייך טאַקע האָבען.

**זועקער** (מהומ א קוק אויף שטאנדהאפטען מיט זיינע געסט) נוא, איצט האב איך ביי אייך ניט מעהר וואס צו טהאָן. מיר וועט ען זיך נאך זעהן איין אנדערס מאָל. עס וועט נאך ציים זיין.... לע"ע בעט איך אייך, אז איהר זאָלט מוחל זיין איבער צו־קוקען דיא רעכענונג, וואס איך האב אייך נעכטען פאר נאכט געשיקט, דאָרטען שטעהט ריין ארויסגעשריבען, וויא פיעל עס קומט אייך פון מיר און וויא פיעל מיר קומט פון אייך. איך האב ליעב צו לעבען מיט חשבון. איך האָף, אז איהר וועט מיר אָפשיקען דעם נשאָר, וואס מיר קומט ארויס פון אייך על פי חשבון. אדיע! (ער געהט ארויס).

**שטאנדהאפט.** געלויבט איז גאָט. פטור געוואָרען דיא זכודניע! (צו נתן שיפרעס) ער קומט און דולט מיר תמיד אָן א קאפ מיט פוסטע זאכען, מיט לוי־טער נארעשקייטען, ביי זיין אוועקגעהן פיהל איך מיך תמיד פרייא וויא מען טהוט אויס איין ענגען שטיוועל, איך וויים ניט, וואס האט זיך דער נאר אזוי פערליעבט אין מיר און האָדעוועט מיך מיט עפטערע וויזיטען?

**נתן.** איהר זאָגט וועקער איז א נאר, חע, חע חע! האט אויף מיר ניט קיין פער־איבעל, מיר דאכט זיך אז איהר האט א גרויסען טעות. וועקער איז, נאך מיין מיינונג א קלוגע בעסטיע. איהר בעמערקט גאָר ניט וויא ער נעהמט אייך דורך און דורך מיט א פאָר ברענענדיגע אויגען בשעת ער רעדט מיט אייך. איך בין אויף איהם א מבין. איך קען מיינע לייט. חע, חע חע!

**שטאנדהאפט.** און מיר דאכט זיך, ער איז א גרויסער נאר, ער דולט מיך תמיד מיט לויטער נארעשקייטען, ער איז ניט קיין געניטער און דערצו איז ער נאך ספילטשיוו וויא א שוועבעלע, איבערינענס וואס געהט ער מיך אן? קומט זייט מוחל, אין צווייטען חדר אריין. איך האב מיט אייך צו רעדען פון א סך נעט־היגערע זאכען. (דיא טהיר עפענט זיך וויעדער אויף, און אין שטוב געהט אריין פריהער א יוד מיט א בלייך פנים, באלד נאך איהם ר' אהרן קנעכטבארג).

---

## פיערטע סצענע.

דיא פריהערדיגע איין אָרעמער יוד און קנעכטבארג.

**שטאנדהאפט** (ווענדעט זיך מיט א פערהמורעט פנים צו דעם יודען) וואס ווילט איהר מיין ליעבער ייד?

**דער יוד** (שטארק מיט הכנעה, מיט א ציטערדיג קול) איך האב אייך געוואלט בעטען א טובה.... האב איך אייך געוואלט בעטען.... עס איז מיר איצט שלעכט די צייט....

**שטאנדהאפט** (לאזט דעם יודען ווייטער ניט ריידען) א! איך מיש מיך ניט היינט, איך מיש מיך ניט!

**דער יוד.** איך בין געוועזען א היגער בעל הבית; פון א קורצער צייט בין איך אראפ פון מיין מעמד. און לייד שטילער הייד דחקות מיט מיין ווייב און קינדער....

**שטאנדהאפט.** נוא וואס זשע ווילט איהר פון מיר האבען? בין איך דען איינער אין דער שטאדט?

**קנעכטבבארג** (מישט זיך אריין פון דער זייט, און וויל זיך צו שמייכלען צו שטאנדהאפטען) טאקע באמת ר׳ יוד, וואס ווילט איהר האבען? וואס קען אייך ר׳ יודעל טאן? פאר וואס באמת אלץ צו ר׳ יודלען, אלץ נעבעך צו זיי?

**דער יוד.** איך וואלט בעסער געוואונטשען דעם טוידט איידער צו געהן בעטען. איך שעהם מיך, איך בין דאס נאך ניט געוואוינט געווארען, איך קען שוין אבער מעהר ניט צוזעהענדעם רחמנות פון מיינע קינדער וויא זיי ליידען הונגער און נויט, דיא כוחות גייען זיי נעבעך אויס, זייא זיינען דאר וויא שפענדלעך און האבען שוין אויף זיך ניט קיין לויט פלייש, אף מען זאל מיר העלפען מיט עטליכע קערבלעך, וואלט איך געטהאן כל א מיטעל מפרנס צו זיין מיין ווייב מיט דיא קינדער. קיין שום שטראף איז ניט אזוי גרויס, קיין שום ווייטאג איז ניט אזוי שרעקליך וויא צו צוזעהען מיט אייגענע אויגען דיא מוטשעניע פון קינדער, וואס געהען אויס פאר הונגער. איטליכער קוק זייערער ניט א בריה דאס הארץ וויא פייער, איטליכער זיפץ, איטליכער קרעכץ רייסט אויס דיא נשמה! געוואלט האט רחמנות, איך בעט אייך האט רחמנות!

**שטאנדהאפט.** איך האב ניט קיין צייט. געהט צוא וועקערען, ער וועט אייך שוין דארטען עקספעדירען.

**דער יוד.** איך בין דאך געקומען צו אייך, אזוי וויא איהר זייט א רייכער, דער ראש אין דער שטאדט און....

**שטאנדהאפט** (מיט כעס) איך מיש מיך שוין מעהר ניט! וואס ווילט איהר פון מיר האבען? איך האב שוין דאך אייך געזאגט וואוהין צוא געהן, מעהר האב איך קיין צייט ניט מיט אייך צו טענה׳ען.

קנעכטבארג (פון דער זייט) וואס א יוד איז? ר׳ יודעל האט דאך אייך שוין איין מאל געזאגט. וואס זשע דורעט איהר זיי נעבעך דעם קאפ? זיי טראגען נעבעך אויף דעם קאפ א סך אנדערע זאכען. גאט זאל זיי נאר נעבען כח....

נתן. א יודען העלפט ניט איין מאל זאגען. דעריבער האב איך מיר געמאכט, אז א יוד מעג ריידען פאר מיר אפילו א טאג מיט א נאכט זאל איך מיר זיצען און שווייגען. ער רעדט זיך אן ביז וואנען עס ווערט איהם טרוקען אין האלז און געהט דערנאך אליין אוועק. חע, חע, חע! איך קען מיינע לייט.

שינדער. דעריבער ר׳ נתן זייט איהר דאך אין דער שטאדט א בורר. א בורר דארף קענען א סך הערען און שווייגען (צו דעם יודען) נוא נעהט זייט מוחל, ר׳ יודעל האט איצט ניט קיין צייט.

דער יוד. אך, רבוני של עולם! (ער קרעכצעט פון דעם גאנצען הערצען און געהט ארויס).

שטאנדהאפט (ווענדעט זיך צו קנעכטבארגען) נוא, וואס ווערט איהר עפעס זאגען, מיין ליעבער ר׳ אהרן?

קנעכטבארג. איך האב מיט אייך צו שמועסען מכח איין ענין.

שטאנדהאפט. איהר זעהט דאך, מיין ליעבער ר׳ אהרן, איך בין איצט טרוד, איך בין איצט בעשעפטיגט מיט מענטשען.

קנעכטבארג. איך קען בעשטעהן אויסווארטען. נישקשה, חלעבען! נעהט רעדט אייך מיט זייא, איך וועל מיר דא אויסווארטען, לעבט הונדערט מיט צוואנציג יאהר!

שטאנדהאפט, שינדער און נתן שיפרעס געהען אריין אין צווייטען חדר).

---

## פינפטע סצענע.

קנעכטבארג זיצט אויף א שפיץ פון א בייגקעל און רעדט צו זיך אליין.

אך השי״ת זאל וועלען חאטשע היינטיגעס מאל אויף מיר רחמנות האבען און דאס פיצעלע מזל זאל מיר נעהן! מיין פלאן איז זעהר א גוטער, עס איז אין איהם דא זעהר א טיעף קנייטשעל, זעהר א שעהן שפיצעל, ער זאל נאר אויסגעפיהרט ווערען, וואלט איך מיט א מאל אויפגעריכט געווארען, איך וואלט מיך ארום געצאהלט פון מיינע חובות און חתונה געמאכט מיין עלטערע בתולה, זיא איז שוין א בונרות, אין דיא יאהרען, זיא ווערט וואס א טאג בייזער טרויעריגער, זיא הוסט, זיא נענעצט און שטערט מיך בייא דער נאכט פון דעם שלאף. — אוי קיין תחית

המתים זאָל כפאָדיק נימז אויפשטעהן! ער האט מיך דענסטמאָל פשוט דערהרגעט, אויס לאָקשען! האט ער נעזאָגט (ער קריעכט זיך נאָך ספאָדיק) אויס לאָקשען! אוודאי איז איהם גרינג צו זאָגען, אז ער האט זיך שוין אָנגעזאָפּט מיט יודיש געלד וויא א פיאווקע! אוי, ער זאָל זיין אין מיין שטאנד, נישקשה וואָלט ער ניט געזאָגט מיט אזא קאָלטער לעבער אויס לאָקשען! (ער טהוט א קרעכץ פון דעם גאַנצען הערצען) גוט אויף דער וועלט איז טאַקע נאָר דיא פּאָפּעטשיטעליעס, זיי זיינען חלעבען ניט קיין גרויסע חכמים, ניט קיין שטאַרק געלערנטע, ניט צו פיעל איבערגעשפּיצט און דאס מזל שפּיעלט זיין! זיי טהוען אָן צרות אין דער שטאָדט, טרעטען איטליכען מיט דיא פיס, און איטליכער פו. דעסטוועגען טראָגט זיי אויף דעם קאָפּ, מען ציטערט פאר זייער דוך, מען לעקט זיי, מען גיט זיי אָפּ כבוד אין באָד און להבדיל אין שול. זיי פארען זיך אויף דער אויבערסטער באנק, זיי זיינען מיט ששי און מיט סנדקאות. קורץ זיי זיינען דאס אויבערשטע פון שטייסעל. עס נעהט זייא פון אלע זייטען, און מיר נעהט עס שלים-שלימזל. השי״ת זאָל היינט וועלען אויף מיר רחמנות האבען, חאָטשע בזכות מיין אלטער בתולה, ער זאָל אָננעהמען איהר הוסטען, איהר גענע־צען און זאל נעבען שטאנדהאפטיגען אין הארצען א גוטע לוינע, אז ער זאָל זיך לאָ־זען רעדען און ניט זיין משונע. (ער קרעכצט) איך האב מורא, אז היינט איז איהם צונגעקומען דער שנעון עפּעס קוקט ער מיט א פּאָר אויגען, גלעט אלץ דיא פּאטי־ליצע און רופט איטליכען מיין ליעבער, דאס איז בייא איהם א שלעכטער סימן. לע״ע האב איך נוט נעטהאָן, וואָס איך האב איהם געלאָזט שמועסען, מיט אנדע־רע און בין מיר דאָ געבליעבען זיטצען. אפשר וועט ביי איהם. אין דער צייט דער שנעון איבערגעהן. (ער שטעלט זיך אויף און ציהעט אויס דיא גליַדער) אך סקוטשנע! סקוטשנע חלעבען צו זיצען דאָ אליין, וואס קען דאס זיין, וואס האבען זיך דאָרטען פערשפּאַרט? וואס מען סודעט זיך דאָרטען אזוי לאנג? עס איז עפּעס ניט גלאַט. אין דער שטוב, וואס מען סודעט זיך מיט ר׳ נתן שיפרעס, מוז שוין דאָרטען עפּעס זיין, אז ר׳ נתן איז פרעהליך, איז א סימן, אז מענטשען וועלען, היינט אדער מאר־נען, וויינען. ר׳ נתן איז וויא א וואָרעם, וואס האט א שליטה איבער נבילות און פגרים, קוים איז איינער געפאלען און געבליעבען טוידט אהן א גראָשען, דענסטמאָל דרעהט זיך ארום איהם מיין ר׳ נתן, ער שינדט איהם אָפּ דאס פעל און לעבט מיט כל א תענוגים, ער עסט גוט, און טרינקט גוט, ער שלאָפט גוט, און מאכט זיך פון יענעמס פעל א גוטע קאָלדרע.... ר׳ נתן איז מיר היינט עפּעס פרעהליך, עס וועט שוין מסתמא זיך טרעפען עפּעס אין אומגליק אין דער שטאָדט. וויא אזוי ווערט מען געוואָהר וואָס זייא שמועסען דאָרטען? איך בין זעהר ציקאווע צו וויסען. (ער

שטרעקט זיך אויס און פרואווט צו געהן גאנץ שטיל אויף דיא שפיץ פינגער נעהענטער צו דער טהיר שטעלט זיך דער נאך אניעדער און שטרעקט אויס דעם קאפ. האלט איין דעם אטהעם, הערט זיך צו א ביסעל און שפרינגט באלד צוריק אויף דיא שפיץ פינגער) איך האב מורא חלעבען! איך האב מורא מען זאל חלילה נישט דערהערען, אדער מען זאל נישט פכוצלים עפענען דיא טהיר. — וואס טהוט מען אבער איך וויל דאך פארט הערען, חאפען עפעס א ווארט? איך קען מיך ניט איינהאלטען, עס נעלוסט זיך מיר זעהר צוא וויסען. (ער בייגט זיך און הייקערט זיך איין אין צעהנען, שארט זיך צו וויא א קעצעלע אויף דיא נעגעל צו דער טחיר, לייגט צו איין אויער און הערט זיך צו עטליכע מינוט, דער נאך רוקט ער זיך צוריק און ציהעט זיך ביים צוריק געהן אלץ וואס ווייטער מעהר אויס, ביז ער קומט צו אויסגעוואקסען צו זיין ביינקעל) אבער איצט האב איך שוין געהערט, איך האב נעחאפט עטליכע ווערטער. נענוג פאר מיר, דאס איבריגע קען איך מיך שוין אליין אנשטויסען. דיא עטליכע ווערטער קומען מיר שטארק צו ניץ ביי מיר אין קאפ מאכט זיך שוין גאר א נייער פלאן, מען דארף איהם נאך היינט אפארבייטען (נאך דעם אז ער טראכט אביסעל) נוא, איך וועל זאגען דעם ארענדאר, הער אויס! וועל איך איהם זאגען, היינט מעג מען דאך אריינפיהרען בראנפען וויא באלד מען האט דער פאר אפנעצאהלט אקציז. אויך וויל מען ביי דיר אויסדינגען דיא ארענדע ווייסט דוא וואס סערדצע? צוואנצינ פראצענט פון דער ארענדע זאל הייסען נעהט אויף דער שטאדט; עס איז ראכט זיך א גרויסע טובה פאר דער שטאדט. דער פאר בחור, וועל איך זעהען מאכען א חרם, מען זאל קיין בראנפען ניט אריינפיהרען. חאפסט דוא איינעם מיט א ביסעל טהו איהם אן צרות, געבראטענע לייד, גיס דיא וואסער אין דיא בראנפען און שטעל גרויסע מקחים! א, יא גוט! גיב זשע מיר דיא מעשה, דאס הייסט, צוואנצינ פראצענט אויף דער שטאדט שא, שא, נאך א פלאן! טאקע דוא בחור, דיך ארענדאר פון דיא ליכט מיין איך, גיב אויך דיא קאין!.... (ער פערטראכט זיך אביסעל) הא? דאכט זיך זיי געהן, איך וועל מיך מאכען גאר תם. (ער זעצט זיך אנידער אויף דעם ביינקעל און דרעמעלט קלוימערשט).

## זעקסטע סצענע.

קנעכטבארג, שטאנדהאפט, שינדער און נתן שיפרעס.

שטאנדהאפט (אריינגעהענדיג אין חדר א ביסעל לוסטיג) נוא, ר׳ אהרן וואס וועט איהר זאגען הא וואס שווייגט איהר? (ער געהט צו אביסעל נעהענטער) ע, ער שלאפט! ר׳ אהרן, שטעהט אויף צו חצות! (ער שטערכט איהם מיט א פינגער).

קנעכטבבאַרג (שטעהט גיך אויף פון דעם ביינקעל, ניט טרייט ניט לעבעדיג, און רייבט דיא אויגען) האַ, וואַס איז? (ער רעדט קלוימערשט וויא פערשלאָפען אונטער דער נאָז) וואָס ווילט האבען פון פאַפּשיטעליעס?.... עהרליכע לייט פאַפּשיטעל.... וואָס ווילט האָבען פון שטאַנדהאַפט?.... אנדהאַפט עהרליך, וויל זיך ניט מישען שאנדהאַפט!.... (ער טשוכעט זיך באַלד אויס) אָך! זייט מיר מוחל, ר׳ שטאַנדהאַפט. איך בין אַלץ נעזעסען, נעזעסען דאָ אויף דעם אָרט און פאַר גרויס מידענקייט האָב איך נעחאַפּט א דרעממעל. אָך, זייט מיר מוחל, איך האָב א פנים געשמאַק גע־ שלאָפען?

נתן (מיט א שמייכעלע) עס מוז אייך א פנים, אָהן עיךהרע, גאַנץ גוט זיין, ר׳ אהרן, אז איהר שלאָפט בייא טאָג? חע, חע, חע! (צו שינדערען) עסען זאָל ער אזוי וויא ער האט געשלאָפען; ר׳ אהרן איז א מטור. חע, חע, חע! איך קען מיינע לייט.

שטאַנדהאַפט (צו נתן שיפרעס און צו שינדערען) זיצט זייט מוחל, מיר וועלען באַלד ווידער איבערשמועסען מכח דעם עסק.

קנעכטבבאַרג (דער וויל צו זיך אליין) ער איז איצט נעלויבט השי״ת אויפגעלייגט, און אז עס איז יאָ איין עת רצון וועל איך איהם שוין דאָ אויפגעבען טאקע אלע פלאַנען מיט אמאָל טאָמער וועט מיר היינט דאָס מזל געהן.

שטאַנדהאַפט. נוא, ר׳ אהרן!

קנעכטבבאַרג. איך האב מיט אייך צו שמועסען מכח כמה וכמה ענינים, וואס קענען זיין א טובה פאַר דער שטאָדט.

שטאַנדהאַפט. אויב איהר האט כמה וכמה ענינים, קומט־זשע צו מיר אין איין אנ־ דער צייט. איצט בין איך פערנומען, איהר זייט דאָך אויך מיעד און שלעפעריג.

קנעכטבאַרג. איך בעט אייך ר׳ יודעל, רחמים. איך בעט אייך שענקט מיר א שעה צייט, אז איך בין שוין דאָ, איך בעט אייך טהוט מיר דיא טובה!

שטאַנדהאַפט (גלעט דיא פאַטיליצע) מיין ליעבער ר׳ אהרן, נעהט אייך היינט נעזונ־ טער הייד!

קנעכטבבאַרג. נאָר אויף איין האַלבער שעה. טהוט מיר דיא טובה!

שטאַנדהאַפט. אָך וואס א יור איז? איך בעט אייך, מיין ליעבער ר׳ אהרן, לאָזט מיך איצט צו רוח און נעהט אייך!

קנעכטבארג. האַט ניט קיין פּאַראיבעל, איך געה. האָט אייך א נוטען מאַן. (ער לאָזט זיך געהן צו דער טהיר און ווארטשעט) איך האָב מיר אכיין אָנגעפּייפּט דער מיט, וואס איך האב געזאגט כמה וכמה ענינים. עס איז שוין איצט מיט איהם נישט צו ריידען, ער איז שוין משוגע. אוי, נישטאָ קיין מזל! (ער געהט אַרויס).

שטאַנדהאַפט (זעצט זיך אַניעדער לעבען טיש און טראַקטירט דיא געסט מיט גוטע האוואַנער ציגאַרען) אזוי, אזוי, דענק איך, וועט עס מוזען טאקע זיין.... אי טאָמער וואס? מען וועט אמאָל דארויף שרייען, עט.... איך בין שוין צו אזעלכע זאַבען געוואוינט געוואָרען. ניחאי ליודי מאָוו א יא זדראָוו.

נתן. ווער הערט יודען, אז זיי שרייען? יודען, חע, חע, חע! קען איך, זיי זיינען נאָר וויא דיא קאַמערען, זיי נעהמען זיך צונויף זושען, זושען דאכט זיך גאר שרעקליך. פּרואוו נאָר א מאך מהאַן מיט דער האַנד, צופליהען זיי אין אלע זייטען.

שינדער. וואס אמת איז אמת. ניט אומזיסט זייט איהר א ווילדער בורר! און א גוטער אָפּמאַכער, טאקע ווייל איהר קענט יודען.

נתן (שמייכעלט) חע, חע, חע! יודען זיינען דאכט זיך קלוג, עס זיינער אָבער נאָך ניטא אזעלכע נאראנים אין קיין אומה ולשון, וואס מען טהוט זיי אָפּ איז פאַרפאלען. פּרואווט שטעלט זיך א שטיינער אין גלופּסק מיט א שטריק אויף דער גאס, לאָזט קיינעם ניט דורך ביז מען זאָל בעצאהלען, וועט איטליכער געבען געלד, אפילו א ווארט נישט איבער צו ריידען. איינער אפשר וועט זיך שטעלען אפּריינגען א קאָפּיקע. יודען דאכט זיך זיינען רחמנים, זייער רחמנות אומשטעהנס געזאגט איז ניט ווערטה קיין שמעק טאבעקע. בשעת א שרפה, א שטיינער, וועט איהר זעהן א סך יודען לויפען זיך צו נויף אָהן א נשמה, נים איינער פון זיי וועט אויס שטרעקען דיא האַנד צו דער לאַנגען אביסעל וואסער; נעכטען ערשט האט א יוד געריינינט דיא רינווע ארום א דאך. ער האט זיך א גליטש געטהאן און איז געבליעבען הייננען אין דער לופט, אָנגעהאַלטען מיטביידע הענד אן דער רינווע. א האלבע שטאדט אפשר איז זיך צונויף געלאָפען, איטליכער האט געקרעכצט, געשריען און ניט איינער האט געבראכט א לייטער! חע, חע, חע! איך קען מיינע לייט.

שטאַנדהאַפט. קאָם מיר דאס איצט אוועקליינגען אָן דער זייט און שמועסען בעסער פון עסק.

שינדער. פּערקעהרט, דאס וואס ר׳ נתן האט ביז איצט גערעדט ניצט טאקע צום עסק, זיי ריידע; וויא א נעניטער, וויא א חכם. פון זייערע רייד קענט איהר ארויסזעהן וויא גוט איך האב געראטהען, אז מען זאל דער ווייל נאָר אהן טורא

ארויפציהען אויף דעם מקח פון פלייש. יענעם מאכט חלעבען ניט אזוי שטארק אויס אז ער גיט אויף דער אקע נאך א פאר קאפיקעס און פאר אונז מאכט עס טאקע אויס גאר א גרויסע סומע. עפעס א קאטאוועס אזא גרויסע שטאדט יודען זאלען זיך פרוכפערען! דיא הצטרכות זיינען זעהר גרוים.

נתן. און אז מען וועט נעהמען דיא טאקסע אויף ווייטער בזה האופן, וויא מיר האָבען ערשט געשמועסט, וועט מען מענען ארויפציעהען נאך א קאפיקע אויף דער אָקע, וואס איז א קאפיקע? אי וואָס, מען וועט שוין ניט דארפען מעהר צאָהלען פאָדאט פון דעם קעסטעל, נוא מיילא וואס מאכט עס אויס? יודען דארפען אָהן דעם אויך א סך האבען.... און וואס איז, אומשטעהנס נעזאָנט, א קאפיקע?

שינדער. איך טראכט שוין דאס אליין אויך, וואס איז א קאפיקע? אפילו צוויי? שטאנדהאפט. א קאפיקע איז טאקע גאר נישט. פון דעסטוועגען וועלען זיך געפינען אזעלכע, וואס וועלען שרייען. איהר אלץ וואס ווענינער און זייא טאקע אלץ שרייען. פאר יודען ווילט איהר יוצא זיין? משה רבינו האט מיט זייא נישט געקענט אויסקומען.

נתן (מיט א שמייכעלע) ווען א שעפעלע שפארט זיך א ביסעל איין, מעקעט, דריגעט מיט דיא פיסלעך דארף מען עס גאר געבען א שמיצעל, חע, חע, חען וועט עס זיך נעהן ווייטער גאנץ שטיל. אייב עס שרייט ווידער. נאך און נאך א שמיצעל ביז דיא כחות וועלען איהם אויסנעהן און עס וועט אניעדער פאלען, אויסגעצוינען מיט דעם פיפעק ארויף, חע, חע, חע!

שינדער. עס פערשטעהט זיך, אז מען קען ניט מיט נוטען מוז מען מיט בייזען.... בשעת מען וועט דארפען מאכען ספראוועטשנע צענעס אויף דעם פלייש וועלען מיר, וויא פריהער טאקע, אויסקלייבען פון דער סמאדע א פאר קעלבלעך, הונגעריגע פארשוינען, וועלען זייא מסתמא שטעלען גוטע צענעס. פאר א קליינינקייט חלעבען, טאקע גאר פאר א זשמעניע הייא. וואס דארף דען א קעלבעל מעהר האבען? — קעלבלעך זיינען דאָ בה"ש זעהר נענוג, איהר וועט זייא געפינען דווקא אין דיא הויכע טהויערען, זיי מעקען נאך דער ברוסט און וועלען נעבעך עסען.... און ווייטער וויא זאָגט איהר, ר' נתן, איהר זייט דאך א שטאדט בורר וועט איהר בעטען דעם צד, וואס איהר האלט מיט איהם, ער זאָל מיט אייך אויף האלטען און זיצען ביי דיא ספראוואטשנע צענעס....

נתן. פון קינדוויז אָן האב איך ליעב עקאנאמיע, דאס איז זעהער א גרויסע זאך. מען וועט דארפען זעהן איינצוברייננען פון דער זייט אויך א גראשען. איך מיין עס וועט ניט שאָדען הלעבען, מען זאל פון דרויב, פון קעפ און פון פיס וכדומה

אויף נעהמען אקציז, ווער ווייס דען, וואס על פי זאקאן טאָר מען דערפון ניט נעהמען? און פאר וואָס טאקע אויך ניט פון שמאלץ? לפחות א קערבעל פון דעם פוד. א קאטאָוועס עפעס וויא פיעל פוד שמאלץ ווערט א יאָהר אין גלופסק אריינגעפיהרט! אט נעהט אׄ פסח, וויא פיעל הונדערט פוד, מיינט איהר, וועט אריינגעפיהרט ווערען, האׄ? דאס קען מאכען וויעדער א גרויסע סומע, און קיין האהן אפילו זאל ניט קרעהען! מען וועט הייסען ביי דער ראנאטקע צאהלען, חאטשע מען דארף איינענטליך ניט, וועט מען צאהלען.

שינדער. זעהט איהר וואס גלייך איז גלייך, איך האלט אויך זעהר פון עקאנאמיע. איך וויל אייך נאך בעסערס עפעס זאגען, מען דארף נעהמען טאקע אקראט דאפעלט, וויא דיא פאלאזשענע, שחיטה נעלד פון נסות ודקות און פון עופות. דער וואס עסט עופות איז ניט קראנק צוא צאהלען עטליכע קאפיקעס מעהר! און איהר קענט אייך משער זיין וויא פיעל נעלד דאס קען א יאהר איינטראגען? האׄ! מיין ליעבער ר' נתן! וואס זאגט איהר.

נתן. וואס זאל איך זאגען? איהר זאלט דערלעבען משיח! וואו געפינט מען נאך ערגעץ אזא ר' יוסעל? אז עס איז שוין יא געקומען צוא רייד, וועל איך אייך אויפגעבען נאך א פלאן וויא אזוי עס קען ווערען א קערבעל. מען דארף זעהן, אז דיא פעדערען פון אלע עופות זאלען עפעס אויך איינטראגען. איטליכער וואס קוילעט איין עוף מוז ביי דעם שוחט אין שטוב אפפליקען דיא פעדערען, נישט טארען זיך איבערצולאזען אפילו א פלעדעראוויש. באם ניט, זאל דער שוחט מאכען תנועות און זאל ניט שעכטען דאס עוף. — ווייטער, דער עולם עסט דיא גרויסע גאלאנסקע היהנער, זיי ווענען מעהר פון דיא פראסטע אפשר מיט א פאר פונט, און שחיטה נעלד צאהלט מען פאר זיי אקוראט וויא פאר דיא פראסטע, בכן איז דאך אונז א פאדריוו, דארף מען זוכען א מיטעל, מען זאל דיא היהנער ניט עסען.

שטאנדהאפט. יאָ עס נעהט מיר אין קאפ! וואס פאר א מיטעל אבער טהוט מען דערצו? (מיט א שמייכעלע) זעהט איהר, דערצו תאט מען שוין נעדארפט האבען ר' אהרן'ן, ער איז א בריה אויף אזעלכע זאכען.

נתן. מיר וועלען זיך קענען בענעהן אהן איהם זעהט איהר, דא מוז מען שוין אביסעל בענוטצען יודישקייט. מען מוז ווערען גאטס סטראפטשעס, אבהיטען ירדען פון א מכשול, פון א חשש טרפות. אין עקאנאמיע דארף פרומקייט אויך עפעס איינטראגען, ניט זיין קיין לענער סחורה. גאט ניטצט אויך אז ער ניטצט.... חע, חע, חע! פערשטעהט איהר? מען וועט דארפען אנזאגען דיא דיינים, אז זיי זאלען אסר'ן דיא דאזיגע פראקליאטע היהנער

שטאנדהאפט. אומזיסט זאלען אונז דיא באנק סוועטשערס קאסטען נעלד, פאר וואס נעהמען זיי ביי אונז נעלד, אונזער נעלד, אונזער בלוט? אונזער נויטה נאר האלט דאך אין שטאדט אזא מחנה ליידינג געהער!

שינדער. זייט חלעבען ניט אין כעס אויף דיא דיינים נעבעך. זיי זיינען גאנץ עהרליכע יודען, זיי פאלגען וואס מען הייסט זיי.... מסתמה וועלען זייא דאס אויך טהאי. טהאן, וויא איך בין א יוד טהאן! זעהט איהר, אט מיט דיא הולטאיעס, מיט דיא יודישע סאלדאטען וואלט זעהער רעכט געוועזען צו לעהרנען בלק. פאר וואס זאלען אזעלכע הולטאיעס עסען פלייש אהן טאקסע? און אויב אפילו עס איז דא אזא זאקאן, נוא מאלע וואס שטעהט? מאלע וואס מען הייסט? מיר דארפען אונזער שכל האבען.

נתן. נאך מיין מיינונג וואלט אפשר ניט נעשאדט. אז בעת מיר וועלען איה״ש איינפיהרען אונזער עקאנאמיע, זאלען מיר צו זיך צולאנטשען מענדעל דעם גע־יען, ער האט אלע פאזטעמקעס פון א שיינעץ, בייא אונז וועט ער ערשט ווערען נאר איין אנטיק. ער וועט סלוזשען אנפאלען און וועט מיט דער צייט שטארק צו נימץ קומען.

שינדער. למאי נתן פרעבמאן, ער איז אויך זעהר ספאסאבנע, קען שטארק ניטצען דער שטאדט. דיא שטאדט וואלט פון איהם געקענט האבען טובות. פאר וואס זאל דיא שטאדט ניט מחזיק זיין אזא ניטצליכען מענטשען? ערשט היינט איז ער ביי מיר נעוועזען און האט שטארק מתרעם געוועזען אויף דער שטאדט.

שטאנדהאפט. וואס מיינט איהר? מען האט איהם אפשר נעדארפט טאקע מחזיק זיין, ער האט א גענומען א פיסק אויף שרייען און קען אמאל זעהר צו נימץ קומען....

נתן. מסתמא וועט מען איהם שוין אויף אין זינען האבען, ער איז דאך מיין פרעבמאן.... מיר קענען שוין דאכט זיך נעהן עס איז איצט ביי מיר פונקט דיא צייט פון מיטטאג.

שטאנדהאפט. ווארט נאך אביסעל ר׳ נתן, איך וועל נעהן אייך געבען עטליכע האקענדער הערינגלעך פון דיא, וואס נעפעלען אייך איהר זייט דאך א מבין אויף עסען. (ער געהט).

נתן (שטילערהייד צו שינדערען) איך מיין, מען זאל שטאנדהאפטען אפגעבען אין דער ארענדע צוא פרעבמאנען. שטאנדהאפט אומשטענס געזאגט מוז דאך א בלייז תמיד זיין ביי אימיצען אויף דער ארענדע זאל איהם זשע לכל הפחות פון היינט אן

האַלטען מיין פּ־עכמאַן. עס וועט אין כמה אופנים זיין גוט. מיר דאַרפען ניט פער־נעסען מיט וואס פאר א מין מענטשעלע מיר האבען צוא טהאן. שטאַנדהאפט איז קלוג, מיר דארפען אבער קלינער זיין. חע, חע, חע!

שטאַנדהאַפט (קומט אריין) נאַט אייך ר' נתן עטליכע הערינג אין דעם פּאפּיער, זיי וועלען אייך מאַכען א גוטען אַפּעטיט.

נתן. א שעהנעם דאַנק אייך. איך האב בה"ש תמיד א גוטען אפּעטיט (ער נעהמט דיא הערינג, געזעגענט זיך און געהט ארויס מיט שינדערען):

# פינפטער אקט.

**דאָ ווערט פארגעשטעלט אללע זאכען, וואס קומען פאָר ביי דיא נייע מיני בעיִ טאַקסעס. *)**

## ערשטע סצענע.

פּייא דעם שוחט אין שטוב, אין דער פּריה. ווייבער, מיידלעך זיצען און פליקען אָפּ עופות איבער גרויסע ביטען. אויף דער ערד ליגען היהנער, קאטשקעס, גענז, אינדיקעס און שרייען מיט אלערליי קולות.

עס איז א געשרייא, א געשטופּערייא, א געשעלטערייא.

### אייזיק זאַאיקע קומט אַן.

דער שוחט (האַלט א חלף אין דער האַנד) פליעקט ווייבער, פליעקט! לאָזט ניט איבער קיין איין פעדער!

ווייבער. מ'ר פליעקען, מיר פליעקען, עס זיינען שוין פול דיא ביטען, נאט זעהט, זעהט!

איין יודענע. נאַט אייך מיין האָהן, ער איז אָפּגעפליעקט גלאַט וויא בערעל פּארכס קאָפּ!

---

*) אמר ר' מענדעלע אין דעם אַקט קומען פאָר אַזוי פיעל זאַכען און שרעקליכע מעשיות. אז איך האָב געמוזט א סך זאַכען איבערהיפּערען. ראשית, האב איך ניט געהאַט אזוי פיעל געלד דאס אַלסדינג מיט א מאָל אָפּצודרוקען, צווייטענס, האב איך טאַקע ניט געוואָלט ארויסגעבען אַ דיק ביכעל מחמת א יוד האט פיינט צו צאָהלען פאַר א ביכעל א סך געלד. עד האָט איין מקח אי פאַר א רינגעם. אי פאַר א גראָבס. איך בין מבטיח דעם עולם, אז וויא באַלד איך וועל אָפּלייזען פאַר דער דאָ־זיגער מעשה, וועל איך איה"ש אָפּדרוקען אין א בעזונדער ביכעל דיא אלע סצענעס, וואס איך האָב איבערגעהיפּערט.

צווייטע יורענע. נאַט אייך מיין הוהן, אָהן א סימן פעדער!

דריטע יורענע. נאַט זעהט בייא מיר! מיינע איז גלאַט וויא דיא מאַמע האט זיא געהאט!

פיערטע יורענע. נאַט קוילעט מיין קאַטשקע, איך האָב זיא שוין אָפּ־געפליעקט!....

פינפטע יורענע. נייט אייך דעם הינטער חלק פון מיין אינדיג!

דער שוחט (שרייעט אויף א מיידעל) דראַבקע, וואס האסט דוא איבערגעלאָזט א פלע־דערוויש! חאַפּט זיא דיא גנבטע, דיא הולטאַייקע, איך וועל דיר אויס־רייסען דיא צעפּ, דראַבקע, גנבטע, גנבטע!

דאס מיידעל. פאר וואס פליקט שיינדעל ביי אייך ניט אָפּ דיא עופות? פאר וואס איז שיינדעל ביי אייך אזא מיוחס?

איין קעכנע. שיינדעל איז א שעהן מיידעל!

צווייטע קעכנע. שא! מען טאָר ניט אויסזאָגנען פון דעם חדר!

אייזיק זאַאיקע (שטופּט זיך דורך צווישען דעם עולם צום שוחט מיט א גרויסען גאַלגאַנסקען האָהן אין דער האַנד) קוי־קוי־קוילעט מיר דעם האָהן!

דער שוחט (קוקט אָן דעם האָהן) מיין ליעבער יוד דעם האָהן וועל איך אייך ניט שעכטען.

אייזיק. פּא־פּא־פּארוואָס דעם האָהן ניט שעכטען?

דער שוחט. א שעהנער יוד חלעבען! ער וויל עסען א גאַלגאַנסקען האָהן, א טרפה האָהן!.... א שעהנער יוד חלעבען!

ווייבער. טראַפניאַק, טראַפניאַק! ער וויל עסען א טרפה האָהן!

דער גאַלגאַנסקער האָהן (קרעהט) קוקעריקוא! קוקוריקוא!

אייזיק. פאר וואס איז א גאַ־גאַ־גאַלגאַנסקער האָהן טרפה? ער קרעהט דען ניט וויא אלע אנדערע?

דער שוחט. דאס, זייט מוחל, נעהט פרענגט דעם דיין!

אייזיק. און דער דאַ־דאַ־דיין האט מיך געשיקט צו אייך.

דער שוחט (מיט מוסר) וויא שעהמט זיך ניט א יוד צוא בעטען, מען זאל איהם שעכטען א טרפה האָהן?! אזא איין אלטער יוד מיט א באָרד!

ווייבער. דער נאָך זאָלען שטאַרבען אונזערע קליינע קיינדער פאר זיינע חטאים, צו ליעב זיין טרפה קישקע!

אייזיק. פּא־פּא־פּאר וואָס עסט מען אזעלכע היהנער אומעדום? און פאר וואס האט מען זיי גענעסען פּ־פּ־פּריהער טאקע אויך דאָ?

דער שוחט (מיט כעס) בּראַש פרעגט ער שאלות, דיא גאנצע שטאָדט מאכט ניט קיין שאלות. אז מען זאָגט מען טאָר ניט, טאָר מען ניט. מסתמא טאָר מען ניט, וואס פרעגט איהר דא שאלות? א חרפּה, א בושה חלעבּען, שעהמט אייך אין אייער ווייטען האַלז!

אייזיק (געלאַסען) אז איך פּאַ־פּאַ־פּאַרשטעה ניט, האָבּ איך מיך פיינט צו שעהמען און פּ־פּ־פּרעגן.

דער שוחט (מיט יראת שמים) אזוי? ! א שעהנער יוד כלעבען ער פרעגט!...... אָט חלעבען לאָזט מיך צורוה און געהט אייך, נעהט! איך האב אסור ניט קיין צייט מיט אייך דאָ צוא טענה'ן. (ער ווענדעט זיך צו דיא ווייבער) פליעקט ווייבער, פליעקט!

(דיא ווייבער לאָזען ארויס א געלעכטער, אייזיק שטעהט אביסעל און קוקט אָהן דעם שוחט, דיא ווייבער, דיא ביטען מיט פעדערען און געהט אוועק מיט דעם האָהן אין דער האַנד).

---

## צווייטע סצענע.

אין בּית־המדרש, אין דער פריה, נאָך דעם דאַווענען דער דיין זיטצט אויבען אָן אין טלית און אויף דעם שטענדער פאַר איהם איז אָפען א גרויסע גמרא. אייזיק זאאיקע שטעהט אנטקעגען דעם דיין. עטליכע יודען דרעהען זיך ארום און דערקאָנטשען זיך דעם דאַווענען.

אייזיק. איך האב מיך ניט געפוילט! איך האב פערזעצט מיין שבת'דיגע קאַ־קאַ־קאַפּאָטע און בין אביסעל געפאָהרען, אביסעל גע־גע־געגאנגען צוא פוס קיין לעמבּערג און האב געבּראכט פון דיא „מפרשי הים" כאַ־כאַ־כתוב וחתום. אז דיא נאַ־נאַ־נאלאנאנסקע היהנער מעג מען עסען. זיי אליין עסען אויך דיא היהנער.

דער דיין. עס איז אבער דא א דעה, אז מען טהאר דיא היהנער ניט עסען.

אייזיק. ס־ס־סמייטש! עסען א פּנים דיא ג־ג־גאונים, דיא מפרשי הים און דיא גאַנ־צע וועלט יודען טרפות? נאר דאס שוין אהן א ד־ה־זיים. זאגט מיר, איך בעט אייך, פאר וואס האט איהר פּ־פּ־פריהער ניט געהאלטען פון דער דעה? דאס איז ער־שטענס, און צווייטענס, ווייזט מיר דיא דעה! אט זיינען דא יו־יו־יודען וועלען זייא אויך זעהען.

דיא יודען. מאקע באמת רבּי, דער יוד איז דאָך גערעכט. ווייזט איהם דיא דעה.

דער דיין. זאל ער קומען צו מיר א היים.

אייזיק. דאס איינענע האב איך שוין פון איהם געהערט אמאל פ־פ־פופציג, נאך איי־
דער איך בין געגאנגנען קיין לעמבערג. ער וויל מיך א־א־אפנארען.

דער דיין (מיט א געשרייא) תרבית! דרך ארץ!

דיא יודען. מסתמא, ר' יוד, אז דער דיין זאגט, האט ער א דעה.

אייזיק. עס פערשטעהט זיך ער האט א דעה. דעם פ־פ־פראיעקטס דעה! אט וויא
אזוי ביי יודען ווערט פ־פ־פלוצים א דין, א מנהג!....

דער דיין. אפיקורוס! הערט נאר, וואס דער אפיקורוס זאגט!

אייזיק. אבער אבי ניט קיין צ־צ־צבועק. איך האב ליעב דעם אמת און ש־ש־שווינ־
דעל ניט מיט דער תורה...... אדרבה זא־זאגט נאר, איך וועל אייך עפעס
פרעגען; אויב דיא גא־גא־גאלגאנסקע היהנער זיינען טרפה דארפען דאך זייערע
אייער אויך זיין טרפה, אזוי וויא דיא אייער פון אלע עופות טמאים, היינט פאר
וואס זשע קויפען יודען אויף דעם מארק אייער סתם און קוקען נאר נישט דארויף
פון וועט־וועלכע מיני היהנער זייא זיינען? הא, ווא־ווא־וואס זאגט איתר דערצו? (ער
באברעט זיך און נעהמט ארויס פון דער קעשענע עפעס איינגעוויקעלט אין א טיכעל) אט זיי־
נען היהנערשע אייער! אדרבה דעריקענט וועלכע אייער זיינען דא גא־גא־גאלגאנ־
סקע? — אט הערען יר־יר־יודען, איך געה פון דאנען ניט אוועק ביז איך וועל ווי־ווי־
וויסען איין עק א סוף!

דער דיין (רייבט דיא וואנטצעס פאר גריזאטע) נעהט שוין, נעהט! איהר וועט פון מיר
היינט האבען א קלאהרע תשובה. קומט צוא מיר פאר מנחה. בנאמנות,
היינט וועט איהר האבען א תשובה!

אייזיק. נוא, אז א יוד שווערט אין שוהל לעבען ארון קדש, מ־מ־מוז מען גלויבען..
איך וועל מיך נישט פ־פ־פוילען און קומען צוא אייך פאר מנחה. (ער געהט
אוועק).

דער דיין (מיט א קרעכץ צו זיך אליין) היינט, רבונו של עולם, וואס טהוט מען? וואס
טהוט מען? וויא אזוי איז מען דא יוצא פאר ביידע צדדים? קיין פשרה,
וויא איך זעה, וועט דא ניט העלפען. ער וויל ניט קיין געלד...... אך רבונו של
עולם! וואס טהוט מען? (ער מאכט צוא דיא גמרא, לייגט צו נויף דעם טלית און געהט
ארויס).

# דריטע סצענע.

**שטאנדהאפט** מיט זיין כנופיא, **דער דיין, מענדעל דער נעלער,**
ביי נתן שיפרעס אין הויז.

**פיאווקין.** הערט נייעס! אייזיק זאאיקע נעהט ארום אין דער שטאָדט מיט א קאָנטראַקט פון דער טאקסע, און קלעהרט אויף דעם עולם, וויא אזויא מען בערייסט זיי פראַטיוו דעם זאקאָן!

**שטאנדהאפט.** נישט אויסצוהאלטען פון דיא ליידיננעהר, פון דיא קבצנים, פון דיא עזות—פנים'ער.

**פרעכמאן.** וואס הערט איהר, שטאנדהאפט, דיא עזות פנים'ער? (ער מאכט א קולאק) זעהט איהר, מיין איין קולאק איז גענוג פאר אזא זאאיקען א מאָל האב איך איינעם געגעבען א סטיסאק האט ער זיך באלד בעוואשען מיט בלוט און איז טאקע אין עטליכע טעג ארום געשטאָרבען אין באָלניצע. איך זאג אייך, אין אזא יודישע שטאָדט, וויא אונזערע, העלפט נאָר א קולאק... אויך מיר א זאך זאאיקע! אזא דאר יודעל, נאָר הויט און ביין!....

**נתן שיפרעס.** וואס וויל דער זאאיקע? אלץ טאקע מיט דיא היהנער?—אי, יודען, יודען, וואס מען שטעהט פון אייך אויס זינט יודען זיינען ארויס פון מצרים האָבען זיי אלץ צו טהאָן איבער דעם פלייש. מען הערט נישט מעהר שרייען נאָר פלייש און פלייש! קארג פאר זיי עסקים מיט פלייש אויף דער וועלט, האבען זיי זיך נאָך אָנגעגרייט א שור הבר אויף יענער וועלט. הע, הע, הע!

**שינדער.** נאָט אליין חלעבען וועט מיט זייא דאָרטען נישט אויסקומען. איטליכער וועט וועלען דעם חלק וואס מען גיט דעם אנדערען. ארעמע לייט וועלען פערלאנגען נאָלע פלייש אָהן ביינער. הכלל מען וועט זיך בלאזען, מען וועט שרייען, אקוראט וויא דער ערב רב! (דיא טהיר עפענט זיך אויף און דער דיין קומט אריין).

**דער דיין.** גוט רבותי, וואס איהר אלע זייט דאָ! וואס טהוט מען מיט דעם זאאיקע? ער לאָזט דאך מיך נים אָטהעמען, אלץ מכח דיא נאלנאנסקע היהנער, פאר וואס האט מען זיי דא געאסר'ט? איך האב איהם אלץ מדחה געוועזען און געצווינגען ביז עס איז נאר מעגליך געוועזען.

**שטאנדהאפט.** נוא, יישר כח! ציהט איהם טאקע נאך ווייטער אפ, דאס איז שוין אייער זאך, איהר וועט שוין וויסען וויא אזוי.

**דער דיין.** גאט איז יודע דעם אמת. איך האב געטהאן, וואס עס איז נאר מעגליך געוועזען. איך האב געטוטשעט טרפה מאכען העוף הזה בק״ן טעמים און האב מיך אין איין שאלת תשובה אזוי צולאזט מיט פלפול, ביז עס איז אויסגעקר מען, אז א גאלגאנסקער האהן איז נאר א מין אדלער!... נאר דער זאאיקע אבער האט זיך ניט געפוילט און האט געבראכט פון דיא ,,מפרשי הים״ כתוב וחתום, אז דיא היהנער מעג מען עסען, זיי אליין עסטן זיי אויך. אנטקעגען אזעלכע גאונים, פערשטעהט איהר דאך אליין, העלפען ניט מעהר אלע תנועות. איצט זאגט מיר רבותי, וואס זאל איך געבען טהאן? איך האב געש:וארען, בהן שלי, אז היינט פאר מנחה זאל איך געבען זאאיקען א קלאהרע תשובה זייט זיך טאקע באלר מישב און גיט עפעס איין עצה.

**נתן** (נאכדעם אז ער האט אביסעל געטראכט) עס איז דא א גוטע עצה! איין ברירה, זאל מען זיך שעכטען דיא היהנער, נאר באופן זה אז איהר, רבי, זאלט מזהיר זיין דיא שוחטים, פערשטעהט איהר, אז זיי זאלען איטליכען, וואס קוילעט אזעלכע היהנער, זאגען בזה הלשון: ,,מיר שעכטען אייך דאס עוף, וואס זאלען מיר טהאן? נאר דיא עברה נעהמען מיר ניט איבער אונז.״ אויב דער וואס קוילעט איז א בעל שמחה זאלען דיא שוחטים דערפון מעלדען עטליכע געוויסע אונזערע מענטשעלעך, וועלען זיי אויף דער שמחה ניט וועלען עסען. ר׳ איצע וואלף וועט אויך נאר נישט וועלען פערזוכען אויף דער שמחה, היינט פערשטעהט איהר, וואס דערפון קען זיין? חע, חע, חע! איך קען מיינע יודען

**דיא כנופיא.** מיר פערשטעהען עס זעהר גוט. אויף אזא עצה קען טאקע נאר פאַלען א בורר!

**דער דיין.** געלויבט איז השי״ת! איצט מעג איך מיר שוין א פנים נעהן! א גוטען טאג! (ער געהט ארויס).

**שטאנדהאפט.** ר׳ נתן מיט דעם זאאיקע האט מען געדארפט לעהרנען בלק! פרעכמאן. ער איז געווארען צו א גרויסער עזות פנים. ווער איז ער אזוינס? **נתן.** בע.... מסתמא וועט מען איהם אויך פערטראכטען. וואס הערט דיא שטאט אזא זאאיקע? חע, חע, חע! פערלאזט זיך נאר אויף מיר. איך האב איהם שוין אין זינען.—מען דארף איצט בעסער שמועסען מכח דיא וויבארעס און מכח דער דומע, זיא זאל זיך חכילה ניט ארויסגליטשען פון אונזערע הענד. מען דארף טראכטען בעציייטענס אריינצוזעצען דארטען א גלאסנע פון אונזערע מענטשען.... וואס זיטצט איהר עפעס אזוי מרה — שחורה׳דיג, ר׳ איצע וואלף? וואס שווייגט איהר?

ספאָדיק (מיט א קרעכץ) עס איז היינט ניט מיינע זיעבע; יאָהר! עס איז בעונותינו הרבים אין היינטיגען דור נתרבה געוואָרען אזוי פיעל הולטאיעס, אזוי פיעל עזות - פנים'ער, אז מען מוז אמאָל זיטצען און שווייגען. סטייטש, האט מען דאס אמאָל געהערט אדער געזעהן? אלץ וואס דיא שטאדט האט געטהאָן איז געוועזען געטהאָן.... און היינט אָך וועה איז מיר! דיא האָאר שטעלען זיך פשוט—קאפויר. עס איז היינט טאקע נאָר משיח צייט!

פרעכמאַן. טאקע שוין זעהר פיעל עזות — פנים'ער אין דער שטאָדט. ניטאָ דיא אמאָליגע גוטע יאָהרען!

פיאווקין (צו זיך אַליין אָן דער זייט) מיר דאכט זיך, אז האלטען היינט שטאנדהאפטען אויף דער ארענדע איז א סך בעסער וויא צוא זיין א משרת אין איין אכסניא....

שינדער. א רחמנות חלעבען אויף דער שטאָדט! דער ווייל ליידעט נעבעך דיא שטאָדט, מען בעזספּאָקאָיעט זיא מיט דאנאָסען! באמת טאקע האט מען נעדארפט טראכטען מכח דער דומע.

ספאָדיק. מיין עצה וואלט געוועזען מען זאָל דאָרטען ארייניזעצען פיאווקינען פאר גלאָסנע. פערשטעהט איהר?

דיא כנופיא. מיר פערשטעהן, מיר פערשטעהן, פאר וואס זאלען מיר עס ניט פער־שטעהן?

פיאווקין (מיט ענוות) ווענינ שרייען אויף מיר דיא הולטאיעס, וואס איך בין א פּאָ־וויערענע? ווער זשע וועט מיר נעבעך וועהלען נאך פאר גלאסנע?

שטאנדהאפט און ספאָדיק (ביידע אין איינעם) עט, נארעשקייט! ווער וועט דען צו־לאָזען דיא הולטאיעס צוא א וויבאָר? ווער זיינען דיא עמי הארצים, דיא בעלי מלאכות, דיא דראבעס, דיא קבצנים? איהר מיינט אין אמת, אז עס איז הפקר דיא וועלט? מיר האבען דיא דעה!.... מיר וועלען מאַ־כען א הונדערט איזביראטעליעס פאָ פרינאָוואָרו פון אונזערע לייט. שרייבט אָן, ר' ראובן, איצט טאקע דעם פּריגאָוואָר, נעהט דער נאָך ארייין אין קהל שטיבעל, און חתימות וועט איהר דארט בעקומען פארטיגע... מעהר קיין ראגות זאלט איהר ניט האבען! אט אזוי וועט עס זיין געשווינד און גוט.

פרעכמאַן. איהר האט געהערט? דער גובערנאטאָר דארף דיא טעג אהער קומען. מען דארף נעטהיג בעוואָהרענען אז דיא עזות — פנים'ער זאָלען איהם חליכה ניט געבען קיין פּראָשעניעס, דער גובערנאטאָר, זאגט מען איז זעהר א סטראָ־

נער קוקט אלסדינג מיט זיינע אויגען. מען דארף פערהיטען, אז דיא עזות—פּנים־ ער זאלען צו איהם ניט האבען קיין דריסת הרגל.

**פּיאווקין.** דאס איז שוין אונזער עסק. מיר האבען שוין דער צו תמיד תחבולות... פערזארגט בעסער זאאיקען. איך זאג אייך, ער איז א פייער, ער דאקאַ־ פּאיעט זיך גאנץ ווייט. ער נעהט אַפּט צו שלמה וועקער.

**נתן** (גיט א קרעכץ) אָך דער שלמה וועקער, דער וועקער! ער איז מיר וויא איין ביין אין האלז. ווען ער דערזעהט מיך פאהרענדיק אויף מיין דראַנשקע מיט דיא פערד, וואס איך האב מיר געקויפט, בשעת איך בין אריינגעטראטען אין דער טאַק־ סע, גיט ער אויף מיר אקוק עפּעס מיט אזוי א פּאר אויגען, מיט אזוי א שטעכענ־ דיגען שמייכעלע, אז עס ווערט מיר קאלט אין בויך! האט מיר ניט קיין פּאראיבעל פּאני שטאנדהאפּט, איהר האט פריהער ניט פערשטאַנען וועקערען. מיר האבען איהם צוא פערדאנקען א סך פון אונזערע צרות. איך האב מורא, ער זאל אונז חלילה אמאל ניט אנרייבען א מארדע!

**שינדער.** ווער? ער א מארדע?! עט חלעבען! ער איז דאך א דייטשעל? דארף מען איהם נאר א ביסעל פּאר שמוצען בייא דעם עולם, אז ער איז איין אפּיקורוס און אפּזאגען זיי אויף איהם עפּעס א סליחה. וועט מען איהם שוין פיינט האבען וויא איין ישפין, איך קען יורען!....

**שטאנדהאפּט** (מיט כעס) דער וועקער שטעהט מיר אויך שוין אין דער גרגרת! צוואנציג טויזענד רובעל זאל מיך קאסטען, מוז איך איהם פערשיקען. ער טויג מיר כלל דא ניט אין דער שטאדט!...

**פּרעכמאַן.** ערגערט זיך ניט אזוי שטאנדהאפּט! וואס הערט איהר אזוי איין וועקער? וואס הערט איהר דיא שטאדט אזוי איין עזות—פּנים?.... (מענדעל דער געלער קומט אריין).

**מענדעל דער געלער** (שטיל צוא נתן שיפּרעס) איך האב איהם געבראכט. עס וועט געהן!

**נתן.** געה זאג איהם, ער זאל אביסעל אויסוואַרטען ביז איך וועל מיך דא אפּפּער־ טיגען. (מענדעל געהט ארויס).

**דיא כנופיא.** מיר קענען שוין געהן. האט נאר ר׳ נתן, אין זינען זאאיקען.

**נתן.** זארג ניט, דאס איז שוין מיין עסק. פערלאזט זיך נאר אויף מיר! (דיא כנופיא צו געהט זיך).

# פיערטע סצענע.

**נתן שיפרעס דער נאָך מענדעל דער גלעזער און אברעמעל גרינפאַן.**

נתן (צו זיך אליין) וואס א טרוס דער שטאנדהאפט איז! קוים דער הערט ער דאס ווארט פראשעניע, אדער גובערנאטאר, ציטערט איהם שוין דאס הייטעל עס ווערט איהם בלוי אונטער דיא זעבערס! צוואנציג טויזענד רובעל, זאגט ער, זאל איהם קאסטען, אבי פערשיקען וועקערען. עט, איך מיין אפילו מעהר וועט אויך ניט העלפען! וועקער איז בעקאנט פאר איין עהרליכען מאן, דיא וועלנז קען איהם א סך מעהר וויא שטאנדהאפטען. ער האט א גוטען שם. איך אליין חלעבען שעץ וועקערען און האב תמיד ליעב געהאט מיט איהם זיך אונטערהאלטען איבער וועלט זאכען. איך אכטע איהם אפילו היינט אויך אין הארצען. נאר אך, וואס פרנסה איז! זינט איך האב מיך איבערגענעבען דער טאקסע מוז איך איהם בעטראכטען פאר א שונא, ווארום ער איז דאך געבעך טאקע א מבין אויף דיא אלע זאכען און זוכט דעם אמת.... האב איך דען אליין טאקע ניט געהאלטען אמאל מיט איהם? האב איך דען אליין ניט אויסגערעדט אסור לדבר אויף שטאנדהאפטען מיט דער גאנצער כנופיא, אז זייא זיינען איין אומגליק פאר דער שטאדט, פאר א וועלט יודען? אך וואס פרנסה איז! (מענדעלע דער גלעזער און אברעמעל גרינפאן קומען אריין).

אברעמעל. מיין גאנצע האפענונג איז פריהער אויף גאט דער נאך אויף אייך, ר' נתן. עס איז מיר היינט שלעכט דיא צייט, און דיא שטעלע וואלט פאר מיר געוועזען גוט.

נתן. עס וועט אייך גאר ניט העלפען, ר' אברעמעל, שטאדט וועט אייך אנדערש ניט מאכען פאר טארגאוואי דעפוטאט, ביז איהר וועט טאקע באלד פאר זא־רעז קומען אהער געבען דאס בלאנקע וועקסעל.

אברעמעל. אז איך האב איין מאל געזאגט איך וועל געבען, וועל איך מסתמא געבען.

מענדעל. אבער איך האב א חויש הריח! איך האב און געשמעקט, אז דער בחור האט אויף איהם א וועקסעל. צום גליק דארף זיך גראד ביי ר' אברעמ־לען פאר וואלגערען אויף זאאיקען ניט קיין אויסגעפילט וועקסעל. אפשר נאך פון חמעלניצקעס צייטען!

נתן. נוא, צונארטעלט אייך, מיין ליעבער ר' אברעמעל, און ארויס מיט דעם וועק־סעל! מאכט ניט קיין שיהות.

אברעמעל (האלט דיא האנד אין דער בוזעם קעשענע און קווינקעלט זיך אביסעל) ווייס איך?
חלעבען, עס איז מיר אביסעל פריקרע! דער זאאיקע האט מיר איינענט-
ליך אפגעצאלט אין גאנצען, נאר ווייל עס איז אמאל צווישען אונז געוועזען א סכסוך
איבער עטליכע קערבלעך פראצענט איז דער ווייל ביי מיר געבליעבען זיין נים אויס-
געפיהלט וועקסעל.

נתן. מען צווינגט אייך חלילה נים. קיין בת ישראל נייט מען נים. נאר איך זאג
אייך, אז דיא שטאדט וועט אייך אנדערש נים מאכען פאר קיין דעפוטאט.

מענדעל. איך בין אייך מקנא, ר' אברעמעל, דיא מצוה, וואס איהר וועט האבען,
עפעס א קאטאוועס א טובה צוא טהאן א שטאדט! עפעס א שפאס אן
צו לעהרנען א שיינעץ! א גרויסע מצוה חלעבען.... יהי חלקי עמך!

אברעמעל (קווינקעלט זיך אלץ) ווייס איך?.... עפעס פריקרע!

מענדעל (רעדט אלץ אברעמלען ווייטער צוא) היינט טאקע חוץ דער גרויסער מצוה
וועט איהר נאך זיין דעפוטאט! איהר וועט האבען א גוטע פרנסה אין דיא
הענד. עס שטעהט געשריעבען: יש קונה עולמו בשעה אחת, און איהר ר' אברע-
מעל, זייט קונהביידע וועלטען: די וועלט. איהר וועט דאך האבען ברויט, מיט דעם
פולען מויל, און טאקע אויך יענע וועלט, עפעס א שפילכעל אזא מצוה!....

נתן. וואס דארפסט דוא איהם אזוי צוא ריידען? עס איז נאר נים אזא וואזשנע
זאך. עס וועט זיך געפינען איין אנדערער.

אברעמעל. הא? נו, נו, איך גיעב דעם וועקסעל, איך גיעב!

מענדעל. אט אזוי רעדט! וואס מאכט איהר דא חן? א שיינער משא—ומתן וואלט
פאר מיר געוועזען, ווען איטליכער זאל מאכען אזוי פיעל חן! פון וואנען
זשע וואלט איך געלעבט?....

נתן. גענוג שוין צוא פלוידערן מענדעל! דוא האסט זיך שוין צורעדט, חא? (צוא
אברעמלען) נו, גיכער, וויא האלט איך דא מיט אייך?

אברעמעל (חאפט ארויס פון דער קעשענע דאס וועקסעל און גיט עס א ווארף אויף דעם טיש
סאמע פאר נתן'ס נאז) נאט! אט האט איהר וואס איהר ווילט!

נתן (נעהמט און בעטראכט דאס וועקסעל מיט א שמייכעלע) דער פאר, חע, חע, חע! וועט
איהר איה"ש האבען דאס, וואס איהר ווילט!

אברעמעל. אבער זיכער?

נתן. געהט א הייך צום ווייב, הייסט מאכען קרעפלעך, און זייט רוהיג!

מענדעל. איך פאָרדראָסע אייך שוין אפילו. (ער שטעלט אויף צוויי פינגער לעבען שטע־רען און פערבייגט זיך).

אברעמעל. איך פערלאָז מיך פריהער אויף גאָט דער נאָך אויף אייך, ר, נתן! (ער גיט א קוק מיט א רחמנות פנים אויף נתן שיפרעס און געהט ארויס).

נתן. נו, מענדעל, היינט נא דיר דאס וועקסעל. פיל עס אויף ק״ן קערבלעך, טאקע אויף דיין נאָמען און גיעב עס אָן. דוא וועסט שוין דאָ מסתמא ניט דערלייגען.

מענדעל. מיין באָבעס ירושה דער לייג איך קיין מאָל ניט. איך פרעג אייך נאָר: וואס וועט עס דער שטאָרט העלפען? זאאיקע האט דאך א הויז, וועט מען אין שלעכטען פאל איזיסקעווען דיא ק״ן קערבלעך פון דעם הויז. זאאיקע וועט זיין פריי און וועט טאקע אלץ בעזספאָקאָיען דיא שטאָדט!

נתן (מיט א שמייכעלע) זאאיקע וועט שוין חלעבען זיטצען. חע, חע, חע! דער טאָטער אפילו וועט איהם אויך ניט העלפען! דאס איז שוין מיין עסק. נעה נאָר, נעה, טהו דיין זאך!

מענדעל. איך וועל זיך מיך גע־צעפטינען איבער א לעקער. איך וועל דאָרטען איי־נעם געבען א לעקער, וועט דיא זאך גיכער צוא געהן. א לעקער פועלט תמיד.... (ער פערבייגט זיך צוויי פינגער לעבען שטערען. וויא איין סאָלדאַט און געהט ארויס).

נתן (קוקט נאָך מענדלען) אזא יאָהר זאָל איך האבען, וואס פאר א שיינעץ דוא ביזט! (ער גיט א שמייכעל) נוא האָבען מיר שוין מיט גאטס חילף, ר׳ אייזיק זאאיקע אויך פערזאָרגט. איצט דארף מען עסען מיטאג! (ער געהט אריין אין צווייטען חדר).

---

## פינפטע סצענע.

א קליין שטיבעלע. ד׳ על ד׳ שלמה וועקער זיצט פארטאָג צושויבערט און פארזאָרגט לעבען א טישעל, וואס אויף איהם געפינען זיך ספרים, א טינטער, פענעס און פאפיער. אין א ווינקעל שטעהן וועגטליך און פון דאָרטען זעהט זיך ארויס א בעט, וואס דאָרטען שלאָפען זיין ווייב מיט דיא קינדער.—טויבע לאה און איין אָרימע יודענע.

וועקער. דער חשבון איז פערטיג. א גאנצע נאכט האב איך קיין אויג נישט צו גע־מאכט! לויט דיא סוויעדעניעס, לויט זיי אפילו זאָגען, פאלט אין גלופסק

אריין צדקה געלט פון פערשיעדענע חברות עפעס גאר א סך טויזענדער א יאהר! פון חברה אלמנות ויתומים אליין 9000 (נאך אנדערע 5000) קערבלעך א יאר היינט וואו איז נאך חברות? היינט עולמות געלד! א קלייניגקייט עפעס איז ביז אהער אריינגעפאלען! און וויא פיעל וועלען נאך אריינפאלען? וואו זיינען אזוי פיעל געלד? ווער ווייסט וואו זיי קומען אהין און צו וואס זיי ווערען פארברויכט? וואו חשבון, ווען חשבון?! אך, וואס האט מען דען ניט געקאנט מאכען מיט אזוי פיעל געלד! וויא פיעל ארעמע, וויא פיעל אומגליקליכע וואלט מען געקענט מיט דעם העלפען! וואס זאג איך? עס וואלט דען גאר געוועזען אזוי פיעל ארעמע, אזוי פיעל אומגליק-ליכע נעבעך? עס וואלט דען געדארפט זיין אזוי פיעל ליידענדע, אזוי פיעל קראנק-ליכע, אזוי פיעל הונגעריקע, פערוואגעלטע, פערפינסטערטע, פערוויסטע נעבעך (ער שטעהט אויף און געהט איבער דער שטוב פערלייגט דיא הענד) אך דאס הארץ בלוטעט קוקענדיג! גאט ווייסט וויא אזוי עס מאכט זיך אין מיר איבער דאס בלוט, וויא אזוי עס שפרינגט מיר דיא גאל צו צו זעהען אזוי איין עלענד, אזעלכע פינסטערע פאריאדקעס מיט אזעלכע ביטערע צרות! גאט ווייסט, אז ניט איין מאל זיינען מיינע אויגען פייכט פון טרעהרען, איך וויין שטילער הייד. (ער ווישט זיך דיא אויגען) אבער וואס זאל מען טאן? דער אידישער גלות איז שטארק, נאך שטארקער פון אייזען, וואס קען איין מענטש טאן? — איך האב געפרואווט מאכען א פלאן, וויא אזוי צו העלפען נויט בעדערפטיגע, איך האב זיך געקליאנעט פאר דיא הינע שטאט פיהרער, איך האב זיך אונטערגעלייגט שטאנדהאפטען, למאי זאל איך לייקענען, איך האב איהם געשמייכעלט, געלויבט: ער איז א גוטער, א געבילדעטער א גרוי-סער בעל צדקה איך האב איהם צוא געשריבען מיין מיה און איהם מוחל געוועזען דעם כבוד.... מיין כוונה איז געוועזען זעהר א גוטע, טאמער וועל איך איהם דורך דעם טאקע בעוועגען צום גוטען, וועט דאך באמת ארויסקומען א גרויסע טובה. מחמת ער איז רייך און האט אין דער שטאדט א גרויסע דעה. ניט איינמאל האב איך איהם געאפפערט מיין צייט, ניט איינמאל האב איך אוועקגעווארפען אין דער היים אלסדינג און בין געגאנגען צו שטאנדהאפטען אנטאן איהם כבוד און ממלא זיין זיין רצון. אבער אך, אלץ אומזיסט! שטאנדהאפט איז פון דער יוגענד אן פער-פיהרט. שאדע, ער האט גילדערנע פעהיגקייטען טהייערע מעלות, גאר שלעכטע מענטשען האבען איהם פערפיהרט.... (ער עפענט א לאדען און גיט א קוק אין פענ-סטער) א, עס איז שוין טאג, אין דרויסען קאפעט א קאלט אסענדיג רעגענדעל און אין שטוב איז נאך ביי מיר ניטא קיין שייטעל האלץ.... (דיא טהיר עפענט זיך ארוף און אין שטוב לויפט אריין טויבע לאה, זאאיקעס ווייב).

טויבע לאה (מיט א געוויין) מען האט איינגעזעצט אייזיקען! זייא האבען איינגעזעצט
מיין אייזיקען! זייא האבען אויף איהם אויסגעפיהלט א וועקסעל! זייא
וועלען איהם דארטען זארושען.... געוואלד, אייזיק, מיין אייזיק!
וועקער (זעהר געריהרט) געוואלד, וואס שווייגסט דוא נאט!!
טויבע לאה. אייזיק האט מיר אנגעזאגט, איך זאל געשווינד געהן צו אייך, איך זאל
אייך דערצעהלען. געוואלד האט רחמנות זייא וועלען איהם דארטען
זארושען! האט רחמנות אויף מיינע קינדער, זיי וועלען נים האבען וואס צו עסען.
געוואלד ראטעוועט!
וועקער (שטארק צו מ שט) נאט אייך צעהן גראשען און קויפט א שטריק!
טויבע לאה. וואס זאגט איהר? פאני וועקער, וואס רעדט איהר?
וועקער. קויפט א שטריק! זאג איך עס קומט אונז איצט אויס, טאקע זיך נאר א
מעשה אן צוא טאן! בעסער דער טוידט איידער צוא זעהען אזעלכע צרות,
איידער צו ליידען פון דעם שווערען יודישען גלות!....
טויבע לאה (וויינט אויף א קול, וויא איבער א טוידטען) אז אך און וועה און ווינד איז
מיר פינסטער איז מיין וועלט, ניטא אייזיק!....
וועקער (מיט גרויס רחמנות) וויינט ניט, טויבע לאה! גלויבט מיר וואס עס וועט נאר
מעגליך זיין וועל איך טאן. נישקשה, וויינט ניט! געהט זאגט אייער מאן,
איך וועל טאן אלסדינגג, וואס איך וועל נאר קענען.
טויבע לאה. איך פערלאז מיך נאר אויף אייך; גאט זאל אייך בעצאהלען פאר
אייער גוטסקייט! (זיא געהט ארויס מיט א געוויין און איין ארעמע אידענע
קומט אריין).
דיא יודענע. אך דער בארעמט אייך, האט רחמנות! איין קינד איז ערשט ביי מיר
געשטארבען פון צרות, היינטיגע נאכט איז איינגעפאלען מיין מאן, מען
האט איהם קוים דערראטעוועט, ער ליגט איצט וויא א טוידטער, אין שטוב איז
ניטא, איהר זאלט זאגען, אפילו א ברעקעל ברויט, דאס גאנצע עסען אונזערס איז
עטליכע קארטאפעל פריה און אויף דער נאכט. א רבונו של עולם, מיר זאלען אזוי
נים וויסען פון קריינק וויא מיר וויסען נים דעם טעם פון פלייש מיר דארבען, מיר
געהען שטילערהייד אויס וויא א ליכט, דיא כחות וועלען אונז אזוי אויסגעהן פאר
הונגער, פאר נעץ און פאר קעלט! א, האט רחמנות, לאזט מיך ניט פאלען! איין
מאל האט איהר שוין מיין מאן געהאלפען, האט נאך אמאל רחמנות אויף איהם און
אויף מיר מיט מיינע נאקעטע הונגעריקע קינדערלעך, מיר זאלען חלילה ניט אויס-
געהן! (זיא וויינט אויף א קול).

װעקער (מיט א צובראָכענעם הארץ) װאס אמאָל איז געװעזען, איז שױן הײנט ניטאָ!

דיא קלײנע חברה, װאס איך האב אמאָל מיט שװערער מיה געמאכט צוא שטיצען נױטה בעדערפטיגע איז שױן מעהר ניטא! נאט װײסט װיא אזױ איך װאָלט אײך געװאָלט העלפען. נאָר, אך, װאס אמאָל איז געװעזען איז שױן הײנט ניטאָ, אױס, מעהר ניטאָ!

דיא יודענע (ברעכט דיא הענד) הײנט װאוהין זאָל איך שלימזלדינע געהן? צו װעמען זאָל איך מיך קעהרען און װענדען?

װעקער. געהט צו דיא נגידים! געהט צו דיא בעלי טובות!

דיא יודענע. אָ, שיקט מיך בעסער אין דער ערד אריין! בעסער זיך אין װאסער אריין צוא װארפען אײדער געהן צוא דיא בעלי טובות! מען קען דען א פנים צו טרעטען צו זײא? אז מען געהט זיך שױן גוט אָפּ דיא פיס און מען איז זוכה זײ צו דער טאפּען אױף א מינוט, קוקען זײא אָן קרום, לאָזען ניט אױסרײדען קײן װאָרט און שרײען מיט כעס: װאס װילט איהר פון אונז האָבען? געהט אײך! װאָס װילט איהר פון אונז האָבען?—אױ אױף מײן מעמד זאלען זײא איבערקומען! אױ, װיא קומט מען אזױ א הײם? דיא קינדער זײנען הונגעריק, אין שטוב איז נאס און קאלט, קײן שײטעל האָלץ איז ניטאָ, פון דער שטעליע קאפּעט, דער מאן ליעגט שלאף. ער פלעגט נעבעך דארען, קװארען הונגערען שטילער הײד (זיא װײנט װײטער) ער פלעגט נעבעך דארען, און מאכען א פרעהליך פנים, מען זאָל דאס ניט ארױסזעהען!.... קײן לעפעל געקעכץ, קײן שטיקעל פלײש איז שױן א לאַנגע צײט אין זײן מױל ניט געקומען. א שבת, א יום טוב, אז מען האט שױן אמאָל געקאָכט דאס ביצעל קונגע לעבער פלעגט ער עס דיא קינדער אװעק געבען, דעם לעמצטען, דעם בעסטען ביסען דיא קינדער אװעק געבען!.... ער איז נעבעך געבליעבען אָן כוחות, ער איז נעבעך שלאף פאר הונגער פאר צרות! אױ, װאס טהוט מען? װיא קומט מען לײדיג א הײם? עס קומט מיר נאָר זיך אין װאסער אריין צו װארפען? (זיא װיל געהן).

װעקער (שטאַרק געריהרט) װאָרט, זײט מוחל, װאָרט! (ער זוכט אין קעשענע און געפינט נים, ער זוכט אין טיש קעסטעל, געפינט אױך גאָר נישט, ער געהט צוא צום װײבס בעט נעהמט ארױס פון איהר קעשענע און קעהרט זיך צוריק) נאט אײך! װעט איהר קױפען פאַר אײער מאַן א הוהן. אָט דאס האָט איהר אױף א הוהן, און דאס אױף שחיטה געלד.

דיא יודענע. שחיטה נעלד איז היינט דאפעלט טהייערער.... נאט זאל אייך נעבען נעזונד און לעבען, איהר זאלט ניט דארפען צוא קיין מענטשענס נאב!
(זיא געהט אוועק).

וועקער (זעהר אויפגעבראכט, האזערט איבער דיא יודענעס ווערטער) „זיי שרייען מיט בעס וואס ווילט איהר פון אונז האבען?" נאראנים! דאס איז דאך אייערע שאף! אייערע שעבעלעך, וואס איהר שערט זיי, זיינען צוא אייך געקומען, אייערע שעפעלעך, וואס טראגען אייך אזוי פיעל איין! זייט זשע ניט קיין נאראנים, פער־מארעט ניט אייער שטאדע! ווארפט זייא אמאל אונטער אביסעל הייא, טאסע פון אייער טובה ווענען, כדי עס זאל דער נאך זיין וואס צוא שערען! (ער געהט א טופ מיט דעם פוס אין דער פאדלאגע) ניין! דיא גאל ווערט צוא זעצט, מען קען זיך שוין ניט מעהר איינהאלטען! פערפלוכט זאל זיין דער וואס זעהט אזעלכע עולות און שווייגט! פערפלוכט זאל זיין דער וואס איז א טרוס, וואס האט מורא צוא זאגען דעם אמת! פערפלוכט זאל זיין דער וואס פערשטאפט דיא אויערען ניט צו הערען דיא יללות און דאס קרעכטצען פון דיא אומגליקליכע, פון אבידעטע און נויטה בעד־דערפטיגע, פערפלוכט, פערשאלטען אלע, וואס פערקויפען זייער סאוועסט, זייער געוויסען, אלע וואס זיינען אין שטאנד צו העלפען מיט א ווארט, מיט דער פען און שטעהן פון וייטען, טאמער וועט זייא חלילה עפעס דאס מינדעסטע שאדען!....
וואס זאל איך מיך בעהאלטען? איך האב א הארץ, איך האב געפיהל, איך קען זיך נישט מעהר איינהאלטען. איך קען ניט שווייגען! איך מוז געהן ארויס זאגען דעם אמת גאנץ פריי, זאל חאטשע דיא וועלט וויסען!

---

## זעקסטע סצענע.

שלמה וועקער טהוט זיך אן אויף ארויס צו געהן אין גאס בתיה קומט ארויס פון אונטער דייא ווענטלעך.

בתיה. וואס טראכסט דוא זיך שלמה? דוא האסט היינטיגע נאכט וויעדער ניט געשלאפען!

וועקער (מיט א פארביטערט הארץ) אין דער שטאדט זיינען דא זעהר פיעל גנבים. עס איז אפאסנע צו שלאפען!...... פערשטעהסט דוא מיך בתיה?

בתיה (סיט הארץ) דאס פערשטעהן קאסט מיך געגוג רבי געלט! פון וואנען נעהמט זיך אונזערע צרות, ווען ניט פון דעם, וואס דיר ליעגט אלץ אין זינען דיא

שטאדט! נעוואלד שלמה וואס נעהערט זיך מיט דיר אן פרעמדע זאכען? האב בעסער דיך אין זינען!

וועקער. אט דאס איז דאך טאקע דיא גאנצע צרה בייא אונזערע יודען, וואס איט־ליכער האט נאר זיך אין זינען. דיא גאנצע וועלט מעג אונטערגעהן אבי ער זאל בלייבען......

בתיה (מיט א וויינענדיק קול) דער וייל קויפסט דוא דיר נאר שונאים, דערווייל מוט־שעפסט דוא זיך, ווערסט פערשווארצט און מען לאזט דיך ערגעץ ניט אויף קומען...... אוי, קוק זיך נאר אן, וואס פאר א פנים דוא האסט! דוא ביזט גע־ווארען הויט און ביין!—

וועקער (געריהרט) ווין חלעבען ניט, מיין הארץ, נאט איז מיט דעם נערעכטען. ניט תמיד וועלען מיר זיין אין גלות ביי דיא פאלשע מענטשען.

בתיה. בעטראכט זיך נאר. זייא זיינען רייך, זייא האבען מיטעל און כל התחבולות, זייא האבען פאר זיך מלאכי מליצים, זייא האבען א דריסת הרגל אומעטום, וואוהין מען דארף.... און דוא ביזט איינער, דוא ביזט ארעם!

וועקער. איך בין ניט איינער, איך בין ניט ארעם. איך געה מיט דעם אמת און האב נאט אין הארצען, דיא רעגיערונג, חלעבען, זוכט דעם אמת, וויל דעם אמת, האט ליעב דעם אמת, קוק ניט אויף נלופסק....

בתיה. נעוואלד, מיר זיינען אזוי ארעם, מיר קומען נעבעך אפ און לעבען ניט וויא אונז וואלט אנגעשטאנען. האב רחמנות אויף דיר, אויף דיין ווייב און קינדער, קוק נאר אן שלמה דיינע קינדער!

וועקער (הייבט אן אויס צו דראזשען און קוקט מיט ליעבשאפט אויף דיא קינדער. וואס שלא־פען ארומגענומען אויף דעם געלעגער) שלאפט פייגעלעך! שלאפט מיינע טהייערע קינדערלעך! איך בין שולדיג, וואס איהר שלאפט נעבעך אלע אין איינעם, אין איין ענגער ספאלניע! וואס איהר האט ניט קיין וויגאדע, וואס איהר מוזט שטענ־דיג זיצען מיט דיא גרויסע אין איינעם און חאפען א זעטיך, א קלאפ, ווען איהר ניט אמאל זיי א לאך וויא קינדער! איך בין שולדיג, פאר וואס אייער יוגענד איז ניט וויא דער חדש מאי, שעהן, לויטער, פרעהליך, מיט בלומען און רויזען! פאר וואס זייער יוגענד נעבעך איז וויא דער אסיען, מיט טרעהרען, מיט שטורעם, מיט חמארעס און מיט כל הצרות! ווען איך זאל ניט האבען קיין הארץ, קיין געפיהל, וואלט איהר א סך בעסער געקענט לעבען וויא איצט, ווען איך זאל קענען צו זעהן עולות, זיך ניט מישען און שווייגען, וואלט איהר געלעבט א סך ראסקאשנער וויא

הײנט !...... זײט מיר מוחל מײנע קינדערלעך ! שלעכט, זעהר שלעכט צו האבען א טאטען מיט הארץ, מיט געפיהל, מיט אזא כאראקטער !

בתיה (ווישט זיך דיא אויגען) נו, האָב זשע רחמנות שלמה ! ווער מיט זײ שלום, וועט אונז זײן גוט....

וועקער (זעהר פערטראַכט) הא, וואס ווילסט דוא ?

בתיה. האָב רחמנות אויף דיר, אויף מיר און אויף אונז אַלע, ווער מיט זײא שלום, וועט אונז זײן גוט !......

וועקער (גיט זיך א חאַפּ) הא, האב רחמנות אויף מיר, אויף דיר, ווען טויזענדער מענטשען לײדען !.... נײן, נײן, טויזענד מאל נײן ! וואס איז, דוא קומסט אָפּ ? נוא, לײד אויך ! מענסט אויך, חלעבען, א ביסעל לײדען ! (ער געהט דעם שטעקען און געהט געשווינד אַרויס).

---

# זיבעטע סצענע.

בתיה חליפּעט און רוימט אויף אין שטוב. טויבע לאה קומט אַרײן.

בתיה. אָט איז ער שוין אוועקגעגאנגען, און גאָט ווײסט ווען ער וועט קומען נעה־מען עפּעס אין מויל ! ער שלאָפט ניט, ער עסט ניט, ער געהט נעבעך איין קוקענדיג אוֹף אונז, עס טהוט מיר חלעבען באנק וואס איך עס איהם אָפּ דאס הארץ. איך ווײס, אז איך דערמאָהן איהם פון אונזערע לײדען, צאַפּט זיך איהם אָפּ דאס בלוט. נאָר פאַר צרות אבער חאפּט מען זיך אמאָל נישט ווילענדיג, ארויס א וואָרט...... וואָס איז ער נעבעך שולדיג ? ווען ער זאָל ניט האבען אזא נוטע נאַטור וואָלט איהם נעבעך א סך בעסער געווען.... (טויבע לאה קומט אריין).

טויבע לאה (אויף א ווײנענדיג קול) ניטאָ אײער מאן ?

בתיה (ווישט זיך אויס דיא אויגען) נײן ! וואס ווײנט איהר אזוי טויבע לאה ?

טויבע לאה. פינסטער איז מײן וועלט ! זײ האבען אײנגעזעצט מײן מאן. זײ האבען אויף איהם אויסגעפּיהלט א וועקסעל ! הלוואי וואָלט מיך מײן אײזיק געפאָלגט. איך האב איהם לאנג געבעטען, ער זאל זיך ניט מישען, עס זאָל איהם גאָר ניט אָנגעהן וואס זײ טהוען, זײ זײנען שטארק, אנטקעגען זײא קען מען נישט בעשטעהן......

בתיא (זעהר איבערגעשראָקען) הקוואַי וואלט מיך מיינער געפאַלנט ! איך טענה דאס איינענע אויך מיט איהם, וואס טוינ דיר זיי האבען פאר שונאים מען טאָר היינטינע צייטען ניט זאָגען דעם אמת....

טויבע לאה. מיינער איז נאָך ערגער ! זייא ווילען זיך מיט איהם מירען, זייא וויכען שלום ווערען און איהם געבען געלד. אבי ער זאָל שוויינען, און ער בשום אופן ניט. בעסער, זאָגט ער, זאָל איך שטארבען, בעסער זאל איך געשוואָלען ווערען וויא א בארג און פארפוילט ווערען אין אסטראָג איידער איך זאל פערקויפען מיין נשמה, מיין געוויסען, מיט א שטאָדט מענטשען ! וואס איז ? זאָגט ער, דוא ווענסט ניט וואבען מיט וואס א טאָג איבערצוקומען ? פערקויף דאס הויז, וועט מען דאך אפגעבען דיא ק״ן קערבלעך אויף דעם פאלשען וועקסעל, און מיט דעם איבעריגען קען מען לע״ע וויא עס איז לעבען.

בתיה. אז איהר האט א הויז, פאר וואס זשע זיצט אייער מאן ?

טויבע לאה. אז זיי ווילען איהם אבער מוטשען! ווער וועט זיי דען ווערען ? אז אלע זיינען מיט זיי... מען וויל דאך פאר איהם ניט אָננעהמען קיין פארוקי. איך טענה מיט איהם, איך חאלעש פאר איהם ; נזלן נעהם געלד און זיץ אָפ! געוואלד, גזלן, שווייג און נעהם געלד ! און ער אלץ דאס זייניגע : בעסער זאָל איך שטארבען, בעסער זאָל איך ווערען דיא כפרה.... נעה זאג זייא ; אייזיק נעריסט איך פון אסטראָג ! אייזיק דאנקט אייך פאר אייער ברויט און זאלץ ! אייזיק וויל זיך ניט פערקויפען ! אייזיק וויל שטארבען מיט דעם אמת ! אייזיק וויל זיין דיא כפרה פאר דיא אומגליקליכע נעבעך און קומען אויף יענער וועלט ריין! אייזיק וועט דארטען זוכען א סוד א ספראווע, אויב ער וועט איהם ניט געראָטען עס צו געפינען אויף דער וועלט !...... איך האב געוואלט בעטען אייער מאן, טאָמער וואלט ער ביי מיין משוגענעם נעפועלט, אז ער זאל נעהמען געלד און אָפזיצען !

בתיה (לאַכט מיט טרעהרען) נעפונען, חלעבען, א גוטען בעכן !!....

טויבע לאה. נוא, וואָס איז ? אייער מאן חלעבען וועט האבען א מצוה. איך בעט אייך, בתיה סערדצע, העלפט מיר אויך בעטען אייער מאן, ער איז דאָך אזא גוטער א דימענדיקער, מענטש ! ער וועט אייך חלעבען פאָלגען !

בתיה (מיט טרעהרען אין דיא אויגען) אך. אז מיין מאן זאל מיך פאָלגען !....

טויבע לאה. נישקשה, ער וועט אייך פאָלגען ! איצט מוז איך געהן א היים אָנגרייטען עפעס מיטאג. איך וועל קומען שפעטער. (זיא געהט אוועק).

בתיה (צו זיך אליין) איך מוז אויך עפעס אָנגרייטען מיטאג, א רחמנות נעבעך אויף די קינדערלעך! איך האב נאך בייא מיר א פּאָר גילדען (זיא לייגט אריין דיא האַנד אין קעשענע) הא, וואו איז דאס געלד? איידער איך האב מיך נעכטען געלייגט, האב איך עס דאָך אריינגעלייגט דאָ! (זיא זוכט אין דער קעשעניע) דיא קעשעניע איז גאנץ! נישטאָ קיין פּיצעל לעבעל, וואו זשע איז דאס געלד? (זיא זוכט אין שטוב) אך, פארפאלען, נישטאָ! דאכט זיך, אז איך האב עס נעכטען זיכער אריינגעלייגט אין קעשעניע! אוי, וואס טהוט מען איצט? מיט וואס קאָכט מען מיטאג? אין קליי־טעל קומט שוין זעהר פיעל. וואס זאל איך טאָן? מען מוז ווייטער געהן באָרגען, ווייטער שווארצען דאס פנים. א רחמנות אויף דיא קינדער, אויף איהם אויך נע־בעך! ער האט א גאנצע נאכט קיין אויג נישט צו געמאכט און איז אוועק נעגאנ־גען נאָר ניכטער־ (זיא בעוואשט זיך מיט טרעהרען, ברעכט דיא הענד און געהט ארויס).



# אכטע סצענע.

**אויף דער גאס. פּיאַווקין געהט מיט א פּאַפּיער אין דער האנד. עטליכע רעדלעך בעלי־בתים און בעלי־מלאכות שטעהען און רעדען שטילער הייד, שלמה, וועקער, א נאראָד, פרעכמאַן, מענדעל דער גלעזער, פּיקהאָלץ און אייזיק זאאיקע.**

איין בעל מלאכה. פּיאַווקין טראגט שוין דארט ווידער א פּאַפּיער! עס וועט שוין אונז מסתמא קיין גוטס דערפון נישט ארויסקומען......

דער צווייטער. שאַ, שטילער! רייד ניט אזוי הויך, מען וועט דערהערען.

דער דריטער. נישקשה, אָן סכנות, ער איז שוין ווייט. דער רוח האט איהם אוועק־געטראָגען, איהר מעגט רעדען, ער וועט ניט הערען. זאגט נאָר, איך בעט אייך, איהר ווייסט ניט, וואס דאס איז פאר א פּאַפּיער?

דער פיערטער (קוקט זיך פריהער אום אין אלע זייטען) דאס איז א פּריגאָוואָר, נאָר א מין נייא—מאָדנער פּריגאָוואָר.

אלע בעלי מלאכות. וואס שטעהט דאָרטען? וואס שטעהט דאָרטען אין דעם פּריגאָוואָר?

**א נאָכדשמידעל** (קוקט זיך אום זעהר אסטאראזשנע) דארט שטעהט אוודאי גוטע זאַכען! דארט שטעהט, אז דיא פיינע בריות מעגען זיך טאָן אין דער שטאָדט וואס זיי ווילען, זיי מעגען מאַכען נאלאָגען, מעגען תמיד ארויסנעהמען פון פריקאז אָבשטשעסטוען געלד און צונויפנעהמען אין שטאָדט גאָר פריש געלד, ווי־פיעל זייער הארץ געלוסט. קורץ, זיי מעגען איסדינג טאָן און זיך ראספּאריאזשאַיען נאָר פריי פון חשבון. בשעת וויבאָרעס האבען זיי, נאָר זיי, דאס רעכט אויס צו ערוועהלען טשלענעס. חוץ דעם מעגען זיי דערוויטערען פון זייערע אויגען דיא אלע מענטשען וואס וועלען זייא נים טוינען. פשוט איז פשוט, זייא וועלען דיא דאזיגע מענטשען משלח זיין פון גלופסק און וועלען זיך פראָסט זיין שררות, זייא וועלען זיך לעבען וויא גאָט אין פראנקרייך!....

**אלע בעלי מלאכות.** אָך, וועה איז אונז! דאס איז דאך א ביטערע גזרה! דאָ וועט מען דאך אונז גאָר אויף דאס נייע לופּען דיא הויט! גאָט זאל זיך דערבארעמען!....

**איין בעל מלאכה.** איך וויים חלעבען נים צו וואס האבען זייא היינט געמאַכט דעם ראזינען פּריגאָוואָר? א פּנים פריהער האבען זייא נישט געטאַן דאס איינענע? א פּנים פריהער האט עמיצער דען זיי געווערט, זיי זאלען אונז נים צופּען, רייסען? וועד א שטיינער וועט זייא איצט צו מוטשען אייזיק זאַיקעז? היינט האבען זיי איהם איינגעזעצט, מארגען וועלען זייא אונז איינזעצען, וועד וועט זיי דען נים לאָזען?

**א צווייטער.** שאַ! אט נעהט וועקער, מען דארף איהם פרעגען, וואס זאגט ער אויף דער גזרה.... עפּעס איז ער שטארק אויפגעבראַכט!

**דאס גאַנצע רעדעל** (לאָזט זיך צו צו וועקערען און קוקט זיך אום מיט מורא אין אלע פיער זייטען) האט איהר געהערט פאני וועקער, שוין ווידער א פּריגאָוואָר!

**וועקער** (זעהר אויפגעבראכט) וואס האט איהר מורא? שאף! ביז וואנען, אך, וועט איהר זיך לאזען פערפיהרען, מען זאל מיט אייך טאן וואס מען וויל? זעהט, דיא רעגיערונג איז גוט, איז בארעמהארציג, זיא האט בעפרייעט עטליכע און צוואַנ־ציג מיליאָן בויערען, זיא ווינטשט איטליכען גליק, אויך אונז יודען ווינטשט זיא גליק זיא זוכט אכין מיטעל צו פערבעסערען אונזער צושטאַנד, זיא וויל יודען געבען זאַ־כען עסען. זאלען געזונד זיין, זאלען א פנים האבען וויא מענטשען. איהר אבער

דערשלאגענע, פערוואגעלטע, פערוויסטע יורען לאזט זיך פערפיתרען, מען זאל אויף אייך רייטען, מען זאל אייך צופען, רייסען!

צווייטער בעל מלאכה. שא, שא, שטילער אביסעל! אט נעהען צוא א סך מענטשען. מען וועט נאך חלילה דערהערען! (דיא מענטשען געהן צוא).

וועקער (הויך אויף א קול) ווער איז דען שולדיג, וואס איהר האט אזא פנים וואס איהר ליידט, וואס איהר קרענקט, וואס אויף אייך ליעגט דיא ערד, וואס אויף אייך איז אויסגעגאסען דיא תוכחה? ווער איז דען שולדיג? ווען ניט איהר טאקע אליין! — אומגליקליכע מענטשען! מען מוז יאמערען, וויינען קוקענדיג אויף אייך!

דער נאראד. שא עולם! זאל מען הערען, וואס רעדט ער דארטען אזוינס!

וועקער. (אלץ וואס ווייטער מעהר אויף געבראכט) זייט איהר בלינד? זעהט איהר ניט וויא פיעל טויזענדער מענטשען געהן ארום אן קעפ, וויא דיא בלודנע שאף און האבען ניט מיט וואס א טאג איבער צו קומען? זעהט איהר ניט, וואס פאר א פענימער נעבעך זיי האבען, גלייך וויא דיא טוידטע, וויא פינסטער, וויא וויסט, ווי דער שלאנגען נעבעך? זעהט איהר ניט וואס א טאג מעהר קומען צו אביונים, גע־פאלענע אומגליקליכע, הונגעריקע און קראנקע? יא, וואו איז נאך ערגעץ וויא דא אזוי פיעל קראנקע? — זייט איהר טויב? הערט איהר ניט דיא קולות פון דעם בית עולם, דיא קולות פון טויזענדער ארעמע פאמיליעס, מענער, ווייבער און קינדער, וואס זיינען אויסגעשטארבען, געפאלען וויא דיא פליעגען, ערשט אין דער חאלעריע פאר הונגער אין פאר קעלט? הערט איהר ניט דיא קולות פון דיא אומגליקליכע, וואס האבען נעבעך ניט געוואוסט דעם טעם פון פלייש, האבען אין זייער לעבען שטילער הייד געהונגערט, געדארט, געקרייגקט, געליטען, ביז דיא ביטערע שלאפ־קייט האט מיט זייא איין עק געמאכט?.... זייט איהר בלינד? זייט איהר טויב? האט איהר נים געזעהען, ניט געהערט דיא שרעקליכע סצענעס און גרויסע צרות, וואס זיינען פערגאנגען ערשט בשעת דיא חאלעריע, אין דעם חלק פון שטאדט, וואס דארט וואוינען דיא ארעמע לייט? וויא איין וואכף צווישען שאף האט זיך א הין צו אריינגעחאפט דיא הונגעריקע חאלעריע! זיא האט געריסען, געפרעסען, גע־געסען, נאר אהן רחמנות. נאך איידער מען האט אוספעיעט זיך ארום צוא קוקען. שפייז האט זיא דארטען געפונען זעהר פיעל, מעהר וויא אומעטום. דען וואו נאך ערגעץ שטיקען זיך צוא גויף אזוי פיעל מענטשען אין איין ארט וויא דיא מוראשקעס

נעבעך, וואו נאך ערגעץ, אזוי וויא דא, וואלגערען זיך אין אייגינע לעבער, אין נעץ און אין קעלט, הונגעריקע נאקעטע מענטשען? וויא א הונגעריקער וואלף האט זיך דיא בייזע שלאפקייט דארט צווישען דיא אומגליקליכע אריינגעחאפט און האט גע־ווארגען יונג און אלט, טאטעס, און מאמעס מיט זייערע קינדער, קינדבעטערענס און כלות. מענטשען זיינען געפאלען וויא שטרוי ואין בית אשר אין שם מת! אין איין שטיבעל האט געגוסעט א פאטער פון קינדער, באלד טאקע לעבען איהם איז געפאלען זיין ווייב, האט אויסגעבראכען דיא גאל און געבליעבען ליגען קאלט וויא אייז, דארטען אין איין ווינקעל האט געחארחעלט א ברילי‌אנטענע קינד, אנטקעגען אין דעם אנדערען זייט האט זיך געראנגעלט מיט דעם טוידט א געטרייע מוטער, ביידע האבען צום סוף א חראפע געגעבען און אנטשלאפען געווארען אויף אייביג! מען גוסעט, מען חארחעלט, מען פאלט איין, מען פאכט מיט דער נשמה, מען שטארבט און דיא חאלעריע גייט פון שטוב צוא שטוב, קוילעט, שעכט הונגעריקע, ליידענדע, ארעמע נעבאך, וויל גאר ניט אויפהערען, וויל גאר ניט אפלאזען!

א קול פון דעם נאראד. אוי, מיין טאטע! אוי, מיין מאמע!

נאך א קול. אוי, מיין קינד! אוי, מיין מאן! זיי האבען נעבעך שטילער הייד געלי־טען, געליטען הונגער, געליטען קעלט, תמיד געליטען!

א סך קולות. עס האט שוין ניט געהאלפען קיין רחמנות, עס האט שוין ניט געהאל־פען קיין טובות, בשעת דער חלף איז געלעגען אויף דעם האלדז און דיא חאלעריע האט אנגעחאפט ביי דעם נארגעל.... אוועקט מיט דעם רחמנות! האט געווארטשעט דיא חאלעריע, מען האט מיר פריהער אליין געוויזען אהער צו א וועגן! אוועקט מיט דיא טובות! מען האט מיר פריהער אליין דא אנגעגרייט אזויא פיעל שפייז מען האט מיך אהער געבראכט. דא איז מיין ארט! אוועקט, אוועקט, לאזט מיך געהן! לאזט מיך געהן!

וועקער. ניט נאר א קוק אויף דעם בית עולם! פרואווט נאר איבערצעהלען דיא נאייע קברים, זיי זיינען וויא דיא שטערען אין הימעל! דאס הארץ ברעכט צו פאלט אויף שטיקער, מען קען זיך ניט איינהאלטען, מען מוז יאמערען, און קלא־גען אויף אייך אומגליקליכע ברידער! (אין דעם נאראד הערט זיך איין געוויין) יא, יא! קלאגט אויף דעם חורבן, אויף אייער חורבן! איך זאל קענען וואלט איך זיי גערופען דיא הייליגע אבות, אונזער מוטער רחל און ירמיהו הנביא, זיי זאלען טרויערען אויף זייערע פערוואגלטע קינדערלעך. זייא זאלען פאר אייך גאט בעטען, ער זאל אייך אויסלייזען פון דעם יודישען גלות, ער זאל עפענען אייערע אויגען איהר זאלט זעהן,

און עפענען אייערע אויערען איהר זאלט הערען, און עפענען אייערע מיילער איהר זאלט ריידען און זיך בעפרייען פון אייערע פאלשע שטאַרט בעלי טובות.

א קול. שא, אביסעל שטילער! זייער מענדעל דער געלער נעהט!

נאָך א קול. שא! זייער פרעכמאַן איז אויך ניט ווייט ער וועט דער הערען!

עטליכע קולות. נישקשה, נישקשה, רעדט ווייטער! רעדט, רעדט, זאָלען זיי טאקע הערען!

וועקער. איך פרעג אייך: איהר האט אזוי פיעל חברות, אזוי פיעל צדקה און עולמית נעלד, וואו, טאָמער ווייסט איהר, קומען זייא אהין? האבען דען בייא אייך גבאים אָרענטליכע ביכער? אדער קומט זיך ביי אייך אמאָל צונויף טראַכטען וויא אזוי צו פערבעסערען דיא שטאָדט, וויא צו העלפען נויט בעדערפטיגע. אָדער נאָר זוכען מיטעל צו פערמינערען דעם צאָל פון דיא אָרעמע לייט? וואס טויג דען אזעלכע צדקות, וואס מען ניט קלוימערשט יענעם אויף דעם קראַנקען בעט, בשעת ער איז שוין נוטה למות? זאל מען עס בעסער ניט בערייסען בשעת ער איז געזונד, זאָל מען איהם דענסטמאל לאָזען זשיפען, אטהעמען, ניט אויסדרעהען דאס וואסער, וועט ער דאך ניט קראַנק ווערען!.... שוין צייט צוא וויסען דעם ריכטינען, דעם אמתען זין פון צדקה, שוין צייט צו וויסען, אז דער מיט, וואס מען וואַרפט אונטער פאַר א מענטשען, פון צייט צו צייט, א ביסען ברויט מאכט מען איהם טאקע פאַר א הונד, פאַר א בטלן, פאַר איין לא יוצלח, מען ערניעדעריגט איהם. מען שאַרעט זיך און מען שאַדעט אויך דעם גאַנצען לאַנד. שוין צייט צו וויסען, אז צדקה וואס ווערט ניט פאַרווענדעט מיט שכל, שאַדעט פונקט אזויא פיעל וויא אכזריות שוין צייט צוא פערשטעהן אז האַרץ אליין אָהן שכל האט ניט קיין שום ווערטה, מען קען אמאָל שטאַרבען בנשיקה אזוי וויא פון א פאַטש. וואס טויג אייך בעלי טובות, וואָס נאָגען אייך אויס דעם מאַרך פון דיא ביינער. וואס פאַרפיהרען אייך אין דער בלאָטע, אין דיא הרי חשך אריין? ביז וואַנען וועט איהר איבער אייך האבען באַהעלפטרס מיט לאַנגע פאַרעווע קעשענעס, וואס לאַטכענען אראָפּ פון אייער מי־טאג, פון וואַרעמעס?.... ווער איז דען שולדיג, וואס ביי אייך זיינען דאָ אזעלכע שטאַדט מענטשען, אזעלכע פיהרער, אזעלכע פאָפּעטשיטעליעס? איך מיין חלעבען ניט זיי. ניט זיי זיינען שולדיג! שולדיג זיינען דיא אומשטענדען, וואס האבען פריער געבראַכט דער צו, עס זאל ביי אייך זיין א טאקסע וכדומה אזעלכע פאָריאַדקעס, שולדיג זיינען דיא אומשטענדען, וואס האבען אייך פאַרשלאָגען דעם קאָפּ, וואס האבען אייך נעמאַכט צום נאַרען, צוא נענומען דעם מוטה, וואס האבען אייך פאַר בלענדט און פערשלעפערט, דיא אומשטענדען האבען זיך, מיט נאַטס הילף היינט

נעענדערט, שטייט -זשע אויף יודען, שטייט אויף פון דעם לאנגען שלאף! גענוג צו זיין פטרפיהרט, פער בלענדעט, גענוג זיין נאראנים!.... זייט מענטשען מיט שכל, מיט מוטה, וויא נאט און דיא טהייערע רעגיערונג האט געבאטען. דאלאי דאס קעד־סטעלע! דאלאי דיא אנגעוואָרפענע בעלי טובות! דאלאי זייערע פינסטערע, ביטע־רע פאריאדקעס! גענוג צוא שלאפען, גענוג חלומות, פאָלגט דיא רעגיערונג און שטעהט אויף יודען, שטעהט אויף!....

פרעכמאנס קול פון דעם נאראד. הערט יודען דאס עזות! הערט, וואס דער אפיקורוס זאָגט, וואס ער וויל! (ער מאַכט א קולאק).

מענדעל דעם געלענס קול. נישקשה, איך האב געזעהן. דאָ זיינען אלע שקצים!

איין בעל מלאכה. אוי, איך האב מורא חלעבען, מען זאל מיך ניט דער זעהען!

א צווייטער. מען קען אונז אָנטאָן פאקאסטען!

א דריטער. מען קען אונז אריינשטעלען סאלדאטען.... דער סבארשציק קען אונז וויעדער מאנען צום רייסטער....

א פיערטער. ברידער, לאס מיר מאכען א פליטה!

איין סוחר. איך קען נאך חלילה אָנווערען דעם קרעדיט!

צווייטער סוחר. איך דארף מאָרגען נעהמען ביי שטאנדהאפטען איין אָנווייזונג!

דריטער סוחר. מען קען מיר אָפטהאָן א שפיטצעל!

פערטער סוחר. מען קען אויף מיר אויספיהלען וועקסלען!

א בעל הבית. עס וועט מיר חלילה שאָדען צום שידוך מיט מיין בתולה!

נאך איינער. מען קען מיך מאכען פאר א דאנאסטשיק!

א דריטער. קומט אוועק גיכער! (דער עולם צו געהט זיך, וועקער בלייבט שטעהן איינער אליין מיט צו גויף געלייגטע הענד).

פרעכמאן. עולם. הערט עולם, וואס ער וויל מאכען! (נייע אנדערע מענטשען געהען צו).

קולות פון דעם נאראד. ווער מאכען ווער וויל מאכען?

פרעכמאן. ווער וויל מאכען גימנאזיעס!

מענדעל. שקאָלעס!

צטליכע קולות. (פון דער זייט) ער וויל מבטל זיין דיא תלמוד תורה!

א קול פון איין זייט. ער וויל אָפּ שמאדען יודישע קינדער !

א קול פון דער אנדערער זייט. ער איז א ווילדער אפּיקורוס !

פרעכמאן. (צו ווישען דעם גאראָד) שרייט יודען, שרייט !

א געזונטער סוחר מיט א פופיק. ווער בעט אייך וועקער, איהר זאָלט זיך מישען ? איהר זייט דאָך נים קיין הינער ?

נאָך א סוחר. נישקשה, שטאנדהאפּט איז אונזערער, אונזערער !

א ליאדער פאבריקאנטעל. וועקער ! ספּאָדיק, חלעבען, הערט אייך וויא דעם קאָטער !

עטליכע קולות. עס זאָל מאקע לעבען און געזונד זיין ר׳ איצע וואָלף ספּאָדיק !

נאָך עטליכע קולות. עס איז דאָך א האָזע צו ריידען אויף אזעלכע גוטע און פרומע מענטשען אויף אזעלכע בעלי צדקות, וואס זאָרגען זיך לטובת הכלל און זיינען זיך נעבעך מקריב תמיד פאַר יודען!... וואו איז ער דער אפּיקורוס?

(וועקער שטעהט שטיל אין מיטען דעם רעדעל, און קוקט אָן דעם עולם מיט א פּאָר פייערדיגע אויגען).

א קול (פון דער זייט) אָך, שלמה ! וואו ביזט דוא שלמה ?....

קולות אין דעם גאראָד. מאכט איהם א וועג ! איין אָפיציער געהט, איין אפיציער מיט פאלעטען !

דאס פריהערדיגע קול. אך, וואס הער איך, וואס זעה איך, שלמה ?

עטליכע קולות. הערט נאָר, הערט, דער אָפיציער רעדט אידעש !

וועקער (קוקט זיך צו און טהוט א געשריי) אך גדליה !.... מיין טהייערער גדליה ! (ביידע פריינד קושען זיך און וויינען).

פיקהאָלץ. געשווינט שלמה ! אוועק פון דאנען ! אוועק, אוועק פון דיא אידען, פון דיא פרומע, פון דיא עהרליכע יודען !

וועקער (קוקט שאַרף אָן פיקהאָלצען, פון אויבען ביז אַראָפּ, טרעט אָפּ פון איהם עטליכע טריט און וויזט איהם אויף זיינע פּאלעטען) גדליה וואס איז?.... אָך, וואס איז אָט א דאס ? ! — דוא זאגסט, איך זאל אוועק פון דיא יודען !....

פּיקהאלץ (נעהמט אָן וועקערען ביי דער האַנד) נישקשה שלמה, איך בין איין יוד ! איך שטאלציר מיט דעם נאמען איד, און האָב ליעב דעם כלל אידען, א סך בעסער חלעבען וויא דיינע הינע אלע בעלי טובות. איך האָב זעהר גוט געוואוסט.

אז כל זמן אידען וועלען ביי זיך האבען בעלי טובות, וועט אונזער איינער ניט קענען אויפהייבען דעם קאפ, עס וועט נאר אומזיסט זיין דיא מיה צו פארבעסערען זייער צו שטאנד, דיא בעלי טובות וועלען אלץ דינג גובר זיין, און שטעלען אויף דאס זייערינגע.... געדיינקסט דוא שלמה, איך האב דיר געזאגט, בשעת איך בין געוואַרען אויס רב, איך וויל ניט ווירקען. בייא יודען, האב איך געזאגט, וויל איך ניט ווירקען. און באלד בין איך פון טונעיאדעווקע גלייך אוועקגעפאהרען אין דער אוניווערזיטעט איך בין איצט דאקטאר אין וואיענעם האספיטאל, איך נוץ איצט פאר מיר, פאר מיינע קראנקע מענטשען נעבעך, און פאר מיין טהייער פאטערלאנד. מען האט מיך ליעב חאטשע איך בין א יוד! הלוואי שלמה, וואלסט דוא דענסטמאל געפאלגט מיינע ווערטער און דיר ניט אריינגענומען אין קאפ צו ווירקען בייא יודען, וואלסט דוא נעבעך היינט אזוי פיעל ניט געליטען, ניט געוועזען אזוי ארעם נ״שקשה, איך בין שוין געוועזען בייא דיר אין דער היים און האב אלסדינג געזעהן! (ער ווישט זיך דיא אויגען).

וועקער. אך גדליה, גדליה! למאי האסט דוא מיר דענסטמאל געעפענט דיא אויגען, גדליה!

פיקהאלץ (אויפגעבראכט) נעהם שלמה דיין פעקעל אויף דיא פלייצעס, א שטעקען אין דער האנד און געה אוועק געשווינד, וואוהין דיא אויגען טראגען! ביי יודען, זאג איך דיר נאך אמאל, ביי יודען וועסט דוא גאר נישט מאכען. פאר דיא דאזיגע וואס דוא נעהמסט זיך אן, דיא אליין מאקע וועלען דיר זיין שונאים! אידען שלעפען אויף זיך אליין ארויף דעם דכות, דעם גלות!.... און אז זאאיקע, וויא איך האב געהערט, האט זיך באמת מקריב געוועזען, רופט זיך דען איינער אן איין ווארט, פאר וואס מוטשעט מען איהם? ווארט, עס וועט נאך אנקומען מען זאל דעם טהרליירצן זאאיקען פארשיקען!.... קום שלמה! קום, מען דארף טראכטען אז דוא זאלסט נאך בעצייטענס אנטלויפען פון גלופסק!...... (זיי געהן אייזיק זאאיקט יהודה פלוצלים אן מיט סאלדאטען).

אייזיק (שרייעט פון דער וויטענס נאך וועקערען) פא־פא־פאני וועקער! א, ווע־ווע־ווע־הער, פא־פא־פאני וועקער!

פרעבמאן (לאכט און פערשרייט איהם, כדי וועקער זאל ניט דערהערען) חא, חא, חא! איין עבירה אייער שרייען, ר׳ אייזיק, מען וועט איך ניט דער הערען!....

עפליכע ווייסע חברה׳ניסעם (קרימען זיך נאָך זאאיקען) נוא, ווע־ווע־ווער איז שטאַר־
קער: צו א דאָ־דאָ־דאָנאָסטשיק אָדער דיא שטע־שטע־
שטעדט ?....

מענדעל דער נעלער (צו דיא סאָלדאַטען) ווערימיע יעהאָ אוב טיורמו !

אייזיק (פאַרביטערט) בע־בע־בעסער חלעבען אין דער טיורמע, איידער צו שטעהען יאָ
פ־פ־פרעכמאַן, מיט מע־מע־מענדעל דעם נעלען און מיט נאָך אזעלכע פאַ־
פאַ־פאַרשוינען !.... אין דער טיורמע חלעבען, זיינען ניטאָ אזעלכע אָפּ־פאַ־פאַסנע
מענטשען.... (ער געהט אוועק מיט דיא סאָלדאַטען).

פרעכמאַן (שרייט איהם נאָך) עזות־פנים !

מענדעל. שיינעץ !

ווייסע חברה׳ניקעס (מאַכען זאאיקען איין הורא און לאַכען) הורא, דאנאָסטשיק ! חאַ,
חי, חי, חי, חא !....

---

## ניינטע סצענע.

לעבען דער ראַנאַטקע. אויף א וועגעלע ליעגען אָנגעלייגט.
איין אלט בעט, א צו בראָכענער שרייב טיש, א קופערט,
עטליכע מולטערלעך מיט קלומקעס. דארויף זיצט בתיה
מיט דיא קליינע קינדער. וועקער הייסט זיך שטעלען,
קריכט אראָפּ פון דעם וואגען, דאביוועט ארויס עפּעס
א קליין זעקעלע, קעהרט זיך דער נאָך אום מיט דעם
פנים צו דער שטאדט און זעגענט זיך מיט דיא ווערטער.

זיי געזונד גלופסק, דוא גרויסע אידישע שטאָדט, פון דעם גאַנצען ווינקעל !
וואס אין דיר בעגעגענט מען טויזענדער מענטשען מיט בלייכע, אויסגעצויגענע פע־
נימער אזוי וויא דיא מתים, וואס אין דיר באגעגענט מען זעהר פיעל אביונים, אויס
געדאַרטע, איין געהויקערטע, קרענקליכע, אומגליקליכע מענטשען, דער פאַר וואס
ביי זיי זיינען ניטאָ קיין גוטע פאַריאַדקעס און זיינען געבעך פערפיהרט, פערבלאנד־
זשעט, פאַר מאַראָטשעט און איטליכער בלאנדזשעט זיך ארום וויא איין בלודנע
שעפעלע ! זיי מיר געזונד, דוא אומגליקליכע שטאָדט ! וואס אין דיר זיינען דאָ א

סך חברות, א סך פושקעס, א סך נבאים, א סך מיוחסים, א סך בעלי טובות, און א סך יודען קבצנים!.... זיי געזונד אויך דוא חלק שטאדט, וואס דארטען זיטצען דיא ארעמע לייט אין קליינע ניעדרינגע חורבות, אין לעבערס, אין קעלערס, ביז דעם האלדז אין בלאטען זיי געזונד דוא וויסטער חלק שטאדט, וואס דארטען פלעג איך עפטער געהן צוא זעהן, וויא אזוי מענטשען קומען דאס אביסעל אפ, ערגער נאך אפשר וויא אין גיהנום! צוא זעהן דיא ביטערע לאגע פון דעם ארעמאן, וויא אזוי נעבעך ער זיצט, וויא אזוי ער שלאפט, וואס ער עסט. וויא אזוי זיין ווייב ליעגט אין קינפעט, וויא אזוי זיינע קינדער וואלגערען זיך, וויא אזוי זייא געהען אנגעטהאן און וויא אזוי זיי ווערען אויפגעצויגען!.... זיי געזונד נאך א מאל, דוא גרויסע יודישע שטאדט, וואס אין דיר ליידען אלע עהרליכע לייט, וואס אין דיין טורמע זיצט דער עהרליכער זאאיקע און אין דיינע גאסען פאהרען ארום אויף דראזשקעס, שינדער, שיפרעס, מענדעל, פרעבמאן, מיט זייער גאנצע חאפטע! וואס אין דיר האב איך געליטען שנאה, קנאה, רדיפות און דחקות, וואס אין דיר האב איך בעגראבען מיינע יונגע יאהרען מיט אלע מיינע גוטע האפענונגען, וואס אין דיר האב איך איבערגעלאזען אלץ דינג און פיהר ארויס א הארץ פול מיט וואונדען און אויף דאס קליינע זעקעלע! (ער הויבט אויף דאס זעקעלע אין דער הויך) אין דעם זעקעלע ליעגט דיא בלאטע, וואס איך האב אפגעשאבען פון דער פאדלאגע, אין מיין קליין שטיבעלע, דיא בלאטע איז געווארען פון דיא ריקעס, טרעהרען, וואס ליידענע, געפאיענע, הונגעריקע, געיודפטע, בעריסענע, פלעגען פערגיעסען, און וויינען בייא מיר אין שטיבעל! דא ליעגען דיא טרעהרען פון אייזיק זאאיקעס ווייב, דיא טרעהרען פון זיין מיידעל, דיא טרעהרען פון א סעמייסטווע, וואס מען האט פערשיקט זייער טאטען און דיא טרעהרען פון נאך אנדערע פערוויסטע און פערוואגלטע!.... (ער קיסט דעם זעקעלע, און זעצט זיך אויף פארען, פלוצים זעהט מען איין פלאם פייער איבער דער שטאדט, א שרעקליכער רויך ביז דעם וואלקען, פונקען און גאנצע האלעוועסקעס פליהען, דער הימיעל איז רויטה, דיא גלעקער קלינגען, וועקער שטעלט זיך אויף דעם וואגען, דיא אויגען פאייערען איהם, דאס גאנצע פנים איז שרעקליך, פאר גרויס עגמת נפש הייבט ער אויף דיא האנד אויף דער שטאדט און זאגט מיט א ציטערדיק, און וויינענדיקען קול).

אך, גלופסק! א צארען פון גאט איז אויף דיר אויסגעגאסען, ער שטראפט דיך מיט זיינע פיער שרעקליכע שטראפען. ער שטראפט דיך ברעב, מיט הונגער, בדבר ומגפה, מיט חאלעריע, באש, מיט פייער, מיט שרפות ובחיות רעות, מיט שטאדט בעלי טובות!.... גאט האט דיך געשטראפט, גאט זאל אויף דיר רחמנות האבען! גאט זאל געבען אין הארצען פון דער גוטער און פרומער, און בארעטהאר

צינער רעניערונג, אז זיא זאל אויף דיר אבליק טהאן מיט חסד, און מיט רחמנות! ויא זאל סליעדעוועז, נאך פארשען און דער ווייטערען פון דיר דיא אומגערעכטיג־קייט, זיא זאל דיר געבען מוטה און דיך נעהמען אונטער איהר שוטץ! זיא זאל מאכען אין דיר גוטע ארדענונגען, עס זאל מעהר ניט געהערט ווערען אין דיר דאס געוויין, דאס קרעכצען פון ארעמע לייט פון געמוטשעטע און גערודפטע מענטש־ען.... איטליכער אין דיר זאל זיין צופריעדען און זאלסט דיענען צום ביישפיעל אלע אלע אנדערע יודישע שטעדט, לעת־עתה געבעך, איז דיר ניט גוט, זעהר ניט גוט!..

(ער טהוט א שמיץ דיא פערדלעך און פאהרט אוועק ווייטער).



# די קליאטשע

לססתי ברכבי פרעה דמיתיך רעיתי:
צו מיין קליאטשע אין פרעה'ס רייטוואגען
פארגלייך איך דיר כנסת ישראל!

(שיר השירים, א, ט).

# דיא קליאטשע

## ברייננט פאר א מתנה דעם ווייב

**דער מחבר.**

דיא מתנה, וועלכע איך ברייננ דיר דאָ, מיין ווייב, איז עפּיס נישט אזא איינגנענעהמענע, וויא דוא פאָרדינסט פאַר אזוי פיל מיה, וואָס דוא ביסט געוועזן אויסגעשטאַנען מיט מיר אויף דעם שווערען וועג פון'ם לעבען, פון דיא יונגע ביז אין דיא עלטערע יאהרען אונזערע. לייט שיינסען זייערע ווייבער קארעטעס מיט פערד צום פארגניגען; פון מיין „קליאטשע", מישטעהנעם געזאגט, קען מען קיין גרויס פארגניגען נישט האבען. זיא איז א דאַרע, א שלאַפע, א דערשלאגענע נעביך, און דיא צוביסענע פעל איהרע, פול מיט וואונדען, איז עפּיס אויך נישט אזוי שיין. נאר וואָס זאל מען טאָן? דוא ווייסט זעהר גוט מיין ארט שטעלע ביי אונזער אַרעם פאָלק און דיא בעשעפטיגונג מיינע ביי איהם. קיין נחת און גרויסע גליקען קען דאָס יודישע לעבען נישט געבען, הארצוועהטיג נאָר, מכות און יסורים איבערגענוג. — אוי, קיין אנדערע, בעסערע מתנות, וועה איז מיר, האָב איך נישט!....

## הקדמת מענדעלי מוכר ספרים.

---

אמר מענדעלי מוכר־ספרים. זאָגט מענדעלי מוכר־ספרים: געלויבט איז דער בורא. וואָס נאָכדעם וויא ער האָט בעשאַפען דיא גאַנץ גרויסע וועלט האָט ער זיך מישב געוועזען מיט דער פמליא מלאכים אין הימעל און צום לעצט געמאכט אַ קליין וועלטעלע, דאָס מיינט מען דעם מענשען, וואָס ער הייסט „עולם־קטן", ווייל דאָס מענשיל, וויא איהר קוקט איהם אָן, האָט אין זיך אַלע מיני ברואים און בעשעפע־ניש. איהר געפינט אין איהם אַכערליי ווילדע חיות. אויך פאַרשידענע מיני בהמות; איהר געפינט אין איהם אַ יאַשטשעריקע, אַ פּיאַווקע, אַ שפּאַניש־פליג, אַ פּרייס וכדומה אַזעלכע שלעק, אַזעלכע מיני שרצים; איהר געפינט אין איהם אפילו אויך אַ רוח, אַ שוואַרץ יאָהר, אַ שטן, אַ מסטרג, אַ לץ, שונא ישראל, וכדומה אַזעלכע מזיקים, מחבלים, אָנשיקענישען; איהר זעהט אין איהם אויך וואונדערליכע סצענעס: וויא אַ קאַטץ, אַ שטייגער, שפּילט זיך מיט דער מויז; וויא אַ מחור חאַפּט זיך אַריין אין אַ שטייג מיט עופות און דרעהט זיי געביך אָפּ דיא קעפּ; וויא מאַלפּעס קרימען יענעם נאָך אַלסדינג. וואָס ער טהוט; וויא אַ הונט סלוזשעט, דרעהט דעם וויידעל פאַר איטליכען, וואָס וואַרפט איהם אונטער אַ שטיקעל ברויט; וויא אַ שפּין פאַרנאַרט צו זיך אַ פליג, פאַרפּלאָנטעט, פאַרשפּאַרט זיא און נאָגט זיא אויס; וויא קאָמאַרען פליהען עמיצען נאָך און זזשען איהם אָן פולע אויערען וכדומה נאָך אַזעלכע משונה וואונדערליכע זאַכען. איך בין עס אָבער נישט אויסען. געלויבט א"ז זיין ליבער נאָמען, וואָס זעהט צו שווייגענדיג אַלסדינג, וואָס אין דעם דאָזיגען „קליין וועלטעלע" געהט פאָר און שלאָגט מיט איהם פאָרט נישט קיין כפרות; וואָס דער־לייגנערט זיין צאָרען, פאַרטראָגט דיא עברות, און טהוט גרויס חסד מיט דעם זינ־דיגען מענשען. איך בין דאָ אויסען צו דערצעהלען דיא גרויסע גענאָד, וואָס הש"ם־יתברך האָט אויך מיט מיר, אָרמען בעל עברה, געטאָן. נאָכדעם אַז ער האָט מיך פריהער אביסיל געשטראָפט.

"בותי, חפערדיל שלי מת! מיין פערדעל, רבותים, איז נעפיינערט, מיין געטריי פערדיל, וואס כל ימיו, דאס גאנצע לעבען זיינס, איז עס געווען אין דער עבודה געדינט געטריי און נישט געוואוסט מעהר וויא אונזערע ספרים; וואס איז געווען א מפורסם, א בקי אין אלע וועגען, א גרויסער בעל־זכרון וואו ערגיץ א קרעטשמע; וואס איז מיט מיר אויסגעפאהרען כמעט בכל תפוצות ישראל, צווישען דיא אלע יודישע קהילות און איז געווען אומעטום בעקאנט — זה הפערדיל, אט דאס פערדיל הלך למיתה האט א מיתה משונה איינגענומען ל"ג בעומר אין גלופסק! עס איז מיר א וועהטיג צו זאגען, נאר ארעם איז נישט קיין שאנד, עס איז נעביך נעפיינערט פאר הונגער. זיין עסען איז געוועהנטליך געווען אביסיל סיטשקע, א מאל עטליכע דארע שטיקלעך ברויט, וואס איך פלעג אוועק־קויפען ביי ארמע לייט מיט טארבעס. אז אך און וועה דעם פערדיל, וואס עס פאלט אריין צו א יודישען מוכר־ספרים! שלע־פען שלעפט זיך עס שטענדיג ארום און הארעוועט אפשר נאך מעהר פון יענע, וואס פיהרען טהייערע סחורה, און עסען אבער עסט עס נעביך מכות. א יודישער מוכר־ספרים האט אליין מכות וואס צו עסען און פיינערט מיט זיין ווייב און קינדער צעהן מאל אין טאג פאר הונגער! איך בין עס אבער נישט אויסען. השם יתברך האט מיך נעביך געשטראפט, איך בין געבליבען אהן א פערדיל. קויפען איין אנדערס האב איך נישט געהאט פאר עפיס, און דא בעדארף מען פאהרען אויף ירידין. עס איז מיר געווען זעהר שלעכט!

און וויא איך זיטץ מיר אזוי פארזארגט, קומט אריין איינער, מיינער א בע־קאנטער, געהט צו גלייך צו מיר און רופט זיך אן:

— רב מענדעלי, איהר וועט קויפען א קליאטשע?

— איך וואלט אוודאי געקויפט, ענטפער איך מיט א קרעכץ, נאר וואו נעהמט מען דיא קאטץ?

— עט, מאכט ער, נישקשה! איהר וועט נישט בעדארפען אצינד געבען א גראשען. עס קען אפשר נאך מעגליך זיין, מען זאל אייך נאך עפיס אויסלייען. מען ווייסט, נישקשה, אז איהר זענט איין עהרליכער מאן.

— אויב אזוי, זאג איך צו איהם, קויף איך דיא קליאטשע זעהר גערען, טאקי באלד אהן שיהות. קומט, זייט מוחל, לאמיר געהען דיא סחורה אנקוקען.

— איהר פארשפארט צו געהען, רופט ער זיך אן, איך האב דיא קליאטשע דא, טאקי ביי מיר.

— וואס הייסט, איהר האט זיא דא? פרעג איך איהם פארוואונדערט:

— דא, טאקי ביי מיר אונטער דעם מאנטעל, ענטפערט ער מיט א שמייכעלע.

— איהר לאכט פון מיר, רב קרוב! זאג איך צו איהם מיט פארדראס. געפינט אייך איין אנדערען פון וועמען צו לאכען. קא־אוועס געהט מיר אצינד נישט אין קאפ.

— חלילה! איך טרייב נארנישט קיין קאטאוועס, זאגט ער צו מיר און נעהמט באלד טאקי ארויס פון אונטער דער פאלע א גרויסען פאק מיט פאפירען. זעהט איהר רב מענדעלי, דאס אין גאנצען געהער איינעם, מיינעם א גוטען פריינד. זיין נאמען וועט איהר געפינען דא אנגעשריבען אויף די זאכען, וועלכע ער האט געמאכט. איינע פון די דאזיגע זאכען הייסט, פארשטעהט איהר מיך, מיט דעם נאמען „די קליאטשע". דער מחבר אליין איז אצינד, לא עליכם, עפיס, וויא רופט מען עס.... צומישט, נאר צוטראגען. אונז אלע, זיינע גוטע פריינד, גלוסט זיך זעהר אז זיינע מעשיות זאלען כסדר אפגעדרוקט און פארקויפט ווערען. און וועמען אנדערש האבען מיר געקענט אויסקלייבען, דערמיט זיך מתעסק צו זיין, ווען טאקי נישט אייך, רב מענדעלי, וואס איהר האט אין אונזער ווינקעל אזא שם? מיר פערלאנגען פון אייך, איהר זאלט גוט איבערקוקען די פאפירען, אויסשטעלען איטליכע מעשה אקוראט וויא מען בעדארף, דארויף פארלאזען מיר זיך שוין אויף אייך, און נאר צום ערשטען זאלט איהר אפדרוקען די קליאטשע, פון בעלוינונג וועלען מיר שמיעסען שפעטער, איהר וועט נישקשה, זיכער צופרידען זיין. אויב איהר געניימינט זיך אצינד אין געלד וועלען מיר אייך דערווייל געבען אויף דעם חשבון. נו, ווילט איהר, רב מענדעלי?

— א פרעג אביסיל אויב איך וויל! ? איך וויל מיט דעם גאנצען לעבען. האב איך געענטפערט און פשוט געטאנצט פאר גרויס פרייד.

נאכדעם אז איך האב מיך אפגעפארטיגט מיט מיינע געשעפטען האב איך מיך גענומען געשמאק צו דער קליאטשע — זיא צונויפגעשטעלט, וויא עס געהער צו זיין, איינגעטהיילט זיא אין קאפיטלען און איטלעכס קאפיטעל א נאמען געגעבען וויא איהם פאסט — אזא איין ארבייט, וואס נאר דערפאר אליין שרייבען זיך אנדערע אונטער אויף יענעמס כתבים און הייסען מחברים.... קורץ איך האב מיך נישט געפוילט און געטאן מיין זאך גאנץ געטריי.

היינט רבותי, עטליכע ווערטער מכח דער קליאטשע!

די קליאטשע איז געשריבען אויף א הויכען גאנג, אויף דעם גאנג וויא די אלטע האבען געשריבען. איטליכער וועט זיא פארשטעהען כפי זיין פארשטאנד און זיין מדרגה. פאר מענשליך פון א קליינער מדרגה וועט זיא זיין פשוט א וואונדער שיינע מעשה, זיי וועט גלאט געפעלען דער פראסטער פשט. די דאזיגע אבער פון

א גרעסערער מדרגה וועלען שוין אין איהר נעפינען עפיס א ווינק, א רמז אקענען אונז זינדיגע מענשען. איך, א שטיינער, אין מיין מדרגה, האב אין איהר געפונען כמעט אלע יודישע נשמות, אלע אונזערע נפשות און דעם סוד, וואס זיי טהוען דא אויף דעם עולם. איך בין ביי מיר גאנץ זיכער. אז בשעת לייענען וועלען א סך פון אייך, רבותים, איטליכער אין זיין גראד, זיך נישט קענען איינהאלטען, איינער וועט מיט פייער א געשריי טאן: אי, דאס איז איין אנצוהערעניש אקענען אונזער רב יאסין! נאך איינער: אי, דאס מיינט מען נתן רב חייקעם! זלמן־יעקעלי רב מאטעלעס! הערשקע רב אבעלעם! א דריטער: אי, אי, איך האב געפונען דעם סוד פון אונזערע טאקסעס, פון אונזערע בעלי טובות און פון אונזערע אלע פיהרונגען וכדומה...

איך האב געפרעגט א שאלה ביי דיא גלופסקער דינים און ביי אלע דארטיגע פיינע בריות פון דער גוטער כנופיא: אזוי וויא איך האב דעם עולם צוגעזאגט ארויסצוגעבען א צווייטען טהייל פון „דער טאקסע" און האב דערביי נישט געזאגט „בלי נדר", בכן איז דאך מיין ווארט שוין גלייך טאקי וויא א נדר, היינט וויא איז דער דין, רבותים, האב איך זיי געפרעגט, אז איך גיב אצינד ארויס מיין קליאטשע, אויב איך קען מיט איהר יוצא זיין מיין נדר? זיי האבען געקלעהרט, געקלעהרט, זיך געביך געקראצט, געקראצט און האבען צום סוף אזוי געזאגט: יא, רב מענדעלי, אזוי וויא מיר האבען דא דערשמעקט א ריח, א תמצית פון דער טאקסע, זענען מיר אייך דעריבער מתיר נדר. הקליאטשע הזו, דיא דאזיגע קליאטשע, חשובה לכם, איז אייך גערעכענט כאילו קיימתם, גלייך וויא איהר וואלט געהאלטען ווארט און ארויסגעגעבען החלק השני דעם צווייטען טהייל מהטאקסע בכל פרטיו, מיט אלע פישטשעווקעס, נישקשה, מען קען מיט איהר זעהר גוט יוצא זיין לכל הדעות!...

כמה מעלות טובות למקום, וויפיל דאנק בין איך דעם אויבערשטען שולדיג: ווען איך וואלט דערטאפט דיא קליאטשע נאר אהן געלט פאראויס, צוקויפען מיר א פערדיל, איז דאך דינו. ווען איך וואלט זיא דערטאפט מיט געלט פאראויס און זיא וואלט אין זיך נישט געהאט א תמצית מהטאקסע, איז דאך דינו. ווען זיא וואלט אין זיך געהאט א תמצית מהטאקסע און דיא דינים וואלטען מיר נישט געווען מתיר נדר זיין, איז דאך דינו. ווען דיא דינים וואלטען מיר געווען מתיר נדר זיין און דערביי זיך נישט משונה געקראצט, איז דאך דינו. ווען זיי וואלטען דערביי זיך משונה געקראצט און איך וואלט נישט געוואוסט פאר וואס, איז דאך דינו. ווען איך

וואָלט געוואוסט פאר וואָס און וואָלט נישט פארשטעהען, אז דיא קליאטשע איז א פנים מסוגל מען זאָל פון איהר זיך קראצען, איז דאָך דינו.

על אחת כמה וכמה בעדארף איך דעם אויבערשטען דאנקען, וואס איך האָב דערטאפט דיא קליאטשע און נאָך מיט געלט פאַראויס צו קויפען א פערדיל און זיא האָלט אין זיך א תמצית מהטאקסע און דיא דיינים האָבען מיר מתיר־נדר געווען און זיי האבען דערביי זיך משונה געקראצט און איך וויים פאר וואָס און איך פאר־שטעה, אז דיא קליאטשע איז א פנים מסוגל, מען זאל פון איהר זיך קראצען, לכפר על כל עונותינו, איין אפקומעניש אויף אונזערע זינד.

אָט דאָס, רבותים, בין איך אויסען מיט מיין קורצער הקדמה. וואָס אויף דער לונג, דאס אויף דער צונג!

ר״ח אלול, אויף דער בויד מיט ספרים, צווישען גלופסק און טעטעריוווקע.

הקטן מענדעלי מוכר ספרים.





1.

## ישראליק וויל ווערען א מענש.

אזוי וויא נח איז דורך נסים ניצול געוואָרען פונ׳ם מבול וואסער, אין זיין צייט, בין איך, ישראָליק, אויך ניצול געוואָרען אין אונזער צייט פונ׳ם מבול שדכנים, וואָס האָבען זיך געלאָזט צו מיין מאַמען מיר אנצושלאגען שידוכים. מיין מאַמע — א פראָסטע, נאר א קלוגע יודענע, איז געווען איין אלמנה, קיין רייכע, אבער ארם אויך נישט. זיא האט געהאט פרנסה פון איהר קלייט צעלניק, געגאנגען א האלז פעריל, געלעבט גאנץ פיין. איך בין ביי איהר געווען א בן יחיד, זיא האט זיך אין מיר געשמאָלצען, מיר נאָכגעגעבען אלסדינג, וואס איך האב פארלאנגט. דעריבער, אז איך האב מיך איינגעשפארט נישט יונג חתונה צו האבען, האב איך עס אויסגעפיהרט. תחלת האט זיא אפילו געפריווט מיך איבער־צוריידען מיט אזא גאנג:

— ישראָליק! וויפיל האב איך גאָט געבעטען, איך זאל דערלעבען דיא צייט, מען זאָל דיר ריידען שידוכים. דוא ביסט דאך מיין איין אויג אין קאָפּ, איך מיין דאָך טאקי נאָר דיין טובה, פאָלג־זשע מיך, חלעבין, און האב חתונה! שוין צייט, צייט, ישראָליק. דיינע חברים האבען נאך צו דער בר מצוה חתונה געהאט. פאָלג חלעבין א מאמע, טהו וואס גאט האט געבאָטען און לאָמיך פון דיר נחת האבען!

נאָר אז זיא האָט געזעהען, אז עס איז ארויסגעוואָרפענע רייד, וויפעל זיא זאָל נישט ריידען האלט איך מיך טאקי בייא מיינעם. אלין ניין און ניין, האָט זיא מיר נאָכגעגעבען און שוין מעהר דערפון נישט גערעדט אפילו קיין וואָרט. איך האָב איהר ארויסגעזאגט גאנץ קלאהר דעם ריינעם אמת, אז איך בין נאר געזאָנגען צו לעהרנען אלסדינג, וואס מען לעהרענט אין דיא קלאַסען, אָפּצוגעבען דערנאָך עקזאמען און אריינגעהען אין אוניווערסיטעט, צו לעהרנען דאָרט חכמת-הדאָקטאָריע כדי איך זאָל דערמיט שפּעטער ניטצליך זיין זיך און דער וועלט.

— מאַמע! האב איך צו איהר זיך אנגערופען, עס איז היינט שוין עפּיס איין אנדער וועלט. שוין צייט, חלעבּין, צ׳ זעהען דיא גרויסע גליקען, וואס יורען מאַכען היינט מיט זייערע פריהע חתונות, דיא גרויסע גדולה׳ס פון אונזערע יונגע בעלי־הבית ליך! א מאל האבען עלטערען חתונה געמאכט זייערע קינדער מיט דעם בטחון: גאט האט אונז צוגעשיקט צום לעבען, מסתמא וועט ער זיי אויך עפּיס צושיקען און זיי וועלען, נישקשה, נישט שטארבען פאר הונגער. אין יענער צייט איז בטחון נאָך וויא־עס־איז אָנגענאנגען, אבער היינט ווערדט מען דערמיט פארשווארצט. שווער, זעהר שווער צו לעבען היינטיגע צייט פון דיא פינף פינגער און מאכען פון שנעע גאָ־מעלקעס, מען מוז עפּיס קענען, עפּיס זיך אויסלעהרנען און טראַכטען פאר שפּעטער. דוא ביסט דאָך, מאַמע, א קלוגע, דוא פארשטעהסט דאָך אליין, אז אצינד איז עפּיס נאר אנדערש. עס איז קיין תכלית נישט אזוי צו בלייבען, מען מוז עפּיס זאָרגען, עפּיס טראַכטען פאר שפּעטער!

אזעלכע ווערטער פלעג איך אלין זאגען דער מאַמען און איהר ברייננען ראיות פון א סך יונגע לייט אין אונזער שטאָדט, וואָס האבען גליקליך חתונה געהאט און אריינגעפאלען אין א שמאלץ־גרוב. דיא שמאלץ איז דערנאָך אויסגערונען און דיא גרוב איז געבליבען,—א טהייל האבען זיך צושלעפּט, א טהייל זענין געוואָרען מלמדים און א טהייל, מישטעהנס געזאָגט, טויגען אפילו דערצו אויך נישט. אין־ברירה, דיא מאמע האט מיר שוין נאכגעגעבען אי דאָס אויך, אז איך זאל לעהרנען, נאר פריהער האב איך איהר געמ׳זט צוזאגען, אז איך זאל בלייבען איין עהרליכער יוד.

איך האב געהאט זעהר א גוט קעפּיל, קיין זאך אין דער גמרא איז פאר מיר נישט געווען צושווער. מען פלעגט שמיעסין אין דער שטאָדט, אז פון מיר וואקסט א גרויסער רב. איך האב מוחל געווען אנדערע דאס רבנות, זיך פארשפּארט בייא מיר אין שטיבעל אקעגען א פאר יאהר און זיך גענומען געשמאק אויסצולערנען אלע זאכען, וואס זענין נייטיג צום עקזאמען. מאטעמאטיקע, דאס הייסט חשבון, אויך פהיזיקע, גראמאטיקע, און דיא שפראכען זענין ביי מיר געגאנגען גרינג וויא א

פוטער, שווער איז מיר נאר אנגעקומען דיא היסטאריע, אויך דאס, וואס מען רופט עס אין זייער לשון „סלאָוועסנאָסט״. אויסוועניג האב איך בעדארפט אלץ אויס־קליעפען פוסטע מעשיות און מלחמות, וויא אזוי מענשען האבען פון זינט דיא וועלט שטעהט ביז אצינד, זיך גערהארגעט נעשלאגען, איינער דעם אנדערען געמאכט דעם טויט, אנגעטאן צרות, נעבראטענע לייד און נאך געדיינקען אין וואס פאר א יאהר, אין וואס פאר איין ארט; דאס וכדומה נאך אזעלכע זאכען האבען געהייסען היסטאריע.... דערצו האב איך ווייטער נעמוזט אויסלעהרנען עפים ווילדע בייקעס, מעשיות מיט שרעקליכע גבורים, מיט שטארקע שכורים, מיט בעריהמטע נזכנים; מעשיות מיט נלגולים. מיט מכשפים און מכשפהטעס; מעשיות פון דעם לעבעדיגען און טויטען וואסעריל, פון גילדענע עפעליך און גילדענע פערדליך. חוץ דעם האב איך נאך בעדארפט קענען אוועקפלוידערען, אזוי וויא א פאפאגייא, איבער יענעמס עפים א שטיקעל מליצה מיט גוט לשון, אריינלייגען דרינען קנייטשליך, אפשניטצליך און פשעטליך אזעלכע, וואס נישט איך, נישט דער שרייבער פון זיי אליין, נישט דער, וועלכער עס האט מיט מיר געלעהרענט האבען זיי פארשטאנען. מען האט בעדארפט דערבייא שטארק פארפלאמט זיין, ארויסגעהען פון דיא כלים, שרייען אויף א קול, מאכען מיט דיא הענט און מיט דיא פים און ריירען מיט א ברען, עפים וויא סתרי־תורה, קבלה־ווערטער. מען האט געמאכט א גרויסע ווארע, זעהר פיל הקדמות, וויא אזוי מען זאל דיא זאך אביסיל פארדרעהען, מרחיק מן השכל זיין און מען זאל עס נאר עפים אנדערש, נישט גלאט אזוי פארשטעהען. יענע אלע פזמונות, שמאכטעלייען, מיט דיא אלע פשטליך האבען געהייסען „סלאָוועסנאָסט״... זאגט אייך וואס איהר ווילט, אין דיא עלטערע יאהרען איז זעהר שווער אויסצו־קלעפען און צו טראגען אויף דעם מוח אזעלכע מיני זאכענישען, בפרט נאך דעם, וואס האט א גוטען קאפ און גרויס לוסט צו לעהרנען עפים ניטצליכערע זאכען. איך זאג אייך נאך א מאל טאקי, מיר, זענין דיא דאזיגע מעשיות זעהר שווער אנגעקומען דאס בעשטענדיגע קליעפען האט מיר פשוט דעם קאפ פארשלאגען, עס האט ביי מיר צוגענומען אין גאנצען דאס געזונט, לייב און לעבען און מיך געמאכט צום גולם. איך פלעג דערפון פשוט א מאל ווערען פארדולט און ארומגעהען צומישט, וויא א נעכטיגער. עס האט מיר גערוישט אין דעם קאפ, זיך געדרעהט וויא א ווינטמיהל, נאר טאקי פארריקט צו ווערען. צייטענווייס האב איך נאר אנגעהויבען מסופק צו ווערען אויב עס וועט מיר געראטען דער פלאן מיינער אריינצוגעהען אין אוניווער־סיטעט. א קשיא, וואס עס קען זיך מאכען? גראד וועל איך ביי דעם עקזאמען נישט געדיינקען עפים א נארישע מעשה. אדער איך וועל מיך אויסגליטשען אויף יענעמס א

בזמון, דענסטמאל וועל איך מיט א מאל צוברעכען דעם קאפ — און איין עק פון מיין גאנצער מיה, פון מיין לעהרנען און פון מיין דאקטאריע, וואס איך האב זיא אזוי געוואלט דערגרייכען; דענסטמאל וועדרט א תל פון אלע מיינע האפנונגען און פון מיר אליין! וואס וועל איך טאן און וואס פאר א פנים וועל איך האבען? איך וועל בלייבען א דערשלאגען יודעל, איך וועל פארשווארצט ווערען און אויסשטעהען אין דער וועלט פון איטליכען, גלייך מיט אלע אנדערע יודליך, חרפות, בזיונות. איך וועל בלייבען א קראפט אהן שטאף, דאס הייסט: איך וועל פיהלען אין מיר א כח עפיס צו טאן, נאר איך וועל אבער נישט האבען דאס מעגליכקייט דעם כח ארויסצוברייננען, צו וואס איהם איינצואוועגדען און מיט איהם ניטצליך צו זיין, וויא א סך אזעלכע, נעביך, וואס געפינען זיך צווישען אונזערע יודען.... איך וועל בלייבען א יוד און נישט קיין מענש... איך וועל בלייבען א רעטהעניש: עפיס א פאניע, וואס קעהרט אויס, רייניגט אומע־טום אויס און באהאלט זיך אליין אין מיסט, ערגיץ אין א ווינקעל, דאס מיינט מען א בעזעם! עפיס א פאניע, וואס דרעהט זיך ארום דא, און איז פארט נישט דא אויף דעם עולם; וואס איז פלייש און בלוט און זיא דאכט זיך פארט איטליכען אויס, עפיס איז זיא גארנישט!.... ווען אבער נאט העלפט, עס וועט אפלויפען בשלום און איך וועל אויסשטודירען, דענסטמאל, האב איך געטראכט, איז דיא וועלט מיינע, דענסטמאל בין איך מיר א גאנצער מענש.

דאס בעשטענדיגע לעהרנען און צוגלייך דאס בעשטענדיגע איבערטראכטען, טאמער חלילה וועט זיין אומזיסט דיא גאנצע מיה, דאס אלסדינג אין־איינעם האט מיך פשוט אויס מענש געמאכט. איך בין געווארען מאגער, דאר וויא א שפענדעל, זעהר אפגעשוואכט, דערצו נאך שטענדיג פארזארגט, פאר־מרה־שחורה׳ט, אזוי אז מען האט מיך כמעט נישט דערקענט. דיא מאמע פלעגט וויינען אויף מיר קוקענדיג און האט אנגעהויבען ארומברייננען צו מיר דאקטוירים און רופאים. זיי האבען גע־געבען מיר פלעשעלעך, געגאסען אין מיר רפואות, אויך שטארק אנגעזאגט, אז זומער זאל איך למען־השם ולמען־השם געהען א סך שפאצירען, אטהמען פרישע לופט אונטער דער שטאדט און ווענינער טראכטען.

אך ווען דיא דאקטוירים זאלען בעסער פארשטעהען און מיך בעפרייען פון יענע שמאכטעלייען, וואס האבען מיך קראנק געמאכט און מיר פארשלאגען דעם קאפ!

---

## 2.
## ישראליק און דיא קליאטשע.

זומער אין איין שיינעם טאָג בין איך ארויסגעגאנגען אונטער דער שטאָדט און געשפאצירט גאנץ ווייט אויף דעם פרייען פעלד. עס האָט מיר דענסטמאל עפּיס שרעקליך זיך נעדרעהט דער קאָפּ, געקלאפּט אין דיא שלייפען, אין הארצען האָט מיר געקאָכט וויא אין א קעסעל און בין געווען שטארק צוטראָגען, ערגער וויא תמיד. א היבשע צייט האָב איך מיך ארומגעדרעהט, נישט רעכט צו וויסען, וואָהין דיא פיס מיינע טראָגען מיך. אלץ נעגאנגען, געגאנגען ביז איך בין דערנאָך אנידערגעפאלען אונטער א בוים, ערגיץ לעבין א קאנאל, מיך אויסציהענדיג וויא גרויס איך בין. באלד ביי מיין אנידערפאלען איז מיט מיר צוגלייך, דאכט זיך, געפאלען דיא גאנצע וועלט. פינסטער איז מיר געוואָרען אין דיא אויגען, געהילכט, געשאָסען האָט מיר אין דיא אויערען, גלייך וויא דורך זיי זענין געפלויגען קנאקעדיג ראקעטען. עס האט מיר זיך געדאכט, איך זינק אין א טיפען אָפּגרונט וואסער, זינק אלץ טיפער, טיפער און ארום מיר רוישט זיך נאָר א שרעק. איך וויל עפּיס אָנטאפּען, אן וואָס עפּיס זיך אָנחאפּען. נאר איך פיהל אבער נישט קיין הענט, קיין פיס. עפּיס בין איך וויא ארויסגעשפרונ־גען פון דער הויט, ארויס פון דיא כלים, בין גלאט אזוי א ישראליק, א לופטינס, אהן לייב, אהן אברים, נישטא פון מיר גארנישט, נאר דיא בלויזע נאקעטע נשמה. פּלוצלים ניט עס מיך א טראָג ארויף, עס טראָגט מיך אלץ העכער העכער ביז איך טאפּ אָן דיא ערד, וואו איך בין געלעגען, און דערפיהל וויא דיא זון באקט מיר אין דעם רוקען. עפּיס בין איך נאָר וויא נייא געבוירען, אין גאנצען וויא איבערגעביטען געוואָרען, נאָר עפּיס איין אנדער מין בעשעפעניש. אלסדינג ארום מיר: דיא ערד, דער הימעל, ביימער און גראָז זענין אויף וויא ערשט פון'ם איי ארויסגעקראָכען. זיי שפּרינגען שאָקלען זיך, וויטען זיך, נישט איינשטעהענדיג אויף איין אָרט, און ווינק[illegible]ן ווינקען צו מיר גלייך וויא גערעדט: קומט העצקען זיך, חאפּען א טענציל, פּעטערו־צוויא גרילען שפּרינגען טאנצענדיג ארויס פון צווישען דעם גראָז מיר אקעגען, קוקען מיך אָן מיט נארעשע גרויסע אויגען, מאכענדיג דערבייא מיט דיא פּיסלעך, און אָט־אָט קריכען זיי, דאכט זיך, אריין אין מיר.

איך האָב א מאך געגעבען מיט דער האנד, אויסדרעהענדיג דעם קאָפּ אין איין אנדער זייט, און ליגענדיג מיר אזוי האָב איך אומעטום געקוקט, אלסדינג בע־טראכט, א ביסעל אויף געטראכט און זיך פארטראכט.

אויף דעם פעלד, זעה איך פיטערען זיך פאנסקע צאפּעס, אייזלען, גאנצע

טאַבונעס פערד, וואָס האָבען א יחוס־בריף, אַז זיי שטאַמען ארויס פון איידעלע על־טערען. איינעמס זיידע איז איין ענגלישער אָנער, וואָס האָט פאַרצייטענס, דורכ־פאָהרענדיג דורך דעם לאַנד כנען, חתונה געהאַט מיט איין אראַבישער שקאַפּע. דעם אַנדרענס באָבע וואַקסט פון א בעריהמטער משפחה, וואָס האָט אין לעבען געגוג פולווער געשמעקט, און יענעמס עלטער באָבע האָט געגאָסען א גוטע ערציהונג, איין עדוקאַציע, ערגעץ אין א בעריהמטען זאַוואָד, איז געוועזען א מלומדות און האָט אין איהר צייט געגעבען קאָנצערט אין טאַנצען און שפּרינגען אין־איינעם מיט נאָך א סך געבילדעטע, געלערענטע פערד. דען איהר מוזט וויסען, אַז ביי פערד שפּילט יחוס א גרויסע ראָליע, ביי זיי קוקט מען שטאַרק אויף איידעל בלוט, און דיא וואָס פון א גוטען זאַוואָד הייסען איידעל אָדער וואָהלגעבאָרענע. דיא דאָזיגע איידלע פערד האָבען זיך געפּיטערט פראַנק און פרייא, זענין אויך געגאַנגען אין שאָדען, קאַליע גע־מאַכט דיא תבואות, וועלכע אָרעמע פּויערען האָבען געזייעט מיט שוויס געביך און מען האָט זיך נישט וויסענדיג געמאַכט, זיי נישט געזאָגט קיין אומתרבות וואָרט. דיא פערד האָבען געשפּרונגען, געהירזעט, געדריגעט מיט דיא פיס. זייער כח, זייער שטאַרקייט און זייער ווילדקייט איז געווען שלא כדרך הטבע! פּלוצלים הער איך פון דערווייטענס א שרעקליך געשרייא, א רעש פון מענשען און א בילען פון הינט. איך האָב תחלת געמיינט, דאָס האָבען דיא פּויערען זיך צונויפגענומען און לויפען מיט א געשרייא. ארויסצוטרייבען דיא פּאַנסקע צאַפּעס, דיא פערד פון זייערע תבואות; נאָר אָבער ניין. דיא קולות האָבען זיך אַלץ דערווייטערט און זיך פאַרטראַגען נאָר אין איין אַנדרער זייט. איך בין געווען ציקאַווע און געגאַנגען נאָך דעם קול, געגאַנגען ביז איך בין געקומען צו א גאַנץ גרויסען פּלאַץ פאַרוואַקסען מיט גראָז. דאָרט האָט פאַר מיינע אויגען זיך פאַרגעשטעלט א שרעקליכע סצענע. יונגליך, קונדסים, האָבען פון אַלע זייטען זיך געיאָגט נאָך עפּיס א דאַרער, מאָגערער קליאַטשע, געוואָרפען שטיינער און אַנגערייצט אויף איהר א גאַנצע טשאַטע הינט פון אַלערלייא מינים. א טהייל הינט האָבען נאָר געהיילט, געבילט, געקריצט מיט דיא צייהן, א טהייל אבער האָבען טאַקי אויך געביסען, וויא נאָר זיי האָבען געקענט. איך האָב נישט געקענט שטעהען און צוזעהען אַזאַ מעשה־רע פון דערווייטענס. איינמאַל, איז דאָך גלאַט א רחמנות, דאָס מענשליכקייט דערלאָזט נישט צוצוזעהען אַזאַ אכזריות. און צווייטענס, אוועקגענומען שוין רחמנות, האָט דאָך דיא שקאַפּע אויף מיר טאַקע א גרויס רעכט געהאַט איך זאָל איהר העלפען, מחמת איך בין איינגעקויפט אין דער חברה „צער בעלי החיים", וואָס איהר איז נישט ניחא, מען זאָל פּייניגען, אַנטהאָן לייד לעבעדיגע בעשעפּנים, וואָרום זיי זיינען אויך בשר־ודם, פלייש און בלוט, און

האָבען אויך דאָס רעכט צולעבען אויף נאַטס וועלט וויא מיר. איך וויל מיך דאָ ניט ארייגלאָזען אין דעם אלטען און זעהר טיפען שמיעס מכח דעם מענשען און דיא בהמות. לאז זיך זיין חאטש וויא יענע זאגען, אז איך, מענש, בין דער תכלית, דער צימעס, דער אנטיק פון אלע בעשעפניש; נאר צוליב מיר, תכשיט, צוליב מיין בעדערפניש און מיין פערגעניגען לעבען זיי אלע אויף דער וועלט; לאז זיך זיין חאטש, אז איך, תכשיט, בין דער מלך, דער אויבערהאר איבער אלע בהמות, וואס מוזען מיר דינען, וואס מחען נעהן אין יאך און מקריב זיין פאר מיר זייער לעבען — פון דעסטוועגען, דאכט זיך מיר, וויא באַלד אפילו א קליאטשע, אזא פראסטע פאַדאנע, האט אויף מיר עפּיס א רעכט, מוז איך על פי דין, וועז נישט על פי מענשליכקייט, אנקענען איהר יוצא זיין....

— קונדסים! זאג איך, צוגעהענדיג צו דיא ווייסע חברה, וואס האט איהר, איך בעט אייך, צו דער שקאפּע נעבעך?

א טהייל פון דיא קונדסים האבען מיך גארנישט געהערט, אנדערע האבען יא עפּים וויא געהערט און געלאכט מיט עזות. א טהייל הינט האבען מיך עפּים פאר־וואונדערט אנגעקוקט, עטליכע האבען געבילט פון דערוויטענס, נאך עטליכע האבען אויסגעשטשירעט דיא אויגען, געקוקט שרעקליך בייז, זענען געוועזען גרייט אנצופאלען אויף מיר פון הינטען און צורייסען מיך אויף שטיקער.

— קונדסים! רוף איך מיך נאך א מאל אן, וואס יאגט איהר און פייניגט נאטס בעשעפניש, דיא קליאטשע נעביך?

— א שיינער נעביך! האבען זיי מיט געשפּעט געענטפערט, פאר וואס פיטערט זיא זיך דא? פאר וואס פיטערט זיך דיא שיינע קליאטשע דא?

— סטייטש! טהו איך א זאג, דא איז דאך א פאשע, דא פיטערען זיך דאך אלע שטאדט בהמות, פון אייביגע יאהרען!

דיא שטאדט־בהמות, האבען זיי געענטפערט, זענען עפּים אנדערש, זיי מעגען און זיא טאר נישט.

— פאר וואס נישט זיא? רוף איך מיך אן, זיא האט דען נישט קיין נשמה וויא אלע שטאדט־בהמות?

— אפשר מאקי נישט. האבען זיי א זאג געטהאן.

— שקצים! זאג איך צו זיי, אבער זיא האט דאך זיכער א בעל־הבית, וואס צאהלט אין דער שטאדט צינש און אלע אנדערע אפּגאבען. זיא איז דאך אויך א שטאדט־בהמה!

— אט דאס מאקע ווייסען מיר נישט ! ענטפערען זיי מיר מיט א נעשפעט. אויב זיא איז אויך א שטאָדט-בהמה, דאס איז ערשט א שאלה.

— עס מעג זיין וויא עס וויל זיך, האב איך געזאגט, אבער דיא קליאטשע איז דאָך דערוויייל הונגעריג, זיא וויל דאך געבעך עסען !

— לאז זיא עסען ווערם, קריינק, מכות. זאגען זיי צוריק. וואס האט זיא צו אונז ? פאר וואס זאל אזעלכע אויפפרעסען און צונעהמען ביי דיא שטאָדט-בהמות ?

— גזלנים ! האב איך שוין מעהר נישט געקענט מיך איינהאלטען און א גע־שריי געטהאן מיט כעס. פאר וואס קוקט איהר נישט, וואס דארט געהען ארום פאנסקע צאפעס. גאנצע מאַבונעס פערד צווישען דיא תבואות און פרעסען אויף אָרם בלוט, ארם שוויס נעבעך? דא פארגינט איהר נישט א בידנער שקאבע א הויפען גראָז און עס ארט אייך כלל נישט, אז דארט טהוען פערד אָן א ים היזקות און מאַכען אומגליקיך פיל מענשען. דאס נאר אליין, וואס זיי צוטרעטען וואס זיי מאכען קאליע גלאט אזוי, וואלט געגוג געווען דער קליאטשע ביז קינדס-קינדס קינדס קינדער ! קונדסים, איהר האט נישט קיין יושר אפילו אויף א האר. איהר זענט קיינעם נישט געטריי און איהר האט נאך א העזה זיך ארויסצושטעלען כלומר'שט פאר דיא שטאדט בהמות!

— הע, הע ! האבען דיא קונדסים זיך אָנגערופען, ער איז גאר אין כעס, ער פרעגט נאר עפים קשיות ! קומט חברה ! וואס טויג אונז דא דיא טענות ? לאז ער זיך שרייען, ווער הערט איהם ? קומט חברה, קומט !

איין קונדס האט א פייף געטאן און באלד האבען דיא ווייסע חברה מיט זייערע הינט זיך נעלאזט נאך דער קליאטשע און אויף איהר ווידער אָנגעפאלען. א לאַנגע צייט האט מען זיא געטריבען, געריסען און געביסען, ביז מען האט זיא צום סוף פארטריבען אין א טיפער גרוב, און דארט האט זיא זיך איינגעריזגעט אין בלאָטע.

דער אָווענט איז געוועזען זעהער א שיינער א שטילער, דער הימעל לויטער אויסגעשטערענט און גאנץ נידעריג, וואו ער לאָזט זיך אראָפּ, איז אזוי וויא פון דער ערד אויפגעגאנגען דיא לבנה רויט וויא בלוט. דיא שטאָדט-טשערעדע האט שוין לאַנג אָפּגעגעסען דיא צעבערעס, איהר געוועהנטליכע וועטשערע, און געשלאָ־פען רוהיג אויף איהר געלעגער, אין דיא שטאלען, נאָכדעם אז מען האט זיא פריהער גוט אויסגעמאָלקען. איך האב בעקומען א בינטיל פריש היי, אָפּצוטראָ־גען עס דער אומגליקליכער שקאפע אין גרוב אריין, אזוי וויא איין עהרליכער מאן פון דער חברה „צער בעלי החיים“ בעדארף צו טאָן. דיא קליאטשע נעביך איז גע־

לענגען שטאַרק מיד אין דער בלאָטע, ווען זיא זאל נישט געווען מאַכען מיט דיא זייטען און סאַפּען, וואָלט מען זיכער געמיינט, דא ליגט א נבלה, אזוי דאַר, אזוי מאָגער איז זיא געווען, נאַר הויט און ביין.

— שאָק, שאָק, שאָק! האָב איך געזאָגט אויף פערדיש, צונעהענדיג צו דער קליאַטשע, איהר א גלעט געגעבען דעם האַלז און אנידערגעלייגט דאס בינדעל הייא.

זיא האט אויפגעהייבען דעם קאָפּ און מיך שטאַרק אָנגעקוקט מיט א פּאָר אויגען, גלייך וויא איהר איז אַ גרויס וואונדער געווען, וואס איא מענש וויא איך זאל אנטאַן כבוד א וויסטער קליאַטשע און איהר ביי דער נאַכט מאַכען א וויזיט אין דער בלאָטע!

שאָק, שאָק, שאָק! האָב איך ווידער צו איהר גערעדט אויף פערדיש. דאס האט אזוי פיל געהייסען וויא: גוט נאָווענט, קליאַטשע! האָסט־דוא נאָך א גאַנץ ביינדעל? שאָק, שאָק! נא דיר ועטשערע, עס, אויב דיר איז נאָך איבערגעליבען א צאָהן אין מויל. שאַק, שאָק! חלעבין א גאָטס רחמנות, ביסט נעביך זעהר אפּגע־שלאָפּט! שאָק, שאָק! האב איך נאָך עטליכע מאל געזאָגט און איהר אונטערגע־ריקט דאָס בינטעל היי האַרט אונטער דער נאָז.

— ברוך־הבא, יונגער מאַן! לאָזט זיך הערען פּלוצלים א פאַרדומפּטען קול.

איך בין טויט געבליבען הערענדיג דעם ברוך־הבאָ. פון וואַנען, וואונדער איך מיך, האָט עס פּלוצלים זיך גענומען? ווער זאָל עס ריידען? אז לעבין מיר און ווייט אַרום און אַרום איז נישטא אפילו קיין זכר פון א מענשען!

— שרעק זיך נישט, יונגער מאַן! האָט דאָס קול זיך געלאזט ווידער הערען. זיי אַ מענש און שרעק זיך נישט. איך קליאַטשע רעדט צו דיר.

— קליאַטשע! טהו איך אַ געשרייא און בלייב שטעהן פאַרגאַפט וויא א גולם.— דאָס איז אַ פּנים דיא גוטע קליאַטשע, האב איך בייא מיר געטראַכט, נאָכדעם אז איך בין שפּעטער אביסיל צו זיך געקומען. באלד האב איך מיך מאַקי דערמאהנט, היינט איז מיטוואָך בייא דער נאַכט, דיא רעכטע צייט פאר דיא לצים.

— טראַכט נאָר נישט איבער, האט דיא קליאַטשע גאַנץ דייטליך זיך אנגע־רופען. פשוט איז פשוט, איך קליאַטשע רעד צו דיר.

— סטייטש! וויא רעדט עס א קליאַטשע?! מאך איך שטאַרק פאַרוואונדערט.

— דאס איז נאַר נישט אזא וואונדער, ענטפערט זיא, אזעלכע מעשיות האָ־בען שוין זיך געטראָפען. אין דיא בעשריבענע היסטאָריעס געפינט מען אַ סך רעדען און דרשות, וואס פערד האבען געהאַלטען פון בלעם׳ס אייזעל אָן ביז אַצינד.

אַי, אַי! חאַפּט זיך מיר ארויס אַ געשרייא און דערמאָהן מיך אין יענע

מעשיות, וואס איך האב נעלעהרענט צו דעם עקזאמען. יא, טאקי גאנץ רעכט, אבער א קליאטשע!

— וואס מאכט עס אויס? אי א קליאַטשע. אדרבה, ווען עס טרעפט זיך שוין רעדט מאקי נעווערהנליך נאר א קליאטשע. בלעם'ס אייזעל איז אויך געווען א קליאטשע, נאר פון דעסטוועגען זיי רוהיג, מיט דיר רעדט נישט קיין קליאטשע.

— וואס הייסט עס? נישט קיין קליאטשע! — פריהער זאנסט דוא א קליא־טשע, דערנאך נישט קיין קליאטשע! גיב איך א געשרייא, איינבייגענדיג זיך דיא זאך בעסער צובעטראכטען — נישט אנדערש דוא ביסט....

- א ליץ, וולסט־דו זאגען, פאלט זיא מיר אריין און דיא רייד. ניין, ניין, מיין פריינד, דו האסט א טעות. איך בין נישט קיין ליץ, זאָג איך דיר, אויך נישט קיין קליאטשע. מיין פנים, מיין געשטאלט איז וויא א קליאטשע, אבער באמת בין איך נאר עפּיס אנדערש. ווען דוא זאלסט וויסען, וואס מיט מיר אין דער וועלט האט זיך פּאסירט, וואלסט־דו מיך פארשטאנען און אויפגעהערט זיך צו־וואונדערען.

אויף מיר קוקען א פּאר אויגען, וועלכע עס דריקען אויס ליידען, מידקייט אין איינעם מיט א נעבעט און גוטסקייט אהן איין עק. עפּיס טאקי נאר אויגען פון א שלאפען, אומגליקליכען, אומזיסט בעליידיגטען, נעקריינקטען מענשען, וואס קוקט אויף איטליכען שווייגענדיג שטיל, און איטליכער קוק זיינער דערצעהלט זיינע אינווענינסטע וועהטינגען; איטליכער בליק רעדט, שרייעט געוואלד, בעט רחמים און רייסט אויס א שטיק הארץ. איך קוק און קוק — וואס קליאטשע, ווען קליאטשע! פאר מיר איז נאר א מענשליך פנים. וויא, וואס, פון וואנען פלוצלים א מענש, עפּיס אזא פארזעהעניש?!....

— שוין לאנג איז דאס אזוי?

— אָ, לאנג וויא דער גלות!

— וויא קומט עס? דערצעהל! בעט איך אין איין קול, אנחאפּענדיג זיך ביים קאָפּ. דיא קליאטשע האט מיך שארף אנגעקוקט, געשווינגען, זיך אביסיל וויא בעטראכט, דערנאך האט זיא אנגענומען איין ערענסט פנים און אָנגעהויבען טרוי־ערדיג צו ריידען מיט דיא ווערטער:

„דער וואס האט חאָטש אביסיל אריינגעקוקט אין ספרים, אדער געהערט פון עלטערע דערצעהלען, דער דאזיגער ווייסט, אז מענשען זאָלען אָננעהמען דיא געשטאלט פון אלערלייא חיות און בהמות נאָך ביים לעבען, אָדער אין זיי מגולגל צו ווערען נאך דעם טויט — דאס איז איינס פון דיא געוועהנליכע זאכען. פארציי־טענס האבען אזעלכע זאכען זעהר אָפט זיך געטראָפען. מיר געפינען אין דיא היס־

טאָריע ביכער, אז סעמיראַמידא, דיא קעניגען פון בבל, האט אויף דער עלטער אַנגענומען דיא געשטאלט פון א טויב. דניאל האט בנבואה געזעהען דיא פיער קיסריות אין דיא געשטאַלטען פון לייבען, לעמפּערטען, בערען, און ער דערצעהלט וויא נבוכדנצר מלך בבל איז לסוף ימיו געוואָרען א בער. ווער שמיעסט ביי דיא גרעקען זענין אַזעלכע געווען זעהר געווענטליך. זייער גאָט יופּיטער, וואָס ער איז געווען, מחילה שטארק געהאַפּט אין דער מעשה, האט א מאָהל זיך פארשטעלט פאר איין אָקס. דיא בת-מלכה יאָה, דעם קעניג אינאַכוס א טאָכטער, האט יופּיטער פאר-שטעלט אין א קוה, און אַזוי האָט זיא שלימזל זיך אַרומגעשלעפּט א היבשע צייט אין דער וועלט. אין זייער לאַנד האבען זיך אויף געפונען מיני בעשעפּניש, האלב בהמה און האלב מענש, וואָס האָבען געהייסען צ ע נ ט א ו ר ע ן. איין צענטאַוור, מיט דעם נאמען ח י ר א ן, האלב פערד און האלב מענש, מיט בארד און פאות און אויף דעם קאָפּ א ספּאָדיק, איז געוועזען דעם פּרינץ ט ע ז י י א ו ס מלמד. עס פארשטעהט זיך וואס פאר א פאלק אזא מלמד, זענין מענשען ווילד, איז ביי זיי אויך א ווילדער מלמד.... פאר דיא טאשענשפּילער, פאר דיא שווארצע-קונצען מאכער און פאר דיא וואס קענען פארבלענדזען יענעם דיא אויגען איז דאס אביסיל א לעבען געווען דענסטמאל ! זיי האבען געפיהרט א וועלט און אַנגעטהאָן מעשים וואס א שרעק צו הערען! א סך מענשען, א סך פּרינצען און פּרינצעסעס זענין דורך זיי געוואָרען ווילדע בהמות געביך.... לייענט אין דיא ביכליך, אין דיא געשריבענע מעשיות פון איטליכס פאלק, וועט איהר זעהן, אז נישט איין פּרינץ, נישט איין מלך איז דורך זיי איבערגעקעהרט געוואָרען אין א צאַפּ, אין א פערד, אדער אין איין אָקס וכדומה אין אזעלכע מיני בהמות ; נישט איין פּרינצעסין, נישט איין מלכה איז דורך זיי געוואָרען א ק ו ה, א קעלביל, א ציג געביך; נישט איין פּריץ, נישט איין גראף איז דורך זיי געווארען א הונט, א וואָלף, א בער, וואָס האָט געריסען, געווארגען מענשען, געזויגען זייער בלוט און ביי זיי ארויסגענומען דעם מארך פון דיא ביינער. יאָ, גאַנצע דערפער, גאַנצע שטעדט זענין געביך דורך זיי איבערגעקעהרט געוואָרען אין טשערעדעס שאָף און האָבען געליטען זעהר פיל צרות, שרעקליכע יסורים און עגויים קשים.... אָט וואס אויף דער וועלט האָט זיך פּאַסירט, אָט וואָס דער כח פון פארבלענדזענעס, פון כשוף און פון פּאָרען זיך מיט רוחות האָט אָנגעמאַכט ! בידנע אומגליקליכע מענשען !

„אין יענער צייט איז א מאָל געווען א פּרינץ, א בן מלך, זעהר א פיינער, א קלוגער, א געראָטענער מיט אלע מעלות, נאָר איין אַנטיק, דער דאָזיגער בן-מלך האָט אין דער יוגענד געוואַנדערט, געמאַכט רייזען, בכדי צו דערקענען דיא וועלט,

און אומעטום, וואוהין ער איז געקומען, האָט מיט איהם דיא וועלט נעקלוננען. איין קעניג פון מצרים, דעם בעריהמטען לאַנד פון ציגאַינער און פון טאַשענשפּילער, איז שטאַרק אין כעס געוואָרען אויף דעם דאָזיגען פּרינץ, וואָס איז געקומען צו איהם צו גאַסט. פאַר גרויס שרעק, דער פּרינץ זאָל שפּעטער מיט איהם־זיך נישט אָפּרעכנען און אַרויסטרייבען איהם פון זיין אייגען לאַנד, האָט ער פאַרבעטען צו זיך זיינע גרויסע כשוף־מאַכער און צו זיי אַזוי געזאָגט : הבה נתחכמה לו ! דאָס טייטש : לאָמיר, ברידער, צו דעם פּרינץ זיך קלינגען און איהם אָפּטאָן עפּיס אויף טערקיש. דיא מכשפים האָבען מיט זייער כשוף פאַרשטעלט דעם פּרינץ אין א קליאַטשע, און מיט איהר נעביך געאַרבייט עבודת־פּרך !

דיא קליאַטשקע נעביך פּלעגט פיהרען ציגעל און לעהם גאַנצע בערג און דערמיט אויסגעמויערט פיתום מיט רמסס, זעהר פיל יאָהרען האָבען דיא ציגאַינער זיא געפּייניגט איהר פאַראומערט דאָס לעבען, ביז נאָך האָט אויף איהר זיך דערבאַרעמט. עס איז נעקומען א גרויסער, א בעריהמטער מענש, א בעל שם, וואָס האָט חוזק געמאַכט פון אַלע ציגאַינער מיט זייער כשוף און גרעסערע קונצען פון זייערע בעוויזען מיט דעם הייליגען „שם המפורש״. ער האָט געזאָגט א שפּרוך, איז פון דער קליאַטשע ווידער א פּרינץ געוואָרען ! כל זמן יענער גרויסער בעל שם און זיינע וואונדערליכע תלמידים, וואָס נאָך איהם, האָבען געלעבט, האָט דער פּרינץ א פּנים געהאַט וויא א מענש און געלעבט אין עושר, אין כבוד, בייא זיך אין לאַנד. נאָכדעם אָבער, אַז זיי אַלע זענען אויסגעשטאָרבען, האָבען שונאים דעם פּרינץ ווידער פאַרוואָרפען אין א קליאַטשע, און אין דער געשטאַלט טרייבט מען איהם נעביך אַרום שוין א גוזמא יאָהרען פון איין אָרט צום אַנדערען. דעם אומגליקליכען פּרינץ פּאַסט טאַקי גאַנץ גלייך דער נאָמען : „דיא אייביגע קליאַטשע״. אייביג שלעפּט זיך דיא קליאַטשע אַרום און געהט אוים וואו דיא וועלט האָט איין עק, ווער עס האָט נאָך אין האַרצען זעטצט זיך אויף איהר רייטענדיג ; ווער אין נאָך נלויבט גיט איהר א קלאַפּ, א זעטץ, איטליכער לייגט אויף איהר אַנידער זיין פּעקיל, זיין קלימעק. אייביג געהט זיא אין יאָך, שלעפּט, שלעפּט נעביך ציגעל און לעהם מיט פיל מיה, מיט בלוט און מיט שוויים וואָס דערפון האָט מען שוין אויסגעבויט גאַנצע שטעדט !״...

אין יענער צייט, אַז דער קאָפּ מיינער איז פול געוועזן מיט וואונדערליכע מעשיות פון מכשפים און צויבערער ; אין יענער צייט, וואָס חוץ דיא מעשה ביכליך, וויא א שטיינער „טויזענט און איין נאַכט״, „צענטוריע־ווענטוריע״, „בבא מעשה״ וכדומה, וועלכע איך האָב געשמאַק געלייענט אין דער יוגענד, האָב איך נאָר אויף דאָס־נייא וויא דיא האַלעשקעס איינגעשלונגען נאָך אַנדערע מיני מעשיות ; אין יענער צייט, אַז

מיין הארץ איז געווען הייס, מיין בלוט אָקראָפּ און מיין כח הדמיון פלאם פייער, אז מיינע געפיהלען זענען געווען פולווער, זיך אָנגעצונדען און אויסגעגאָסען פון א מינדס־טען רייב, מיינע אויגען קוואלען, ווארמבעדער, איטליכער, וואס האָט עפּיס געליטען, האט אין זיי פאר זיך געפונען ווארמע, הייסע טרעהרען — אָט אין יענער צייט האט מיך דיא מעשה מיט דעם אומגליקליכען פרינץ שטארק געריהרט. איך בין געווארען נאָר צוקאָכט.

—זאָג מיר, איך בעט דיך! האָב איך זיך אָנגערופען, זאָג מיר, וואו איז ער איצט? וואו געפינט זיך איצינד דער שלימזלדינער, דער אומגליקליכער פרינץ?

— דער פרינץ, דער שלימזלדינער פרינץ קינט איצט פאר דיר אין דער געשטאַלט מיט דעם פנים פון א קליאטשע!

איך האב געזיפצט, געוויינט און אָפּגעגאָסען מיט הייסע בלוטיגע טרעהרען מיין ווייסטע, אומגליקליכע קליאטשע.

3.

## וואס לאזט מיך דיא קליאטשע הערען.

דיא לבנה האט געשיינט און אראפּגעקוקט מיט איהרע זילבערנע שטראהלען אין דער טיפער גרוב אויף דער טרויעריגער סצענע דאָרט. אז איך בין אביסעל צו זיך געקומען און אויפגעהויבען דעם קאָפּ האָב איך דערזעהען וויא דיא קליאטשע קייעט היי גאנץ רוהיג, קאלט־בלוטיג, אהן א פּיטצעל זאָרג, טאקי נאָר אזוי וויא א געבוירענע, אמת'ע קליאטשע. אין מיין הארץ האבען געקאָכט פערשידענע געפיה־לען. באלד האב איך געפיהלט וויא דאס לעבען עקט זיך מיר פשוט פאר גרויס רחמנות אויף דער ווייסטער, אומגליקליכער קליאטשע, און באלד ווידער האָב איך געהאט אויף איהר פּאַרדראָס — סטייטש, וויא אזוי ליגט זיא אין דער בלאָטע אזוי רוהיג, קאלט־בלוטיג, גלייך וויא זיא פיהלט נישט, פארשטעהט נישט איהר ביטערע לאָגע! וויא אזוי עפענט זיך איהר דאס מויל צוקייען היי נאך אזא שרעקליכער סצענע און נאָך אזעלכע קלעפּ, וואס זיא האָט ערשט היינט געהאפּט! איך האָב אנגעהויבען בייא מיר צוטראכטען אויב דיא גאנצע מעשה איז נישט א חלום; אויב איך האָב נישט צוטהאָן נאָר מיט א פשוטער שקאפּע, וואָס האָט אין זיך נישט אפילו קיין אדער פון א פרינץ; וואס האָט נישט קיין שום געפיהל פון כבוד, פון האָנאָר, און איז, מישטעהנעם געזאגט, נישט אין שטאנד צופיהלען איהרע אייגענע צרות, דיא גרויסע חרפות און בזיונות. ווארום, ווען זיא זאל נאר האבען חאטש א פּיטצעל געפיהל, חאטש א פּיטצעל פארשטאנד וואלט זיא נישט בשום אופן געקענט ליגען אויף איהר ארט אזוי רוהיג. עס האט אין איהר בעדארפט קאכען דאס בלוט

וויא אין א קעסיל ; עס האט אין איהר בעדארפט זיך בעווענען איטליכס גליד. איטליכער אדער ; זיא האט בעדארפט טראכטען, אין זינען האבען, אז עס איז נישט גוט צובלייבען אין דער וועלט דיא אייביגע קליאטשע, נישט גוט צולײדען פון א ליארען קונדס, פון א ליארע הינטעל און בעדארפט זיך שטרעקען אין דער לייננ און אין דער ברייט, צו טאָן אלע מיטעל ווידער צובעקומען א פנים פון א מענשען. איך האָב מיך געשעהמט פשוט פאר מיר אליין. נישט אנדערש איך בין משוגע ! וואָס האָב איך געטאָן ? פאר וועמען האָב איך ערשט אזוי נעזיפצט, נעוויינט ? פאר וועמען האָב איך פארגאָסען בלוטיגע טרעהרען ? פאר וועמען בין איך ערשט בערייט געוועזען זיך אוועקצולייגען, מקריב צוזיין מיינע טעג, מיינע יאָהרען, מיין גאנץ לעבען ? פאר וועמען ? פאר א קליאטשע ! פאר א יאדעשליווער, אָפּגעבארעטער שקאפע !.. איך האָב מיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און מיט א צעבראָכען הארץ זיך אוועקגערוקט אביסעל ווייטער.—

דיא קליאטשע האָט פלוצים א זיפץ געטאָן. איהר זיפץ האָט מיר אין הארצען זיך אָפּגערופען וויא א דונער. איך בין פארציטערט געוואָרען. פייערדיגע נעפיהלען פון רחמנות האָבען ווידער אָנגעצונדען מיין בלוט. איין זיפץ איהרער האָט אין מיר אָנגעמאכט א גאנצע איבערקעהרעניש און מיך ווידער שטארק געצויגען צו איהר וויא א מאגנעט. אָט אזוי, האָב איך געטראכט, איז טאקי גוט. זיפץ, זיפץ קליאטשע ! דאָס איז א גוטער סימן. פון דעם זיפצען זעהט מען ארויס דעם אומגליקליכען פרינץ, וויא ער רייסט זיך מיט אלע קרעפטען צו בעקומען א מענשליך פנים, אין דעם זיפצען הערט זיך זיין קול, וויא ער שרייעט ; איך לעב נאך און פיהל נאך אלס־דינג, וויא אלע מענשען ! עס הערט זיך וויא ער שרייעט און בעט רחמים : גוואלד, מענשען דערבארמט זיך, לאָזט מיך צוריק אָננעהמען מיין געשטאלט !— זיפץ קליא־טשע, זיפץ ! דאָס זיפצען קען עפּיס אָנמאכען, עס קען א מאָל ריהרען, צערברעכען הערצער, עס קען א מאָל ארייננעהן מענשען אין דיא אויערען, זיי וועלען אזש אָנ־הויבען צוציטערען, וועלען רחמנות האָבען אוך דיר העלפען. אָט אזוי קליאטשע, אז דוא זיפצסט איז טאקי גוט !

און וויא איך טראכט אזוי גיב איך א בליק : לעבען מיין קליאטשע איז נישטאָ קיין לעק היי, זיא האָט עס אין גאנצען אויפגעגעסען, נישט איבערגעלאָזט, איהר זאָלט זאָגען, אפילו א בלעטיל. א־א־א ! האָב איך בייא מיר געטראכט. אָט וואָס איהר זיפץ בעטייט ! זיא זיפצט פשוט, וואָס דערנעהט איהר נישט דיא קישקע, וואָס זיא האָט נישט נאָך א בינטעל היי, נאָך א הויפען גראָז. ווען זיא זאָל בעקומען א סך היי, א סך גראָז, דערצו נאָך עטליכע מעסטליך האָבער, וואָלט זיא געוועזען צר

פרידען, נאָר איבערגליקליך. עס מעג שוין זיין וויא עס וויל זיך, אבי א סך האָבער, אבי דיא קישקע. א ריינע, עכטע קליאטשע, חלעבען!... דער דאָזיגער געדאנק האָט מיך נאָר צושרויפט. פאַר פארדראס האב איך געציטערט און געוועזן שטארק צו־רודערט.

— דו ציטערסט! האָט דיא קליאטשע געזאָגט, א קוק־געבענדיג אויף מיר· עס איז דיר א פנים נישט גוט דאָ לעבען מיר?

— איך בין א מענש, האָב איך געענטפערט מיט א שטעכווערטעל, איך בין א מענש מיט געפיהל, מיט פערשטאַנד. מיר געפעלט נישט אזא אָרט, אזא בלאטע. דיר מעג עס אפשר געפעהלען.

—אוודאי איז דיר גוט צו ריידען! האט זיא זיך אנגערופען און א מאַך געגעבען מיט דעם קאָפּ. איין אנדערער זאל וויא איך פארשטעלט ווערען אין א קליאטשע אזוי פיל יאהר, איין אנדערער זאל וויא איך פיל אויסשטעהן, זיין פארוואגעלט, דערהרגעט, דערשלאגען, אזוי פיל איבערטראגען צרות און לייד פון איטליכען בעזונדער, וואלט ער חלעבין שוין לאנג פארלוירען זיין פערשטאנד, זיין געפיהל. עס וואלט איהם אין גאנצען דאס לשון אפגענומען און וואלט געווען א ריינע אמת'ע בהמה.

—נוא, נוא, בין איך איהר אריינגעפאלען אין דיא רייד, דיר איז ליעב דיא בלאטע, דיר איז דא גוט?

—זיא צו מיר: דאכט זיך גוט. אלץ בעסער וויא פריהער. עס זענין געווען צייטען, וואס מען האט מיך נאר געטריבען און נישט געלאזט אויסרוהען מיך אפילו קיין רגע. מיינע שונאים, פלעגען מיך אלץ טרייבען, טרייבען און צונעהמען בייא מיר דעם לעצטען כח. איצט, וויינינסטענס, רוה איך דא אביסעל, אויף דער בלאטע איז מיר ווייך צו לינען און איך נכייך חאטש אביסיל אויס מיינע אלטע קראנקעביינער.

—איך צו איהר: און דיא קלעפּ, וואס דוא האסט ערשט היינט געהאַפּט פון דיא קונדסים, און דיא הינט, וואס זענין עדשט נישט לאנג אויף דיר אנגעפאלען, האסט דוא שוין פארגעסען? אפשר איז דאס ביי דיר אויך גוט?

—זיא צו מיר: אלץ בעסער וויא פריהער. אויך מיר הינט? הינט האסט דוא בעדאַרפט זעהען, וועלכע דיא לצים, דיא דייטשליך, האבען א מאל אויף מיר אנגערייצט. יענע זענין געווען גרויסע געלעהרענטע, האבען געסלווישעט, געשטאנען אויף דיא לאפּקעס, געדרעהט מיט דיא ווידלען און אויסגעפאלנט אלסדינג, וואס מען האט נאר געהייסען, צווישען דיא הינט זענין געווען פשוט פראפעסארען. שכל האבען זיי געהאט כמעט וויא מענשען, אבער א הארץ און א מויל — עכט הינטעשע. זייער

ביס איז געווען שרעקליך, עד היום שטעהן נאך ביי מיר צייכענס פון זייערע צייחן... דיא הינט, וואס דוא האסט היינט געזעהן, זענין פראסט קעלבליך, גראבע קעפ, אהן שכל; ווייסען אפילו ניט רעכט וויא אנצופאלען, וויא צובייסען; ביין, מישטעהנס געזאגט, גלאט אבי געבילט, און בילען אויף אקענען דער לבנה. מיט א שטיקעל ברויט פארשטאפט מען זייא דאס מויל און דענסטמאל קען מען פראנק און פריי גנבהנען, גזלנען, ראבעווען פאר זייערע אויגען... אויף מיר קונדסים! קונדסים זענין געווען אין יענע יאהרען, וואס פלעגען זיך שטארק נארעש מאכען, איטליכען פארדרעהן דיא קעפ און אייסטראכטען ווילדע אַנשטעלען; וואס פלעגען זיך פארשטעלען כלומר׳שט פאר בערען, מאכען בוא און שרעקען דעם עולם. אמת טאקי, דיא היינטיגע קונדסים נעהט אויף נאַנישט אפ, נאר וויא קומען זייא אבער דאך צו דיא אלטע! אז יענע האבען זיך גענומען צו מיר מיט זייערע אנשטעלען, פלעגט מיר פשוט ניט ניחא זיין דאס לעבען. ווענינ, א שטיינער, האבען מיך געפלאגט אט יענע שטארקע פערד, וואס דוא האסט היינט געזעהן צווישען דיא תבואות!

—וואס רעדסט דוא? מאך איך שרעקליך פארוואונדערט. וואס הייסט עס, פערד, האבען דיך אויך געפלאגט, געפייניגט? וויא קומען דיא פערד, דיא היינטיגע פערד צו דיר?

—ווען מענשען זאלען קענען אריינקוקען אין איטליכער זאך אינוועגדיג, וואלט זייא פארענטפערט געוואָרען אין דעם לעבען זעהר פיל קשיות. האט דיא קליאטשע זיך אנגערופען. נישקשה, איך רייד צו דער זאך. אַט דיא דאָזיגע פערד זענין גלגולים פון שרעקליך ווילדע מיאוסע קונדסים, וואָס האָבען פארצייטענס גענאָגט, געפלאָגט דעם עולם, געארבייט מעשים און אנגעטאָן זעהר פיל שאדען. אליין איז איטליכער געווען בעזדושנע, דאס הייסט אָהן א זעל, און אויף איהם האבען געמוזט ארבייטען טויזענטער זעלען; יענע פלעגען עסען דאס דאַר שטיקעל ברויט מיט דעם שוויים פון זייער פנים, חוץ דעם זיך נאָרנישט פארגינען אפילו דאס, וואס זייא האבען אליין ארויסגעבראכט, אויסגעהאָדעוועט מיט זייער פראצע, — און ער האט זיך געבאדען אין וואווילטאָג, אויפגעגעסען זייער מיה און נאך געשאסטעט, פארשוועגדעט. יענע האבען פון זיינעטוועגען איינגעלייגט דיא וועלט, מיט זייער ארבייט איהם פארשאפט מאיאָנטקעס דערפער, שטעדט; מיט זייער מיה איהם געמאכט א גרויס פארמעגען, און דאס ביסעל עסען, וואָס זיי נעביך פלעגען פון איהם א מאָל בעקומען, טאקי נאָר אבי צודערהאלטען דיא נשמה — דאס האט געהייסען א נדבה. זיי האבען געהייסען ארמע בעטלער, און ער — בעל רחמים, א פריינעבינער, א בעל־צדקה, א בעל־טובה. זייא, אז האבען אויף איהם געהארעוועט, איז עס געווען א גאַנץ געוועהנטליכע זאך,

אזוי האָט עס בעדאַרפט טאַקי זיין, און אז ער האָט א מאָל גענעבען עפּיס א נדבה אויף הונגעריגע, אויף קראַנקע, פון זייער שווערער האַראָוואַניע טאַקי, האָט דערמיט די גאַנצע וועלט געהאַט צוטאָן; מען האָט עס בעזונגען, בעוואונדערט אין אלע גאַזעטען און צולייגט אויף טויזענט טעלערליך — לאָז דער עולם וויסען, אז ס׳איז דאָ א בארמהארצדיגער, א גוטער, א פרומער, א דימענטינגער מענש!... א מאָל זענען די דאָזיגע פערד געוועזן איידעלע מענשען, ליידינגגעהער, היינט זענען זיי איידעלע פערד, ליידינגגעהער. ווארום, לאָמיר זיך נאר נישט נארען, צו וואָס טויגען איידעלע, געלעהרענטע פערד? ארבייטען, ארבייטען דאָך פערדליך נעביך, די געמיינע פערד. זיי אקערען די פעלדער, פיהרען וואסער און האָלץ, שלעפּען, טראָגען משא און טהוען אלסדינג אין דעם בעל הבתישקייט. די איידעלע פערד אקעגען פיהרען זיך א גליקליך לעבען אין שטאַל לעבען היי און האָבער; פּאַהרען זיך א מאָל ארויס שפּאַצירען מיט זייער פריץ, הייבען פּיסליך און שטאַלצירען מיט זייער פעט בייכעל, מיט זייער שעהנעם אופראַזש, אדער טאַנצען, מאַכען אנשטעלען אין די צירקען און נאַרען דערמיט בייא דעם עולם אויס דאָס געלט. צו וואָס נוטצט עס באמת אז א פערד טאַנצט, מאַכט הוקעס־פּוקעס? פאר וואָס זאָל אזא פערד געהען אין גאָלד און מען זאָל איהם, וויא גרויס עס איז, מיט געלד אפּשיטען? לאָזען בעסער יענע פערד ארבייטען און נישט געהען אין שאדען!

—שאַ, שטילער אַביסיל! האָב איך צו איהר געזאָגט. דו רעדסט תמיד אזוי פיל?

—אַך! האָט די קליאטשע מיט א זיפץ געענטפערט, געוועהנטליך שוויג איך און קען נישט ריידען אפילו קיין וואָרט. מען וויל נישט, איך זאָל ריידען. גאַנץ אָפט קען איך אפילו קיין פּיפּס נישט טאָן, און דענסטמאָל בין איך טאַקי א קליאטשע מיט אלע פּישטשעוועס, האָטש רייד איבער מיר פון היינט ביז איבער א יאהר וועל איך דיך נישט הערען. דו וועסט שרייען: נעה רעבטס! און איך וועל מיר געהן לינקס, סיידען דו וועסט מיך אננעהמען בייא דער טשאַפּרינגע און שלעפען מיט געוואַלד, דענסטמאל קען אויף מיר רייטען ווער עס וויל, אפילו א יונגעל א שוטה, א וויסעחברה׳ניק, א דראַב, א טויגעניכטס, א לא־יוצלח! נאר עס זענען דאָ געוויסע צייטען, וואָס מיר עפענט זיך א מויל, און אז מען ציהט מיך דענסטמאַל בייא דעם צונג, שיטען זיך מיר ניין מאָס רייד פון דעם מויל. איך רייד דענסטמאל פאר פייער און פאר וואסער. עס זעטצט דענסטמאַל פון מיר ארויס מיט אימפּעט, וויא פון א פייערשפּייענדיגען בארג, אלסדינג, וואָס מיר האָט זיך אנגעקליבען אויפן הארצען; גאַנצע וואַלקענס פאַרדראָס, גריזאָטע, וועהטיג און פורעניות, עס צושפּילען זיך אין מיר די

געבליטען, ווינ פלייצענרינע טייכען אין וועסנע־צייט, הייבען זיך־אויף מיר אין דעם קאָפּ מיט שרעקליכע חוואליעס, רייסען דעם מוח און שטופען זיך מיר ארויס דורך דיא אויגען. עס פוקעט זיך מיר דיא גאַל, עס רעדט זיך ארויס מיין ביטער הארץ, מיין שווער נעמיטה!....

—זאג מיר נשמה, האב איך מיך אנגערופען, זאג מיר, אז ס'איז שוין יא געקומען צו רייד, פאר וואס געהסט דוא אין שאדען? ערשט היינט טאקי איז מען דערפאר אויף דיר אנגעפאלען. ערשט היינט האט מען געשריגען: דוא מאכסט אן שאדען!

—בעטראכט דיא זאך בעסער, ענטפערט זיא, וועסט דוא מיך אזוי נישט בע־שולדיגען. אז מען רעדט פון מיין שאדען מוז מען אקענען שטעלען אויף דעם נוטצען וועלכען איך ברייננ. ווארום וויא דיא וועלט אין גאנצען פיהרט זיך אצינד, מוז מען בערעכנען דיא ביידע זאכען אין איינעם. ווען נישט, קומט אויס, אז כמעט איטליכער טהוט אן שאדען: קיינער כמעט איז נישט ריין פון דעם פעהלער, אפילו יענער, וואס שרייט דארויף געוואלד. בייא דער היינטיגער פיהרונג אין דער גאנצער וועלט ארום און ארום, איז שאדען אזא פעהלער, אזא זינד, וואס לאזט זיך נארנישט אויסמעקען און פארענטפערט זיך נאר מיט נאָך אזא זינד. למאי, זאגט מען, געהט יענער אין שאָדען? — דאס איז אזא זינד. וואָס וויא דוא זאָלסט נישט שרייען, בלייבט זיא טאקי אלין; זיא קען מען נאָר פיהרען אונטער דעם דעקטוך — פארדעקט, פאר־האנגען מיט צדקה, אדער מיט נוטצען. שמעון דער גזלן געביך שרייט: אוי ראובן שאָדעט! יאָ, ענטפערט מען: ראובן מאכט טאקי אביסיל קאליע, אין ברירה, וואס זאָל ער טאָן? דערפאר קוק אָבער וויא ער נוטצט ערגיץ אנדערש!.... און אויב איך נוטץ אויך, אויב איך האב אויך נעבראכט און ברייננ דער וועלט א נוטצען? דאס דאכט זיך, וועט נישט אפלייגענען קיינער. פון אייביגע, אייביגע צייטען איז מען אויף מיר געריטען. איטליכער האט פון מיר, מעהר אדער ווייניגער, גענאָסען. וועמען האב איך שוין אויף מיין ריקען נישט איבערגעטראָגען? און וועמענס שאדען בין איך שוין אין מיין לעבען נישט אויסגעשטאנען? איך מיין, אז מיין א־בייט איז ווערטה א סך מעהר פון א הויפען גראָז!.... דאָס, האָסט דוא איינמאל. היינט צווייטענס, פארגעס נישט, אז מיך קוועטשען דיא אומשטענדען, מיך צווינגט דיא נויט. ווען איך וועל מיר אליין נישט זוכען עסען, וועט מען מיר טאקי נישט געבען. איך וועל מוזען לייגען די צייהן! אויף דער פאָלעצע און שטארבען פאר הונגער: אויף דרך ארץ קען איך נישט ווארטען; כל־זמן מען לעבט מוז מען עסען. וואס וויל איך דען מעהר וויא עסען? און וואס, מישטעהנעס געזאָגט, איז אין גאנצען מיין שאדען? א הויפען היי, א ביסיל גראז!... יענע שיינע פערד אבער האבען דאך פון כל־טוב,

זיי גיט מען דאָך זייער בעדערפניש, זיי האבען דאך דאס רעכט צו פיטערען זיך אר מעטום פריי אויף דעם גראז. פאר וואס גיהען זיי אין שאדען? און נאך וואס פאר א שאדען! זיי צוטרעטען תבואות פארוויסטען גאנצע פעלדער און מאכען תל.

— וואס פאר א שייכות, פרעג איך זיא, איז א מאל געווען צווישען דיר און יענע פערד, אדער, וויא דו זאגסט, קונדסים?

— יענע קונדסים, אדער וויא דו זאגסט, פערד, ענטפערט זיא, פלעגען א מאל, א מאל אין דיא אלטע יאהרען שרעקליך זיך אפרעכענען מיט מיר און מיך פייניגען צום טויט. בשעת זייערע א קאָמפּאניע האָט זיך א מאל געלאזט אויף א מלחמה מיט דעם תוגר, האבען זיי מיך געדריגעט, געמזרעטען מיט דיא פיס און מיר ארויסגעקוועטש דעם מארך פון דיא ביינער. זיי האבען דענסטמאל פון מיר געריסען דיא הויט, געטרעטט דיא אדערען, מיך געשטעמפעלט, געברענט מיט גליהענדע קוילען פייער. אויף מיין פעל שטעהט אפגעדרוקט מיט אלערליי צייכענס דיא גאנצע גע־שיכטע פון אכזריות, פון ווילדקייט און פון נארעשקייט, וואס האבען געהערשט אין יענע שווערע, ביטערע צייטען. מיין אפגעבארעטע פעל מיט דיא בלויע צייכענס, מיין צוקאַ־ראַשעטער ריקען מיט דיא ביילען — איז דיא געשריבענע געשיכטע פון יענע אלטע דורות. קוק אויף מיין פעל און לייען! ....

נאר־וואס דיא קליאטשע האט גענדיגט דעם שמיעס האט זיא אנגעהויבען שטארק זיך צומינען, אויפגעשטעלט דיא אויערען און זיך צוגעהערט. גלייך וויא זיא האט עפּיס געשפּירט. באלד טאקי האט זיך איהר געענדערט דאס גאנצע פּנים, זיא האט זיך אויפגעשטעלט משונה גיגשווינד, וויא א שלאַנג וואלט זיא א ביס געטאַן, זיך אויסגעשטרעקט, אויסגעקנאקט דיא ביינער, א שאקעל געגעבען מיט דער טשאָפּרינע און געקוקט וויא א געבוירענע קליאטשע. פּלוצלים איז אויפגע־שטאנען א ווינט, און אט האט פון דערווייטענס זיך פארדרעהט א רעדיל, זיך גע־דרעהט. וויא א זייל, גאנץ הויך אין דער לופטען. ס'איז א קאבעניש, איין אויסמי־שעניש פון אלערליי געשטאלטען, וואס טאנצען, שפּרינגען פליהען משונהנערווייס וויא דיא רוחות, ארייננהאפּענדיג צו זיך אין קאָהן אריין אלסדינג, וואס קומט זיי אויפן וועג אקעגען. עס טראגט זיך, דרעהט זיך רעשדיג מיט אימפּעט, בעגלייט פון א משונהנער קאפּעלע: עס קראקעט, קוואַקעט, קוואקעט, קרעכצט, הייעלט, זחשעט, פּילדערט, גרילצט אין דיא אויערען. ביימער אין דעם וואלד ענטפערען אפּ צום טאקט, בייגענדיג זיך אין אלע זייטען, רוישען, צימבעלען און פּאטשען, פּליעסקען מיט דיא צווייגען. דיא לבנה דערשרעקט זיך און לויפט זיך באהאלטען אין א שטיק וואלקען.— עס איז א פּנים א חתונה, דאס גוטע פּעקיל מחותנים פיהרט עס אפּי

טאַראַראַמענדיג א מכשפה'טע צו דער חופה. אין מיטען דעם נעטימעל וואקסט וויא פון דער ערד אויס עפּיס א נפש, האַפּט זיך אויף דער קליאטשע ארויף רייטענטיג, מהום א שמיטץ, א פייף—אוועק, אוועק, און ווערט מיט איהר באלד פארשווינדען.

4.

## ישראליק פאַרקריכט קיין בויבעריק.

וויא א ווינטמיהל האָט אין מיר דיא גאַנצע וועלט זיך נעדרעהט פון דעם אלסדינג, וואס איך האָב געזעהען מיט מיינע אויגען און געהערט מיט מיינע אויערען. עפּיס איז מיר פירגעקומען אלסדינג פארקערט, אלסדינג קאפויר. אלע בעשעפעניש האָבען אין מיר זיך אויסגעמישט, זיך פארביטען איינס מיט דעם אנדערען. עס האָט מיר זיך געדאַכט, אז אלע זענען נישט דאָס, פאר וואָס זיי גיבען זיך אויס, קיינער איז אינווענדיג נישט דאָס וויא אזוי ער זעהט אויס פון דרויסען. א פּנים דיא אינ־דיאנער, וואָס גלויבען, אז דיא נשמות פון מענשען געהען איבער אין אלערלייא בעשעפעניש, און דיא בעלי הקבלה להבדיל, זענען טאַקי גערעכט. דיא גאַנצע וועלט איז לויטער גלגולים. א פּנים, אז דער טעם, וואָס שטעהט ערגיץ אין א סידור, פאר וואָס עס איז א מצוה צו עסען פיש שבת, בכדי דערמיט מתקן צו זיין דיא נשמות, וואָס ווערען אין זיי מגולגל איז טאַקי זעהר אמת. אויב אזוי בעקומט דאָך דיא וועלט גאָר איין אנדער פּנים, מען מוז אויף איהר קוקען מיט אנדערע אויגען און בעטראַכטען איטליכע זאַך גאָר אנדערש. אין א מענשען, קען זיין, ליגט בעגראָ־בען א הונט און אין א הונט ליגט בעגראָבען א מענש; א פונט פרישע פיש, קען זיין, איז א פונט פריש־צאַפּעלדיגע נשמות, אין א גוטען קארפּ אויף דעם פּאַלי־מעשיק ליגט א דיקער, א פעטער בעל־טאַקסע, געקאָכט מיט פעפער און ציבעלס! אויב אזוי וועלען דאָך פערענטפערט ווערען א סך קשיות אין דער השגחה, אויך אין דיא פיהרונגען פון פיל מענשען. עס וועט שוין פאַרענטפערט ווערען פון וואנען עס האבען זיך גענומען ביי אונז שוטים, נאַראַנים, צבועקעס, בטלנים קהל'ס־לייט, האַפערס, בעלי־טאַקסעס, גבאים, נאמנים, שתדלנים, בעלי־טובות, שטאָדטס־יורשים, פיינע בריות, שיינע מענשען, גאָטס־סטראַפּטשעס, טענצער, טעלערלעקער און קאָכלעפעל. מען וועט שוין פארשטעהן ווער זיי זענען, פון וואנען זיי שטאמען, ווענענס טבע זיי האבען און וואס זייער תכלית, זייער כוונה איז אויף דעם עולם, צווישען אונז אומגליקליכע, זינדיגע מענשען.... דער קאפּ האט מיר פון אזעלכע גע־דאנקען אזוי זיך נעדרעהט, אז איך נעדיינק נישט, וויא איך בין א היים נעקומען, וואָס דאָרט איז מיט מיר פּ׳רגעגאנגען און וויא איך האב מיך געלייגט שלאפען. נאר אז איך בין אויפגעשטאנען האב איך געזעהען, לעבין מיר זיצט מיין מאמע. אין דער

זיט אביסיל איז געשטאַנען איין אַלטע גויע און עפּיס א מאַנספּאַרשוין מיט א צוקאָשמעטער באָרד און פּאות.

— וואָס מאַכסטו־דו ישראליק? האט מיך דיא מאַמע נעפרעגט מיט פאַר־ווייגטע אויגען. פיהלסט־דו זיך איצט בעסער אביסיל?

— וואס הייסט, וואָס מאַך איך? האב איך פאַרוואונדערט מיך אנגערופען. איך פיהל מיך אַזוי וויא תמיד.

— געדאנקט און געלויבט איז גאָט! האט דיא מאַמע געזאַגט מיט א פרעה־ליך פּנים, דו ביסט, מיין קינד, געוועזן זעהר קראַנק. מיר האָבען מורא געהאַט, אויב דוא ביסט חליכה אויף אייביג נישט אראָפּ פון דעם זינען.

דיא אַלטע גויע האָט דערווייל עפּיס געשעפּטשעט און געגעניצט שטארק הויך אויף א קול. דער מאַנספּאַרשוין האט זיך געבאַבּרעט אין א ווינקעל, געגלאצט מיט דיא אויגען, געמאַכט משונה ווילדע הויות, געטופּעט, גלייך וויא ער האט מיט עמ׳צען זיך געקריגט און מיט א בייזער געריעדט עפּיס אַזעלכע מיני ווערטער:

„איך בין אייך משביע בשם לוציפעריציאל, בשם פּלוטאָניאל, צערבעריאל, פּראָזערפּיניאל, בשם.... בשם.... און בשם.... אז איהר זאָלט קיין שלימה נישט האבען אויף ישראליק בן ציפּע. צוזייעט זיך, צושפּרייעט זיך אין דיא וויסטע פעלדער, אין דיא פוסטע וועלדער. דאָרט שטעהט א שטיין, אויף דעם שטיין נאָך א שטיין, דארט שטעהט א בארג, אויף דעם בארג נאָך א בארג, אויבען זיצט שמינדריג בן נעץ און פּאסעט ווילדע קעטין. האַפּט וואו ערגיץ נאר א קאָטער, האַפּט וואו ערגיץ נאר א פּיפּערנאַטער. האַפּט פון זער וועלט אַלע פליגען, טאראקאַנעס, נריקען, פליי, וואנצען, און נעהט מיט זיי טאַנצען. טאַנצט אין דיא פוסטע וועלדער, אין דיא וויסטע פעלדער, טאַנצט, שפּרינגט, קוועלט, און לאזט צורוה דיא וועלט״...

— וואס טהוט זיך דאָ אַזוינס? האָב איך שטאַרק פאַרוואונדערט געפרעגט דיא מאַמע, וואס איז אַזעלכס געשעהען?

— זאָל שוין מעהר זיך נישט אומקעהרען דאס, וואס איז געשעהען! האט דיא מאַמע געענטפערט און אויסגעשפּיגען: דאס איז געשעהען מיט עטליכע טעג פריהער. דוא האסט אונז גוט דיא נשמה ארויסגענומען מיט דיינע שרעקליכע רייד, נישט היינט געדאכט, נישט ביי אונז אין שטוב געדאכט!

„האַפּט דיא אַלע נפשות וואס בייסען, פּיאַווקעס, וואנצען, שצערעס, פּרייסען, לאזען זיי אַלע פאר ישראליק בן־ציפּע געהען אין קאָהן, פאַרשלעפּט זיי אין דער מדבר, צורייבט זיי וויא מאָהן!״ האט דער מאַנספּאַרשוין א געשריי געטאָן און

אַנגעהויבען צובלאָזען, גלייך וויא ער האָט דערמיט עמיצין פאַרטריבען. דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו דער מאַמען און געזאָגט:

— ציפּע! איך פאַרע מיך שוין מיט דיא לצים אפשר א יאָהר דרייסיג — יאָ, אַזוי ציפּע, איז טאַקי דער חשבון באַלד נאָך דער ערשטער בהלה, נישט היינט געדאַכט, בין איך געוואָרען א בעל־שם, א פאַר יאָהר פאַר דער גרויסער שרפה, פונקט אין דער צייט, וואָס רב טוביה־קלמן רב גדליה־איטעס האָט געפונען אין דער שטאָדט איין אוצר, פריהער מיט א יאָהר לערך, אז מען האָט אויסגערייניגט דעם טייך און דיא מקוה — יאָ, ציפּע, עס וועט שוין טאַקי זיין א יאָהר דרייסיג, אויב נישט מעהר. אין דער צייט האָב איך מיט זיי גענוג זיך געפּאַרעט. דיא לייט האָבען פון מיר היינט געהאַפּט דעם פּסק, נישקשה! דאָס איז געווען זייער אַרבייט, זייער מלאכה.

האַ־הוך! האָט דיא אַלטע גויע אויף א קול א געניץ געטאָן, עפּיס געשפּראָ־כען, אויסגעשפּיגען און ווייטער מיט א געניץ טאַקי אויסגעלאָזען: טראַסצאַ איח מאַטערי!

איך האָב דאָס אין גאַנצען נישט פאַרשטאַנען און זיך שטאַרק געוואונדערט, וואָס טהוט־זיך דאָ מיט מיר אַזוינס? איך האָב געבעטען דיא מאַמען, זיא זאָל מיר דערצעהלען אַלסדינג פונם אָנהויב ביז דעם סוף, לאָמיר וויסען אויף וועלכע וועלט איך בין. דיא מאַמע האָט געווישט דיא אויגען און אָנגעהויבען צו דערצעהלען מיט דיא דאַזיגע ווערטער:

— אז דוא ביסט פאַראַכטאָגען, געדיינקסט־דוא, אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירען אויף דעם פעלד און נישט צוריק געקומען ביז שפּעט אין דער נאַכט, זענין מיר אַלע געגאַנגען אונטער דער שטאָדט און זיך צולאָזט אין אַלע זייטען, דיך אויפצוזוכען דאָרט. מיר האָבען אַזוי לאַנג געזוכט, געזוכט, ביז מען האָט דיך געפונען שלאָפענדיג אונטער א בוים, ערגיץ לעבין א קאַנאַל. קומענדיג א היים האָט מען שוין אַרויסגעזעהן איז דיר, אז דוא ביסט עפּיס צוטראָגען. עס האָט פון דיר זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף און ביסט געווען שטאַרק צוקאָכט. אויף מאָרגען האָסט־דו אין מויל נישט גענומען קיין עסען, אַליין געווען צורודערט, פאַרטראַכט און גערעדט צו זיך אַליין עפּיס אַזעלכע ווערטער, וואָס איינס צום אַנדערען האָט זיך נישט געקלעבט. מיר אַלע אין שטוב האָבען עס נישט געקענט פאַרשטעהן, וואָס זאָל עס אַזוינס בעטייטען? דערנאָך אָבער, נישט היינט געדאַכט, נישט פאַר קיין יודען געדאַכט, האָט עס זיך אַרויסגעוויזען. אַרויסגעהענדיג אויף דעם הויף איז דיר אַקעגען געקומען אונזער הויכער גאַלגאַנסקער האָהן, וואָס האָט ערשט־נאַר זיך געקריגט, געשלאָגען מיט נאָך א האָהן. — וואָשע בלאָגאָראָדיע!

זאגסט דוא צו איהם און נעהמסט אראָפּ דאָס היטעל, איהר זענט א גוואַרדייעץ, טראָגט שפּאָרען און שיינע פעדערען, דיא וועלט האַלט אייך פאר א געבילדעטען, פאַר זעהר אַ פאַרשטענדיגען; נאר, זייט מיר מוחל, וואס איך וועל אייך זאָגען, אייער אויפפיהרונג איז חלעבען עפּים נישט אַזוי שיין. זינט איהר וואוינט בייא אונז הערט מען נישט מעהר וויא איהר שרייעט, פּילדערט און שלאָגט זיך דאָס־מיט דעם, דאָס מיט יענעם, אַלץ פאַר ווייבער, פאַר נאַרעשע זאַכען, קאָרג ליבעס פיהרט איהר אַלע טאָג, ווילט איהר נאָך בייא דעם אנדערען זיין איינציגע אויף צונעהמען, וואָס א שטיינער האט איהר געהאט ערשט צו יענעם שלימזלניק? פאר וואס זענט איהר נעגאַנגען מיט איהם אויף א דועל און איהם פארוואונדעט? אָט אויף־דארויף האט איהר שפּאָרען, איינער דעם אנדערען איין אויג זיך ארויסצונעהמען? און דאס הייסט נאָך בייא אייך כבוד, האָנאָר! בייא דעם געמיינעם עולם הייסט עס פּשוט רציחה. א רחמנות, חלעבין, אויף אייער ווייב. זיא נעביך פּלאָגט זיך, פיהרט זיך דארט ארום מיט אייערע קינדער. איהר ווילט צו זייא אפילו קיין שמעק נישט טאָן, לויפט גאנצע טעג נאָך אנדערע און האט אין זינען נארעשקייטען. הערר גאַנז, הערר אינדיג געפעלען מיר, חלעבין, בעסער. דיא וועלט האלט זיי פאר נאראָנים, פאר פּראסטאַקעס, זייא פיהרען זיך אבער אויף גאַנץ ארענטליך. זענען געטרייע טאַטעס און מפרנס ווייב און קינדער, וויא גאָט האָט געבאָטען. אין פארגלייך מיט זיי, טוינט איהר, חלעבין, וואשע בלאַנאָראדיע, טאקי אויף כפרות!

— אוועקגעהענדיג פון דעם האָהן דערזעהסט־דוא אונזער קוה מיט דעם קעלביל לעבען צעבער פּאַלאָווע. דוא האסט מיט זייא זיך געוויטעט זעהר שיין. א, מאַדאַם קיה! זאגסט דוא, וויא געהט עס? וואס מאַכט אייער ווערטהער געמאַהל, הערר ביק? אייער אנצוג, מאַדאַם, געפעהלט מיר זעהר, ער איז אי שטארק אי שיין. דער עק, וואס שלעפּט זיך אייך הינטען נאָך, איז היינט דיא נייעסטע, דיא לעצטע מאָדע, ער פּאַסט זעהר דיא דאמען... גאַנץ שיין חלעבין, אייער מאַן האט פון אייך בעקומען הערנער! אָ, זעהר א שיינע מתנה, חלעבין. עס כוח איהם שטארק הנאה טאָן.... למאי איז ער תמיד אזוי בעשעפטיגט? מען מוז מיט א ווייב א מאָל א־רויס־געהן שפּאַצירין און אין איינעם מאַכען וויזיטין, וואס דען זאל א דאמע טאָן?... איהר האַלט א פּנים מיט יענע, מאַדאַם קיה, אז נקבות זענען נישט בעשאַפען געוואָרען צו ערנסטע ארבייט וויא דיא מענער. וואס פאר א פּנים האט עס א שטייגער, אז א שיקסע טרייבט אָן? יאָ, האט איהר שוין בעקאַנטשאַפט געמאַכט מיט אונזער חאָלענדערקע? אך, זעהר א שיינע, א דיקע דאמע! אויסלאַנד איז טאקי נאָר עפּים אנדערש! הערר ביק איז, דאַכט זיך, מיט איהר א נאָהנטער שמעקע! —

נעניסען זיא אביסעל קאנפעטור, האסט־דוא איהר נעוויזען אויף דעם צעבער, נעני־סען זיא מאדאם און נים אויך אייער פריילין! שעהמט זיך נישט, פריילין קעלביל. זעהר גלייך, מאדאם קיה, וואס איהר האלט אייער פריילין תמיד לעבען אייך. וואס קומט ארויס פון דיא דאַזיגע, וואס מען נים אפּ ערגיץ אויף דער האַדיוולע? א גע־נארטע זאך, חלעבין! רעדט מען שוין בעסער אייער פריילין שידוכים! שעהמט זיך נישט פריילין, נישקשה, דאס איז א בעקאנטע זאך. קעלבעלי איז א גוטע, א כשרה וויא דיא מאמע. איך זאג: אייך חלילה נישט קיין קאמפלימענט, טאקי נאר דעם ריינעם אמת...

גראד דענסטמאָל, בעדארף זיך מאכען, קומט צו אונז מיט א וויזיט הער צעמ־בעל מיט דער פרויא און מיט דיא טעכטער. חאפּסט דוא, נישט היינט געדאכט, דעם צעבער, טראגסט איהם געשווינד אין זאל אריין, שטעלסט איהם אנידער פאר דיא געסט און מאכסט צו זייא אויף קיהע'ס צוועסען פאלאווע. שוין צייט חלעבין, זאגסט דוא, דיא קיה אויסצומעלקען און זיי צו פארטרייבען. ביז וואנען איז דער שיעור אזוי זיך ארומצושלעפען? בייא אונז אין דעם בעל־הבתישקייט נעהמט עס עפּיס צו נאר אהן א טאָלק!... דוא קענסט דאך דיר משער זיין, וויא מיר זענין געבליבען אלע נעפלעווט און וויא אימליכען איז געווען אויף דעם הארצען. איך האָב דיר גע־שווינד ארויסגעפּטערט און אליין בין איך, פון יוצא ווענען, געבליבען זיטצען לעבין דיא געסט, וויא אויף שפּילקעס. פּלוצלים הער איך א געשרייא, איך לויף ארויס און זעה — איז מיר פינסטער געווארען אין דיא אויגען! אין שטוב שטעהט רב איציק וואלף, אונזער פיינע בריה, א קאטאוועס א גבאי, וואס אלסדינג אין דער שטאדט איז אין זיינע הענד און מען גלויבט איהם אויף נאמנות! דוא שטעהסט א קעגען איהם און שרייעסט, נישט היינט געדאכט, מיט אזעלכע ווערטער: מישטעהנעס גע־זאגט וויא אונזער קהל פיהרט אין גאנצען! אבי מען בעקומט שוין 'דעם באק, דעם קהלשען צאפּ, לאזט מען איהם אפּ און קיינער קוקט זיך אויף איהם מעהר נישט ארום. וואס טהוט אבער אזא צאפּ? ער נעהמט מייסטענס אין קלויז, דארט איז זיין מקום מנוחה, ער לעקט, זיים מיר מוחל, דיא ווענט, באַברעט זיך אין שמות, שפּרינגט אויך אין גערטנער מיט דער גאנצער חברה ציגען, חאפּט זיך שטילערהייט אריין צו אימליכען אין שטוב; קוים קעהרט מען אוועק דיא אויגען, שטעקט ער אריין דיא מאָרדע אין א מולטער, אין א קעסטעל, אדער אין א פושקע און מאכט אָן שאדען. נעהם־זשע קהל און דיין צאפּ פאר דעם בערדיל און מאך אזוי, אז ער זאל מעהר נישט שפּרינגען אין דיא גערטנער, מעהר נישט חאפּען פון מולטער, ניין! דאָס טהוט נישט קיינ'ער, אימליכער האט מורא צו איהם אפילו זיך צוצוריהרען. מאכט זיך א

מאָל שטעהען איין ערדה יודען און שמיעסין פון תּוך־זאכען, דערזעהען זייא פון דער־ווייטענס אַט דעם קהלשען צאפּ, הויבט דיא הויט אויף זיי אן צו ציטערען און צו־לויפען זיך אין אלע זייטען. אנדערע ווייסען נישט פון אַזעלכע צאפּעס וואָס צוואַגען, זיי קען זיך דאכטען, דאָס איז נאר א פּזמון, בייא אונז יודען אבער, איז א קהלשער־צאפּ א גאַנץ געוועהנטליכע זאך.

—ציפּע! מאכט דער בעל־שם, נישט ער חלעבען, נישט ער האָט עס נערערט. דאס זענין זייערע ווערטער, דאס וואקסט פון זייא. פון דיא לצים וואקסט עס.

—פראוודא, האט זיך ארייננעמישט דיא אַלטע נויע, וואס האט פארשטאנען, אביסיל יודיש, עטאָ איחניע דילע, טראסצא איח מאטערי!

אלע האבען דרייא מאל אויסגעשפּיגען, דיא מאמע האָט געווישט דיא אויגען און ווייטער דערצעהלט:

—דוא האָסט יענעם טאָג, נישט היינט געדאכט, אָנגעטאָן מעשים. איך קען נאָר אַזוי פיל נישט ארויסזאָגען, וואס דוא האסט דענסטמאָל איבערגערעדט. א סך שיינע, כשרע מענשען האסט־דוא געמאכט צו בהמות, צו חיות רעות. קיינער האט פון דיר זיך נישט גענארט. עפּיס איז דיר נישט אראָפּ פון דעם צונג א שקאפּע, אלץ גערערט: מען צופּט זיא, דיא שקאפּע; מען רייסט זיא, דיא שקאפּע. דיינע רייד, רבונו של עולם, לאזען נאר אוועקנעהען מיט דעם רויך, מיט דעם ווינט, אויף וויסטע פעלדער, אויף פּוסטע וועלדער! אין שטאדט האט דערווייל נעקלונגען, אז דיר האט זיך איבערגעקעהרט דער מוח, דוא ביסט משוגע, וועה איז מיר. איך האָב באַלד געשיקט נאך דער זנאחערקע און, להבדיל, נאך דעם בעל־שם. מיר האבען דיך ארייננעלייגט אין בעט, דיר געטאָן אלע מיטעל, ביז נאָט האָט געהאָלפען דוא ביסט אנ־שלאפען געווארען, און היינט, געלויבט און געדאנקט גאָט, האסט דוא זיך אויפגע־חאפּט געזונט.

אין מיטען דרינען איז ארייננעקומען בריינדיל דיא זאנערין, וואס דיא מאמע האט זיא געשיקט אויף דעם הייליגען ארט רייסען קברים און מעסטען פעלד. זיא האט ארייננעהענדיג דרייא מאל געקושט דיא מזוזה און צוגעלאפען צו דער מאמען פארווינט פארחליפּעט מיט אזעלכע ווערטער:

—איך האָב געבעטען דיא באָבע יענטען, דיא מוהמע זעלדען, זאָלען א ליכטיגען גן־עדן האבען, זייא זענין געווען כשרע יודענעס, דעם טאטען, דעם זיידען ר׳ב שעפּסלין און דיא גאַנצע משפחה. איך האָב אויך געבעטען דיא אלטע רביצין, דיא צדקניות, איהר זכות זאל אונז בייזשטעהן, זיי זאָלען זיך מיהען, דער וואס לעבט אייביג וועט דערהערען זייער תּפלה, ער איז דאך א טאטע, רחום, צדיק. ישראָליק וועט איה״ש

זיין נעזונט.—מען האָט איהם בעדארפט פריווען אויסקויקלען נאָך א מאל מיט אייער און אויסניסען פון וואקס. דאס איז איהם נעקומען פון א דערשרעקעניש, פאר א יאָה־רען האט עס זיך געמאכט אזוי דאס איינענע טאקי מיט דעם בראדער מלמד'ס זוהן. קרוינע האָט איהם באַלד גוט אויסגעקויקעלט מיט אייער און וויא מיט דער האַנד צוגענומען. וואָס מאַכט ער איצט, ציפּע ?

—נישקשה ! זאגט דער בעל־שם, איך האָב זיי פאַרטריבען. דאָס איז געוועזן זייער ארבייט, בריינדיל, זייער מלאָכה. איהר מעגט פרעגען דיא ערלטע, זיא איז מבין כל דבור. מיר האָבען שוין עפּיס אויף איבערגעהאט עסקים אין אונזער לעבען.

—פּראוודא, בריינדליא, האָט דיא אלטע נויע נעזאגט און צוגעשאקעלט מיט דעם קאפּ, שטשאָ פּראוודא טאָ פּראוודא, עטא איחניע דילע. טראַסצאַ איח מאטערין!

— איך וויים אָסור נישט, האָט דיא מאַמע צו מיר זיך אָנגערופען, פין וואַנען קומט צו דיר אַזעלכע זאַכען, אַזעלכע ווילדע געדאַנקען און אַזעלכע פּוסטע רייד ? נישט אַנדערש טאַקי, קלעהר איך, אז דאָס קומט פון דיינע ביכליך, וואס דוא האסט זיך פאַרטיפט אין זיי. נישט איינמאל האב איך דיר געזאָגט: ישראליק, א שיינע ריינע כפּרה דער גאַנצער עקזאַמענט און פארשלאג דיר נישט דעם קאפּ מיט אַזעל־כע נארעשע ביכליך, מיט אַזעלכע משוגענע מעשיות ! א קאטאוועס א לאַנגע צייט כסדר האסט־דו הויך אויף א קול איינגעחאזערט מעשיות, עפּים פון א סאלאוויי א ראזבאָיניק, פון א בעריהמטען ריצער, וואס פלעגט אויסטרינקען א ירדן בראנפין און אויסרייסען גרויסע דעמבענע ביימער אזוי גרינג וויא א האָר ; מעשיות פון א מכשף קאַשציי און עפּים פון א באבע יאַגאַ וואָס האָבען נעקעהרט דיא וועלט און וואָס זייערע פערד האבען גערעדט וויא מענשען; מעשיות פון א שטיפמאמע, וואָס האָט איהר שטיפזוהן פאַרשטעלט אין א צאַפּ און נאָך אַזעלכע מעשיות, וואָס נישט געשטויי־נען, נישט געפלויגען. וואָס דען ? גוטס קען ארויסקומען פון אַזעלכע פּוסטע זאַכען!

— סטיימש, מאַמע לעב ! האב איך נעזאגט, אין אונזרע ספרים שטעהען דען נישט אַזעלכע מעשיות ? וויינינ האסט־דוא מיר אליין דערצעהלט און וויינינ האב איך מיך פון אנדערע אנגעהערט דערצעהלענדיג אויף אַזעלכע מעשיות און נאָך מעישיות פון וואָוקאָלאקעס און פון גלגולים ? וויפיל נעבראַטענע היהנער האבען יודען ביי אונז שוין געהערט קרעהען פאר זיך אויף דעם פּאלימישיק ? — וויפיל קעלבליך, וויפיל קיה, וויפיל אָקסען, ביקעס, פערד און אייזלען האבען פון דער העלער הויט זיך צו ווינט און געבעטען תיקון; וויפיל אַזעלכע האבען שוין די בעלי שמות מתקן נעווע, און זיי נבראכט צו קבר ישראל ? — מי מנה עפר יעקב !

— וואס איז דאס פאר א ווערטער ? האָט דיא מאַמע מיט שרעק זיך אָנגע־רופען און געמיינט, איך רעד ווידער פון דעם ווענ. הא, וואָס הייסט עס אַזוינס „מנה“ ?

— נישקשה, ציפּע ! האָט ברײנדיל זיך אונטערגעכאפּט מיט א שמייכעלע פאר תענוג, וואָס זיא קען צייגן ארויסווייזען, אַז זיא איז א וואוילקענעוודיגע. דאס טייטש: מנה, ווער סען איבערצעהלען עפר, דיא ערד, דאס הייסט, דיא קברים, יעקב, וואָס מען האט אנגעמאכט ביי יעקב, דאס מיינט מען דיא יורען, וואס הייסען יעקב.

— וואס ער זאגט מכח גלגולים, האט דער בעל־שם זיך ארייגגעמישט אין שמיעס, שווער איך ביי באָרד און פאות, אַז מיר אליין האט זיך שיין געטראפען אין מיין לעבען א סך גלגולים ארויסצוטרייבען. איך האב זיי אליין געהערט שרייענדיג, איך זאל אזוי הערען שופר של משיח !

— סטייטש גלגול, סטייטש גלגול! האט ברײנדיל געזאגט מיט א פארפרומט פענימעל. דאס שטעהט געשריבען אין ספרים. דאס איז זעהר געוועהנטליך. וואס בעדארפט איהר מעהר פון דעם קאבצאנסקען גלגול ? דיא גאנצע וועלט האט מיט איהם געקלונגען. שא, ברוך מזכיר נשכחות ! ביי אונז האט דען זיך נישט געטראפען א מעשה מיט א שווארצען קאטער ? דאס איז געווען א דריי יאהר נאך מיין חתונה מיט דעם צווייטען מאן עליו השלום, פונקט אין דער צייט, ווען איך בין פארנאנגען אין טראגען מיט מיין חאצקעלען, זאל געזונט זיין. איך געדיינק אפילו, מען האט דענסטמאל געלאזט אויסרופען אין דיא אלע שולען, אַז מעוברת׳ע זאלען נישט געהן קוקען....

— דוא הערסט מאַמע לעב ? האב איך צו איהר זיך אנגערופען, דוא הערסט וואס דער בעל־שם און ברײנדיל זאגען ?

— עט, חלעבין, ישראליק ! ענטפערט זיא עפּיס אחן לשון. אונזערע להבדיל זעניו עפּיס אנדערש. עט, וואוהין דוא פארקריכסט! עט, עט. וויא קען מען אזעלכס פארגלייכען ? דאס איז אין דער טומאה און דאס איז אין דער קדושה להבדיל.

— אמת, וויא איך טראג באָרד און פאות ! האט דער בעל־שם צוגעבאבע־וועט דער מאַמען. א גוטער תירוץ חלעבין. ציפּע ! אזוי איז טאקי דער אמת, בנאמנות !

— נוא א שטשאָ וויא קאזשעטע ? האב איך גלאט א זאָג געטאָן צו דער אלטער גויע, אַז איך האב ארויסגעזעהן, דא וועט שוין קיין טענות נישט העלפען און מען וועט נאָך נאר זאָגען, איך בין משוגע.

— ווין מאַיע פּראוואָ, האָט זיא געענטפערט און געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ. עטאָ איתניע דיקע, טראָסצאַ איח מאַטערי!

5.

## ער האָט זיא ווידער דערטאַפּט.

עס איז אוועקגעגאַנגען אַ היבשע צייט און דיא אַלע זאַכען, וואָס האָבען מיט מיר זיך געטראָפען האָבען ביסליכווייס אַנגעהויבען צו פאַרגעסען ווערען. יענע מיני פאַרשווינען, וואָס דאָס גאַנצע געשעפט זייערס איז אַלץ אַנדערע אויף דעם קאָפּ צוטראָגען און זיך אָפּצוגעבען מיט פרעמדע עסקים — זיי האָט גאָט שוין צוגעשיקט פון וואַס עפּיס אַנדערש צו ריידען און האָבען אָנשטאָט מיר טויזענד אַנדערע מענשען געהאַט אין דעם מויל. אונזער שטאָדט, אַהן עין־הרע, איז גרויס, אַלע טאָג שפּרינגט אַרויס עפּיס נייעס, ס'איז דאָ ברוך־השם פון וועמען צו ריידען, מיט וואָס זיך צובעשעפטיגען. אַבי געזונט, מיט פרעמדע געשעפטען האָט מען שוין נישט צו זאָרגען. עס וואָלט געווען נעגוג, דאַכט זיך מיר, פאַר אַ גאַנצער וועלט ליידינגעהער!....

איך האָב דערוויילע טאַקי געטאָן מיין זאַך, מיך ווייטער גענומען געשמאַק צום לעהרנען. האָב געאַרבייט, געקלעפּעט, געלעהרענט ביז עס איז שוין געקומען דיא צייט אָפּצוגעבען עקזאַמען.

אין איין שיינעם פרימאָרגען, וועסנע־צייט, איז פאָרפאַהרען צו אונזער הויז אַ בויד, וואָס אין איהר האָב איך בעדאַרפט פאַהרען קיין דניעפּראָווין, אָפּצואַרבייטען דאָרט מיין עקזאַמען. דיא מאַמע איז געווען זעהר אומעטיג, דיא אויגען האָבען איהר נישט געטריקענט פון טרעהרען, אַלץ געוויינט און אויף מיר געקוקט און ווייטער געוויינט.

— וויין נישט מאַמע! האָב איך זיא געבעטען און אַליין טאַקי זיך אויך צו־וויינט. עס איז מיר עפּיס שרעקליך שווער געווען אויף דעם האַרצען. וויין חלעבין נישט, מאַמעניו! איך פאָהר דאָך נישט אַוועק גאָט ווייסט וואוהין און אויף וויאַס. איך מוז שוין דאָך איבערקומען דעם טאַנץ, האָב אַזוי פיל געאַרבייט, אַזוי פיל גע־האָרעוועט, גאָט וועט העלפען, איך וועל דערגרייכען מיין וואונטש, איך וועל קענען פאַרדינען מיין ברויט בכבוד און זיין לייטען גלייך, דענסטמאָל, מאַמעניו, וועסט־דוא פון מיר נחת האָבען. וויין חלעבין נישט, וויין נישט, מאַמעניו!

— אָך, ישראליק! האָט זיא געענטפערט, עס איז דיר גרינג: אַזוי צוזאָגען. אַ מאַמעס האַרץ אַז עס וויינט, קען מען עס אַזוי גרינג נישט איינגעהמען וויא אַ קינד. עס וויינט נישט אומזיסט. עפּיס שפּירט עס, עפּיס שמעקט עס אַזעלכס אָן, וואָס

קיינער קען עס מיט דעם שכל נישט פארשטעהן. איך בעט דיך, ישראליק, טאָמיר וואָלט פאָרט אַ סברה געווען דוא זאָלסט נישט פאהרען! צו וואָס זאָלסט־דוא זיך אין דיא יאָהרען אַזוי נעביך פּלאָגען? ווער ווייסט, אויב נאָך אַלע מיה וועט דיר שוין גוט זיין? אויב דיין פּלאָגען־זיך וועט דיר עפּיס העלפען? וויפיל געבילדעטע מענשען געהען, ביי אונז יודען, אָהן שטיוועל נעביך! וויפיל געלעהרענטע מענשען ווערען פארפאלען און קומען אָפּ זייער גאנץ לעבען! ישראליק, איך בעט דיך, בלייב אין דער היים! מען רעדט דיר אצינד אַ גוטען שידוך. דערפרעה אַ מאַמע חלבין און האָב חתונה.

דער בעל־עגלה, איז אריינגעקומען אין שטוב, פארנומען אַלע מיינע זאַכען און האָט דערמיט איין עק געמאַכט פון מיין שמיעס מיט דער מאַמען. מיר האָבען ביי־דע וויינענדיג זיך געקושט און געזעגענט. איך האָב מיך אריינגעשטופּט אינווענדיג אין דער בויד און אוועקגעפאָהרען.

לאַכט אייך, איהר היינטיגע אויפגעקלעהרטע, לאַכט אייך פון וואָס איהר ווילט, נאָר לאַכט נישט, איך בעט אייך, דערפון, אַז אַ מאַמעס הארץ וויינט נישט אומזיסט! כל־זמן איהר שווייגט און קענט מיר נישט ענטפערען, וואָס איז אַזוינס לעבען, וויא אַזוי עס ווערען ביי אונז אינווענדיג אין דיא געהירען צוגעברייט און געמאַכט אַלע אונזערע געדאַנקען און געפיהלען, וויא אַזוי עס שפּינט זיך, עס וועבט זיך אין אונז אויס וואונדערליכע חלומות פון אַזאַ שטאָף, פון אַזאַ פאָדים, וואָס לעת־עתה איז ער נאָך אפילו אויף דער וועלט נישטאָ און וועט ערשט אויסוואַקסען שפּעטער? — כל־זמן איהר שווייגט און הייבט עס נישט אָן צו פארשטעהען, וועל איך אייך, נישקשה, נישט לאָזען לאַכען דערפון, אַז אַ מענשענס הארץ פיהלט און טרעפט! איהר טאָהרט נישט, איהר האָט נישט דאָס רעכט צו לאַכען אויב איך זאָג, אַז מיין מאַמעס הארץ האָט געוויינט נישט אומזיסט! — דער עקזאַמען איז מיר נישט געראָטען!

עס שאַדט אָבער נישט צו וויסען וויא אַזוי און וואָס מיר האָט נישט געראָטען. דעם טאָג, וואָס איך האָב מיך בעדאַרפט עקזאַמענירען, בין איך דוקא געווען בעהאַרצט און האָב נאָך, פון קוראַזש וועגען, אויך אויסגעטרונקען אַ גלעזיל בראַנפּין, הגם איך טרינק קיינמאָל נישט. נישקשה, האָב איך געטראַכט, גאָט וועט העלפען! וואָס האָב איך מיך אַזוי צושרעקען? איך האָב דאָך צו טהאָן מיט געלעהרענטע, איידעלע מענשען, מסתמא וועלען זיי זיך בעגעהען מיט מיר דעליקאַט, פיין, אַזוי וויא געלעהרענטע בעדאַרפען צו טאָן, און דערמיט וועלען זיי מיר אונטערגעבען שטאַרקייט. נאָר, אוי וועה! קומענדיג צום עקזאַמען האָב איך באַלד אַראָפּגעלאָזט דיא נאָז. דיא לעהרער זענען געזעסען אָנגעטאָן אין מונדירען מיט מעשענע קנעפּ און געקוקט

אויף מיר אַזוי שטרענג, אַזוי בייז, גלייך ווי איך האָב געגנבעט אָדער געקוילעט אַ מענשען, זיי האָבען געקוקט אַזוי ווי אין יענע צייטען אַ סטאַנאָוואָי, וואָס דאָס ערשטע ברוך־הבּאָ איז ביי איהם געווען: „איסקודעוואַ ? יאַ טעבי !.... פּאַספּאָרט מאַיעש ?״.... צו וואָס, דאַכט זיך, זאָלען לעהרער, וואָס זייער עסק איז צו מאַכען פון אונז, פון אונזערע קינדער מענשען מיט שכל און מיט געפיהל, וואָס זייער עסק פאָדערט, זיי זאָלען זיין גוט, פראָסט און צו איטליכען צוגעלאָזט, בכדי עס זאָלען פאַר זיי זיך עפנען דיא הערצער, אין וועלכען זיי בעדאַרפען זעען און פלאַנצען מדות טובות — צו וואָס, דאַכט זיך, זאָלען זיי טראָגען מעשענע קנעפּ און קוקען שטרענג וויא קוואַרטאַלנעס ? וואָס איהר ווילט זאָגט אייך, עפּיס קען מען זיך נישט פיר־שטעלען סאָקראַטוס, פּלאַטאָן, אַריסטאָטעלעס וכדומה אין אַזעלכע קנעפּליך מיט אַזעלכע זויערע מינעס און פינצטערע צורות .... עס פאַרשטעהט זיך, אַז פון זייער ברוך־הבא, האָב איך באַלד פאַרלאָהרען דעם קוראַזש און האָב שוין נישט געוואוסט וואָס מיט מיר טהוט זיך. אויב דאָס טאַקי מיינט דער פסוק, האָבען דיא לעהרער דערלאַנגט זייער וואונש וואָס דערלאַנגען הייסט. מיין קאָפּ איז שוין געווען פאַר־שלאָגען.... באַלד דאַרויף האָט זיך געווענדעט צו מיר עפּיס אַ לעהרער מיט אַזאַ מינע, וויא איינער רעדט: אויף מיר אַ מענש! איך בין עס דער גרויסער קאָפּ, דער אָפּענער מוח. איך פרעג! פאַרשטעהסט־דוא ? איך פרעג. דרך־ארץ, אַזאַזשס! מיט אַזאַ מינע האָט ער צו מיר זיך געווענדעט און מיך מכבד געווען מיט אַ פסוק פון דאַנען, פון דאַרטען, ביז מען איז אַרויף אויף אַ מעשה, אַקוראַט אויף דער באָבע יאַנאַ ! איך האָב מיך פאַרדרעהט, פאַרפּלאָנטערט, פאַרקראָכען קיין בויבעריק. דיא לעהרער האָבען מיר אָנגעטאָן כבוד, מיר געשענקט אַ געלעכטעריל, שוין מיט אַ פרעהליכער מינע און דערמיט איז געוואָרען איין עק פון מיין עקזאַמען, איין עק פון מיין גאַנצער מיה, איין עק אַ סוף פון אַלע מיינע האָפנונגען !

פאַר צרות האָב איך נישט געקענט איינזיצען אויף דער סטאַנציע און האָב מיך אַרום געבלאָנקעט אין דער שטאָדט, אויסגעמאָסטען אַלע גאַסען און דיא הויכע שיינע בערג. איך פלעג קומען אויף דער קוואַרטיר נאָר וואָס ס׳איז אָפּצועסען און שלאָפען. עס רעדט זיך נאָר אַזוי שלאָפען! דער שלאָף האָט פון מיר זיך אין גאַנצען אָפּגעטאָן און איך פלעג צובריינגען שרעקליכע נעכט, וואַרפענדיג זיך אויף מיין געלע־גער פון איין זייט אויף דער אַנדערער. קוים האָב איך צוגעמאַכט איין אויג זעגין פאַר מיר, וויא פון דער ערד אויסגעוואַקסען עפּיס ווילדע געשטאַלטען, געקוקט אויף מיר בייז מיט זויערע מינעס — און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שפּיל, דיא גוטע שפּיל. ס׳איז געגאַנגען אַ קאָמעדיע, אין וועלכער איך פלעג זיין דאָס כפרה־היהנדעל,

קוקען וויא אַ האָהן אין „בני-אדם“ וואס פאר מיר, נישט צו-וויסען פון „בני-אדם“ דיא טייטש, וואס „בני-אדם“ הייסט אזוינס — און פיהלען, עפּיס דרעה איך מיך, דרעה מיך אין דער קופּטען, געבונדען אויף אלע פיער, וויא מען שלאגט מיט מיר כפּרות. איינמאָל האב איך, בשעת אזא שפּיל, אַ קרעה געטאָן, עפּיס נישט מיט כיין קול און האָב פון מיין קרעה זיך אליין טאקי דערשראָקען, אזוי אז איך בין נישט טויט נישט לעבעדיג אראפּגעשפּרונגען האסטיג פון מיין נעלענער און ארויסגעלאָפען צוקאכט אין דרויסען. עס האט מיר זיך געדאכט, מען לויפט מיר נאָך אין איין קול: וואו איז ער ערגיץ?.... חאַפּט איהם!... לויפענדיג אזוי הענדום-פּענדום, אין איין אָטהעם, שלאָג איך מיך אָן פּלוצלים אין עמיצען עפּיס און דערפיהל, וויא אַ קאלטע האנד האלט מיך אייזען פעסט. אקענען מיר, גיב איך אַ בליק, שטעהט איין אלטע באבע, אַ דארע, אָהן אַ קוים פלייש, נאר הויט און ביין. אויף דעם ארט פון דיא אויגען זענען צוויא טיפע לעכער, בעברעהמט מיט אַ שמוטציג-געקנייטשטע הויט וויא יערכע, פון אַ מיתה-משונה קאָליר, דאָס מויל אָפען ביז צו דיא אויערען, אהן איין צאהן, ליידיג, וויסט, נאר וואס דאס ציננעל אינוועדיג ווארפט זיך, קרימט זיך צאפּלענדיג וויא אַ וואָרעם אין זיין גריבעל. אויפן ארם הייננט איהר אַ קויש מיט גרויסע לעבעדיגע ראקעס, וואס קריכען אומגעלומפּערט איינע דיא אנדערע אויף דיא קעפּ, מאכענדיג מיט דיא הערנער, וויא דיא צוואנגען. זיא קוקט מיך אָן שווייגענדיג, דאס מויל ציהט זיך איהר אויס נאָך ברייטער. דאכט זיך עס לאכט. מישטעהנעם געזאָגט אַ לאכען. פון וועלכען עס ליינט זיך אויף דער נשמה אַ פינסטערער סאָטען מרה-שחורה און עס ווערט פארקיהלט אינוועניג אין בויך... עס קומט מיר אויפן געדאנק דיא באבע יאגא, דאס אומגליק מיינס שוין עטליכע יאהר, וואס שטעהט מיר אין וועג און לאזט מיך נישט אויפקומען. אַ קאלטער שווייס טרעט מיר אויפן לייב ארויס און עס ווערט מיר איבעל נאָר צום חלשען. איך טהו מיר אָן אַ כח, גיב מיך אַ ריס פונם ארט און לאז מיך לויפען וויא אַ דולער.

שפּאצירענדיג אויף דער גאס דערזעה איך פון דערווייטענס וויא פּאָליציייסקע שלעפען עפּיס אַ פערדיל און שלאָגען עס טויט שלעג וואו נאָר זיי טרעפען. לויט מיין שולדינקייט, וויא איינער פון דער חברה „צער בעלי החיים“ בעדארף טאָן, האָב איך מיך באלד געלאָזט געהען צו דיא סאָלדאטען, בעטען רחמים פאר דעם פערדיל גע-ביך. אז איך בין צוגעקומען נעהענטער און אַ קוק געטאָן האָט מיך בעשלאָגען אַ קאלטער שווייס, עס איז אין מיר געשטאָרבען געוואָרען איטליכס אבר. איך האָב זיא דערקענט. דאָס איז זיא, זיא מיט דיא ביינער — מיין אלטע, מיין דארע, מיין פּידנע שקאפּע!

—פאר וואס, האָב איך דיא פּאָליצייסקע געפרעגט, פאר וואס שלאגט איהר אזוי דיא אומגליקליכע קליאטשע נעביך?

—פאר וואָס מיר שלאָגען דיא פארשיווע קליאטשע? האָבען געענטפערט דיא פּאָליצייסקע, אָנקוקענדיג מיך פון קאָפּ ביז דיא פיס. מיר פיהרען זיא אין פאליציע.

—פאר וואָס קומט נאָך שלאָגען?

—אָהן א קלאפּ האָט דאָס פיהרען עפּיס קיין פּנים נישט אזוי וויא א חתונה אָהן כלי זמר. מיט שלאָגען געהט עס צו לעבעדיגער, פרעהליכער!

—עס איז דאָך אָבער א צער בעלי החיים, עס איז דאָך נעביך א רחמנות!

—א רחמנות! מאכען זיי מיט א געלעכטער. חא, חא, חא, אויף אזא פארשיווער קליאטשע א רחמנית!

—עס טהוט איהר דען נישט וועה? זיא איז דען נישט קיין לעבעדיגע בעשעפניש? פאר וואָס פיהרט איהר זיא אין פּאָליציע?

—זיא טאָר דאָ נישט ארומגעהען. זיא קען אָנמאכען, פאראומרייניגען דיא שטאָדט, וואָס מען האלט זיא אזוי ריין. עס איז אזא זאקאָן!

—למאי געהען אנדערע פערד דאָ ארום אין דיא גאסען? למאי יענע בהמות? אָט נישט ווייט פון אייך, קוקט נאר, לאגערען א פעקיל ציגאינער מיט פערד און וועגעליך גאנץ פריי! ווייטער אביסיל וועט איהר בעגעגענען דעסגלייכען שכור׳ע משומאקעס וכדומה!

—דיא זענין עפּיס אנדערש. עס איז נישט אונזער עסק ארייננצולאזען זיך אין חקירות. איברינגענס, וואס האט עס צו דיר? עס איז דען דיין קליאטשע?

איך האב געוואלט באלד ענטפערען: יאָ, זיא איז מיינע, דיא קליאטשע איז מיינע! נראָד אבער האָב איך אויף איהר א קוק געטאָן און עס האט מיך מיאוס פארדראסען, וויא אזוי זיא שטעהט זיך רוהיג אהן א פיטצעל געפיהל, גלייך וויא דער גאנצער שמיעס געהט זיא נישט אן; גלייך וויא נישט זיא מיינט מען, דיא וואנט מיינט מען; גלייך וויא זיא טראכט זיך; נור מילא אז מען בעליידיגט מיך, אז יענע מאכען חוזיק וואָס־זשע ארט עס מיך? אָדער גלייך וויא זיא טראכט גאר נישט, טאקי פשוט גאָר נישט. עס ליגט איהר נישט מעהר אין זינען, וואו דערטאפּט מען ערגיץ עפּיס, אנצושטאָפּען דיא קישקע. פאר פארדראס האב איך שוין געוואָלט זאָגען: ניין, זיא איז נישט מיינע, מיר געהערען זיך כלל נישט אן! האב געוואלט א שפּיי טאן און אוועקגעהען... נאר באלד אבער האט זיא מיך אָנגעחאפּט ביים האר־צען, אזוי אז מיט פייער האב איך א זאָג געטאָן: מסתּמא איז זיא מיינע!... וואס טויג דאָ א סך צו ברייען פון מיין גאנצען שמיעס דערנאך מיט דיא פּאָ[ל]יצייסקע,

קורץ, איך האָב מיך מיט זיי אויסגערעכנט, בעצאהלט, אבגעגעבען זייערס און אויס־געלייזט די קליאַטשע פון זייערע הענד, נאָר באופן, איך זאָל זי ארויספיהרען פון דער שטאָדט. אויב אבער זי וועט זיך פּאַפּאדען נאָך אַ מאָל פאר זייערע אויגען מעג איך מיך ריכטען, אז דענסטמאָל וועט מיך שוין קאָסטען... טהייערער.

איך האָב געהאַלטען ווארט און נישט לאנג געטראַכט לאז איך מיך מיט דער שקאַפּע אין וועג אריין.

שטעלט אייך פאַר מיין לאגע! אויף דעם וועג, ערטערווייס גריבערדיג מיט שטיי־נער און מיט דערנער, געה איך, שלימזל, צופוס מיט אַ קליאַטשע! איך פּלאָג מיך, ארבייט איבער די קרעפטען, געה פאַראויס און זי קוים וואס זי שלעפּט זיך, קוים וואס זי הייבט אַ פוס. דאָס איז נאָך גוט, צוצייטען ספּאָטיקעט זי זיך, שטעלט זיך אנידער, האָטש האק זי און בראָך נישט פון דעם ארט! אדער זי נעהמט זיך נאר אראפּ פון דעם וועג און וויל פארקריכען ערגיץ אין אַ בלאָטע. וואס טהוט מען מיט איהר? וואס פאר איין עצה גיט מען זיך דאָ? איך נעהם זי אן ביי דער טשאָפּרינע און שלעפּ זי מיט געוואַלד. איך ווער אבער מיד זי שלע־פּענדיג און געה אפּ מיט שווייס. עס רייסט מיר אויף דאס הארץ זי צושלעפּען, אַ רחמנות, עס מוז איהר וועה טאָן! שלעכט, זעהר אַ שלעכטער עסק! איך שטעל מיך אנידער מיט פארלייגטע הענט, שטארק אנגעברונזט אויף איהר און בטל חכומות:

—פּע, חלעבין! זאג איך אנגעדרודעלט, עפּיס וויא גלאט אזוי אין דער וועלט אריין. איך האָב מיך נישט געריכט, חלעבין. זי זאָל מיר אנטאָן אזוי פיל צרות, אזוי פיל לייד פאר מיין פריינדשאַפט, פאר מיין גוטסקייט! איך קריג מיך דאָ פאר איהר אזוי, האָמפּער מיך און נעהם מיך פאר איהר אן; איך פארוואָרף פאר איהר אַ גוט ווארט, בעט זי וויא עס איז אפּ, מען זאל זי אזוי מיאוס נישט בעהאנדלען; איך געה צוליב איהר צופוס וויא אַ בעטלער, כבוד שוין אן אַ זייט, לייג אנידער מיין געזונט און פּייניג מיך דאָ אזוי, וואס איז? בכדי זי זאל זיך צושלאָגען צו עפּיס בעסערס, אויסצורוהען, צואָטהמען פריי — און זי מאכט מיר אַ פארפוילטע לע־בער, מהוט מיר אין דער גאל אריין, וויא דער ערגסטער שונא! אדרבה, איך פרעג, איז דאס רעכט, איז דאס שיין? — פּע, חלעבין! איך מאַך ביי מיר גאנצע פּלענער און טראַכט זעהר פיל וועגען איהר. אלץ וועגען איהר, וועגען איהר — און זי צו־שלאָגט מיר אלע מיינע געדאנקען מיט איהר איצטיגער אויפפיהרונג. איך זאג איהר: געה! שטעלט זי זיך אפּ פון הינטען; איך שריי: געה מיט דעם וועג! קריכט זי אין דער בלאָטע. איך אדרבה ואדרבה און זי אלץ קידער ווידער, אלץ

קאַפּוויר! אדרבה איז דאס רעכט, איז דאס שיין? טפּוי! נאר א געלעכטער, חלעבין... איך ווייס זעהר גוט, זאג איך, נאכדעם וויא איך שוויינ אביסיל, טייטענדיג מיט א פינגער גלייך איהר אין פנים אריין, ווען איך זאל מיך ארויפהאפּען אויף דיר רייטענדיג, אנטאַן דיר א צוים און א שמיטץ מאן, וואלסט דוא זיכער געגאנגען, וואוהין איך וואלט דיך געקערעוועט. פאר דעם וואס רייט אויף דיר, שקאַפּעלע, האסט־דוא דורך ארץ, דוא ציטערסט פאר זיין ווינק, פאר זיין בליק און שעצסט זיך איבערגליקליך, אז דוא שטעלסט איהם צופרידען, ער מעג אפילו שינדען, אראפּציהען דיר דיא פעל; נאר מיין הארץ אבער דערלאזט מיך נישט צו רייטען אויף דיר. לאז מיר דער צונג זיך צוקלעפּען צום גומען אויב איך וועל דיר זאגען, טראג! אויב איך וועל דיר דערלאנגען א שמיטץ, בידנע שקאַפּע, לאז מיר אפּדארען מיין רעכטע האנד! בעטראַכט זיך נאר גוט, וואס דוא טהוסט, וויא אזוי מיאוס דוא בעהאנ־דעלסט מיך, דיין געטרייען פריינד, וואס ווינשט דיר א בעסער לעבען וויא אצינד, וואס ווינשט דיך צוזעהען אין א בעסערען צושטאנד און צו האבען א מאָל נחת פון דיר! בעטראַכט זיך נאָר, וויא אזוי דוא פּייניגסט מיך און פארביטערסט מיר דאָס לעבען. אי פע, חלעבין, איך האָב מיך עס גאָרנישט געריכט!

אזוי רעד איך צו דער קליאַטשע מיט פייער, אזוי טענה איך און זאג איהר א דרשה פון דעם גאנצען הארצען, איך ווין פשוט וויא א קינד פאר וועהטיג, און זיא שטעהט זיך, שטשיפּעט גאניץ קאלט־בלוטיג גראז ביי דער זייט פון דעם וועג. וואס טהוט מען? וואס הויבט מען אן? טענות העלפען נישט, דרשות טויגען נישט, עס איז נישט צומאכען נישט מיט בייזען נישט מיט גוטען. אוועקוואַרפען זיא, לאזט מיר דאס הארץ נישט, עפּיס האב איך אויף איהר שרעקליך רחמנות און עס ציהט מיך צו איהר וויא א מאגנעט. איך נעהם זיא ווייטער בייא דער מטשאַפּרינע און שלעפּ זיא, אויף גאָטס בעראָטה, וויא ווייט איך סען. איך בעט גאט, לאזען ווייניגסטענס נישט דורכפאהרען קיין פרעמדע מענשען און לאזען זיי נישט לאכען פון מיר און פון מיין קליאטשע; לאזען חאָטשע פרעמדע נישט זעהען, וואס צווישען אונז געהט פאר, לאָז עס חאטש בלייבען בסוד, חאטע פּאָקרישקע! דאס געבעט אבער איז נישט מקוים געווארען. צום אומגליק האבען זיך בעדארפט א שאט געבען פארשוינגען פון אלע זייטען, אי פונם איידעלען אי פונם געמיינעם גראד מענשען. איטליכער האט דורכ־פאהרענדיג אויף אונז געטייט מיט דיא פינגער, געזאגט א ווערטיל און געלאכט. דער האט געזאגט: וואו האט איהר עס דערטאפּט אזא לעבעדיגע קליאטשע? אזא בשרה מציאה? — יענער: וואס האלט איהר זיך, יונגער מאן, לעבין אזא שליטמזל! נעהמט אייך אייער וועג און לאזט דיא נבלה אייערע צופרידען. וואס דולט איהר אייך

אומזיסט א קאפ, איהר וועט מיט אזעלכער גאר נישט מאכען! זעהט איהר דען ניט, אז זיא שמעקט מיט קברות בלעטליך, מיט צדוק־הדין? — נאך איינער: אט עטצט זיך אויף איהר רייטענדיג און ברעכט איהר דיא ביינער, נישקשה וועט זיא הייבען פיסליך, וועט פליהען. — און ווידער איין אנדערער זאגט: נעהמט דיא שקאפע אויף דיא פלייצעס, וועט איהר חלעבין בעסער מאכען!... וויא אזוי מיר איז געווען אויף דעם הארצען פון איטליכען אזעלכע רייד, צו צוהערען, ווייסט נאר איין גאט וואויל.

דערווייל איז אונטערגעפאלען דיא נאכט. דער הימעל איז געוועזן איבערגעצויגען מיט א שווארצער חמארע, ערטערווייס האט געבליצט און דיא קליאטשע האט אלץ געמאכט דיא פריהערדיגע אנשטעלען. איך האב זיך געאיילט, געוואלט אנציהען ער־גיץ אויף נאכטלעגער און דעריבער האב איך אויף מיר גענומען, צושלעפען מיין שלימזל מיט אלע כוחות. נאר הערט אבער א מעשה! אז איך האב זיא א שטאר־קען ציה געטאן, האט זיא זיך אויפגעשטעלט נאר דובאם, געענטפערט קוממיות און געבריקעט. הע הע! טראכט איך, דוא בריקעסט־זיך, דוא ווילסט מיך שלאגען. טא האב־זשע דיר א גוטע נאכט! שלאף־זשע דיר אליין. איך וועל מיר אוועקגעהען, וועל איך פטור ווערען פון אלע צרות, וועל פארשפארען פארשווארצט צו ווערען און צו זיין צום געשפעט, צום געלעכטער אין איינעם מיט דיר. באלד אבער האב איך צוריק מיך בעטראכט: הע־הע! דוא בריקעסט זיך, דוא ביסט אין כעס, ווילסט מיך שלאגען. גאנץ גוט; מסתמא הויבסט דוא אן צו פיהלען, מסתמא ארט דיך, און אז עס ארט דיך און הויבסט אן צו פיהלען איז דא א האפנונג, אז דוא וועסט אם־ירצה השם קומען צום שכל — און דענסטמאל וועט זיין גאר עפים אנדערש!....

מיט גרוים ליבשאפט האב איך געהאלזט, געגלעט מיין קליאטשע און זיא פא־מעליך, פאמעליך געפיהרט ביז מיר זענין געקומען צו א גרויסען, געדיכטען וואלד. אהינצו זענין מיר אריינגעגאנגען אויף נאכטלאגער.

6.

## דיא קליאטשע א פירוש אויף איוב.

אונטער א הויכען, א גרויסען בוים האבען מיר ביידע זיך געטאן א ווארף שמארק מיד און אפגעשוואכט פון אזא ביטערער רייזע, נישט פאר אייך גערעכט! עס האט געטאן א בליטץ, גלייך וויא דער הימעל האט זיך געשפאלטען און אפגעטוקט דיא וועלט מיט פייער. באלד דארויף האט א היכץ געגעבען א דונער און זיך אפגערופען ערום און ארום מיט שרעקליכע קולות וויא פון טויזענטער הארמאטען. עס האט זיך אויפגעהויבען א שטורעמווינד, ער האט משונה געפייפט, געוויינט, געהיילט וויא

הונגעריגע וועלף, גלייך ווי עס האבען דעם טאָג זיך אויפגעהאנגען הונדערט מכשפים. דער אנשלאָפּענער וואלד האָט זיך אויפגעכאַפּט שטארק דערשראָקען. עס האָט זיך אויפגעחאַפּט איטליכס גרעזעלע, איטליכס צווייגעלע, איטליכס בלעטעלע, אלע האָבען געגעשט, געפּילדערט, געפּלוידערט אויף אלערליי קולות און פארמישטע לשונות. סאָראָקעס, וואָראָנעס און סאָווס מיט זייער גאנץ פּעקיל האבען אויך צוגעקרעכצט, צוגעשפּילט, א ווייגענדיגס. יעדער בעזונדער האָט געקרעכצט, געזיפצט, געשריגען, איינער דעם אנדערען מבלבל געווען, ביז א שלאקס־רעגען האט מיט אמאל איטליכען פארשטאפּט די מיילער.

שרעקליך אזא נאכט אין וואלד, שרעקליך, שרעקליך!....

איך שפּאר מיך צו, איינגעהייקערט אין צעהנטען צום בוים. דער רעגען וואשט מיך א שרעק, עס ציטערט מיר דאס לייב, און צווישען די בליצען מיט די דונערען קלינגען מיר אין די אויערען יענע געטליכע, קרעפּטיגע ווערטער אין תהלים:

ותגעש ותרעש הארץ ומוסדי הרים ירגזו....

עס ווינט די ערד זיך, שטורעמט אונטען,
עס ציטערען פון בערג די גרונטען —
קראך—קראך! אָט וואליען זיי זיך איין,
ווי באלד ער קומט אין כעס אריין.
פונ׳ם נאָז איהם זעטצט ארויס א רויך,
א פייער פלאמט פונ׳ם מויל ביי איהם
און גליהנדע קוילען פליהען הויך,
עס ברענט, עס שרפה׳ט אומעטום!
ער נייגט דעם הימעל, געהט ארונטער,
א וואָלקען שפּארט די פיס איהם אונטער.
ער רייט אויפן כרוב, ער פליהט געשווינד
און שוועבט אויף פליגעל פון דעם ווינד. (תהלים י״ח,—ח׳ י״א)

אָט איז ער, גאָט! אָט זעה איך איהם באלד פאהרען דארט, דארט צווישען די צעריסענע חמארעס! — א שטיק שווארץ געדיכטער וואלקען, העל ליכטיג ביי די קאנטען, טראָגט זיך דארט אויבען אין דער געשטאלט פון א מורא׳דיג גרויס פערד, מיט א קלאָהר ווייסער גריווע אויף דעם טונקעל געפלעקטען האלז. פון די נאָזלעכער, פונ׳ם מויל פליהען איהם ביסליכווייס פייערדיגע בליטצען, מיט א ציק הין און הער... דאס איז ער — דער כרוב, אויף ועלכען עס זיטצט רייטענדיג א שרעקליך גרויסער העלד, א גבור, אין א פורפור־קלייד, מיט גאנצע גרייז־גרויע לאַ־

כען און מיט א לאנגער נענרייזעלטער בארד, ריין ווייס וויא זילבער. נאָך איהם ציהט זיך א גאנצע מחנה ריזען, עוג מלך הבשן'ס, גוג מגוג'ן, מיט אלערליי חיות, וועלכע איהר ווילט. אלע מיט ערענסטע פנימער, אלע עפּיס פּארטראכט, אלע איילען, יאגען זיך פלינק, דער גוטער יאָהר ווייסט וואוהין — און לאזען נאך זיך איבער אויפן הימעל א בלויען, לויטערען שטעג. דיא לבנה שטעקט פון צווישען דיא וואָלקען אַרויס א שטיק קעפּיל און קוקט זיי נאך פון דערוויטענס מיט אָפּשיי, וויא איין עלטסטער בשעת עס פּאָהרט דורך אין זיין ארט א גרעסערער פּריץ פון איהם...

דיא ביימער בוינגען אָן דיא קעפּ, ביקען זיך מיט גרויס דרך ארץ, האבען א פּנים וויא דיא אָפּגעשמיסענע — תּרבית, שא שטיל! און פון'ם גרינעם בלעטער־מאַנטעל קאפּעט זיי טראָפּענס וואסער, קאפּ קאפּ אויף דער ערד, קאפּ, קאפּ מיר אויפן קאָפּ.

אָ, הייליגער גאָט! לאז איך ארו'ס א געשריי און פאל כורעים אויפן פייכטען נאסען גראָז.—

— דוא ביסט עס מיין גוטער, אלטער בעקאנטער?

—איך בין עס, מיין שלימזלדיגער, פּרינץ, מיין בידנע, אומגליקליכע קליאטשע! האב איך געענטפּערט און זיך צו־וויינט.

— וואָס וויינסט דוא? האט זיא נעפרעגט, א שטארקען שאקעל געבּענדיג מיט דעם האלז, גלייך וויא זיא וואלט פון זיך אראפּגעווארפען א גאנצען בארג משא און מיך פריינדליך אָנגעקוקט מיט אזא פּנים, מאקי נאר וויא א מענש. דוא האסט גע־מוזט אויסשטעהען און ליידען פון מיר צרות?

— אַך! האָב איך געענטפערט, מיינע צרות זענען נאָרנישט, דוא האסט זיי מיר געמאכט אומגעהרען. דוא ביסט נעביך נישט שולדיג. דיינע צרות, זעהסט דוא זענען אהן א ברעג, גרויס וויא דער ים. איך וויין קוקענדיג אויף דיר, מיין געפאלענער, פארוואָגעלטער פּרינץ. אך, ביז וואנען ועסט דוא אזוי אפּקומען, אלץ זיך ארומשלע־פּען און פון איטליכען אלץ ליידע? ביז וואנען, אך, וועסט דוא זיין א שקאפּע, דער וועלטס קליאטשע?

— ביז וואנען, האט זיא געזאָגט, מענשען וועלען ווערען בעסער און קליגער, ביז וואנען עס וועט אויפהערען אי אכזריות אי רחמנות, אי רעות אי טובות, אי צו להכעיס אי צוליב־זאכען, נאר אמת און גערעכטיגקייט אליין וועלען הערשען אויף דער וועלט; ביז וואנען עס וועט אויפהערען צו זיין א חילוק צווישען מענשען, א וואלף וועט וואוינען מיט א שאף, א בער מיט א קיה וועלען אין איינעם זיך פיטערען און א לייב וועט וויא א רינד עסען שטרוי; ביז וואנען עס וועט זיך פּעהלען

אלדאס־בייז, דיא ניט־גוטע, וועלען פארלירען זייער כח און עס יעט אפגעווישט ווערען טרעהרען פון איטליכענס פנים !...

— אך ! האב איך געקרעכצט, עס איז נאך צרווייט צו ווארטען ! ביז יענער צייט, האב איך מורא, זאל מען דיר דערווייל נישט דערגעהען דעם עק, נישט ארו ס־נעהמען דיא נשמה !

— מיט מיר, האט זיא זיך אנגערופען, מיט מיר געהט עס אקוראט וויא מיט מיינעם איין אלטען חבר איוב, וואס בשעת ער איז איבערגעגעבען געווארען דעם שטן אין דיא הענט האט גאט דענסטמאל אזוי געזאגט : שטן, וואס דוא ווילסט טהו מיט מיין איוב'ן, שלאג איהם, טהו איהם אן געבראטענע לייד, מאך איהם ברוין און בלוי דאס לייב, נאר זיין גייסט, זיין נשמה זאלסט דו היטען !...

— איוב, האב איך א געשריי געטאן, דאס איז טאקי דיין חבר, ניין, דאס ביסט־דוא טאקי אליין ; דאס איז א משל אקאנען דיר, דארט שפיגעלט זיך אפ דיין גליקליכעס לעבען א מאל אין עושר אין כבוד; דארט שפיגעלען זיך אפ דיינע יסורים, דיא רדיפות, דיא שטעכווערטליך פון דעם עולם בשעת דיין גרויס אומגליק; דארט שפיגעלט זיך געטריי אפ איטליכס זאך בעזונדער. א י ו ב ביסט־דוא ! דוא ביסט איוב מיט זיין ש א ט א ן, מיט זיינע מ כ ו ת, מיט זיינע פ א ל ש ע ח ב ר י ם, וואס פאלען אויף איהם אן אין דער שלעכטער צייט און בעשולדינגען איהם, ער איז נישט גוט, ער איז נישט פרום.... א י ו ב איז דיין היסטאריע. דער אנהויב איוב און דער מיטען האבען שוין ריכטיג ביי דיר זיך ארויסגעוויזען, זיין סוף וועט ביי דיר אויך, גאנץ זיכער, מקוים ווערען. דער שטורם, אין וועלכען גאט אין דיא גערעכטיקייט וועלען זיך בעווייזען, וועט, מיין איך, זיין א גרעסערער, א שטארקערער פון דעם, וואס איז געוועזען ערשט נישט לאנג !....

— מען שמיעסט, האט זיא זיך אנגערופען, אז דאס האט טאקי אנגעשריבען יענער בערהימטער מענש, וואס האט מיך א מאל פון א קליאטשע צוריק פאר א מענש געמאכט. ער האט דערמיט געקוקט גאנץ וויט !....

דערצעהל מיר נאר, האב איך זיא געבעטען וואו ביסט־דוא געוועזען דיא גאנצע צייט, זינט דוא ביסט פון מיר פארשוואונדען געווארען ? ווער איז יענער פארשוין, וואס האט דענסטמאל זיך ארויפגעהאפט אויף דיר רייטענדיג ? פון וואנען האט ער זיך גענומען ?

— יענער, וואס האט אויף מיר זיך ארויפגעהאפט רייטענדיג, האט זיא אנ־געהויבען צו דערצעהלען, דאס איז געוועזען א לץ. נאכדעם, אז דיא דייטשליך, דיא נייעס־גוטע לאזען מיך אביסיל צרות, וואקסט געוועהנטליך פלוצלים אוים א לץ,

אזוי וויא פון אונטער דער ערד, זעטצט זיך אויף מיר רייטענדינג און טרייבט מיך איבער בערג, איבער טהאָלען, איבער פעלדער, איבער וועלדער. אבי נאָר איינער האט נעמאכט דעם אָנהויב שפּרינגען שוין ארויס נאך א סך לצים פון פארשידענע נעשטאַלטען און פון פארשידענע סאָסלאָוויעס. עס ווערדט א נעשפּעט, א נעלעכ־טער ביז דעם הימעל, איטליכער זאגט א ממרא, א סליחה, נישט נעשטויגען, נישט געפלויגען, איטליכער גיט א פּייג און שטעלט ארויס א צונג. אלע פון גרויס ביז קליין זעטצען זיך אויף מיר אָן און האבען מיט מיר צו טהאָן. פיל מאל צוקריגען זיי זיך איבער מיר; איינער זאָגט, מען זאָל מיט מיר זיך נוהג זיין אזוי, און דער אַנדערער זאגט עפּיס אנדערש; יענער זאָגט, איך זאל פליהען אין דער לופטען, און דער ווינשט, איך זאל געהען דורך דער ערד, עס ווערדט א ליאַרם, א געשריי א נעפּילדער, א מהומה, אז דער קאָפּ ווערדט דול הערענדיג. אזוי שפּילען זיי זיך מיט מיר אָן, שרייען זיך אָן. און דער „אייבּינער וואָפּראָס" ווענען מיר בלייבּט טאקי אלץ נישט נערעשעט. א קאַלעמוטנע וואסער, זאָגט דער עולם אין ווערטיל, איז גוט פיש צו חאַ־פּען. דאס איז אויך נעזאָגט געוואָרען אויף מיר. אין מיטען דער בייזער מהומה חאַפּט מיך דערוויילּ איינער פון דער הברה, פאהרט אויף מיר ארויס אין דער וועלט, מאַכט מיט מיר געשעפטען און הויבּט מיך אָן צופאַרקופען צו פארשידענע מענשען. איך זאָג צו פאַרשידענע, מחמת אין א קורצע צייט דיען איך זעהר פיל בעלי־בתּים. איידער איך האב מיך נאך נישט רעכט ארומגעקוקט ביי איינעם, קומט דער רוח אין טראָגט מיך אוועק צו איין אַנדערען. ביי וועמען, ווילסט־דוא, בּין איך שוין דען נישט איבערגעוועזען ? ווער האט דען נישט גענאסען און פון מיר נישט אָפּגעלעקט א ביינדעל? הויב אָן פון א מינדסט פּאָריציל, פון א סאָטצקע, א קווארטאַלנע וכדומה ביז עפּים העכערס; פון א מגיד, א מוכיח, א מוסר־זאָגער א ירא־שמים ביז גאַטס סטראַפּטשעס וכדומה אזעלכע טשינאָווניקעס צווישין דיא הימעל־מענשען; פון א לאקיי, א סמאָטריטעל, א פּיסמאָוואָדיטעל, א נאַדזיראַטעל ביז א דירעקטאָר אין דיא יודישע שולען ; פון א שמש, א קהלשען שרייבער, א חאַפּער, א סבאָרשטשיק, א פּאָוויערענע, א דעפּאָטאַט, א בעל־עצה, א בעל טובה, איין אָנחאַפּער ביז דעם בעל־טאַקסע פון פלייש און סוועטשנאָי־סבאָר וכודומה דיא גאנצע כנופיא קהל ; הייב אָן פון בעהעלפער, מלמדים, שדכנים, בדחנים, בטלנים, טויזענטערליי גבאים, משולחים און שתדלנים, ישיבה־בחורים, פּרושים, לומדים, זיידענע מענשען, שיינע יודען, טאַטענס־קינדער, תהלים־זאָגער, משניות־לעהרנער, בעלי־תפלות, שופר־בלאָזער, דרעהדליך־מאַכער, פּורים־שפּילער, מצה־רעדלער, ביז דיא דיינים, שוחטים, מנקרים, משגיחים, טוקערענס, קנייטליך־לייגערענס, פעלד־מעסטערענס וכדומה דאס גאנצע

כלי־קודש. אלע כסדר האָבען אויף מיר זיך אָנגעזעצט, פאר איטליכען האב איך נעביך בעדארפט ארבייטען און איטליכען אויף מיר טראגען. זיי קאסטען מיך געזונט און לעבען, איך האב פון זיי צו זינגען און צו זאָגען. ניחיי וואָלט מיין ארבייט חאָטש אָנגעלייגט געווען — חלילה! וויפיל איך זאל נישט ארבייטען איז אלץ ווייניג, אלץ קארג. א קאטאָוועס עפּיס אזא פּעקיל, אזא גרויסע, הונגעריגע כנופיא! ניחיי וואָלט מיין ארבייט חאָטש עפּיס נוטצען געבראכט—חלילה! איך ארבייט, איך האָרעווע נאר ווער?... מעשה שטן פאל איך תמיד אריין אזעלכע לייט אין דיא הענט, זיי נעהמען ביי מיר ארויס דעם דם התמצית, פארשלאָגען מיר דעם קאָפּ מיט דעם מוח און מאכען מיך אויסצודרעהען. פון דיא לייט ווייס איך זעהר פיל זאכען, איבער זיי איז דאָ פיל צו שמיעסען און צו פרעגען. נאר נישט אלץ אָבער, וואָס מען ווייס קען מען ריידען; נישט אלע קשיות קען מען פרעגען און נישט אויף איטליכער קשיא בעקומט מען א תירוץ. וואָס זאָל מען טאָן? מען מוז א מאל זיך בעגנוגען מיט איין תירוץ אויף אלע קשיות: „עבדים היינו לפרעה במצרים,“ דאס הייסט: פאר א קליאטשע האט מיך געמאכט דער קעניג פון מצרים!

— איין קשיא וועל איך דיר טאקי פרעגען, האב איך צו איהר געזאגט. וויא קומט עס, אז אויך יענע פריצים, וועלכע דוא האסט גערעכענט אין צעטיל זאָלען וועלען אין דיא הענדט נעהמען אזא וויסטע, בידנע קליאטשע?

— מעשה שטן, האָט זיא געענטפערט, ווערען זיי פארבלענדט דיא אויגען, מעשה שטן נארען זיי זיך און מיינען, אז איך בין גאָרנישט קיין בידנע, אדרבה א האָראָפּאשנע, א ק א פּ י ט א ל נ ע קליאטשע!....

— אומגליקליכער פרינץ, בידנע קליאטשע! האב איך א קרעכץ געטאָן און מיך שטארק פארטראכט.

7.

## ישראליק בעקלעהרט דיא וועלט.

א פּריש, געשמאק ווינטעלע האט פּאמעליך געבלאזען און פון דיא וואָלקענס, פון דעם שטורמווינט איז נישט געווען אפילו קיין זכר. דער אפּגעטובלטער, אויס־געצוואָגענער וואלד, איז געשטאַנען וויא א חתן־בחור. אנגעטאן אין א נייער, גרינער זשיפּעצע, ערשט פון דער נאדעל, געשיינט און געלויכטען וויא דער ליכטיגער מאר־גענשטערען, וואָס האט ערשט טאקי געבראכט דיא פרעהליכע בשורה, אז אָט באלד קומט צו פאָהרען דיא זון, דיא טהייערע, גילדענע מחותנת׳טע, און דיא חתונה וועט זיך אנהויבען. אלסדינג האט געלויכטען, געפינקעלט, אלסדינג האט

וויא עפּיס זיך מכין געווען, אלסדינג האט עפּיס אויסגעזעהען וויא יום־טובדיג און אומעטום האט געשמעקט געווירצט, זיסע, ליבע ריחות פון בשמים. — שיין איז דער אנברוך אויף טאָג וועסנע־צייט אין דעם וואלד, שיין, זעהר שיין! דער בעריהמער כלי־זמר, דער סאָלאָוויי, האט אנגעשטעלט זיין פידעל, אָפּצושפּילען א שיינעם, א פיינעם „דאברי־דזיען".

ער האט א שפּיל געטאן און זיין שפּילען האט מיך צונומען! זיין ניגונדיל האט אין מיין הארצען אויפגעריהרט טויזענט סטרונעס, זיי האבען געוויינט, געשריגען און ארויסגעגעבען זעהר א טרויערדיגען ניגון. מיינע געדאנקען האבען אלע געטאנצט אין א ראד, א שרעקליך פארמישטען טאנץ! איך האב געטראכט און מיר פאָרגעשטעלט זעהר פיל אלטע און נייע אומעטיגע זאכען.

עס האט מיר זיך פאָרגעשטעלט א טאָג אין מיין שטאדט, וויא אזוי און מיט וואס מענשען ברייננגען איהם צו, מיט וואס זיי שטעהן אויף און מיט וואס זיי לייגען זיך שלאפען עס האט מיר זיך פאָרגעשטעלט א פריהמארגען: יודען שטעהען אויף און קרעכצען! ווייסען נישט וואס מען טהוט, וואס מען הייבט אן, פון וואנען מען זאל זיך דערגעהרען? זייערע פּנימער זענין בלייך דער שטערען פול מיט קנייטשען, דיא אויגען ווארפען זיך אין אלע זייטען, גלייך וויא זיי זוכען עפּיס אן וואס זיך אָנצוחאַפּען, אן וואס זיך אנצושפּארען, דיא חוואליעס פון דעם טאג זאלען זיי נעביך נישט דערטרינקען. זיי זיפצען, זיי קרעכצען און קנייטשען דעם שטערן. עס האט מיר זיך געדאכט, זיידענע מענשען געניצין, קנאקען אויס דיא ביינער און נעהמען זיך צו דער ע ב ו ד ה: רחצה, טוהען אן דיא חאלאטליך, שיך און זעקליך און חאפּען זיך אראפּ אין וואסער. — פּיפּקע: דערנאך נעהמט מען קארענצעס און מען פּיפּקעט. אז מען ווערדט פארטיג... בעלאדט מען זיך מיט גרויסע טלית און תפילין זעק, איטליכער נעהט אין זיין קלייזעל, אין זיין שטיבעל, אין זיין מנין, דארט וועט מען פארטרייבען א שטיק טאג, אביסיל מיט ריידען, אביסיל מיט פּאָטשטען, אביסיל מיט דאווענען, אביסיל מיט כוונות און דערנאך מיט א קעלעשיקעל בראנפּין. — עס האט מיר זיך געדאכט: א בעהעלפער געהט און שלעפּט, וויא א קצב אויף דיא פּלייצעס, צוויי יונגע שעפּעליך, צוויי יונגע פּיטצליך קינדערליך, וואס ער האָט זייא נעביך אויפגעוועקט פון זעהר א זיסען, א געשמאקען שלאף, וואס ער האט צו־שטערט זייערע גוטע, פרעהליכע חלומות, צוטריבען פון זייא דיא מלאכים און איבער־געקעהרט זייער געלעכטער אין א געוויין. זיי וויינען, זיי שרייען איבער דער גאנצער גאס מיט א ביטער קול, ווארפען און צאפּלען זיך נעביך שרעקליך שטארק מיט העגט־ליך און פיסליך, פּיקען זיך אלע רגע אום צו דער היים און פארגיסען נייע קוואלען

טרעהרען, עס גלוסט זיך זיי נישט בעגראבען צו ווערען ערגיץ אין א לאך, עס גלוסט זיך זיי נישט אנצוקוקען דארט פינסטערע פנימער, צו צוזעהן דיא ווילדע אכזריות און פיין, עס האבען זיי ערשט זיך אויפגעעפענט דיא אויגליך ערשט זיך צופיהרט דיא פיסליך, זיי ווילען זיין פריי, ווילען לעבען, שפרינגען און זיך שפילען! — אך, קוים וואס עס איז געווארען טאג איז שוין אזוי פיל קרעבצען, אזוי פיל הארצוועהטיג, אזוי פיל טייכען טרעהרען. — איין אומעטינער זעהר איין אומעטינער נינון!...

דער סאָלאָוויי האט וואס ווייטער, ווייטער מעהר זיך צולאזט, געמאכט שטיי־גער און מיינע געפיהלען האבען אויך אלץ מעהר און מעהר אין מיר זיך צוגאסען, געשפילט א וויינענדינגס און וועה געשרינגען!

עס האט מיר זיך פאַרגעשטעלט דער מארק, אין גאַנצען וויא ער איז, מיט אלע זיינע געשעפטען און מיט אלע זיינע מענשען. עס האט מיר זיך געדאכט; הונגעריגע; דארע טאַנדעטניקעס. און אין צעהנטען איינגעהויקערטע טענדלער דרעהען זיך הין און הער ארום אין איינע צרות, קוקען, זיך צו און שאטצען ביי זיך אפּ איטליכענס קליידער, האבען איין אויג ביי ווענען עס זענין צעריסען דיא שטיוועל, בייא ווע־מען דיא הויזען, בייא וועמען דיא קאפּאָטע, דערפיהלען אין דער שטאָדט דיא קלענס־טע לאטע, דיא מינדסטע שמאטע. עס האָט מיר זיך געדאכט: בלייכע, טויטע מענשען נעביך לויפען ארום וויא דיא פארסמטע מייז, שטעקען אומעטום אריין דיא נאָז און שמעקען. טאָמיר וועלען זיי געפינען עפּיס אַ שטיקעל ברויט, טאָמיר וועלען זיי חאָטש עפּיס דערטאַפּען. איטליכער איז פארטראַגען, איטליכען שפּאלט זיך דער קאפּ, איטליכער פארבייסט א ליפּ, מאכט פּלאַנען און פארטראַכט זיך, איטליכער ריקט ארויף דאס היטעל, לויפט און איז וויא אויף דעם עולם התועה. — עס האבען מיר זיך פאַרגעשטעלט אלערליי סארטען קלייטען און קלייטליך, טישליך און שאַפּ־קעליך, צוואַנציג קרעמער שלאגען זיך פאר איין קונה, איטליכער ציהט איהם צו זיך און זאגט איהם צו הרים ונבעות, איטליכען קריכען ארויס דיא אויגען צוזעהען א גראשען לייזעכטס. דיא קונים און דיא קרעמער דינגען זיך, שווערען זיך,ביידע שווערען בנאמנות, ביים וויב, בייא דיא קינדער. ביי דעם חלק לעולם הבא, און גלויבען איינער דעם אַנדערען וויא דעם הונט. זיי צוגעהען זיך, קוקען נאך איינער דעם אנדערען הינטערוויליכם מיט איינעליך, ווער וועמען וועט צוריק בעטען, קומען זיך צונויף ווידער, ווייטער דינגען זיך, ווייטער שווערען זיך מיט טויזענטער שבועות, מיט טויזענטער חרמות, ביז איינעם געראָט פארט צום סוף אפּצונארען דעם אנ־דערען!.... עס האבען מיר זיך פארגעשטעלט רעדליך פארשווינען מיט שטעקליך אין דיא הענט, שיינע מענשעליך, וואס האלטען זיך וויא הינד, וויא וואָראָנעס לע־

בין טויטע און נבילות, וואס לעבען פון יענעמס פלייש פון יענעמס בלוט; מענשע־ליך, וואס זיי אליין זענין נישט ווערטה קיין דרייער און גילטען פארט זעהר שטארק; מענשעליך, וואס איטליכער קען זיי פאר קליינעטשקע און זענין דאך זעהר גרויס; מענשעליך, וואס אונטער דיא אויגען, האט איטליכער אויף זיי צו דערצעהלען עפּיס נישט קיין שיינע מעשיות, פיהרט ארויס דעם גאנצען יחוס פון זיי, פון זייערע ווייבער, און אין דיא אויגען האט מען פאר זיי פּארט דרך ארץ; מענשעליך, וואס זענין אין דער געמיינדע א מכה, וואס מאכען איהר קאַליע דאס בלוט און נאַגען זיא אויס; מענשעליך, וואס אנקוקענדיג דאכט זיך, זיי זענין שטארק בעשעפטיגט, פארנומען מיט וויכטיגע עסקים, עס שוויצט זיי תמיד דאס פנים, שטענדיג פול מיט סודות, מיט סעקרעטען, רייטען דאס רוב אויף דעם ווינק — און באמת זענין זיי סוויטשט־שען, ליידיגגעהער, נארנישטען, טווינעניכטסען; קורץ און גוט, יענע מיני מענשעליך, וואס דרעהען זיך תמיד ארום קהל, ווילען דער שטאדט רק איינברייינגען, רק טאן טובות, וואס ליינען זיך אין גאנצען אוועק פאר דער שטאדט און לעבען בכבוד, עסען דאס בעסטע און טרינקען טאג טעגליך א גוט גלעזעלע וויין; מענשליך, וואס דרעהען זיך אלץ אין דיא קהל־שטיבליך, לעבין דיא גבירים, אויף דיא אסיפות, אין דיא יאטקעס און אין דיא וויינשענקען, וואס פיהרען דיא גאנצע קאמאנדע ביי דיא וויבארעס, ריימען איטליכען איין א סוד אין אויער און שרייען „זשעלאיעם״, אדער „ניעזשעלאיעם״ פאר כל ישראל; מענשעליך, וואס וויטען זיך, נעהמען אראפּ דאס הימעל פאר איטליכען מישנאוויניקעל, פאר איטליכען פריציל, וואס קריכען תמיד זיך פארצושטעלען, פאר א נייעם גובערנאטאר, פאר א נייעם פאליצמייסטער, ראפּאָר־טעווען תמיד מכות דער שטאדט; מענשעליך, וואס זעהן אויס וויא שרעקליכע וועלף צווישען דיא ארמע, בידנע שאף אויף דעם מארק!... איך זעה דארט דעם בעל־טאקסע, וואס א מאל איז ער געווען א דאר יודעל, א ביטערער אביון, א קבצן, נע־נאננען תמיד צופוס אין צעריסענע שטיוועל, קיינער האט אויף איהם אפילו זיך נישט אומגעקוקט, אצינד האט ער זיך פארלאזט א בייכעל, פאהרט וויא א שררה אין א פאיעטאן מיט א פּאָר גוטע פערד און קלאָגט זיך פאר איטליכען אויף דער איצטיגער שלעכטער צייט, ער דערליינט נעביך געלד!... איך הער וויא איינער דינגט זיך מיט א בעל־מלאכה, וויל איהם פון דער ארבייט אָפּרייסען א פאר גראשען. דער בעל מלאכה בעט רחמים, טענהט, געוואלד! ער וועט דעם גאנצען טאָג ארבייטען, פראצעווען מיט נויטשוויים און דאס פארדינסט וועט איהם נישט טראגען אפילו אויף דעם עסען. ער בעט זיך נעביך וויא בייא א גזלן, מען וויל איהם אבער נישט הערען. פלוצלים, זעה איך, קומט אונטער א געזונטער, א בעלייבטער, א

שיינער יוד אין א גרויסען ספאָדיק מיט א פּאַטשיילע אין דער האנד. מען נימט איהם א גאַנץ פיינע נדבה, און ער בלאָזט זיך, וואַרטשעט, עס איז קאַרג. מען דערלייגט איהם נאָך, עס איז אַלץ קאַרג, אַזעלכען וויא ער קומט א סך מעהר פאַר זיין פּייבעל פאַר זיינע געגרייזעלטע פּייקעליך און פאַר זיין אויסגעוויקט שיין פּנימיל, יענער בעדאַרף האַלטען זיך פאַר א זכיה, אַז זיין געלט, זיין מיה, גערהט צו אַזעלכען וויא ער אין דעם בויך אריין! — אָך, וויא שרעקליך דער מאַרק זעהט אויס! וויפיל אומגערעכטינקייט דאָרט ווערט געשעהען! דיא אָרעמקייט, דאָס ביטערע עלענט, דאָס שרייען און קרעכצען רופען זיך טרויערדיג אָפּ טיף אין דעם האַרצען. — א טרויערדיגער, זעהר א טרויערדיגער ניגון!

שפּיל סאַלאָווייטשיקיל, שפּיל! דיין שפּילען צונעהמט מיך בעסער וויא אויף א בעדעקענס. איך וויל אביסיל זיך בעטראַכטען, איך וויל אביסיל זיך דערמאָהנען און פאַרשטעלען אונזערע צרות. שפּיל סאַלאָווייטשיקעל, שפּיל, איך וויל אביסיל וויינען!

ער האָט געקנאַקט, זיך צולאָזט אויפען העלזעל און טרויערדיג געשפּילט! עס האָט מיר זיך פאָרגעשטעלט א יודענס שטוב, וויא דאָרט מאַכט זיך קיין רגע נישט צו דיא טהיר. עס געהען זעהר פיל אָרמע לייט, יונגע און אַלטע ווייבליך, מיידליך און קליינע קינדער, איינער געהט אַרויס, דער אַנדערער קומט אריין. בתוך הבאים קומען אַן גבאיטעס מיט זייער חן. דערנאָך טהוען זיך א לאָז שיינע יודען אין זיידענע קאַפּאָטקעליך, פאָדערען געלד פאַר זייערע זכות אבות. נאָך זיי קומט אריין א מגיד, א נשרף, א ירושלמי, א משולח, איין ענונה מיט אַלטע פאַרשימעלטע כתבים. באַלד נאָכדעם קומט א שמש פון דער שוהל מאָהנט פאַר א שטאָט. פאַר איין „עליה“, פאַר א „מי שברך“ פאַר א „מלא“ און פאַר א „נדר“. ערשט אָפּגעפּאַרטיגט זיך מיט דעם, גיבען זיך איינער נאָך דעם אַנדערען א שאָט א פּעקיל פאַרשידענע גבאים מיט פּושקעס און אהן פּושקעס, איינער מאָהנט מעמדות אויף ארץ ישראל, דער אַנדערער עפּיס אויף תּלמוד־תּורה, דער דריטער בעט אויף הכנסת־כלה, דער פערטער אויף דעם הקדש, דער פינפטער אויף חברה משניות, דער זעקסטער אויף חברה נר־תּמיד וכדומה נאָך און נאָך חברות. בינתּים קומען צווייא בכבודינע בעלי־בתּים מיט ברייטקייט, ריימען עפּיס שטילערהייט איין אין דעם אויער, זאָגען דער־נאָך הויך אויף א קול מיט א זיפץ: „היינט פאַרשטעהט איהר שוין פאַר וועמען?“ און נעהמען.... נאָר אין מיטען דרינען קומט דער קהלשער שמש און מאָהנט עפּיס צום רייסטעו, דער רעפּאָטאַט שטעלט נאָך א מאָל אריין א פּאַסטאַי, דער קצב זאָגט אַן מיט דער דינסט, אַז פון איצט אָן, זאָל מען מוחל זיין צולייגען צו דער אַקע פלייש נאָך צוואַנציג גראָשען, מען האָט פאַרגרעסערט דיא טאַקסע.... הכלל מען

רייסט פון אלע זייטען, איטליכער גיט א חאפ, א קניפ, א צופ, עס שטעלען זיך אין דיא אוינען טרעהרען, עס איז שווער אויסצוהאלטען. — שפיל סאלאוויטשיקיל, שפיל, איך וויל אביסיל וויינען!....

ער האט זיך צושפילט, צוגאָסען און געמאכט אומעטיגע שטייגער! עס שטעלט זיך מיר פאָר, וויא יודעש געלד, יודעש בלוט גע זען לאיבוד, זיי גיסען זיך וויא וואַסער און בריינגען נישט קיין שום נוטצען. מישטעהנעם געזאָגט מ ה ח ס ד נ ו, וואס איז אונזער חסד, אונזערע צדקות? עס שטעלט מיר זיך פאָר אונזערם א תלמוד־תורה, א וויסטע, א פינסטערע חורבה, עפּיס א שטיבעל אויף א היהנערש פיסעל, ערגיץ אין א לאך. אינוועגדיג שטינקט שימעל; דער צובראכענער פּאָל און דיא ביינק זענין דארט בעדעקט דיק מיט בלאטע, דיא פענסטער אויסגעשלאגען, פאַרשטעקט מיט שמאטעס. ארמע, הונגעריגע, אפגעריסענע יתומים וואלגערען זיך ביז דעם האלז וויט אין מיסט, פאַרשמירט וויא דיא רוחות און האָבען קיין פּנים נישט פון מענשען. וואָס, מישטעהנעם געזאגט, קען פון זיי דארט ווערען? וואס וועלען זיי זיך אויסלערנען און צו וואס וועלען זיי שפּעטער טויגען? איך הער וויא אזוי זיי קרעכצען און זיפצען. דאס קול פון זייערע פאַרלוירענע יונגע יאהרען, הער איך, שרייעט ארויס פון דיא קופּעס ערד און מיסט! דאס קול פון דיא אומגליקליכע, פון דיא פאַרלוירענע נפשות, הער איך, געהט ארויף אין דעם הימעל און שרייעט דארט גוואלד אויף דער גאנצער שטאָדט יודען! אויף איטליכען פון אונז קאפּען אראפּ דיא בלוטיגע טרעהרען, קיינעם פון אונז וועלען זיי נישט געשווינגען ווערען!.... עס שטעלט מיר זיך פאָר אויך דער הקדש, אדער, לאז זיך האטש זיין, דער בקור־חולים, מיט אלע זיינע ווילדע הנהגות. איך הער עפּיס א רעש, א יאמער, א קלאג דארט אויף דעם הויף. איין ארמע יודענע האט אהינצו געבראכט צופיהרען איהר קראנקען מאן, איהר גאנצער פּרנסה־געבער, איהר גאנצע אָנהאלטעניש. דיא גבאים אָבער לאָזען איהם נישט אריין ביז דיא ארימענקע וועט נישט געבען פריהער א פּאָר קערבליך. דערווייל וויא זיא לויפט ארום, ברעכט דעם קאָפּ וויא צו בעקומען דאָס געלט, איז איהר קראנקער מאן געביך לעבען פּליים געשטאָרבען. דיא פרישע, וויסטע אלמנה קומט און בעוויינט איהר מאַן אויף דער גאַס, מיט איהר אין איינעם וויינען נאָך אָרמע לייט, נאָך וויסטע אלמנות מיט צובראכענע הערצער. עס איז א יאָמער, א קלאָג, מען צוגעהט פון טרעהרען. — פאמעליך אביסיל שפּיל סאלאָוויי, עס האָט ביי מיר אין דעם הארצען שוין גע־לאָפּנעט א סטרונע!

ער האָט אביסיל צוגעקנאָקט און געמאכט טרעלען. עס האָבען מיר זיך פּאַ־נט־

שטעלט יודישע פּאַראַדקעס, וויא פון אונזער ריידען קומט נאַרנישט אַרויס, מישטעה־נעם נעזאגט מה אָנו, מ ה ח י י נ ו, וואס מיר זענין און וואס איז אונזער לעבען? עס שטעלט מיר זיך פאַר איין אסיפה. דאָרט איז א ליארם, א געשריי וויא אין א באָד, איינער איז מבלבל דעם אנדערען. זאגט איינער עפּיס א וואָרט, שרייעט יענער. ניין, אדרבה, פארקעהרט! און הערען ביידע נישט, וואס זיי ריידען. איטליכער האַלט זיך פאַר א חכם, פאר א ווערטל־זאָגער, לאָז עמיצער עפּיס אָנהויבען צו זאָגען, פאַלט איהם יענער אריין אין דיא רייד. עט, מאַכט ער, לאָזט זיך דינען, מכח דעם האָב איך געזאָגט א גאנץ גלייך־ווערטעל... וואס הייסט עס? שפּרינגט ארויס איינער פון דער זייט, איך בין אויך א בעל־הבית, בין אויך א הינער, איך האָב אויך א דעה! מען צונעהט זיך לסוף שטארק פארשוויצט און מען ווייסט נישט מיט וואס מען איז נעסומען, מיט וואָס מען געהט אַוועק. עס קומט אויס דעם עולם'ס ווערטעל טאַקי: „ס'איז געבליבען, שמעון ווארגער זאל ווייטער וואוינען מיט דער גרושה!“ איך הער, וויא א פאר נבירליך, עטליכע בעלי־טובות, עטליכע דרעהער אין קהל, און דער בעל־טאקסע מיט זיין קאַפּיטעל לאַכען זיך נאָכדעם גוט אויס און מען טהוט וואָס מען וויל. באלד נאך אזא אסיפה ווערט וויא געוועהנטליך טהייערער דער מקח פון פלייש. בעלי־טובות נעהמען בעזונדער פון איטליכער אָקע עפּיס דרייערליך און עס ווערען בעשאַפען עפּיס שטילע, שפּאַניעל נייע נתינות. עס שטעהען מיר פאַר דיא אויגען אונזערע וויבאַרעס, וויא אזוי מען קלויבט אויס גבאים, פיהרערס און א גובערנ־קען רב. פע, וואס דאַ טהוט זיך! איך קען נישט צוזעהען וויא מענשען פארליערען זייער שכל, זייער הארץ, זייער ווילען, און זייער מענשליכע בחירה; איך קען נישט צו־זעהען וויא מען לעקט זיך אונטער, ביינט זיך עפּיס פאַר א ליאדע גבירעל, וויא מען סכוזשעט, נעהט אויף דיא שפּיטץ פינגער פאר איין אויפגעקומענעם משרת וכדומה אזוינע מיני פארשוינען. איך קען ניט צוזעהען וויא מען פארקויפט דעם אמת, דעם יושר, דעם נוטצען און דעם אינטערעס פון דער שטאָדט פאר א גלעזעל בראנפּין, פאר א קניש. עס קאָכט זיך מיר איבער דאס בלוט צוזעהענדיג, אז בעונותינו הרבים איז נישטאָ ביי אונז מיט וועמען עפּיס צו טאָן, מיט וועמען עפּיס צו מאכען. קיינער מיינט נישט ערענסט! עס ווערט מיר צוזעטצט דיא גאַל צוקוקענדיג, וויא בעונותינו הרבים אונזער עולם שלאפט, וויא ער איז פארטראגען אין חלומות — ער דיינקט נישט, בעטראכט נישט, ווייסט נישט זיין לאגע. קיינער בערעכענט נישט, זאָרגט נישט און פיהלט נישט כל־זמן עס בעריהרט איהם נישט זיין איינען נפש'ל. טאקי נאָר מחילה אָקסען, וואס בשעת מען קוילעט איינעם, שטעהען זיך דיא איבריגע און קייען, מעלי־גרה'ן גאנץ רוהיג. עס ווערט מיר א לאך אין הארצען צו־

זעהענדיג... נאָר אבער געוואלד פאמעליך, סאלאָווי, פאַמעליך! עס האט ביי מיר געשפרונגען שוין נאָך א סטרונע!

ווייז ישראָליק, וויין! האָט מיט איטליכען שפיל דאס וואלד־כלי־זמריל מיר גע־זאָגט. עס האט מיר זיך געדאכט וויא פאר דער חופה. דערבדחן דערמאָהנט מיך, איך בין א יתום...ישראָליק, לאזט ער אויס צום גראם מיט א ריהרענדיג קול: א יתום מוז אויף דער וועלט פון איטליכען אויסשטעהן זעהר פיל; וויין, ישראָליק לעב, וויין — כלי זמריל שפיל!

איך רעק צו דיא אויגען מיט א טיכעל, בעוואש מיך מיט טרעהרען און שטעל מיר פאָר זעהר נישט קיין פרעהליכע זאכען.

עס שטעלען מיר זיך פאָר אונזערע קלייזליך און שטיבליך. מישטעהנעס געזאגט וויא אזוי זיי זעהען אויס, וויא אזוי מען פיהרט זיי און וויא מען האלט זיי ריין! איך נעה פארביי דורך — און עס פארשלאָגט מיר אין דער נאָז... דארט האלטען זיך אויף ליידיגגעהער, בטלנים ליגען זיך דאָרט אויסגעצויגען אויף טיש און אויף ביינק מיט פיפקעס אין דעם מויל. זיי פיפקען, שפעטען פון דער גאנצער וועלט און דערצעהלען מעשיות. דאס זענין אזעלכע מיני ווערעם, וואס נאגען, פרעסען און האבען זייער גאנצע יניקה פון אנדערע. דאס זענין עפיס נאר מאדנע באנקירען, וואס רעכנען דיא גאנצע שטאדט הייזער פאר זייער קאנטאָר; איטליכער איז זיי תמיד שולדיג און מיט איטליכען פיהרען זיי בעשטענדיג קאנטעס. גליקליך מעג זיך שעטצען יענער, וועמען זיי פארלייגנערען דעם חוב אויף אביסיל שפעטער. — איך זעה עפיס א נוזמא מקבלים, אביונים, קבצנים, דלפנים, טויגעניכטסען, קאלעקעס מלמדים, פארצעהנ־יאהרדיגע, פאריאָהרדיגע, און היינטיגס־יאהרדיגע בעלי־הביתליך, וואס עסען קעסט. איך הער פלוצלים אויף דער גאס עפיס כלי־זמר שפילען, פריהער לויפען ווייסע חברה, הענדום פענדום, הינטען געהט א גרויסער עולם, עס ברענען הבדלות. דאָס פיהרט מען צו דער שוהל א חופה, אומגליקליך צומאכען דארט א יונגעל מיט א מיידעל, וואס ווייסען נאָך נאָר נישט פון וואס צו זאגען. ביז שפעט אין דער נאכט, זעה איך, פיהרט מען חופות, עס ווערען אפגעמאכט עפיס א נוזמא חתונות. אלטע באבעס פליעסקען, מחותנים טאנצען, דער עולם איז לוסטיג, א שמחה! — מזל טוב אייך, יודען, מיט שפאָגעל נייע אָרמע לייט! מזל טוב אייך מיט א ניי פעקיל לע־דיגגעהער! מיט נייע קאנדידאטען אויף מלמדים, אויף מקבלים, אויף באנק־קוועט־שער און אויף גילדענע אָדער יודען! מזל טוב אייך נאר מיט א פריש צעטיל פון קייטיגע גרעט: מיט אלע אייערע שמוטציגע, פוילע און פוסטע מענשעליך! מזל טוב

אייך מיט פריש-צאַפּעלדינע פּיאַווקעליך! גרייט אַן יודען, בל״ם, גרייט אַן נעלט נעלט, נעלט! —

גוואַלד, סאַלאָוויי, נענונ, נענונ צו שפּילען! עס רייסט מיר דאס הארץ, עס שפּרינגען, עס לאַפּען אין מיר אלע סטרונעס!...

8.

## זיא איז קוים לעבעדיג פון זייערע הענט ארויס.

איך האָב מיך אומגעקוקט דערנאָך צו מיין קליאַטשע האָב איך געזעהען, זיא ליגט אויסגעשטרעקט וויא אַ טויטע און סאָפּעט גאַנץ שטאַרק.

—אָך! האָט זיא צו מיר זיך אָנגערופען מיט אַ קרעכץ, זיי האבען מיך גאָר פער־מוטשעט. איך פיהל, אז אלץ וואס ווייטער נעהען מיר אויס דיא קרעפטען. אין דער צייט, ווען עס עפּענט זיך מיר אויף דאס מויל צום ריידען. ווען איך הויב מיך אן ארומצוקוקען און אלסדינג צו בעטראַכטען; דענסטמאָל הויב איך ערשט אָן צו דער־פיהלען מיינע וועהטיגען... אָך, זיי האָבען מיך שרעקליך אפּגעשוואַכט, שרעקליך קראַנק געמאַכט — איך פיהל אין מיר נישט קיין גאַנץ אבר קיין גאַנץ ביינדעל! זעהר שטאַרק האבען מיך דא ערשט פערמוטשעט עטליכע פארשוינדליך, איך בין פון זייערע הענט קוים גאַנץ ארויס מיט דעם לעבען.

—דערצעהל מיר, בעט איך זיא מיט אַ פארקלעמט הארץ, דערצעהל מיר, ווער זענין עס דיא דאזיגע פארשוינע; און וואס האבען זיי דיר געטאָן?

— העלף מיר, איך בעט דיך, אביסיל זיך אויפצוהייבען און אנצושפּארען זיך אויף דער זייט. ס׳איז עפּיס קיין דרך ארץ נישט וויא איך ליג אזוי אויסגעשטרעקט איך קען מיך, לא עליכם, אליין קיין ריהר נישט טאָן, אוי מיין קאָפּ, מיין קאָפּ!

— וואָס איז? האָב איך זיא אַ פרעג געטאָן מיט רחמנות, דער קאָפּ טוהט דיר געביך וועה?

— אוי! האָט זיא געענטפערט, עס טוהט מיר וועה איטליכס אבר, איטליכס גליד בעזונדער, מיין גאַנץ ליב און לעבען. עס טוהט מיר וועה אי דער קאָפּ, דער קאָפּ, אי דער גאַנצער פּאָדער חלק, — דער פאָרער חלק וויא אויך מחילת דער הינטער, הינטער חלק!....

— לאָז זיך פון דעסטוועגען גאר נישט אָפּ, האָב איך זיא געבעטען. מאָרגען, אז מיר וועלען זיין אין דער שטאָדט, וועל איך בעטען אַ דאָקטאָר, ער זאָל דיך בע־טראַכטען און דיר עפּיס פארשרייבען.

— אַי, אַי! האָט זיא זיך אַ חאַפּ געטאָן זעהר דערשראָקען. דערמאָהן מיר נישט, איך בעט דיך, דערמאָהן מיר נישט קיין דאָקטאָר! ווער קען נאָך אזוי וויא

איך דיא דאקטוירים, דיא קאַנאַוואַלעס מיט זייערע רפואות, מיט זיערע פאַרשריי־בעכטסען? !.... ביי זיי איז באַלד לאַזען צו דער אדער, בלוט אפצאַפּען און דורכ־ציהען זאַוואַלקעס. איך האַב שוין ברוך־השם אויף מיר א סך בלויע צייכענס פון זייער פאַרשרייבעכטס. זעהסט־דוא ביי מיר אט דיא פרישע סינאַקעס? דאָס האָט מיר נישט לאַנג געמאַכט א דניעפּראָווּיצער קאַנאַוואַל מיט זיין קליפּערגעצייג און מיט זיין פאַרשרייבעכטס. ער איז פּשוט זיך מחיה, ווען עס מאַכט זיך איהם א גע־לעגענהייט צופאַרשרייבען. עס זענין דא זעהר פיל אזעלכע דאקטוירימליך, וואס וויא באַלד נאר עפּיס א מינדסטע זאַך, א קליינינקייט, האַבען זיי שוין ליב צו שרייבען, און שרייבען אַן א מגילה, א גאַנץ גרויסען בויגען....

נאָכדעם אז דיא קליאַטשע האט וויא עס־איז זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער זייט, איז זיא געלעגען אביסיל שטיל, האט אפּגערוהט און געחאַפּט דעם אטהעם. דער־נאך האט איהר עפּיס וויא זיך איבערגעביטען דאס פּנים, געקוקט אויף מיר מיט א פּאַר קלוגע אויגען, טאַקי נאר וויא מענש, און אָנגעהויבען צו דערצעהלען מיט דיא ווערטער:

— אויב דוא ביסט אפשר א מאל געוועזן אין גלופּסק מוז דיר זיכער בעקאַנט זיין, אז נישט ווייט פון דער שטאָדט ארויסגעהענדיג, לעבין וואַלד, איז געשטאַנען איין אַלטער פּאַלאַץ, א חורבה פון א לאַנגער צייט מיט יאָהרען. דער גאַנץ גרויסער, ברייטער פּלאַץ, אויף וועלכען ער איז געשטאַנען, האָט פאַרנומען דיא אויגען מיט זיינע שיינע גערטנער, מיט זיינע פרוכטאָווע ביימער, חאַטש וויא אָפּגעלאָזען וויא ווילד פאַרוואַקסען מיט גראָז זיי זענין געוועזן. נישט איינער נאר פון דיא, וואָס פלעגען פאַרביי איהם געהען שפּאַצירען, פלעגט זיך אַלץ ווינשען, אז גאָט וועט איהם העלפען צו געווינען דעם גרויסען געווינסט, דיא צוויי מאל הונדערט טויזענט רובעל, אָדער נאר צו געפינען איין אוצר, וכדומה נאך זאכען, וואס דער אויבער־שטער קען צושיקען, דענסטמאָל וועט ער זיך אוועק־קויפען אט־אָ־דעם פּלאַטץ און דאָ שטעלען א שיין הויז. קיין בעסערס דערפון בעדאַרף מען שוין מעהר אויף דער וועלט נישט האבען. דאָ קען מען לעבען גאַנץ גליקליך צווישען גאָט און צווישען לייט. אזוי פלעגט איטליכער זיך ווינשען, און פון איטליכענס ווינשען האט, וויא דער שטיינער איז, זיך אויסגעלאזט א טייך. דערווייל איז דער אַלטער פּאַלאַץ זיך געבליבען אַלץ טאַקי א חורבה און אזוי אָוועקגעשטאַנען א היבשע צייט מיט יאָהרען.

נאר אַלסדינג אויף דער וועלט האט א צייט. אויף דעם אַלטען פּאַלאַץ איז אויך געקומען זיין צייט אויפגעריכט צו ווערען. עס האט זיך געוויזען פּלוצלים דער

גליקליכער, דער מזלדינער מענש, וואס איהם איז בעשעהרט געוועזן צו בעקומען דעם שיינעם, טהייערען פּלאַטץ. מיינסט־דוא אפשר, ער האט געוואונען, אָדער געפוּנען איין אוצר? חלילה, אפילו נישט קיין פּרוטה. אדער מיינסט־דוא אפשר, ער האט געהאַנדעלט און פּאַרדינט? נאָך א מאל, ניין, חלילה! אדרבה, וויא איטליכען איז בעקאַנט, איז ער נעביך אין האַנדעל גאָר נישט מזלדיג געווען. ער האט אין זיין לעבען עטליכע מאל אי זיינס אי פרעמד געלט, כא עליכם, אָנגעוואוירען. צו ווּעמען ער האט זיך צוגעריהרט, איז יענער ניזוק געוואָרען. א מאל האט ער זיך צוגעריהרט צו א צוקערפאבריק פון א גרויסען, בעריהמטען סוחר, איז זיא, דיא פאבריקע, מעשה שטן, פון אונטער זיינע הענט עפּיס וויא פארשוואונדען געוואָרען און איידער דער סוחר האט נאָך צייט געהאט זיך אומצוקוקען, דערווייל האט ער איהם פאַרפיהרט ביז דעם האלז וויים אין דער בלאָטע. א־פּנים נישט בכיוון, נאָר גלאַט פּשוט, ווייל ער האט אין דעם האַנדעל טאַקי קיין מזל נישט געהאט. מילא וואָס דען־זשע? נאָט האט איהם געהאָלפען אויף דער עלטער זיך אריינצודרעהען אין קהל און ווערען דער שטאַדטס בעל־טובה! קוים איז ער א געוויסע צייט אוועקגעזעסען א בעל־טובה, א דרעהער אין דעם קעסטעלע, האט רבוני של עולם איהם מיט א מאל בעצאהלט שכר פאר זיין צער, איהם בענליקט פאר זיין נוטסקייט, פאר זיין מיה נעביך און איהם מזכה געווען מיט דעם אלטען פּאלאַץ! אין יענער צייט בין איך, שלימזלדיגע שקאַפּע, געווען אין זיינע הענט. ער האט זיך א נעהם געטאָן צו מיר גאַנץ געשמאַק, מיט אלע כלים און געאַרביט מיט מיר עבודת־פּרך. ער האט מיך איינגעשפּאַנט אין וואָגען און איך, אָרימענקע, נעביך האָב איהם געמוזט אָנפיהרען אין גאַנצען דיא ציגעל און דיא לעהם אויף דעם גאַנץ גרויסען הויז, וועלכס ער האט דאָרט זיך אויסגעבויעט! אָפּגעהיט זאָל מען ווערען פון אזא בעל־הבית!....

קוים וואס איך האָב איהם אויסגעבויעט פּיתום, האָט ער מיך אין א קורצער צייט געצוואונגען, איהם אויך אויסצובויען רעמסס. אויף א גרויסען פּלאַטץ, אין מיטען דער שטאָדט, וואס איז אוועקגעשטאַנען ליידיג א סך יאָהרען, אהינצו האָב איך איהם געמוזט ווייטער אָנפיהרען לעהם און ציגעל, אויסצובויען א גרויסען מויער מימז א סך קלייטען.

שווערער נאָך פון לעהם און ציגעל איז מיר געווען צו פיהרען עפּעס א פאַר־פרומטען ספּאָדיק מיט זיין גוטער כנופיא, וואָס זיינען געווען צוזייעט, צושפּרייעט אין פערשיעדענע שטערטלעך און בעהיזען זייערע וואונדער אין עבודת הבורא. איך האָב געהאַט דאָס לויפעניש, איטליכען בעזונדער אָפּצופיהרען דעם רח״ש און אלע

בעדערפעניש, וואס מען בעדארף האבען צום לעבען. מען פלענט מיך אנלאדען מיט משא און אלץ טרייבען, טרייבען. איך האב עס נאר קיין כח ניט געהאט אויסצושטעהען !.... נאך א פעקיל האב איך אויף מיר נעהאט, זעהר א ביטער פעקיל, וואס פון איהם מענסט דוא הערען.

ערגעץ אין א שטעדטעל, דארט לעבען א נעוויס טייכעל, לינט דארט פון הונ־דערטער יאהר בעגראבען עפעס איינער, א גרויסער למדן. פון כמה שנים האט מיט איהם איטליכער דארט זיך מיחס געווען, נאר דערביי טאקי איז מען נעבליבען. פלוצלינג וויזט זיך אויף דעם מייעריל, וואס אויף זיין קבר, א נר־תמיד, דאס הייסט א לעמפיל, אין לעמפיל עהל מיט א קניימעל, וואס ברענט כסדר. מיילא, דאכט־זיך, וואס איז אזוינס א לעמפיל ? ווען מען נעהט עס אן ? מיר אבער האט עס געקאסט נעזונד און לעבען. דיא דאזינע פערזאנען, וואס האבען אויס־נעטראכט דאס לעמפיל און אנגעהויבען ביי איטליכען, סיי ביי הינע, סיי ביי פרעמדע, דורכפאהרענדינע אורחים, צו שלעפען געלד אויף עהל, אט זיי האבען מיך דערטאפט אין זייערע הענד. און אין דער צייט, וואס דיא דאזינע לייט האבען זיך מתעסק נעווען אין דער מצוה, דערווייל האב איך, שלימזלדינע, נעפיהרט און נעפיהרט צו זיי א היים, אויך אין זייערע קליימלעך פון אל־דאס־גוטס : גאנצע פעסער עהל, פעסלעך הערינג און מאסלינעם וכדומה נאך סחורות, ועלכע א קליים בעדארף צו האבען. פון יענעם לעמפיל איז מיר וויסט און פינסטער געווארען אין דיא אוינען!...

איך בין קוים לעבעדיג פון זייערע אלעמענס הענד ארויס. נאר מיר אבער איז שוין אזוי בעשעהרט, אלץ צו הארעווען און אויסצושטעהען אויף דער וועלט פון איטליכען שלאק בעזונדער. אזעלכען, צו וועמען דער רוח האט מיך דערנאך פאר־טראגען, האב איך געזעהן דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען. דיא משא, וואס ער האט אויף מיך אנגעליינט, איז בממשות ניט געווען אזוי שווער. עס האט אבער נעהאט א שרעקליכען נפוח, א נפוח־זאך איז א סך ערגער צו־פיהרען וויא לעהם מיט ציגעל, וויא פעסלעך הערינג מיט עהל. ער האט מיך עפעס מיט אלערליי נעדרוקטע בלעטער בעדעקט אין גאנצען אזוי, אז פון דיא בלעטער האט מען נאר געזעהן ארויסשטעקענדיג לאנגע אויערען און מחילה אן עק. מען האט זיך געהאל־טען אין דיא זייטען לאכענדיג פון דעם, וואס איז דארט נעשטאנען נעשריעבען. עפעס האט מען שטארק חוזק געמאכט פון איהם נעביך, פון מיר נעביך און פון אונז ביידען. ער, א וואונדער חלעבען, איז געווען גאנץ רוהיג. אויב ער האט זיך ניט וויסענדיג געמאכט, אדער האט ער אפשר טאקי ניט פערשטאנען. וויא דיא מעשה איז שוין דארט געווען, ער איז ביי זיך געווען שטארק. מיר אבער, מעשה

שמן, איז דיא זאך זעהר ניט אנשטענדיג געווען, מיר איז שרעקליך ניט געפעלען, מען זאָל פון מיר, צוליעב איהם, לאכען. היינט האָט מיר טאקי אויך געריסען דאס הארץ אויף איהם נעביך, פאר וואס זאָל מען איבער איהם אזוי זיך לוסטיג מאכען? א מענש, וואָס כמעט נישטאָ איין זאך, אפילו א קלייניגקייט, אין וועלכער ער זאָל זיך ניט אריינמישען, טאקי נאָר פאר גוטסקייט, חאָטש מען האט איהם גאָר ניט געבעטען; א מענש א בעל סוד, און אז ער ניט שוין יאָ ארוים עפּעס „סודות“ אָט אין דרינען טאקי לינט ערשט א סוד, עס איז זיכער ניט אומזיסט.... אזא גוט פראָסט מענשעל אָהן שום חכמות זאָל זיין אזוי צו געשפּעט! חלעבין א רחמנות. וויניג מיינע צרות האב איך נאך געמוזט ליידען אויף זיינע, נענוג בין איך א שלימזול, האָט מיר דער רוח בעשעהרט נאך א שלימזול. איך האָב גע-האט גענוג אויסצושטעהן אי פאר מיר אי פאר איהם! טאטשקעס וואָלט איך איהם באַדאי געפיהרט, אבי ער זאָל מיך בעפרייען פון אזא נפוח און פון לייטישע געלעכטער. איך וואָלט מיך געוועזן גליקליך געשעצט, ווען ער זאָל אויף מיך ברוגז ווערען און מיך פערקויפען, איבערגעבען אין אנדערע הענד. דאס אייביגע לעבען וואלט איך איהם געוואונשען, עס וואָלט בעסער געווען פאר אונז ביידע. מעשה שמן אבער, בין איך איהם שטארק געפעלען. עס איז איהם א פנים אריין אין טעם.... איין קול, ער האט מיך ליעב, ער האָט מיך ליעב! עס פלעגט מיר אזוי ניט גוט ווערען נאָר צום ברעכען, הערענדיג תמיד אזעלכע רייד, ניט היינט געדאכט! עטליכע מאָל בין איך געצאָלען מיט דעם גאנצען נפוח און מען האט אונז שוין א צייט לאנג ניט געזעהן שלעפּען זיך אויף דער וועלט. ער אָבער פלעגט זיך מאכען הארץ און אויף נאָטס בעראטה אָנהויבען אויף דאס ניי צו מאכען מיט מיר דיא קאָמעדיע. אז דער רוח האט מיט מיר און מיט איהם שוין גענוג זיך אָנגעשפּילט, גענוג זיך אָנגעלאכט און לוסטיג געמאכט דעם עולם, האט ער מיך געהאַפּט און אריינגעגעבען נאך צו אזעלכע מיני שלעק אין דיא הענד אריין, וואָס האָבען מיט מיר געמאכט דיא שפּיל, אויך טאקי מיט דעם איינענעם נפוח, נאָר אויף איין אנ-דער שטיינער. יענער, וויא דיא מעשה איז שוין דאָרט געווען, האט נאך פּאָרט געהאט הארץ, ער איז געווען נישט אזוי שלעכט, חלילה, וויא א טפש. אז־אָך־און־וועה איז איהם נעביך געווען מיט מיר אין איינעם. ער האט נעביך געמיינט דאָס שטיקעל פרנסה. יענע לייט אקעגען זיינען פערקעהרט, ניט אזוי קיין טיפּשים וויא שלעכט, האָבען געמיינט אי דיא יניקה פון מיר און דערמיט צוגלייך אויך אָנצו־טהאָן מיר צרות מיט דעם נפוח. לאָז אזעלכע וויא איך פארלירען דעם כח, קיין דיא ערד, קייכען און...

מיין שלימזלדיגע שקאפע האט ביי דיא לעצטע ווערטער זיך שטארק פארקייכט, צוהוסט, נישט געקענט חאפען דעם אטהעם. איך האב מיך אויף פארהוסט און וויים אין דעם וואלד האט זיך אפגערופען א הוסטענדיג קול.

.9

## א צער בעלי-החיים!

נאכדעם אז דיא שקאפע האט אפגערערצעהלט איהר מעשה, האב איך פון דעם גאנצען הארצען א זיפץ געטהאן און ווידער זיך פערטראכט.

— עפעס טראכסט דוא מיר היינט צופיעל! האט דיא שקאפע צו מיר זיך אנגערופען. דוא ביסט עפעס זעהר צוטראגען, לייג זיך צו שלאפען און רוה זיך חלעבען אויס א ביסעל.

— איך זאל שלאפען?! טהו איך א זאג מיט פייער. איך זאל שלאפען בשעת דוא ליידסט, בשעת דוא קרעכצסט, בשעת דיר טהוט וועה איטליכעס אבר?! איך זאל שלאפען אין דער צייט, בשעת דוא בעדארפסט האבען הילף, בשעת דוא קענסט זיך נעביך אליין פון דעם ארט נים ריהרען און מוזט האבען עמיצען, וואס זאל דיר העלפען אביסעל זיך אויפצוהויבען, זיך צו שטעלען אויף דיא פיס?! אמת טאקי, איך בין נייעט דער מענש, וועלכען דוא בעדארפסט איינענטליך האבען אין דיין נויט. וואס קען אזא שלאף מענשעל, וויא איך, דיר העלפען? וואס, מישטעהנעס געזאגט. איז אין גאנצען מיין כח? קוים וואס איך האלט מיך אליין אויף דיא פיס. מען קען מיך מיט א בלאז אומווארפען. דוא בעדארפסט האבען איינעם א שטארקען, א בר-יכולת, א געזונטען און א געניטען. נאר כל-זמן אבער דער איינער איז נאך ניטא, כל-זמן דוא האסט נים קיינעם, טאהר איך מיך נישט מאכען נים וויססענדיג און מיך לייגען שלאפען. איך מוז אנווענדען אלע מיינע כחות דיר נעביך האטש עפעס מיט וואס ס'איז צו העלפען. ניין, חלילה, וויא טאהר איך, וויא קען איך שלאפען? איך, זאגסט דוא, זאל רוהען! אדרבה, איז מעגליך צו רוהען נאך אלסדינג, וואס איך האב געהערט און געזעהן? קען איך רוהען, אז אזעלכע גרויסע צרות שטעהען פאר מיינע אויגען, אז דאס גאנצע פעקיל ליידינ-געהער, בלוטזויגער פארשלאגען מיר דעם קאפ און דרעהען זיך פאר מיר, וויא שרעקליכע מחנות היישרעקען? אט אט, דאכט זיך מיר, פאלען זיי אן, צונעהמען זיי מיר אויף שטיקלעך; אט נים איטליכער נאר א קליינעם ביס, עסען זיי מיר אויף און עס בלייבט פון מיר נישט קיין שריד ופלים. ניין, זאג איך דיר, איך וועל נים שלאפען, איך וועל נישט רוהען!...

— דוא רעדסט, האט מיין שקאַפּע געזאָגט און געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ, דוא רעדסט מיט פייער וויא א יונגער מאן, זיי מיר מוחל ; וויא איינער, וואס האט ערשט געענדיגט דיא קלאַסען, געוועהנליך מאַכען זייא גיכע בעקאַנטשאַפטען און ווערען צו איינעם וויא צוגעזאָטען, עס טראָגט זיי אונטער דאַס מינדעסטע פּיטצעל עולה, זיי ווערען אש־להבה, ריידען פאַר פייער, פאַר וואסער, נעהמען זיך אין קאָפּ אריין פוסטע זאַכען און מיינען, אז זיי וועלען דיא גאַנצע וועלט איבערשטעלען.... איך האב שוין אין מיין לעבען א סך אזעלכע געזעהן ; דערנאָך אז זיי ווערען א ביסעל עלטער, קומען אין דער וועלט, הויבען אָן צו פּיהלען דאגת־פּרנסה, דענסט־מאָל לאזען זיי אַראַפּ דעם נאָז, עס נעהמט זיי אָפּ דאס לשון, און חוץ זייער איינענעם אינטערעס געהט זיי ווייטער קיין שום זאך נישט אָן. עס איז נאָך חאָטש גוט, אז זיי אליין בלייבען עהרליך, פערקויפען נישט דעם אמת פאַר א גראָשען און שטעהן נישט צו צו יענע לייט, מיט וועלכע זיי זיינען פריהער געווען קאַנטרע, פאַר זייערע קרומע גענג ; עס איז נאָך גוט, אז זיי לויבען נאָך חאטש נישט דיא דאזיגע לייט פאַר דער גאַנצער וועלט און זידלען נישט אָפּ, שיטען נישט אָפּ מיט פריסעק זייערע פריהערדיגע גוטע פריינד.... מיט דיר וועט עס אויך אזוי געהן. אַצונד ביסט דוא יונג, הייס וויא פייער, שפּעטער א ביסעל וועסט דוא זיך אָפּקיהלען, וועסט מיך פערגעסען און גאַנץ רוהיג שלאָפען, וואס וועט דיך אנגעהן אזא בידנע שקאַפּע ? שפּעטער, נשקשה, וועסט דוא ווערען סעלטער און שטילער. דאס איז שוין אזוי על פּי דרך הטבע אי ביי מענשען אי ביי בהמות. קוק א שטייגער אָן א מינדסטע קעלביל, וויא אזוי שטאַרק זיא דריגעט מיט דיא פיסלעך, וויא אזוי שטאַרק זיא פאַררייסט דעם עק און שפּרינגט, נאָר א מחבל. קוק זשע אבער דאס איינענע קעלביל טאַקי אַן שפּעטער, ווען עס ווערט איין אקס, וויא שטיל עס איז, וויא עס נעהמט איינבויגענדיג דעם קאָפּ אין דעם יאָך. וואס מאַכט עס אויס ? איטליכער חלעבין ווערדט שפּעטער איין אקס....

— חלעבין ! האב איך זיך אנגערופען נאָך מיט מעהר פייער, דוא האָסט אין מיר, חלעבין, א טעות ! אי דוא זאָלסט וויסען, וואס ביי מיר אין הארצען איז, וואס איך האב שוין פאר דיר געטאן און דיינק נאָך עפּיס ווייטער צוטאָן !

— „וואס דוא האסט געטאן און וואס דוא דיינקסט ווייטער צוטאן!" רופט דיא שקאַפּע פאַרוואונדערט זיך אָן. דערצעהל אדרבה, דערצעהל, לאמיר הערען.

איך האב אקעגען א פאַר מינוט זיך געבאַברעט אין דער בוזעם־קעשענע און ארויסבעקומען פון דאָרט געשריבענע פּאַפּירען.

אָט דאס, טאָך איך מיט איין ערענסט פּנים, ארויסנעהמענדיג א בויגען פּוּן

דיא פאפירען, אָט דאס וועט דיר בעווייזען, אז איך האב ליב טאקי צו מאז, נייער נאר אָפקומען גלאט מיט ריידען אליין, אזוי וויא אנדערע. דאס איז מיין בריעף, וואס איך האב מכח דיר, פארשטעהסט־דוא מיך, געשריבען צום קאָמיטעט פון דער חברה „צער בעלי החיים“, נאָכדעם אז איך בין בעקאנט געווארען מיט דיין ביטערער לאגע.

דיא שקאפע מיינע שטעלט אויף דיא אויערען און איך לייען איהר אויף א קול מיין בריף מיט דיא ווערטער:

„דיא מדה פון רחמנות איז אזוי גרויס און אזוי שטארק אין דער מאדע היינטיגע צייטען, אז מענשען האבען אנגעהויבען רחמנות צוהאבען, נישט נאר אויף מענשען אליין, היינו: זיי נישט פיינט צו האָבען, נישט צו פייניגען, נישט צו פארדרעהען זיי דעם קאָפּ מיט דעם לעבען, וויא אין דיא אלטע יאָהרען, נאר איטליכען צובעטראַכטען פאר א ברודער, פאר א חבר, פאר א פריינד, נאָר קיין שום חילוק נישט צו מאכען פון וועלכער לאנד און פון וועלכע נאמנה ער מעג זיך זיין; נישט נאר מיט מענשען אליין, זאג איך, האט מען היינט אָנגעהויבען זיך צובענגעהען מיט רחמנות און מיט מענשליכקייט, נאך מעהר אפילו מיט בהמות, אפילו מיט זיי בענעהט מען זיך היינט מיט בארמהערצינקייט און מען בעטראַכט זיי פאר גאטס בעשעפעניש, און וואס דעריבער פארדינט טאקי מיט רעכט היינטיגע צייט דעם נאמען: „דיא צייט פון מענשליכקייט“.

— מליצה, מליצה, מליצה! פאלט מיר דיא שקאפע אריין אין דיא רייד מיט געשפעט. זעהר שיינע מענשליכקייט! האסט געזעגט אויך צושטעלען. אז היינט נעהמט איינער ביי דעם אנדערען ארויס דאס לעבען זעהר גרינג, גיך און באלד, מיט גוטע ביקסליך און קלוגע המצאות, וואס דער בארמהארצעדיגער דור האט, לטובה פאר דיא מענשען, אויסגעטראַכט!

— ווארט נאר ווארט, שריי איך פארפלאמט, און לאז זיך דינען! וואס טויג מיר, וואס דוא רעדסט! הער אָקאָרשט ווייטער, ווייטער. און זיי מיך נאר נישט מבלבל. ביי וואס בין איך געבליבען שטעהען? יאָ ביי דעם:

„היינטיגע צייט פארדינט מיט רעכט דעם נאָמען: דיא צייט פון מענשליכקייט.“ דער כבוד פאר אזעלכע מדות טובות קומט אייך, רבותי, אייך, טהייערע, דימענטינע און גוטע מענשען, אייך פיהרער פון דער בעריהמטער חברה „צער בעלי החיים“! דורך אייך זענען דאָך געהאָלפען געוואָרען אזוי פיל לעבעדיגע בעשעפעניש, אזוי פיל בהמות, אזוי פיל עופות, דורך אייך בענעהמט מען זיך שוין היינט מיט זיי בעסער, מענשליכער. אוים מאָדע, פייניגען, שלאָגען, אנטאן לייד! אומעטום,

אויף אַלע וועגע, אויף אַלע שטרוזען, אין אַלע שטעדט, אין אַלע דערפער, אין אַלע לעכער, זענען דאָך היינט דאָ אייערע באַרמהערצערדיגע משולחים, גוטע, פאַרשטענדיגע חברה־לייט, וואָס גיבען גוט אכטונג און רעכנען זיך מיט איטליכען אָפּ פאר א מינדסטע בעליידיגונג. חלילה־וחס מען זאל היינט בעליידינען!....

— מליצה, מליצה, מליצה! האט דיא שקאפּע ווידער איבערגעשלאָגען מיר דיא רייד מיט א גרויס געשפּעט. אז וואויל איז אייך, לעבעדיגע בעשעפעניש! אז וואויל אייערע קינדער, וואס איהר לעבט אין אזא דור, וואָס גוטע חברה־לייט זאָרגען זיך פאר אייך! טאַנצט בהמה'ליך, טאַנצט!.... אין דער באָינע, זיי מוחל, גנעה אריין, וועסט־דוא הערען א קאָנצערט, וועסט הערען און זעהען, וויא היהנער, געגז, אינדיקעס וכדומה זינגען, שפּרינגען און צאַפּלען זיך פאר גרויס פרייד! דארט שטעהט נאטס בן־יחידיל, דער מלך פון אלע בעשעפעניש, עפּיס א שוחט'ל, א פרום מענשיל, ער מאכט א ברכה, גיט א חיק א האהן, און באלד טאקי, אין דער הייסער רגע, פליקט ער איהם אויס דיא גאַנצע פעדערען. דער האָהן שרייעט אָמן אויף א קול, און פארגעהט זיך אזש פאַר גרויס תענוג. ער וואַרפט זיך, ער צאַפּעלט־זיך נאַקעטערהייט, א מאל טאקי א גאַנץ היבשע צייט, ביז דיא נשמה געהט איהם אויס, און אויסגעהענדיג טוהט איהם משונה הנאה, וואָס ער האט א זכיה, אין איינעם מיט אלע היהנער פון דער שטאדט איבער צולאזען זיינע פעדערען בירושה דעם גוטען, דעם פרומען, דעם באַרמהאַרצעדיגען שוחט'ל.... גענוג אָנגעפּאַקטע זעקליך מיט פעדערען האב איך געביך אין גלופּסק, ביי דיא שוחטים, איבערגעפיהרט. פון דער דאָזיגער ירושה, אזא טהייערע, גילדערנע ירושה— אָדער וויא ביי זיי הייסט עס חזקה־פעדערען — האב איך ג' נוג געשוויצט גוט פארשוואַרצט געוואָרען, עס טוהט מיר פון איהר וועה דיא ביינער!

— עט. עט! האב איך זיך אָנגערופען, פאַרפלאַמט און פאַרפּאַליעט פון דעם לייענען. עט, וואָס איז דאָס פאַר א שייכות? דוא פאַרשטעהסט חלעבין נישט דעם גאַנג פון שרייבען, האסט דרינען נישט קיין געפיהל הער בעסער ווייטער, ווייטער, וואס ווייטער שטעהט געשריבען! שווייג בעסער און הער מיט קאָפּ, וואָס איך לייען. אָט וואָס איך שרייב ווייטער:

„און אזוי וויא איך האָב דעם כבוד אויף דאס גרויסע גליק אייגגעקויפט צו זיין אין דער חברה, בכן איז אויף מיר מוטל אייך צו מעלדען מכח גאָטס א בעשעפעניש, וואס עס האט עפּיס גאר קיין נאָמען נישט, וואס איך וויים אסור אליין נישט, וויא איך זאָל עס אייך דאָ אָנרופען. זאָל איך עס אָנרופען קליאטשע, אין עס דאכט זיך — לאָכט נאָר נישט, איך בעט אייך — איז עס עפּיס א מענש,

לאמיר זשע עס אָנרופען מענש, איז עס, דאַכט זיך, א קליאַטשע! נאָך א מאל, רבותי, לאַכט פון מיר נישט! איך טראַכט עס נישט אויס פון דעם קאָפּ. פּשוט איז פּשוט דאס מין בעשעפעניש לעבט אויף דער וועלט. עס איז א קליאַטשע, נאר עפּיס האט עס געפיהלען און אלע פּאָסטעמקעס, אקוראט וויא א אמענ׳ש. אז מען זאל דאס נעהמען על פּי חקירה, קען מען אפילו אויסווייזען, אז „אין כל חדש תּחת השמ ־״, דאס הייסט, אויף דער וועלט טרעפט זיך אזעלכע זאכען. וואס זענין דען געווען דיא פּ אַ ר י ע ר, א שטיינער, און אינדיען? טאקי עפּיס מיני מענשען, פאַר־רעכענט אזוי פיל חיא דיא הינט... וואס זענין דען געווען יענע, וועלכע עס האבען א מאל געאַרבּייט „פּאַנשטשענע״ — דאָרט אין אַמעריקאַ? אויך עפּיס נישט קיין מענשען, נישט קיין בּהמות, נים־דא געדאַכט! וואָס בעדאַרפט איהר מעהר, האָט דען ערשט נישט לאַנג איינער א גרויסער יעזואיט, פּאַטער בּ ו ר ג ש ט א ל ל ע ר אין דער שטאדט פעלדקירך, פאר גרויס כעס נישט געשטעלט דעם בעריהמטען חכם א ל ע ק ס א נ ד ר פ אָ ן ה ו מ ב אָ ל ד ט אין דער מדרגה פון דיא בהמות? ער האט פּשוט געמאַכט דעם דאָזיגען חכם פאַר א פיה, פאַר א בהמה! א נס וואס מען האט בעצייטענס זיך ארומגעקוקט, זיך שטארק אויסגעלאַכט, איז דערפון גאָרנישט געוואָרען.... נאר איך וויל מיך דאָ אָבער נישט אריינלאָזען אין חקירות, אין דיא הויכע דרכים. אזוי צו אזוי, נאר הנה זייט וויסען, אז אין אונזער קאַנט איז דאָ א מין בעשעפעניש, וואָס עס קומט נעביך שרעקליך אָפּ. דער וואָס בעדאַרף אַרבּייט דערמיט מעשים, האָט פון דעם הנאה; עס געהט אין דעם יאָך און טראָגט משא איבער דיא קרעפטען. פון־דעסטוועגען בענעהמט מען זיך מיט איהם זעהער שלעכט, היינו: מען האַלט דאס בעשעפעניש אפּגעזונדערט פון דער שטאָדט־טשערערע, גלייך וויא עס איז א זאראַזע. לאָז עס ערגיץ חאַפּען א לעק, עפּיס א ביסען, רייצט מען אן הינט, מען שרייעט גוואַלד, עס געהט אין שאָרען און עס שיטען זיך אויף דעם שלימזל קלעפּ פון אלע זייטען. א סך חברה־לייט זעהען עס צו און — א חידוש! — זיי מאכען זיך ניט וויסענדיג גלייך וויא אזעלכס איז הפקר און גהער זיך כלל מיט דער חברה נישט אן. איך האב מיך געפּריווט א פּאָר מאל פאַר איהם ארויסשטעלען זיך, האב איך געהאט מ׳ין עהרליך אויסקומע־מעניש. גוואַלד, וועל איך שרייען, וואס טוהט זיך דא אַזוינס?! אנגענומען אין דע־ סברא, אז דאס בעשעפעניש, פון וועלכען איך שרייב דא, איז טאקי נישט מעהר וויא א קליאַטשע, אוועקגעלייגט שוין אלע אנדערע זאכען אין דער זייט, אבער פארט איז זיא דאך גאַטס א בעשעפניש, נישט ערגער פון אנדערע קליאַטשעס. עס איז אויף איהר נעביך אויך א צער בּעלי־החיים!....

און איהר בארמהארצעדינע נבאים פון דער טהייערער חברה, וואס אייער רחמנות איז אזוי גרויס אויף אלע חיות, אויף אלע בהמות, דערבארמט אייך אויף דער וייסטער, אומגליקליכער קליאַטשע! שטעהט איהר ביי אין איהרע נייטען און נעהמט זיך אן איהר קריוודע. שפרייעט אויף איהר אויס אייערע פליגלען און לאָז זיא דורך אייך אויך געהאלפען ווערען. לאז זיא, שלימזלדיגע נעביך, אויך וויסען אז היינטיגע צייט איז נישט מעהר הפקר א וועלט. עס איז דא א חברה „צער בעלי־החיים!“

## 10.

## ווער איז איהר שולדיג?

דיא לעצטע ווערטער פון מיין בריף: „היינטיגע צייט איז נישט מעהר הפקר א וועלט, עס איז דאָ א חברה צער בעלי החיים!“ האב איך אויסגעלאזט אויף א קול, אזוי הויך, אזוי שטארק, אז עס האט אזש געהילכט אין דעם גאנצען וואלד, גלייך וויא דיא אלע בעשעפעניש דארט האבען אנגעקוואלען הערענדיג אזעלכע ווערטער, פאר שמחה זיך ארומגענומען, איינער דעם אנדערען געזאגט מזל טוב מיט אזא גוטער בשורה און א געשריי געטאָן; עס זאָל לעבען און געזונד זיין דיא חברה צער בעלי־החיים! דעם נאמען פון דער חברה האב איך באמת געהערט זיך אפרופענדיג גאנץ קלאהר אין דעם וואלד. דיא שקאפע אבער האט געשוויגען, געשאקעלט דעם קאפ און געקוקט אויף מיר מיט א שמייכעלע, עפיס וויא איינער זאגט; אי, ביסט דוא א לעקיש!... מיך האט דאס אפילו אביסיל פארדראָסען, איך האב אבער ביי מיר גע־טראכט: עט, זיא האט אין שרייבען א קליינע ידיעה... פארט, לא עליכם, אזוי פיל יאָהר א קליאַטשע.

איך האב מיך א קראַטץ געגעבען אין דער פּאַטיליצע, צוגומען נאך א בויגען פאפיר און געלייענט דאס, וואס דער קאָמיטעט פון דער חברה האט מיר געענט־פערט.

„אין אונזער תשובה אויף אייער בקשה מכח דער קליאַטשע, אדער דעם בעשע־פעניש, וואס מיר קענען גארנישט פארשטעהען, וואס פאר א מין שלימזל דאס איז, זענען מיר, קאמיטעט פון דער חברה „צער בעלי־החיים“ אייך, ליבהארצעדיגער הער, מודיע, אז חוץ אייך זענען שוין צו אונז אנגעקומען א סך פראָשעניעס פון פאר־שידענע מענשען אליץ מכח דער דאזיגער קליאַטשע. א טהייל קלאָגען זיך אויף דיא דאָזיגע, וואָס פייניגען זיא, בעשרייבען איהר שעלכטע לאגע און בעטען רחמים, אז מיר זאָלען געבען בפירוש א בעפעהל צו אונזערע חברה־לייט, אומעטום, וואו דיא קליאַטשע געפינט זיך, זאל מען מיט איהר זיך בעגעהען מענשליך, אזוי וויא מיט

אלע אנדערע בהמות און בעשעפעניש, וואס שטעהען אונטער אונזער שוטץ, נאָר אָהן א שום אונטערשייד ; מיר זאָלען איינמאָל פאר אלע מאל אנזאגען, אז אין דעם דין פון רחמנות זענען נכלל אלע בעשעפעניש גלייך, אפילו דיא קליאַטשע אויך, און ווען מען וועט זעהן וויא עמיצער בעהאַנדעלט זיא שלעכט, זאָל מען מיט איהם טאַקי אויף דעם אָרט זיך אפּרעכנען כפי הזאַקאָן. צווישען דעם דאָזיגען טהייל געפינען זיך אויך אי אזעלכע, וואס מאַכען פון דער קליאַטשע א גאַנצען פירוש, פלאַפּערען און פּלוידערען איבער איהר עפּיס משונה ווילדע הגדתות, פונקט מחילה, וויא איהר, ליבּהאַרצעדיגער האַר. אקטנען־זשע ווידער א טהייל שרייבען פאַרקעהרט. „איהר קענט נישט און איהר בעדאַרפט נישט“, זאגען זיי צו אונז, „זיך אויפ־שטויסען מיט דיא דאזיגע, וואס דערלאַנגען אזעלכער א מאָל א קלאַפּ. דער קלאַפּ איז זעהר נעהטיג, מען קען נישט אויסקומען אנדערש“. לויט זיי זאגען, פיהרט זיא זיך אויף עפּיס זעהר ווילדע, איהר גאַנצער הילוך איז נישט וויא עס בעדאַרף צו זיין. וויל מען זיא איינשפּאַנען, וווא דער שטיינער איז, שטעלט זיא זיך אויף דובאָם, זאַנט קוממיות, — פאַרקוקט מען זיך א מאָל, שפּרינגט זיא ארויס פון דיא האָלאָב־לעס, וואַרפט פון זיך אראָפּ דיא גאַנצע משא. האָט ליב שטילערהייט א בריק צו טאָן, א בּיס צו טאָן קליינע קינדער. זיא מוז אויף זיך האָבען א בייטש, אהן א שמיטץ איז נאָר אוממעגליך מיט איהר אויסצוקומען. היינט דערצו איז זיא נאָך אומריין. עס הייננט איהר נאָך א לאַנגע קאַלטענוואַטע נריוועֹ, עס יאַטרעט זיך איהר עפּיס אויף דעם קאָפּ, איז יאַרעשליווע. מען קען זיא אויף קיין סברא נישט לאָזען זיין צווישען אנדערע פערד, זיא וועט זיי נאָך זיכער זאַראַזען. און וואס צום ארבּייטען איז נוגע, טויג זיא בשום אופן נישט צו איטליכער ארבּייט, נאָר עפּיס צו געוויסע, נישט קיין שיינע מלאָכות. צו דיא אלע מעלות האָט זיא נאָך שטאַרק ליב צוגעהען אין שאַדען, נישט איינמאָל פאַרנעהמט מען זיא צווישען תבואות, וואס זיא פרעסט, צוטרעט זיי און טהוט דערמיט דיא פּויערען נעביך שרעקליכע הזקות אָן, בשעת אנדערע פערד, א סך שעהנערע, בעסערע פון איהר, פיטערען זיך גאַנץ פיין, וויא עס געהער צו זיין, אויף דעם גרינעם גראָז. עס איז דעריבער מסוכן אזעלכע צו האַלטען אין דערפער. איהר בעדאַרפט אייך חלעבין נאָר נישט ווייסענדיג מאַכען, נישט זוכען זיך צו יענעם, וואס איז א מאל זיא מכבד מיט א קלאַפּ. נישט אויף איטליכען קען דיא חברה רחמנות האָבען. זיא פאַרדינט נישקשה דעם קלאַפּ. זיא איז איין אנשיקעניש, א פּלאָג פון זיין ליבען נאָמען !“

ביי דער קליאַטשע נעביך האָט זיך ארויסגעריסען א זיפץ טיף פון דעם האַר־צען. זיא האָט אויפגעשטעלט דיא אויערען. אויפגעעפענט דאָס מויל, הערענדיג

אזעלכע מסירות, אזעלכע בלבולים אויף איהר. איך האב אביסיל כּפסיק געווען, בכדי צו חאפּען דעם אטהעם. דערנאך האב איך ווייטער געלייענט:

„נאכדעם אז מיר, קאָמיטעט, האבען גוט אויסגעהערט ביידע צדדים און פון אונזער זייט אויך פארנומען וועגען דער קליאטשע שטילערהייט „סוויעדיענעס" דורך אונזערע חברה-לייט. האבען מיר דיא גאנצע „דיעלע" מכח איהר מיט אלע פּאפּירען איבערגעגעבען א בעזונדער קאמיסיע, זיא זאל עס ריכטיג בעקלעהרען און געפינען גוטע מיטעל, וויא מען זאל דיא זאך פארבעסערען. דיא קאמיסיע האט אין דער זאך שטארק געאַרבייט און פון איהר זייט אויך חוקר ודורש געווען ביז זיא איז ברוך השם געקומען אויף א שטיינער.

— עס וועט שוין א מאל איין עק א סוף נעהמען דיא פּוסטע רייד ? האט דיא קליאטשע א פרעג געטאָן, עס ווערט חלעבין נישט גוט הערענדיג.

— נישקשה, ווערסט באלד הנאה האבען, האב איך געענטפערט און ווייטער געלייענט :

—אין איהר „דאָקלאד" האט דיא קאמיסיע אונז פאַרגעלייגט איהר חות-דעת מיט דיא דאזיגע ווערטער : קודם-כל, זאגט זיא, זאל מען דער קליאטשע אראפּ־נעהמען דיא קאלטענעס, לאז זיא באמת ווערען אביסיל ריינער. בבדי אויסצומיידען א סך סכסוכים וועגען דעם ענין און צופארבעסערען איהר צושטאנד אויף להבא, מוז מען נאך אונזער מיינונג, זעהען, זיא זאל נישט זיין אזוי פארגרעבט, מען בע־דארף איהר שטעלען א גאנג — זיא בילדען און אויס־לעהרנען וויא צו שטעלען א פּוס און נאך זאכען, דענסטמאל ערשט לאז זיא זיך בענוטצען מיט אונזער רחמנות ; ערשט דענסטמאל, אז זיא וועט קענען דיא אלע קונצען, וועלכע מען פארלאנגט פון א געלעהרענטער קליאטשע, דענסטמאל וועט דיא חברה איהר ביישטעהן אין נישט צולאָזען, מען זאָל זיא גראָב בעהאנדלען, דערווייל מוז מען אבטונג געבען, אז פון דיא פעלדער מיט תבואות לאז זיא, בכל האופנים, זיין אביסיל דערווייטערט. טאקי פון איהר טובה וועגען. דאס הייסט, וויא דיא מעשה איז, געהט זיא, אדער געהט זיא נישט אין שאָדען, דערווייל לאָז מען אייף איהר נישט אנפאלען....

„דער דאזיגער פלאן פון דער קאמיסיע איז אנגענומען געווארען און מיר האבען שוין פון אונזער זייט געטאָן אלכדינג, וואס מעגליך איז, איהם, מיט גאָטס הילף, אין קורצער צייט אויסצופיהרען.

„אינדעם אז מיר זענין אייך דאס מודיע, קענען מיר זיך נישט איינהאלטען נישט צו דאנקען אייך, בארמהארצעדיגער האר, פאר אייער נעטריישאפט, מיט וועלכער איהר דינט תמיד דער חברה, און פאר אייער גרויס רחמנית, מיט וועלכער

איהר זאָרגט זיך שטענדיג פאר דיא אומשולדיגע, אומגליקליכע בעשעפעניש נעביך. דער קאמיטעט נישקשה האט איין אוינ און פארשטעהט אזעלכע ניטצליכע מענשען וויא איהר צו שעטצען. א. ז. וו.״

מיין קליאַטשע איז געלעגען שטיל און נאָך דעם לייענען מעהר נישט גערעדט קיין ווארט. איהר דאזיגער שטילשווייגען האט מיך איבערגעשראָקען. עס איז מיר אִיבערגעגאנגען אין דער מחשבה, טאמיר האט איהר דאס לשון אפגענומען. באלד וועט פון דער העלער הויט עפּיס א לץ ארויסשפּרינגען און מיט איהר פארשווינדען ווערען. פלוצלים האב איך טאקי דערהערט עפּיס א קול אין וואלד און בין פאר־ציטערט געווארען. וויים איך וואס אין א וואלד קען זיך מאכען! אפשר איז עס א נישט גוטער, אפשר א וואלף און אפשר גאר א גזלן! איך האב מיך א חאפּ געטאן צו דער בוזעם־קעשענע, זיך ארונטערגערוקט בעסער אונטער דיא צווייגען און געזע־סען איז שרעק, אין איינע צרות. דאס קול האט ווייטער ווייטער געלאזט זיך בעסער הערען און נאָך אין א פאר מינוט איז פון דעם וואלד ארויסגעפאהרען א פויער מיט א גרויסע פוהר האלץ. ער האט געשריען, געפּוכטט און געשאלטען, געשלאגען טויט שלעק זיין קליין פערדיל נעביך, וואס איהם איז שרעקליך שווער געוועזען צו שלעפּען אזא משא און פלענט זיך אלץ אפּשטעלען. עס איז מיר אראפּ וויא א שטיין פון דעם הארצען, אז איך בין ארויס פון דער סכנה, האב א שמייכעל געטאן און בין מיר געבליבען זיטצען רוהיג.

— באַמהארצעדיגער האר! האט דיא שקאַפּע מיינע צו מיר זיך אָנגערופען, וויא קענט איהר זיטצען אזוי רוהיג, בשעת יענער שלאגט דארט זיין פערדיל נעביך? וויא קענט איהר, רחמנות׳דיגער האר, אזעלכס רוהיג צוזעהען?

איך האב מיך פארשעהמט פון דיא ווערטער און מיך געלאזט צוגעהען צו דעם פויער מיט דעם פוהריל.

— טשויעש! זאג איך צו איהם. פאר וואס שלאגסט־דוא אזוי דאס פערדיל נעביך? א רחמנות, מען טאהר אזוי נישט שלאגען.

— שמאָ ווין טאם־קאזשע נעמאָזשנאָ! האט דער ערל שטארק פארוואונ־דערט געענטפערט און זיך גענומען ווייטער צום פערדיל נעביך.

— איך וועל דיך אסור נישט לאזען שלאגען. מאך איך שוין טאקי אביסיל אין כעס.

— ווער הערט דיך? וואס פאר א פּראָווע האסט־דוא זיך צו מישען און נישט לאזען מיך, צו שלאגען מיין הודאָבע?

— איך בין איינער פון דער חברה „צער בעלי החיים״! האב איך געענט־

פערט מיט נדלות און נעמיינט, דער ערל וועט זיך איבערשרעקען און אראפחאפען דאס היטעל.

— דער רוח זאל דיך וויסען מיט דיין חברה! טשעפע זיך אפ משוגענער, צו אלדע שווארצע יאהר! איך האב דא נישט קיין צייט צו טענהן. דעם וואגען האלץ בעדארף איך בריינגען אין דער שטאדט נאך גאנץ פריה.

— דאס פערדיל אבער קען נישט שלעפען אזא אנגעלאדענעם וואגען.

— נוא, שפאן זיך איין און העלף איהם שלעפען, אז דוא ביסט אזא וואוילער.

—ווארף אראפ אביסיל האלץ.

— בעצאהל מיר, וועל איך אראפווארפען.

— הערסט־דוא חכם! בעצאהל איהם! פאר וואס זאל איך דיר בעצאהלען?

— צי ביסט־דוא משוגע, צי שכור, צי ביסט־דוא א לץ, צי וואס? טפוא! משעפע זיך אפ, זלודניע, צו אלדע רוחות! רופט דער ערל זיך אן שטארק אין כעס און טהוט א שמיץ דאס פערדיל.

— איך בין א חברה מאן! איך וועל דיך נישט לאזען, הערסט־דוא?

— איך וועל דיר ברעכען א ביין, משוגענער! צו אלדע שווארצע יאהר מיט דיינע חברות! האט דער פויער נעפלוכט, נעשאלטען און שוין נעהאט ברעה מיך א שמיטץ טאן מיט דער בייטש.

איך בין נישט טויט, נישט לעבעדיג אנטלאפען און האב זיך נעזעצט אויף מיין פריהערדיג ארט.

## 11.

## לעהרנען זיך טאנצען.

א היבשע צייט בין איך מיר נעזעסען שטיל און דער צונג האט מיר זיך נישט נעליינט צו ריידען א ווארט. דערנאך האב איך מיך אביסיל אויסנעהוסט און א פרעג נעטאן דיא קליאטשע:

— הא, וואס זאגסט־דוא צו דער חברה? וויא גוט, וויא פיין זיא איז, וויא זיא האט דיך אין זינען און וויל פארזארגען דיין תכלית! זיא וויל דיר פארריכטען דאס מזל, אז ווייטער זאל מען דיך אזוי שלעכט נישט בעהאנדלען. נאר דאס ווענדט זיך אבער אויף א סך אן דיר. דיין גליק, דיין בעסערע מערכה הייננט פיל אפ פון דיר אליין. ווען דוא וועסט פאלגען, אננעהמען אלע פאסטעמקעס, אלע נענג פון נעקלעהרענטע פערד, וועט דיר, אם ירצה־השם, שפעטער זיין גוט. אנשטאט דיא גראבע מלאכות וועט מען דיך נעברויכען צו שיינע און גרינגע ארבייט. ווער

ווייסט, וואס מיט דער צייט קען זיך מאכען ? עס קען נאך ווערען פון דיר לייט און זאָלסט בעקומען נאר איין אנדער פנים. הא, וואָס זאָגסט דוא ?

איך בין ביי מיר זיכער געווען, אז דיא קליאטשע ועט נאר אנקוועלן פון דער בשורה. עס וועט איהר פשוט א שטיק געזונד צוקומען, הערענדיג אזעלכע ווערטער. זיא וועט זיך אָנחאפּען, וויא מען זאגט, מיט הענט און מיט פיס און פאר גרויס שמחה אפּגעבען א דאנק און א לויב דעם, וואס איך האב דיא הענט נישט געוואשען, וויא אויף מיר, זיין שכיח, וואס האב איהר אנגעזאגט אזא גוטע בשורה. איך בין זיך מודה, אז מיר טהוט עפּיס משונה ווילד הנאה ווען איינער דאנקט מיר פאר א טובה, וואס ער האט פון מיר, אדער דורך מיר, געהאַט. עפּיס פיהל איך מיך דענסטמאל, אז איך בין זיין האר און ער איז מיין קנעכט, איך בין דאס דער פיינער מענש, דער בעגליקער, דער בעל רחמים, דער בעל-טובה און ער איז עט .... א נעביך.... מיר, פארשטעהט זיך, קומט אלסדינג, מיר קומט אי נעלט אי אלע תענוגים, און איהם וואס ?....לאז ער זיך פרעהען וואס אזא מענש, וויא איך, האט אויף איהם רחמנות נעהאַט און איהם עפּיס נענעבען. ער וואלט דאך פון מיר נאך נעקענט חאַפּען גאר א פסק. א שטיינער ער זאל נעווען אריינגעקומען צו מיר און גע-בעטען עפּיס א זאך, וואס איהם בעריהרט עס אין דעם לעבען, ביי מיר אבער איז דאס גאר א שפּאַס, דענסטמאל האט מיר גראד נעקענט אויסקומען, אויף איהם קרום א קוק צו נעבען, זיך נישט צו לאזען ריידען און צו פארדרעהען מיט דער נאז אזוי, אז ער וואלט קוים דיא טהיר נעטראפען. מיט איין קוק וואלט איך איהם דערקוועטשט, וויא א פליג, און זיינע אלע האפנונגען, מישטעהענס געזאגט, צערי-סין וויא א פּויטינע. אין גאנצען האט עס זיך נעווענדעט טאקי נאר אין איין האר.— בשעת אזעלכער דאנקט מיר פיהל איך, וויא גרויס א פנים איך בין. עס דאכט זיך מיר דענסטמאל, גליך וויא ער איז מיר מודה אויף דיא ברכות, נים מיר אפּ דיא וועלט. אויף יענע וועלט און זיך אליין האלט ער מיט רעכט טאקי פאר א נארנישט. מיר, פארשטעהט זיך, קומט א גרינג לעבען, אהן מיה, אהן זארג. דארויף בין איך דאך א פיינער, איידלער מענש, און איהם.... איהם איז עפּיס איין אנדער זאך... מיר זענין טאקי ביידע פלייש און בלוט, פון דעסטוועגען איז נאך א גרויסער חילוק צווישען בלוט און בלוט, איידעל בלוט איז פארט עפּיס אנדערש. היינט איז טאקי אונזער ביידענס טבע אויך נישט גלייך, איך בין געוועהנט געווארען גוט צו לעבען מיט אלע תענוגים; זאל מיר נישט זיין צו דער צייט דאס גלעזיל קאווע, דאס גלע-זיל טהע, אדער לאז מיר צו מיטאג נישט דערגעהען עפּיס א געריכט און לאז איך מיך איין איבערינען בייג טאן בין איך פשוט אויס מענש, ער אבער איז געוועהנט

געווארען צו הארעווען, ער איז פארגרעבט, אהן א שום געפיהל. איין ארם־מאנס קישקע קלויבט נאר נישט איבער; חאטש דאר ברויט, חאטש קרעמענעס, אבי עסען.... וויא קומט ער צו מיר? בשעת עפיס א נעמיין מענשיל, עפיס א נויט־בעדערפטינגער דאנקט מיר מיט א ציטערדיג קול, שטעה איך און שמייכעל מיר אביסיל, עפיס זעהר משונה, וואס לאזט זיך גאר נישט צו בעשרייבען. עס ליגט אין דעם שמייכעלע אי עניות אי נדלות, אי כלומר'שט ערענסט אי געשפעט, אי צוגע־לאזטקייט אי א שטופ פון זיך אויף א מייל, אי מהיכא־תיתי א רחמנות אי מהיכא־תיתי א רוח אין דיין טאטען. אי רשות יענעם צו ריידען אי אנצוהערעניש: פון דעסט־וועגען דרך ארץ! אז איך שענק איהם דענסטמאל א קוק, דאכט זיך מיר, ער איז זיך פשוט מחיה; שענק איך איהם נאך עטליכע ווערטער, לאז מיך צו איהם אראפ און זאג איהם פאר גוטסקייט מוסר, וויא א שטיינער: מען בעדארף ארבייטען, הארעווען, פארדינען כשר דעם גראשען מיט שוויים, מען בעדארף זיך נישט פוילען, מען בעדארף לעבען מיט חשבון; אדער איך מיש מיך גלאט אריין, אויף גאטס בע־ראטה, מיט עצות אין זיינע זאכען און זאג מיר בויכ־סברות, אט אזוי בעדארף מען דאס און דאס מאכען, דאס און דאס שרייבען, אזוי איז גוט, אזוי איז שלעכט וכדומה דעות נאר אהן א שום טעם — דאכט זיך מיר, קוועלט ער פשוט און, ער זאגט אויף מיין איטליכס ווארט נאך אמן און דאנקט מיר פאר מיין זיסען מוסר, פאר מיינע קלוגע עצות. איך מיין, אז אין דרינען זענין מיר גלייך א סך גבירים, א סך בארמהארצעדינגע גרויסע לייט. איך דערקען עס תמיד אין זייער פנים, אין זייער שמייכעלע, אין זייערע שיינענדינגע אייגעליך, אין זייער דבור, אין זייערע עצות און אין זייער מוסר־זאגען. נאך בעסער ווייזט זיך עס א מאל ארויס אין זייער האנד געבען, דאכט זיך אין פלוק וואס איז אזוינס א האנד געבען? ביי פראסטע מענשליך איז דאס פשוט, מען נימט יענעם דיא האנד, מיט אלע פינגער, וויא זיא איז, נאר אהן חכמות; ביי דיא פיינע מענשען אקענען שטעקט אין דעם האנד געבען גרויסע חכמות. מען נימט זיא אויף פילערליי ארטען, אין איטליכער ארט ליגען גאנצע הלכות, עס ליגט דרינען א גאנץ לשון. בשעת איך בין געווארען א פיינער מענש האב איך אוועקגע־לעהרענט דיא חכמות פון א האנד געבען, א לאנגע לאנגע צייט. אז גאט וועט מיר שיינקען געזונד און לעבען, טראכט איך אפדרוקען זעהר א דיקען ספר, אין עטליכע חלקים, מיט דעם נאמען „חכמת היד". דער ערשטער חלק שמיעסט פון נעהמען, מילא דאס איז א גרינגע זאך, איין כלל אויף תמיד, פאר איטליכען גלייך, אז נעהמען בעדארף מען מיט דער גאנצער האנד, און אויב עס לאזט זיך איז מען זיך אומעטום נוהג צו נעהמען מיטביידע. דיא גאנצע שווערקייט ליגט אין געבען. דארויף שטעלען

ויך אלע מפרשים, דרינען זענען דא טויזענט פירושים, און דאס איז דער עיקר אין דעם ספר. איך בין זיכער, אז דיא וועלט וועט פון דעם ספר א גרויסען נוטצען האָבען, בפרט יענע מיני מענשעליך, וואס ווערען פלוצלים אויפגעריכט, וואס ווילען זעהר שפּילען א ראליע, אין אלע זאכען נאכצומאַן דיא גרויסע לייט, דיא פיינע־בריות; וויא אויך יענע מיני נקבות, וואס ווארפען פלוצלים אין דיא עלטערע יאהרען פון זיך אראפּ דעם שלייער. פוטצען זיך אויס נאך דער לעצטער מאדע, מאכען חן, בלאָזען פון זיך זעהר שטארק און ווערען פון דער העלער הויט גאנצע דאמען!....

הײנטינס מאָל אָבער איז מיר נישט בעשעהרט געווען הנאה צו האָבען. דיא קליאַטשע, וויינינג וואס זיא האט מיר נישט געדאנקט, האט זיא נאך, וויא עס האט אויסגעזעהען, אפילו נישט געוואָלט הערען מיינע רייד. זיא האָט זיך אוועקגעקעהרט נאר אין דער זייט און גענעסען גראז מיט אזא מינע, וויא זיא וואלט לחלוטין נישט געוואוסט אויב איך געפין מיך גאָר דאָ לעבין איהר. דאס האט מיך אביסיל גע־ארט, איך האב איהר נאך א מאָל איבערגעחזרט מיינע פריהרדינע ווערטער, זיא האָט טאקי ווייטער זיך נישט וויסענדיג געמאכט און געטאָן איהר זאך, וויא איינער רעדט: וואָס ארט מיך, אז יענער פלוידערט? אז יענער וויל מיך לעהרנען? — אזא בעליידינונג האב איך שוין נישט געקענט אויסהאלטען, וואס הייסט? עפּיס נארעשקייטען דערצעהל איך דאָ? איך שמיעס דאָ מכח השכלה, מכח בילדונג!....

עס האָט מיך אונטערגעטראגען, פאר וואס דאס איז ביי איהר עפּים נישט אזוי אנ־געליינט. איך האב זיך אויפגעשטעלט געשווינד אויף דיא פיס, מיך אומגעקעהרט מיט דעם פנים צו דער קליאַטשע און איהר געזאגט א גאנצע דרשה.

— איטליכען איז בעקאנט, האָב איך געזאָגט מיט פייער, איטליכען, פון קליין ביז גרויס, אין בעקאנט, אז אלע חכמים פערגלייכען דיא בילדונג אָדער געלעהרענט־קייט צו דער ליכטינקייט: ותורה אור, און דיא געלעהרענטקייט איז ליכט, זאגט אויך דער פסוק. אבער דאס גראבקייט און דאס נישט־געלעהרענטקייט פערגלייכען זיי צו פינסטערנים. א געבילדעטען איז ליכטיג אין דיא אויגען, אין אלע זיינע רמ"ח אברים. דיא בילדונג גיט איטליכען, אקוראט וויא דאס ליכטינקייט, גליק און לעבען. ווער עס איז נאר געבילדעט לעבט זעהר גליקליך אין עושר אין כבוד. ער האט תענוג פון דער וועלט און דיא וועלט האָט גרויס תענוג פון איהם, איטליכער האט איהם משונה ליב, געהט נאך איהם פשוט אויס. מען גיט איהם דאס שעהנסטע, דאס בעסטע, אפילו דאס טעלערעל פון דעם הימעל נעהמט מען איהם אראפּ און מען טראגט איהם צו פון פייגעלמילך. הכלל עס איז איהם גוט, גוט, נאר גוט. נגידים, רייכע לייט, קוועלען פון איהם נאר אָן, זענין פשוט זיך מחיה און לעקען דיא

פינגער פון זיינס א וואָרט, איטליכער שלעפּט איהם צו זיך וויא א טהייערען ברי־לאנט, און לאזען זיי מאכען א באַל, א מיטאג, אדער עפּיס א קערמעשיל, שטעהט ער ביי זיי אין צעטיל דער ערשטער וויא א שפּינעלע. זיי פארשטעהען, נישקשה, אז טאקי געלד איז שמעלט. היינט איז עס דאָ, מארגען נישטאָ, אָבער ער — ער אליין איז נעלט, ער איז גאלד און זילבער. וואס טויג איהם געלד? וואס טויג איהם ציה־רונג? אז ער אליין גילט וויא א מטבע, אז ער אליין איז איין אבן־טוב! לאז ער פריווען עפּיס בעטען א הלואה וכדומה דערפילעלען זיי תיכף־ומיד זיין בקשה מיט גרויס שמחה. וועלכער נביר, א שטיינער, וועלכער רייכער מאן האָט אין זיין לעבען, א מאל אין עפּיס א זאך, א געבילדעטען אפּנעזאגט? וועלכער, אדרבה וועלכער? — איך מיין טאקי קיינער נישט! קלאָגט זיך אויף זיי גראד אין דער זאך עמיצער, איז ער זיכער א ליגנער, און אויב ער איז בעקאנט פאר נישט קיין ליגנער, מוז דרינען אודאי עפּיס זיין, איינער דעם אנדערען האט א פּנים נישט געמווט פארשטעהען, ביידע האבען נעמווט א טעות האבען.... דיא אריסטאקראטען, דאָס הייסט, דיא פיינע לייט, וואס פעררייסען דיא נעז און בלאזען פון זיך תמיד, גלאט אזוי אהן א שום טעם; וואס פערלאנגען, אז איטליכער זאָל פאר זיי האבען אפּשיי, צוליב זייערע מאָדנע הויזען, שטיוועלעטען וכדומה, צוליב זייער מבינות אויף שיינער סחורה און אויף אלע נעשמאקע זאכען, וויא אויך צוליב זייער גוטען מיטאג, וואס אין איהם קומט אריין מעהר אביסיל פלייש מיט שמאלץ און מעהר מיט א נעריכט, וויא ביי דעם נעמיינעם עולם — אָט דיא אפּגעפּיינטע מענשעליך, זאג איך, לויפען דעם גע־בילדעטען אקעגען און גיבען איהם גרויס כבוד אפ. אפילו יענע מיני דאמען, וואס מאכען שטאַרק חן, אזוי אז ביים צוגעהען צו זיי א מאל ווערט מען בטל, מען מינעט זיך עפּיס משונה, מען ווייסט נישט וויא מען זאל שטעהען, וויא מען זאל זיצען, וואו מען זאל אהינטאן דיא הענט; מען ווערט עפּיס אזוי צומישט, אז מען רעדט בוּיבעריק און מען ווערגט זיך מיט איטליכס וואָרט, עס פארענדערט זיך עפּיס דאס קול, עס רוישט עפּיס אין דיא אויערען, אז מען הערט כמעט אליין נישט וואס מען רעדט; יענע מיני דאמען, וואס אין זייער נעזעלשאפט בענעהמען זיך אפילו דיא גאנץ וואוילע מיט עפּיס א נעצוואונגענער אומנעצוואונגענהייט, דאס הייסט אויף פּראסט יודעש, זיי טהוען זיך אן א כח, צווינגען זיך, אז זייער בענעהמונג זאל אויס־זעהען נישט נעצוואוננען, כלומר׳שט פריי; וואס מיינען, אז זיי בעגליקען יענעם מיט א וואָרט, מיט א קוק; וואס טראגען אויף דעם קאפּ וויכטיגע זאכען, גאנצע בערג— א בארג פרעמדע האָר און א וואלד שמאַטעס־בלומען — אפילו זיי היינגען זיך אויף דעם געבילדעטען און קוויקען זיך מיט זיין איטליכס ווארט. בעדארף עס דען טאַק

אזוי נישט צו זיין? זאגט עס דען אויך נישט דער פסוק? ער זאגט: אשרי אדם, אז וואויל איז דעם מענשען, מ צ א וועלכער האט געפונען ח כ מ ה, חכמה! פאר וואס? ווארום כי טוב סחרה, איהר האנדעל איז בעסער מסחר כסף, איידער מיט זילבער, בשמאלה, אין איהר לינקער האנד עושר וכבוד איז עושר און כבוד. נוא, בע־דארף מען נאך דען האבען א בעסערע ראיה וויא א פסוק?.... איך וויל דא נישט זעהר מאריך זיין, אויסצו־ווייזען פון דער וועלט וויא שלעכט, וויא ביטער און פינס־טער עס איז דיא נישט געלעהרענטע, וויא שלאף און דערשלאגען זיי זענין נעביך, וויא מען לאזט זיי ערגיץ נישט פשוט קיין קאפ אויפהייבען, וויא זיי ליידען און קומען נעביך אפ; ניין! איצט וויל איך דערפון נישט ריידען. איך וויל דא נישט מעהר בעווייזען וויא גוט דיא בילדונג איז און דערפון וויל איך ארויפקומען אויף דיר, דוא זאלסט פארשטעהען, וויא עס בעדארף ביי דיר שטארק אנגעלייגט זיין דער פלאן, וואס מען וויל דיך....

נאר מיין קליאטשע אבער האט אין מיטען דעם שמיעס פלוצלים זיך אויפ־געשטעלט און אוועקגענאנגען ווייטער אביסיל, זיך גענומען עסען גראָז, גאנץ קאלט־בליטיג, קיין קוק אפילו נישט צו טאָן אויף מיר. איך אבער האב נישט געוואלט שוויינען, עס איז מיר שוין גענאנגען אין נצחנות, עס האט מיך שוין מאקי גוט פאר־דראסען. עפיס וואס בין איך א יונגעלע, וואס עפיס בין איך? עפיס פלוידער איך, וואס? איך האב איהר חאטש פון דערווייטענס, חאטש זיא האט נישט געוואלט הערען, אלץ געזאגט ווייטער מיין שמיעס מכח איהר און אויסגעלאָזט אויף א קול מיט דעם פסוק: אם תאבו, אויב איהר וועט פאלגען ושמעתם און איהר וועט הע־רען, טוב דאס גוטסקייט הארץ פון דעם לאנד תאכלו וועט איהר עסען!....

אָפזאגענדינג דאס, האב איך מיד און פארשוויצט, מיט א פארפלאמט פנים און א געשוואלען הארץ מיך א ווארף געטאָן אונטער דעם בוים.

12.

## קיין טאנץ געהט נישט פאר קיין עסען.

דיא קליאטשע איז ביי מיר געווען שטארק אפגערופען נאך אזא אויפפיהרונג. איך האב זיא געהאלטען פאר אַ פערפאַלענע אַ פארפאלענע אויף אייביג. עס וועט שוין פון איהר קיין לייט נישט זיין. שונאים זענין א פנים מאקי גערעכט, א וועלט איז מאקי נישט משוגע, מכתמא איז זיא מאקי א שלימזול, א פארשלעפטע קרענק פון זיין ליבען נאמען. וואס וועל איך דאָ באמת מאקי זיך ניאַנטשען מיט איהר? איך וועל נאָר ווארטען אביסיל, האָב איך געטראַכט, ביז וואנען עס וועט ר ע כ ט ט א ג ווערען, דענסטמאל וועל איך מיר אליין א ו ו ע ק נ ע ה ע ן, אפילו פארגעסען דעם זיי־

געזונט אין מיט איהר זיך נישט געזעגענען. לאז זיא זיך טאן וואס זיא וויל. מיר נעהרען זיך מעהר שוין כלל וכלל נישט אן.

און וויא איך בין מיר דאָ געזעסען אזוי אנגעבלאזען איז דיא קליאטשע דער־וויל נעהנטער אביסיל צוגעקומען, האט מיך עפּיס שטארק אנגעקוקט און א פרעג געטאָן גאנץ רוהיג:

—יאָ, אין מחשבותין, פאר וואס ביסט דוא עס פריהער אזוי פון דעם פויער דארט, נישט טוים, נישט לעבעדיג אנטלאפען געווארען?

— ווער, איך? האָב איך צומישט געענטפערט. איך? פאר וואס בין איך אנטלאפען געווארען, איך?

—יאָ, פאר וואס?

— עט! האב איך א מאך געטאָן, א פויער בלייבט טאקי א פויער. ער האט מיך נאר געוואלט שלאגען!

— ווערען? ! האט זיא פארוואונדערט א געשריי געגעבען, דיך? סטייטש, פאר וואָס האסט דוא איהם געשווינגען?

– וואס האב איך געקענט טאָן? האב איך געענטפערט.

— א ז ז ז ו י! האט זיא געזאגט צוציגען, אזוי! דוא קענסט גארנישט טאָן!.... און דאס פערדיל נעביך האט ער טאקי אלץ געשלאגען! סטייטש, אויף די.: וועגען, אויף דיא שטרוזען זעגין דען נישטאָ אייערע בארמהארצעדינע חברה־לייט?

איך בין געבליבען צומישט און נישט געהאט וואס צו ענטפערען.

— און דיא אומשולדינע בעשעפעניש, דיא אומגליקליכע פערדליך ליידען א פנים אלץ טאקי נעביך! האט זיא וויטער געזאגט, א פנים דיא דאזיגע שלימזול־ניקעס, וועלכע מען האָט פריהער געפּייניגט, פּייניגט מען נאָך אי אצינד! סטייטש, עפּיס איז דען הפקר א וועלט?

איך האב פון דיא ווערטער אראפּגעלאזט דיא נאָז.

— וואָס הייסט, האָט זיא גערעדט אלץ ווייטער, דאכט זיך, „היינטיגע צייט איז נישט מעהר הפקר א וועלט. עס איז דאָ א חברה צער בעלי־החיים!"

איך האב איהר נישט געקענט קוקען אין דיא אויגען און אוועקגעדרעהט דעם קאָפּ.

בשעת דוא האסט פריהער ארויסגערעדט דיא דאָזיגע ווערטער אויף א קול פון דעם גאנצען הארצען, האָב איך, חלעבין, געמיינט, אז איצט איז זיכער משיח־צייט! אט נעהמען זיך צונויף אלע חיות און בהמות אין איינעם וויא ברידער, אט

ווערען וועלף „פאני בראטציע" מיט שאף, לעמפערטען ווערען חבר מיט ציגען, איינער בעט דעם אנדערען מחילה פאר פריהערדינע זינד, פאר אמאָלדינע נאַרעש־קייטען, וואָס ס׳איז געווען איז געווען, פון היינט אָן זאָל געמאכט ווערען נוטע תקנות: דיא שאַרפע נעגעל מיט דיא שרעקליכע צייהן זאָל מען אוועקליינען אויף דער פּאָלעצע, אוים מאדע צו פארגיסען בלוט, צו עסען יענעמס פלייש, נישטאָ מעהר קיין שטארקע מיוחסים, אלע זענין גלייך. מען לאָזט ארוים אַ פרעהליך קול: אורא, אורא! עס איז משיח־צייט, און איך שלימזלדינע קליאטשע, אַט, אַט ווער איך אויסגע־לייזט פון אלע מיינע צרות!... בעדאַרף איך נאַר פלוצלים דערזעהען וויא מען מאטערט, וויא מען שלאָגט עפּים אַ פערדיל! — זאג מיר נאַר, איך בעט דיך, וואָס האָט ער דיר געענטפערט?

— דוא שפּעטסט פון מיר! רוף איך מיך אָן מיט פארדראָס.

— אַ פנים עס איז אַ טעות, האָט זיא ווייטער געשפּאָסט, עס איז נאַר אַ פורים־שפּיל, אַ ריינע קאָמעדיע, חלעבין! דאָ זיטצט אַ קאָמיטעט פון אַ חברה „צער בעלי החיים" זארגט זיך, שמיעסט פון רחמנות, פון מענשליכקייט, און דאָרט פלאָגט מען טאקי דיא אומגליקליכע בעשעפעניש. ווער עס וויל לאָדט אָן דיא פער־דליך מיט משא איבער זייערע קרעפטען און זעטצט פון זיי דיא נשמה ארויס. מען העלפט זיי נאָר, וויא עס זעהט אויס, מיט אַ גוט ווארט, מיט אַ זיפץ, מיט אַ קרעכץ: ס׳איז נאַר אַ ריין טעאטער, חלעבין! היינטיגע צייט פארדינט טאקי מיט רעכט דעם נאָמען: „דיא צייט פון קרעכצען, פון ריידן, פון פלוידערען!"

— דוא ביסט נאָך צו אלע צרות אַ גרויסע שפעטערין. אַ ווערטעל זאָגערין! מאך איך מיט פארדראָס. נענוג חלעבין צו שפּעטען בשעת מען רעדט מיט דיר ערענסט, בשעת מען שמיעסט מיט דיר מכח השכלה, מכח בילדונג.

— מיט מיר רעדט מען ערענסט? האט זיא מיט אימפעט אַ זאג געטאָן. מיט מיר, זאגסט דוא, רעדט מען ערענסט? קאפּ אין דער וואנד! אז דו ציהסט מיך פאר דעם צונג מוז איך דיר זאגען, אז דוא קומסט מיר פאַר עפּיס משונה ווילד, זעהר נאַרעש מיט דיינע בריוולין און מיט דיינע אלע ווערטער. נישט אנדערש טאקי, אז דוא ביסט פארריקט. מען זאגט, איך זאָל מיך לאָזען לעהרנען. פרעג איך דיך ער־שטענס, חכם מיינער, פאר וואס הייסט מען עס דווקא מיר? וויניג זענין דא אין דער וועלט אַ שטיינער נישט געלעהרענטע פערד, טאקי אמת פּראָסטע, נישט דער־צוינען אין קיין שום זאוואָד און פון דעסטוועגען, חוץ זייער שאָדען, אזא לעבען אויף מיר געזאָגט געווארען! צווייטענס, ווען איך קען אמת נישט דיא אנשטעלען, וויא דיא איידעלע, דערצויגענע פערד, אבער סיין גראב פערדיל קען מען מיך, דאכט זיך

פארט נישט רופען. און וואו שטעהט עס, אז איטליך פערדיל מוז דווקא האבען א דיפלאָם פון א זאוואָד? דריטענס, אויב איך קען נישט הייבען פיסליך און מאכען יענע אנשטעלען, וויא דיא זאוואָדסקע פערד, אקענען־זשע דערפאר האָט מען פון מיר מעהר, א סך מעהר נוטצען וויא פון זיי, יענע זענען פטור פון אלסדינג, ווייסען ניט מעהר וויא דיא קאַרעטע, וויא דיא פּאַלעוואַניע, מיט מיר אבער ארבייט מען מעשים, איך טראָג אויף מיר אלערליי משא. וואו איז דען מיין פכייש, מיין לייב און לעבען? איך האָב עס פארלאָרען אין דער ארבייט. וואס מען וויל מעג מען זיך זאָגען, נאָר איך ווייס ביי מיר, אז מיין מיה, מיין פראצע האט זעהר, זעהר פיל נוטצען געבראַכט.... פערטענס, וואס פאר א שייכות, איך בעט דיך, האט עסען און דאָס נעהטיגע בעדערפעניש מיט בילדונג? מיט וואָס פאר א יושר קען מען יענעם נישט לאזען עסען, אָטהמען פריי, סיידען ביז ער וועט זיך אויסלעהרנען עפּיס קונטצען? איטליכס בע־שעפעניש, וואס ווערדט געבוירען, און קודם־כל א לעבעדיגע זאך, פאַרזאָרגט פון דער נאַטור מיט אלע חושים, מיט אלע אברים, טאקי נאר פון זיינעטוועגען, בכדי דורך זיי צובעקומען אלסדינג, וואס עס בעדארף נעהטיג האבען צום לעבען. עס האט א שטיינער א מויל אויף צו עסען, עס האט א נאָז, כדי צו אטהמען, עס האט פיס כדי צו געהען, נישט כדי צו טאַנצען. טאַנצען וכדומה נאך שמאכטעלייען, דאס זענען נאר אויסגעטראַכטע מעשיות, דאס האט מען אליין זיך אויסגעטראַכט שפּעטער און עס א נאָמען געגעבען ב י ל ד ו נ ג. איך וויל מיך דא נישט אריינלאזען אין חקירות אויב דיא בילדונג מיט דיא אלע קונטצען זענען גוט אדער שלעכט; אויב דאס אלסדינג, וואס מען לעהרענט, וויא אזוי מען האט עס צונויף־געשטעלט, פון וואנען מען האט עס גענומען, אויב דאס אין גאַנצען הייסט נאר בילדונג. ווארעם מען זעהט דאך א סך קונטצען, וואס א מאָל זענען זיי געשטאַנען אין דער פּראגראמע, שטארק געגאָלטען און חיינט געהען זיי מעהר נישט אָן; ווידער נאך קונטצען, וואָס דאס גאנצע אָנהאַלטעניש זייערע, מישטעהנעס געזאגט, איז אויף יענעמס געשמאַק, אויף יענעמס השערות; ווידער נאָך אזעלכע, כלומר׳שט ערענסטע קונטצען, וואָס זענען געבויעט אויף יענעמס ווילען, אויף קאַפּריזען, אויף אלטע פארשימעלטע מנהגים; עס זענען דאָ אויך אזעלכע מעשיות, וואָס לכתחלה האט מען זיי געשטעלט אויף א היהנעריש פיסעל, אויף דער פאנטאזיע, אויף דעם כח הדמיון; וויא אויך אזעלכע מעשיות, וואס זענען זיך סומך אויף פאקטען, דאס הייסט אויף דעם, וואס אין דער וועלט האָט זיך פארלויפען, נאר דיא פאקטען גופא זענען אבער פארדרעהט, איטליכער דערצעהלט זיי אויף איין אנדער אופן, איטליכער קוקט אויף זיי אנדערש. חוץ דעם ווערען זיי וויא עס איז אָפּגעשילדערט נאר פון דרויסען, אבער מי־ינרע

וואָס אינוועגדיג טהוט זיך? הייגט בעדארף מען דאָך טאַקי נישט פאַרגעסען, אז יענע שוין כלומר׳שט ערענסטע מעשיות לאָזען דאָך נישט מעהר הערען וויא שטר־קעס, אָנשטעלען, קינדערשפיל, אין גאַנצען א פּוּף, אבער פון יענע, אין תוך אריין גוטע המצאות, שיינע־קונטצען אנטיק אין דער וועלט, פון זיי מאַכען דיא מעשיות עפּיס נישט אזא צימעס.... נאָך א מאָל זאָג איך, אז איך לאָז מיך דאָ נישט אריין אין טיפע חקירות, אויב דיא בילדונג מיט אייערע קונטצען האבען א ממשות אדער נישט, אויב זיי האבען דער וועלט געבראַכט גליק אָדער אומגליק, אזעלכע חקירות נעהען מיך אצינד נישט אָן. איך וויל מעהר נישט זאָגען, אז זיי זענין נאָר ביי־זאַכען. בשעת געבווירען ווערען האט דאס בעשעפעניש פון זיי גאָר נישט געוואוסט, עס האט איהם טאַקי באַלד זיך געגלוסט עסען, עטהמען און זיך בעוועגען נאָך איידער עס האט גאָר נעהאַט א רמז דרמיזה פון יענע אויסגעטראכטע המצאות. מהיכא־תיתי איהר קענט איהם נישט געבען דיא שיינע נאַשייניקעס, דיא טהייערע אופראַזשען מיט פליטערליך וכדומה נאָך ציאַצקעס און שפּילבעליך, וואס זענין פון אייך בעשטימט פאר יענע מיני קונטצען; אבער עסען, פריי עטהמען און אלע נעטהיגע זאַכען, וואס זיין גוף פאדערט און וואס אָהן דעם קען עס זיך נישט בעגעהען — דאס אלסדינג מוזט איהר איהם געבען, עס האט דארויף א רעכט, איהר קענט עס ביי איהם בשום אופן נישט אוועקנעהמען. איהר קענט נישט דאס בעשעפעניש האלטען פארשפארט, עס זאל זיך נישט בעוועגען, וואָרים דורך דעם מוז עס ביסליכווייס אָפּשטאַרבען — נעהמט איהר דאָך צו ביי איהם דאס רעכט צו לעבען; איהר טאָהרט עס נישט גלאַט פּייניגען, און שלאָגען, וואָרים דורך דעם טוט איהם נעביך וועה טאָן, עס קען נאָך ווערען א ביטערע קאַליעקע — נעהמט איהר דאָך צו ביי איהם דאס רעכט נעזונט צו זיין און הנאה צו האָבען אין דעם לעבען!..

אז דוא ציהסט מיך שוין יאָ פאַר דעם צונג, וועל איך דיר טאַקי בפירוש ארויסזאָגען: איך בין דיר מחול דיין רחמנות! איך וויל נישט אז דוא זאָלסט אויס־ארבייטען מען זאָל מיך נישט אזוי פּלאָגען, מען זאָל מיר געבען מיין בעדערפעניש צוזערהאַלטען דיא נשמה, טאַקי נאָר גלאַט פאר רחמנות, ווייל עס איז פשוט א צער בעלי־החיים. איך וויל אפילו נישט, דוא זאָלסט אויסבעטלען פאר מיר אלע נעהטיגע זאַכען צום לעבען אי מהאי טעמא, וואס מען האט און וואָס מען קען פון מיר האבען נוטצען, דאס זענין אלטע מעשיות, אלטע לידליך, וואס איך האב זיי שוין געהערט אין דער וועלט זינגען אין פארשידענע צייטען. געוועהנטליך אז דיא וועלט הויבט ערשט אָן זיך ארום צו קוקען, זיך צו בעטראַכטען, דע־סטמאַל זינגט מען דאס לידעל פון הומאַניזם. דאס הייסט פון מענשליכקייט, פון רחמנות,

פון באַרמהאַרציקייט; שפּעטער אַפּיסיל, אַז דיא וועלט הויבט אָן פאַמעליך פּראַק־טישער צו ווערען, זיינגט מען שוין יענץ לידעל פון אומ־ליטאַריזם, דאָס הייסט פון נוטצליכקייט, פון דעם נוטצען, וואָס מען קען פון דעם, פון יענעם האָבען. ערשט נאָך שפּעטער, דיא וועלט וועט בעקומען אי שכל, אי יושר, און וועט פאַרשטעהן בעסער דעם גאַנג פון דער נאַטור מיט אַלע איהרע בעשעפעניש, דענסטמאָל זיינגט מען דאָס לעצטע, דאָס בעסטע לידעל פון אמת, פון גערעכטיגקייט. — איך וויל נאָר נישט הערען קיין רחמנות, קיין נוטצען, איך בין וויא אַלע אנדערע אַ לעבעדיג בעשעפעניש און האָב וויא זיי אַ פּראַוועו, דאָס רעכט צו לעבען. האָט יענער אויף מיר רחמנות, הייסט עס אַזוי פיל, וויא איך לעב נאָר אין זיין זכות, ער, האָט יאָ דאָס רעכט צו לעבען און איך נים, אין גאַנצען וואָס איך האַלט מיך, וואָס איך זשיפּע, האָב איך עס צו פערדאַנקען איהם, נאָר איהם; אין דער צייט אַז מיר ביידע זענען גאַנץ גלייכע בעשעפעניש מיט איינערליי בעדערפעניש, לאָזט מיך יענער לעבען ווייל איך ברייננ איהם נוטצען, הייסט עס אַזוי פיל, ער איז דער תכלית. דער עיקר, און איך לעב נאָר, מחמת דערמיט טויג איך איהם, פאַר מיר אַליין וואָלט איך נישט בעדאַרפט נאָר בעשאַפען ווערען. איך וויל אָבער לעבען גלייך וויא אַנדערע, גלאַט ווייל איך בין אויך אַ בעשעפעניש פאַר מיר. פאַרשטעהסט־דוא מיך, מיין מליץ יושר, מיין באַרמהאַרצעדיגער האַר? אויף אייער באַרמהאַרציקייט און אויף דעם, וואָס איהר קענט פון מיר האָבען נוטצען, דאַרויף קען איך כלל מיך נישט סומך זיין. מאָרגען ווערט דיר, צו אַלדע שוואַרצע יאָהר, פאַרשטאַקט דאָס האַרץ, ביסט אין אַ שלעכ־טער לוינע, אָדער איך וועל דיר איין מאָל נישט קענען צושטעלען דיא צאָל ציגעל אַקוראַט, ווערסט דוא ברוגז, ניסט אויף מיר אויס דיין צאָרען — און עס ווערט פּלוצלים אַ תל פון מיר! אַז איהר וועט מיט מיר זיך בענעהמען מיט גערעכטיגקייט אַזוי וויא איהר בענעהמט זיך מיט אַנדערע, דענסטמאָל, זעהסט דוא, וועלען מיר שמיעסען מכח קונטצען. אין גוטע אומשטענדען, אין וועהלטיג, מהיכא־תיתי קריכען אין קאָפּ אַזעלכע זאַכען. דוא ועסט אפילו פאַרשפּאָרען מיר צו זאָגען דענסטמאָל דרשות. הא, וואָס זאָגסט דוא דערצו, מיין האַרענקע?

— וואָס זאָג איך? האָב איך געענטפערט, איך זאָג: נישט אַנדערש, אַז דער רוח רעדט היינט אויס דיר, טאָקי נאָר דער רוח!

13.

## אל תפתח פה לשטן.

אָט בין איך! האָט זיך אָנגערופען עפּיס איין אומבעקאַנטער פּאַרשוין פון אַ ווילד אויסזעהען מיט שטאַרק צושויבערטע האָר, אין אַ רויט מיטצעל ארומגע־

שטעקט מיט פעדערין פון אלע מיני עופות. אָט בין איך ! האָט ער געזאָגט ארויס־שפרינגענדיג פלוצלים פון צווישען דיא צוויינען, זיך געשטעלט אקעגען און אויס־געגלאָצט אויף מיר זיינע גרויע קאטצענע אויגען.

נבהל ומשתומם בין איך געוואָרען, אז איך האָב דערזעהען דאָ אין וואַלד אזא מין פארשוין. אלע שרעקליכע מעשיות פון גזלנים זענין מיט א מאָל מיר ארויפגעקר־מען אויף דער מחשבה. דאָס איז זיכער א גזלן, האב איך געקלעהרט, זיין געזונטער קארק, זיין פרצוף פנים און זיין שרעקליכער בליק האָבען אויסגעזעהען טאקי נאָר וויא פון א מורא׳דיגען גזלן, וואס האט א סך מענשען אין זיין לעבען שוין אויסגעקוילעט. עס האָט מיר שוין זיך אויסגעדאכט וויא אָט גיט ער מיך א וואָרף און נעהמט ארויס א גרויסען חלף. מחמת מורא האָט מיר שטארק געטיאָבקעט דאס הארץ, געקלאפט א צאָהן אין א צאָהן און איך האב געפיהלט טעם מיתה, וויא דער חלף לינט מיר אויף דעם האלז. איך האָב צוגעמאכט דיא אויגען און שטילערהייט גע־זאָגט ווידוי.

— וואָס שעפשצעסט דוא עפיס יונגער מאנטשיק ? האָט ער געפרעגט און זיך צולאכט מיט אזא משונה געלעכטער, אז עס האָט געגרילצט אין דיא אויערען און ווייט ארום אין דעם וואלד האט זיך אפגערופען א שרעקליכעס ווידער־קול, גלייך וויא עס וואלטען א לאַך געטאָן טויזענט אלטע מכשפהטעס אלע אין איינעם.

דאָס איז, האָב איך געטראכט, דאס גוטע געלעכטעריל, אָט, אט עקט מיר זיך דאָס לעבען, אָט, אָט טראג איך מיך איבער אויף יענער וועלט. עפיס וויא אויף צו להכעים האט מיר דענסטמאָל דיא וועלט אזוי שיין, אזוי גוט זיך פארגעשטעלט, אז איך וואָלט באַדאַי אלסדינג אוועקגעגעבען, אבי לעבען צו בלייבען. קיין מלוכה פארמעגנט עס נישט, וואס איך וואָלט דענסטמאל אפגעצאָהלט פאר א קורצער צייט לעבען. אך וואס פאר א שיינע וועלט אונזערע איז, וואָס פאר א מענשען ! וויא גליקליך איז דער, וואָס לעבט אויף דער שיינער וועלט, וואָס לעבט צווישען לעבע־דיגע מענשען ! ווען א סך אנדערע וואלטען געפיהלט דאָס, וואָס איך דענסטמאָל, וואָלטען זיי געזאָגט : א כפרה גדלות, יחוס און כבוד ! צו אלדע שווארצע יאָהר אלע ברוגזען, אלע פלאָטקעס, אלע פוסטע קריג, אלע רכילות, שנאה און קנאה ! דאס אלסדינג איז הבל־הבלים, לויטער נארעשע זאכען. אלע מענשען זענין ברידער, חברים, שטאמען אלע איינענטליך פון איין פאטער, אלע האט איינענטליך איין נאָט בעשאפען ! ווען יענער א שטייגער וואָלט זיך געזעגענט מיט דעם לעבען און געווען ביי דיא געדאנקען וויא איך, וואלט ער געזאגט: אך, פאר וואס האב איך עס פריער נישט פערשטאנען ! אומזיסט, אומנישט זיך געבלאזען און זיך אויפגע־שטויסען

דאס מיט דעם: ער איז א משלחת, א שלעפער, עפּיס פון דער פרעמיד א בעטלער, און דאס מיט יענעם: ער איז נישט פון מיין נאמנה, ער איז א שאַחריי, א בזוי, קוקט נישט אויף כבוד. פע, איך בּין געווען א בייזער, א שלעכטער, א פּלוידערזאק, א לינגער, א חונף, א רכילות טרייבער, א בלבול מאכער, איין אנחאפּער מיט דעם מויל און מיט דער פּען! וואס האָב איך געהאט צו אנדערע — צו אומבעשירימטע, צו דערנידעריגטע, צו דערשלאָגענע און פארוואָגעלטע נעבּיך? ווייניג האבען דיא מענשען נעבּיך איינענע צרות, קארג יסורים און פּורעניות פון אלע זייטען, קארג דחקות גריזאָטע און דאגות איטליכע רגע, בּין איך פּנע נאך אויף זיי אויך אָנגעפאַלען! און פאר וואס, גוואלד פאר וואס?.... בשעת מיר האט זיך געדאכט, דער חלף לינט מיר אויף דעם האלז, דענסטמאָל האב איך מיך איבערגעבעטען מיט אלע מענשען און אמת געפּיהלט, וויא נארעש דאָס איז, וואָס מען קרינט זיך, וואָס מען בייסט און רודפט איינער דעם אנדערען בּיים לעבען. עס זאָל געווען מעגליך זיין וואָלט איך אלע געהאלזט, געקושט און וויינענדיג זיי מחילה געבעטען. דיא וועלט איז מיר אזוי געפעהלען, אז אוועקגעהענדיג פון איהר האָט מיר זיך געגלוסט, האטש נאך א מאל אויף איהר א קוק צו טאָן.

איך האָב האלב אויפגעעפענט דיא אויגען און שרעקליך צודולט געקוקט אלסדינג האט זיך פארמישט, געגאַנגען מיט דעם קאָפּ אראפּ, מיט דיא פּיס ארויף. עס האט מיר געבּליצט אין דיא אויגען. געדונערט אין דיא אויערען און גרויסע טראפּען שוויס האבען מיך בּעשלאגען. עס איז מיר געווען קאלט אוןווארם. פייערדיגע רעדער, פּינטליך, פּינטליך פון אלערליי פארבען, פון אלע מיני געשטאלטען האבען פאר מיר משונה זיך געדרעהט, זיך געטראגען, דער רוח וויסט וואוהין. זיי אין דערמיט איז געשטאנען עפּיס א גרויסער, א שווארצער הונט, וואס האט אלע רגע אנגענומען איין אנדער פּנים, געגלאָצט מיט דיא אויגען, געקריצט מיט דיא צייהן, זיך געקרימט, געמינעט, געצוינגען ביז ער האט צום סוף אָנגענומען דיא געשטאלט פון שרעקליך א ווילדען מענשען און איך האָב אין איהם דערקענט מיין אומבּעקאנטען פּארשוין.

— הא, הא, דוא ציטערסט! האָט ער אויס מיר געשפּעט, אָט אזוי, פיינע מענשעליך, האָב איך הנאָה, אז איהר ציטערט און שווייגט.

איך האָב איהם שווייגענדיג אָנגעקועט, אקוראט וויא א מויז קוקט אָן דיא קאטץ וואָס שפּילט זיך מיט איהר איידער זיא דערשטיקט זיא און שלינגט זיא איין.

— נוא, אז דוא ציטערסט, האָט ער ווייטער געזאָגט, וויים־זשע האטש פאר ועמען. איך בּין דער, וואס האָב געעפענט א וועג אין א נייער וועלט אריין, כדי דיא אלטע זאל ווערען תמיד ניי; וואס דורך מיר פּעקעלט מען זיך כסדר אריבער אהין

ערניץ, אהין, כדי דאָ צו מאַכען אָרט.... איך בין דער, וואָס מיט מ׳ין קראַפט שטעה איך תמיד בּרייט אקעגען נאָך א קראַפּט פון מיין ווידער פּאַרטיי. מיר ראַנגלען זיך, איינער וויל דעם אַנדערען איינשלינגען, און דורך דעם שפּרינגט אין דער וועלט ארויס נייעס, עס ווערט נולד אַלסדינגג; איך בין דער, וואָס איך בּין איי־דער דער „גאָרנישט” איז מיר פון דער העלער הויט שיינענדיג ארויסגעשפּרונגען. ער ווערט באַלד א גאַנצער „יש”, וויל דעם אלטען פאָטער זיינעם פון דער וועלט טרייבּען. מיר געהען כסדר איינער דעם אַנדערען נאָך פוס־טריט און וואס א טריט ווערדט און וואקסט דיא צייט. — איך בּין דער שר פונ׳ם פינסטערניש, דער מלך פון דיא רוחות, איך בין דער שטן, דער אשמדאַי!

איך בין שיעור אין חלשות נישט געפאַלען פאר שרעק, אז איך האָבּ עס גע־הערט. דער אשמדאַי האָט צו מיר מיט א פינגער זיך צוגעריהרט און איך האָב מיך באַלד געפיהלט שטאַרקער אַזוי, אַז איך האָבּ געקענט שטעהען אויף דיא פיס און אפילו אויך ריידען.

— זיי מיר מוחל, האָב איך זיך אָנגערופען מיט גרויס דרך ארץ, וואָס איך וועל דיך פרעגען. כפי איך פּראָסט מענשעלע האָב פאַרשטאַנען דיינע פאַרשטעלטע ווערטער, מיינסט דוא אַזוי; אַז דיין ווידער־פּאַרטייא איז דיא קראַפּט, וואס בע־מיהט זיך שטענדיג צו דערהאַלטען איטליכס פּיטצעלע אויף דער וועלט, דוא אקעגען בעמיהסט זיך איטליכע זאך צו פאַרטילינען. אַלסדינג, וואָס יענער בויעט צושטערסט דוא, און דאס וואָס דוא צושטערסט, בּויעט יענער אויף צוריק; יענער, אַזוי הייסט עס, איז דער בּורא, דער בעשאַפער, און דוא, אשמדאַי, דער פאַרטילינער, דער צו־שטערער. אויף דעם שטעהט דיא וועלט· מיט אַלע בעשעפעניש; אויף דעם אופן זעהט מען, פיהלט מען תמיד אין איהר א ניי לעבען, עס טהוט זיך און בעווענט זיך, ויהי ערב ויהי בוקר — ס׳איז דאָ טאָג און נאַכט, אָרט און צייט. אויב אַזוי איז טאַקי, וויא איך האָב דיך פאַרשטאַנען, קומט דאָך עפּיס גאָר פון דיר אַזוי קיין שלעכטס נישט ארויס?

— אָט דאָס טאַקי האָב איך דיר געוואָלט זאגען, אז איך, אשמדאַי פאַר־דאַרב נישט אַזוי דיא וועלט, וויא איהר מענשעליך. פון מיין שלעכטסקייט, וויא איהר מיינט, קומט פאר איהר נישט ארויס צרות, אל־דאָס־בייז וויפיל פון אייער נוטסקייט. אוודאי הייס איך דאָך בּיי אייך דער רשע, דער שטן. זאל עפּיס וואס עס איז א מאל זיך מאכען, איז א געשריי, א קלאָג, איטליכער אויף מיר, חאָטש אין דער וועלט זעהט זיך עס גאָר נישט אַזוי אָן. איהר אבער, מענשעליך, אז איהר קוי־לעט ארים מיט א מאָל א וועלט, מאַטערט, מהוט אָן גרויסע צרות, איהר הייסט

גוטע און פרומע! עס קומט אייך נאָך אַ גלעט אין בעקעלע, וואָרום דאָס טהוט איהר אַלסדינג מחמת גוטסקייט!.... איהר האַלט זיך פאַר די גרויסע חכמים, זעטצט אויס פעהלער אין דער נאַטור, אין דעם גאַנג פון דער וועלט, שמיעסט זיך איין, אַז איהר וואָלט מיט אייער שכל, מיט אייער גוטסקייט בעשאַפען אַ וועלט גאָר איין אַנ־טיק — און אַז איהר האָט אין אייערע הענט גענומען אַ פּאַרטינע וועלט אין גאַנצען וויא זיא איז, האָט איהר זיא שרעקליך פאַרדאָרבען, אומעטום פאַרדרעהט, אומעטום קאַליע געמאַכט, זיא האָט ביי אייך אַ פּנים אַקוראַט וויא אַ מהייער זיינעריל פאַלט צו אַ קינד אין דיא הענט אריין. איך וויא איך בּין, בין איך מיר. אין דער גאַנצער נאַטור הערשען נאָר געזעטצע, וואָס גילטען תמיד פאַר איטליכען גלייך, דאָרט זענען נישטאָ קיין מיוחסים, נישטאָ קיין חילוקים, קיין צוליב־זאַכען נישט קיין רעות און נישט קיין טובות, נישט קיין אכזריות, נישט קיין בּאַרמהאַרציקייט, אַלסדינג ריהרט און בעוועגט זיך דורך אייבּיגע, גערעכטיגע געזעטצע. איהר גוטע מענשעליך, ווילט עס אַבער נישט ליידען, ביי אייך ווילט איהר גאָר נישט וויסען פון פּאַראַדקעס. איהר האָט זיך צוטהיילט אויף טויזענט־ערלייא פעלקער, נאַמנות, כּתות, קלאַסען, פאַר־מען, סאָסלאָוויעס, צעכען וכדומה, און דיא דאָזיגע ווערען ווידער צוטהיילט אין נאָך און נאָך אַזעלכע. פאַר איטליכען אַלץ אַנדערע פּאַראַדקעס, אַזוי פאַרשידען, אַזוי פאַרענדערט....

אָבער אַקעגען וואָס, האָב איך איהם געפרעגט, זאָגסט דוא מיר דאָס אַלס־דינג?

— הע, הע, אַקעגען וואָס! איך זאָג עס זיכער נישט גלאַט אַזוי, וויא דער שטיינער איז פון אייך, מענשעליך, וואָס בשעת צווייא קומען זיך צונויף, הויבּען ביידע אָן צו פלוידערען אין דער וועלט אריין, כּדי אַרויס צו ווייזען זייערע חכמות, זייער פילוסופיא און מישען אויס ביידעם פּאַלעצע. איך זאָג עס אַקעגען דיין פּרוי־הערדינען שמיעס, וואָס דוא האָסט געהאַט ערשט נישט לאַנג מכּח רחמנות, מכּח אייערע חברות. פון וואַנען, וויל איך דיר בעווייזען, האָט עס אַלסדינג בייא אייך זיך גענומען. דיא סבּה דערפון איז נאָר אַ פּראָסטע. דאַריבּער טאַקי רעדט מען ביי אייך אַלץ פון רחמנות און דאַריבּער טאַקי פאַרמערען זיך אַלץ בּאַרמהאַרצעדיגע חברות, ווייל ביי אייך הערשט זעהר פיל אכזריות, רדיפות און עולות; וואָרום ווען נאָר אמת און גערעכטיגקייט זאָלען געווען גילטען, וואָלט איהר דאָך פאַרשפּאָרט צו פאַרזוכען דעם טעם פון רחמנות און וואָלט נישט געהאַט אַזוי פיל בּעלי רחמים׳ס, אַזוי פיל בעלי־טובות מיט אַזוי פיל חברות. איך זאָג עס, פאַרשטעהסט דוא מיך, מכּח אייער גוטסקייט, מכּח אייער גוטהערציגקייט זאָג איך עס, פאַרשטעהסט דוא?

עט....בע.... האָב איך געמאַכט עפּיס אהן ווערטער.

זעהסט דוא, האט ער געזאָגט, אז איהר, מענשעליך, בע׳קעט׳עפּיס אָהן לשון, איז א מאל בעסער וויא גערעדט. פאר אייך רעדט איהר, דאַכט זיך, א מאל וויא קקאָהרע, איהר קענט א שטיינער זאגען: נאַ דיר א גראָשען און גיב מיר א ביינעל׳ נאַ דיר אזוי פיל און אזוי פיל און ארבייט מיר אָפּ מיין עסק וכדומה נאָך זאכען, וואָס זענען אייך אליין נוגע. מען פארשטעהט גאנץ גוט אייער כוונה. קומט אבער א מאָל אויס צו שמיעסען, אָדער עפּיס צו שרייבען איבער כלל זאכען, ווערט איהר, צו אַלדע שווארצע יאָהר, ריינע משוגעים, עכטע בהמות! איהר פּלוידערט, מיש־טעהנעס נעזאָגט, נישט צו דער זאך: טויזענט לינען, טויזענט פּסוקים׳ליך און ווערט־ליך, נישט געשטויגען, נישט געפלויגען. איהר נאַרט איינער דעם אנדערען, איהר דראַפּעט זיך אויף דיא גלייכע ווענט, איהר פּארדרעהט, פּארפּלאָנטעט אזוי, אז עס איז אומעגליך ארויסצוקריכען, מען קען נישט פארשטעהען וואס איהר ווילט. טאקי נאָר שטעהען און וואונדערען זיך מה מען דענקסטמאָל, וויא מענשען שרייבען, ריידען, שרייען און עס איז נישטאָ וואס צו הערען; וויא זיי קענען מיט זייער מתנה, מיט זייער לשון, זיך נישט פארשטעהען, ערגער חלעבין וויא דיא בהמות!

— אקעגען וואס אבער, האָב איך נעפרעגט, ביסט דוא עס דאָ אזוי ארויס מיט דער שפּראַכע?

— נאָך א מאל אקעגען וואס? האט ער זיך אנגערופען. עס פארשטעהט זיך, אז איך רעד דאָ נישט גלאט אזוי, אבי חוזק צו מאכען. איך זאג עס א קעגען דיין קאָרעספּאָנדענץ מיט דער חברה, אקעגען דיין פריהערדיגען שמיעס מיט דער קליאַט־שע זאג איך עס. איך זאג, אז דיין „עט, בע״ וואס דוא האסט פריהער געמאכט, מחילה, וויא איין אייזעל, איז חלעבין בעסער און קליגער פון אלע דיינע דרשות. בע־טראַכט זיך אדרבה אליין אויב דוא ביסט נישט ריין משוגע! פאר דיר שטעהט א פּארמאָרעטע, א הונגעריגע קליאַטשע, וואס זיא בעדאַרף נעהטיג וויא אין לעבען אריין האבען חאטש אביסיל מנוחה, א מעסטעל האבער, א בינטעל הייא, וויכסט דוא איהר גאר בעווייזען א „ה״ אין סידור און אלץ אויסדריינגען וויא גוט, וויא שיין עס איז זיך אויסצולערנען עפּיס קונטצען! מיינסט דוא אפשר, אז נאר דוא אליין פּלוידערסט אזוי דאָ? ניין! קום, זייא מוחל, וועל איך דיר ווייזען א סך, וואָס זאָגען פאר הונגעריגע, דערשלאָגענע מענשען פּונקט אזעלכע דרשות וויא דיינע. מיינע נע־שעפּטען פיהרען מיך זעהר אָפּט צווישען מענשען — דוא מוזט וויסען אז א שטן איין אשמדאי, איז זייער שטארק תמיד בעשעפטינט — איך מאך דארט איטליכען וויזי־זיטען. תאָב קענטשאַפט מיט אלע גרויסע לייט. איך זעה מיך אָן וואס זיי טהון,

וואס זיי ארבייטען, און הער מיך אן זייערע אלע שמיעסען, זייערע אלע דרשות. לאמיר אנחאפען א שטיינער אזעלכע, עפים פון אזא ארט: מאהל דיר, איינער שרייעט ביי אייך גוואלד אויף דיא מלמדים, ביז וואנען וועט מען אלץ אפגעבען קינדער צו אזעלכע קאטשענעס, וואס מאכען פון זייערע תלמידים ווילדע מענשען, טוינעניכטסען? נאך איינער ליארעמט, ביז וואנען וועט מען אלץ חתונה מאכען יונגע קינדער? ביז וואנען וועלען שדכנים צונויף פיהרען צוויא נפשות, וואס קענען נישט און ווייסען נישט איינעם דעם אנדערען ביז נאך דער חתונה? א דריטער שרייעט אויף דיא בטלנים, וואס וואקסען ביי אייך וויא קראפעווע און פארפיהרען מיט זייערע נארעשע זאכען, מיט זייערע קרומע גענג דעם עולם? ווידער א פערטער שרייעט אויף יענע, וואס פארברייננגען זייער גאנץ לעבען נאר אין דער גמרא, ביז וואנען וועט מען זיך אפגעבען נאר דערמיט אליין און פארגעסען אלע אנדערע נעה־טיגע זאכען? א פינפטער שרייעט: ביז וואנען וועלען ביי אונז זיך פרוכפערען אזוי פיל בעלי־טובות, בעלי טאקסעס, שטאדטס פערזארגער וכדומה אזעלכע מיני פאר־שיינען? — אלע שרייען, פילדערען, שוין צייט דאס אלסדינג אוועק צו ווארפען און ווערען קלינטר, געבילדעטער, נעניטער. נאר קומט אבער פון זייער שרייען עפים ארויס? אלסדינג בלייבט טאקי וויא פריהער. עס קען טאקי פון זייער שרייען נאר נישט ארויסקומען. פאר וואס? אט מחמת דעם. מחמת אין דער וועלט הערשט איין געזעטץ פאר אלע בעשעפעניש, פאר אלע מענשען גלייך. אזא געזעטץ, וואס קיינער, יהיה מי שיהיה, איז נישט אין שטאנד עס איבערצומאכען, וואס אקענען איהם העלפט נישט קיין שרייען, קיין ריידען, קיין דרשות און קיין שום מיטעל; אזא געזעטץ, וואס איז שטארקער פון אלע שטארקע, מעהר עקשן פון אלע עקשנים, וואס אז מען שטעלט זיך איהם אקעגען, זוכט עס זיך אוים טויזענטער אנדערע וועגען, טויזענטער המצאות און הסברות כדי זיך צו דערהאלטען — איך מיין דא דעם דא־זיגען בעקאנטען געזעטץ, וואס אלע ווילען עסען, וואס איטליכער וויל צו דערהאלטען זיין לעבען, עס מעג זיך זיין אויף וועלכען אופן, מיט וועלכע מיטעל עס וויל זיך. וואס זענין דען מלמדים? דאס זענין ביי אייך א גרויסער, זעהר א גרויסער טהייל מענשען, וואס ווילען עסען, וואס ווילען לעבען, און וואס קענען עס אבער אין דער וועלט אנדערש נישט בעקומען נאר דורך אזא מיטעל דווקא, וואס זיי וועלען נעה־מען אייערע קינדער אין חדר אריין. אזעלכע נויטבעדערפטיגע מענשען געפינען אלע וועגען, טוהען כל א מיטעל, אז אייערע קינדער מוזען צו זיי אין דיא הענט אריינפא־לען: אקעגען אייך ארבייט א קראפט, אקעגען אייך האלט מלחמה א געזעטץ. דיא עמליכע מענשען מיט זייערע פאראדקעס און מיט זייערע דרשות וועלען עס בשום

אופן נישט בייקומען ! דעסגלייכען איז אויך מיט דיא פריהע חתונות. שרייעט דאַ־רויף וויפיל איהר ווילט, אומזיסט ! עס איז דאַ א גרויסער טהייל מענשען, וואס קענען ביי אייך אנדערש נישט לעבען נאר דורך צונויף פיהרען שידוכים, און זיי פארליינען זיך דארויף מיט אלע כחות אונטערצוהאלטען דעם שלעכטען איינפיהר און חתונה צו מאכען אייערע קינדער. איהר מוזט אייערע קינדער פריה פיהרען אונ־טער דער חופה, ווארום דארויף זענין דאך דא ביי אייך גאנצע מחנות שדכנים, זיי מוזען זיין שדכנים, ווארום דערפון קענען זיי לעבען ! אזוי נעהט עס אויך מיט דיא נארעשקייטען. לאבט דערפון איהר דרשנים, איהר וואולע יונגען, וויפיל איהר ווילט— אומזיסט ! וואס זענין דען יענע בטלנים, יענע הבל׳ניקעס ? דאָס זענין מענשען, א גאנץ היבשע טהייל מענשען, וואָס זיי איז אוממעגליך אנדערש צו לעבען, א קיום צו האבען, ווען נישט דיא נארעשקייטען. זיי ארבייטען מעשים, מאכען אלע קונצען, אלע אָנשטעלען צו דערהאלטען ביי אייך דיא נארעשע זאכען. איהר מוזט און דיא נארעשקייטען זיך האלטען, ווארום דארויף זענין דאך ביי אייך דאַ יענע מחנות נא־ראָנים, זיי נעביך מוזען זיך מאכען צו נאראָנים, וואָרום דערפון קענען זיי האָבען זייער שטיקעל ברויט און שיין לעבען.... אזוי נעהט עס אויך מיט דעם שטענדיגען נמרא לעהרנען. שרייעט, פילדערט דארויף וויפיל אייער האַרץ גלוסט — אומזיסט, חלעבין ! עס זענין דאַ א גוזמא מענשען, וואס דורך דעם האבען זיי זייער פרנסה, וואס פאר זיי איז טאקי, וויא מען זינגט אין דעם לידעל: „תורה איז דיא בעסטע סחורה" זיי טהון אויף כל א שפיטצליך צו דערהאלטען אזא מין געשעפט און צו פארהאנדלען זייער סחורה. פיי אייך מוזען א שטיינער הונדערט־טויזענטער ישיבה־בחורים פארפוילט ווערען אין ישיבות, ווארום דארויף זענין דאך דאַ טויזענטער גבאים, משולחים וכדומה אזעלכע פארשוינען, זיי מוזען זיך אָפגעבען מיט אזעלכע עסקים, כדי צו האבען זייער בעדערפעניש.... דאס גלייכען טאקי איז מיט אייערע בעלי טובות, מיט אייערע אפוטרופסים, שרייעט דארויף וויפיל איהר ווילט, עס וועט אייך חלעבין גאַרנישט העלפען ! וואָס זענין דען אייערע שטאדט בעלי טובות, אייערע תכלית־פארזאָרגער ? דאס זענין ביי אייך א סך מענשעליך, וואָס וואָלטען נעביך פיטום נישט געהאט מיט וואָס א טאָג איבערצולעבען, ממש געשטאָרבען פאר הונ־גער, ווען זיי זאָלען זיך נישט מיהען מיט אלע קרעפטען צו טאָן אייך אלערליי מיני טובות: צו דערהאלטען אייערע טאַקסעס, און אויסצוטראַכטען תמיד עפּיס נאָר פרישע אפגאבען, וויא א שטיינער אויף מעהל, אויף זאַלץ, אויף שמאלץ, אויף לעבט וכדומה ; צו דערהאלטען ביים לעבען אייערע מקבלים אין ארץ ישראל, און אייערע ארמע לייט דא טקבר צו זיין; צו מגדל זיין אייערע יתומים אין תלמוד תורות און

נישט צו דערלאָזען יענע מיני נזירות, בכדי יודען נעביך זאלען מאקי א פנים האבען וויא פריהער און בלייבען מאקי דאס, וואס זיי זענען. זיי מוזען נעביך זיך זאָרגען, אויף אייך רחמנות האבען, זיי מוזען נעביך אייך טובות טאָן, און איהר פון אייער זיים מוזט נעביך פון זיי מקבל טובה זיין. אקענען אייך, זאג איך נאך א מאל, אר־בייטען קרעפטען, אקענען אייך שטעלט זיך ארויס א נאטור געזעטין אין יענע אלע מענשען וואס זוכען אייגענטליך עסען און טהון אלע מיטעל צו דערהאלטען זייער פרנסה, זייער לעבען. איהר זענט זיך מפרנס און לעבט איינער פון דעם אנדערען, איהר עסט אויף און פארדארבט איינע דיא אנדערע. זאל מען אבער געוועזען אייך לאָזען לעבען לייטען גלייך פרייא, וויא עס נעהר צו זיין, וואָלטען אזעלכע זאכען ביי אייך כלל נישט געווען. לאז מען נאר פאר אייך עפנען א וועלט, וועלען דיא אלע זאכען פון זיך אליין אויפהערען און איהר וועט מיט א מאָל אויסגעלייזט ווערען פון אלע צרות. נאר כל זמן איך, אשמדאי, בין נאך דא, וועל איך אזעלכס נישט צו־לאזען. איך וועל מאכען הוקעס־פוקעס, אז מען זאָל נאָר שרייען. זאָגען דרשות, האלטען ריידען און נאר נישט טאן, מען זאל אייך תמיד האלטען אין דעם מויל און מכח אייך קיינמאל נישט קומען אויף א לאד. נישטאָ פאר אייך קיין אנדער וועג, נישטאָ פאר אייך קיין אנדער מיטעל צום לעבען! עסט, פרעסט איינער דעם אנדע־רען, שלינגט זיך וויא דיא פיש איין איינע דיא אנדערע. בייסט זיך. רייסט זיך צו אלדע שווארצע יאהר!

— אך! האָב איך געקרעכצט און זיך געחאפט ביי דעם קאָפּ, וואָס האָסט דוא צו אונז? וואָס האָבען מיר דיר געטאָן?

— וואָס האָב איך צו אייך? האט ער געזאָגט און געקריצט מיט דיא צייהן, איך בין אייך א דם שונא דערפאר, וואס איהר האט מיך געמוטשעט.

— וואָס רעדסט דוא? האָב איך זיך אנגערופען, מיר האָבען דיך גע־מוטשעט!?

— אייער שלמה המלך, האָט ער געענטפערט מיט כעס, אייער שלמה המלך'יל האט מיך, אשמדאי, א מאָל געחאפט און מיך געהאלטען געקאָוועט אויף א קייט. ער האָט מיך שטארק געמוטשעט!

—גוואלד, האָב איך געשריגען, אָבער וואָס זענין מיר שולדיג? פאר וואָס זאָלען מיר נעביך אפקומען פאר א מעשה, וואָס איז געשעהען עטליכע טויזענט יאָהר צוריק? מען מוז אויסהערען ביידע צדדים, גוואלד וואָס האסט דוא צו אונז נעביך? וואָס האָבען מיר אפצוקומען, וואס זענין מיר שולדיג?

שלמה המלך איז אייערער! האט ער זיך שרעקליך צובייזערט און א זעטץ

געטאָן דיא קליאטשע נעביך, וואָס דיא גאַנצע צייט איז זיא שלימזלדיגע, גע־שטאַנען אין איינע צרות און משונה געציטערט. איהר, איהר זענט שולדיג! איצט ליגט אויף אייך מיין קללה: זעהט אכסדינג נאר נישט דאָס, וואס מען בעדארף; הערט איטליכען, נאָר נישט אייערע אמתע גוטע פריינד; רעדט א סך איבער זייטי־גע זאכען, נאָר וויא באלד עס ווערט אויסקומען א שמיעס איבער אייך, זאָל אייך אָפּנעהמען דאָס לשון; טאפּט אָן אלסדינג, נאָר נישט דעם רעכטען וועג צום גליק. אייערע בעלי טובות זאָלען וויא דיא פלעה אין זומער זיך פרוכפּערען און מעהרען. זיי זאָלען אייך אזוי פיל טובות טאָן, ביז וואַנען איהר ווערט פון זייערע טובות קראנק ווערען און מעהר קיין כח נישט האָבען זיי צו צונעהמען. אייערע חברות זאלען וואקסען וויא קראפּיווע און דיא קאסע־ביכער זאלען פארשווינדען ווערען. עס זאל פון זיי נישט זיין אפילו קיין זכר. אייערע טאקסעס זאלען אייביג נישט אויפהערען, דארט, קווארט, צאָהלט געלט און גריזעט ביינער! ווערט איינער א מאָל פאר אייך זיך ארויסשטעלען, זאָלט איהר, וויא דיא משוגעים, אויף איהם אנפאלען און ווער־פען אויף איהם שטיינער, אייערע גבירים זאלען אומעטום שיטען געלט פולע הויפענס, נאָר נישט אויף וואס און נישט וואו מען בעדארף. דאָרטען וואו עס איז נעהטיג זאלען זיי נישט וועלען געבען קיין גראָשען. איהר זאָלט זיין בני רחמנים דענסטמאל, ווען אייער רחמנות טויג שוין אויף כפּרות, בשעת יענער שלעפּט זיך שוין ארום מיט דער טאָרבע, אדער בשעת יענער איז שוין נוטה למות און פּאָכט מיט דער נשמה, נאר בשעת יענער האלט זיך און זוכט מיטעל וויא זיך בכבוד צו דערנעהרען, זאָלט איהר איהם רודפען, זאָלט איהם טאָן א וואָרף און צוטרעטען מיט דיא פיס. איהר זאָלט אָנטאָן אטלעסענע לאנגע קאפּאָטעס און קריכען מיט זיי אין דער בלאָטע. אפילו א קבצן זאָל בעסער אָנטאָן זיידענע שמאטעס איידער א גאנץ קלייד פון גע־וואנט. אין עולם הזה זאכען זאָל זיך זארגען איטליכער פאר זיך בעזונדער, נאר מכח עולם הבא זאל איינער זיך שטארק זאָרגען און איין ערב זיין פאר דעם אנדערען. דערפאר זאָלען פרעמדע ביי אייך איינפיהרען דעם דין פון ע ר ב ו ת אין אלע זאכען. ווערט איינער עפּיס זינדיגען, זאָלט איהר אלע שולדיג זיין. אויב עס וועלען א מאָל ביי אייך אויפשטעהען גאזעטענשרייבער, צו פארענטפערען אייך פאר דיא אומות־העולם, זאָל פון אלע א קיום האבען און אייך בעסער געפעהלען יענער, וואס פאר־שטעהט נישט זייער לשון. פאר דעם מינסטען פון דיא אומות העולם זאָל אייערער דער גרעסטער זיך מאכען קליין און האלטען פאר א כבוד מיט איהם חבר צו זיין, אקענען־זשע ביי אייך, זאָל דער מינדסטער פאר דעם גרעסטען נישט האבען קיין שום דרך ארץ, איטליכער גאָרנישט זאָל זיך האלטען פאר א גאַנצען יש, איטליכער

שוטה פאר א ווילדען חכם, איטליכער גראבער יונג פאר איין איידעלען מענשען; איין עם הארץ זאל א העזה האבען צו שפעטען פון א געלעהרענטען, א בור זאָל זיך האלטען פאר פרום, מעהר וויא פון א למדן. איהר זאָלט זיך בייסען, רייסען, איינער דעם אנדערען פרעסען צו אלדע שווארצע יאָהר! רעכט אויף אייך, רעכט. איך האָב הנאה, איך לאך פאר שמחה!

ער האָט געגעבען א לאך און דער גאנצער וואלד איז פול געוואָרען מיט גע־לעכטער, וואוהין איך האָב מיך געקעהרט און געווענדט האָב איך געהערט אלץ א געלעכטער, פון איטליכס ווינקעלע האבען אויף מיר ארויסגעקוקט קעפליך פון אלערליי לצים אלע האָבען שטארק געלאכט.

נישט פרעהליך, זעהר נישט פרעהליך אויף דעם הארצען!....

## 14.

## א שיין וועלטיל הלעבין!

דער אשמדאי האָט מיך נישט געלאזט לאנג טראכטען און נאך איידער איך בין צו זיך געקומען, האָט ער מיך א נעהם געטאָן און זיך אויפגעהויבען מיט מיר גאנץ הויך אין דער לופטען. ער האט מיך געטראגען, וויא א רוח א מלמד און זעהר ניך מיט מיר געפלויגען. נאך אונז זענין נאכגעפלויגען גאנצע מחנות רוחות, א טהייל זענין געפאָהרען רייטענדיג אויף עפיס מיני פלעדערמייז, וואס הייסען וואמפירען; א טהייל אויף דראקאָנען, אזעלכע מיני שלאנגען מיט פליגעל, אנדערע אויף סאָוועס און נאך אנדערע אויף שרעקליכע יאשטשירקעס. צווישען זיי האָבען זיך געדרעהט אויך מכשפים, טאַשענשפילער, פאָקעסניקעס, שפרעכער פון אלערליי נאציעס. אין איינעם מיט רוסאלקעס. אלטע מכשפהטעס, קארטענוואָרפערענס, ציגאינערקעס פון איטליכער נאמנה האבען זיך אויפגעהויבען גאנץ הויך רייטענדיג אויף מעטלעס, עפיס אויף מיני דראבעס, קאָכלעפעל, אויף קאטשערעס און לאפעטעס. דיא קראנקע קליאַטשע איז אויך געפלויגען אין הימעל און אויף איהר זענין וויא דיא פלעה אָנגעזעצט געווען לצים, נייעט גוטע גאנצע כתות. עס איז געווען א פחד, א מורא אנצוקוקען דאָס שרעקליך פעקיל, וואָס האָט א גאנץ ווענ זיך געדרעהט, אקוראט וויא שטויב דרעהט זיך פון דעם ווינט אין א רעדיל; וואס האט געטאנצט, געשטיפט, געפייפט, געפישטשעט, געשווישטשעט, נישט גערוהט קיין רגע.

דער אשמדאי האט מיך געהאלטען אין זיין האנד, וויא א פיינעלע, א וואָראָ־ביימשיקעל, זיך געהיט מיר חלילה קיין קוועטש נישט צו טאָן, צו ציימענס זיך אונ־טערגעשפילט און געמאכט מיט מיר קוצעניו־מוצעניו.

— ישראליק! האט ער איינמאל צו מיר זיך אָנגערופען, בשעת מיר זענין

הויך געפלוינען. קוק, זייא מוחל, אראפּ אונטען, ווערסט דוא עפּיס זעהען און הערען.

— איך זעה, האָב איך געענטפערט, אראפּקוקענדיג אונטען, עפּיס זעהר א שרעקליכען טומאַן, קוים, קוים וואס איך זעה ארומקריכענדיג דארט עפּיס מיני בעשעפעניש, ווילדע בּרואים. זיי צאפּלען זיך עפּיס משונה, קריכען איינער אויף דעם אנדערען, עפנען דאס מויל און שרייען, דאכט זיך, מיט בּיטערע קולות. דאָס מוז א פּנים זיין דער גיהנם, וואָס דאָרט מאַטערט מען זיך און מען ליידט שרעקליכע יסורים. נאר איך זעה נישט און הער נישט אלסדינג אקוראט.

— בּאלד, בּאלד, ישראַליק ווערסט דוא הערען און זעהען אלסדינג, האָט דער אשמדאַי געזאָגט און מיר אנגעטאָן בּרילען וויא שפּאַקטיוועס, צום אויער מיר אויך צוגעלייגט א רעהריל, נוא, האט ער מיך נאָכדעם געפרעגט, נוא וואס זעהסט דוא אצינד?

— ערד, ערד! האָב איך א געשריי געטאָן, נישט מיט יענעם פרעהליכען קול, וואָס קאָלומבּוס האָט א מאָל א געשריי געגעבּען, בּשעת ער האט נאך א לאנגער רייזע אויף דעם ים פּלוצלים דערזעהען דיא ערד פון אמעריקא; נאר מיט אזא קול, וואָס איינער לאָזט ארויס, ווען ער דערשרעקט זיך פאר עפּיס א ווילדער זאך. איך האָב דערקענט אונזער ערד מיט איהרע דערפער, מיט איהרע שטעדט און מיט אַלע איהרע מיני מענשעליך. איך האָב געזעהען און געהערט, וואָס דארט געהט פאָר און בּין פארציטערט געוואָרען!

—ציטער נישט אזוי, ישראַליק, האט ער מיך געבּעטען מיט א שמייכעלע, נישקשה, איך האַלט דיך גוט אין דיא הענט. קוק בּעסער און גיב מיר איבּער אָקר־ראַט, וואס עס טהוט זיך דאָרט אין דער שטאָדט איזמאיל, איבּער וועלכער מיר פליהען אצינד.

— איך זעה, האָב איך געענטפערט מיט א צובּראָכען הארץ, איך זעה מחנות מענשען לויפען, פאלען אָן וויא דיא היישעריקען אויף הייזער, שלאָגען אויס פענצטער מיט שטיינער, האקען מיט העק טהירען, חאפּען זיך אריין אינוועגדיג אין הייזער און הארגענען מיט אכזריות, נאך ערגער פון ווילדע חיות. איך זעה וויא מען קוילעט מאַטעס, מאמעס מיט זייערע קינדער, יונג און אלט גאר אָהן רחמנות. איך זעה וויא מען האַפּט בּיי א יונגער מוטער פון דעם שויס אַרויס איהרס א בּרילאַנטען קינד, מען נעהמט עס אָן פאר דיא פיסליך און מען גיט עס א זעטץ מיט דעם קעפּיל שטארק אין א שטיין, אַזש דיא געהירען שפּריצען גאנץ ווייט. איך זעה, בּלוט רינט אין דיא גאסען און פון דיא אַלע לוזשעס ווערט א גרויסער בּלוטיגער טייך; פון איהם זעצט ארויס א

הייסע, א ווארמע פּארע, וואס געהט ארויף ביז צו דיא וואָלקענס, פון דאָרט וועט דאס אראָבקאפּען אין גרויסע טראָפּענס, אָנצוטרינקען זאט דיא פעלדער מיט זייערע תבואות און דיא שיינע וויינגערטנער, וואס זייער וויין וועט דורך דעם נעראָטען און ווען דערפרעהען מענשענס הערצער. איך זעה וויא מען ראבעוועט, וויא מען ברעכט, שטעכט און מאכט וויסט, תל פון אלע זאכען, איך הער א געשריי, א געבעט א גע־וויין פון דיא אומגליקליכע נעביך. איך הער א זיפצען, א קרעכטצען פון דיא געקוי־לעטע אונטער דעם חלף. איך הער א גוסען א האָרחלען פון דיא, וואס געהט זיי שוין דיא נשמה אויס, איך הער א געשפּעט, א געלעכטער פון דיא ווילדע רוצחים.... נאָר אבער ענגוג, געגוג! איך קען מעהר נישט זעהען, איך קען מעהר נישט הערען!

— חאַ, חאַ, חאַ! האט דער אשמדאי זיך צולאכט, אָט האסט־דוא דיר דיינע גוטע און פרומע מענשעליך! זיי פארדארבען און קוילען, און מיך רופען זיי נאך שטן, אשמדאי! דיא דאָזיגע באנדעס, וואס דוא זעהסט אונטען מיט העק, מיט מעסערס אין דיא הענט, דאס זיינען דיא ר ו מ י נ י ע ר, און דיא געקוילעטע, דיא דערשטאָכענע, זיינען דיינע אומגליקליכע ברידער.

— גוואלד! האָב איך געטאָן א געשריי און זיך אָנגעהאפּט ביים קאָפּ, גוואלד, וואס האט מען צו זיי, צו מיינע בידנע, אומגליקליכע, שלאפע ברידערליך נעביך?

— דוא ווילסט וויסען פאר וואס? האט דער אשמדאי גאנץ קאלטבליטיג געזאָגט. שאַ, וועל איך דיר אין קורצען דערצעהלען. איינער, טאקי זייערער, האט געגנבעט עפּיס חפצים דאָ אין דעם קלויסטער. דער הינער עולם, וואס האט דיינע ברידער פיינט און זייער גראָשען ליב, האט ארויסגעלאָזט א קול, אז דאס וואקסט פון דיינע ברידערליך. מעהר האט מען שוין נישט בעדארפט, חברת איז אויף זיי אָנגעפאלען און רעכענט זיך עס איצט מיט זיי גוט אָפּ.

— סטייטש, וואו איז דיא פּאָליציע? האָב איך געפרעגט שטארק פארוואונ־דערט, פאר וואס שווייגט זיא און לאָזט צו אזעלכע רציחות?

— דיא פּאָליציע מאכט זיך קלאָמערשט נישט וויסענדיג, האט ער געענט־פערט מיט א געלעכטעריל. שפּעטער אז חברה וועט שוין אלסדינג אָפּטאָן, חאַ, חאַ, חאַ! דענסטמאָל וועט זיא אָנהויבען קרעכצען און זיך מתנצל זיין אין אלע גאַ־זעטען מיט זיסע, קאלעכדיגע ווערטליך, אז זיא האט דערפון לחלוטין גאר נישט געוואוסט; וועט כלומער'שט איינזעטצען תפוס דיא רעדעלפיהרער, דערנאָך, פארשטעהט זיך, וועט זיא זיי ארויסלאָזען און דיא גאנצע באָד, חי, חי, חאַ! וועט

זיך טאקי אויסניסען אויף דיינע ברידערליך. נישקשה, איך קען דיא רומינישע פּאַליציע! קאָסטאַפּאָרו דער פּריץ דאָרט קען אָפּאַרבייטען איין עסק און זיך אויסדרעהען גלאַט וויא אויפן טעלער.

— טראָג מיך רוח ווייטער, ווייטער אוועק פון דאנען! האב איך דעם אַשמדאַי געבעטען. טראָג מיך וואוהין דוא ווילסט, טראָג, אַפּי לאָמיך נישט בלייבען דאָ.

ער האָט מיך א טראָג געגעבען ווייטער אין דיא רוחות נאָך אונז. זיי זיינען איצנד מיר שוין פירגעקומען נישט אזוי ווילד, אזוי שרעקליך וויא פריהער. עפּיס האב איך צווישען זיי מיך געפיהלט פרייער און היימישער וויא צווישען מענשען. מיר זיינען געפלוינען איבער גאַלאַץ, באַקען, ווילקאָוו און קאַגוגע, דאָרט האבען אַזעלכע שרעקליכע מעשׂיות זיך איבערגעחזערט! מען האט געהרגעט. געשלאָגען מיט גרויס אכזריות און דערנאָך האט מען דיא גאנצע שולד ארויפגעליינט אויף דיא געשלאָגענע געפּיך. זיי זיינען נאָך געבליבען אומגערעכט.... לעבין דער בוקאָווינע האב איך דערזעהען גרויסע זייכען רויך, וואס האבען זיך געטראגען שטארק הויך אין דער לופטען מיט לאנגע פייערדיגע צונגען אי מיט ברענענדיגע האַלאָוועשקעס און געפארבט פייער רויט דעם הימעל, וויא אויך דיא פליהענדיגע רוחות. איך גיב א קוק אונטען, אָווא, עס איז א שרעקליכע שׂרפה! א גאנצע שטאָדט ברענט פון אַלע פיער עקען. עס איז א רעש, א מהומ:ה, א העלעש פייער וויא אין גיהנם.

— דאס ברענט דיא שטאָדט ס.... האט דער אשמדאַי זיך אָנגערופען. אין דער דאָזינער שטאָדט זיינען טייסטענס געזעסען דיינע ברידער, האבען געצאָהלט תּמיד אלע אָפּגאַבען פינקטליך און געלעבט זעהער גליקליך. דער סבאָרשטשיק פון דיא פּאָדאַטען, ווייערער א דם שונא, איז אויף זיי שטארק אויפגעבראַכט געוואָרען דערפאַר, וואס זיי האבען איהם נישט געוואָלט געבען אין דער האנד אריין עפּיס א סומע געלט, וועלכע ער האָט פארלאנגט. מחמת גרויס כעס האט ער געהייסען אָנצינדען דיא שטאָדט פון אלע פיער עקען. איצנד ברענט זיא עס געשמאַק, זעהר ליכטיג! דיינע ברידערליך לויפען דאָרט ארום, וויא דיא פארסמטע מייז, און פון זייערע הייזער, פון זייער גאנץ פארמעגען ווערט אַש. גנבים, בייטעלשניידער רויבען, גזלנען, וויפיעל זייער הארץ גלוסט. דאָרט, זעה נאָר, דאָרט שטעהט דער סבאָרשטשיק מלא שׂמחה און האָט גרויס הנאה, אקוראט וויא א מאָל דער קיסר קאַלוגולא, וואס האט געהייסען אָנצינדען דיא גאנצע הויפּטשטאָט רוים און קוקענדיג פון דער ווייטענס, אויף זיין נאַניקעל, משונה הנאה געהאט פון דער שרעקליכער אילומינאַציע. קאַלוגולא חלעפּין איז זעהר גערעכט געווען דערמיט, וואס ער האט זיך געוואונשען,

אז פון אלע מענשען אין דער גאנצער וועלט זאל ווערען איין מענש און ער זאָל איהם מיט זיין שווערד דעם קאָפּ אָבהאקען.

— גוואַלד, וואס אויף דער וועלט טהוט זיך! האב איך ווע נעשריגען, נעהם מיך צו, רוח, און טראָג מיך פון דאנען אוועק, אוועק.

דער רוח האט מיך ווייטער געטראָגען זעהר געשווינד. א גאנץ וועג האט ער צו מיר נישט גערעדט קיין וואָרט. מיר זיינען ביידע געווען פארטראכט און אימלי־כער האט געטראכט עפּיס אנדערש, אז מיר זיינען געפלויגען איבער דער גרויסער שטאָדט יאססי האט ער מיר אנגעוויזען דאָרט אונטען עפּיס א שטוב און מיר געהייסען אריינקוקען אינוועגדיג דורך דיא פענצטער.

— האָב רחמנות! האב איך איהם געבעטען רחמים, הייס מיר שוין מעהר נישט קוקען דיא גרויסע צרות, וואס אין דעם לאנד טהוט זיך, לאָמיר פליהען ווייטער, ווייטער!

— חאָטש נאך איין מאל, ישראליק! האט ער געזאָגט, נאך איין מאל איי־דער מיר פליהען אוועק פון דעם לאנד. קוק, איך בעט דיך, קוק אריין דאָרט אין שטוב און זאג מיר, וואס דו זעהסט.

— איך זעה דאָרט, האב איך געזאגט, אריינקוקענדיג אין שטוב, עפּיס א קראנקער, א פארוואונדעטער אין דער לינקער פוס, ליגט נוטה־למות אויף א באנק־בעטיל און קרעכצט נעביך משונה שטארק פאר ווערטיג. ארום איהם שטעהען א סך גרויסע און קליינע קינדער, דארע, בלייכע, מיט פארשמאכטע ליפּען, וויא הונ־געריגע, וואס האבען שוין א צייט גארנישט אין זייער מויל געהאט. זיי שטעהען און וויינען מיט בלוטיגע טרעהרען. אין שטוב הערשט א שרעקליכע אָרעמקייט, א בי־טערע עלענד, אומעטום איז וויסט, פינצטער, נישטאָ קיין שום זאך. אין א ווינקעל, זעה איך, צוויי פּיטצליך, כמעט נאקעטע קינדערליך,ביידע נעביך יאָמערען: טאטע, עסען! טאטע, טאטע, מיר ווילען עסען!

— דער דאָזיגער קראנקער, האט דער אשמדאי זיך אנגערופען, איז איין אומ־גליקליכער, איין אָרמער טאטע, וואס פאכט מיט דער נשמה און געזעגנעט זיך נע־ביך מיט זיינע וויסטע, הונגעריגע קינדער. זיי מעגען נישקשה וויינען, פארגיסען טייכען טרעהרען. דער ארמער טאטע זייערער איז געווען, מישטעהנעס געזאָגט, זיי־ער גאנצער פרנסה געבער, ער פלעגט זיך פלאָגען צום טויט, צו דערטאַפּען פאר זיי א שטיקעל ברויט וויא עס איז צו דערהאלטען דיא נשמה. נאך זיין טויט וועלען זיי בלייבען וויא אויף דעם וואסער און אויסגעהען פאר הונגער. נאָר דוא האסט געזע

העןָ ערשט א האלבע זאך. קום ווייטער א ביסעל, וועסט־דוא זעהען און וויסען אלסדינג אין גאנצען.

ער איז מיט מיר געשווינד אוועקגעפלויגען איבער איין אנדער גאס, דארט איז געשטאנען זעהר א גרויס הויז פון א גאנץ רייכען מאן, אהינצו האט ער מיר געהייסען אריינקוקען און זעהען, וואס עס טהוט זיך.

— איך זעה, האב איך זיך אנגערופען, אין א רייך אויסגעציהרטער זאל מיט טהייער מעבּיל, מיט גאלד און זילבער, זיצט אין א פאטעל עפּיס א מענש, שוין אין זיא יאהרען, לעבין איהם אויף א קאנאפּע זיצט צוליינט א יונגער מאן, אנגעטאן אין דיא קליידער פון א יעגער, ארום און ארום זיטצט א גאנצע געזעלשאפט פון יונגע לייט. מען טרינקט וויין, מען שמועסט, מען לאכט און עס איז שטארק פרעה־ליך. דער יעגער דערצעהלט מעשיות פון דער אחאטע. ער דערצעהלט, וויא ער האט געשאסען א ניי מין בעשעפעניש אויף צוויי פיס!.... אלע פאטשען בראווא! דער אלטער מאן האט משונה הנאה, טרינקט פאר שמחה אויס א בעכער וויין און קוקט אויף דעם יעגער מיט ליעבשאפט.

— דער אלטער מאן, האט דער אשמדאי געזאגט, דאס איז באנדאן, זעהר א רייכער פריץ, און דער יעגער, וואס דערצעהלט דיא שיינע מעשיות, איז זיינס א זוהנדיל. אין דעם הויז פלעגט אפט אריינקומען צו פארקויפען קעראסין יענער ארמער טאטע פון א סך קינדער, וועלכען דוא האסט ערשט נישט לאנג געזעהען דארט, ליגענדיג טויט קראנק אויף א ביסעל שטרוי. איינמאל האט ער דא, וויא געוועהנטליך, פארקויפט קעראסין און שוין געוואלט אוועקגעהן; נאר היינטינס מאל איז איהם נישט בעשעהרט געווען צו זעהען זיך געזונטערהייט מיט זיינע קינדער. בישעת ער האט זיך געלאזט ארויסגעהן פון דעם הויז איז הינטער איהם נאכגעגאנ־גען באנדאנס זוהנדיל נרייט צו דער פאלעוואניע, מיט א ביקס אין דער האנד. לא־כענדיג קומט צו איהם דאס יונגע פריציל צו, און זאגענדיג דיא ווערטער: „מיר וואלט זיך זעהר געוואלט וויסען אויב איך קען הרגנען א יודליק" האט ער זיך גע־צילט און אויסגעשאסען. דיא קויל האט דעם יודליק געטראפען אין דער לינקער לאפעטקע, ער איז באלד אנידער געפאלען מיט א שרעקליך געשריי, וואס האט געקענט ריהרען אפילו א שטיין. אצינד, בשעת דער פארוואונדעטער מאטערט זיך געביך שרעקליך אויף זיין הארט געלעגער און דיא הונגעריגע קינדער שטעהען ארום דעם אומגליקליכען טאטען — זיטצט זיך באנדאנס זוהנדיל, דער רוצח, גאנץ לוס־טיג אויף א ווייכער קאנאפּע און דערצעהלט זיינע גבורות ביי א נלעזיל וויין.

דער טאטע מיט אלע גוטע ברידער קוועלען דער פון גאר אן און זיינען זיך פשוט מחיה!

— גוואלד! האב איך געשריען, וויא שווינגט מען פאר אזא רציחה? טייבען מרעהרען און אומשולדיגע בלוט פון מענשען גיסען זיך אין די גאסען וויא וואסער און קיינער נים דארויף אפילו קיין קרעכץ נישט, גוואלד, וואו איז דאס געזעטץ? וואו איז דאס מענשליכקייט?

— קום, זיי מוחל, ווייטער אביסעל! האט דער אשמדאי זיך אנגערופען, קום, וועסט דוא הערען א תירוץ אויף דיינע קלאָטץ קשיות! נישט ווייט פון דאנען זעהסט דוא, שטעהט א הויז, דאָס איז א געריכט הויז, וואָס דאָרט משפט מען אין דעם נאמען פון אמת און גערעכטיקייט; וואָס דאָרט ווייזט ארויס דער מענש, דער אנטיק פון אלע בעשעפעניש, זיין גוטסקייט, זיין פרומקייט, זיין שכל, זיין דבור — דיא גרעסטע מתנה פון דעם, וואס איך טאָהר נישט דערמאהנען — און זיינע שיינע, טהייערע געזעטץ. מיר פליהען איצט אקוראט איבער דעם געריכט־הויז, קוק, זיי מוחל, אהינצו אריין און דערצעהל מיר אלסדינגג, וואס דוא זעהסט און הערסט.

— איך זעה, האב איך דערצעהלט, דריי רומינער שטעהען דארט פאר דיא ריכטער. דיא אלע דריי אין איינעם האָבען בעגזלט און געהרגעט א יודען נעביך. זייער אדוואָקאט, וואס מען רופט איהם דאָרט מיט דעם נאָמען האר ברעסקו, פארענטפערט דיא רוצחים מיט א ריידע. — רבותים! זאגט ער צו דיא פריסאזשנע זאסיעדאטעלעם איהר מוזט קודם כל וויסען, וואס זענין אזוינס יודען. איהר בעדארפט האָבען אין זינען, אז יודען זענין פיאווקעס, וואס זיינען ביי אונזער פאלק אויס דאָס בלוט. איך קען עס אייך אויסווייזען פון זייער תלמוד, אז יודען טרינקען זיך אָן מיט אונזער בלוט, אז זיי האָבען אונז פיינט. אין דיא יודישע געבאָט שטעהט אזוי: אמתע קריסטען מוזען מיט יודען זיך בעגעהען וויא מיט ווילדע חיות. איך בין זיכער, אז איהר וועט גערעכט נעבען מיינע דריי לייט, פאר וועלכע איך נעהם מיך דאָ אָן — דיא כוונה זייערע איז געוועזען זעהר א גוטע: צו בעפרייען אונזער ארעם לאנד פון דיא פיאווקעס.

— יישר־כח ברעסקו! האָט דער אשמדאי געזאגט מיט גרויס שמחה, דיין דרשה האט מיך פשוט מחיה געווען. דוא האסט דערמיט געוויזען, וואס איז אזוינס א מענש, וואס דיין צינגעל בעטייט!

און אין דעם וויא ער האט מיט א געשפעט גערעדט איבער דיא מענשען געלאכט פון זייער יושר, פון זייער ליבע און פון זייער פרומקייט, איז ער דערווייל געפלויגען, געפלויגען, ביז מיר זענין געקומען צו עפיס א הויז.

— ישראֶליק ! האָט ער געזאָגט, נאָכדעם וואָס דו האָסט דאָ געזעהען און געהערט, מוזט דו, איידער מיר פליהען פון דעם לאַנד אַוועק, האָטש איין מינוט אַריינקוקען אין דעם הויז, וואָס דאָרט אויף אַ שטוהל זיצט מיין מיניסטער קאַס־טאַפּאָרו, אַרום איהם זיין גאַנצע כנופיא גרויסע לייט און גאָזעטען שרייבער. קוק אַריין און דערצעהל, וואָס דו זעהסט.

— איך זעה, האָב איך געזאָגט, דער מיניסטער הייסט אָנשרייבען אַ פּאַפּיר, אויף וועלכען מיינע אומגליקליכע ברידער זאָלען זיך חתמה'נען, אַז ס'איז אין גאַנצען אַ ליגען, וואָס די וועלט טראַכט אויס, אַז מען מאַרטערט זיי דאָ צום טויט. אדרבה זיי איז דאָ זעהער גוט, און זיי האָבען דאָ, נישט צו פאַרזינדיגען, זעהער פיל גוטע פּראָווּעס....

— זיי געזונט, מיין טהייערער קאַסטאַפּאָרו ! הלוואי אַ סך אויף דער וועלט וויא דו, וואָלט איך מיר שוין געשלאָפען רוהיג. זיי געזונט, מיין פריינד ! דיין געזונט איז זעהר נעהטיג, בכדי דורך דעם זאָלען טויזענטער אַנדערע פאַרילרען זייער געזונט און לעבען. קאַסטאַפּאַרו, סערדצע, זיי מיר געזונט ! אויף איהר, רעדאַקטאָרען, טהייערע מענשליך, זייט געזונט ! דערפרעהט מיך אָפּט מיט אייער שרייבען און קאַרגט נישט, שפּאָרט נישט קיין טינט !.... אַזוי האָט מיט אַ געלעכטער דער אשמדאי זיך געזעגענט און אַוועקגעפלויגען ווייטער.

אַ היבשע צייט זענען מיר געפלויגען איבער טהאָלען איבער בערג, איבער דער־פער און איבער שטעדט, איבער אַזעלכע, וואו מיין פּוס טאָהר זיך נישט געפינען דאָרט, פון דער ערד ביז צו די שפּיטצען דעכער. פליהענדיג איבער סמירנא האָבען מיר אונטען געזעהען אַ שרעקליכע סצענע, אַ גרויסע מחנה גרעקען האָבען וויא חיות רעות נאָכגעיאָגט עפּיס אַ מענשען, וואָס ער איז געלאָפען געביך און זיך אַרויסגע־שלאָגען כמעט פון די כוחות. אָט, אָט, האָב איך געמיינט האָפען זיי איהם און צורייסען איהם אויף שטיקער.

— דאָס כויפּט איינער פון דיינע ברידערליך. האָט דער אשמדאי זיך אָנגערו־פען. ער וועט, דאַכט זיך מיר, באַלד אַנידערפאַלען און אייביג שוין מעהר נישט אויפשטעהן.

דער אומגליקליכער נעביך איז געוואָרען מיד לויפענדיג, קוים וואָס ער יאָט זיך געהאַלטען אויף די פּיס. די גרעקען זענען שוין געווען גאַנץ נאָהענט פון איהם, האָבען משונה געשריגען און אויסגעשטרעקט די הענט. פּלוצלים אָבער האָט ער זיך געשטאַרקט געלאָפען מיט דעם גאַנצען כח און זיך אַריינגעחאַפּט צום סוף ער־ניין אין אַ הויז. אַ טהייל פון די גרעקען זענען איהם נאָכגעלאָפען אהינצו, אַ טהייל

זענין געבליבען אין דרויסען און האבען געשריגען: נעהמט איהם ארויס אהער, לאמיר איהם הרגנען!

אין מיטען דער שרעקליכער מהומה איז פון דעם הויז ארויסגעגאנגען א מיט־ראפאליט, זיך געשטעלט אין דער טהיר מיט דעם פנים צום עולם און געזאגט אויף א קול: וואס האט איהר דא זיך פארזאמעלט? ווילט איהר עמיצען הרגנען, הרגעט־זשע מיך. כל־זמן איך לעב וועל איך, פאר קיין שום זאך אין דער וועלט, נישט ארויסגעבען אייך דעם אומגליקליכען מענשען, וואס איז געקומען אין מיין הויז אריין, צו בעטען ביי מיר הילף פאר זיך און פאר זיינע אומגליקליכע ברידער, נעביך. וויא האט איהר פאר גאט קיין מורא נישט אויסצוטראכטען אויף זיי נעביך איין עלילת־דם, וואס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, און אנצופאלען וויא דיא לייבען אויף אומשולדיגע מענשען? בעטראכט זיך נאר, וואס איהר טהוט!

טרעהרען האבען מיר זיך געשטעלט אין דיא אויגען פאר פרייד, אז אויף דער וועלט איז נאך פאַרט דא א גוטער, עהרליכער מענש.

— אנקוקען קען איך נישט אט דיא פראוואסלאוונע ארכירייען! האט דער אשמדאי א זאג געטאן מיט כעס און געמאכט א זויערע מינע. עס איז מיט זיי גאר נישט צו מאכען. פע, פע, וויא א ביין שמעהען זיי מיר שוין אין דעם האלז! א נס חלעבין, וואס עס איז נאך געבליבען אויף דער וועלט רעכטע מענשעליך אונטער דיא יעזואיטען. בשעת זיי האבען געוועלטיגט ביד רמה האבען זיי געפרעגעלט אפט אויף דעם פייער אייך, מענשעליך! עס האט געשמעקט געבראטענס פון מענשען פלייש. אך, וויא געשמאק אזא געבראטענס איז! לאמיר נאך ווייטער פליהען, צווישען מיינע לייט, אפשר וועלען מיר דארט דאס מאכל בעקומען. ריידענדיג אזעלכע ווערטער, האט ער שטארק געמאכט מיט דיא פליגעל און איז מיט זיין גאנצער קאמאנדע רוחות אריינגעפלויגען געשווינד אין דייטשלאנד.

אז מיר זענין געפלויגען דארט איבער דער שטאדט נייי־הויצעל האב איך גע־זעהען וויא א יודישער סוחר בעט אין דעם נאמען פון אלע זיינע ברידער דעם דאר־טיגען גלח, ער זאל אויף זיי רחמנות האבען או אויסווייזען זיין פראסטען עולם. אז עלילת דם איז א שקר בלבול. באם ער וועט עס נישט טאן, איז דער עולם, זיינער גרייט באלד אויף זיי אנצופאלען אין גאט ווייסט, וואס פון זיי נעביך קען ווערען. דער גלח האט גאנץ קאלטבלוטיג געענטפערט: חלילה, איך וועל אזא נארעשקייט נישט טאן, פון מיינעטוועגען ווערט האטש דיא כפרה!

— א, דער רוח זאל איהם חאפען! האב איך געזאגט מיט כעס.

— האב צייט ישראליק! האט דער אשמדאי געענטפערט, שפעטער וועט

איהם טאקי דער רוח חאפּען; אצינד אבער זאל ער לעבען און געזונד זיין, ער ניטצט מיר צום עסק. סוק בעסער ווייטער, וואס אונטען טהוט זיך, דוא וועסט נאָך עפּיס שעהנערס זעהען.

—נענוג, נענוג! האב איך געשריגען אין איין אטהעם, דער קאפּ דרעהט זיך מיר. איך קען אסור מעהר נישט צוזעהען דיא עולות, דיא פאלשקייטען און דיא רציחות אויף דער ערד.

— עט, האט ער געזאגט, דאס וואס דוא האסט געזעהען איז נאָך נארנישט, ערשט א טראָפּען פונ'ם ים. אויב דיר איז נמאס געווארען צוזעהען דיא צרות, וואס פרעמדע טהון אייך אן, וועל איך דיר ווייזען דיא גרויסע צרות, וואס איהר אליין טהוט איינער דעם אנדערען, איך וועל דיר ווייזען אייערע אלע תכשיטליך, אייערע מיוחסים'ליך אייערע בעלי טובות'ליך, אייערע אלע אפּוטרופּסים'ליך.

— גענוג, האָב איך איהם געבעטען רחמים, איך קען זיי שוין גאַנץ גוט.

ער האָט א פליה געטאָן שרעקליך געשווינד, וויא א פייל אוים דעם בויגען, דערנאָך האט ער פּאמעליך געשוועבט אין דער לופטען און זיך אנגערופען צו מיר:

— איך וועל דיר ווייזען אייערע ספּאָדיקליך, אייערע ציגאַנערליך, טחו מיר צו־ליב ישראליקיל, קעטצעלע, מוצעניו, און סוק נאָך אביסיל. איך וועל דיר ווייזען פּיי־קעליך, נערגעליך, אוחניאָקעליך, טרידינליך, שיך און זעקעליך, פּיאטקליך, פּאטשיי־לעבליך, פּושקעליך, קעסטעליך, קאראָפּקעליך און קאכלעפּעליך. איך וועל דיר וויי־זען אייערע דרעהדליך, שרייערליך, נראַגערליך, שטארקע העמערליך, נייא מאָרגע־נלות ליכטליך, קארפּירער אתרונים'ליך און אייערע כפּרה־היהנדליך!....

איך בין פארצאפּעלט געוואָרען אז איך האָב, איהם צוליב טהוענדיג, אראפּ־געקוקט און גלייך אונטער מיר דערזעהען עפּיס א ספּאָדיקעל.

— צאפּעל זיך נישט אזוי, ישראליק לעב! האט דער אשמדאי געלאכט. דוא קענסט נאָך ארויספאלען חלילה פון מיין האנד און אריינפאלען גלייך יענעם ספּאָדיק אין דיא הענט.

— איידער איין אזא ספּאדיקס הענט אריינצופאלען, איז שוין א סך בעסער אין דיין האנד. איך בעט דיך, רוח, האָב רחמנות און טראָג מיך אוועק ווייטער.

— חאָטש נאָך א קוק, ישראליק! מיר צוליב, טהו נאָך איין קוק. איך, אשמדאי, איך בעט דיך.

— ניין, ניין! האָב איך געשריגען און זיך בעהאלטען ביי איהם אין דער האנד, אין א ווינקעלע. איך קען נאָך חלילה משוגע ווערען, צוזעהענדיג אזעלכע זאכען. דוא וועסט עס אסור ביי מיר בשום אופן נישט פּועלין. גענוג געקוקט, איין עק, א סוף.

— דוא ביסט נישקשה אַ גוטער עקשן, ישראַליק, דער רוח אַפּילו קען מיט דיר נאַרנישט מאכען ! האט דער אשמדאי געזאגט און ווייטער געשווינד אוועקגע־פלוינען.

## 15.

## ישראליק מיט דער שקאַפּע צווישען דיא לצים.

וויפיל דיא רייזע אין דער לופטען האט געדויערט קען איך בעשטימט נישט זאגען, מחמת איך בין געוועזען שטאַרק צוטראָגען פון אלסדינג, וואס איך האב גע־זעהען און וואס מיט מיר האט זיך פּאַסירט. איך וויים נישט מעהר, אז אַ לאַנגע צייט בין איך געפלוינען ביז מיר זענין צום סוף געקומען אין אַ גאַנץ גרויסען און שרעקליך אַ טיפען טהאָל, ערגיץ אין אַ העק, צווישען משונה הויכע בערג, וואס גרייכען ביז דעם וואלקען. עס גענהט מיר נאך איצט אַ גרויל איבער דעם לייב, אז איך דערמאהן זיך אן דעם טהאָל, אזוי ווילד, אזוי וויסט איז ער געוועזען. פון גראז און ביימער האט מען נישט געהאט אפילו קיין סימן. אויף איטליכען טריט האט מען גע־זעהען נאָר דערנער און הויפענס שטיינער. צווישען זיי האבען געשוויבעלט און גע־גריבעלט שלאַנגען, פּיפּערנאַטערען און עקדישען, עס האט גענרילצט אין דיא אויע־רען, הערענדיג דאס געשריי, וואס ווילדע חיות און עופות האבען פון ווייערע נאָרעס ארויסגעלאָזט אויף אלערליי טרויערדיגע און וויינענדיגע קולות. עס האט אויך גע־שטונקען עפּיס אַ ריח פון שוועפעל מיט טייפעלסקייט אין איינעם, און ערטערווייס האט פון דער ערד ארויסגעזעטצט וואלקענס רויך, וואס זענין וויא אַ טומאַן זיך צו־גאַנגען אין אַלע זייטען. אָט אזא טהאָל האבען דיא רוחות זיך אויסגעוועהלט, דאָ איז זייער וואהנונג !

פון דאָרט האט מיך דער אשמדאי געפיהרט דורך אַ שפּאַלט צווישען סקאַ־לעס און מיט מיר אריינגענאַנגען אין אַ גאַנץ גרויסער הייל, וואס איז גאר אוממעג־ליך צו בעשרייבען אפילו אַ טויזענט חלק פון איהר ווילדקייט. דאָרט האט געפלייצט אַ טייך שווארצער טינט און אויף זיינע ברעגען האבען געוואקסען וועלדער פענעס, אין דיא וועלדער ווידמען זיך לצים, אזעלכע מיני בעשעפעניש, עפּיס מאלפּעס, וואס האבען אַ געשטאלט נאר טאקי וויא פון מענשען. פון דערווייטענס האב איך געזעהען וויא לצים האבען אין דעם טייך אנגעטרונקען מיין בידנע קליאַטשע געביך, זיא הערנאך געבאדען און אונטערגעטוקט אַ סך מאל אין טינט אזוי, אז זיא איז פון דארט ארויסגעגאַנגען שווארץ וויא אַ רוח....

— דאס איז מיין קאַנצעפּאַריע ! האט דער אשמדאי צו מיר געזאגט. דעם

דאזיגען טייך און דיא וועלדער. וועלכע דוא זעהסט דא, האב איך אנגענרייט פאר דיינע ברידערליך. מען וועט אויף זיי שרייבען און שרייבען כל־זמן עס וועט נישט אויסגעהען דער טינט פון דעם טינטער און דיא פענעס פון דיא וועלדער. פון דעם טינטער געהען ארויס קאנאלען, טשערנילא־פראוואדען, גאנץ ווייט אין פארשידענע מקומות, אין דיא רעדאקציעס און אין דיא קאבינעטען פון געוויסע מענשען. דער דאזיגער קאנאל, נומער 999,999, וואס דוא בעטראכסט איהם איצט, ער געהט אין דעם טינטער פון דעם דניעפראוועצער גאזעטענשרייבער. טינט און פענעס איז דא א ים און שרייבער וויא זאמד.

ער האט א שמוטציגער געטאן און דיא לציס האבען פון דיא וועלדער זיך א שאט געגעבען צו איהם וויא דיא פליגען, זיך אויסגעשטעלט אין א גלייכער שורה, איטליכער מיט א פען אין דער האנד און מיט א קיווער פאפיר אויף דעם קאפ.

— דאס זענין מיינע שרייבער! האט ער צו מיר זיך אנגערופען און מיך דערביי אנגעקוקט מיט א שמייכעלע.

וויא א יענעראל האט ער זיך דערנאך געזדראווסטוועועט מיט דעם פאלק פי־כאקעס. עס איז געווארען א געשריי: אורדא, אורדא! אז עס איז שטילער געווא־רען, האט ער אנגעהויבען זיי צו מושטירען. דער מושטיר איז בעשטאנען אין ארויס־שטעקען דיא צונגען, מאכען א פייג און לאכען. נאכדעם האט ער הויך געקאמאנ־דעוועט: צו האלטען וויא מען בעדארף דיא פענעס! צו טונקען!... פארטיג מיט דעם, האט ער צוצווינגען אויף א קול א געשריי געגעבען: ש ר ר ר ר ר ייבט!

דיא קאמאנדע האט זיך א נעהם געטאן שרייבען, אלע כמעט דיא זעלבינע זא־כען און דיא אייגענע ווערטער. דיא האר האבען מיר זיך געשטעלט לייענענדיג דיא אנגעשריבענע ווערטער. זיי זענין געווען אי שפיטצעכדיג, אי מיט קרומשקעס און גע־שטאכען וויא שפיזען. ביי א טהייל האט שרייבענדיג געציטערט דיא הענט און געטיאכקעט דאס הארץ. וויא איך בין שפעטער זיך דערנאכגען זענין דיא דאזיגע געווען רעקרוטען, ערשט וואס אנגעקומען אין דעם פאלק. זיי איז נאך שווער געווען אזעלכע זאכען.... חוץ דיא האבען נאך א טהייל געארבייט וויא דיא פאזשארנע קאמאנדע און געשפריצט פשוט בלאטע.

נאך דער כמאטרע האט דער אשמדאי ווייטער א שמוטציגער געטאן איז אריינ־געקומען עפיס א רוח, א ריז, אנגעטאן אין דער פאלנער פארמע, בעהאנגען ארום דעם קאפ מיט פעדערען, מיט בענעס און מיט פלעדערווישען.

— וואס האסט דוא אין דער צייט וואס איך בין נישט היע געווען, עפיס געטאן? וויא שטעהען אונזערע עסקים? האט דער אשמדאי דעם רוח געפרעגט. אגב אונז

ביידע פאַרנעשטעלט איינעם דעם אנדערען: דאס איז מיין סעקרעטאַר, האר לוצי־פער, און דאס איז רב ישראֵליק!

דער סעקרעטאר לוציפער האט געמאכט א זויערע מינע און מיך נישט געוויר־דיגט אפילו מיט א בליק. ער האט באלד ארויסגענומען זיין ראפּאָרט און געלייענט:

„אייער אשמדאיסקע פינצטערנעס! מלך פון אלע רוחות און מחבלים, פרינץ פון אלדע שווארצע יאהר, הערצאג פון שבעה מדורי גיהנם, גראף פון סדום און עמורה, ערץ פאסטיך פון אלע זינדענבעק און עזאזל, א. ז. וו.

אונזערע אגענטען, דיא בעלי טובות אין אלע שטעדט, זענין אין זייערע ראפּאָר־טען מודיע: „אז דורך זייערע גרויסע סטאראַניעס אומעטום, וואו מען בעדארף איז זיי צום סוף געראטען, אז דיא טאקסע פון פלייש זאל נישט בטל ווערען“.

דער אשמדאי האט געשמאַכט פאר שמחה. איך דאנק אייך, האט ער געזאגט צום סעקרעטאר, איך דאנק אייער טונקעלע שווארצזיכטיגקייט, דוקעס לוציפער, דערפאר וואס איהר האט מיר צום ערשטען ראפּאָרטעוועט אזא וויכטיגע זאך. ער האט דערנאך זיך געווענדט צו מיר מיט דיא ווערטער:

— זעהסט דוא, דאס איז ביי מיר א בשורה, איינמאל וועלען דיינע ברידערליך עסען מכות פלייש און דורך דעם תמיד קריינקען; דיא היינטיגע גרויסע דאקטורים ווילען האבען, אז פון וויניג פלייש עסען פוילען דיא ביינער. קריינקט, פוילט צו אלדע שווארצע יאהר! צווייטענס איז דיא טאקסע מיר פשוט נעהטיג צום עסק. דורך איהר בילדעט זיך ביי אייך דיא גאנצע באנדע בעלי־טובות, וואס פיהרען איטליכען ביי דער נאז און לאזען אייך קיין קאפּ נישט אויפהייבען; פון איהר האבען אלע מיינע אגענטען, זשאלאָוואניע און זייער פרנסה בכבוד; דורך איהר האבען אייערע פוסטע מענשעליך אין דיא הענט סומעס געלט, אויסצונעבען אויף אלסדינגג, וואס מען טאר נישט זאגען; דורך איהר האט איהר דעם בעסטען סימן, אז מיט אייערע הוצאות אויף אלע נעהטיגע בעדערפעניש און כלל זאכען זענט איהר אפּגע־שיידט פון דיא אומות העולם, דעריבער איז גאר אונמעגליך, אז איהר זאלט זיך פאראייניגען מיט זיי אין דיא זעלביגע געפיהלען פאר דער מדינה, און דעריבער טאקי וועלען שלעכטע מענשעליך תמיד געפינען א געלעגענהייט דערפאר אויף אייך אנצופאלען. אייער „פאלאַזשעניע“ וועט זיין פארפלאנטעט, פארדרעהט, הלואי איך זאל שוין מיט אלע אנדערע מענשעליך האלטען אויף דער מדרגה, וויא איך האלט מיט אייך!... איצט פארשטעהסט דוא, פאר וואס דאס איז ביי מיר אזא בשורה? חלילה וחס, דיא טאקסע זאל געוועןן בטל ווערען, וויא עטליכע האבען עס פאר־לאנגט, וואלט איהר — נישט דערלעבען זאלט איהר דאס! — מיט א מאל פטור

געוואָרען פון אַ סך צרות, נו מיינע אַנגענטען פאַרשטעהען דיא פּאָליטיק, זיי פאַר־דינען אַ נאַנראַדע פאַר זייער סטאַראַניע.

„לויט ריכטיגע ידיעות, האָט לוציפער ווייטער ראַפּאָרטעוועט, זענין בשעת דער חלי־רע מייסטענס געשטאָרבּען דיא דאָזיגע, וואָס מחמת נרויס אָרעמקייט קענען זיי קיין פלייש נישט עסען. עס איז שרעקליך טהייער און דורך דער סטאַראַניע פון אונזערע אַנגענטען הייבט זיך דער מקח וואָס אַ טאָג אַלץ מעהר.“

— גוט! האָט דער אשמדאי געזאָגט, זעהר גוט! בשעת דער חלי־רע ווייזט דיא טאַקסע אַרויס איהר כח צווישען דעם אָרמען עולם. ערשט נישט לאַנג האָב איך ערגיץ אין אַ שטאָדט געלייענט איין אָנגעקלעבּט צעטיל אין דער גאַס. אויף דעם צעטיל איז אונטערגעשריבען „דברי המבקשים לטובת אחב״י“. דאָרט איז מען מודיע דעם עולם, אַזוי וויא אין דער וועלט הערט זיך דיא חלי־רע, בכן זאָל מען למען־השם עסען פלייש, אפילו אין דיא ניין טעג. בשעת לייענען האָב איך געלאַכט, וויא מען ראָטה צועסען פלייש, אַלץ לטובת אחב״י, לטובת אחב״י און אַליין הע־כערט מען דעם מקח!

„קאַנדידאַטען אויף בעלי טובות, האָט לוציפער ווייטער געלייענט, זענין דאָ זעהר פיל פון אַלערליי סאָרטען מענשען, עס איז גאָר נישטאָ אַזוי פיל שטעלען. סיידען מען זאָל צו איטליכען „פּאָמאָשטשניק“ פון אַ גלאַוונעם בעל טובה צוזעצען נאָך אַקענען אַ הונדערט אונטער־פּאָמאָשטשניקעס און זיי אַליין וועלען זיך שוין זאָרגען צו געפינען נייע „איסטאָטשניקעס“ פון וואַנען צו בעקומען זייער געהאַלט, עטליכע האָבען מכח דעם שוין אַריינגעשיקט גאַנץ שיינע פּראָיעקטען. איך האָב עס איבערגעגעבען אַ בעזונדער קאָמיסיע, וואָס בעשטעהט פון שמחזאי ועזאל, פון אַהרימאַן, אַחעראָן, טיפּהאָן, שיווא, בעלצעבּוב. — אין גלופּסקער בקור חולים געהט איצט דיא הנהגה דורך אַ פּאָר פון אונזערע אַנגענטען, גאָר קיין חיות נישט. בשעת דער חלי רע האָט מען אַהינצו געבּראַכט אַ פערצעניעהרענדיג מיידעל. דער משמש האָט זיא געריבען, און דערנאָך, אַז זיא איז צו זיך געקומען, האָט ער זיך מיישב גע־ווען און זיא דאָרט מאַנס געוועזן. דאָס מיידעל האָט געשריגען, געוויינט, געחלי־פעט, זיך פאַרעסען און געשטאָרבען. דיא מעשה מעג זיך שוין גלייכען צו דיא אַלטע מעשיות, וואָס זענין זיך פאַרלאָפען אַ מאָל אין אונזער סדום. מיר האָל־טען שוין מיט גלופּסק אויף אַ שטיינער! — רעקרוטען זענין אין דער צייט אָנגעקר־מען אין דיא פּאָלקען „פּיסאַקעס“ דריי טויזענט דריי הונדערט מיט דריי און דריי־סיג. זיי זענין נאָך לעת עתה נישט פאַרטיג, וויא עס געהער צו זיין. בעלצעבּוב האָט זיי גענומען צו זיך אויף דער „אוטשעניע“. — טינט איז אין דער לעצטער צייט

פּאַרברויכט נעוואָרען זיבּען טויזענט, פינף הונדערט, ניין און נײַנציג אײמער מיט אנדערהאַלבּען קוואַטירליך".

— אזוי ווייניג! האט דער אשמדאי זיך אנגערופען און געמאַכט אַ מינע, אז ער איז נישט צופרידען.

לוציפער האט געוואָלט עס דערקלעהרען, נאָר וויא באַלד ער האט געפּעגט דאס מויל צום ריידען איז אריינגעפלויגען אַ רוח מיט דיפּעשען. דער אשמדאי האט אַ ווינק געגעבען, לוציפער זאָל ביי דעם „דעזשורנע" צונעהמען דיא דיפּעשען און לייענען.

— דיא ראַזינע דיפּעשע, האט לוציפער געמעלדעט, איז פון רומיניע, מען בעט רחמים ארויסצושיקען טינט, וויא צום ניכסטען: עקזעמפּלאַרען פון איטליכער זאַך, וואס מען וועט דאָרט אנשרייבען, זענען זיי זיך מתחייב צו שיקען תמיד פּינקטליך אין אונזער ביבלאָטיקע.... דיא צווייטע איז פון עסטרייך. מזל-טוב אייך, גרויסער אשמדאי, מיט אַ גוטער בשורה! האט לוציפער פרעהליך געזאָגט מיט אַ שמייכעלע און ארויסגעשטעלט זיינע שפּיצעכדיגע הינטעשע צייהן. דער קאַרדינאַל שוואַרצענבערג בעט עפּיס נאָר אַ נוזמא טינט פאַר זיין גאַזעטע. ער וויל מיט אונז מאַכען אַ געשעפט, אז חוץ דעם טינט וואס ער אַליין בעדאַרף האָבען צו זיין געברויך, זאָלען מיר איהם נאָך געבען אין קאָמיסיע פאַר אַלע קאַטוילעשע גלחים אין בעהמען און אין מעהרען, וואס האָבען דאָרט זיך גענומען געשמאַק צום שרייבען, נאָר וויא אין דיא אַלטע יאהרען.

— לעבען זאָלען מיר טאַקי מיינע געטרייע געזעלען, האט דער אשמדאי אַ זאָג געטאָן גאַנץ לוסטיג. כל-זמן אין זיי קלאַפּט זיך נאָך אַ דפק האָב איך נישקשה נישט וואס צו זאָרגען. לוציפער! מען וועט בעדאַרפען אונטערגעבען אביסיל אין דעם טינט פון יענע מאַטעריאַלען: בּלוט, גאַל, גרינע ווערים, יאַשטשערקעס, טייפעלסקייט וכדומה, כדי ער זאָל ארויסקומען עכט גוט.

— דאס אַלסדינג האָב איך שוין אַליין אריינגעטאָן, האט לוציפער געענטפערט און זיך גענומען לייענען דיא איבעריגע דיפּעשען. ער האט איבערגעלייענט וואס דער רעדאַקטאָר פון „נאָזעטאַ נאַראָדאָוואַ" אין גאַליציע פאָדערט. דערנאָך האט ער מיט אַ רחמנות-פּנימעל אַ מאַך געגעבען: אַ, דאס איז פון אונזער דניעפּראָווייצער! ער קלאָגט זיך נעביך, אז ביי איהם איז שוין כמעט אויסגעטריקענט דאס טינטעריל. ער האט פשוט נישט שוין וואס צו שרייבען און דאָ בעדאַרף מען אין דער נעהענטער צייט ארויסגעבען אַ נומער! אַ רחמנות חלעבין!

— געשווינד עפענען דיא קראנעס! האט דער אשמדאי געקאמאנדעוועט מיט א געשרייא.

אפשר א ראָטע רוחות האבען זיך א וואָרף געגעבען צו דיא קראנעס. דער טינט האט געפלייצט דורך דיא „משערנילאָ־פּראָוואָדען" אין פארשידענע ערטער.

פלוצלים איז אריינגעפלויגען א הוילע, א נאקעטע נשמה, האט געשוועבט ארויף און אראפּ וויא א באבעטשקע און זיך אלץ געשלאגען אָן דער ערד מיט איהרע פלאַם־פייערדיגע פליגעליך, חעל בלויא, וויא דער פלאַם פון אנגעצונדענעם שפּירט. אליין האט זיא אויסגעזעהען וויא א גרויסע, זעהר א דינע בולבע פון זייף, געשפּילט פון אלערליי פיינע קאָלירען, וואס האבען פארנומען דיא אויגען. אז מען האט גוט זיך צוגעקוקט האט מען קוים געקענט דערקענען עפּיס א געשטאַלט פון לויטער נאז.

— אָך! האט דער אשמדאי א געשריי געטאָן און זיך אנגעחאפּט ביי דיא האָר, אז ער האט זיא דערזעהען. עס איז נכתּלק געוואָרען א גרויסער בעל טובה, א גרויסער בעל רחמים, איינער פון מיינע בעסטע אנגענטען! דאס איז זיין נשמה, וואס איז איצט נאָך דער פּטירה, געקומען, צו וואוינען ביי מיר אין איינעם מיט דיא נשמות פון אלע בעלי־טובות....

איך האב מיך צו דער נשמה שטארק צוגעקוקט און זיא דערקענט. — דאס איז געוועזען דיא נשמה פון באַמת משונה א ווילדען בעל טובה אין מיין שטאדט!

— קלאָג, וויין ישראַליק! האט דער אשמדאי צו מיר געזאגט מיט א טרויער־דיגען קול. דיין שטאָדט האט פארלוירען א גרויסע אבדה, דיין קהל האט אָנגעוואָרען א גרויסען בעל רחמים, א מצאצקעלע! יאָמערט, קלאגט טייפער, רוחות! איך, אייער מלך, האב פארלוירען דעם בעסטען בעל־עצה, דעם געטרייסטען סאָוויעטניק, אהן איהם בין איך וויא אהן דער רעכטער האנד!

אין דער גאנצער הייל, אין דעם גאנצען מהאל האט זיך געלאזט הערען א שרעקליכער יאָמער אויף אלערליי ווילדע קולות. עס האָט זיך געהערט א היילען, וויא א הונט הייל‍ט א מאָל שרעקליך ביי דער נאכט הינטער דעם פענסטער, אויף א טיוקען, א וויינען, וויא קעטץ וויינען, בשעת דער פרוכפערוננס־צייט, אויף דיא דע־כער. עס האט זיך געהערט א טרויערדיגער הספד פון סאָוועס, א קראקען פון כאראָקעס, א קוואַקען פון זשאבעס. עס האט זיך געהערט אויך א שטוטצערען פון שלאַנגען, א פישטשען פון שצערעס, א מריקען פון ביקעס, א ברומען פון בערען, א ברילען פון לעמפּערטען און א סקריפּ וויא פון א ריק־בעט. גלייך וויא אלע ווילדע בעשעפעניש האבען געוויינט, געקלאָגט אויף אזא בעל טובה, אויף אזא כשרה נשמה.

איך בין שיעור אין חלשות נישט געפאַלען. שיעור נישט מריצ געוואָרען פון אזא שרעקליכען הספד.

דער אשמדאי האט קוים מיט צרות איינגעשטילט דעם עולם, געחאַפּט דיא נשמה אין זיין האנד, וויא מען חאפּט א פליג, און זיא מקבר געוועזן טיף אין דער ערד מיט דיא ווערטער:

— וואס העלפט דאָס וויינען, א מענש מוז שטאַרבען! פריהער אדער שפּעטער דער רוח האָט דיך געמוזט האפּען. ווער־זשע טאַקי בעגראָבען ניין איילען אין דער ערד און נעה צו אלדע שווארצע יאהר! איך וועל מיך מוזען בעגעהען אָהן דיר און נעפינען נישקשה איין אנדער שלאק אויף דיין אָרט.... ישראַליק לעב! האט ער נאָך דעם מין הספד זיך געווענדט צו מיר, עס וועט דיר גאָר נישט העלפען, דוא וועסט מיר מחען אין דיין שטאָדט ווערען א בעל־טובה אויף זיין אָרט.

— איך וויל נישט, איך קען נישט זיין קיין בעל טובה! האָב איך געשריגען נישט מיט מיין קול. האב רחמנות, שיק איין אנדערען אויף זיין ארט. עס זענען דאָ א סך בעלנים, א סך קאנדידאטען אויף בעלי־טובות. שיק וועמען דוא ווילסט און בעפריי מיך פון אזא התמנות!

— זאָג מיר, איך בעט דיך קיין דעות נישט, האט ער געענטפערט, מסתמא וויים איך וואָס איך טהו.

— וואס האסט דוא אין מיר אזוינס דערזעהען? האב איך געשריגען. איך בין חלעבין א שלימזולניק און וועל גאר נישט טויגען צו אזעלכע געשעפטען. איך וועל דיר רעקאמענדירען קלינערע, בעסערע און געניטערע פון מיר. שיק לייבעלע רב אבעלעס. משה׳לע רב בינם׳ס, טרייטעל רב יוסילעס, פישקע רב ניסעלעס, אדער איינעם פון זייערע כנופיות, איטליכער פון דיא לייט, אין זיין נראד, פארשטעהט זיין עסק און ארביים אָפּ א זאך וויא א מייסטער. וויא קום איך צו זייא?

— דיא דאָזיגע אלע לייט זענין שוין פארנומען, איטליכער פון זיי האט א שטעלע. עס וועט דיר גאָר נישט העלפען, ישראַליק, זאג איך, אשמדאי, דיר נאך א מאָל. שוויינ בעסער און זיי נישט קיין עקשן, אויב עס גלוסט זיך דיר צו לעבען און אויב דוא פארלאנגסט נישט, איך זאָל דיר דאס עקשנות מיט גוואלד ארויס־טרייבען. קיין וואָרט נישט מעהר, שא! ווארום....

ער האט געמאכט אזא שרעקליכע מינע און אזוי געשאָקעלט אויף מיר מיט א פינגער, אז דיא הויט האט אויף מיר געציטערט און פאר שרעק בין איך געבלי־בען שטום וויא דיא וואנד.

— אָט אזוי, ישראַליק, האָב איך דיך טאַקי ליב, אז דוא שווייגסט, האט ער

זיך אנגערופען, שוין מיט א זיס שמייכעלע, און א גלעט געגעבען מיר אין בעקעלע. דוא ביסט נישקשה, א גאנץ קלונעטשקער, ישראליק! קיין פינגער אין מויל בעדארף מען דיר אויך נישט ארייגלייגען. איך פיהל, אז דוא וועסט טויגען און מיט דער צייט זיין א כלי־שלמה. נאר איידער איך וועל דיר געבען אזא טהייערע שטעלע פון א בעל־טובה, מוז איך דיך אביסיל קלאהר מאכען אין עסק און דיר געבען אן אינס־טרוקציע, וויא אזוי דוא זאלסט זיך נוהג זיין.

„הער, ישראליק לעב! ראשית חכמה איז א יראת־שמים פנימעל! יראת־שמים איז ביי א קלוג מענשיל א גוטע קיה. זיא גיט איהם א סך מילך און פוטער, וויא דיא בעסטע האלענדערקע. אזא קאפיטאלנע קיה מוז מען דאריבער שטארק פילעווען, מען בעדארף איהר עפטערס אונטערווארפען א בינטעל כפול שמונה ציצית, זיא האדעווען מיט רבינו תם׳ס תפילין, פארמישען איהר א גרויסען טלית־זאק מיט פארשידענע מיני בלעטליך און שמות, זיא זאל טאקי אוועקשטעהען אי־בער דעם צעבער עטליכע שעה אלע טאג; מען בעדארף זיא לאזען לעקען מזוזות און פאיען זיא מיט מציצה, מיט חברה־קדישא מעד, מיט יאהר־צייט בראנפין, וכדומה אזעלכע געטריינק. אזוי איז יראת־שמים ביי מיינע אגענטען פון דער פרר־מער קלאסע. מיינע אגענטען פון דער היינטינער וועלט נעהמען אויך אן א יראת־שמים פנימעל, נאר עפיס אויף איין אנדער ארט. זיי מאכען זיך געוועהנטליך צום תם, לעבען מיט איטליכען גוט, שמייכלען זעהר זיס, רעהען דאס צינגעל אהין און אהער, טראגען זיך געקליידט עפיס נישט קורץ נישט לאנג, זייער בארד איז עפיס נישט גאנץ און נישט געגאלט, ווארפען זיך אין אלע זייטען און ווילען פאר איטליכען יוצא זיין. עטליכע זענען צווישען דער כתה דא, וואס האבען לחלוטין נישט אזא יראת־שמים. דערפאר בעשטעהט זייער גאנצע חכמה נישט מעהר וויא אין כח, אין שטארקייט, אין א קולאק.... זיי זענען אבער טאקי נאר עטליכע. פון אזעלכע ארץ־פיאסקע־עזות פנימער בעדארף מען נישט נעהמען קיין ראיה. לאו כל אדם איז זוכה צו אזא מדרגה. — מיין צווייטע געבאט איז: ר ח מ נ ו ת! דער פירוש דערפון איז, מען דארף טאן כל הפסלנות, רייסען פון טויטע און פון לעבעדיגע און אלץ זא־גען א רחמנות! שטיכערהייט בעדארף מען א קניפ טאן א ביס טאן, און פאר דעם עולם אלץ זארגען, קרעכצען, זיך אלץ משתדל זיין לטובת הכלל, — מיין דריטע געבאט איז: ד י א ש ט א ד ט — דאס בין א י ך! דער פשט דערפון איז נאר פראסט: זיך און זיין כגופיא זאל מען האלטען פאר דער שטאדט, און אלע אנדערע טויזענ־טער מענשען זאלען גערעכענט זיין אזוי פיל וויא גארנישט. אז מען ארבייט אפ עפיס איין עסקיל, זאל עס הייסען, אזוי האט געוואלט דיא שטאדט. חאטש דער עולם

תאַמ אַפילו נישט געוואוסט אויף וואָס ער האָט זיך גענחתט׳עט. — מיין פערטע נע־
באַט איז: י ר א ח ת! דאס הייסט: פלאַט צו שליסען תמיד מיט דעם שטאַר־
קען. מען בעדאַרף זיין פאַרקניפּט אָון פאַרבונדען, אַ שטיינער, מיט דעם בעל־טאַקסע.
ווארום ער איז דיא סבה פון אַלע כבות, דער מקור פון אַלע טובות, ער איז דיא
טובה אַליין. ער איז פלייש פון אייער פלייש, ביין פון אייער ביין; דעריבער זאָל
מען פאַרלאַזען באָדאַי דעם טאַטען אי דיא מאַמען און זיך בעהעפטען מיט דעם
בעל־טאַקסע, צו זיין מיט איהם איין לייב און לעבען. זיי מבטל דיין רצון פאַר זיין
רצון. כדי ער זאָל מבטל זיין א מאָל זיין רצון פאַר דיין רצון. פון אייך ביידע קען
ערשט זיין אגיל ואשמח, קאַלעכדיג און שפּיצעכדיג. — מיין פינפטע נעבאַט איז:
פ ר יטענציע! דאס טייטש: וויפיל מען זאָל נישט שטילערהייט נעהמען, וויפיל
מען זאָל נישט רייסען און פאַרדינען, זאָל מען פאַר דעם עולם אַלץ זיך קלאַגען,
נישט זיין צופרידען און האָבען שטענדיג פריטענציעס צו דער שטאָדט, אַז מען
ווערט אָן, מען דערלייגט, עס איז נישט כדאי, וואָס מען פייניגט זיך אַזוי לטובת
הכלל. — מיין זעקסטע נעבאַט איז: ל י ו ל ע! פשוט איז פשוט, מען בעדאַרף
דעם עולם פאַרווינגען און איהם זינגען עפּיס לידליך, ער זאָל שלאָפען. דער עולם איז
אַ קינד, אַז מען זינגט איהם א לידעל, דערצעהלט איהם אַ מעשה, מאַכט ער צו דיא
אייגליך און שלאָפט; אַז מען מאַכט איהם בוא, מיינט ער, מען איז אַ בער; שמייסט
מען איהם, קושט ער דיא רוט. דאָס בעסטע לידעל צו פאַרווינגען דעם עולם, איז
דאס אַלטע לידעל מיט דעם ק ע ע ס ט ע ל ע, נאָכדעם געהט יענץ לידעל: „תורה
איז דיא בעסטע סחורה“, דיא אַלטע מעשה „אַ רב מיט אַ רביצין“, אַ מעשה פון
דער ווייסער חברה, פון בעלי שמות וכדומה נאָך אַזעלכע מעשיות. מיין זיבעטע נע־
באַט איז: ע ט, ב ע, דער פראָסטער פשט פון דיא האַלבע ווערטער איז: באַם עס
טרעפט זיך אַ מאָל, אַז דער עולם — דאָס נאַרעשע קינד צושרייעט זיך גוואַלד, איז
גלייכער אין דער הייסער מינוט גאָר נישט צו טאָן, עס גרימט איהם זיכער אין ביי־
כעלע, עס טהוט איהם שוין נעביך שטאַרק וועה. עט, בע! זאָל מען דענסטמאָל
מאַכען עפּיס אָהן ווערטער. נישקשה, דאָס קינד וועט זיך איבערשרייען און ווייטער
אַנשלאָפען ווערען, נאָך געשמאַקער וויא פריהער. — מיין אַכטע נעבאַט איז: ט ב ט ל
צ ו ז י י ן! דאס הייסט; ווען איינער הייבט נאָר אָן פלוצלים צו פרעגען עפּיס
קשיות, עס איז איהם קשה דאס אדער יענץ, זאָל מען איהם פשוט מבטל זיין, ער
איז איין אפיקורוס, אַ הילטיי, אַ נאַר ניכטס, עס איז גאָר נישט רעכט מיט איהם צו־
ריידען. — מיין ניינטע נעבאַט איז: א נ צ ו ר י י צ ע ן! דאס טייטש: ווען איינער
נעביך שרייעט, וויינט אַ מאָל מיט בלוטיגע טרעהרען: גוואַלד מען קנייפּט, מען

צופּט. עס טהוט וועה! בעדאַרף מען אויף איהם אנרייצען דיא אינגליך, זיי זאָלען איהם מאַכען: בע, בע, שיינער בחור! ער זאָגט אויס פון דעם חדר! — מיין צעהנטע געבאָט איז: באַבסקע מיטעל! אַז דאָס ראזינע קינד ווערדט פאַרשלאָפט, אויס מענש און פּאַכט מיט דער נשמה, זאָל מען נישט לאָזען רופען אַ דאָקטאָר, מען זאָל הייסען בעסער טאָן אלטע, באַבסקע מיטעל, פאָהרען צו אַ שפּרעכער, צו אַ ציגאַנער, צו אַ זנאַחער וכדומה."

אָט דיא ראָזינע צעהן געבאָט זאָלסט דוא היטען. — דורך דעם וועסט דוא מיר געפעהלען, וועסט לעבען גליקליך און וועהלטיג, דוא מיט דיין ווייב, מיט דיינע קינדער און זיך קונה זיין עולם־הזה. מיט עולם־הבא זאָלסט־דוא מסלק זיין אַנדערע. זאָג זייא צו פליישׁ און ווין אויף יענער וועלט, נאָך דעם טויט; דוא אבער עס פלייש און טרינק וויין דאָ אויף דער וועלט.

איך האָב אויפגעעפענט דאָס מויל, אויסגעשטעלט דיא אויגען, גשטאַנען און געקוקט וויא אַ גולם פון דיא ראָזינע צעהן געבאָט.

— דוא מוזט טאַקי באַלד פאָהרען, ישראליק! האָט דער אַשמדאי ווייטער געזאָגט דיין שטאָדט איז דערווייל געבליבען אָהן אַ בעל־טובה. עס קען דערווייל חלילה דערפון עפּיס אַרויסקומען נאָר נישט קיין גוטס פאַר מיר. איך וועל דיר מיט־געבען דיא קליאַטשע, זאָלסט אויף איהר פאָהרען רייטענדיג.

— אַך! האָב איך אַ געשריי געטאָן, אַז ער האָט מיר אַרויסגערעדט דיא קליאַטשע. איך קען נישט, חלעבין, איך קען נישט פאָהרען רייטענדיג!

— עט, האָט ער געמאַכט, וועסט קענען נישקשה! מיר וועלען דיך אויסלעהר־נען. דיא קליאַטשע איז זעהר אַ פּאַקאָרנע, מען קען אויף איהר זעהר גרינג פאָהרען רייטענדיג. קוק נישט דאַרויף וואָס זיא זעהט אויס נישט אזוי שיין, דערפאַר האָט זיא אין זיך אַנדערע מעלות, זיא וואַקסט פון אַ גאַנץ גרויס אָרט. וועסט מיט איהר צופרידען זיין, נישקשה, און נישט וועלען שפּעטער אַרויסצולאָזען זיא פון דיא הענט. איך פאַרזיכער דיך!

אויף זיין בעפעהל האָט מען געבראַכט צו שלעפען דיא אומגליקליכע קליאַ־טשע נעביך. עס איז מיר געוואָרען אַ לאָך אין הארצען אַ קוק געבענדיג אויף איהר. פאַרוויסט, פאַרפינסטערט איז זיא נעביך געוואָרען. איין גאָט ווייסט, וואָס זיא האָט געמוטש אין יענער צייט פון דיא לצים אויסשטעהען נעביך! איך האָב אראָפּגע־לאָזט דעם קאָפּ, זיך געשעהמט, וויא אַ גנב, איהר צו קוקען אין דיא אויגען און מיך בעוואַשען מיט טרעהרען, דערמאָהנענדיג זיך, אַז איך וועל איך מוזען פאָהרען אויף איהר רייטענדיג און ליגען איהר אויף דעם האַלז וויא אַ משא. קיין אַנדער וועג האָב

איך פאַר מיר נישט געזעהען, וויא זיך דערפון אויסצודרעהען....

— לאָמיר קרוינען ישראַליקען ! האָט דער אשמדאי א זאָג געגעבען. לאָמיר איהם אָנקוקען אין שלייער, וואָס פאַר א פּנים ישראַליק האָט אין דער פארמע פון א בעל־טובה און וויא אזוי ער רייט אויף דער קליאטשע. עולם צום עסק !

עס האט נישט געדויערט קיין מינוט האָבען זיינע משרתים אריינגעבראכט א נוזמא קליידער פון פארשידענע קאָסטיומען און אַלערליי פאָרמעס. איינער פון דיא לייט, א ממונה אויף דער גארדעראָבע, דעם אשמדאי׳ס קאמערדינער, האָט מיך גענומען אין זיינע הענט און אָנגעהויבען כסדר מיך אנצוטאָן. ער האט מיך פאר־קעמט מיט א משוב, אויסגעשמירט דיא האָר מיט א סך פּאָמאדע, מוסטאָף, צר־נעפּוצט מיט חכמות דאָס בערדיל, אָנגעטאָן מיר דערנאָך א מאַנישקע מיט פּיער קליינע מוטערפּערעלנע קנעפּעליך אויף דעם הארצען, א מאַנטינען טיכעל אויף דעם האלז, דערנאָך א פּאָר געזונטע שטיוועל געקאָוועטע מיט א סך אייזערנע שטיפטען. מחילה א פּאָר געוועזענטענע הויזען, וואָס זענען געהאנגען וויא דיא טאָרבעס, א קאַמ־לעטענע קאַמזעלקע און א סורדוט לאנג ביז איבער דיא קניע, אויף דעם קאָפּ א קאשקעט געגעהט עפּיס מיט קונטצען.

— א, האָט דער אשמדאי זיך אָנגערופען, אז ער האָט מיך בעטראכט פון קאָפּ ביז דיא פיס, דאָס איז דיא פאָרמע פון א קהל׳ישען שרייבער ! צו אַלדע שווארצע יאָהר דיא קהל׳ישע שרייבער ! ישראַליקען פּאסט נישט אזא מין קאסטיום. זוך אויס עפּיס איין אנדער פארמע.

דער קאַמערדינדער האט מיך געשווינד איבערגעקעמט, אונטערגעשווירען דיא האָר, אויסגעצווינען דאָס בערדיל, אנגעטאָן מיר איין אנדער וועסטיל, דאכט זיך פון אטלעס, פארשפּילעט העט ביז דעם האלז, א קאָרטענעם סורדוט הינטען מיט א שפּאַלט און היבש לענגער פון דעם פריהערדיגען אזוי, אז דיא מאַיטקעס האָבען אונטען זיך ארויסגעזעהען נאָר אויף א צוויי, דריי פינגער. אויף דעם קאָפּ א סער־יאָזנע, א סטאַטעטשנע היטעל.

— נוא וואָס איז דאָס פאַר א מין ? האָט דער אשמדאי ווייטער געזאָגט, מיך אנקוקענדיג. א, דיא פארמע פון קהל׳ישע דעפּוטאטען ! תאפּען זאל זיי דער רוח מיט זייערע שפּאלטען הינטען און מיט זייערע גוזמות טיפע קעשעניעס ! ניין, ישרא־ליק בעדארף האבען עפּיס איין אנדער פאָרמע, קוק אן דאָס רחמנות־פּנימעל זיינס. נעעסט דוא שוין פארשטעהען וועלכע עס וועט איהם פּאסען.

נאָך און נאָך פּאָרמעס האט דער קאמערדינער מיר אָנגעמאָסטען, און בשעת מיך אָנמאָנדינג, קעמענדיג אלע רגע אנדעריש, האט ער מיך געפּוצט, געצווינגען, גע־

ריסען דיא האָר, אזוי אז טרערען האבען מיך זיך נעשטעלט אין דיא אויגען. נאָר אויף דעם סוף האט ער מיך אין גאנצען אפגעשווירען, איבערגעלאזט א פאר שיינע פאות, מיר אנגעטאָן א יארמילקע, אויבען א גרויסען ספאָדיק, א העמד מיט א גרויסען, אויסגעליינגטען קאָלנער, פארבונדען מיט בענדליך אהן א האלז טיכעל, א לאנגען טלית קטן, קורצע שאמענע פליודערען, שיך און זאקען, א ראנגע אטלעסענע קאפאָטע מיט א גארטעל און א טוליפעל פון פעה. דער קאמערדינער האט מיך אנ־נעקוסט, זיך משונה פארקרימט, נעמאכט א וויינשעל און אויף ארויסגעשטעלט דעם צונג.

— דוא שיינסט, ישראַליק! האט דער אשמדאי נעלאכט פאר פרייד, אז ער האט מיך דערזעהען. איך בין פשוט זיך מחיה דיך צוזעהען אין דיא בגדים! דיין פנים איז אויסגעפריעט וויא א צימעס, דוא שוויצסט אין דעם פעלץ, דוא לויכסט ארויס פון דעם ספאדיק, וויא דער ליכטיגער מאָרגענשטערען. שוויץ, שוויץ, ישראַ־ליק, זעהר גוט!.... עס נעהט נאך עפים אפ צו דער פאלנער פאָרמע, האט ער נעזאגט, זיך אומקעהרענדיג צו דעם קאמערדינער, דוא נעדיינקסט וויא יוסיל-דינט־שעס פלעגט מקבל פנים זיין א נייעם גובערנאטאָר?

— נערעכט, נערעכט! האט דער קאמערדינער נעענטפערט, איך האב אן דעם זיך נאָר פארגעסען, אָ־וואה, אָ־וואה! באלד אבער וועט עס נעטאָן ווערען.

מען האט מיר באלד טאקי הינטען אויף דער פאטיליצע אויסגענאָלט עטליכע קאלעכדינע רעדעליך און דארט צוגעשטעלט אויף עטליכע מינוט באנקעס, פון שיינקייט וועגען.

— איצט איז ישראַליק אין דער פאָלנער פאָרמע. האט דער אשמראי נעזאָגט, איצינד קען ער שוין רייטען אויף דער קליאטשע....

מיט גרויס פאראד האט מען מיך געשלעפט צו דער קליאטשע. „רייט ישראַליק, רייט! האט חברה צו געזונגען. אז וואויל איז דיר, וואס דוא האסט זוכה נעוועזן צו רייטען אויף אזא קליאטשע. אויף דער וועלטס־קליאטשע! קריך ארויף מיט דיא הענט, מיט דיא פיס, און פאָהר אויף איהר, וויא א פריץ, רייטענדיג ביז הונדערט און צוואנציג יאהר, ביז דער רוח וועט דיך חאפען און עמיצער אנדער'ש וועט ארויף אויף דיין ארט"!

— זיי מיר מוחל, בידנע קליאטשע! האב איך זיא מחילה נעבעטען, אז איך בין שוין נעזעסען אויף איהר ריקען, מיט פארוויינטע אויגען און מיט א פארקלעמט הארץ. וואס זאָל איך טאָן, וואס קען איך מאכען? אז לצים צווינגען מיך אויף דיר צו רייטען.... אז אָך און וועה איז אונז ביידע! אָך און וועה איז דיר

נעביך וואס דוא ביסט א קליאַטשע, וואס דוא בעדאַרפסט מיך טראָגען, און ווען איז מיר, אז איך, דיין פריינד, בין געצוואונגען צו זיטצען דיר אויף דעם קאַרק! וואס זאָלען מיר בידנע טאָן, אז מיר ביידע נעביך זענין אין דער קלעם, אז מיר ביידע זענין אזוי אומגליקליך און געצוואונגען דערצו....

דיא לצים האָבען דער קליאַטשע נעביך מיט כח דערלאַנגט א שמיטץ אזוי, אז זיא האָט מיט איינמאָל א לויף געטאָן. עס איז געוואָרען א מהומה, א געשריי: אורראַ, אורראַ! לויפענדיג האָט ביי איהר טיף פונ'ם הארצען זיך ארויסגעחאַפּט א זיפץ. איהר זיפץ האָט מיר דיא נשמה ארויסגענומען, איך בין געוואָרען צומישט און אראָפּגעפאַלען אויף דער ערד וויא א סנאָפּ.

— נישקשה, פאַל נאָר ביי זיך נישט אראָפּ, וועסט נישקשה טויגען, ישראליק! האָט דער אשמדאי געלאַכט און מיך צוריק ארויפגעזעטצט אויף דער קליאַטשע. לאָ־מיר קיין סך שיהות נישט מאַכען, שוין צייט צו פאָהרען, חזר ביי דיר גוט איבער מיינע עשרת הדברות, שים נאָ ידך תחת ירכי און שווער מיר, דוא זאָלסט זיי מקיים זיין.

איך בין געזעסען וויא א לעהמענער גולם און האָב נישט געוואוסט וואס מיט מיר טהוט זיך.

— האָ'ע נישט, האָ'ע נישט, ישראליק! האָט דער אשמדאי א זאָג געטאָן, ניכער טהו וואס מען הייסט דיר; ניכער, דיא צייט איז טהייער.

נישט ווילענדיג האָב איך אויסגעשטרעקט מיין האַנד און זיא ארונטערגעליינט דעם אשמדאי תחת ירכו. ער האָט א ווינק געגעבען צו דעם סעקרעטאַר, און כוצי־פער האָט מיר באַלד אָנגעהויבען פאָרצוזאָגען זעהר א שרעקליכע שבועה.

— וואָס שווייגסט דוא, ישראליק? האָט דער אשמדאי מיט פאַרדראָס א־מיר געזאָגט. פאַר וואָס זאָגסט דוא נישט נאָך. וואָרט פאַר וואָרט, דיא שבועה? ביי מיר מיינסט דוא וועט אָננעהמען שטוקעס, מסירת מודעהליך, וויא ביי אייך שיינע מענשעליך? ניין! זאָג איך דיר, מסירת מודעהליך נעהען ביי מיר נישט אָן, ביי מיר העלפט נישט, זיך מאַכען וויא געפגערט. שווער!

— איך קען נישט שווערען. האָב איך געענטפערט מיט א ציטערדיג קול.

— וואס? האָ! האָט דער אשמדאי מיט כעס א געשריי געטאָן, אזוי אז דיא ערד האָט אונטען געציטערט.

דיא קליאַטשע האָט עפּיס א שאָקיל געטאָן מיט דעם קאָפּ, גלייך וויא זיא וואָלט דערמיט געזאָגט: יהודי בלא! האַלט זיך טאַקי יהודי, אַלץ אייערס, לאָ, לאָ און לאָ!

— איך קען נישט שווערן. האב איך איבערגעחזערט מיינע פריהערדיגע רייד שוין מעהר בעהארצט.

— שווער! האט דער אשמדאי א געשריי געגעבען נאך שרעקליכער אין כעס, אזש פונקען זענען איהם געפלויגען פון דיא אויגען און פון דעם מויל האט ארויס־געזעמצט א רויך.

מיין קליאטשע נעביך האט א זיפץ געטאן. איהר זיפץ האט מיך דערמאהנט איהרע אלע גרויסע צרות, וועלכע זיא האט אין איהר לעבען איבערגעליטען. סטייטש, סטייטש. האב איך מיך בעטראכט, וויינינ שטעהט זיא, שלימזול, אויס פון אנדער־רע, זאל איך מיך נאך אויף איהר נעביך אויך אנלייגען! וואס עס וויל מעג זיך מיט מיר זיין, איך בעדארף אזא זאך נישט טאן, אויסהאלטען מוז איך דעם נסיון, טאקי וויא איין עהרליכער מאן.

— בשום אופן נישט! בשום אופן וועל איך דיר נישט שווערען! האב איך דעם אשמדאי קאלטבליטיג געענטפערט, און ארויסגענומען מיין האנד מתחת ירכו. בשעת ארויסנעהמענדיג האב איך איהם נאך, מעשה־שטן, בעדארפט גראד א גראבעל טאן דארט.

דער אשמדאי איז געווארען פלאם פייער, א מורא איהם געווען רעגסטמאל אנ־צוקוקען. ער האט מיט א משונה געשריי א שפרונג געטאן אין דער לופטען, זיך אויסגעצויגען שרעקליך הויך, געשטעלט איין פוס אויף דער ערד, דיא אנדערע אויף דעם הימעל, מיך אנגענומען ביי דיא האר און א שליידער געטאן, וויא א האלעשקע מיט אימפעט.

איך בין אראפגעפאלען וויא פון דעם הימעל! ביי דעם אנהויב פאלען האב איך געהערט זעהר א ווילד געלעכטער פון אלע לצים אין איינעם. דיא קליאטשע, האב איך געזעהען, שוועבט אויך אין דער לופטען, דרעהט זיך און פאלט נאך מיר.

— אך, מיר פאלען, מיר פאלען!.... האב איך קוים מיט צרות א געשריי געטאן.

— נישקשה! האט מיר דיא קליאטשע נאכגעשריגען, אז איך פאל, שטעה איך אויף, נישט איינמאל בין איך שוין אזוי געפאלען און פארט נישט פארפאלען...

איך בין געפאלען אלץ נידריגער, נידריגער ביז איך האב צום סוף אנגעריהרט דיא ערד מיט דעם קאפ, זיך געטאן א זעטץ און פאר גרויס וועהטיג ארויסגעלאזט א שרעקליך געשריי.

איך האב געפיהלט, אז עפיס עמיצענס הענט האבען מיך ארומגענומען. ראכט זיך מען וויינט איבער מיר און הייסע טרעהרען קאפען מיר אויף דעם פנים.

16

## טראַסצא איח מאַטערי!

אויפעפענענדיג דיא אויגען האָב איך געזעהען, איך ליג אויסגעצויגען אויף דעם פּאָל לעבין בעט, בייא מיר אין חדר. מיין מאמע ווײנט און העלפט אונטער עפּיס מענשען, מיך פון דאָרט אויפצוהייבען.

אז איך בין שוין געלעגען אין בעט האָב איך אָנגעהויבען מיך צובעטראַכטען, וואָס טהוט זיך דאָ מיט מיר אזוינס? פון וואַנען האָב איך פּלוצלים מיך אהער גע־נומען? איך האָב מיך געטאַפּט און געקוקט זעהר פאַרוואונדערט אין אַלע זייטען. אין שטיבעל בייא מיר האָב איך ווייטער דערזעהען דעם בעל־שם און דיא אַלטע מכשפה׳טע, וואָס האָבען זיך עפּיס געפּאַרעט און געשפּראָכען. דיא מאַמע האָט מיך געטאַפּט בייא דעם קאָפּ און געוויינט.

— וואָס ווײנסט דוא מאַמע? האָב איך זיא געפרעגט און פאַר ליבשאַפט זיא א קוש געטאָן.

— אָך, ישראַליק, ישראַליק! האָט זיא געחליפּעט, אָך, וויפיל צרות איך בין פון דיר אויסגעשטאַנען! געדאַנקט און געלויבט איז השי״ת אבי דוא האָסט שוין געעפענט דיא אויגען. — דוא האָסט א גוטען זעטץ זיך געגעבען אראָפּפאַלענדיג פון דעם בעט?

— מאַמע! האָב איך מיך אָנגערופען, וואָס איז ווייטער אזוינס געשעהען?

— אָט פרעג נאָרנישט, פרעג נאָרנישט! אַלץ טאַקי דיינע ביכליך.

— וואָס ביכליך? וואָס מיינע ביכליך?

— אָט יענע נארישע מעשיות, מיט וועלכע דוא האסט דיר דעם קאָפּ פאַר־שלאָגען. האָט דיא מאַמע א מאך געגעבען מיט דער האנד. מיילא דוא האסט זיך איינגעשפּארט דווקא צו שטודירען דיא דאָקטאָריע. נוא, וואָס האָב איך געקענט מיט דיר טאָן? אין ברירה. אָבער צו וואָס נאך אזעלכע ביכליך, אזעלכע מעשיות. אזעלכע שמאָכטעס? וואָס פאַר א שיכות האבען זיי מיט דאָקטאָריע? איינער וויל לעהרנען דאָקטאָריע, נוא, געה דיר לעהרנען וויפיל דאָס הארץ דיינע גלוסט, וועסט דוא זיך אויסלעהרנען און קענען, טאַקי וואָס קענען הייסט, נא דיר א בלעטיל, אז דוא קענסט היילען, חאָטש דוא ביסט ווייטליך פון יענע מיני מעשיות. אלא ניין, זאָלען דיר נישט העלפען אַלע מעשיות. דאכט זיך, אזוי האט בעדאַרפט צו זיין, נאך מיין ווייבערשען שכל, וועדליג וויא מיין ווייבערשער מוח נעהמט. וואָס טענהן זיי אבער? וואָס האבען זיי געענטפערט? אז איך האָב, נישט היינט געדאַכט, געהאט

דאָס לויפעניש צו איטליכען בעזונדער. ניין ! מענסט דיר האבען א גרויסען קאָפּ, מענליך אפילו, אז פון דיר זאל אויסוואקסען א גרויסער מענש, א בעריהמטער דאָקטאָר, אבי דוא ביסט נישט אזוי קלאָהר אין יענע מעשיות, אין יענע מיני היס־טאָריעס, וויא זיי רופען עס עפּיס, איז אינה מקודשת, שטעהט מען נישט אן דיר ! נאָט אייך היסטאָריעס, נאָט אייך מעשיות אויף מיין קאָפּ ! א ניחייא וואָלטען זיי רבוני של עולם, פערהאפּט געוואָרען, וואָלט איך, נעביך, פארשפּאָרט אזעלכע גרויסע צרות !

— וואָס צרות, מאמע ?

— וואס צרות, פרעגסט דוא, ישראָליק. סטייטש, ווייניג צרות, וועה איז מיר, האבען זיי, נישט היינט געדאכט, מיר אנגעמאכט !

אָט וואָס דיא מאמע האָט מיר מיט א וויינענדיג קול דערצעהלט :

„אז איך האב מקבל געווען דיין בריף פון דניעפּראָוויץ, דוא האסט עפּיס נישט גוט געענטפערט אויף דעם עקזאמענט פון יענע היסטאָריעס, און דאריבער איז איין עק פון דיין דאָקטאָריע — האָב איך גערעכענט, אז באלד וועסט דוא צוריק א היים קומען, וועסט צו אלדע שווארצע יאהר, אוועקווארפען אלע דיינע נארעשע פּלאנען, בעסער חתונה האָבען, און לעבען, וויא גאָט האָט געבאָטען, וויא יודען בעדארפען צו לעבען. איך ווארט אכטאג — דוא קומסט נישט, נאך אכטאָג — ביסט נישטאָ, דוא שרייבסט נישט אפילו קיין אות. דער קאפּ ווערדט מיר צושפּאָלטען טראכ־טענדיג, וואָס קען עס זיין ? איך רוה נישט, איך שלאף נישט, עס נעהמט זיך מיר נישט אין דעם מויל קיין עסען, רוא ביסט דאך ישראָליק, מיין איינציג קינד, איין אויג אין דעם קאפּ ! וואָס טויג מיר דאָס גאנצע לעבען אהן דיר ? אין דער שטאדט האבען דערוייל וועגען דיר זיך ארויסגעלאזען א סך פארשידענע שמרות. א טהייל האבען געזאגט, דוא ביסט געשטאָרבען ; נאך א טהייל — זאל זיי נאר דאס מויל אפּנעהמען — האבען געזאגט, יאקבי דוא האסט זיך געשמדט און ווייס איך נאך זאכען, וואס שונאים האבען אויסגעטראכט. איך האָב שוין מעהר נישט געקענט אויסהאלטען און בין אליין געפאָהרען קיין דניעפּראָוויץ. קומענדיג אהינצו, וויסט און פינסטער איז מיר, האָב איך דיך געטראָפען אין א שרעקליכער לאגע ! דוא ביסט שווארץ וויא דיא ערד, אויסגעדארט, אויסגעדייוועדט, אָהן א לויט פלייש אויף דעם לייב, נאר הויט און ביין. — איך פרעג דיך, וואס דו מאכסט ? ענטפערסט דוא מיר, נישט היינט געדאכט, עפּיס בויבעריק. איך רייד דאס און דוא עפּיס לאקש, בוידעם, א קוה איז געפלוינען איבער דעם דאך ! קוקענדיג אויף דיר איז מיר גע־וואָרען א לאָך אין הארצען, איך האב געמיינט, אָט פאל איך אנידער און שטארב.

לייט האָבען מיך געראָטהען צו געהען בעטען דיא לעהרער, זיי זאָלען מיט דיר מטיב זיין, טאָמיר וועט דיא גוטע בשורה אויף דיר ווירקען און דוא וועסט צו זיך קומען. איך בין, פארשטעהסט זיך, געגאַנגען, געוויינט, געבעטען, אבער אומזיסט! זיי האבען מיר געענטפערט; ניין, אוממעגליך! איך האב געדונגען א פוהר און דיך געבראכט צופיהרען א היים. וואס א טאג ביסט דוא אלץ ערגער מרה שחורה׳דיגער געוואָרען, פלעגסט זיין אלץ פארטראכט. נאר אז דוא האסט זיך שוין צורעט האסט דוא, רחמנא ליצלן, גערעדט פאר פייער, פאר וואסער, געבטעלט חלומות אויף אלע פיינע לייט, אויף אלע אונזערע שיינע, כשרה מענשען, אין דער שטאדט. נאך גוט, א נס חלעבין, וואָס חוץ היימעשע מענשען, האב איך צו דיר קיינעם נישט צו געלאזט, האבען לייט האטש נישט געהערט און וויסען נישט, וואָס דוא האסט, נישט היינט געדאַכט, אויף זיי אויסגערעדט. דוא ביזט געוואָרען אלץ שלאפער, שלאפער און זיך איינגעלייגט צום סוף אין בעט. אקעגען צוויי וואכען ביסט דוא וויא אין היתנערפלעט געלעגען מיט פארמאכטע אויגען, כמעט אָחן א סימן לעבען, נאר וואס צו צייטענס האסט דוא פון דער היטץ גערעדט, דערצעהלט ווילדע מעשיות. אך, ישראליק, מיין טהייערער ישראַליק, וואָס דיינע ביכליך, דיינע מעשיות האבען אנגעמאכט! זאל חלעבין שוין זיין גענוג, גענוג! הלוואי וואָלסט דוא פריהער געפאלגט א מאמען און חתונה געהאט וויא דער סדר־העולם איז, וויא עס פיהרט זיך ביי אונז יודישע קינדער, וואלטען מיר ביידע דאָך בעהיט געווען פון אזעלכע יסורים, אך, דיינע מעשיות. דיינע מעשיות! אך דיינע היסטאָריעס, דיינע היסטאָריעס!“....

— דאָס וואקסט אלץ פון זיי, פון זיי, פון דיא גוטע לייט, מיין איך! האט דער בעל שם זיך אנגערופען. ערשט נישט לאנג האב איך געהאט מיט זיי פונקט אזא מעשה. דיא ערל׳טע ווייסט אויך פון דער מעשה, וואס איך האב געהאט. נוא, א שטשאָ, דאָברע בילאָ? האט ער א פרעג געטאָן דיא גויע.

— דאברע, יאק־זשע.... האט מיט א געניץ געענטפערט דיא גויע, וואס איז געווען בעשעפטיגט מיט דעם שפרעכען. ווין מאיע פראווע. עטא איחנע דיעלא, טראַסצא איח מאטערי!



# דער פריזיון
## א דראמע
### אין פינף אקטען.

# דיא פּאַרשױנען.

שמחה מאַריאַשעס. א בעל טאַקסע׳
שפּרינצע. זײן װײב.
רײזעלי. זײער טאָכטער.
זכמן קריסטאַל.
זעלדע. זײן װײב.
אלכּסנדר. זײער זוהן. א בּן יחיד. רײזעלים חתן.
ר׳ יוחנצע דעם רבס.
חאַכּקיל. זײן זוהן.
חינקע. חאַסקילים װײב.
פײבוּש נאַטסװאַנדער. א לאַנד שדכן.

מענדיל. א משרת } בײא שמחה מאַריאַשעס
דװאָסיע. א קעך מויד }
שמוּאליק. אײן אַלטער, אױסגעדינטער, ניקאָלאַיעװסקער סאָלדאַט.
הערשעלי. א יונגער סאָלדאַט.
ניסיע. הערשעלעס װײב, שמוּאליקס אײניקעל.
ר׳ אליה. גבּאַט א יוד.
איציק דער קרעמער.
ליפּע דער חלפן.
דיא מוּהמע אָהן א נאָז. א גאַבּאַיטע.
דאָס קלײנע כּלי־זמריל.

גנידים, פײנע יודען, בעלי־טובות, װײסע חברה, פּורים שפּילער, אײן עולם מאַנסבּילין, װײבער און סאָלדאַטען.

---

## מיין טהייערער משה!

דיא צרות אין דער לעצטער צייט האָבען פארשטיינערט מיין הארץ, אזוי אז דיא צונג האָט מיר זיך נישט געליינט צו ריידען און דיא האנד צושרייבען א וואָרט. דאָס איז אזא שווייגען, וואָס מאַכט זיך מיט א מענשען, ווען שטארקע יסורים טרעטען צו מיט א מאָל און קאָסט איהם געזונט און לעבען א סך מעהר וויא קרעכצען און וויינען מיט בלוטיגע טרעהרען; וואָס אויב אזעלכעס געדויערט אָהן עפּיס א הילף פון דער זייט, איז מען אין א גרויסער סכנה צו ווערען אוים מענש. דוא, טהייערער פריינד, האָסט געפיהלט מיין ביטער געמיטה, האָסט פערשטאנען אז איך צאנק און גער אוים וויא א לעכט און זיך גענומען ארויסצושלאָגען מיר דיא מרה שחורה פונם קאָפּ. דוא האָסט איבער מיר גערעדט און פון דיינע רייד איז מיר אראָפּ דער שטיין פון הערץ. עס האָט אין מיר זיך געעפענט א פרישער קוואל הייסע געפיהלען און מיך עפּיס א ברען געטאָן אויסצוגיסען זיא אין ווערטער פרייא פאר דער גאנצער וועלט. דאָס איז יענער ברען, וואָס וועקט אין וועסנע אויף דאָס בעטריבטע, פארוואָגעלטע זומערפייגעלע, ערגיץ אין דער פרעמדע, צוריק צוקעהרען זיך ווידער א היים צו זיין נעסט און צו זיין פריהערדיג שטיינער לעבען .... און הגם דאָס יודישע לעבען אונזערס איז אצינד בעדעקט ארום־און־ארום מיט שווארצע, געדיכטע חמארעס שטורמווינטען בלאָזען פון אלע זייטען, אומעטום וויסט, עלענד, טרויעריג א שרעק — איז מיר באלד בייא מיין אויפחאפּען זיך נאָך אזא לאנגען שטיל־שווייגען, אויפן הארצען דאָך געוועזען עפּיס גוט. עס האָט מיך עפּעס געצויגען אהין, אין יענעם ווינקעל פונם יודישען לעבען, וואו עס געפינען זיך מיינע אלטע בעקאנטע פארשוינען, פון וועלכע איך פלעג א מאָל דעם עולם דערצעהלען משונה ווילדע, וואונדערליכע מעשיות. עס האָט מיר שטארק

זיך געגלוסט ווידער צו מיינע לייט; קינות, יאָמער און קלאָג אויף דער יודישער שלעכטער לאגע — אין דער זייט, מיר איז געלעגען מיינס אין זין. שפּילען א וויינענדינס וועל איך נישקשה נישט פּארזאמען שפּעטער. מיט צרות האָבען יודישע קינדער, ברוך השם, קיין דאגה נישט. צרות אלערלייא האָבען זייא געהאט מיט עטליכע טויזענט יאָהר צוריק, צרות אזעלכע האָבען זייא אצינד און ווען דיא אלע צרות וועלען האָבען איין עק, ווייסט נאָר איין גאָט אליין וואויל. און דערווייל איז מען דאָך פּאָרט נישט מעהר וויא א מענש, א בשר-ודם. עס גלוסט זיך פּאָרט א מאָל א קוק טוהן אין דער זייט, א לאַך טוהן, א שפּיל טוהן און מאקי חאפּען הינטערווייליכס א מענציל אויך. — מיינע אלטע פּערשוינען האָב איך געטראָפען, ברוך השם, אלע פריש און שטארק מיט זייערע אלע אלטע קאפּריזין און משונהדינע גיינג: זיי פרוב־בערען און מעהרען זיך, מאכען זיך א מאָל נארעש און רייסען זיך ביי דיא נעז איבער א שפּילכען אזוי וויא פריהער. דיא וועלט נישקשה בלייבט א וו לט.... מיר האָבען איינער דעם אנדערען באלד דערקענט און נאָר אָנ־געקוואָלען, וואס, געלויבט איז גאָט, מען זעהט זיך געזונטערהייט. איך האָב זייא אָנגעקוקט מיט גרויס הנאה, גוט בעטראכט פון אויבען ביז אראָפּ און ניב אצינד ארויס א בעשרייבונג פון א טהייל נאָר פון זייא אין דעם דאָזיגען בוך.

דוא, מיין ליבער משה, האָסט געעפענט מיין פארשטיינטרט הארץ, דורך דיר איז דיא דאָזינע ווערק מיינע, נולד געוואָרען און דיר ברייננ איך איהם דעריבער במתּנה. אויב אנדערע וועלען דיר זאָגען דערפאר א יישר־כח, דאָס ווייס איך נישט. איך פון מיין זייט אָבער דאנק דיר דאָ פאר אונזער גאנצען עולם דערפאר, וואָס דוא האָסט מיך דערמינטערט, געטרייסט און געשטארקט מיט דיינע קלוגע און גוטע רייד.

דיין געטרייער פריינד נאָך פון דיא יונגע יאָהרען

דער מחבר.

אדעססא, 5 יוני, 1884.

# ערשטער אקט

## בייא שמחה מאָריאַשעס אין הויז.

## ערשטע סצענע.

**נ־יי־מ־אָ־ר־י־נ־ס מעסטען שטיקליך וועביל, ש־פ־ר־י־נ־צ־ע און פ־י־י־ב־ו־ש.**

נײמאָרינס. צו צוויי און פופציג אַרשין און נאָך מיט אַ עוֹרף. אויב אַיין שניט, אָהן געסטקעס און איינזעטצליך פון באַטיסט וועט אויסגעהן צו פופצעהן העמדער. אָבער העמדער, שררות'שע! גאַר אנטיק פון וועביל, דין וויא אַ רויך און פעסט וויא אייזען. (זייא רייסען) אין א גוטער, מזלדינער שעה! אייער רייזילי זאָל טראָגען און צורייסען געזונטערהייט.

שפרינצע. אמן, אמן רבוני של עולם! — פאַרגעסט זשע נאַר נישט קיין צוויקליך, מאַכט עס, איך בעט אייך, גוט. וויפיל האָב איך גאָט געבעטען, מיין רייזילין חתונה קליידער דערלעבען צוזייען. מיר פאַר איהר קאָפּ! וואָס ווייסט איהר, וואָס זיא איז פאַר אַ גאָלד.

נייטאָרינס. זאָל איהר לויכטען אַזוי דאָס מזל וויא זיא לויכט אין שיינס. דער חתן, נישקשה, מען אָנקוועלען וואָס צו איהם אין דיא הענד פאַלט אַריין אַזאַ בריליאַנטענע כלה מיט גילדענע מעלות און מעשים טובים. קינדערליך, אייניקליך און אור־אוראייניקלעך זאָלט איהר מיט אייער מאַן, שפרינצעני׳, פון איהר דערלעבען, גרוים נחת און פיל גוטס. וואו איז זיא ערגיץ דיא כלה? לאָמיר איהר האָטש צו ווינטשעווען.

פייבוש (אַריינקומענדיג) אַ גאָט העלף, שפרינצעלי! (ער קוקט זיך אַרום, לייגט אַריין דיא האַנד אונטערן קאָלנער און טהוט זיך אַ קראַטץ) אַ פנים טאַקי, אַז מען זוכט געפינט מען. עס האָט מיר עפּיס געצווינגען

ראָס הארץ. חא, וואוהין נעצוינגען? צו שפּרינצעלין, שפּרינצעלין! בין איך
געקומען און געפונען טע־טע־טע ... אקוראט חלעבין וויא געווינטשען.

שפּרינצע. טאקי אָט וואָס הייסט אַ שדכן, אַ גוטער פריינד. איהר האָט
ג'שקשה אַ חוש הריח און טרעפט תמיד ווען צו קומען.

פייבוש. אויב פייבוש האָט אַ חוש הריח! פון וואנען וואָלטען זיך
גענומען דיא אַלע זיווגים ווען נישט דער חוש הריח? אויף אָנשמעקען איז
פייבוש ברוך השם אַ בריה, איינער אין דער וועלט. (ער סמאָרעט מיט דער
נאָז) ווארט, עפּיס שמעק איך אצינד.... עס שמעקט דאַכט זיך עפּיס א'זוי
וויא לעקיך און בראָנפין.

שפּרינצע. גערעכט חלעבין! אצינד קומט טאקי לעקיך און בראָנפין.
(זיא גוהט צו דער שאפע)

פייבוש (צו דיא נייטאָרינס) ביי מיין יודישקייט! אזא שפּרינצעלי איז
נישטאָ מען זאָל ווייט דיא וועלט אומזוכען. וואָס זאָגט איהר וויא זיא
שטויסט זיך אָן. — (שפּרינצע שטעלט אויפ'ן טיש אַ טאַץ מיט לעקיך און
אַ פלאַש בראָנפין מיט קעלישקליך)

נייטאָרינס (צונויפנעהמענדג דיא שטיקליך וועביל אין אַ פעקיל) זייט גע־
זונט, שפּרינצע!

שפּרינצע. נאָט אייך חאָטש צו שטיקליך לעקיך. אפשר וועט איהר
איינטונקען אין אביסיל בראָנפין? — ניין! נוא געהט זשע געזונטערהייט. למען
השם צוויקליך, עס זאָל חלילה איבער אַ צוויקיל אַ העמד נישט קאַליע ווערען
(דיא נייטאָרינס געהן ארויס).

פייבוש (דרעהט דעם שפּיטץ בערדיל קוקענדיג אויפ'ן פלאַש בראָנפין)
טריי־טריי ריי, הים הים.

שפּרינצע. מאכט זשע ברכה, ר' פייבוש, וואָס שטעהט איהר?

פייבוש. עט.... ברכה, מהיכא תיתי זאָל זיין ברכה (ער גיסט אָן
אַ קעלישיק און נעהמט אין דער האנד) לחיים שפּרינצעלי!.... עס זאָל
זיין וויא מיר ווינטשען. דער זיווג זאָל עולה יפה זיין און מיר זאלען הנאה
האָבען ... ביז דער התונה איז נישט ווייט און דערנסטמאָל טוו איך בלי
נדר געבען שבת פאר דער מחותנתטע און געה מיט אייך אַ סאָזאָק.
(ער טרינקט)

שפרינצע. אוי רבוני של עולם! אוי לעבעדיגער פאָטער, מאַמע רחום, צדיק!

פייבוש. אי, פע שפרינצעלי, וואָס איז דאָס פאַר איין אוי! א חתן האָב איך אייך געגעבען טאַקי גאָר קפּריס׳ן, מיט אללע מעלות, און איהר.......

שפרינצע. ניין, ר׳ פייבוש, חלילה נישט דאָס, נישט דאס........

פייבוש. ניין, איך וויל גאָר נישט הערען, לאָזט זיך דינען. אפנילטען בין איך ווערטה זאָל מען מיך פאַר אזא שידוך. נאַט אייך א דרייער פאַר יענע פלאַסק:דרינעס. עפּיס אזא חתן וויא אלכסנדר וואלגערט זיך אויפ׳ן מיסט! איהר ווייסט וויפיל מען וואָלט היינט פאַר איהם געגעבען? אזא גע־לערענטער, א בריה טע־טע־טע....

שפרינצע. דאָס פאַרשפּאָרט איהר מיר גאָר צוזאָגען. ווער נאָך אוי וויא איהר ווייסט וויא איך האָב מיך גשליינט אין דער קיינג אין דער ברייט בין מיין שמחה האָט נעמווזט דעם שידוך איינוויליגען. א קאַטאָוועס בין איך פון מיינעם אויסגעשטאָנען! אי נאָך היינט חאַפּט ער זיך א מאָל ארויס אקענען מיט א וואָרט.

פייבוש. אוודאי חלעבין מענ אייער ר׳ שמחה אויף אייך, אויף מיר זיך בלאָזען! א פנים ער ווייסט וואָס הייסט היינטיגע צייטען א בתולה. וויא איהר קוקט מיך אָן, שפרינצעלי, בין איך שוין אין דעם ברויט, הא, פאַרט וויפיל מיינט איהר?.... וויא דיא מעשה איז, עס האָט זיך בייא מיר גערעדט, אהער א דרעה, אהין א דרעה, עס האָט זיך גערעדט און היינט, זאָג איך אייך (ער קוקט אויף׳ן פלעשיל בראָנפין) וויא דאָס איז א שהכל, אז איז פע, חלשות! וואָס איז היינט א מיידיל? עס ווערד אזש טרוקען אין האלז ריידענדיג.

שפרינצע. נעהמט אביסיל בראָנפין, ר׳ פייבוש. לאָזט זיך נישט בעטען.

פייבוש (סוויינקעלט זיך) טאַ, וואָס קען עס שאדען. איך וועל אייך צוליב טוהן (ער טרינקט יאַ, פע, פע, בנאמנות! — קנישעס א שטיינער קענט איהר זעהר גוט מאכען. וואָס טהוט איהר, שפרינצעלי? איהר נעהמט קעז, טייג און קלעפּט אויס גאָר א וואוילען קניש. בייא מיר אָבער קלעפּט זיך דיא צייטען נישט. ס׳איז דאָ א בתולה, א בחור. דאכט זיך א שידוך, און עס

קומט פאָרט אויס א קאָטער. פאַר וואָס? ווילט איהר וויסען. זאָגט זשע מיר, זאָלט איהר געזונד זיין. וואָס איז דער פּאָסטערנאַק נאָך דעם ערשטען דונער? פאַרדאָסט מחילה, חלשות. אָט האָט איהר אייך דאָס שדכנות נאָכדעם אז ביי אונז האָט זיך אָנגעהויבען דיא בילדונג שמילדונג. עס האָט אין גאַנצען פאַרלוירען דעם טעם. בתולות זענען אָהן עין הרע אָנגעזעצט, ווילען נעביך חתונה האָבען און חתנים זענען וויא אויסגעטריקענט געוואָרען. דיא זיינען געבליבען סטיבונעס, הארטע רעטיך וויא דעמב, יענע ווילען חתונה האָבען נאָר אויף א נייעם שניט, עפּיס מ ט אויבער הסברות, און אזעלכע, וואָס לאָזען זיך שוין יאריידען שידוכים, קוקען נאָר אויף דער מטבע, הייסען זיך אָפּגילטען. מפּוא זאָל עס ווערען! מען מוז נעהמען אביסיל בראָנפּין חאָטש עס ווילט זיך נישט. לאָמיר זיין געזונט, שפּרינצעלי! (ער טרינקט).

שפּרינצע. לאָז אייך וואויל בעקומען. עסט אייך פון דעסטוועגען נישט אָפּ דאָס הארץ, ר' פייבוש. נישקשה, דיא וועלט איז נאָך נישט חרוב געוואָרען. א״וי לאנג דער זינדינער מענש לעבט מוז מען חתונה האָבען. חתנים נישקשה וועלען זיך געפינען.

פ״יבוש. חאָפּט זיי דער וואָטעל מאַכער! אוודאי מען זיך אייער מאַן בלאָ״ען. פאַרצוקערן וואָלט מען דאָך היינט אזא חתן וויא אלכסנדר. א געלערענטער און דערצו נאָך א בן יחיד. איהר פאַרשטעהט וואָס הייסט היינט אזוינס א בן יחיד! זינט דער פּריזיוו איז א מינדסטער לנאָטניק א גרויסע מציאה, א קאַלעקע, א בעל מום יקרות טהייער. א פערכיל מחילה איז א מתנה פון זיין ליבען נאָמען, גאָלד און זילבער. ווען איך האָב צעהן אזעלכע בעל הבתישע טע טע טע טע! .... זינדינט זשע נישט שפּרינצעלי און מאַכט חלעבין נישט קיין אוי.

שפּרינצע. איך זינדיג נישט, חלילה. איך אויקע נאָר א מאָל וויא דערלעב איך שוין איבערקומען דעם היינטינגען פּריזיוו און רייזילים חתן זאָל שוין זיין פריי. ער א״ז מאַקי אמת א בן יחיד, נאָר געה וויים, וואָס קען זיך נאָך מאַכען.

פייבוש. איהר רעדט, האָט מיר ק״ין פאַראיבעל נישט, וויא א ליטוואַק, וואָס גלויבט נישט ביז ער צעהלט נישט איבער. איהר האָלט א פּנים,

שׁ־רינצעלי, משכּון בבית שלם בקעשענ׳ע. (הינטער דער טהיר הערט זיך א קול: בעל הביתטע, בעל הביתטע!)

שפּרינצ׳ע. בלייבט נאָך, בלייבט, ר׳ פייבוש, מיר וועלען נאָך שמיעסין. איך געה נישט אויף לאַנג (זיא געהט ארויס).

---

## צווייטע סצענע.

### פייבוש, דערנאָך דוואָסיע.

פייבוש. וואָס פעהלט מיר, דאכט זיך, וואָס נעהט מיר אָפּ? זיטץ מיר צוליינט דאָ אויף׳ן שטול, וויא ביים טאַטען אין ווייַנהויז, אין שכנות מיט לעקיך און א פלעשיל בראָנפּין, איינער אַליין!.... (ער גיסט אָן א כוס קוקענדיג אויף׳ן פלעשיל מיט א שמייכעלע) לחיים פייבוש!. גאָטוניו זאָל געבען, דאָס רעדיל זאָל זיך דרעהן (ער טרינקט געשווינד אויס), עך, האָט זיך עס א מאָל ביי מיר גערדרעהט, נעדרעהט. יודען האָבען זיך געחאַפּט ניכער, ניכער חתונה צו האָבען. ס׳איז געווען פּרנסה. און היינט.... וואָס מיר היינט.. (ער גיסט אָן א כוס, טהוט א זופּ און שפּייעט אויס פּע! היינטיגע בתולות, בחורים משטיינעם געזאָגט! .... עפּיס איז זיי נאָר נ׳שט איינצובייסען- אליין, אליין, אפילו שידוכים, אויך אליין צווישען זיך, מיט דער מאָדע, מיט דער פּאָליטיקע. מיין קאָפּ זאָל אזוי נישט קריינקען, ווען רייזעלי מיט איהר חתן זאָלען איינער אין דעם אנדערן זיך נישט פארליאַפּען אויב איך וואָלט עפּיס נער־פּויעלט. גלאַט זייא האָבען זיך אָנגעשמעקט און דרינען נאָר אונטערגעשטופּט. א גוטע וועלט חלעבין, א שעהנע רייזילי! .... שעהנע בתולות, פיינע בחורים דיא היינטיגע, שפּאָרען שוין אָן אין בעל־הבתישע ערטער אין גאַנץ יודישליכע חייוער! נעה לעב, האָב פּרנסה פון אזעלכע. (ער דערגיסט דעם כוס מיט א שמייכעלע) הנני מוכן ומזומן לקיים כוס שלישי, עס. נישקשה, בטחון, בטחון!.. לאָזען נאָר, גאָטוניו, דיינע יודעליך אביסיל קומען צו זייערע קרעפטען און זיך פּרוכפּערען און טעהרען, דענסטמאָל קנאַק איך מיט דער בייטש טשאַקענדיג.

ארויסשטעקענדיג דער וועלט צעהן פייגען. (ער טרינקט מיט א מאָל אויס און פארקרימט זיך) ביטער! לעת עתה האָב איך א פייג. עס דרעהט זיך, דרעהט זיך דער קאָפּ. א ביטערע, ביטערע צייט. (ער קוקט א ווײלע שטיל שארף אין פלעשיל) דרעה מיך אהין אהער.... צאַפּעל זיך.... דאָ אין דער משקה. צעהן פייגען, חע חע חע! ווענמען שטעק פון דאנען? איך מיר אליין טאקי ארויס. קוקו! נאָ, א פייג א פיי.... (ער לאָזט אראָפּהייגנען דעם קאָפּ און שפּארט אָן מיטן שטערען דעם טיש. פונם קאראדאָר הערט זיך א בייזערין. דוואָסיע לויפט אריין נעשווינד, פארקאטשעט דיא ארבעל ביז דיא עלענבויגענס מיט א בארשט אין דער האנד).

דוואָסיע. נוא א טאָג! א בייזע מהומה אויף מיינע שונאים׳ס קעפּ. עס שטעלט זיך היינט דער גוטער טאָג. דיא בעל הביתטע קאָמאנדעוועט, הוא הא, הא הוא! און דער בעל הבית פארקרימט זיך וויא סרעדא נא פּיאט ניצא, איז עפּיס אויף דער לינקער זייט היינט אויפגעשטאנען. און צו ווענמען לאָזט זיך עס אין גאנצען אויס? צו דוואָסיעס קאָפּ! דוואָסיע — דאָס, דוואָסיע — יענץ, דוואָסיע — אהין, דוואָסיע — אהער. דוואָסיע, שונא ציון, צעריים דיך, דוואָסיע. שפּרינג אויס דער הויט!.... אָט האָסט דוא דיר....

פייבוש (וויא פונם שלאָף צוצווינגען מיט א גנעניץ) א פייג!

דוואָסיע (ארומקוקענדיג זיך פארוואונדערט) טפּוא! וואָס האָט זיך מיר נעחלומט דיא נאכט און יענע נאַכט....

פייבוש (טשובעט זיך) בחורים, פיינע בחורים....

דוואָסיע. א לשון אביסיל!

פייבוש (אויפשטעהענדיג) אזוי, שפּרינצעלע, וויא מחילה אזא לים־וואק....

דוואָסיע (אין דער זיים) וויא מחילה א שכור!

פייבוש (אויסקנאקענדיג זיך דיא ביינער מיט א שמייכעלע) הע פע! א נוטען!.... אויף דער חתונה, אם ירצה השם, געהען מיר, בלי נדר ביי א קאָזאָק. (ער געהט ארויס)

דוואָסיע (פארקרימענדיג זיך) אָט צוויאָג איך מיך!....

# דריטע סצענע.

## דוואָסיע דערנאָך מענדיל.

דוואָסיע (שטעהט און בעטראַכט איטליכס ווינקעלע, שאָקלענדיג מיט דעם קאָפּ) וואָס דאָ טהוט זיך אביסיל!... אומעטום ברעקליך, שטיק־ליך נאָר וויא אין א הקדש, — טפוא! אז ריי־ילין גלוסט זיך חתונה האָבען איז ווער שולדיג? דוואָסיע! געה קעהר, ריים. דוא נאר ביסט א מענש און יענער חלעבין האָט נאָר קיין נשמה נישט. אוי, דערבארמדינגער גאָט, לאמיך הי־נטינעם יאָהר אויך עפּים אויפגעריכט ווערען. שוין צייט, צייט, חלעבין! (ז־א נעהמט זיך קעהרען, זינגענדיג דערביי פאר זיך צו צוינגען אונטער דער נאָז):

אויפ׳ן פּריפּעטשיקעל ברענט א פייעריל
און אויסען קוימענדיל נעהט א רויך,
אז איך דערמאָהן אין מיין בעשעהרטען זעך
פארליהר איך אוי דעם קאָפּ און דעם מוֹת.

אין דרויסען נעהט א רעגענדיל,
אין שטיבעלע איז זעך פּארנע,
אויף דער גאַנצער וועלט איז א פרייד
און מיר א־ז ביטער און מארנע.

(פונם קאראדאָר הערט זיך א געשריי. דוואָסיע! דוואָסיע!)

דוואָסיע (פאר זיך). א אויף דיא ציין, אויף דיא ציין! א קול אביסיל וויא איין עשו (זיא רופט זיך אָן) אָט געה איך, נעה! (אין דער טהיר שטעקט זיך אריין א קאָפּ פון עכּים א יודענ־ן. דוואָסיע שושקעט זיך מיט איהר און אין דעם געשושסעריי חאפען ז־ך בייא א־הר ארויס ווערטער הויך אויף א קול) אַזוי? אויף היינט אין אָווענט האָט איהר איהם ביי זיך בע־ש־טעלט? .... גוט, עלקע! .... איך וועל מיך זעהן אויסרייסען. הא, וואָס? שבתדיג זאָל איך מיך אָנטאָן? .... נוא נוא! .... א שיינער? .... גוט,

גום, עלקע.... איך וועל קומען.... נעהט געזונד.... (זיא נעהם ארויף אויבענאָן צו) א יונגער מאן נאָר א וואוילער. א קאָפּ נאָר א פּאנקוכען, א פּאָר באקען וויא צוויי פּעטע, פארברוינטע חרעמזליך, א ניידעריל וויא אן אנגעפּיהלט העלזיל. מחיה! ער איז נישט קיין בעל מלאכה, נישט קיין משרת, נאָר גלאט אזוי זעך א פיינער יונגער מאן. (מיט א זיפץ) עס איז שוין נעננוג אָך און וועה, אז ר׳ כתריאל דעם מלמד׳ס א טאָכטער זאָל דינען, זיין אין דער פרעמד, נאָר איך זאָל נאָך נטהמען עפּיס אזא פּאשנע מענשען. ניין! אזא בזיון איז שוין צו גרויס.... (זיא נעהט זיך ווידער קעהרען און זינגט צו)

אוו מיר איז ביטער און מארנע.
טפּוא, מיינע שונאים, מיינע שונאים!
און בּלוצלים דאכט זעך עפּיס א שארך,
ע־הע, ע הע, אין הארצען טיאָך טיאָך!

(זיא ווארפט קעהרענדיג אראָפּ מיט דער בארשט עפּיס א פידעלע) א, אין דער ערד מיט דעם קאָפּ! נעה שטעל זיך נאָך קלייבען. (זיא הייבט אויף א פּאָר קרעלענע אוירינגליך מיט א קעלנעריל און נעהמט זיך זיי בעטראכטען) גאָר אנטיק חלעבין פון אוירינגליך. רייזילים כלה מתנות. עס פארנעהמט דיא אוינען! איך בין א בעלן זיי אָנצומעסטען, וואָס פאר א פּנים וועל איך אין זיי האָבען (זיא טהוט אָן דיא אוירינגליך, קוקט אין שפּינעלע און שמאָכט פאר גרויס הנאה) אָך, שיין! מיטן ווייסען קעלנעריל וועט נאָך שעהנער אויסקומען. (זיא נעהמט זיך אָנמעסטען דאָס קעלנעריל, קוקענדיג אין שפּינעלע, מאכט מיט דעם קעפּעלע און זיננט זיך אונטער):

ע־הע, ע־הע, אין הארצען טיאָך טיאָך.

מענדיל (קומט גאנץ שטיל אריין. נעהט צו אויף דיא שפּיץ פינגער הינטער דוואָסיען, שאָקעלט איהר נאָך מיט דעם קאָפּ און קושט מיט א האוואיעלע דיא פינגער) א, מחיה, צוקער זיס!

דוואָסיע (שטארק בעשעפּטיגט מיט זיך, שמאָכט און ברומט אונטער)

צו מיר, צו מיר דוא נשמה מיינע,
ליגבע לעב! רופט ער, ליגבע איך בעט!
איך נעה און קום צו מיין זיס לעבען
און טהו און האָב א קוש א גלעט.

מענדיל (שטיל מיט א האוואיעלע) עס קאָמערט זיא, עס האָבען איהר זיך צושפילט דיא נעבליטען. דאָס ליבע פלעשעלע א פנים העלפט. (ער נעהמט ארויס פונם בוזעם עפיס א פלעשעלע, נעמט איין א פינגער און דערלאַנגט פלוצלים דוואָסיען הינטען אויפ'ן האלז א שמיר, מאכענדיג דערביי) און מהוא און חאפ א שמיר א גלעט.

דוואָסיע (קעהרט נישט טויט נישט לעבעדיג זיך אום און וואַרפט בשעת מעשה ארויס פון מענדילס האנד דאָס פלעשעלי, וואָס צוברעכט זיך אויף'ן פאָל): אין דער ערד אריין, ימח שמו׳ניק איינער! ס׳איז מיר ענטפאלען דאָס געזונד. וואָס איז פאר א מאָדע קיטצלען זיך? נאט אייך נייעס, ער קיטצעלט!.... איך וועל דאָך דיר דערלאַנגען א קיטצעל, אז דוא וועסט דאָ דיא נכפה בעקומען.

מענדיל. דוואָסעניו, איך חאַלעש, איך שטארב! אזוי שיין ביסט דוא היינט. ס׳איז דיר אין פנים נישט אריינצוקוקען וויא אין דער ליכטינער זון. אוי, ליובע לעב, חאלעש איך, א קוש א קוש!

דוואָסיע. נוא, מענדילי, ווער פארברענט! איך האָב נישט קיין צייט.

מענדיל. עפיס אזא מלאכה, וואָס מען ברויכט דערצו צייט?! דוואָסיע־ניו, האָב א רחמנות אויף א יוד׳שער נשמה! איך וועל דיר געבען כלה מתנות אזעלכע אויריננגליך, א סאמעטען מאַנטיל, א גילדען קייטעלע און א בראָשקע. דוא וועסט ביי מיר זיין א פר צה, א שררהסטע, א גראפינע, א פרינ־צעסין, א רביצין!... (ער חאפט דוואָסיען ארום, פלוצלים הערט זיך פונם קאראדאָר א געשריי: דוואָסיע, דוואסיע!)

דוואָסיע. א, אויף דיא ציין, אויף דיא ציין!.... אז רייזילין גלוסט זיך חתונה האָבען זעטצט מען פון דוואָסיען דיא נשמה ארויס.... הערסט דוא מענדילי? נעה דיר, נעה צו אלדע שווארצע יאָהר. לאָז (אראָבוואָרפענ־דיג פון זיך געשווינד דיא אויריננגליך און דאָס קעלנעריל רייסט זיא זיך ארויס פון מענדילס הענט מיט אימפעט אזוי, אז מענדיל פליהט צו א ביינקעל און קעהרט מיט איהם זיך איבער אויף דער ערד).

# פערטע סצענע.

## מענדיל, שמחה און ר' יוחנצע דעם רב'ס.

מענדיל (ראטשקעוועט זיך אויפשטעהן און זוכט דאָס היטעל) אבי דער קאָפּ מיינער איז גאַנץ, דאָס היטעל וועט דער שווארץ יאָהר נישט צו־נעהמען.... אָ, נישקשה, דוואָסעניו, מיר וועלען זעהן, וואָס דוא וועסט היינט אין אָוועגט ביי עלקע דער קאָרט־זנוואָרפערען זאָגען! חא חא חא, א גוטע ממזורתע דיא עלקע. וויא זיא מיהט זיך פאַר מ־ר! נאַט אייך א פזמון פון ראש חדש קרעמעניץ, עפּיס א חתן וו־ל זיא היינט אָנקוקען! חא חא חא, דוואָסעניו! חתונה פּגרסט דוא דאָך טאַקי צו האָבען, וועסט קומען צופליהען אויסגעפּוצט און לסוף וועט נאָר מי־נער וויא פונם הימעל אראָפּפאַלע־. סקאָציל קומט דוואָסעניו! עלקע מיט איהרס, איך מיט מיינס און מיר וועלען דיך איינבייסען.... נישקשה, א־ן א ש־דוך איז איטליכער בענגלויבט אויף א לינען. א יוד־נע א שדכנתע מעג אויף אָפּלינגערען וויא א יוד מיט א באָרד.... א שדכן איז אפילו חשובער, נאָר וואָס זאָל מען טחון? אז תשעה באָב איז נישטאָ קיין פלייא מוז מען יוצא זיין מיט וואנצען. (ער הייבט אויף און בעטראַכט דאָס צעבראָכענע פלעשעלי) עס זאָל דאָס איבערבלייב־ן חאָטש א קאָפּ! פינף און ־יבציג קאָפּקעס מ־ין בלוט האָב איך בעצאָהלט סט מפּעניון אָט פאַר דעם ל־בע פלעשעל־. ער האָט געשוואָרען אז ביים צווייטען, דריטען שמיר מוז יענע דיך ל־ב האָבען און ציהן ביי ד א פּאָלעס.... מיר דאכט זיך, עס האָט אָנגעהויבען טאַקי אביס־ל צו ווירקען, נאָך היינטיגען שמיר איז דוואָסיע געוואָרען ווייכער. ס'איז שוין נאָר נ־שט דער וואָרף וואָס פריהער!....

שמחה (קומט אריין און בלייבט שטעהן פארוואונדערט) וואָס טהוט זיך דאָ אזוינס, מענד־ל?

מענדיל (אנידערשטעלענדיג אין איילעניש דאָס אומגעפּאַלענע ביינקיל) נישט או־סצוהאַלטען פון ד־ר קאַטץ. אוועקגעראַנגעלט האָב איך מיך דאָ אביסיל מ־ט דער ש־ינער קאַטץ!....

שמחה. וואס! מיט יענער, וועלכע איך האב געטראָפען ערשט ארויס־שפרינגענדיג פון דאנען? אויב יענע איז א קאַטץ, ביסט דוא, מענדיל, א קאָטער!—אזוי, שייגעץ איינער, ביסט דוא א מענש אין דער טאקסע! זאָג נאָר, וואָס הערט זיך מיט דיא אָקסען, וואָס מ׳ַן האָט היינט געקיילעט? ביסט דאָ׳ט אין דער באָינע געוועןְ?

מענדיל. א נס חלעבין, וואס איך בין בעצייטענס אהין אנגעקומען. עס האָט געקענט ווערען א גוטע חתונה. דער שוחט האלט א לונג און לעבער, ר׳ יוחנצע בלאָזט, שטופט א פינגער, קרימט זיך מיט א פארפרומט פנים׳ל, וויא ס׳איז איהם עפּיס שטארק נ׳שט רעכט און שאָקעלט מיט דעם קאָפּעלע. אז ער האָט מיך דערזעהן וויא איך שטעה און קוק איהם קרום אָן, איז ער געבליבען וויא דערוואָרגען, געמאכט עטליכע מאָל טא, טא—און דער שוחט האָט א זאָג געטוהן: כשר.... דער רוח זאָל איהם וויסען וואָס ער קריכט אהינצו. נישט אנדערש, ער מיינט שוין ווייטער עפּיס.... קארג לערוויצעס נעהמט ער איבער. א, נעהמען זאָל איהם דער ......

שמחה. שא, מענדיל! ס׳איז נישט דיין עסק

מענדיל. אָבער זיין עסק איז עס אויך נישט. וואָס פאר א מחותן איז ער מיט דער טאקסע? קארג פאר איהם מאיר בעל הנס פושקע, ארץ ישראל געלד, נאָך און נאָך און נאָך.... דם צפרדע, כנים איהם, דיא אלע עשר מכות!

שמחה. תרבית! וויא עפּענט זיך עס דיר אויף דאָס מויל אויף אזא פרומען, עהרליכען יוד׳ן, וואָס שטאמט פון בערען, פונם גנילאָפּ׳אטקער רב׳ס געזינד!

מענדיל. אוי, האָט דער בער לאָפּעס! ניט אומזיסט קריכט ער און שטעקט אריין דיא מאָרדע. ער וויל מסתמא אָפּלעקען א ביינדי׳ל. הלוואי איך זאָל ליגען זאָגען, דער בער זאָל נישט קומען און נעהמען אין דער טאָרבע.

(ר׳ יוחנצע קומט אריין, גיט א קוש דיא מזוזה און פארגלאָצט דיא אויגען מיט א זיפצעלע).

שמחה (געהט ר׳ יוחנצען אקעגען) ברוך הבא, ר׳ יוחנצע! זעהר אָנגע־לייגט חלעבן!

P

מענדיל (אין דער זייט) אָנליינען זאָל ער מיט דעם קאָפּ!

ר' יוחנצע. אין אַ מצוה זאַך, ר' שמחה.... הנם ס'איז אביסיל שווערליך, בין לא עליכם עפּיס אוי.... פאר קודשא בריך הוא איז עס פאַרט קיין תירוץ נישט. וואָס טהוט מען מיט יודישע קינדער נעביך? .... שטעלט זיך נאָר דער מאָג איז אַלץ מצוות, מצוות.

מענדיל. (פון דערוויטען) נאָך גאַנץ פריה היינט כלחוך השור, האָט ר' יוחנצע ניבטערהייט נעקוקט דאָרט מחילה אין איין אָקס אריין. גאט זאָל זייא נאר דערליינגערען דיא יאהרען. — וואס ווילען זיי אויף שבת א לעדוויצ'ע א לעקער?

ר' יוחנצע. בע.... ווייס איך וואס.... עס.

שמחה (אַ קוק געבענדיג ביין אויף מענדלין) נעה שוין דיר דיין וועג! האסט, דאַכט זיך, נייטינע ארבייט.

מענדיל. ר' יוחנצען פרעגען, וואס זייער נוטער ווילען איז, איז דאַכט זיך אויך נייטיג. (ער געהט ארויס)

## פינפטע סצענע.

### דיא פריהערדיגע אָהן מענדלין.

שמחה. (נאָכדעם וויא א קענטין א רגע איז שטיל) אזוי, ר' יוחנצע? אין א מצוה זאַך, זאגט איהר. — וואס קוועטשט איהר זיך עפּיס, הא?

ר' יוחנצע. אוי, אוי, אַלץ לא עליכם מיט דיא מירידין.... לאַטיר עס אַפּמאַכען בקיצור. א שוחט, ר' שמחה'לי, אוי, נאך א שוחט!

שמחה. ביי אונז איז שוין אָהן דעם דא נענוג שוחטים, וואס קאסטען אַ קאַסע: צו וואס נאך איינער? מען וועט דאך ארויפלייגען ווייטער אויפ'ן פליייש דער עולם וועט שרייען און גערעכט זיין.

ר' יוחנצע. פאר קודשא בריך הוא איז עס פארט קיין תירוץ נישט.... ביי א שטיקעל סירחא קלאַפּט דאס הארץ, אפשר חלילה טרעפען דיא אלע נישט. נויא באלד נאָר עפּיס א חשש איז שוין אי, אי....אַלסדינג כדאי. מען

וועט שרייען! — מילא דאריבער לאמיר נעהמען אויף אונזער קאפ אזא עבירה? דערנאך, אל תפתח פה לשטן, אז קליינע קינדער וועלען שטאר בען, ווער וועט שולדיג זיין — מיר! פאר וואס, וועט מען שרייען, האט מען צוגעלאזט חטאים!.... נעוואלד, וואס פאר א מצוה פאר יודען איז שחיטה!

שמחה. פאר וואס ביז אצינד איז רעכט געווען און פלוצלים איז נולד געווארען נאך א שוחט? א גאנץ איבעריגע זאך, הלעבין. עס וועט שלעכט זיין אי פאר דעם עולם אי טאקי פאר מיר. איהר ווייסט אייך אייערס און איך מיינס.

ר׳ יוחנצע. אוי, לא עליכם.... בקיצור ס׳איז רעכט. היינט חוץ לזה, מוזט איהר וויסען, וויל ר׳ שמעלקי אויף ווייטער נאך א גראשען איהם פון דער אקע פלייש.

שמחה. נאט איז מיט אייך, ר׳ יוחנצע, וואס רעדט איהר?! א פופצעהן יאהר אז ר׳ שמעלקי נעהמט א דרייער פון דער אקע פאר דיא הילצערנע קלייטליך זיינע אויף פלייש צו פארקויפען. א שפאס וויפיל ער האט שוין איבערגענומען און פלוצלים נאך א הוספה!

ר׳ יוחנצע. און אונזער ר׳ טודריס׳ל וויל אנשטאט א האלבער טאקי א גאנצע קאפיקע פון דער אקע.

שמחה. פאר וואס, פאר דיא פינף הונדערט קערבליך וועלכע ער האט אויסגעלינען, אזוי הייסט עס, צורעכט מאכען דיא באד מיט דער מקוה! דיא באד איז עד־היום טאקי א חרבה און דיא מקוה שטינקט מחילה וויא פריהער איין עיפ״ש.... אזוי פיל יאהר נעהמט ער, נעהמט און פלוצלים נאך א הוספה! עס גרוילט דאך דאס לייב הערענדיג. מיר קומט דאך אויס טאקי צוצולייגען דעם קאפ און צרווארפען דיא טאקסע. ר׳ יוחנצע, איך בעט אייך, מאכט עס זאל בלייבען וויא פריהער. לאז מען נישט שרייען.

ר׳ יוחנצע. און אנב טאסי האב איך אליין צו אייך א שטיקעל בקשה. איהר זאלט מיר ניט אפזאגען.

שמחה. אך, אלסדינג פון אייערטוועגען אלץ וואס נאר מעגליך.

ר׳ יוחנצע. ! א שווערער, ביטערער נכות! — מיין חאסקילי, אוי, בע־דארף נעהן צום היינטיגען פריזיוו. אז אך און וועה צו וואס מיר האבען

זיך דערלעבט, אז א חאַסקילי, א ױידען קינד, פון אזא הײלינער משפחה, דערצו נאָך א מטופל נעביך מיט װײב און קינדער מוז בעוונותינו הרבים זיך שטעלען! טאַקי גאַר משיח צײט. מילא האָב איך געװאָלט אײך בעטען — אוי, לא עליכם.... מײנע שטעכעניש אויף דיא שונאי ישראל — בעטען איבערצורײדען מיט דעם דאָקטאָר און נאָך אײלכע. פאַרשטעהט איהר?

שמחה. אָ, שװערליך און דערצו אויך טאַקי עפּיס פּריקרע......... איז חאַסקילי אײערער נעזונט?

ר' יוחנצע. מכח געזונט איז, צװישען אונז גערעדט, בעװאָהרענט. דיא לעצטע צײט איז ער נישקשהדיג פונם פנים אראָב, נישט צודערקענען איהם.. אָט מכח דעם בעדאַרף איך װײטער אײער טובה. זלמן, אײער מחותן, מאַכט א מורא, באַם ביים פּריזיװ װעט נישט צונעהן כשר. װעט ער אויסנעבען.... פאַרשטעהט איהר מיך.... זײן בן יחיד, דער חתן אײערער, שטעהט אויף אויפּ'ן פּריזיװ. איהר פאַרשטעהט?

שמחה. װילט איהר, חײסט עס, איך זאָל רײדען מיט זלמנען. אָט דאָ האָט איהר מיר פאַרגעבען א שװערען לײענען! איהר װײסט דאָך װיא שטאַרק מחולק מיר ביידע זײנען. איך געה מיר אויף מײן דרך און ער אויף זײן װײטען דרך.

ר' יוחנצע. און דער חתן אײערער, מישטעהנעס נעזאָנט, איז פאַרקראַכען העט, העט אויף נאָך א װײטערן דרך. אי, אי, ר' שמחהלי! װיא קומט צו אײך אזא שעטנז? (ער סמאַרעט מיט דער נאָז) אלכסנדר! עפּיס, רחמנא-ליצלן, גאָר דײטשערס. װעמען מען האָט דאָ צופאַרהיטען!.... אוי, ר' שמחהלי, זײנט איהר דערפאַר װערטה....

שמחה. פּײנינט מיך נישט, ר' יוחנצע! לאָמיר דערפון, איך בעט אײך, נישט רײדען.

ר' יוחנצע. (אויפהײבענדיג זיך) װאָס זשע, הא, ענטפערט איהר מיר מכח יענעם?

שמחה. װאָס, מכח אײער בקשה?

ר' יוחנצע. אי.... איך מײן מכח דיא פריהערדינע ענינים.

שמחה. װיא נאָט איז אײך ליב, ר' יוחנצע, רײבט עס אָפּ! מאַכט עס זאָל בלײבען װיא פריהער. מכח אײער בקשה װעל איך מסתמא שױן זעהן....

ר׳ יוחנצע. טא. איך וועל מיך פריוועו.... (ער לאזט זיך נעהן צו דער טהיר און קעהרט זיך פלוצלים אום) גוט חלעבין, איך האב מיך דערמאהנט. עט. איך געניייטיג מיך אצינר, געניייטיג איך מיך אין א גמילות חסד. אזוי, עטליכע קערבליך.

שמחה. וואס זשע האט איהר לכתחילה דאס נישט געזאגט! עפיס דאס ערשטע מאל אין מיר צוגעבען א גמילות חסד. (ער שטעקט ר׳ יוחנצען אין דער האנד אריין) זעהט זשע ר׳ יוחנצע, איך פארלאז מיך שוין אויף אייך.

ר׳ יוחנצע. נוא—נוא. האט זשע אין זינען מכח.... (ער קושט דיא מזוזה און נעהט ארויס)

שמחה. (שטארק אויפגעבראכט) נישט אויסצוהאלטען, תמיד איז נאר גיב, גיב, גיב! יענעמס מקורבים, ארטע קרובים גיב שטעלען אין דער טאקכע, דעם גיב בעשטימטע קצבה, אדער קלאפערשט גמילות חסדים. היינט לא יחרץ געלד עזות פנימער, אנחאפער, זאגטערס, קאכלעפעל, שמאדטפעטערס, פאקטוירים, דרעהקעפליך, הענטשקע לשון־ריידער, פאטשער־קעסמאבער, עצות געבער, וועלכע מען בעדארפט פארשטופען דיא מיילער און מען מוז נאך שוויינען. נעה דערצעהל דעם עולם מעשיות און רייץ אקעגען דיר אויף א וועלט מיט פיינע, לייטישע מענשען.... גנבים, בלוט־צאפערס ווערד פארחאפט אין איינעם מיט דער טאקסע!.... (שפרינצע און רייזילי קומען אריין).

---

## זעקסטע סצענע.

**שמחה, שפרינצע, רייזילי דערנאך אלכסנדר.**

שפרינצע. איך זוך דיך שוי, שמחה, צייט איינהאנדלען דעם קינד חתונה סליידער. גיב געלד!

שמחה. נישט אויסצוהאלטען. איין קול: גיב, גיב, גיב!

שפרינצע. הערט נאר אביסיל וויא ער האט זיך צושריגען! גזלנים זיינען איהם איבערגעפאלען.

שמחה. זאָלסט דוא מאַקי וויסען שפּרינצע, גזלנים!.... לאָז מיך חלעבין צו רוה. איך בין אסור נישט משוגע, און וויים וואָס איך שריי.

שפּרינצע. גענוג שוין דיינע שטעכווערטליך. מען ווייסט, מען ווייסט אַז דיר געפעלט נישט.... ציה מיך נישט ביי דער צונג. נאָר וואָס וועט עס דיר אָבער העלפען.... מיר פאַר דיין קאָפּ, רייזילי, דוא וויינסט? שאַ, נישקשה! מענסט זיך חלעבין שעהמען, שמחה. אזוי רעדט אַ טאַטע!

שמחה. אַי, אַי שפּרינצע!

שפּרינצע. וואָס זאָל איך דאָ מיט איהם מענחן. קום, רייזלי, קום און לאָמיר לאָזען צורוה דעם טאַטען!

רייזילי (צופאַלענדיג צו שמחהן) טאַטעניו, דוא ביסט דאָך אַזאַ גוטער, ליבער טאַטעניו! קריינק מיך נישט, איך בעט דיך און זיי אויף מיר נישט אין כעס.

שמחה. נישט אויף דיר, רייזילי, חלילה! ס'איז דאָ אויף וועמען אנדערש אין כעס צו זיין.

שפּרינצע. דאָס, טאָכטער, איז איין אָנצוהטרעניש מיר. מ'יך מיינט ער.... חאַ, וואָס פאָרט האָב איך דיר, מיין מאַן, אַזוינס געטהון?

שמחה. דוא? נאָר נישט.... ביסט אַ גאַנץ עהרליכע יודענע, שרייעסט נאָר אַ מאָל איידער דוא ווייסט פאַר וואָס. אפשר האָב איך היינט געהאַט קריינקונג, ענמת נפש און בין דאריבער אביסיל אויפגעבראַכט.

שפּרינצע. בעט איך דיך הונדערט מאָל מחילה. הערצעהל זשע מיר, שמחהניו, וואָס איז אַזוינס? דערצעהל.

שמחה. איין אנדערש מאָל, שפּרינצעלי. אצ'נד מוז איך נייטיג אויף אַ וויילע אוועקגעהן. — נאַ דיר דאָס שליסעלע און נעהם פונם קעסטעלי דאָרט צליין ארויס וויפיעל דוא בעדאַרפסט. (ער געהט)

שפּרינצע. נעביך. ער האָט נאָך היינט אין מויל נישט געהאַט.

רייזילי. (זעצט זיך און נעהמט אויסצייכנען נאָ'מיכליך) און דוא טאַמעניו, האָסט איהם נאָך אביסיל.... ער איז דאָך צו דיר אַזוי גוט.

שפּרינצע. מיין ראָליע ביי א'הם אויף אלע מיינע ליבע געזאָגט נע־וואָרען. איך האָב דיא דעה. פון דעסטוועגען מוז מען אמאָל — חאָטש נאָר לפנים — זיך מחון אַ בייזער. שטענדיג גוט טוהר מען אפילו מ'ט דעם בעס

מען מאן נישט זיין.... דיא מענער זיינען פייער און מיט פייער בעדארף מען וויסען וויא אומצוגעהן.

רייזילי (האלט איין אויסגעצייכענט טיבעל שפרינצען פאר דיא אויגען) קוק אָן מאמעניו .P. K, מזל טוב מיר מיט דעם נאמען! אונטער דעם לעצטען אות וועל איך באלד אריינטרעטען אין א נייא לעבען, מיט א נייער פאמיליע און א נייא מזל. איך בין איבערגליקליך.

שפרינצע. גליקליך, טאָכטער, זאָלסט דוא טאקי אייביג זיין. דאָס מזל זאָל דיר לייכטען און שיינען וויא דער ליכטיגער מאָרגענשטערען.

רייזילי. איך בין איבערגליקליך. און דאָך פיהל איך אין הארצען מיך עפּיס.... וויא זאָל איך דיר זאָגען.... עפּיס אביסיל וויא בעליידיגט. לעב אזוי פיל יאָהר מיט דיין נאָהמען און פלוצלים פארענדער א'הם. עס קומט אוים עפּים זיינען מ'ר חפצים, מיר בייטען תמיד און טראָגען דעם נאָהמען פונם בעל הבית, וועלכען מיר געהרען. פריקרע! .... וואָס זאָגסט דוא, מאמע? דיא מענער זיינען פייער. (אלכסנדר קומט אריין)

שפרינצע. שווייג שוין שוויינ, וויים איך וואָס איהר פאלט איין!

רייזילי. (מיט א געלעכטער) דוא הערסט, אלכסנדר, וואָס דיא מאמע זאָגט, מען בעדארף וויסען וויא מיט פ'יער אומצוגעהן.

אלכסנדר. פ'יער איז א גנב. אָבער אקענען וואָס? ....

רייזילי. הא הא הא, דאָס וויים איך שוין א קענען וואָס. שא! וואָרים אָט טהוא איך מיך א בייזוער,

שפרינצע. (טייטענדיג מיט דעם פינגער אויף דער נאָז) אַי, רייזילי, ביסט דוא א שפעטערין! (צו אלכסנדרין) וויים איך, וואָס זיא וויל דיר דאָרט אביסיל פארדרעהען דעם קאָפּ. (זיא נעהט ארוים).

---

## זיבעטע סצענע.

### רייזילי, אלכסנדר דערנאך דוואסיע.

אלכסנדר. נייעס, רייזילי! זעהר וויכטיגע נייעס.

רייזילי. עפּיס גוטס, הא? שא, נישט קיין וואָרט! דיין פּנים זאָל מיר פריהער זאָגען. נעהענטער צו מיר מיט דעם פּנים!

אלכסנדר. (שטעלענדיג זיך נעהענטער) ע־ע, רייזילי, דוא הייבסט אָן בעצייטען מיך צומושטירען; עס פּאסט חלעבין נישט פאר א רביצין.

רייזילי, וואָס איז דאָס פאר א נייער טיטעל?

אלכסנדר. גאנץ פּשוט. אז דער מאַן איז א רב, איז דאָס ווייב א רביצין.

רייזילי. און אז דער מאַן הייסט שמעריל, הייסט דאָס ווייב שמעריל׳כע. עס פארשטעהט זיך, אלץ דער מאַן. נוא, זאָג שוין, וואָס איז אזוינס דיא מעשה?

אלכסנדר. מען וויל, בשעת דיא וויבאָרעס, מיך וועהלען דאָ פאר רב. און ווייסט דוא וועמענס אויפטהוא דאָס איז? ר׳ יוחנצ׳ס! ער האָט ג׳ס חיינט געלאָזט זאָגען דעם טאַטען מיינעם. וואָס זאָגסט דוא ד׳רצו, רייזילי?

רייזילי. און דוא, וואָס זאָגסט דערצו?

אלכסנדר. ס׳איז דאָ צוואָגיען אזוי און אזוי. וויל מען, איז א רב עפּיס נישט אזא חשיבות. זאָג נאָר, איך בעט דיך, דוא קענסט פּנחס האָרט, בעריל מאראָם, פייביל פאָנפע, חייקיל קאָכלעפ׳ל און איציק פאָלגע מיט דער גאנצער כנופיא?

רייזילי. אָ, זעהר גוט. זיי זיינען שכּורים, ארץ פּיאסקע עזות פּנימער, שקצים, אָנחאפּערס, וואָס אין דער קאָרט. נאָר צו וואָס מישט דוא זיי פּלוצלים דאָ אויף?

אלכסנדר. אָט ווער עס וועהלט געוועהנליך ביי אונז, יודען, און אונטער וועטען א רב איז אונטערוואָרפען!

**רייזילי. נוא, אלכסנדר, אויב אזוי, רעדט זשע נאָר נישט דערפון. ס'איז דאָך נאָר א חרפה.**

אלכסנדר. וויל מען אָבער צוריק שמיעסין, קען א רב, אויב ער פער־לאנגט נאָר, זעהר פיל ווירקען. ביי אונז יודען זענין דאָ נחמאות זאכען, וואָס מען בעדאַרף און וואָלט געקענט פארבעסערען. איך בעריהם מיך נישט, רייזילי, אז איך בין א געלערענטער מיט אלע מעלות, נאָר איך האָב א יודיש הארץ. איך בין יונג, מיט פרישע קרעפטען און וויל מיט דעם גאנצען לעבען ארבייטען און ברייננען עפּיס נוטצען.

רייזילי. אצינד פארדינסט דוא א הייסען קוש. (זיא קושט אלכסנדרין) דוא וועסט אין מיר האָבען א רביצין, וואָס וועט נישקשה פארדינען צוטראָגען דעם נאָמען....

אלכסנדר. היינט ווייטער, רייזילי, לאָמיר רעדען צווישען אונז וויא בּראָסטע בשר ודם, גאנץ פּראקטיש. ליב, האָבען מיר זיך ביידע טאקי זעהר שטארק. אָבער דיא בערעכענונג בעדארפען מיר דאָך האָבען אזוי: וויא לעבט מען נאָך דער חתונה? קעסט עסען, וויא א יודיש פּאָר פאָלק, דאָס איז נישט גוט, נישט רעכט, נישט שיין, א דערנידרינונג פאר זיך און איין אומגליק פאר דיא קינדער אויף שפּעטער. לעבען זשע פונם נדן, וואָס דיין טאטע גיט, עפּעס אויך נישט אזוי גוט.... (ער ליינט ארויף דיא הענד אויף רייזילים אקסלען) וואָס קוקסט דוא, רייזילי, מיך עפּעס אזוי שארף אָן? דיינע אויגען בליטצען וויא פלאם פייער.

רייזילי. איך שעהם מיך, נאָר עס העלפט נישט.... מען מוז מודה זיין, מיר ווייבער, זענין שוואכער, ווייכער און נישט אזוי בערעכענט. בעהערשט אונז איינמאָל דאָס הארץ, הערשט עס שוין אָהן א שיעור און מיר לאָזען זיך פיהרען העט, העט.... איך קען דער פּראקטיקע, דעם ריינעם אמת קאלט אין דיא אויגען אריין נישט קוקען אזוי וויא דוא.

אלכסנדר. אין דיינע רייד איז דאָ א שארף שטעכווערטיל, וואָס שטעכט מיך וויא מיט שפּילקעס. איך פארשטעה נישקשה וואָס דוא מיינסט. פאר־שטעה זשע אויך וואָס איך האָב מיט מיינע פריהערדיגע רייד געמיינט. איך האָב עס געזאָגט אקעגען דעם, צובעווייזען דיר נאָר, אז דיא ראבינער שטעלע, וועלכע ר' יוחנצע האָט פארגעלייגט, איז אצינד פאר אונז וויא געווינשען....

אי, רייזילי, רייזילי נאָך ווייסט דוא נישט וואָס פאר א שטארקע שליטה

דוא האָסט איבער מיר! (ער נעהמט רייזילן ארום און ביידע שטעהען ארומ־נענומען א היבשע צייט שטיל. — דוואָסיע קוקט פּלוצלים און מיט א טישטוך און טעלער אין דיא הענד)

דוואָסיע. דיא בעל הביתטע האָט מיר געהייסען גרייטען צום טיש.

רייזילי. (ארויסחאַפּענדיג פון אלכסנדרס הענד) שוין מיטאָג, אזוי פריה!

דוואָסיע. א זאָג אביסיל, פריה! אייך פליהט דיא צייט און מיר דאַכט זיך א שרעק וויא זיא קריכט. ר' אליקום חיריק איז שוין געגאַנגען מנחה דאווגען, טעמצעס קיה איז שוין נעקומען פונם פעלד, דיא היהנער פאַדען זיך שוין זעטצען אויף דער ס'דעלע, ליפּשע שרייעט שוין: הייסע באָבקעס יודעליך! אויפן פּריפּעטשיק איז שוין קיין פונק פייער נישטאָ און ביי לייטען טראַכט מען שוין ארום דער וועטשערע.

רייזילי. שאַ, דוואָסיע, עפּעס האָט אין דיר זיך נעעפענט א קוואַל רייד, דוא שיטעסט וויא פון א זאַק. שאַ, לאָז זיין מיטאָג און לאָז מיך געמאך! (זיא געהט מיט אלכסנדרין ארויס)

## אכטע סצענע.

### דוואָסיע און מענדיל.

דוואָסיע. (אויסגעצוואָגען, פאַרקעהמט יום טובדיג, און א קליידעל מיט אלע מיני מאָדעס אין איינעם) און אז ס'איז אביסעל פריה, מה רעש! .... ווען אביסעל נישט דערקאָכט, עפּיס אויך נישט א'יא אומגליק. איהר האָט ציין, וועט אייגבייסען נישקשה.... זיי מעגען אלסדינג. שטעהען זיך ביידע ארומגענומען, קאָשקען זיך, ליובען זיך, טשמאַק, טשמאַק! און דוא דוואָסיע היניע, טרעסנע, געה, שונא ציון, אויס. בין אויך א מענש, אזוי שמיילינ וויא איהר!.... וויא דערלעב איך שוין פּטערען דעם שיינעם מיטאָג, פאַרשטאָפּען די דיא מיילער און בעצייטענס ארויסחאַפּען זיך אהינצו... צו עלקין. אוי—

זיסער גאָט לאָמיך שוין אויך עפּעס אויפגעריכט ווערען! (זיא קוקט זיך אָן אין שפּיגעל, טאַפּט זיך ביי דיא האָר מיט א שמייכעלע) נישקשה, דוואָסיע איז נאָך קיין מעשה נישט און וועט אנדערע אין דיא פּאַטרעכעס פארשטע־קען.... איך וועל איהם געפעלען נישקשה, היינט ביי דער נאכט.... מזל טוב! וועלען מאָרגען פריה, לעבין דער יאטקע, מיר עס זאָגען מיינע חברתעס, דוא ביסט למזל א כלה געוואָרען, און אליין בשעת מעשה האָבען דיא נאל.— א שיינעם דאנק וועל איך ענטפערען, מיט מזל זאָלט איהר לעבען! און דער־ביי טראַכטען: פּגרט, ווערד צוזעטצט פאר קנאה. לאָז זיך יענער פּוקען, עפּעס גאָר מחיה חלעבין. עס הייבען מיר זיך אוש דיא פּיסליך פאר פרייד. (זיא זינגט אונטער, אָנגעהמענדיג זיך ביים קליידעל און טאנצט אקעגען שפּיגעל, ווארפענדיג מיטן קאָפּ אין אלע זייטען)

אבינו מלך,
ס'הארץ איז מיר פרעהליך,
פרעהליך וועלען מיר זיין,
טרינקען וועלען מיר וויין,
וויין וועלען מיר טרינקען,
קרעפּליך וועלען מיר עסען,
(הא, וואָס נעהט דאָרט נאָך, נאָכן עסען? יאָ, אזוי:)
און נאָך עפּעס נישט פארגעסען.

מענדיל. (קומט אריין, בלייבט שטעהן לעבען דער טהיר און פליעסקעט צו מיט א האוואיעלע) אזא מזל! אזא יאָהר! טאנץ דוואָסיעניו! .... אם ירצה השם אויף חתונות, אויף בריתין, מיט מיר אין איינעם ביז הונדערט און צוואנציג יאָהר!

דוואָסיע. בעקום דיא נכפּה, ימח שמוניק איינער! אָט איז ער שוין דאָ, דאָס אָנשיקעניש. בראָש צאטעוועט ער מיך, נעהט מיר נאָך אויף שריט און טריט וויא א קיה א קעלביל.

מענדיל. גראפינע, פּרינצעסין, רביצין, בת מלכה! א צאָפּ נאָר א פּורים קוליטש. א פּאָר באקען נאר א פארברוינטער עפּיל קוגעל. געשמאק מחיה, עס גלוסט זיך א ביס טוהן (ער טהוט זיך א לאָז) אָט וועל איך, דוואָסיעניו, דיך.... אוש נוא! ....

P

דוואָסיע. (שוין ווייכער) נוא, נענוג, דוא אָנשטעלער, חן־מאַכער! תאָרף בעסער, איך האָב צו דיר אַ בקשה.

מענדיל. פון דיינעט וועגען, דוואָסעניג, אין פייער, אין וואסער!

דוואָסיע. אַ ברודער מיינער איז געקומען צופאָהרען, איך בעדאַרף היינט ביי דער נאַכט צו איהם געהן. פאַרשטעהסט דוא? און אפשר אויף לאַנג. בעט איך דיך, מענדילי, צובלייבען אין שטוב און אָפטוהן פאַר מיר אַלע מלאכות.

מענדיל. (טהוט זיך אַ חאַפּ און קראַצט דעם קאָפּ) אי־אי־אי! אָט האָסטו דיר שיינס, גראָד איז מיינע אַ שוועסטער אויך געקומען. דוא היינט בייא דער נאַכט צום ברודער און איך צו דער שוועסטער! פאַר שטעהסט דוא?

דוואָסיע. דיין שוועסטער וועט דער גוטער יאָהר נישט צונעהמען מאָרגען אויך. אַ ברודער איז עפּיס אַנדערש. אָט איז ער דאָ, אַ מאַנספּאַרשוין, און מאָרגען.... וויים איך?

מענדיל. קלוג וויא דער טאָג!.... אַזוי דוואָסעניג, בעט מיך, בעט.

דוואָסיע. מענדילי, סערדצע, ליובעניו, טאַטעניו, נשמהניו!

מענדיל. ליובע, ליובע מיך, דוואָסיעניו. אָט אַזוי פון היינט ביי דער נאַכט ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר! נעה, דוואָסיעניו, צום ברידער. זייא רוהיג, איך וועל שוין טהון, פון מיר וועט קיין מניעה נישט זיין.

דוואָסיע. עס וועט דיר, מענדילי, זיין אָפּגעגעבען ברויט.... אָט העלף מיר טאַקי גרייטען צום טיש. לאָמיר זייא שוין פאַרשטאָפּען דיא מיילער און וויסען דערנאָך פון אַ לעבען צוזאָגען. זיא זינגט אונטער „אבינו מלך“ און געהט טאַנצענדיג אַרויס פון דער שטוב)

מענדיל. חאַ חאַ חאַ. „און וויסען דערנאָך, מאַכט זיא, פון אַ לעבען צוזאָגען“. אָמן, דוו סיעניו, אָמן! היינט דער נאַכט, מירביידע דאָרט ביי עלקין....



# צווייטער אקט

א נאס. רעכטס דיא וואָאינסקי פּריסוטססטווא. רעדליך מענשען. ווייבער חליפען וויינען, מאַנספּילין שמיעסין צווישין זיך, א טהייל פּ׳ררייסען דיא קעפּ ארויף, שטעהן און קוקען. כמעט אלע מיט שטעקליך און איטליכער האלט דאָס שטעקיל אויף איין אנדער מאניר: ביי איינעם חיינגט עס אויפן אָרם, ביים אנדערען אויפן אקסעל; דער דרעהט עס פון פאָרענ׳ט אין דער לופט, יענער האלט עס מיטביידע הענד פון הינטען און שפּארט זיך דארויף אָן. לינקס שטעהט א קלייטעל מיט איין א׳בערנעצווינען דעכ׳ל איבער דעם גאניקעל. נישט וויט דערביי זיטצט א חלפן לעבען א טישעל.

## פינפטע סצענע.

א יודענע. (אויף א וויינענדיג קול וויא בייא תחינות לייענען) אוי, א לאָך אין הארצען! ...... מיין בערילע, אוי! ...... מיין בערילע אוי־אוי־אוי!

שמואליק (איין אלטער אויסגעד׳נטער ניקאָלאיעווסקער סאָלדאט נאָר הוט און ביין. אביסעל פארבוסעט. קרימט זיך דער יודענע נאָך מיט א לעבעלע פון א שכור) מיין בער׳לע. בערילע! .... טפוא, וויסניטרע, ווים־וויסנאָפרע לחי עולמים! אויך מ׳ר א פריאָם, א ח׳ינטינמאָדישער פריאָם! בערילע, שמערילע שפּאצירען זיך אהינצו מיט דיא פיסעליך אכ׳ן!.... אוי, וואָלט איהר נעוואוסט אין יענע יאָהרען „אליין!״ ריקען זיך מיט דיא רגלים אליין .... מ׳ר, וויסניטרע וויסנאפרע, זיינען געגאנגען, הע־הע! מיט א גאנ־צער חאָפּטע אונטערפ׳הרער, נעפּענטעט מיט בראסליעטען. א קאפעליע פון קייטען האָט צונעצימבעלט זום זים זום, עס האָט נעקלונגען דיא וועלט. נעהאט א פנים מראה כהן. און פאר דער חתונה איז געווען א לאנגער, א ברייטער פאָרשפּיל מיט כבוד. חדשים לאנג איז מען אוועקגעזעסען וויא דיא געגז אין

שטיינ פארשפּארט. אַט וואָס האָט נעהייסען א פּריאָם בנעלע בנרינע בשמחת רבה ואמרו כלם!

חינקע. (וויינענדינג אויף א קוויטשינ קוֹלכין מיט א נינוּ) וועת איז מיר, וויגד איז מיר, תאַסקיל מיינער, א טאַטע נעביך פון קלֵיינע קינדער!

שמואליק (סוּקט זיא שא־ף אָן שאָקלענדינג מיט דעם קאָפּ) פּישש, האָט זיך צו יאַחמערט! א טאַטע נעביך פון קליינע קינדער! .... און קליינע קינדער נעביך פון א טאַטען, וויסניטרע וויסנאָפּרע, אַט וואָס און מיינע צייטען! בעהעלפּערס אזוינע מיט מעשענע קנעפּליך האָבען זיי אויף דיא פּלייצעס נעטראָגען. עוֹזר דלים הוֹשיעה נאָ! מארש צאַן קדשים, מארש אהין, אזש וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט דאָרט ערגיץ און נעפּאַסעט חוירים, נעפּעכנעט פּאַר הוננער, נעחאַפּט א שמיטציל. קליינימשקע גרעסערע אביסיל יעכוֹר עם כל הנערים!

הערשעלי (א יונגער סאָלדאַטיל. מיט גוטען צו שמואליקין) אַלטע מעשיות, זיידע! נענוג, מען האָט שוין געהערט זיידע, אַלטע מעשיות! —

שמואליק (נעהמט זיך אין דיא זייטען אויסציהענדינג זיך גלייך וויא א פּטרינקע און טהוט א פּייף)

אַלטע מצבוֹת פון פּאַרצייטען!

סמירנאָ! ווייסט איהר וואָס זייא בעטייטען?

זאָגט יזכור און סמירנא! .... טפּוּא, א סאָלדאַטיקעל, א היינטינ־מאָדיש סאָלדאַטיקעל! א צוציסעל מיט קליינע ווענטשעליך, נעבעטען ערשט אַנגעהויבען צודינען און איבערמאַרגען שוין פּאַרטיג, זיך אויסנעדינט. אָב הרחמים! דוואָדצאַט פּיאַט ליעט סלוּושיל באָנו אי צאַריו און גענעסען בערעזעווע קאַשע. פּיט, פּיט, פּיט! .... סמירנאָ, מיינע וואָנטשעס זיינען גרעסער פון דיר אין גאַנצען. האָסט נישט אזויפיל האָר אין קאָפּ וויפיל עס לינט אין זיי חכברינע לעבט מיט סאַזשע. (אָננעהמענדינג זיך מיטביידע הענט ביי דיא וואָנטשעס) אויף א סטאָטרע, אַז אוּך! איז נעוועזן א מורא אָנקוקען אונזערע וואָנטשוּעס, אָנגע־שמירט און פּאַררעהט אָגיל ואָשמח מיט לאַנגע און דינע שפּיטצען. — מאָלאָדעץ שמואל! האָט דער קאָמאַנדיר א זאָג נעטהון און בשעת מעשה מיר דערלאַנגט, גלאַט אזוי פון פרעהליכקייט וועגען, טראַך, טראַך אונטער דער מאָרדע. — ראַד סטאַראַטסיא וואַשע בראָדיע! האָב איך געשנטפּערט און אראָפּגעשלוּנגען א צאָהן בשמחה רבה ואָמרוּ כלם!

הערשעלי. א היים זיידע, זיך אביסיל צולייגען! ווען נישט, נעה איך און שיק ניסיען, מיין ניסיען. ניסיע נעביך מוז שוין אוודאי איבערטראכטען ואָס דוא ביסט אזוי לאנג נישטא. קום, זאָג איך דיר, קום.

שמואליק. זאָגט יזכור, אוב פאַחאַד דעם אלטען זיידען! .... (ער צמאָ-קעט מיט דיא ליפען) צו צוציקעל, ער מוּשטירט! — א היינטיגער מוּשטיר, משטעהנעס געזאָגט, א שפּרינגען, א דראַפען זיך אויף דיא גלייכע ווענט, האַלטען ב׳קסליך און שיסען, שיסען.... הייא סליש! קענסט דוא אין פאר התמעטע ארום און ארום תחתונים מיט א היטעל וויא א בלינע אויפן שפּיטץ קאָפּ זיך אויסשטרעקען וויא א דרעגניל א לאנגע צייט אויף איין אָרט? און אויף איין פוס קענסט דוא אוועקשטעהן א שעה, אָט אזוי, אזוי (ער הייבט אויף א פוס און ציהעט זיך אויס גלייך) רא־א־א־אז (ניט זיך א פאטש הינטען און מאכט אראָפּלאָזענדיג דעם פוס) פים! .... (ער פאַלט שיער אנידער, הערשעלי חאַפּט איהם אונטערן אָרם און פיהרט איהם אוועק).

חינקע (וויזט זיך אויף דער גאס שוין אויף איין אנדער אָרט, חליפּעט און ווישט מיטן פארטוך דיא אויגען) וואָס וועל איך נעביך טהון א לעבעדיגע אלמנה? רבוני של עולם! וויא קענסט דוא עס צוזעהן אזא וועטהיג, אזא בּוּשה? האָט מען עס א מאָל געהערט, געזעהען, אז אזא חאַכּקילי פון אזא משפּחה זאָל זיך נעהן שטעלען פאר א סאָלדאַט! .... אליין איז ער נעביך צובראָכען, דאר וויא א חאָרט און זעהט אוים וויא א טויטער.

א יוד (לעבין א רעדיל מענשין) חאַסקיל האָט אָקעגען א האַלב יאָהר פריהער פאַרן פּריזיוו אָנגעהויבען צופאַסטען הפסקות און איז נעביך אראָפּ פונם לייב.. דאָך האָט ער זיינס נישט געשיינסט און חינקע האָט היינטיגס יאָהר אם ירצה השם ווייטער א קינד.

חינקע. אזא וועטהיג, אזא בושה.

ר' יוחנצע (צוקוטענדיג צו חינקין) שאַ. מ׳פּשאָ איינע, שאַ! וואָס זאָל מען טהון, אז מען איז בעוונותינו הרבים אין גלות.

חינקע. אָבער גענוואלד רבוני של עולם, וויא קענסט דוא אזוינס צוזעהן, אזעלכס צולאָזען? ס׳איז שוין מאָקי נאָר איין עק פון דער וועלט .... שווער, וואו זיינען דיא נגידים, אייערע נגידים? עפּיס ויינט איהר דאָך מיט זייא אין איינעם א טהוער, א גאנצער מאכער אין שטאָדט זאָבען. וויא זאָלען וועלען וואָלט גאָר אנדערש געוועז. טייגע צרות אויף זייא!

ר׳ יוחנצע. שאַ, זאָג איך דיר טיפּשא, נישקשה! אַזוי גראָב מיאוס איז נאָך דיא וועלט נישט פאַרדאָרבען געוואָרען. ר׳ יוחנצע דעם רב׳ס זוהן וועט מען נאָך אַזוי גיך אין נעוואַנד נישט אריינשטעקען. יודען נישקשה בלייבען יודען .... (אָנביינענדיג זיך צו חינקין) מיינע נגידים נישקשה ארבייטען אין דעם עסק. גלויב מיר, סאיז רעכט נישקשה! .... (ער טהוט זיך פלוצלים אַ חאַפּ) שא, אַט איז, ראכט זיך, דאָרט חאַסקילי אליין!

---

## צווייטע סצענע.

**חאַסקיל** לויפט פון דער פריסוטסטוואַ ארויס מיט איי־פעט. **חינקע** און **ר׳ יוחנצע** לאָזען זיך צו איהם נעד־שווינד הענדום פענדום.

חאַסקיל (סאָפּעט, האַלטענדיג זיך ביים הארצען, און קען נישט חאַפּען דעם אָטהעם) הוּא אוי, אוי, אוי! ....

חינקע (אויף אַ קוויטש) אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען! .... דאָס איז רער גוטער אוי, דאס גוטע אויעלי!

ר׳ יוחנצע (צמאָקעט מיט דיא ליפּען און מאַכט מיט דיא הענט שטארק פארוואונדערט) נוא נוא־נוא! היתכן. הא?

חאַסקיל (בלינצילט מיט דיא איינעלין, סאָפּעט וויא אַ גאַנז און לאָזט קוים ארויס זיפצען) אוּף.... בוּף.... אוּף....

חינקע (ברעכט דיא הענט) אוּף. וועה איז מיר! בוּף, ווינד איז מיר! דאָס גוטע זיפצעלע......... (צו ר׳ יוחנצען) אָט האָט איהר אייך פאר אייער מיה, אלץ אין מצוה זאכען, אין שטאָדט זאכען.

איינער פונם עולם (אין דער זייט) מאָהלט אייך צו מצוה זאכען לייגט ר׳ יוחנצע קיינמאָל נישט צו. הערט בעסער וואָס איך וועל אייך זאָגען: איז חאַסקילי צונעמומען געוואָרען איז איין עק מיט דעם נאַבאָר. (צו איינעם לעבין איהם) מזל טוב, ר׳ זלמן, איהר מעגט זיך שוין פרייען, אייער בן יחיד איז פרייא.

חאסקיל. טא־טא־טא.... טאטע!

חינקע (אויף א קווימש צו ר' יוחנצ:) אוי טאטע פאטער, פארחאפט זאלען זייא אייך ווערען אייערע פיינע לייט, רבוני של עולם, אין דער ערד מיטן קאפ אלע אייערע נגידים'ליך, גלויבט זייא פון היינט אן וויא דעם הונט.

ר' יוחנצע. שא טיפשא; לאז מען הערען א וואָרט. חאסקילי וויל עפּיס זאגען.

חאסקיל. טאטע.... אבגעלאָזט!

ר' יוהנצע (פארגלאָצט דיא אויגען) געלויבט השם יתברך! — נוא, חינקע, וואס האב איך געזאָגט? דוא מיינסט טיפשא, ס'איז הפקר א וועלט? גלאט מען נעמט און נימ אָפּ!....

חינקע (פרעהליך) דא האָבען זיך טאקי נאר געמיהט זכות אבות, זכות אבות.

חאסקיל (א מאך מיטן גראָבען פינגער) דוא מיינסט, טאטע, מען האט מיך פשוטו־כמשמעו אָפּגעלאָזט? גלאט אזוי זיך גענומען און מיך אָפּגעלאָזט! ניין....

חינקע (פארווארפט מיטן קאָפּ און ברעכט דיא הענט) איך חאלעש, איך בין פארבי א!

ר' יוחנצע. א פירוש חאסקילי, א פירוש!

חאסקיל (מיט א גמרא ניגון) ניין!.... דוא מיינסט מען האט געזאָגט גלאט: נעה דיר, מיינסט דוא? ניין, דאָס איז דאך נישט קיין רבותא. וואָס־זשע וואלט מען מיך דאָ געלאָזט הערען? א פּאָר דאָרטען האָט מען טאקי געזאָגט: נעהט אייך. דאָס איז אָבער נאָר געווען על־מנת להחזיר. טאקי תוך־כדי דבור האָט מען זייא צוריק גערופען. איינעם האָט מ'אָן אָהן שיהות טאקי אָפּגעגעבען און דעם אנדערען געהייסען געהען מחילה אין ספּיטאָל, וויא הייסט עס בייא זייא דאָרט אויף זייער שי'נעם לשון, עפּיס אויף ספּיטאניע. מילא איז דאך „נעה דיר" דאָרט עפּיס נישט א'א חשיבות, אז דערנאָך ז'ל נישט זיין דערצו קיין פּתח־חרטה. אלא וואָס דען זשע? ניין, מען בעדארף הערען דעם שפּיטץ.

ר' יוחנצע (מיט חינקין אין איין קול) גיכער, ניכער, האסקילי, ציה נישט בייא דער נשמה:

חאַסקיל. דיא גאַנצע רבותא ליגט אין דעם שפּיטץ. ער האָט געזאָגט יענער אָדון, מיט דיא עפּאָלעטין דאָרט, האָט געזאָגט.... לאָמיך נישט זאָגען קיין ליגען. ניין, נישט געזאָגט, נישט געזאָגט.. א געשרייא האָט ער געטאָן הא ? ) ניין, ניין...... א שפּייא געטאן, ער האט פריהער א שפּייא געטאן.

ר' יוחנצע. למאַי נפקא מיניה א'וי צו אזוי ? עפּיס א גביות עדות! דא נעהם דאך נישט אין דעם געשרייא, אין דעם שפּייא. — אין תוך אריין, חאסקיל, אין תוך אריין.

חאַסקיל. ניין, לאָז זיך דינען, ס'איז א גרויסע נפקא מיניה, מען בע-דאַרף עס האָבען צום פּשעטיל. דריגען ליגט דער גאַנצער קוועטש, דאָס גאַנצע בעוואָהרעניש. יאָ, טאַקי אזוי, פריהער א שפּייא און דערנאָך א געשרייא. ער האָט אויף יונית א היק געטהון: פּאַשאָל וואָן זשיד פּאַרחאַטי! דער פּשט דערפון איז נישט גלאַט, נעה דיר! עס זאָל נאָך א סברא זיין דיך ווידער צו רופען, אלא וויא דען זשע, פּאַשאָל וואָן אויף לעולם ועד, נעה אויף דער דעה, אז אייבי'נ זאָל מען דיין פּרצוף פּנים מעהר נישט אָנ-קוקען! .... „זשיד פּאַרחאַטי!" הייסט אזוי פיל, אז אלע דאָרט זיינען מודה, איך טוינ לחלוטין נישט און האלטען נאָך פאר א טרפה'ן גליק, וואָס זייא זיינען מיינער פּטור געוואָרען. אָט וואָס הייסט אָפּלאָ:ען, מיט א קוועטש, מחיה נפשות! ביי זייא להבדיל מעגען אפשר אזעלכע דבורים נאָר זיין עפּיס נישט א'עלכע שיינע, נאָר פון וועמען, משטעהנעס געזאָגט, מען האָט זיך דאָ צובעליידינגען ? !.... אדרבה, גאַנץ גוט, מחיה, ס'איז דאָך אויסגע-קומען מיטן קנאַק.

ר' יוחנצע. אבי חאַסקילי דוא ביסט אויף דעם עולם, און א גוטער מזלדיגער שעה! א פּנים עס האָט נאָר געקענט זיין חלילה אנדערש ? ! עפּיס שפּילט מען זיך מיט צדדים, מיט מיינע זכות אבות!.... און דיא טיפּשא דיינע האָט שוין פּארלוירען דעם בטחון, געמיינט: עט שמעט הפקר א וועלט....

חינקע (אויפהייבענדינ ביידע הענט אין דער הויך) א שבח צו דעם, וואָס איך האָב דיא הענט נית גיזוואַשען! א געפונענער חאַסקילי, א געפונענער! נומל בעדאַרפסט דוא, חאַסקילי, בענשען, וואָס דוא ביסט אויסגעקומע, ארויס פון זייערע הענט....

חאסקיל. חינקע, דוא האסט געמוזט סלוקערצין, מען האט דיך דארט דערמאנט. ביים באדקעווען מיך און בעקוקען פון אויבען ביז אראפ האט איינער מיט א שמייכעלע מיך א פרעג געטהון, אויב איך האב א ווייב? — פע, עפים אזעלכע נארישקייטען! נאר מילא, נוא — איך האב, זאג איך, א ווייב, וויא דער אמת איז, און קינדערליך. דיא זאך א פנים איז איטלי־בען דארט געפעלען, ווארים אלע האבען קוקענדיג אויף מיר עפים געלאכט און אויסגעלאזט צום סוף כהאי לישנא: הא א, מאלאדעץ! נעה צום ווייב און גלייך דיר אביסיל אוים דיאביינער. — פע, עפים אזוי משונה גראב.... וייער באבעם עסק! — עם חאלעשט מר בעסער דאם הארץ. קום א חיים. עסען! אויף וואס דיא וועלט שטעהט עסען. שוין צייט, דאכט זיך, מיר צו עסען.... אי, וויל איך עסען! (ער וויל געהן און קען נישט פלאנטען מיט דיא פים)

חינקע (מיט א זיפץ) א ריהרען זיך אביסיל! א קאטאוועס אזא צייט זיך ביינינגען.... בלייב, חאסקיל, דא מיט דעם טאטען און איך וועל א שפרינג טהון ברייגנען א וועגעלע. (זיא פארשווינדט גיך).

~~~~~~~

## דריטע סצענע.

ר׳ יוחנצע און חאסקיל שטעהן לעבין עולם אין דער דים. אלכסנדר נעהט פון דער פריסוטססטווא ארוים פארטראכט. זלמן און זעלדע לויפן איהם אקעגען. שמואליק.

זעלדע (אין איין אטהעם) אבי דוא ביסט שוין דא, אלכסנדר, אין א גוטער מזלדיגער שעה. איך זאל דיך שוין זוכה זיין פיהרען אונטער דער חופה. הא? דוא שווייגסט.... וואס שווייגסט דוא אלכסנדר? דאס בעטייט עפים נישט קיין גוטס בעטייט עס. וועה איז מיר, זאג גיכער, זאג, ווארים....
~~~~~~~

זלמן. וואָס איז אלץ אין איין אָטהעם? האָב אביסיל צייט, זעלדע.

זעלדע. נייז, ער שווייגט, דאָס איז נישט קיין גוטער סימן. אלכסנדר, סערדצע, דוא ביסט בלייך.

אלכסנדר. מאמע, איך בעט דיך....

זעלדע. איך זעה שוין, זעה, פינצטער איז מיר! .... זלמן, מיר האָבען געפיהרט אונזער איינציגען זוהן צו דער עקדה! (זיא לאָזט ארויס א קלאָנג).

זלמן. איהם מקריב צו זיין אָנשטאָט א באראָן (ער טייט אקעגען מיט א פינגער) אָנשטאָט א האסקילין! א יאָ, מיין זוהן, דוא ביסט א קרבן?!

אלכסנדר. צו וואָס, טאטע, אזעלכע שרעקליכע ווערטער? שאַ, א רחמנות נעביך אויף דער מאמען!

זעלדע (ברעכט דיא הענט) א וועטהיג איז דער מאמען.... פינצטער איז דער כלה........ זיא וועט עס היינט בעקומען דיא וויסטע, פינצטערע בשורה.

אלכסנדר. (האפענדיג זיך ביים הארצען פארציטערט) אך, בערוהיג דיך אביסיל, מאמע, שפאר זיך אויף מיר אָן און שטעה א ווײלע ביז דוא וועסט צו זיך קומען. (ער נעהמט זיא אונטערן אָרם. צווישען דעם עולם הערט זיך א גערייש. שמואליק ווייזט זיך ווידער, שטארק פארבלוטעט, דאָס היטעל אויף דער זייט)

שמואליק. סמירנאָ, וויסניטרע, וויסנאָפרע לחי עולמים, נאָך שחרית נעהם מוסף און צווישען, א כוס, א קידוש מיט טרעהרען לכבוד דעם היינטיגעז יום הדין.

זעלדע (מיט א געוויין אָנשפארענדיג זיך אויף אלכסנדר'ן אָרם, וויא גליקליך מיר זיינען ערשט נישט לאנג אלע געווען....

שמואליק (פייפט און זינגט מיט איין אומטיג ניגונדיל)

אויף א ביימל, אין א נעסט,
זיטצען טויבען צופרידען,
זיטצען, פיקען, עסען קעסט,
פיהרען דאָרטען אויס פלידען.

טראַלאַלאַ, טרילילי,

ראַז, דוואַ, טרי!

זלמן (אָנוויזענדיג דעם עולם אויף ר' יוחנצין און חאַסקילין) אַט דיינען דיא זיילען פון דעם יודישען גלות! .... אַט פון וואַנען עס נעהמען זיך אונזערע אַלע צרות, מכות, לייד און פורעניות! איין עולם יודען האָרעוועט, דאַרבט, ווערד פאַרשוואַרצט און בעדאַרף אויסהאַלטען פוילע מיוחסים, בטלנים, צוויאַקעס, וואַנצען, כנים, וואָס קריכען, בייסען, שטינקען און פרעסען. קאַרג וואָס אַזעלכע ניט מען אוועק דעם לעצטען ביסען ברייטנגט מען נאָך זיי קרבנות — קינדער, בני יחידים!

שמואליק. פיטום הקטורת, שטאָפט קעלבער יודישע קינדער! פיטום הקטורת נפשות צו דער עבודה זרה, נפשות צו דיא ר' נעצעליך! ביא איטליכען נעצעלע איז בנים אַ זעטצעלע און איטליכער שמיילינער ר' נעטץ האָט נעשלאָגען כפרות מיט אַ קליין יתום'ל, מיט איין אָרם, בידנע קינד. ונסכיהם כמדבר, דרייא איימער טרעהרען פון איין אָרמער מאַמע, אַ וויסמער אלמנה! ....

זלמן (אַלץ אָנווייזענדיג אויף דיא פריהערדינע) קעטץ מיט סאַמעטענע לאַפּקעליך און שאַרפע שפּיטציכדינע נענעל! און אַזעלכע ריידען פון גאָט, פון יודישקייט, פון פרומקייט, עהרליכקייט און רחמנות ...

איינער פונם עולם. מען וויל רחמנות פון אַנדערע אַז ביי אונז אַליין איז איינער אויף'ן אַנדערען נישטאָ קיין רחמנות. מטופּלם מיט קינדער טהון אַלע מיטעל זיך אויסצודרעהען, נישט קוקענדיג דאַרויף אַז דערמיט קיילען זייא אַנדערע.

אַ יודענע. נעקיילעט זאָלען זיי ווערען אָהן אַ מעסער וויא זיי האָבען מיך פאַר אַ יאָהרען נעקיילעט! מיט פיל מיה און גרויסע צרות האָב איך אויסגעהאָדעוועט מיין קינד, מיין איין איינציג קינד, מיין טרייסט און מיין לעבען. פלוצלים ניט מען איהם אַ ריס מיר אויס דעם האַרצען .... איך יאָמער און קלאָג ביז איצינד. אוי, יודישע קינדער! אזא וועהטיג, וואָס אַ בהמה אפילו קען עס נישט אויסהאַלטען, רעוועט שרייעט נאָך איהר קינד, אַז אַ שטיין קען צונאָסען ווערען.

זעלדע (אויף אַ ביטער קול) איין אויג אין קאָפּ, און דאָס איינציגע האָט מען צונענומען!

שמואליק (קרימט זיך נאָך) פּלאַנכעט! .... א קאַטאָוועס איין אויג אין קאָפּ! מיר האָבען שוין געזעהען איביידע אויגען—זיבען קינדער ביי א מאַמע צוגעהמען. שבעה אני יודע, שבעה כוסות כבמחות! (ער פּיפּט צו און זינגט)

דראָפּעט צווישען טאָג און נאַכט
שטיל א קעמציל זיך ארויף,
צו דיא טייבליך מיאוי געמאַכט.
טשיק טשיק, האָפּ לאָפּ, פרעסט זיי אויף.
טראַלאַלאַ, טרילילי,
ראַז, דוואַ, טרי!

זלמן. שיינע נפשות, וואָס ציטערן נאָר פאַר זייער הייטיל! אבי זייער נפשיל מעג פון זייערט וועגען כל ישראל אפילו דיא כפרה ווערען. און אַזעלכע הייסען נאָך רחמנים בני רחמנים, אוהבי ישראל! און אויף אַזעלכע עפּענט זיך נאָך שונאים א מויל צוזאָגען, אז אלע זיינען מיר איין קהל, יד אחת.... אוי אונזערע ר׳ יוחנצעס, אונזערע פּיהרער, אונזערע תכלית פאַרזאָרגער און דאָס גאַנצע יודישע רחמנות!

חאַסקיל (טאָרעט ר׳ יוחנצען) קום טאַטע! חינקע האָט שוין געבראַכט א וועגעלע. דוא הערסט וואָס ער רעדט?

ר׳ יוחנצע (מאַכט מיט א פינגער און רעדט צוצייגען) ווער האָרכט א־א מ:נשיל, אַזא אפּיקורוס! יודען האָבען שוין געגוג אַזעלכע איבערגעהאַט און זייא אלע געהערט וויא נאָר נישט. (ביים אוועקגעהען מיט חאַסקילין צום עולם) פאַלט פון דעסטוועגען ביי איך נישט אראָפּ. יודען נישקשה בלייבען יודען....

שמואל ק. חי וקים, שרייעט חי וקים, יודישע קינדער!

זלמן (מיט א זיפץ) יאָ, יודען בלייבען טאַקי יודען.... בייא אַזעלכע אין גלות. — — (צו אלכסנדרין און זעלדען) קומט! דיא דיא זאַך איז נאָך נישט פאַרלוירען, נישקשה. אלסדינג וועל איך דערווייזען און חאַסקילי וועט געהען א גאַנג און שמ:קען פּולווער.... שאַ, זעלדע, נישקשה חלעבין! גלויב מיר, וועסט עס אין פרידען דערצעהלען גיך און באַלד ביי דיין זוהן צו דער חופּה. קומט א היים!

זעלדע (אוועקגעהענדיג מיט אלכסנדרין) אוי, חרב וויסט איז מ׳ין היים.

שמואליק (שאָקעלט מיטן קאָפּ, טהוט א פייף און זינגט טרויעריג)

ניטא אין נעסט קיין טייבליך מעהר,
נישטאָ מעהר דאָרט סיין פרידען,
צולעבען איז דיא אלטע שווער
אליין אָהן זיי׳רע פלידען.
טראַלאַלאַ, טרילילי,
ראַז, דוואַ, טרי!

שרייעט חיי וקים. נעשמאַיע אייך פארפול, יודישע קינדער! .... (דרעהט זיך איבער אויף א פוס און געהט, מאַכענדיג דערביי ראַז דוואַ, טרי. דער עולם צוגעהט זיך אין פאַרשידענע זייטען).

---

## פערטע סצענע.

איציק דער קרעמער שטעהט ביי דער טהיר פונם קלייטעל. ר׳ אליה זיטצט אויפן גאַניקעל, אויף א ביינקעל מיטן פנים צו דער גאַס. ליפע דער חלפן זיטצט לעבין טישיל.

איציק (שאָקעלט מיטן קאָפּ שאַרף אָנקוקענדיג ר׳ אליהן און גיט א מאַך מיט דער האַנד) ער רעדט עפּיס אזוינס, אז מען קען אויסגעהן הערענדיג! גלאַט מען נעהמט דעם תּוגר און וואַרפט איהם אַרוּם אויף א שפענדיל! און ענגלאַנד, וואו איז ענגלאַנד? איהר שפּילט זיך עפּיס מיט ענגלאַנד!

ר׳ אליה. און וואו איז קירה? דוא שפּילסט זיך, איציק, עפּיס מיט קירה!

איציק (טהוט בייז א שמייכעל) קירה מאַך!

ר. אליה (ווערד אונטערגעטראָגען) הערסט דוא, איציק, דיין וויקטאָריע איז א יודענע מיט א יאַמפּערקע!

איציק (הייבט אויף דעם פוס און קלאפּט מיט א פינגער אויפן קנאַפּעל) וואָס בייא דער יודענע מיט דער יאַמפּערקע ליגט אין קנאַפּעל האָט עס אייער קירה נישט אין קאָפּ. קירה מאַכט נעוועחנטליך נאָר פוילע תנועות. דרעהט זיך, דרעהט זיך אין ראָסיל...... און שטעהט תמיד אויף איין אָרט.

ר' אליה. תרבית! איך קען בעסער קירה וויא דוא (נעהמענדיג זיך ביים בערדיל) איך בין ברוך־השם אין מיין לעבען, וויא דוא קוקסט מיך אָן, שוין צווייא מאָל געווען אין בראָד און איינמאָל אזש אין לעמבערג. פאַרשטעהסט דוא מיך? אין לעמבערג!.... מען בעדאַרפט קענען יענם לעבען. מע־טע־טעט! ס'איז נאָר עפּיס אנדערש. וואס בעדאַרף מען מעהר, למשל אביסיל בראַנפין, ס'איז נאָר איין אנדער ביסיל בראַנפען. בייא אונז איז בראַנפין — בראַנפין. קירה'ס אביסיל בראַנפין איז אביסיל בראַנפין טאַקי וואס אביסיל בראַנפין הייסט, מען פיהלט, אז מען נעהמט אביסיל בראַנפין. עד היום ליגט מיר אין מעם קירה'ס אביסיל בראַנפין.

איציג (פאַרקרימט זיך) פּישששש! און פּאָנש איז חלעפּין נאָר שלעכט, פּאָנש מיט ענגלאַנדס אביסיל ראָם. קירה, זאָג איך אייך בפירוש נאָך א מאָל דרעהט זיך און שטעהט אלץ טאַקי אויף איין אָרט. ער האַפּט נאָר בייא דיא מלכיות שיריים וויא א מקבל.

ר' אליה. (שטאַרק אויפגעבראַכט) דער תּנר איז א קבצן!

ליפּע (דרעהט אויס דעם קאָפּ צום גאַניקעל) וואו איז, ר' אליה, דיא פערציג קאָפּיקעס, וואָס איהר האָט בייא מיר גענומען א גמילות חסד אויף שבת?

ר' אליה. הרגעט מיך פאַר א גראָשען. נישטא אצינד, נישט פאר אייך געדאַכט, בייא מיר קיין פרוטה. אָח־חאָ חא! שלעכטע צייטען. — (צו איציק:) יאָ, איציג, זאָלסט דוא טאַקי וויסען, דער תוגר איז א קבצן.

ליפּע נעהמט נישט פאַר אומגוט, ר' אליה. מילא דער תוגר איז א קבצן גאַנץ רעכט, איז ער זיך א קבצן. לאָז ער זיך זאָרגען אליין פאַר זיך. אָבער איהר, ר' אליה, פאַר וואָס זאָלט איהר אָרום אייך עפּיס נישט טראַכטען? איהר זיטצט דאָך נעביך אָהן פרנסה און האָט נישט א טאָג מיט וואָס איבערצוקומען. איך בעט אייך, פאַר וואָס זאָל אייער שמחה מאַריאַשעס, א שטיינער, נישט לאָזען אזא יודען וויא איהר, דרעהען זיך אָרום איהם אין

דער טאַקסע? למאי פופציג אנדערע, וואָס דרעהען זיך דאָרט ארום. ווייס איך וואָס זיי טהון? זיי קוקען דרעהען זיך, מאַכען באָם, לאָז אזא ר' אליה זיך אויף דרעהען, קוקען, הא!

ר' אליה (גיט א מאַך מיט דער האנד) עט.... דברים בטלים. לאָז נאָר זיין מלחמה וועל איך מיט גאָטס כח מיך אוועקלאָזען אויף דער מלחמה. נייטקשה.... (צו איציקין) דער שפּיטץ איז, איך וועט מיך אין וויפיל מען וויל קוואָרט משקה, אז עס וועט זיין ווי א איך זאָג.

איציק. במזומנים, ר' אליה! איך לייג אויף איין אקעגען, אז זיין וועט ווי א איך זאָג.

(פייבוש קומט צו צום קלייטעל, דאָס היטעל איז איהם פאַרריסען אויפן שפּיטץ קאָפּ און דאָס שטעקיל הייננט איהם אויפן אָרם).

---

# פינפטע סצענע.

## די א פּריהערדינע און פּ י י ב ו ש נאָכטסוואגנדער.

פייבוש. א נאָט העלף, יודען! פון וואָס שמועסין עס יודען?

ליפּע. גוט, חלעבין, וואָס איהר האָט זיך דאָ אונטערגעחאַפּט, ר' פייבוש, זיי האַמפּערען זיך דאָ שוין אוודאי א קענגען א שעה, אלץ וועגען דער מלחמה מיט דעם טערק, אויך וועגען דיא קאַמפּאַניעס פון דיא קיסריות, און קענגען זיך בשום אופן נישט אויסגלייכען.

פייבוש, למאי נפקא מיניה? מסתמא וועלטן דאָך יודען נישט משוגע זיין, רעדען איבער איין ענין, און וועלכען עס זאָל נישט לינען עפּיס א שטיקעל כונה.

ליפּע. א, קרעפּליך זאָלט איהר, ר' פייבוש, עסען. איהר נעהט טאַקי אויף א דרך. אָנגעהויבען האָט זיך עס פון שמחה מאָריאַשעס חתן, וואָס איז היינט צוגענומען געוואָרען אין דער דינסט. ר' אָליה זאָגט, אז מוז ווערען אוים שידוך. ער זאָגט עס נאָך מיט א קוועטש פון דער פּאָליטיקע,

מיט זיין קיימא לן, אז מלחמה מיט דעם טערק מוז זיין און טאקי בקרב, אין א ניכער צ״ט זיין. (צו ר׳ אליהן) פיהרט, זייט מוחל, אליין אויס אייער געדראנג, בייא אייך וועט עס אויסקומען שפיטציכדינער. זאָגט, ר׳ אליה, זאָגט!

ר׳ אליה. ממילא וועט דאָך שמחה׳ס חתן אין דער מלחמה אריין מחויב זיין צוגעהן. ווארום אויך דיא איינענע מעשה, ביסט דוא א זעלנער שמעק זשע פולווער, און וויא באלד פולווער! איז שוין נאָר אנדערע דינים.... נמצע וועט שמחה לכל הדעות האָבען א מנו אויפן שידוך חרטה צוהאָבען. אָט וואָס איך זאָג. אי איציק זאָגט נאָר קאפויר? נוא, בע.... איציק ווייסט נישט מאי דקאמרי רביצין!

איציק. און ר׳ אליה אין איינעם מיט קירה ווייסט נישט מאי דקאמרי אחשתרנים! (ער נעהט אריין אין קלייטעל).

ליפע. היינט פארשטעהט איהר שוין ר׳ פייבוש? און פון דער מחלוקת איבער דער מלחמה איז נולד געוואָרען דער סכסוך וועגען דיא צדדים פון דיא קסריות, ווער מיט וועמען וועט האלטען. היינט ילמדנו ר׳ פייבוש אייער חסברא. עפיס זיינט איהר דאָך א לאנד שדכן.

פייבוש (רייבענדינג דאָס בערדיל מיט א קנייטשיל) על פי סברא איז טאקי אזוי.... אדרבה, הא? (ער טייט מיט א פיננער אויפן שטערן) איז דאָך טאקי עפיס א פלאן. יאָ, אי וואָס?....

ליפע. איך ווייס פון א זיכער אָרט, אז מלחמה וועט געווים זיין. אין פריקאז האָב איך א בעקאנט שרייבעריל האָט ער אליין מיר עס געזאָגט יאקבי א יודישע נייא צייטונג — טפוא! וויא הייסט זיא דאָרט? — שרייבט אויך אזוי פון א זיכער אָרט.... הערשעלי דער סאָלדאט האָט מיר עס אויך געזאָגט. ניסיע, זיין ווייב, האָט צובייטזינדינ היינט בייא מיר א קערביל עפיס שטארק געויפצט, מיין איך, סאיז א פנים נישט גלאט.

פייבוש (שטארק פארטראכט) מילא איז שוין איין צד דאָ.... און דער צווייטער? דער צווייטער? .... (ער ריקט ארויף שטארק דאָס היטעל, שטעקט אריין טיף הינטער דעם קאָלנער און טהוט זיך א געשמאקען קראטץ) אז מען זוכט געפינט מען.... ס׳איז רעכט! מען בעדארף ארום דעם טאָן און זיי צונויפפיהרען?

ליפע (אָנקוקענדיג פייבוּשין פארוואונדערט) וואָס ? ! ווענען, ר׳ פייבוש, צונויפפיהרען?

פייבוש. עט.... מיר איז אנגב ארויף אויף דעם מוח מײַנס עפּיס איין עסקיל.... נישטאָ קיין צייט. א נוטען ! (ער פליהט געשווינד אוועק).

ליפע. עפּיס איז מיר היינט מיין פייבוש שטארק צוטראָגען! איהר האָט בעמערקט ?

איציק (שטעהענדיג אין דער טהיר פונם קלייטעל און אויסשטרעקענדיג דעם קאָפּ צו דער גאס) אוי אוי האָב איך בעמערקט, וויא ער האָט פון ר׳ אליהס נעדראנגג זיך פארקנייטשט, גלייך וויא ער וואָלט איינגענומען ריצענאייל. א נוט אָפּפיהרונגס מיטעל, חלעבין! ער איז מאַקי באלד אנטלאָפען.

ר׳ אָליה (א צמאָק נעבענדיג מיט דיא ליפען) א חכם פון דער מה־נשתנה ארויס. בע! .... פרענט איהם בחרם וואָס ער בעבעט, אבי גע־בעבעט! ......

איציק (לויפט ארויס צום עק גאניקעל און רופט אויף א קול האלטענדיג דיא האנד איבער דיא אויגען) מענדיל! מענדיל! (צו ליפען טהוט איהם נאָר, זייט מוחל, דאַרט א רוף, ר׳ ליפע!

ליפע. מענדיל, מענדיל! — בראָש איז ער טויב — אָ מענדיל, מענדיל, מענדיל!

---

# זעקסטע סצענע.

## דיא פריהערדיגע און מענדיל.

מענדיל (צוקומענדיג צום קלייטעל) גרויסע נסים, חלעבין, וואָס איך בין נישט מעוּברת. מען קען מפּיל זיין פון אזא געשרייא!

איציק (מיט א פינגער אויף דער נאָז) צו מיר וויכסט דוא שוין נישט שמעקען ? אז מען שיקט דיך עפּיס קויפען, לויפסט דוא ערגיץ אנדערש,

א דוא כלבוניק! וואָהין ביסט דוא עס ערשט גאָר אָהן א נשמה איר נעלויפען?

מענדיל. טפוא, איך האָב היינט דאָס גוטע לויפעניש! פון פריה מאָרגען אָן טראָגט עס מיך וויא א רוח א טלמד. לויף און לויף און מוז באלד טאקי וויטער לויפען.

איציק. ניין כלבוניס! אבי איך האָב דיך שוין דערטאפּט, וועסט דוא בייא מיר אזוי גיך נישט אויסדרעהען זיך. זאָג, וואָס בעטייט אזוינס דאָס לויפעניש? זאָג, מענדיל, זאָג מיט פיסקעס!

ליפע. זאָג, מענדיל! איך בין דאָך שוין טאקי צוקאָווע: זאָג זשע, זאָג!

ר' אליה. אז צווייא יודען זאָגען: זאָג! איז נישט דער דרך ארץ זיך אפּצוזאָגען. מילא וואָס קען עס דיך ארען צוזאָגען? זאָג שוין, זאָג, אז דוא וועסט זאָגען.

מענדיל (אָנחאָפּענדיג זיך ביים קאָפּ מיט א האוואיעלע) אי־אי־אי, האָט רחמנות יודישע קינדער! פון אלע זייטען א זאָג־זאָג־זאָג! אז עס רייסט מיר אויף דעם מוח. שא! איך וועל מיך אויסקויפען פון יודישע הענט און אלסדינג, וויא איך בין א יוד! אין איין אָטהעם אפּזאָגען. — שלום עליכם! — עליכם שלום! — מה שמיכם? — מענדיל, נאָך א בחור. ר' שמחה'ס א משרת. — לויף היינט פריה כלחוך השור אין דער באָינע. לויף פון דאָרט א חיים און האָב א בארג ארבייט. — אָמנם חטאתי! פארגלוסט זיך פון אלע מלאָכות מיר אין דער קעך, סוצוניג מוצוניג מאכען מיט דוואָסיען. — איך איהר: דוואָסיעניג, ליובעניג, און זיא מיר: ווער פארברענט! — גיב איך זיא א קליין ציהעלע און מיינע אין איין כעס מיט א נעפּילדער.... בלייבט לעבין מיר זיטצען אויפן טאפּטשאן. — לויפט פלוצלים אריין דיא בעל הביתטע. — צולויפען מיר זעך וויא דיא פארסאמטע מייז. — מיינער פוטץ אין שטוב אריין, — ווארף אין איילעניש, קויפעניש עפּיס אראָפּ, טראָך, טראָך! — נעשווינד א לויף אין אנדערען חדר. — לויפט אריין דיא בעל הביתטע, בטעלט חלומות. — חאפּט זיך אונטער דער שניידער מיט רייזילים חתונה קליידער.— א לויפעניש צו רייזילין אין חדר. — מיינער א פליה צוריק אין שטוב אריין. — טראָגט דער רוח אָן דאָס גוטע מוחטעניג חאָלצע אין שלייער. — מאכט אין איין אָטהעם: שפּרינצע .... הא, נישטא .... מענדיל, וואו דיא בעל הביתטע? — לויפט אָן דיא בעל הביתטע און רייזילי אין א חתונה קלייה. נאָר א פריצת.

— פארגינטץ געזונט! ווינטשטעט צו האַלצע, נאַר מיט מעהר מזל. אָפּגע־ געבען אוי דיין חתן! — רייזילי פוטץ אויף דער קאַנאַפּע, קאַלט וויא אייז. — א געשריי, א לויפעניש! — דער בעל הבית לויפט, ווערטעלט זיך מיט דער בעל הביתטע. — לויפט דיא בעל־הביתטע פארווינט ארויס. — לויפט דער בעל־הבית צוקאָכט אוועק. — א געשרייא: לויף מענדל אין דער אפטייק! — נעהמט מיינער דיא פיס אויף דיא פלייצעס און לויפט. — שרייעט ר׳ איציק, מענדיל! — קוויטשעט ר׳ ליפע: מענדיל מענדיל! — א גערײדערייא, א גע־ זאָגערייא! זאָג זאָג־זאָג! — חאפ איך אָפ אין איין אָטהעם וויא דיא עשרת בני המן ביז ויזתא. — האָט איהר שוין אָפּגעהערט דיא מגלה, ווייסט איטליכס פיטצעלע, האָט־זשע רחמנות, יודען, אויף א יודישער נשמה! לאָזט און לאָמיך לויפען ווייטער!

איציק. א, צו אלדע גוטע יאָהר, ממזר איינער! א שיינער תכשיט ניש־ קשה, א פארשלעפּטע קריינק פון זיין ליבען נאָמען. (ער נעהמט און נימט מענדלין אין דער האנד) נא, משלחת, א שטיקעל מאנדעל־זייף פאר דיין דוואָסיען.

מענדיל. זיא זאָל האָבען מיט וואָס מיך צווייפען. אוי זייפט זא מיך, יודישע קינדער! (ער געהט אוועק. צום קלייטעל קומט צו א קונה, איציג נעהט מיט איהם אריין).

ר׳ אליה (צו זיך אליין) טע־טע־טעט .. נוא, וואָס ועט ווייטער זיין? (געניצט אויף א קול) אהו הוך! (נעהמט פונם בוזעם ארויס א צוקנייטשט פאפיריל, טרעסעט ארויס א קאפ צוריבענעם טאבאק און פריוווט מאכען א פאפיראָס) אָח חא חאָ! עס וועט דערפון נאָר נישט ווערען. מען בעדארף געהן א בעט טהון בייא יענעם א ציגאַר טיטון. (ער הייבט זיך אויף פונם ביינקעל, גלייכט זיך אוים דיא ביינער, און געהט אריין אין קלייטעל).

~~~~~~~~
~~~~~~~~

## זיבעטע סצענע.

**שמחה מאריאשעס און פייבוש ווייזען זיך אויף דער גאס, האלטענדיג אין א שמיעס.**

פייבוש. איך זאג עס אקעגען דעם, ר' שמחה, נאט אייך א דרייער פאר מענשענס שכל! אלץ השם יתברך.... ס'איז דאך בעשיינפערליך א חידוש נפלא! אדרבה טאקי, לאמיר זיך נישט נארען. האט מען דען אייך נישט אנגעשלאגען לייטעשערע, אין אלע אופנים גלייכערע שידוכים פאר אייער בתולה? ע״ים איז ר' שמחה גלאט אזוי זיך אוועקצומאכען, הא? — פאר וואס זשע, איז דאך דיא קשיא, פייבושים שידוך מיט א זלמן קריסטאל אנגענומ׳ן געווארען?

שמחה (נישט אנקוקענדיג פייבושין). ווייל ר' פייבוש, זאל געזונט זיין, איז....

פייבוש. ניין־ניין־ניין, לאזט זיך דינען, שא!.... נישטמעהר, דער תירוץ איז גארנישט.... קשיות איז גאר נישטא. אט דאס גופא טאקי, דאס גופא האט איהר דעם בעסטען בעוויז, אז פיהרען דיא וועלט פיהרט דער רבוני של עולם. בעדארף גראד פייבוש, וויא אויף קאטאוועס, זיך ארויס־חאפען: זלמן קריסטאל. בעדארף גראד אייער בתולה דאס הערען און בעקומען חשק. בעדארף זיא גראד זיין א ציטערדינגס ביי דער מוטער. בע־דארף דיא מוטער, אייער שפרינצעלי זאל געזונט זיין, פאר דער טאכטער זיך ארויסשטעלען און ר' שמחה, מאריך ימים ושנים זאלט איהר מיר זיין, בעדארף אלסדינגג, וואס דאס ווייב וויל, פאלגען.... אט אזוי האט זיך עס געדרעהט, געדרעהט, געדרעהט ביז עס האט זיך אויסגעדרעהט.

שמחה. נו‌א. האט דאך שוין זיך אויסגעדרעהט! וואס זשע....

פייבוש. ניין־ניין־ניין!.... און אין גאנצען — לאז'ט זיך גאר דינען! — ווער האט אין דער זאך דעם ע'רשטען דרעה געגעבען? טאקי איהר, ר' שמחה! אז דער מאן לאז'ט זיך פונם ווייב פיהרען ביי דער....

שמחה. איך בעט אייך, לאזט מיך צורוה און געהט......

פייבוש. לאָזט זיך דינען! מילא זאָג איך עס אקענען דעם וויא גאָטעניו דרעהט זיין וועלטיל ... וואָס זשע טהוט גאָטעניו אז ויינע דריידליך האָבען שוין זיך אויסגעדרעהט? דרעהט גאָטעניו ווידער צוריק, אזוי אז, פאַרשטעהט איהר מיך?....

שמחה. נוא נוא! ער פאסט מיר צו מיינע צרות. לאָזט מיך געהן מיין וועג!....

פייבוש. (נעהמט שמחהן ביים ארבעל) נישקשה, ר' שמחה! מעהר קיין צרות זאָלט איהר נישט האָבען. (ער ריקט אריין דיא האנד הינטערען קאָלנער און דערלאנגט זיך א קראַטץ) אז מען זוכט געפינט מען. פייבוש געפינט.... ס'איז דאָ חתנים......

שמחה. נענוג!.... (ער רייסט זיך אויס פון פייבושים הענט און ווערד אנטרינען)

פייבוש (שטארק פארטראכט) שווערליך!.... נאָר עט.... נישט דאָס ערשטע מאָל. נישקשה, איך וועל שוין געפינען א רעדיל! (ער געהט)



## אכטע סצענע.

ר' אליה זיצט אויפן גאניקעל מיט פערליינטע הענט און געניצט. ליפע, דערנאָך פייבוש.

ר' אליה (קוקענדיג אין דער וועלט אריין) אכט, צוועלף, צוואנציג, פערציג, פופציג, הונדערט!......

ליפע (אויסדרעהענדיג דעם קאָפּ צו ר' אליהן) וואָס צעהלט איהר אזוינס, ר' אליה? דיא קאַסע??

ר' אליה (טהוט א געניץ) אהו הוף! א שרעק, וויפיל סאָראַקעס האָבען אויפן שפּיטץ דאָך דאָרט זיך אויסגעזעטצט! אוודאי אקענען א ת"ק שטיק. דאָס וויזט אויף גוטער פאָגאָדע.

ר' ליפע. וואָס שרייבט, ר' אליה, עפּיס דער לוח?

ר' אליה (אונטערהייבענדיג זיך אביסיל אויפן ביינקיל) א, קונדעס איינער!

זעהט נאָר דאָרט, א קונדעס האָט דאָרט א צינ פאַר דיא הערנער. זיא ווערט איהם נאָך דורס זיין. (נאָכדעם וויא ער שווייגט א רגע שטיל) אָט, אזוי, האָפּ־האָ־האָפּ! זיא האָט איהם גוט געטראָפען. א מצוה! —

ליפּע. מען זאָגט, דער לוח טרעפט היינטיגס יאָהר זעהר גוט.

ר' אליה (גיט זיך א הייב אונטער, מאַכענדיג מיט דער האנד) וואָן, וואָן, פּאשאָל וואָן!

פייבוש (צוקומענדיג צום קלייטעל) וואָס איז, ר' אליה? אויף ועמען שרייעט איהר עס אזוי?

ר' אליה. א הונד ר' פייבוש! א הונד לויפט צו און דרעהט א יודיש סעלביל דאָרט ביים אויער, דרעהט ער.

פייבוש (פארריקט דאָס היטעל און רייכט דעם שטערן שטארק פאַר־טראַכט) יאָ, אזוי טאקי, אזוי!.... דער דרעה געהט דורך איהם.........

ליפּע. עפּיס רעדט איהר, ר' פייבוש, נישט צו דער זאַך! איהר זיינט מיר היינט עפּיס נאָר צוּוּרעהט.

פייבוש. אָך א שווערע פרנסה דאָס שדכנות, מיט הונדערט ספּריזשינ־קעליך, שרייפעליך, קליינע און גרויסע רעדליך, עפּיס א גאנצער „אשר יצר"— דריאָט ארבייט, דריידעליך דריידעליך, פייפעליך פייפעליך.

ליפּע. גלויבט מיר, אלע יודישע פרנסות זיינען איין „אשר יצר". לויטער דריידעליך, פייפעליך. ומפליא לעשות איז דער, וואָס קען גוט אָנפייפען....

פייבוש. דרינען האָט איך טאקי מיט אייך, ר' ליפּע. לאָז מען פאַל־מעסען א יודען ווערט מען ביי איהם אין אלע רמ"ח אברים זיינע געפינען רעדעליך, דריידעליך. אָדער זאָל מ'זגליך זיין, א שטיינער, א סוחר, א פּאָד־ראַטשיק וכדומה אין דעם קאָפּ אריינצוקוקען, וואָלט איש אָנגעהאַפּט א שווינדעל זעהענדיג, וויא עס דרעהט זיך דאָרט פאַר דיר עפּיס בוידעם פּאַלאַצע, קאָטשערע לאָפּעטע, לאָקשענברעטיל, אינדיקזוימען, קאטשקעפּוטער, סכה שער אלע אין איינעם.... אפילו דיא נענעל שניידט א יוד מיט א דריי־דעל, עפּיס לסירוגין, נעשפּרונגען און נעדרעהט.

ליפּע. נישקשה. איהר מעגט אריינשטעלען אין צעטיל צו דיא פריהערדינע אויך למדנים, מחברים, דרשנים און חזנים. דיא גאנצע קונץ בעשטעהט בייא דיא אין דעם דרעה, אין דיא הויות און דיא תנועות....

פייבוש. אז ס'איז שוין יאָ אזוי, שטעלט זשע אריין אי בעלי־תפלות אויך.

אין האנרריקעוו, אז איך האָב דאָס ערשטע מאָל ימים־נוראים נעדראווענט מוספים, איז דער עולם פון מיין דאוונען נישט קאָנטעט נעוועזן, ווייל איך האָב אויף א קול נעזאָגט פשוט עברי. הערסטו, האָט מען נעטענהט, דאָס איז דאָך קיין שכל נישט! גלאט נראָב זעטצען ווערטער בעדאַרף מען דערצו גאָר קיין גרויסער בעל־תפלה נישט זיין, א בעל־תפלה בעדאַרף מאַכען עפּיס מיט א צוק, א דרעה אויף דער נעמבע אהין און אהער....נוא, האָב איך דערפאַר דאָס צווייטע יאָהר שוין אנידערגעליינט א דאווען מיט נאָלע שטיינער, דרעהעליך און תנועות, אז מען איז אויס דער הויט נעשפּרונגען און נעלעקט די פינגער פאַר מתיקות. (צו ר׳ אליהן) מילא דאָס אלסדינג איז הבל־הבלים....א שטיקעל נמרא איז דאָ, וואָס דרינען וואָלט גוט נעווען. ראַכט זיך, אייערס א דרעהעלי. קומט, ר׳ אליה! וואָס זיטצט איהר אזוי אלץ אויף דעם איינענעם אָרט און ווילט זיך נישט ריהרען?

ליפּע. ר׳ אליה האָט אויף דעם אָרט שוין א חזקה. ער וועט עס נישט אָפּלאָזען, סיידען עס זאָל, בעהיט גאָט, נישט זיין איין ערדציטערניש.

ר׳ אליה. אָה־האָ־האָ! דיא היינטינע גילדענע פּרנסות! צו וואָס ארומ־דרעהען זיך אומזיסט און רייסען שיך? (ער טהוט א נעניץ) אהד־הוך!..וויים איך, ר׳ פייבוש, וואָס איהר ווילט פון מיר האָבען? גלאַט נעה און רייס שיך, — נישט מעהר, וואָס זאָל מען טאָן מיט אייך, הא? (ער הייבט פּאַמעליך זיך אויף פונם ביינקעל, קנאַקט אויס מיט א נעניץ דיא ביינער און נעהט מיט פייבושן אין דער גאַס).

---

## ניינטע סצענע.

### פייבוש און ר׳ אליה.

פייבוש (נאָכדעם וויא ער קוקט אן ר׳ אליהן א רענע שטיל) אזוי, ר׳ אליה, אזוי,.... א מלחמה, דרינגט איהר, מוז זיין.

ר׳ אליה (מאַכט צו איין איינעל האלטענדיג דאָס קעפּיל אין דער זייט) בכן?

פייבוש. בבן וועט אם־ירצה־השם זיין וואָס צוטאָן.

ר׳ אליה. דאָס ווייס איך אליין. אבי נאָר מלחמת לאָז איך מיך, מיט נאָטס כח, באלד אויף דער מלחמה אוועק. נישקשה, בין אזא בריה וויא אנדערע בין איך....

פייבוש (מיט א שמייכעלע) אויב איהר זיינט א בריה! דריננ׳ן איז חלילה קיינער נישט מסופק. — נאָר אייך ליגט אלץ אין זינען פּאָליט קע און איך מיין נאָר בפּשטות א שידוך. איהר קענט מיר אבּ׳סיל צוארבייט׳ן און דערווייל, איידער איהר לאָזט זיך אויף דער מלחמה, דאָ חאפּען א שיין פאַרדינסטיל. נישט לאנג געטענהט, א שידוך פאַר שמחה׳ס בתולה מיין איך.

ר׳ אליה. וואָס הייסט! דער פריהערדיגער שידוך איז דען שוין טאַקי אָפּגעלאָזט געוואָרען?

פייבוש. גלייך וויא אָפּגעלאָזט. מען בעדאַרף נאָר אונטעררירקען א נייעס, וועט דער אָלטער ממילא אויס ווערען.

ר׳ אליה. א שטיקעל ח׳דוש, חלעבין! איהר זיינט דאָך געווען דער גאַנצ׳ער שדכן!....

פייבוש. נוא, דעריבער זאָל איך שטעהן וו׳א א גולם און וואַרטען ביז אנדערע וועלען זיך פאַרחאפּען און אונט׳רריקען! און וואו שטעהט עס גע־שריבּ׳ן, אז מען שייט זיך ביי איין בתולה דאָס צווייטע מאָל א שדכן זיין? א׳ן צוואָת ר׳ יהודה החסיד האָב איך עס נישט באגעגנט און קיין חרם דרבינו גרשון איז דאַרויף אויך נישטאָ.

ר׳ אליה. א׳ן קל׳יטעל דאָרט האָט ערשט איינער געזאָגט: זלמן פילדערט ער מוז דיא אלע פסלנות דערווייזען. שפר נצע איז ארויף אויף שמחהן מ׳ט פייער, אלע מיטעל זאָל ער א׳נוועגדען און דעם חתן בעפרייען. שמהה יאָגט זיך אצ׳נד ארום, ר׳ יוחנצ׳ע חאַפּט א ציטער און איז שטאַרק א׳ן כעס. שמחה מ׳ט דער טאַססע ליגט ביי איהם אין דער האַנד און ער קען א׳הם דערקוועטש׳ן וו׳א א פליג. ס׳איז א רעש, א קאָכעניש.

פייבוש. אזוי?.... א קאָכעניש? אָווא! — נאָר אויף דיא איינענע מעשה אָפּהענדיג בעדאַרף מען נישט ווערען. עס.... חלעבין! אהין אהער, וויא דער שטיינער איז, און צום שפּיטץ מוז או סקומען, טאַקי פאַרט ר׳ יוחנצע!.. מיך קוועטשט נאָר אביס׳ל, אָט דאָס, זעהט איהר, וואָס שמחה איז עפּ׳ס

אויף מיר אָננעבלאָזען און בין ביי איהם, וויא איך פארשטעה, א שטיקעל פסול. דאריבער איז מיר איינגעפאלען אייך, ר׳ אליה, ארייןצודרעהען אין דעם ענין. פארשטעהט איהר?

ר׳ אליה. אָט דאָס איז אייער שטיקעל נמרא! (מיט נדלות) איהר מוזט וויסען, אז ביי שמחה׳ן בין איך א חשוב, ער לאָזט אסאך זיך צו מיר קענען. מיין שטאָדט איז לעבין איהם אין שיל. און דיא ניין טעג מאך איך איהם געוועהנטליך א סיום. דערצו נאָך איז מיין פלוניתטע מיט איהם עפּיס א קנעפיל. פארשטעהט איהר מיך?

פייבוש. דאריבער טאקי נעהם איך דאָך אייך פאר א שותף. איהר זאָלט זיין כלה׳ס צד און איך חתנס צד.

ר׳ אליה. קיין בלינדען אתרוג קויף איך נישט. צובעטראכטען האָב איך ליב דעם פּטום. ווער איז דער מחתן?

פייבוש. אָבער ר׳ אליה, וויא מיר שטעהן דאָ תחת כפּת השמים, עס זאָל בלייבען בסוד. איך בעשווער אייך ביי אייער חלק לעולם הבא! אנדערע קענען עס נאָך אויסחאפּען. — ר׳ יוסיל פינטשעווער, הא, קענט איהר?

ר׳ אליה. (מאכט פארקרימענדיג זיך מיט דעם פינגער) יוסיל פינטשעווער און שמחה מאָריאשעס!!

פייבוש. אָבער דער קרן, זיין בחור׳ל מארקיל! א יאָ קפריסין? א קארירער אתרוגיל, א פּיטומיל נאָר א חידוש. טאקי וואָס מען רופט א טשאטשקעלע, א זיידען קינד! נוא?

ר׳ אליה. טא, איך וועל מיך פּרווען.

פייבוש. א הקדמה מוז איך אייך זאָגען איידער איהר טרעט מיט מיר אין שותפות אריין, אז דער ענין פון שדכנות האָט ליב א דריידיל (מאכענדיג מיט דער האנד ארויף און אראָפּ) אָט אזוי, אהין, אהער, און אלע זייטען. מען בעדארף א מאָל אריינפּאָהען עפּיס הינטען ארום. עס זאָל אויסזעהען מען פאָהרט, דאכט זיך, קיין יהופּעץ און פּלוצלים זאָל נאָר אויסקומען בייבעריק. פארשטעהט איהר?

ר׳ אליה. אין פּאָליטיקע מעגט איהר נישקשה אויף מיר זיך שוין פארלאָזען. דרינגען האָב איך ברוך השם א נעפּיהל.

פייבוש. נאָר למען השם נישט אייער קירה׳ס פּאָליטיקע — זיך דרעהען,

דרעהען און שטעהען אויף איין אָרט. אין דער שדכנישער פּאָליטיקע איז איין כלל: אַ דרעה און ווייטער. קשיות איז גאָר נישטאָ.

ר׳ אליה. עפּיס רחמנא ליצלן נאָר טערקיש!....

פייבוש. טערקיש צו שמערקיש אנדערש קען עס נישט זיין. אָט איז דיא גאַנצע פּאָליטיקע. לאָדען קען מען דאָ נאָר צום ונתנה תוקף און אין ערגסטען פאל דיך רופען קנאק ניסעל....

ר׳ אליה (מיט א קנייטשיל) און נאָך אלע זאכען, הערט איהר, איז פּאָרט נעטה׳נ אין דער ניך מלחמה. מיין געדראנג אָקעגען דעם ענין איז דאָך זעהר וואויל. וואָרים, פאַרשטעהט איהר, וויא באלד פּוּלווער איז אין עק, שוין גאָר אנדערע דינים.... (אויף דער גאס וויזט זיך הערשעלי דער סאָלדאַט און זיין ווייב ניסע).

פייבוש. גוט. חלעבין, אָט איז הערשעלע! מען וועט איהם בעדארפען טאקי א פרעג טהון. (פּלוצלים קומט אן צולויפען דיא מוּהמע אָהן א נאָז מיט א גאַנצער האָפּטע).

---

## צעהנטע סצענע.

דיא מוּהמע אָהן א נאָז, דאָס קליינע כלי־זמריל, ווייסע חברה און א האָפּטע ווייבליך, מיידלעך און מאנסבילין, צווישען זייא הערשעלי, ניסיע, פייבוש און ר׳ אליה.

דיא מוּהמע (מיט א ייפּע אויף איין ארבעל, אין פּאַנטעפעליך. האַלט א טעלעריל, פּאָנפּעט און הערקעט זיך) אויף א מיידעל, יודישע קינדער! א יתומה, אָרם, עלענט.... (צו פייבושין מיטן טעלעריל) אויף הכנסת כלה, ר׳ פייבוש! — וויוואַט!

פייבוש (באָברעט זיך אין דער קעשעניע) נישטאָ, אַוואַ! - מאָמיר זענט איהר רייך אין א פּאָר גראָשען, ר׳ אליה?

ר׳ אליה. קיין צרות! — איך האָב שוין געוואָלט בייא אייך א בעט טהון.

דאָס כלי־זמריל (ריפּעט אויף עפּים א מין פידעלע, צווינגענדיג אויף א ביי קולכין און לאָזט אויס מיט א קוויטש)

א נדבה, יודען, זאָלט איהר געבען,
א נדבה, יודען אויף א בתולה!
א גרויסע זינד, בנאמנות חלעבען,
א מיידעל זיטצען לאָזען, חלילה!
ניין איילען פּייבוש קלעקט אָהן שאלות
אויף אַלע רייכע מאכען חפות,
און צופּארשלייערין אָרמע כּלות
העצקען מוהמעניוּס זיך אין ייפּעס.
אשריכם ישראל, יודישע קינדער!
אזא מוהמע, אזא פּייבוש נאָטסווינדער!

דיא ווייסע חברה (קרימען זיך נאָך, זינגען, שפּרינגען און טאנצען)

ניין איילען פּייבוש אויף א חופּה,
צאן קדשים מע! א טאנץ, א טופּע!
רריפּע, ריפּע שקאָץ, רריפּע, ריפּע,
העצקע מוהמע זיך מיט דער ייפּע!
(אין דעם עולם איז א געלעכטער)

דיא מוהמע (מיטן טעלעריל צום עולם) דערקוויקט איין אָרם מיידעל, יודישע קינדער! א יתומה נעביך וויל החתונה האָבען. נאָט זאָל אייך דערקוויקען דיא יאָהרען און איטליכענס וואונש דערפילען.

א ווייבעל. ניט מיר מ המע א גראָשען, נאַט אייך א דרייער, אוי, לאָז נאָט מיר פאריכטען מיין פינצטערע דאָליע....

א דינסטמיידעל. נאַט אייך א גראָשען, לאָמיך זיעסער נאָט אויפנעריכט ווערען....

ניסיע. איין דרייער פאר מיר און איין דרייער פאר הערשעלין! בעט נאָט מוהמעניו פאר מיין מאן, ער זאָל בשלום צוריק קומען פון דער מלחמה.

ר׳ אליה. איהר הערט? .... נוא, ר׳ פייבוש, וואו נעהמט מען אצינד אהער איציקין!

פייבוש. אהער הערשעלי! אויף א ווארט, נאר אויף איין ווארט.

הערשעלי. נישטא קיין צייט!

דאס כלי־זמ־יל (ריבעט און זינגט מיט א קוויטש וויא פריהער)

א חופה ניך א יודען שטעלען,
א יודען ניך־און באלד בעגראבען,
צווייא מעלות טובות. נאר אנצוקוועלען,
וועלכע מיר נאר יודעליך האבען.
ניכער יוד זיך פרובפערען, מעהרען!
ניכער נט ־יך פעריל, ריקעל, פייגעל!
א. בעגראבען ניכער זאלסט דוא ווערען,
ליג אין דר׳ערד און באק דארט בייגעל!
אשריכם ישראל! נישט צוציילען
אלע אייערע שיינע צורות:
אי מוהמעס אי פייבוש ניין איילען,
אי יודען, וואס שרייבען צוועלף שורות!

(דיא מוהמע מיט דעם כלי־זמריל און דער גאנצער עולם צונעהען זיך נע־שווינד, דיא ווייסע חברה פארשווינדען שפרינגענדיג מיט רעש און געשרייא).

פייביש (אויף א קול מיט אימפעט, נאכדעם וויא ער שטעהט א ווייל שטיל, צומישט) מכשפה׳טע! .... שיינעץ .... טפוא זאלט איהר ווערען מיט אייער הכנסת כלה! .... (ער נעהט אוועק געשווינד און ר׳ אליה נאך איהם).



# דריטער אקט

## בייא שמחה מאָריאַשעס אין הויז.

---

### ערשטע סצענע.

**שפרינצע, רייזילי און מענדיל.**

(רייזילי זיטצט שטארק צוטראָגען, האלטענדיג אין דער האנד א בריף, אין וועלכען זי'א קוקט צו ווייִלען אריין. א קענען איהר זיטצט שפרינצע, ארבייטענדיג א זאָק און דערלאנגט הינטערוויילס א בליק אויף רייזילן מיט א זיפץ).

שפרינצע. גענוג שוין, רייזילי, געטראַכט, איך בעט דיך!

רייזילי. אלכסנדר זאָל שווייגען! — אָט איז זיין לעצטער בריעף און מעהר קיין וואָרט אזא לאנגע צייט! — ניין, ס'איז נישט אומזיסט!

שפרינצע. אָט. וועסט דוא זעהען, מענדיל ברייגנט באלד א בריעף. — דיא פּאָטשט דאָרט אין בולגאַריא געהט נישט אַקוראַטנע. — מלחמה צייט! ........

רייזילי (אָננעהמענדיג זיך בײם קאָפּ) עס קלינגט, שיסט, שיסט מיר אין דיא אויערען.... הונדערט הארמאטעס שיסען דאָרט אצינד און עס גיסען זיך טייכען בלוט.... בלוט פון מענשען, טהייערע, ליבע, טיף אין הארצען איינגעבאַקטע.... או', אלכסנדר!....

שפרינצע (טאַפּט רייזילן בײם קאָפּ) מיר פאר דיין קאָפּ, טאָכטער, אזוי יונג און שוין א געבראָכען הארץ. פאָלג מיך, רייזילי, און נעהם נישט אַזוי צום הארצען, מען מוז קענען אראָפּשלינגען צרות, וועט־ טיגען.

רייזילי. אָבער אַזעלכע וועהטינגען, אַז דאָס האַרץ ציהט, ציהט און דוא פיהלסט.... מאַמע, איך בעט דיך, דוא האָסט פאַרזוכט אַ מאָל אַזעלכע וועהטינגען ?

שפּרינצע. אַזעלכע ?.... ניין, דיא צייטען זיינען נישט גלייך, אַנד׳רע צייטען אַנדערע וועהטינגען; מיר האָבען געהאַט אונזערע וועהטינגען, אַזאַ וועהטיג וויא דיינער, ניין, האָבּ׳ן מיר נישט געוואוסט און גאָר טאַקי נישט געקענט וויסען.

רייזילי. לאַכען, חלעבין, מוז מען פאַר צרות ! און דיינע צייטען זיינען געוועזען העלצער, נישט קיין מיידליך.

שפּרינצע. זאָלסט דוא טאַקי וויסען, מיידליך יונגע מיידלעך זיינען אין אונזערע צייטען כמעט גאָר נישט געוועזען, עס זיינען געוועזען יונגע ווייבליך, כלות און קינדער. איך, אַ שטיינער, בין נאָך גאָר אַ קינד שוין געוועזען אַ כלה פאַר דיין טאַטען. אונזערע עלטערען זיינען זיך געפּעהלען אוןביידע זיך משדך געוועזען, ביז דער חתונה האָבּ איך מי׳נעם אין דיא אויגען נישט אָנגעקוקט, און דערנאָך אפילו פלעג איך זעלטען גאָר זעהן, מיר האָבען זיך געשעמט איינער מיט׳ן אַנדערען פאַר מענשען אַ וואָרט צוריידען. — אָט אַזוי, רייזילי, האָט מען חתונה געמאַכט קינדער. נאָך דער חתונה איז געגאַנגען אַ סדרה קינדער, צרות, פּרנסות, קאָפּ־דרעהניש און ווען איז אין זינען געלעגען זיך צוצוהערען צו אַזעלכע זאַכען, וואָס מען רופט עס היינט עפּיס ליבעס.... אַנדערע צייטען אַנדערע וועהטינגען.

רייזילי. מען איז געוועזען נעביך דערנידעריגט, דערשלאָגען, אַליין נישט צופאַרשטעהן דיא מיאוסע לאַגע, דיא וועהטינגען האָבען זיך אָנגעהערט גאָר מיט דעם מאַגען, מיט דיא בעדערפעניש אין דעם בעל הבּתישקייט, בּידנע ווייבער ! (זיא געהט צו און גיט אַ קוק אין פענסטער) וואָס זאַמט זיך אַזוי מענדיל ?.... אוי, וועהטינגען — אַז טהוט וועה דאָס האַרץ, דיא נשמה !....

שפּרינצע, שאַ, רייזילי ! דאַכט זיך מען געזוכט, אַ ודאי מענדיל, אָט וועסט דוא זעהן וויא ער ברייננט אַ בּריף.

רייזילי (צוהערענדיג זיך) האַ ? יאַ, מענדיל ! איך לויף אקעגען (זיא לויפט צו דער טהיר און האַפּט זיך באַלד צוריק) און וויא אָבער אַז נישטאָ ?..

לאָמיך ווארמען, בעסער נישט פרענגען, לאָז מיר זיך אלץ דאכטען מאָמיר.... הער איך נישטאָ, אָ, איז איין עק!....(זיא שטעלט זיך אויבענאָן אין ווינקעל, מענדיל קומט אריין אין שטוב).

מענדיל. נוא האָט זיך עס דאָרט געטאָן! א צוויי שעה בין איך אוועק־געשטאַנען אין דעם רעש און נישט אויסארענדיג זיך דעם סוף האָב איך געטאָן א שפייא און אוועקגעגאנגען.

שפרינצע. וואָס איז היינט אויף דער פאָטשט אזוינס מעהר ווייא תמיד?

מענדיל. וואָס פאָטשט! דיא קלויז מיין איך, א חאָבעטע איז זיך אהין צונויפגעלויפען, נישט געלאָזט אויסנעהמען. איין געשרייא: מהייער פלייש, מען בערייסט דעם עולם! דער בעל־הבית איז צוקאָכט, ווייזט אויף דיא נגידים. דיא נענידים שושקען זיך, און ווייזען אויף ר' יוחנצען, ר' יוחנצע וויל נים מפסיק זיין, פאטשט אויפן שטענדער און מאכט אי, אי! דם צפרדע כנים איהם, דיא אלע עשר מכות!

שפרינצע. פאר וואָס גראָד איהם?

מענדיל. פון טיינטוועגען מעג ער דערפון אראָפגעבען אי דיא נגידים, נאָר דער גרעסטער חלק מכות קומט פאָרט איהם. גלויבט מיר, ס'איז אין גאנצען זיין אָנשטעל, ער מיינט שוין מסתמא ווייטער עפּים....ס'איז דאָ א פניהלע....אוי קען איך דעם שיינעם יורען, פול מיט פלייא אין דער נאָז! ער איז אי אהין אי אהער, אין אלע זייטען און פיהרט אלע אין באָד אריין. — אצינד האָב איך שוין נאָר א נייא לויפעניש (ער וויל געהן.

שפרינצע. און א בריף, מענדיל?

מענדיל. א בריף? הערשטו, עיקר שכחתי, אלץ דער שיינער יוד, מפוא זאָל ער ווערען, יאָ....

שפרינצע און רייזילי (ביידע אין איין קול) הא?......א בריף, בריף!

מענדיל. יאָ, א בריף — איז נישטאָ. (ער נעהמט ארויס, רייזילי נימט זיך אוואָרף אויף דער קנאפע און בלייבט זיצען שטיל, פאַרדעקט דעם פנים מיט ביידע הענט).

שפרינצע (צוקומענדיג צו רייזילין) רייזילי, דוא וויינסט! .... אך, האב רחמנות אויף דיר, אויף דער מאמע!

רייזילי. מאמע, נישט גוט! עס ליגט מ ר א שטיין אויפ'ן הארצען....

שפרינצע. איך גלויב דיר טאכטער! איך בין טאקי א יודענע פון דער אלטער וועלט, אבער אין מיר ליגט נאך א הארץ פון א מוטער, (זיא וויינט) איך פיהל, מיין קינד, דיין שווער ביטערער נעמ'טה, דאס העלש פייער דארט אין דיר ברענט און בראט און צוקאכט דאס בלוט אויף מיר.... נאר וואס קען מען אבער טהון? (זיא נעהמט ארום רייזילין ביים קאפ) מיר פאר דיין קאפ! קום ב'סער און לייג זיך אביסיל צו ב'יא דיר א'ן חדר. (איינ'ע דער אנדערער טהוט א קיש און געהען ב'ידע אוועק).

---

## צווייטע סצענע.

### פייבוש, און שפרינצע.

פייבוש (ארייגפליהענדיג אין שטוב) א גוטער פורים! (ארומקוקענדיג זיך) נישטא קיינער? .... גלייבער! דערווייל בעטראכט איך מיר דאס נאנצע דריידעל. — חאסקילים פלוניתטע האט מ'ט איהר שטארק מ'ך מח'ה געוועז. — וואס מיר ר' אליה? וואס מיר יוסיל פינטשעווער? א דולעניש נאר! חאסקיל איז גין נאלד.... אלסדינג איז דא צום רימעל: טאקסע, ר' יוחנצע, נגידים, שטאדט שקצ'ם .... טא'טא'טא, א דריידעל מיט אלע פיש-טשעווקעס! — ר' יוחנצ'ע האט עס היינט געמאכט דיא שפיל ממ'הרים, וויא א גוטער פורים שפ'לער! שמחהן גענומען אויפן דראנזשיק, האלט דיא בייטש אנצוטרייבען: וויא, שמחהלי, וויא! דער שידוך, אם ירצה השם ווערט פאהרען.... (שפר'נצע קומט אן).

שפר'נצע. א, איין אנגעליינטער גאסט! זיך פארט אויסגעריסען א מאל צוקומען. זיצט זשע ה' פייבוש! עפיס איז דאך היינט שושן פורים, קומט דאך אביסיל בראנפין מיט קיישעליך. פארט א נעוועזענער שדכן, א גוטער פריינד! ...... (זיא געהט צו דער שאפע).

פייבוש (אריינשטעקענדיג דיא האנד הינטערן קאָלנער) איך זוך היינט אלץ ביי מיר און זוך: רבוני של עולם, וואָס ביסט מיך, פיקט מיר אזוי אין קאָפּ? (טהוט זיך א קראַטץ) און טאַקי געפונען! מען בעדאַרף, זאָג איך אריינגעהן צו שפּרינצעלין......

שפּרינצע (אנידערשטעלענדיג אויפן טיש א פלעשיל בראָנפין מיט קישעליך) נאַט טאַקי האָט איהר נעטהון. — אי האָב איך א האַרץ פול מיט מכות, יסורים!.... מאַכט ברכה ר' פייבוש!

פייבוש (אָנגיסענדיג א קידוש גלעזעלי) נעה פרעג נאָטעניו קשיות, אז ער דרעהט זיין וועלטיל! אָט דרעהט ער אהער און פּלוצלים גאָר א דרעה צוריק. — לחיים! אבי געזונט, שפּרינצעלי. און וואָס ווייטער איז בע.... מסתמא וועט זיין רעכט. (ער טרינקט) אָ, בראָנפין, גאָר א חידוש!

שפּרינצע. לאָזט זיך נישט בעטען, טרינקט נאָך געזונטערהייט.— אמת טאַקי, נאָטעניו, וויא איהר זאָגט, טהור מען קיין קשיות נישט פרעגען, נאָר א וועהטהינג איז עס א גרויסער. פון אזויפיל קינדער קוים דערלעבט מיין רייזילין און געמיינט, פון איהר אָט, אָט נחת האָבען, פּלוצלים....

פייבוש (פּאַלט איהר אריין אין דיא רייד אויסטרינקענדיג דאָס גלעזעלי) לאָזט זיך דינען, שפּרינצעלע! מילא קומט דאָך בייא אייך אויס. אז רבוני של עולם מאַכט זיך זיין דרעהעלע גלאַט אזוי עס.... גאָרנישט! (א קראַטץ הינטערן קאָלנער) ניין, אז מע זוכט געפינט מען! דער ביס איז דעם זינדיגען מענשען איין אָנצוהערעניש, ער זאָל זוכען נאָר אין דער אנדערער זייט, וואָרים דער אמת איז, אין אזעלכע ענינים מוז מען צומאַכענדיג דיא אויגען זיך לאָזען פיהרען, מען פּריווט, טאָמער נעהט עס אהער, נעהט עס נישט אהער, בעדאַרף מען זיך נישט מצער זיין און פּריוּוען אהין, פאַרשטעהט איהר מיך? א דרעה אהין.... ר' שמחה אייערער פאַרשטעהט דיא זאַך אוודאי בעסער און זינדיגט ניט מיט דיא רייד. וואָרים ר' שמחה איז א ווילדער חכם און האָט אין זיך דאָס פּינטעלע יוד.

שפּרינצע. ניין, ר' פייבוש, דאָ איז גאָר נישט דאָס פּינטעלי. שמחה מיינער קוקט פשוט אויף דער זאַך וויא אונזערע טאַטעס, מאַמעס א מאָל, א שידוך איז נישט חתן כלה'ס עסק, נאָר דיא עלטערענס, היינטיגע קינדער טענהן אָבער אזוי: —

פייבוש. איך וויל גאָר נישט הערען יונגעלשע טענות. עט! שטותערייען.

ווייס איך, וואָס קינדער דאַרט פּלוידערען! (ער ניסט און דאָס גלאָעלי)

ר׳ שמחה קוקט דאַרויף טאַקי וויא א ווילדער חכם. (ער טרינקט)

שפּרינצע. א וואונדער חלעבין! ביים שידוך מיט אלכסנדרין האָט איהר ר׳ פייבוש גערעדט נאָר אנדערע ווערטער!

פייבוש. אַ, דערלעבען זאָלט איהר משיח׳ן! איהר האָט דאָך מיך טאַקי, איך בעט אייך איבער וויא איין אייגענע מוטער, נישט פאַרשטאַנען. הערסטו, דריינען טאַקי ליגט דאָך דאָס גאַנצע שפּיטצעל! דרעהט גאָטעניו אהער — איז אהער, דרעהט זיך אָבער דאָס רעדעל איבער, מוז עס בהשגחה פּרטית, זיך דרעהען נאָר אהין.... אי וואָס, פון לכתחלה?.... דער תירוץ איז נאָר־נישט.... קשיות איז נאָר נישטאָ, צוקייעט עס נאָר גוט, שפּרינצעלי, ס׳איז זעהר א טיפער ענין. — אייער ר׳ שמחה, זאָג איך נאָך א מאָל בפירוש, איז א ווילדער חכם. — איהר מענט עס איהם פון מיינטוועגען אָפּזאָגען. פאַרקעהרט, אדרבה. — ר׳ שמחה זאָל וויסען וויא איך האַלט פון איהם עולם ומלואה וואָלט פייבוש ביי איהם געווען, פאַרשטעהט איהר? נאָר טע טע־טע!.... עיקר הדבר, געדיינקט זשע, איז דאָס פּינטעלע, וואָס ער איז א יוד, טאַקי מ׳טן פּינטעלע. — א גוטען!

שפּרינצע. אזוי ניך! עפּיס האָט איהר מיך דאָך גאָר טביש געוועזן, נישט נעטרונקען, נישט פאַרביסען!

פייבוש. נישקשה, עט.... באלד אפשר קום איך נאָך ווידער. אצינד איז זיך גלאַט אזוי.... (ער נעהט אוועק).

---

## דריטע סצענע.

**שפּרינצע, שמחה, דערנאָך דוואָסיע.**

שפּרינצע (קלייבט צו פונם טיש און שטעלט אריין אין שאַפע) פייבוש, פאַרשטעה איך, מיינט טאַקי, זיינע שבחים זאָלען צו שמחה׳ס אויערען קר מען, און וועלען, פון שלום ווענען, טאַקי קומען. לאָז מיינער, חלעבין טאַקי אויף איהם זיך נישט אזוי בלאָזען.. (זיא זעטצט זיך לעבין דער קאָמאָדע

און זעהט איבער דאָס וועש. נעהמט זיך דערנאָך אריינצילען א פאָדים און טרעפט נישט אין לעכיל) א קעפּיל אביסיל, נאָר א פּינטעלע! — עפּים פּינטעלט מיר היינט פּייבּוּש אלץ פּינטעלע, מיט דעם פּינטעלי! — (צילעט) נעה טרעף אין פּינטעלע! .... היינטיגע מאָדישע קעפּליך, משטעהנעם געזאָגט.... נוא, צו וואָס טוינגען דיא אלע פּינטעליך, יענעם נאָר צופּארבּלענדען דיא אויגען! (לייגט אוועק דיא נאָדעל) נאָר א שווינדעל, א קאָפּדרעהעניש, טפוּא .... (שמחה קומט אריין; מיטן תלית און תפלין זאַק אונטערן אָרם) א שיינער שוּשן פּוּרים, מען זאָל איזוי שפּעט דאווגען און ביז אצינד אין מויל נישט צוהאָבען!

שמחה (לייגט אנידער דעם תפלין זאַק און זעטצט זיך אקעגען שפּרינצען) אוי, האָט מען מיט מיר היינט נעדאָוועגט!

שפּרינצע. איך וויים שוין, וויים! גוטס לאָזט זיך הערען. — נאָר איין אָנשיקעניש חלעבין!

שמחה. אוי, איין אָנשיקעניש! הלואי עס זאָל זיך נוט מיט אונז אויסלאָזען. אלע אויף מיר: א הויטשינדערע, א בערייסער! נאָר א צוזעמצעניש, ווייסענדינג, אז מיר קומט פּוּנם טהייערען מקח נאָרנישט ארויס, און גאנצען נאָר זייא, זייא, דיא פיינע בריות, און דאָ טהור מען נישט ארויס מיט א וואָרט! — אז זיי זיינען דיא שטאָדט און פאר א פּיפּס נאָר, ווערד פון דיר תל. — אוי רער ר' יוחנצע, ר' יוחנצע! ער זאָל זיך עס היינט אָפּרופּען פאר מיר איין וואָרט, גלייך וויא א יוּדישער גראָשען איז איהם אָסוּר חזיר. ער האָט נאָך געמאַכט עפּים אזא מינעלע, וויא ער האָט הנאה, וואָס דער עולם שרייעט. וואָס ער מיינט דערמיט וויים איך לע"ע נאָך נישט. נאָר מסתמא וועט זיך עס ארויסווייזען.

שפּרינצע. פאָרט וואָס איז ביי אייך דאָרט נעבליבען?

שמחה. נעבליבען? דיא אלטע קאָמעדיע, פּוּרים שפּיל — איין אסיפה!.... דיא נגידים וועלען היינט אין אָוועגט זיך דאָ צונויפקומען. זייא מיינען א קערמישיל. זאָל זיין אזוי! נאָר אָהן דעם איז דאָך עפּים אויף שוּשן־פּוּרים!

שפּרינצע. אי, ס'איז א גאנצע ארבּיים!

שמחה. מילא וואָס קען מען טהון. אז מען לינט בייא זיי אין דיא חענט, (ער שטעהט אויף) קיינער איז דאָ היינט נישט געוועזן?

שפרינצע. הא ? ... יאָ ! פייבוש איז היינט אַריינגעקומען. — וואָס האָסט דוא זיך אַזוי פאַרקרימט, שמחה ?

שמחה. מילא, עס.... פייבוש שמייבוש !........

שפרינצע. דוא זאָלסט וויסען, שמחה, וויא פייבוש האָט דיך ליב און לויבט דיך אין טאָג אַריין ! ער זאָגט: דוא ביסט אַ יוד מיט דעם פינ־טעלע. אַ ווילדער חכם. — נאָר נעהם זין פון דעסטוועגען נישט איבער, שמחה !

שמחה (שמייכלענדיג מיט אַ שיינענדיג פנים) ביים ווייב איז דער מאַן אין דיא אויגען קיינמאָל קיין חכם נישט. אונטער דיא אויגען איז איטליכער מאַן, דער גרעסטער שוטה אפילו, ביים ווייב אַ שטאַרקער חכם. — נעהם זיך, שפרינצעניו, פון דעסטוועגען אויף נישט איבער מיט דיין מאַן, וועלכען מען לויבט אַזוי.... הא, אַזוי ? איז דאָ היינט, זאָגסט דוא, פייבוש געווען.... אז פייבוש האָט מיר שוין יאָ בייא דיר דאָס מול פאַרדיכט, גיב זשע מיר, סערדצע, אַ קישעלע מיט אַ ביסיל בראָנפין !

דוואָסיע (אַריינלויפענדיג מיט אימפעט) אַ שאלה ! בייא דער הוהן איז אַ שפּיקקע אין פופּעק.

שפרינצע. אָט האָסט דוא דיר פון אלע מלאָכות ! .... דוואָסיע, גרייט צו אַ וועטשערע. היינט וועלען דאָ זיין דיא נגידים.

דוואָסיע. מזל טוב דיר ! גאָ דיר נאָך נגידים אויף דיין קאָפּ ! אַי, אין דער ערד אַריין חלעבין !

שפרינצע (צו שמחה;) געה מיין חכם אַריין צו דיר. דאָרט שטעהט שוין אלסדינג אָנגעגרייט. (שמחה נעהט אוועק).

---

## פערטע סצענע.

שפרינצע, דוואָסיע, ר' אליה און פייבוש.

שפרינצע (צעהלט אויף דיא פינגער) פיש געלע מיט ראָזינקעס, קיין יוך, מ״ן איך, בעדאַרף מען נישט.

דוואָסיע. וואָס דען! נאָך אַ מאָל לאָקשען!

שפּרינצע. אַ טאָפּנעבראָטענעם פון קאָפּ סיסליצע, אַ לעדוועצע.

דוואָסיע. אפשר איין עסיגפלײשיל מיט אַ גריינשיל איינגעהאַקטע קוילען פון זאָדינגפלייש אין זויערען.

שפּרינצע. מלינצעס, סרה׳ס־קניידליך, ווארעניקליך מיט קאשע און גריוועו.

דוואָסיע. אזוי פיל! אפשר טאָקי שוין גאָר אלע מאכלים: זראזע, א ראָסעל־פלייש, לעבערליך מיט ציבעלע, פעמשע, קוגעל, אָנגעפּיהלטע העלזליך, חרעמזיל, פוילע ווארעניקעס – פוילען זאלען זייא! וואו וועלען זייא דאָס אלסדינג לייגען?

שפּרינצע. אונזערע נגידים האָבין ליב צועסען, בפרט בייא יענעם, אז קאָסט זייא קיין געלט נישט.... נוא פלאָדען איז דאָ, טאָרט איז דא, פאנקוכען איז דאָ, סטרודעל איז דאָ, מלכות־ברייטליך — דאָ. נענוג איבערגעבליבען פון פלאָמענציםעס איז אויך דאָ. נישט פארזינדיגען! פאר גויט קען מען נאָך צומאכען א קאָמפּאָט פון עפּעל. לאָזען זייא עסין! אויף יענעמס חשבון עסען זייא מיט אפּעטיט.

דוואָסיע. צוועטצטערהיים, רבוני של עולם! א פרעסען אביסיל!....נאָר, היישרעקען, טפוא! (זיא לויפט ארוים).

שפּרינצע. משקה דאָס איז שוין שמחה׳ס זאך. נוא און ווייטער נאָרנישט.. (ר׳ אליה קומט אריין, דערלאַנגט א שמיר דיא מזוזה מיט אלע פינגער און קושט זייא דערנאָך מיט א זיפּצעלע).

ר׳ אליה. אַ נאָט העלף! (בעטראכט פון פאָרענט און פון הינטען דיא פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע) נוא, גוט פארדריפּעט!

שפּרינצע (צוקוקענדיג זיך צו ר׳ אליהו) נאָך אַ נעכטינער, אַ פּורימדינער שלוחפער?

ר׳ אליה. אי! ערשט נולד געוואָרען היינט, נעהענדיג אהער....און לסוף, אייערען אפּנים ווייטער נישט נעטראָפען. אָווא, א מעשה, א מעשה,....האָב שוין אזא מזל עפּים האָב איך. לויף און מעשה שטן נעראָטה מיר נישט צו־ חאפּען אייערין, מיפליך ארײנלאָזען זיך מיט איהם מכח איין־ענין. טרעף איך איהם א מאָל שוין יאָ און נעהם מיך צום שמיעס גאַנץ ברייטליך,

טראַגט דער רוח אַן דעם, יענעם און בלייב אלץ פון פאַרענגט בלייב איך. אָווא א מעשה, א מעשה.

שפּרינצע. מיינער איז אביסיל פערנומען. נאָר איך וועל איהם זאָגען. זיטצט דערוויל, ר׳ אליה, אויב איהר האָט צייט, (זיא נעהט).

ר׳ אליה (אליין- זיצענדיג זיך אויף א ביינקעל) אויב איהר האָט צייט? — א שאלה אביסיל! מיינע קאָנטאָרען דיא גרויסע! (ער גענעצט) אהו הוּך!.... יאָ, נערעכט פייבוש! פאַר שפּרינצען איז חיות מיט א וואָרט....היינט בלי נדר מאַך איך שוין קיין הקדמות, הויב גלייך אַן דעם עסק: איהר ר׳ שמחה און ר׳ יוסיל פינטשעווער—יוסיל פינטשעווער. זאָל זיין מיט מזל!....(ער הייבט זיך אויפן ביינקעל) איך זיטץ וויא אויף שפּילקעס. אָח־חאַ־חאָ, דיא זאַך זאָל שוין האָבען א סוף! נישטאָ בייא מיר קיין גראָשען....(ער שטעהט אויף און הערט זיך צו) דאַכט זיך וויא עפּיס טריט, הא? (ער נעהט און שטעלט זיך האַרט לעבין דער טהיר צוהערענדיג זיך) געלויבט איז גאָט! פאַהרט אויף שמחהן מיך אויסנעוואָרט.

פייבוש (ניט ביים עפענען פּלוצלים דיא טהיר א שטופּ ר׳ אליהן אויף עטליכע טריט וויים) אָווא, ר׳ אליה!

ר׳ אליה (פאַרגאַפט) עפּיס גאָר אומגעריכט! וויא קומט איהר אהער?.... איך האָב נישקשה אין זינען מיין זאַך.

פייבוש. ניכער ר׳ אליה! שוין א פּאָר שעה זוך איך אייך. ניכער צו יוסיל פינטשעווער! עפּיס מאַכט ער פוילע תנועות. מען בעדאַרף צו איהם האָבען אייער פּה קדוש.

ר׳ אליה. וואַרט דאָך שמחהן וואַרט איך. אָט קומט ער, הויב איך גלייך אַן עסק.

פייבוש. טענהט נישט און נעהט. שמחהן לאָזט שוין איבער אויף מיר. — באַם איהר טרעפט איהם נישט אין דער היים זאָלט איהר זיך אנידער זעטצען אויף אייער חזקה־אָרט ביים קלייטעל און וואַרטען....(צופיהרענדיג ר׳ אליהן צו דער טהיר) אָט אזוי, אזוי. — עפּיס שווישטשעט בייא אייך א שוך און מיאוס נעעפענט א מויל, דאָס שווישטשעט ער אויף נייע. נאָט וועט העלפען,...... נעהט זייט מוחל געזונטערהייט.

ר׳ אליה (קראַצט זיך אין קאָפּ) אָווא, עס נעהט א שלאַקס רענען, נור איין ברירה. (ער נעהט ארויס).

פייבוש (מאכט מיט אלע צעהן פינגער א לאנגע נאז) בישששׁ, קירת. א גרויסער פלאָקענשיסער! .... אוים שותפות ר' אלית. -

---

## פינפטע סצענע.

### שמחה, פייבוש דערנאָך מענדיל.

שמחה (ביים אריינקומען שטארק פארוואונדערט) וויים איך וואָס זיא זאָגט דאָרט.... ר' אליה!

פייבוש. איהר מיינט פייבוש! .... ר' שמחה. א היבשע ציים טאקי דאָ נישט געווען. וואָס זשע מאכט איהר ר' שמחהניו? איך האָב שוין נאָך אייך געבייינקט, בנאמנות! עס גלוסט זיך א מאָל הערען א קלוג וואָרט און ריידען מיט א גוטען, עהרליכען מענשען. אוי, איז היינט א וועלט! דורך שקר.

שמחה. זעהט איהר, דאָס גראָד זאָגט איהר איין אמת.

פייבוש. וואָס דען? — איך קען קיין עולות נישט ליידען. דאָס היינטיגע שרייען אין קלויז איז דאָך נאָר געווען פע, חגלשה חכשות! אין גאנצען איז דאָך עס איין אָנגעשטעלטע זאַך, איינער האָט אונטערגעהידעט. איך וויים נישקשה.

שמחה (זעטצענדיג זיך) זיטצט ר' פייבוש! זעהט איהר, דאָס איז דאָך מיר טאקי שטארק געלעגען צו וויסען.

פייבוש. (פארבייגט דיא פאָלע און זעטצט זיך פאמעליך לעבין שמחהן) מילא וואָס מאכט עס אוים, אז יענער מאראראמט דאָרט, ר' שמחה נישקשה וועט בלייבען ר' שמחה. פארקעהרט. יענער דרעהט לרעה און גאָטעניו דרעהט דווקא גאָר לטובה...... מיר האָבען מכח דעם נענוג נעשמיעסט ביי ר' יוהנצען, זאָל לעבין. — איך בין געווען דאָרט מנחם אָבל זיין, איהר ווייסט דאָך, ר' חאסקילעס ווייב איז לא עליכם געשטאָרבען פון א קינפעט מיט א צווילינגעל. — וואָס פאר א כלי שלמהָ דער ר' חאסקילי

איז, טאקי ר׳ יוחנצעס א זוהן און דעם אלטען רב׳ס איין אייניקעל. א קאטאוועס אזא משפחה. לויטער בערען.... וואס פאר א נזע אזעלכע צוויי־נעלעך. דאס ווערצעלע מאכט זעהר פיל אויס. הא ?

שמחה (פארטראכט מיט א זיפץ) אוי מאכט ער מיר אויס, מאכט דאס ווערצעלע אויס, ווען ר׳ יוחנצע זאל וועלען הע־הע.

פייבוש. בהן שלי, ר׳ יוחנצע איז אייך זעהר גוט און וויל.... וויל אייער טובה גאנץ שטארק. נאר, לאזט זיך דינען, ר׳ שמחה, אביסיל גע־ווענדעט זיך עס אבער אין אייך.... יא, האבען מיר מכח דעם געשמ׳עסט. מכח דעם, פארשטעהט איהר, וויא נאטעניז דרעהט זיין וועלטיל. עס דרעהט זיך אמאל גאר אויס להפך.... אין דעם טיפען שמ׳עס איז ארויף גראד דאס א שטיינער, וויא נאטעניז קען מען קיין קשיות נישט פרעגען. דאכט זיך איהר האט דאך געטהון א שידוך און לסוף.... איז גאר אין הימעל אויס־גערופען געווארען עפים אנדערש. בת שמחה לבן פלוני......

שמחה. פארקריכט נישט, ר׳ פייבוש, אין זייטיגע זאכען. ענדיגט בעסער מכח דעם שמיעס דארט בייא ר׳ יוחנצען. וואס פאר׳ט זאגט ר׳ יוחנצע? עד מתי, געוואלד, ווען מען מיך אזוי קוועטשען? — אוי, ר׳ יוחנצע זאל וועלען! ......

פייבוש. ער וויל, וויא איך בין א יוד .... אט וואס מיר האבען גע־שמיעסט. לאזט זיך נאר דינען ר׳ שמחה. מיט עטליכע יאהר צוריק האט איהר געהאט איין אוינ אויף א חאסקל׳ן. וואס מאכט זיך אבער? קומט איינער און חאפט א׳הם פלוצלים אויס. ער האט חתונה, און אייער רייז׳לי ווערד א כלה פאר איין אנדערען. וואס זשע טהוט נאטעניז? נאר א קליין דרעהעלע, אזוי: דוא, רייזיל׳ס חתן, זייא א כפרה פאר ר׳ חאסקילין, און דוא, ר׳ חאסקילים ווייב — א כפרה נעביך פאר רייזילין. ווארים אויבען איז בע־שיינפערליך אנגעהתמעט געוועזן: ר׳ חאסקילים ווייב זאל אין דעם יאהר געלעגען ווערען מ מ א צווילינגיל און שטארבען. נמצא, ווען עס זאל זיין וויא אייך האט אין דער התחלה זיך געגלוסט, וואלט דאך רייזילי געווינען דאס צווילינגיל און געשטארבען! .... אצינד זעהט מ׳ען טאקי קלאהר ארויס דעם נס, דיא חידושים הבורא.... גאנץ קלאהר וויא דער טאג, ס׳איז א זיווג משמים. פארשטעהט איהר, ר׳ שמחה?

שמחה. אצינד הו׳ב איך שוין אן אביסיל צופארשטעהן. אהא! ....

נאר וואָס העלפט עס אָבער, עפּיס איז דאָך דאָ א ווייב אויך, א טאָכטער, וואָס.... (מענדיל קומט אריין) מענדיל! מאַך אין שטוב א שטיקעל סדר צו דער היינטיגער אסיפה.

מענדיל. איהר הייסט מיר אין שטוב און דיא בעל הביתטע — אין קעך. זאָל איך מיך צורייסען?

פייבוש. חלעבין, ר' שמחה, איך וועל דאָ בלייבען און אביסיל צוהעלפען. דאנקט גאר נישט, דאנקט נישט ר' שמחה, וואָס מאכט עס אוס.... עט, נישקשה...... היימישע מענשען. חלואי אויף שמחות, ביי אייער טאָכטער אויף דער חתונה.

שמחה (מאכענדיג מיט דיא אקסלען) הים הום.... טא.... קום, מענדיל, נעהם זיך צו דיין זאַך. (שמחה און מענדיל געהען ארויס).

---

## זעקסטע סצענע.

### פייבוש, מענדיל, דערנאָך דוואסיע.

פייבוש (ארומקוקענדיג זיך) איך בין דא,.... דא, ברוך השם, מיט ביידע פיס! .... היום הרת עולם, אויף היינט שטעהט דיא וועלט. מיין טויט זאָל דאָ זיין, נעה איך פון דאנען נישט אוועק ביז מיר ארבייטען; עס נישט אָפּ מיטן קנאק. — שמחה, נישקשה, איז גוט איינגעשפּאנט און ר' יוחנצע, זאָל לעבען, איז א גוטער שמייסער.... הכלל ס'איז רעכט. און קודם כל, מיין איך, וואָלט אפשר נישט קרום געוועזן האפּען בינתים א מנחה. (ער רייכט דיא פינגער אויף דעם פענסטער. דיא טהיר עפענט זיך דערווייל פלוצלים אויף אין קאָראַדאָר אריין, פון וואנען עס זעהט זיך א לאנגער טיש).

מענדיל (שטעהענדיג אין דער טהיר) זייט זשע מוחל, ר' פייבוש! וואו זיינט איהר ערגייץ?

פייבוש. תיכף, מענדיל, דיא רגע. האָב נאָר אביסיל צייט (ער פאר־שטעקט דיא פּאָלעס און פארקאטשעט דיא ארבעל) נוא, אצינד בין איך פאר־

טיג. דוא, מענדיל, נעה אין קאָראָדאר פון יענער זיים, און איך וועל א נעהם טהון דאָ. נעהם עס וויא א מזמור.

מענדיל (שמונפענדיג דעם טיש מיט כח) א ביינ א ביסיל אין דער זייט, ר׳ פייבוש! נוא, נים איהר דאָרט א דרעה?

פייבוש (שפרינגט אהין, אהער, קוועטשענדיג זיך וויא ער רייסט איין דאָס נעזונט) א שאלה אביסיל אויב איך ניב א דרעה! אי דרעה איך.... עס געהט אָבער עפּיס נישט. פריוו נאָר דוא האָרט געבען א דרעה!

מענדיל. און איהר האלט נאָר בייא אייך דאָרט שטארק מיטביידע הענט! (דער עק טיש הויבט זיך הויך אויף אין דער טהיר און פאלט באלד טאקי אראָפּ) פאר וואָס זשע פאלט עס ביי אייך, ר׳ פייבוש, אראָפּ?

פייבוש (קוועטשענדיג זיך קלאָמפּערשט וויא ער טהוט) אוודאי פאלט בייא מיר אראָפּ! ס׳איז נאָר הארב דאָס אויפהייבען. פריוו נאָר נאָך א מאָל, אָבער מיט אַלע כּוחות. אָדער ווייסט דוא נאָר וואָס, נעה דוא אהער און שלעפּ, איך וועל נעהן אהין אונטערשטופּען. (פייבוש נעהט ארויס און מענדיל קומט אריין).

מענדיל (שלעפּענדיג מיט אלע קרעפטען) איין ביינ, חאָטש איין ביינעלע אין דער זייט! (פּתאם קאָראָדאָר הערט זיך א קוועטשעניש וויא פייבוש סאָפּעט און נים אונטער חשק. בּלוצלים ריקט זיך דער טיש אריין מיט אימפּעט און ווארפט מענדלין אום).

פייבוש (ארייננקומענדיג) אָווא! איך בין אָסור נישט שולדיג. דאָס איז זיא.... ביי מיר האָט זיך עס געריקט נאָר מחיה, בעדארף זיא זיך אריינמישען און דערלאנגען אזא שטופּ.

דוואָסיע (ווייזענדיג זיך אין טהיר מיט א נעלעכטער) האָסטו גע׳הערט, א שעה זאָל מען זיך באָברען ארום א טיש! רעכט אויף דיר, רעכט, ברעך פון מיינטוועגען דעם קארק.

מענדיל. גלויבט איהר נישט, ר׳ פייבוש! ווייבער האָבען ליב תמיד זיך פארשטעלען. לאכען קלאָמפּערשט ווען עס ווינט זיי דאָס הארץ. — דוואָסיענ׳ג, איך האָב דערקענט דיין שטופּ! שוין נישט דאָס ערשטע מאָל. נעה חאָטש הויב מיך אויף און טהוא מיך א קיש!

דוואָסיע. אָט צויאָג איך מיך! אזא גרויסע מכה זאָל דיר זיך זעטצען וויא גרויס דוא ועסט דארויף ווארטען.

פייבוש. נוא, מענדיל, טהוא איהר היינטיגס מאָל צוליב און שטעה אליין אויף. ביים אנדערע וואָרף טהון דיך ווערט זיא שוין מיט איהרע אייגענע כשרע הענט דיך אויפהויבען.

מענדיל (אויפשטעהענדיג) הלוואי פון אייער מויל אין דוואָסיעס אויערען אריין! זאָג דוואָסעניו אָמן! — זעהט איהר, זיא שווייגט, אז איהר ווילט זיך נאָר א יחוס שידוך, א בחוריל מיט א אויסגעווייסט פניציל.

דוואָסיע איך שטעה מיר דאָ און קוק וויא ער מאַכט זיך משוגע און דערווייל קען דאָרט דאָס טעפיל אויסלויפען! אויסלויפען זאָל דיר דיא נשמה, ימח שמוניק איינער! (זיא לויפט ארויס).

---

# זיבעטע סצענע.

## פייבוש, מענדיל, שפרינצע א שמש און שמחת.

פייבוש (האלטענדיג זיך אין דיא זייטען מיט פארקאטשעטע ארבעל און פארשטעקטע פּאָלעס) נוא, האָבען מיר שוין, ברוך השם, דעם טיש אויף אריינ־געטראָגען, האָבען מיר.

מענדיל (באָברענדיג זיך ארום דעם גרויסען טיש) נעהמט, ר' פייבוש, אָט דעם טישעלע פון מיטען שטוב און שטעלט עס אין ווינקעל דאָרט.

פייבוש (צולויפענדיג צום ווינקעל) האָסט א טעות. מענדיל, עס וועט נישט נעהן. פּריוו אדרבה וועסט דוא זעהן. — הערסטו וואָס איך וועל דיר זאָגען, דוואָסיע איז נאָר דאָס וואוילע מיידיל.

מענדיל (אנידערשטעלענדיג דאָס טישעלע אין ווינקעל) עס שטעהט דאכט זיך גאַנץ גוט.

פייבוש. טאקי באמת נאָר נישקשהדיג, וויא איך בין א יוד, — נוא, האָבען מיר שוין דעם טישעל אויף אנידערגעשטעלט. — מען בעדארף זיך א נעהם טהון צו דוואָסיען.

מענדיל (אויסדרעהענדיג דעם גרויסען טיש פון איין זייט דאכט זיך, דיא זייט שטעהט גלייך. — אדרבה פריווט זיך, ר׳ פייבוש.

פייבוש (א רוק געבענדיג דעם טיש נאָר באלכסון) אצינד, מענדיל, אביסיל א רוק פון דיין זייט. — פון דוואָסיעס זייט, זאָג איך דיר, וועט שוין, אם ירצה השם, זיך אָנהויבען צוריקען.

מענדיל (אויסגלייכענדיג אין פייבושעס זייט) אבי נישט קרום חלילה וויא דער טיש.

פייבוש (א שטופּ געבענדיג אומגערען דעם אנדערען עק טיש) קרום, חלילה, קען נאָר ביי מיר נישט זיין. איך האָב שוין דערצו מיינע מיטעל. (א קראַטץ הינטערען קאָלנער) אז מען זוכט געפינט מען.

מענדיל. דאָס וואָס איהר, ר׳ פייבוש, געפינט, איז אייער סוד, בייא אייך בלייב עס. איך אָבער געפין, אז ביי אייך מחילה איז פּאָפּערעק. מיר שפּארען שוין אן לעבין דער טהיר. (שפּרינצע קומט אריין)

שפּרינצע. אָ, ר׳ פייבוש, וויא איהר ארבייט נעביך און זיך אזוי מטריח!

פייבוש. עט.... נישקשה, מילא?.... הלוואי אויף שמחות איינער צום אנדערען!

שפּרינצע. אָמן, רבוני של עולם, — פּאָרט איין אלטער גוטער פריינד.. עפּיס רופט אייך רייזילי.

פייבוש. תיכף, איך וועל נאָר גוט שטעלען דעם טיש, (דרעהט זיך אהין, אהער טאפּענדיג זיך בייא דיא פּאָלעס בשעת מענדיל ארבייט זיין זאַך) נוא, געפּאַטערט, ברוך השם, נאָך א שווערע מלאכה. דער טיש שטעהט ביי מיר אייזענפעסט. (ער געהט ארויס און באלד דארויף קומט דעם רב׳ס שמש אריין).

דער שמש. צו ר׳ שמחהלין! וואו איז ר׳ שמחהלע?

שפּרינצע. ניכער, מענדיל, געה שיק אריין דעם בעל הבית! (מענדיל געהט).

דער שמש (קרימענדיג זיך) טע.... יחוד מיט א נקבה (ער קריכט ארויף ניך אויבענאָן, קעהרט זיך אום צו שפּרינצען מיט דעם ריקען און מיט דעם פּנים צום פענסטער).

שמחה (אריינקומענדיג) וואָס וועט איהר, שמש, זאָגען עפּיס גוטס?

דער שמש (קעהרט זיך אום און נעהמט פונם בוזעם ארויס א פאקעט) נאט, ר' שמחהלי! דער רבי שיקט אייך אט דאס און געלאזט שעהן בעטען; מוחל צוזיין פון זיך שוין א ידיעה געבען ווענען מען בעדארף, האט געלאזט זאגען אזוי דער רבי. (שמחה ריקט דעם שמש אין דער האנד אריין א מטבע, ער בעטאפט זיא מיט דער האנד און געהט).

---

## אכטע סצענע.

### שמחה, שפרינצע, דערנאך פייבוש מיט ר' יוחנצען און דיא נגידים.

שמחה (נעמט, זעטצענדיג זיך, ארויס פונם פאקעט א בריף, און וועלכען ער קוקט מאבענדיג מיט דיא אקסלען) דאס איז עפיס גאר צו רייזילין א בריף.

שפרינצע (א חאפ געבענדיג זיך) אוודאי פון אלכסנדרין! געלויבט איז גאט, איך לויף אנזאגען רייזילין! (זיך חאפענדיג באלד צוריק) זאג גאר גיכער איז ער געזונד? — גיכער!

שמחה. שא. אהן רעש! וואס איז דא אויף דיר אזא פרייד? אי, שפרינצע שפרינצע, האסט־דוא מ'ר נעקויפט מפטיר!....

שפרינצע. גענוג גערעדט. מען האט שוין געהערט! אצינד קומט איהם אוים צודרשהנען בשעת איך חאלעש הערען א ווארט. אט לייען, לייען בעסער.

שמחה. אי, שפרינצע, דוא זאלסט וויסען מיינע ביטערע....נאר לאמיך בעסער שווייגען. (ער גיט א מאך מיט דער האנד און לייענט איבערהיפע־רענדיג): „אצינד, מיין רייזילי, איז האלבע נאכט....מיט געוועהר אין דיא הענט שלאפט איצט דיא קאמאנדע אויסצורוהען אביסיל נאך אזוי פיל טעג מיה....קוילען זענען געפלוינען....אין דונערען און בליטצען פון פייער־שפייענדיגע הארמאטעס האט דער מלאך־המות....וועבענדיג אויף פליהענדינע

באַטבעס נעקיילעט....מאָרגען נעהם דיא גרויסע מלחמה פאַר שיפּקע! און נישט איינעם נאָך פון דיא דאָזיגע שלאָפענדיגע אצינד וועט מאָרגען....רייזילי! איך רעד איצט אין דעם דאָזיגען בריף מיט דיר, אין דער האָפנונג, אז ווען דיא דיא קויל טרעפט מיך, וועט ער דיר דערצעהלען וויא שטאַרק ליב". — מילא נוא, עס געהער נישט צום ענין. — „אין דיא לעטצטע מינוטען פון מיין לעבען האָב איך געדיינקט נאָר פון דיר......"

שפּרינצע (ווישט דיא אויגען) רייזילי וועט נעביך צוגעהן הערענדיג. אבי גאָט האָט איהם ביז אהער אויסגעהיט.... נוא, ווייטער. שמחה! וואָס שרייבט ער ווייטער?

שמחה. ווייטער איז שוין זייערע זאַכענישען. נאַרעשקייטען.. צו דיר אין אויך דאָ א געוויס נאָר פריינדליך. פּרעה זיך מאַמע! (ער נעהמט נאָך א בריף פונם פּאַקעט און בשעת מעשה פאַלט פון דאָרט ארויס א פאָטאָ־גראַפיש בילד.

שפּרינצע. האַ, רייזילים בילד... שמחה, דוא ביסט בלייך, וועה איז מיר! לייען נאָר הויך, וואָס לייענט ער עס עפּיס שטיל פאַר זיך!

שמחה. בערוהיג דיך שפּרינצע! האָב נאָר אביסיל צייט!

שפּרינצע. שמחה לייען!.... לייען, וואָרים אָט חאַלעש איך אויפּן אָרט.

שמחה. איך לייען. נאָר שאַ. למען־השם שאַ! — דאָס שרייבט דער רישטשוקער רב פון בולגאַריא צו אונזערין, אזוי: „איך שבא, נעקומען לקהילתנו א זעלנער מאחינו בני ישראל, א יונגער מאַן און רחמנא ליצלן חרב נעוואָרען והיהודים פון מיין קהילה רחמנים בני רחמנים האָבען איהם אריינגענומען אין בקור חולים, ושם איז ער געלעגען, לא עליכם אין א היטציגער חולאת אָהן לשון און מטושטש...."

שפּרינצע (נישט מיט איהר קול) דאָס גוטע בריוועלע, וועה מיינע יאָהרען! — ווייטער שמחה לייען, ביז דעם סוף.

שמחה. אָבער איך בעט דיך, שפּרינצעניג, שאַ!....(ער לייענט און שטאַמעלט) „ואחר פּטי־טירתו האָט מען געפונען אצלו בריף, פון וועלכע מען זעהט בחוש אז ער איז מבני קהילתכם, האָט דאָרט פאָטער און מוטער וגם א כלה, וואָס איהר בילד איז רצוף בזה, לכן מהוא איך הכל, וואָס אויף מיר איז מוטל און שיק לכבודו אלסרינג אריין. בכדי כבודו זאָל מצרו

א ידיעה נעבען לסרוביו און וויסען איך להתנהגי׳.

שפרינצע (ברעכט דיא הענר) א שלאק האט מיך געטראָפען, רייזילי! — פארשפילט אזא טהייערע נשמה! שמחה, אוי נישט גוט!....

שמחה (האפט ארום שפרינצען) שפרינצע, אָ שפרינצעניו, לאָז דיך נישט אָפּ! אין שטוב, ווילסטו, זאָל ווערען א צונויפלויפעניש און רייזילי זאָל זיך דערוויסען פלוצלים?

שפרינצע. אוי, איך וועל מיך איינהאלטען, זיך ווערגען, שטיקען אין מיר!...... (זיא חליפעט און געהט ניך ארויס).

שמחה (מיט א זיפץ) ברוך דיין אָמת!.... גאָטעניו דרעהט זיין וועלטיל, וויא פייבוש זאָגט. (פארטראכט) אוי, דרעהט פייבוש זיין וועלטיל! אָן קלאָטפערשט אלץ וויא נאָט זאָגט.... (ער וויל געהען און בעגעגענט זיך לעבין דער טהיר מיט ר׳ יוחנצען און פייבושין) א, ברוך הבא ר׳ יוחנצע! דער ערשטער און דער בעסטער. — זיטצט, זייט מוחל, איך וועל נאָר אויף א ווייל(ע) ארויסגעהן. עפיס קריטט זיך מיין ווייב און איז לא עליכם אביסיל לא עליכם׳דיג. (ער געהט).

פייבוש. אי, וואס פאר א פאנטאפעל מאן דער שמחה איז, דאָס ווייב, א געלעכטער חלעבין, האָט ביי איהם א דעה........

ר׳ יוחנצע. בייא אלע עמי הארצים איז דאָס ווייב א גאנצע חשובה.... שמחה, דער עם הארץ, זאָגט איהר, קוויינקעלט זיך נאָך, — ווער איז ער אָן ווער — איך? (ער מאכט א קילאק) אָט דאָ ליגט ער בייא מיר! וויל איך ווערד מאָרגען פון איהם תל. פארשטעהט איהר?

פייבוש. דאָס טאקי מיין איך זאָלט איהר איהם היינט דאָ גוט אָנ־צוהערעניש געבען, אז ער זאָל פיהלען אָן צאפּלען צו טאָן. אויף דער אסיפה בעדארפט איהר זיין אהין נישט אהער, אהער נישט אהין, עפּיס מיט א דריידיל, פארשטעהט איהר?....(אונטערווארטענדיג ר׳ יוחנצען) ר׳ חאסקילי אייערער וועט אין א שמאלץ־גרוב זיך ארייכהאפען און אויסגלייכען דיא ביינער נאָך אזוי פיל רחקות נעביך. שפרינצע איז א וואוילע בעלהביתטע. א שטוב איז בייא איהר פון אלעם גוטען און איהרע ווארעניקעס שטין דיא וועלט.... ר, חאסקילי נישקשה וועט האָבען גוטע קעסט! (שמחה קומט אריין און נעהמט זיך אָנצינדין ליכט אין זילבערנע לייכטער. פייבוש חאפט

זיך העלפען און ווארפט אראפ א לייכטער. באלד דארויף קומען אן דיא נגידים).

שמחה (לויפענדיג זייא אקעגען) א, ברוך הבא ר' שמעלקי! ברוך־הבא ר' טודריסיל! ר' העניך, ר' סענדעריל, ר' לייבעלע! ברוכים הבאים, ברוכים הבאים!

---

## ניינטע סצענע.

**דיא נגידים, ר' יוחנצע און שמחה זיטצען ארום טיש. פייבוש דרעהט זיך ארום וויא ער איז שטארק בעשעפטיגט, ווארפט זיך אין אלע זייטען און טהוט לחלוטין נארנישט.**

ר' סענדעריל. הבה נתחכמה רבותי! וואס טהוט מען מיט דיא עזות פנימער?

דיא נגידים (אלע אין איין קול און איטליכער רעדט זיינס) מען קען נישט אראפלאזען! — מיר קומט אויף דער באד!! — צוויי שוחטים נייע מוז מען צונעהמען! — פארקעהרט, מען מעג נאך דעם מקח נישקשה ארו פ־ציהען! — וואס מיר עולם? ווען מיר עולם! — נארישע זאכען חלטבין! — פישיש! — לאזט זיך דינען, לאזט זיך דינען! — וואס טויג מיר דא המציאות! — צוויי קאפיקעס איז חלעבין בירשר! — פאלגט מיך! — ניין, ניין! — פארקעהרט, אדרבה, דרייא.

שמחה. בעטראכט רבותי מיין לאגע. דערווייל לייד איך און אין גאנצען לאזט זיך עס אויס צו מיין קאפ.

דיא נגידים. איז אייך שלעכט, זאגט ושע זיך אפ.

שמחה. חאטש מארגענדיגען טאג! בעפרייעט מיר נאר מיין זאלאג. (צו ר' יוחנצען) ר' יוחנצע, איהר פארשטעהט דאך יא איין עסק, בעטראכט אדרבה דיא זאך ארום און זאגט, איך בעט אייך.

ר' יוחנצע (קנייטשט זיך) בע.... א שווערע הלכה....

שמחה. מיר איז שלעכט פון אלע זייטען. עס קומט דאך מיר אויס בדלות צו ווערען. — איך לאז אייך דא איבער, איהר זאלט אייך גוט מישב זיין (ער געהט ארויס).

ר׳ שמעלקי. נישקשה, כאז ער זיך טאקי אפזאגען וועלען זיין, פארשטעהט איהר מיך, פאפעטשיטעלעס. וויא מיינט איהר, ר׳ יוחנצע?

ר׳ יוחנצע (נעהמענדיג זיך ביים בערדיל) בע.... שמיעסט מען אין תוך אריין זיינט איהר פאפעטשיטעלעס זעהר גוטע. מהיכא תיתי.... נאר לאמיר שמיעסין פארקעהרט, איז דאך דיא קשיא נאך פון אויבען אויף: זאלט עס אנדערש זיין אזוי.... וויא זשע ווערד מען פטור שמחהן! אלא וואס דען וועט א'הר ענטפערען: עולם, לאז דער עולם טאקי שרייען געוואלד, וועט ער שוין מוזען.... פארשטעהט איהר מיך, בלייבט דאך צוריק דיא קשיא: וויא איז דער דין אז ער ווערד א כופר בעיקר, דאס הייסט, ער זאגט דער שטאדט, איהר פארשטעהט דאך ווען איך מיין, נאר גראב: געשמייע אייך פאר פול, וואס פאר א מחותנים זיינט איהר מיט דער טאקסע? —איז דאך טאקי נישט קיין גוטער משא ומתן.... נייטמער מען בעדארף זיך גוט מישב זיין. מיר וועלען זעהן. (צווישען דיא נגידים ווערד א גערזשעריי. פייבוש געהט צו פאמעליך צו ר׳ יוחנצען, רוימט איהם איין אין אויער און געהען ביידע צו דער טהיר).

פייבוש. שמחה רופט אייך אויף א ווארט. זעהט זשע ר׳ יוחנצע, אצינד איז דיא רעכטע צייט. וויזט איהם דארט דאס בייטשעל און גיט איהם א קוועטש וועט ער זיך אנהאפען מיט הענט און פיס. — לאז ר׳ חאסקילי זיך ארייננהאפען אין א שמאלץ גרוב, (ר׳ יוחנצע געהט ארויס).

ר׳ טודרוסיל (אפפיהרענדיג ר׳ שמעלקען פונם טיש אין דער זייט) באם עס וועט בלייבען פאפעטשיטעלעס בעט איך אייך אין זינען צוהאבען, מיך אויך אין דעם צעטיל אריינצושטעלען. (זיי געהען צוריק צום טיש).

ר׳ סענדעריל (אפפיהרענדיג ר׳ לייבעלען אין דער זייט) פארגעסט נאר נישט, איך בעט אייך, אז איך בין שוין א מאל אויך געווען פאפעטשיטעל און בין דער שטאדט שטארק צוניטץ געקומען. מיין גאנץ לעבען ארבייט איך אלץ לטובת הכלל, לטובת הכלל.... (זיי געהן צוריק צום טיש. שמחה און ר׳ יוחנצע קומען אריין, פייבוש געהט צו זיי נאהענט צו).

שמחה. לאז עס נאר בלייבען בסוד, ר׳ יוחנצע, ביז איך וועל פארטיג

זוערען מים מיין ווייב. אונזער תּקיעת כף איז היילינ.

פייבוש. מזל טוב, ר' שמחה! מזל טוב ר' יוחנצע! .... איהר האָט ביידע חלעבין נעטראָפען. אזעלכע צווייא לייטישע מחתּנים! (ר' יוחנצע ווינקט צו שמחהן. שמחה נעהט ארויס און ער נעהט און זעטצט זיך ביים טיש).

ר' יוחנצע. מסתמא בין איך נערעכט! איך האָב א טאָפּ געטהון דאָרט שמחהן און זעה ארויס, וויא באלד מען ציהט איבער דעם בוינען איז ער טוכן ומזומן אייך ענטפערען קוממיות....

דיא נגידים (אין איין קול) אזוי...... ער וויל נעהען א קענען א שטאָדט.

ר' יוחנצע. שטאָדט, זאָגט ער, הייסט בייא מיר דער עולם, נישט עטליכע נגידים.........

ר' סענדעריל (קנייטשט דעם שטערען) וויא באלד אזוי.... נישט אַר בערציהען.... מוז מען אצינד, פארשטעהט איהר? שוין זעהן עפּיס א מיטעל וויא דעם עולם לעת עתה איינצוגעהמען. און א סגולה צום עולם קען נאָר נעבען איין ר' יוחנצע.

ר' יוחנצע (דרעהענדיג דאָס בערדיל) מיין זיידע, זכותו יגן עלינו, פלעגט אלץ מאכען, געדיינק איך, כהאי לישנא: בע.... עולם גולם. — צוקייעט מען דיא דאָזיגע היילינע ווערטער פיהלט מען וויא זיס זיי זיינען. ר' ליב שרה׳ס גולם, א שטיינער, איז געגאנגען, געטהון זיינע שליחות. האָט ער זשע דען נעוואוסט וואָס ער טהוט? ניין, אין איהם האָט געארביים דער שם המפורש. קוים אוועקנעהמענדיג דער שם המפורש, איז ער נעבליבען ליגען וויא א שטיק ליים. — דער עולם, פארשטעהט איהר מיך, איז אין תּוך אריין א ליימענער, אָנגעמאָהלטער גולם. ער שרייעט, פילדערט און פרענט איהם בחרם וואָס.... אין איהם ארביים עפּיס א שד, לצים אזוינע, נפשות, וואָס דרודלען איהם אָן. ס׳איז נאָר א האקוס פּאָקוס. מען בעדאַרף, פארשטעהט איהר? דיא עטליכע לצים אוועקנעהמען ווערד שאַ. און צו יענע לצים איז דאָ א שפרוך, נוטע באבסקע מיטעל — ממתּקים מיין איך.

דיא נגידים. א, דרינען מוז מען זיך שוין ווענדען טאקי צו שמחהן. נעהמט, ר' יוחנצע, ביי איהם על חשבון. נישקשה......

פייבוש (צוגעהענדיג צו דיא נגידים) דער בעל הבית בעט דעם עולם

:רייננעהן אין אנדערען חדר. מען בעדארף דא גרייטען צום טיש. (אלע געהען אין צווייטען חדר).

---

## צעהנטע סצענע.

### פייבוש, דוואָסיע און מענדיל.

דוואָסיע (גרייט צום טיש) מיט איהם איז גוט דיא הענט זיך צו-צופית־רען! וואו איז דער ימח שמוניק ערגיץ מ׳ט דיא טעלער?

פייבוש דרעהענדיג זיך ארום דוואָסיען) מיט אים וואָלסט דוא דאך געוואוסט פון א לעבען צוזאָגען. דאָס טעלעריל פונם הימעל וואָלט ער דיר אראָפגענומען.

מענדיל (אָנקומענדיג אויף דיא רייד מיט טעלער) און צוגעטראָגען דיר, דוואָסיעניו, פון פייגעלמילך.

פייבוש (אָנניסענדיג א כוס) בראָנפין וויל איך אליין נעהמען און לעקיך צום פּאַרבייסען וועסט דוא, דוואָסיע, שוין געבען (ער טרינקט); הער נאָר א מעשה, מענדיל האָט גאָר אליין נישט געוואוסט, אז ער האָט א פעטער אין אָרץ ישראל, — (צו דוואָסיען) ער איז דאך פונם צימעס, גאָלע יחוס. בעסערם דערפון האָט דיין טאטע, ר׳ כתריאל, זיך נישט געקענט גאָר ווינשען (מיט א זיפץ מלא חניפה) אָט דאָס איז געווען א יוד, אזוינע יורען זיינען היינט גאָר נישטאָ. אי, האָט ער, עליו השלום מיך ליב געהאט. (מאכענדיג מיט דער האנד גיט ער א שטופ דעם טיש).

מענדיל. עפּיס גאָר א נייער ריק, ר׳ פייבוש, פאַפערעק אזש קיין ארץ ישראל......

פייבוש. וואָס דיר דאכט זיך פּאַפעריק איז דווקא גלייך. אָט וועסט דוא זעהן, מענדיל, וויא דוואָסיע גיט מיר היינט פאַרבייסען לעקיך.

דוואָסיע. היינט איז שווערליך. פּאַרבייסט דערוויל מיט דער צונג. (שמחה מיט דיא גנידים קומען אריין).

## עלפטע סצענע.

אלע זיטצען ארום טיש און עסען. דוואָסיע טראָגט אריין, מענדיל נעהמט צו ביי איהר און דערלאַנגט צום טיש. פייבוש דרעהט זיך אהין אהער, גלייך וויא ער סארוועט, טהוט איין טרונק בראַנפין נאָכן אנדערען און חאַפט ביים ווענ נעהענדינ פון א פאלימעשעק.

ר׳ יוחנצע (האלטענדיג א כּוס אין דער האנד מיט פארגלאָצטע אויגען) לחיים! פשוט טאקי.... טיי טע־טע־טיי לחיים! (ער זיפצט, נימט א זופּ און טרינקט דערנאָך מיט א מאָל אויס דעם כּוס).

דיא נגידים (זיפצענדיג) לחיים, לחיים אוי־אוי־אוי טאטע פאטער!

פייבוש (פאלענדיג פון דיא פיס שלאָגט זיך אָן מיט מענדלין) נישקשה, מענדיל, פאל בייא זיך נישט אראָפּ, עס וועט נעהן!....

מענדיל. עפּיס נעהט עס היינט בייא אייך אלץ באלכסון און פלאָנטעט זיך פאר דיא פיס טאקי ניין איילען, פייבוש.

פייבוש (צולויפענדיג מיט אימפעט צום טיש אויף א קול לעבעדיג, וויא א מארשאליק) דער בעל שמחה בעט דעם עולם קיין פאראיבעל נישט צוהאָבען. אויף דער טאָכטערס חתונה אם ירצה השם וועט ער פארבעסערען! (פּלוצלים לויפען אריין הענדום פענדום פּורים שפּילער. אחשורוש אין א מאנטיל פון איין אלטען פּרוכת, אויפן קאָפּ א מין היטעל פון געל פּאפּיר מיט פלימערליך. „ושתי המלכּה" מיט א סימן פון א בערדיל, אין א קורץ שמוטציג קליידעל, פון וועלכען עס קוקען ארויס גרויסע, גראָבע שטיוועל. ארום דעם האלז א שאל, צונעבונדען מיט דיא עקען הינטען אויף דער פּלייצע. אויפן קאָפּ איין אָפּגעבארעט שטרויען קאפעלישעל. — „מרדכי". אין א קאפטאן, אויפן קאָפּ א מין שטריימ׳ל מיט א לאנגער באָרד פון קליאָטשע. נעהט רייטענדיג אויף א הילצערען פערדיל, בעהאנגען מיט גלעקליך. — „המן". אין א סאלדאטסקען שינעל. אויפן קאָפּ א דרייעקעכדינער קראָם פון צוקער פּאפּיר. — דער לעקער־לויפער אין שיך און זאָקען. דיא פּאָלעס פארביינען. אויפן קאָפּ א הויך

פאפירען היטעל. א כלי־זמריל סקריפעט אויף א פידעלע און איינער נעהט מיט דיא טאצען. — „דוואָסיע און מענדיל" שטעהען לעבין דער טהיר און קייבען פאר געלעכטער).

מרדכי (יאָגט זיך ארום רייטענדיג, שאָקעלט מיט דעם בערדיל. דיא גלעקכיך קלינגען).

פליהען אויף דיא אחשתרנים טהוא איך טהון,
אין א פערפעלוויגלענע זפצע טהוא איך זיין אַנגעטהון,
טהוא איך, טהוא איך, טהוא איך טהון,
א שפרונג, א שפרונג אויבענאַן.

מענדיל (צו דוואָסיען) אויף דער אויבערשטער באַנק אין באָד! דאָס איז בעריל דער שמייסער!

דוואָסיע (קייבענדיג פאר געלעכטער) מיינע צרות אויף איהר, אויף ושתי המלכה! דאָס איז לייזער דער בעהעלפער!

דער לעקערלויפער (שטעלט זיך אין דערמיט שטוב און גיט א מאַך מיט דער האַנד ארום זיך).

דאָס איז א וויינגאָרטין!

אחשורוש (טהוט א מאַך מיט דער האַנד פון זיך)

אָ, דוא לעקערכייפערכיין!
לויפען זאָלסט דוא צו ושתין,
נאַקום לאָז זיא אויפטרעטיין,
לאָזען דיא הארען קוקיין,
וויא ענטפלעקט טהוט זיא זיין שיין.
טראַלעלייא, טראַלעלייא, טראַלעלייא!
איינס און צווייא און דרייא.

דער לעקערלויפער (צולויפענדיג צו ושתין).

איך טהוא מיט מיינע גילדענע פיסעליך טהון
אין דיין שפאצירגערטענדיל אריינטרייטען.
לאָז מיך, אָ ושתי! דערציילען.
דער מלך טהוט טהון בעפיילען:
נאַקעט זאָלסטו זיך טהון צוגרייטען
נאַקעט און הויל פאר איהם טרייטען.

טרייטאַן, טרייטאַן, טרייטאַן.

ושתי (אויף אַ קווימשיג קאָלכען)

נאָקום טהוא איך מיך שעהמאַן,

מיין שיין קלאָהר לייב בלויז צייגען,

אַ ליילוך טהוא איך טהון נעהמען

און צומאַכען דיא אויגען.

(וואַרפט אַראָפּ דיא שאַל, אויסטוהענדיג דאָס קאַפּעלישעל טאַפט זיא

אָן עפּיס אויפן שטערען און ניט זיך אַ חאַפּ מיט כעס).

וואָס טהוט שפּראָצען מיר אויפן שטערן

עפּיס וויא אַ לאַנגער האָרן?

אַ, לעקערלויפער, ניקס בשום אופן!

זאָלסט מיט דיינע פיסעליך לויפען,

ווער איז ער? טהוא איהם זאָגען,

אַז איך ושתי זאָל איהם טהון פּלאָגען!

אַ שטאַלמייסטער האָט ער געטהון

טהון זיין אַ מאָל בייא מיין טאַטען.

זאָל ער נישט טהון פאַרגעסען,

אַז איך בין אַ פּרינצעסין.

דער לעקערלויפער.

איך טהוא טהון אַ טרייטאַן.

טרייטאַן, טרייטאַן, טרייטאַן!

המן און דער לעקערלויפער (קומען און שלעפען ושתין).

נעהאַנגען זאָלסט דוא ושתי ווערן,

פאַר וואָס דוא טהוסט נישט הערן!

ושתי (וויינט אויף אַ קווימש)

ווייא אויף מיינע יאָהריין

נאָך אַזוי יונג און שיין!

(אין דעם עולם איז אַ גרויס געלעכטער: אַ שיינע ושתי לייזער דער בעהעלפער!)

המן.

דער יודע מאַנדרוש טהוא איך קוקען.

זיל פאר מיר נישט זיך טהון בוקען. (צו אחשורושין)
דיא שפיטץ יודען טהוען אונז בייסען
און טהוען נישט הערען דיין הערוננ.
בעפייל: לאז מען טהון זייא צערייסען
צערייסען אזוי וויא א הערינג.
מרדכי (לויפט צו מיט איספעט)
דוא המן טהוסט אויסטראכטען ליגען,
ליגען, מסירות אויף יודענס קונדער.
אין דער ערד וועסט דוא טהון ליגען,
און אונז וועט גאט טהון וואונדער.
פליהען אויף דיא אחשתרנים טהוא איך טהון,
טהוא אין א פורפעלוואלענע זיפצען זיין אננעטהון.
טהוא איך, טהוא איך, טהוא איך טהון
א שפרונג, א שפרונג אויבענאן!
(אויסשטרעקענדיג דיא האנד צום עולם)
היינט איז פורים און מארגען איז אויס,
גיט מיר א גראשען און שטופט מיך ארויס!
(שמחה גיט דיא פורים שפילער געלט און צו גלעזליך וויין, זיי טרינקען און לויפען דערנאך ארויס).
דיא גנירים (אויפהייבענדיג זיך פונם טיש) אונז איז שוין אויף צייט. הייסט עס, דיא אסיפה איז געענדיגט.
פייבוש (מיט א געלעכטער פון א שכור) געענדיגט מיט א פורים שפיל. א קאמעדיע!......



# פערטער אקט

**א דאטשע אין א סאסנאווע וועלדיל. פארענט צו שטעהט א ווייס שטיבעל מיט געלע פריזבעס און צווישן ביימער זקענען — ביינק פון גראז. ארום און ארום שטוב צ'הען זיך א פלייט פון איבער־געליינטע לאנגע דרענגליך, וואס טהיילט איבער דעם וואלד.**

## ערשטע סצענע.

**טיף אין וואלד ברענט א פייעריל. קינדער קלעטערען און יאגען זיך ארום מיט פיילענבויגענס. עס הערט זיך א רעש, א געשריי, א געשווישטשעריי. מענדיל און דוואסיע ווייזען זיך פונם וואלד און קריכען אריבער דעם פלייט.**

מענדיל. איך זאל האבען אזוי פיעל הונדערטער וויפיעל חתונות היינט, אין ל"ג בעומר, ווערען ביי אלע יודישע קינדער אפגעמאכט, וואלט איך רייכער געווען פון גינצבורגען.

דוואסיע. ער זאל דאס חאטש זאגען: אהן עין הרע! .... וואס צעהלסט דוא עס אזוי יודישע חתונות? לאזען יודישע קינדער זיך פרובירען און מעהרען.

מענדיל. אויף יענעם איז זיא א וואתרענטע! און ביי אונז איז דען נישט קיין יודישע נשמה?.... טאמיר, דוואסיעניו, וואלט א סברא געווען, מיר זאלען היינט, אויף ציקאוועשטש, בשעת יריד פון חתונות, אפשטעלען א חופה. הא?

דוואסיע. קוקט איהם נאר אן וויא ער האט נישט קיין צייט! ניש־קשה, ביסט נישט קליין צוווארטען.

מענדיל. צו וואס ווארטען און אויף ווענען ווארטען? איך מיט דיר

זיינען מיר אי חתן כלה אי פון ביידע זייטען דיא מחותנים. אונזער נגן איז דאָ, אין דיא צעהן פינגער. און דיא דרשה קען איך, ברוך השם, גוט וויא אַלע חתנים.

דוואָסיע. נענוג געדראַשהנט. איך קען שוין דיינע דרשות, דוא לץ איינער!

מענדיל. חאָטש איין קליין דרשהלע נאָך. אַ צוויי, דריי קיש דוואָסיע־ניו! (ער נעהמט זיא אַרום און קישט).

דוואָסיע. (וויא האָט מען עס נישט קיין בושה! אין מיטען העלען טאָג. דאָרט זיטצען מענשען.

מענדיל. נישקשה, ס'איז פאַר זייא נישט קיין סוד. ווייסען אויך דעם פירוש דערפון. און איבריגענס זיינען אַלע דאָרט ערשט זיך צונאַנגען. (ער שטעלט אונטער דוואָסיען זיין באַק) נאַ, גיב אָפּ צוריק!

דוואָסיע. אָ ניין! וועסט אַלעבעס ביי מיר בשום אופן נישט פועלין. (זיא קוקט זיך אַרום און דערלאַנגט איהם אַ קיש). נאַ דיר שוין, נאַ און לאָז מיך צורוה!

מענדיל. אַצינד דוואָסיעניו מוזט דוא זיבען מאָל! נישט אַנדערש וויא זיבען מאָל.

דוואָסיע. דאָס, זעהסט דוא, אויף קיין אופן נישט.... (זיא קוקט זיך ווייטער אַרום און שפּרינגט אָפּ אין דער זייט). בראָש האָט ער זיך צו־היצט און האָט היינט עפּיס קיין אוינען נישט! נענוג זיך געשפּילט, רייזילי נעהט דאָרט! — איך וועל צונעהן צו רייזילין, טאָמער בעדאַרף זיא עפּיס האָבען. דאָס האַרץ פאַלט מיר אַרויס קוקענדיג וויא זיא האָט זיך פאַרענדערט און וואָס פאַר אַ פּנים זיא האָט נעביך בעקומען נאָך דער וויס־טער בשורה פון איהר חתנס טויט. הלואי דיא דאַטשע זאָל איהר העלפען! עפּיס האָב איך זיא ליב, אַזוי ליב.... זיא שטעהט מיר דאָ אין האַרצען. (זיא ווישט מיטן פאַרטוך דיא אויגען)

מענדיל. אַ רחמנות נעביך!.... גיכער, דוואָסיע, געה גיכער צו איהר! (מענדיל און דוואָסיע צוגעהען זיך).

---

## צווייטע סצענע.

**רייזילי.** אין א סיטצען קלייד און א ווייסע באטיסטענע קאפטעלע. צוויי לאנגע צעפ הייגנען איהר אראפ אויף דיא פלייצעס. זיא איז בלייך און געהט פאמעליך, שטארק פאר־טראכט. — **דוואסיע** געהט איהר נאך.

**דוואסיע** (צוקומענדיג צו א באנק צווישען ביימער) דא, דא, רייזילי, איז גוט זיך אויסצורוהען! עס קען צוקומען א שטיק געזונט. נוא?

**רייזילי.** טהוא וואס דוא ווילסט. מיר איז אלץ איינס.

**דוואס׳ע** (נעהמט נישט ווייט פון דאנען א קאלדרע און א קיסעלע און בעט אויס אויף דער ערד) גאר אנטיק! גרינע גראז, קרייטעכצער, ביימער, וואלדפייגעלעך.... מחיה, לעבעדיג, פרעהליך!

**רייזילי** (זעטצענדיג זיך) ווען, הא? — דיר, דוואסיע?

**דוואסיע.** א הונט זאל א לעק טהון מיין הארץ וואלט ער, דאכט זיך, א מיתה משונה איינגענומען אויפן ארט. אי, האב איך א הארץ! איך בין געביך עלענט, א וויסטע יתומה....

**רייזילי.** גאר פלוצלים!......

**דוואס׳ע.** ערשט היינט טאקי האב איך עס דערפיהלט. אהן א טאטע, אהן א מאמע, ווער איז מיר, גערה אליין ווער א כלה!......... אוי וועה....

**רייזילי** (פארטראכט) וואס איז?!

**דוואסיע.** נארנישט. גלאט אזוי.... איהר דרעמעלט, לאמיך אייך נישט שטערען. אביסיל פריש מילך וואלט אצינד זעהר גוט געווען. א דערקוויקע־ניש. נוא, זאל איך?

**רייזילי.** טהוא, דוואס׳ע, וואס דוא ווילסט! (זיא טהוט א מאך מיט דער האנד און נורעט זיך איין מיטן קאפ אין קיסען).

**דוואסיע** (ריקט זיך אפ אויף עטליכע טריט ווייטער און שאקעלט מיט דעם קאפ). אט האסטו דיר! שוין יא טאטע און מאמע, אז איז אבער נישטא קיין מזל!......

# דריטע סצענע.

## שמחה, שפרינצע און רייזילי.

(שמחה און שפרינצע קומען צו נאָהענט וואו רייזילי ליגט)

שמחה (אויסלאָזענדיג א שמיעס) היינט פאַרשטעהסט דוא שוין, שפרינצע! שריי חי וקים, מוז אזוי זיין.

שפרינצע (ווינקענדיג צו שמחהן) שא! דאָס קינד ליגט דאָ און שלאָפט. לאָז זיא נעביך אביסיל זיך אויסרוהען.

שמחה (שטילער און שטארק אויפגעבראכט) א הארצוועהטיג, בנאמנות, וויא דוא ווילסט מיך נישט פארשטעהן! דוא מוזט, זאָג איך דיר, שפרינצע, מיט איהר ריידען. היינט טאקי מיט איהר ריידען.

שפרינצע. א קאטאָוועס אביסיל אזא מציאה! אז נישט היינט קען חלילה דיא וועלט אונטערגעהן!

שמחה. דיא וועלט וויא דיא וועלט, מיר קענען דערווייל טאקי אונטער־געהן. (ארויפלייגענדיג א פינגער אויפן האלז) איך בין פארבאָרען אָט ביז דאנען. אויף חאסקילין שטעהט אצינד דיא וועלט!....

שפרינצע (נעהט פאמעליך צו נעהענטער צו רייזילין, בייגט זיך איבער איהר אביסיל אָן און טרעט באלד צוריק) בידנע קינד! ליגט וויא א שטילע טויב, פארליינט מיט'ן קעפעלע און שלאָפט. — מענליך, איהר חלומט זיך אצינד א גוטער חלום און דיינקט גאָר נים אז דיא מאמע, איהר איינענע מאמע, שטעהט לעבין איהר, וויא א קאטץ, מיט דער מחשבה אריינצושטע־קען אין איהר הארץ דיא נענעל און פארדרעהען איהר דעם קאָפ.... איהר איצטיג שלאָפען, וויא אזוי זיא ליגט זיך דאָ איינגענגרעט, רייסט מיר אויס דיא נשמה. זיא זאָל זיך אויפחאפען וואָלט געווען עפים בעסער, גרינגער.... (זיא ווישט דיא אויגען).

שמחה. איך פאָהר אין שטאָדט, א רגע אין איצט טהייער. — שפרינצע, רייד! (ער נעהט געשווינד אוועק).

שפרינצע נאָכרעם וויא זיא שטעהט א רגע שטיל) א שרעק! וויא רעדט

מען מיט איהר פון אזא זאך!.... אוי, ליבער גאָט, האָסטו מיך געבראַכט צו א שווערען נסיון. ניחייא וואָלט זיא חאָטש גערעדט, געוויינט, וואָלט נאָך אזוי שווער נישט געוועזען זיך אויסצוטענהן מיט איהר. זיא אָבער שווייגט, טראָגט איהרע וועהטיגען טיף אין זיך. זיא צאַנגט, געהט אוים וויא א ליכט. אין איהרע אויגען ליגט עפּיס א געבעט אויף איהר בלייך פנים — גוטסקיים אָהן א ברעג, גלייך וויא איינער רעדט: נאָט, טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט. און נעה דערנאָך טהוא איהר עפּיס, אז זיא אליין ניט זיך איבער אין דיינע הענט! מען בעדאַרף האָבען א הארץ פון א גזלן. — ניין, א גזלן אפילו לייגט זיך אויף דיא האנד נישט צונעהמען א מעסער און קיילען, אז זיין קרבן שטרעקט אליין דעם האלז אוים. (וויעדער צוגעהענדיג צו רייזילין) בידנע קינד, שטילע טויב! סאָמארען בייסען זיא נעביך. (זיא פאַכט איבער איהר מיט א טיכעל).

רייזילי (עפענט דיא אויגען, זעטצט זיך אויף און קוקט אָן דיא מוטער) וואָס איז, מאמע.

שפּרינצע. קאָמארען בייסען דיך און דוא פיהלסט אפילו נישט. אלץ פארטראַכט, פארטראַכט. גענוג שוין, רייזילי, אלסדינגג איז מיט איין עס. שטיק נישט דיינע צרות אין זיך. וויין, רייזילי, וויין אוים דיין הארץ. דיא טרעהרען וועלען דערוווייכען דיין וואונד און עס וועט דיר ווערען גרינגער.

רייזילי. וואָס זאָל איך טהון, מאמע, אז איך קען נישט וויינען.

שפּרינצע. און אין מיינע צייטען פלעגען ווייבער קענען וויינען.... דאָס איינציגע מיטעל פאר ווייבער נעביך אין שווערע ביטערע צייטען, איז שטילערהיים אין א ווינקעל זיך גוט אויסוויינען. נישט איין מאָל, רייזילי, האָב איך עס געפּריווט אויף מיר. (זיא וויינט).

רייזילי (ארומנעהמענדיג שפּרינצען). מאמעניו וויין נישט, איך בעט דיך.

שפּרינצע. איך וויין רייזילי פאר דיר, פאר אונז ביידע. מיינע אויגען וועלען מיר נישט טריקענען ביז דוא וועסט צו זיך נישט קומען און אָנהויבען אויף דאָס נייא צולעבען.

רייזילי. נעהם, מאמע, טהוא מיט מיר וואָס דוא ווילסט.

שפּרינצע. אלץ וואָס דוא ווילסט, דוא ווילסט. ווען דוא, רייזילי, זאָלסט וועלען וואָלט איך — א שרעק חלעבין, — וואָלט.... איך דיר געזאָגט....

רייזילי. נוא, מאמע, זאָג.

שפרינצע. דיא וועלט בלייבט א וועלט. וואס דיא ערד דעקט צו ווערד פארגעסען, נאָך דעם ווינטער קומט תמיד דער ליבער זומער מיט נייע פרישע בלומען.... פארשטעהסט דוא מיך?

רייזילי. אָנשטאָט בלומען וואקסט א מאָל קראָפּעווע. — נוא, מאמע, זאָג.

שפרינצע (צומישט). נוא זאָג איך — ניין, נענוג פאר היינט, — זאָג איך.. הערסטו רייזילי? וואס מאכען דיר היינט עפּיס צו מיטאָג?

רייזילי (שטארק פארטראַכט) וואס דוא ווילסט, מאמע.

שפרינצע (נעהענדיג מיט א זיפץ) נעה רייד, טהוא עפּיס. או זיא אלץ: וואס דוא ווילסט. דוא ווילסט, — בידנע קינד.

---

## פירטע סצענע.

### רייזילי, זלמן און זעלדע.

זלמן (ווייזט זיך צווישען ביימער און ווינקט מיט דער האנד) אהער, זעלדע! זיא איז דאָ.

זעלדע (צולויפענדיג נעשווינד נעהמט רייזילין ארום און קישט זיא מערדצע, קרוין! לאָמיך שטארק אָנקישען דיך דאס לעצטע מאָל.

רייזילי. דאָס לעצטע מאָל! ...... מיט וואס האָב איך מיך אזוי פארזינדיגט?

זעלדע. (אויף א וויינענדיג קול) אומשולדיגע, כשרה נשמה! פאר־זינדיגט האָט זיך דיא ווייסטע מאמע. פארלוירען האָב איך מיט א מאָל אי איהם, איין אויג אין קאָפּ, אי דיך, צוויי קינדער, בריליאנטען, מיט א מאָל!

רייזילי (קישענדיג זעלדען): רעדט נישט, איך בעט אייך, אזעלכע ווערטער! אייביג וועל איך, וויא א קינד, ליב האָבען דיך. שטארק ליב האָבען מיר און פאר איהם. (קוקענדיג זעלדען אין פּנים) ער האָט

נעהאט אין גאנצען דיין פנים, צווייא טראָפּען וואַסער! (קישט זיא ווייטער) זאָג מעהר נישט מאמע: דאָס לעצטע מאָל!

זלמן. יאָ, רייזילי, איין ברירה, טאַקי דאָס לעצטע מאָל! מיר פאָהרען צוועק אויף אייביג. — נאָט איז מיט דיר, רייזילי! וואָס ביסט דוא געוואָרען אזוי בלייך?

זעלדע. למאי, זלמן, אזוי פּלוצלים ארויסזאָגען! דיא מאַנסבילין אָבער האָבען אלע אזא נאַטור. (צו רייזילין) נוא, מיין קינד, וואָס זאָל מען טהון?

רייזילי (בלייבט זיטצען א רגע שטיל) אך אזא ריס! א ריס פונם הארצען מיט אלע וואָרצלען. קיין זכר אפילו זאָל נישט איבערבלייבען.... חא, פאר וואָס אזוי פּלוצלים?

זלמן. אונז צווינגט דיא נויט. אלסד נג האָבען מיר דאָ פארלוירען....

זעלדע (וויינענדיג) ביטער איז מיר, נאָטס צאָרען איז אויף אונז אויסגעגאָסען געוואָרען! פול מיט נוטס, מיט נחת פון קינדער בין איך דאָ א מאָל געזעסען און ליידיג און בלויז ווער איך א צינד פארוואָגעלט ערגיץ אין א פרעמד לאנד!

רייזילי (ארויספאלענדיג זעלדען אויפן האלז) דיינע ליידען זיינען מיינע ליידען. ביסט מיר איינגעבאקען טיף אין הארצען!

זעלדע. נאָט זאָל געבען, דוא, רייזילי, זאָלסט געפינען מנוחה און רוח בייא דיין מאַן אין הויז! ניין, טאָכטער, מיר איז ביטער. איך בין אלט, אָבגעלעבט שוין מיין וועלט. דוא אָבער ביסט נאָך יונג, האָסט נאָך א האָפנונג גליקליך צולעבען מיט א מאַן און זעהן פאר זיך א וועלט.... זיי געזונד מיין קינד! (זעלדע און רייזילי קישען זיך)

זלמן (געזעגנענדיג זיך מיט רייזילין) נאָט האָט געגעבען, נאָט האָט צר גענומען. לאָז זיין נאָמען זיין געלויבט! (ער געהט מיט זעלדען אוועק)

רייזילי (נאָכקוקענדיג זייא) דאָס לעצטע שטערענדיל פארשווינדען.... (אנהאפּענדיג זיך ביים הארצען), אך, אין הארץ הייבען מיר זיך חוואַליעס.... מאמע, איך ווין! דער בלאָטער האָט אויסגעשפּרונגען און איך ווין, ווין, מאמע, מיט אייטער און בלוטינע טרעהרען! .... (דיא פארשווינד צווישען דיא ביימער)

---

# פינפטע סצענע.

## פייבוש און חאסקיל.

ביידע ווייזען זיך ארויסגעהענדיג פונם וואלד און צוקומענדיג נאָהענט צום פלאַץ פאר דער שטוב. חאסקיל אָנגעטהון שבתדיג, אין איין אטלעסענער קאפאָטע אויף געלען אונטערשלאק. פון אויבען א בורנאָס פון לאָסטיג. דיא הענד פארליינט אהינטען אונטערן בורנאָס, אזוי אז דיא פאָלעס פארנעהמען זיך. אויפן קאָפּ א פליסען היטעל. דיא פאות שטעהן אויבען אָפּ פון דיא שלייפען, אנטען פארשפיצט אין א גרייזעל און היינגען אראָפּ וויא צעפליך. צווישען דיא צעפליך קוקט ארויס א קליין, שיטער בערדיל, פארריסען מיט א שפּיצעל ארויף. קוקט א מאָל אויף איין איינעל, האלטענדיג דאָס קעפיל אין דער זייט און אויף דיא ליפען שוועבט א שמייכעלע, וואָס דריקט אויס חוצפּא.

פייבוש. אָט וועסט דוא זיא באלד אָנקוקען. הא, וואָס קען דיך עס ארען?.... הייסען וועט עס, עט, גלאט אזוי, ביים וועג גערענדיג אויפן שפּאַציר, ל"ג בעומר, אין וואלד.

חאסקיל (מיט א קנייטשעל) נאָך א מאָל טאקי פרעג איך: למאי נפקא מיניה? וואָס איז דאָ אָנצוקוקען? א נקבה וויא אלע נקבות. עיקר הדבר איז דאָך יענץ — התחיבות.

פייבוש. גלויבט מיר, ס'איז רעכט. מען בעדארף וויסען דאָס אָרט. דאָ מוז עס הייסען קלאָמפערשט אָנקומען. רש"י איז מיט זיין בעוואָהרעניש חלילה נישט משונע. און ווייטער הא, וואָס קען עס דיך ארען, אז דוא וועסט חאפּען א קוק? נישקשה, מען וועט דיך חלילה נישט אָפּבייסען. (ער בעטראכט חאסקילין) ע, דוא שוויצט דאָך עפּיס וויא ביבער!...... ניין, נישט קיין גוטער משא ומתן פאר מיר. — וואָס טויג דיר דאָס פליסען היטעל?

חאסקיל. א זאג אביסיל פון א יודען: וואס טויג דאס היטעל! עפּיס נאר משונה ווילד, חלעבין!....

פייבוש. עט.... וויים איך, וואס דוא רעדסט. — למען השם, זאג איך דיר, האסקיל, צוהאלטען זיך מיט דרך ארץ.

חאסקיל (מים א שמייבעלע) פישששש, דרך ארץ פאר א מיידיל! אט רעדט נישט קיין נארעשקייטען.

פייבוש. דאס, חאסקיל, זאג איך דיר טאקי: למען השם צוריידען מיט ישוב הדעת, ווארים זיא איז א קלוג מיידעל!

חאסקיל. א טריאטער חלעבין, א קלוג מיידעל! פון וואנען האט צו איהר דיא חכמה זיך גענומען? אין א חדר האט זיא דען געלערענט? וואס א מינדסטער מאנסביל האט אין נאגעל האבען עס צעהן קלוגע נקבות נאך אין קאפּ נישט.

פייבוש (וויימער בעטראכטענדיג חאסקילין) נוא, סחורה!.... דוא שוויצט נאך טאקי אלץ חאסקיל?! נעהם וויש דיר אפּ דאס פנים מיט א טיכעל. — צו וואס האט ד״ר נאך געטויגט היינט אזא בורנאס?

חאסקיל. עפּיס א שניידעריל, א פראנצוויזיל בין איך, הא, מיך צו ווייזען צווישען מענשען אין איין קאפּאטע! — זעהר א פּאליטישנער מענש, חלעבין, ר׳ פייבוש! (ווישענדיג דאס פנים מיט דער פּאלע) הלכות פּאליטיקע, דרך ארץ, פארשטעהט איך בעסער. — רעדט בעסער מכח התחייבות.

פייבוש. נישקשה, דוא חאפּסט זיך אין א שמאלץ גרוב אריין. — טאמיר וואלט איך ביי דיר נעפּועלט, אויף א ווײלע חאטש אויסצוטהון דיין בורנאס. ער איז דאך צו דיר נישט צוגעוואקסען, קענסט דאך אפּגעהען מיט שוויים.

חאסקיל (ווישענדיג דאס פנים) בראש ציטערט ער פאר שוויים! וואס אין דא אזוינס? א יוד שוויצט .... קעסט, ר׳ פייבוש! למען השם וואס מעהר קעסט.

פייבוש. שא זיא נעהט, זיא נעהט! (ער בעטראכט נאך א מאל חאסקילין פונם קאפּ ביז דיא פיס) אך, דיין שוויצען, חאסקיל, דיין שוויצען! ......

## זעקסטע סצענע.

### פייבוש, חאסקיל און רייזילי.

רייזילי (צוקומענדינג נאָהענט) נאָך דאָ פאָרט עפּיס אַ שטיקעל זכר.... ר׳ פייבוש! אַ גאַסט חלעבין. עפּיס וויא פונם הימעל אַראָפּגעפאַלען!

פייבוש. ווערטער טאַקי וויא פון אַ חכמה, אַ יודישע טאָכטער! קיינער טהוט נישט קיין טריט ביז ס׳איז ניט פונם הימעל. עס פאַלט דער שפּאָן ביז ס׳איז עפּיס נישט דראָן.

רייזילי (מיט אַ זיפץ) אַ מאָל אָבער פאַלט דער שפּאָן יענעם צרות אָנצוטאָן. חלילה, נישט אייך, ר׳ פייבוש, מיין איך.

פייבוש. מען בעדאַרף אָבער אַלסדינגג אָננעהמען פאַר ליב. אַז נאָטעניו דרעהט זיין וועלטיל! אוודאי איז נישט איטליכער געגונג שטאַרק אויסצושטעהן דעם נסיון.... איך האָב שוין דאָ געשמועסט מיט ר׳ חאַסקילין, האָב איך ערשט.... וואו זיינט איהר ר׳ חאַסקילי? (שטרעקט ריידענדיג אויס דיא האַנד אַהינטער און שלעפּט חאַסקילין צו ביי דיא פּאָלעס) אָט איז, ר׳ חאַסקילי, דיא גוטע און פרומע, פון וועלכע מיר האָבען געשמיעסט.

רייזילי (לאָזט פאַרשעהמט אַראָב דיא אויגען) ע, ר׳ פייבוש! איך האָב נאָר נישט געוואוסט, אַז איהר קענט מאַכען קאָמפּלימענטען.

פייבוש. קאָנפּליענטען וויים איך נישט, קיין פּלאָטקע מאַכער בין איך נישט ביי מיר איז אָהן קונצען, פּראָסט דער אמת, וויא גאָט האָט געבאָטען. יאָ, האָבען מיר ערשט געשמיעסט, וויא שווער ס׳איז איין עהרליכער יוד צו זיין, גאָר אָהן קשיות פון זיין ליבען נאָמען אַלסדינגג מקבל באהבה זיין און געשטעלט למשל איינע אַזעלכע, מיט וואָס פאַר אַ שטאַרקייט זיא האַלט נעביך דעם נסיון אויס און נעהמט אָן פאַר גוט, וואָס גאָט ברוך הוא טהוט, און ווער ׳ דווקא אַ נקבה, נאָך אַ יונגענד. (אַ טאָרענעבענדיג חאַסקיל׳ן) אַ יאָ, ר׳ חאַסקיל! .... איהר זיינט נעביך מיד, ר׳ חאַסקילי, פונם גאַנג און געהט אָב מיט שוויים. נישקשה! (שטיל, אָנבייגענדיג זיך צו רייזלין ער איז אַ ניידען קינד, כלי שלמה!

רייזילי. איהר שטעהט דאָ דערווייל מיר און איך בעט אייך אפילו ניט זיטצען! זעטצט זיך, זייט מוחל, אָט דאָ אקעגען אויף דער באנק.

פייבוש (גיט א שלעפּ חאסקילין בייא דער פּאָלע און זעטצען זיך ביידע אקעגען רייזילין) געלויבט איז גאָט, ר׳ חאסקיל, אָט זיטצען מיר אונטערגעלעהנט אונטער א בוים! א יאָ נוט? וואָס שווייגט איהר? (צו רייזילין) איך האָב זיך פאררעדט און פארגעסען דערווייל צוזאָגען. יאָ, דאָס איז ר׳ חאסקיל ר׳ יוחנצע דעם רב׳ס!

רייזילי (צומישט) א־אָ! איך ווייס....

פייבוש (נאָכדעם אז א היבשע ווײלע איז שטיל) אזוי, אזוי נעהט עס אויף נאָטס וועלטעלע! .... (ער דרעהט א האָר פונם בערדיל און מריקעט אונטער דער נאָז) טי־טי־טי, בריבים־בים־בים.... וואָס זאָגט איהר, ר׳ חאסקיל, וויא דאָ איז נוט?

חאסקיל (מיט שמייכעלע) וואָס איז דאָ אזוינס? א וועלדעל, פלעקער, ביימער, ריטליך, בעזעמער!.... עס. נארעשקייטען, יונגעלשע זאכען.

פייבוש (צו רייזילין) ר׳ חאסקיל, פארשטעהט איהר, נעהט אלץ אין הויכע דרכים. איהם טראָגט דער קאָפּ אין אנדערע חלומות. אוודאי איז עס נאָר א הויכע מדרגה העט, העט...... א קאָטא! וויא קומען אזעלכע מענשליך וויא איך דערצו.... בריבים־בים בים. — מען בעדארף אריינגעהן אביסיל צו דער מאמען. (צו חאסקילין) און איהר מענט דאָ בלייבען, ניש־קשה. (צו איהם אויף לשון הקודש) אתה בלא תהיה כאן שלימזאלניק. (באלד טאקי אויף יודעש) דיא וועלט פון דעסטוועגען, ר׳ חאסקיל, איז אויך א וועלט.

רייזילי (קנאקט דיא פינגער) אָט וועל איך געהן, שיקען אייך דיא מאמען אהער, ר׳ פייבוש!

פייבוש. חלילה, זיינט זיך נישט מטריח. איך נעה אליין, גישקשה. (ער ווערד פארשווינדען).

# זיבעטע סצענע.

## רייזילי און חאסקיל.

רייזילי נעהמט נישט וויט פון איהר דאָס רעטיל און העפט, חאַסקיל נעהמט זיך בייא דער פּאה, און גלעט דאָס בערדיל. ביידע שווייגען אַ היבשע ווילע, נישט צוריידען אַ וואָרט.

חאַסקיל (טאַכט מיט דיא אַקסלען אָנבייגענדיג דאָס קעפּיל) נאָ, נאָ, דיר פּייבוּש!

רייזילי (דערלאַנגט אָפּבייסענדיג דעם פּאָדים אַ דורכנעהמענדיגען קוק אויף חאַסקילין) וואָס פייבוש?

חאַסקיל (אין דער וועלט אריין) אַ תם! ווייסט קלאָפּערשט נישט, אז פּייבוּש איז אַ שדכן.

רייזילי. האָט נישט קיין פּאַראיבעל, איהר זיינט דען אַ בחור?

חאַסקיל (מיט אַ געלעכטער) אַ טריאַטער, חלעבין. נאָט אייך אַ בחור מיט אַ בערדיל!.... איין אַלמן בין איך. — נאָר צו וואָס טוינגען דיא אָנשטעלען, אָן מ'זן ווייסט אליין זעהר גוט.

רייזילי (גוט בעטראַכטענדיג חאַסקילין) עפּיס ווילט זיך מיט אייך רייידען, איהר זיינט, דאַכט זיך, בייז.

חאַסקיל (ווערד ביי זיך גאַנץ שטאַרק) ניין, עס רעדט זיך נאָר אַזוי נוּא, לאָמיך שוין הערען וואָס ווייטער?

רייזילי. איז אייער ווייב געוועזען אַ קלוגע, אויף אייך אַ מבין?

חאַסקיל (מיט אַ געלעכטעריל) קלוג וויא אַלע ווייבער, משטעהנעס נערזאַנט. און צו וואָס טויג באמת אַ פּלוניתטע דיא איבעריגע חכמה? ביסט אַ פּלוניתטע זייא זשע אַ פּלוניתטע און גענוג. ווייטער נאַרנישט.... איהרע מבינות האָב איך נישט בעדאַרפט. אלץ איינס....

רייזילי (אוועקשטעלענדיג דאָס רעהמיל און אָנקוקענדיג חאַסקילין) מיט

אייך איז דאָך עפּיס מחיה נאָר צוריידען! זאָגט נאָר, איך בעט אייך, וואָס איז אזוינס פלוניתטע?

חאסקיל (שמאָכט פאר גרויס הנאה און רייבט דיא הענט) וואָס איז אזוינס פלוניתטע? — גאָרנישט, פלוניתטע איז פלוניתטע, א יודענע, אָהן א נאָמען, גלאט אזוי זיך....

רייזילי. און אייער ווייב, זאָגט נאָר, האָט איהר ליב געהאט?

חאסקיל. עפּיס אזוי מיאוס מגושם, ליב מחילה א ווייב! .... דאָס ערשטע מאָל הער איך אזעלכעס. עפּיס א ראָסעלפּלייש איז עס, א לעדוועצע....

רייזילי עפּיס גאָר אנטיק חלעבין וויא איהר רעדט! וויפיל איז דרינען אז אייער ווייב איז טויט?

חאסקיל. אָ, שוין א היבשע צייט, אקענען א דרייא חדשים.

רייזילי. ערשט א דרייא חדשים און איהר ווילט שוין חתונה האָבען!

חאסקיל. מילא וואָס דען זשע טהוט א יוד, אז דיא פלוניתטע שטאַרבט? געשטאָרבען — נוא געשטאָרבען. ברוך דין אמת! האָב דיר דאָרטען א ליכטיגען גן עדן און חתונה מוז מען האָבען, — איבעריגעס בין איך מרוצה, אויף א קורצער צייט דיא חתונה אָפּצולייגען, אבי למזל אָפּמאכען דיא תנאים, פייבוש האָט מסתמא עס שוין געזאָגט.

רייזיכי. און קינדערליך איז פון אייער ווייב איבערגעבליבען?

חאסקיל. פון עטליכע שטיקלעך איז דאָ איין יונגעל, א שלאָפס. מען קען זיין גאַנץ רוהיג, דיא נשמה הייגנט איהם אויפן שפּיטץ נאָז. ער בלייבט ביים טאַטען. צים שידוך געהער זיך עס כלל נישט אן.

רייזילי. זעהר פיין פון אייער זייט.... (זיא נעהמט ווידער דאָס רעהמיל און העפט אראָפּלאָזענדיג דיא אויגען).

חאסקיל (נעהמט אהין אהער מיט ברייטקייט און שמאָכט) וויא זיא האָט מיך דאָ פאַרהערט! בין איהר אבער אריין אין טעם, העהע (פאַרלייגענדיג דיא הענט אונטער דעם בגרנאָס קוקט ער פון דערווייטענס אויף רייזילין מיט איין אייגעל און מעסט זיא איבער פון אויבען ביז אראָפּ) סחורה! קיין מעשה נישט, נישקשה.... מען בעדאַרף מיט איהר מאַכען גיבער איין עק. (צוקומענדיג צו רייזילין רעדט ער עפּיס נישט מיט זיין קול) נוא, זאָג נאַרעלע, דוא ווילסט?

רייזיכי (הייבט אויף פאַרוואונדערט דיא אויגען) וואָס? ! ....—

חאסקיל (מים א נארישער מינע) זאָג, נארעלע, שעהם זיך נישט! ס'איז דאָך א יודישע זאך. ווייסט דאָך שוין וואס......

רייזילי (שטעהט נעשווינד אויף, אנהאפענדיג זיך ביים הארצען) אהא, איך שטוים מיך שוין אָן.... א שרעק!!

חאסקיל. שרעק זיך נישט, נישקשה! דעם נדן וועט דער טאטע ריינער סיליקין סורם המעשה. מענסט אויף מיר זיך שוין פארלאזען. עד פרוטה אחרונה וועט ער ביי מיר סיליקין.

רייזילי (אויסשטעלענדיג אויף חאסקילן א פאָר ברענעדינע אוינען) אוועק דנא ווילדער!....(זיא לאָזט זיך ניך נעהן).

חאסקיל (נאָכקוקענדיג רייזילין מיט חוצפא) פיששש....מען פרענט זיא אום א דעה! נישקשה, וועט בעסער ווערען!.... (ער נעהט אוועק).

---

# אכטע סצענע.

## שפרינצע, רייזילי און שמחה.

שפרינצע (ווייזט זיך נעהענדיג פון שטוב און ברעכט דיא הענד) שוין! ......דער ערשטער שנים איז שוין נעשעהן. דיא מאמע מוז נטהן דערקיילען.... רייזילי און א חאסקיל! אזא הפך וויא טאָג און נאכט ........ אוי, דיא נויט, דיא ביטערע נויט! .... וויא אָבער וועל איך איהר אין דיא אוינען קוקען?.... רייזילי, אָ, רייזילי! (זיא שפארט זיך אָן צו א בוים און וויינט).

רייזילי (צוקומענדיג פארטראכט און דערשלאָגען) מאמע! ....

שפרינצע (קלאפט זיך אין הארצען) וועה איז דער מאמע! — רעד, וויין טאָכטער!

רייזילי. איך האָב שוין נעוויינט, מאמע!

שפרינצע. וויין, לאָמיך הערען! דיין שווייגען אצינד שטעכט מיך.... וויין, רעד טאָכטער!

רייזילי. אלץ איינס, מאמע! וואס איז אין גאנצען מיין לעבען?

שפרינצע. א שרעק! עפּיס הערט זיך מיר אצינד דאָס אלטע לידעל: „דער טאַטע האָט מיך געקיילעט, דיא מאַמע האָט מיך גענעסען". יאָ, מאַכטער, גענעסען, דאָס איז מאַקי פאַר דעם עסען.

שמחה (אנקומענדיג שטארק אויפגעבראכט) אזוי? !.... דוא שיטסט מיט היסען פּריסיק שיטסט דוא אָפּ – טרייבסט! נוא, זאָג איך דיר, רייזיל, דער שידוך מיט חאַסקילין מוז זיין און וועט זיין.

שפרינצע (אָננעהמענדיג שמחהן בייא דער האנד) אָבער שמחה, נישט מיט אזא......

שמחה. עט, וואָס וועסט דוא מיר דאָ זאָגען,.... דאָס האָט דיא מאַמע דיינע, רייזיל, דיר ביז אהער נאָכגענעבען אלע דיינע חפצות און איך נאָר האָב מיך נעלאָזט ארויספיהרען אויף בּיטשען ........ יאָ, א גרויסע טובה האָט מיט איהר נאָכגעבען דיר דיא מאַמע דיינע געטהון. א ווייבער, ווייבער.......

שפרינצע (מאַכט מיט דער האנד שמחהן כמעט אונטער דער נאָז) שלעכט אין שטאַרט, עס נעפעהלען איהם נישט דיא ווייבער! וויא באַלד נאָר עפּיס זיינען דיא ווייבער.... אַ, מענער, מענער! (צו רייזילין) וואָס זאָלען מיר ווייבער נעביך טהון, אז מיר זיינען אין אזא פינצטער מזל גע- בוירען געוואָרען; אז מיר זיינען פארקויפט, נישט פרייא א קאָפּ אויפצוהוי- בען.... ע, דוא זאָלסט זיין א יונגעל, וואָס וואָלט איך מיט דיר געהאט צוזאָרגען, א מיידעל אָבער איז עפּיס נאָר אנדערש. זיא טהור צופיהל זיך נישט איינשפּארען.

רייזילי. מה רעש, איך וועל פארזיטצען? עפּיס נישט אזא סכנה!

שפרינצע. עפּיס גרינג אזוי צוזאָגען אייביג א מיידעל! ערגעהם איז שוין, דאַכט זיך, נאָר נישטאָ וויא צוזיטצען ביז דעם גרויען צאָפּ. און בפרט נאָך בייא יודען. בעהיט זאָל מען ווערען! — א מאַנסביל ער מעג, נישקשה, ער איז עפּיס נאָר וואָס אנדערש....

שמחה (וואָרטשענדיג). דיא מאַמע איז דאָס דיא גוטע און דער טאַטע דער שלעכטער. זאָגט זיא דען נישט אויף דאָס איינענע. נאָר אביסיל צושמירט.

שפרינצע. אז דוא ביסט געקומען אזוי אָנגעלאָדען און זיך צופלאַקערט אויף דעם קינד נעביך! זעהסט דאָך, מען קען רעדען דאָס איינענע מאַקי,

נאַר וויא א מענש, מיט גוטען און ברחמנות.

שמחה (נלעט רייזילין איבערן קאָפּ) חלעבין, רייזילי, איך האָב דיך אזוי ליב וויא דיא מאַמע.

רייזילי (אַנקוקענדיג דעם פאָטער פּאַ ט אכט) וואָס ? !

שמחה (אַ קלאַפּ נעבענדיג זיך אין הארצען) איך האָב אַ הארץ פול מיט מכות ! .... און נאָר אָהן דעם, רייזילי, ביסט דוא דאָך שוין אַ דער־וואקסען מיידעל און ווען אנדערש קען מען דיר אין אונזער גראָד אָנ־שלאָגען ? חאַסקיל איז וויינינגסטענס אַ מיוחס, שטאמט פון אַ גרויסער משפחה.

רייזילי. אָט דאָס נאָר ! .... ניין, טאַטע, ניין !

שמחה (אויפגעבראַכט) מיר זיינען פארבייא ! דוא ווילסט אונז קיילען טאָכטער. זאָגען דיא מאַמע.

שפּרינצע. משוגה גראָב, שמחה ! רעד נישט אזוי משונה. (צו רייזילין מיט אַ קרעבץ) דער טאַטע מיינט, מיר קענען פון אנדערע געקיילעט ווערען חלילה אָהן אַ מעסער....

שמחה. אונזער הויז, וואָס אין זאלאָג, ווען מען צונעהמען, אלס־דינג, האק און פּאַק מיט דיא בעבעכעס. אַ חוץ דיא אלע ביטערע צרות וועל איך נאָך פארליהרען דעם גוטען נאָמען און זיין צו לייטעש געשפּעט. מיין גאַנצע האָפנונג אַצינד איז נאָר איין ר' יוחנצע, אָבער מיט דעם תנאי, אז דוא ווענסט זיך נישט פארעקשהנען.... אוי, רייזילי, שלעכט, דער חלף לינט מיר אויפן האלז !

רייזילי (אַנחאַפּענדיג זיך ביים הארצען) טאַטע !....

שמחה. קוק מיין קינד אויף דער מאַמען. דיא מאַמע נעביך וועט ליידען דחקות, הונגער און נישט האָבען אויף דער עלטער וואו דעם קאָפּ אנידערצולייגען (ער ווישט דיא אויגען און קעהרט אוועק דעם פנים).

רייזילי (צו זיך אליין, אַ מאַך געבענדיג מיט דער האנד) ער.... איז דאָך מעהר נישטאָ.... טהוט אייך מיט מיר וואָס איהר ווילט !

שפּרינצע (וויינענדיג) ניין, ניין, צווינג זיך נישט טאָכטער !.... דיא מאַמע וועט בעסער דינען, זיך פארקויפען......

רייזילי. ניין, מאַמע ! אלץ איינס. אזוי איז מיר שוין בעשעה־ט.... (זיא פאַלט אויף דער באַנק).

שפרינצע (ארום האפענדיג רייזילין) געפאלען וויא א קרבן ! וועה איז דעם טאטען, וועה איז דער מאמען !....

# פינפטער אקט

א גאס. אויף דיא הייזער זיינען ארויסגעשטעלט פענדליך און א טהייל פון זייא זיינען אויף בעהאנגען מיט קרענצליך בלומען. רעדליך מענשען שטעהען אויף דיא טרעטואַרען. לינקס קוקט ארויס איציקס קליטעל און דערבייא ליפּע דער חלפן לעבין זיין טישעל.

## ערשטע סצענע.

**איין עולם. איציק דער קרעמער, ר' אליה, ליפּע דער חלפן און פייבוש.**

**א יודענע** (מיט א געשרייא שטופענדיג זיך צווישען דעם עולם) לאָזט יודישע קינדער, לאָזט ! חיימיל מיינער קומט.... צוריק פון דער מלחמה.. מיט דעם פאָלק קומט ער, מיין היימיל !

**א יוד.** אי-אי, זיא האָט מיר אָנגעטרעטען אויף דעם פוס ! איהר טרייף מזל, וואָס זיא איז פארשווינדען.

**קולות צווישען עולם.** אהין, ווייטער, צו דער ראָגאַדקע, ניכער ! (דער עולם דערווייטערט זיך).

**איציק** (שטעהט אויפן גאניקעל פונם קליטעל) קיר"ה, זאָגט איהר, געהט דיא הערצאָגאָווינע ! אָט דאָס איז דאָך טאַטי אייער קיר"הס פולע תנועות, טהוט נאָרנישט און האפּט נאר בייא דיא מלכיות שיריים !....

ר׳ אליה (זיצט אויף זיין חזקה אָרט) און דיין וויקטאָריעס האָבּ דיא אינזעל ציפערען, הייסט נעביך גאָר ניט געהאַפּט שיריים! נישקשה, זיא איז אַ גוטע נאַשערען, האָט ליב שטילערהייט אַ האָפּ צוטהון פונם טעפּ׳ל.

ליבּע. אומזיסט, חלעבין, אייער האָמפּערען זיך, ער געהאַפּט, זיא נעהאַפּט, וואָס מאַכט עס אויס? אַ לאַנג אַלטע אייבּינע מעשה. אָט זעהט בעסער וויא דאָרט שיט זיך איין עולם אַקעגען דעם חיל, וואָס קומט באַלד אריין.

פייבוש (צוקומענדיג צום קלייטעל) אַ, נאָט העלף! פון וואָס שמיעסין עס יודען? מסתמא פון פּאָליטיקע. (צו ר׳ אליהן) זעהט איהר אין פּאָליטיקע, דאָ זיינט איהר, ר׳ אליה, אַ למדן מופלג, איין בריה און אַ שרכן דווקא נישט קיין גוטער. — יוסיל פּינשעווערס שידוך האָט פון מיינע הענט, נאָר דורך אייך זיך ארויסגעגליטשט.

ר׳ אליה (אויפשפּרינגענדיג פונם ביינקעל) הערט זשע יודען בהן שלי, איך בין דרינען אַוויפיל שולדיג...... וויא זאָל איך זאָגען? אַזוי וויא.... נישטמעהר וואָס.... נאַרנישט.

פייבוש (מיט אַ גנבה שמייכעלע) נישטמעהר גלאָט אויף דיא איינענע מעשה — ר׳ אליה! אָבער ווען נישט ר׳ אליה און טרעפט זיך מיר עס מיט איין אנדערען, הערט איהר יודען! וואָלט איך טע־טע־טע.... גוא, ר׳ אליה, שאַ, ווייטער חבר.

ליבּע (ארויפלויפענדיג מיט איטפּעט אויפן נאַניקעל) איציק, דאָס חיל! דאָרט ריהרט זיך שט׳רק דער עולם.

איציק (צוקוקענדיג זיך) האַ... ניין! ברוך הבא, דאָס איז ער, שמואליק מיט זיין כבוד אַליין!

## צווייטע סצענע.

### שמואליק און ניסיע.

שמואליק (ארויסשטופענדיג זיך פון צווישען דעם עולם שטארק פאר־כוסעט און דאס היטעל אויף דער זייט קאפּ) וויסניטרע, וויסנאפּרע, וויס־נאטרע לחי עולמים!.... אז שמואליק מארשירט לאז זיין בצלצלי תרועה, טיט א קאטערינקע...... עך, סאלדאטיקי בראטיקי בשמחה רבה ואמרו כלם!

ניסיע (ציהעט שמואליקין ביים ארבעל) זיידע, נענונג! ניכער קום הער־שעלען אקענען!

שמואליק (פארקרימט זיך) פּישש, א גרויסער פּריץ, אקענען! – ווייבער, מאמעס צום קבלת פּנים דא, אקענען!.... ואני און איך האב צו דיין מוטער רחל נישט א־וי נעטהון, בבואי מפּדן, אז מיר זיינען געקומען פון קאווקאז, האבען מיר געדראלעט בענלא ובזמן קריב וויא א קאדנער בעל ענלה אין דער בלאטע, זיך געשלעפּט מיט נרויס קוראזש אומעטים הוררר.... אז אלע פלעגען פאר אונז מאכען ויברח....

איינער פונם עולם. אבער קידוש, שמואליק, פלעגט איהר מאכען?

שמואליק (שאקלענדיג מיט דער האנד) פּיט, פּיט, פּיט! דוואדצאט פּיאט פאלאק אויף א ברודער מיט דריי ציין אונטערגעשלאגען. און קידוש איבער א הארטען סעחאר. נא, גריזע און שריי חי וקים: ראדי סטאראטסיא וואשע בראָדיע, בשמחה רבה ואמרו כלם!

ניסיע. אבער קום שוין, קום זיידע! וויא דערלעב איך שוין זעהען הערשעלען.

שמואליק (אויסציהענדיג זיך וויא א סטרינקע) סטאי ראוונאיסיא! פּינף און צוואנציג יאהר מיט א שמיטצעל האט די א מאמע געוואָרט און זיך נישט דערוואַרט איהר שמואליקין צוריק קומענדיג פונם חדר, וואהין דער בעהעלפער מיט מעשענע קנעפּליך האט איהם, נאך נאר א ברעקיל, אוועק געפראגען אויף דיא פּלייצעס. דיא גאנצע צייט כסדר איז געגאנגען דיא לאנגע סדרה בלק. ומלאכים יחפזון און געצימבעלט, דם ואש ותמרות עשן

אזש א רויך איז נעגאנגען. (אנגעהמענדיג ניסיען) הייא, אדם א מענש, קאטשקע ריק זיך! ריקט זיך ישראל בני רחמנים!.... (ער נעהמט אוועק מיט ניסיען און א סך פונם עולם נאך איהם).

# דריטע סצענע.

## מענדיל, דוואסיע און שמחה.

דוואסיע. אונז, מענדיל, איז שוין אפשר צייט פאהרען א היים. אלסדינג איז שוין איינגעהאנדעלט. אויף א רגע נאר וואלט איך געוואלט א שפרונג טהון צו שפרינצען, זעהן וואס זייא מאכען.

מענדיל. מאכען זאלען אזוי דיא הינע ר׳ שמעלקעס. זיי האבען ר׳ שמחהן גוט איין אויער אויסגעמאכט. יענע וואך בין איך ביי איהם געוועזן. אוי, דוואסיעניו, איז דאס בייא ר׳ שמחהן אין הויז א ביטערע עלענט, דער דלות שווישטשעט דארט פון איטליכם ווינקעלע! דוא וואלסט איהם נישט דער־קענט, אזוי האט איהם דאס פנים זיך פארענדערט. שא, אט נעהט ער דארט מאקי אליין.

שמחה (צוקומענדיג) שלום עליכם, מענדיל! וואס מאכסט דוא עפיס? וויא נעהט עס דיר אין דיין ארענדע פון דער מיהל?

מענדיל. נישט צופארזינדיגען, ס'איז ברוך השם, דא ברויט. (אנקוי־קענדיג א רגע שמחהן) וואס טויג אייך, ר׳ שמחה, דיא שטאדט אנקוקען דא דיא בנימער זייערע — דאס גאנצע פעקיל שיינע לייט, מיוחסים, וואס האבען בביזון, בכדי צו ווערען אדמיניסטראטארעס, שטילערהייט אויף אייך נעגראבען. בעגראבען, חלעבין, זאלען זייא אייך אלע ווערען. אט נטהמט, פאלגט מיך, און פאהרט מיט אייער ווייב איבער צו מיר אין דארף אויף א צייט ביז נאט וועט אייך עפעס העלפען.

דוואסיע. בייא אונז וועט עס חלעבין נאר נישט אויסמאכען, אדרבה

מיר וועלען גרויס הנאה האָבען. טהוט אונז, חלעבין, דיא טובה, בעל הבית! אזוי פיעל יאָהר האָבען מיר דאָך אייער זאלץ און ברויט גענעסען.

שמחה. יישר כח אייך פונם גאנצען הארצען, ס'איז אָבער גאָר אומ־מעגליך. ווא מיינט איהר, הא? שפּרינגצע מיינע וועט זיך שיידען מיט רייזילין און בפרט אצינד, אז זיא איז אזוי אומגליקליך און עס טהוט זיך....

מענדיל. אלץ אפשר מיט דעם שיינעם איידעמיל?

שמחה, ס'איז דאָ נענוג מיט דעם, מיט יענעם ... אָט גוט חלעבין, וואָס דוא ביסט היינט אין דער שטאָדט. דוא קענסט מיר צוניטץ קומען. קום, וועל איך דיר זאָגען. (שמחה און מענדיל געהען אוועק).

---

## פערטע סצענע.

רייזילי, א דארע מיט א טיכעל אויפן קאָפּ, א פּעקיל אונטערן אָרם. דוואָסיע, איציק און ליפּע.

דוואָסיע (צולויפענדיג צו רייזילין) וואָס זשע מאכט איהר פּאָרט, קרוין? אי, האָב איך שוין גענארט אזוי אייך צוזעהן! (זיא ווישט דיא אויגען און שאָקעלט מיט דעם קאָפּ) א וועהטיג איז מיר, וויא איהר זעהט נעביך אויס! זאָגט זשע, איך בעט אייך, וואָס זשע מאכט איהר?

רייזילי (אונטערהיסטענדיג און הייזערינגליך) אזוי וויא דוא זעהסט מיך, דוואָסיע. — איך לעב....

דוואָסיע. אזא לעבען געזאָגט געוואָרען אויף אלע יענע לייט, וואָס האָבען א מאָל בייא אייך געזויפען, געפרעסען און דערנאָך אין אייער בלוט זיך געבאָדען! (אויסשטרעקענדיג דיא האנד צו רייזילים פּעקיל) א דונער האָט מיך נישט דערשלאָגען! קוים וואָס זיא גיהט, איז אויך אויף דער צייט און רייסט זיך נאָך דאָס געזונד איין טראָגענדיג אזא פּעקיל!

רייזילי (אוועקשטופּענדיג דוואָסיעס האנד) צו וואָס, דוואָסיע! וואָס מאכט עס אויס, נאָך א פּעקיל, אלץ איינס, חלעבין.

דוואָסיע. געהט שוין, געהט, רעדט נישט אזעלכע זאכען. אייער געזונט איז טהייער. צעהן פון יענע שיינע לייט זאָלען דיא כפּרה ווערען פאַר אייער מינדסטען נאָגעל.... נוא, נים שוין עס אהער! — וואָס איז דאָ אינס אין דעם פּעקיל?

רייזילי. אביסיל וועש צום נייען...... האָב איך אויף איין אָרט גענומען.

דוואָסיע (ווישענדיג דיא אויגען מיט דער גאנצער האַנד) ר׳ שמחה׳ס טאָכטער, וואָס האָט געלעבט אין וועהלטיג, זיך געבאָדען אין מילך, אין פּוטער זאָל היינט נעביך אזוי קריעה רייסען!

רייזילי. מיין לעבען איז נאָר נישט ווערטה, מען זאָל איבער איהם אזוי זיך זאָרגען. אָט זאָג בעסער, דוואָסיע, וואָס מאַכסט דוא? לעבסט דוא צופרידען מיט דיין מאַן?

דוואָסיע. אויף אַלע מיינע ליבע געזאָגט געוואָרען אזא גוטע מזלדיגע דאָליע וויא מיינע. מיין מענדיל ליובעט, קיבעלט מיך. אַלץ דוואָסיעניג, מיין דוואָסיעניו. זאָגט דוואָסיע, טאָג, מעג זיין נאַכט, איז טאָג. — און איך איהם האָב אין הארצען עפּיס אזוי ליב, אזוי ליב...... איך רייץ מיך אפילו א מאָל מיט איהם, בלאָז מיך קלאָפּעדרשט, אָבער אזוי אויף קאַטאָוועס.

רייזילי. זעהסט דוא, דוואָסיעניו, דוא האָסט טאַקי א גליקליך לעבען.

דוואָסיע. איך האָב מיך, ברוך השם, נישט צובעקלאָגען. ס׳איז נאָך אזא מענדיל, דאַכט זיך, גאָר נישטאָ. ער איז דאָך אפילו א פּראָסטער מענש, נישט עפּיס וויא יענע ויידענע יונגע מאַנטשיקליך; נאָר דיא כפּרה מעגען זיי אַלע ווערען פאַר זיין מינדסטען פינגער.... א וועהטיג איז מיר! וואָס ציטערט איהר עפּיס אזוי, רייזילי? איהר קענט דאָך זיך נישט האַלטען אויף דיא פיס. אהער גיכער דאָס פּעקיל! קומט, דאָ אקעגען האָב איך א בעקאַנט קלייטעל. (זיא נעהמט ביי רייזילין דאָס פּעקיל און געהט מיט איהר צו צום קלייטעל).

איציק (דערזעהענדיג דוואָסיען) א, איסקאָטציל קומט, דוואָסיע!

דוואָסיע (ארויספיהרענדיג רייזילין אויפן גאַניקעל) זיטצט, רייזילי, זיטצט דאָ אויפן ביינקעל, אָט אזוי, אזוי. (צו איציקין) האָט קיין פּאַראַיבעל נישט, וואָס איך סאַרווער דאָ אזוי, וויא ביי מיר אין דער היים.

**איציק** (ווייזענדיג אויף רייזילין) נישקשה, איך האב נענוג פון זייא אי־בערגעלייזט א מאָל אין דיא גוטע יאָהרען....

**ליפע** (ארויפלויפענדיג געשווינד אויפן נאניקעל) איציק, מען געהט!

---

## פינפטע סצענע.

**פון** דערווייטענס הערט זיך א שפילען פון מוזיקע. דערנאָך ווייזען זיך סאָלדאטען. פאַראויס געהן פיעווטשעס, זינגען און פייפען פרעהליך. אין דיא פענסטער פוןביידע זייטען הייזער שטעהען דאמען און ווארפען אויף דיא סאָלדאטען קרענצליך בלומען.

**דיא פיעוומשעס:**

סאָלדאטושקי, רעביאטושקי גדיע וואשי ושאָני?
— נאשי ושאָני רוּשיא זאראושאָני,
וואס נאשי ושאָני. א. ז. וו. א. ז. וו.

**א** טהייל מענשען דערקענען צווישען דיא סאָלדאטען זייערע קינדער, זייערע מאנען, לויפען צו זייא פרעהליך צו, קישען זיך און געהען מיט זייא אוועק; א טהייל מענשען, וואס זייער האָפנונג איז געווען אומזיסט ווינען און ברעכען דיא הענט.

---

## זעקסטע סצענע.

### שמואליק, ניסיע און א סאָלדאט.

**ניסיע** (מיט א געוויין) נישטאָ הערשעלע! זיידע, וואס שווייגסט דוא?

**שמואליק** (טהוט אומעטיג א פייף) מי בחרב ומי בחניקה, ווער דורך בלייענע פייגעליך און ווער דורך א פיקע....

קום, ניסיע, קום! (ער נעהט שאָקלענדיג זיך).

ניסיע (נעהט וויינענדיג נאָך שמואליקין) וואָהין, זיידע, קום?

שמואליק (צוקומענדיג צו דיא פורנאָנעם קראסנאהאָ קרעסטא) אהער, ניסיע! בענלא, א כאפ אין וואָגען ובזמן קריב און זשיווא.

א סאָלדאט (ארויסקריכענדיג פונם פורגאָן, זיין האנד הייננט אונטערגע־בונדען אויף א טיכעל) האָ־האָ שמואליק!

שמואליק מיט דער האנד צום מויל) על בן ברך, מיט דעם גלעזעל א מאך, פיף פוף־פאף ויקדשהו און געמאכט איהם פאר א קרוש, אהן א הענטיל.. הייא. סליש!

ניסיע. נישטא הערשעלע! פרעג זיידע, וואו איז מיין הערשעלע?

דער סאָלדאט (שטארק פארוואונדערט) וואס הייסט? ! הערשעלע איז נאָך נישט צוריקגעקומען! .... איך אליין האָב איהם .געזעהן געזונד און האָב איהם איבערגעגעבען....

ניסיע (מיט גרויס פרייד) זיידע. דוא הערסט, ער האָט געזעהען הערשעלען, (צום סאָלדאט) נשמה. הארץ, קויפט אייך עולם הבא און דערפרייעט מיך ניכער מיט דער בשורה, וואו, ווען, האָט איהר געזעהען הערשעלען?

דער סאָלדאט (פארטראכט זיך) וואו, ווען?.... שפעטער אביסיל, איהר וועט קומען שפעטער.

ניסיע. וואָהין, סערדצע, וואָהין קומען?

דער סאָלדאט. צו זלמן קריסטאָל.

ניסיע. נאָט איז מיט אייך! פון זלמן קריסטאָל איז שוין לאנג קיין זכר נישטאָ.

דער סאָלדאט (אָנהאָפענדיג זיך בייא דער קראנקער האנד מיט א קרעכץ) אוי!....

שמואליק (א פייף געבענדיג) מי ביד, אוי, א פיק פון א בלייען פוינעל, ומי באדמה און באקט בייגעל!....

ניסיע. זלמן האָט מיט זיין הויזגעזינד זיך אוועקגעלאָזט באלד טאקי נאָך זיין זונס טויט. פונם רוטשוקער רב איז אָנגעקומען אהער זיינע אלע פאפירען מיט זיין כלה'ס בילד. — נוא, דערצעהלט זשע מיר פון מיין הער־שעלען אצינד.

דער סאָלדאט (שאָקלענדיג מיט דעם קאָפ פארוואונדערט) הא־הא, אט

וואָס! .... (ער קוקט שארף אָן ניסיען) אצינד.... ניין, לאָזט מיך אָפּ, איך בעט אייך (ער לאָזט זיך געשווינד געהן).

ניסיע (שלעפט שמואליקין בייא דער האַנד) קום, זיידע! לאָמיר איהם נישט אָפּלאָזען (זיי געהען אויך).

---

## זיבעטע סצענע.

שמחה, שפרינצע, חאַסקיל, מענדיל, פייבוש, ניסיע,
שמואליק דער סאָלדאַט, רייזילי, דוואָסיע און
א רעדיל מענשען.

חאַסקיל (דרעהט מיט דעם שטעקעלע אויף דער ערד און מאַכט צוקען) שווער, אומזיסט אייערע רייד! זיי נעהען מיר אפילו נישט אין דער לינקער פּאָה.

שמחה. אזוי, הא, ענטפּערט מען א שווער?

שפרינצע (נעהענטער) עס נעהט דיר נישט מעהר אין דעם, שמחה, וואָס ער איז איין עזות פּנים. אלסדינג איז גאָרנישט אקעגען דעם גרויסען אומגליק, וואָס אונזער רייזילי נעביך האָט אזעלכען פּאר א מאַן.

מענדיל (ארויסטרעטענדיג מיט כּעס) א מעשה, וואָס נאָך נישט דער־הערט געוואָרען! מען זאָל ביי א מענשען צונעהמען דאָס לעצטע נעביך. און נאָך וויא? בגנבה!

חאַסקיל. איך האָב צוגענומען על פּי דין. מיר קומט קעסט. איך האָב נישט דערעסען קעסט!

מענדיל. ר' שמחה האָט דען און גיט נישט!

חאַסקיל. אָבער וואָס נעהט עס אָן מיך! אין דיא תּנאים האָט ער זיך מתחייב געווען קעסט. זאָל ער געבען קעסט! — ער קען נישט? נישט מיין דאגה. מיר קומט קעסט.

מענדיל. וויא שעמט זיך עס נישט א געזונטער בייבאַק אזוינס צוריי־

דען! וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג, יענעם וויא אַ פּיאַווקע צוזווינגען, צופּרע־
סען און האָבען אויף יענעמס קאָפּ קינדער! קראַנק איז אַזא יוד מיט הענט
און פיס אַליין צוהאָרוועז און פאַרדינען זיין ברויט כשר מיט שוויס וויא מיר
פּראָסטע מענשליך!....

חאַסקיל. איך רעד על פי דין, על פי יודעשקייט און ער מיר ענטפערט
בוידעם. — עם הארץ, גראָבער יונג!

מענדיל. אוחניאַק!

פייבוש (צוקוקענדיג צום עולם, וואָס פאַרקלייבט זיך אַרום) וואָס איז
דאָ אַזוינס?

מענדיל. אַט איז ער, דער שרכן! געהט האָט הנאה פון אייער אַרבייט.
(צום עולם) אַט האָט איהר, יודישע קינדער, אייערע שרכנים, אייערע גלי־
קען! קוויקט זיך יודען מיט אייערע תּכשיטליך, מיט אייערע שיינע נפשות!..
(צום עולם קומט צו אַ סאָלדאַט, ניסיע און שמואליק).

ניסיע (צום סאָלדאַט) אַט דאָ וועט איהר וויסען דעם גאַנצען אמת. (צום
עולם) אמת, אַז זלמנס זוהן איז אין רוסטשוק געשטאָרבען?

שמואליק. אמת...... ויציב און שטעלט אַ מצבה. ונכון און נאָך
איינע.

דער סאָלדאַט (אויסציהענדיג זיך גלייך) וואָס, חאַ, נישט דערקענט?

מענדיל (קוקט אָן דעם סאָלדאַט און שפּרינגט אָפּ צוריק שטאַרק פאַר־
וואונדערט) וואס זעה איך!......

שפּרינצע (ציקוקענדיג זיך) איך חאַלעש, דאָס איז ער!....

שמחה (אַוועק סעהרענדיג זיך דערשראָקען) אויפן עולם התּועה!....

דער סאָלדאַט. אַזוי טאַקי זעה איך אויס (ווייזענדיג אויף דער קראַנקער
האַנד) איך בין געוועזען מסכּן שלאַף אַ לאַנגע צייט.

ניסיע (מיט אַ געבעט) נשמהניו, הארצעניו, נו אַ זאָגט זשע שוין, זאָגט,
וואו און ווען האָט איהר הערשעלען געזעהען!

דער סאָלדאַט (קוקט אויף ניסיען שאָקלענדיג מיט דעם קאָפּ) פאַר
דער גרויסער מלחמה ביי שיפּקע האָב איך.... נו, עס העלפט נישט.
הערט זשע! איך בין געגאַנגען אויף דער מלחמה און הערשעלע סיין רוס־
טשוק האָב איך איהם איבערגעגעבען....

ניסיע. נו, ווייטער, ווייטער! דערפרעהט מיך שוין מיט דער בשורה.

דער סאָלדאַט (מיט אַ קרעכץ) האָב איך, געזעגענדיג זיך מיט הער־שעלעז, איהם איבערגעגעבען מיינע אַלע פּאַפּירען און דאָס בילד....

פייבוש. אַ מעשה, אַ מעשה! היינט פאַרשטעהט איהר יודען נאָ־טעניוס דרעהעלי? טע טע טע, דאָס איז אין רוסטשוק נאָך הערשעלע געשטאָרבען!....

ניסיע. אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען!.... (פאַלט אויף דער ערד, שלאָגענדיג זיך מיט ביידע הענט אין קאָפּ, און בלייבט ליגען וויא אַ שטיין).

שמואליק (ווישט מיט דעם אַרבעל דיא אויגען) שאַ, שמואליק! לייר צרות, קלעפּ, שמיטץ און זאָג דעם צדוק הדין — ראַדי סטאַראַטסיא וואַשע בראַדיע! .... (ער פאַלט אויף דיא קניע לעבין ניסיען. — דוואָסיע מיט רייזילין קומען צו).

שפּרינצע (ברעכענדיג דיא הענט) בערוהיג דיך רייזילי, שטאַרק זיך מאָכטער!

רייזילי. וואָס איז דאָ, מאַמע, אַזוינס געשעהען?

דער סאָלדאַט (צולויפענדיג געשווינד) מיין רייזילי!......

רייזילי (שטאַרק צומישט) אַלכסנדר! .... (זייא האַפּען זיך אַרום און שטעהען אַ רגע שטיל).

חאַסקיל (צולויפענדיג) נוי, נוי איינער מיט איין אשת איש! (שלע־פּענדיג רייזילין) אַ שיינע פּלוניתטע, חלעבין! ...

אלכסנדר (אַ האָפּ געבענדיג זיך פּאַרציטערט) רייזילי מיינע — אַ וויי־בעל! .... חאַסקילים אַ ווייב! ....



# דאס ווינש־פינגעריל

א מתנה פאר די ליעבע יודישע קינדער.

# א מעשה איבער א מעשה.

---

אָטר מענדעלי מוכר ספרים, זאָגט מענדעלי מוכר ספרים: געדאַנקט און געלויבט זיין ליעבער נאמען פאַר דיאביידע קהילות ק א ב צ א נ ס ק און ט ו נ ע־י א ד ע ו ו ק ע אין דער סביבה פון ג ל ו פ ס ק—דרייא קק״ן, מיט וועלכע ער האט בעשיינט זיין וועלט און אין וועלכע ער האט בעזעצט זיינע געליעבטע קינדער ישראל, צופריוועץ זייא דאָרט, פאַר גרויס ליעבשאַפט, מיט אלע זיינע נסיונות, אויב זייא וועלען קענען אויסהאַלטען יודעשקייט; זיך אָפּצוזאָגען פון עולם הזה, צוברעכען דיא תאוה פון עסען און נאך אזעלכע מיאוסע תאוות, אָהן וועלכע אַנדערע מענשען, פראָסטע בשר־ודם, קענען געוועהנטליך זיך נישט בעגעהען; בכדי דורך דעם זאָל זייא צולעצט אדוואויל־אַן גוט זיין דאָ אויף דער וועלט, אויף דאָרט אויף יענער וועלט... ק א ב צ א נ ס ק און ט ו נ ע י א ד ע ו ו ק ע האבען אויף קידוש השם אויסגעהאַלטען דיא פראָבע גאר איין אנטיק, בעשיינפּערליך געוויזען, ווער זייא זיינען, וואס זייא קענען און צרוואס זייא טויגען. — געלויבט און געאַכפּערט זיין הייליגער נאמען פאַר דער גרויסער זכיה, וואס ער האט מיך, אָרעמען בעל־עבורה, מזכה געווען, צו זיין דער שליח, לויפען אצינד צו דיא דאָזיגע קק״ן מיט א גוטער בשורה.

מזל טוב דיר, ק א ב צ א נ ס ק! מזל טוב דיר, ט ו נ ע י א ד ע ו ו ק ע! אז־וואויל־אַן גוט איז אייך ביידע! נרצה, איהר וועט אם־ירצה־השם בעווילנט ווערען טאקי באלד, באלד....

קוועטשט מיך נישט, און איין אָטהעם אָפּצחאָגען, וואס דיא בשורה בעטייט. האט ציים, איך בעט אייך. איהר האט אזוי פיעל צעהנדליגער יאָהר און צרות, און לייד געוואַרט, וועט אייך דער גוטער יאָהר נישט צו־עהמען ווארטען נאך אביסיל. איהר זענט דאָך צו אזעלכע זאַכען שוין געוועהנט געוואָרען, שוין פיעל מאל אין אייער לעבען בעוויזען, אזא איין אייזערנעם כח אויף אזוי פיעל איבערצוטראָגען און אַלץ ווארטען... ווארטען... ווארטען... האט איהר אליין נאַר טאקי, איינע אין

דער גאנצער וועלט. — נאָר וויא דיא מעשה איז, אויב איהר קענט, אָדער קענט נישט, פאר מיר איז אלץ גלייך. איך האב מיך פיינט צו חאפּען. בייא מיר, אזוי וויא איהר קוקט מיך אָן, איז אלסדינג מיט א סדר, פּאמעליכין, נישט געיאָגט. דאס פּערדיל מיינס אפילו ריהרט זיך אויך שטארק בערעכענט, קוים קוים וואס עס הייבט א פוס, נישט געאיילט. איהר מוזט פריהער אויסהערען דיא גאנצע מעשה מיט קאָפּ, ביז עס וועט קומען דערצו, וואס דיא גוטע בשורה איז אין וואס פאר א גליקען שטעהט אייך פיר. דיא מעשה אליין פאר זיך, גאר אָהן אלע זאכען, האט אויך א ווערטה און גייטינג טאקי צו וויסען. אוי, קען איך אייך ברידערליך! בייא אייך איז נאָר דער שפּיטץ, אזוינס, וואס פּאסט צום עסק. יענער איז בייא אייך חשוב, א זעהר אָנגעליינטער גאסט, נאָר כל־זמן איהר בעדארפט בייא איהם עפּיס אָנשמעקען, קוים אָבער האט איהר ארויסדערטאפּט בייא איהם יענעס, וואס טויג, וואָלט איהר שוין גערען געוועזן זיינער פטור צרווערען, וויא איין אויסגעקוועטשטע לימאָנע. אויף כפרות בעדארפט איהר איהם שוין האבען מיט זיינע מעשהליך, גלייכע ווערטליך און אלע זיינע איבעריגע חכמות... איהר מיינט נישט אזוי דיא הגדה, וויא דיא קניידליך. ניין ברידערליך! זאָג איך אייך נאך א מאל בפירוש, מיינט אייך, וואס איהר ווילט, בייא מיר וועט איהר זאָגען דיא הגדה, נישקשה, זיך פריהער אָנלייענען, אָנזאָגען וויא א פויק, ביז וואנען איהר וועט דער־עבען זעהען דיא קניידליך. נישט דאס בין איך אויסען.

קאבצאנסק! נעדענקסט־דוא, נעדענקסט־דוא דעם אורת, וואס איז בייא דיר פאר א יאָהרען זומער געוועזן? דוא ביסט אוים דער הויט געשפּרונגען; האסט זיך געבראָכען דעם מוח: רבוני של עולם! פון וואנען האט ער זיך גע־נומען, וועד קען ער זיין און וואס בעדארף אזעלכער האבען? דוא האסט נישט געקענט פארשטעהען דעם מיין זיינעם דערמיט, וואס ער איז געוועזן אויפ'ן הייליגען אָרט, אָנגעקוקט דיין גאנצע פיהרונג, אלץ־מיט־אנאנדער, אויסגעוועזן אין אלע לעבער: אין דיין הקדש, אין דיין תלמוד־תורה, אין דיינע חדרים, דיינע שטיבליך. דיינע שדכנים האבען געטראכט פאר איהם א שידוך, דיינע מקבלים, דיינע בטלנים, גבאים, בעטלער, אָרעמע בעלי־הבתים, קינד און קייט זיינען איהם וויא דיא היישרעקען פון אלע זייטען בעפאלע׳, איטליכער האט געבעטען א נדבה. און דיינע שעהנע יורען, ווילדע חכמים, האבען מיט זייער כבוד אליין זיך מטריח געוועזן צו איהם אָפּצושטעקען א „שלום עליכם״, דערבייא טאקי, הינטען ארום, איהם א טאפּ טהאָן, א שמעק טהאָן, וואס שמעקט אזוינס אין זיין קומען. — געדענקסט־דוא, געדענקסט־דוא, אז ער האט פערלאנגט, מען זאָל אָפּוואשען דעם פּאל איז דער

תלמוד־תורה און אין בית־מדרש, איז דיר, שונא־ציון, פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען. סטייטש, אזוינס צו טהאָן! סטייטש, אָפּצרוואשען דיא בלאָטע וואס אונזערע אָבות אבותינו האבען אָנגעמאכט!.... סטייטש, סטייטש! ק א ב צ א נ ס ק! דוא ביסט דענסטמאָל ש׳ער נים משונע געוואָרען קלעהרענדיג און גאר נישט דערקלעהרט. דער אורח איז, אָהן א זייא געזונט, אוועק געפאָהרען או דוא ביסט געבליעבען דאס איינענע ק א ב צ א נ ס ק וואס פריהער. ער האט דיך, ברוך־השם נישט אָפּגעביסען.

דער דאָזיגער אורח איז אריינגעפאָהרען גלייך לק״ק ט ו נ ע י א ד ע ו ו ק ע און האט מיט זיין קומען אָנגעמאכט דאָרט אויך אזא רעש וויא בייא דיר, ק א ב צ א נ ס ק. דאס פארשלאָפענע ט ו נ ע י א ד ע ו ו ק ע האט זיך אויפגעחאפט, אויסגעשטעלט אויף איהם א פאָר אויגען און זיך פארגאפט, וואס איז פלוצים אזוינער געקומען זייא צו חלום! עס האט אויסגעזעהען, וויא מען קומט בייא נאכט פלוצים אריין מיט א ליכט ערגיץ אין א לאָך, וואו עופות דרעמלען, זיצענדיג אויף דער סידעלע. זייא בלינצעלן מיט דיא אייגליך האלב פארשלאָפען און פרעגען זיך פארוואונדערט, קרעכצענדיג דערבייא עפּיס מיט א נאַרעשע מינע: וויא נעהט מען עס אצינד משונענערווייס ארום! גראד בין איך אין יענער צייט אָנגעקומען קיין ט ו נ ע י א ד ע ו ו ק ע, פאָהרענדיג אין וועג מיט מיין ביידיל און איידער נאך איך האב מיך ארומגעקוקט, אויסצושפּאנען דאס פערדיל, האט דער דאָרטינער עולם מיר אָנגעזאָגט דאס גרויסע וואונדער גאר אין איין אטהעם: ר׳ מענדעלי נייס! א מטנש, עפּיס א מענש, א מין מענש איז פלוצים צו אונז אראָפּגעפאלען!... עפּיס קוקט ער זיך אומעטום צו, הערט זיך צו, פאָרשט אויס, ס׳איז נישט גלאַטיק. אפשר איז ער איין אונטער־געשיקטער, הא? זאָגט ר׳ מענדעלי! אין דיא קלייטליך האט מען לעת עתה, פארשטעהט איהר, מבער חמץ געווען, א קשיא אויף א מעשה!... אויף דיא מלמדים ציטערט דיא הויט.... יורען מיט יארמולקעס דרעהען זיך נישט אזוי ארום ...

אז איך האב מיך אָפּגעפערטיגט פון דער ארבייט, צופּאקט דאס פעקיל כחורה, אונטערגעפאקט אביסיל דאס פערדיל, און אליין אויך געוואָלט עפּיס פאקען, גיב איך א בליק, אויפ׳ן שול־הויף פאקט זיך עפּיס איינער, א מענש אין דיא מיטעלע יאָהרען, טראָגט זיך דייטש נאך דער מאָדע, גאנץ לייטעש און נעהמט זיך פון דערווייטענס אויס, מישטעהגס־געזאָגט, עפּיס גאר חויק. וויא זאָל איך אייך זאָגען, עפּיס וויא איינער וואָלט אין באָר, וואו מענשען געהען נאקעט, אריינגעקומען אין דעם אָנטהאָן, צו וואס, איך בעט אייך, זיך פוטצען און פאר ווערען זין

פוטצען, אז ביים מ ו נ ע י א ד ע ו ו ק ע ר עולם איז אויסגעטרעטענע פיאטעס, הוילע לאפעטקעס, בלויזע הערצער און אויסגעריבענע איילענבויגענס אויף זעהר רעכט, נישט חלילה אזא פערברעכען, אבי עס זאָל זיין נאָר א סימן פון זאָקען, פון תחתונים מחילה און א קאפאָטע?... און מ ו נ ע י א ד ע ו ו ק ע מעגט איהר אויף מיין אחריות געהען אויף דער גאס אין איין טלית־קטן, צוהראשטעט, אָהן זאָקענ־בענדליך, נישט פארשפילעט, וואו מען בעדארף, און אויב חלילה איהר וועט הערען א קרום וואָרט, וועל איך שולדיג זיין.... נישט דאס בין איך אויסען. מיינער האט זיך שוין אָנגעשטויסען, אז יענער פארשוין איז א פנים דער אורח, און געקוקט אויף איהם עפּיס נישט אזוי פריינדליך. פארביינעהענדיג לעבין מייןביידיל, שטעלט ער זיך אָפּ, קוקט מיך אָן, דאס פעררדיל, דאס פעקיל סחורה, פריהער שוויינענדיג־נישט צו ריידען קיין וואָרט, דערנאך טהוט ער מיך א פרעג אזוי:

— וואס איז דאס בייא אייך, ר׳ יוד, דאָ פאר ספרים?

— ע... עס... ספרים... ברומעל איך אונטער דער נאָז, בבדי פון איהם דיך אויסצודרעהען, טראכטענדיג בייא זיך: פאקט זיך, ר׳ קרוב, ווייטער אביסיל.

— פאָרט וואס? מאכט ער מיט א בנעימותדיג שמייבעלע, אריינקוקענדיג מיר אין דיא אויגען עפּיס אזוי גוט, אז ער האט מיך דערמיט געגומען. איך הער מיך אויף צובלאָזען און ענטפער איהם שוין גלייך, וויא א מענש, מיט ווערטער:

— יודישע ספרים: סידורים, סליחות, מחזורים, תחינות, קינות, וויא גע־וועהנטליך.

— און קיין אנדערע, חוץ דיא, איז בייא אייך נישטאָ? טהוט ער ווייטער א פרעג און בעקומט באלד פון מיר תשובה:

— עט, קנאפליך... קיין אנדערע לוינט זיך נישט צו פיהרען. לשון־קודש׳דיגע איז נאר אין דער ערד. נישט קיין סחורה... היגע יודען קוקען אזעלכע נישט אָן אפילו.

— היגע יודען, מאכט ער מיט א זיפץ, היגע יודען נעביך באדארפען ברויט, נישט קיין ספרים...

— וואס? מאך איך, קלאָטפערשט וויא נישט גוט איינגעהערט זיינע ווערטער און אין הארצען פארדריסט מיך טאקי אביסיל, וואס ער צושטערבעט מיר אין גאנצען מיין קרעמיל. ער אָבער פארשטעהט מיינע געדאנקען און א־ויפ־

ליינענדיג זיין תאנד צו מיר אויפ'ן אקסעל, רופט ער זיך אן מיט א זיס שמייכעלע:

— חלילה, נישט אייערע דאזיגע ספרים מיין איך. יענע מיין איך, יענע וואס אלץ מיט שטראף־ווערטער, מיט עצות און א געפילדער: פע, הבלים! פע, אפנעלאזטקייט! נעוואלד בילדונג! יענע, וואס לוינט זיך נישט, וויא איהר זאגט, צופיהרען און וואס הינע יודען קוקען זייא נישט אן אפילו. הינע יודען זיינען נערעכט. ברויט, ברויט בעדארפען זייא האבען, מוסר און עצות איז קיין סילוק נישט פאר דעם מאגען, איהם מיט א פזמון קען מען נישט אפקומען. קלאגען זיך אויף אוועק־געשטעלטע מאשינעס, פאר וואס זייא פוילען, שיטלען דארט ערגיץ אין א ווינקעל, איז נאר א נעלעכטער. נעהמט בעסער הייבט זייא מיט אייערע הענט אויף, שטעלט זייא אויף דיא פיס, לאזען זייא בייא אייך ארבייטען, וועלען זייא נישקשה נישט שימלען, נאר איין אנדער פנים האבען.. נאר, אויף וויפיעל איך בין בעקאנט מיט דעם הינען ווינקעל, דאכט זיך מיר, צו אזוינס האט מען בייא אייך וועניג אין זינען. דרשה'נען קען איטליבער זעהר וואויל; א מטרא, א סליחה מהיכא־תיתי, און עפים טהאן — נישט פון דאנען אהין... נענוג חלעבין סליחות! נאך א מאל זאג איך, נישט אייערע חלילה מיין איך, יענע מיין איך. —

פון דיא דאזיגע רייד בין איך א היבשע ווײלע נעווען שטארק צודרעהט. עפים נאר אנדערע ווערטער, נאר א נייער מין פארשוין, נישט וויא נעוועהנטליך דיא בריות בייא אונז! האט איהר נעהערט אין אייער לעבען, א בריה א דייטש זאל מיט דעם נעמיינעם סארט יודישען עולם זיין איינס, נישט לאכען פון זיינע נארעשע ניינג, נישט שטראפען, מוסרן איהם מיט לאנגע מטרות, פארקעהרט, נאך נעבען איהם נאר נערעכט, זאגען, א רחמנות נעביך, זיינע סליחות איז אחן סכנות, איבעריג זיינען נאר יענע, דיא בריהשע־סליחות להבדיל!.. עפים טאקי א נייער שנים, וויא זאל איך עס אנרופען, דייטש אונטערגעשלאגען מיט חסיד, פראק־כייבסערדאק, נאר א שפאגעל נייער מין, אויף וועלכען מען בעדארף מאכען שהחיינו! דער פארשוין איז מיר שטארק נעפעלען, דאס הארץ האט מיר עפים צו איהם נעצויגען. איך בין איהם א פנים אויך געפעלען, ווארום ער האט מיך פארבעטען צו זיך אויף דער אכסניא, מיך מכבד געווען מיט א גלעזעלע פונש און פארהאלטען מיך אין א טיפען שמיעס מיט מיר אקענען אגוטע עטליכע שעה. מנחה האבען מיר נעדאוונט ביידע, דארט טאקי בייא איהם. איך האב מיך שוין דער־וואוסט ווער ער איז, וויא ער הייסט, פון וואנען ער קומט און וואס ער וויל דא אין אונזער ווינקעל. ער איז נישט אזא רייכער, וויא זעהר א נעלעהרענטער, א

פײנער, אַנגעזעהענער מענש; טויל און אויערען האָב איך אויפגעעפענט, הערענדיג דיין שטימע. ער האָט מיר דערצעהלט עפּיס אַזוינס, וואָס האָט מיך דערקוויקט — גוטע זאַכען, וואָס זיינען זיך צו גאַנגען אין אַלע מיינע רמ״ח אברים. אײ־אײ זאַכען, אײ־אײ בשורות!...

נאָך אַ מאָל; מזל טוב דיר, קאַבצאַנסקו! מזל טוב דיר, מונע־יאַדרעווקעו! אַ האָפנונג צו דעם, וואָס לעבט אײביג, אַז איהר וועט אויפגעריכט ווערען.

אויף מאָרגען אין דער פריה נאָכ׳ן דאַווענען, האָט ער מיך ווידער פאַרבעטען צו זיך. נאָך אַמאָל איבערגערעדט געכטיגען שטימע און מיך געבעטען, אַז דערווייל זאָל עס בלייבען בסוד. — ר׳ מענדעלי! האָט ער אויסגעלאָזט דעם שטימע מיט אַ פריינטליך שמייכעלע, אייער נאָמען, נישקשה, איז מיר פון לאַנג בעקאַנט. עס מהוט מיר האַרצעדיג הנאה אונזער בעגעגעניש דאָ. אַז השם־יתברך וועט הייסען, קענט איהר מיר זעהר שטאַרק מאָקי צוניטץ קומען. איך האָב אייך איבער־צוגעבען עפּיס אַ זאַך, וואָס דערצו זענט מאָקי איהר, נאָר איהר אַליין מסוגל. עס מוז אָבער אביסעל געדולדיג זיין.

ער האָט בייא מיר גענומען מיין אַדרעס און מיך פאַרזיכערט, וויא באַלד דער געוויסער ענין האַלט אויף אַ שטייגער, בעקום איך פון איהם אַ בריעף מיט נאָך עפּיס אַזוינס... מיר האָבען זעהר פיין זיך געזעגענט, אייגער דעם אַנדערן ווינשענדיג אַל־דאָס־גוטס.

ביים ווינשעווען האָב איך, צו קיין גנאי זאָל עס מיר נישט זיין, מיך אביסיל אויסגעגליטשט. אין דעם ענין אָווינשעוואָען בין איך, צווישען אונז גערעדט, אַ קנאַפּער בריה, וויא אַ גרויסער טהייל יודען, וואָס ווען זייא נעהמען זיך אויף שמחות צום ווינשעווען, מיינענדיג, דאָס איז אַ חיוב, בעקען זייא אָוועק אַ שעה מיט שיינע־דינגע פנימליך, עפּיס אָהן לשון. זייא דעם בעל־שמחה: נאָט זאָל געבען אַז... אַז... דער בעל־שמחה זייא: הלוואי... אַז... אַז... עס ווערט אַזש נישט גוט צום חלש׳ען, שלאָגט צום האַרצען און ביידע צדדים ווינשען בייא זיך, איינער פונ׳ם אַנדערן פטור צו ווערען. — געוועהנטליך האַלט איך מיך איין, פאַטער אָפּ דעם חוב פון ווינשעוואָען בקיצור, ברומלענדיג אונטער דער נאָז, דאָס מאָל אָבער האָט מיך דער גוט יאָהר געטראָגען, פאַר גרויס ליעבשאַפט צו דעם אורח, אַרויס מיט אַ ווינשעניש גאַנץ ברייטליך. נאָר אַזוי וויא איך האָב געעפענט דאָס מויל, אַזוי בין איך געבליבען וויא דערוואָרגען, געבעקעט, געאַזעט אַז... אַז... מישמעהנס־געזאַגט, אַליין נישט צרוויסען וואָס, און מיך געפונען אין דער קלעהם, נישט אַהין, נישט

אהער. זעהר א טיאוסע לאנע, וואס מאכט זיך אמאל מיט א רבי״ל, ועלכען עס גלוסט זיך, חאָטש ער קען נישט נעביך, אלטען א דרשה... נישט דאס בין איך אויסען. דער אורח, לאנג לעבען זאָל ער, האט נעפיהלט מיין נעמיט און מיך זעהר דעליקאטנע ארויסגעפיהרט פון דער קלעהם, אָנרופענדיג זיך דערבייא מיט חכמה:

— איך וויים, איך וויים. איהר ווינשט מיר אזוי פיעל גוטס, וואס נאר אונמענליך ארויסצוזאָגען.

— יא, יא, אזוי חלעבין! מאך איך שוין מיט א גרינגער געמיטה און טהו מיך דערווייל אליין טאקי א פיק אויף קאטאָוועס: מעלתו ווינשט מיר אויך זעהר פיעל גוטס און זאָגט עס פון־דעסטוועגען גאנץ גלאט ארוים.

— נו, נו, מאכט ער צוריק מיט א שמייכעלע. און ווינשעווען בין איך איין ברית. דרינען האב איך נעהאט גוטע רבי׳ס און דארויף פארבראכט מיינע יונגע יאָהרען. ווען נישט דאס ווינשעניש, וואָלט איך נישט געווען דאס, וואס איך בין אצינד... וואונדערט זיך נישט אזוי, ר׳ מענדעלי! ס׳איז רעכט. אז נאָט וועט נעבען דער פלאן זאָל נעהען, וויא נעווינשען, וועט איהר דענסטמאָל וויסען און מיך פארשטעהן. לעת־עתה זייט מיר נעזונט און פאָהרט מיר נעזונט!

מיר זיינען אין דעם איינענעם טאָג טאקי אוועקנעפאָהרען, איטליכער אין זיין וועג.

א היבשע צייט איז אוועקנעגאנגען און פון דעם אורח מיינעם איז איין קול מיט צעהן אינות, ער איז וויא אין וואסער פארשווינדען געוואָרען. אויפ׳ן הארצען איז נישט פרעהליך, שווערע צייטען, שלעכטע נעשעפטען, נישט נוט ארום און ארום... דוא קאבצאנסק, דוא טונעיאדעווקע ליגנסט נעביך דער־ווייל פארזונקען ביז דעם האלז אין בלאָטע, פון דערווייטענס יענע פעקיל לייט פילדערען א שרעק, ניבען עצות, דער אזוי, יענער אזוי, שטראָפען, זאָגען מוסר, איטליכער מיט זיינס: נעוואלד, טהוט אייך אָן א כח, קריכט אויס דער הויט און ראטשקעוועט, זייט מוחל, אליין אייך ארוים! — קאבצאנסק, זייא נישט קאבצאנסק! טונעיאדעווקע, זייא נישט טונעיאדעווער קע!...

און אז איך האב שוין א מאך נעטהאָן מיט דער האנד, וויא איינער וועדט: פארפאלען, אוים האָפנונג! קומט מיר פלוצים אָן, נאר אומנעריכט, איין אוים־לענדישער בריעף מיט א חיבש, פארחתמ׳עט פעקיל. איך עפען דעם בריעף — א שמחה! דאס איז פון דעם אורח!... אָט וואס ער שרייבט:

„ידידי ר' מענדעלי! אז איך שרייב אייך אצינד, איז א סימן ס'איז גוט — דער פלאן שטעהט אויף א שטיינער. אלא נישט, וואלט איך דאך נישט געשריבען. אויף שרייבען גלאט שלום־לאהובי בריוולין קלעקט מיר נישט דיא צייט. זעהר מעגליך, מיר וועלען זיך, אם־ירצה־השם, אין ניכען זעהען. וועגען דעם עסק איז נאך דא אביסעל צו טהאן. דערוויל פארגיב איך אייך א לייענען, א נייטיג שטיקעל ארבייט, וואס געהער זיך מיט דעם עסק שטארק אן. דא אין דעם פעקיל, וועלכעס איך שיק אייך, וועט מעלתו געפינען מיינס א ספר, אין זעהר א גרינגער דייטשער שפראכע, געדרוקט אין לייפציג, היינטיגס יאהר, בייא בראקהויז, מיט דעם נאמען „ווינשפינגעריל", וואס גיט צו פערשטעהען דיא אלע זאכען, וועלכע עס וועלען, מיט גאטס הילף, איינגעפיהרט ווערען אין דער פראקטיקע, און לעהרענט, וויא אזוי מען בעדארף דערמיט זיך נוהג זיין, בכדי צו דערגרייכען, דאס, וועלכעס מען ווינשט און בעגעהרט, ניטצליך צו זיין זיך און דער וועלט. פאר וואס דער ספר הייסט „ווינשפינגעריל", דאס וועט איהר ארויסזעהען פון דיא כתבים, וואס זיינען בייגעלייגט אין דעם פעקיל. אין זייא איז דא א גאנצע בעשרייבונג פון מיין לעבען. ס'איז כדאי זייא זאלען אפגעדרוקט ווערען ביים ווינשפינגעריל אויף יודעש מכמה טעמים. איך בין דאך א חלק פונ'ם כלל מענשען, פאר וועלכע מיין לעבען איז דא בעשריבען. איך בין א פעדימיל, איינגעוועבט אין איינעם מיט זייא אין דעם גרויסען שטיק מאטעריע, וואס געהט אין דער וועלט, פון אייבינע צייטען, אונטער דעם נאמען „יוד". אנקוקענדיג מיך, וועלען זייא צוגלייך אנקוקען מאקי זיך אליין. דאס, וואס זייא וועט געפעלען, אדער נישט געפעלען בייא מיר, וועלען זייא עס געפינען אויך בייא זיך און האבענדיג פאר זיך א שפיגעל אין מיר, וועלען זייא זעהען, וואס פאר א פנים זייא האבען... ווירקען אויף א פאלק מענשען, קען נאר אזעלכער, וואס איז ביין פון זייער ביין, פלייש פון זייער פלייש: וואס האט גע־ליטען איינע צרות, געפיהלט איינע ועהטיגען מיט זייא. לאזען עס יודען, וויל איך, לאזען זייא עס לייענען און וויסען...

„אצינד, ליעבהארצעדיגער ר' מענדעלי, נעהמט זיך, זייט מוחל, צום איבער־זעטצען אויף יודיש מיין ספר מיט דיא כתבים און לאזט עס אפדרוקען. ס'איז נייטיג, זאג איך אייך, צום עסק. אויב אייך וועט געפעלען מקצר צו זיין, ארויסצו־נעהמען פון דיא כתבים נאר דעם רעכטען עיקר, מעגט איהר, מאכט אזוי, וויא איהר פארשטעהט, דריגען פארלאז איך מיך אין גאנצען אויף אייך. עיקר שכחתי: דאס פערדינסט פון דיא כתבים און זייא אליין שיינק איך אייך. פונ'ם גאנצען הארצען, אויף לעולם־ועד. זייט מיר געזונד! השם־יתברך זאל געבען, זיך באלד

צוזעהען אין פריידען און וואס מיר ווינשען יודען, זאָל מקוים ווערען במהרה בימינו אָמן. ידידכם..."

לכבוד דעם הייליגען באשעפער, דער דאָ לעבט אייביג ולכבוד זיין ליעב פאָלק ישראל האב איך אָנגעטהאָן דיא שפאקולען און דורכגעקוקט דיא אריינגעשיקטע כתבים. דיא מעשה, זעה איך, איז טאקי זעהר א שיינע, געשריבען, וויא מען זאָגט, אָניל ואשמה, קאַכעכדיג און שפּיצעכדיג, דאס הייסט, אין דיא פשוט אנטפּלעקטע זאכען ליגען פארבאָרגענע סודות און שארפע אָנצוהערענישען. נאָר וואס דען? זיא איז שטארק לאנג און יודעשע קינדער, וואס פערשטעהען זיך אויפ'ן ווינק, קען דערווייל דיא נשמה אויסגעהען, ביז זייא וועלען אזא לאנגע מעשה אויסלייענען. צופיעל איבערציהען דעם בויגען טאָהר מען נישט. עס קען זיך איבעררייסען. בכן איז בייא מיר געבליבען, אָפּצומאכען עס וויא ראש השנה מיט דיא לאנגע סטע־פעס פיוט. איך האב ארויסגענומען נאָר אזעלכע שטיקליך, וועלכע מיר טויג, זייא איבערגעגיטצעוועט, וואו מען בעדארף אויך אויסגעלאַטעט, צונויפגעשטערכעט אין יודעשען נוסח מיט מיינס א שפּרוך, אזוי אז נאר נישט צודערקענען דיא שטעך און דיא לאַטעס מיינע. דיא מעשה קומט אויס נישקשה'דיג, נאר קיין מעשה נישט און דערצעהלט זיך פון מיר, גלייך וויא זיא איז מיינע. נאָר ערטערוויים, ווען ס'איז נייטיג צום ענין, לאָז איך ריידען דעם מחבר אליין. אויך האב איך לכבוד ק א ב־צ א נ ס ק ולכבוד אונזערע ברידערליך, מיך צוגעאַרטעלט, צוגעזאָגט איינעם פון דיא אָרמע בריות בעלוינען איהם שפּעטער, אם ירצה־השם, פונ'ם פאַרדינסט, מיט עטליכע גראָשען מינץ, ער זאָל מיר העלפען אין דעם איבערזעצען פונ'ם ספר מיט דיא כתבים. ער האט וואָכענווייס געשוויצט, געטהאָן, געארבייט געשמאַק. נאַט מעג איהם פאר זיין מיה העלפען. ער פארדינט עס נעביך גאנץ כשר.... נישט דאס בין איך אויסען.

ועתה רבונו של עולם און אצינד דוא הערר פון דער וועלט, דאס איז פאר דיר אנטפּלעקט און וויסיג, אז איך האב גערן געטהאָן דיין ליעבען ווילן, זאָל עס זיין אויך דיין ווילן אויף דער צייט, ווען איך בעט דיך מיט מיינע הענט און פיס און מיט מיינע צווייא הונדערט אכט און פערציג אברים, אז דוא זאָלסט אָנשרייען דעם שטן, ער זאָל נישט געוועלטיגען מעכב זיין אויף אונז אונזער פרנסה. זאָלסט באַניטיגען אונזערע מזלות, אונז באשירמען פאר אלע דיא בייזע בעגעגעניש, וואס זייא שטורמען אויף דער וועלט און געבען אונז א געבענטשט לעבען, א פריעדהאפטין לעבין מיט זיכערליכין. אונזער האָפנונג און דיא גוטע בשורה זאָל נישט זיין צו מידינקייט און צו לער, נייערט זאָל אלץ זיין לברכה והצלחה. ק א ב צ א נ ס ק

און כל ישראל זאָלען זיין געליעבט צו דיא אויבערשטע און גענלוסט צו דיא אונטערשטע. דאס אלע חלומות, וואס אונז זעלבערט, אָדער אנדערע האט געחלמט, זאָל אויף אונז אלע זיין צו גוטען. ותרצנו. און זאָלסט אונז באוויליגען. אָמן.

---

# דיא מעשה אליין.

## א.

וואס מען וויל, מעג מען אויף קאבצאנסקער יודען זאָגען: דיא זיינען עפּיס נישט אזעלכע גרויסע בריות, טהון אין דער וועלט נישט אויף עפּיס אזעלכע גרויסע חכמות, מישטעהנס־געזאגט זייער לעבען, שטערבען אָפּ דיא וועלט עס, אזוי, מיט גארנישט... און קומען אָפּ מיט שהי פּהי — דאס און נאך אזעלכס מעג מען זאָגען, נאָר אין דעם ענין פון פּרוכּפּערען און מעהרען זיך, קען מען צו זייא חלילה גאר נישט האבען. זייא זיינען דרינען געוואָהרענט, נישט ערגער פון אלע אנדערע יודען. שונאים אפילו קענען נישט לייקענען, אז איטליכער קאב־צאנסקער יוד איז א מטופל, אָהן עין־הרע, מיט א סך קינדערליך. און דיא טובה, וואס דער וועלט קומט דערפון ארויס, ווערט דאָ בעשיינפּערליך דערוויזען ווייטער אביסיל.

דיא קאבצאנסקער בעלי־הבתים זיינען, נישט פאר אייך גערעדט, גרויסע אביונים, האבען נישט, איהר זאָלט זאגען, א צובראָכענעם גראָשען בייא דער נשמה. אין קאבצאנסק אליין איז פאר זייא נישטאָ קיין שום פּרנסה, סיידען אייגער צום אנדערען מיט א טאָרבע אין דיא הייזער ארומצוגעהען. זאָל פּריוועץ איינער מאכען עפּיס א געשעפטיל, א קלייטיל א שטיינער, באלד טאָקי טהוט איהם דער איבעריגער עולם נאך, און וויפיעל יודען אזוי פיעל קלייטליך. קרעמער זיינען דאָ וויא מיסט און א קונה נישט איינער. דעסגלייכען איז אין אנדערע זאכען. איטליכער האט ליעב אריינצושטופּען זיך אין דערמיט, אָנצוטרעטען יענעם אויפ'ן פוס גאנץ יודעשליך. וואו צווייא זאָל ער זיין א דריטער, וואו דרייא — א פערטער און אזוי אלץ ווייטער, ווייטער, ביז עס קומט אויס „וקבצנו יחד“ אלע קבצנים אין־איינעם. שטיקען זיך צונויף, האפּען זיך ארום, נאר ברידערליך, און ווערען אזוי דערשטיקט, פארהאפּט אלע אויף איין מאָל. אזא שטארקע אחדות, דאס הייסט, אריינצוקריכען מיט א פוס צו יענעם אין ביטעל, איינער ביים אנדערען דעם

ביסען פונ׳ם מזל ארויסצונעהמען, וואס נאָט ניט, אבי אין איינעם, מיר נישט, דיר נישט — דאס איז איינע פון דיא מדות טובות, וואס געפינט זיך נאָר מאקי בייא קאַבצאַנסקער יודען. און אין דעם זכות קומט זייא מאקי אוים איינער צום אנדערען אין דיא הייזער ארומצונעהען... דיא גאנצע יניקה זייערע איז פון דער פרעמד, מיינסטענס פון גלופסק א נס פאר קאַבצאַנסק, וואס איז דאָ א גלופסק, וואו מען קען נאך עפעס טהאָן און א שטיקעל קיום האבען קאַבצאַנסק שיקט אהין געוועהנטליך ארוים אלערלייא סאָרטען נפשות: מיני מלמדים, בעהעלפערס, מעקלערס, בטלנים, צונעלענערטע, אויף פרישצאפעלדינע־איידעמליך אזעלכע, ערשט אראָפּ פונ׳ם קעסט. יודען אזוינע און אזוינע, וועלכע דאס הארץ נאָר גלוסט: מיט כהבים, מיט מיחושין, זיידענע, ניכדענאָדערדינע, בעלי־תפלות, שופר־בלאָזערס, יודענעס כל־המינים: זאָגערענס, וויינערענס, שפּרעכערענס, אויסנעקינדעלטע, ווייבער מיט אייער, מיט פסח׳דיג־נעגזוען־שמאלץ, פעדערען־פליקערענס, נאך אין רעכטען קינדלען. היינט א מיש־מאש בחורים, דיענסט־מיידליך, מיידען מיט צונעדעקטע קעפּ, ווייבליך אזוינע און אסען אזוינע, אָהן א שיעור. דיא דאָזינע לעבעדינע סחורה גילט אין גלופסק משונה שטארק, האט דאָרט א גרויסען אָפּגאנג, און קאַבצאַנסק פון איהר זייט, וואס ארבייט געשמאק לטובת הכלל, פאבריצירט אזא סחורה צו בעגליקען דיא וועלט, איז דער־מיט זיך זעהר מיחס. דעריבער הייסען אלע קאַבצאַנסקער יודען־מיוחסים. אז מען בעגעגענט א יודען, עפעס א ווילדען בעל־גאוה, האט מען דעם בעסטען סימן, אז ער מוז זיין א קאַבצאַנסקער...

דער מחבר פון דעם „ווינשפינגעריל" האט געהאט דיא זכיה געבוירען צו ווערען דאָ בק״ק קאַבצאַנסק.

דיא עלטערען זיינע האבען פון איהם ביים געבוירען ווערען נישט געמאכט אזא פירוש. זייא איז נישט איינגעפאלען אפילו צוטראכטען א ווילע, צרוואס האבען אזעלכע קבצנים וויא זייא, אראָפּגעבראכט אויף דער וועלט א לעבעדיג בעשעפעניש, אויף צרות נאָר פאר זיך און אויך פאר איהם. אָדער וואס האט מען מיט דעם נפש צוטהאָן עפּיס אזוינס, אז דאס לעבען וועלכס זייא האבען איהם געשיינקט, זאָל איהם ניחא זיין און ער זאָל נישט שפּעטער האבען צו זיין קיין טענות: קבצנים, געוואלד, וואס האט איהר מיך געהאט!... נארישע זאכען חלעבין! דיא מאמע האט געטהאָן איהר זאך, איהם געטראָגען און געהאט פשוט אָהן חכמות. אויף דארויף איז זיא דאך א יודענע, זיא זאָל קינדלען. וואס דען? אפילו א הוהן כהבדיל טהוט אויך, וואס נאָט האט געבאָטען — לייגט זיך און

קוואַקעם, נישט צופרעגען קיין קשיות. דעם טאַטען ווידער האט עס אויף נישט אַזוי שטאַרק אויסגעטאַכט. מילא איז דאָ נאָך א נפש, וואס קען עס איהם אַרען? קיין בויכוועהטיג האט דאָך עס איהם אויף נישט געקאָסט. בויכוועהטיג האט דאָך דיא נקבה און אַז פאַר איהר איז רעכט, איז דאָך פאַר דעם זכר פשיטא!... אי וואס, ער איז א קבצן, מיט אלע ח״ו־גריבעליך א קבצן און נאָך א צוגעקומען מויל בעדאַרף דאָך פּיקען? — נישטעהר גאַרנישט, לאָז זיך דיא וועלט זאָרגען. מיט דעם בטחון טאַקי פריהער אויף גאָט, דערנאָך אויף דער וועלט, איז ער אליין דאָך, זיינע עלטערען און דיא עלטערענס עלטערען געבוירען געוואָרען. וואַרטען אויף דרך־ארץ, ביז מען וועט פאַר א יודישער נשמה אָנגרייטען דאָ פריהער אלסדינג, וואס נייטיג איז צום לעבען, און דערנאָך ערשט זיא אַפּאַכטען אהער צום גריטען — דאס קען א יוד נישט. א יוד, אַז ער וועט זיך נישט שטופּען מיט געוואַלד, וועט ער טענען אייביג טאַקי ד אָ ר ט וואַרטען. עפּיס נישט אזא מציאה, דיא וועלט זאָל אָהן איהם חלילה זיך נישט קענען בעגעהען. האט ער זיך אָבער שוין דורכגעשטופּט און איז שוין דאָ מיט ביידע פיס, שטופּט ער זיך מיט גאָטס כח ווייטער, ווייטער. ער שטופּט זיך, ק ו ו ע ט ש ט זיך מיט אלע קרעפטען, פאָרענט־ארום, הינטען־ארום, אלץ איינס, דורך טהיר אָדער דורך פענסטער, שטופּט אזוי אָפּ דאס גאַנצע לעבען און גאַרנישט...

אויף איין זאַך נאָר האבען דיא עלטערען בייא זיין געבוירען ווערען זיך יא נעביך פאַרטראַכט און שטאַרק געבראָכען דעם קאָפּ: רבונו של עולם! וואס פאַר א נאמען ניט מען דעם נייעם נפש דיינעם? דיא אלע נעמען, וואס אין דער משפחה איז געוועזען, האט מען שוין פאַרטהאָן אויף דיא אלע קינדערליך, וואס האבען זיך פאַרחאַפּט געבוירען צו ווערען פריהער פאַר איהם. מען האט אָנגעהויבען פון דיא נאָהענטע קרובים און געגאַנגען כסדר ביז דיא ווייטעסטע — פּעררדס־פּוס־פּידקאָווע. בייא איטליכם קינד האבען זיך גענומען צווייא קרובים. דער טאַטע האט אויסגע־קראַצט איינעם פון זיין משפחה און דיא מאַמע איינעם פון איהר משפחה, אַזוי איז צווישען זייא שוין געוועזען אָפּגעמאַכט, און דאס קינד האט געהייסען צווייא נעמען. עס האט זיך געפּאָרט: חאַסקיל־בן־ציון, ליפּע־טודרוס, דוואָסיע־קרוינע, פּסח־זעליג, ציפּע־סאָסיע, סמיסע־הינדע, קאַרפּיל־פייבוש, חנה־לעמיל, שמעריל־אייזעק, קיילע־ריקיל. אין א נויט האט זיך איבערגעלייגט א זכר אין א נקבה, א נקבה אין א זכר, צווייא מתים האבען זיך געפּאָרט און דער זיווג עולה־יפה געוועזען. פּונ׳ם פעטער חיים ווערט למזל ח י ה, פון דער מוהמע ברכה—ברוך; פון גרונע שפּרינגט אַרויס גרונם און נ ח ו ם ווערט איינס מיט נחמה. אַזוי איז דאס א לאַנגע צייט

גענאַנגען, ביז מען האָט פּכוּצים זיך אַרומגעקוקט — אַ וועהטיג דיא שונאים! דיא משפּחה האָט זיך אויסגעלאָזט, נישטאָ קיין נעמען!... דיא עלטערן האָבען אַ היבשע צייט זיך געדרעהט דיא קעפּ טראַכטענדיג, און גאָרנישט אויסגע־טראַכט.

— הערסט־דוא, לייזער־יאָנקיל! איז דיא קינפּעטאָרין לסוף צרוים מיט דער שפּראַכע, נאָכדעם אַז זיא האָט פריהער זיך אָביסיל געקווינקעלט. פאָלג מיך מיין מאַן, און לאָז דאָס קינד הייסען גדליה־הערש, נאָך גדליה־הערשין.

— שאַ, טיפּשאָ! מאַכט דער טאַטע שטאַרק אויפגעבראַכט. לאָז מיר דיין גדליה־הערש מוחל זיין, נישט מוחל זיין, דעם נאָמען זיינעם וויל איך נישט הערען. ניין, צעה; מאָל, הונדערט מאָל ניין.

גדליה־הערש איז פון דער מאַמעס משפּחה. דיא באָבע ח אָ ל צ ע (פון איהר איז דאָס אַרויסגעשפּרונגען ח אַ ס ק י ל) האָט איהם אָנגעקעהרט אַ לייבליכע מוהמע. אין דיא הענט האָט ער געהאַט אַ מלאכה, עפּיס גאָר אַ כפּול־שמונה׳דיגע. ער האָט געשט־שאָבעט תחתונים, קאַפּאָטעס, הוטלען, ווייבערשע קליידליך. ייפּעס, יאַמפּער־קעס און אַ מאָל אויך מאַקי געלאַטעט שיך. הכלל —אַלפדינג, וואָס נאָר מען האָט איהם געגעבען. אַ בריה אויף לאַטעס לייגען איז אין גאַנץ ק אַ ב צ אַ נ ס ק זיין גלייכען נישט געווען. און וויל לאַטעס גילטען ערגיץ נישט אַזוי וויא אין ק אַ ב צ אַ נ ס ק, דעריבער איז גדליה־הערש שטאַרק אין דער מאָדע געווען דאָרט. ביי וועמען נאָר עפּיס אַ טרען, אַ ריס, באַלד צו גדליה־הערשין; ביי וועמען אַ שוך, נישט פאַר יודישע קינדער געדאַכט, האָט געפּייפט, פאַרשטאָפּט איהם גדליה־הערש דאָס מויל און זאָגט איהם אָן מיט׳ן הארבען וואָרט, ער זאָל נישט פּייפען. איז דער איינער טרען, דער איינער ריס ווידער מאַקי דאָ מאָרגען און דער שוך הערט איהם נישט, האָט אַ העזה באַלד מאַקי ווידער צועפּנען אַ מויל, איז גדליה־הערש נישט פויל, לאַטעט און לאַטעט, ביז דער רוח נעהמט צו דיא לאָף מיט דעם מלבוש אי־איינעם. ווען אַזאַ גדליה־הערש זאָל געווען אָנשפּאַרען אין פּאַריז, וואָלט ער גע־גאַנגען אין גאָלד, געטראָגען וואָלט מען איהם דאָרט אויף דיא הענט. אין ק אַ ב־צ אַ נ ס ק אָבער איז ער געגאַנגען נאַקעט און באָרפיס. און אַז מען האָט איהם דאַ שוין געטראָגען אויף דיא הענט, איז דאָס געווען דענסטמאָל נאָר, ווען ער איז געפאַלען פון דיא פיס, בשעת ער האָט געחאַפּט איין איבעריגע כוסה. טרינקען האָט ער אפילו געקענט, וויל דיא מלאכה האָט ליעב דעם טרונק און אַנדערש קען מען נישט איינגעקויפט זיין אין דער חברה פ״צ, נאָר פון דעסטוועגען קען מיט דעם גרעסטען טרינקער זיך מאַכען, ער זאָל דווקא זיין אַמאָל שכור־לום. ביים

אויסניכטערן זיך. פלענט ער, וויא נעוועהנטליך א נעוויסער טחייל שבורים, זיך פארענטפערען, ער איז נישט שולדיג, דאס אומגליק איז געשעהען, נאר וויל ער האט גענומען דיא כוסה פון דער לינקער האנד. א סימן, אט נעהמט ער באלד טאקי א פלעשיל משקה, וויא געהעריג איז, זופט עס אויס פאר איין עדה יודין און ער זאל זיך חאטש פאר קרימען. אזעלכע קונצען פלענט ער עפטערס בעווייזען און דער קאבצאנסקער עולם פלענט נאר אנקוועלען. נישט אנגעקוואלען דערפון האט נאר לייזער־יאנקיל אליין: גדליה־הערש האט איהם מיט דער מלאכה פארשווארצט דיא אוינען. א קאטאוויס עפיס, ער, ר' לייזער־יאנקיל, ימים נוראים א בעל תפילה ערגיץ אין א גלופסקער קלייזעל און דאס גאנצע יאהר אזוי־זיך א שיינער יוד, קוקט אריין אין א ספר און רייבט זיך אין בית־מדרש אונטערען אויווען—ער און דער בעל מלאכה, דער עם־הארץ, זאלען זיין קרובים! ער האט גדליה־הערשין בשום אופן נישט נעוואלט אננעהמען פאר א קרוב, זיך אקעגען איהם נעבלאזען און קיין מאל איהם נישט פארבעטען צו זיך א מאל אויף א שמחה. איז ער געקומען אומגעבעטען, האט מען אויף איהם זיך אפילו נישט אומגעקוקט. גדליה־הערש פון זיין זייט, האט פון לייזער־יאנקיל'ס גדלות זיך גאר נישט געמאכט און א מאל אויס איהם אויף געלאכט מיט גוטען, אהן גאל: „וויים איך, וואס מיט לייזער־יאנקלין איז אזוי דער יחוס! ארומגעהען שלינג־און־שלאנג איז עפיס נישט אזא בריה'שקייט. א לאטע זאל ער פריווען לייגען, אזא לאטע וויא איך, דענסטמאל וועלען מיר זעהען. נאט אייך א שמעלקע! א בהמה איז ער, נישט מעהר... לאז איהם גאט נישט שטראפען פאר דיא זינד.“ אזוי פלענט ער נעוועהנטליך אויסלאזען דעם שמיעס, א מאך־נעבענדיג מיט דער האנד. מיט לייזער־יאנקיליכען האט ער זיך פארהאלטען זעהר גוט, פלענט אויסלאטען איהרע מלבושים, איבערניטצעווען דיא קינדערשע זאכען, לייגען לאטעס אויף אויף דעם מאנס בגדים, נישט צונעהמען דערפאר א פרוטה. פארקעהרט, אונטער איין איינגער צייט פלענט ער שטילערהייט נאך אונמערהעלפען איהר מיט עטליכע גראשען. לייט זאגען, אז אין דער יוגענד איז ער אין איהר נעווען פארקאכט, זיא נאך איהם האט אויף נעצאפעלט און עס האט נעהאלטען שוין אויף א שטיינער, אט ברעכט מען טעפ—נאר פלוצים האט זיך אונטערנעריקט דער שידוך מיט לייזער־יאנקלין, באבעס, מוהמעס האבען זיך פאר איהם נעמיהט, אפנעשאצט זיין בייקולכין, פאר וויפיעל מען קען עס אננעהמען אין נדן אריין. ס'איז אויסגעקומען עפיס נאר א גליק, וואס טרעפט זיך איין מאל אין הונדערט יאהר. עס ווערט א קנסמאהל און גדליה־הערש בלייבט נעביך פון דרויסען אויף דער מילכרינגער באנק. פון דענסטמאל אן, אזוי שמיעסט מען, איז גדליה־

חערש פונ'ם פנים אראָפּ, נאר־נישט דער איינענער וואס פריהער—עפּיס נאָר טאַקי א כשוף, איין אָפּגעטאָנענע זאַך, בעהיט זאָל מען ווערען! — איז געוועו אלץ פאַר־אומערט, פארזאָרגט און פאר צרות זיך גענומען צום טרונק. זעהר מעגליך, אז דערמיט האט אויך געשמעקט דיא שנאה אקעגען איהם בייא לייזער־יאנקלין אין הארצען. נאָר וויא דיא מעשה איז, אזוי אָדער אזוי, דיא שנאה איז געוועו גרויס. דעריבער אז לייזער־יאנקיל האט דאָ פונ'ם ווייב נאָר דערהערט דעם נאמען זיינעם, איז ער אָנגעצונדען געוואָרען.

הגם לייזער־יאנקיליכע איז געוועהנט געווען צו דעם מאנס זידלערייא און בייזקייט אויף גדליה־הערשין, נאָר היינטינס מאל, ליגענדיג אין קינפּעט, האט עס זיא אָנגעחאפּט ביים הארצען און זיך בעוואשען מיט טרעהרען, דער מאַן האט אויף איהר געקוקט מיט רחמנות און געמאכט צו איהר שוין ווייבער אביסיל:

— וויין נישט, דוא טיפּשאַ איינע! זאָג איך דיר. א כשרה, עהרליכע יודענע בעדארף טהאָן דעם מאנס רצון. אז דער מאַן זאָגט ניין, בעדארף זיין ניין. בעד־רעכען זיך נאָר, נארעלע, ווער, ברוך־השם, איז דיין מ א ן און ווער איז גדליה־הערש!...

— גדליה־הערש איז געווען א כשרה'ר יוד, א גוטע נשמה.

— א כשרה'ר יוד — א בעל מלאכה!! נאָר א געלעכטער חלעבין. קארג פארשווארצט האט ער מיר דיא אויגען בייא זיין לעבען, זאָל איך אצינד נאך איהם א נאמען געבען מיינס א קינד און מיר אליין אָנטהאָן אזא חרפּה! נעה שוין, נארעלע, נעה, רייד נישט קיין נארעשקייטען!

— אָבער א נאמען, לייזער־יענקיל! וואו האסט־דוא א נאמען? א שיינער טאטע, מישטעהנס־געזאגט!...

— א נאמען!... עט... נישקשת. שטאמעלט דער טאטע און פארטראכט זיך אביסיל.

— אָבער הער־הע! אז איך האב געהאט א חלום, הער־הע!...

— וואס חלום?! מאכט דער טאטע, אויסשטעלענדיג א פּאָר אויגען אויף דער מאמע.

— גדליה־הערש איז מיר געכטען בייא נאכט געקומען צו חלום. — מזל־טוב דיר, מלכה־טויבע! זאגט ער און טהוט דערבייא א קרעכץ. איך ליג נישט רוהיג אין קבר דערפאר, וואס אויף דער וועלט איז נאך נישטאָ מיין נאמען. דערבארם זיך, מלכה־טויבעניו! מאכט ער מיט א געבעט, ווייזענדיג דערבייא אויפן קינד

אין דיא קישעליך. דוא האסט אצינד אין האנד מיך צו בערוהיגען. איך וועל מיך מיהען דאָרט פאר דעם כסא־הכבוד פאר דיר, פאר דיין מאַן. דאס קינד דיינס וועט, אם־ירצה־השם, זיין א גוט שטיקעל ארבייט, א שארפע נאָדעל מיט א שפיטציג קעפיל. בייא דיא דאָזיגע ווערטער האט איהם נע־לויכטען דאס פנים און איז באלד פארשווינדען . . . וואס זאגסט־דוא, לייזער־יענקיל?

— נו, נו... מאכט דער טאטע אָהן ווערטער.

— נוקע נישט, לייזער־יענקיל, זאגט דיא מאַמע, אזוי זאָל איך זעהען פיעל נחת, וויא איך האב איהם געזעהען . . . היינט בייא נאכט איז ער ווידער געקומען. אלץ געקוקט אויף מיר און געוויזען אויפ׳ן קינד, געוויזען אויפ׳ן קינד און געקוקט אויף מיר. . . געוויזען, געקוקט פריהער מיט א געבעט. דערנאך . . . אוי, דערנאך שטשירעט ער אויס א פאָר אויגען און לאָזט זיך צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענט, וויא ער וויל מיך שטיקען, טהוט א זאָג בייז: וועהן נישט...

— וועהן נישט, וואס? וואס? טהוט זיך דער טאטע א חאפ דערשראָקען, בעטראכט דיא שיר־המעלותין און דעם קרייז מיט דער קאָמשערע אויף דיא ווענט ארום דער קינפעטאָרין.

— וואס פרעגסט־דוא, לייזער־יענקיל? וועה איז מיר נישט. עפּיס שפּיעלט מען זיך מיט א מת! וועה איז מיר, ווינד איז מיר...

— נו, נו. וואס־זשע ווילסט־דוא, טיפּשא איינע?

— האב נאָט אין הארצען, וועה איז מיר, לייזער־יענקיל! און זייא נישט קיין עקשן, ווינד איז מיר!

— מא...

## ב.

ס׳איז געבליבען, דאס קינד זאל הייסען הערשיל נאך דעם לעצטען נאמען פון גדליה־הערש און עס האט דרינען געשטעקט א סך שפּיטצליך. איין מאל האט דאך דער טאטע דאס רעכט אויף אויף א נאמען. צווייטענס, איז דאך א פשרה מאכען גאנץ יודעשליך, וויא זאגט דער עולם: יאָך ני פּסק ניחייא בודע פּסק׳עץ, ביידע צדדים זאָלען צופרידען זיין. דריטענס, איז הערשיל פאָרט נישט גדליה־הערש. דיא חרפה האט צוגעדעקט, ווארפט זיך נישט יענעם אזוי אין דיא אויגען. און דיא מאמע, זעהר א גוטע בעל־הבית׳טע, ליעב אָבצושפּארען אלץ אויף שפּעטער,

האט בייא זיך געטראכט: הא, לאָז זיך וואלגערען אין דעם בעל־הבתישקייט איין איבעריגער נאמען גדלית, ער וועט אפשר צוניטץ קומען אויף שפּעטער.

דיא מאַמע האט טאקי געטראָפען, וויא א חכמה! זיא איז אויסגעקומען מיט דיא נעמען וויא מיטען קרעפּיל־פליש. אין א קורצער צייט ארום איז זיא געלעגען געוואָרען ווייטער מיט א יונגעל און ער האט, הערשלין אויף צו לאַנגע יאָהר, גע־הייסען גדליה...

איך זאָג: הערשלין אויף צו לאַנגע יאָהר, ווייל דעד ברודער גדליה האט זיך נישט לאנג געהאלטען, איהם איז נישט געפעלען דער מאַמעס קעסט. עס האט איהם געגרימט אין בייכעל, זיך געביך גענוג אָנגעליטען און ביים אויסשניידען זיך איהם ציינדליך, האט ער זיך מישב געווען און זיך אָפּגעטראָגען. אויף דעם דאָזיגען שכל זיינען געפאלען עטליכע פון דיא שוועסטערליך און ברידערליך נאך פריהער, איידער הערשעלע איז געבוירען געוואָרען. זייא האבען געזעהען, אַז מיט קבצנים איז נישט גוט צו האבען עסקים. דאס לעבען בייא זייא איז נאר איין אומ־גליק, אייביגע צרות, שטענדיגע יסורים. בעסער איין מאָל שטארבען, וויא צעהן מאָל אין טאָג אויסגעהען פאר הונגער, איידער עלטערן זיך אין דלות, פארווארפען אוי־ דער פּאָלעצע דיא ציין, בעסער יונגערהייט פון דער וועלט געהען. א לאַנג לעבע; אָהן ברויט איז א ביסליכווייסער טויט. נישט אלע מענשען אָבער זיינען גלייך. דוואָסיע־קרוינע און פּסח־זעליג האבען זיך איינגעשפּארט דווקא לעבען און פאר־זוכען, מישטעהנס־געזאָגט, דעם טעם פון תתונח האבען. זייא זיינען בידערע אביונים און בעפאלען מיט קינדערליך. א חוץ זייא האבען פּוני׳ם מ־אך־המות הענט זיך אויסגעדרעהט ציפּע־סאָסיע, חנה־לעמיל, קייקע־ריקעל און אונזער הערשעלע. ציפּע־סאָסיע, שוין א מויד אין דיא יאָהרען, איז געווען נעביך הויט און ביין. דאס פּנים אויסגעצויגען, דיא באקען איינגעפאלען מיט בלויע רינגען אונטער דיא אויגען. אין דער יוגענד אָבער איז זיא געווען א בילד־שיינע, א לע־בעדיג מיידיל, זעהר א געראָטענע, א חנ׳צוודיגע, א גוטע, עהרליכע, כשרה נשמה— מעלות, וואס אין רייכען שטאנד ברייננגען זייא גליק, אין דעם אָרמען אָבער זעהר אָפּט נאָר אומגליק. צוזעהענדיג דאס גרויסע עלענט בייא דיא עלטערן אין הויז, איז איהר געוואָרען א לאָך אין הארצען. איהר איז נישט אזוי אָנגעגאנגען איינענע צרות וויפיעל דיא צרות פוני׳ם הויזגעזינד, וויא מענשען נעביך קומען עס אָפּ, היא פּיטצליך אומשולדיגע קינדערליך דארבען עס נעביך, דארען־קווארען און געהען אויס ביסליכווייס וויא א לעכט. בייא איהר איז געבליבען, צוגעהען אין דער פּרעמדע, דינען, פארדינען און אָפּגינען דיא ליעבע עלטערן אין דער נוים. דא האט נט

נעוואוסט, אז דער טאטע איז בייא זיך א גרויסער מיוחס, עס וועט איהם נישט אנשטעהען, זיינס א קינד זאל זיך שטעלען אין דער פרעמד, נאר דאס האט זיא אבער נישט אפּגעשראָקען, זיא האט זיך פירגענומען צו טהאָן אלע מיטעל, זיך שטרעקען נאך דיא עקען, אזוי לאנג אזוי ברייט, ביז זיא וועט איהר'ס פועלין. זיא האט אויסגעקליבען דארויף א צייט, ווען ס'איז געווען זעהר איינג. אין הויז איז נישט געווען קיין שטיקעל ברויט, דער ווינטער האט צוגעטרעטען מיט זיינע שרעקליכע פרעסט און אין שטוב איז קאלט. חאָטש וועלף צוטרייבען, וואָכענווייס איז אויס דעם קוימען נישט נעגאנגען קיין רויך. דיא מאמע איז געווען אויף דער צייט מיט קיילע־ריקלען און געהאט זעהר א שווער טראָגען. שמערל־אייזיק עליו השלום האט נעמאָזועלט, נעפּאָכט מיט דער נשמה און דיא איבערינע נאקעטע, הונגעריגע קינדערליך האבען זיך פארשלאָגען אין א ווינקעל, נעזעסען איינגעהייקערט אין צעהנטען, מיט סמאהע אויף דיא ליפּען, שא, שטיל, נאר צייטענווייס א קרעכץ, א זיפץ טיעף פונ'ם הארצען, און נעקוקט אין דער וועלט אריין מיט תמ'אָוואטע גלעזערנע אויגען, אין וועלכע עס זיינען געשטאנען פארגליווערטע טרעהרען . . . דענסטמאל האט זיך ציפּע־סאָסיע'ן נעעפענט דאס מויל, זיא האט געוויינט, גע־חלש'ט פאר דעם טאטען, ער זאל רחמנות האבען אויף דער מאמע'ן, אויף דיא קינדער, אויך אויף איהר און לאָזען זיא שטעלען זיך ערגיץ אויף איין אָרט. עס האט אויס איהר גערעדט דיא נשמה, א מבול הייסע נעפיהלען האט זיך איהר נענאָסען טיעף פונ'ם הארצען און דער טאטע, דערהרג'עט, דערשלאָגען פון דער ביטערער נויט, האט לסוף איהר איינגעוויליגט מיט א געבראָכען נעמיטה . . . איהר אוועקפאָהרען קיין גלופּסק האט דער טאמע נעגונג טרעהרען נעקאָסט, דער טאטע האט מיט איהר זיך נעזעגענט שטארק בעטריבט. דיא גוטע, שטילע טויב איז ארויס פון דער נעסט ליידיג און בלויז, נאר מיט דער ברכה פון דיא עלטערען, מיט דעם הייסען „פאָהר געזונט!“ פון דיא וויינענדינע שוועסטערליך און ברידערליך.

קאבצאנסק האט אין א טראנספּאָרט לעבעדינע סחורה צוגעשטעלט גלופּסק א שיינע, א יונגע דינסטמיידיל!...

ציפּע־סאָסיע האט באלד בעקומען איין אָרט ערגיץ דאָרט אין א נגידיש הויז, דיא ערשטע צייט איז איהר נעגאנגען קיין מעשה נישט. מען איז מיט איהר און מיט איהר ארבייט שטארק צופרידען נעווען. זיא האט געשריבען א חיים פרעהליכע בריוולך און אויך צונעשיקט אביסעל געלט. נאך דערנאך האט זיך אָנגעהויבען א מעשה. דער בעל־הבית האט אויף איהר געוואָרפען איין אויג און הינטער־

ווילעכם געפריוום ווערען מים איהר א נאָהענטער מחותן. אין אנפאנג איז דאס נאך געווען אביסיל פארשטעלט. אויפ׳ן ווינק, גלאט אזוי זיך. ער איז א גוטער מענש, בייא זיך פראָסט, זעהר צוגעלאָזט און וויל איין אָרעם קינד נעביך מקרב זיין. פאר וואס נישט? פון זיין הויז האבען שוין עטליכע גאנץ פיינע דיענסט־מיידלעך חתונה געהאט, נאָר נישקשה׳דיג... לאָז זיא נאָר נישט זיין קיין נארעלע, וועט איהר אויך אז וואויל זיין... ווייטער, ווייטער האט זיך שוין קלעהרער ארויס־געוויזען, וואס א נגידס גוטסקיים און צוגעלאָזטקיים בעטייט. בעהיט זאָל מען ווערען! עס האט זיך פאר איהר געעפענט פלוצים גאר א נייע וועלט מיט אנדערע מיני קריינקונגען — א וועלט מיט א שטן, מיט א גיהנום און א קאָכעניש, פייער און שוועבעל; אזעלכס, וואס האט זיך איהר נאך פריהער גאר ניט געחלומט. דאס לעבען איז פאר איהר געוואָרען א מלחמה. זיא, שלאָפע, אָרעמענקע נעביך, האט געמוזט שטעהען שטענדיג געוואָפענט אקעגען א שטארקען שטן, א געבאלעוועטען פעמפיק. דער געראנק איהרער, וויא אזוי איהרע ליעבע קומען עס נעביך אָפ, דאָרט אין דער היים, וויא אזוי נייטיג ס׳איז פאר זייא חאָטש א קליינע הילף, האט איהר אונטערגעגעבען כח, צו ליידען איהרע גרויסע וועהטיגען. זיא האט זיך גע־ראנגעלט, געראנגעלט ביז איבער דיא כחות און געמוזט פאר צרות דערנאך פאָרט אָפטרעטען פונ׳ם אָרט.

זיא האט זיך געשטעלט נאך אויף איין אָרט. דאָרט איז געווען ווייטער דאס איינענע: פריהער קיין מעשה נישט, דערנאך א מעשה, שוין נישט איינע, נאָר צווייא. א מעשה מיט דעם בעל־הבית און א מעשה מיט דעם בעל־הבית׳ס זוהן... קריינקונג, הארצוועהטיג און לסוף אוועק פונ׳ם אָרט. ווייטער און ווייטער אלץ אויף דעם דאָזיגען שטייגער: קיין מעשה נישט, שפעטער א מעשה, דיא אלטע מעשה, א מעשה איבער א מעשה און דער פינסטערער סוף פון דער מעשה. א חוץ מעשיות אין שטוב איז נאך מעשיות אין סעך: מיט קעכנעס, מיט אריינגעהערס, מיט מעקלערענס און מיט יענע, וואס ווערען אויף דער עלטער גבאי׳טעס. הכלל, א „טויזענד און איין נאכט" מיט מעשיות. ציפע־סאָסיע איז געוואָרען נעביך א קרבן פאר איהר שיינקייט... אויף צרות נאָר איז זיא גע־בוירען געוואָרען א שיינע. וויא קומט אזוינס צו אָרמע לייט, מיט וועלכע מען איז עפיס נישט אזוי מחויב צו מאכען צערעמאָניעס און קוקען דארויף, טאָמער קריינקט מען זייא מיט א גראָב וואָרט און נעהמט בייא זייא צו דאס גאנצע חיות מיט א מיאוסער בעהאנדלונג?... אויך מיר א מענש ציפע־סאָסיע, איין אָרמע דיענסט־מיידיל! דיין שיינקייט, אָך, מהיכא־תיתי און דוא אליין... וועמענס עסק איז עס?

מענסט אפילו דיא כפרה ווערען. אי סאָמיר האט ציפע־סאָסיע פאסער אָק טוטער, וועלכע האבען זיא הארצעדינג ליעב, מיט איהר אין לעבען פיעל מיה געהאט, נענוג קאָפּדארעניש, נישט דערגעסען, נישט דערשלאָפען, ביז גאָט האט געהאָלפען זיא איז אויסגעוואקסען; אי סאָמיר האט ציפע־סאָסיע איהר עלטערען אויך שטארק ליעב, זיא ארבייט, זיא דיענט וויא־ס׳איז אונטערצוהאלטען איהרע ליעבע נעביך, וואס חוץ זייא קריכט איהר נאָר ניט אין קאָפּ קיין אנדערע זאכען — אזעלכס געהט קיינעם אויפ׳ן געדאנק אפילו נישט ארויף. נארעשקייטען, פון וועמען מען האט דאָ צו טראכטען!... ציפע־סאָסיע אָבער האט אויך א נשמה, זיא טראכט, זיא פיהלט.... בעריהרט מען זיא גראָב, טהוט איהר וועה...

„דעריבער, אזוי זאָגט דער מחבר פונ׳ם „ווינשפינגערל" אין זיינע כתבים, דעריבער האט ציפע־סאָסיע נישט געקענט מעהר אויסהאלטען און איז קראנק, צר בראָכען מיט א שווער געמיטה נעביך נעקומען צוריק א היים, צוריק צו איהרע אָרמע עלטערען, שוין נישט דיא ציפע־סאָסיע, וואס פריהער. דיא מאמע האט גע־ פיהלט דער מאָכטערס ביטער הארץ און איז אויכגעגאננען פאר רחמנות אויף איהר דערשלאָגען קינד.

„אָרמע, בידנע שוועסטער! דיין אומגליק איז, וואס גאָט האט דיר געגעבען חן; דיין אומגליק איז יענע גליקליכע מיט דיין שיינקייט צו געפעלע. פארשפילט איז דיין וועלט, פארוויסט איז דיין לעבען, אז אָך און וועה דיר נעביך, אָרמע, אומגליקליכע שוועסטער!....."

ג.

צינד אז הערשעלע אונזערער זאָל געהמען דיא בעסטע לאנד־קארטע, אויף וועלכער עס שטעהען געצייכענט דיא אלע שטעדט פון גרויס ביז קליין און זאָל זוכען אפילו מיט ליכט, איז פון קאבצאנסק קיין זכר נישטאָ דאָרט און א מאָל אין דער יוגענד האט ער געמיינט, וויא א וואָרעם זיטצענדיג אין חריין, אז קיין בעסערעס פון קאבצאנסק איז נאר נישטאָ. קאבצאנסק אליין מאכי איז איין שטאָדט אויף דער גאנצער וועלט, דער פופיק איהרער, פונקט אין רעכטען מיטען. ווייטער, אין דער זייט, איז שוין מדבר, פארלענענע ערטער מיט ווילדע חיות. מענשען, וואס מענשען הייסען, אתהה־בחרתניקעס, סאמע ציטעס, זיינען נאָר דאָ. פאר זייא אליין שיינט דיא ליכטינע זון בייא טאָג, דיא לבנה אין שטערען בייא נאכט און גאָט ניט זיך אָפּ, האט מעהר נישט צו טהאָן נאָר מיט זיי'נע

קאבצאנסקער יורען... ער גיט רעגנען פון זייערע בהמות ווענען—צינען זאָלען האבען פּאשע, אויך קאַליזשעס וואסער אויף צוטרינקען, בכדי צופּארשפּאָרען אָפּפרעסען דיא שטרוי פון יודישע דעכער און לעקען דיא ווענט פונ׳ם בית־המדרש. ער גיט טרוקענע שיינע פּאַגאָדע, דיא ווייבער זאָל גוט זיין צונעהען פרייטיג אין יאטקע, אין מארק אריין, איינצוקויפען אויף שבת. ער מאכט א גרויס גערעטעניש אין קארטאָפּליעס, ציבעלעס און קנאָבעל, יודעליך נעביך זאָלען האבען וואס צו עסען. הכלל, ער דרעמעלט נישט און שלאָפט נישט דער היטער פון ישראל, ער ארבייט מעשים, קעהרט א וועלט נאָר צוליעב זייא, צוליעב זייא... דערפאר בלאָזען איהם יודען שופר, זינגען איהם א מלך עליון און שפּרינגען קדושה, דערפאר מאכען זייא פון זיין כבוד וועגען א לאָקשען־קוגעל — שבת, קניידליך און חרעמזיל — פסח און געהען א טענציל לעבעדיג־פרעהליך צו דיא הקפות שמחת־תורה. חנוכה דאנקען זייא איהם אָפּ מיט א דריידל, פּורים מיט א המנ־קלעפּיל, פארשטעלען זיך און מאכען דיא פּוריםשפּיל, דיא גאנצע קאָמעדיע אלץ לשם שמים, צוליעב זיין הייליגען נאָמענס וועגען.... נאך איין שטאָדט אמת איז איהם געווען בעקאנט, וועלכע עס האט געשוועבט פאר איהם עפּיס וויא אין דער לופטען, געשוויבעלט און געגריבעלט מיט גאנצע מתנות מלאכים, פלינעל־אדיוטאנטען, און קוריערין פון גאָט־ברוך־הוא צו דיא קינדער ישראל—דאס איז דיא הייליגע שטאָדט ירושלים, וואו יודען ליגען בעגראָבען אין דער ערד, אין ארץ־ישראל ערד, טאקי נאָר לעבעדיגע מתים, וואס פוילען נישט און עס האלט זיך זייער געביין; וואו יודען האבען א פיינ... איילבערטין, טייטלען, מילגרוימען און צינגען עסען דאָרט באָקסהאָרן. נאָר, אויי־וועה! ירושלים איז אָבער אצינד וויסט, חרב, אויס שטאָדט, אויס וועלט און פאר אונז, יודישע קינדער, איז היינט א לעבען דאָ, אין קאבצאנסק — אין קאבצאנסק, אין גלות.. דער קאבצאנסקער גלות איז דענסטמאָל אין הערשעלעס אויגען בעשטאנען פון גאברילא דעם שבת־גוי, וואס שנייצט אָפּ שבת דיא ליכט, נעהמט אראָפּ פונ׳ם טיש דיא מעשענע לייכטער, און הייצט בייא יודען דיא רובעס; פון מעקלע, וואס וואשט גרעט, שווינקט איבער געל־גרינע ווינדעליך פון יודישע קינדער און מעלקט דיא קיה; פון קאָנדראט דעם שכור, וואס פאר א גלעזעל בראנפין פארקויפט מען איהם — דעם גאנצען קאבצאנסקער חמץ; פונ׳ם פּריץ, וואס יודען האלטען בייא איהם ארענדעס, דערנעהרען זיך דערפון מיט ווייב און קינדער און מוזען נעביך פון יוצא וועגען איהם צאָהלען אמאל ראטע; וואס מוזען נעביך צו איהם אָנקומען אונטער א יום־טוב, ער זאָל זייא

שיינקען זעקליך קארטאָפּלעס, אינדיקעס און ווייץ אויף מצה — אַך, וועה, וועה געשריען! ערגער נאָך וויא אַלע פון מ י ט ק א דעם קליין שיינעציל און זשוקיל זיין קליין הינטעל, פאַר וועלכען נישט נאָר קליינע יונגליך האבען געציטערט, אויך יודען מיט בערד, בעווייבטע, גרויסע תקיפים, פלעגען האבען דאס ניין יעהרינגע און פאַר איהם פאַר א מייל אַנטלויפען; נאָט ווייסט, צו וואס זער ביטערער גלות של מיטקא וואָלט געפיהרט, ווען ער זאָל זיך ציהען שטענדיג ...

„א נס, זאָגט הערשעלע אין זיינע כתבים, א נס, וואס מיטקא האט ליעב געהאט א יודיש שטיקעל חלה. פון א שטיקעל חלה, וואס מען פלעגט איהם אונ־טערריקען חיירעש, איז ער געוועהנטליך אויף א געוויסער צייט, געוואָרען גוט, ווייך וויא א טייג, האט זיך בעלעקט און געקוקט שוין אנדערש אויף יודישע קינדער. וואס יונגליך האבען פריהער נישט געטהאָרט, האבען זייא שוין געמענט. יעקב׳ס טאָפּ לינזען איז געבליעבען אויף תמיד טאָקי זעהר א גוט מיטעל. ווער שמיעסט, א יודיש שטיקעל געפילטע פיש איז גאר א וואונדער! נאָר חוץ דיא אַלע זאַכען איז דאָך מיטקא נישט מעהר געווען וויא א נאַרעש יונגעל און טאַקי אַליין ליעב געהאט אָפּטהאָן מעשים, שטיפען מיט חברה קונדוסים. ביים שפּילען זיך איז ער מיט זיין גראָבען קאָפּ שוין געלעגען בייא אונז אין דיא הענד. א פערדיל איז ער געווען זעהר א וואוילכס, כח צו לויפען, צו דרינגען מיט דיא פיס, האט ער געהאט, און מיר, מיט אונזערע יודישע קעפּליך, פלעגען אויף איהם פאָהרען רייטענדיג, דערלאַנגנען איהם הינטערווייליכס א שמיטצעל און פיהרען איהם בייא דער נאָז, וואָהין מיר האבען געוואָלט . . . האבען מיר עפּים געמייסטערט, געשטעלט א מילכען ערגיץ אויף א רינשטאָקיל, האט ער מעהר נישט געטויגט וויא נאָר דערצו: צובריינגען זאמד, טראָגען שטיינער, גראָבען דיא ערד און קריכען אין בלאָטע. יודישע קינדער פלעגען זיך נאָר קוועטשען, אונטערהעלפען איהם מיט א סאָפען, מאַכענדיג: האַ־האַ, ארבייט, טהו מיטקא, אזוי, אזוי!... שרייבענדיג איבער מיטקען שטעל איך איהם מיר אצינד פיר שוין א גרויסען, א געזונטען. מעגליך, אפשר איז ער ערגיץ אין דער וועלט היינט א גאנצער פריץ און טראַכט אַלץ: אָך, ברודער! האסט־דוא פערגעסען יונגעלשע זאַכען: לאָזען דיא האנד פרייא...?!“

זשוקעל, וויא עס שטעהט געשריבען אין דיא כתבים, איז אויך נישט געווען סיין שלעכט הינטעל. פאַר א שטיקעל ברויט פלעגט ער סלוזשען, שטעהען אויף דיא לאַפּקעס און דרעהען מיט דעם ווידעל. און הגם א שטיקעל ברויט האט א גרויסען ווערטה בייא קאַבצאַנסקער יודען, פון רעסטווענגען האט זיך ק״ינער דאריס גיט געמאַכט אנטערוואַרפען עס אמאל זשוקען, טראַכטענדיג בייא זיך: לאָמיך

א הונט פארשטאָפּען דאס מויל. ניחייא ני לאיע, כאָז ער נישט בילען. — יודען מיט בערד פלענען שמאָכען פאר גרויס הנאָה, ווען זשוקיל האט זייא אָנגעטהאָן דעם כבוד, א חאַפּ צו טהאָן פון זייערע חענד דאס ביינדיל און געסוקט אויף זייא פריינטליך, בישעת קנאַקענדיג עס מיט דיא שארפע הינטישע ציין. פלענען שמאָכען, גלעטען דאס בערדיל, טרייסטענדיג זיך מיט דער האָפנונג: נו, חבר... פון היינט אָן זיינען מיר שוין חבר. שוין אָהן סכנות... דערבייא טאקי זיך מאכען קוראזש אָנצוריהרען פון דערווייטענס זשוקלען, מיט א שפּיטץ פינגער א גלעט צו טהאָן איהם ביים קעפּיל, און, אז מען איז שוין יא א שטיקעל חשוב, פריוון דערווייל טאקי אָנצורייצען איהם אויף אנדערע: אטרנאַ, קוסייא! וויא דער שטיינער איז פון יודען . . .

היינט, אין דיא עלטערע יאָהרען, ווייסט אונזער הערשעלע שוין, אז יודען צווישען אלע מענשען אויף דער וועלט זיינען דיא העהנער, וואס ליגען שטענדיג אונטער'ן פּעקעליק לעבין ווייב און קינדער. דאס הויזגעזינד איז בייא א יודען דאס גאנצע לעבען, טיעף איינגעבאקען איהם אין הארצען און דער טאטע זיינער איז דרינען געווען א יוד שביודען, א האָהן שבהעהנער. ער ווייסט היינט וואויל, אז דער טאטע האט איהם זעהר ליעב געהאט, נאָר דאס איז געווען א פארבאָרגענע ליעב־שאפט אינווענינג אין הארצען, אויפ'ן יודישען שטייגער, אין פּנים אָבער האט מען עס איהם נישט ארויסגעזעהען. פארקעהרט, אויפ'ן פּנים איז איהם שטענדיג גע־לעגען א פינסטערע חמארע. ער האט געקוקט עפּיס וויא בייז, אָנגעלאָדען, מיט א ביטער־וויערער מינע. ס'איז איהם עפּיס וויא נישט אָנגעשטאנען צו ריידען, לאכען, נארעש צו מאכען זיך מיט דיא קינדער, האלטענדיג אין דער סברא, אז פאר א ט א ט ע ן פּאסט נים אזעלכע זאכען. קינדער בעדארפען פאר א טאטען מ ו ר א האבען, וויסען דרך־ארץ, אין זיינע אויגען נישט אונטערשטעלען זיך הויך ריידען, א לאך צו טהאָן חלילה און בעדארפען געהען אויף דיא שפּיטץ פינגער. האט זיך א מאָל א קינד פארזינדיגט מיט א הויך קול, מיט א געלעכטער און עפּיס א פרייע בעוועגונג, איז איהם עס נישקשה באָקום ארויסגעפאלען פון טאטענס א בליק, וואס האט איהם דורך־און־דורך־געשטאָכען. מיט דעם ווייב האט ער פאר פרעמדע, אויף פאר איינענע מענשען קארג־וואס גערעדט, זיא נישט גערופען בייא דעם נאמען, נאָר געזאָגט געוועהנטליך: ד ו א, הערסט דוא! און א מאל אויף: ט י פּ ש אָ. אין הארצען איז ער געווען צו איהר טאקי זעהר גוט, גוט וויא דיא וועלט, נאָר ארויסווייזען עס בעשיינפערליך האט ער עס פאר זיך געהאלטען פאר אין אומכבוד, עפּיס פּריקרע, נישט שיין פאר א יודען. ער — איז דאָך

ער

מאנספערשוין, א יוד, און זיא איז א זיא, נאך אלע זאכען פארט נישט מעהר וויא א נקבה, א יודענע... ער איז געווען אין דעם הויזנעזינד טאקי אין אמת'ער האהן, וואס פיהרט זיך שטענדיג ארום מיט דער הוהן און מיט איהר פליד, זוכט, קראצט פאר זייא אויס ווערעמליך, שפייז פון אונטער דער ערד. נאר זאל פריוועך א היהנדעל עפּיס טהאן נישט וויא זיין ווילען, גיט ער עס א פּיק אין קעפּיל. ער געהט פאררייסען דעם קאפּ אין דער הויך, דיא אייגליך פייערען איהם, קוקט מיט נדלות און בכדי צובעווייזען, וואס אזוינס ער איז, טהוט ער א קלאפּ מיט דיא פלינעל, מאכט א המלך, א ברייטען, גרויסען קוקוריקו! דאס בעדייט: תרבית היהנער, ווייסט, ווער עלטער איז!...

צונעלאזט און בערייחדעווודיג איז דער טאטע געווען נאר אין אזעלכע געוויסע פעל, ווען א קינד, א שטיינער, איז קראנק געווען. דענסמאל איז ער פון איהם נישט אפּגעטרעטען אויף א טרים. האט עס געגלעט, געטאפּט ביים שטערען, אייננענומען מיט גוטע רייד און צוגעזאגט מתנות, שיינע שפּילכליך, וויפיעל דאס הארץ גלוסט: א שיין הילצערין שווערדיל אויף תשעה באב, אפּגעפארבט מיט שווארצע יאגעדעס, א גראגער, א דריידיל, א פאהן מיט א רויטען עפּעל, ארויפגעשטעקט אויבען, דעריבייא טאקי נאכגעמאכט וויא א גראגער גראגערט, וויא א דריידיל דרעהט זיך, זומזעט און וויא יונגעליך מיט פאהנען געהען צו דיא הקפות, קוויטשען: עוזר דלים הושיעה נא! אט אזוי, אזוי... בכדי ארויסצובעקומען דערמיט ביים קראנקען קינד נעביך חאטש א קליין שמייכעלע. איז עס איהם געראטען, איז ער געווען איבערגליקליך. אדער א שטיינער ווען עפּיס א שמחה, א יום־טוב און מייסטענס פּסח צום סדר, אז ער איז געזעסען אנגעלעהנט, וויא א פּריץ, אויף דער עסע־בעט אין קיטעל, דאס וייב קלאהר־וויים אנגעטהאן לעבין איהם. ער האט זיא געריפען מלכה, זיא איהם — מלך.ביידע האבען געלויכטען, געקוקט מיט שיינענדיגע אויגען, דאס איינער אויפ'ן אנדערען, דאס אויף דיא אויסגעצוואגענע קינדערליך ארום דעם טיש און דאס אויף דיא כוסות, אויף דעם טעלער, אין וועלכען עס לינען שיין, פיין אויסגעליינט וויא געהעריג: דיא זרוע אין דער רעכטער האנד, אונטען חרוסת, דאס איי אין דער לינקער האנד, אונטען כרפּס, גרינס פון פּעטרעשקע און צווישען זייא מרור, געריבענער חריין, גאר מחית. א־נו, הערשעלע, פלעגט מאכען דער טאטע, אנגעהמענדיג דאס קינד פאר'ן בעקעלע, פרעג מיך, הערשעלע, דיא פיער קשיות. הערשעלע האט זיך צושאקעלט, אנגעהויבען הויך אויפ'ן בייא־קול'כען, מאכענדיג דערבייא מיט'ן גראבען פינגער: טאטע! איך וועל דיך פרעגען, טאטע, פיער קשיות! און אפּגעקנאקט לעבעדיג איין קשיא נאך דער

אנדערער. דענסמאָל איז מען פרייא געווען צוריידען, צולאַכען, וויפיעל מען וויל. הפקר א וועלט. דיא קינדער פלעגען זיך אָנשיכורין מיט גאַנצע כוסות לאַקעריצע, וואס דיא מאַמע האט אָנגעקאָכט אין יענעם גרויסען פסח'דיגען טאָפ און פלוידערען, אויף וואס דיא וועלט שטעהט.

## ד.

א חוץ דיא דאָזינע פעל איז דיא מורא פאר'ן טאטען געווען גרויס. אין שטוב איז אונזער הערשעלע, וויא דיא אַלע איבעריגע קינדער, געווען שטיל, נאָר אָבער וויא א שטיל וואסריל, וואס גראָבט טיעף. צווישען זיך פלעגען דיא קינדער שטיקער־הייט אָפּטהאָן מעשים, קריגען זיך, נאָכקרימען זיך אויפ'ן ווינק, איינער דעם אנדערען ארויסשטעלען פייגען, דערלאַנגען א זעטץ, א קניפּ און שא. איטליכער האט גע־וועהנטליך געהאט זיינעם אויף צוקריגען זיך. הערשעלס צולהכעיס'ניק איז געווען חנה־לעמיל. זייא זיינען געווען פייער און וואסער, צווייא נישט קיין גלייכע מענשען. חנה־לעמיל האט געוואָלט, וויא איין עלטערער ברודער, וואס אָט באלד א חתן־בחוריל לעהרען דעם יונגערען דרך־ארץ. עס האט איהם געברענט, פאר וואס דער טאטע זעצט שבת ביים טיש הערשעלין נאָהענט לעבין זיך און שמעלצט זיך נאר הערענדיג וויא ער טערעלייקעט „כל־מקדש“. און האלט איהם אונטער אין דיא זמירות אויף א דין־קוויטשינג קול'כין. ער פלעגט דעריבער אלץ קריכען צום טאטען אויף הער־שעלין מיט מסירות, בבדי צופארמיאוסין איהם אין זיינע אויגען, און שטיקערהייט צווישען זיך פלעגט ער נאָכקרימען הערשעלין וויא ער טערעלייקעט, אריינשטעקען דערבייא א פינגער אין נערנעלע, שאָקלען דאס קעפּיל און אָנגעבלאָזען זיך וויא איין אינדיק. הערשעלע פלעגט זידען וויא א קעסיל. ארויסשטעקען דאס צינגעל און מיט אויפגעשטלטע קולעקליך מאַכען אין איין כעס: פוקע זיך, חנקע־לעמילדרינג! אָבער אלץ שטיל. מען זאָל נישט הערען.

אין שטוב איז הערשעלע געווען וויא א שטארק אָנגעבלאָזען פאחיריל, זיך איינגעהאלטען, קיין פארע זאָל מען פון איהם נישט הערען, אקענגען־זשע אָבער אין דרויסען האט דאס פאחיריל געלאָפּנעט און ס'איז ארויס פרייא אלסדינג, וואס אינווענינג אין איהם האט זיך געשטיקט. דאָרט איז ער געווען א פייער, א שפּירט, איין קונדעס אין דער וועלט. ער האט זיך איבערגעשלאָגען מיט אלע יונגליך און ארויסגעוויזען זיין גרויס בריה'שאפט. אין שטיינער ווארפען, האפּען א ציג פאר דיא הערנער און זעטצען זיך אויף איהר רייטענדיג, אָנגעהמען פכוצלים דעם

קאבצאנסקער קהל׳שען צאפ פאר דער באָרד און אויסרייסען איהם א פולען חויפען האָר, שטעכען חתן־כלה אונטער דער חופּה מיט שפּילקעס, נאכלויפען א משוגענעם אויף דער גאס, אונטערהאַפּען זיך הינטער א וואָגען, בשעת פאָהרענדיג געשווינד, דערצו איז ער געווען איין בריה טאַקי. ווייסע־חברה האט דעריבער פון איהם שטארק געהאַלטען און איהם מכבד געווען מיט כהן אין אלע קונדייסקע זאכען. אין דיא מלחמות צווישען דיא קונדסים, איז ער געווען דער גענעראל, מיט עפּיס א פּאַפּירין שארמיטצעל פון א בשמים־קרעמיל אויפ׳ן קאָפּ, ארומגעשטעקט מיט פעדערען. דיא גבורות און דאס גאנצע גרויסקייט זיינס איז בעשטאַנען אין פּיטשקען, וואס ער האט געהייסען איטליכען מקיים פּסק זיין, גלאַט אזוי־זיך פון זיין כבוד וועגען און אז דער גענעראל, הערשעלע לייזער־יאנקילס, האט בעפוילען—איז מחויב געווען איטליכער, פון דעם קליינסטען ביז דעם עלטסטען, באַלד צו פאָלגען. בשעת פרידען, נישט קיין מלחמה צייט, פלעגט אונזער הערשעלע מיט דעם גאַנצען פּעקיל יונגליך זיך אָפּגעגעבען מיט אנדערע געשעפטען, און געשעפטען זיינען געווען זעהר פיעל, ברוך־השם, אין איטליכער צייט. זומער בייא טאָג פלעגט ער פיהרען ווייסע חברה באָדען זיך אין ק א ב צ א נ ס ק ע ר טייך—א גרויסער רינשטאָק מיט א פאר־שימעלטער בלאָטע ביים ברעג, וואו שטאָדט־חזרים זיינען געלעגען איינגעזונקען טיעף ביז איבער דיא אויערען, ארויסשטעקענדיג נאָר דאס פּיסקעל. דער גאַנג אהין איז געווען לעבעדיג־רעשיג, טאַקי וויא מען זאָגט, בעגראַנדע, נישט אויסגעלאָזען איין זאך אויפ׳ן וועג, מען זאָל עס נישט בעריהרען. יונגע גענזעליך צולויפען זיך, אונטערפליהענדיג אביסיל מיט דיא קליינע, נאך נישט גוט בעפעדערטע פליגעליך; דער נאָגער סאָפּעט, סמאָרעט מיט דיא נעזליכער. אויסקרימענדיג דעם האלז וויא א שלשלת. דאס קעלביל דאָרט איז זיך מטריח אויפצושטעהן פונ׳ם גראָז, שטעלט אויס א פּאָר אויגען, רוקט זיך אויף עטליכע טריט אָפּ, ווארפענדיג מיט׳ן קאָפּ און אָנבייגענדיג דעם שטערען צו דער ערד, פארדרייסט דערנאך דעם ווידיל און אוועק, אוועק . . . חברה שפּילעט זיך אָפּ, קנעפּעלט זיך אָפּ, נאך געהענדיג, אין איילעניש, אזוי אז צוקומענדיג צום ברעג טייך פאלט פון איטליכען דאס אָנטהאָ פלוצים אראָפּ — און פּוטץ אין וואסער אריין, בול־בול־בול! — צווישען מנחה און מעריב איז ווייסע חברה זיך צונייפגעקומען אויפ׳ן יריד אין בית־מדרש, אין פּאָלעש דאָרט, איטליכער מיט זיין מין סחורה און מען האט געהאנדעלט געשמאַק. איינער בייט א קרומען, אלטען טשוואָק אויף א מעשענעם קנאָפּ אָהן איין אויעריל. דער אנדערער טהוט א וויז א ניסעל, א שווישטש און עס געפינען זיך דארויף צוויא שטארקע קונים, מיט שטיקליך שפּיגעל־גלאָז, פארצלאַענע שערבליך פולע

כעשענעס. יענער מיט א גרינער פאטשערקע איז פארטיפט אין עסק מיט דעם חבר, ואס בעריהמט זיך מיט זיין נאָדעל־טעשיל און א צינערין אויער־לעפעלע. הערשעלע אונזערער איז דאס געווען דער שאטצער און געהאפט פון אויבען פאר זיין מיה. געוועהנטליך לאָזט זיך דער יריד אויס מיט א קרינ: קיינער איז נישט צופריעדען, איטליכער טענה׳ט, ער האט זיך מיאוס אָפגענארט. עס האלט שוין ביים פאטשען זיך; עפיס א קונדס, מיט א פריש גענזען גערגעלע טרומייטערט־צו, א טאראראם, א געפילדער, ביז דער שמש לויפט אין איין כעס ארויס מיט א היק: שקצים! און חברה צולויפט זיך וויא דיא מייז, איטליכער אין זיין ווינקעלע. חנוכה־צייט האט געפלאקערט דאס געשעפט מיט דריידליך, פורים־צייט — מיט מאטעריאל אויף המנ־קלעפליך, שבועות־צייט—מיט אויסגעבלאָזענע אייער, צומאכען פייגעליך. הכלל איטליכער יום־טוב מיט זיין מין סחורה... צייט אויף צו האנדלען איז, ברוך־השם, געווען גענוג, ווייל דער מלמד פון דער תלמוד־תורה, וואו אונזער הערשעלע האט געלעהרענט, איז אליין געווען שטענדיג פארנומען מיט זעהר פיעל געשעפטען, אָהן עין־הרע. ער איז געווען א שטיקעל שדכן, פול געווען אויף אלע חתונות, בריתין און לויות, געווען א בעשטענדינער עדות אויף גטין. חוץ דעם האט ער בעדארפט אָפשפרעכען עין־הרע׳ס, איבערקוקען מזוזות און פון אלע מלאכות זיך אָפרייסען צייט דאָנערשטיג און פרייטיג מיט א פושקעלע אין דיא הייזער ארומצוגעהען. נאָר דעם שבח מעג מען איהם נאָכזאָגען, אז דיא שעה צייט, וועלכע ער האט זיך גענומען צום קנעלען, האט ער געארבייט געשמאַק מיט אלע כלים. דיא דאָזיגע קורצע צייט איז איהם גאנץ גענוג געווען אויף איבערצושמייסען אלע קינדער און ס׳איז איהם נאך איבערגעבליבען עטליכע ליידיגע מינוט צייט אויך. אויף צו־שפארען זיך מיט׳ן קאָפ צום טיש, אביסיל זיך אויסצורוהען, אָדער קראטצען דיא באָרד, קרעכצען, געניצין וכדומה אזעלכע מלאכות. אויף הערשעלין פלעגט ער זאָגען: הערשעלע איז א גרויסער קונדעס, אָבער א וואויל יונגעל מיט א גוט קעפיל. דיא מאמע פלעגט, הערענדיג אזוינס, זיך דערמאָהנען אין איהר חלום, וויא גדליה־הערש, עליו השלום, האט ווייזענדיג אויפ׳ן קינד געזאָגט: „ער וועט זיין א גוט שטיקעל ארבייט, א שארפע נאָדעל מיט א שפ׳יצעכדיג קעפיל" און פאר נחת זיך געשמאָלצען. דער טאטע־זשע אקעגען, אויסהערענדיג אויף איהם מסירות, וויא ער איז פארשייט, פלעגט מאכען געוועהנטליך מיט א שטעכווערטיל: י ע נ ע ם ס נאמען מיט י ע נ ע ם ס נאטור, עס זאָל פעהלען א האָר! י ע נ ע ר, עליו־השלום, האט זיין גאנץ לעבען זיך געפאָרעט מיט לעבער און ד ע ר היינט איז אויף פול אין אלץ לעבער. ער פאָרעט זיך אויך און מאכט נאך לעבער . . . דאס איז

געווען אָנצוהערעניש אקענען יענער מעשה, וואס מיט הערשעלען איז זיך פארלויפען אזוי וויא ווייטער וועט שטעהען.

## ח.

ויהי היום און ס'איז געווען א מאל, איז אין קאבצאנסק א גרויס וואונדער געשעהן. פלוצים, מען ווייסט נישט וויא און וויא ארום, איז פון ערגיץ א דאָקטאָר מיט אמאל אָנגעקומען, עפ״ס אזוי וויא פונ׳ם הימעל אראָפּגעפאלען. יודען בכלל, אז דערהערען נאָר א דאָקטאָר, רופט זיך זייא אלע קראנקהייטען אָפּ און דערפיהלען איטליכער זיינע וועהטינגן. בימי ירחמיאל הרופא, פאר אונזער ירחמיאל דעם רופא, וזוגתו יאַחנע הרופאת, און זיין ווייב יאַחנע דיא רופא׳טע, איז אין קאבצאנסק שטענדיג געווען מיט חסד. בייא יודען האבען דיא קראנקהייטען געבורטשעט אינוועניג און מען האט זיך געמאכט נישט וויסענדיג, דער רופא האט געטהאָן זיינס, געגעבען ראַטונקעס: געגאָלט, געשווירען, געשטעלט באנקעס, פיאווקעס, געלאָזט צו דער אָדער, געצאפט בלוט פון דיא מאנסבלין, און דיא רופא׳טע פון איהר זייט האט געטהאָן איהרס, געצאפט בלוט בייא דיא ווייבער. מען איז פארשלאפט גע-וואָרען און געשטאָרבען אָהן חכמות, אָהן גרויסע דולעניש. נארנישט, מען האט זיך פלוצלים געלייגט און פלוצלים צוגעמאכט איין אויג, נישט בעדארפען דווקא האבען דערצו פריהער רעצעפטען און אפטייקען... זיבעציג יאָהר—אזוי איז שוין אין דער וועלט געשטעלט — קומט דאָך א מענשען צו לעבען, דארויף איז דאָך דאָ בפירוש א פסוק אין תהלים, וואס אפיקורסים אפילו קענען עס אויך נישט אָפּ-לייקענען, אי וואס, מען שטארבט פריהער פאר דער צייט, דרינען איז נישט שולדיג קיינער, נישט ירחמיאל דער רופא מיט זיין קליפערגעציינג, נישט יאַחנע דיא רופא׳טע מיט איהר קליפערגעציינג און אויך נישט דער פסוק להבדיל, שולדיג אין גאנצען זיינען דיא חטאים... דיא חטאים אין שטעדטיל. דעם, יענעם האט זיך פארגלוסט, וואס מען טאָהר נישט... און דארויף איז דאָך דאָ א רב, זאָל גע-זונט זיין, מיט א קאָמיסיע שיינע יודען, דיא זאָך אָנצושמעקען און ארויסצופיהרען עס וויא בוימיל אויפ׳ן וואסער. אזוי האט זיך עס געפיהרט און פיהרט זיך אויף אזא שטיינער שטענדיג, נאָר מיט דעם דאָקטאָרס וויז געבען זיך אין קאבצאנסק האט וויא קראָפּעווע נאָך דעם ערשטען זומער-רעגען, ארויסגעשפראָצט מיט א מאל שלאַפּקייטען אלערלייא, אָהן א צאָהל: ספאזמעס, בויכוועהטיג, שטעכעניש אין דיא קריעזשעס, שפּ:רעניש אונטערן לעפעלע, קוועטשעניש, בייסעניש, מכות,

געשווירען—און אונזער יודישע קראנקהיים, מ ע ר י ד י ן, איז פון דער פארבארגער ניש ארויס גאנץ א פ ע ן, זיך ענפלעקט, וויא עס געהער צו זיין, מיט אלע פישטשעווקעס... נישט געווען איין יוד א גאנצער, אהן א חסרון. יונג און אלט זיינען צום דאקטאר געלאפען אויסלאטען און פאררעכטען אביסיל דאס געזונד. קליינע קינדער מיט גרויסע בייכליך און דינע פיסליך האבען מאמעס אויף דיא הענד געטראגען און צו איהם געלאפען. גאנץ ק א ב צ א נ ס ק, וויא עס ווייזט זיך ארויס, איז איין בקור חולים, אלע זיינען צובראכען. גאט דער לעבעדיגער ווייסט, מיט וואס עס וואלט זיך אויסגעלאזט, ווען דער דאקטאר זאל נישט געווען אזוי פלוצלים, וויא ער האט זיך בעוויזען, אזוי פלוצלים אויך פארשווינדען. יודען פארגעסען זיך ווידער דיא וועהטיגען, הערען זיך נישט צו, שלעפען זיך ארום, כל זמן עס דיענען זייא דיא פיס און לעבען, וויא דער שטיינער איז, מיט דעם אימפעט... ירחמיאל דער רופא קריכט ווידער ארויס, וויא דיא ל ב נ ת נאכדעם אז דיא זון פארגעהט, ארבייט אויף אלע כלים און יודען — שטארבען מיט חסד...

הערשעלין אבער איז דער דאקטאר פונ׳ם זינען נישט ארויסגעגאנגען. דיא גאנצע מעשה איז איהם זעהר געפעלען. עס גלוסט זיך איהם ווערען א דאקטאר איהם נאכצוטהאן און צו מאכען, וויא ער, דיא גאנצע שפיעל מיט דער ווייסער חברה. קינדער האבען, וויא דיא מאלפעס, ליעב נאכצוטהאן דיא גרויסע אין אלע זאכען וויא זאגט מען עפיס: קינדער קייען, וואס אלטע שפייען. ווייסע חברה קרוינען למזל אונזער הערשעלין פאר א דאקטאר און דיא שפיעל הויבט זיך אין א גוטער שעה אן. הערשעלע ווערט צוליעב זיך, צוליעב זיין כבוד, א גוטער און זארגט זיך קלאמפערשט פאר זיינע חברים׳ס געזונט, ווינשענדיג דערבייא טאקי פונ׳ם גאנצען הארצען, א, קראנקען זאלען זייא, רבוני של עולם! און בעדארפען צו זיין הילף אנקומען...

פרייטיג איינמאל אין דער פריה, אז דער מאמען איז מיט גויכוועהטיג אנגעקומען צוגעהמען אין קלייטיל אויף בארג פעפער, צימערינג און מעהל אויף שבת, לאפהענט אונזער הערשעלע שטילערהיים אראפ צו ביסליך פון דיא דאזיגע זאכען און אונגק שא, קיטש אהין, אויפ׳ן פרייען גראז, אויפ׳ן ליידיגען פלאטץ הינטער דער שטוב. ער זיצט זיך דארט לעבין פלייט, פאר איהם שטעהט א קליין פאפירען קעסטעלע, וואס קאסט איהם דרייא קנעפליך מיט א יערכען בייטעלע א צונאב דערצו. אין קעסטעלע געפינען זיך עטליכע קליינע פלעשעליך, פאר וועלכע א חבר ויינער תאט בייא איהם גענומען א טס, א צוויכינג, וואס האלטענדיג איהם אין טויל

בייא דעם ניס־שפּילען איז ער איהם שטאַרק מזל׳דיג געווען אויף אָפּצודאַצען דיא קינדער, אויף א גרויסען זשוק מיט לאַנגע הערנער, געהאַנגען צוגעבונדען אויף א לאַנגער פערדישער סטרונע. און בשעת דיא מאַמע פּאָרעט זיך אין שטוב דאָרט, ברעכט נעביך זיך דעם קאָפּ, וויא ס׳איז פונ׳ם ביסיל מאַטעריאַלין עפּיס צו מאַכען, פּאָרעט זיך אויף איהר זונדיל דאָ מיט דעם אראָפּגעלאַקחענטען פעפער, ציטערינג, מעהל און שאָר ירקות, צו מאַכען דערפון רפואות, וועסערליך, טראָפּענס אין דיא פלעשעליך. פאַרטיג מיט דיא רפואות טראַכט ער בייא זיך: אַציגר וואו נעהמט מען עפּיס א קראַנקען, מאַקי מיט א גוטער אמת׳ר מכה, צו בעווייזען דיא גרויסע קונץ אין דאָקטאָריע? און וויא ער זיצט זיך אזוי און טראַכט, דערזעהט ער פון־דערווייטענס, וויא משה־יאָסי, א פאַרוואָהרלאָזטער יתום, א נאַקעטער, א באָרפיסער, פאָהרט אויף א שטעקען רייטענדיג און ארבייט נעביך פאַר אלע גאָר א שרעק: פאַר דעם פּוהרמאַן, אויף פאַר דעם פערדיל און אויף פאַר דעם וואָגען. ער שמייסט דעם שטעקען, אָנטרייבענדיג איהם מיט א געשרייא: וויאָ, וויאָ! ער הייבט פיסליך, פּוצט אויס דאַס בייכיל, פאַרוואַרפענדיג אהינטער דאַס קעפּיל, הירזשעט וויא א פערד, שפּרינגט האָץ־האָץ און לויפט גאַלאָפּ; ער פּויקט מיט דער האַנד אויף דיא אָנגעפּוישטע באַקען. פון דער זייט א קלאַפּ, פון יענער זייט א קלאַפּ, חריפּעט, סקריפּעט און מאַכט אויך, אלערלייא משונה קולות: טראַ־טראַם־טראַראַראַם! חואי־חיפּ־סיפּ! וויא א קלאַפּערייא און א סקריפּ פון רעדער. ער יאָגט לעבעדיג, קנאַקענדיג־טשאַקענדיג, פייפענדיג גלייך צו הערשעלין און, צו־קומענדיג נאָהענט, טהוט ער א הירזשע, דערנאָך א געשרייא: טפּררוא! אויס־לאָזענדיג מיט א צעהנגאָרענדיגען חחח איפּ־סיפּ און שפּרינגט אראָפּ פונ׳ם שטעקען.

אונזער הערשעלי פאַלט אויף א המצאה בייא משה־יאָסי׳ס אָנקומען און נישט לאַנג נעטראַכט, מאַכט ער צו איהם אויף קונדעס־לשון אזוי:

— סויסע־סאָסי, משה־יאָסי, סוא־סילסט, דוא־ווילסט, סאָן־סראַנק זייך קראַנק?

— סיין, ניין! ענטפערט משה־יאָסי אָפּ, אויך אויף דעם אייגענעם לשון טאַקי, סאָל־סאָט, זאָל נאָט, סיטע־היטען.

— זאָג יא, נאַרעלע. טאַקי נאָר אָהן קאַטאָוועס. גענוג דייטש! מאַכט הערשעלע, לאָמיר ריידען פּראָסט יודיש. זאָג־זשע יא, נאַרעלע. וואס קען דיך עס ארען? דוא זייא קראַנק און איך וועל דיר געבען רפואות... נוא דוא ווילסט?

— איך וויל, הערשעלע, איך וויל בעסער עסען.

— עסען ? . . . עסען, משה־יאָסיכלע, האב איך נישט, נאָר צוזאָגען אויף שפעטער אמאל, יא, זאָג איך צו. נא דיר מיין האנד תקיעת־כף. נוא, וועסט־דוא שוין זיין קראנק, נארעלע ?

— איך בין דאָך אָבער געזונט, הערשעלע !

— נישקשה, נארעלע, איך וועל דיך מאכען קראנק. איך וועל דיר טהאָן א ז'ראפעלע, א קליין דראפעלע אונטען אויפ'ן פוס. זעהסט־דוא אָט מיט דעם טשוואָק. אזוי רעדט הערשעלע איין דעם חבר און נעהמט פון דער פליודערען־קע־ ישענע ארויס א פארזשאווערטען טשוואָק.

— עס וועט דאָך אָבער וועה טהאָן, הערשעלע !

— נאָר א קליין דראפעלע, משה־יאָסינאָ, וויא איך בין א יוד ! עס וועט וועה טהאָן א ווייל'ע און באלד טאקי אויפהערען. איך וועל דאָך דיר היילען, איך מיין דאָך דיין טובה. וואס דען ? דיין טובה, נארעלע, מיין איך דאָך . . . און דוא ווילסט עס נישט פארשטעהען.

— גיב־זשע מיר, אויב יא אזוי, באלד טאקי עסען. אי, בין איך הונגעריג, הערשעלע !

— א נעראם אביסיל ! מאכט הערשעלע, אָנברוגז'ענדיג זיך קלאָמפערשט, נעה דיר, נעה ! איך וויל איהם היילען, טהאָן א טובה, און ער עסען ! פרעסען ! . . .

אויף דעם דאָזיגען שמיעס קומען אָן עטליכע ווייסע־חברה־ניקעס, זייא קוועלען נאר אָן פון הערשעלעס אפטייקעל און פון דעם איינפאל זיינעם. נעהמען זיך שטארק צו משה־יאָסין, איינצושמיעסען איהם מיט גוטע רייד : משה־יאָסינאָ, דוא נארעלע איינער ! אבי מען מאכט דיך נאָר קראנק, וועט מען דיר דערנאך, נישקשה, שוין אונטעררוקען עפיס קייען. דוא פארשטעהסט ? . . . איטליכער גיט איהם דיא האנד תקיעת־כף, איבערשלאָגענדיג מיט א ציצה. משה־אָסי קוקט איבער דיא ציצה, אויב זיא איז נישט הלילה קיין פסול'דיגע און אז ער זעהט, זיא איז כשר, דיא אלע אכט פעדים מיט דיא פיער קניפליך זיינען וויא געהעריג איז, רופט ער זיך אָן, אויפשטעלענדיג א פינגער לעבין דער נאָז, מיט א התראָה : געדיינקט־זשע, קינדער ! אויב נישט, וועט אייך גאָט שטראָפען. זאָגט אָמן !

משה־יאָסי שטרעקט אויס, אין א גוטער שעה, דעם פוס, דיא יונגליך האלטען איהם גוט פון ביידע זייטען און הערשעלע נעהמט זיך צו דער פיאטע זיינער

מיט דעם טשוואַק. פריהער מאַכט ער איהם פּאַמעליך אַ קליין־דראַפּעלע, משה־יאָסי פּאַרבייסט דיא ליפּען און שווייגט; דערנאָך נעהט ער איהם אַריין אַביסיל טיעפּער מיט׳ן טשוואַק, משה־יאָסי מאַכט: אי־אַי־אַי! — חברה טרייסט איהם: נישקשה, לאָז זיך נאַרעלע, לאָז! מען וויל דאָך דיר געבען אַ רפואה... הערשעלע איז נישט פויל און שטופּט דעם טשוואַק אַריין נאָך ווייטער, עס רינט בלוט, משה־יאָסי רייסט זיך פון דיא יונגליכס הענד און שרייעט: גוואַלד:

— שאַ, שאַ, סוּיסע־סאָסי, משה־יאָסי! נעהמט איהם אונזער הערשעלע איין אויף קונדעס־דייטש מיט אַ פרעהליך האַרץ. סי־סאַקע, דיא מכח דיר, האָב איך שוין געמאַכט. אַצינד בעקומסט־דוא פון מיר סרועה, אַ רפואה.

הערשעלע נעהמט אַ פלעשעלע און גיסט זיינע טראָפּענס אויף משה־יאָסי׳ס פרישער וואונד. ער פאַרקרימט זיך נעביך אַ שרעק, שרייעט: עס ברענט, גוואַלד עס ברענט! נישט מיט זיין קול.

משה־יאָסי, האָט טאַקי נעהאַט רעכט, געוואוסט נעביך וואָס ער שרייעט. דיא טראָפּענס זיינען געווען צו שטאַרק פעפערדיג און געברענט וויא פייער דאָס רויע פלייש איהם אין דער בלוטיגער מכה. ער האָט נעצאַפּעלט, געקרעכצט און זיך פאַרנאַנגען; וויינענדיג פאַר גרויס ווערטיג. דיא קונדסים האָבען נעחאַפּט אַ ציטער און זיך צולאָפען. הערשעלע איז אויך אַנטלאָפען אַביסיל אין דער זייט און זיך גע־שטעלט קוקען פון דאָרט אויף זיין חולה. אַ היבשע צייט האָט ער נעביך זיך גע־וואַלגערט אויף דער ערד, שרייענדיג אַלץ אין איין קול: עס ברענט, ברענט! דערנאָך איז ער וויא־ס׳איז אויפגעשטאַנען און האָט מיט אַ יאָמער, אַ קלאָג זיך געלאָזט געהען זיין וועג, הינקענדיג שטאַרק אויף דעם רעכטען פוס. געקומען איז ער געזונט און אָוועקגעגאַנגען קראַנק. ער איז געקומען הונגעריג, נאַר לעבעדיג, פרעהליך, הנאה האָבענדיג פון דער ליכטיגער וועלט, פונ׳ם שיינעם פריהמאָרגען — און האָט, פאַר גרויס נוטסקיים צו איהם, בעקומען אַ מכה!...

משה־יאָסי איז אָוועקגעלעגען אַ היבשע צייט מיט אַ פוס געשוואָלען וויא אַ באַרג און אויסגעקריינקט דיא טובה הערשעלעס. אַז דיא דאָזיגע מעשה איז אָנגע־קומען צום טאַטען דורך חנה־לעמיל, אַלסדינג מיט איטליכס פּיטצעלע, האָט ער איהם גוט מכבד געווען, אַז ער זאָל געדיינקען און וויא אַ טאַטע דעם זוהן געזאָגט מוסר אַזוי:

— שקאָץ איינער! טובות וויכסט־דוא טהאָן? מאַך בעסער יענעם נישט קראַנק און פאַרשפּאָר, שקאָץ איינער, דערנאָך איהם צו היילען. צו טהאָן איהם

טובות. ווארט נאָר ווארט, דוא וועסט בייא מיר האבען  טובות! א ענתגעגען וועסט־דוא פארזאָגען . . .

— בין איך דען איינער? מענה'ט דער זוהן ווייגענדיג און וויל דיא שולד ארויפלייגען אויף אויף אנדערע. פאר וואס מענגען יענע . . . יענע?

— שא, שקאָץ! טהוט דער טאטע בייז א היק. יענע זיינען אויף אזוינע שקצים וויא דוא. דוא הערסט, הערשיל! מען איז מוחל דיר און דיין גלייכען אייערע שיינע טובות!...

„מיט טרעהרען אין דיא אויגען — אזוי לאָזט אויס דער מחבר פונ'ם „ווינשׁ־פינגעריל" זיין ברייטען שמיעס ווענגען דעם דאָזיגען ענין אין זיינע כתבים — מיט טרעהרען אין דיא אויגען און מיט א הארץ פארקלעהמט פון חרטה שרייב איך אצינד דיא דאָזיגע מעשה מיט דיר, משה־יאָסי! זייא מיר מוחל, ברודער! איך פיהל מיין שולדיגקייט אקעגען דיר און זעהר אָפט, ווען עס קומט מיר אויס צוזעהען אזעלכע מעשיות אין דעם לעבען, דערמאָהן איך דיך מיט א קרעכץ: אָך, משה־יאָסי, משה־יאָסי! . . . איך דיינק מיט שרעק, אפשר, ברודער, פאסירט עס מיט דיר נעביך אויך נאָך היינט, ערגיץ אין דער וועלט, יענע יוננעלשע מעשה, יענע מיאוסע תנועה — דיא מכה פאר דער רפואה... דיין נעמאכטע מכה שוועבט מיר פאר דיא אויגען און עס רייסט מיר דאס הארץ אויף דיר, וויסטער, עלענטער ברודער, אויף דיר, מיין גוטער, אומגליקליכער, ליעבהארצעדיגער משה־יאָסי! . . ."

ז.

אך, ווען נישט דאס עסען, ווען נישט דאס עסען וואָלט דאס לעבען אין קאַבצאַנסק פאר הערשעלען קינדרוויים געוועזען זעהר א גליקליכס, וויא אין גן־עדן! צייט אויף צו שטיפען, ארומצוקויפען פרייא, האט ער געהאט, א שיינעם נאמען בייא ווייסע־חברה האט ער, ברוך השם, געהאט: עסקים אלערלייא האט ער, נישט צו פארזינדיגען, אויך געהאט. ער איז געוועזען א געגעראל, א סוחר, אלסדינג וואס איהר ווילט און וואס מאכט יונגליך איבער־גליקליך. נאָר איין קלייניגקייט — אָט דאס עסען, וואס דאס מענענדיל זיינס פלעגט מאָהנען עסען, דאס האט איהם נאָר צודרעהט, פארשטערט דיא שמחה. ס'איז געוועזען צייטען, ווען ער איז געקומען א היים הונגעריג נאָך אזוי פיעל מיה און אנטלאפען זיך נעביך, געהאַלעשט עסען, האָטש וואס ס'איז, פון יוצא וועגען — און גאָרנישט, נישטא קיין מאָס! ער פלעגט

וויינען, זיך קראַטצען, האַלטענדיג ביידע הענטליך אין דיא האָר פונ'ם קאָפּ און שרייען, ביז ער איז געבליעבען ליגען אָהן כחות און אַנשלאָפען געוואָרען. שפּעטער איז ער שוין מיט אַזעלכע זאַכען געוועהנט געוואָרען און, אַז ער איז הונגעריג געוועז, פלעגט ער מאַכען מיט דיא ליפּען און שוויינען. א רבין אויף שווייגען, אויף שטילערהייט ליידען, האט ער געהאט קיילע־ריקלין. זיא איז געוועז א שלאָפע, בלייך וויא דיא וואַנד, דער האַלז געשוואָלען, איין אויער פאַרליינט פאַרשטעקט מיט וואַטע. זיא פלעגט געביך איבערטראָגען איהר שמערץ, און קעלט, הונגער, זיצענדיג איינגענורעט אין א ווינקעל, וויא א שטילע טויב און קוקע מיט א פּאָר פאַרטראַכטע, פייכטע אויגען, שאַ, שטיל, נאָר וואס זיא פלעגט מיט א חאָרחלען שלינגען דיא סליונקע און דערבייא עפּיס משונה זיך קרימען. דאס איז געווען א קרימען־זיך נישט מיט נאַל, מיט בייזקייט אויף דיא גרויסע יסורים. ניין, דאס גוטסקייט איז איהר געלעגען אויף'ן פּנים, דאס קרימען־זיך האט בעד־טייט נאָר פאַרקעהרט, זיא טהוט זיך געביך אָן א כח, נישט ארויסצרווייזען דיא וועהטיגען מיט א הויכען זיפץ, ווען עס גיט איהר א'נוועניג א צופּ, א קלעהם. און איטליכער קרים איהרער האט אויסגעריסען בייא יענעם א שטיק הארץ . . . אַזאַ רבי קען לעהרנען שכל, מאַכען ווייך, גוט און פרום א סך בעסער וויא אַלע מוסר־ספרים, בעסער וויא יענע נאַרישע חכמים מיט זייערע עסיג־זויערע־לאַקריץ־זיסע שטראָף־רייד. אפילו וואסקע דער קאָטער (איהר ווייסט דאָך ווען מען מיינט... יענעם, דאָרט אין קרילאָוו'ס באַסנע) א פרעסער, א נאַשער, וואס דיא נשמה זיינע ליגט איהם נאָר צווישען דיא טעפּ, אפילו איהם וואָלט אַזאַ רבי צוגומען—הלוואי ער זאָל אַזעלכען נאָר האבען ! — עס וואָלט איהם פאַרגאַנגען דער חשק צו סמעטענע און שטאַרק צופריעדען געוועזען חאָטש מיט זויערמילך. הערשעלע איז געווען א פאַרשייט קינד, א לעבעדיגס, א ריהרענדיגס. קוים האט ער זיך געשטעלט אויף דיא פּיסליך, א בליק געטאָן אויף גאָט'ס וועלטעלע אַרום איהם, איז דאס וועלטעלע איהם זעהר שיין געפעלען און חשק געהאט וויא א העזעלע צו שפּרינגען, צו לעבען, נאָר דאס לעבען האט איהם אָנגעקוקט וויא א שטיף־מאַמע מיט א בייז פּנים: תרבית, יונגעלע ! לאָז זיך א קבצן נישט גלוסטען . . . דאס בייזע פּינסטערע לעבען האט איהם אָפּגעשטעלט באַלד מאַקי ביים צופיהרען זיך דיא הענטליך ; איהם גענעבען צו פאַרשטעהען דעם טעם פון נויט, פון הונגער ; איהם איינגעראַטט א סוד, וואָר, מישטעהנס־געזאָגט, ער איז, פון וואַנען, מישטעהנס־געזאָגט, ער שטאַמט, לויטער קבצן, לויטער אומגליק . . . און איהם געפרעגט דיא ערשטע קשיא :

**הערשעלי, וואס איז מיט דיר אַזוינס דיא שמחה?**

הערשעלע'ס יונענד איז פארגאנגען געשווינד, אפגעבליהט ניך און ער איז קינדרוויס נאך געוואָרען א קליין יודעל: דערשלאָגען, פארטראכט, מיט א פאַרזאָרגט פנים און אלע פּאָסטעמקעס פון א גרויסען, בעווייבטען יודען, עס האט איהם נאָר געפעהלט א בערדיל. דער יוד האט אין זיין ביסעל לעבען אויסצושטעהען אזוי פיעל מיני צרות און לייד, אז בלייבט איהם נישט קיין צייט פאר דער קינדהייט. זיא גיט נאָר אויף א ווילע א שיין, וויא דיא זון אין א מיאוס'ן ווינטער־טאָג, און פארגעהט טאקי באלד אין א גרויסער לאנגער, פינסטערער חמארע. קוים קריכט דאס יונגעלע ארויס פון דיא וויקעליך און טהוט זיך א שפיעל, גיט מען איהם א האפּ צום טייטעל.... מען שלעפּט אויף איהם ארויף דעם יאָך און וויא, וויא יודעל! — אך, גלוסט זיך עס מיר אצינד חאָטש פון דערווייטענס אָנקוקען דעם יודען, וואס איז אויסגעוואקסען פון יענעם יודעל, וועלכען מיר איז בעשעהרט געווען צו זעהען א מאל! דענסטמאל איז ער נאך נישט אלט געווען קיין צווייא קאלענדינע יאָהר. איך געדיינק נאך וויא היינט זיינע צווייא פאה'קעליך, זיין יארמילקעלע, זיין שפּענצעריל און לייבסערדאקיל. עס שטעהט מיר פאר דיא אויגען זיין בלייך, פינסטער פנימיל, וויא ער האט זיך ענטפלעקט פּקוצלים פון א קליין אלקיריל, צו שויבערט, איינגעטונקט אין פעדערען, פון דיא קישעליך א פנים, אויף וועלכע ער האט געשלאָפען; וויא ער האט זיך פּאמעליכען צוגערוקט אין שטוב צו דער מוטער, איהר זיך גערעצט אויפ'ן שויס, מיט דיא כשר'ע הענטעליך ארויסבעקומען איהר פוג'ם בוזעם דיא ברוסט, געטאכט אויף זיין זיס לשון א ברכה — שהכל און געזויגען. . . אָמן! האב איך געענטפערט מיט כוונה, בעטראכטענדיג מיט גרויס נחת דאס זייגענדיגע קליינע יודעל, אויף דיא מאמע, געקוקט און געזאָגט: אשריכם ישראל, אז וואויל איז אייך פאָלק ישראל!...

מיט דיא קונדסים איז אונזער הערשעלע טאקי אליין געווען חבר, האט מיט זייא געשטיפט וויא פריהער, נאָר דאס איז געווען איין אנדער מין שטיפען, שוין ערנסט, מיט בערעכנונג, דערבייא נישט א ריס צו טהאָן דיא צעריסענע קאפּאָטע, נישט בלייבען חלילה שטעהען מיט א הוילען קאָפּ אָהן א היטעל, נישט אויסצו־רייסען איינער ביים אנדערען א האָר פון דער פאה, און מען האט אין דעם שפּיעלען זיך פארלאנגט, אלץ נאכצוטהאָן דיא גרויסע; מיט גרויסען צורייד, מיט א גרויסען זיך אביסיל דורכגעהען, דאס איז געוועהנטליך בייא קינדערשע קליינע יודליך א כבוד, זעהר א גרויסער. — גרויסע געהען כסדר נאך דיא גראדען פון אונטען ארויף: א חתן־בחור, א בעל־הביתיל, א בעל־הבית, א קלי־קודש, פונ'ם שמש ביז דעם רב, בעלי־מלאכות זיינען צווישען יודען נאר אנדער־

פּ י נ י  ג ר ו י ס ע, עפּיס נישט צהער, נישט אהין, האבען געוועהנטליך אומגאנג מיט יונגליך, מאכען זיך עפּטערס נארעש מיט זייא און האבען בייא דיא אמת'ע גרויסע איין פּנים, וויא זייא, הייסען אויך  ח ב ר ה ד ל י י ט, ש ק צ י ם, י ו נ ג א־ מ ש ע ס, וויא זייא.

הערשעלע הייבט אן צורייבען זיך ארום דיא גרויסע, צוקוקענדיג זיך צו זייערע גיינג און צוהערענדיג זיך צו זייער שמיעס. זאלען צווייא יודען זיך שטעלען ערגיץ שמיסען, וואקסט לעבין זייא, וויא פון דער ערד, אויס הערשעלע, פּארייסט דאס קער־ פּיל ארויף און הארכט מיט א האלב אָפען מיילכען. זאלען גרויכע עס אזוי־זיך אביסיל דורכגעהען, שלעפּט זיך זייא הערשעלע פון הינטען נאך, וויא א קוה א קעלביל. א באָרד איז בייא הערשעלין נאר קיין קאטאָוועס נישט, אין איטליכער באָרד שטעקט תורה און חכמה, א באָרד קען אלסדינג, וויים אלסדינג, וואס א באָרד זאגט איז תורת לאָקשען. אז ער האט א מאל דערצעהלט יונגליך עפּיס אזוינס, וואס איז אויסגעקומען משונה ווילד, פלעגט ער אויסלאָזען מיט דיא ווערטער: לאכט נישט, לאכט נישט, דאס האט געזאָגט א יוד מיט א באָרד. און אקעגען אזא לינען מיט א וואָהרצייבען איז שוין נישט געווען, וואס צו טענה'ען.

„קינדוויים, אזוי זאָגט הערשעלע אין דיא כתבים, האב איך געמיינט, גרויסע זיינען עפּיס גאר א מין אנדער וועלט און קליינע זיינען פאר זיך א וועלט און דיא דאָזיגעביידע וועלטען געהערען זיך איינע מיט דער אנדערער נישט אָן. נאָר שפּעטער, שפּעטער האב איך בעשיינפּערליך ארויסגעזעהען, אז ס'איז א גראָבער טעות. איין וועלט חלעבין, מיט איינע הנהגות, איינע חכמות און איינע חפצות, קליין און גרויס, יונג און אלט, וואס מאכט עס אויס? א ל ע  ז י י נ ע ן  י ו ד י ש ע  ק י נ ד ע ר. דער חילוק איז נאָר דאס: א קליין קינד טאָהר נישט און א גרויס קינד מעג. וואס בייא קינדער מיט בערד הייסט א חכמה, גוטסקייט און פרומ־ קייט, דאס אייגענע מאקי בייא קינדער אָהן בערד רופט מען  נ א ר ע ש ק י י ט ע ן, ש ק אָ צ ע ר י י א, י ו נ ג ע ל ש ע  ז א כ ע ן ...“

אונזער הערשעלע איז, ביים ווערען א קליין יודעל, געשטאנען מיט איין פוס צווישען דיא קליינע און מיט דער אנדערער צווישען דיא גרויסע יודישע קינדער. מיט יענעם פוס צווישען דיא חברים איז ער געשטאנען פעסט אויף דער ערד. קליינע יונגליך שפּיעלען זיך פּשוט דאָ אויף אונזער עולם, זיינען ביים שטיפען מיט דעם גאנצען קאָפּ אריינגעטהאָן אין אזעלכע זאכען, וואס שטעהען פאר דיא אויגען צו מען טאפּט זייא אָן מיט דער האנד. יענער פוס אבער, וואס צווישען דיא

גרויסע, האט געפיהלט א מאל, ווי עס פארשווינדט אונטער איהם דיא ערד און בלייבט הייגגען עפים וויא אין דער לופטען; גרויסע קינדער אז צושפילען זיך, פליהען זייא אין הימעל אריין, פארקריכען שטיפענדיג העט, העט וויט, אזוי אז האפט אזש אן א שווינדעל... שטעהענדיג אזוי אויף משקולת, האט הערשעלע זיך צוגעהערט צו דיא גרויסע מיט ביידע אויערען. און ווען ער זאל האבען אפילו נאך עטליכע פאר אויערען, וואלט ער אלע טאקי געברויכט נאר דערצו, וויל זאכען אויף צו הערען איז געווען זעהר פיעל. הערשעלע האט זיך אנגעהערט ביי זייא מופתים און וואונדער נאר אהן א צאהל — מעשיות פון יענער וועלט, וואס אין ניהנום און אין גן־עדן טהוט זיך, מיט איטליכס פיצעלע בעזונדער, גלייך וויא זייא וואלטען ערשט פון דארט געקומען און אלסדינג געזעהען אליין מיט אייגענע אויגען; מעשיות פון גלגולים, פון מתים, וואס געהען ארום אויפ׳ן עולם־התוהו; מעשיות פון דיא גוטע... און נישט גוטע; מעשיות פון מלאכים און אליהו הנביא, גאט׳ס משולחים, וואס וואנדרעווען אויס, וואו דיא וועלט האט איין עק און זיינען פול אין איטליכס ווינקעלע. דערבייא איז דערצעהלט געווארען א וואונדער שיינע מעשה, וואס האט זיך א מאל, א מאל געטראפען טאקי דא, אין קאבצאנסק, מיט וועלכער עס האט געקלונגען און עס קלינגט נאך עד היום דיא וועלט. דיא מעשה איז אזוי געווען:

ג.

ביטי רבי שמעלקע, אין דער צייט ר׳ שמעלקעס, איין עלטער זיידע פון אונזער עושר, ר׳ יודעל קאבצאנסקער, האט זיך איינמאל אונטער א פורים אין א שלעכטער איינגער צייט גאנץ קאבצאנסק אוועקגעלאזט קיין גלופסק. איבערגעבליבען פון דיא אלע מאנסבילין איז נאר ר׳ שמעלקע אליין. ר׳ יודעלס עלטער זיידע ר׳ שמעלקע, זכרונו לברכה, א גוטער, א פרומער, מיט דעם פינטעלע יוד, פון דעם אלטענס חסידים, איז געווען, נישט פאר קיין יורען געדאכט, א בעזדיעטניס. דיא אלע מיטעל, וואס ער האט איבערגעטהאן צו האבען חאטש איין קינד, א קדיש, האבען נישט געהאלפען. ער האט לסוף אוועקגעלייגט דעם בעל־שם, דעם טאטער מיט דער מאטערען להבדיל און זיך גענומען צו דיענען גאט, וואס דיענען הייסט, מיט א ברען, נישט אויסצושפאנען זיך אויף א רגע פונ׳ם יודישקייט. מילא אז קאבצאנסק האט זיך דא אוועקגעלאזט, איז ר׳ שמעלקע געבליבען געפלעפט: סטייטש, פורים וועט ער נישט דאווגען און לייענען דיא

מגילה מיט א מגיז יורען! און וועמען וועט ער שיקען „משלוח מנות“? און מיט וועמען וועט ער מאכען א כוסה, וויא גאָט האט נעבאָטען? און וויא ער זיצט זיך דאָ אזוי אין איינע צרות, אסתר־תענית, צווישען טאָג און נאכט, אָהן א קאָפּ, עפענט זיך פלוצלים דיא טהיר און עס קומען אריין ניין פארשוינען. דרייא גרייד גרויע אין ראצעמאָרענע זיפעצעס, איינער עפּיס אין א מין חאלאט מיט טראָלרען, דיא באָרד צוקאָשמעט און אויפ'ן קאָפּ א הויכער, שפּיצאסטער ספּאָדיק. נאך איינער אין א מין סוויטקע, אָדער א טשומערקע, מיט א לעדערנעם בייגארטעל, דאס פּנים בעוואקסען מיט א וואלד האָר. און נאך איינער עפּיס אזוי וויא פאר־שלאָפען מיט א גראָבער רויטער נאָז, פול אָנגעזועצט מיט בלאָטערען, ווייספערליך, און האט נישט געקענט איינשטעהען אויף דיא פיס. דיא איבעריגע דרייא פאר־שוינען זיינען געווען אָנגעטהאָן עפּיס טערקיש, פאָרענט ברוסט־טיכליך מיט פליטערליך, הינטען קורצע פארטיכליך, נישט וויא מאנסביליך, נישט וויא ווייבער. ביים אריינקומען האבען זייא געקושט דיא מזוזה, מיט א געשרייא: א גוטע־אָוועגט! א גוט יום־טוב, רבי שמעלקע! — ר' שמעלקע געהט זייא אקעגען און גיט איטליכען פון דיא פארשוינען א ברייטען שלום־עליכם, מיט א פרעג, וויא דער שטיינער איז, פון וואנען פאָהרען עס יורען? יענע יורען וויא דיא טערקען האט ער אָנגענומען פאר ירושלמים און דעריבער האט ער זייא געמאכט נאר א גרויסען ברוך־הבאָ, טראכטענדיג ביי זיך: וואוילע געסט חלעבין! פון זייא וועט מען עס אָנהערען זיך אביסיל פון דער „מערת המכפלה“, פון דער מוטער רחל'ס קבר און אפשר וועט מען ביי זייא קענען קויפען א זעקעלע ארץ־ישראל ערד, אויף צו בעשיטען זיך נאכ'ן טויט, ווערעם זאָלען נישט עסען.

— ר' שמעלקע! זאָגט דיא טשומערקע, דיא סוחרים מיינע פרענען, אויב ס'איז מעגליך ביי איין צו האלטען פּורים. זייא וועלען אייך גוט בעצאָהלען.

— חלילה! ענטפערט ר' שמעלקע, געלד, בשום אופן נישט. זעהר אָנגענ־לייגטע געסט, חלעבין! מיין לוין וועט שוין זיין דאס, וואס איך וועל מיט אזעלכע טהייערע אורחים אָפּרעכטען דיא סעודה גאנץ פרעהליך, יודעשליך. וויין און נאך אנדערע משקה: ווישניק, מאלינים, האב איך גענוג. פאר נויט וועט מען קענען געהמען א פּאָר פלעשליך פונ'ם פסח'דיגען. און איהר, ר' יוד, טהוט ער א זאָג צו 

דעם אין דער טשומערקע, איהר זענט דאָך א בעל־העגלה און וועט זיך מסתמא פון א גוטען טרינק בראנפען נישט אָפּזאָגען. בראנפין האב איך גאר איין עָנטיק.

— בראנפין !... וואס בראנפין ?... רופט זיך אפּ יענער מיט דער רויטער נאָז, אונטערקומענדיג נעהנטער. אויף בראנפין בין איך א מבין, איינער טאַקי אין דער וועלט.

— זעהר אָנגעליינט ! דאס האב איך אין אייער פּנים ארויסגעזעהען טאַקי באלד, זאָגט ר׳ שמעלקע צו דער רויטער נאָז. איהר זענט מיר זעהר קענטליך... זענט איהר נישט יענער ברענענדינער חסיד, מיט וועלכען מיר האבען א מאל אין איינעם יום־טוב געהאלטען ביים אלטען, זאָל מאריך ימים זיין ? יא, איהר זענט אויף בראנפין א מבין, א גרויסער מבין, וויא איך בין א יוד !... איהר פארשטעהט דאָך מיך, וואס מיט דעם וואָרט „מ ב י ן" איך מיין. דעם ע נ י ן פון בראנפין, וואָהין דאס געהט . . . דער ברען, וואס דרינען שטעקט, נישט גלאט פשוט אזוי זיך... דאס פארשטעהען נאָר מיר, אזעלכע וויא איהר, ברענענדיגע, פייערדיגע יודען . . .

ר׳ שמעלקע האט געפיהרט זיינע געסט אין שול אריין און מען האט דאָרט געדאַווענט מעריב. איינער פון דיא אלטעטשקע האט געלייענט דיא מגילה מיט א זיס קול, נאר מחית. ביים לייענען : וויא המן הרשע איז דערהויבט געוואָרען, וויא איהם גלוסט זיך דורך פאלשע מסירות און בלבולים אויסהרג׳ענען אלע יודען, איז דער שפּיצאַסטער ספּאָדיק אונטערגעשפּרונגען און פאר כעס געמאכט אזא קולאַק, אז ר׳ שמעלקע איז פארציטערט געוואָרען. ער האט א חאַפּ געטהאָן געשווינד דאָרט א שטעקען פון דיא לאַנגע חופּה־שטעקענס און דערמיט מיט דעם גאַנצען כח געשלאָגען המן הרשע איבער דיא טרעפּליך פּת׳ים בעל־מימר, איהם דעם טויט געמאכט, און אז צום סוף האט געהאלטען אין דער מגילה בייא המן׳ס מפּלה, האט דער ספּאָדיק געשיינט, געלויכטען, געשפּרונגען און געטאַנצט פאר שמחה. דיא אלטעטשקע האבען זיך אונטערגעהעטשקעט און געזונגען „ש ו ש נ ת י ע ק ב" מיט א זיס ניגונדיל. דיא נאָז מיט ווייספּערליך האט זיך נישט געקענט איינהאלטען און א זאָג געטהאָן : וואס טויג מיר דיא מעשיות, איך וואָלט פון אלע שמחות שוין געוואָלט דערלעבען געהמען אביסיל בראנפין, טאַקי דאָ באַלד אויפ׳ן אָרט. — דאָ האט זיך אויך צוהיצט אונזער ר׳ שמעלקע, איז געשווינד צוגעלאָפען צום שמש שאַפּקעלע, ארויסדערטאַפּט פון דאָרט א פלעשיל בראנפין, שליש, מיט עטליכע קעלישקעליך און געמאכט מיט דיא פארשויגען לחיים. דער שמש אליין איז דענסטמאָל נישט געווען, ווארום אין דעם כתב מיט איהם איז געשטאַנען בפירוש אריינגעשריבען א פּונקט, אז חנוכה און פּורים האט ער, וויא אנדערע, דאס רעכט ארומצוגעהען אין דיא הייזער — אין נ כ ו פ ס ק. אויך איז דאָרט געשטאַנען א

פונקט, אז נאָר ער אליין האט דאס רעכט מאכען אין קלייזעל א מין שיינקעל און שיינקען דאָרט א גאנץ יאָהר בראנפען. דערבייא האלטען דאָרט אויך צום פאר־בייסען רעטשענע קיכליך, אייער־ביינעל וכדומה אזעלכע זאכען, אויף וועלכע מען מאכט א ברכה בורא מיני מזונות און מען בעדארף זיך דערצו נישט וואשען.

דיא גאנצע נאכט האט זיך ר' שמעלקע משמח געווען מיט דיא דרייא פאר־שוינען. אויף מאָרגען אין דער פריה זיינען זייא אלע געגאנגען אין וואסער, נאָר דיא נאָז האט נישט געוואָלט געהען. ניין, ניין, האט זיא געזאָגט, פע, איך האב פיינט וואסער. קומט, האט ר' שמעלקע צו דער נאָז געמאכט, קומט, נישקשה, אונזער מקוה־וואסער איז געדיכט, מען קען זיא שניידען מיט א מעסער... בשעת לייענען דיא מגילה אין דער שול האט דער כפאָדיק און דיא אלטעטשקע געטהאָן דאס איינענע, וואס געכטען. נאָך דעם דאווגען האט מען זיך געזעצט עסען און טרינקען. נאָך דעם עסען האט מען זיך גענומען מקיים זיין משלוח מנות, נאָך דעם משלוח מנות האט מען געמאכט ברכה און געגעסען המנ־קרעפליך, המנ־טעשליך, מאָהנדליך און געטרונקען ווישניק. נאָך דעם ברכה־מאכען האט מען זיך ווייטער געזעצט עסען און טרינקען, מקיים זיין דיא סעודה, מען האט געגעסען, געטרונקען, מקיים געווען, געשיכור'ט, אויף וואס דיא וועלט שטעהט. דיא נאָז האט געטרונקען מעהר פון איטליכען. איידער איינער האט אויסגעטרונקען איין כוסה, האט דיא נאָז אויס־געטרונקען צעהן, גענאָסען וויא אויפ'ן שטיין. בקיצור, מען האט אזוי פיעל מקיים געווען, געטרונקען, געשיכור'ט, אז דער קאבצאנסקער עולם איז אויף מאָרגען נאָך שושן־פורים צוריק געקומען פון גלופסק, האט מען געטראָפען ר' שמעלקין נאָך טויט־שכור. אז ר' שמעלקע האט זיך אויפגעכאפט, איז ער געווען וויא א דולער פאר גרויס וואונדער: דיא פארשוינען זיינען עפּיס וויא אויסגעטריקענט געוואָרען, און שטוב איז עפּיס איין איבערקעהרעניש, קיין זאך נישט אויף זיין אָרט, וואס ער זוכט איז נישטאָ, וואס ער בעדארף איז וויא איין וואסער אריין. ס'איז איהם א גרויס וואונדער, נאָר ניט צום פארשטעהען!...

דער אלטער, זכרונו לברכה, האט שפּעטער מגלה געווען דעם סוד זיינע מקורבים, דיא מקורבים דערנאָך זייערע מקורבים און אזוי איז עס געגאנגען פון איין אויער אין דעם אנדערען, ביז דאס איז בעקאנט געוואָרען דער גאנצער וועלט. יענע פארשוינען זיינען געווען דיא גוטע בנופיא, נאר דאס גוטע פעקיל!.... דיא דרייא אלטעטשקע זיינען עס געווען דיא אָבות; דער האלאט אין הויכען

שפיצאסטען ספאָדיק — מ ר ד כ י, אָנגעטהאָן בגדי מלכות; דיא טשומערקע — אֵ לִ י ה ו ה נ ב י א; דיא נאָז מיט ווייספערליך— דער בעריהמטער שכור ל ו ט, וואָס שלעפט זיך נאָך דעם פעטער אַ ב ר ה ם אָ ב י נ ו; דיא דרייא טערקען מיט פליטערליך און פארטיכליך—מתתיהו כהן גדול מיט צווייא קינדער, אָנגעטהאָן אין חושן ואפוד. דער אַלטער האט געזאגט, אז איידער דיא גאנצע קאָמפּאַניע איז געגאנגען צו ר׳ שמעלקען, האט זיא פריהער זיך געלאָזט מעלדען און בייא איהם גענומען רשות, ווארום ר׳ שמעלקע איז דאָך זיין חסיד און ק א ב צ א נ ס ק געהער צו איהם. דאס הייסט, געהערען איינגענטליך געהער זיא צו א פריץ, נאָר דעם גראָשען מאכט ער. . . דאס הייסט, דער פריץ האלט דיא קיה פאר דיא הערנער און ער להבדיל מ ע ל ק ט . . . ר׳ שמעלקע האט אָנגעהויבען פון יענעם יאָהר מצליח זיין. סעריל זיין דריט ווייב, נאָך נאר א יונגע, א לעבעדינגע, א ברענענדיגע, וואס ער האט זיא גענומען נאָר פאר א בעל־הבית׳טע אין שטוב אריין, האט טאקי אין ניין חדשים ארום נאָך דער מעשה, וואס איז געשעהען, געהאט חנוכה צייט א יונגעל. דאס איז ר׳ מרדכי־לע־מתות (אזוי האט דער אלטער געהייכען איהם א נאמען נעבען נאָך מרדכי הצדיק און מתתיהו החשמונאי). פון דעם ר׳ מרדכי־לע־מתות איז ארויסגעקומען ר׳ יעקב־אליה, היינטיגען ר׳ יודעל קאבצאנסקערס א פאטער. — קאבצאנסק נעהמט זיך שטארק איבער מיט דער דאָזיגער מעשה. סטייטש דאָרט בייא איהר זיינען געווען אזעלכע פארשוינען! ווער שמיעסט ר׳ י ו ד ע ל, דער איז נאר בייא זיך פארריסען, שטאָלץ וויא א רוח. א קאטאָוועס עפים, זיין זיידע האט אויסגעטרונקען א קעלער וויין, געשיכור׳ט מיט לוט׳ן... און טהום דערפאר גרויסע שידוכים.

אז הערשעלע האט דערנאָך דיא דאָזיגע מעשה איבערגעערצעהלט דיא יונגליך, איז זיא איטליכען שטארק געפעלען. עטליכע יונגליך האבען נאָך עדות געזאגט און זיך געשוואוירען, וויא זייא זיינען יודישע קינדער, זייא זאָלען אזוי הערען שופר של משיח, וויא זייא האבען עס אליין מיט זייערע אויערען געהערט פון זייערע טאטעס דערצעהלען—און אלע האבען געגלויבט, אז דאס איז אמת. צווייא יונגליך האבען זיך געשפארט איבער לוט׳ס נאָז, איינער שרייעט, ניין! אזוי האט מיין טאטע געזאגט: רויט, אָהן ווייספערליך. און דער אנדערער שרייעט אקעגען: ניין, ניין, מיט ווייספערליך! מיין טאטע ווייסט בעסער, ער זאגט מיט ווייספערליך! עס ווערט א קריעג איבער דיא טאטעס, וועמעס טאטע ווייסט בעסער, איינער דעם אנדערען ניט איז טאטען אריין. יונגליך מישען זיך אריין, עס ווערט א גע־שרייא: ווייספערליך, נישט ווייספערליך! גלייך וויא עס וואָלט זיך געהאנדעלט

איבער זעהר א וויכטיגע זאך, שטארק נוגע אין לעבען אריין, אזוי וויכטיג א שטיינער, וויא  י ע נ ע  זאכען, איבער וועלכע אונזערע געלעהרענטע האטפערען זיך א מאָל אין זייערע ספרים . . . מען חאפט זיך צוליעב דער נאָז אָן פאר דיא נעז, מען נים זיך צוליעב דיא טאַטעס אין טאַטען אריין. הערשעלע איז אויך טרוקען נישט ארויס און געלייזט א דראפ אויף דער נאָז צוליעב דעם כבוד פון זיין טאַטען, פאר וועלכען ער האט זיך  מ ו ס ר  נ פ ש  געווען... בייא דעם טאַטען אָבער איז דאס נישט אָנגעליינט געווען און ער האט דעם  נ ע ט ר י י ע ן  זוהן פאר דעם דראפ  א ו י ף  ק י ד ו ש  ה ש ם  גוט טאַקי אויסגעשיינעצט אזוי: פע, דיינע מיאוסע נייעס!.... אלץ דיינע מעשיות, דיינע נארעשע, יונגעלשע מעשיות! . . .

## ח.

דער דלות האט אין  ק א ב צ א נ ס ק  געשוואַשמעט נאר א שרעק און דיא יודישע קינדער דאָרט זיינען געזעסען מיט פארלייגטע הענד, גארנישט צו טהאָן — און גארנישט טאַקי צו קענען געביך טהאָן — וויא דעם דלות ארויסצוטרייבען. מען פלעגט, צונויפקומענדיג זיך אין איינעם, אין בית־מדרש אונטער'ן אויוועז, נאָר אלץ אָצען און קרעכצען: נישט דיא וועלט, וואס א מאל, נישט דאס, וואס פאר־צייטען!... א מאל איז געווען טע־טע־טע! און היינט — עט . . . וואס א מאל איז געווען  א ז ו י,  איז היינט נאר  א ז ו י . . . דאס אייגענע, דאכט זיך אין פלונק, און פאָרט א גרויסע נפקא־מיניה. פארצייטענס זיינען מענשען געווען מענשען, יודען — יודען און געשעפטען — געשעפטען... און היינט טישטעהנס־געזאַנגט, וואס? . . ביים אויסלאָזען דעם „וואָס?" האט מען געוועהנטליך געקוקט איינער דעם אנדערען אין דיא אויגען אריין, שווייגענדיג שטיל, און געוואָרט הערען א תירוץ אויף דער קשיא „וואס"? — איינער האט געקראצט, געריבען דעם שטערען, געטראכט און האט דערנאָך געעפענט דאס מויל און — א געניץ געטהאָן. דער אנדערער האט, אָנ־געהמענדיג זיך ביים בערדיל מיט א צוגעמאכט איינעל, א מאך געגעבען מיט דער האנד און עפּיס וויא פאר זיך געבעקעט: עט... ווייס־איך!.. יענער האט, אויפ־הייבענדיג זיך פונ'ם אָרט, אָנגעשפּארט ביידע הענט מיט אויסגעשפּרייטע פינגער אויפ'ן שטענדער, זיך צושאָקעלט און געמאכט: איך וועל אייך דערצעהלען, הערט איהר, היינט איז טאַקי נאָר, פארשטעהט איהר מיך, משיח צייט. — מיט דעם ענטפער זיינען געוועהנטליך אלע צופריעדען געווען. איטליכען צופלאַקערען זיך

דערבייא דיא אויגען און מען טהוט זיך א נעהם צום שמיעס וועגען דעם דאָזיגען ענין. אָנגעהויבען האט זיך עס שטענדיג דערמיט, אז דאס היינטיגע זעקס־טויזענדיגע יאָהר איז גאָטס פרייטיג, נאך דעם חשבון איז אצינד ערב שבת נאך האלבען טאָג און שוין דאָ אלע סימנים, אז משיח נעהט, משיח וועט באלד קומען: דיא טויערען פון פרנסה זיינען צוגעשלאָסען, אין קעשעניע נישטאָ קיין פרוטה; ארץ־פּיאסקע עזות פנימער זיינען היינט צווישען יודען שרעקליך פיעל; יונגליך האלטען זיך פאר גרויסע לייט, פריצים; א דיק, זאט בייכיל מיינט, אז אלע חכמות — א כפרה פאר זיינס א ב ו י ך ס ב ר אָ . . . צרות און גזורות קומען מיט איטליכען טאָג און עס שמעקט שוין מיט דער מלחמה פון ג ו ג ־ מ ג ו ג. איבער גוג־מגוג לייגט מען אנידער א ברייטען שמיעס, עס פאלען איבער איהם אלערלייא דעות. איינער טהוט א נעהם דעם בעקאַנטען ספר „א ב ק ת ר ו כ ל“, מימשעט מיט דעם פינגער און לייענט הויך פאר אלע דעם זיבעטען צייכען דאָרט, אזוי:

„האות השביעי, דער זיבעטער צייכען, הקדוש־ברוך־הוא וועזט דער וועלט א מופת. מען זאגט, אין ר ו י ם איז דאָ א מירמעלשטיין, וואָס זעהט אויס וויא א בילד־שיינע נקבה, א מכוערת, און דאס איז גאָטס ארבייט, ער אליין האט זיא אזוי בעשאפען. קומען דיא רשעים צו דער מירמעלשטיינענער יפהפה, ומחממין אותה ושוכבים אצלה, און מאכען מיט איהר קוצעניר־מוצעניו. זיא ווערט מעברת, והיא מתבקעת, און סעקט א קינד מיט דעם נאמען א ר מ י ל ו״ס דער שטן, וועלכען דיא אומות רופען א נ ט י ק ר י״ש ט ו. ער איז אומגעלומפּערט גרויס: צוועלף איילען לאנג און צוועלף איילען ברייט. דיא אויגען רויט, האָר — גאָלד געפארבט מיט גרינע פיאטעס און צווייא האלדאָן־נאקענס. דער דאָזיגער מין פארשוין נים זיך עס אויס דער וועלט פאר מ ש י ח׳ן, נעהט און נעהמט איין מדינות. באותה שעה, דענסטמאָל יקום נחמיה בן־חושיאל, שטעלט זיך איהם אקעגען נ ח מ י ה דער זוהן פון ח ו ש י א ל (דאס איז משיח בן יוסף!) מיט דרייסיג טויזענט גבורים פונ׳ם שבט אפרים און אין דער דאָזיגער מלחמה ווערט נחמיה בן־חושיאל דערהרג׳עט, און אזוי נעהט שלים־שלימזל ביז דעם אכטען צייכען. — האות השמיני יעמוד מיכאל, וועט אויפשטעהען דער מלאך מיכאל און בלאָזען שופר, דרייא תקיעות. בייא דער ערשטער תקיעה וועזט זיך משיח בן־דוד מיט אליהו־הנביא, פארנעהמט דיא צדיקים און נאך יודען צונויפגעקלאַפּענע, וואס בלאָנקען זיך ארום אין דער מדבר און פיהרט זייא קיין ירושלים. גאָט רעגענט מיט פייער און שוועבעל און האָגעל און דערהרג׳עט ארמילו״ס הרשע. בייא דער צווייטער תקיעה, אין דעם נײַנטען צייכען, שטעהען דיא טויטע אויף לעבעדיג פון דיא קברים.

משיח בן־דוד לאָזט זיך אוועק צונויפנעהמען דיא איבעריגע יודען אין אלע עקען וועלט. פריצים טראָגען דיא יודעליך אויף דיא פלייצעס און ברייגגען זייא א מתנה צו גאָט, קיין ארץ־ישראל... בייא דער דריטער תקיעה, אין דעם צעהנטען צייכען ענטפלעקען זיך דיא עשרת השבטים מיט דיא בני משה, רויטע יודעליך, נאר אָהן א צאָהל. יודעליך לעבען, זיצען זיך אין הויכע ספאָדקעס אויף דיא קעפ מיט פאר־לייגטע הענד, קוקען און האבען הנאָה פון דער קויטערער שכינה..."

קאַבצאַנסקער יודען שמעלצען זיך, הערענדיג לעבין איווען, עס צור־שפיעלען זיך זייא דיא געבליטען, ווערען בייא זיך שטארק, זייגען גרייט צו נעהמען פייכענבוינענס און לויפען אין דער מלחמה . . . מען פארגעסט אויף נישט דיא גרויסע סעודה פונ'ם לויתן און דעם שור הבר מיט דעם יין המשומר. רבה בר בר חנאָ'ס פעטע נעגזליך, פון וועלכע עס רינט שמאלץ, ווערען אויפגעגעבען צום בריליאנטענעם טיש אויף נין־גאָלדענע־פאָלימעשקעס. צדיקים עסען, טרינקען און לעקען דיא פינגער. — מיינע הונגעריגע קאַבצאַנסקער יודען בעלעקען זיך, עס נעהט זייא איבער דיא סמאהע, מען הערט, וויא עס בורטשעט זייא אינוועניג אין בויך און זייא קראַטצען, קראַטצען זיך נעביך . . . מען לייגט אוועק פאר צרות דעם לויתן און מען נעהמט זיך לעת־עתה צו דער פאָליטיקע, צו דעם גאַנצען ענין פון טכסיסי מלחמה, אין וועלכען זייא האלטען זיך פאר גרויסע בריות און טהוען דרינגען אויף פשטליך גאנץ שכל־דיג. דיא גאַנצע לאנד־קארטע איז בייא זייא אויסגעמאָהלט אויף דער האנד. און בשעת בעריל מיט זיין קאָמפאניע שטעלען אוים אויף דער דאָלאָניע קירה'ס חיל, אויף דיא פינגער דעם תוגרם, צווישען זייאביידע, אויף דעם קרהחיים, א ים, אָדער דעם פרוט און עס קעהרט זיך א וועלט, איז לייזער מיט זיין קאָמפאניע שטארק בעשעפטיגט מיט דיא שרים זייערע דאָרט, אין הימעל, אויסוויזענדיג בפירוש פון רש"י, אז קיינער פון דיא מלכיות האט נישט דיא מפלה דאָ אונטען, ביז עס פאלט נישט דער שר זייגער דאָרט אויבען. בעריל וויל שוין צומאכען דיא פינגער אזוי, אז דער תוגר זאָל אומקומען, ארייגפאלען אין ים. — ניין, בערעלע! שרייעט איהם לייזער, אומזיסט דיין מיה. דוא עם־האָרץ איינער! פאלען מוז נאָר דער שר של אדום, אזוי, גראָבער יונג, שטעהט געשריבען. אז מען ווייסט נישט, בעדארף מען שווייגען און זיך נישט מישען... בערעלען פאר־דריסט עס זעהר שטארק און וואס לייזער זאָל פון אצינד אָן נישט עפיס זאָגען, שרייעט ער, איהם אויף צו להכעיס, אלץ פארקעהרט. למשל, ווען דיא צייט איז געקומען איבערצוצעהלען דיא קאסע פון געוויסע נגידים און לייזער האט זיך גענומען נעשמאק צום עכק, האט געשאצט על פי יושר ר' איצע גלופסקערס

פארמעגנען אין צוויי״א מיליאָן און ר׳ קלמן׳ס פארמעגען נאָר אין אנדערטהאלבען מיליאָן קערבליך, איז בערלען אויסגעקומען צו שאַטצען דווקא פארקעהרט, נישט אזוי וועלען טרעפען דערמיט ר׳ קלמנ׳ען, וויא לייזערען, און דערפון איז א מאל ארוים מיאוסע זאכען. א מהייל האבען געהאלטען מיט לייזערען, א טהייל מיט בערלען. מען האט זיך געדונגען, געהאַמפערט, געווערטעלט: וואס איז, עפיס געלט־שמעלט? ! ישרנים פּענען זיך אריינלייגען אין שלום אריין: פאַלגט אונז, גיט נאך בערלען אויף ר׳ קלמנ׳ען, וועט ער אייך נאכגעבען אויף ר׳ איצען. — מה רעש? האט איינער געמאכט א פשרה: ר׳ איצע האט א מיליאָן זיבען הונדערט־פופציג־טויזענט און ר׳ קלמן אויך אזוי פיעל, א מיליאָן זיבען הונדערט־פופציג־טויזענט קערבליך. מיר דאכט זיך, ס׳איז גאנץ אָרענטליך,ביידע צדדים קענען צו־פריעדען זיין. לייזער און בעריל באדארפען שטעלען משקה, עס קומט פון זייא בראנפין. — קווילעט אונז דאָ פאר א גראָשען, שרייט לייזער מיט בערלען אין איין אָטהעם, מיר האבען אָסור נישט קיין פרוטה. — עט, האט מען געענטפערט, נישקשה, דער שמש וועט באָרגען, גיט איהם נאָר א משכון...

אז פלעגט קומען צו רייד פון ר׳ יודעל קאבצאנסקער, האט איטליכער געמאכט א מינע מיט איין ערענסט פנים. אלע האבען געזאגט פה אחד, ער איז נישט אזוי רייך, וויא אָהן עין־הרע א מוצלח. נאָר פאר וואס איז ער נישט אזוי רייך, וויא א מוצלח? אָט דרינען האבען זיך געטהיילט דיא מיינונגען. א טהייל האבען געזאגט, אז אליהו הנביא האט דענסטמאָל, דענסטמאָל געשיקט דעם זיידען ר׳ שמעלקין משלוח־מנות א יערכען בייטעלע מיט א פעניגיל, פון דעם בייטעלע לאָזט זיך קיינמאל נישט אויס, אין איהם איז שטענדיג דאָ נאָר אזוי פיעל געלד, וויפיעל עס קען אריין, נישט מעהר, נישט וויינינער. ווידער א טהייל האבען געזאָגט: ניין, אליהו הנביא האט געשיקט משלוח מנות ר׳ שמעלקין נאר א ווינש־פינגעריל מיט דעם שם המפורש. ער האט אבער אָנגעזאגט, ער זאָל ווינשען נאָר אזוי פיעל צו האבען, וויפיעל ער בעדארף. — עט! האבען יענע מיט א קנייטשעל געמאכט, עט און נאך א מאל טאקי עט! ... ווען אפילו אזוי — וואָלט דאך ר׳ שמעלקע ביים ווינשעניש מיט דעם ווינשפינגעריל, אז עס האלט שוין ביים ווינשען, געקענט ווינשען, אליהו הנביא זאָל איהם ווינשען, אז ער זאָל מעגען ווינשען, וויפיעל ער ווינשט זיך צרווינשען!... אוי, אוי, מיר זאָלען עס נאָר האבען ווינשפינגערליך, וויסען מיר שוין, וואס עס וואָלט געווען! . . . אָח־ה־חא! האט מען געקרעכצט, שלעכט ארום און ארום. אין מיטעל טאקי נאָר א ווינשפינגעריל. וואס זאָלען מיר טהאָן? אוים פרנסות. חאָטש צערייס זיך, שונא ציון, וועט דיר נאָר נישט

העלפען. . . חיינמינע ציימען צו לעבען, וויא ס'איז צו דערהאלמען דיא נשמה, בעד־דארף מען האבען ריינע נסים. . .

## ט.

אונזער הערשעלע, וואס האט שוין געוואוסט נעביך דעם טעם פון נויט, וואס דאס יונגע בלוט זיינס איז נאך געווען זודיג־חיים, וואס דיא דערקוועטשטע נשמה זיינע, אזוי פריה פאר דער צייט, האט זיך, וויא א געפאנגען פייגעלע אין דעם שטייניל, געשלאָגען נעביך ארויסרייסען זיך פון דער קלעהם אין דער פרייער וועלט — ער, הערשעלע, האט זיך אָנגעחאפט אין דעם ווינשפינגעריל מיט אלע זיינע געדאנקען און עס גענומען אויף זיינע כלים. חלעבין, רבוני של עולם, האט ער בייא זיך געטראכט, פאר וואס זאָלען טאקי נאר אָהן קאטאָוועס, יודען נעביך נישט האבען אזעלכע מיני ווינשפינגערליך? פאר וואס א מאל, אז ס'איז געווען דיין גוטער ווילען, האסט־דוא דיינע קינדער ישראל געגעבען מן אין דער מדבר, פיינעליך, טויבען זיינען זייא געפלויגען אין טויל אריין און פון א שטיין האט זייא געפלייצט וואסער אויף צו טרינקען! לאָז זיך דאכטען, אז היינט זיינען יודען אויך אין דער מדבר צווישען שלאנגען, עקדישען און דעם פיפערנאָטער. — אך, וויא שיין זיין קינדערשער שכל האט איהם אויסגעמאָהלט אזא פינגעריל, וואס אז מען זאָגט: „פינגעריל, פינגעריל! איך ווינש דאס, איך ווינש יענס," האט מען דאס, וועלכעס מען ווינשט, גאר אָהן מיה, אָהן קאָפּדארעניש. א תענוג חלעבין! אין מעשה־ביכליך האט ער בענעגענט זעהר פיעל וואונדערליכע זאכען, וואס זיינען געד־שעהען אויף דער וועלט דורך צויבער, דורך שמות און ווינשפינגערליך. ער האט געלייענט א־שטיינער, וויא איינער איז א מאָל געפלויגען רייטענדיג אויף א רוח איבער טהאָלען און איבער בערג, איבער וועלדער, איבער פעלדער ביז ער איז געד־קומען ערגיץ אויף א קעמפע. אויף דער קעמפע שטעהט א בריליאנטענער שלאָס, א פאלאץ מיט הונדערטער חדרים. אריינקומענדיג אין פאלאץ, זעהט ער: גילדערנע טישען זיינען געגרייט מיט דיא טהייערסטע קרעדענצין און מען זעהט נישט קיין לעד־בעדיגע מענשען. נעהמט דעם בחור ארויס זיין ווינשפינגעריל און מאכט: פינגעריל, פינגעריל! איך וויל עסען, איך וויל טרינקען. דאס וויל איך, יענס וויל איך, וויל, וויל און וויל. — קומען עס אריין באלד פרינצעסענס, בת־מלכות, איינע פון דער אנדערער שעהנער, נאר מחיה, איינגעטונקט אין פערל, אין דימאנטען, אין גאָלד, אין זילבער און טהוען זיך א נעהם צום בחור. עס טהוט פלוצלים א זעטץ א

שארפע קאפעלע, מען פיהרט דעם בחור לעבעדיג מיט א מארש אין א מירמעל־שטיינענער באָד, וואו ער גלייכט זיך אויס דיא ביינער. דערנאָך הויבט זיך אָן א מאָהלצייט מיט גילדענע יויך, מיט דעם טהייערסטען ראָזינקעס וויין. מיינער איז נישט פויל, עסט, טרינקט, טהוט זיך וואויל. אזוי געהט עס ווייטער, ווייטער און ווייטער... דאס ווינשפינגעריל איז איהם וויא א טשוואַק געזעסען שטייף אין קאָפּ, שטענדיג וועגען דעם אלץ געטראַכט און איז איהם אין שלאָף אפילו פונ'ם זינען נישט ארויס. דאס וואס א ווינשפינגעריל איז דאָ, איז דאָך א געוויסע זאַך און ער האט דרינען הייליג געגלויבט, ווארום אזוינס האט ער דאָך געהערט אויך פון זיין טאַטען. א ט א ט ע ווייסט... סטייט'ש, פון וואַנען האט ער דען געהערט יענע אלע מעשיות פון יענער וועלט, פון אלסדינגע, וואס קאָכט זיך אין גיהנום, אין גן־עדן, פון מלאכים, בעלי־שמות, מכשפים, שדים און רוחות, ווען נישט טאַקי פונ'ם טאַטען. הייסט ווען ער זאָל נישט געווען גלויבען אין „ג ר ו נ ט" אריין, אין דעם „א נ י מ א מ י ן, אז א ט א ט ע ו ו י י ס ט" וואס־זשע וואָלט געוואָרען חלילה פון זיין ביסעל יודעשקייט ?! . . .

כל־זמן הערשעלע איז נאָך געווען א יונגעל, פלעגט ער אלץ טראַכטען, אז ווען ער זאָל נאָר האבען א ווינשפינגעריל, וואָלט ער זיך געוואונשען א ווארעמע, פרישע בולקע מיט א ראָסעלפלייש און א פעטען קוגעל גאר אין מיטען דער וואָך, ווייל דענסטמאל פלעגט ער זעהר אָפט ליידען הונגער, נישט פאַר יודען געדאַכט, און קיין בעסערס פון אזעלכע מאכלים איז דאָך אויף דער גאַנצער וועלט מעהר שוין נישטאָ. אויך וואָלט ער געוואונשען, אז אלע מלמדים און חדרים זאָלען, אין־איינעם מיט דיא סידורים טאַקי, פארשווינדען ווערען מיט דעם רוּחַ, עס זאָל פון זייא טאַקי, רבוני של עולם, קיין זכר נישט בלייבען, ווייל אָנקוקען האט ער נישט גע־קענט דעם חדר און דעם מלמד זיינעם, דעם רוצח. פון דער מוזיקע וואָלט ער זיך געוואונשען א גוטען שופר־בלאָזער און א קאַטערינשטשיק, ווארום קיין אנדערע מוזיקע, חוץ א שופר א גאַנץ חודש אלול און א קאַטערינקע, וואס איז אויף עטליכע טעג פארוואָרפען געוואָרען א מאל אין זיין שטעדטיל, האט ער נישט געהערט. — שפּעטער, אז ער איז עלטער געוואָרען און אָנגעהויבען צו פיהלען אנדערע מיני בע־דערפענישען, האט ער אויך געהאט אנדערע מיני ווינשענישן. דענסטמאָל וואָלט ער זיך געוואונשען א בת־מלכה, א פּרינצעסין, א שטוב מיט א בעל־הבתיש'קייט, עטליכע ציגען מיט א צווייא דרייא בהמות.

דיא בת־מלכה האט אונזער הערשעלען זיך דענסטמאָהל געמאָהלט אין דער געשטאַלט פון ב ײ ל ע ן, א יאָדערדיג מיידיל, א דיקס, קורץ געוואַקסען מיט

רויטע, פולע באקען, א פארריסען נעזיל און שווארצליכע־ברענענדינע אויגען. איהר טאטע בן־ציון צ ב י ה׳ס — א גלעזער און דערבייא טאקי שוין אויך א שטיקעל ארחיטעקטער, נישט אזא מייסטער מיט דער האק, ווייא א מבין — האט געהאט זיין איינענע שטוב, דיא דריטע פון הערשעלעס טאטענס הויז, און וויא דער שטיינער אין יודישע שטעדטליך, איז א נאהענטער שכן איין אייגענער מענש, נעהער צו דער משפחה און מאכט אויס מעהר וויא א לייבליכער קרוב אין דיא גרויסע שטערט. קליינשטעדטילדינע שכנים וויסען איינער ביים אנדערען א מינדסטע זאך, וואס מען רעדט, וואס מען קאכט ווארטעס, איטליכס פיטצעלע, וואס טהוט זיך אין שטוב. איינער דעם אנדערען קוקט־נאך, צאטעוועט וויא א שפיאן. מען קריגט זיך, זידעלט זיך און מען בעט זיך איבער, ווידער אויף דאס־נייא צוקריגנטן זיך. שכנות קריכען איינע צו דער אנדער נאך א קויל פייער, לייען א האקמעסער, א ריבאייזען, א כשר־שטיין, א פארעווען טאפ, א ווייקשעפיל און איין איי אויף חלה שמירען. האלטען זיך איין עצה, אויף וויפיעל איינליך אנצר הויבען דיא פיאטע, ווען אפצולאזען און פארשליסען דעם זאק. פארהערען זיך אין איינגעמאכטס־פרעגלען פון אנרעסען, אין אויספלעכטען דעם פורים־קוילעטש און אפצוויקלען דיא קישעלעך. טראגען איינע צו דיא אנדערע ווייזען אויף חידושים דעם המנטאש אויף פורים, דעם קניש און דעם פיינקוכען אויף שבועות; איינע ווינשט דער אנדערער: דערלעבט איבער א יאהר אין פיעל גוטס מיט דעם מאן און דיא קינדער! טראכטענדיג א מאל אין הארצען: פוקע זיך, שלימטזלניצע, נעהמען זאל דיך דער רוח! ... הערשעלעס מאמע און ביילעס האבען געלעבט צווישען זיך וויא נאהענטע שכנים, און הערשעלע אליין איז קינדוויים שטארק חבר געוועזען מיט ביילע׳ן: פלעגען לויפען, שפילען זיך אין זשמורקעס מיט נאך חברים און חבר׳טעס טאנצען, שפרינגען בארפיסערהיים נאך א רעגען אין דיא קאליזשעס און זינגעןביידע, האלטענדיג זיך בייא דיא הענטליך, דאס בעקאנטע לידעל: „א זון מיט א רעגען, דיא כלה איז געלעגען. וואס האט זיא געהאט? א יונגעלע. ווי צזוי האט עס געהייסען? משה׳לע, וואו האט מען עס געווינט? אין א ווינעלע. וואו האט מען עס בעגראבען? אין א גריבעלע.״—ביילע פלעגט א מאל אין שפאס אנשטאט משה׳לע זאגען: „הערשעלע״, און הערשעלע פון זיין זייט האט אנשטאט „דיא כלה״ געזאגט אויף קאטאוועס: „ביילעניו״ .... ביילע פלעגט קענען דער־צעהלען מעשיות פון גזלנים, מכשפים, מכשפה׳טעס און פון א רב מיט א רביצין. הערשעלע פלעגט אויסהערען איהרע מעשיות, קוקענדיג איהר אין טויל אריין מיט גרויס פארגניגען און נארנישם. — ביילע איז פאר איהם געווען דאס איינענע וואס

פייסיק, סאָמיל און נאָך אנדערע חברים. נאָר שפּעטער אביסיל, אז הערשעלע איז שוין א גמרא־יונגעל, הויבט ער פּלוצלים, פון דער העכער הויט, אָן פאַר איהר זיך צו שעהמען, אליין נישט רעכט צו־וויסען פאַר וואָס, פאַר ווען? נארנישט, גלאט אזוי, ער שעהמט זיך!... ער האט צו־גלייכער צייט זיך נעשעהמט, אויך מאַקי שטארק חשק געהאט צו איהר, חאָטש פון־דערווייטענס אָנצוקוקען זיא. און ווען ס'איז אמאל אויסגעקומען צונויפקוטען זיך מיט איהר אין איינעם, פלעגט ער רויט ווערען און אראפּלאָזען דיא אויגען. זיא האט אויף איהם קוקענדיג, אויך אָנגעהויבען זיך צו שעהמען און ביידע האבען געזוכט איינער דעם אנדערען וויא מעגליך אויסצומיידען. נאָר וואס מעהר ער האט זיא אויסגעמידען, האט איהם אלץ מעהר דאס הארץ זיינס צו איהר געצויגען. איהר קוק האט איהם ליעבליך געקלונגען אין דיא אויערען. איהרס א וואָרט פון־דער־ווייטענס איז איהם זיך צוגאנגען אין אלע אברים. קיין בעסערע, קיין שעהנערע פון איהר, האט זיך איהם געדאכט, איז אויף דער גאנצער וועלט נישטאָ. ער האט שוין געוואוסט דענסטמאָל פונ'ם לעהרנע', אז קוקען אויף איין אשה און טראכטען פון איהר, איז א גרויסע עבורה. נאָר וויל ער האט עס געוואוסט, דעריבער טאַקי האט זיך איהם ערשט געגלוסט; וויל ער האט געלעהרענט, אז דאס איז איין עבורה, דעריבער טאַקי האט עס איהם, וויא אויף צו להכעיס, שטארק געצויגען דווקא אויף ביילע'ן צו קוקען, און וויל דאס איז געווען א געהאַפּטער קוק בגנבה, נישט גאַנץ פרייא, וויא פריהער, דעריבער האט ער טאַקי עפּיס געטראכט... געטראכט און זיך געשעהמט. — אז הערשעלע האט, רייבענדיג זיך צווישען קאַבצאַנסקער לייט, איבערגענומען בייא זייא דעם שטייגער פון ווינשען איינ־איינעם מיט דער מעשה פונ'ם ווינשפינגעריל, האט ער זיך געווינשען א בת־מלכה, דאס הייסט — ביילען.

דאס ווינשעניש אין קאַבצאַנסק איז געווען איינע פון דיא גאַנץ געוועהנטליכע בעשעפטיגונגען, צו אונטערהאלטען זיך און פארברייגען דערמיט אביסיל דיא צייט — א בעשעפטיגונג, וואס איז געקומען פונ'ם שטענדיגען ליידען מאַנגעל אין דיא נייטיגסטע בעדערפעניש'ן און פונ'ם ליידיג זיטצען אָהן פרנסה. אזוי ליגט שוין בטבע פונ'ם מענשען: „דאס וואס געהט אָפּ, נעהט נישט ארויס פונ'ם זין, מען באַגיט־ינגט זיך חאָטש מיט דעם טראכטען דאריין"... „האָפנונג און ווינשעניש איז דער גויטס מלאכה, דאס משוגע זיין איז פאר וואוילטיג און הצלחה." אזעלכע גרויסע בריות אין דעם ווינשען, וויא קאַבצאַנסקער יורען, זיינען נישטאָ אויף דער גאנצער וועלט: פרייע, ליידיגע צייט האבען זייא גענוג, און צרות

זיינען זייא, ברוך־השם, אויך נישט ןשעדנע, היינט וואָס־זשע איז דאָ פאר אזא ווינדער, אז אין דעם ענין הווינשטניש האבען זייא דערגרייכט אזא הויכע מדרגה מעהר פון אלע לייט אויף דער ערד! וואס נאָר עפּיס א שמיעס איז בייא דיא ק א ב צ א נ ס ק ע ר באלד א ווינשעניש. לאָמיר אָנחאפּען למשל דאס א שטיינער; שמיעסענדיג פונ׳ם ים אוקיונוס קען זיך איינער פארגינען צרווינשען: אזוי פיל געלד זאָל איך האבען, וויפיל זאמד אויפ׳ן ברעג זיינעם ארום און ארום!—עט, מאכט דער צווייטער, דער גאנצער ים זאָל זיין טינט און איך זאָל האבען אזוי פיל, וויפיל מען וואָלט מיט דעם טינט געקענט אָפּחתמ׳נען טראטעס, איטליכע אויף טויזענט קערבליך!... און איך, ווינשט דער דריטער, אויפהייבענדיג מיט א זיפצעלע דיא אויגען צום הימעל:ביידע זאָלט איהר שטארבען, רבוני של עולם, און איך אליין זאָל אייך ירשה׳נען! . . . גוט צוברייננען פלעגט מען געוועהנטליך דיא זומערדיגע ליכטיגע אָווענטען. עס וועט גאנץ גענוג זיין אויסצומאָהלען דאָ א קאַרטינקע פון איין אָווענט אזעלכען:

אין דיא הייזער ברענט נישט קיין ליכט. טהיר און טויער זיינען אָפען. מען עסט וועטשערע פאר דער לבנה. נאך דער וועטשערע שיטען זיך, וויא דיא מורעשקעס, ארויס פון דיא הייזער: מאנסבילין אָהן קאפּאָטעס, אין דיא איינע טלית־קטנ׳ס, ווייבער צושפּילעט, נאָר אין דיא אונטערשטע קליידליך, קינדער אויסגעטהאָן האלב־נאקעט. שכנים א גאנצע קופּה לייגען זיך אויס אין דרויסען, יונג און אלט, קינד און קייט, אלע אין איינעם. גילדענע פאסען פון דער לבנה שלאָגען זיך דורך ערניץ צווישען דעכליך, ציהען זיך איבער קעפּ, איבער פיס אין דער קופּה מענשען, קריכען ווייטער, ווייטער, טאנצענדיג אויף ווענט, אויף פּלייטען און ווייזען אָן דאָ א קאטץ, וואס דראפּעט זיך, ניסטערט אויף א דאך, דאָרט קיה אויסגעשטרעקט אויף דער גאס, מעלה־גרה׳ן, אונטערשמייסענדיג זיך פאמעליך מיט דיא ווידלען און קייכען, זיפצען מיט א חריפ, עפּיס וויא פונ׳ם בויך. — דיא ערשטע עטליכע מינוט איז איטליכער בעשעפטיגט מיט זיך, מען געניצט, סלוקערצט, מען טרייבט פלעה און מען קראצט זיך. ווייבער הויבען דערווייל אָן דעם שמיעס וועגען דער היינטיגער וועטשערע, איטליכע מיט איהרס: בייא ד ע ר, זיינען דיא שטשיפּקעס בעטאמט געווען אזוי, אז דער מלכות האט עס געמענט עסען, בייא י ע נ ע ר איז דער ארבעס צוקאָכט געווען ווייך, וויא מארך, אז מען האט געלעקט דיא פינגער. איינע דערצעהלט דאס גרויסע גליק, וואס זיא האט געטראָפען: פאר א גראָשען האט זיא געהאנדעלט אין מארק א מציאה — א רעטיך גרויס, וויא דער קאָפּ, פון וועלכען מען האט גענוג גענעסען אין דער פריה, אויך אצינד אויף

דער נאַכט און ס׳איז נאָך איבערגעבליבען א היבשער שטיק אויף מאָרגען, מען זאָל לעבען און געזונט זיין! אלע רעדען הויך אויף אלערלייא דינגע, קוויטשעדיגע קולות. דיא מאַנען ברומען לעת־עתה אונטער, מישען זיך אריין נאָר, וויא פון יוצא װעגען, גלאַט אזוי מיט א וואָרט. זייא לייגען זיך דערנאָך מיט דעם בויך ארויף און, פאַר־קוקענדיג זיך אויף דעם אויסגעשטערנטען בלויען הימעל, נעהמט מען זיך געשמאַק שמיעסין, וואס טהוט זיך אזוינס דאָרט אויבען. דיא לבנה ווייזט זיך אויפ׳ן אָרט, וואו דער עולם ליגט; מען קוקט אין איהר אָן דיא ליכטיגע צורה פון יהושע און איטליכער מאַכט: אוי, א נאָז מיט אויגען! . . . איציק און בעריל, וואס האַלטען זיך פאַר שטיקליך שטערנזעהער, הקרנים, טייטען מיט פינגער אויף דעם „אלף בית“ פון דיא שטערען און האַמפּערען זיך װעגען דעם „תיו“ און „חית“. דער איבעריגער עולם טהוט צוליעב זייא ביידע. איטליכען פון דיא צווייא הקרנים, וואס טייטעלט איהם מיט א פינגער, גיט מען געריכט, שווערענדיג זיך: יאָ, אמת טאַקי, איך זעה, זעה, וויא איך בין א יוד! — אי, אי! צושרייעט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט א יוד, עפּיס אזוי פיעל שטערען דאָרט, דאָרט איז דיא געפלעקטע, ווייסליכע פאַסען, אָנגעזועצט וויא מאָהן! אזוי פיעל רענדליך ווינש איך מיר צר האבען . . . געהט שוין, געהט! מאַכט דער אנדערער, איך לאָז פאַר װעלוועלער, פאַר איטליכס שטערענדיל א קאָפּיקע. עס געפינען זיך בעלנים אויף נאָך װעלוועלער, צווייא, פינף, צעהן פאַר א גראָשען, און בשעת יודען טאָרגעווען זיך דאָ אזוי, רעכנען, צעהלען, לאָזען אראָפּ דיא מקחים און ווארפען דעם קורס פון דיא שטערען, זיצט דאָרט אין דער זייט איינער עפּיס א לץ, דרשה׳ט און זאָגט גלייכע ווערטליך. דיא ווייבער ארום איהם שרייען קלאָמפּערשט; פע, גענוג! פאַרשטעקענדיג זיך דיא אויערען, הערען זיך אָבער זעהר גוט צו און קייכען פאַר געלעכטער. . . קינדער זיצען אויף נישט ליידיג, קיטצלען זיך, דערלאַנגען איינער דעם אנדערען א קלאַפּ, א שנאָל אין דער נאָז הינטען ארום. דער פון דער נאָז טהוט א קוויטש, יענער פונ׳ם שנאָל מאַכט זיך צום תם, נעביך נאר א צדיק אין פעלץ און בייזערט זיך קלאָמפּערשט: שאַ, שאַ! מאַמעס שעלטען דיא קינדער, בענטשען זאָלען זייא הלוואי ווערען, און אַנב טאַקי זייא מכבד מיט א קניפּ. דיא טאַטעס ווארפען אוועק דיא טאָרגעס און פאַלען פלוצלים פונ׳ם הימעל אראָפּ אויף דער ערד. דעם האט א זשוק זיך אריינגעפּלאָנטערט, אין באָרד, יענעם — אין דיא פּאות, דעם דריטען קריכט עפּיס אונטער׳ן העמד דאָרט אויפ׳ן רוקען. א רויטע קוה, א פרעסערען, פון װעלכער עס האט זיך אָפּגעטהאָן דער שלאָף, פאַרקריכט, ביים שטשיפּען גראָז, אין דער זייט גאַס ביז צו דער גאַנצער עדה יודען, דרעהט זיך צו זייא אויס מיט

דעם הינטען מחילה און ביתרט זיך עפים אויף פע, נישט מיט דרך־ארץ. אלע זידלען זיא מיאוס אָפּ, טרייבען זיא און שרייען: היידא! און איין קול. זיא דרעהט זיך נעשווינד אויס פון יודישע הענד און לויפט אהין אין איהר רוה אריין. דערפון שפינט זיך עפים א לאנגער שמיעס: ווענען קוה איז דאס? וויפיעל מילך גיט דיא קוה? וויפיעל איז דיא קוה ווערטה? „שא, וויפיעל, מיינט איהר, יודען!“ טהוט פלוצלים איינער א פרעג: „זאָל ווערטה זיין דיא גאנצע ק א ב־ צ א נ ס ק ע ר טשערעדע, שוין מיט דיא צינען אין־איינעם?“ איינער שאצט עס אזוי פיעל, דער אנדערער — אזוי פיעל, דער דריטער ווינשט זיך דאס צו האבען, וויפיעל ס'איז ווערטה מעהר. איטליכען בעזונדער חאפט אָן א ווינשעניש און מען ווינשט, ווינשט, ביז דיא צונג ווערט מיעד ריידענדיג און מען הערט פון־דער־ ווייטענס, וויא איינער הראָפעט שוין אָהן עין־הרע געשמאק. דיא מאנען טרייבען דיא ווייבער: קומט שלאָפען! דיא ווייבער מיט זייער חן קוויינקלען זיך קלאָמפערשט: עס גלוסט זיך זייא גאָר ניט געהען אין בעט אריין און וואָלטען דיא גאנצע נאכט גערען דאָ, אין דרויסען, געשלאָפען. א יונג פּאָר פאָלק געהט אוועק באלד טאקי, דיא איבעריגע מאכען שיהות, דיננען זיך, ביז פון ערגיץ א ווינקעלע שפּרינגט אַרויס פלוצלים א ציג, וועלכע א פּאָר ווייסע־חברה'ניקעס האבען איבער־ נעשראָקען, אונטערגנבה'נענדיג זיך שטילערהייט צו איהר אויף דער פריזבע דאָרט; זייא נאך איהר און זיא אין גרויס איילעניש, יאָגעניש, פּומץ אריין צווישען דער קופּה יודען. עס ווערט א מהומה, א קאָכעניש, מען גיט זיך א הייב אויף ניך און, בטלנ'דיג חלומות, צולויפט מען זיך נעשווינד, איינער נאך דעם אנדערען; נישט צו זאָגען אפילו א גוטע נאכט! —

י.

אז דיא חיילינע תורה זאָגט: „יששכר חמור, יששכר איז איין אייזעל, גרם, א ברייטביינינער, רובץ, וואס הויערט, בין המשפתים, צווישען דיא געמארקען“, ווען נאכדעם, דאכט זיך, קיינעם שוין נישט פריקרע זיין דאס פארגלייכעניש פון א יודיש בר־מצוה יונגעל צו א לאָשאקיל ביים נעהמען עס צו דער ארבייט. — עס לויפט זיך א קליין לאָשאקיל הינטער דעם וואָגען, וועלכען דיא וויסטע מאמע זיינע, דיא שקאפע, שלעפט נעביך, איינרייסענדיג זיך דאס געזונד און חאפּענדיג הינטער־ ווייליכם א שמיטצעל, גאָרנישט, עס זאָל איהם דאס אָנהויבען צו ארען. עס לויפט זיך פרייא, יאָגט הענרום־פענרום, דרינעט מיט דיא פיסליך, מאנצט, שפּרינגט

האָץ־האָץ־האָץ לעבעדיג פרעהליך, פאררייסענדיג רעם ווידעל און האט הנאת פונ'ם לעבען. פּלוצלים טהוט מען איהם אָן א ציימיל, מען שפּאנט עס צו מיט א שטריקעל צו דער פאַרוואָגעלטער מאַמען. נעה בחור, גיט מען איהם שטארק אָנ־צוהערעניש מיט דער בייטש, נעה בחור, אויפ'ן דראָנזשיק! דאס הארץ רייסט קוקענדיג וויא יונגערהייט איז עס נעביך דערשלאָגען, וויא יונגערהייט גנהט עס בעטריבט, פאראומערט אין דעם שווערען יאָך. אין דער־ערד איז נעביך זיין קאָפּ, אז אָך און וועה צו זיינע יונגע יאָהרען!

אונזער הערשעלע ווערט בר־מצוה — א לאָשאקיל שוין מיט א ציימיל! זיין קעפּיל און זיין דאַר־קינדערש הענטיל נעביך זיינען געבונדען, גע־וויקעלט שטייף מיט רימענס, רצועות. דאס ערשטע מאל מאַכט ער דעם „לשם יחוד“ מיט לייב און לעבען און אלע זיינע קרעפטען צו זיין פון היינט אָן משעבד, איינגעשפּאנט אין דער עבודת הבורא...

„וארשתיך לי לעולם“ און איך האב דיך פארקנאַסט צו מיר אויף אייביג! זאָגט הערשעלע, ארומדרעהענדיג דיא רצועה אויפ'ן פינגער. א צווייטען־מאל א דרעה און ווייטער „וארשתיך“! א דריטען דרעה און ווידער „וארשתיך לי באמונה“ איך האב דיך פאַרקנאַסט צו מיר מיט דעם גלויבען „וידעת את ה'“ און דוא זאָלסט וויסען וואס פאר א נאָמ מיר האבען!...

— נענוג, הערשעלע, זיין א יונגעל! דערמאָהנען איהם אויף דיא עלטערען מיט א מוכר. אויס פרייא! שוין צייט צו זאָרגען, צייט אין זינען צו האבען עפּיס תכלית־זאַכען... קום, לאָשאקיל, אויפ'ן דראָנזשיק, קום שלעפּען דעם יאָך, קריעת רייסען אויף דעם שטיקעל ברויט, פאַרשווארצט ווערען מיט אונז אין איינעם!

צווייא מאל מזל־טוב דיר, קאַבצאַנסקער אָרעם בר־מצוה בחור'ל!— מזל־טוב דיר מיט דעם „עול עבדה“ מיט דעם יאָך פון עבודת הבורא! און מזל־טוב דיר אויך מיט דעם „עול דרך ארץ“ מיט דעם יאָך פון דער ביטערער פּרנסה אין דעם וויסטען לעבען! געזעגען זיך אָפּ מיט דיינע יונגע יאָהרען — דוא ביסט געבונדען! האב מורא פרייא דעם קאָפּ אויפצר־הייבען — ס'איז איין עבורה, מען טאָהר נישט!.. זאָרג, זיפץ, קרעכץ און לאָז דיר דארען, טריקענען דער מוח...

און אַזוי וויא הערשעלע האט געהאט א שיין קוויטשיש קול'כען האט דער טאַטע דרינגען געזוכט דעם תכלית, געוואָלט דערפון מאַכען א פּרנסה —

דאס זוהנדיל זאָל איהם אונטערהאַלטען ימים־נוראים דאָרט אין דעם גלופסקער קלייזיל, וואו ער איז שוין היבשע עטליכע יאָהר כסדר געווען א בעל־תפלה. בר־מצוה איז הערשעלע געוואָרען נאך שבת־נחמו, פונקט טאקי אין דער צייט, ווען בעלי־תפלות הויבען אָן זיך צונרייטען צום דאווגען, ווען זייא שטעלען די־א „כלי", פריווען דעם האלז, פארהערען זיך אין שטיינער; ווען עס לאָזט זיך אין די־א אָוועגטען הערען, ווייט אויף דער גאס, שטיקליך פון דער ראש־השנה'דינער „שמונה־עשרה" אויף וויינענדינע, טרויעריגע נגונים.

נישט דער סאָלאָווייטשיק, דער זיסער וואלד־זינגער פאר א וועלט מענשען, נישט ער איז דער משורר פאר יודישע קינדער; נישט פאר זייא שפיעלט ער זיינע שיינע לידער וועסנע־צייט אין „ספירה", אויפוועקענדיג דערמיט אין לייטישע הערצער געשמאקע געפיהלען פון ליעבשאפט — ניין! דעם יודענס סאָ־לאָווייטשיק איז דער בעל־תפלה, געפיהלען פון ליעבשאפט וועקט ער אין איהם אויף מיט דעם וואונדער־שיינעם „אתה זוכר" און זיסע ליעבליכע ווערטער פון די־א הייליגע נביאים. דעם יודענס ליעבשאפט איז געטליך ריין, האט נישט, וויא נאָט, קיין בילד, קיין געשטאלט, ער ברענט, ער איז פארקאָכט, ציהעט זיך פאר גרויס חשק מיט אלע זיינע געדאנקען אהין, אהין — צו דער הייליגער שכינה דאָרט אין הימעל...

„כה אָמר ה'!" אזוי זאָגט גאָט, שרייעט אויס הויך אויף א קול דער בעל־תפלה: „זכרתי לך חסד נעוריך", אוי געדיינק איך דיר, כנסת ישראל, דאס גוטס־קייט דיינס אין דער יוגענד, אהבת כלולותיך, די־א ליעבשאפט דיינע כלה'ווייס, לכתך אחרי במדבר, דיין שפאצירען־געהען מיט מיר אין דער מדבר, בארץ לא זרועה, ערגיץ אין א העק עפּיס דאָרט. — עס גיט דעם יודען א בריה, א צופּ ביים הארצען, ער צאפּעלט, פלאַטערט, שטרעקט אויס די־א הענד מיט א הייס געבעט טיעף פון דער נשמה: אי־אי־גאָטוניו, ליעבער, זיסער, רבותי־של עולם! —

און איידער נאך ער קומט צו זיך צו יאַחמערט זיך דער בעל־תפלה, צוגיסט זיך און לאָזט ארויס אין זיסע ריהרענדיגע שטיינער: „הבן יקיר לי אפרים, א טהייער־זוהנדיל, איז מיר אפרים לעב, אם ילד שעשועים, א קינד־א טרייסט, כי מדי דברי בו, ווען איך רעד פון איהם, זכור אזכרנו עוד, קומט ער מיר אויפ'ן זינען אלץ מעהר. על כן המו מעי לו, דאס הארץ נעהט מיר אויס נאך איהם, רחם ארחמנו נאם ה', א גאָט'ס רחמנות נעביך אויף איהם". — מיין יודעלע שטעבּט זיך אין די־א איינעניך טרעהרען, מאכט פּיסקעליך וויא א קינד, עס ווייגט

אין איהם דאס הערצעלע און פּיסטעט זיך: אוי, טאַטעניו! היילינ, ליעבהאַרצ׳ריג, נעטרייא פאַטעריל!..

דאַריבער פערזאַמלען זיך, וויא דיא בינען אז דערשטעקען ערגיץ האָניג, רעדליך יודען הינטער דיא פענסטער פון לייזער־יאַנקיל׳ס שטוב, וואו ער ארבייט נעשמאַק אין „ונתנה תוקף“ און נאך אזעלכע גוטע שטיקליך. לייזער־יאַנקיל זעטצט ווערטער, צוגיסט זיך אויפ׳ן העלזעלע אין שטיינער, איבערנעהענדיג פון דער געמבע אין א בייא־קול און הערשעלע ענטפערט איהם אָפּ אויף א קוויטש.ביידע האָרעווען, נעהען אָפּ מיט שוויים, קולות אלערלייא פליהען — דאס פון איטליכען בעזונדער, איינער נאכ׳ן אנדערען כסדר און דאס אויסגעמישט אין־איינעם, דרעהעליך מיט א צוק אהער און אהין, דער א קוועטש אראָפּ, ברומענדיג מיט א פרענ אויף דער גראָבער סטרינע, יענער א הייב פון אונטען ארויף, אויסקוויטשענדיג איין ענטפער אויפ׳ן נליינקיל. דיא העלזליך ארבייטען בים־באָם־בים — און יודען הינטער דיא פענסטער זיינען זיך מחיה הערענדיג.

אזוי סנאַקט דער קאַבצאַנסקער סאָלאָווייטשיק, שפּיעלט זיינע טרויערדיגע־זיסע נגונים אין דיא אָוועגטען ביז א פּאָר טעג פאר סליחות, וואס דענסטמאָל ווערט ער אנשווינען און קלייבט זיך אין ווענ אריין אין איין צייט מיט דיא שוועלבעליך און אלע אַנדערע זומער־פייגעליך. זייא אהין, ערגיץ אין דיא ווייטע, ווארעמע לענדער און ער מיט הערשעלען קיין נלופּסק, דאָרט אין קלייזיל...

שאַ, שטיל איז סליחות־צייט אין דעם וואלד, וויא אין קאַבצאַנסק שבת, ווען דער עולם שלאָפט נאך מיטאג און דאס שטיקקייט דאָרט ווארפט אָן א מרה־שחורה. דיא ביימער שטעהען עפּיס פּארטראַכט, פאַרזאָרגט, נאר נישט דאס פנים, דאס נעשטאַלט וואס פריהער. זייער שאָקלען מיט דיא צווייגען — דאס איז א ברעכען מיט דיא הענד, זייער זשומען — דאס איז א ביטערער יאָמער, א זיפצען, א קרעכצען פון א נעטרייער מוטער, וואס בלייבט איבער אליין נאכדעם וויא איהרע קינדער צופאָהרען זיך אין אלע זייטען. דאָרט וואו עס האט ערשט געלעבט, זיך נערעשט, געזונגען, געשפּרונגען אין איטליכס ווינקעלע, איז אצינד שטיל־רוהיג, וויא אויף א בית־עולם. אלסדינג דאָרט דערמאָהנט אין דעם צו־שיידען זיך מיט דיא ליעבע טיעף אין הארצען איינגעבאַקענע. נישטאָ דאס פריהער־דיגע לעבעדיגקייט, דאס פרישקייט און אויפגערייטקייט, אלסדינג שטעהט עפּיס וויא ברוגז, זעהר אומעטיג. דער הימעל קוקט אויך נישט פריינדליך און איז עפּיס

שטאַרק אָנגעבלאָזען. וויסט איז דיא נעסט — דיא פייגעליך זיינען זיך צושלרינגען... פאַרזאָרגט, פאַרטראַכט שטעהט דער וואַלד, גלייך וויא ער פיהלט, אַז דאס אויפהייבען זיך און אוועקפליהען פון זיינע שפּיעל־פייגעליך בעווייזט נישט אייף קיין גוטס. ער טענ זיך ריכטען, אַז באַלד־באַלד וועט זיך אָנרוקען אויף איהם א חמאַרע — דער ווינטער מיט זיינע ביטערע קעלטען. און ער איז אצינד דערייבער פאַראומערט, שטאַרק בעטריבט.

שאַ, שטיל, וויא סליחות־צייט אין דעם וואַלד, איז אצינד אויך אין קאַבצאַנסק. מיט לייזער־יאַנקיל׳ס ריהרען זיך, האָט זיך אויך געריהרט אפשר א האַלב שטעדטיל. ס׳איז אַוועק קיין גלופּסק, וויא געוועהנטליך, א טראַנספּאָרט מיט אַלע סאָרטען לעבעדיגער סחורה, זוכען אין גלופּסק דאס שטיקעל פּרנסה.

קאַבצאַנסק האָט געשפּירט דיא ביטערע צייט, עס געהט אויף דעם עולם דער ווינטער מיט אַלע זיינע בעדערפעניששען: הייצונג, א שוך, א קלייד, און טאַקי עפּיס עסען אויך. נישטאָ דער זומער, ווען מען קומט איבער עטוואָס מיט גרינוואַרג און פּטר׳ט אָפּ דאס לעבען וויא־עס־איז מיט שהי־פּתי, מיט א רעטיכיל, א גרין אוגערקעלע, מיט א קנאָבעל, א ציבעלע, אבי פאַרשטאָפּען דעם מאָגען, אויסשטיהען איהם דעם בלבול וועגען דער אכילה. . . און דער גוטער אַלמעכטיגער גאָט, וואס דערנעהרט אַלע זיינע באַשעפעניש, פוג׳ט גרויסען חיזיל־טהיר ביז צום קליין ווערמיל אין איי, ער מוטה עס בעצייטענס אין דיא זומער־פייגעליך: פליהט זוכען אייער שפּייז אַהין אין דיא וואַרעמע לענדער — און איהר קאַבצאַנסקער יודען: שלעפּט זיך, אָרטענקע יודעליך, זוכען אייער פּרנסה אין דער פרעמד, דאָרט אין גלופּסק!

## יא.

מען בעדאַרף וויסען וואס הייסט אַזוינס בייא א יונגעל פאָהרען, בכדי צו פאַרשטעהען העַרשעלעס האַרץ ביים קלייבען זיך אין וועג אריין. גליקליכער פון איהם איז אויף דער גאַנצער וועלט נישט געוועזען אין דעם טאָג, ווען ער האָט זיך צוגעגרייט פאָהרען דאס ערשטע מאָל אין זיין לעבען אין א פרעמדער שטאָדט אין־איינעם מיט דיא עלטערען. לייזער־יאַנקיליכע האָט זיך אויך גאָכגעשלעפּט. געהייסען האָט עס, זיא פאָהרט אויף קבר־אָבות, נאָר באמת האָט עס געשמעקט מיט א געשעפטיל, אויך מיט אָנקוקען דאַכט־זיך עפּיס א

חתן, פאר ציפע־סאָסיען אָדער פאר עמיצען אנדערש — דאס איז שוין איהר זאך, קיינעמס עסק נישט. און בכדי אויסצושלאָגען דיא הוצאות האט זיא מיט־געפיהרט אביסעל סחורה, אָפצוזעטצען עס אין גלייכען געלט דאָרט, אין גלופסק. אונזער הערשעלען האט זיך געדאכט, אז גלופסק איז ערגיץ אין עק וועלט, עפּיס לעבין דיא הרי־חושך, וואו דער היטעל לאָזט זיך אראָפּ, און דער טאָג פאָהרען אהינצו וועט זיך ציהען לאנג, זיך נאר נים אויס־לאָזען.

עס פערשטעהט זיך, אז מיט א נאכט פריהער האט הערשעלע קיין אויג נישט געקענט צו מאכען, זיך געוואָרפען אויף זיין געלעגער פון איין זייט אויף דער אנדערער, טראכטענדיג אלץ פונ׳ם גרויסען גליק, וואס איהם שטעהט פיר. עס האט איהם זיך געדאכט וויא גאנץ גלופסק שטעהט אצינד און קוקט ארויס אויף זיין טאטען, אלע אין איין קול: וואו איז ער, ר׳ לייזער־יאנקיל? ווען קומט ער, ר׳ לייזער־יאנקיל? א מעשה, א מעשה! נאך אין נישטאָ ר׳ לייזער־יאנקיל! און פּלוצלים ווערט א גרויס פרייד, א גדולה—ר׳ לייזער־יאנקיל פאָהרט! ר׳ לייזער־יאנקיל איז שוין געקומען! ער איז נישט אליין, ער האט מיטגעבראכט אויך זיין בחור׳ל, א כלי־שלמה! עס איז א צונויפלויפעניש, איין ערד־טרעטעניש, מען שלאָגט זיך איבער דעם טאטען מיט דעם קינד, איטליכער רייסט זייא צו זיך אויף אכסניא, אויף ווארמעס, אויף א קערמישיל. מען טייט אויף זייא פון דערווייטען מ׳ט דיא פינגער: אָט זיינען זייא, אָט געהען זייא, ר׳ לייזער־יאנקיל מיט זיין בחיר׳ל! זייא שטעלען־אויס א שטיקעל דאווגען, א „געריצך״, זינגען א מארש, א וואָלעביל, פערבייסען מיט א קליוואנער בעטלער — און דער עולם ווערט מ׳שוגע, שפּרינגט אויס דער הויט הערענדיג אזוינס.

קוים וואס הערשעלע האט דערלעבט טאָג, איז ער געשווינד אויפ־געשטאנען, אָפּגעגאָסען נעגעל־וואסער, געחאפּט דאס תפילין־זעקעלע, דורך וועלכען דאס מזל זיינס איז איהם אזוי דערהויבט געוואָרען, און געלאָפען אין בית־מדרש, אין דער ניך אָפּדאווגען. אויסער דעם האט ער טאַקי נאך געהאט עטליכע נייטיגע געשעפטליך, וועלכע ער האט בעדארפט פאר׳ן אוועקפאָהרען מיט זיינע חברים דאָרט אָפּארבייטען. דיא חברים זיינען אויך בעצייטענס געקומען אין בית־מדרש אריין, ווייל דער חודש־אלול, וויא איטליכען איז בעקאנט, איז איבערהויפּט א צייט, ווען פאר יונגליך שטעלט זיך דער גרויסער יריד און אבי געזונט, מיט ארבייט האט מען ניט צו זאָרגען, געשעפטען זיינען ברוך־השם דאָ איבער׳ן קאָפּ: מען

בעדארף דערטאפפען מיט קונצען דעם שופר און זיך פריווען בלאָזען הינטערוויילכס דאָרט אין דער ווייבערשער שוהל; דערבייא מוז מען פיהרען דיא גאַנצע תכסיסי מלחמה מיט דעם שמש, וואס ער איז דענסטמאָל דערצאָרענט און בייז וויא צעהן רוחות. אויך בעדארף מען זיין אויפ'ן היילינגען אָרט, אויפ'ן פעלד, ס'איז דאָך דאָרטען עפּיס דאָ א בוים מיט בלינדרי־בארליך. הײנט איז דאָך אויף דער וועלט עפּיס אויך דאָ א וועלדיל מיט ניס־ביימער, ערשט צייטיג געוואָרענע, מען מוז נעהען רייסען, אָנשטופּען פולע פּליודערען. געלויבט איז גאָט, וואס אונטער אזא צייט מיט אזוי פיעל וויכטיגע געשעפטען איז מען נאָך חאָטש פרייא, פטור פון לערנען — דיא מלמדים לויפען דענסטמאָהל, נעהען צו קינד, קוואָקען אויף א קנעלונג און „בוטצקען" זיך און בייסען זיך פאר דיא נעז געביך. הערשעלע האט געקוקט שטאָלץ אויף זיינע חברים אָרום איהם אין פּאָליש פונ'ם בית־המדרש, טראַכטענדיג בייא זיך: אויך מיר מענשען, מישטעהנס־געזאָנט, זייא בלייבען דאָ און איך — איך פּאָהר! מען זאָל איהם דענסטמאָל געוועזען זאָגען א שטיינער: הערשעלע! דער פּריץ שענקט דיר דאס גאַנצע שטעדטיל קאבצאנסק מיט זיין שלאָס, אבי בלייב דאָ, פאָהר נישט, וואָלט ער געשפּיגען קלעק און נישט געוואָלט אפילו הערען. — ער געזעגענט זיך מיט חברה און לאָזט זיך נעהען לע־בעדיג, פרעהליך.

א טאָג איז דענסטמאל געווען זעהר א שיינער, וויא עס נים זיך אוים אמאל אין אלול איינער פון דיא געשייקטע טעג. נאָך גאַנץ פריה האט פון איהר געצעלט דאָרט ביים עק הימעל ארוים געשיינט דיא זון מיט איהר ליכטיג פּנים און, צוטרייבענדיג ביסליכוויים דעם פריש־קיהלבליבען טומאן, זיך געשפּיגעלט אין דיא טויא־טראָפּענס, וואס האבען געפינקעלט, געשפּיעלט אין אלערלייא קאָלירען וויא דיא בריליאנטען. דיא שאטענס רוקען זיך מיט דרך־ארץ טריט־בייא־טריט אלץ צוריק און וואס ווייטער, ווייטער ווערט העלער און העלער. פרעהליך שווישצען דיא וואָראָביטשיקעס, אונטערשפּרינגענדיג מיט דיא דינע פיסליך אויף דיא דעכער, אויף דיא פּליימען, דאס — צונויפלויפען זייא זיך פּעקליכוויים אין־איינעם, עפּיס האמפּערט מען זיך איבער א קערנדיל, עפּיס שמ׳עסט דאָ קהל איבער וועגען זייערס א וויכטיגע זאך און דאס — צלויפען זייא זיך אין בעזונדערע פּאָרליך, טאנצטענדיג איטליכער אקעגען זיין בעשעהרטער, ווימען זיך, האלזען זיך, ליובען זיך, צאפּלען, פלאטערען מיט דיא פלינעליך — און פּיק, פּיק אין קעפּיל . . . מעקענדיג לויפען ראפּטאָם ציגען פון אלע געסליך אהין, וואו עס פּארקלייבט זיך דיא טשערעדע, פון דאָרט נעהט זיא אויפ'ן גאַנצען טאָג אוועק אין פעלד אריין, דיא פּארשייטע

צינען, דיא שקצים שפרינגען רעשענדיג פאררוסען דיא ווידעליך העט פאראוס, דיא קיה ריהרען זיך פאמעליך מיט סטאטיק, נישט געאיילט, צוניינענדיג מיט דיא קעפליך, וויא פיינע בעלי־הבית׳טעס, רוהיג שטיל, נאר עטליכע פארדרעהען אהינטען דיא קעפ און לאזען ארויס וויא פון א צעשפאלטענעם שופר א הייזערינגען, א קיה׳ע׳ש־נארישען „מע“ גלאט אזוי זיך א גרוס נאר פריינטליך דעם גאנצען שטעדטיל יודען, אדער „א זייא געזונט“ דיא פארבליבענע קעלבליך. שאקלענדיג זיך פון איין זייט אויף דער אנדערער פיהרט דער גאנער זיין גאנץ געזינדעל יונגע גענזליך, וואס ערשט אריין אין דיא פעדערען, בלאזט פון זיך א שרעק, גאגאטשעט, שטרעקט דעם האלז, פארווארפענדיג מיטען קעפיל און לאזט זיך מיט דער קאמ־פאניע אראפ אהין צום וואסער. — דער טאג איז שיין, ליכטיג וויא הערשעלען אויפ׳ן הארצען. הערשעלע שפילעט־אויף נעהענדיג דאס קאפאטקעלע, שטרעקט אויס דיא הענד חאפען דיא לאנגע שנייא־ווייסע פעדים, וואס טראגען זיך ארום אין דער לופט וויא דינע פיאטינע, פארקוקט זיך אויך אויף דיא טויבען, וואס שוועבען, דרעהען זיך העט אין דער הויך מיט אויסגעשפרייטע פלינעליך, ריין־קלאהר גלאנצענדינע, גאלד און זילבער — און ער האט הנאה, ס׳איז איהם עפיס גוט, גרינג אויף דער נשמה. ער פיהלט, אז היינט איז ער גליקליך. דיא געשעפטען זיינע האט ער געלויבט איז גאט, אפגעארבייט נאך בעסער וויא געווינשען. ער איז פרייא, ער פאהרט. ס׳איז יום־טוב׳דיג גוט ארום און ארום. רבוני של עולם! טראכט ער — און דיא אויגען בענעטצען זיך איהם פאר פיעל פרייד — איך דאנק דיר און לויב דיר פאר דיינע חסדים. נו, מען בעדארף זיך נעהמען צו דיין דיענסט: פרום זיין, לעהרנען, דאווענען געשמאק — זיין א יוד. נעהענדיג אזוי אויפגערייסט, שטארק צופריעדען מיט א הארץ פול פרייד, קומט איהם פלוצלים צו דיא אויגען דאס טהייערע געשטאלט, דיא ליכטיגע צורה פון ביילען.

ביילע איז זיך געשטאנען לעבען דער פריזבע בייא איהר שטוב, וואו זיא האט ארויסגעשטעלט טריקענען דאס צרוואשענע געפעס און אויסגעהאנגען אויף א שטריקעל עטליכע איבערגעשווינקטע שטיקלעך גרעט. זיא איז געוועזען נאך נישט אנגעטהאן, נאר אין איין אונטערשט קליידיל, פון הינטען פארשטעקט, בארפיס. דיא ארבעל פונ׳ם העמד וויים פארקאטשעט אויף דיא פולעטשקע, דיקע ארעמס ביז איבער דיא איילענבויגענס. דער בוזים אביסיל אפען, דער גאנצער האלז, מחילה, אין דרויסען און דיא האר צופאטעלט, וויא געוועהנליך א בריה א מיידיל פריהמארגען.

אונזער הערשעלע שטארק אויפגערייסט, שמחת־תורה׳דיג, לויפט

צו אין גרויס חדוה האסטיג צו זיין בת־מלכה, פרעגט איהם בחרם וויא אזוי דאס איז געשעהען, עפּיס נאָר טאקי וויא דער גוטער יאָהר וואָלט איהם פון הינטען צו איהר א שטופּ געטהאָן. ער געזעגענט זיך מיט איהר, געהמענדיג זיא בייא דער האנד, וויא זיא וואָלט געווען א מאנכפּארשוין, און רעדט עפּיס פּאר פּייער, פּאר וואסער, נישט רעכט צו געדיינקען וואס. ב י י ל ע בלייבט פּארגאפּט, ווייסט נישט וואס צו טהאָן. און אז דיא ערשטע היטץ איז אריבער לאָזט ה ע ר ש ע ל ע אָפּ ב י י ל ע ס האנד, מאכענדיג, נאך אלץ נישט רעכט ביים זינען, מיט א נארעש געלעכטעריל: הע... בייא א מיידיל דיא האנד!... א יודענע, הע, שלום עליכם!... נאָר וויא ער קומט באלד אין גאנצען צו דיא געדאנקען נעהמט איהם אָפּ דאס לשון, ער ווערט רויט און בלייך. ב י י ל ע שטיקט זיך שטילערהייט פּאר געלעכטער מיט אראָפּגעלאָזענע אויגען, אוועקרוקען זיך אין דער זייט, און ה ע ר ש ע ל ע טראָגט זיך אָפּ געשווינד וויא א גנב.

ה ע ר ש ע ל ע איז געווען עפּיס נאר צודרעהט, בייא זיך אין הארצען מיאום אראָפּגעפאלען. סטייטש, וואס האט ער געטהאָן!... ערשט זאָגט ער צו, דעם רבוני של עולם צו דיענען, זיין א יוד—און פּלוצים אזא מעשה, אזוינס „איהם" אָפּצוטהאָן!... פּע! — ער שפּייעט, קראצט זיך פּאר פּארדראָס אין דער פּאָה און מאכט נא־נא!...

יב.

אז ער איז געקומען א היים האט ער געחאפּט א שטיקעל פּסק, פּאר וואָס ער האט זיך עפּיס אזוי געזאמט. דער טאטע איז שוין געווען אָנגעטהאָן אין דיא וועג־קליידער: א ציצען, אָפּגעבליאקעוועט חאלאטיל, דיא ארבעל און דיא פּאָלעס פון פאָרענט איינגעטונקט אין פעטע, פּארהארטעוועטע פלעקען פון אלערלייא מאכלים, אויסגעמי־זט מיט גרינגליבער טאבאקע און געגלאנצט עפּיס מיט א מיתה־משונה קאָליר, דער הינטען אויסגעריבען און ערטערוויים דאָרט קוקען ארויס שטיקליך סליאָטשע. אויפ׳ן קאָפּ עפּיס א מין אָפּגעפּאָהרען שטארק צוקנייטשט מיטצעל. נאָר דיא אלטע צעריסענע וועג־שיך מיט לאַטעס, וועלכע ער האט בעדארפט אָנטהאָן זיינען איהם דערוויייל אויף דיא פים נאך נישט געווען, מען האט זייא ערשט געזוכט און געפּריוועט מיט דער קאָטשערע ארויסשארען פון אונטער דער בעט. דאס הויזגעזינד האט געטאנצט ארום איהם, שטארק בעשעפטיגט מיט איינפּאקען דיא קליטקעס און ער איז געשטאנען אָנגעזאָטעלט וויא א פערדיל.

יא, נעביך טאקי א פערדיל, וואס האט בעדארפט שלעפען אויף זיך א שטוב מיט קינדער. איין מאל אין יאהר פלעגט ער מוזען זיך אזוי איינשפאנען, געהען אין וועג אריין, איינרייסען זיך דאס געזונט, ארבייטען אויף אלע כלים און פאר דער דאזיגער נסיעה איז אבגעהאנגען דאס לעבען פונ'ם הויזגעזינד דאס גאנצע יאהר... דעריבער האט זיך אין אזא טאג געווינט דיא גאנצע שטוב, אלע זיינען אויף געווען און לייזער־יאנקיל נעביך איז געשטאנען אנגעזאטעלט בלייך, פארטראכט מיט איין ערענסט פנים. — דיא מאמע איז געווען אנגעטהאן אין איהרע וועג־קליידער, עפיס מיני שמאטעס אזעלכע פון חמעלניצקעס צייטען, אין וועלכע זיא איז אויס־געקומען גרעבער, דיקער וויא שטענדיג און א מין טיכיל אנגערוקט אויפ'ן שטערן ביז איבער דיא אויגען. נאר הערשעלע אליין האט פארשפארט זיך איבער־צוטהאן. מעהר וויא דאס איינע קאפאטקעלע אויפ'ן לייב האט ער נישט געהאט. דיא מאמע האט איהם אפילו געהייסען איבערקעהרען דאס קאפאטקעלע אויף דער לינקער זייט, הערשעלע אבער האט איהר בעוויזען בעשיינפערליך, אז דער אונטערשלאק איז מיאוס פארשמירט, אויך צוהאקט, צופאלען און טאקי געבליבען בייא דאס זיינינע — פאהרען גאנץ פראסט וויא ער געהט, דערפאר האט ער שוין געמוזט צוליעב טהאן, נעהמען אויפ'ן קאפ דעם טאטענס איין אלט היטעל, עפיס א מין קאטערוכע, וועלכעס מען האט שוין לאנג געמענט מיט דעם חמץ פארברענען און ארומגארטלען זיך מיט א קרייקע.

אט אזוי אנגעטהאן וויא געהעריג, האבען אונזערע פארשוינען, נאכדעם וויא זייא האבען אין איילעניש עפיס איבערגעהאפט, זיך געזעגענט מיט דיא קינדער, געהאפט דיא קלימקעס און יאגענדיג אין איין אטהעם, פארשוויצט, פאר־סאפעט, פארדולט וויא אויף א בייזער מהומה, אזוי וויא דער שטיינער איז פון יודען ביים פאהרען, זיך צום סוף געריהרט מיט גאט'ס כח אין וועג אריין. —

אונזער הערשעלע דערצעהלט היינט אין פריידען זיין ערשטע נסיעה מיט דיא דאזיגע ווערטער:

„אויף א לאנגען וואגען אין דער הויך, האט דיא מאמע אנידערגעשטעלט א שטיינ מיט עופות און א קארב מיט אייער אין פאלאוע. דער וואגען איז אנגע־זעטצט געווען אייננ מיט פארשוינען, כמעט א פערטיל קאבצאנסק. דארט האבען זיך געפונען מיידליך, ווייבליך, וואס זיינען געפאהרען זיך שטעלען פאר דיענסטען און אמען, אויך אלערלייא סארטען יודען: שיינע יודען, כשר'ע יודען, מיט'ן פולען מויל יודען, ברענענדיגע יודען, צעבראכענע יודען, נידרענע־ארער יודען, נגאט יודען, אזוי־זיך יודען און אויף־מיר־יודען. ס'איז געווען א פארמישעניש, א

פארפלאָנטערניש, א פארבייטעניש מיט דיא פּיס און א צונויפשטיקעניש נאָר אומ־צוקומען. איך מיט דיא פארשוינען וואס אין דערמיט, האבען נעשוויצט, טאקי משונה נעשוויצט. דיא שיינע יורען האבען נעביך געשוויצט וויא א ביבער, דיא פּנימ׳ליך זייערע זיינען געווען אויסגעפּריעט וויא א ציטעס און אויב מען האט זיך נישט פארקיהלט איז נאָר דעריבער, ווייל דער וואָגען איז געווען בעלאנגערט פון דיא אויפנעהאפּטע פארשווינדליך, וואס זיינען אויף משקולת געשטאנען, נעזעסען מיט קונצען פון הינטען, בייא דיא זייטען, אויך אויף דער קעלניע, נישט צר־צולאָזען אויף דיא וואס אין וואָגען קיין פּיצעל לופטעלע. נאָר אין אָנהויב איז איטליכער נעזעסען ברוגז, עפּיס אָנגעדרודעלט, אונטערגעוואָרטשעט אויף דעם בעל־העגלה און בייס חאפּען א קלאפּ אין דיא קריזשעס, א קוועטש אין דער מאזאָליע פונ׳ם פינגער האט מען שטארק פארקרימענדיג זיך פארביסען מיט דיא ליפּען, מילא נוא־נוא. נאָר דערנאך איז מען געוואָרען שיין אביסיל הייטעשער, דרך־ארץ אין דער זייט, איינער דעם אנדערען בעט מחילה: רוקט זיך אביסיל! פון יענעמס א זעטץ טהוט מען א געשרייא. יודען זיינען נישט צופריעדען און קריעגען זיך. דיא מאמע האט אלץ נעפילדערט אויף א צעבראָכענעם יודען ער זאָל נישט צעברעכען איהר דיא אייער. דער טאטע האט נעהאלטען פארמאכט דאס מויל, איינגעוויקעלט דעם האלז מיט א שטיקעל פּעה, נישט צו פארלירען חלילה דאס קול. דיא פערד הויבען־אָן זיך אונטערפוילען, שלעפּען זיך פּאמעליך, טאכענדיג מיט דיא אויסגעקראָכענע ווידלען און דיא פארשוינען מאכען זיך הארץ, הויבען צווישען זיך אָן א שמיעס. דער ערל, עפּיס איין אָרמער, ערגיין אמאל געוועזענער עקאָנאָם, וואס דיא גאנצע צייט, זינט פונ׳ם אויפזעטצען זיך זיינעם אין וואָגען, איז ער געווען פארפאָפּען, נישט אויף דעם עולם — האט זיך לסוף אויפגעחאפּט שוין ניכטער, געקוקט וויא א נעכטינער אויף דער גאנצער קאָמפּאניע ארום איהם און זיך צוגעהערט צום שמיעס, וועלכער איז געווען פאר איהם טערקיש, פריווענדיג באלד טאקי אריין אין דער מיט אויך מיט א שמיעס, וואס איז ווידער פאר יודישע קינדער געווען תרגום. נאָר א יודיש סעפּיל בייסט איין תרגום אויך. אבי געחאפּט נאָר עפּיס, איין וואָרט פון צעהן, האבע זייא זיך שוין געשטויסען, נעדרינגען דאס איבעריגע מיט זייער אי נענעם שכל און זיך נעקלינט אלע אין־איינעם, נעבען דעם גראָבען פויערשען קאָפּ צו פאר־שטעהען זייער מיין מיט אלע מיני הסברות: אביסיל מיט אונזער לשון, אביסיל מיט זייער לשון, אביסיל מיט דיא הענד, אביסיל מיט דעם ווינק, א דרעה מיט דעם פינגער אויף א נגון. נישקשה, מען האט זיך פארשטאנען. עס האט זיך נעצויגען א שמיעס וועגען דעם, וואס בייא זייא, וועגען דעם מאנ

ביא אונז להבדיל. זיין נאמען איוואן איז אונזערער, מען האט עס גע־נומען פון להבדיל יוחנן. די אלע שבע חכמות זיינען גענומענע, אונזערע מען האט איהם אויך דערקלעהרט זעהר א וואוילען משל פונ׳ם מדרש, א גלייכווערטיל פון דער גמרא, קלאהר געמאכט איהם אין יודישע מנהגים מיט דעם שכל, וואס דרינען שטעקט. איוואן אפנים ער האט מודה געווען — עטליכע מאל האט ער אלץ אויסגעשריען: קוגעל, צימעס! און זיך דערביי בעלעקט. דיא וויבער האבען געקייכט פאר געלעכטער, געמאכט: צו זיין קאפ, צו זיין לעבען! קוקט איהם אן וויא ער בעלעקט זיך, ער האט ליעב אונזער קוגעל! עפים א יונגענדרט מיט א צוגעדעקטען קאפ. וואס פאהרט זיך שטעלען פאר איין אם, ברומט שטילערהייט אונטער פאר זיך א טרויעריג לידעל:

„אויפ׳ן הימעל לויכטען שטערנדליך,
אין וועלדיל שפילט א סאלאווייא,
דער גאנצער וועלט איז ליעב און פרעהליך,
און מיר אליין אז אך און וויא.“

דער ערל קעהרט זיך אוועק, מאכט זיך אביסעל נארעש מיט דיא וויבער און מען ניט אויף איהם א מאך מיט דער האנד: איין ערל בלייבט טאקי איין ערל! נאכדעם וויא מען איז א היבש שטיקעל וועג זיך אנגעגאנגען צופוס אונטער א בערגיל, אונטערשטופענדיג דעם וואגען און ווידער זיך אויפגעזעטצט, האט דער עולם יורען זיך געשמאק א נעהם געטהאן צו א ברייטען שמיעס. מען רעדט פון אלסדינג, וואס קאכט זיך דא אויף דער וועלט און דארט אויף יענער וועלט. מען רעדט פונ׳ם האנדעל, שאצט דאס פארמעגען פון א סך גבירים, עס קומט אויך צורייד דיא אלטע מעשה מיט ר׳ שמעלקען און עס בלייבט, אז ער האט פון אליהו־הנביא בעקומען א ווינשפינגעריל. עס הויבט זיך באלד טאקי אן א געקרעכצערייא, א געזיפצערייא, א געווינשערייא. איינער זאגט, ער זאל האבען א ווינשפינגעריל וואלט ער געווינשען דאס, דער אנדערער — דאס און דאס, דער דריטער — יענס ... הכלל איטליכער ווינשט עפים אנדערש. צדקות איז געפאלען נענוג וויא מיסט, מיט דער פולער האנד. איינער דעם אנדערען ווייזט ארויס זיין גרויסע פריינדשאפט, צוזאגענדיג דעם, יענעם גילדענע בערג. דאס גוט־ברידער־שאפט צווישען דער קאמפאניע ווערט געשטארקט, מען פיהלט זיך עפים געטרייסט, נישט אזוי פארוואָרפען, פארגעסען אין דער וועלט און איינער ...ץ דעם

אנדערען אין זעהר צובריעדען. אָט אַזוי האָט זיך עס געטהאָן ביז מען האָט, מיט
דעם אויבערשטענס הילף, אַקעגען נאַכט זיך קוים לעבעדיג פאַרשלעפּט קיין
גלופּסק."

## ח.

והיא און זיא, גלופּסק, האָט צו לייזער־יאַנקלין נישט אַזוי
געטהאָן. בבואם מקאַבצאַנסק בייא זייער אָנקומען פון קאַבצאַנסק איז
גלופּסק זייא נישט נעלאָפען אַקעגען מקבל־פּנים זיין, וויא הערשעלע
האָט אין דער היים זיך פירגעשטעלט. מען האָט זיך איבער זייא נישט געשלאָגען,
נישט געריסען איטליכען בעזונדער צו זיך אויף סטאַנציע, אויף א מאָהלצייט.
מענשען זיינען קאַלטבליטיג געגאַנגען פאַרבייא, זייא אפילו נישט אָנצוקוקען.
הערשעלען איז דיא זאַך אין פּלוק שטאַרק קשה געוועזן און שטעהענדיג
ביים אַרויסקריכען פונ'ם וואָגען מיט א פּעקיל אין דיא הענד אויף דער גאַס, האָט
ער געקוקט אויפ'ן טאַטען פאַרוואונדערט, אָהן וועדטער, גלייך וויא גערעדט: הא,
וואָס זאָל עס אַזוינס בעטייטען? שטעקט נישט דרינען אפשר עפּיס א גראָבער
טעות? נאָר נאָכדעם וויא ער האָט געהאַפּט פון הינטען א דישעל און דער טאַטע
א שטופּ, אַזוי אַז ער איז געביך געפלוינען וויים אויף עטליכע טריט, שיעור נישט
אַרויפגעפאַלען אויף דעם חזיר, וואָס האָט געשמאַק געחראָמקעט בייא דער
זייט גאַס, וואָהין מען האָט ערשט פון א גאַניקיל אין דער־הויף אַראָפּגעגאָסען, וויא
געוועהנטליך, א פּולע, משונה א שמעקענדיגע פּאָמיינירצע מיט אַלעם גוטען, און צו
דעם דישעל מיט דעם שטופּ אויף געלייזט נאָך, א מאָל צעהן אין טאַטען אריין,
פּאַר וואָס שטעהען עס יודען וויא דיא ליימענע גולם'ס, פאַרשטעלענדיג דעם וועג —
אָט דענסטמאָל פון אַזא אָנצוהערעניש איז איהם, הערשעלען,
פאַרענטפערט געוואָרען דיא קשיות. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דיא נאָז, שוין טאַקי
גוט פאַרשטאַנען . . . און ער און דער טאַטע זיינען אין זיינע אויגען אביסיל
אַראָפּגעפאַלען. באַלד ביים קומען איז לייזער־יאַנקיל אַלץ געשטאַנען
און זיך געראַטהען מיט דעם וייב וועגען זייערע זאַכען און אויב אַצינד איז נישט
שפּעטליך א געה צו טהאָן צו בעקאַנטע, נאָר נאָך אַזא בענענעניש איז בייא זייא
ביידע געבליבען מעהר קיין שיהות נישט צו מאַכען און בלייבען דערווייל אויף נאַכט־
לעגער דאָ אין דער בעל־העגלה'שער אכסניא. הערשעלען האָט מען מכבד
געוועזן מיט אריינטראָגען פּעקליך אין שטוב אריין, דאָרט דאַרויף אַכטונג געבען

און אלײן האבען זײא זיך נעבאָבּרעט ארום דער שטײנ מיט עופות, איבער־געשמיעסט מיט דעם בעל־העגלה, ער זאָל מוחל זײן ארײנפאָהרען אין הויף ארײן, וואו דיא שטײג וועט דערווײל שטעהען אויפ׳ן וואָגען ביז מאָרגען.

נישט פאר קײן יודישע קינדער נעדאכט אזא נאכט, וועלכע הערשעלע האט אויף דער אכסניא אין גרויסע צרות צוגעבראכט. הונגעריג, מיעד און צע־בראָכען פונ׳ם וועג האט ער שוין שפּעטליך בײא נאכט, אין דעם גרויסען רעש און דער מהומה פון אלערלײא מיני פארשוינען, זיך דערשטופּט ערגיץ אין א ווינקעלע און זיך א וואָרף געטהאָן אויף עפּיס א הינקענדיגען צעריסענעם טאפּטשאן. דאָרט האט מען איהם שוין יא טאקע מקבל־פּנים נעווען, און אויפגענומען פאר א גאנץ טהייערען גאסט. — גלופּסקער וואנצען, וויא דער גאנצער וועלט איז בעקאנט, נעהמען זעהר גערען אויף אורחים מיט אלע כבוד׳ן: האלזען זײא, קלעפּען אין זײא און קריכען זײא אונטער דיא נענעל. הערשעלעס קראטצען זיך און אָנצור הערעניש־געבען מיט דיא הענד, אז ער איז זײא מוחל דעם כבוד, האט אקעגען אזעלכע נפשות נישט געהאָלפען. זײא האבען זיך טאקי געטהאָן זײערס, זיך גע־דרעהט, נעארבײט ארום דעם אורח מיט גרויס פארגניגען, ביז ער האט געמוזט זיך אָפּטראגען שא, שטיל און זיך געלײגט פשוט אויף דער ערד.

אָט אזוי האט זיך איינגעלאָזט הערשעלעס יענער פרעהליכער טאָג, אויף וועלכען ער האט אזוי ארויסגעקוקט און זיך פירגעשטעלט אין איהם גרויסע גליקען!...

מאָרגען נאך גאנץ פריה האט דיא מאמע זיך נעאײלט אין שטאָדט ארײן וועגען איהרע געשעפטען. שפּעטער אביסיל נאך איהר איז אויך אוועק דער טאטע. בײם אוועקגעהן קוקט ער זיך ארום, אז דיא קעשענע איז איהם צוריסען און פאר גרויס אײלעניש האט ער און ניט איבער דאס בײטעלע מיט זײן ביסעל פארמעגען הערשעלע׳ן, וואס איז איבערגעבליבען אלײן לעבין דיא זאכען. אונזער הערשעלע דערטאפּט פון א זעקעלע א שטיק ברויט מיט א גרויסער, געלער אונערקע, אויך א צײנדיל קנאָבּעל און נעהמט זיך וואויל טהאָן, עסען געשמאק, וויא אויפשטעהענדיג פון א קראנק. אונטערגעלעהנט דאס הארץ בעקומט ער שטארק יצר־הרע ארויסצוגעהען אויף־א־ווײלע אין דרויסען, אָנצוקוקען וואס פאר א פּנים גלופּסק האט.

פאר הערשעלעס אויגען עפענט זיך עפּיס גאר א נײע וועלט. אלסדינג איז פאר איהם נײא, גלײך וויא ערשט בעשאפען געוואָרען, ערשט ארום

נעקראָכען פון דער ערד. ער שטעהט פארגאפט, פארריסען דעם קאָפּ און ווייסט נישט אויף וואס פריהער צו קוקען. גאָר צום ערשטען ווארפט זיך איהם אין דיא אויגען א געדיכטע קאַשע פון יודען. מען לויפט, מען שטופט זיך אין יאָגעניש וויא אויף א שרפה. יודען, יודענעס, קינד און קייט — אָהן עין־הרע וויא באָב! — אויסגעמישט אַלע אין איינעם, אָנגעטהאָן אין אלערלייא טלבושים, פון צעריסענע שמאַטעס ביז דיא טהייערסטע קליידער. צווישן זייא אויך נקבות אין סאַמעטענע מענטעליך מיט זיידענע, פארדריפּעטע קליידליך, נאָר שרה'סטעס און ווען זייא זאָלען נישט געווען ריידען זינגענדיג הויך, אויף דער גאַנצער גאַס, מיט אַ קוויטש, שנייצענדיג דערבייא דיא נאָז, וואָלט ער זיכער געמיינט, אז דאס זיינען פּריצעס . . . פון אַלע זייטען פּאָהרען בוידען, ביידליך, פוהרליך, אַ טהייל פארפּלאָנטען, פארהאַסען זיך מיט דיא רעדער, אַ טהייל מיט דיא דישלעס און זידלערייען, געשרייען, געוואַלדען ביז דעם זיבעטען הימעל. — דאס וואס רינשטאָק־ליך פּלייצען אין דיא גאַסען איז איהם קיין וואונדער נישט געווען. ס'איז דאָך א יודישע שטאָדט. אין ק אַ ב צ אַ נ ס ק איז אויך נעגוג דאָ דיא איינענע סחורה. וויא דען אנדערש? דאַרויף איז דאָך עס אַ גאַס אויף אויסצוניסען דאָרט פּאָ־מיניצעס. אַ וואונדער איז איהם נאָר געווען דיא שפּיציכדיגע שטיינער, וועלכע וואַלגערען זיך אין דיא גאַסען. צרוואס נאָך שטיינער אזעלכע אויף־צוברעכען ריק־און־לענד, אז אָהן דעם קען מען אויך אין דיא גריבער דאָ פאַלען זעהר שיין און ברעכען דאס גניק! איינפאַלען זאָל איהם פּלוצלים, אז דאס איז א ברוק, סטייטש וויא אַזוי! אז געבריקירטע גאַסען זיינען פאַר איהם געווען נאָך נאר א סוד, נישט געהערט, נישט געזעהען קיינמאל אזוינס. אָט ערשט יעפּעטער, אז ער איז זיך דערגאַנגגען פונ'ם סוד, וואס אזעלכס בעטייט, איז איהם עס טאַקי שוין מעהר קיין וואונדער נישט געווען. אזוי איז שוין טאַקי רעכט. אויך איז איהם קיין וואונדער נישט געווען דיא איינגעהייקערטע שטיבליך מיט צעבראָכענע דעכליך, אָנגעזועטצט געדיכט איינס לעבין אנדערען, ווייל אזוי ב ע ד אַ ר ף זיין, אזוי האבען אַ פּ נ י ם ה י ז ע ר, וויא געוועהנטליך יודישע הייזער. משונה ווילד האט איהם אויסגעזעהן עפּיס נאָר אין מיטען־דרינען א טויעריל אין צווייא, אין דרייא נאָרען. רבוני של עולם, וויא שטופט זיך עס א יוד אַרויף אזוי הויך אונטערען הימעל און שטעלט זיך נאָך איין דאס לעבען אַרויפקריכען אהין אויף א שמאָל לייטעריל פון דרויסען! טאַקי נאָר ודוי, פריהער וויא מען געהט אויף אזא לייטעריל אַרויף, מוז מען אָפּזאגען ודוי, זיך געזעגנען מיט דעם לעבען. — דיא אויגען ה ע ר ש ע ל ע ס האבען אַלץ געקוקט, געפונען וואס צו זעהען, דאס קעפּיל זיינס האט אַלץ בע־

טראכט, געטראכט און דיא פיס זיינע זיינען זיך דערווייל אלץ געגאנגען, געגאנגען ביז ער האט פלוצלים זיך א חאפ געטהאָן — ע׳ע! ער איז פארגאנגען ווייטליך און שוין לאנג צייט צוריק.

צוריק אָבער ווייסט ער נישט דעם וועג. ער הויבט אָן פרעגען בייא יודען וויא געהט מען צו דער קאבצאנסקער אכסניא. א טהייל קוקען איהם, אין איילעניש, לויפעניש, בייזליך אָן, נישט צו ענטפערען א וואָרט, א טהייל מאָהלען איהם אויס בקיצור מיט דער האנד: געה יונגעלע, גלייך, גלייך, דערנאך לינקס, ביז צו א געסעלע, דערנאך רעכטס און ווייטער לינקס. דאָרט, יונגעלע, טהו א פרעג, וועט מען דיר שוין ווייזען. הערשעלע, א ברירה האט ער געהאט, איז געגאנגען, פארקראָכען אין געסעליך, אין בלאָטעס, געשפרונגען איבער שמאָלע איינע פון דיא אנדערע ווייט אָפגעטרעטענע קלאָטקעס, אָנחאפענדיג זיך דערבייא אין דער זייט פאר פלייטען. ער איז, א פנים, אריין גלופסק אין דיא קישקעס, אין דעם מאָגען, וואו ס׳איז געדיכט, עס שמעקט אן פארגעהט אין נאָז. ער האט געארבייט אויף אלע כלים און איז געביך אפגעגאנגען מיט שוויים ביז ער האט זיך אָנגעשלאגען אויף א פיינעם יונגען מאן, וואס איז אזוי גוט געווען זיך אָפצוגעבען אביסיל מיט איהם.

— קום, זאגט דער יונגער מאָן, בעטראכטענדיג הערשעלען מיט א גוט שמייכעלע פונ׳ם קאָפ ביז דיא פיס. קום, איך וועל דיך אונטערפיהרען. ביסט דאָ, וויא איך זעה, נאך נאר א פריץ.

הערשעלע דאנקט דעם יונגען מאָן פאר זיין גוטען ווילען כמעט מיט טרעהרען אין דיא אויגען. —

— העלפען א גר איז א מצוה, מאכט דער יונגער מאָן מיט א שיינענדיג פנים. דאָ אין גלופסק, טאָהר מען קיין פריטץ נישט זיין, בייא אונז דאָ בע־דארף מען גוט היטען דיא קעשענעס. פארשטעהסט־דוא מיך יונגעלע?

הערשעלע טהוט זיך געהענדיג א טאפ אין קעשענע. „דוא ביסט שוין א חתן?“ „ניין!“ ענטפערט הערשעלע שוין מיט א פרעהליך הארץ. „פאר וואס ניין? אָט וועסט־דוא זעהן, בייא אונז וועט מען אין גיכען דיר שטעלען א חופה“. הערשעלע שטיקט זיך פאר געלעכטער. „וואס, דוא גלויבסט נישט? אָט וועסט־דוא זעהן. לאך דיר, לאך, נישקשה! אָט איז א קלאטקעלע. פא־מעליכין! האב נאָר אין זינען דיא קעשענע.“ הערשעלע טהוט זיך ווייטער א טאפ. „נו, ס׳איז דאָ?“ „שרעקט זיך נישט, ס׳איז דאָ!“ פאר א יאָהרען האט

זיך דאס איינענע טאַקי געטראָפען מיט א בחור'ל וויא דוא. ער האט זיך אלין געטצפט, געמיינט, אז בייא איהם ליגט עס אין קעשעניע דאס בייטעלע, און לסוף וואס לאָזט זיך אויס? — בוידעם! דיא קארמאַנשטיקעס, ברענען זאָלען זייא, האבען עס בייא איהם, נישט פאַר דיר געדאַכט, דערטאַפּט און אנשטאט דעם אריינגעלייגט אהין עפּיס שפּארגאַלען, אשר־יצר־פּאַפּירליך. דוא פאַר־שטעהסט? — נעהם עס מחילה טאַקי ארויס און קוק רעכט אָן. פויל טאָהר מען נישט זיין."

אונזער הערשעלע איז נישט פויל, נעהמט ארויס דאס בייטעלע און האַלט עס פאַר דיא אויגען.

— זעהסט־דוא, הא? וואס האב איך דיר געזאָגט! דאס זיינען געווען דיא לעצטע ווערטער פון'ם פיינעם יונגען מאַן, וואס אויסחאַפּענדיג הערשעלען פון דיא הענד דאס בייטעלע, מאַכט ער א פּליטה און ווערט באַלד וויא אויסגע־טריקענט.

הערשעלע בלייבט אין דער הייסער מינוט שטעהען וויא אויסגעפּאַטשט מיט א פּאָר אויסגעשטעלטע אויגען און איין אָפען מויל, נישט צרוויסען וואו ער איז און וואס מיט איהם טהוט זיך אזוינס.

דעם עולם'ס ווערטיל: „א נאַסט אויף א וויל זעהט אויף א מייל" האט טאַקי זיך אקוראט געפּאַסט צו הערשעלען. באַלד אין דעם ערשטען טאָג פון זיין קומען האט גלופּסק זיך פאַר איהם „ענטפּלעקט" מיט איהר גאַנצען כבוד און שיינקייט: מיט איהרע שמאָלע קרומע הינטער־געסעליך, מיט איהרע „פּיסקעס", לעוואַדעס, רינשטאָקליך, שטאַרק שמעקענדיגע קאַליזשעס, נעדריכטע און שיטערע בלאָטעס און מיט איהרע גנבים, בייטעל־שניידער—און דאס ענטפּלעקען זיך איהרס איז איהם באָקים אויסגעפאַלען. פאַרשמירט, פאַרדריפּעט, מיט א פרישצאַפּעלדיגען גלופּסקער קאַטער איז הערשעלע ערשט ארום מנחה־צייט געקומען בעטריבט צוריק אויף דער אכסניא. נישטאָ קיין טאַטע, קיין מאַמע און דיא קלימקעס—אויך נישטאָ! ער בלייבט טויט מיט אַלע אברים, קוקט וויא א דולער און דאס הארץ טיאָכקעט איהם שטאַרק. פּכוצלים דערהערט ער וויא מען בייזערט זיך אויף איהם מיט דיא ווערטער: „אָט האסט־דוא איהם. דאס שיינע בחור'ל! וואס זאגסט־דוא, איך בעט דיך, צו זיין טאַטען?" און ער דערזעהט פאַר זיך רייזע דיא בעל־אכסניא'טע.

רייזע איז א קורצע, דיקע, ברייטבייכיגע יודענע, שוין אין דיא יאָהרען,

מיט א נעשטופעלט פנים וואס איז שטענדיג פארשוויצט און מיט א צוויינאָרענדיג
ניידעריך. א שניריל שיטערע הערליך ציהעט זיך איהר אויף דער אויבערשטער ליפ,
וואס פאררייסט זיך בייא דער רעכטער באק ארויף, אזוי אז מען זעהט א רויט
שטיקעל צונג ארויסקוקענדיג דורך א היבש שפעלטיל אויפ'ן אָרט פון צווייא אויס־
געפוילטע ציין. איין עק פארטוך איז איהר שטענדיג פאָרשטעקט, דער בוזים צו־
שפילעט. דיא צווייא עקען פונ'ם קאָפענ־טיכיל זיינען פארוואָרפען אהינטען און
האלט נעוועהנטליך אין דער האנט א פאָלאָניק — א בעוויז, אז זיא פאָרעט זיך
שטענדיג לעבין אויבען. זיא רעדט שרייענדיג, ניך און איין אָטהעם פונ'ם הארצען
מיט א בייזער, עס דאכט זיך זיא איז שטארק אויפגעבראכט, קריגט זיך, הנם זיא
מיינט הלילה נישט קיין שלעכטס און איז בטבע א גאנץ גוטע. דאס איז בייא איהר
גלאט אזא לשון, אזא שטיינער ריידען, וואס האט נאך אויסגעארבייט זיך פון
אייבינע עסקים און צוטהאָן־האבען איהר גאנץ לעבען מיט בעל־העגלות. אין דעם
שמיעס ווארפט זיא אלץ אריין „הען אביסיל!" וואס זאָגסט־דוא צו זיין טאטען?
הויך אויף א נגון. אויך איז דער שטיינער איהרער ביים ריידען אָנצובוינען עפטערס
דעם קאָפ אין דער זייט און א פאָהר טהאָן מיט'ן שפיטץ נאָז איבער דעם ארבעל,
טאקי א וויש אויף דער גאנצער לייגג פונ'ם אָרעם.

— וואס זאָגסט־דוא צו זיין טאטען? איז ר י י ז ע ארוים מיט איהר
שרייענדיג לשון אויף אונזער ה ע ר ש ע ל ע ן נעביך און טאקי א גוטען פאָהר־
געבענדיג מיט דער נאָז איבער דעם ארבעל. וויא ווערט עס א בחור'ל פארפאלען,
הען אביסיל! קוקט איהם נאָר אָן, דאס שיינע בחור'ל! נעהמט זיך און ווערט
פארפאלען!

ה ע ר ש ע ל ע שטעהט אראָפגעלאָזען דעם קאָפ, ווארגענדיג זיך מיט
טרעהרען און שווייגט.

— ער שווייגט נאך, דאס שיין בחור'ל! טאטע און מאמע ש ט א ר ב ע ן
דאָ. און ער, הען אביסיל! שטעהט וויא א לימך און שווייגט.

— אוי וועה־וועה מיר! טהוט ה ע ר ש ע ל ע א געשרייא און צוחליפעט
זיך, מיינענדיג טאקי, אז דיא עלטערען זיינען אויף דער וועלט שוין נישטאָ און ער
איז געבליבען א יתום.

— נוא, חליפע נישט, פארפאלען! טרייסט ר י י ז ע אונזער ווייסט יתומ'ל.
ווייטער זאָל א בחור'ל אזוינס מעהר נישט טהאָן. טאטע און מאמע זיינען ד״ף
אָהן א נשמה... דיא נשמה איז זייא א ו י ס ג ע נ א נ ג ע ן לויפענדיג...

— איק־איק־איק ! חליפעט ה ע ר ש ע ל ע מיט א פארקלעהמט הארץ. וויל עפיס זאָגען, נאָר עס שטיקען איהם דיא טרעהרען און קוים וואס ער ברייננט ארויס פונ׳ם מויל איקענדיג א פאָר האלבע, צעבראָכענע ווערטער: טאַם... נע־שטאָר... איק־איק...

— אוי, א דונער האט מיך נישט דערשלאָגען ! טהוט זיך ר י י ז ע א חאפ, ער מיינט „ש ט א ר ב ע ן" הייסט טאקי נ ע ש ט א ָ ר ב ע ן... עס רעדט זיך נאָר אזוי, נארעלע, ס׳איז אזא לשון . . . העו אביסיל ! טאטע און מאמע האבען טאקי געקענט שטארבען. נוא, שא, אָט וועלען זייא באלד קומען געוואָהר ווערען. נאך בייא טאָג האבען זייא זיך מיט דיא זאכען איבערגעקליבען ערגיץ, ווייס איך וואו? פארקויפט דיא היהנער, דיא אייער. איך אליין האב אויך געהאנדעלט. שא, אָט וועל איך דיר געבען פון דער מאטעס אייער. א וועהטיג איז מיר ! העו אביסיל, א גאנצען טאָג האט ער נישט געגעסען ! — געה וואש זיך און זעטץ זיך צום טיש.

אונזער ה ע ר ש ע ל ע איז פון טויט לעבעדיג געוואָרען און זיך גענומען אונטערלעהנען זיין הארץ מיט א פרעזשעניצע, וואס ר י י ז ע האט אין דער גיך צונעטראָגען איהם צום טיש, מאכענדיג דערבייא אויף איהר שרייענדיג בייזגער־ענדיג קול:

— נא, עס געזונט ! האסט־דוא געהערט, העו אביסיל, מען זאָל אזא טאָג אָפפאסטען !

באלד זיינען נישט טויט נישט לעבעדיג אריינגעלאָפען אין שטוב דער טאטע און דיא מאמע. א געשרייא, א געפילדער. א פרייד מיט א רונזא און א מוסר־זאָגען אין־איינעם.

— געלויבט איז גאָט ! שרייעט דיא מאטע מיט א פרעהליך הארץ און מאכט דערבייא טאקי, קוקענדיג אויפ׳ן זוהן, א בייז פנים. דוא ווייסט, וואס דוא ביסט פאר אזא מעשה ווערטה ! . . .

— סטייטש, סטייטש ! פייערט דער טאטע, אזוינס צו טהאָן ! דוא ביסט דאָך ווערטה, סטייטש, סטייטש. וויא א הערינג זאָל מען דיך צעררייסען !

— העו אביסיל ! איז ר י י ז ע, וויא א גוטע מליצה, ארויס אויף איהר שפראכע, א פאָהר־געבענדיג מיט דער גאָז איבער דעם ארבעל. שיינע טאטע און מאמע ! מען זאָל איבערלאָזען א קינד אליין וויא אויפ׳ן וואסער ! ער שרייעט ! וואס זאגסט־דוא איך בעט דיך צו זיין טאטען ? א קינד איז א קינד. וואס רעד אָט שווייגט בעסער, שווייגט !

ר י י ז ע ס  ווערטער האבען נעזווירקט אָן פון יענער צייט האט הערשעלע ליעב נעקרינגען  ר י י ז ע ן  בייא זיך אין הארצען.

## יד.

אונזערע פּארשוינען זיינען נעשטאנען צושיידט אויף בעזונדערע סטאנציעס. נישט דערפאר ווייל איטליכער פאר זיך האט בעדארפט האבען זיין חדר, זיין אָרט בעזונדער. חלילה! גאנץ רייכע יודען אפילו לאָזען זיך אויף דער אכסניא בעגניגען מיט א בעטיל און שטעהען דרייא, פיער איהרע איך־איינעם, אבי עס זאָל וואָלוועל קאָסטען. נארעשקייטען! עפּיס בעדארף דען א יוד האבען עולם־הזה? — נאָר וואס דען? ווייל אנדערש איז נאר טאקי נישט מעגליך נעווען. דער טאטע האט, וויא געוועהנטליך, זיך אויפנעהאלטען וויא ס׳איז ביים שמש פון דעם קלייזעל, וואו ער פלעגט ימים נוראים דאווענען. דעם שמש׳ס דירה איז קוים נענוג געווען פאר זיין איינען נעזינד. נאָר וויא זאָגט מען עפּיס בייא אונז יודען—וואו צווייא איז אויף א דריטער. און מיט דעם דאָזיגען כלל שטעקט א יוד נעביך אריין דעם לעפעל צו יענעם אין שיסעל, שטופּט זיך אריין וואו ס׳איז איינג, קריכט אריין מיט א פוס צו יענעם אין ביטעל, האַפּט א קוק צו יענעם אין מחזור, שפּארט־זיך צו וויא ס׳איז צו יענעם אויפ׳ן נעלענער, קוועטש זיך אריין אין בויד צוה׳ישען פול אָנגעזעצטע פּארשוינען און שטערבעט נעביך אָפּ אזוי דאס גאנצע לעבען. עס, וואס מאכט עס אויס? אבי א י ב ע ר ק ו מ ע ן; אבי אָ ב ב פ ט ר׳ע ן, מישטעהנס־געזאָנט, דאס עסען; אבי ח א פּ ע ן א דרעמיל; א נאכט א י ב ע ר צ ו ל ע ב ע ן; אבי י ו צ א ז י י ן און וויא ס׳איז דערהאלטען דיא נשמה. דערבייא האט טאקי ל י י ז ע ר ־ י א נ ק י ל מיט דעם שמש זיך נערעכענט עפּיס ש ט י ק ל י ך קרובים, און וויא דער איינפיהר בייא אונזער עולם איז, האלט עס א יוד זיך פאר א מ ו ז צו פּארפאָהרען צו זיינעם חאָטש א גאנץ ווייטען קרוב, ווייל ווען נישט — אזוי טייטשט ער עס — וועט ער איהם חלילה בעליידיגען און יענער ווידער קען אויף איהם ברונז זיין. און אויב ל י י ז ע ר ־ י א נ ק י ל איז דאס מאל מיט דעם ווייב, מיט דעם קינד און האק־פּאק מיט דיא עופות באלד טאקי נישט פּארפאָהרען גלייך צום שמש — איז ערשטענס דעריבער, ווייל ער האט גוט געוואוסט, אז אזוינס איז ריין אונמעגליך. אי וואס, יענער קען פּאראיבעל האבען. נישקשה, אָהן סכנות! ער וועט עס איהם נעבען צו פּארשטעהען. — און צווייטענס, וואס מיינט איהר? איז דאס טאקי נאָר נעווען דעם שמש׳ס טרפה׳ן גליק...

דיא מאמע איז נעגאנגנען אויף סטאנציע צו איהרער א בעקאנטער יודענע פון קאבצאנסק, א קעכנע אין א נגידיש הויז, וואו זיא האט אָפּגעזעטצט עטליכע צעהנדלינג אייער און ארויסגעקוקט אָנצונעהמען בייא דער בעל־הבית'טע א פּאָר טוץ זאָקען אין גלייכען געלד אויסצואַרבייטען און פון א צוואנציג גענזליך פעדערען איבער'ן ווינטער אויסצופליקען. דיא מאמע האט נאר געשיינט אין דעם שלייער, אין דעם שבת'דיגען טיכיל אויפ'ן קאָפּ, איהר איז א פנים, אין קעך נאָר נישט שלעכט געווען, זיא האט זיך דאָרט אויסגעגלייכט דיא ביינער. דיא קעכנע האט זיא צוגעפילעוועט, איהר אלץ אונטערגערוקט צו קייען, אָנטרייבענדיג זיא אלץ: עסט, מלכה־טויבעניו! עסט, עסט, מיין הארץ —ביידען האט דאס טויל זיך נישט צוגעמאכט, אלץ גערעדט, גערעדט, זיך אויספּרעגענדיג איבער פיעל מענשען, בעקאַנטע און אויף וויכד פרעמדע, אזעלכע וואס געהערען זיך מיט זייא כלל נישט אָן. זיך דערמאָהנט אלטע מעשיות, וואס נאך טוירוויים. — געדיינקט איהר, געדיינקט איהר, מלכה־טויבעניו! געדיינקט איהר, געדיינקט איהר טריינע־סאָסעניו! ביידע האבען זיך געשמאָלצען, געקוקט איינע אויף דער אנדערער מיט לייכטענדיגע אייגעליך, ביים שמיעסן עפּיס מיט ת'־צונויפגע־צויגען, איינגעשנירט דיא ליפּעליך, איינער דער אנדערער אלץ: סערדצע, קרוין זאָלט איהר מיר געזונט זיין! . . . עס פארשטעהט זיך, אז פון אלע זאכען האט מען נישט פארגעסען דעם עיקר — רכילות, דאס בעסטע געווירץ, דיא גע־שמאַקסטע בשמים אין איטליכען ווייבערשען שמיעס. מען האט מקיים געווען דעם מנהג, אָפּריכטען אָפּשפּעטען מיט אלע דינים און כוונות וואס דרינען שטעקט. טריינע־סאָסיע האט עס מקיים געווען גאנץ פּראָסט אָהן חכמות — גע־פלאַקערט, גערעדט מיט אַפּעטיט, גיך, געשווינד, וויא עס געהער צו זיין . . . . מלכה־טויבע אַקעגען האט דאס איינענע טאַקי מקיים געווען, נאָר מיט שמר־שטיק. אלץ צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ, געגלאָצט דיא אייגעליך מיט א יראת־שמים פנים'ל, כלומר'שט וויל זיא נישט יענעם בעריידען, פע! — נאָר בייא זיך אָבער האט זיא דערפון שטארק הנאה, בעלעקט זיך אזש פאר תענוג און, ווארפט אין שמיעס א מאָל אריין א וואָרט, עפּיס מיט פיעל טייטשען, אזוי און אזוי. דאס וואָרט איהרס, וואס דאכט זיך אין פלוק גאר נישט, עט . . . ציהעט ערשט טריינע־סאָסיען ביים צונג און הירעט זיא אונטער צופלאַקערן און צו ריידען, שפּעטען נאך מעהר.

— זאָלט איהר מיר געזונט זיין, מלכה־טויבעניו! הויבט אָן טריינע־סאָסיל צו מאָהכען מיט דעם צינגעל אין א מאָל רייד איבער דיא

בעל־הבית׳טעס אויסצושיטען. וואס ווייסט איהר, וואס פאר א שלעק זייא דינען, די אלע שיינע היינטינע בעל־הבית׳טעס! בייא וויפיעל איך בין איבערגעוועז איז אלץ איינע ערגער פון דער אנדערער. איטליכע מיט איהר מאנקאַליע, מיינע צרות אויף זייא! האבען נאָר ליעב אַט וואס, זיך צו דרעהען, טאראראמען, פיקדערען, קלינגען מיט די שליסעליך. מיינען, זייא טהוען עפּיס. און טאָמיר ווייסט איהר וואס?

— וואס, וואס? רוקט מלכה־טויבע אריין א ווערטיל, כלומר׳שט תם און ציהעט דערמיט טאקי בייא טריינע־סאָסיען ווערטער פונ׳ם מויל.

— נארנישט! . . צוהיטצט זיך טריינע־סאָסיע, ווייס איך וואס בייא זייא הייסט עס, נאָר א געלעכטער חלעבין, דיא איז א בריה, פול אין איטליכס ווינקעלע. יא אמת טאקי אָבער קיינמאל נישט אין יענעם ווינקעלע וואו מען בעדארף. גלייך וויא זיא שפּיעלט זיך אין בעהעלטעניש. זוכט מען זיא דאָ, איז זיא גאר דאָרט און בעדארף מען זיא דאָרט, הא־הא! איז זיא דאָ... דער מאן זוכט, דיא קינדער זוכען, מען רופט, רופט און זיא שרייעט פון ערגיץ ארויס אין איין כעס. — יענע ווידער, מיינע וועהטינען אויף איהר, נעטרויט נישט דיא שיין, צעהלט דיא גרויפען אין טעפּיל, פאר א האלבען גראָשען וואָלט זיא זיך געלאָזט דיא אויגען ארויס־נעהמען, וואס איז?

— א בעל־הבית׳טע, וואס דען? זיא וויל איינבריינגען... מאכט מלכה־טויבע מיט אזא מינעלע עפּיס וויא אויף קאטאָוועס און עפּיס וויא נאנץ ערענסט.

— יא, איינבריינגען! מאכט טריינע־סאָסיע שטארק פאַר־קרימענדיג זיך. זיא וויל איינבריינגען פונ׳ם עסען, א גראָשען און אליין בריינגט זיא דעם מאן אום—ווייס איך אויף וואס—הונדערטערס!... איינע, עפּיס א שלימזול, האנדעלט איין אין מארק אלע מציאות, אייער א מציאה, פוטער, שמאלץ א מציאה, נאָט שיקט איהר אלץ צו. האט א שפּיזארנע מיט אלעם גוטען און האלט עס אָבער אונטערען שלאָס אזוי . . .

— אייערע מיינט איהר? חאַפּט זיך מלכה־טויבע ארויס מיט א וואָרט. בייא אייערער איז עס אלץ אונטערען שלאָס? — א גוטע בעל־הבית׳טע, חלעבין!

— טפוא, א גוטע בעל־הבית׳טע, חלעבין! זאגט טריינע־סאָסיע איבער יענערס ווערטער מיט א בייז געלעכטעריל, אויסשפּייענדיג דערבייא. האלט

עס אונטערץ שלאָס אזוי לאַנג דיא אלע מציאות, ביז דיא אייער ווערען טוכלע, דיא פוטער בעקומט א ריח, דער איינגעמאכטס נעצוקערט און מען ווארפט עס דערנאך ארויס.... דיא אנדערע, עפּיס א שטיק פלייש, לינט איבער שטענדיג אין קעך, מישט זיך צום טעפּיל. ווייס איך וואס? חאָטש מען בעדארף זיא דאָרט האבען וויא אוינענוועהטיג. פארקעהרט, דורך איהר מישען זיך ווערט ערשט א מישעניניע: דער נעבראָטענס צונעברענט, דיא יאָיך אויסגעלאָפען און ס'איז נאָר א צעפּוקעניש . . .

— שונאים, שונאים! א צעפּוקעניש דיא שונאים! מאכט מלכה־טויבע, אונטערלעקענדיג זיך. עסט אייך, טריינע־סאָסיעניו, נישט אָפּ אזוי דאס הארץ!

— טפוא זאָלען זייא ווערען! שפּייעט טריינע־סאָסיע ארויס. וואס ווייסט איהר, וואס ווייסט איהר? מלכה־טויבעניו!... איינע נישט קיין רעכטע! אלע זיינען זייא שלימזלניצעס, ליידיג־געהערענס, האבען נישט וואס צו טהאָן און גיבען זיך אויס קלאָמפּערשט פאר בריות. א קאטאָוועס, אָהן זייא וואָלט דיא גאנצע שטוב האָרנעם־קאָרנעם זיך איבערגעקעהרט. טאָמער ווייסט איהר וואס? — נאָר־נישט!... פריהער בין איך געוועזן א נאר און זיך נענומען צום הארצען, פלעג פון זייא קייען דיא ערד. און היינט אָבער האב איך מיך מישב געוועזן — א״א, צו אייער קאָפּ, צו אייער לייב און לעבען! איהר ניסטערט, רעדט, בייזערט זיך, שרייעט אייך משוגענערווייס און איך טהוא מיר מיינס. ווערדט צוזעטצט! . . . וואס איז, טאָמיר ווייסט איהר, עולם־הבא וועל איך האבען? אדרבה, זאגט, קרוין, סערדצע, און איך אליין פאר מיר, וואס איז וואס, בעדארף נישט עפּיס האבען?... איהר פארשטעהט דאָך מיך, מלכה־טויבעניו, נעזונט זאלט איהר מיר זיין.

— זאָלט איהר מיר נעזונט זיין טריינע־סאָסעניו, וואס רעדט איך פארשטעה נישט? איך פאַרשטעה זעהר גוט.

— וואס, סערדצע, בין איך אפשר נישט גערעכט? וואס איז, טאָמיר ווייסט איהר פון דיא שבירות, וואס איך נעהם וועל איך מיך א שיין ביסעל מויערען? און אייביג, הא וואס איז, וועל איך דיענען? וויא זאָגט מען עפּיס א מענש איז נישט קיין אייביג געוועהר. כל־זמן מען לעבט, לעבט מען און מען בעדארף זיך זאָרגען פאר שפּעטער אויך. איך זאָל מיר נישט געוועזן דאראָבען — שא, צווישען אונז זאָל עס בלייבען — אביסיל פונ׳ם מעהל, אביסיל פונ׳ם קצב, אביסיל פונ׳ם איינקויפען וואָלט טאָקי געווען א וועהטיג מיינע שונאים. צו וואס לאָמיר זיך דאָ

נארען, מלכה־טויבעניו? — נישקשה! איהר פארשטעהט? צו דעם וואס לעבט אייביג האב איך קיין טענות נישט. נישט צו פארזינדיגען. האב, געדאנקט איז זיין ליבער נאמען, וואס אָנצוטהאָן. — מיין קאַסטען קליידער האט איהר נאך נישט געזעהען? קומט, סערדצע, וועל איך אייך ווייזען.

און טריינע־סאָסיל נעהמט זיך ווייזען איהר גוטס, צולייגט איהר קרעמיל: שטיוולעטליך אויף קנעפליך, איין קליידיל, דאס אנדערע גענייעט נאך דער לעטצטער מאָדע מיט שליארקעליך. א זיידענע פעלערינקע אויסגענייעט מיט גראנאטליך, א קאָפּטעלע, א שבת׳דיגען בורנאָס מיט קוטאסען. זיא האלט זיך פיד־באָקים און שמאָכט. מלכה־טויבע קוקט זיך צו, וויא א מבינת, צו איטליכער זאך, טאפּט און שאַצט. דאס פנימעל לויכט איהר, וויא זיא שעפּט פיעל נחת פון טריינע־סאָסלען, וואס דער אויבערשטער האט זיא אַזוי גע־בענשט, מאכט אָך־אָך! פארוואָרפענדיג מיט דיא אייגליך, אלץ: געלויבט איז השם־יתברך, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען! און ווינשעוועט, ווינשעוועט, פאר־זיכערענדיג בייא איטלעכם מאל טריינע־סאָסלען, אז וויא דאס לעבען אַזוי ליעב און טהייער איז זיא איהר. זיא האט שוין דאס געזאָגט און זאָגט טאקי: א פנים אויף דער גאנצער וועלט איז דען נאך דאָ אזא טריינע־סאָסעניו? קיין צער! ביידע שמעלצען זיך און ווערען ברייטער וויא לייגנער פאר נרוים פארגנינגען.

לאָמיר דאָ איבערלאָזען אויף א ווילע דעם מלך מיט דער מלכה — דעם מלך ביים שמש, דוא מלכה אין קעך — און זיך נעהמען צום בן־מלך. אונזער בן־מלך, הערשעלע, איז זיך געלעגען אויסגע־צויגען, וויא ביים טאַטען אין ווינהויז, אויף א באנק אין קלייזיל. דאָרט איז פאר איהם געווען נישקשה׳דיג פון איין אָרט אויף־אָנצושפארען דעם קאָפּ. דיא באנק איז געווען צווייא מאל לאנג וויא ער, אַזוי אַז ער האט געקענט אויסשטרעקען דיא פיס גאנץ פרייא און אנשטאט א קישעלע צרקאָפּענס האט איהם זעהר גוט גע־דיענט דאס פּאָרענטשעלע. מורא צו האבען נעכטיגען דאָרט האט ער נישט גע־האט וואס, ווייל ער איז נישט געווען אליין, מיט איהם האבען געשלאָפען אין קלייזיל נאך עטליכע יורען, בטלנים, אומעטיג איז דאָרט אויך נישט געווען, מען האט גע־שמיסט, דערצעהלט וואונדערליכע זאכען, נישט ערגערע פון קאבצאנסקער. גלופּסק, נישקשה, נעהמט אויך גארנישט אָפּ. דאָרט זיינען אויך דאָ יורען, אויף דיא אלע שיינע מעשיות. דאָרט שטעהט אויף פרייא דער וועג צום הימעל, און מען פארקריכט אויף איהם טאקי אויף קיין בויבעריס... גלופּסק

מיט בויבעריק איז וויא איין שטאָדט, אקענען א גוטע העלפט גלופסקער יודען זיינען בויבעריקער. געגעסען האט הערשעלע בייא די בעלי־הבתים פונ׳ם קליידל, א מאל בייא דעם, א מאל בייא יענעם, נאָר דערוויילע ביז איבער די ימים־נוראים, אזוי האט עס געהייסען.

דאכט זיך נאָר קיין מעשה נישט. אונזערע פארשוינען זיינען ברוך־השם טאקי געווען פארזאָרגט, נישט פארזינדיגען, אלסדינג גוט, עס האט נאָר געפעהלט אביסיל געזונט. הערשעלע האט פונ׳ם ערשטען טאָג קומען קיין גלופסק בעקומען א קאטער, אביסיל אונטערגעהוסט, דאס קולכין איז איהם געווען צוגע־לעגערט, הייזעריגליך. פון־דעסטוועגען איז ער אויפגעשטאנען צו די ערשטע סליחות און אונטערגעהאלטען דעם טאטען. זיין געליינקיל איז אמת טאקי געווען געדריפעט, זיין קוויטשעלע געפייפט, אויסלאָזענדיג זיך מיט א גרילץ, נאָר אָהן סכנות. איין מאל, איז אָהן איהם אויך געווען העלפערס, פיעל פונ׳ם עולם האבען, וויא געוועהנטליך אָפגעענטפערט זיך אָפגערופען „בים־באם ז׳“ אונטער־בימקען יענעם זיינען דאָ בייא יודען זעהר פיעל בעלנים. אויב „באם“ פאסט אָדער ניין — אלץ איינס, אבי זיך אריינגעמישט, אבי א שטימע, לאָז יענער נישט מיינען, ער ארביים אליין... און צווייטענס, איז א צונעלענערט קול עפים טאקי נאָר וויא געוויינשען צו סליחות, עס פאסט צום עסק, מען פיהלט אז ס׳איז סליחות. אין דרויסען איז שטאָק־פינסטער, נאכט. אומעטום שא— די גאנצע וועלט שלאָפט. נאָר יודען חאפען זיך אראָפ פון די געלעגערס, געניצען, קנאקען אוים די ביינער, דער שלאָף ליגט זייא אייף דער ברוסט, עס טריקענט זייא אין האלז און זייא שטארקען זיך, לויפען פארשמאכט אין שול אריין, גיסען דאָרט אויס זייער הארץ פאר דעם לעבעדיגען גאָט אין הימעל און קלאָגען זיך נעביך פאר איהם אויף א צולעכצט ברומענדיג־קרעכצענדיג קול, וויא א פארוואָ־געלט, אומגליקליך דערשלאָגען קינד קלאָגט זיך פאר דעם פאָטער אויף די צרות, וועלכע ער איז אויסגעשטאנען, ארומבלאָנקענדיג זיך אין דער וועלט. דאס צר־לעכצטע, חריפענדיגע־פארשמאכטע קול אָט דאס ערשט ריהרט ביים הארצען, דרינגען טאקי ליגט ערשט דער בריא, דאס גאנצע געפיהל פון רחמנות... אז דאס שלאָפע קינד נעביך חאפט זיך אויף פון היטץ בייא נאכט, שטרעקט אוים מיט א געבעט די הענטליך צום פאָטער, קרעכצט, יאָמערט פאר וועהטיג אויף א טרוקען־הייזעריגליך קול, פארגטהעגדיג זיך אין א הוסטעלע — חאפט עס אָן בייא דער לעבער, נעהמט ער ארויס די נשמה און שטעכט אין דער זיבעטער דים...

און דער האָהן פון כפרות, איחם אז מען נים אין דערמים נאכט א טראָג פון דער סירעלע — קום צום „בני אדם"! און ער צאפעלט, קרעכצט אויף א פארדומפּפּט קול, רופט זיך דען זיין חריפענדיק קול נישט אָפּ אין הארצען? רייסט דען זיין האָרהלען נישט בייא דער נשמה?...

## טו.

רבוני של עולם! וואס ליגט אזוינס אין דיין הארטער באנק אין בית־מדרש, אז דער וואס נעכטינט אויף איהר איבער א נאכט מיט דעם קולאָק צוקאָפּענס שטעהט דעם אנדערען טאָג אויף עפּיס נאר איין אנדער מענש, וויא נייא געבוירען? שוין יעקב אָבינו, אז ער האט אין וועג דענסטמאָל בייא זיין אוועקלאָזען זיך פון דער היים, אונטערגענעכטינט אין „יענעם אָרט" אויף א הארט גע־לעגער, צושפּארענדיג דעם קאָפּ אויף א שטיין — האט באלד ביים אויפשטעהען אין דער פריה געשפּירט: אין זה, נישט אנדערש כי־אם בית אלהים, דאָ איז א בית־מדרש, וזה שער השמים און דאָ איז א טויער צום הימעל. יא, טאקי צום הימעל. ליגענדיג אויפ'ן הארטען געלעגער נאר אין דעם ערשטען בית־מדרש, נאך אָהן ווענד, אָהן א דאך אָהן איין אונטער־אויבען, האט ער שוין דערזעהען נישט קראָקויא און לעמבערג אליין, נאָר אויף יענע וועלט — פייערדיגע מלאכים, וואס האבען איהם אין דיא אויגען זיך געדרעהט ארויף און אראָפּ עפּיס אויף א הויך לייטעריל פון דער ערד ביז העט־העט אין הימעל אריין — און יעקב האט דערפיהלט אין זיך א גרויסע פּארענדערונג....

נאך א מאל רבוני של עולם! וואס ליגט אזוינס אין דעם גלות, אין דעם נע־ונד זיין אין דער פרעמדה, וואס דיינע קינדער ישראל, וועלכע עס האבען אזעלכעס פון דיר א מתנה, זיינען דורכדעם אין דער וועלט עפּיס נאר אנדערע מיני מענשען, האבען עפּיס נאָר איין אנדער פנים, איין אנדער שטייגער לעבען, איין אנדער מזל, אלץ־מיט־איינאנדער עפּיס נישט לייטען גלייך?... אין דער צייט ווען אנדערע זיינען נאך נאר יונגליך, פריש־לעבעדיג, מאכען זיך נארעש און האבען אין זינען עולם הזה, דיא וועלט, איז דיינס א יודעלע געעלטערט, געקנייטשט, איינגעהייקערט, פארזאָרגט און דערשלאָגען. דאס קעפּעלע נאָר עס ארבייט: טראכט, טראָגט, פליהעט און אין זינען איז איהם נאָר תכלית־

זאכען, אזוינס וואס האט עפּיס א ווערטה, א קיום — עולם הבא, יענע וועלט...

אונזער הערשעלען איז אין דיא ערשטע פּאָר טעג פּונים נע־ונד זיין אין דער פּרעמדער און פון דעם שלאָפען אין קלייזיל אויף דער הארטער באנק נישט צו דערקענען געווען, אזוי האט ער זיך געענדערט, איבערגעביטען געוואָרען אין גאנצען. קיין פרעהליכע מינע האט מען פון איהם נישט געזעהען. ער איז געווען אלין עפּיס פארטראכט, גלייך וויא הימעל און ערד זיינען אויף איהם געפאלען. דאס וואָרט „תכלית", וועלכס ער האט פון דיא עלטערען געהערט צו דער בר־מצוה, איז איהם טיעף אין הארץ אריין און איהם געעקבערט, געקלעבערט דעם קאָפּ: געוואלד תכלית! וואס וועט זיין דער תכלית? מען בעדארף טראכטען, זאָרגען ארום דעם תכלית — און הערשעלע האט זיך א געשמאקען געהם געטהאָן צו דער גמרא. דען וואו אנדערש האט ער געקענט, נאך זיין פארשטאנד דענסטמאָל, געפינען דעם תכלית, ווען נישט אין דער גמרא? אָט דאָ ליגט דאס גאנצע גליק פאר א מענשען, דאס בעסטע, וואס ער קען נאָר דערגרייכען דאָ אין דעם לעבען. בייא א בלעטיל גמרא מיט תוספות לאָזט זיך שוין אויס אלע חכמות, און אז נאָט העלפט נאך, מען טרעפט־צו דעם מהר"ם־שיף'ס א קשיא, אָדער מען פארענטפערט דעם מהרש"א'ס א „ויש לישב", איז מען שוין א פארטינער, א פארזאָרגטער מענש, מען קען שוין גליקליך אָפּלעבען זיין וועלט, אין עושר, אין כבוד. א קאטאָוועס עפּיס א למדן! מי לנו גדול, ווער איז אין דער גאנצער וועלט גרעסער, שטארקער און האט דיא גאנצע דעה מעהר פון א יודען א וואויל־לעהרנער, א רב און א דיין? וועלט האט דענסטמאָל בייא הערשעלען געהייסען — יודען. ווייטער, גארנישט! עס זיינען דאָ אפילו עפּיס נאך אנדערע אויך, נאָר דאס זיינען גאט אזוי זיך אומות העולם און וואס געהען זייא ווענמען אָן? וואס קענען זייא, וואס ווייסען זייא מישטעהנס־געזאָנט! אז אין קיין חדר, וויא יודישע קינדער, געהט מען נישט, דאס האט בייא אונז פארשטעהט מען נישט, הייגט וואס־זשע?...

הערשעלע האט פון דער שאפע ספרים אין קלייזיל ארויסגענומען א גמרא „בבא קמא" און זיך געזעצט לעהרנען „שור שנגח את הפרה", וויא ראובן'ס אָקס האט געשטויסען שמעון'ס קוה, תויך אויף א קול מיט א נגון, שטארק שאָקלענדיג זיך און וואו מען בעדארף דעם קוועטש א מאך געבענדיג מיט'ן גראָבען פינגער. הערשעלס קעפּיל האט שטארק געארבייט, געפלויגען אין דער לופטען. עס האט זיך פאר איהם געקייטעלט איין זאך אין דער

אנדערער און ס'איז מיט א מאָל אויסגעוואקסען א גאנצער לייטער, אויף וועלכען עס האבען זיך געדרעהט ארויף און אראָפּ א ר י ש אָ, א ס י פ אָ, א מ צ י ע ו ת א אין דער געשטאלט פון בייזע ווייבער, וואס קענען צווישען זיך נישט אויסקומען און אויפ'ן שפּיטץ דער ת נ אָ ק מ אָ, דער גרויסער פּריץ. ה ע ר ש ע ל ע ווארפט זיך אין אלע זייטען, פארפליהעט ווייטליך, עס האפּט איהם אזש אן א שווינדעל, עס פארדרעהט זיך איהם דער קאָפּ, אָט־אָט רייסט זיך איבער די לעצטע האָר, אין וועלכער ער האלט זיך אָן — און פּלוצלים ניט עס מיט איהם א טראָג צוריק טאקי צו ר א ו ב ן'ס אָקס און ש מ ע ו ן'ס קוה. הא־הא דאס קעפּיל איז איהם ווידער אויפ'ן אָרט, ער צושאָקעלט זיך און לעהרענט מיט חשק... מען מוז פריהער איבערנעכטיגען א היבש ביסעל נעכט אין בית־מדרש אויף דער באנק הארט וויא א שטיין, בכדי צו דערגרייכען דעם ס ו ד פון אזא ל י י ט ע ר, צו פיהלען דעם טעם דערפון און רעכט וויא געהעריג צו פארשטעהען, אז דאס אלסדינג איז נישט גלאט אזוי זיך עפּיס זאכען, אז ר א ו ב ן'ס אָקס, ש מ ע ו ן'ס קוה זיינען נישט מנושם־נראָב, פּשוטע קיה, וואס נעהם און מעלק זייא אויס. ניין! זייא שטעלען דאָך פיר גאר אנדערש, עפּיס וויא דער אָ ק ס, דער ו ו י ד ע ר, דאס צ ו ו י ל י נ ג י ל און די ב ת ו ל ה דאָרט אין די צוועלף מזלות...

אונזער ה ע ר ש ע ל ע האט געלעהרענט מיט א ברען, וויא ער האט נאָך קיינמאל אין זיין לעבען אזוי נישט געלעהרענט און דאס האט איהם געגעבען צו חן און צו לייטזעליקייט אין די אויגען פון פיעל מענשען אין דעם קלייזיל. א וואויל יונגעלע, האט מען געזאגט, ער בעגעהרט לעהרנען! דער טאטע האט זיך גאר געשמאָלצען און דערצעהלט דעם זוהנס גרויסע מעלות אין א ברייטליכען שמיעס מיט מענשען וועגען איהם.

— עט, האט ער געמאכט, וואס ווייסט איהר, וואס מיינער איז! די ק א ב צ א נ ס ק ע ר מלמדים קענען זיך נישט זאט אָפּלויבען זיין גוט קעפּיל, זיין תפיסה. בייא צוועלף יאָהר—וועט איהר גלויבען?—האט זיך בייא זייא אויסגעלאָזט תורה פאר איהם. אויף זיינע קשיות איז בייא זייא נישט געוועזען קיין תירוצים. דער תירוץ איז געוועזען א צווייא הייסע פּעטש, א קניפּ, א טראָף אין דער באק בביזון טאקי, פארשטעהט איהר מיך, בכדי ער זאָל בייא זיך זיין געפאלען, נישט מיינע, אז ער איז עפּיס, אויף א מענש! באמת, מיינע ליעבע יודען, איז טאקי אזוי, א יונגעל טאָהר נישט האבען זיין שכל, וויא איין עלטערער זאָגט, אזוי בעדארף זיין. א יונגעל בעדארף וויסען, זאָגט איין עלטערער טאָג, חאָטש עס מעג זיך

זיין נאכט, איז טאָג, נאר אָהן קשיות. אלא נישט, איז ביטער. היינט פרעגט ער אזא קשיא און מאָרגען וועט ער שוין פרעגען נאר עט־טע־טע! עס וועט איהם שוין נישט געפעלען, פארשטעהט איהר מיך, דאכ, יענס, א סך זאכען... איך זאָג עס אקעגען דעם, אז מאמעס בעדארפען עס וויסען. אונזערע עלטערען פארצייטען האבען עס פארשטאנען בעסער פון דיא היינטיגע, דעריבער טאקי איז געווען אז גוט און וואויל. מילא וויא דיא מעשה איז, פעטש אהער, פעטש אהין, טיינער איז דערווייל ארויס פונ׳ם חדר און האט אָנגעהויבען אונטער מיין השגחה צו לעהרנען בייא אונז אין בית־מדרש אליין פאר זיך. עס פארשטעהט זיך, איך וויז איהם א מאָל אונטער, וויא איהר קוקט איהם אָן־אָ, קען ער שוין, אָט־אָ דער שנעק, גאנץ ביצה, קידושין, כתובות און נדה!...

אזוי האט נעוועהנטליך דער טאטע אויסגעלאָזט דעם שטיעס מיט א שיינענ־דיג פנים, אָנווייזענדיג פון דערווייטענס מיט א פינגער אויפ׳ן זוהן, און געטראכט בשעת מעשה בייא זיך: הא? אפשר וויל גאָט נאר א שידוך... דערפון זאָל זיך אויספיקען א כלה — טא!...

# טז.

צו דערצעהלען דאָ וויא לייזער־יאנקיל האט ראש־השנה שטארק געארבייט אין דאווגען, וואָלט געווען א שטיקעל אומרעכט אקעגען דעם איבעריגען עולם פונ׳ם קלייזיל, ווייל דער עולם יודען האט פון זיין זייט אויך געארבייט, גע־שריגען מיט איהם אין־איינעם. לייזער־יאנקיל איז אמת טאקי געווען דער „שליח־צבור“, דאס הייסט, דער דעפוטאט, אויסגעקליבען פון קהל, צו דעם רבוני של עולם; נאָר יודישע קינדער אָבער האבען ליעב אומעטום זיך ארייננצומישען און ווען זייער דעפוטאט זאָל אפילו זיין מיט הערנער, איין אנטיק אין דער וועלט, דאָך קוים לאָז ער עפענען א מויל זיך עפעס אָנצורופען, פאלען זייא איהם אריין אין דער טיט איטליכער מיט זיינס, איטליכער מיט זיין צינגעל אויף זיין שטיינער, טראכטענדיג אין הארצען: יענער מעג זיך זיין דאָרט וואס ער איז, פארשטעה איך נאך נישקשה א זאך אפשר אזוי גוט וויא ער. יענער מעג זיך הייסען מיין מענש, האבען פון מיר א „כח־הרשאה“, פון־דעסטוועגען קוקען איהם אין מויל אריין צופיעל, טאָהר מען נישט, מען מוז איהם א מאל ווייזען און ארויס מיט א וואָרט. קלאָמפערשט הייכט עס, יענער איז דער אדוואָקאט, דער שתדלן, מען פארלאָזט זיך אין גאנצען אויף איהם, פון־דעסטוועגען אליין: מנ׳ז מען אויך עפיס

טהאָן, זיך קלאָגען אויבען, אין ס ע נ א ט פאַר דעם אויבערשטען און אָנבעטען חינטען־אַרום אויך דיא גרויסע שרים פּ צ פּ צ י ה וכדומה דאס גאנצע פּעקיל סטראַפּטשעס, סעקרעטאַרען מיט זייערע פּאַקטוירים אין ב י ת ד י ן ש ל מ ע ל ה דאָרט. און דיא קינדער ישראל ארבייטען, קאָזעז זיך הערען אויף קולות ביז דעם זיבעטען הימעל. ס'איז א ליאַרם, א געפּילדער, א געוואַלד, אַז טאַקי איין גאָט נאָר קען פאַרשטעהען, וואס זיינע יודעליך ווילען, וואס זייא בעטען און שרייען.

דער עולם יודען האט גוט געשריגען, ל י י ז ע ר ־ י א נ ק י ל אָבער האט זייא אריבער געשריגען, פּאָרט טאַקי אויסגעפיהרט זיינס — אָפּגעשפּילט דעם מ ל ך ע ל י ו ן" מיט א מארש לעבעדיג, קנאַקענדיג און ה ע ר ש ע ל ע ן איז אויך עטליכע מאָל געראָטען צו טהאָן א קוויטש, אזוי אַז עס האט געהילכט. אָט אזוי איז אָפּגעקאָפּען דאס דאַווגעז דעם ערשטען טאָג ראש־השנה. ל י י ז ע ר ־ י א נ ק י ל, הייסט עס, איז געווען פון אויבען, ער האט איינגענומען. דעם אנדערען טאָג אָבער האט שוין גובר געווען טאַקי דער עולם. עס האט זיך גערעשט און גערוישט ביים זאָגען דיא שטיקליך פּיוט מיט דיא תפילות, וויא עס רוישט זיך דער וואלד בשעת א שטורמווינד, אויף אלערלייא טרויערדיגע קולות. עס האבען געשריגען העלזער, געזיפצט, געקרעכצט הערצער, הענד האבען געפּאַטשט, פינגער געקנאַקט און קעפּ האלב־איבערגעדעקטע און אין גאנצען ביז דעם בויך איבערגעדעקטע מיט טליתים האבען זיך געוואָרפען אין אלע זייטען, געשאָקעלט ארויף און אראָפּ. איינער איז געווען אין קלייזיל, א שפּילצען קעפּיל אהין נישט אריינצוּוואַרפען. היים, א שרעק! ל י י ז ע ר ־ י א נ ק י ל איז אָפּגעגאנגען מיט שוויים און חאַפּענדיג א בלאָז פון א צוג־ווינטעל האט ער פאַרלוירען דאס קול, איז געבליבען וויא דערוואָרגען נעביך. געראַטעוועט האט איהם נאָר דאס איינציגע מיטעל, וואס ער האט, וואו ס'איז אויסגעקומען צוזאָגען מיט מויל עפּיס א ריהרענדיג שטיקעל, זיך געשמאַק צו־וויינט, געגאָסען טייבען טרעהרען, אָפּחאַפּענדיג דערווייל דיא ווערטער אונטער דער נאָז — און דאס איז איטליכען שטאַרק געפעלען. אויף וויינען איז ל י י ז ע ר ־ י א נ ק י ל געווען איין מייסטער אין דער וועלט, ער האט געוויינט עפּיס מחיה'דיג־געשמאַק. דאס האט איהם פאַרשאַפט א נאָמען אין אונזער ווינקעל און ער האט געהייסען „ד ע ר ק א פּ צ א נ ס ק ע ר ב ע ל ־ ב כ י." אנדערע האבען איהם דרינען פאַרגליכען צו דעם בעריהמטען ליטווישען חזן „דיא ק ל אָ נ ־ מ ו ט ע ר". יענער, אזוי שמיעסט פון איהם דיא וועלט, האט אין זיין צייט געוויינט עפּיס געטליך, בעטעטט: אַלץ מאַמע, מאַמע! גאנץ יודעשליך, מיט דעם

זיבעטען חן. — הערשעלע האט אויף דעם טאַטען קוקענדיג זיך אויך צו־ווייגט און דערפון טאַקי בייא זיך אין הארצען זעהר הנאָה געהאט. מען בעדאַרף וויסען, וואס הייסט אַזוינס בייא א יונגעל ווייגען ראש־השנה און יום־כפור אין שוהל, אז אלע זאָלען זעהען. דערצו טהוען יונגליך שאַרפע מיטעל — שמעקען געביך טאַבאַקע, קנייפּען זיך שטילערהייט, רייבען דיא אויגען — און אונזער הערשעלע איז דאס מאל אזוי גליקליך געווען צרווייגען נאר אָהן יענע אלע זאַכען! דעריבער איז איהם עפּיס גוט געווען אויפ׳ן הארצען פון זיינע טרעהרען, ער האט געקוקט אויף זיך עפּיס מיט גרויס דרך־ארץ, זיך אומגעקוקט אויב מען זעהט וויא ער ווייגט און עס געהען נישט פאַרלוירען זיינע טרעהרען, דערבייא טאַקי אלץ געטאַפּט היגטערווייליכס דיא באַקען אויב זייא זייגען גוט נאַס.

א פּאָר טעג נאך ראַש־השנה איז מלכה־טויבע אַוועקגעפאָהרען א היים, מיטפיהרענדיג מיט זיך גאַנצע זעק פּעדערען, וואס זיא האט אין עטליכע גע־הייבענע ערטער אָנגענומען, איבער דעם ווינטער עס אויסצופּליקען; אויך פּאָדים א היבש פּעקיל אויף זאָקען אויסצואַרבייטען און דערצו נאך אַביסיל סחורה אין גלייכען נעלד: זייף, קראָכמעל, ציטץ אויף קליידליך מיט רויטע גרויסע קווייטען, עפּיס נאר א מיאוסע מציאה און דיא בעריהמטע גלופּסקער שוועבעליך, וואס ווערען אויף דעם פייער אפילו נישט פאַרברענט און מעגען זיין א גוט מיטעל צו לעשען מיט זייא שרפות. אוועקגעפאָהרען איז זיא עפּיס בייז, פול מיט פאַרדראָס. זיא איז ברוגז געווען, שטאַרק אָנגעכאָדען אויף טריינע־סאָסלען, מיט וועלכער זיא האט נאך דעם גרויסען גוט לעבען זיך מיאוס צרווערטעלט און פון דער שטאַרקער ליעב־שאַפט האט זיך אויסגעלאָזט א טייך. — ניין מאָס רייד קלעקט פאַר צווייא ווייבער נישט מעהר וויא אויף א פּאָר טעג. ביז וואַנען ס׳איז נאך געווען פון וואס, פון וועמען צו ריידען האט דער צונג געקלאַפּט, געטאָהלען, קוים אָבער האט זיך אויס־געלאָזט רייד, האבען זייא אָנגעהויבען איינער צו דער אַנדערער זיך צוקוקען, איינער אין דער אַנדערער אויסצוזוכען פעהלער און זיך געבלאָזען. מלכה־טויבען איז נישט געפעלען דער אייננעהער, וואס קומט אלץ צו טריינע־סאָסלען, מאַכענדיג מיט איהר קוצעניר־מוצעניו, און נאך ווען? אין אַזעלכע טעג, וואס א פיש אין וואַסער ציטערט. היינט איז איהר אויך נישט געפעלען וואס דאס טיכיל אויפ׳ן קאָפּ איז איהר אַרויפגערוקט, אַזוי אז עס קוקט אַרויס האָר; וואס הינטערען קליידיל רוקט זיא אַרונטער עפּיס א באַרג מיט שמאַטעס מיט רייפען, בכדי עס זאָל אויסקומען, מחילה, דיקער, גרעבער. זיא האט איהר מכח יענס געגעבען אָנצוהערעניש: עפּיס נישט וויא בייא א יודישער טאָכטער, אויף עטליכע מאָל

אליין מיט איהרע כשר'ע הענד גענומען און אראפּגעלאָזט איהר נידעריגער אויפ'ן שטערען דאס טיכעל, א טאפּ געטהאָן איהר פון הינטען דאס קליידיל, געמאכט דערנאך פון דיאביידע פאָרענט־צו אויסגעשטרעקטע הענד א קאלבדיגען בייגעל, געשאָקעלט דערבייא מיט'ן קאָפּ, אויסציהענדיג דיא ליפּעליך עפּיס מיט א משונה זויער קרימעלע, גלייך וויא גערעדט: אָ־אָ, האסט־דוא עס א ב אָ מ ב ע, בעהיט זאָל מען ווערען! ט ר י י נ ע ־ ס אָ ס ל ע ן ווידער האט נישט געטויגט צו דער זאך א פרעמד אויג, האבען לעבין זיך א רביצען. איהר איז אויך גרויס געוועזען אין דיא אויגען מ ל כ ה ־ ט ו י ב ע ס עסען, וויא זיא פּאקט, עסט פאר צעהן און קען נישט חאפּען דיא זעט, עפּיס נאָר א היישרעק! אין דעם פּסק, וועלכען זיא האט איינמאל געחאפּט פון דער בעל־הבית'טע, האט זיא בייא זיך בעשולדיגט מלכה־טויבען — דאס האט זיא איהר צוגעשטעלט א היהנטער־שיסעלע, דאס איז טאקי נאָר איהר מלאכה. מ ל כ ה ־ ט ו י ב ע האט טאקי א פּאָר מאָל זיך געשושקעט עפּיס מיט דער בעל־הבית'טע, געגלאָצט מיט דיא אייגעליך, מאכענדיג א פארפרומט פּנימיל און אלץ געשפּיגען, געשנייצט דיא נאָז. און אז ט ר י י נ ע ־ ס אָ ס י ל איז דארויף אָנגעקומען, איז דער שמיעס פּלוצלים איבער־געהאקט געוואָרען. מ ל כ ה ־ ט ו י ב ע האט, רויט ווערענדיג וויא א צוויק, זיך געקראצט, געדרעהט, געמאכט מיט דיא אקסלען און געבליבען דערנאך שטעהען מיט א קרומען רוקען, איינגעהויקערט וויא א קאטץ, אונטערשפּארענדיג דיא באַק מיט א פינגער... הבלל, דיא פריהערדיגע ביידע חבר'תות, וואס זיינען געוועזען דאס לעבען מיט דער נשמה, האבען זיך געבלאָזען, איינע דער אנדערער געגעבען אָנצער־הערעניש מיט שטעכווערטליך. דיא — יענער א פּיק, יענע — דער א פּיק, ביז זייא זיינען לכסוף ארויס מיט דיא געשליפּענע צינגליך און האבען זיך גוט צוקריגט. און מ ל כ ה ־ ט ו י ב ע, שטארק אויפגעבראכט אויף ט ר י י נ ע ־ ס אָ ס ל ע ן, האט ביים אוועקפאָהרען אויסגעלאָזט איהר כעס צו דער גאנצער וועלט און צו איטליכען בעזונדער: צו דעם בעל־העגלה. פאר וואס א צעהן גראָשען מעהר וויא בייא אנדערע געהמט ער, נישקשה, בייא איהר און זעטצען — זאָל איהם ארויס־זעטצען דיא נשמה! — זעטצט ער זיא אראָפּ אונטען, צווישען דיא אָקענענדיגע פּארשוינען; צו דעם מעקלער, וואס האט זיא געמאָהנט א דרייער פאר זיין טירחאָ, רופענדיג זיא: מ ו ה מ ע; צו דער קוה, וואס איז אונטערגעקומען אויף דער גאס צום וואגען, גאנץ היימעש וויא אין אייגענע, אָהן גרויסע צערעמאָניעס, זיך אריינגע־שטעקט דיא מאָרדע אונטער איהר געזיים און ארויסגעשלעפּט א פול מויל שטרויא, נישט געמיינט חלילה עמיצען דערמיט צו בעליידיגען, נאָר גלאט אזוי, וויא דער

שטיינער איהרער איז שטענדיג, חאַפּען א לעק פון דיא וואָנענס; אויף צו דעם יונגען מאַנטשיק להבדיל, וואס דרעהענדיג דאס שטעקעלע, אויף זיין שטיינער, ביים געהען אויף דער גאַס, האט ער, שטופּענדיג זיך הארט ביים וואָגען, מיט'ן סקיפּקעלע איהר דערלאַנגט א זעטץ אין פּנים, שיעור אייו אויג איהר נישט ארויסגענומען. עס פארשטעהט זיך אומנערען, נישט געמיינט חלילה קיין שלעכטס. הכלל זיא האט זיך נעוואָרפען, אומזיסט־אומנישט אויסגעלאָזט איהר צאָרן צו דעם, צו יענעם און צו גאַנץ גלופּסק, וואס האט נעמענט פון איהרעטוועגען איינגעזוונסען ווערען, גלייך וויא דיא אלע נעביך זיינען שולדיג דאַרין, וואס טריינע־סאָסיל איז א הוטצליכע, א שלאַק פון זיין ליעבען נאָמען:

דער בעל־העגלה האט זיך גענומען מחילה בעטען זיינע געפּגר'טע פערד, וואס ביים מעקלער, דעם בעל־העגלה'שען שדכן — א בריה אויף צו פּאַרגרעסערען וויא געוועהנליך אלע אנדערע שדכנים — הייסען אזעלכע לייבען, אַדלער, און דיא נבלות האבען נאָך א צעהנדלינג בייטשען זיך נעקוועטשט, מטריח נעווען דיא אלטע ביינער זיך צו ריהרען פונ'ם אָרט, ארויסשטעקענדיג דיא צינגליך און אונטערשטייסענדיג זיך מיט דיא אויסגעקראַבענע דינע ווידעליך. מלכה־טויבע האט נאָך דעם צעהנטען מאָל געזעגנען זיך אויסגעשטרעקט דיא האנד פונ'ם וואָגען און נאַכגעשריגען דעם מאַן איבער דער גאַנצער גאַס הויך אויף א קול:

— לייזער־יאַנקיל! למען־השם פארגעס נישט מכה יענס!... ברייננ א היים עטליכע פּעקליך ציקאָריע! לייזער־יאַנקיל, למען־השם שוויטצען! טרינק אויס עטליכע גלעזליך טרוקענע מאַלינעס! הערשעלע! דעם טאַטענס שטיקעל פּעה ליגט איינגעבונדען מיט דעם וועג־היטעל! געדיינק־זשע שוויטצען!...

### ז.

נאָכדעם אז הערשעלע האט ארויסבעגלייט דיא מאַמע, איז ער גע־נאַנגען ווידער אין זיין רוה אריין, אהין אין קל־יזיל, וואו ער איז שוין געווען אביסיל היימעש. עס האבען איהם אהין געצויגען וויא א מאַגנעט צוויא מענשען דאָרט — איינער א גרייזדגרויער יוד, ר' אברהם מקבל און דער אנדערער, משה'לע, איין אָרעם בחור'ל, מיט איהם כמעט אין איינע יאָהרע

ר׳ אברהם איז געווען פון די געהייבענע מקובלים, וואס רעכנען זיך ביי יודען צום קאפיטעל כל־קודש און שטעהען אויף דער צווייטער שטופע נאך די דיינים. דער טיטעל זייערער איז געוועהנטליך: שיינע יודען. דעם גרעסטען טהייל טאג איז ער געזעסען אין קלייזיל איבער א ספר און געגעבטינט האט ער ביי זיך אין דער היים. ער איז געווען זעהר איינגעזעהען ביי די אלע בעלי־הבתים אין קלייזיל, פון וועלכע דער גרעסטער טהייל האבען נאך בעל־הבית׳לוויס, באלד נאך זייער חתונה, איהם דא געטראפען אזוי דיענען נאט און זיינען מיט איהם דעריבער שטארק געוועהנט געווארען. אהן איהם וואלט דאכט זיך דאס קלייזיל קיין קלייזיל נישט געווען, עס וואלט עפיס געפעהלט. ר׳ אברהם האט געהאט איינגאנג אין פיעל לייטעשע הייזער און זיך געריבען ארום נגידים, צו וועלכע ער פלעגט א מאל אריינקומען א שבת־צונאכט אויף א גלעזיל פונש, מאכען מיט זיי עפיס א שמיעס, נעהמענדיג דערביי א גוטען ציגאר־טיטון און וועלכע עס פלעגען איהם א מאל אויסהערען ווענען א שידוך. דער נאמען שיינער יוד האט איהם באמת טאקי געפאסט. אויף זיין קאפאטע האט זיך נישט געפונען קיין שפריינקעלע, שטענדיג ריין, גאנץ אהן א ריס, אהן א טרעי, אין דער קעשענע א נאז־טיכיל, קיינמאל נישט געשפינען, נישט געשנייצט די נאז פרייא אקעגען מענשען אין פנים אריין און נישט געווישט זיא מיט דעם ארבעל אדער מיט איין עק פאלע וויא אנדערע. זיין שווארצע, סאמעטענע יארמולקע איז געווען פריש, פיין אהן פע־דערען, נישט פארשמאלצעוועט דיק מיט פעטע מיאוסע פלעקען, איין עפוש, פון פארטריקענטען שוויים. דאס פנים קוויטער מיט א מיטעלער בארד, ריין, וויים, וויא אויסגעפאלענער שנייא. די געדיכטע גרויע וואנצעס נישט אפגעשאטען מיט טאַ־באקע פון א מיתה משונה קאליר און אויף די ליפען שטענדיג א גוט שמייכעלע.

ר׳ אברהם איז שטענדיג געווען אויפגערייטט מיט א פרעהליכער מינע און אז ער האט געטהאן אמאל א זיפץ, איז דאס נישט געווען פאר זארג און יסורים, נאר גלאט אזוי זיך א יודיש זיפצעלע, וויא דער שטייגער איז ביים עפענען א ספר, אדער מאכען ברכה, נעהמענדיג אין האנד א גלעזעלע וויין, אויף ביים שטעלען זיך דאווגען. זיטצענדיג אין קלייזיל ביים טיש איבער א ספר פלעגט ער געוועהנטליך ליעב האבען שמיעסען מיט מענשען, הערען וואס דער, וואס יענער דערצעהלט חדשות און אליין טאקי עפים אויף דערצעהלען. ביים ריידען פלעגט ער גלעטען מיט דער האנד דעם שטערען, אויך אונטערהייבען א קאפעלע די יארמולקע, פאכענדיג פאר־מעליכען מיט איהר אויפ׳ן קאפ. איהם האט נישט אויסגעמאכט דערוואקסענע מעניטען, אדער יונגע לייט, בחורים׳ליך, ער האט געערדט געהרען מיט אלע גלייך,

גענומען צום הארצן איטליכענס א זאך און נישט אװעקגעמאכט קײנעם מיט דער האנד. יונגליך זײנען אויך מענשען. דאס װאָרט „שקאָץ“. װאס ער פלעגט עס זאָגען א מאל מיט א שמײכעלע אײנעם, א יונגען מאן, האט עס געהײסען בײא איהם א סימן פון ליעבשאפט, אז ער האלט פון יענעם זעהר שטארק.

ר׳ אברהם האט באלד פוג׳ם ערשטען טאָג זיך צוגעקוקט פון דער־װײטענס צו הערשעלען װיא ער פיהרט זיך גוט אויף און געטראכט בײא זיך: א װאויל קינד אונזער לײזער־יאנקילס, מען בעדארף איהם מקרב זײן. אז הערשעלע איז אײנמאל פארטיפט געװען אין דעם לערנען אונטער־שפארענדיג דעם קאָפּ מיט בײדע הענד אויפ׳ן שטענדער, האט ר׳ אברהם פארבײנעהענדיג לעבין איהם זיך אפּגעשטעלט, ארײנגעקוקט פון דער זײט צו איהם אין דער גמרא, איהם אזוי זיך פון־אויבען־אויף א פריװ געטהאָן, א פרעג געגעבען, װאס בעװאָהרענט רש״י דאָ מיט זײן כלומר? װאס דער תנא לאָזט מיך דאָ הערען? און װאו ליגט דאָ דער רעכטער קװעטש? . . . ר׳ אברהם אלײן האט נישט געהאט קײן שפּיצעכדיגען קאָפּ, אויפצוטהאָן שארפע פשטליך, ער איז געװען נאָר א בעל־הבתישער למדן. זײן עיקר לערנען איז געװען מוסר־ספרים, עין־יעקב און מדרש, װאו עס געפינען זיך װאונדערליכע מעשיות, װערטליך, משלים, שײנע אײנפאלען. אויך האט ער געזופט „זוהר“ װיא װאסער, אָפּגער פרישען זיך נאָר מיט דיא װערטער אלײן, נישט אָפּצושטעלען זיך לאנג איבער א הארב װאָרט, צוטרעפען דעם רעכטען טײטש. צײטענװײס פלעגט איהם פ.וצלים עפים געבען א בריה — און ער האט זיך גענומען זופען „זוהר“ געשמאק מיט חשק, דיא אויגען האבען איהם געפלאקערט, דאס פנים געפלאמט, װיא בײא א פארליעבטען. דאס פלעגט זיך מיט איהם מאכען געװעהנטליך בײא יענע שטעלען דאָרט, װאו נאָט שפּאצירט אין גן־עדן מיט דיא צדיקים, דיא בײמער שמעקען, גיבען פון זיך ארוים זיסע ריחות פון בשמים, כתות, כתות פון מלאכים שפּרינגען קדושה, לויבען, ריהמען, בעשײנען זײן הײליגען נאמען און זאָגען שירה; װאו דיא „שכינה“ צוגיסט זיך אין הײסע, הײליגע געפיהלען, בײנקט, קרעכצט, ברומענדג װיא א טויב פאר גרוים ליעבשאפט צו דיא כנסת ישראל. א מאל קלאָגט זיא, װײנט אויף זיך װיא אויך אויף איהר געליעבט פאָלק, װאס איז געביך אזוי פארװאָגעלט, פארשװארצט אין גלות און א מאָל טרײסט זיא איהם, איהר טהײערען זיסען געליעבטען, נעהמט איהם אײן מיט זיסע רײד און גוטע האָפנונגען אויף שפּעטער. נישקשה, זײא װעלען זיך נאך אם־ירצה־השם צוגוי. געהען — און דענסטמאָל װעט זײן אזא לעבען, װאס דיא װעלט האט עס נאך נישט געהאט. . .

דער זוהר דאס איז א סיני, א פייער־שפייענדיגער בארג פון הייליגער, ריינער ליעבשאפט, דאָרט זיינען זיך משדך דיא ערד מיט דעם הימעל, מלאכים, שרפים מישען זיך אוים אין־איינעם מיט מענשען און ניבען, קושענדיג זיך, איינער דעם אנדערען איבער געטליכע נעפיהלען; דאס איז א פייערדיגער זייל פון ליעבע, וואס האט צום ערשטען מאָל א שיין נעגעבען פאר יודישע קינדער אין דיא מיטעלע יאהרהונדערטען, ווען ארום זייא איז געווען שטאָק־פינסטער, ווען פיינדשאפט, ווילדע אכזריות, פארבלענדזקייט האבען זייא אָנגעטהאָן געברענטע, גע־בראָטענע לייד און פארניפטעט זיא געביך דאס לעבען. — דאס איז דער ערשטער יודישער ראמאן, דער „שיר השירים", דער ראָמאן פון אלע ראָ־מאנען... ר' אברהם איז אין זיין נראד געווען, וויא רופט מען עס עפיס, א פּאָעט. עס האט איהם עפּיס געצויגען צו הנדתות, צו דיא וואונדערליכע, שיינע זאכען אין דעם זוהר און איז אויף זיין שטיינער געווען פארליעבט. דיא גמרא אקענען איז פאר איהם געווען א טרוקענע זאך, וואס דערנעהרט דעם שכל און קוויקט נישט דאס הארץ. ער האט דעריבער דאס לעהרנען זיא געהאלטען נאָר פאר א מוז און נעלעהרענט אויף אזוי פיעל נאָר, וויפיעל איהם איז עס נייטיג געווען צום עסק: אין דיא ניין טעג, א שטיינער, צו מאכען א סיום, בכדי דיא בעלי־הבתים זיינע זאָלען מענען עסען פליישינס, ערב־פסח א סיום פאר זיינע בע־קאנטע בכורים, זייא זאָלען דעם טאָג נישט פאסטען און א פרק משניות אלע טאָג מיט א רבנן־קדיש פאר א מת, וואס דארויף האבען איהם דאָך דיא יורשים געדונגען אויף א גאנץ יאָהר. פון דעסטוועגען איז איהם דיא גמרא געווען הייליג און האט שטארק הנאה געהאט אז יענע לעהרנען. אז הערשעלע האט געלעהרענט איז עס בייא איהם געווען זעהר אָנגעקיינט, מהיכא־תיתי שיין, גאנץ פיין. און ווען ער האט פארביינעהענדיג הערשעלען א פרעג געטהאָן, וואס רש"י בעוואָהרענט מיט דעם כלומר? איז דאס געווען גלאט איין אויסרייד, ווייל אזוי האט עס איהם געפאסט, נישט געמיינט נאָר ארייגצולאָזען זיך דאָ מיט איהם טיעפליך אין א פלפול. אבי הערשעלע האט עפיס גענטפערט, זיך נעדרעהט מיט דעם קעפיל, מאכענדיג דערבייא מיט א פינגער, איז עס פאר איהם שוין געווען גאנץ גענוג — א סימן אז הערשעלע איז א גוט יונגעל, איין עהרליך קינד — און ער האט איהם דערפאר שוין טאקי ליעב בע־קומען.

משה'לע — א שווארצ־חנ'עוודיגער מיט פרישטשיקליך אויפ'ן ברייט־פלאטשיקען פנים, איז געווען א שטיק יונגעל, א שלאפס פון אָרמע עלטערען,

עהרליכע לייט, בייא וועלכע ער איז נעביך פון סינדרוויים אויף שטארק אָפּגעקומען
אין נויט, אין דחקות און זיך קיינמאל זאט נישט אָנגעגעסען. נאך נאר קליינער־
הייט האט ער זיך ארויסגעוויזען פאר א פארשטענדיג קינד מיט א גוט קעפּיל צום
לעהרנען און דאס איז בייא דיא עלטערען געווען דער איינציגער טרייסט אין זייער
ביטער לעבען. זייא האבען אָפּגעשפּאָרט פון דיא נייטיגסטע בעדערפעניש, פיעל
מאָל נישט דערגעסען, נישט דערטרונקען, בכדי צו צאָהלען פאר מ ש ה׳ל ע ן
ש כ ר־ל י מ ו ד, אבי זייער מ ש ה׳ל ע זאָל קענען לעהרנען און דערמיט אליין
זיינען זייא געווען זאט, זעהר צופריעדען. אויב יודען זיינען אויך מענשען וויא אלע
אנדערע, אָדער נישט ? — דאס איז א גאנץ אלטע שאלה, מיט וועלכער דיא וועלט
דולט זיך שוין פון אייבינע יאָהרען און ביז היינט נאך נישט געקומען צו קיין עק.
נאָר דאס אָבער איז א גאנץ קלאָהרע, געוויסע זאך, אז דער יודישער מאָגען איז
עפּים גאר אנדערש וויא בייא אלע אנדערע מענשען. דען וואו נאך איז דאָ אזא
מאָגען, וואס זאָל זאט זיין מיט ת ו ר ה, מיט לעהרנען, וויא בייא יודישע קינדער?
בייא ווען נאך פון דיא אלע פעלקער איז אין זייערע ספרים דאָ אזא אויסדרוק,
א:א פסוק „ו ת ו ר ת ך ב ת ו ך מ ע י“ און דיין ת ו ר ה איז מיר אין מיינע
געדערם, וויא בייא אונז יודען? דאס מעגען י ע נ ע דאָרט אין דער וועלט
הערען און זיך גוט בעטראכטען. אזא מאשינע, אין וועלכער עס ארבייט אזא געמ־
ליכע קראפט איז איין אייביג געוועהר און וועט פון יענעמס א בלאָז מיט דעם מויל,
פון יענעמס א קלאפּ מיט דער האנד זיך נישקשה נישט אנידערשטעלען. אזא
זייגער, וואס געהט דורך עלעקטריציטייט — דורך דעם גייסט פונ׳ם חומש׳ל, פון
נאָטס הייליג וואָרט, וועט אייביג ווייזען דיא צייט פון טאָג און נאכט און קלינגען
אין דער וועלט. מ ש ה׳ל ע האט געלעהרענט און דיא אָרמע, הונגעריגע עלטערען
האבען זיך געקוויקט, גרויס נחת געהאט. אז דאס קינד איז אונטערגעוואקסען און
שוין אין שטאנד געווען אליין א בלעטיל נ מ ר א איינצובייסען, איז ער ארויס
פונ׳ם חדר און זיך געזעטצט לעהרנען פאר־זיך דאָ אין קלייזיל. איז איהם אויסגע־
קומען א מאל אין דעם לעהרנען קריישיש, עפּים א הארבליך שטיקעל, פלעגט ער
זיך ווענדען צו יודען לומדים און זייא פלעגען איהם העלפען ארויף אויפ׳ן וועג.
מ ש ה׳ל ע, פון דער נאטור א שעהמענדיגער מיט א גוטען, ווייכען חאראקטער,
דערצו נאך א שלאָפער, א קריינקליכער, דערשלאָגען פון דער ביטערער נויט —
איז געווען שטענדיג וויא עפּים פארטראכט, און זיך געהאלטען אָפּגעזונדערט פון
איטליכען אין דער זייט. מען האט פון איהם נישט געהערט קיינמאל קיין הויך
קול, זיך געזעסען אין א ווינקעלע און געלעהרענט שטיל. אזוי איז ער אויך געווען

צווישען זיינע חברים, בעקאנטע יונגליך, קיינעם נישט בעליידיגט מיט א גראָב וואָרט, נישט אָנגעריהרט קיינמאָל אפילו א פליג אויף דער וואנד. שוויינען דאס איז דער שטיינער זיינער געווען שטענדיג, דערפאַר אָבער האבען בייא איהם גערעדט דיא אויגען. אך, רבוני של עולם, וואס פאַר א אויגען! וואס זיינען דאס געווען פאַר א אויגען! אויף א קריינקליך־בלייך פנים פלוצלים אזעלכע צווייא אויגען! זייא האבען עפּיס גערירט בייא דער נשמה, ארויסגענומען א מאָל בייא יענעם דאס הארץ, עפּיס איז אין זייא געלעגען א גאנצער אָפּגרונט, עס האט זיך ארויסגעקוקט דיא מינדסטע בעוועגונג, אלסדינג, וואס אינוועגדיג דאָרט אין איהם געהט פיר. דער ערגסטער קונדס אפילו קוים האט ער געפּיהלט אויף זיך משה'לעס אויגען, איז ער באלד אָפּהענדיג געוואָרען און עס האט איהם נישט דערלאָזט דאס הארץ אָנצוריהרען איהם מיט א פינגער. הערשעלע האט אנפאנג אויף משה'לען זיך געבלאָזען. עס האט איהם פארדראָסען, פאַר וואס האלט ער זיך ווייט פון איהם אין א ווינקעלע, אָנגעהמענדיג עס פון משה'לעס זייט פאַר שטאָלצקייט. הערשעלע אליין איז בייא זיך אין הארצען געווען א שטיקעל גדלן, נישט געקענט ליידען, אז איהם זאָל מען נישט בעמערקען. ער איז געוועהנט געווען בייא זיך אין שטעדטיל זיין שטענדיג דער ערשטער און היינט מאכט איהם עפּיס משה'לע גלאט אזוי אוועק. ניין, האט ער בייא זיך געטראכט, אנדערש וועל איך מיט איהם נישט בעקאנט ווערען ביז ער מוז פריהער צו מיר קומען. אז א פּאָר טעג אָבער איז אוועקגעגאנגען און משה'לע איז אלץ טאקי נישט געקומען, האט הערשעלע שוין נישט געקענט מעהר אויסהאלטען און איז מיט זיין כבוד אליין צוגעגאנגען צו משה'לען מיט דער דעת איהם אָנצולעהרנען — ארויסרופען איהם אויף א פּאָיעדיניק, מיט א ווייזעניש אין דער גמרא, אדרבה, לאָז מען זעהען ווער וועמען וועט איבערשפּארען. דיא מלחמה צווישען זייא האט זיך אָנגעהויבען. איינער דעם אנדערען האט פארגעבען א ווייזעניש. הערשעלע האט זיך געהיצט, זיך געוואָרפען, געדרעהט אהער־אהין מיט אלע אברים. משה'לע אקעגען האט זיך אויסגעדרעהט, אָפּגעשלאָגען דיא קלאָטץ־קשיות רוהיג, געלאסען, און דער שפּיטץ איז געווען — זייא זיינען געוואָרען חבר. הערשעלע האט דערקענט, אז ער האט אין משה'לען געהאט א גראָבען טעות, און איז צו איהם וויא צוגעקאָכט געוואָרען. וואס ווייטער, ווייטער איז דיא ליעבשאפט צווישען זייא געוואָרען אלץ גרעסער, שטארקער, ביז זייא האבען זיך צונויפגענומען און ביידע אין־איינעם געלערנט איין מסכתא. ר' אברהם האט זייא דערפאַר ביידע געלויבט

אין דיא אויגען, איטליכען בעזונדער געריפצן מיט א שטייבעלע „שקאָץ“ — און דיא פריינדשאפט צווישען דיא אלע דרייא איז געוואָרען שטארק.

## יח.

לייזער־יאנקיל האט געטהאָן דעם ווייב׳ס רצון, געטרונקען בייא־נאכט פאר׳ן שלאָף טרוקענע מאלינעס און געשוויצט. אויף מאָרגען האט ער נאך ארומגעבונדען דעם האלז מיט דעם שטיקעל פעה, וועלכס הערשעלע האט געפונען טאקי דאָרט בייא איהם אין דעם וועג־מיטציל, און אויך אויסגעזופט א פאָר לייזע אייער. נאָר דאס אלסדינג אָבער האט נישט געהאָלפען. ער האט זיך א פנים שטארק פארקיהלט דעם צווייטען טאָג ראש־השנה ביים דאווענען. דיא ברוסט אז איהם אלץ טאקי געווען פארלייגט און ביים פריווען דאס קול פלעגט ער פיהלען א שטאָך אין דער לינקער זייט. טילא א שטאָך יאק א שטאָך, דאס וואָלט איהם אזוי נאך נישט געארט, צו שטעכעניש איז שוין א יוד געוועהנט און מאכט זיך נישט וויסענדיג. גוט געארט האט איהם אָבער דאס קול — דאס איינציגע מיטעל זיינס צום לעבען, פון וואנען ער ציהט דאס שטיקעל פרנסה, דערנעהרט, מישטעהנס־געזאָגט, דערמיט ווייב און קינדער. אָט איז שוין באלד יום־כפור, ווען דיא „כלי“ איז איהם אזוי נייטיג, מען בעדאַרף אויף איהר אזוי פיעל ארבייטען — און, דאָ איז ער גאר הייזעריג. ער האט אראָפגעלאָזט דיא נאָז און געהאט דערפון גרויסע יסורים. דיא שמש׳טע האט געפיהלט זיין הארץ, און פאר גרויס רחמנות זיך נעגומען איהם צו היילען מיט אלע באבסקע מיטעל. זיא האט איהם געשטעלט א גרויסע שפאניש־פליג, געמאכט עפּיס א שמירעכטס אויף איינצור יבען אונטער׳ן לעפעלע, געגעבען איהם טרינקען עפּיס קרייטיכצער אזוינע, פון איין אלטער דאָרפּס נויע, אויך ראָסעל פון אוגערקעס, אונטערגערייבערט איהם מיט פעדערען, געגעבען איהם שמעקען טאבאקע, איבערגעברענטע, געמאָהלענע קאווע, אָפּגעשפּראָכען איהם אין־איינוועגס טאקי איין עין־הרע אויך און פארבונדען איהם דעם האלז מיט איהרען א גראָבען וואָלענעם זאָק. לייזער־יאנקיל געביך האט וויא א קינד זיך געלאָזט טהאָן מיט זיך אלסדינג, וואס מען וויל, אבי עס זאָל איהם זיין דאס קול.

עס געהט אוועק א טאָג, נאך א טאָג און גארנישט. ערב יום־כפור אין דער פריה האט זיך בייא לייזער־יאנקלין געוויזען עפּיס א קול, אָבער ס׳איז געמלאכה׳ט, נישט זיין „כלי“ וויא שטענדיג, עפּיס גאר א מין בייא־קול,

אונטען גרעבליך און אויבען אביסיל נעפייפט. ער האט געפריווט זאָגען דערמיט דיא „י ע ל ו ת". דיא שמש'טע האט אויסגעהערט און שאָקלענדיג דעם קאָפּ, זיך מיט טרעהרען אין דיא אויגען אָנגערופען:

— געלויבט איז ברוך־הוא וברוך שמו! נאר א דערקוויקעניש חלעבין, נאך בעסער וויא פריהער.

דעם יום־כפור האט ל י י ז ע ר ־ י א נ ק י ל וויא ס'איז אָפּגעשפּיעלט אויפ'ן נייעם מין ביי־קולכי', אלץ הויך, אויף דער דינער סטרונע. בייא איהם איז אויסגעקומען דינם עולם'ס ווערטיל פארקעהרט: „אז מען קען נישט ארונטער מוז מען אריבער". אבי גאָט האט געהאָלפען, ער איז דעם יום־כפור איבערגעקומען בשלום און האט זיך שוין געקענט בענגעהען אָהן דעם קול ביז איבער א יאָהר ימים נוראים, אם־ירצה השם, האט איהם שוין נישט אזוי אויסגעמאכט דאס, וואס ער איז הייזעריגליך. ביז איבער א יאָהר איז נאך גאָט א טאטע. נאָר קוים איז איהם ארויס פונ'ם זינגען דאס קול, האט זיך איהם אָפּגערופען שטארק אין דער זייט דאס שטעכעניש, אזוי אז ער האט שוין נישט געקענט זיך נישט וויסענדיג מאכען און זיך געמוזט צו־הערען. פריהער האט ער זיך געטרייסט אלץ מיט דער האָפנונג, עט, נישקשה! עס וועט פארגעהען, ער בעדארף זיך נאָר א פּאָר טעג איבערלינען. דיא שמש'טע האט אויך געזאָגט: עט, ס'איז גארנישט! ס'איז היינט עפּיס אזא אונטערגאַנג. און דערנאך ערשט, אז ער האט שוין נישט געקענט חאפּען דעם אָטהעם און גע־באָכט מיט דער נשמה — איז געוואָרען א טאראראם, א געפילדער. מען האט אראָפּגעבראכט דעם רופא מיט דעם גאנצען קליפּערגעצייג, וואס האט איהם גע־שטעלט באנקעס, געלאָזט צו דער אָדער און איהם אָפּגעצאפּט א היבש ביסעל בלוט. עס האט איהם אָבער נישט געהאָלפען דער רופא אויך און מען האט איהם כמעט א טויטען אָפּגעפיהרט אויף א וועגעלע אין דעם בקור־חולים, וואו ער איז עטליכע וואָכען אָפּגעלעגען שטארק קראנק.

דערוויל איז זיך אזוי אוועקגעגאנגען דער סוכות. אונזער ה ע ר ש ע ל ע האט נעהאט געביך א פארשטערטען יום־טוב. פּונקט אין שמחת תורה איז דעם טאטען געוואָרען אזוי שלעכט, אז מען האט געמיינט, אָט געהט אויס איהם דיא נשמה, און דער דאָזיגער טאָג, דער בעסטער, דער פרעהליכסטער פאר יודישע קינדער, איז בייא ה ע ר ש ע ל ע ן געווען תשעה־באָב. דעם גאנצען טאָג האט ער פאר גרויסע צרות אין מויל נישט געהאט חוץ א שטיקעל לעקאך, וואס ער האט בע־קומען ביים אויפרופען איהם צו דער תורה אין שוהל „עם כל־הנערים". נאָר מישטעהנס־געזאָגט, וואס דאס איז געווען פאר א שטיקעל לעקאך! נאר נים

דאס, וואס א מאָל. איין אנדערס מאָל האט דאס איינענע שטיקעל לעקאך געשיינט
געלויבטען יום־טוב׳דיג, געהאט דעם זיבעטען חן, עפּיס גאר איין אנדער טעם, אויף
איהם איז וויא געשטאַנען אָנגעשריבען „שמחת־תורה !“ עפּיס האט עס גערעדט
ווערטער, געשמעקט מחיה, דערפרעהט דאס הארץ, געשפּייזט און דערקוויקט דיא
נשמה — און דאס מאָל איז עס געווען א וואָכעדיגע זאַך — גלאט אזוי א מין גע־
בעקס, קאָרן־מעהל מיט האָניג, וואס מען קויפט עס אין מארק פאר א גראָשען און
מאכט דארויף א ברכה „בורא מיני מזונות“... בייא יודען האט איבערהויפּט דאס
עסען שבת און יום־טוב עפּיס גאר איין אנדער טעם. ס׳איז דאָ אין דעם עסען,
זאָגען אונזערע אַלטע הייליגע חכמים, א מין געווירץ אזוינס, וואס „שבת“ הייסט
עס ביים נאמען אזא געווירץ, וואס וואקסט ערגיץ נישט דאָ אויף דער וועלט, וואס
פאר קיין גין־גאָלד איז עס נישט צו בעקומען אין דעם האנדעל און קיינעם פון דיא
אלע פעלקער איז עס נישט בעקאנט — דיא הייליגע מלאכים בריינגען עס פון׳ם
גן־עדן פרייטיג איטליכען יודען אין שטוב אריין, וואו זייא שטעלען זיך, וויא אונזער
עולם זאָגט, קאָכען דעם טשאָלענט. פרייא פאר דער גאנצער וועלט קען מען גאנץ
זיכער זאָגען — אנדערע מעגען זיך דארויס לאכען — אז דער וואס האט אינ׳ם
גוטען יודעשקייט נישט פארזוכט קיין טשאָלענט, האט אין זיין לעבען קיין גוטס
נישט געגעסען און ווייסט נישט וואס געקעכטס הייסט אזוינס...

אז דעם טאטען האט עס אָנגעהויבען צו געהען בעסער איז ה ע ר ש ע ל ע ן
ליכטיג געוואָרען אין דיא אויגען. דיא ערשטע צייט איז ער געווען פול פרייד, אזוי
אז ער האט פון קיין אנדער זאך נישט געטראכט, זיך פארגעסען גאר אין זיך אליין.
דערפאר אָבער שפּעטער אביסיל איז איהם דאס טראכטען צוגעטרעטען מיט א
מאָל. עס האט זיך אויף איהם אָנגערוקט א שטארקע מרה־שחורה און ער האט
בייא זיך אלץ געטראכט אזוי: אַט באלד, באלד וועט מען בעדארפען פאָהרען א
היים, נאָר וויא ווארפט מען אוועק דאָ מ ש ה ׳ ל ע ן און ר׳ א ב ר ה ם ׳ ן, מיט
וועלכע ער איז שוין אזוי געוועהנט און עס ציהט איהם צו זייא אזוי דאס הארץ?
הגם דאס פאָהרען א היים איז א גוטע זאך. עס ציהט איהם אהין טאקי — זעהען
דיא מאמע, שוועסטער און ברידער, אויך אלע אנדערע בעקאנטע; נאָר צוריק
געשמיעסט, וואס קען פון איהם דער תכלית זיין דאָרט אין דער היים? עס האט
איהם זיך פאָרגעשטעלט דאס גרויסע עלענט אין דער היים, וויא דאס גאנצע הויז־
געזינד קומט אָפּ נעביך, ליידט הונגער, קעלט און וויא ער אליין פלעגט אויסגעהען
פיעל מאָל פאר א שטיקעל ברויט. דערמאָהנענדיג זיך נאָר אין דעם איז איהם א
גרויל איבער׳ן לייב איבערגעגאנגען. בלייבען־זשע ווידער דאָ — דאס האט זיך איהם

אייך אין קאָפּ עפּיס נישט געלייגט. וואס הייסט בלייבען! בייא ווען בלייבען? גלאַט וויא נעהמט עס א יונגעל איינער אליין אָהן עלטערען און בלייבט! און ווען אפילו אזוי, בלייבען — נוא, וואס... וואס?... אָט אַזעלכע געדאַנקען האבען זיך נעדרעהט בייא הערשעלען אין קאָפּ און ער איז געווען שטארק בעטריבט, אויס מענש. ר' אברהם האט בעמערקט, אז ער איז עפּיס פּונ'ם פּנים אראָפּ און פּאַר גרויס רחמנות זיך גענומען אויספרעגען, וואס מ'ט איהם איז אזוינס, פּאַרט וואס איז אַזוינס דיא מעשה? הערשעלע האט זיך צרוויינט און איהם ארויסגעזאָגט זיין גאַנץ ביטער הארץ. ר' אברהם האט איהם א גלעט גע־געבען ביים קעפּעלע און זיך אָנגערופען:

— נוא, גוט, גוט! איך וועל מיך שוין בעטראַכטען. עס האט נאָך צייט. לעת־עתה וייא נאָר נישט קיין נארעלע און וויין נישט שקאָץ!

## יט.

דער טאטע איז אין עטליכע טעג ארום ארויס פּונ'ם בקור־חולים. עס האט געריסען דאס הארץ קוקענדיג אויף איהם, אזוי בלייך, טויט איז זיין פּנים געווען. ער איז געביך א שווערע קריינק אויסגעשטאנען, כמעט נישט געווען צו דערקענען איהם, אזוי איז ער פּונ'ם לייב אראָפּ. נאָר הויט און ביין. קיינמאל אין זיין לעבען האט הערשעלע אזוי נישט ליעב געהאט דעם טאטען וויא דענסטמאָל, און קיינמאל אין זיין לעבען ווידער האט אויך דער טאטע אזוי גוט, ליעבהארציג נישט געקוקט, אזוי זיס־שטיל אויף א ווייכער־שוואכער שטימע נישט גערעדט וויא אין יענער צייט. עפּיס איז ער אליין געוואָרען א קינד און האט מיט זיין בליק, מיט זיין שטיל־שוואך לשון ארויסגענומען א שטיק געזונט. עפּיס איז דרינען געלעגען א קלאָגען־זיך שטיל אָהן ווערטער אויף דיא וועהטיגען זיינע אין דעם וויסטען לעבען און א געבעט: נעוואלד, גענוג! נישטאָ שוין מעהר קיין כח אויסצוהאלטען...

מען האט בעשיינפּערליך ארויסגעזעהן, אז ווען הערשעלע זאָל זיך נישט געווען שעהמען, וואָלט ער דענסטמאָל אלע גלידער דעם טאטען אויסגעקושט. ער האט זיך אָבער געשעהמט, ווייל קושען זיך איז בייא יודען נישט קיין איינ־פיהר. וויא נעהמט מען עס עפּיס גלאַט אזוי און מען קושט! בפרט א קינד א טאטען!...

ר' אברהם האט אוועקגענומען דעם טאטען אין א ווינקעל און מיט איהם דאָרט א היבשע צייט געשמיעסט, באלד דערויף האט מען צוגערופען אהין

איך הערשעלען און דער טאטע האט זיך געווענדעט צו איהם מיט דיא ווערטער:

— מיר שמיעסין דא מיט ר׳ אברהם׳ן, אז אויב דוא ווילסט, הערשעלע, מעגסט־דוא דיר דא בלייבען.

הערשעלע האט זיך צרוויינט, געקוקט או׳פ׳ן טאטען מיט גרויס ליעב־שאפט און איז נישט אין שטאנד געווען ארויסצוברייגנען א ווארט, אזוי האט איהם פארקלעהמט ביים הארצען. און אז דער טאטע איז מיט א געבעט צר־געשטאנען צו איהם, ער זאל ריידען רייגע ווערטער, האט ער געענטפערט גאנץ קורץ:

— ניין! אהן דיר, טאטע, קען איך נישט זיין...

— אך, הערשעלע! מאכט דער טאטע מיט א זיפץ טיעף פונ׳ם הארצען, נישט אייביג, גארעלע, איז א קינד לעבין א טאטען. וואס קען מען טהאן? איך פיהל, אוי, אז דיא כחות געהען מיר ביסליכווייס אויס. געגוג קריעה געריסען אין מיין לעבען. וויין נישט, הערשעלע, וואס קען מען טהאן? פריהער אדער שפעטער מען מוז זיך שיידען...

— טאטע, טאטע! וויינט הערשעלע מיט א געבעט. א היים טאטע, א היים!

— א היים! האניג ועסט־דוא דארט לעקען, אין דער היים... זיפצט דער טאטע און ווענדט זיך צו ר׳ אברהם׳ן, שאקלענדיג מיט דעם קאפ: זאגט איהם חאטש, ר׳ אברהם.

— זייא נישט קיין עקשן, פע! הויבט אן מיט גוטען ר׳ אברהם. אהן דיר איז אויך דא געגוג אין דער היים. דער טאטע — דוא זעהסט נישט? — האט מעהר קיין כח נים צו הארעווען. פונ׳ם ביסיל געלד, וועלכס ער האט דא פארדינט איז ווייניג געבליבען. א קריינק קאפט. עס געהט א לאנגער ווינטער נאך מיט איין עבור. א רחמנות געביך אויף דיא איברינע קינדער. דוא אליין ועסט דארבען און זייא נאך שאדטען. דעם לעטצטען ביסען, מישטעהנס געזאגט, זייא פונ׳ם מויל אויסרייסען.

פון ר׳ אברהם׳ס דאזיגע ווערטער איז הערשעלען דאס הארץ מיט בלוט פארלאפען און ער האט געגאסען מיט הייסע טרערען.

— דאנק ר׳ אברהם׳ן, זאגט דער טאטע, דאנק זייא פאר זייער גוטס־קייט, צו זארגען זיך דא פאר דיר און צו האבען אויף דיר השגחה. געה מיין קינד

אין רעכטען וועג און פאָלג ר׳ א ב ר ה ם׳ ן וויא א טאטען. זייא מיינען — דוא הערסט? — דיין תכלית. נאָט זאָל זייא נאָר דערלייגנערן דיא יאָהרען.

— א־נוא, שקאָץ! מאכט ר׳ א ב ר ה ם, א קלאַפּ געבענדיג פּאַמעליכען ה ע ר ש ע ל ע ן אויף דעם אקסעל, מיט א זיס שמייכעלע. אזוי, אזוי! וויש דיר אויס דיא אויגען און געה דיר, געה אצינד צו דיין חבר דאָרט, דעם שקאָץ...

פריה האט אין יענעם יאָהר זיך געשטעלט דער ווינטער. פּלוצלים, איידער דער עולם האט זיך ארומגעקוקט האט פון צפון זייט א בלאָז געטהאָן א קאַלטער ווינד און זיך אָנגערוקט א בייזע, פינסטערע חמארע — דעם ווינטערס צווייא קאָ־זאקעס — לויפענדיג פאָראויס מיט א שטורם, א פייפען: „ציטערט לעבעדיגע בעשעפעניש! אָט קומט ער, דער קאַלטער פעטער און וועט אייך אָנרייבען א רויטע נאָז"... דיא פעלדער ליגען שוין בעגראָבען אין דעם ווייסען קיטעל פון שנייא. דיא בוימער דאָרט שטעהען אָפּגעשמיסענע, נאקעטע, אראָפּגעלאָזען דיא קעפּ און דיא צווייגען געפּענטעט מיט קייטען פון פלימערליך, פּרעזענטעס אייז. פון פייגעל און וואָלד־חיה׳ליך איז נישטאָ קיין שפור, אלע וויא אויסגעשטאָרבען, דיא ליגען באהאלטען טיעף אין דיא לעכער. יענע האבען בעצייטענס געמאכט א פּליטה — אוועק וואָהין דיא אויגען טראָגען, און אומעטום איז שאַ, שטיל. נאָר וואָראָנעס דרעהען זיך ערטערוויים ארום אין דער לופט, עפּיס האבען זייא געשעפּטען: חתונות אָדער גלאַט אזוי אסיפות וועגען קהל׳שע זאכען — און ווייסט זייא דער גוטער יאָהר וואס זייא קראַקען דאָרט, קרעכצען, רייסען זיך אויף דיא העכזער... ווייט ארום און ארום הערשט שוין אין דער וועלט דער ווינטער, נאָר דיא יודישע שטאָדט, ג ל ו פּ ס ק, זיא אליין וויל זיך איהם נאך נישט אונטערגעבען. ער פיהרט מיט איהר א שטארקע מלחמה. ער שיקט אָן אויף איהר א פרעסטיל, און דיא קאַליזשעס איהרע אין דיא גאסען געהמט נישט קיין קויל, בלייבען טאקי דאס, וואס פריהער; ער רעגענט אויף איהר מיט גרייפּליך־שנייא, און אומזיסט זיין מיה, בלאָטע! . . . דיא ג ל ו פּ ס ק ע ר יודעליך גיבען זיך א שאָט וויא דיא מורעש־קעס, טרעטען עס מיט דיא פיס און מאכען דאַרויס א קאשע, א שיטערע, א גרויא־שוואַרצליכע בלאָטע; ער שטעלט זיין וויים שנייען פענדיל אויף דעבליך, צום בעוויז, אז ער איז פון אויבען — קומען הונגעריגע קיה, נאגנצע מחנות ציגען און שליידערען עס אראָפּ ביים ארויסשלעפּען הויפענוויים שטרויא אויף־צופרעסען, אָדער יודען, יודענעס קומען מיט טעפּ, מיט צעבערעס, שטופּען עס אָן פול מיט דעם ראָזיגען שנייא, צו מאכען דערפון וואסער אויף קאָבען. אויך איז דאָ אקענען דעם נאך א מיטעל — שרפות. בייא יודישע קינדער נעהמט זיך דענסטמאָל גראָד

אָן דיא קוימענס און גלופסק נעטצט... גלופסק שטעלט געוועהנטליך דעם ווינטער ארויס אפייערדיגען צונג — ער, דער ווינטער, קנאקט, בלאזט, שטורמט, און יודעליך זיינען איהם מבטל! געהען זיך נאקעט, באָרפיס, גלייך וויא נישט זייא מיינט מען, אָדער וויא זייא טהוען איהם אויף צו להכעיס.

און בשעת דער דאזיגער מלחמה פונ'ם ווינטער אין גלופסק שטעהט דארט לעבין דער קאַבצאַנסקער אכסניא א יאָזדע מיט דריי דאָרע מירי־דענדיגע, קרומרוקענדיגע, קאלטונעוואטע, לאנג־האלזדיגע און קורץ־וויידעלדיגע פערד, מחילה, וואס האבען עס בעדארפט פאר זייערע זינד זיך מטריח זיין שלעפען קיין קאַבצאַנסק איהר'ע אַ פּאָר מנינים יודען אין צווישען זייא אייך אונזער לייזער־יאַנקלין. דער מעקלער באַברעט זיך עפּיס ארום דעם וואגען, שארט צונויף מיט דער בייטש דיא שירים — עטליכע בלעטליך הייא און פאר־קרימענדיג זיך מיט איין אייגעל אויף איינעם פון דיא פערד, דערלאנגט ער איהם א טראַך אין דער מאָרדע, גלאט אזוי זיך, שילטענדיג דערבייא: אַ־אַ פגר'ן זאלסט־דוא, פגירה איינע! וויא ער קען עס אביסיל נישט איינשטעהען אויף דיא פיס... פליהען גלוסט זיך איהם, דעם אָדלער, דעם שיינעם. אַ, פליהען זאלסט־דוא צו אלדע שווארצע יאהר! לייזער־יאנקיל איז אנגעטהאָן אין זיינע יוענ־קליידער און אויפ'ן קאפּ אָנגערוקט דאס מיטצעל, גיך אין איילעניש צוגעקומען צים וואָגען. הערשעלע מיט אפעקיל נאך איהם, און איבערגעבענדיג עס דעם מעקלער צו דיא הענד מיט א געבעט, ער זאל מאכען א גוט געזייס, זיינען זייא ביידע אריינגעאנגען דערווייל אין דער אכסניא.

רייזע, וויא דער שטייגער איהרער מיט א פארשטעקט פארטוך און מיט אַ פּאָלאָניק אין דער האַנד, איז שטאַרק בעשעפטיגט געווען מיט דעם בעל־העגלה און דיא פארשוינען ארום איהר, מיט וועלכע זיא האט זיך אפגערעכענט, מאכענ־דיג דערביי אויף א בייזער צו דעם, צו יענעם אלי'ן: העך אביסיל! וואָס זאגסט דוא, איך בעט דיך צו זיין טאטען? אַז זיא האט זיך שוין מיט איטליכען אָפּגע־פארטיגט און דערזעהן אין דער זייט אונזערע ביידע פארשוינען, דעם טאטען מיט דעם זוהן, האט זיא זיך אויף זייא אפגעלאזט מיט איהר שרייענדיג לשון, א פאהר געבענדיג מיט דער נאז איבער דעם גאנצען ארבעל.

— אט האסט־דוא איהם ווייטער, דעם שיינעם בחור'ל! וואס? געקומען פאהרען? נאקעט, באָרפיס העך אביסיל! אין אזא קעלט זאל מען אזוי פאהרען! וואס זאגסט־דוא, איך בעט דיך, צו זיין יעצט דא, א שיינער טאטע, חלעבין!

אליין, העון אביסיל, איז ער אין א מיטציל, ארומגעבונדען נישקשה, און דאס קינד זומערדיג! וואס זאנסט־דוא פארט, איך בעט דיך, צו זיין טאטען?

— מיין זוהן פאהרט נישט, ענטפערט דער טאטע.

— נאר נייעס! אליין פאהרט מען און מען לאזט איבער א קינד הפקר, העון אביסיל! נאקעט מיט א הויל הארץ אין דרויסען. וואס זאגסט־דוא צו זיין טאטען? מען בעדארף האבען טאקי א הארץ פון א טאטער! אזוי לאזט רייזע אויס דעם שמיעס, בעטראכטענדיג הערשעלען פון אויבען ביז אראפ, און נעהמט זיך אוועק.

דער בעל־העגלה הויבט אן אונטערטרייבען דעם עולם — היידא, פאהרען! די פארשוינען שטופען זיך אין איילעניש ארויס אויף דער גאס, צו פארחאפען געשווינד ערטער אין דעם וואגען. איטליכער ווארפט זיך אהין אריין אויף קידוש־השם מיט הענד און מיט פיס. ס'איז א שטופעניש, א קוועטשעניש, איין איינגשאפט, א דערשטיקעניש. לייזער־יא קיל געביך זיצט, וויא ס'איז אויף א שפיטץ קלימעקיל, אין איינע צרות און נעהמט אן פאר ליעב איטליכען שטופ, וואס ער בעקומט אין דיא זייטען. ער געזעגענט זיך מיט הערשעלען זעהר טרויעריג אויף א וויינענדיג־ציטערדיג קול. הערשעלע קוקט דאס לעצטע מאל גוט אריין אין דעם טאטענס בלייך פנים און בעוואשט זיך מיט ביטערע טרעהרען, נישט אין שטאנד צו זיין ארויסברייננגען עפיס א ווארט און נישט צו זעהען וויא דער וואגען האט זיך געריהרט פונ'ם ארט.

— הא, וואס איז דא צרוויינען! מאכט רייזע, ארויסלויפענדיג צו הערשעלען אויף דער גאס, נאכדעם אז דיא יאזדע איז אוועקגעפאהרען. אז א טאטע פאהרט אוועק, העון אביסיל, נוא איז וואס! חלילה נישט גע־שטארבען. נא, בעסער — נעהמט זיא און שטופט איהם אריין אין דער האנד איין אלט לייבעל — געהם און טראג געזונט. נישט געוויינט. קום, אפשר ווילסט־דוא עסען?

— ניין! ענטפערט הערשעלע שוין אביסיל געטרייסט פון רייזעס ווערטער.

— נא דיר ניין! רופט זיך רייזע אן. העון אביסיל, מען זאל זאגען ניין! פאר וואס איז עסען ניין? נוא, נעה־זשע דיר געזונטערהייט, אז ניין. נאר טאמער וועסט־דוא וועלען, נעדיינק־זשע, זאלסט־דוא קומען! ...

## כ.

לעתיד לבוא, העט־העט שפעטער, אם ירצה־השם — אזוי שטעהט געשריבען אין אונזערע הייליגע ספרים — נאכדעם אז מען וועט אויפשטעהען תחית־המתים און נאָט וועט משפט'ן דיא וועלט, דענסטמאָל וועלען אלע מענשען זיין אויסגע־שטעלט אויף א גרויסען פלאַטץ, איינגעטהיילט אין צווייא טהייל: אויף איין זייט דיא רשעים, אויף דער אנדערער זייט דיא צדיקים און צווישען זייא אין דער מיט דער יצר־הרע. יענע, דיא רשעים, וועט דער יצר־הרע זיך אויסדאכטען גאַנץ דין וויא א האָר. דיא אנדערע אָקעגען — גרויס וויא א באַרג, און אלע מענשען פוןביידע זייטען וועלען, קוקענדיג אויף איהם, שרעקליך וויינען, דיא רשעים יאָמערען, שרייען: געוואלד, אזא דינע האָר אויפ'ן גלייכען וועג איז אונז שווער געוועזען איבערצוגעהען און מיר זיינען פארקראָכען מיט קרומע גייענג צו אלדע שווארצע יאָהר! אקעגען־זשע דיא צדיקים קלאָגען, ניסען טרעהרען: רבוני של עולם, מיר פארשטעהען נישט וויא עס האט זיך צו אונז גענומען איין אייזערנער כח אזא שרעקליכען, הויכען באַרג איבערצוגעהען, אזוי פיעל פיין און יסורים אין אונזער לעבען אויסצושטעהען! . . .

דיא דאָזיגע וואונדערליך אויסגעמאָהלטע קאַרטינקע, קען דיענען זעהר גוט פאַר א הקדמה צו דער ערצעהלונג, וויפיעל יסורים, וועהטיגען הערשעלע איז אין זיין לעבין נעביך אויסגעשטאַנען. דערמאָהנענדיג זיך אצינד אין דיא בעסערע יאָהרען, וויפיעל בערג צרות, אלע מיני פורעניות און לייד ער האט בע־דאַרפט איבערנעהען ביז ער איז לסוף אַרויס אויף א וועג, וויינט אין איהם דאס האַרץ און ער וואונדערט זיך וויא אזא שנעק, א ווערמיל, א נאָרנישט מיט א נישט, זאָל געוועזען קענען אזוינס איבערטראָגען, נישט ווערען צוטרעטען אין דער וועלט אונטער דיא פיס! ער וויינט אויף זיך וויא אויף אויף פיל אזעלכע זיין גלייכען בייא אונז יודען, וואס זייא איז בעשעהרט פון קינדוויים אָן צו ראַנגלען זיך מיט אלערלייא אַנשיקענישען, אויסצוקריכען אלע לעבער, צודראַפען זיך אויף דיא גלייכע וועגט און צו פיהלען דעם ביטערען טעם פונ'ם טויט, בכדי צו דערגרייכען יענע שטופע, וועלכע זייא שוועבט פון דערוויטענס פאַר דיא אויגען.

אומגליקליכע יודישע קינדער! אומגליקליכע אפילו שוין כלומר שט אין דעם גליק. נעהמט יענע א שטייגער, וואס שטעהען שוין אויף א שטופע, האבען א פנים און לעבען. נאָר איז דאס שטעהען זייערס אייזען־פעסט, וואס שטעהען הייסט, מיט

ביידע פיס, אז עס זאָל נישט מעגליך זיין פון א מינדסטען בלאָז אומצופאלען? איז דאס פנים זייערס אין דער וועלט לייטעש פיין, א מענשליכס? איז דאס לעבען זייערס דאָרט אין גאנצען א גליקליכס וויא עס געהער צו זיין? — איז דען כדאי פאר אזא גליק, מישטעהנס־געזאָגט, אָנצולײדען זיך אזוי פיעל אומגליק; פאר אזא פנים כלומר׳שט אזוי קריכען אויס דער הויט, און פאר אזא לעבען, אויף שונאים געזאגט געוואָרען, אזוי אויסגעהען, צעהן מאָל אין טאָג שטארבען פאר הונגער?...

יא, צו יענער קארטינקע פעהלט נאך א סך. דיא רשעים טאקי זיינען דאָ, דיא צדיקים דאָ, דער בארג צרות אויף דאָ, נאָר דער תחית־המתים אָבער איז נעמלאכה׳ט, און זעהר פיעל ליגען נאך גאר טויט, ניין איילען טיעף בעגראָבען אין דער ערד, נאָט און זיין משפט איז נאך אויך נישטאָ.

ר׳ אברהם האט אין זינען געהאט הערשעלען, נעמהאָן פאר איהם וואס נאָר מעגליך. ער האט איהם בעשטעלט שבת ביא איינעם פון זיינע בע־קאנטע בעלי־הבתים און אין מיטען דער וואך פלעגט איהם אויף ר׳ אברהם׳ס בקשה נעהמען אויף א ווארמעס אָדער אויף א וועטשערע, א מאל דער, א מאל יענער פון דיא, וואס דאוונען אין קלייזיל. אָט אויף אזא שטיגער האט הערשעלע נעביך וויא־ס׳איז איבערגעלעבט א טאָג, האלב געגעסען, האלב גע־פאסט, נעמאכט מיט דיא ליפען, און איהם איז דענסטמאל שוין אויסגעקומען גוט צו פיהלען דעם טעם, פון וואנען נעהמט זיך עס, אז „ויאכלו“ — אזא פשוט, בעקאנט ווארט דאכט זיך וויא „ויאכלו“ — זאָל ביי אונז יודען גאר דער טייטש זיין „און זייא האבען געטהאָן טהון גלייך וויא געגעסען“. יא, פיעל אָרמענקע אזעלכע ביי אונז קומט אויס דעם דאָזיגען טעם נעביך צו פיהלען. אז דאס הארץ חלש׳ט, מען וואָלט שוין געוואָלט דערכעבען עפיס אין מויל אריין צו נעהמען הויבט זיך געוועהנטליך אָן אָט דער לאנגער מזמור: וואשט זיך ... ווארט אביסיל, מיט דער קוואָרט טאָהר מען נישט... לאָז מען געבען איין אנדערע... נוא, דאָרט, זייט מוחל, דאָרט זוכט דעם האנדטוך. זאָגט שאו ידיכם. זעצט זיך. מאכט המוציא. באלד, באלד, ווארט אביסיל, אָט וועט מען געבען זאלץ. שטעקט אריין דעם לעפעל, חאפט א שטיקעל פלייש. מים אחרונים. מכבד מיט מזומן. בענטשט! — „רבותי מיר וועלען בענשען!“ דאס הייסט אויף דעם מאָגענס לשון: „רבותי מיר ווילען עסען!“ דאס איז נאך נאָלד, עפטערס פלעגט זיך מאכען, אז „ויאכלו“ האט ביי הערשעלען גאר קיין טייטש נישט געהאט, פשוט טאקי גארנישט — און נישט איינמאל, לייגענדיג זיך אזוי נעביך שלאָפען, האבען זיך איהם ביי נאכט געחלומט בעטלער. געגוג איז איהם אָפגעפאלען דאס פלייש פאר צרות פונ׳ם

עסען, האט איהם נאך ווען נעטהאָן אויף דיא נשמה — ער האט דיא ערשטע צייט שטארק געביינקט א היים. אין דער היים האט ער דאָך, אמת טאקי, אויך גישט געלעקט קיין האָניג, נאָר פאָרט נאך א גרויסער חילוק. דאָרט איז איהם געווען עפּיס ווארם, גרינגער אויף דער נשמה, וויא א פייגעלע אין נעסט, אונטער דער מאמעס פליגעליך. דאָרט איז ער געווען איין אייגענער, אלסדינג ארום איהם, אין דער היים, אין שטאָדט, זיינען איהם געווען אייגענע, זיינע, זייא האבען זיך פארשטאנען: אפילו דיא בהמות דאָרט, דיא הייזער, דיא לופט, וואס ער האט געאטהעמט, דיא ערטער, וואו ער האט געשפּאצירט, זיך געשפּיעלט מיט זיינע חברים האבען עפּיס גערעדט צום הארצען און זיך מיט איהם אָנגעגעהרט — און דאָ איז ער עלענד, פרעמד, עס קלעפּט זיך עפּיס נישט, אלסדינג גאר נישט דאס, עפּיס גאר אנדערש. דיא זון, דיא לבנה און דיא שטערען קוקען דאָ עפּיס נישט אזוי, וויא א מאל בייא זיך אין שטעדטיל, נישט אזוי פריינדליך, גוט וויא פריהער און ער האט א פּנים, וויא ביים בעגעגענען זיך מיט דעם ווייב׳ס משפחה נאכ׳ן גט, שוין נישט מעהר קיין אייגענע, נאָר גלאט אלטע בעקאנטע, געוועזענע קרובים. אזא געפיהל וויא בייגקען, וואס צופּט, נאָגט מיעף אין הארצען, לאָזט זיך נישט איבערגעבען מיט ווערטער, דאס פארשטעהט נאָר דער, וואס איז געפּריווט גע־וואָרען צו פארזוכען אמאל אין לעבען דעם טעם פון עלענד, צרזיין פּצוצלים אָפּ־געריסען פון זיינע ליעבע און בלייבען אליין פאר זיך, א קאטאָוועס עפּיס! איין קליין פּינטעלע, א ברוויזען, אין אזא גרויסער, גרויסער וועלט...

עס ציהט זיך גאָטס גרויסע וועלט אין דער לייגנ, אין דער ברייט אָהן א סוף אָהן איין עק. אין דער מיט וועלט, אויף דער קיילעבדינגער ערד, איז דאָ א קליין פּלעקעלע, וויא א פליג האט איבערגעלאָזט — דאס איז גלופּסק. אין דעם דאָזיגען פּלעקעלע איז דאָ א פּינטעלע — א קלייזיל. אין דעם פּינטעלע איז דאָ נאך א ברעקיל פּינטעלע — א באנק. און אין דעם ברעקיל פּינטעלע ליגט נאך א פּיטצינקעלע פּינטעלע — א מין בעשעפעניש אזוינס, וואס הייסט הערשעלע. דאס פּיטצינקעלע בעשעפעניש ליגט וויא א שפּין פונקט אין דער מיט פונ׳ם גרויסען ראָד פּאָוויטינע. פון איהם ציהען זיך ארום און ארום אין אלע זייטען לאנגע דינע פעדימליך, פול און פול אָנגעזעטצט, הארט איינס ביים אנדערען, מיט עפּיס לופטינע מיני פּינטעליך, אזעלכע, נאר ניט פאר דעם אויג, וואס הייסען בייא דיא פילוסופין „אטהאָמען“, און געהען העט־העט וויים צו דיא שטערען אין הימעל, צו אלסדינג אין דער וועלט ארום, און, עס פארשטעהט זיך, קיין קאבצאנסק אויך. אויף דיא ראָזינע לופטינע פעדעמליך קלעטערט הערשעלעס נשמה,

קאראבקעט זיך מיט אלע זיינע נעדאנקען א הין א חין — א היים. זיא קאראבקעט זיך וויא דיא עלעקטריציטייט אין דעם טעלעגראפישען דראָט, אנריהרענדיג מיט איהרע ברענענדינע נעפיהלען איין טהייל פון׳ם לאנגען, לופטינען פעדימיל, דאס טהיילכיל ניט פון זיך איבער דעם ברען דעם ווייטערדינען טהיילכיל און אזוי פליהט עס שרעקליך נעשווינד ווייטער ווייטער, ביז עס טרעפט וויא א בליטץ אין דיא הערצער פון זיינע עלטערען. זייא דערפיהלען באלד הערשעלעס הארץ און טהוען א סכוקערץ. הערשעלע, זאָגען זייא, דערמאָהנט אונז. עס שטעלט זיך זייא פיר זיין לאנגע, איינער אליין נעביך אין דער פרעמד — און נעהען אויס פאר רחמנות. נאך וואס קענען אזעלכע נעפאלענע נעביך טהאָן, אז זייא אליין איז שלעכט און קומען שרעקליך אָפּ? דיא מאמע ארבייט, נעהמט זיך דיא אוינען ארויס ביז שפּעט אין דער נאכט מיט דעם פעדערען פליקען, און פון דער גאנצער ארבייט איז, מישטעהנס־געזאָגט, קיין וואסער אויף קאשע אפילו נישטאָ. דער טאטע נעביך האט, זינט א היים קומענדיג, נישט אויפגעהערט צו קריינקען. ער צאנקט, נעהט אויס וויא א ליכט, ער קען נישט צוזעהען דאס גרויסע עלענד אין שטוב, דעם צער פון דיא הונגעריגע, דערשלאָגענע קינדער. דאס ביטערע ארעמקייט איז איהם שוין שווער איבערצוטראָגען, נענוג שוין זיך אָנגעליטען, נישטאָ שוין מעהר קיין כח — אָט־אָט טריקענט שוין אויס דער לעצטער טראָפּען זאפט פון זיין וויסט, נעבראָכען לעבען. דיא עלטערען זיפצען, אָכצען, קרעכצען, פיר שטעלענדיג זיך דאס עלענדע, פארוואָגעלטע קינד, צו וועלכען עס ציהט זייא אזוי דאס הארץ — און זייער ביטער נעמיטה טעלעגראפירט זיך, דורך דיא איינענע לופטינע פעדימליך טאקי, אין הערשעלעס הארצען צוריק. עס סוד׳עט זיך א הארץ מיט א הארץ — שושקעט זיך א נשמה מיט א נשמה, ניסען זיך איינער פאר דער אנדערער אויס און שמיעסין זיך איבער שטיל אָהן ווערטער... עס דאכט זיך הערשעלען, דער טאטע ליגט נעביך שלאף, פארשמאכט, קוקט עפּים מיט א נעבעט וויא ביים צושיידען זיך. עס שוועבט איהם פאר דיא אוינען דעם טאטענס בלייך פנים, יענע נוטע, זיסע מינע זיינע בשעת געזעגנען זיך מיט איהם — און הערשעלע איז צוקאָכט, ער וויינט שטילערהייט בייא נאכט אויף זיין הארט נעלענער, איבער־טראכטענדיג א שרעק... אָט דאס איז עס, וואס געוועהנטליך הייסט דאס ביים עולם: „דאס הארץ זאָגט.“

יא, דאס הארץ האט הערשעלען נעזאָגט און א היבשע צייט איהם נישט אויפגעהערט צו זאָגען, ביז ער האט איינמאל פון דער היים בעקומען דיא וויסטע בשורה: „הערשעלע זאָג קדיש נאכ׳ן טאטען; דוא ביסט א יתום!“

## כא.

דאס ביינקען א היים, דאס הארצוועהטיג פונ'ם פאָטער'ס טויט, דיא גרויסע יסורים דערפון, וויא אזוי דיא מוטער מיט דיא קינדער קומען עס נעביך אָפּ אין דער היים און דאס איינגענע פעקיל צרות: נויט, עלענד, פארוואָגלונג דאָ אין דער פרעמד — דאס אלסדינג אין איינעם האט מיט דער צייט אויף ה ע ר ש ע ל ע ן געווירקט, אריינצולאָזען זיך, וויא א טשערעפּאשקע, אינוועניג אין זיך, אלץ טראכ־טען און פארטיפט זיין אין זיינע געדאנקען. זיין לעבען איז געוועזן טראכטען. דאָרט טיעף אינוועניג אין זיך, איז פאר איהם געוועזן א וועלט, וואו דיא נשמה זיינע האט אויסגעשפּרייט דיא פליגעליך און געפלויגען פרייא העט וויים־וויים. אונזער פּראקטישע ווירקליכע וועלט איז פאר איהם געוועזן א שטייגעלע, וואו דיא נויט האט איהם געהאלטען געפאנגען, איהם נישט געלאָזט אויפהייבען דעם קאָפּ, בעװייזענדיג איהם אויף איטליכען טריט זיין שלאפקייט, זיין קליינקייט; וואו ער האט פאר זיך געזעהען נאָר צרות, צרות און צרות. ער האט אָנגעהויבען צו בעשאפען ביא זיך אינוועניג אין הארצען א וואונדערליכע וועלט, א גן־עדן, וואו עס בליהט, עס שמעקט, עס פליסט מילך און האָניג; וואו עס איז אָפען דער הימעל, קעפּליך פון מלאכים קוקען ארויס, ווינקען מיט גוטע, פריינדליכע פּנימער און זינגען זיסע לידער פון האָפנונג, טרייסט, ליעבשאפט, רחמנות. עס ווערט עפּיס גרינג אויפ'ן הארצען און עס לעבט זיך אזוי גוט, אזוי געשמאק, מחיה! מאטעריאל אויף צו־בויען דיא דאָזיגע וואונדערליכע וועלט, האבען איהם געדינט אלטע מעשיות, וועלכע ער האט זיך אָנגעהערט א מאָל, נאך אין ק א ב צ א נ ס ק, אויף נייע פון אצינד. דיא גמרא מיט איהרע טרוקענע, ערנסטע זאכען, האט ה ע ר ש ע ל ע ן שוין נישט צופריעדען געשטעלט, נאך אָנגעמאכט אויף איהם נאר עפּיס א מרה־שחורה. ער האט זיא געלערענט נאָר פון יוצא װעגען, ווייל לערנען האט ער געמוזט, ווייל אנדערש וואָלט ער דאך מיאוס אראָפּגעפאלען ביא דיא קלויז בעלי־הבתים און מען וואָלט איהם מעהר נישט געגעבען קיין וואַרמעס; אויך ווייל מ ש ה ' ל ע דער חבר זיינער, פלעגט איהם אונטערטרייבען, אלץ: לערנען, לערנען! ביים נעהמען זיך צו דער גמרא איז איהם געוועזן עפּיס נישט גוט, פּריקרע. ער האט בע־דארפט זיך אָנטהאָן א כח, פריהער זיך צרוו גען, צרשאָקלען, בכדי צו מאכען זיך א חשק און ס'איז איהם געוועזן צום הארצען וויא ביים אריינקריכען אין א קאלט

ביטעל. נעמאכטער חשק אָבער איז א פייערוועדק, עס טהוט א פליה מיט א פלאם און ווערט באלד טאקע פארלאָשען נאך עטליכע מאָל אונטערטוקען זיך אין דעם „ים־התלמוד" האט הערשעלע שוין געשפּירט א קעלט און זיך געאיילט ארויס, אַנצו־וואַרמען דיא נשמה. איין אָרט אויף אָנצו־וואַרמען זיך איז פאר איהם געוועזן הגדתות, מעשיות אין היילינע מוסר־ספרים, מיט וועלכע ער פלעגט זיך קוויקען, אוועקשטעלענדיג אויף א ווייכע אין דער זייט ראובן'ס אָקס און שמעון'ס קוח מיט דעם בטחון: נישקשה, דער גוטער יאָהר וועט זייא נישט נעהמען!...

הערשעלע האט געלייענט וועהר שיינע מעשיות מיט רבי מאיר בעל־הנס, מיט רבי יהושע בן־לוי, וויא אליה הנביא האט איהם איינ־מאָל מיטגענומען וואנדרעווען בקומפאניע אויף דער וועלט, נאָר בתנאי, הערען, זעהען און שווייגען. מעשיות מיט רבי חנינא בן־דוסא — א ביטערער אביון, וויא עפּיס א האנר פונ'ם הימעל האט איהם געגעבען א גילדען פיסיל פון א גילדענעם טיש, אויך מיט רבי שמעון בן־חלפתא, וויא איינמאל, אז ער האט נישט געהאט אויף שבת, האט מען איהם פונ'ם הימעל דערלאנגט א טהייערען בריליאנט; וויא רבי שמעון בן־יוחאי האט איינמאל ארויסגעפיהרט זיינע תלמידים אין עפּיס א גרויסען טהאָל און געזאגט: טהאָל, טהאָל, פיל זיך אָן מיט רענדליך! און ער האט זיך אָנגעפילט טאקי באלד; וויא רבי ישמעאל בן־אלישע האט אראָפּגעבראכט פונ'ם הימעל דעם „שר־התורה"—יופיאל המלאך, אין גאנצען פלאם־פייער מיט א שיינענדיג פנים וויא א בליטץ, און וויא אליה הנביא האט רבה בר רב חנינא — א גרויסען אביון, גע־געבען טהייערע שמעקענדינע גן־עדן בלעטליך, וועלכע יענער האט פארקויפט עפּיס פאר צוועלף טויזענט גילדענע רענדליך! — משה'לע איז וועהר נישט צופרידען געווען פון הערשעלעס פארטיפען זיך אין אזעלכע זאכען, אָפּרייסענדיג זיך דערווייל פונ'ם לעהרנען. און זיטצענדיגביידע אין קלייזיל בייא אָפענע ספרים אויף דיא שטענדערס, פלעגט צווישען דיא צווייא חברים עפּטערס פירגעהען אזא שמועס: „הערשעלע, געוואלד הערשעלע! טאָמיר וואָלט שוין געווען געווען זיך צו פארטיפען אזוי." „הא, וואס, משה'לע?" „לעהרנען, הערשעלע!" „איך קוק דאָך אריין אין א ספר, משה'לע!" „וואס טויג מיר אין א ספר, קוק בעסער אריין אין דער גמרא. נוא, הערשעלע, הויב אָן: „תנו רבנן, האבען דיא רבנן געלעהרענט"... „אי־אי א גליק! אזא גליק!" „וואס הייסט?!" סצבט משה'לע, אויסשטעלענדיג אויף

הערשעלען א פאר אוינען." „נוא זאָג שוין, נעוואלד, וואס מהוט מען דאָ מיט דעם תוספות? — הארבליך!" „אך גוט, זעהר גוט!" „זאָג־זשע, אויב ס'איז גוט!" מאכט משה'לע לעבעדיג, גאנץ זיכער בייא זיך, אז דער הוספות קומט בייא הערשעלען אויס גוט. „דוא פארשטעהסט משה'לע, וויא גוט רבי יוסף'ן האט געמוזט זיין אויפ'ן הארצען, אז ביים אויפשניידען פרייטיג דעם פיש, געפינט ער, קבצן, אין בויך א טהייערען דימאנט, וועלכען גאָט האט איהם צו־געשיקט!" „עט!" נים משה'לע א מאך מיט דיא אקסלען און קראצט זיך פאר פארדראָס. „אָבער תוספות! וואס וויל דאָ תוספות האבען פון רש"י?"

אָט אזא שטיינער שמיעס פלעגט פירגעהען צווישען דיא ביידע חברים גע־וועהנטליך אין דער וואָכען. משה'לע האט, קראצענדיג זיך, אלץ אונטערגע־טריבען, און הערשעלע האט אלץ זיך אָפגעבעטען. דערפאר אין שבת־צו־נאכט פאר הערשעלען געווען א לעבען. דענסטמאָל איז איהם געשטאנען פרייא צו פארטיפען זיך אין וואונדערליכע זאכען, וויפיעל דאס הארץ גלוסט. משה'לע פלעגט דענסטמאָל געוועהנטליך פארביינגען דאס לעהרנען און איהם נישט עקבערען דעם קאָפ מיט דער גמרא. הייגט איז דיא דאָזיגע נאכט אליין מאקי עפיס אזעלכע, וואס איז מסוגל צו טראכטען, צו פארפליהען אין הימעל אריין. זיא האט אין זיך עפיס אזעלכס, וואס צושרויפט דעם יודען, מאכט אויף איהם א זיס־טרויערדיגע מרה־שחורה און דרעהט, דרעהט איהם אינווענינ אין דער נשמה. עפיס איז ער צודרעהט, אומרוהיג און פארטראכט. — „ווילט איהר דעם שבת־צו־נאכט פארשטעהן, מוזט איהר צו דעם יודען אין הויז געהען". קומט־זשע, זייט מוחל, אהער אויף א ווײלע, צו משה'לעס פאָטער!

משה'לעס טאטע—שמואל'יק, איז א טאנדעטניק. א גאנצען טאָג פון פריה ביז אין דער נאכט לויפט ער ארום מיט אלטע זאכען, שלאָגט אָפ דיא טהירען צו קויפען און צו פארקויפען זיין סחורה. ער איז געקרומט, געבויגען מיט א בלייך פנים, געקנייטשט, געעלטערט פאר זאָרג און צרות. אָנקויפענדיג זיך וויא א הונט, קומט ער מיעד, צעבראָכען אין זיין וויסט שטיבל — א קאנורע, מיט טטליכע גראָשען פארדינסט, און אמאל גאר מיט א ליידיגער קעשענע, חאפט אָפ עפיס, וואָרמעס מיט וועטשערע אין־איינעם, און טהוט זיך א וואָרף שלאָפען. ער לינט געביך וויא א דערהרג'טער, פיהלט אין זיך נישט קיין גאנץ אבר. גאנץ פריה שטעהט דער טויטער אויף, מישטעהגט־געזאגט, תחית־המתים און ווייטער לויפען, ווייטער ארומיאָגען זיך. אזוי פארברייננט ער זיין הינטעש לעבען דיא גאנצע

וואָך. פרייטיג צו נאַכט בעקומט דיא קאַנורע עפּיס נאָר איין אַנדער פּנים — אויס־געשטירט, אויסגעוואַשען, ריין אין איטליכם ווינקעלע. דער טיש געדעקט מיט א ווייסען טישטוך, אויף איהם דרייא מעשענע, אויסגעשייערטע לייכטער מיט דיא בענטש־ליכט, און צווייא שיינע קוילעטשען, אָפּגעשטירט מיט געלכען פון איין איי, שיינען פון דערווייטענס, פאַרנעהמען דיא אויגען. אין שטוב הערשט עפּיס א זיס רוהיגקייט, עס שמעקט א ריח פון צונגדעמפּפטע שפּייזען, וואס שטעהען אויפ'ן פּריפּעטשיק איבערגעדעקט מיט א קישען. דיא מאַמע, א גאַנצע וואָך פאַרשמירט, פאַרפינסטערט, לויכט אין דעם שבת'דיגען שלייער, עס רוהט אויף איהר דיא שכינה. דיא באָרפיסע מיידעליך, פאַרקעמט, אויסגעצוואָגען, האַלטען זיך אין־איינעם אין א ווינקעלע און מען זעהט אָן אין זייער פּנים וויא זייא וואַרטען, קוקען אויף עפּיס ארויס מיט א פרעהליך האַרץ. — שאַ, עס הערט זיך טריט... מען נעהמט... דיא מהיר עפענט זיך אויף.

— גוט שבת! זאָגט שמואל'יק קומענדיג פון דער שוהל און קוקט פריינדליך מיט א שיינענדיג פּנים אויפ'ן ווייב, אויף דיא קינדער.

— גוט שבת! זאגט משה'לע הויך אויף א קול, אריינלויפענדיג גע־שווינד וויא מיט א גוטער בשורה.

און דער טאַטע מיט דעם זוהן הויבען אָן ביידע, ארומגעהענדיג איבער'ן שטוב, צו זאָגען אויף א נגון „שלום עליכם!'' — דאס נעהמט מען אזוי אויף דיא הייליגע מלאכים, געשיקט פון דעם אויבערשטען, פון'ם מלך איבער אלע מלכים, הקדוש ברוך־הוא, וואס האבען זייא בעלייט פון דער שוהל א היים. דער טאַנדעטניק איז שוין נישט מעהר קיין הונט, ער איז א פּרינץ, עפּיס האט ער בעקומען א נייע נשמה, א נייע הויט. ער מאַכט קידוש, וואשט זיך, זעטצט זיך צום טיש, דאס ווייב, דיא פּרינצעסין און דיא קינדער ארום איהם, מען שטופּט דעם גאָפּעל, דעם לעפעל און מען חאַפּט א שטיקעל פיש, א לאָקש, א ביינדיל, אביסעל צימעס — אזעלכע מאכלים, וואס מען האט עס א גאַנצע וואָך אין דיא אויגען נישט געזעהן. איטליכס פון דיא קינדער עסט עס, שטאַרק היטענדיג זיך קיין ברעקיל זאָל חליכה נישט אראָפּפאַלען, עפּיס מיט א גוט ערענסט פּנימיל, וואס וועקט אויף אין האַרצען געפיהלען פון רחמנות. עפּיס נאָר וויא א וועוריקיל, וואס זיטצט זיך אויף אביימיל און קנאַקט עפּיס אזוי שיין, אזוי ערענסט א ניסיל... שמואל'יק שטעלט דיא „כלי" צו דיא זמירות און שפּיעלט אָפּ מטשאַקענדיג א „מה ידידות": „וויא ליעב ד'א רוה איז דיינע, פּרינצעסין שבת פיינע! מיר לויפען דיר אקעגנע אלע, מיר

בעטען: קום נעקרוינטע כלה! . . . פון אלע מלאכות איז איין עק, דיא ארבייט ליגט מיט איצט אוועק, זיך תענוג אָנצוטהאָן ביים טיש, מיט היהנער, חלה, פלייש און פיש.״ ס מ ב ט י ו ן דער טייך, וואס לויפט, רוהט נישט דיא גאַנצע וואָך, בלייבט שבת פלוצלים שטעהען, „עס הערען־אויף דיא קולות, געוואלדען, ווען הויך דער יוד זינגט דיא זמירות זיינע. דער שרעקליכער טייך שטערט איהם נישט אין דעם שטיינער זינגען, עס שווייגען דיא בייזע חוואליעס, אויס רעש — שא, ס׳איז רוה!״ . . . אזוי פרייעט זיך א מעת־לעת דאס הארץ, „א פרייד, א שמחה אויף דיא אלע יודען, זייא זיינען פרייא פון זאָרג און שטארק צופרידען״.

אויפ׳ן אנדערען טאָג פאר־נאכט, נאך שלש־סעודות, זיטצט אונזער ש מ ו א ל ׳ י ק אראָפּגעלאָזט דיא נאָז אין שוהל. ס׳איז טונקעל. יודען ברומען, זאָגען אויף א קרעכצענדיג קול דאס קאפיטעל תהלים „אשרי תמימי דרך״, וואס דערמאָהנט אין דעם, אז דיא פרינצעסין־שבת קלייבט זיך אין וועג אריין. עס הערשט עפּיס איין אומעטיקייט און עס שמעקט מיט ראָסעל פון אונערקעס. דיא זון איז שוין פארגאנגען, פייער־רויטע וואָלקענס שרפה׳נען ביים עק הימעל און עס שטעלט זיך יודען פיר דער ברענענדיגער גיהנום. עס קלינגט זייא אין דיא אויערען דאס שרעקליכע בעפעהל: „ישובו רשעים לשאולה!״ — דיא רשעים אויף יענער וועלט, וועלכע מען האט נעלאָזט שבת צורוה, זיך קויקלען דאָרט פרייא אויף בערג פון שנייא, טרייבט מען עס אצינד ווידער אין חדר אריין: געהט זיך פרעגלען אהין אין גיהנום! און מלאכי־חבלה דרעהען זיך עפּיס פאר דיא אויגען. אך, דער גיהנום! דער יוד נעביך זעהט פאר זיך דעם גיהנום. אין דער היים בייא זיך זיטצט אויף דער מילכדיגער באנק דאס ווייב, פארלייגט דיא הענד און דיא פיס אונטער זיך, ס׳איז פינסטער. א ליבטיגער פּאַס פון דער לבנה שיינט אריין דורך א פענסטעריל, אָפּשלאָגענדיג זיך אקעגען אויף דער וואנד אויף דער סטעליע, און שאטענס פון משונה׳דינע געשטאלטען טאנצען, שפּרינגען, מאכען אָן עפּיס א מורא אויף דיא אלע קינדער, וואס שטיקען זיך צונויף אין איינעם, וויא דיא דערשראָקענע שעפעליך, מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, איינס מיט דעם אנדערען נישט צו ריידען קיין וואָרט. שא, שטיל! נאָר א פּאָר גרילצען גרילען זיך איינע מיט דער אנדערער איבער פון דיא שפּעלטליך ערגיץ אין א ווינקעל. דאס ווייב זיטצט פארטראכט, שאָקעלט מיט דעם קאָפּ און נעהמט זיך דערנאך זאָגען מיט א נעניץ: „ג אָ ט פ ו ן א ב ר ה ם . . . אז דער ליעבער שבת קודש נעהט אהין . . .״ אויף א טרויער־זינגענדיג קול. — איין עק, הייסט עס, א סוף. מען רייבט, רייבט מיט קונצען עפּיס א מין שוועבעלע, א צווייטס, א דריטס, ביז עס וויזט זיך מיט א בייזער אין א

רויך, א נעשטיינק א בלויא־רויטליך פייעריל, בייא וועלכען מען צינדט נאך פיעל מיה אָן א חלב׳דיג־גראָשען ליכטיל.

— גוטע וואָך! זאָגט איטליכער און פיהלט וויא עס רייסט זיך איהם עפּיס אָפּ אינוועניג אין הארצען.

— א גוטע וואָך! זאָגט שמואל׳יק, אויף א פאַרדומפּפען קול בּיים אריינקומען אין שטוב וויא א קעטצעלע. ער דרעהט זיך ארום וויא א נעכטינגער, דיא אויגען זיינע ווארפען זיך עפּיס, דאס פּנים בלייך, אויסגעצויגען און מען זעהט וויא אין איהם גערט פיר עפּיס א פאַרענדערונג. — דאס הויבּט זיך אין איהם אָן דאס איבּערקעהרעניש פון א פּרינץ ווידער אין א הונט. עס שטעלט זיך פאַר שמואל׳יקן דיא וואָך מיט דעם הינטעשען לעבען: מיט דעם ארומלויפעניש, מיט דעם קאָפּדרעהעניש, מיט דיא חרפּות, בזיונות און דעם זוכעניש דאס דאר שטיקעל ברויט — און עס בעשלאָגען איהם אנגסטען. נאָר דער פּרינץ וויל זיך אָבּער אזוי גיך נישט אונטערגעבען, ער ראנגעלט זיך, לאָזט זיך נישט נעהמען אין גיהנום אריין, פּלוצלים אין א הונט פאַרוואָרפען צו ווערען; ער צאַפּעלט, ער זוכט אין וואס זיך אָנצוהאלטען — טאָמער איז נאך פאָרט דאָ עפּיס א האָפנונג, גאָט קען נאך רחמנות האבען — און דיא האָפנונג גיט איהם א שיין אין דער ברענענ־דיגער הבדלה. פרום מיט פארגלאָצטע אויגען נעהמט ער זיך מאכען הבדלה: „הנה אל ישועתי" אָט איז ער, דער גאָט פון מיין היכף, „אבטח ולא אפחד" איך בין פארזיכער און שרעק מיך נישט! . . . ער שמעקט און מינטערט זיך מיט בשמים, ער טרינקט פונ׳ם כוס און שמירט דערפון דיא קעשענעס — א סגולה צו א גוטער, מזל׳דיגער וואָך. און דיא האָפנונג שיינט איהם אויך אין דיא שבת־צר נאכטיגע זמירות. ער הויבט אָן אויף א זיס־טרויערדיגען נגון אונטערצוזינגען „המבדיל" . . .

און דיא האָפנונג שיינט איהם נאך מעהר אין דעם „איש חסיד". עס צופלאַקערען איהם זיך דיא אויגען. עס פאַרפאַרבּט איהם זיך אביסיל רויטליך דאס פּנים, ער קוקט אויפ׳ן ווייב, אויף דיא קינדער און מיט בטחון אויף גאָט ברומקעט ער בעהארצט דאס וואונדער שיינע מעשה׳לע מיט דעם חסיד.

אך, גאָטעניו! לאָזט שמואל׳יק אויס דעם „איש חסיד" מיט פאַר־גלאָצטע אויגען און פאַרגעהט זיך, ברומקענדיג אונטער זיך א וויינענדיג־יודיש שטיינעריל אויף דער דינער סטרינע. — אך, טהוא עפּיס א נס און העלף, גאָטעניו, העכף, העלף, ווייא איז מיר! . . . .

— גוטע וואָך! זאָגט משה'לע, אריינקומענדיג אין שטוב און מיט איהם קומט געוועהנטליך שבת־צר־נאכט אויף הערשעלע אויף מלוה־מלכה. זייא זאָגען ביידע דיא זמירות — פון „ויתן לך", וואו יודען ווערט צוגעזאָגט אל־דאס־גוטס פון פייגעל־מילך: א גערעטעניש אין תבואה, טשערעדעס בהמות און שאָף, דיא ברכה אין דער דייזשע, אין דער ספיזשארנע, אין דעם האנדעל, עושר אויף כבוד און נאך גרויסע גליקען — ביז נאך דיא „אליהו'ס". אויפ'ן פריפעטשיק ברענט א פייערל, דיא מאמע פּאָרעט זיך עפּיס לעבען אויווען, דאס הויזגעזינד זיצט נישט ווייט בייא א טיש, איטליכער מ'ט עפּיס א שטיקעל ארבייט, און איינער פון דיא ביידע חברים, א מאל דער, א מאל יענער, לייענט זייא פיר דעם ספר הישר, דיא מעשה דאָרט וויא דיא ברידער פארקויפען יוסף'ן וכדומה נאך אזעלכע שיינע מעשיות פון היילינע ספרים. דערבייא שפּינט זיך א שטימס, איטליכער ווארפט אריין א וואָרט, מען פארפליהעט ווייטליך, מען איז עפּיס נישט אויף דעם עולם — און דערווייל ווערט פארטיג דער באָרשטש, מיט וועלכען מען בעלייט שבת־המלכה. אין שטוב זעהט טאקי אויס וויא אויפ'ן הארצען: האלב שבת'דיג, האלב וואָכעדיג, האלב זיסליך, האלב זויער אזוי וויא ביים לעטצטען וואַרמעס, ווען מען ריכט אויס א טהייערען גאסט אין וועג אריין — מען זיפצט און מען טרייסט זיך, זיך אין ניכען ווידער צו זעהען...

אָט דיא אלע יענע וואונדערליכע מעשיות, וויא עס נעשעהען גרויסע נסים מיט מענשען אין דער וועלט און וויא אליהו־הנביא בעגליקט א מאל נויט־בעדערפטיגע, אָרעמענקע נעביך, האבען הערשעלען געטרייסט, פארזיסט זיין ביטער לעבען. דיא אלטגעבאקענע מעשה מיט ר' שמעלקין איז בייא איהם אצינד אויפגעפרישט געוואָרען. ער האט נעגלויבט אין איהר היילינ און געטראכט, אז אליהו־הנביא האט א מאל ר' שמעלקין געהאָלפען, קען דאָך זעהר גוט מעגליך זיין, ער זאָל איהם אויך העלפען. פאר וואס דען נישט? — מען בעדארף נאָר נישט פערלירען דיא האָפנונג, בעטען גאָט, דאווגען פונ'ם גאנצען הארצען. בייא הערשעלען הויבט זיך אָן יענע געוויסע צייט אין דעם מענשענס לעבען — דיא וועסנע־צייט פון דער אמונה, ווען עס שפּראָצען פרישע בלעטליך פונ'ם גלויבען, ווען עס בליהעט דיא האָפנונג, עס עפענט זיך א קוואל געטליכען פון ליעבשאפט, דער כח־המדמה צושפּילט זיך, פליהעט אין הימעל אין קיין, זאך איז פאר איהם נישט צו־שווער, נישט אוממעגליך. עפּים גלויבט זיך, האָפט זיך, טיעף פונ'ם הארצען ניסען זיך הייסע תפילות צו גאָט און עס ווינט זיך שטילער־הייט, א מאל בייא נאכט אויפ'ן געלעגער, עפּים אזוי געשמאק, אזוי געשמאק....

עס פארשטעהט זיך, נישט בייא איטליכען איז דיא דאָזיגע וועסנע־צייט גלייך, בייא א טהייל מענשען געהט זיא איבער קאַלט מיט פוילע ווינטען, נישט איבער־צו לאָזען פון זיך אין דעם לעבען עפּיס א זכר. אזעלכע וויא בייא הערשעלען; אָבער טרעפט זיך נאָר בייא איינעם פון טויזענטער — בייא מענשען מיט גייסט, דיא „אתה־בחרתניקעס אליין..

און אונזער הערשעלע געהמט זיך אצינד געשמאַק צום דאַווענען מיט א ברען. ער דאַוועגט וויא א יוד דרייא מאָל אין טאָג מיט דעם עולם, און דאַוועגט, בעט אויף שטיל פאר זיך אליין ווען נאָר עס קומט איהם אָן דער חשק. דיא צייט געהט זיך דערווייל איהר גאנג, עס ווערט טאָג און נאכט, וויא דער שטייגער איז, טאָג און נאכט ווערט אויך בייא הערשעלען אין דער נשמה, געפיהלען פון האָפנונג און מרה־שחורה בייטען זיך אין איהם כסדר איינע נאָך דיא אנדערע.

## כב.

דיא לבנה, ברכו און קדושה זיינען טאקי עפּיס נאָר וויא א מאגנעט, וואס ציהען־צו פון דערווייטענס יודען און שטעלען זייא אָפּ, זייא מעגען זיך וויא קיין צייט נישט האבען און לויפען נאָר אָהן א נשמה. איהר געהט אייך אין גלופּסק, א שטייגער, אָוועגט־צייט אויף דער גאס, שטארק פארטראָגען אין עסק, פּלוצלים קוטט אייך פון דער זייט גאס צו דיא אויערען עפּיס א מין „שלום־עליכם!" באלד טאקי געפינט איהר זיך צווישען א רעדיל יודען, ענטפערט איטליכען אויף א זינגענדיג קול „עליכם־שלום!" שאָקעלט אייך און שפּרינגט מיט אלע אין־איינעם אקעגען דער לבנה. — אין איילעניש, אין לויפעניש א מאָל פארבייא א קלייזיל, א שטיבעל, הערט איהר פּלוצלים א פּויקען מיט פינגער אין דיא פענסטער — גיכער, ר' יוד, גיכער! איידער נאָך איהר בעטראַכט זיך שטעהט איהר שוין מיטביידע פיס אינוועניג דאָרט בייא דער טהיר און מאכט אָנגעבויגען „ברכו", אָדער איהר שפּרינגט „קדוש" מיט דעם גאַנצען עולם יודען דאָרט. דענסטמאָל זענט איהר נישט אייערער, איהר האט איבער אייך אליין קיין שליטה נישט, גלייך וויא מען וואָלט אייך אָפּגעטהאָן א כישוף. דעסגלייכען טרעפט זיך מיט אייך א מאָל, ווען איהר שטעהט פריהמאָרגענס אין קלויז, עס שפּאַרט אייך אונטער'ן לעפעלע און איהר האט בדעה עפּיס צו טהאָן, פּלוצלים שאַרט זיך, וויא א קעטצעלע, צו עפּיס א יוד, שוין נאָך נקיות, שטעלט זיך פון אייער כבוד וועגען, לעבען אייך און, רייבענדיג דיא הענד איינגעהויקערט, שיין, פיין, מיט א גרוס

פנים'ל, הויבט ער אָן זיס־מחיה דיא ברכות: **אשר נתן לשכוי בינה**, וואס האט דעם האָהן געגעבען פאַרשטאַנד, להבחין בין יום ובין לילה, אונטערצושיידען צווישען טאָג און נאַכט, איהר, איין ברירה, ענטפערט „ברוך־שמו, אָמן!" קנייטשענדיג זיך מיט איין ערענסט־זויער מינעלע. ער טהוט אייך א טובה, שיט מיט ברכות, איינע נאָך דער אַנדערער, און איהר אַלץ: „אָמן, ברוך־שמו, אָמן!" שטעהט עפּיס וויא צונעקאָוועט, נישט צו ריהרען זיך פונ'ם אָרט, גלייך וויא מען וואָלט אייך, מחילה, געמאָלקען... קוים אָבער האט איהר אָפּגעשלום־עליכם'ט, אָפּגעברכו'ט, אָפּגעקדוש'ט, אָפּגעסיקקט אייערע אָמן'ס, גיט איהר א מאַך מיט דיא אַקסלען, טהוט זיך א קראַטץ, שפּייעט אויס, גאַנץ פיין — און נעהט אייך ווידער אייער וועגס.

אויף אונזער ר' **אברהם**'ס פויקען אין פענסטער צו מנחה, האבען זיך אריינגעחאַפּט ראַפּטאָם עטליכע יודען, וואס זיינען געגאַנגען פאַרבייא דעם קלייזיל. זייא האבען אין איילעניש געחאַפּט א גאָטס וואָרט, געשפּרונגען „קדושה" פאַרסאָפּעט, נאָר אין איין אָטהעם — און באַלד דערנאָך טאַקי זיך צולאָפען. איינער נאָר איז איבערגעבליבען. ער האט עפּיס א ווײלע זיך געדרעהט, ארומגעקוקט און פונ'ם גאַנצען בענעהמען זיך זיינעם האט מען ארויסגעזעהען, אַז ער איז א פרעמדער, נישט קיין היגער. דיא לאַנגע, גלאַצענדיגע נאָז זיינע האט געזאָגט, אַז ער'ט היינט, נעכטען, איז זיא פונ'ם וועג, וואו דער ווינט האט זיא שטאַרק געפּיינינט, זיא געשטשיפּעט און מיאוס איהר אָנגעפּייפּט. דיא צווייא, גרויע, קאַטצענע אויגען זיינע האבען זיך געוואָרפען, נישט צו קוקען גלייך אין איין זייט, ווא זייא וואָלט געוועזען ברוגז — איינע האט געקוקט קיין דרום און דיא אַנדערע קיין צפון זייט. ר' **אברהם** האט, ווינקענדיג מיט דער האַנד, צוגערופען דעם פּאַרשוין און איהם אָנגעוויזען איין אָרט לעבען זיך. ביים דאַווגען האט דער פּאַרשוין זיך געשאָקעלט מיט חן, גאַנץ יודישליך, און פונ'ם שאָקלען זיך זיינעם האט אויסגעזעהען, אַז ער איז א טאַטענס א קינד, נישט קיין פּראָסט מענשיל.

— א־פּנים נישט קיין היגער? הא? האט ר' **אברהם** נאָך דעם דאַוונען זיך געווענדעט צום פּאַרשוין, אָנקוקענדיג איהם מיט א פריינדליכער מינע.

— וואס־דען? ניט דער פּאַרשוין, וויא דער שטייגער איז, א „פרעמדיגען־ענטפער" אויף עפּיס א מין קרעכצענדיג־חסידיש־חאָרחעלע, שנייצענדיג דערבייא גאַנץ ברייטליך דיא גלאַנצענדיגע נאָז, וואס האט זיך צוגאָסען אין שטיינער און גענאָסען ביז אויף א הילך.

— א, אויב אזוי, שלום־עליכם! פאַהרט ר׳ א ב ר ה ם אריין צום פּאַרשוין מיט דער האַנד. פון וואַנעט זאָל עס, האַ, א יוד זיין?

— האפּ־סי! האפּ־צי! ענטפערט אָפּ ניסענדיג דיא נאָז פאר איהר בעל־הבית.

— פון יהופּיץ אפשר? עפּיס אזוי זעהט עס מיר אויס, מאַכט זיך ר׳ א ב ר ה ם זיין השערה דערוויילע איידער דיא נאָז וועט זיך בערוהיגען און איז זיא מכבד אנב מיט א שמעק טאַבאַקע.

— ווען שטעלט מען זיך ביי אייך דאָ, מאָרגען פריה, דאַוונען? פרעגט דער פּאַרשוין, נאַכדעם וויא ער האט זיך אָפּגעפּאַרטינט מיט דער נאָז.

— ווען? פרעגט איהר — ענטפערט ר׳ א ב ר ה ם — וויא געוועהנטליך. וואס איז?

— יאָהרצייט האב איך, פארשטעהט איהר מיך. דעם זעקסטען טאָג אין תמוז האב איך יאָהרצייט נאָך א טאַטען. מאַכט דער פּאַרשוין מיט א זיפּצעלע.

— אזוי, יאָהרצייט? זאָגט ר׳ א ב ר ה ם, א נעהם געבענדיג זיך ביי דער באָרד. זעהר אָנגעלייגט חלעבין. קומט־זשע, זייט מוחל, מאָרגען אין דער געוועהנטליכער צייט.

דער פּאַרשוין איז נאָך אביסיל געזעסען, שמיסענדיג מיט ר׳ א ב ר ה ם׳ן און דיא אויגען האבען זיך איהם דערוויילע געוואָרפען אין איטליכעס ווינקעלע. ביים אויפהייבען זיך פונ׳ם ביינקעל האט ער זיך מיט א קרומעלע געקראַצט אין דער פּאָה, גלייך וויא דאס ארויסגעהען פונ׳ם מקום־קדוש איז איהם שווער.

„דאַכט זיך האַ?.... נישקשה׳דיג פון א יורען“.... מאַכט ר׳ א ב ר ה ם שטיל פאר זיך, אויפהייבענדיג זיך פון זיין אָרט, נאַכדעם אז דער פּאַרשוין איז אוועקגעגאַנגען. און ווענדענדיג זיך צו מ ש ה ׳ ל ע ן, וואס האט געדרעמט מיט ה ע ר ש ע ל ע ן אין א ווינקעל, רופט ער זיך אָן הויך:

— א היים, שקאָץ! קום, צייט זיך אויסצורוהען פאר א גאַנצען טאָג און שלאָפען. — און דוא שקאָץ, זאָגט ער צו ה ע ר ש ע ל ע ן, לייג זיך דאָ אויף שלאָפען. הונגעריג ביסט־דוא נישט, האַ?

— ניין! ענטפערט ה ע ר ש ע ל ע מיט דעם מויל און אין הארצען בייזט זיך מראַכט ער: אוי, עסען!... אוי וואָלט איך עפּיס געגעסען!...

ר׳ אברהם אָבער איז געשטאַנען, נישט צו ריהרען זיך פון דעם אָרט. ער האט בעשולדיגט אליין זיך אין הארצען, וואס פארדרעהענדיג זיך מיט דעם יודען, איז איהם דערווייל גאר פונ׳ם זינען ארויס, צו בעטען איינעם פון דיא בעלי־הבתים — נעהמען הערשעלען אויף וועטשערע. הערשעלעס ענטפער „ניין!“ דאס הייסט, נישט הונגעריג, האט ער אָנגענומען גלאט אזוי פאר א זאָג, אויס איידעלקייט נאַר, ווייסענדיג זעהר גיט, אז פון איין מאל אין טאָג עסען, און נאך וואס פאר איין עסען, מישטענס־געזאַנט—טרוקען ברויט מיט א קנאָבעל, קען א מענש נישט זאט זיין, בפרט נאך א יונג קינד, בייא וועלכען דער אפעטיט איז גרויס. ער איז געשטאַנען עפּיס צודרעהט, נישט אהין, נישט אהער, און א קוק געבענדיג אויף משה׳לען איהם, צומישט עפּיס, א פרעג געטהאָן:

— נוא, ביז וויא לאַנג וועסט־דוא שטעהען?... גענוג גערעדט!

— ר׳ אברהם, זאָגט משה׳לע, ער איז געבליבען אָהן וועטשערע, הערשעלע!... איך בעט איהם דאָ, קום מיט מיר א היים עפּעס עסען. וואס איז? נישקשה — און ער וויל נישט!

— וואס, וואס? מאַכט ר׳ אברהם שטארק צוקאָכט, עפּיס גאר אָהן ווערטער.

— בעט איך איהם: נוא, וועל איך דיר ברייענגען עפּיס פון דער היים אהער, וויל ער אויך נישט! — חלעבין, נארעלע, ווענדט זיך משה׳לע מיט א נעבעט צו הערשעלען, וואס האסט־דוא מורא? עס וועט, נישקשה, פאר מיר אויך גענוג זיין. נוא, יא?

הערשעלע שאָקעלט מיט דעם קאָפּ אויף ניין, נישט ארויסצוברייענגען פונ׳ם מויל קיין וואָרט. אין הארצען קאָכט איהם וויא אין א קעסיל און דיא פארב שטעהט איהם אין פנים.

ר׳ אברהם זוכט דערווייל בייא זיך אין קעשענע, בעקומט פון דאָרט א הארטען דרייער, וועלכען ער שטופּט הערשעלען אין דער האנד, בעטענדיג איהם פונ׳ם גאַנצען הארצען:

— נעהם, נישקשה!... וועסט דערפאר עפּיס דיר קויפען.

הערשעלע נעהמט דעם דרייער און בעוואשט זיך מיט טרעהרען...

אויף מאָרגען איז דער פארשוין געקומען דאַווענען אקוראט אין דער „געז־ווענטליכער צייט“ און איז ווידער טאָקי געזעסען לעבין ר׳ אברהם׳ן. דיא נאַז האט איהם אלץ טאקי געגלאַנצט, נאָר שוין נישט אזוי געניעסט מיט אזא

בייזער וויא נעבטען. צו דער תורה האט מען איהם אויפגערופען (דאָנערשטיג איז געווען דענסטמאל) יעמור ר׳ שניאור זאב וואָלף ב״ר שרגאָ־פייבוש! ר׳ אברהם האט נאכ׳ן דאווגען געלעהרענט א פרק משניות און איהם מכבד געווען זאָגען א רבנן־קדיש. געזאגט האט ער בנעימות׳דיג גרייזלענדיג דערבייא א פאָה, מיט צוגעמאכטע איינגעליך, געשאָקעלט דאס קעפעלע גאנץ לי׳טעיש, און יענע מיני יודען, וואס פארבלייבען געוועהנטליך אויף א שעה נאכ׳ן דאווגען איבער דעם דרוב, שטיקליך יהי רצק׳ס און דעם „חוקי׳ל׳׳, האבען איהם געשיינקט אָמן׳ס פונ׳ם גאנצען הארצען מיט דער כוונה — יאָהרצייט־בראנפין. דיא דאָזיגע כוונה איז זייא געלעגען אין דיא ליפעליך, אין דיא נערגעליך, וויא זייא האבען זיך בעלעקט און געשלונגען דיא סלינקע. נישט דעריבער ווייל זייא זאָלען אזוי להוט זיין נאך אביסיל משקה, חלילה! שכרות איז בייא זייא דיא גרעסטע עבורה; נאָר דעריבער, וואס אין דעם יאָהרצייט־בראנפין ליגט עפיס א בעזונדער מין יצר־הרע, עס האט עפיס איין אנדער טעם — א כפרה שאמפאניער, דער בעסטער „נסח״! דער שמש האט טאקי באלד געבראכט א קוואָרט בראנפין — שליש מיט קיכליך, אויערביינעל צום פארבייסען און מען האט זיך גע־נומען מאכען לחיים.

— לחיים ר׳ שניאור־וואָלף! בעבעט איינער, השם־יתברך זאָל נעבען... בפשטות טאקי, הא, — פרנסה... פרנסה זיינע יודעליך, אָך־אָך — חאָ!

— לחיים ר׳, ר׳... הא? שניאור! אָט וואס, ר׳ שניאור! קוועטשט זיך נאך איינער אוים עפיס צו זאָגען, נאכדעם וויא ער האט פריהער אָפגעזופט אביסיל פונ׳ם סעלישיקיל און זיך בעלעקט. פרנסה, מהיכאָ־תיתי! וויא ארום? בע... דארויף איז ער דאָך א רבוני־של עולם, הא!... אזוי צי אזוי — ווייס איך? — אָט כאָז ער אייך העלפען... האט איהר עפיס דאָ, הא, א נעיטעפטיל?... וואס?... לאָזט ער אוים חכמה׳דיג, א טאפ צו געבען דער־ווייל אין וואָגען.

— ע־עט!... מאכט שניאור עפיס אָהן ווערטער.

— אהער שקאָץ! רופט ר׳ אברהם צו הערשעלען, וואס אי אין א ווינקעלע געזעסען מיט משה׳לען איבער דער גמרא. נאַ! איין אייער־ביינעל דיר מיט אביסיל בראנפין און דעם אנדערען גיב דאָרט יענעם שקאָץ, דיין חבר.

דעם פארשוינס איינעליך האבען זיך אין איין צייט געוואָרפען אויף הערשעלען דאָ, און אויף משה׳לען דאָרט אין ווינקעלע.

אז דער עולם איז זיך צונאנגען, האט דער פארשוין זיך ארייננעלאָזט מיט ר׳ אברהם׳ן אין א שמיעס מכח יודען, קרעכצענדיג שטארק מקנא געוועזן יענע, וואס קענען זיצען אין בית־מדרש על התורה ועל העבודה און אנב טאקי א טאפ געבענדיג מיט א פרעג:

— ווער זיינען עס בייא אייך יענע צווייא בחורים׳ליך דאָרט, וואס זיצען איבער דער גמרא? גאנץ פיינע קינדער.

— א מבין, הלעבין! ענטפערט ר׳ אברהם מיט א שטאָלץ שמייכעלע, וויא א פאטער בשעת מען לויבט איהם זיינע קינדער. — איינער איז א הינער טאקי און איינער, וועלכען איך האב פריהער צונערופען, איז נעביך א נר, פון א שטעדטיל, א יתום. האלט זיך דאָ אויף. א מצאצקע!

— מען זעהט עס איהם ארויס באלד טאקי אין פנים, מאכט דער פארשוין, א קוק געבענדיג אין הערשעלס זייט. א שאָד חלעבין, ער מוז דאָ נעביך אָפּקומען.

— אוודאי, אוודאי! זיפצט ר׳ אברהם. איין אָרעם קינד, איין עלענט יתום׳ל, נעביך.

— ווייסט איהר וואס! רופט זיך אָן דער פארשוין, נאכדעם אז ער האט אביסיל געטראכט, און דיא גרויע אויגען האבען זיך איהם צופלאקערט. ווייסט איהר, וואס מיר איז דאָ פאר איהם איינגעפאלען?

— א קשיא אויף א מעשה! מאכט ר׳ אברהם מיט א גוט שמייכעלע, פאָכענדיג אויפ׳ן קאָפּ מיט דער יארמולקע. אפשר א שידוך, הא?

— כמו וויא א שידוך. מאכט מיט איין ערענסט פנים׳ל דער פארשוין. שפעטער, מיט דער צייט, קען טאקי זיין, אם ירצה השם, א שידוך. ס׳איז דאָ אויך א בתולה, פארשטעהט איהר מיך. דיא מעשה דערפון איז אזוי . . . לאָזט זיך נאָר דיענען.

— זאָגט, אדרבה, זאָגט. מהיכא־תיתי!

— בקיצור, צו וואס דאָ א ים ברייען, צושאָקעלט זיך דער פארשוין, דיא מעשה אָט, איז אזוי: מיט מיר איז דאָ מיינער א שותף, א גאנץ פיינער בעל־הבית, וויא איך זאָג אייך, נאר נישקשה׳דיג. האט דער שותף מיינער, פארשטעהט איהר מיך, א יונגעלע און וויל זעהר, דאס יונגעלע זאָל קענען לעהרנען. בייא

אונז דאָרט דיא חדרים זיינען, וויא זאָל איך אייך זאָגען, עס . . . דער בדאָדער מלמד איז א בהמה, דער ליטוואק — א צלם־קאָפּ און דיא איבעריגע — טפוא !... מיין איך, אז אייער יתום׳ל זאָל עס א־פנים פאר מיין שותפ׳ס יונגעל זיין... איהר פארשטעהט ?

— איך פארשטעהט. איהר מיינט, מיינער זאָל לערנען מיט דעם יונגעלע.

— מ־מהו ! מאכט דער פּאַרשוין, בלינצענדיג מיט דיא אייגעליך. אָט דאס מיינט דער פּסוק. עס וועט איהם זיין גאנץ גוט. ער וועט האבען קעסט, זיין בע־שוכט און בעקליידט. וועט ער נאָר קיין שוטה נישט זיין קען ווערען א שידוך אויך. פאר וואס נישט ? א בתולה איז דאָ.. צוקייעט עס נאָר.

— דאכט זיך אין פּלוק, הא ? נישקשה ! זאָגט ר׳ אברהם און רייבט דעם שטערען.

— וויל איך, דערקלעהרט עס גאנץ קלאָהר דער פּאַרשוין, וויל איך, פאר־שטעהט איהר מיך, גאר פּשוט טהאָן א מצוה. פארזאָרגען א יתום. מסתמא איז דאָך אזוי באשעהרט. — נוא, האט איהר עס צוקייעט ?

— נישט שלעכט, ענטפערט ר׳ אברהם, נאָר...

— וואס נאָר ? ! טהוט זיך דער פּאַרשוין א חאפּ. נישט שלעכט, זאָגט איהר ; ניין — גאנץ גוט ! אָט דאס איז דאָך דיא מעשה מיט א יורען, האט קיין פּאראיבעל נישט ! וואס, נאָר ? נאָר, וועל איך זאָגען. מען מוז דעם שותף מיינעם ווייזען פריהער דאס בחור׳ל, לאָז ער איהם נאָר געפעלען. אָט, וואס ! ווילט איהר האבען א חלק אין דער מצוה, האיעט־זשע נישט און לאָזט, זייט מוחל, דעם קליינעם מיט מיר געהען צו מיין שותף. באלד טאקי נישטאָ קיין צייט !

— טא ! מאכט ר׳ אברהם אויפהייבענדיג זיך פונ׳ם ביינקעל. אָט נעה איך מיט מיינעם איבערשטיעסין.

אין דעם פּנים פון ר׳ אברהם׳ן און פון הערשעלען איז געוועזן צו דערקענען, אז ביידע קוויינקלען זיך עפּיס אין הארצען, חאָטש ר׳ אברהם האט דיא זאך אנידערגעשטעלט גלאטיק, און הערשעלע האט קוקענדיג איהם אין דיא אויגען, צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ אויף יא. דער פּאַרשוין האט עס פון דערוויטענס זעהר גוט בעמערקט, נאָר ער האט געמאכט א מינע וויא פאר איהם איז אלץ איינס. און אויפהייבענדיג זיך פונ׳ם אָרט רופט ער זיך אָן מיט א קנייטשעלע :

— נישטאָ קיין צייט! וויל ער, זאָל ער באלד מיט מיר גײן... וויא איהר ווילט אייך.

— נאך א רגע'לע, איין רגע'לע! בעט ר' אברהם און טרייבט אונטער הערשעלען, וואס האט, צוקומענדיג צו משה'לען, זיך געבאָבערעט עפּיס מיט איהם דאָרט אין דעם שטענדער. — גײה שוין, גײה, הערשעלע! דער יוד האט נישט קיין צייט. גײה און קום גיך צוריק מיט ענטפער. איך וועל דאָ ווארטען.

— איך וועל מיך נישט זיימען. זאָגט הערשעלע און גײהט ארויס אין־איינעם מיט דעם פּארשוין.

## כג.

ר' אברהם האט באלד נאך הערשעלעס אוועקגעהען זיך גענומען זאָגען זוהר מיט א ברען אויף א נגון. דיא אויגען האבען איהם געפלאַקערט, דאס פּנים האט זיך איהם פאַרפאַרבט — ער האט געזופּט זוהר מיט אפּעטיט און מען האט בעשיינפּערליך געזעהען וויא עס קומט איהם צו דערפון חיות, א סך מעהר וויא איין אַנדערען פון א גלעזיל קאַפּע מיט פּוטערגעבעקסליך צום פריהשטיק. ר' אברהם'ס פריהשטיק איז אלע טאָג בעשטאַנען פון א טרוקען שטיקעל משניות, עטליכע געשמאקע הגדתות, מיט א זופּ זוהר פאַרביסען — און איז דערמיט זאט געווען ביז ווארמעס. א היבשע צייט איז ער אזוי פאַרטיפט געווען אין דעם זאָגען, געפלויגען הויך, עפּיס אין אַנדערע וועלטען. דערנאך האט זיך איהם עפּיס געענדערט דאס קול, אלץ נידעריגער, נידעריגער, וויא ער איז פון'ם זיבעטען הימעל אראָפּ אויף דער ערד. ער האט געטהאָן א זיפץ, געגלעט דיא באָרד, דעם שטערען, געקוקט, זיצענדיג אויף זיין אָרט, אין דעם אָפענעם פענסטער גלייך איהם אקעגען און זיך פאַרטראכט.

אין דרויסען האבען זיך געטראָגען שוועלבעליך, געשוועבט אין דער לופטען פלינק־געשווינד, ארויף און אראָפּ, צופליהענדיג איינס נאכ'ן אַנדערען מיט א שווישטש — „ציק־טשיק" צו דיא נעסטען איבער דיא פענסטער און אונטער'ן גע־זימס פון'ם קלייזיל.

„גם־צפּור מצאָה בית" אויך דאס פייגעלע געפינט איהר הייזיל — קומט ר' אברהם'ן אויפ'ן געדאנק דעק געוויסער פּסוק אין תהלים — „ודרור קן לה"

און דאס שוועלבעלע זיין נעסט, „אשר־שתה את אפרוחיה“ וואס פריטולעט דיא יונגע פייגעליך „את מזבחותיך ה׳ צבאות“ בייא דיין מקום־קדוש, הארצעדיגער פאטער, גאטעניו!... ער גיט א בליק אויף משה׳לען דערמאהנט זיך אויף אין הערשעלען און טראכט בייא זיך: יודישע קינדערליך! — פון ארמע עלטערען פייגעליך, פריטולעטע נעביך אין קלייזלייך...

— וואס בעטייט עס? ווענדעט ער זיך פון דערוויטענס מיט א פרעג צו משה׳לען, וואס איז געזעסען שטיל אין ווינקעלע, אנשפארענדיג דאס קעפעלע אויף דער גמרא. וואס בעטייט עס, וואס ער איז נאך נישטא?

— וויס איך? ענטפערט משה׳לע גאנץ קורץ, עפיס אויף אין אומעטיג קול.

— א־ווא, א מעשה, א מעשה! ברומלעט ר׳ אברהם. מיר איז נאר ארויס פונ׳ם זינען צו פרעגען אויף וועלכער אכסניא שטעהט אט דער דאזיגער, וויא הייסט ער עפיס? שניאור־וואלף, דאכט זיך, הא?

— דאכט זיך אזוי, ענטפערט משה׳לע געציילטע ווערטער עפיס דורך דיא ציין.

— הא, פון וואס פאר א שטאדט, האט ער געזאגט, איז ער — אט דער שניאור־וואלף? איך געדענק נישט אסור וואס ער האט געזאגט...

ר׳ אברהם׳ס דאזיגע ווערטער זיינען געבליבען אהן איין ענטפער. ער האט זיך גענומען ארייננקוקען אין א ספר, נאר דער געדאנק, פאר וואס זייט זיך אזוי הערשעלע האט איהם געפיקט אין קאפ, אזוי אז ער איז נישט אין שטאנד געוועזען צו פארשטעהען קיין ווארט — געקוקט טאקי נאר וויא א האהן אין בני־אדם. עס האט איהם אנגעהויבען אין דעם פארשוין עפיס קשה צו ווערען, זיך עפיס נישט צו שיקען. באלד ביים ערשטען שלום־עליכם איז איהם אפילו דער שניאור־וואלף עפיס נישט געווען צום הארצען — עפיס ווארפען זיך זיינע אויגען, קוקען יענעם נישט גלייך אין פנים אריין, נאר ר׳ אברהם׳ס גוטסקייט און פרומקייט האבען עס נישט דערלאזט גלאט אזוי פון א יודען עפיס שלעכטס צו טראכטען. מילא וואס... נארנישט... א יודיש קינד. — אצינד אבער, אז ער איז דא געוועזען אומרוהיג, האט דאס הארץ זיינס אנגעהויבען פרייא זיך ארויסצוזאגען אקעגען דעם פארשוין, און ער איז שטארק נישט צופרידען געוועזען מיט זיך אליין, מיט דעם גאנצען עסק, עפיס אזוי אין האפעניש! סטייטש, ער ווייסט דאך אפילו נישט רעכט גוט פון וואנען דער פאר־ן, איז!... עס האט איהם עפיס אונטערגעטראגען פונ׳ם ביינקיל, נישט געקענט מ׳הר איינזיטצען אויף זיין ארט.

ער איז צוגעגאנגען צו דעם אָפענעם פענסטער און געקוקט, ארויסגעקוקט אין דרויסען.

פאר זיינע אויגען איז פירגעגאנגען א ריהרענדינע סצענע. אין א שוועלבעלעם א נעסט, אונטער'ן געזימס, האט זיך פארקליבען עפיס א גזלן — א וואָראָבייטשיקיל און זיך צולייגט דאָרט מיט אויסגעשפרייטע פליגעליך וויא ביים טאטען אין וויינ־הויז. אונטער דעם שוועלבעלשען־עולם ווערט א בהלה, א צונויף־פליהעניש פון אלע זייטען. דאס פאָרעל בענז'לטע שוועלבעליך פליהען, פלאַטערען דערשראָקען אהין־אהער, שווישטשען געוואלד, מאכען זיך הארץ און פריווען זיך נאָהענט צוקומען צו זייער נעסט. דער וואָראָבייטשיקיל אָבער שטעקט ארויס, שטארק אָנגעלאָדען, דאס קעפיל, עפענט א מויל און פיק, פיק....

עס מהוט ר' א ב ר ה ם'ן עפיס א צופ בייא דעם הארצען, ער טרעט אָפּ פונ'ם פענסטער, א מאך געבענדיג מיט דער האנד וויא אָפּצוטרייבען פון זיך עפיס אזוינס, וואס בעאומרוהיגט איהם שטארק, און נעהמט זיך געהען הין־און־צוריק איבער דעם קלייזיל. דאס קעפיל פונ'ם וואָראָבייטשיקיל אָבער, שוועבט איהם פאר דיא אויגען, ער קוקט פארטראכט אין מ ש ה' ל ע ס זייט, שטעלט זיך אָפּ פאר־ביינעהענדיג לעבין זיין שטענדער און נאך עטליכע מינוט שוויינען טהוט ער איהם א זאָג:

— טאָמיר, מ ש ה' כ ע, וואָלסט דוא א שפרונג געטהאָן זעהען, וואו איז ער ערגיץ דאָרט, דער שקאָץ הא? שוין באלד דרייא א זייגער. לויף אהין אין דיא אכסניות. ווען נישט אין דער, איז אין יענער, אין איינער ערגיץ וועסט־דוא איהם דאך טרעפען.

— אליין האב איך שוין אויך דאס איינענע געטראכט. ענטפערט מ ש ה' ל ע, צומאכענדיג דיא גמרא און לאָזט זיך באלד טאקי געהען.

מ ש ה' ל ע ן איז אין דעם טאָג געוועזן שטארק אָנגעזאלצען אויפ'ן הארצען דערפון, וואס פלוצלים האט זיך דאָ געמאכט אזוי, אז ער זאָל זיך בעדארפען שיידען מיט ה ע ר ש ע ל ע ן, מיט וועלכען ער האט געלעבט וויא ברידער, געלעהרענט און פארבראכט טעג און נעכט אין ליידען, אין פריידען, מיט איהם אין־איינעם. נאך אזא ליעבען חבר געקניפט און געבונדען, איבערצובלייבען פלוצלים אליין—דאס איז איהם געוועזן שווערער פונ'ם טויט. ס'איז אינוועניג אין איהם פירגעגאנגען א שפאַרעניש, א שארפער פלפול צווישען דיא געפיהלען. דאס געפיהל פון ליעבשאפט צו ה ע ר ש ע ל ע ן האט געשריגען: א רחמנות! ער ליידט דאָ געביך, קומט

דאָ אזוי אָפּ, לאָז ער אהין פאָהרען! טאָמיר וועט ער אויף דער שמעלע דאָרט זיך אויסגלייכען דיא ביינער. א קענען־זשע יענס נעפיהל פון ליעבשאפט צו זיך אליין האט נעטענה'ט: אויף מיר נישקשה אין אויך א רחמנות! דאָ מיט איהם אין־איינעם איז מ י ר בעסער, היימליכער, איינגענעהמער דאס לעבען... און נאָך עפּיס א מין נעפיהל — א „וצדקתך" האט זיך אריינגעליינט אין א פשרה מיט גנבה'שע תנועה'ליך: אויףביידע א רחמנות! איהם איז טאַקי א יושר שוין אביסיל אויפ־געריכט צו ווערען, נאָר נאָט דער גוטער, אויב ער וויל, וועט איהם דאָך דאָ אויפ'ן אָרט אויך קענען עפּיס צושיקען. — ה ע ר ש ע ל ע ס זיימען זיך אָבער האט אין גאנצען איין עק געמאכט פונ'ם דאָזיגען פלפול, אצינד איז מ ש ה' ל ע ן נאָר דאס געלעגען אין זינען: וואו איז ה ע ר ש ע ל ע ? ר' א ב ר ה ם' ס נישט רוהיג זיין עפּיס האט איהם נאָך מעהר צודרעהט, ער איז געווען בעטריבט און נישט געוואוסט וואס איבערצוטראכטען.

אויף עטליכע אכסניות איז מ ש ה' ל ע געווען און אומזיסט אזא פארשוין, וועלכען ער האט געזוכט, האט מען דאָרט נישט געזעהען נישט געהערט. האלטענ־דיג אין געהען אויף דיא איבעריגע אכסניות, איז איהם ווי א קול אין הארצען אריין פלוצלים א געדאנק — הא, צום טייך! ה ע ר ש ע ל ע האט זעהר ליעב צו באָדען זיך, צו שווימען, איבערצומאכען אין וואסער אלע קונצען, אפשר האט ער ביים וועג געהענדיג זיך אראָפּגעכאפּט באָדען און . . . ווייטער, מיט וואס אזעלכס שמעקט, האט מ ש ה' ל ע קיין הארץ נישט געהאט דייטליך צו טראכטען, ער איז נאָר געוואָרען בלייך און נאָר אָהן א נשמה געלאָפען אהין, צו יענע ערטער, וואו געוועהנטליך מען באָדט זיך. נאָר אומזיסט זיין מיה, ה ע ר ש ע ל ע א'ז נישטאָ! נישט ווילענדיג האט איהם זיך געדאכט, שוין גאנץ קלאָר, מיט איטליכס פּיטצעלע בעזונדער: ה ע ר ש ע ל ע איז ביים אונטערטוקען זיך איינגעזונקען גע־געוואָרען אין דער זומפּינער בלאָטע. ראקעס האבען זיך אין זיין לייב שוין איינגע־געסען, גאָנען איהם דעם מארך פון דיא ביינער. דער טייך געהסט דאָך אלע זומער צו א זיבען מענשען. ווער ווייסט, וואס פון מ ש ה' ל ע ן וואָלט פאר בימערע יסורים און אנגסטען געוואָרען, ווען עס זאָל איהם באלד, ווי א בליטץ, נישט א זעטץ טהאָן איין אנדער געדאנק — ס'איז דאָך עפּיס אויף דער וועלט דאָ א ק א ב צ א נ ס ק ע ר אכסניא! מעגליך, טאַקי מעגליך, אז ה ע ר ש ע ל ע איז אריין אהין זיך צו זעהען מיט פרישע ק א ב צ א נ ס ק ע ר פארשוינען, אָפּצוגעהמען א גרוס, אָדער א בריף פון דער היים. מ ש ה' ל ע האט אין דעם געדאנק זיך אָנגעכאפּט מיט ביידע הענד, זיך שטארק געוואונדערט, פאר וואס איז דאס איהם

פריהער נאך נישט איינגעפאלען, און געמארקט פון דער גוטער האפנונג האט ער זיך געלאזט געהען צו דער ק א ב צ א נ ס ק ע ר אכסניא.

דיא אכסניא פון דרויסען איז בעלאנגערט געווען פון בעלי־העגלות, וואס זיינען געשטאנען, געזעסען אויף פריזבעס מיט בייטשען אין דיא הענד, שטארק בייז, האבען זיך געקראטצט אין דיא פאות, געשפיגען און גלאט אזוי זיך אין דער וועלט אריין געפלוכט, געשאלטען; אויף פון מעקלערס, וואס האבען זיך געדונגען מיט פאר־שוינען, אויף זייער לשון — טוהמעס, פעטערס, אנווייזענדיג זייא פון דערווייטענסביידליך, און צוגעזאגט איטליכען א טהייער פאהרעכטס, גיך, געשווינד, געריימיג, וויא דיא שררות. בייא מ ש ה ׳ ל ע ס צוקומען זיינען איהם, וויא דיא היישרעקען בעפאלען מעקלערס, איהם געצויגען, געריסען: אהער יונגער מאן! וואהין פאהרען? אט שטעהט א ביידיל, גרייט, באלד טאקי פאהרען! — מ ש ה ׳ ל ע האט זיך קוים א לעבעדיגער פון זייערע הענד אויסגעדרעהט און זיך אריינגעחאפט אין שטוב אריין. דארט איז ער דורכגעגאנגען צווישען אלע פארשוינען, געזוכט מיט דיא אויגען אין איטליכס ווינקעלע — און ה ע ר ש ע ל ע איז נישטא! עס ווערט איהם נישט גוט, ביטער און פינסטער אויף דעם הארצען. נאר ס׳איז נאך דא א שטיקעל האפנונג. ער פריוועט זיך דורך דער הינטער טהיר ארויס אין הויף אריין. שטופענ־דיג זיך צווישען ביידליך און וועגעליך, צווישען מענשען, פערד, להבדיל, אויסגעמישט אין־איינעם און חאפענדיג הינטערווייליכס א שמימץ אין פנים פון פערדישע ווידלען, דערזעהט ער אין דער זייט דארט א בעקאנט פנים — און עס גיט איהם א קלאפ אין הארצען פאר פרייד אויף אזא מציאה. אונזער ש נ י א ו ר ־ ו ו א ל ף שטעהט עס דארט מיט עמיצען לעבין א געשפאנט וועגעלע, האלטענדיג דיא נאז אראפגעלאזען און זעהט אויס עפיס וויא איין אפגעשטיסענער. מ ש ה ׳ ל ע טהוט זיך א לאז צו איהם האסטיג מיט א פרעג, נאר אין איין אטהעם:

— וואו איז ה ע ר ש ע ל ע ?... ה ע ר ש ע ל ע וואו איז?

— א־א! טהוט זיך ש נ י א ו ר ־ ו ו א ל ף א חאפ וויא פונ׳ם שלאף, שארף אנקוקענדיג מ ש ה ׳ ל ע ן און נאך עטליכע מינוט טראכטען רופט ער זיך אן, שוין לעבעדיגער אביסיל: אט באלד, באלד! ווארט נאך אביסיל, לאמיך נאר אפפארטיגען זיך דא אט מיט דעם יורען.

ש נ י א ו ר ־ ו ו א ל ף רופט אוועק דעם יורען אין דער זייט, ביידע שמועסין דארט א היבשע צייט גאנץ שטיל צווישען זיך, מעהר אויף דעם ווינק. דער יוד זעטצט זיך דערנאך אריין אין א וועגעלע, ש נ י א ו ר ־ ו ו א ל ף געזעגענט זיך מיט

איהם: פאָהרט געזונט! און צוקומענדיג באלד צו משה׳לען מאכט ער נאָך פריינטליך מיט א זיס שמייכעלע:

— נוא, אצינד קען איך דיר ענטפערען. וואס האסט־דוא מיך עפּיס געפרענט, וואס?

— וואו איז הערשעלע?

— א־א, דיין חבר מיינסט־דוא! מאכט שניאור־וואָלף וויא ער שטויסט זיך ערשט אָן. אזוי־זשע רעד. — דיין הערשעלע איז אצינד דאָרט, דאָרט בייא דעם שותף מיינעם. איך שטעה אויף אכסניא דאָ, און ער, דער שותף, פארשטעהסט־דוא מיך, שטעהט בייא זיינעם א מחותן עפּיס. אָט נעה איך אליין באלד אהין. קום, אויב דוא ווילסט, מיט מיר טאקי.

עס פערשטעהט זיך, אז משה׳לע איז זעהר גערען געוועזן צו געהען און האט געזאָגט: אָה, א שיינעם דאנק!

שניאור־וואָלף האט געפיהרט משה׳לען עפּיס געדרעהט דורך שמאָלע געסעלעך און הינטערגעסעלעך. נאך א שטרעקע וועג נאָנג הויבט משה׳לע אָן ביסלעכוויים זיך אָפּצושטעלען, קוקענדיג עפּיס אומרוהיג, גלייך וויא נערעדט: ביז וואנען וועט עס מיך פיהרען?!

„נא־נא, א פארקליבען זיך עס אביסיל! עפּיס אין עק וועלט!" ברומט שניאור־וואָלף אונטער דער נאָז פאר זיך, וויא אויך שטארק נישט צופרידען. און א קוק געבענדיג דערנאך משה׳לען אין פנים אריין מאכט ער מיט א זיס מינעלע: אָט באלד, באלד!

— יא! רופט זיך משה׳לע אָנגעברונז׳ט, אָט באלד זיינען מיר שוין אויף יענער זייט שטאָדט. אָט איז שוין טאקי דער בית־עולם!

— וואס בין איך שולדיג? נעהמט איין שניאור־וואָלף משה׳לען מיט גוטע ריידעליך. נישקשה, וואס קען עס דיך ארען, נארעלע, אז דוא וועסט דערווייל דורכגעהן זיך אביסיל שפּאצירען? אָט קוק א גרין ביימעלע, א שמעקענדיג גרעזעלע, פיינעליך שווישטשען — טשיריק־חיריק־טשיק!

משה׳לע טהוט א שמייכעל און נעהמט אָן א פרעהליך פנים.

— אָט אזוי, האב איך דיך טאקי ליעב! רופט זיך אָן שניאור־וואָלף, אונטערהנפה׳נענדיג זיך. וואס האסט דוא עס אזוי קיין צייט נישט? אלץ לעהרנען, לעהרנען! נאך א מאל אָמר אביי, ווידער א מאל אָמר אביי, מען בעדאַרף דיא וועלט אויך אָנקוקען.

שטיעסענדיג אויף אזא שטיינער איז שניאור־וואָלף מיט משה׳לע

דערוווייל געגאנגען אליץ ווייטער, ווייטער ביז העט אויף יענער זייט בית עולם. דאָרט האט זיך געשלעפּט פּאַמעליך עפּיס א פוהריל, א יודליק איז דארויף געזעסען, גע־האלטען אין דיא הענד שלאָף דיא לייצען, גלאַט נאָר פון יוצא וועגען, פאַרלאָזענדיג זיך אויף דעם פערדעלס יושר, לאָז עס זיך, עט, געהען, וויא זיין גוטער ווילען איז. שניאור־וואָלף האט זיך איבערגעווינקען מיט דעם יודיל און איידער משה׳לע האט צייט געהאט זיך ארומצוקוקען, טהוט ער איהם א חאפּ, ווארפט איהם אריין אין וואָגען און שפּרינגט אין דער הייסער רגע אויף טאקי אריין אהן. דאס יודיל טהוט א שמיץ דאס פערדיל און אוועק, אוועק...

## כד.

ר׳ אברהם געהט דערוווייל אין איינע צרות היץ־און צוריס איבער דעם קלייזיל שטארק אומרוהיג, רייבט מיט דער האַנד דעם שטערען און רעדט אַלץ צו זיך אליין פאַרוואונדערט: רבוני של עולם, וואס טהוט זיך דאָ אזוינס! וואו זיינען עס דיא קינדער?! יענער איז נישטאָ, דער — זיימט זיך עפּיס אויף צו לאַנג. א שיינער אוועקגאַנג אביסיל! מילאָ דער יאַק דער, גארנישט! אָבער יענער, וואו איז יענער?! ס׳איז עפּיס נישט גלאַטיג ער בלייבט שטעהען לעבין פענסטער און נעהמט זיך ארויס דיא אויגען קוקענדיג אין דרויסען, נאָר אומזיסט אָבער דאס קוקען, מען הערט נישט, מען זעהט נישט. ער טהוט זיך געשווינד אהן, נעהמט אין דער האַנד דעם שטעקען און געהט ארויס מיט דער דעה אליין עפּיס צו טהאָן, געוואָהר צו ווערען, וואס איז דיא מעשה.

אויף דער גאַס קומט איהם אקעגען איינער, זיינער א גוטער בעקאַנטער, א יונגער מאַן פון א יאָהר דרייסיג, לייטיש נעקליידעט, עפּיס האַלב־דייטש, האַלב־יודיש, מיט א שווארץ בערדעלע און מיט א קלוג, זיס פּנים. דער יונגער מאַן קוקט אָן פאַרוואונדערט ר׳ אברהם׳ן וויא ער יאָגט אהן א נשמה און שטעלט איהם אָפּ מיט א פרעגע:

— וואס יאָגט איהר עס עפּיס אזוי? וואָהין איז? ר׳ אברהם! אַיין עסק עפּיס, וואס?

— עפּיס א שטיקעל ענמת־נפש. ענטפערט ר׳ אברהם, חאפּענעיג דעם אָטהעם. גוט חלעבין, וואס איהר זענט מיר געקומען אקעגען. איך האב מיך דער־מאָהנט, ס׳איז דאָ מיט אייך צו ריידען וועגען עפּיס איין ענין. נאָר נישט אצינד, נישט אצינד ר׳ רפאל.

— אודאי וועגען א שידוך! טהוט מיט א שמייכעלע א זאָג רפאל. תאם

איהר געהערט בעסער נייעס, ר׳ אברהם? אייער נדליה ווינטהאפער האט אנגעזעצט!

— אָווא, אָ־ווא! מאכט פארוואונדערט ר׳ אברהם. עפּיס אזוי פלוצלים, אומגעריכט! און וויא שטעהט מעלתו מיט איהם?

— נישקשה! זאָגט רפאל, א דרעה געבענדיג מיט דער נאָז. איך האב מיך לאנג דארויף געריכט. זיינע וועקסלען מיר פאר דער סחורה האב איך באלד טאקי סקאָנטירט, וויינינער מיט עטליכע פּראָצענט—אָהן סכנות! מיינע לאָדזער פאבריקאנטען, נישקשה, וועלען דערפאר אויף מיר נישט ברוגז זיין אצינד. וואס־זשע פּאָרט, ר׳ אברהם, איז דיא מעשה, וואס איהר זענט עפּיס צוטראָגען אזוי? ווייסט איהר וואס? קומט חלעבין אצינד צו מיר, וועלען מיר ריידען בייא א גלעזיל פונש. עפּיס בין איך היינט זעהר גוט אויפגעלייגט.

— הא?... גוט! מאכט ר׳ אברהם, א חאפּ געבענדיג זיך, וויא ער איז אויף עפּיס געפאלען נאך א פּאָר מינוט טראכטען. גוט, איך וועל אייך אונטער־פיהרען ביז צו אייער שטיבעל אויפ׳ן הויף און אליין וועל איך דאָרט אריינגעהען אויף דער קאבצאנסקער אכסניא עפּיס וועגען א זאך. קוים ענדיגט זיך גוט, בין איך דיא רגע בייא אייך. קומט!

ר׳ אברהם, לאָזט זיך געהען ווייטער ניך, רפאל געהט איהם קוים נאך און קען נישט פארשטעהען, וואס דאס אייליגעניש ר׳ אברהם׳ס זאָל בעד־טייטען אזוינס.

— געדיינקט־זשע, ר׳ אברהם רופט זיך אָן רפאל ביים צושיידען זיך אויפ׳ן הויף פון דער אכסניא. וויא באלד איהר וועט זיך אָפּפּאַרטיגען דאָ, זאָלט איהר אריינקומען גלייך צו מיר.

— א־נאָט העלף, רייזעניו! זאָגט ר׳ אברהם אויף א נגון, אריינ־קומענדיג ברייטליך צו רייזען, אין איהר בעזונדער אלקיריל, בשעת זיא האט ערשט אוועקגעלייגט דאס פלייש זאלצען איבער א ווייקשעפטיל און זיך גענומען צו דיא פיש, צו א געזונטען קארפ מיט א גרויסען העכט אויף שבת.

— אָ, א גאסט, חלעבין! מאכט רייזע, אָפּרייסענדיג זיך פון דער אר־בייט און א פאָהר געבענדיג מיט דער נאָז איבער דעם ארבעל. א לאנגע צייט, העך־אביסיך, האט מען אייך נישט געזעהן, ר׳ אברהם! הא, רעכט עפּיס אזוי? נוא, זעטצט זיך, זייט מוחל!

צווישען רייזען און ר׳ אברהם׳ן איז געוועזן פון גאנץ לאנג א גוטע בעקאנטשאפט. איהר מאן, עליו השלום, האט ביים לעבען געדאוועט אין דעם

קלייזיק, וואו ר׳ אברהם, און זיך מיט איהם זעהר גוט פארהאלטען. רייזע האט נאך ביז אצינד אונטער ימים־נוראים געדאווענט אין דער ווייבערשער שוהל דאָרט, אויף איהר שטאָט, און מיט דיא יאָהרצייטען נאך דעם מאַן, נאך איהר מאמען און מאמען זיך שטענדיג פארלאָזט אויף ר׳ אברהם׳ן, וואס ער פלעגט עס אקוראט אָפּהיטען. ער פלעגט שוין נעדיינקען דיא דאָזיגע טעג, אין זינען האבען דיא ליכט, דיא פרקים משניות, אויך בעשטעלען א מנין יודען אויף דעם הייליגען אָרט און דערנאך מיט איהר זיך אָפּרעכענען. אויסער דעם פלעגט ר׳ אברהם אָפּט קומען צו איהר אין הויז, א מאָל נאך א נדבה אויף עפּיס א מצוה־זאך, א מאל צו זעהען זיך מיט א בעקאנטען אורח, וואס איז פארפאָהרען צו איהר אויף אכסניא און א מאָל גלאט אזוי געוואָהר ווערען, וואס הערט זיך. רייזע האט איהם אויפגענומען שטענדיג מיט כבוד, איז זעהר גערן געווען זיך אריינצולאָזען מיט איהם אין א שמועס וועגען יודעשקייט, וועגען דעם שטיינער לעבען פריהער אין יענע צייטען און קרעכצען: הײנט איז נישט דאס, וואס אמאל!

— יא, נערעכט, חלעבין, נישט נעזעהען זיך טאקי א היבשע צייט. עס האט זיך עפּיס נישט געמאכט. הײנט בין איך נעקומען... דרעהט זיך ר׳ אברהם עפּיס און זעטצט זיך אנידער אויף א ביינקיל.

— א בער אין וואלד האט נעמוזט פגר׳ן! שפּאסט אויף איהר שרייענדיג קול רייזע.

— הײנט בין איך נעקומען, הויבט ר׳ אברהם אָן דעם שמועס, אָט וואס: זאָגט נאָר רייזעניו, האט איהר נישט געזעהען הײנט בייא אייך דאס קאַב־צאנסקע בחור׳ל? איהר ווייסט דאָך וועמען איך מיין, יענס בחור׳ל, אונזער בעל־תפלה׳ס, עליו השלום. אין דער פריה איז ער אויף א שעה אוועקגעגאנגען און נאך נישטאָ!

— אוי, א דונדער האט מיך נישט דערשלאָגען! טהוט רייזע א געשרייא און פארוואָרפט מיט דעם קאָפּ.

— וואס איז, האָ? ! טהוט זיך ר׳ אברהם א חאפּ דערשראָקען. אויפ־שפּרינגענדיג פונ׳ם ביינקיל.

— איין עק פון זיין לעבען, פּארוויסט—זיינע יונגע יאָהרען! טרויערט רייזע וויא צו דיא קינות. דאס הארץ, א וועהטיג איז מיר, האט מיר טאקי געזאגט, אז ס׳איז עפּיס נישט גלאט. אצינד איז שוין קלאָהר וויא דער טאָג—ער איז נעקוילעט געוויך. אי, נעקוילעט זאלען זייא ווערען אָהן א מעסער!

— נאַט איז מיט אייך, רייזע! ווער? וואס? בעט ר' אברהם רחמים און איז טויט מיט אלע אברים.

— נאַט אייך א ווארעניק, הען אביסיל! צולאָזט זיך רייזע אויף איהר קול. פלוצלים גאר זיטצט ער דאָ צווישען צווייא אומבעקאנטע יודען, דער רוח ווייסט זייער טאטען, ווער זייא זיינען, און עסט א ווארעניק! וואס זיינען זייא מיט איהם פאר א שמעלקעס, זייא זאָלען איהם דעם ביסען פונ'ם מויל אוועקנעמען! נישט עפּיס אזעלכע מילדע. מיט מיר, נישקשה, האבען זייא זיך גוט נעדונגען פאר דעם ווארמעס, האבען נאך אין א טאָרבעלע פארנומען דיא איבערגעבליבענע שטיק־ליך ברויט פונ'ם טיש. — מיר איז עס באלד עפּיס נישט געפעלען.

— נוא, נוא! טרייבט אונטער ר' אברהם.

— נוא, מאכט רייזע, איבערגעהענדיג פון דער דינער אויף דער גראָבער סטרינגע, מילא איז מיר נישט געפעלען. וואס־זשע איז? דאס ערשטע מאל, הען־אביסיל, מאכט זיך מיר אזוינס, וואס מיר איז נישט געפעלען? — פון דעסטוועגען האט עס מיך פאָרט עפּיס נעמאָנטעט, ארייגצושטעקען, וויא מען זאָגט, דיא נאָז, טאָמיר וועל איך עפּיס אָנשמעקען. עפּיס וויא שמעהט דאָרטען, ר' אברהם, א יודענע האט ליעב...

— ניכער, סערדצע, איך בעט אייך. צאפּעלט ר' אברהם הערען ווייטער, דעם שפּיטץ.

— וואס דען? א יודענע איז א יודענע. לאָזט רייזע נאך אויף א טאָן נידריגער אראָפּ דיא נעמבע. בין איך ציקאווע געוועזען שמעקען ביים דערלאַנגען יענע פארשוינען צום טיש, האפּען פארביינעהענדיג א לעק פון זייער שמיעס. עפּיס איז מיר דאס שושקען־זיך זייערס און דאס מינעלע, וועלכע זייא האבען דערבייא געמאכט, איבערווינקענדיג זיך מיט ננבה'שע אויגען, גאָר טאקי נישט געפעלען. א פאָר ווערטער, וואס איך האב געהאפּט, זיינען מיר שטארק אין נאָז אריין, און דאס הארץ האט מיר געזאגט: האפּערס! נישט אנדערש זייא זיינען אויסען דאס יתום'ל אין געוואנט ארייגשטעקען מיט איין אָנשטעל. אָט וואס דער ווארעניק בעטייט... איך האב געזוכט דאס בחור'ל, גראָד איז ער מיר אין דער הייסער רגע צו דיא אויגען נישט געקומען. דערווייל בין איך דאָך א יודענע „מה אָני, מה חייני" מישטעהנס־געזאגט א קאטצען־מות, אין איין אויער אריין פונ'ם אנדערען ארויס. א קאטאָוועס, הען אביסיל, שטענדיג האט מען דאס לויפעניש. אצינד ווייזט זיך עס גאנץ קלאָהר ארויס! — האפּט זיך פלוצלים רייזע ארויף הויך אויפ'ן בייא־קולכען — נעהאפּט האבען זייא איהם אוואי, פארהאפּט זאָלען זייא ווערען. א

ביטער רחמנות, וועה איז מיר, אזא וואויל קינד! — אוי, א דונער איז מיר, ר' אברהם! וואס איז מיט אייך? לאָזט זיך נישט אָפּ!

א קאַלטער שוויים האט בעשלאָגען ר' אברהם'ן, טרעהרען, וויא דיא באָבען, זיינען איהם געשטאַנען אין דיא אויגען, אַלע גלידער האבען איהם געציטערט און ער האט קוים זיך געהאַלטען אויף דיא פיס.

— איך בין שולדיג, אייקעט ער אָנהאַפּענדיג זיך ביים קאָפּ. אי־אי־אי, וואס האב איך געטהאָן! ביים ערשטען בעגעגעניש מיט א מענשען, נישט רעכט צו וויסען ווער ער איז, פון וואַנען ער איז, נעהם איך און גיב איבער אין זיינע הענד אריין דאס עלענטע יתום'ל נעביך, אי־אי!!

— וואס זענט איהר שולדיג? נעהמט רייזע איין ר' אברהם'ן מיט גוטע רייד. מסתמאָ איז דאָך זיין פינסטער מזל אזוי. אזוי, מסתמא איז אויף איהם אָנגעחתמ'ט געוואָרען. וויא זאָגט מען עפּיס? עס פאַלט נישט דיא שפּין ביז עס לינט נישט עפּיס דרין.

— הרג'ענען בין איך ווערטה זאָל מען מיך, אַלטען נאַר — הערט נישט אויף ר' אברהם צו אָכצען, צו קרעכצען — אויף מיר האט עס לייזער־יאנקיל, עליו השלום, איבערגעלאָזט זיין קינד און געשטאָרבען מיט דער האָפנונג, אז איך וועל עס דאָ אויף איהם האבען דיא השגחה וויא א טאטע. — יאָ, א שיינע השגחה! א גוטער טאטע!...

— נוא, וואס זאָל מען טהאָן? הען־אביסיל, זעטצט זיך, ר' אברהם! בעט רייזע מיט טרעהרען אין דיא אויגען, אונטעררוקענדיג איהם דאס ביינקיל.

— וואו איז מיין קינד? וועט דער טאטע דאָרט שרייען, נישט איינ־לינענדיג רוהיג אין קבר. אזוי האט איהר עס נעהאַלטען וואָרט.... און וואס וועל איך ענטפערען דער מאמע, דער וויסטער אַלמנה? אז זיא וועט קומען וויינען איבער מיין קאָפּ... רעדט, זאָרגט ר' אברהם מיט א געבראָכען הארץ, טהוט זיך א וואָרף אויפ'ן ביינקיל, פאַרדעקט מיטביידע הענד דאס פּנים און בלייבט זיטצען שטיל, שטום וויא דיא וואַנד.

— הען־אביסיל! הויבט אָן רייזע מיט א מוסר, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ נאָך עטליכע מינוט שטיל־שווייגען און פון דיא אויגען קאַפּען איהר טרעהרען. וויא טהאָר מען, הען־אביסיל, זיך אזוי נעהמען צום הארצען! און נאָך א מאַנסביל, א יוד, א למדן, ווייסט וואס שטעהט געשריבען דאָרט אין הייליגע ספרים! היינט וואָס זאָל מען שוין זאָגען אויף א יודענע? מה נאמר, מה נדבר, עט, חלעבין, וויא איך בין א יודישע טאָכטער! הא! וואס איז עס דאָרטען פאַר א וואָרף? טהוט זיא זיך פּלוצלים א חאַפּ, דערהערענדיג א שטאַרקען קלאַפּ אויף יענער זייט אַלקיר, וויא עפּיס איז אומגעפאַלען. טפוא, זאָל עס ווערען, נאָר עס ברעכט, עס צאַרפּט! נישט אויסצוהאַלטען, וואס דאָ טהוט זיך א טאָג איבער!..

רייזע לויפט געשווינד ארויס פונ'ם אַלקיריל און שלאָגט זיך אָן נישט ווייט

דערפון, אין א טונקעל ווינקעלע, אין עמיצען עפּיס, וואס האט באַברענדיג זיך דאָרט אויף דער ערד מיט זאַבען, אומגעוואָרפען א ביינקיל מיט קוועטליך און קופּערוואָרג.

— וואס זאָגסט־דוא, איך בעט דיך, צו זיין טאטען? לאָזט זיך הערען ר י י ז ע ס קול דאָרט, הויך אויף א בייזער. וואָהין ער האט זיך עס, העך־אביסיל, פארקליבען מיט דיא קלימקעס! גאר נישט געפונען, חלעבין, קיין אנדער אָרט! ווער איז?

קיין צייט נישט צו האבען וואַרטען אויף ענטפער ביינט זיך ר י י ז ע איין מיט איהר כבוד אליין, צו זעהען, ווער איז, וואס באַברעט זיך דאָ. זיא קוקט דעם פארשוין אין פּנים אריין און לאָזט ארויס א געשרייא נישט מיט איהר קול:

— ר, א ב ר ה ם! גיכער, ר' א ב ר ה ם!

ר' א ב ר ה ם האפּט זיך אויף וויא פונ'ם שלאָף און פליהט מיט איספּעט ארויס פונ'ם אלקיריל.

— ער איז דאָ! שרייעט ר י י ז ע ניך אין איין אָטהעם, טייטענדיג מיט אלע פינף פינגער. אָט, איז ער, אָט, ער!...

— ה ע ר ש ע ל ע! מאכט ר' א ב ר ה ם אויף א דומפּף־ציטערדיג קול, ארויסשפּרינגענדיג פון דיא כלים פאר גרויס וואונדער.

ה ע ר ש ע ל ע איז געשטאנען אראָפּגעלאָזען דיא נאָז, וויא איינער וואס האט זיך פארזינדיגט און פיהלט, אז אָט האפּט ער א פּסק.

— ג ו מ ל בעדארפסט־דוא בענשען, שיין בחור'ל, וואס דוא ביסט טרוקען ארויס. רופט ר י י ז ע זיך אָן.

— וואס בין איך שולדיג? אומגערען האב איך עס דאָך אומגעוואָרפען. פארענטפערט זיך ה ע ר ש ע ל ע.

— ניין, נישט דאס, פאלט אריין אין דיא רייד ר' א ב ר ה ם. דוא ביסט טרוקען ארויס, מיינט ר י י ז ע, פון דיא יודענס הענד. — וואס קוקסט־דוא עס עפּיס אויף מיר אזוי פארוואונדערט, ה ע ר ש ע ל ע?

— איך פארשטעה נישט, וואס איהר זאָגט! ענטפערט ה ע ר ש ע ל ע, מאַ־כענדיג מיט דיא אַקסלען און נעהמט זיך צונויפקלייבען דאס אַ־אָפּגעפאלענע קופּערנע געפעס.

— איהר הערט? ווענדט זיך ר' א ב ר ה ם אין דער זייט צו ר י י ז ע ן. ער פארשטעהט נישט, וואס מען רעדט! אומזיסט אומגישט, האב איך מורא, חושד געוועזען יודען. גאָט זאָל אונז נישט שטראָפען.

— עט, וואס דאכט זיך אייך! זאָגט ר י י ז ע מיט א שמייכעלע. וואס רען־זשע בעטייט דער ווארעניק? האט זיך יענע פאר ווערטער, וואס איך האב געהאפּט, מיר נאָר געחלומט?... אַ־נוא, גיט איהם נאָר, זייט מוחל, א פרעגע, וואו איז ער עס ביז אצינד פארפאלען געוואָרען?

— זאָג נאָר, שקאָץ! מאַכט ר׳ א ב ר ה ם. וואו ביסט־דוא עס פאַר־פאַלען געוואָרען ביז אצינד?

— וואס האסט־דוא עס זיך צו באָברען דאָ מיט זאכען? מיט וועמענס זאכען? פרעגט ר י י ז ע צווייא קשיות מיט א מאל און בייגט זיך אָן א קוק טהאָן צו א פעקעלע מיט זאכען.

ה ע ר ש ע ל ע שטעהט צודולט, האלט צראָפּגעלאָזען דיא אויגען און ענט־פערט נישט קיין וואָרט.

— איהר זעהט עפּיס שיינס! צולאָזט זיך אויף איהר קול ר י י ז ע, האלטענ־דיג אין דער האנד א קליידיל, וועלכס זיא האט געפונען צווישען דיא זאכען. וואס זאָגסט־דוא, איך בעט דיך, צו זיין טאטען? צ־גוא, שיין בחור׳ל, וואס בעטייט דאס קליידיל, א מיידעלש קליידיל?

— וואס, וואס! מאַכט פאַרוואונדערט ר׳ א ב ר ה ם.

ה ע ר ש ע ל ע ווערט אָנגעצונדען, רויט וויא פייער און קען נישט ארויס־ברייננען קיין וואָרט, אזוי פארקלעהמט האט איהם דאס הארץ.

— דערווייל, ר׳ א ב ר ה ם שטעהט איהר דאָ אויף דיא פיס, רופט זיך ר י י ז ע אָן. אָט נעהט בעסער מיט איהם אריין אין אלקיריל, וועט איהר מאַכען ב ר כ ה. דאס בחור׳ל וועט אויך עפּיס עסען. ער איז דאָך אודאי הונגעריג, העך־אָביסיל! ער וועט עסען און מיר וועלען דערווייל פון איהם געוואָהר ווערען אלסדינג.

כה.

דיא מעשה מיט ה ע ר ש ע ל ע ן איז אזוי:

ש נ י א ו ר ־ וו א ל ף האט געפיהרט ה ע ר ש ע ל ע ן פונ׳ם קלייזיל גלייך אויף דער ק א ב צ א נ ס ק ע ר אכסניא, וואו ער איז גראָד געשטאַנען. געגוג קאָנט זיך דאָך אויף דער דאָזיגער אכסניא אלע טאָג פון זעהר פיעל פארשווינען, וואס קומען און פאָהרען אוועק, איז דאס קאָבעניש דאָרט דאָנערשטיג נאָך גרייסער. דאָנערשטיג הויבען געוועהנטליך יודען אָן שוין קיין צייט נישט צו האבען און דיא, וואס האלטען אין פאָהרען, איילען זיך אויף שבת, אוים מורא, דער שטן זאָל חלילה נישט מקטרג זיין: עס זאָל אין דער מיט וועג נישט ברעכען איין אַקס, דער וואָגען זאָל זיך נישט איבערקעהרען מיט אלע פארשווינדליך, נישט איינגע־זינקען ווערען איבער דיא רעדער אין א בלאָטע, אָדער, לא יעלה ולא יבוא, דיא פערד זאָלען נישט צושטעהען און מען זאָל, בעהיט גאָט, פארשפּעטיגען: איינער— דעם ראָסעל־פלייש, דער אנדערער — דעם מ ר ח ץ. אָדער, דיא בייזע שעה זאָל נישט זיין — און מען זאָל נאָר אריינפאָהרען מיט דעם דישעל אין דער שיסעל לאָקשען. אין דער גרויסער בהלה דאָרט פון מענשען, דענסטמאל ווען איטליכער איז פארטראָגען מיט זיך, נישט אין זינען צו האבען יענעם — איז ביים עק טיש, אין א ווינקעל, געזעסען עפּיס א יודיל מיט א רויטער באָרד און שטארק גע־שוויצט איבער א שיסעל מיט וואַרעניקעס, פון וועלכער עס האט געזעסצט א פּאָרע וויא

א רויף. ער האט גענעסען מיט כוונה, גוט געקייעט, נישט געאײלט וויא א גרויסער מייסטער אין דער אכילה. קוקענדיג בשעת מעשה אויף איהם האט מען בעקומען איין אייזערנעם אפעטיט, האטש ער איז שוין פון א צייט פארפאלען געווארען און עס האבען דערצו נישט געהאלפען קיין דאקטוירים. וואס רופאים, וואס דאקטוירים! איין מיטעל צום אפעטיט איז א בריה, א פרעסער—קוקען אויף איהם וויא ער רייבט מיט א לשם־יחוד...

שניאור־וואלף איז צוגעקומען אליין צו דעם יודעל און מיט איהם שטילערהייט עפיס געשמיעסט. דאס יודעל האט זיך פארטראכט, אנידערגעלייגט אויף א וויילע דעם לעפעל, קייענדיג זעהר פאמעליך, קוים קוים צו מאכען מיט דיא ליפען, און מען האט אין זיין שיינענדיג פנים׳ל, אין זיין שמייכעלע, דערקענט, אז עס טהוט איהם עפיס שטארק הנאה. הערשעלע איז זיך דערווייל געשטאנען אין דעם אנדערען עק שטוב און געווארט, וואס וועט דא זיין. שפעטער אביסיל האט שניאור־וואלף מיט א ווינק איהם צוגערופען צו זיך און פירגעשטעלט פאר דעם יודיל, וואס האט איהם געבעטען זיטצען לעבין זיך, מאכענדיג גאר פריינטליך:

— מיר ביסט־דוא אויפ׳ן אנבליק, געפעלען. איך פארהאף, אז דעם שוואגער מיינעם, וואס זוכט א גוט בחור׳ל פאר זיין יונגעל, וועסט־דוא אויך געפעלען. נאר מיין שוואגער שטעהט אכסניא ווייטליך פון דאנען. ער איז א גאנץ איידעל, אפ־געהיט מענשעל און בעדארף האבען צו זיין געזונט א גערטענדיל, אביסיל פרישע לופט. נאך דעם עסען פאהרען מיר אהין, דיך מאקי אויף מיטנעהמען, כאן ער דיך נאר אנקוקען, נישקשה. דאס איבעריגע — איז שוין אונזער זאך. עס וועט זיין רעכט! . . . דערווייל קום עסען!

— עסט געזונט! ענטפערט הערשעלע, וויא דער שטיינער איז אז מען בעט עסען!

— ניין! זאגט דאס יודיל, מאקי אין רעכטען אמת קום עסען. — זאגט, זייט מוחל, ווענדט ער זיך צו שניאור־וואלף׳ן, זאגט דער בעל־הבית׳טע, זיא זאל אייך ביידען געבען עסען.

— א שיינעם דאנק! איך בין נישט הונגעריג. בעדאנקט הערשעלע, אויס דרך־ארץ נאר, הגם עס וואלט איהם גאר נישט געשאדט מאקי, אין טויל אריין צו נעהמען עפיס.

— נעהם־זשע האטש וואס ס׳איז, בעט דאס יודיל און שטופט מיט געוואלד הערשעלען אין דער האנד אריין א גרויסען, א שווארצען, אינע־ווייניג מיט קעז אנגעפילטען וואַרעניק.

— בעל־הבית׳טע, בעל־הבית׳טע! רופט צו שניאור־וואלף רייזען, וואס איז דורכגעלאפען פארביי מיט דעם פאלאניק אין דער האנד, מיט געשרייא און געפילדער.

„וואס זאגסט־דו איך בעט דיך צו זיין מאטען?!" לאזט זי צוקומענדיג אויס איהרען עפיס א שמועס מיט א פארשוין דארט, צווישען דעם עולם.

— נישטאָ עפּיס צו עסען, בעל־הבית׳טע? פרעגט שניאור־וואָלף.

— וואס צו עסען, עפּיס? חזר׳ט רייזע איבער יענעמס ווערטער, מאַ־כענדיג א שלשלת. וואס הייסט עפּיס? ווארמעס ווערט שפּעטער אביסיל זיין.

— איך בין דאָך אָבער טויט הונגעריג, א געוואלד!

— הען־אביסיל! זאָל איך מיך צערייסען, פון מיר מאכען עסען! וועל איך דערווייל מאַכען אייך א רעטיך. ענטפערט אָפּ רייזע, ווארפענדיג א בליק אויף דיאביידע יודען, אויך אויף הערשעלען, וואס האט, זיטצענדיג בקומפּאַניע, מיט דרך־ארץ גענעסען א ווארעניק. זיא האט עפּיס פארדרעהט מיט דער נאָז און איז אוועקגעגאַנגען אין איהר רוה אריין

אז שניאור־וואָלף האט, כפי־המדובר, דערהאלטען פון רייזען דעם אויפנאָב אויף׳ן ווארמעס — א רעטיך, צו וועלכען ער האט זיך גענומען מיט גרוים חשק, שטארק פארטיפענדיג זיך אין טעלער, האט דיא פּאָליטיקע הערשעלעס מתחייב געווען, זיך צו דערווייטערען דערווייל ערגיץ אין דער זייט, ווייל ס׳איז קיין דרך־ארץ נישט, יענעם קוקען אין דיא אויגען אריין בשעת ער עסט. דיא טהיר פונ׳ם שטוב האט א רגע זיך נישט צוגעמאכט — דער אריין, יענער ארויס. האפּענדיג, אזוי וויא ער שטעהט זיך דאָ אזוי, א שטופּ פון הינטען קוקט ער זיך אום און דער־זעהט צווישען פרישע אריינקומענדיגע פארשוינען — וועמען מיינט איהר? — ביילען! עס האט איהם א קלאפּ געטהאָן אין הארצען, עפּיס וויא א ווארמער שטראָם איז איהם איבער דעם גאנצען לייב דורכגעלאָפען און ס׳איז איהם געווען אזוי גוט, אזוי געשמאק, גלייך וויא ער וואָלט דערזעהען א שוועסטער, דיא מאמען, אלע זיינע ליעבע. נאך וועלכע ער האט אזוי שטארק געביינקט. עס האט איהם מיט א מאל א שיין געטהאָן פאר דיא אויגען זיין שטעדטיל, זיין היים און זיך אין דער דאָזיגער מינוט געפיהלט נישט עלענד. פאר גרויס פרייד איז ער געוואָרען צר־מישט, אזוי אז ער האט גערוקט ביילען דיא האנד ביים צולויפען צו איהר, גאר פארגעסען, אז זיא איז א מיידיל, איין אשה און עס קומט איהר נישט קיין שלום־עליכם. ביילע האט מיט א שטיל געלעכטעריל אָפּגעשטויסען פאמעלכין פון זיך זיין האנד, אָנצוהערעניש געבענדיג איהם דערמיט זיין גראָבען טעות. הערשעלע איז געוואָרען רויט וויא א צוויק, האט זיך ארומגעקוקט פארשעהמט אין אלע זייטען אויב מענשען האבען נישט בעמערקט זיין ווילדען טעות און עפּיס געברומבעלט גלאט אזוי, גאר אָהן ווערטער.

— איך האב געבראַכט דיר א מתנה, פון דער היים נא דיר אָט דאס־אָ! רופט זיך אָן ביילע, געבענדיג הערשעלען א פּעקעלע. דאס שיקט דיין מאמע דיר און כאָזט דיר גריסען.

אין דעם פּעקעלע איז געלעגען א פּאָר אלטע אונטערגעארבייטע זאָקען, אין אלט אויסגעלאטע׳טע העמד, איינגעוויקעלט אין א קאפּאָטקעלע, איבערגענייעט אויף דער לינקער זייט פונ׳ם טאטענס אלטער וואָכעדיגער קאפּאָטע מיט א פאלבאָן. הערשעלע האט זיך געשמאָלצען אין דעם העמד. אין דיא זאָקען, זיא האבען

נעהאט בייא איהם דעם זיבעטען חן, עפּיס איהם דערצעהלט, גערעדט ווערטער. איטליכע לאַטע איז געווען א מגילה, א גאַנצע געשיכטע, ווער עס האט זיא געליינט, וויא אזוי און מיט וואס פאַר א האַרץ מען האט זיא געליינט. ער האט אויף בעטראַכט דאס קאַפּאָטקעלע — און טרעהרען זיינען איהם געשטאַנען אין דיא אויגען. עס האט איהם געשוועבט פאַר זיינע אויגען דעם טאַטענס בלייך פּנים, געקלונגען אין דיא אויערען זיין שטיל־שוואך לשון, זיין זיפצען ביים געזעגענען זיך מיט איהם: „פריהער שפּעטער, הערשעלע, מען מוז זיך שיידען!“ — בעטראַכטענדיג דאס קאַפּאָטקעלע האט איהם זיך געהערט עפּיס וויא א גרוס פון יענער וועלט, א וועה־געשריגען פון׳ם טאַטען: „אָך, האב איך עס מיך געפּלאָגט דאס גאַנצע לעבען — און אָט האסט־דוא דיר אצינד דעם גאַנצען סך־הכל: מיין נשמה האט גענומען גאָט, מיין לייב — דיא ערד און דיא אלטע קאַפּאָטקע, מיין גאַנץ פאַרמעגען, נעהם דוא, זוהנעניו, און טראָג געזונט!“....

ביילע האט דערצעהלט הערשעלען, אז איהרע ארמע עלטערען האבען זיא געשיקט אהער, קיין גלופּסק, זיך צו שטעלען ערגיץ אויף איין אָרט. און אזוי וויא זיא איז דאָ ווילד־פרעמד, האט זיא איהם געפרעגט, טאָמער ווייסט ער, וואו איז דאָ ערגיץ דיא „זאָרג־באַנק“ — דאס אָרט, וואו דיענסטען, מעקלערענס קומען זיך צונויף, אזוי האט זיא געהערט זאָגען, און אויב זיין גוטער ווילען איז, זאָל ער אליין טאַקי מוחל זיין זיא אהין אָפּצופיהרען. פאַר גרויס פרייד דורכצוגעהען זיך דאָ מיט ביילען און וואס דערווייל וועט ער טאַקי קענען אויספרעגען זיא אויף איטליכען בעזונדער אין דער היים, איז איהם גאר ארויס פון׳ם זינען שניאור־וואָלף מיט זיין שותף, מיט דער גאַנצער שטעלע. שניאור־וואָלף און דאס יודיל, וואס זאָלען זייא דאָ דיינקען? דאס בחור׳ל—וואס דען זאָל ער טהאָן?— דרעהט זיך ארום אין שטוב צווישען דעם עולם, זייא האבען א פּאָר מאל אויף אכטונג געגעבען. נישקשה, ער וועט ווארטען, ער בעדאַרף דאך זייער טובה! און בשעת שניאור־וואָלף איז דאָ געווען אזוי פאַרטהאָן אין דעם רעטיך און דאס יודיל האט זיך געגרונטעוועט אין דער שיסעל מיט ווארעניקעס, אין דער גוטער האָפנונג, אז באלד וועט דיא בעל־הבית׳טע צוטראָגען נאך עפּיס — זיינען אונזערע ביידע קאַבצאַנסקער יונגע פאַרשוינען וויא א פּאָר טויבען ארויס געפלויגען פון דער אכסניא און זיך געשפּאַצירט איבער גלופּסק. ביידע האבען זיך געפיהלט עפּיס גוט, ביידען האט עפּיס הנאה געטהאָן. דיא דערמאָהנונגען פון דער היים האבען זייא אונטערגעגעבען פייער, געעפענט א מויל צום ריידען. דאס שעהמען זיך זייערס א מאל אין קאַבצאַנסק, איז דאָ, אין דער פרעמד, פאַרשוואונדען וויא א רויך. הערשעלע האט זיך זאט נישט געקענט אָנריידען, אויסגעפרעגט אויף איטליכס פּיטצעלע אין דער היים, אין דעם גאַנצען שטעדטיל, אויסמישענדיג אלסדינג אין־איינעם, נישט פאַרגעסען אפילו שעפּסיל דעם מלמד׳ס ציג, זימל דעם שיינקערס נייא איידעמיל, נח־אליהו דעם וואסערפיהרערס לאָשאקיל און אנשיל דעם האָרבאַטענס קעלביל. מילאָ דיא אלע בעשעפעניש זיינען דאך פאַרס

לעבעדיגע נפשות און האבען מיט הערשעלעס נשמה עפּיס וואס ס'איז חאָטש א שטיקעל שייכות; אָבער וואס פאַרט האט זיך מיט איהם אָנגענערט חיים דעם געשטופּעלטענס שטרויענער דאך, לייבצע־טעמטצעס פּליטה וכדומה אזעלכע טויטע, נישט קיין לעבעדיגע זאכען, מיט וועלכע ער האט זיך שטאַרק אינטערעסירט און ס'איז איהם צוגעקומען א שטיק געזונט, אז ביילע האט איהם פון דעם אַלסדינג דערצעהלט? מען בעדאַרף אָבער עלענד זיין אין דער פרעמד און אויך גוט זיך צוקוקען, צוהערען צו זיך, בכדי צו פיהלען דעם טעם דערפון און ענטפערען אויף דער דאָזיגער קשיא.—ס'איז חלעבין רעכט! אין דעם מענשענס נשמה שפּיגעלט זיך אָפּ א גאַנצע וועלט. דער ים נעפּיהלען אין הארצען נעהמט זיך פון טויזענטער קוואַלען אינוועניגסטע אין איהם און אויסוועניגסטע חוץ איהם...

דיא זאָרג־באַנק, וואָהין אונזערע יונגע פאַרשוינען זיינען געגאַנגען, האט זיך אין־גאַנצען וויא זיא איז ענטפּלעקט פאר זייערע אויגען, געוויזען וואס זיא אַזוינס בעטייט און מיט א מאָל בייא זייא צוגענומען דעם חשק צום ריידען. עס האט זיך א וויין נעטהאָן איין אויסמישעניש פון אלערלייא צורות און געשטאַלטען: פאָנפעוואַטע, צוגעפּלאַטשטע און געשוואָלענע נעז, ווארגעס, לעפּצען, בער־פרישטשעטע, שווייסיג־גלאַנצענדיגע שטערענס און שיינע חנ'עוודיגע פּנימער, גע־עלטערט, געקנייטשם פאר דער צייט: א קאַשע פון אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע און פון משונה־ווילדע מאָדניצעס, מישטעהנס־געזאַנגט: שמאַטעס, לאַטעס, צר־האַקטע ייפּעס, נאַקעט לייב, הוילע, פון צופּאַלענע שיך ארויסקוקענדיגע פינגער, אין־איינעם מיט אָפּגעבלאַקעוועטע, אָפּגעפּאָהרענע, כלומר'שט נאך דער מאָדע גענייעטע קליידליך, ווילדע קרינאָלינעס, מנושם'דיגע שטיוועלעטליך אויף הויכע, אויסגעקרימטע קנעפּעליך; א דור הפלגה פון פאַרמישטע לשונות און געמבעס: גראָבע, דינע, קוויטשעדיגע, הייזערדיגע, חאָרחלענדיגע און זינגענדיגע קולות — דאס איז דיא גאַנצע אָרעמינקע קאַמאַנדע פון מיידליך, ווייבליך, יונגעטען מיט ברעקליך קינדער און שלימזול'דיגע, אָפּגעקומענע בעלי־הבית'טעס, געטריבען פון דער ביטערער נויט אהער אויף דעם יריד, צו פאַרהאַנדלען זיך פאר קעכענס, דיענסטען, ניאַנקעס און אַמען אין נגידישע, בעל־הבתישע הייזער. עס איז א נערעדערייא, א געפּלוידערייא: געשליפענע צינגליך קלאַפּען, מיילער אויף שרויפען מאָהלען, ווערטלען זיך, שפּעטען, בעריידען, אָפּגעקומענע בעלי־הבית'טעס אָכצען, קרעכצען, ווישען דיא נאָז און רייבען דיא אויגען. מעקלערענס אין שאַלען, אין ייפּעס אויף איין ארבעל, דרעהען זיך ארום וויא דיא מלאכי־חבלות. איינע חאַפּט, וויא פון דער שטיינ עופות, ארויס א ווייבעל, א מיידעל און פיהרט זיא ערגיץ אוועק. דיא צווייטע קומט צולויפען בייז וויא א רוח, עפּיס מיט עמיצען שטאַרק נישט צופרידען. און דיא דריטע טענה'ט, רעדט צוקער־זיס מיט בעלי־הבית'טעס מאַקי דאָ אויפ'ן אָרט, אַפּלויבענדיג אין טאָג אריין א'הר כחורה: דיא איז א בריה אויף חלה־באַקען, דיא האט גילדענע הענד צום שייערען מעש, קופּערוואַרג גאר אנטיק און יענע איז איין קעכנע אין דער וועלט, איהרע מאכלים מעג דער מלכות עסען, נאך קיינמאָל—

אז קיין צער — אין דעם ברוים נישט געווען בייא לייטען, אליין בייא זיך געווען א בעל־הבית'טע — א קאטאָוועס נחום'צע דעם בטלן'ס א ווייב אונזערע פאַרשוינען זיינען געבליבען פארגאפט און א היבשע צייט געשטאַנען שטום מיט א פאַרקלעהמט הארץ, וויא דיא שעפעליך, אויף דעם דאָזיגען מארק. הערשעלע האט דערנאך זיך אפילו א חאפּ געטהאָן, ס'איז קיין דרך־ארץ נישט, וואס ער איז אוועקגעגאנגען און לאָזט שניאור־וואָלף'ן אויף זיך ווארטען אזוי לאנג; נאָר דאס הארץ אָבער האט איהם נישט געלאָזט, אָפּרייסען זיך פון ביילע'ן, צו וועלכער עס האט איהם עפּיס געצויגען, געזוכט בייא זיך דארויף א תירוץ כלומר'שט — זיא איז דאָך פון זיין שטאָדט, א נאָהענטע שכנה, דאָ נאָך גאר פרעמד, איז דאָך זיין שולדינקייט, באלד אין דער ערשטער שעה זיא נישט אוועק־צו־ווארפען. איהם איז ארויף א געדאנק, מעגליך שניאור־וואָלף, וועט דערווייל מיט פארדראָס אוועקפאָהרען, פארכירט ער דאָך א שטעלע, נאָר — הערט א וואונדער! — דאס האט איהם גאר עפּיס נישט אזוי געארט. פארקעהרט, יא, לאָז זיך טאקי זיין אזוי. עס האט זיך איהם עפּיס שטארק נישט געגלוסט, אז גראָד אין דער צייט ווען ביילע איז געקומען זאָל ער בעדארפען אוועקפאָהרען. עס האט איהם טאקי זיך נישט געגלוסט און פאָרט נישט געוואָלט מודה זיך זיין, וואס בייא איהם דאָרט טיף אין הארצען געהט פיר, ער האט געזוכט בייא זיך אנדערע טעמים, זיך גערדרעהט מיט הסברות און איז לסוף, וויא דער שטיינער פון מענשען איז א מאל אין געוויסע זאכען, געפאלען אויף א שווינדעל, ארייגצולייגען דיא שמד־שטיק אין דער יראה אריין — אָט דאס אין גאנצען איז פון גאָט! ממה־נפשך, איז בעשעהרט, וועט ער נישקשה דיא שטעלע נישט פארזיימען; אלא נישט, האט דאָך עס טאקי גאָט אזוי געמאכט, עס זאָל זיך איהם גלוסטען דאָ שיהות צו מאכען . . . און יענער זאָל דערווייל אוועקפאָהרען. — אבי גאָט איז שוין דאָ אין־מיטען האט הערשעלע זיך נישט נעראיילט און איז מיט א גרינג הארץ געבליבען לעבין ביילען ווארטען ביז ער וועט נישט זעהען, וואס מיט איהר וועט זיך דאָ מאכען. דיא צייט איז זיך דערווייל נעגאנגען און ס'איז געוואָרען שפּעטליך.

איינע, עפּיס א מעקלערען א־פנים, האט פון דערווייטענס אלץ בעטראכט ביילען, זיא איז איהר א־פנים זעהר געפעלען, וויא עס האט זיך טאקי ארויסגעוויזען שפעטער אין דיא גוטע, זיסע ריידעליך, מיט וועלכע זיא האט צוקומענדיג זיך געווענדט צו ביילע'ן, אז זיא האט פאר איהר זעהר א גוט אָרט, וואו מען קען זיך אויסגלייכען דיא ביינער, עסען, טרינקען וויים ביז איבער דעם האלז, אבי נאָר זיא וועט קיין שלימזל'ניצע נישט זיין. ביילע איז באלד טאקי מיט דער יודענע נעגאנגען, געבעטען פאר דעם אוועקגאנג הערשעלען ער זאָל אזוי גוט זיין געוואָהר ווערען אויף דער אכסניא צו איהרע זאכען, וועלכע זיא האט דערווייל אין א ווינקעלע דאָרט איבערגעלאָזט. הערשעלע, עס פארשטעהט זיך, איז נישט פויל געווען צו טהאָן איהר ווילען און בשעת ער האט אין ווינקעל דאָרט, לעבין אלקיריל, זיך געבאָברעט איבער דיא זאכען, אומוואַרפענדיג דערבייא דאס ביינקיל מיט דעם קופערוואַרג, איז רייזע ארוים מיט א געפילדער און האט איהם דערטאפּט.

## כו.

רפאל האט דערווייל צוגעגרייט בייא זיך א סדר מיט פונש און מיט פארבייסען, אלסדינג וויא געהעריג, נאר געווארט, דיא טהיר זאל זיך עפענען און זאגען: ברוך־הבא, ר׳ אברהם! ער האט געמענט טאקי היינט אפריכטען דעם סדר, אז גאט האט מיט גרויסע נסים איהם אויסגעלייזט פון גדלית ווינטחאפער, פון וועלכען עס האט זיך אויסגעלאזט א טייך, וואו היבש מענשען זיינען, וויא דיא מצריים א מאל, אריין איבער דיא אויערען, דערטרונקען געווארען מיט זייער פארמעגען — און ער איז האפערליך פון איהם טרוקען ארויס.

רפאל האט געשטאמט פון א שטעדטיל ערגיץ אין פוילען. ערשט א קענען א פינף־זעקס יאהר, אז ער האט זיך בעזעטצט אין גלופסק און געהאט דא אין קאטיסיע סחורה פון דיא גרויסע לאדזער פאבריקאנטען. גלופסק איז פון לאנגג־אן בעקאנט פאר א נוטען האנדעלס־פונקט, אויף וועלכען א סך פאבריקאנטען פון דער וועלט האבען איין אויג, אפצוזעטצען דא זייערע מיני סחורות. נישט דעריבער ווייל גלופסק האט א פארט, אדער א בערזע מיט בעריהמטע קאנטארען, ניין! אויף איהר פיאטאגניקעוועקע זעגלען נישט קיין פראכטענס. זומער אין דיא גרויסע היטצען איז אין איהר, חוץ פאר דיא שטאדט־חזרים, נישטא קיין ארט, וואו זיך צו באדען, און וויא געוועהנטליך קלעקט נישט דאס ביסיל וואסער אויף צו לעשען דיא שרפות. איינמאל האט זיך שוין אפילו געטראפען, אז אויפשטעהענדיג אין א שיינעם פריהמארגען האט דער גלופסקער עולם פונ׳ם נאנצען טייך קיין סימן אפילו נישט געפונען — ער האט אנגעזעטצט און יבש... בייא נאכט, אהן א זייא־געזונט, עוקר געווען, וויא אין דער ערד אריין; עס האט דענסטמאל געקלונגען דערמיט דיא וועלט, פאר חידושים זיך געפויקט אי, דיא נאזעטען: נישטא קיין פיאטאגנילעוועקע! פיאטאגנילעוועקע איז אנטלאפען!... אין א קורצער צייט נאך דעם אנטרינען, האט זיא וויא דער שטיינער איז פון אלע אנדערע אנזעטצערס, ווידער זיך געוויזען און אויף דאס־נייא בעקומען בייא דיא בעלי־הבתים קרעדיט — שמעקענדינע, פרישע פאמייניצעס מיט אלעם נוטען... פון קיין בערזע ווייסט גלופסק אויך נישט וואס צו זאגען, יודען פערזאמלען זיך קופקעסווייס אויף דער גאס, אויף דיא גאניקעס דארט. און אנשטאט קאנטארען איז מען זעהר נוט יוצא מיט בעלי־הלוואות, וואכערניקעס, וואס מאכען עס נישט ערגער פון א טהייל באנקירען אין אנדערע שטעדט און רעכענען פראצענט נאר פראסט אהן חכמות אויף דיא סדרות פון דער הייליגער תורה... וואס־זשע רען? גלופסק האט א גרויסען ווערטה דערמיט אליין נאר, וואס זיא איז אנגעזעטצט מיט א ים יודען, אהן עין־הרע. א כפרה אלע ימין, אלע פארטען און אלע בערזעס פאר א יודיש קעפיל! דאס יודישע קעפיל איז עפים א דראט־ארבייט, פליהעט הויך אין דער לופטען, עס דרעהט און קעהרט וועלטען.—וואו יודען, דארט איז מערקור המלאך, דער ממונה איבער דעם האנדעל... פארדרוקט א יוד דאס חיטעל ווערט געבוירען א פלאן, גיט ער א קנייטש דעם שטערען, שפרינגט ארויס

א פריש־צאַפּעלדיג עסק׳ל און לאָז ער א קראַטץ טהאָן זיך אין דער פּאָה, וואַקסט וויא פון דער ערד ארויס א טראַנספּאָרט סחורה. און בייא דיא ג ל ו פּ ס ק ע ר, נישקשה, איז ארויף ביז דעם האַלבען קאָפּ פאַררוקט דאס היטעל, זייא קנייטשען גוט דעם שטערען און קראַטצען, קראַטצען געשמאַק דיא פּאָה. מען בעדאַרף גאָר קיין נאַר נישט זיין, היטען זיך דיא ביינער, קען מען אין ג ל ו פּ ס ק מאַכען געשעפטען. און, איבעריגענס, אז מען חאַפּט א מאל פון עמיצען א „קוממיות״, מילא וואס איז דאָ אַזוינס? אויף דעם י ם געהט דען א מאָל נישט אונטער א שיף מיט סחורה און ווערט דערטרונקען? דער גאַנצער חילוק איז נאַר, וואס דאָרט איז דערטרונקען—דערטרונקען, מיט איין עק! און דאָ ווערט געוועהנטליך נאָכ׳ן „קוממיות״ נאָך געצאָהלט קבורה־געלד געוויסע „מאַכערס״ אזעלכע, פאַר זייער מיה, דעם געשעדיגטען „קדוש״ צו טהאָן זיין ר ע כ ט. אז ר פ א ל האט געקענט א יאָהר זעקס זיך האַלטען מיט זיין קאָמיסיע אין ג ל ו פּ ס ק און נישט געשעדיגט געוואָרען, איז דערפון זעהר גוט געדרונגען, אז קיין נאַר איז ער זיכער נישט געוועזען.

אין דער שטאָדט איז ר פ א ל בעקאַנט געוועזען פאַר א גוטען, פיינעם, עהרליכען יונגען מאַן, הגם ער האט געחאַפּט א שטיקעל אָנבליק פון דעם נייעם שניט מענשען, נאָר זיין האַנדעל אין דער וועלט מיט סוחרים האט דעם קליינעם חסרון פאַרריבען און מען האט זיך נישט וויסענדיג געמאַכט. עט, וואס מאַכט עס אויס! בייא א סוחר קוקט מען איבערהויפּט נישט אויף פיעל ערגערע זאַכען אויך. א סוחר, נישקשה, מעג... און אַזוי וויא ר פ א ל איז געוועזען איין אלמן, האבען זעהר פיל, פונ׳ם פרומען עולם אפילו, געשאַרפט אויף איהם דיא ציין, צו דערטאַפּען איהם פאַר איין איידים. ער איז געוועזען איינער פון יענע יונגע לייט, מיט א יאָהר פערציג צוריק אונטער יודען, וואס זיינען פונ׳ם תנ״ך און דער גמרא געוואָרען „באַהאַלטענע משכילים״.—יענע, עליהם־השלום, זיינען נישט אָפּגעזונדערט געוועזען פונ׳ם איבעריגען עולם, נישט אין דעם יודישקייט, נישט אין דער הלבשה; געלעהרענט, געדאַווענט דרייא מאָל אין טאָג, זיך געוואַשען, געבענשט גלייך וויא אלע; געגאַנגען געקליידט, געטראָגען איין ארבע כנפות, נישט געזעסען אָהן א היטעל — אלסדינג גלייך וויא אַנדערע, אויסער נאָר, וואס זייא האבען זיך מתיר געוועזען איבערצוהיפּערען געוויסע שטיקליך פיוט, אביסיל אונטערקירצען דיא קאַפּאָטע, בכדי זיך נישט צו פאַרדריפּען, צו לאָזען וואַקסען אביסיל דיא האָר, אונטערצושניידען א קאַפּעלע דיא פּאות און האַלטען ריין, אויסגעקעמט דאס בערדיל, וואס דערפאַר פלעגט מען אויף זייא צווישען דעם עולם עפּיס מורמלען. — דאס זיינען פון יענער צייט דיא נייע „לומד־וואָווניקעס״ אין דער בילדונג, פון דרויסען אָנקוקענדיג זייא איז דאכט זיך גאָרנישט, דאס מזל צונעמאַכט, נישט געפּלאַפּעלט; אָבער, הייליגער גאָט, וואס אינוועניג בייא זייא האט זיך געטהאָן אין הארצען! אין האַרצען האט געגליהט דאס יודיש־פינטעלע, עס האט געברענט דאס הייליגע פייעריל פון ליעבשאַפט צו דער גאַנצער וועלט מענשען. פאַר זייערע אויגען האט געשוועבט עפּיס איין אָנהויב פון א נייער, א גוטער, א שיינער וועלט. עס האט זיך געגלויבט, געהאָפט, אָט אָט קריכט זיא פונ׳ם אַיי

ארוים למזל אין א ליכטינער צייט—און עס וועט זיך לעבען אין א גן־עדן, זעהר גוט. צווישען זיך האבען זייא שטילערהייט געלעבט וויא ברידער, וויא חסידים פון איין רבי'ן, נאָר אנשטאט משקה האבען זייא געשלונגען דיא ווערטער פון דיא הייליגע נביאים, פון מליצה־ספרים, זיך געקוויקט, זיך ארומגעטראָגען מיט יענעמס עפּיס א שיר'ל און אליין אויך געמאכט מליצות אזוי, אָדער אין א שלום־לאהובי בריוועל— אלץ אהה! הוי! אָה! וועה־נעשריגען! האט עמיצער, א יונגער מאן, חשק בעקומען זיך צו נעהמען אויף דעם נייעם דרך, עפּיס צו לעהרנען, איז דאס בייא זייא זעהר אָנגעלייגט געווען, גלייך וויא ער טהוט זייא דערמיט א גרויסע טובה, און האבען איהם געהאָלפען מיט וואס נאָר מעגליך.—אָט אזוי האבען געלעבט א מאל יענע יונגע־אלטע נארען, עליהם השלום, נאך נישט געחאפּט אין דער בילדונג, דעם רעכטען סטריה, נאך נישט געוואוסט וואס היינטיגע אלטע־קלוגע קינדער, אז דער סוד פון השכלה איז דווקא איין אָפען מויל, א ברענענדיגעס, פעך און שוועפעל, און א הארץ—קאלט וויא אייז; אז דיא בעסטע תורה איז סחורה און דיא בעסטע מליצה—א קערביל...

בייא דער פאמיליע האט רפאל געהייסען לובלינסקי, נאָר יודען האבען איהם געוועהנטליך גערופען פשוט ביים נאמען אין דיא אויגען—ר' רפאל, א סימן וויא שטארק בעליבט ער איז געווען ביים עולם. בייא רייזען איז ער געווען נאר דאס אויבערשטע פונ'ם שטייסיל. באלד נאך זיין קומען קיין גלופּסק האט ער בייא איהר אויפ'ן הויף געדונגען א דירה מיט קעסט. און רייזע האט איהם שטארק אָפּגעהיט, זיך געפלייסט שטענדיג, אז דער וואַרעמס פאר איהם זאָל זיין צו דער צייט און בעטעמט.

דיא בעקאנטשאפט ר' אברהם'ס מיט איהם האט זיך אָנגעהויבען דורך א שידוך־ריידען איהם, געוואקסען וואס ווייטער אלץ מעהר ביז זיא האט זיך אויסגעלאָזט צום סוף מיט א הייסער פריינדשאפט צווישען ביידע צדדים. אין איטליכען פון זייא איז געלעגען עפּיס אזוינס, וואס דאס האט געצויגען איין הארץ צו דעם אנדערען. ביידע האבען גרויס פארגנינגען געהאט, צו פארברייננגען א מאל א שעה־צייט בייא א גלעזיל טהעע אָדער פונש, אין א ווארמען שמיעס צווישען זיך, נאר אָהן שום זייטיגע אינטערעסען.

אז דער סדר איז שוין געווען פארטיג, רפאל איז אין חאלאט מיט שטעקשיכעליך געזעסען אָנגעלעהנט אויף א ביינקעל אריינקוקענדיג אין א ספר, איז ר' אברהם אריינגעקומען אין שטוב מיט א ברייטען „גאָט־העלף!"

— א, ברוך־הבא! טהוט רפאל זיך א חאפּ פונ'ם ביינקעל, נעהמט ר' אברהם'ן אקענען און קוקט איהם גלייך אין פּנים אריין. עפּיס שיינט איהר דאָך גאר, ר' אברהם, נאר נישט דער אייגענער, וואס פריהער אביסיל! אָט אזוי האב איך אייך טאקי ליעב.

— זעהט איהר, הא, רופט זיך אָן ר' אברהם, וויא נאָט קען מאכען אין איין מינוט פון שלעכט גוט. איך בין נישט אליין, האב געבראכט נאך עמיצען.

— ווער־זשע איז ער? פרעגט רפאל, בעט איהם אריין, אייער גאסט, זעלען מיר האבען טאקי א מזומן.

ר׳ א ב ר ה ם  האט באלד ארייננעפיהרט  ה ע ר ש ע ל ע ן, וואס איז ביים ארייננקומען געבליבען דערווייל אין פאָר־חדר, און איהם פירגעשטעלט פאַר  ר פ א ל׳ ן.

— מיינעם א גוטען באקאנטענס, עליהשלום א בחור׳ל. פון דער פרעמד לעהרענט בייא מיר אין קלייזיל. איבער איהם האב איך עס היינט געהאט אזא הארצוועהטיג. נוא, געלויבט השם־יתברך, וואס עס האט זיך אויסגעלאָזט גוט. פון מיר קומט היינט א טרונק.

— גוט יום־טוב! זאָגט מיט א שמייכעלע  ר פ א ל, בייא אונזביידע איז דאָך היינט עפּיס אזא פרעהליכער טאָג! קוממ־זשע איך בעט אייך, צום טיש און לאָמיר זיך וואויל־טהאָן.

ביים טיש האט  ר פ א ל  אונטערגעטריבען  ה ע ר ש ע ל ע ן, ער זאָל עסען, טרינקען, זיך נישט שעהמען, צוליינענדיג איהם אלץ, דאס, יענס, אויפ׳ן טעלער. דאס קערמעשיל האט אויסגעזעהן עפּיס טאקי וויא א שמחה. דער קליינער עולם איז געווען צופרידען, שטארק הנאָה געהאט ביים פונש. זיטצענדיג אין צווייען מיט  ר פ א ל׳ ן ביים אָפענעם פענסטער, האט  ר׳  א ב ר ה ם  איהם איבערגעגעבען דיא גאנצע מעשה מיט  ה ע ר ש ע ל ע ן.  ר פ א ל  האט פון דערווייטענס זיך צוגעקוקט צו ה ע ר ש ע ל ע ן, וואס איז געזעסען ביים עק טיש איבער א גלאָז טהעע, און זיך עפּיס פארטראכט. אין זיין פּנים איז געוועזן צו דערקענען, אז  ה ע ר ש ע ל ע  איז איהם שטארק געפעלען און דאס ביטערע עלענד זיינס האט איהם געריהרט ביים הארצען.

— דאס איינציגע, וואס איך בין אין שטאנד דערווייל  צו טהאָן פאר אייער בחור׳ל, זאָגט  ר פ א ל  שטיל צו  ר׳  א ב ר ה ם׳ ן  איז דאס נאָר, וואס איך קען איהם געבען בייא מיר איין אָרט אויף נאכטלעגער. לאָז ער האָטש זיך ניט וואלגערען אין קלויז אויף דער הארטער באנק דאָרט. און וייטער וועלען מיר זעהען.

— אָך, איהר וועט האבען א גרויסע מצוה! מאכט  ר׳  א ב ר ה ם  אויפ־הייבענדיג זיך פונ׳ם ביינקעל און ווענדט זיך באלד טאקי צו  ה ע ר ש ע ל ע ן  מיט דער בשורה: דוא הערסט? פון היינט אָן וועסט־דוא האבען נאכטלעגער דאָ, בייא ר׳  ר פ א ל׳ ן.  דאנק זייא פאר זייער גוט הארץ און קום!

דעם עולם׳ס ווערטיל „ווען פרעהט זיך איין אָרעמאן? אז ער געפינט וואס ער פארלירט" — דאס איז זעהר גלייך טאקי צוגעפּאסט געוועזן צו ר׳  א ב ר ה ם׳ ן. ער איז זעהר שטארק אויפגערייסט געוועזן, דעם גאנצען וועג, געהענדיג פון  ר פ א ל׳ ן. ער האט זיך געפרעהט קוקענדיג אויף  ה ע ר ש ע ל ע ן,  וואס איז איהם געגאנגען בייא דער זייט און געטריבען מיט איהם אלץ קאטאָוועס. ס׳איז איהם צייטענווייס אפילו דורכגעלאָפען וויא א וואָלקען נישט קיין אייגענעהמער געדאנק, פאר וואס ער האט אומזיסט חושד געוועזן א יודען געביך — נאָר דאס איז געוועזן א פיטצעל זומער־וואָלקענדיל, וואס פליהעט אויף א ווײלע פארבייא דער ליכטיגער זון און פארשווינד באלד וויא א רויך.  ה ע ר ש ע ל ע  ווידער איז געוועזן עפּיס צודרעהט, געגאנגען פאַר־מעליך און פארטראכט. איהם האט נישט געלאָזט רוהען  ב י י ל ע — איז איהר גע־ראָטען צו בעקומען איין אָרט אָדער בלאָנקעט זיא זיך ערגיץ אזוי ארום? — און אויף דאס קלימעקיל איהרס אויף דער אכסניא.

— קום ניכער אביסיל! האט ר׳ אברהם אונטערגעטריבען הערשעלען, וואס נעהסט־דוא עפּיס אזוי פּאמעליך? משה׳לע נעביך מוז זיטצען אליין דערווייל דאָרט און בעאומרוהיגט זיך אוודאי שטארק וועגען דיר. א רחמנות, חבֿ׳ער, ניכער, ניכער אביסיל!

ר׳ אברהם! רופט זיך הערשעלע אָן מיט א געבעט. לאָזט מיך, איך בעט אייך, א לויף טהאָן צוריק אויף דער אכסניא. אין איילעניש האב איך פארגעסען בעטען רייזען אכטונג צו געבען דאָרט גוט אויף דיא זאכען. ס׳איז דאָך איין אָרעמס... איין אָרם מיידעלם א קלימעקיל.

— טא! מאכט ר׳ אברהם, אָנקוקענדיג א ווײלע הערשעלען, וואס האט זיך אָפּגעשטעלט און אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ. האיצ־זשע, למען־השם, נישט און קום געשווינד צוריק. איך וועל אליין געהען מיט דער בשורה.

וויא א באָמבע איז ר׳ אברהם אריינגעפלויגען אין פּאַליש, אָנגעלאָרען מיט דער פרעהליכער בשורה, קוים איינהאלטענדיג זיך, נישט אויסצושיסען זיא דאָרט. בייא דער טהיר פונ׳ם קלייזיל אָבער שלאָגט ער זיך אָן מיט א יודענע, וואס מהום איהם א פרעג אויף א טרויערדיג קול:

— וואו איז משה׳לע?

— א, משה׳לעס מאמע! מאכט ר׳ אברהם.

— דאס צווייטע מאָל בין איך שוין דאָ, זאָגט משה׳לעס מאמע אויף א ציטערדינער שטימע. איהר מוזט אפשר וויסען וואו איז ער, מיין זוהן! א גאנצען טאָג איז זיין פוס אין דער היים נישט געוועזען און קיין לעפעל וואסער אין דעם מויל נאָך נישט נעהאט. וואו דיא וועלט האט איין עק האב איך איהם שוין אויסגעזוכט. אוי נעוואלד, נשמה׳ניו! זאָגט מיר וואו, וואו איז ער, מיין משה׳לע?!

— וואס הייסט!... סטייטש!... מאכט ר׳ אברהם פארוואונדערט און ווערט בלייך וויא דיא וואנט.

## כז.

פון דער דעמבענער קרעטשמע, אקעגען א זיבען־אכט ווערסטליך פון נלופּסק, ציהעט זיך בייא ביידע זייטען פונ׳ם ברייטען זאמדיגען שליאך, צו דער שטאָדט־צו, א גרויסער שיינער וואלד פון הויכע סאָסנעס און דעמבענע ביימער. דער שליאך איז ערטערוויים גריבערדיג מיט זומפּיגע קאליזשעס, אין וועלכע עס האלטען זיך אויף זשאבעס, קוואקען, רייסען זיך אויף דיא העלזער, קינדלען זיך דאָרט און גיבען איבער בירושה זייערע בלאָטעס מיט אלע זייערע משוגענע הוויות פון איין דור צום אנדערען דור. דעריבער פארצווייגען זיך ווייטליך אין דעם וואלד זייטוועגליך, אויף וועלכע בעלי־העגלה׳ש בוידען און גוים מיט פוהרליך האָלץ נעהמען זיך פונ׳ם שליאך ארויף און פאָהרען, איטליכער אויף זיין דרך מיט זיין גירסאָ. א בעל־העגלה בעדאַרף זיין א גרויסער בקי דאָרט, א חריף, א למדן־מופלג צו דרעהען זיך היך־און־הער, זיסט, קעהרט זיך איבער דער וואָגען אין איינע פון דיא קאַ־נאַווקעליך — און מען ברעכט ריק־און־לענגר.

אויף א שטאָל שטענעלע צווישען יונגע פרישע ביימליך, ביים ברעג וואלד, נעהמט זיך פארנאכט שמואל׳יק דער טאנדעטניק, צוחראסטעט, אויפנעשפּילעט דיא קאפּאָטע מיט א קליין פּעסעלע אונטער דעם אָרם. מיט דעם דאָזיגען פּעסעלע נעהט ער עס אזוי אלע דאָנערשטיג כמעט צו דער דעמבענער קרעטשמע, וואו ער פילט עס אָן מיט גוטען בראנפּין אויף א וואָלוועלען מקח און טראָגט עס גאנץ פרייא אין שטאָדט אריין פאר זיינע געוויסע בעלי־הבתים אויף שבת, פון וואס עס בלייבט איהם אביסיל פאר זיך אויף קידוש, אויף עטליכע גראָשען דערצו פאַרדינסט. דער איבעריגער עולם, וואס וויל וואָלוועלען בראנפּין פאר זיין געברויך נאָר, נישט דערמיט צו פאַרדינען, לאָזט זיך אהינצו נאך דער משקה געוועהנטליך פרייטיג פריה, און דענסטמאָל איז דער וועג אהין אָפּנעשיט אָפּט מיט קינד און קייט, יונג און אלט, בעלאָדען מיט פלעשער, פלעשעליך און אלערלייא כלים. אזוי איז שוין דאָרט איינ־געפיהרט פון אלטע צייטען—און א יודישער מנהג ברעכט א דין, אפילו דעם דין פון דער ארענדע און בפרט א גלופּסקער ארענדע, וואס א מאָל אָהן ראטע...

דיא זון איז געשטאנען ביים עק הימעל, גרויס, רויט וויא פייער און געזע־גענענדיג זיך מיט דער וועלט פאר דעם אוועקגעהען אין איהר רוה אריין האט זיא געוואָרפען א בליק — איהרע מילדע גילדענע שטראהלען, אויף גראָז, אויף ביימער, אויף בערגליך און טהאָלען. דער אָפּגלאַנץ פון איהר ליכטיג פּנים אויף זייא האט זיך אויסגעדראָכט עפּיס גאָר וויא א שיינענדיג־פרייגדליך שמייכעלע צווישען דעם מרה־שחורה׳דיגען שאטען, וואס אויף זייא אלע האט זיך אָנגערוקט. ס׳איז געווען צום הארצען עפּיס אומעטיג־פרעהליך, זיס־ביטערליך צו גלייכער צייט. דיא שיינע נאטור זומער פארנאכט איז א כלה צום בעדעקענס אונטער דעם שלייער—און דענסטמאָל טאָקי האט זיא ערשט דעם זיבעטען חן; ציהעט זיא דעם חתן בייא דער נשמה, עס צושפּילט זיך איהם דער כח־המדמ׳ה, ער טראכט און פארטרכט זיך אויף איהר פּנים, וואס שיינט ארויס, שמייכלענדיג צו איהם, פונ׳ם פארבאָרגעניש אונטער דעם דעק־טוך און רעדט, צונעהמט איהם עפּיס אזוי, אָהן ווערטער.

שמואל׳יק — אָט דער טאנדעטניק, וואס אין שטאָדט ארומיאָגענדיג זיך ליגט איהם דיא נשמה אין גאנצען מיט אלע געדאנקען אין דער פּרנסה, קיין זאַך נעהט איהם נישט אָן נאָר אלץ ברויט, דאס זינדיגע שטיקעל ברויט — אצינד, דאָ אויפ׳ן גרינעם גראָז, אויף דער פרייער לופט איז ער עפּיס וויא נייא־געבוירען. עס דערוועקען זיך אין איהם איידעלע געטליכע געפיהלען, דיא אויגען קוקען, האבען הנאָה פון נאָטס שיין וועלטעלע, דיא נאָז שמעקט זיסע טהייערע ריחות פון טויזענטערלייא קרייטעכצער; דיא אויערען האָרכען דיא וואונדער־שיינע קאפּעליע פון שפּיל־פייגעליך, וואס דופען זיך איינס מיט דעם אנדערען איבער אויף זייער לשון ערגיץ צווישען בלעטער פון ביימער; וואס צוגיסען זיך אין שטייגער אויפ׳ן העלזועלע, פלאטערענדיג מיט דיא פליגעליך, זאָגען שפּרינגען שירה און שפּרינגען „קדוש“ אויף דינע צווייגעליך. שמואל׳יקס נשמה חאפּט זיך אויף וויא פונ׳ם שלאָף, דאס פּנים איז איהם עפּים וויא איבערגעביטען, ער קוקט און טראכט: אוי, מחיה! טראכט און פיהלט:

אוי, ציהעט עס עפּיס, ציהעט דאס הארץ! עס גלוסט זיך, ווילט זיך עפּיס, אליין נישט צו וויסען וואס! . . . געהענגדיג אזוי אויפ'ן שטענעלע ניט איהם זיך א וויז אקעגען אין וואלד א גרינער, פרייער פּלאטץ, געהילט אין א טונקעלען מאנטעל פון שאטען מיט ליכטיגע, העל־גילדענע שטרייפעליך. ער טהוט זיך דארט א ווארף און ציהעט זיך אויס אויף דעם סאמעט־ווייכען גראז.

שמואל'יק ליגט מיט פארמאכטע אויגען, זיינע גלידער, פיהלט ער, ווערען שווער, עפּיס ציהעט איהם דיא ערד שטארק צו זיך, וויא זיא ציהעט איהם ארויס דיא אלע וועהטיגען—און אקעגען־זשע אויף דער נשמה ווערט איהם גרינג, מחיה גוט. א ווייך, א ריהרענדיגס גרעזעלע גלעט איהם דיא נאז, דיא באקען, נאך איינס קיטצעלט איהם אונטער'ן קאלנער הינטען־ארום אין האלז און נישט ווייט פון־צווישען גראז טיקעט איהם א גרילכענדיל אין דיא אויערען אריין. עס דערצעהלט א מעשה, עס זינגט א לידיל, פארווינט און פארשלעפערט איהם וויא א קינד.—שמואל'יק ליגט האלב־געדרעמעלט, האלב־וואך און עס פלאנטערט זיך איהם עפּיס אין קאפּ. עס טראכט זיך איהם פון א לעבען אהן קאפּ־דארעניש, וויא גוט ס'איז צו האבען קאשע מיט יאיך—איין איינען שטיבעלע, א קליינס, מיט א גערטענדיל, דערצו אויך א בהמה'לע, לאז זיך זיין חאטש א ציג. ס'איז דאך א גליק, בעסערס דערפון איז שוין איין איבעריגע זאך! עס טראכט זיך איהם פונ'ם ליעבען גאט: אוי, גאטוניו, הצליחה־נא! העלף, טאטע־פאטער, ווייז טאקי ווייז, אז דוא קענסט בעגליקען א מענשען... וויא איך בין א יוד, גאטוניו, הושיעה־נא! און אין קאפּ בייא איהם פּיקט זיך א גאנצער פּלאן פון זיינע נדבות דענסטמאל, פונ'ם מענטליק, וועלכען ער וועט מיט זיין גוטסקייט און פרומקייט גאט אנטהאן... עס קומט איהם אפיר באלד טאקי אויפ'ן געדאנק משה'לע. — ער איז דאך א צאצקעלע, לעהרענט וואויל וויא דיא וועלט, קען ו־אך גאט געבען, איהם זאל אויסחאפּען א רייכער מחותן און איהם אפּגילטען... מיט דער צייט קען משה'לע גאר ווערען רב ערגיץ אין א גרויסער שטאדט און דענסטמאל... דענסטמאל אדוואויל וועט זיין אויף איהם, דעם טאטען! ער וועט אויף דער עלטער זיך אפּלעבען זיינע יאהרען אין גרויס נחת, אין כבוד. א קליינינקייט עפּיס דעם רב'ס פאטער!... דיא דאזיגע זיסע חלומות וואכענדיג זיינען איבערגעריסען געווארען אין דערמיט דורך א קלאפּען פון רעדער ערגיץ דארט אויף א זייטענוועגעלע אין דעם וואלד. שמואל'יק עפענט דיא אויגען, טראכט בייא זיך: נא, גענוג, שוין צייט א היים! ער זעטצט זיך פאמעליכען אויף, טהוט א געניץ, אויסקנייקענדיג דיא ביינער און נעהמט זיך צום פעסעלע. וואס איהם בייא דער זייט. דערווייל פאהרט פון הינטען אן נאהענט א פוהריל, נאך א מינוטעלע— טהוט א הילך אויף דעם גאנצען וואלד א ביטער געשרייא: „אי, טאטע!"

שמואל'יק קוקט זיך געשווינד צו און בלייבט פארגאפט.

משה'לע! וואס? וואהין?!... דאס איז דאס איינציגע, וואס שמואל'יק ברייננט קוים ארויס פונ'ם מויל פאר גרויס וואונדער און שרעק. דאס הארץ האט איהם באלד געזאגט, ס'איז א צרה. זיין משה'לע איז אין א גרויס אומגליק!...

— ניכער, טאטע, ניכער, ראטעווע! שרייעט אויף א וויינענדיג קול משה׳לע, וואס האט אויסגעזעהען וויא א שעפעלע צווישען צווייא וועלף מיט פייערדיגע אויגען.

צולויפען צום וואָגען און אָנצוחאַפּען זיך אין איהם מיט ביידע הענד האט בייא שמואל׳יקין נישט געדויערט קיין איין רגע. דיא וועלף אָבער האבען דערצאָרענט געקריצט מיט דיא ציין, איהם א שליידער געטהאָן פון זיך, אזוי אז ער האט צווייא מאָל זיך איבערגעקעהרט אויף דער ערד און ביז וואגען ער איז געקומען צו דיא געדאנקען זיינען זייא שוין געוועזען אויף א היבשער שטרעקע ווייט.

שמואל׳יק האט זיך צונויפגענומען מיט אלע קרעפטען און זיך געלאָזט האסטיג נאך דעם וואָגען. ער יאָגט, לויפט, און יענע שמייסען, שמייסען דאס פערדיל. דער וואָגען איז אלץ ווייטער, אָט־אָט ווערט עס פאַרשווינדען. שמואל׳יק קייכט, דאס הארץ פאַרלויפט איהם מיט בלוט, קוים וואס ער אָטהעמט, דיא אויגען שפּארען איהם פונ׳ם קאָפּ ארויס פאר גרויס אנגסטען, ער אָבער יאָגט מיט אימפּעט, נישט צו פיהלען, חוץ דער גרויסער סכנה, קיין שום זאך. — דער וואָגען הויבט אָן צו פאַרשווינדען, נאך א ווײלע—ער איז שוין נישטאָ!... שמואל׳יק רייסט אויף זיך, לויפענדיג, דיא האָר, וויינט אָהן טרעהרען, דיא פיס ווילען איהם שוין נישט מעהר דינען, אָט דאכט זיך, פאלט ער אנידער און ס׳איז איין עק פון זיין לעבען. נאָר מיט דעם אימפּעט פליהעט ער ווייטער, און פלוצלים—אָ, רחמנות׳דיגער גאָט!—וואקסט פאַר איהם פון דער ערד אויס דער וואָגען אין א קאַנאַווע, וואו ער האט זיך איבערגעקעהרט ביים אראָפּנעהמען זיך פונ׳ם זייטענוועגעלע אויף דעם שליאך. שמואל׳יק טהוט זיך א וואָרף אהין אזוי פלינק, וויא א פאַרוואונדעטע חיה וואַרפט זיך אויף דיא יעגערס, וואס האבען נישט גוט דערשיסענדיג זיא גערויבט מיט געוואלד איהר געליבט קינד—און עס הויבט זיך אָן א מלחמה, א בלוטיגע מלחמה. בשעת איינער פון דיא לייט איז שטארק בעשעפטיגט געוועזען אויפצוהויבען דעם וואָגען האט שמואל׳יק וויא א פּיאַווקע זיך איינגעגעסען מיט דיא ציין דעם צווייטען אין דיא פיס און מיט דיא הענד געריסען פון איהם משה׳לען צו זיך. דיא ליבשאפט צום קינד, דאס שרעקליכע אומגליק און דאס ברענגען זיך נוקם צו זיין—דיא אלע דרייא זאכען אין־איינעם האבען פון דעם שוואכען שמואל׳יקין געמאכט א שמשון הגבור. נאָר אקענען יורישע־פלשתים אָבער העלפט שמשון הגבור׳ס גבורה אויך נישט... פיער הענד, חוץ פיס און ציין, האבען איהם געשלאָגען וויפיעל ס׳איז אין איהם אריין. משה׳לע האט בעזונדער געלייזט, נעהאט זיין הערליך אויסקומעניש דערפאַר, וואס ער האט זיך נישט געקענט פאַרהאַלטען רוהיג בשעת יענע האבען זיך אָפּגערעכענט מיט זיין טאטען. דאס פערד־און־וועגעלע איז שוין דערווייל ווידער גרייט, נאך א פּאָר מינוט נאָר—בלייבט שמואל׳יק טויט און... איין עק, וויא אין וואסער פאַרפאַלען! צום גליק, פאָהרט אָן פלוצלים א בויד מיט פאַרשוינען. יודען שפּרינגען ארויס געשווינד פון דער יאַזדע צו העלפען, דיא שיינע לייט פאַלען אויף א שכל, באַצייטענס זיך אָפּצוטראָגען — און האידא! איידער וואס, איידער ווען זיינען זייא אנטרינען געוואָרען.

נישט בעשעהרט געווען שמואל׳יקין האבען פארגנינען, א חיי־שעה, יענעם שיינעם פארנאכט, דורכצוגעהען זיך אויפ׳ן שטענגלע אונטער א חופה פּ. נעדיכט־פארצווייגטע ביימער, בעלייט מיט א קאפעליע וואלד־פיינעליך, ביז צו גלופּסק; נישט בעשעהרט געווען איהם אפּצונעבען אויף דעם וועג א „שלום עליכם״ דער יונגער לבנה, וואס האט שפּעטער אביסיל זיך געשיפּט אין דעם גרויסען, בלויען לופטינען ים, אראפּקוקענדיג אויף דער וועלט מיט איהר זילבער־שיינענדינער צורה און בערוהינט א סך שווערע הערצער. צוהרג׳עט, צובלוטיגט איז ער און משה׳לע נעביך געלעגען אין דער בויד, וואהין מען האט פאר רחמנות זייא ארויפגענומען. ביידע זיינען געלעגען אהן לשון, שטארק פארדולט און האבען זיך נעגייטיגט וויא צום ניכסטען אין הילף פון א דאקטאר. אז דיא בויד איז צוגעקומען צו דער שטאדט, האט איינער פון דיא פארשווינען, עפּיס א לייטישער מענש גע־דונגען א וועגעלע און אפּגעפיהרט דיא קראנקע אין בקור־חולים אריין.

ויהי און דיא דאזיגע מעשה איז געשעהען בימי „הכפּרה־היהנדליך״, אדער, וויא אין דער מגילה פון יענער צייט שטעהט, בימי „פּונ׳ם נעיענ והשפּיל אין קאטץ און אין מויז״. דאס טייטש: דענסטמאל ווען מען האט אפּגע־לאזט יודישע קינדער צו שטיפען אביסיל צווישען זיך און בעוויזען זייערע גבורות אין דעם נעיענ, אהן פייל־און־בויגענס, נאר פשוט וויא דיא קאטץ נעהמט אויפ׳ן ניציענ, חאפּען מייז—נאר הפקר א וועלט! כפּרה־הינדעל, אדער מייזעלע האט, לויט דער שפּיל, געהייסען יענער, וואס איז ארויס פון דער נארע וויטליך אביסיל, אהן א נעשריפּטס מיט אין אדלער. אזעלכען האט דיא קאטץ גענעמענט חאפּען, זאגען „זה חליפתי, זה תמורתי, זה כפּרתי!״ און באלד איהם אין נעוואנד ארייגשטעקען. — און עס האבען זיך נעפונען אזעלכע יודעליך, וואס האבען זיך גע־קלינט, איינער דעם אנדערען אפּצונארען, וויטליך צו פארנארען און מיט אלע המצאות צו מאכען איהם דיא שפּיל... שניאור־וואלף האט נעשפּילט דיא ראליע זיינע און פארנארט הערשעלען ממזר׳ש, וויא א בעסטיע, אין זיין טאטען אריין! נאר אז הערשעלע האט, נאר אומגעריכט, פון זיינע לאפּעס זיך ארויס געגליטשט און דערוויל איז גראד משה׳לע אונטערגעשפּרונגען—איז ער אנשטאט דעם חבר אריין אין דיא לאפּעס און באטץ, געווארען, „געפאנגען!״

„ברידער! — קלאנט דארויף הערשעלע אין זיינע כתבים — אלע אייערע הונדערט־טויזענטער, וואס זיינען נעקוילעט געווארען פון טיטוס׳ן בשעת דעם גרויסען חורבן; וואס זיינען אומגעקומען, פארברענט געווארען אויפ׳ן פייער אין שפּאניען, נאך און נאך אזעלכע—דיא אלע איך־איינעם פארביטערען מיר נישט אזוי דאס לעבען וויא עטליכע נעז, וואס יודען אליין האבען איינע דיא אנדערע זיך אפּגעריסען. דארט האב איך נאך א טרייסט: גבורים! זייא זיינען געשטארבען פאר דעם פאטערלאנד. קדושים! זייא זיינען אומגעקומען אויף קידוש־השם. אבער געוואלד, וואס קען אזוינס שטעקען אין יודישע נעז, פון יודען אליין טאקי אפּ־געריסענע! — אויף פּעטש פון אנדערע וויין איך און זאג: נישקשה! נוטע און שלאפע ליידען אפּט אין דער וועלט, מעגליך אפשר, יענע וועלען נאך א מאל חרטה האבען, נאר אז געפּאטשטע פּאטשען זיך אליין, אז צודראפּעטע דראפּען איינער דעם אנדערען וויין איך און האב—אוי, וועה!—נארנישט וואס צו זאגען... דערמאה איך מיך אין יענע נעביך, פון אייך אליין געפּייניגטע „געפאנגענע״, רייסט מיר דאס הארץ. עס וויינט און שרייעט: אוי, מיין משונה דער־שלאגען, מיין ווילד געפּאכען פאלק ישראל!...״

ענדע

# דיא אלטע מעשה.

— פון —

## מענדעלי מוכר־ספרים.

---

**אמר מענדעלע** מוכר ספרים, דיא מעשה, וואָס איך בין דאָ אויסען איך צודערצעהלען, איז אין־פלינק איין אלטע, נאָר נישקשה, רבותים, זיא פאסט זיך זעהר גוט צו אונז, יודישע קינדער, אויך אין היינטינע צייטען. מה אנו מה חינו, וואס איז דען, פרעג איך אייך, דאס יודישע לעבען אין־גאנצען? עס איז אין תוך אריין א לאנגע אלטע מעשה, וואס חזרט זיך תמיד איבער אויף־דאס־נייא אונטער פארשידענע פאָרמען און אָנשטעלען, כוים דער מאָדע פון איטליכער צייט. אלץ טאַקי דיא איינענע מעשה מיט דיא בהלות, אָנשיקעניש, קוועמשעניש, יאָגעניש־לויפעניש, מיט דעם דולעניש, שפארעניש, פלאנטעניש אויפטהועניש, דרינגעניש, בייסעניש און קאָפּדרעהעניש. איטליכער דור מיט זיינע חכמים, נוטע, פרומע, וויא אויך אָפּגעקומענע, געפאלענע, געשלאָגענע נעביך, און מיט זיינע נאראנים, אויפגעקומענע, געהייבענע עזות פנימער, עמי־הארצים, קאָכלעפעל און דרעהער א שרעק, יענער קרח, וואס א מאָל, דער רייכער, דער רעדעלפיהרער, ריער אָנחאפער, וואס האט זיך נעשטופט צו דער כהונה, צו זיין דער עלטסטער, דער העכסטער — דער קורח איז דאָ נאָך היינט אויך, ער הייסט יאנקיל, בעריל, יאָצמיך, שמעריל, מיט א נייעם מין פיטץ; ער שטופט זיך אויך אויבענאָן און וויל זיין דאָס אויבערשטע פונ׳ם שטייסיל. יענער פארצייטינער סנבלט מיט דער כנופיא רכילותניקעס, לינגערס, פלאָטקעמאכערס, בריות אויף אָפּצוזאָגען אויף דעם אויף יענעם א פזמון, א בלבול, ניט פויל אויף דער פען אָנצושרייבען א שיר־המעלה, צולייגען א קנייטעל, כדי צושטערען דער מיט א גנבייא — יענע פיינע

לייט, נישקשה, האט דער רוח נישט צונענומען בייא אונז אויף אצינד. זייא זיינען דאָ, זייא וואקסען און שפּראָצען, ברוך־השם! דער שפּיטץ איז טאקי וויא דער פסוק זאָגט: מא שהיה, דאָס וואס איז געשעהן הוא שיהיה, דאס וועט זיין, נישטא קיין נייעס אונטער דער ליכטיגער זון, יש דבר, ס'איז דאָ א זאַך — קאָלאָניעס א שטיינער — שיאמר, וואָס מען זאָגט: זעה, דאָס איז נייעס! ניין ברידער, כבר היה, דאס איז שוין לאנג געווען אויף דער וועלט, קוקט זיך, זייט מוחל נוט צו צו דער מעשה דאָ וועט איהר זעהען, אז יודען איז שוין לאנג דער קאפּ געלעגען אין דער ערד . . . איהר וועט אויף זעהען, אז אזוי וויא איטליכע שטאָדט האט איהר משוגענעם, איהרע ווייסע חברה, קונדסים ארום איהם, אזוי האט זיא איהר חכם, איהר בעל עצה און איהם אקעגען איהר ווילדען תסיף, א פיינע־בריה, וואס וויל, אויף צולהכעיס, אלץ פארקעהרט, אלץ קאפּויר, און איבער דעם איז — אוי, אז אַך און וועה צו אונז! . . .

## 1.

**דער חכם און בעל עצה** אין אונזער שטעטעל איז געוועזן **ב נ י מ י ן** דער מענש, פארשריבען איז ער געשטאנען אין דעם רייסטער פון דיא נפשות מיט דער פאמיליע קורנאָסע. מעגליך, אז יענע, פון וועלכע דער שפיטץ־נאָמען, זיינער שטאמט, האבען געהאט קורצע נעז, נאָר אונזער בנימין׳ס נאָז איז געוועזן נישט ערגער פון אלע יודישע נעז — א לאנגע מיט א האָרביקעל און אויסלאָזענדיג זיך בארג־אראָב מיט א שפיטץ. דיא פאמיליע זיינע איז אָבער געשטאנען טאקי נאָר אין רייסטער און געהייסען האט ער געוועהנטליך בנימין דער מענש, בנימין האט א מאל ביים בעריהמטען גביר ר׳ יונה יהופיצער געהאט א שיינע שטעלע און איז היבשע עטליכע יאָהר אוועקגעוועזן בייא איהם א מענש. אז דעם גבירס געשעפטען האבען זיך אויסגעלאָזט און בנימין ווערד אויס **מ ע נ ש**, איז דער נאמען מענש פון דעסטוועגען איהם טאקי געבליבען, אין שטעטעל האט זיך בנימין גערעכענט איינער פון דיא שיינע, יוסטע בעלי־הבתים, זיין שטוב מיט א גרין גאניקעל און א הויכען דאך פון שינדלען איז געשטאנען אין מיטען מארק, פונקט אקעגען דעם רינג קלייטען. שרה זיין ווייב, א הויכע, א דארע יודענע מיט א לאנגער דינער נאָז, מיט עטליכע שנירליך פעריל און א גילדענעם אויבעל אויפן האלדז, תמיד אין דער וואָכען אפילו, פלעגט זיך אָפגעבען מיט דעם בעל־הבתישקייט, ציהען דיא פרנסה פון א געהייבען שיינקיל בייא זיך אין שטוב, וואס חוץ בראנפין און פארבייסען, האט זיך בייא איהר געפונען ביער, מעד, ווישניק און א געבראָטען גענזיל אויך. דעם סוד פון זייערע אונערקעס שטעלען האט זיא אליין נאָר געוואוסט: איהר אונערקע איז געוועזן הארט, שטייף, נישט געבייטעלט. בייא איהר אין שיינקעל האבען געטרונקען דיא „פ י א נ י ה ע י ר“: דער צעכמייסטער, דער גאָלאָווא מיט דעם שרייבער און נאך אזעלכע געהייבענע פארשוינען פון ז י י ע ר קהל. „סאָרקע“ איז בייא זייא נאר קיין קאטאָוועס נישט. נאָר עפּיס—איז צו „סאָרקע,“ פון „סאָרקעס“ א שטיקעל געפילטע פיש לעקען זייא דיא פינגער. פאר סאָרקען איז, בשעת האבענדיג א כוסה אין קאָפּ, אָפּען זייער הארץ, וואס אויף דער לונג, דאס אויף דער צונג. מען האט מיט איהר אָפט דענסטמאל א ויכוח איבער דער

„נאמנה", עס לאָזט זיך געוועהנליך אויס מיט נאך א פלעשיל משקה און מען פּסקעט מיט א גוט, זיס שמייכעלע: אלע „נאמנה'ס" זיינען גוט, אונזערע, אייערע אלץ איינס.... אויך חברה־קדישא לייט, להבדיל, אָדער עפּיס אונזערע קהלה־לייט, אז זייא האט א מאָל נעהאלעש דאס הארץ און האבען זיך געוואָלט אביסעל קוויקען געביך, פּלעגען זייא שיקען נעהמען משקה מיט א גענזיל בייא שרה בנימינס. שרה איז נעוועזן דיא אשת־חיל און בנימין האט אין דיא עלטערע יאָהרען זיך געפיהרט א רוהיג לעבען, אָהן קאָפּדארעניש, קינדער זיינען איהם נישט בעפאלען, זיינע דרייא טעכטער האט ער שוין לאנג אויסגעגעבען און זייא האבען געלעבט מיט דיא מאנען צופריעדען, וויא גאָט האט געבאָטען. בייא זיך האט ער געהאט נאָר איין־אייניקעל, א יונג מיידיל, זעהר א שיינס, א געראָטען קינד וואס איז קינדוויים געבליבען א יתומה נאך זיין אייגציגען זוהן. זיא איז איהם געוועזן א טרייסט, איינגעבאקען טיף אין הארצען.

בנימין האט געהערט צום סאָרט איידעלע יודען, וואס דאס איידעלקייט ליגט זייא אויפן פּנים, מען דערקענט באלד אין זייער אויסזעהען, אז זייא שטאמען פון א פיינער משפחה, דיא תורה שיינט זייא ארויס אין דיא אויגען און אויף דעם הויכען שטערן שטעהט זייא אָנגעשריעבען: דאס זיינען גאנץ אלטע, אָפּגעקומענע מיוחסים פון דער גילדענער פאָן — קינדער פון דיא הייליגע אין דער גאנצער וועלט בעריהמטע, טהייערע אָבות: אברהם, יצחק און יעקב! ...

בנימין איז אויך געוועזן א „פּאָליטשנער" מענש, א קלוגער, א געניטער, ער האט בעטראַכט א זאך גאנץ רוהיג, כפּשטות, אזוי וויא זיא איז, זיך קיינמאל נישט געהיצט, נישט פאָרגרעסערט וויא אנדערע און געגאנגען תמיד מיט זיין איינענעם דרך. זיין שטיינער ריידען איז געוועזן שטיל, עפּיס אויף א בנעימות־היזזרינגליכער שטימע: האט דערבייא אָנגעבויגען דעם קאָפּ מיט האלב־צוגעמאכטע אויגען. געערעדט האט ער קורץ און שארף, אריינוואָרפענדיג א משל, א ווערטיל וויא א בליטץ, וואס האט געטראָפען און געפּאסט צום עסק. ער איז געוועזן א שוואכער מענש און האט געלעבט דעריבער זעהר בערעכענט, אָפּגעהיט דאס געזונט. אין בית־המדרש פלעגט ער קומען דאווגען נאָר שבת, זעהר זעלטען אין מיטען דער וואָך, אי דאס אויך נאָר פארנאַכט א מאל צו מנחה. דאָרט האט ער זיך נישט געשטופּט אויבענאָן, אין דער מזרח וואנד, זיין אָרט איז געוועהנליך געוועזן אונטערן אויבען. מיט בנימינס קומען פלעגט דער אונטער־אויבען עפּעס וויא בעלעבט ווערען. א רעדעל מענשען פלעגען תמיד שטעהען ארום זיין שטענדער און עס האט זיך געשמיעסט עפּיס אזוי גוט, עפּיס אזוי געשמאק....: און צוליעב בנימ'נן האב

גרשון־אייזיק און דוד־אבא, צווייא שטיקליך חקרנים, פארלאָזען זייערע שטעט אין דער שפינעל־וואנד און זיך בעזעטצט לעבין איהם דאָרט אין שכנות. דיאביידע חקרנים — אזוי איז נעוועהנטליך דער שטיינער געוועזן — הויבען אָן דעם שמיעס, אונזער בנימין זיטצט שווייגענדיג מיט האלב פארמאכטע אויגען און הערט. דער שמיעס ווערט אלץ ברייטער, גרעסער, עס מישען זיך אין איהם אריין מענשען פונ'ם עולם, איטליכער גיט איהם א ציה, א שלעפּ אביסעל אין דער זייט און אָט קומט שוין אויס בוידעם, נאָר נישט דאס, פון וואס מען האט אָנגעהויבען, פלוצלים עפענט בנימין דאס מויל, עס ווערט שטיל, שא! שא! און ער זאָגט אָפּ זיינס, נעצעהלטע ווערטער, וואס טרעפען אין קארב אריין, אלע זיינען מסכים און מאכען מיט אויס־געצויגענע פנימער: אָ־אָ!....

„דעם גאנצען טאָג פלעגט בנימין צוברייגגען בייא זיך אין א בעזונדער אלקיר, אריינקוקען אין א ספר, זיטצענדיג אָנגעלעהנט אויף א געבעט בייגקיל, אין א חאַ־לאַטיל אין פאַנטעפּעליך, נאָר אליין איז ער כמעט קיינמאל נישט געזעסען, שטענדיג האט מען בייא איהם געטראָפען אלערלייא מענשען: יודען, יודענעס, יונג און אלט. אזעלכע, וואס פלעגען קומען זיך מיט איהם איין עצה האלטען, אויך אזעלכע פון זיינע מקורבים, וואס האבען מיט איהם פארבראכט, אביסעל דיא צייט, גלאָט אזוי, אין א שמיעס. דער צעכמייסטער מיט דעם נאָלאָווא, ווען זייא זיינען געוועזן אביסעל בנילופין, פלעגען זיך אמאל אויך אריינחאפּען צו איהם מיט א כוסה אין דער האנד און אין איין קול: פּאני בניאָמקא! נישט אנדערש, זייא ווילען טרינקען לחיים צו פּאני בניאָמקא, דער צעכמייסטער, קלאפּענדיג מיט א פינגער זיך אויפן שטערן, מאכט האלב יודיש, האלב רוסיש: „בניאָמקא, גרויסע קאָפּ! וועליקי פּאני־בריה, אוי ווייא מיר!“.... דעם נאָלאָווא פרעהט זיך דאס הארץ, ער שניידט עפּעס איבער דער „נאמנה“, וויל ארויסווייזען זיינע לומדיש און מישט אויס בוידעם־פּאָלעצע, איבערקייענדיג צעהן מאל איין וואָרט, אלץ: „רבי משה, אדאם, האמאן! שטשאָ או וואס, טאָ או נאָס. וואש דאוויד, נאש דאוויד... טילקאָ חזיר ני, ני! טרייף...“ ס'איז א לעבען, א חדוה, א ליבשאפט, זייא זיינען זיס וויא לאקעריצע, האלזען בנימינ'ען, קוים־קוים וואס זייא רייסען זיך פון איהם אָפּ און געהען אוועק, פּלאָנטענדיג מיט דיא פיס. — הכלל בנימין זיטצט נישט אליין, אלע צו איהם, שלאָגט זיך א שטייגער איינער אין דער דעה וועגען עפּעס א שידוך, געהט ער צו בנימינ'ן. דרעהט זיך ערגיץ א פּאָר פּאָלק, קומט איטליכער בעזונדער פון ביידע צדדים אויסריידען דאס הארץ פאר בנימינ'ן, געהט א בעל־הבית'ל אראָפּ פון קעסט און ווייסט נישט צו וואס זיך צו נעהמען, דולט ער א קאָפּ בנימינ'ן. רייסען זיך

צווייא יודען עפּעס צווישען זיך, גלייכט זייא אויס בנימין, שטארבט א יוד און לאָזט איבער ירושה, הערען דיא יורשים נישט אויף זיך צו קרינען ביז צווישען זייא מישט זיך נישט אריין בנימין; שטארבט א יוד און חוץ א ווייב און קינדער לאָזט ער נישט איבער קיין ירושה, איבער וועמענס קאָפּ וויינט דיא אלמנה? איבער בנימינס. בקיצור, וואס נאָר קומט מען צו בנימינ'ן, א שטעטישע זאך — אויך צו בנימינ'ן. בנימין הערט אלסדינג רוהיג אויס, געפינט פאר איטליכען א משל, א ווערטיל, איין עצה און מען נעהמט זיינע ווערטער אָן פאר ליעב. הנם זייא מענען טרעפען א מאָל יענעם אין קנעפּיל, שטעכען אין דער זיבעטער ריפּ.

אָט דאס האט איהר אייך א בילד פון בנימינ'ן, פונ'ם בעל־עצה א מאָל אין אונזער יודיש שטעטיל, וואס אזעלכע וויא ער, זיינען היינט בייא אונז זעהר זעלטען.

---

2.

אקענעז־זשע האט אין אונזער שטעטעל זיך נעפונען א ר' יעקב, פון דיא מיני ר' יעקב'ס, וואס זיינען געוועזען א מאָל, וואס זיינען דאָ אצינד און וואס וועלען זיין אויך שפּעטער אין אלע יודישע ערטער, כל־זמן פון דיא קינדער ישראל וועט נאך בלייבען א זכר און אין זייא זיך שלאָגען נאך איין אָדער. דיא דאָזיגע מיני פּארשוינען מענען זיך פארשידען זיין אין זייערע נעמען, אין זייער שטיינער פּרנסה, אויף אין דער הלבשה און אין דער גאנצער פיהרונג זייערער: בינאָטישע פון דער אלטער וועלט, אָבער „אויפגעיורענע" פונ'ם היינטינען שנים — נאָר אין גרונט גע־נומען אָבער זיינען זייא אלע גלייך, איין טבע, איין חאראקטער, אלע האבען זייא פלייא אין דער נאָז און אונטערגעשלאָגען מיט הונט, אליין זיינען זייא נישט ווערט קיין דרייער און ווילען גילטען אין דער וועלט זעהר שטארק. איינענעם שכל האבען זייא נישט פאר א גראָשען און ווילען זיין מבינים אויף אנדערע. זאָגען רעות אין זאכען, וואס זיינען פאר זייא תרגום. מיינען קלאָפּפערשט אלץ לשם־שמים, וואס אויף דער לונג דאס אויף דער צונג — און זיינען באמת שטארק פארביסען, זיינען נישט דאס, פאר וואס זייא גיבען זיך אויס. צו וואס זייא ריהרען זיך צו, ווערט א קרעטציל, אין וואס זייא מישען זיך אריין איז צרות, בייזע מהומות, א דרעהעניש, א פּלאָנטעניש פון רכילות, מסירות, לייטישע טיילער און לאָזען נאך זיך איבער א מיאוסען סליד וויא דיא וואנצען, וואס מיט קיין צעהן וואסערען נישט אָפּצר־וואשען.

אונזער ר׳ יעקב איז געווען א בינאָטישער יוד, קלאָמפּערשט גאָט און ציצית. און ווען דער לייב, דער מלך פון דיא חיות, האט אויף זיך, לויט אונזערע הייליגע חכמים זאָגען, איין אָנשיקעניש, דאס קליין שרץ „מספניע״, דער גרויסער, געזונטער העלפאַנט — דיא מיק, האט בנימין אויף זיך געהאט זיין אָנשיקעניש ר׳ יעקב׳ן — א נפש, פון וועלכען ער האט זיך געהאט צוקראַטצען.

ר׳ יעקב איז געווען גאר א חידוש, א גאָטס וואונדער! אין איהם האט מען בעשיינפערליך געזעהען דיא איינענע גבורות הבורא, וואס בייא פיעל קליינע שרצים׳ליך. יענע, וויא מיר ווייסען, ווערען נאך דעם ארויסקריכען פונ׳ם איי מגולגל ביים לעבען אין דרייערלייא געשטאלטען, כסדר איינע נאך דער אנדערער: אין דער געשטאלט פון א ווערעמיל, וואס קריכט נאָר און פרעסט. דאס ווערעמיל מאכט זיך שפּעטער תם, קלאָמפּערשט וויא געפגר׳ט, מיט א פעניצעל נאָר עפּיס טאקי א ליאלקע און פון דער שטיקער ליאַלקע שפּרינגט דערנאך פון דער העלער הויט ארויס א באבאטשקע, א זומער־פייגעלע, וואס צושפּרייט דיא פליגעליך און פליהט — הע־הע! — גאנץ הויך. פונקט דאס איינענע טאקי איז אויך געשעהען מיט אונזער מין בעשעפּעניש, להבדיל.

פריהער, אין ערשטען גלגול, איז ער געווען א וואָרעם און האט גע־הייסען יאנקיל, אָדער גאר פּשוט יאנקוטש. יאנקיל איז אין דער יוגענד געווען א קליין משרתיל, געקראָכען אויפן בויך, געארבייט נעביך פאר דעם עסען, מעהר וויא עסען איז איהם אויפן זינן אפילו נישט געקומען. בייא איטליכען איז ער גע־לעגען אונטער דיא פיס און מען האט איהם געטראָטען וויא א וואָרעם. ער איז בייא זיך אליין געווען ניעדריג, זעהר געפאלען, זעהר גוט געוואוסט, אז ער איז א רויא יונגעל און קען נעביך גאר נישט, דעריבער האט ער אָנגעבויגען דעם קאָפּ, גע־קראָכען, וויא מען זאָגט, איטליכען אונטער דיא נענעל — און דאס טאקי האט איהם געראַטעוועט. דורכדעם האט מען אלץ ווייטער מעהר אויף איהם זיך אומ־געקוקט און ער איז אלץ וואס ווייטער מעהר ארויס פון דער בלאָטע, פון א קליין משרתיל געוואָרען א גרויסער משרת, שוין געחאפּט דיא זעט, פונ׳ם געהאלט זיינעם אלץ געשפּאָרט, א גראָשען צו א גראָשען ביז ער האט אָנגעקליבען אביסיל געלט און חתונה געהאט פאר א האלב־דינסטמיידיל, דאס הייסט איינע פון יענע אָרמע מיני מיידליך, וואס ארבייטען, האָרעווען, רייסען קריעה יאָהרען לאנג עפּיס בייא קרובים אזוינע און הייסען הייסט עס, זייא העלפען גלאט אזוי זיך, וויא איינענע, אין דעם בעל־הבתישקייט אומזיסט, נישט צונעהמען קיין גראָשען חליכה. דערפאר שטעלט מען זיך ארויס פאר מחותנים בייא זייא אויף דער חתונה דערמיט, וואס

מען שיינקט זייא א בורנאס, א שמאכטע און א פאר אלטע קליידליך פון דער גארדעראבע, מען טהוט זייא נאך אן א גרויס כבוד, אויך וואס מען עסט, מע טרינקט בייא זייא אויף דער חתונה און מען נעהמט מיט דער כלה דעם כשר־טאנץ... נאך דער חתונה האט יאנקיל געפריוות דאס מזל און אנגעהויבען ביסליכ־ווייס אונטערצוהאנדלען, אליין פאר זיך צו מאכען געשעפטליך. ער האט פארליהען ארמע יודען, בעלי־מלאכות, קליינע קרעמערליך, געלט אויף וואכערס, שפעטער אביסיל געמאכט אויך הלוואות שרייבערליך אין אלערלייא פריסוסטגוועס. השם־יתברך האט איהם געהאלפען, איהם געגעבען ברכה והצלחה אין דיא פארדינסטליך, ביז ער האט מיט דער צייט געמאכט א גאנץ שיין קאפיטאל, מיט דעם אייבערשטענס הילף, און איז געווארען — א קאטאוועס עפיס — א פריצישער בעל־הלואה! ער האט געקויפט א הויז און שוין געלעבט ברייט וויא א פיינער בעל־הבית. דענסטמאל הויבט זיך בייא איהם אן דער צווייטער גלגול. פון א ווארעם, א יאנקיל ווערט א מין פיינע־בריה, מיט א פנים פון א שיינעם יודען און הייסט שוין ר׳ יאנקיל! ער איז שוין איין אפגעפיינט מענשיל, א ליאלקע, זיין שטאט איז אין דער שפיגעל־וואנד דארט אין קלויז צווישען דעם רעכטען צימעס, לייט וויסען בייא זיך זעהר גוט ווער ער איז, פון וואנען, מישטעהנס־געזאגט, ער שטאמט, נאר מאכען זיך בזכות זיין געלד, נישט וויסענדיג. געלד איז פאר דעם מענשען דער בעסטער מליץ יושר... מען נעהמט איהם אריין צווישען דיא מורנוס — יעמוד מורנו ר׳ יאנקיל! און זיינע באסאקעס רופען איהם ר׳ יאנקיל, שוין אונטער דיא אוינען אפילו — דאס איז בייא אונז יודען אויף איין מדרגה מיט דעם טיטעל „סמאטסקי פאוויעטניק" בייא זייא להבדיל. ר׳ יאנקיל אליין געדיינקט נאך אויך זעהר גוט, וואס ער איז פריהער געוועזען — א קליין מענשיל, א משרתיל, איין עם־הארץ. דעריבער האלט ער עס פאר א גרויס כבוד, וואס אנגעזעהענע מענשען זיינען מיט איהם חבר און נעהמען איהם אין קאהן אריין וויא זייער גלייכען. זייא, האלט ער בייא זיך פאר איידעלערע, געלערענטערע פון איהם און היט זיך דעריבער מיט א ווארט. זאגען זייא עפיס, שאקעלט ער צו מיט דעם קאפ. ער קוקט זיך צו גוט צו דיא אלע ניינג פון איידעלע יודען און זוכט אין אלסדינג זייא נאכצוטאהן: זייא אין שיך און זעקטליך, ער אויך אזוי; זייא האבען אויסגעווייקטע פנימליך און ריידען מיט א זיפצעלע, ער פריווט זיך אנגעהמען אויך א פרום־יודיש פנימיל און לאזען שטילע זיפצעליך; זייא פיעסטין זיך פאר גאט־ברוך־הוא אין דעם דאווגען, מאכען פיסקעליך, פארגעהען זיך און שרייען: אי, אי, טאטע, פאטער! אונטער שפרינגענדיג ער אויך אזוי: זייא א מאל עפיס גאר אהן ווערטער;

„סאנצעלאָמעס“, „מהיכא־תיתי“, „בים־בים־בים“, ער אויך אזוי, אָהן ווערטער. הכלל, ער איידעלט זיך, ער לעהרענט זיך, געדאנקט און געלויבט נאָט ער איז לייטען גלייך, ער חאפט שוין אויך א כבוד מיט מציצה און ס'איז דאָ א האָפנונג, אט־אָט הויבט מען איהם מכבד צו זיין שוין מיט סנדק... זיטצט ער א מאָל אויף איין אסיפה צווישען דיא פיינע־בריות, שמעלצט ער זיך פאר תענוג און וויל אלץ, מען זאָל עס זעהען, מען זאָל עס וויסען... זאָגט מען: ר' יאנקיל! וויא איז אייער דעה? איז ער גאר איבערגליקליך. טרעפט ער א מאָל גראד צו אין עפּיס א זאך בנימינ'ן, איז ער אויפען זיבעטען הימעל, בנימין איז בייא איהם איין חכם, דאס אויבערשטע פונ'ם שטייסעל. סטייטש, בנימין! מיט איהם צו ריידען איז א זכיה. — אט אזוי רייבט זיך א היבשע צייט אונזער ר' יאנקיל, מאכט דערווייל אויך, מיט דעם אויבערשטענס הילף, גוטע געשעפטען, איז אריין אין דיא גרויסע פעדערען און וואקסט, וואקסט ביז פון דער שטומער לעלע רייבט זיך אויס און שפּרינגט פון דער העלער הויט, אין דעם דריטען גלגול ארויס א גר:יסער פויגעל, וואס צושפּרייט שטארק דיא פליגעליך, פליהט הויך איטליכען איבער דיא קעפּ און הייסט שוין ר' יעקב! איהם איז שוין קארג זיין גלייך מיט אלע, ער וויל זיין העכער פון אלע, קליגער פון אלע, האבען מעהר דעה פון אלע. א שטאָט אין דער שפּינעל־וואנט איז פאר איהם שוין נארנישט, עס ציהט איהם אהין, אויבענאָן, הארט לעבין אָרון־קדש און וויל זיין אומעטום דער ערשטער, שוין א מורה־מורנו. — ר' יעקב נעדיינקט שוין אצינד נישט, אז ער איז פריהער געוועזען יאנקיל דער משרת, א וואָרעם, א מין קליין בעשעפעניש. דאס געלד פארשטאָפּט איהם דאס הארץ, פארשטאָפּט איהם דעם מוח. אויף דעם אָרט פונ'ם זכרון דאָרט א מאָל ליגט אצינד א קערביל. וואו אין איהם איז א מאָל געוועזען דאָרט א שטיקעל יושר, א קאָפּ רחמנות, עטוואס מענשליכקייט און א פיטצעל פארשטאנד, שטעקט היינט א מטבע. אין איהם טהוט, ארבייט דיא מטבע, דער גאנצער שכל איז בייא איהם נאָר דיא מטבע. אין אלע פינף חושים זיינע איז אריינגעטאָהן דיא מטבע: זיין קוקען, הערען, שמעקען, טאפּען און פיהלען איז אלץ נאָר דיא מטבע. און בייא יודען איז דאָך פון אייביג אָן שוין אזוי בטבע — דערזעהען זייא בייא עמיציז א גילדענע מטבע, מעג ער זיך זיין א קאלב, א בהמה, איז ער בייא זייא א גאָט, בוקען זיך צו איהם, טאנצען ארום איהם, לעקען און גיבען איהם גרויס כבוד אָפּ... באסאקעס מאכען א ברייטען המלך: ר' יעקב! און יודען זאָגען נאך מיט גרויס דרך־ארץ ברוך הוא וברוך שמו ר' יעקב, אָמן!

ר' יעקב, אונזער גילדען סעלביג:, איי שוין קדש! זיינע באסאָקעס, דיא

טענצ׳ער, דיענען איהם געטרייא, רייכערען איהם אונטער מיט ווייריך, לויבען זיין נאמען און מאכען אָן מיט איהם אויף מענשען אין דער שטאָדט א מורא. מען טאָר אונטער דיא אויגען אפילו נישט דערמאָהנען זיין נאמען צום שלעכטען. מען טאָר אקענען איהם נישט זינדיגען מיט א וואָרט און אלסדינג וואס ער טהוט, א נארעשקייט, איין אומרעכט אפילו, מוז מען אָננעהמען פאר ליעב, גלייך וויא מען האט געשוואוירען אויפן בארג סיני צו גלויבען אין איהם מיט לייב און לעבען פונ׳ם גאנצען הארצען. מען האלט זיך איין, צווישען זיך אפילו א מאָל אין א שטיעס, נישט ארויס צו לאָזען פונ׳ם מויל דאס, וואס איטליכער בעזונדער וועגען איהם טראכט. אין הארצען שפּעט מען, מיט דעם מויל לויבט מען, אלע וויסען דעם אָנשטעל און איינער דעם אנדערן נארט... אָט אויף אזא שטיינער פארמעהרט זיך דערווייל צווישען יודען חניפה, פאלשקייט, מיאוסע זאכען, עטליכע עזות־פּנימער, באסאָקעס, ארבייטען מעשים, פיהרען א שטאָדט בייא דער נאָז און יודען, דער־נידערנדרינע, געפאלענע, ציטערנדיגע טהוען נאך, טראָגען דיא נעז זייערע אזעלכע לייט אקענען. — נאר אזוי וויא אפיקורסים אין דער וועלט מוזען דאָך זיין, וואס לייקענען אין גאָט אפילו; דעריבער האבען זיך אין שטעטיל געפינען מיאוסע אפיקורסים אזוינע, וואס זיינען אויך אין ר׳ יעקב׳ן נישט פארגלויבט געווען, איהם נעהאלטען מחילה פּאר א בהמה, פאר א גראָבען יונג, וואס זיין מישען זיך מיט תקיפות אין שטאָדט־זאכען איז א ביטער אומגליק פאר יודישע קינדער. — און פאר אזעלכע חטאים אקענען זיין כבוד, איז דאס שטעטיל נישקשה בעשטראָפט גע־וואָרען מיט בייזע מהומות: קריג, פלאָטקעס, רכילות, מסירות, אכזריות און אלע פורעניות, וואס דרינגען שמעקט.

ר׳ יעקב קען שוין זיננען! עס געפעלט איהם שוין נישט דער חזן, וואס איז א צייט מיט יאָהרען אוועק געווען אין דעם שטעטיל, וויל איהם אויף דער עלטער ברעכען פון ברויט דערפאר, וואס ער האט איינמאָל פארגעסען איהם גוט יום־טוב ביטען, און אויף זיין אָרט צונעהמען איינעם עפּיס פון זיינע לייט. אין שטעטיל ווערט א קאָכעניש, א מהומה, א הארמידער!

ר׳ יעקב פּסק׳ת שוין שאלות! ער זאָגט דעות דיא דיינים, קוויינקעלט זיך עפּיס אויף דעם שוחט, וויל נישט שטעלען אויף איהם אין א סירכא, ס׳איז איהם עפּיס ניט גלאַטיק... עס ווייזט זיך פלוצים אין שטעטיל א מין פארשוין, דעם אלטענס שוחט א שוחט. עס ווערט א נערודער, א קריג אויף מעסער־שטעך און עס קעהרט זיך דיא שטאָדט!

ר׳ יעקב איז שוין א גרויסער בעל־צדקה! ער העברעט

דעם מקח אויפן פלייש, ניט פונ׳ם ראָזינען געלד א טהייל זיינע אָרעמע קרובים, א טהייל זיינע טענצער און א טהייל לאָזט ער אראָפּ צו זיך אין קעשעניע, א מתן בסתר, אויף זאכען אזעלכע, וועלכע ער אליין ווייסט. ר׳ יעקב טהוט גוטס און אָרמע לייט גריזען ביינער, זאָכען און קריינקען...

ר׳ יעקב איז שוין א מומחה! אין דעם בקור־חולים „ויינעם“, וואו ער איז גבאי, לאָזט ער דעם דאָקטאָר קיין קאָפּ נישט אויפהייבען, נעהמט אריין און טרייבט ארויס קראנקע וויא ער פארשטעהט, טהוט דאָרט אלסדינג, וואס ער וויל, וואס איהם פאלט איין, ער ווייסט א קריינק און קראנקע אָרמע לייט בע־קומען פון איהם באלד דעם טוים.

ר׳ יעקב איז שוין א מבין אויף לעהרנען! ער קוואָקעט שוין אויך אויף גבאי אין דער ישיבה, זאָגט בויך־סברות אין דעם שטייגער לעהרנען און קרימט זיך עפּיס אויף דעם ראש־ישיבה, פון דער גאנצער גמרא קען ער טאקי „מכות“. נישקשה! ביים ווייב איז ער א גרויסער למדן, ער קען זעהר גוט...

ר׳ יעקב איז שוין א ווילדער חכם! ער האלט פון זיך א שרעק, איז מיט זיך משוגה שטארק צופריעדען, האט ווילד הנאה פון זיינס א ווערטיל. אויף איין אסיפה וויל ער, אלע זאָלען איהם הערען. ער ווייסט בייא זיך זעהר גוט, מסתמא דרשה׳ט ער נישט „אומזיסט“ פארשטעהט נישקשה איין עסק.... דעריבער איז ער ברוגז, אז אנדערע זאָגען א דעה און קען נישט ליידען מען זאָל איהם איבערשפּארען.

— איך הייס, פארשטעהט איהר מיך, ר׳ יעקב! איז דער שטייגער זיינער געוועזן אין אזא פאל צו זאָגען מיט ברייטקייט, טייטענדיג מיט דעם גראָבען פינגער אויפן הארצען.

„איך הייס ר׳ יעקב“! האט אזוי פיעל געהייסען, וואס שווער איבערצוגעבען עס מיט טויזענט ווערטער. דרינען איז געלעגען דער גאנצער ר׳ יעקב מיט דיא ביינער. איטליכער האט עס געטייטשט וויא ער פארשטעהט, זיך געשטיקט אינווייניג און געשוויגען, אויס מורא מיט איהם איינצורייסען.

איין בנימין האט קיין מורא ניט געהאט ארויסצוזאָגען זיין דעה פרייא, אויף דעם שטייגער זיינעם, רוהיג, שטיל, זיך נישט צו מאכען כלל פון ר׳ יעקב׳ן, גלייך וויא ער איז גאר אויף דער וועלט נישטאָ. האט ר׳ יעקב זיך געהיצט און טייטענדיג מיט דעם פינגער אויפן הארצען אין איין פייער געמאכט: איך הייס ר׳ יעקב!..
האט איהם בנימין בשעת מעשה אָנגעקוקט גאנץ קאלטבלוטיג, נישט צו ענטפערען

נעוועהנטליך קיין וואָרט, אָדער נעענטפערט א מאָל גאַנץ קורץ: איך ווייס, נישקשה, פון קינדוויים אָן וויא איהר הייסט. דאס נעהר זיך אָבער נישט אָן צום ענין... און ווייטער טאקי זיך גאַנץ רוהיג נערעדט. דאס פלעגט ר׳ יעקב׳ן שטעכען וויא מיט א מעסער און איהם צוקאָכען דאס בלוט. בנימין איז איהם נעווען וויא א דאָרן אין דיא אויגען, אָנקוקען האט ער נישט נעקענט בנימינ׳ן מיט זיינע לייט. עס האט איהם נעברענט, פאר וואס זאָל אין דער שטאָדט זיין נאך איינער, פון וועלכען מען האלט. און נאך ווער? אזעלכער, וואס האט עפּיס נישט אזוי פיעל נעלד!.. בייא איהם איז איינגערעדט נעווען: בנימין בגזל׳ט איהם, נעהמט בייא איהם צו א חלק כבוד, דאס וואס איהם אליין נאָר קומט. בנימין איז גאר נישט אזוי קלוג, אזוי פיין וויא מען מיינט, ער פארבלענדעט נאר דיא אויגען. ער מוז עס בלי נדר דערוויזען, אז מען האט אין איהם א גראָבען טעות. — דעריבער פלעגט ער צו בנימינ׳ן זיך זוכען, אויף איהם אלץ גראָבען, איהם נעוואָלט אלץ מבטל זיין און פארמיאוסין ביים עולם:

א פּאָר וויכטיגע זאכען זיינען שפּעטער זיך פארלאָפען, וואס האבען אויפגעריהרט דאס גאנצע שטעטיל. אלע זיינען דערמיט נאָר בעשעפטיגט נעווען, און אונזער ר׳ יעקב האט דענסטמאָל זיך בענוצט, אויסצוניסען אויף בנימינ׳ן דעם גאַנצען צאָרן און אָפּצורעכענען זיך מיט איהם וויא מיט א טאַטען!

---

### 3.

**ויהי** בימי הרעב הגדול, און עס איז נעווען אין דיא טעג פון׳ם גרויסען הונגער, נישט היינט געדאכט, אין אונזער ווינקעל איז נישט נעראָטען קיין תבואה, דער יקרות איז נעווען שרעקליך גרויס און מען איז נעשטאָרבען, אויסנענאַנגען פאר א שטיקעל ברויט. און אז דאס שלימזל נעהט, נעהט עס מיט אלעמע׳, מענשען האבען פארלוירען איינער צום אנדערען דאס פארטרויען, אלע פארדיענסטען האבען זיך אויסגעלאָזט, מענשליכקייט און יושר — אויפגעהערט, עס איז א בייזע מהומה, א צאָרען פון גאָט, דער שטארקער שטיקט דעם שוואכען, דער אומגערעכטער דעם נערעכטען און וויא נעוועהנטליך ליידען מעהר וויא א׳ע, אין א שווערע צייט, דיא אָרמע, שוואכע יודען נעבעך. אויף זייא ניסט זיך אויס דער צאָרען פון אלע זייטען, אז ס׳איז נישטאָ וואס צו טאָהן נעהמט מען זיך צו זייא. יודען אין שטעטיל אָהצען—קרעכצען, פאלען אויף דיא פנימער און בעטען רחמים.

ר׳ יעקב פון זיין זייט, טהוט וואס ער קען — ער טהוט דאס, יענעס, העכערט דעם מקח אויפן פלייש אויך, אונטערצוהאלטען זיינע לייט און אָרמע קרובים. אודאי איז דאס א מצוה, א גרויסע צדקה, מחיה צו זיין יודישע „נפשות״, נאָר אקענען א וועלט קען מען נישט יוצא זיין — דער אָרמער עולם קלאָגט זיך אַלץ זעהר שטארק!

אין יענערער ביטערער צייט גראד איז ארויס א קלאגע, אז אין חערסאָנער גובערניע מאכען יודען קאָלאָניעס, דאָרט איז פשוט א גן־עדן און צווישען דעם עולם איז דענסטמאָל אומגעגאנגען א לידעל, וואס יונג און אלט האבען עס געזונגען, דאס לידעל איז דאכט זיך, כמעט אזוי:

האט איהר געהערט דאס לאנד חערסאָן
נישט ווייט פונ׳ם פעטער ישמעאל,
פון פויגעל מילך איז דאָרט פאראן,
פאר יודען ארץ־ישראל.

א פיי׳ם א ציג, א שאָף א דרייער,
א הוהן, איין אינדיק האלב אומזיסט,
אַלסדינג בזיל־זול, קיין זאך נישט טהייער
און תבואות דאָרטען פול וויא מיסט.

דאס לאנד איז גוט און וואויל א ווינדער,
אויב לעבען, ברידער, ווילט איהר פיין,
פארנעהמט דיא קלימקעס, ווייב און קינדער
און לאָמיר עולה־רגל זיין!

דאס לידעל האט מען טאקי געזונגען, מענשען צום אונטערטרייבען, אונטער־ווארעמען האט אויך נישט געפעהלט און פונ׳ם אָרט האט מען לעת־עתה זיך אַלץ נישט גערירט. ערשטענס, האט מען, וויא דער שטיינער איז בייא אונז יודען, גע־קוקט איינער אויפן אנדערען, אויף דרך־ארץ — לאָזען יענע מאכען דעם אָנהויב צום ערשטען און מיר נאך זייא. יענע אָבער האבען נאָר געקענט שיין דרשה׳נען, זיינען געווען בריות נאָר מיט דער צונג און דעם כבוד עפיס טאקי צו טאָהן האבען זייא מוחל געווען אנדערע... צווייטענס, האט מען דאך, וויא דער שטיינער איז בייא אונז יודען, נישט געקענט נעהמען גלאט טאָהן עפעס א זאך, זיך נישט אָנצר־ריידען וויא א פויק פריהער אזוי, דערנאך שמועסען דאס איינענע ווי״ד.ר

פארקעהרט.... און דריטענס, איז דאָך, נאך א מאָל מאקי, וויא דער שטיינער איז בייא אונז יודען, נישט אזוי וויכטיג דער פסוק וויא דער דרש, דאס אויסרעדעניש אויף איהם, מען לעהרענט דיא גמרא נישט אזוי צוליעב דעם פשט, וויסען דעם דין, וויא צוליעב דעם פלפול. אגב טהוט א יוד אויף סברות, מען שפארט זיך, אָנ־נעהמענדיג זיך, איינער דעם אנדערען בייא דיא בערדליך, מען פרענט קלאָטץ־קשיות, מען ווייזט ארויס גרויסע חריפות מיט קנייטשליך, שפיטצליך, „בעד־וואָהרענישען", נעדרינגנענישען, וואס שארפען און שפאַלטען דעם מוח. — אין דעם דאָזיגען ענין מכח דיא קאָלאָניעס איז געוועזען אויך דאס אייגענע מאקי: א שפארעניש, א האמפעדניש, א קרינגעניש, א „ווידער־איינאנד" פרענעניש, איין אָפ־ווענדעניש, א חוזק־מאכעניש, מיט געשפעט און שטעכווערטליך איינער צום אנדערען: „חכם טיינער!", „שיינער יוד איינער!!"ביידע צדדים האבען זיך נע־שמאק געזידעלט און געוועזען צווישען זיך פייער מיט וואסער. דיא דרינגנען יא, יענע—ניין. יא, ווייל יענע זאָגען ניין און ניין, ווייל דיא זאָגען יא.... פלאטשעקע קעפליך האלטען געוועהנטליך מיט דיא, וואס האבען גוטע נעמבעס צום שרייען, פיסקליך אויף שרויפען און וואס קענען מאכען פונ'ם מויל א חאָלאָווע. —

דערווייל, אין דעם גרויסען טאראראם, קומט גראד איינער, אונזערער א מלמד, פון יענע ווייטע מקומות דאָרט ערגיץ אין וואָהלין, צום ווייב אויף יום־טוב, אין א נייער קאפאָטע. ער קוקט אביסעל מיט גדלות וויא איינער, וואס איז אויס־געוועזען א וועלט און וואַרפט אריין אין דעם שמועס פרעמדע, וואָהלינישע ווערטער. אָנשטאָט „יו", זאָגט ער „יא", אָנשטאָט „קרופניק"—„קאָליש" און „קימקע" הייכט בייא איהם „קוילעטש", ארום איהם פארקלייבען זיך רעדליך מענשען, מען קוקט אויף איהם עפעס וויא אויף א חידוש און מען שלינגט איטליכס וואָרט זיינס פון זיינע מעשיות, קראַטצענדיג זיך דערבייא פאר גרויס הנאָה. וואָהלין, דערצעהלט ער, איז א געבענשט אָרט מיט אלעם גוטען. קוילעטש עסט מען דאָרט גאר אין מיטען דער וואָך, וויין טרינקט מען דאָרט וויא וואסער, היינט זייער ראָסעלפליישיג, קנאָבעל, „פראקעס", „פאליטשיקעס" איז א מאכל מלכים! דיא ווידלען בייא דיא שעפסען (בייא דיא „שאָף", מיין איך חאפט ער זיך באלד און פאר־ריכט) זיינען אָפגענאָסען מיט שמאַלץ און שלעפען זייא פון הינטען זיך נאך אויף רעדליך. קאָדע, אזוי הייסט עס דאָרט, יו — יא, יא! מיין איך. — נאָר דיא מענשען דאָרטיגע זיינען גראָב, פארשטאָפטע קעפ. יודען פונ'ם הינען ווינקעל קענען זייא אין זאק ארייננארען און מאכען גוטע געשעפטען. מלמדים פון אונזער קאנט האבען דאָרט דיא בעסטע קנעלונגען. זייערע — זיינען חמורים, לייגען אנידער

אין „עברי׳׳ מישטעהנס־נעזאנט, נח מיט זיבען גרייזען, קמין בית בו, מלופם וואו אי. דערפאר אבער קענען זייא עסען....

דער מלמד מיט דער נייער קאפאטע, גענרייזעלטע פאות, און מיט זיינע וואונדערליכע דערצעהלונגען, שטארק פארגרעסערטע, מאכט אן אין דעם שטעטיל א האלעבורדע, עס פארקאכט זיך דארט א געדיכטע קאשע, א טחייל שרייען: אהין אין יענע מקומות ערגיץ, וואו מען קען קנעלען, מאכען שיינע געשעפטען! א טהייל שרייען: ניין, אהין „נישט ווייט פונ׳ם פעטער ישמעאל״ אויף דיא קאָ־לאָניעס! געזעטצטע מענישליך, מיט פעטע בייבלעך מאכען: עט חלעבי, ס׳איז אין גאנצען איין אויסגעבלאזען איי! גלייכער נישט אהין נישט אהער, אשרי יושבי ביתך — דעם פויערש ווערטעל טאקע: „סידי דאמא דא ני ריפאיסא״. און גוטע, ווייכע מענשליך, לעדערנע דישלעס, בייגען זיך, וויא עס קומט א מאל אויס, אי אהין אי אהער, ס׳איז א דולעניש, א קאכעניש, ביז אין דעם שטעטיל ווערט געמאכט א גרויסע אסיפה, אויף וועלכער ס׳איז געווען ר׳ יעקב און אויך בנימין.

פריהער פון אלע, עס פארשטעהט זיך, איז ארויסגעשפרינגען מיט א ווארט ר׳ יעקב. זיין דעה איז געווען—בלייבען קאלאניעס, האט ער געזאגט, איז נישט פאר יודישע קינדער. דערצו איז עשו. קנעלען און שטארבען פערזאטט מען קיינ־מאל נישט אומעטום. דעם בטחון צו גאט ברוך־הוא מאר מען נישט פארלירען, גלויבט און ריהרט זיך נישט פונ׳ם ארט... פעטע בייבלעך און לעדערנע דישלעס האבען זיך געבוינען אויף זיין זייט, געהאלטען מיט איהם. דערנאך האט זיך צו־שאקעלט דער איבעריגער עולם, אלע האבען גערעדט, געשריגען אין איין קול צום טויב ווערען. מען האט מעהר נישט געהערט וויא: קאלאניעס! וואהלין!... עס זיינען געפלויגען זידלערייען, פלאם־פייער, פעך און שוועביל. עס האט געהילכט, געשטורמט און לעדערנע דישלעס האבען זיך געבוינע׳, וויא א טשערעטיל פאר דעם ווינט, אהין און אהער. געמבעס פון ר׳ יעקב׳ס באסאקעס האבען פלוצלים גע־דונערט: קבצנים! שלעפען! ווילט זיך אייך אויף יענעמס קאפ. הולטאיעס, בעלי־צדקות איבער א פרעמדען בייטעל!... א העזה אביסעל מען זאל נישט הערען, וואס נבירים, גרויסע לייט זאגען! איהר מיינט, ס׳איז שוין הפקר א וועלט? ווארט נאר ווארט! וועט איהר זעהען ווער עלטער איז... וואס הייסט זיך אויסשפאנען, נישט צאהלען... ר׳ יעקב, זאל געזונט זיין, לעבט נאך, מאריך ימים זאל ער זיין. דיא קאלאניעס אין וואהלין ווערען אנגעצונדען, פייערען אין איינעם אויף דיא באסאקעס און שיטען זייא אב מיט הייסען פריסעק. בנימין איז דיא גאנצע צייט געזעסען רוהיג,

אנגעבוינען דעם קאָפּ און געשווינגען, ערשט אז דער עולם איז מיעד געוואָרען שרייענדיג, האט ער אויפגעהויבען פּאמעליכען דעם קאָפּ, ארויפליינענדיג דיא האנד אויפן שטערען, וואס האט ביי איהם בעטייט, אז ער וויל עפּיס זאָגען.

— שא, שא! איז געוואָרען א קלאפּערייא, א שושקערייא צווישען דעם עולם. ר׳ בנימין וויל עפּעס ריידען, שא, שטיל!

— האט איהר זיך שוין אָפּגעקיהלט, רבותים, און וועט הערען? מאכט בנימין מיט א פריינדליכער מינע.

— יא, יא, ר׳ בנימין! רעדט, זאָלט איהר געזונט זיין, מיר הערען.

— אומזיסט קריגט איהר זיך, מיינע ליעבע יודען. הויבט אָן בנימין שטיל, רוהיג וויא זיין שטיינער איז, וויא איך זעה קענט איהר נישט אונזער יודישע היסטאָריע, נאט אייך זיא דאָ אין גאנצען אין עטליכע ווערטער.

דער עולם איז געבליעבען שטיל אָהן שום בעוועגונג, קיין שאָרך, קיין פּארע האט מען פון קיינעם נישט געהערט, גלייך וויא אַלע זיינען אויסגעשטאָרבען, און בנימין האט שטיל מיט האלב פארמאכטע אויגען אָנגעהויבען אזוי:

— וויא באלד, רבותים, אברהם אָבינו דערגרייכט מיט זיין שכל דאס יודישקייט, הויבט מיט איהם זיך אָן דיא סדרא לך־לך, און ווערט פארוואָגעלט פון זיין פאטערלאנד, קוים מל׳עט ער זיך, ווערט דער ערשטער געמל׳טער יוד, האט ער שוין אויף דער עלטער גאר א זוהן, יצחק, געיודישט נאך קינדוייס, האט שוין דערפאר מיט א מאָל טאקי א צוויקלינג און לך־לך, וואָגעלט זיך אויף ארום אין דער וועלט. — יעקב, א כשר קינד מיט א יודעש הארץ, מאכט א פליטה, לך־לך פאר עשו׳ן קיין חרן . . . פיער מאל חתונה געהאט, האט א ט ו ץ קינדערליך און לך־לך, לויפט ווייטער פאר לבן־הארמי... בלאָנקעט זיך ארום ביז ער קומט אויף דער עלטער מיט זיינע קינדער קיין מצרים, וואו יוסף זיינער איז א חשוב אין הויף, א גרויסער פריץ, איין מוכר־תבואה׳ניק אין דער וועלט! דאס, וואס דיא קינדער ישראל בלייבען דאָרט א לאנגע צייט זיטצען, זיינען זייא דרינען נישט שולדיג, דער קאָזאק האט זייא שוין געהאלטען. אין צרות, אין לייד האבען זייא זיך דערוויל געפרוכפּערט און געמיצהרט, שונאים אויף צו שפּרינגעניש. משה רבינו, וואס האט יונגערהייט שוין געוואוסט דיא סדרא לך־לך, פועלט דערנאך, דורך גרויסע וואונדער, אָפּצולאָזען דיא יודישע קינדער אויף דרייא טעג נאָר פרייא צו אטהמען, אבי פון פרעה׳ס הענד ארויס, איז שוין דיא ברירה ביי זייא געווען צו מאכען אויף לעולם ועד לך־לך. זייא נעהמען דיא תורה אויפן בארג סיני און לך־לך מיט איהר א צייט מיט יאָהרען אין דער מדבר. מיד, צובראָכען פונ׳ם שטענדיגען ארומוואנגלען,

קומען זייא אין דעם לאנד כנען, ווילען האבען דאָרט א מקום מנוחה, רוהען אָבער וויינינ, האבען נענוג אויסצושטעהן שטענדינ פון שונאים ארום און ארום. דערנאך, אז נאָט העלפט, זייא ווערען שטיקליך בעלי־הבתים מיט א בית־המקדש, יודען זיטצען זיך אין ווייננערטנער, אָננעלעהנט אונטער פיינענבוימער און מען הויבט ערשט אָן וויסען פון א לעבען צו זאָגען, צו פאטשען זיך פכוצלים יודישע קינדער און צופאלען אויף צוויא שטיק מיט בעזונדערע שטיבליך. רייסען איינער ביים אנדערען אָפּ דיא קעפּ, ביז שלמנאסר דער מלך פון אשור זאָגט דיא קינדער ישראל לך־לך! אהין אזש, וואו דער שווארצער פעפער וואקסט דאָרט, און מען ווייסט עד היום נישט וואו זייער נעביין איז אהינגעקומען, שפעטער קומט נבוכדנאצר מלך בבל, זאָגט אויף דעם שבט יהודה: לך־לך און זייא ווערען פארוואָגעלט. — אין א צייט ארום קעהרען זיך א טהייל יודען צוריק ווידער קיין ארץ־ישראל. נאָר ס'איז שוין א נעמוטשעט לעבען. זייא זיינען קנעכט בייא זיך אין דער היים, ווערען פארשווארצט אין עושר און אין כבוד, כייזען קלעפּ פון אנדערע און רייסען זיך בייא דיא נעז צווישען זיך, אזוי ציהט עס זיך אין צרות אין יסורים, ביז טיטוס הרשע חזר'ט מיט זייא גוט איבער לך־לך אין דאס איז זייא ביז היינט געבליבען גוט אין דעם זכרון. זינט דענסטמאָהל נעהט בסדר אלץ דיא סדרא לך־לך!...

— אָט דאס, רבותים, האט בנימין אויסגעלאָזט אויף א נידעריגער שטימע, מיט א זיפץ וואס האט נעריהרט ביים הארצען. אָט דאס איז דיא אלטע יודישע היסטאָריע, וואס בלייבט תמיד נ י י א. אין גאנצען איז זיא א לך־לך, אין אָנהויב, אין דער מיט און אויך היינט, ברידערליך. לך־לך! קיין חערסאָן, קיין וואָהלין, ערגיץ אנדערש—אלץ איינס, דערמיט נעהמט נאך דיא געשיכטע נישט קיין עק, פאר־וואָגלעניש הערט נאך נישט אויף, דיא פארוואָגעלטע אין חערסאָן וועלען נאך געהן קיין וואָהלין און ווידער דיא פון דאנען — זיך לאָזען אהין... וואס קען מען טאָהן? געהט, יודישע קינדער! נאָר אל תרגזו בדרך, קריגט זיך נישט איבער דעם וועג, אויך אויף דעם וועג... נעהט, ברידער, נאָט זאָל אייך העלפען!

— איהר רעדט, ר' בנימין, וויא א חכם! רופען זיך אָן מענשען פונ'ם עולם, נאָר וויא נעהט מען אָהן געלד. מיר בעדארפען האבען הילף, אויף הוצאות געלד!...

— פון מיין זייט, ענטפערט בנימין, ווארנענדיג זיך מיט טרעהרען, פון מיין זייט בין איך ברייט צו נעבען פיעל מעהר וויא איך קען, לאָזען אויך אנדערע געבען נאָר וויפיעל זייא קענען, אפילו וויינינער וויפיעל זייא קענען, אבי געבען. וויא זאָגט מען עפּעס: אביסעל און אביסעל, ווערט א פולע שיסעל".

— יודען! טהוט ר' יעקב פּלוצלים א היק, שטארק אָנגעצונדען, איך דער־קען אייך היינט גאר ניט, יודען! פארשטעהע נישט, וואס אייך איז היינט אזוינס געשעהען? וויא אזוי קענגען עס יודען מיט א קאלטער לעבער צוהערען אזעלכע רייד פון דעם ר' בנימינ'ן איי ע ר ע ן?... ס'איז דאָך חיקע־חאלאָשעס, א חילול־השם, מען זאָל נעהמען דיא תורה האק־דייזשע (הקדושה) און מאכען פון איהר גלייכע ווערטליך!... געוואלד, דיא הייליגע תורה! געוואלד, דיא הייליגע אָבות! מען נעהמט א סדרא לך־לך און מאכט פון איהר מאָנדרוש, א לע־מעשקע! —

אוי־וועה, מען בעדארף דאָך, הערענדיג אזוינס, קריעה רייסען!...

— שוין געגוג געריסען... נישטאָ שוין מעהר וואס צו רייסען! — האט זיך געלאָזט הערען עמיצענס א קול פון צווישען דעם עולם — דיא גוטע כנופיא האט שוין אָפּגעריסען דיא הויט פון לעבעדיגע און פון טויטע.

— תרבות עזות־פנים! טהוט ר' יעקב א היק, ווער איז דאס דאָרט דער יונגאטש אזויגער?!

— האט רחמנות, ר' יעקב! שרייען יודען אין איין קול. זעהט, זאָל עפּעס ווערען אויף הוצאות! ס'איז שלעכט, ר' יעקב! שלעכט, שלעכט... מיר זיינען פארבייא.

— יודען בעדארפען האבען בטחון צו דעם וואס לעבט אייביג אין הימעל, ברוך הוא וברוך שמו, זאָגט ר' יעקב דעם עולם מוסר. ה' ילחם לכם — הקדוש ברוך הוא וועט אייך געבען ב ר ו י ט, געבען קען נאָר ער, זיין ליעבער נאָמען אליין, שבו לכם עם החמור. בקייבט און האָפּט אויף דעם, וואס וועט קומען רייטענדיג אויפן חמור. אזוי זאָג איך אייך, איך ר' יעקב!... פארגעסט נישט, איהר זייט שטיקלעך בעלי־חובות, צום רייסטער קומט, אויך מיר און... פאר גאָט טאָר מען נישט אנטלויפען, זאָגט תהלים, פאסט, הללוהו בתוף ומחול, צום סוף וועט ער אייך מוחל זיין, נישקשה... זיין רחמנות איז גרויס.

בנימין האט זיך אויפגעהייבען פונ'ם אָרט און ארויסגעגאנגען שטיל, נישט צו ענטפערן ר' יעקב'ן קיין וואָרט. באלד נאך איהם איז אויך דער איבעריגער עולם זיך צוגאנגען און דיא אסיפה האט, וויא געוועהנטליך, זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

מיט גאָרנישט פאר דעם אָרמען עולם און מיט א ביס אָבער פאר בנימינ'ן— א ביס אזש צייבענס זיינען געשטאנען. ר' יעקב האט זינט רענסטמאָל אויף דער

אסיפה זיך געגעבען דאס וואָרט, בלי נדר בנימינ׳ן אָנצוזאלצען, אז אייבינג זאָל עס איהם לינען אין טעם. געזאָגט געטאָהן — און עס האט נישט געדויערט לאנג איז פונקט אקעגען בנימינ׳ס הויז אויסגעוואקסען א געהייבען שיינקעל נאר א וואונדער, וואו דיא „פיאני העיר“ האבען אָפט געטרונקען און פארביסען. —

בנימין האט שוין נישט דיא פרנסה, וואס פריהער, ער ווייסט שוין דעם טעם פון נויט. שרה זיין ווייב איז פאר יסורים געעלטערט, בעטריבט. דיא שנירליך פערעל מיט דעם גילדענעם אויבעל זעהט מען שוין נישט בייא איהר אויפן האלז אפילו שבת און יום־טוב. זייא ליגען ערגיץ פארזעטצט. נאָר בנימין האלט זיך נאך פון דעסטוועגען און דער שטיינער לעבען זיינער איז נים געענדערט אויף א האָר. ער זיטצט אלץ טאקע בייא זיך אין אלקיר, קוקט אריין אין א ספר, שמועסט דאָרט מיט מענשען שטיל, רוהיג, געלאסען ווייא א מאָל.

אזוי האלט זיך געוועהנטליך א בוים, וועלכען דער וואָרעם עסט, טאָטשעט אונטען ביים וואָרצעל. וועסנע־צייט בעדעקט ער זיך מיט בלעטער, זעהט אויס פריש, גרין, נישט צו דערקענען, אז אינוועניג איז ער געביך פויל — ביז זיין מלאך־המות, דער וואָרעם, טהוט דעם לעצטען פיק, דערגעהט איהם דעם עק און ער פאלט פלוצלים אנידער!...

---

4.

**א נייא אומגליק האט דאס שטעטיל געטראָפען — און בנימין איז געפאלען א קרבן!**

אז דיא היינטינמאָדישע בילדונג האט, ווייא א מגפה, זיך אריינגעהאפט אין אונזער ווינקעל און אָנגעמאכט צרות, האט נאָך אונזער שטעטיל פון אזא פורעניות אויסגעהיט, דאָרט האט מען פון אזא אָנשיקעניש א לאנגע צייט נישט געוואוסט, מען האט אפילו געהערט א מאָל עפּיס א קלאנג פון דערווייטענס מכח דייטשליך־געבו־בעטע יודען אזוינע אָהן יארמולקעס און מכח ביכליך עפּיס אזוינע מיט קורצע שורה׳ליך, נאָר אלץ נישט בייא אונז געדאכט. אונזערע יודען האט מיט זיינע שיינע אָנשטעלען דער רוח נישט גענומען. ניכער, דאכט זיך, וואָלט דער יצר־הרע מרוצה געווען געהען צו אלע שווארצע יאָהר איידער קומען צו אונזערען א יודען בריינגען איהם צו א זינד... דער יצר־הרע אליין האט, דאכט זיך, בעדארפט האבען איין אייזערנעם יצר־הרע אזוינס צו טאָהן. — פלוצלים אָבער ווערט אין שטעטיל, א נעד־טומעל. א געשרייא, א געפילדער : אוי־ווייא, דיא קליפה איז דא! —

ביַיא א יונגען מאַנטשיק עפּיס — און צו אלע צרות נאָך, איין איידעמיל איינעמס עפּיס פֿון ר׳ יעקב׳ס לייט געפֿינט מען אונטער דער „גמרא“ א „טרפה־פּסול“! מען נעהמט זיך צו דעם פּושע־ישראל און עס ווייסט זיך ארויס — אוי, א וועהטיג! — ער איז נישט איינער און אויך נישט דער רעכטער בעל־עבירה. דיא אמת׳ע טרפניאַקעס, אבי־אבות הטומאָהניקעס זיינען עטליכע בעלי־הבתישע קינדער, מען נעהמט זיך צו דיא פיינע לייט און עס ווייזט זיך ווייטער ארויס, אז זייא זיינען, הע־הע! גרויסע עזות־פּנימער, האבען גאר קיין מורא נישט פאר קיינעם. דיא קליפּה רחמנא־ליצלן, האט צוגענומען ביַיא זייא דעם שכל מיט דעם יודישקייט אין איינעם. זיינען אליין קאַליע און קאַליע געמאַכט נאָך אנדערע. עס רעשט זיך, עס קאָכט זיך, דאס גאנצע שטעטיל וויגט זיך. איטליכער אליין — אָווא, א מעשה אזא מעשה!... מאטעס — מאמעס — ציטערען, פלאַטערען פאר זייערע קינדער, דיא קליפּה זאָל אין אזא אונטערגאנג, נישט דאָ געדאכט, צו זייא זיך אויך נישט אָנ־נעהמען. שיינע יורען, גאָטס־סטראַפּצעס, נעהמען זיך אָן גאָטס קריוודע. סטיימש, רבונו של עולם, מען זאָל אזוינס איהם אָפּטאָהן!... און גלאט אזוי יודען מיינען נישט קיין שום זאַך וויא דערוויַיל איז דאָך דאָ איין עסק צו ארבייטען, פילדערען, שרייען און נישט זיטצען ליידיג. מעהר פון אלע האט געברענט ר׳ יעקב. און איטליכער וואָרים האט א דאָרים: איין מאָל, איז ער, הייסט דאָך עס, דער עלטסטער, אויף איהם שטעהט דאס גאנצע שטעטיל און ער וועט בעדאַרפען גאָט ענטפערען פאר דיא אלע חטאים, אָפּגעבען דין וחשבון פאר כל־ישראל. „פאר וואס ר׳ יעקב — וועט דער מלך עליון, ברוך הוא וברוך שמו, זאָגען — האסט־דוא נישט, וויא דער פּאסטוך פאָרשט זיין טשערעדע, געטאָהן איבערפיהרען מיינע שאָף ישראל אונטער דיין רוט, כדי זייא זאָלען וויסען ווער ע ל ט ע ר א י ז און וואס פאר א גאָט זייא האבען?!)...“ היינט צווייטענס, האט דאָך אין דער מיאוסע מעשה געשטעקט דאס איידעמיל פון זיינעם א לייב־מענשען. אזוינס איז דאָך שוין טאקי א פּאדראָס, נישט אויסצוהאלטען. און דריטענס — נוא, דאס מומלען שוין שונאים, לאָז עס בלייבען צווישען אונז — האט דיא גאנצע מעשה גלאט נישט גע־טוינט ר׳ יעקב׳ן צום עסק. דאס הארץ האט איהם געזאָגט, אז דיא דאָזיגע קליפּה מיט איהרע ביכליך, ווען זיא חאפּט זיך חלילה אריין צווישען יודישע קינדער, קען איהם זעהר פיעל שאדען צו זיין נאָמען און צו דיא מיני געשעפטען זיינע, דענסטמאָל איז ער דערהרג׳עט, וויא דיא פלעדערמויז אין פינסטערן קעלער בשעת עס חאפּט זיך אהין פּלוצים אריין א שיין פון דער ליכטיגער זון...

אין דעם דאָזיגען קאָכעניש לאָזט מען, עס פאַרשטעהט זיך, נישט אויס

אונזער בנימינ׳ן. מען לויפט צו איהם משונענערווייס און מען זוישעט איהם אָן פולע אויערן מיט דער מעשה. נאָהענטע קרובים נעהמען און פיהרען דיא שיינע יונגע לייטליך צו בנימינ׳ן בכדי אויסצושטראָפען, אויסצושייגעצען זייא פאר מענשען. אויף בנימינ׳ן, האט עס געהייסען, וועלען זייא לייגען כבוד און ער וועט שוין נישקשה מיט זייא לעהרנען בלק.

נאָר אונזער בנימין נעהמט אויף דיא יונגע לייט גאר פריינטליך מיט א שיינעם „ברוך־הבא!" ער בעט זייא זיטצען און מאכט א ווייטען שמיעס, דאכט זיך, עפּיס גאר נישט צו דער זאך. דער שמיעס אָבער קומט אלץ וואס ווייטער מעהר ארויף אויף א דרך, אלץ נעהנטער, נעהנטער צום עסק, דיא יונגע לייט ווערען דערוויילֿ גוט אויפגעלייגט, ריידען מיט א מויל און בנימין בעריהרט דעם חטא זייערען גאנץ דיליקאט.

— מילא, מאכט ער שטיל־רוהיג מיט משלים אויף זיין שטיינער, מילא דיר. חוה, האט זיך פארגלוסט עסען פונ׳ם עץ־הדעת, מהיכא־תיתי, עס, אויף דיר דיא עברה. אָבער פאר וואס האסט־דוא נאך געהאט פונ׳ם עץ־הדעת צו געבען אָדם׳ן נעביך, ער זאָל שטארבען?!

— הייסט עס א פנים, טהוען זיך דיא יונגע לייט א חאפּ מיט פייער, אז בילדונג איז איין עבורה און דיא קשיא איז, פאר וואס האבען מיר, אָרמע בעלי־עברות, נאך פארפיהרט אנדערע אין אזא אומגליק? אהא? מיר פאַרשטעהען, פאַרשטעהען! אזוי, ר׳ בנימין, בעטייטען אייערע ווערטער?

— יא, קינדער, אזוי.

— ניין! מיר אָבער מיינען ניט אזוי. צושאָקלען זיך דיא יונגע לייט מיט א שטעכענדיג שמייכעלע און נעהמען זיך אין איין פייער לעהרנען דעם א ל ט ע ן בנימינ׳ן, אז בילדונג איז דאס... בילדונג איז יענעס... פאר יודען נאָר א גליק. בנימין הערט אלסדינג נעדולדיג אויס, נישט איבערצושלאָגען דיא רייד. דיא יונגע לייט היטצען זיך, ריידען פאר פייער, פאר וואסער אלץ בילדינג, בילדונג, ביז עס לאָזט זיך זייא אויס ווערטער און ווערען אנשווינען. דענסטמאָל הויבט אָן בנימין גאנץ רוהיג, אָנגעבויגען דעם קאָפּ, און ווארפט פון זיין זייט ווייטער אריין א וואָרט. אזוי:

— דער עץ־הדעת אליין פאר זיך איז נאר ניט שלעכט. שלעכט איז נאָר אָט וואס, וואס אָדם מיט חוה׳ן האבען באלד נאך דעם פ א ר ז ו כ ע ן נאָר פונ׳ם עץ־הדעת זיך שוין ג ע ש ע ה מ ט מ י ט ז י ך א ל י י ן, שוין ז י ך ג ע־פ י ה ל ט א ו מ ג ל י ק ל י ך, וואס זייא זיינען נאקעט־באָרפיס, נישט אָנגעטאָהן

וויא מענשען און אָנגעהויבען צוקליידען זיך נאָך דער ע ר ש ט ע ר  מ אָ ד ע. אז אין גן־עדן האט מען זיך נעפיהלט אומגליקליך, א פשיטא שוין ה י י נ ט ערגיץ א נ ד ע ר ש!....

דיא יונגע לייט שטויסען זיך אָן וואָהין בנימינ'ס ווערטער דערלאַנגען און הויבען אָן אלע אקענען איהם צו טענה'ן, צו פארשיטען איהם מיט ניין מאָס רייד, ישרייענד־ג דערבייא אלץ: לאָזט זיך דיענען, לאָזט זיך דיענען! הנם בנימין איז געזעסען שטיל, נישט געענפענט קיין מויל. נאכדעם אז דער שטיעס האקט זיך אָפּ, שטעהט בנימין אויף פונ'ם ביינקעל, געהט זיך דורך עטליכע מאל הין און צוריק אין אלקיר און שטעלט זיך דערנאָך פארטראכט לעבין פענסטער, וואס געהט ארויס אין א קליין גערטענדיל בייא זיך אין הויף, וואו זיין לעבען איז געוועזן זומער צו זיטצען, אָנקוועלענדיג פון איטליכס ביימעלע, פון איטליכס גרעזעלע בעזונדער.

— א־א, וואס אין דרויסען טהוט זיך! זאָגט בנימין א קוק געבענדיג אין פענסטער. עפּיס א זאווערוכע נאר א שרעק! ס'אין שוין נאך פורים, ווענע־צייט, און דער ווינטער האלט, וויל נישט נאכלאָזען!...

דער ווינטער האט געוויזען מאקי זיין ווילדע, שרעקליכע קראפט, גלייך וויא א פארוואוגדעטע חיה־רעה, אין וועלכער עס צוברענט זיך דיא רציחה, פיהלענדיג איהרע לעצטע מינוטען און וויל זיך חאָטש נוקם זיין אביסעל איידער זיא געהט פון דער וועלט. עס האט זיך צושפילט א שטארקער שטורמווינט, מיט א רוזען, א געהייל וויא פון טשאטעס הונגעריגע וועלף, געריסען דעכער, געסערט, געטראָגען גאנצע זיילען שנייא פון דער ערד ארויף, אויסמישענדיג עס אין דער לופט מיט א פּריש, פארפרוירען שנייעלע ערשט ארויסגעשאָטען פון שווארצליך־גרויע חמארעס, וואס האבען בעדעקט דעם הימעל ארום און ארום, אָנמאכענדיג אויף איטליכען מיט זייער פינסטער פנים א שרעקליכע מרה־שחורה. אויף דיא געזימסען אונטערן דאך זיינען געשטאנען איינגעהייקערט, מיט איינגעצייגענע העלזליך, וואָראָנעס נעביך, אויסבאהאלטענדיג זיך פאר דער שרעקליכער בורע, וואס האט זייא פלוצלים אָנגעפאלען, עפּיס וויא זיך שטארק געוואונדערט, אין אזא צייט, ווען בייא לייטען, אין יענע געגענדען דאָרט, איז שוין זומער, ווארם מחיה, זאָל זיך דאָ א ז ו י נ ס פלוצלים מאכען... ביימער פאר דעם פענסטער, נאקעט מיט הוילע ריטער, אָהן א סימן לעבען, וויא גרויסע פארדארטע בייזעמער, האבען זיך געשאָקעלט, גע־וואָרפען, אָנבויגענדיג דיא קעפּ, וואָהין דער ווינד בלאָזט און דאכט זיך, אָט ווערען זייא צובראָכען, עס ווערט פון זייא א הויפען שפענער.

אויף אלע מענשען אין שטוב איז עפּיס אָנגעפאלען א מרה־שחורה, איטליכען נישט גוט אויפן הארצען — און מען האט נערעדט, נעשמיסט פון היינטינער, שלעכטע פּאָגאָדע.

— פארפאלען, דאכט זיך, מיינע ביימליך, רופט זיך אָן בנימין, א מאך נעגענדינג בעטריבט מיט דער האנד. דער בייזער ווינטער מיט זיינע פרעסט און שטורמווינדען וועט, דאכט זיך, מיט זייא עקען.

— האט נישט קיין פאָרכט, ר׳ בנימין! טהוט איינער פון די יונגע לייט א זאָג מיט אזא שמייכעלע, וואס האט עפּיס בעטייט וויא: פרעג דיך בחרם אלטער, וואס דוא רעדסט, דרינען האב איך שוין א ידיעה. — נישקשה, ר׳ בנימין! דאס דאכט זיך טאקי נאָר אזוי. די נאטור האט נישקשה פאר אייערע ביימליך זיך נעזאָרגט. בכדי זייא צו דערהאלטען, האט זיא דעם זאפט אינווענינג אין זייא אויף א צייט איינגעשטעלט, גוט באהאלטען, וויא מען בעהאלט עפּיס איין עסענווארג אין קעלער גוט פארוויקעלט, פארשטעקט, די קעלט זאָל עס נישט איבערפיהרען.

— אָ־ווא! מאכט בנימין, וויא נרויס איז גאָט׳ס וואונדער!... נוא, א שטיינער, אז מען וואָלט מיט עפּיס אזא קונץ געמאכט אצינד, דער זאפט זאָל ארויס פונ׳ם באהעלטעניש פרייא און אויף די צווייגען זאָלען שפּראָצען בלעטליך, נוא, וואס? מען זאָגט, מיט דער שווארצער־קונץ האבען מענשען נעמאכט א מאָל אזעלכע זאכען.

— דאס איז מעשה־פּאָקוסניקעס. רופט זיך אָן נאך איינער פון די יונגע לייט. דורך אזוינע פּאָקוסען וואָלטען די ביימער אומגעקומען. דאס איין מינוט נעמאכטע גרינקייט, קלאָמפּערשט, וואָלט זייא נעקאָסט דאס לעבען זייערס. דער פּראָסט וואָלט א חאפּ געטאָהן דעם זאפט, נעמאכט אויס איהם תל, די צווייגליך מיט די נעמלאכה׳טע בלעטליך וואָלטען נעגאנגען קאפּוט און פון פּירות וואָלט אפילו קיין אָנהויב נישט נעווען.

— הייסט דאָך עס א פּנים, קינדער, וויא איהר זאָגט, מאכט בנימין וואונדערנדינג זיך, אז וואס גאָט טהוט איז גוט און קלוג. זעהר שיין חכעבין! פאר וואָס־זשע זאָלט איהר, קינדערליך, אין די יורען אצינד, ביי זייער היינטינע לאנע, נישט זעהען די איינענע גבורות הבורא, וואס אין דעם בוים ווינטער? א יא, דער הימעל איז אצינד ארום און בעליינט מיט פינסטערע חמארעס, פון אלע זייטען שטורמען שטארקע, קאלטע ווינטען. דער יוד שאָקעלט זיך נעביך, אָנבוינענדינג דעם קאָפּ אהין און אהער, אָהן א רגע מנוחה, דאכט זיך, אָט פאלט

ער און עס ווערט אויס איהם א הויפעןביינער. נאָר דער זאפט פונ'ם יודישקייט אָבער ליגט אין איהם נוט באהאלטען, ס'איז דאָ טיף אינווענינג אין איהם א לעבען, א נשמה... לאָז מען־זשע אצינד איהם לאָזען צורוה און נישט וועלען מיט געוואלד, דורך פאָקוסען, אָנהייננען אויף איהם פאר דער צייט עפּיס בלעטליך אזעלכע, וואס חוץ צרות, קריינקונג און יסורים וועט דערפון קיין פירות נישט ארויסקומען. — שפּעטער, אם־ירצה־השם, אז עס וועט א שיין געבען דיא ליכטינע זון, דיא ווינטען ווען נעשטילט ווערן אין דרויסען ווענט זיין מחיה ווארם— דענסטמאָל ווענט, וויא ישעיה הנביא זאָגט, שפּראָצען און בליהען ישראל און ארויס נעבען פיעל פרוכטען.... אז אין גוטע צייטען נים ישראל דער וועלט גענוג פרוכטען ארויס — דערפאר קען דיא יודישע היסטאָריע זעהר נוט ערב זיין....

בנימינ'ס רייד האט וויא א בליטץ פלוצלים דיא יונגע לייט נעטראָפען, זייא האבען זיך אָנגעקוקט שטארק פארוואונדערט און געבליבען אָהן לשון. דער עלטערער פון זייא האט זיך באלד בעטראכט און זיך אָנגערופען מיט הארץ:

— ווילט איהר א פּנים, ר' בנימין, מיר זאָלען נישט לעהרנען! וואס זאָלען מיר טאָהן, אז אונז גלוסט זיך פאָרט עפּיס וויסען און זיין שטיקליך מענשען! ...

— חלילה! ענטפערט בנימין. לעהרנען חכמה, מהיכא־תיתי מענט איהר, נאָר מיט דיא דאָזינע תנאים: ערשטענס, זאָלט איהר, קינדערליך, דערבייא נישט פארגעסען דיא צייט, אין וועלכער איהר לעבט און אלסדינג וואס ארום אייך טהוט זיך אצינד און שטארק נעוואָהרענט זיין. איהר זאָלט למען־השם ולמען־השם זיך היטען, דיא קעלט פון דרויסען זאָל אינווענינג אין אייך זיך נישט ארייננחאפּען און קאליע מאכען דעם לעבענסזאפט פונ'ם יודישקייט. איהר בעדארפט אויך בייא אייך פונ'ם אָנהויב אָן זיין נרייט, פונ'ם לעהרנען נישט צו דערווארטען פאר אייך קיין גרויסע נוטצען און גליקען אין לעבען חוץ דעם פארגניגען אליין, וואס דעם מענשענס הארץ פיהלט נאר טאקי פונ'ם פארשטעהען עפּיס א חכמה. דעם יודענ'ס לעהרנען בעדארף און מוז זיין לשמה. פארשטעהט איהר מיך, כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא. יודען האבען — עולם הבא.. און צווייטענס, זאָלט איהר אצינד נישט ווענט מיט נעוואלד אָנהייננען יענעם אייער בילדונג, דורך וועלכער איהר קענט איהם נאך מאכען מעהר אומגליקליך... איהר ווענט נעפינען עפּיס אנדערש אין פּראקטישען לעבען מיט וואס ניטצליך צו זיין אייערע ברידער, אויב איהר ווילט.

בנימינ'ס ווערטער זיינען דיא יונגע לייט טיעף אין הארצען אריין. מיט טרעהרען אין דיא אויגען האבען זייא אָנגענומען איהם בייא דער האנד און גע־שוואוירען זיינע ווערטער אייביג צו גערדיינקען...

אז דיא יונגע לייט זיינען מיט א געריהרט הארץ אוועקגעגאנגען, האט מען געזעהען, וויא בנימין איז עפיס צוטראָגען, דיא האלב־צוגעמאכטע אויגען זיינען איהם פארלאָפען מיט טרעהרען. נאך עטליכע רגע שווייגען זאָגט ער מיט א קרכץ, שאָקלענדיג דערבייא מיט'ן קאָפּ:

— וואס איז שולדיג דאס אָרמע קינד, דער יתום'ל נעביך, אז דאס יונגע בלוט זיינס איז ווארם? אז עס גלוסט זיך איהם נעביך אויף אָנקוקען גאָט'ס וועלט, צו לעבען, ארבייטען, צופיהרען אביסעל דיא הענטליך אין דיא יונגע יאָהרען וויא אלע אנדערע?... ניין, יתום'ל! זאָגט מען איהם, דיין בלוט טאָהר נישט זיין ווארם.. ניין, נישטאָ פאר דיר קיין יוגענד!... לאָז זיך איין אָרעמאנס א קינד נישט גלוסטען, שטופּ זיך נישט צווישען אנדערע! זייא מעגען און דוא טאָהרסט נישט, דאס וואס פאר זייא איז א גליק, איז פאר דיר גאר איין אומגליק. שא, ליענ בענראָבען!... א רחמנות חלעבען אויף דיא דאָזיגע יונגע לייט. זעתר וואוילע קינדער! — —

ר' יעקב האט דערווייל נישט גערוהט, דאס איידעמיל האט, אויף זיין בעד־פעהל, דער שווער שוין ארויסגעטריבען, איהם געצווינגען דער טאָכטער זיינער געבען א גט. דאס יונגע פּאָר פּאָלק, זאָגט מען, האבען צווישען זיך זעהר גוט גע־לעבט און ביים צושיידען זיךביידע שרעקליך געוויינט. מיט זייא אין איינעם האט געוויינט זייערם א קליין מיידעלע, וואס איז אין דיא קינדערשע יאָהרען נעביך איבערגעבליבען א וויסטע יתומה'לע. האט דאס וויסטע קינד נעבעך, אויס־שטרעקענדיג דיא הענטליך און זוכענדיג מיט דיא אייגליך, געשריגען א מאָל אין איין קול: טאַ — טאַ!... פלעגט דיא פאראומערטע מאמע זיך בעוואשען מיט בלוטיגע טרעהרען, אָפּענטפערענדיג שטיל, טרויערדיג: שא, נישטאָ טאַ! פאר־וויסט זיינען מיר ביידע, שא, שא!.. און אז ר' יעעב האט דאָ געטראכט, זיך צר־נענרייט „איבערצופיהרען דיא איבעריגע שעפעליך ישראל אונטער זיין רוט" איז ער זיך דערנאָנגען דורך זיינע לייט, וואס האבען איהם אָפּגעטראָגען מיט זייערע איינענע צוגעלייגטע פּזמונות, אז בנימין האט דער „קליפּה" גאר נעגעבען געדעכט, אז דיא טרפה'נע יונגע לייטליך זיינען איהם זעהר געפעלען און ער איז מיט זייא גאר איינס!... ר' יעקב איז געוואָרען אָנגעצינדען, פלאַם־פייער און האט זיך געגעבען א נדר, ער מוז פון בנימינ'ן מאכען אש, דאס האט בייא איהם נאך

געהייסען א גרויסע מצוה. בנימין איז דאך איין אפיקורוס און אקענען איין אפיקורוס מעג מען טאָהן אלסדינג... זוכען א סך וואס צו טאָהן האט ר' יעקב נישט בעדארפט, בייא איהם איז תמיד געווען פארטיג א שפרוך און געקענט צולייגען א קנייטעל...

אין א קורצער צייט ארום איז דער רעוויזאָר פונ'ם אקציז מיט עטליכע פאָליצייסקע איבערגעפאלען פלוצלים בנימינ'ס הויז און איהם פארחתמ'עט אויף אייביג זיין געהייבען שיינקיל... בנימין איז אויף דער עלטער געבעך געבראָכען געוואָרען פון ברויט און זיך נאך פארזעטצט דארויף און דערונטער, צו בעצאָהלען דעם שטראָף, וועלכען מען האט אויף איהם ארויפגעלייגט. ס'איז געווען עפעס איין אונטערגעוואָרפענע מעשה...

---

5.

דיא שיינע פרנסה טייגע. מישטעהנס־געזאָגט, מיט ספרים, האט מיך אויף א היבשע צייט אָפגעריסען פון דער היים, און פונ'ם שטענדיגען ארומוואָגלען זיך צווישען יודישע קינדער, פון איין שטעדטיל צום אנדערען, איז מיר דער קאָפּ נעבלענען נאָר אין דעם ביידעל סחורה, ווייטער איז מיך נישט אָנגעגאנגען דיא גאנצע וועלט, זיא זאָל זיך געווען אפילו איבערקעהרען, וויא דער שטיינער איז פון אלע יודישע סוחרים, בעזאָנדערענס יענע, וואס גיבען זיך אָפּ מיט ספרים... נישט דאס בין איך אויסען. אז איך בין אין־א צייט ארום צוריק געקומען א היים און מיך ארומגעקוקט, וואס טהוט זיך דאָרט אזוינס, האב איך געהערט, אז בנימין איז אויס בעל־הבית, זיין הויז מיט האק און פאק איבערגעגאנגען אין פרעמדע הענדע, מען האט עס אָפגעשאטצט און פארקויפט פאר דיא חובות זיינע. שרה, זיין ווייב, איז פאר גרויס עסעניש און קריינקונגען פון דער וועלט געגאנגען פאר דער צייט, און ער געביך, איין אלמן, לעבט אין נויט, אין פיין, אויף דיא עלטערע יאָהרען עלענד וויא א שטיין. ר' יעקב, אקעגען־זשע, געזונט אייזען, אין עושר, אין כבוד, ברוך־השם, דרעהט וויא פריהער א וועלט און פיהרט נאך אלץ דאס גאנצע שטעדטיל בייא דער נאָז, מיט דעם אויבערשטענס הילף. עס שיינט, בליהט וויא א רויז און זיך דערלעבט אויף דער עלטער זעהען יונגע נייע עזות־פניטער, וואס וואקסען וויא קראָפּאָווע ארום איהם, און וואס וועלען אין זייער צייט, אם־ירצה השם נאך דער פטירה זיינער, ארויף אויפן ביינקעל אָנשטאָט איהם, כדי יודישע קינדער, צאָנ־

קדשים, זאָלען איין רגע חלילה נישט בלייבען וויא שאָף אָהן א פאסטוך, וויא א טשערעדע אָהן הינד. —

און אונזערע יודעליך? וואס מאכען זייא עפּעס, מיט וואס האט זיך אויס־געלאָזט זייער דולעניש א מאָל? — אוי, שוין בעסער שווייגען!... איבערינענס, פּרוכפּערען זייא זיך און מעהרען, זיינען גרויסע קבצנים, גוטע, דומע שעפּעליך, חאפּען א שמיטצעל און שא.

איינמאָל האב איך מיך אריינגעלאָזט אין א שמועס מיט בעקאנטע, בנימין׳ס גוטע פריינד. עס האט מיך אונטערגעטראָגען פאר רחמנות אויף איהם, נעביך, געוואָלד צו וואס אזא מענש איז געקומען! און דורך וועמען? דורך עפּעס א מין נפש, איין עזות׳ניק, א גארנישט, מישטעהנס־געזאָגט! איך קרעכץ, זיפץ אָך־און ־וועה, רעד און רעד, עס פוקעט זיך מיר דאס הארץ און מען זאָל זיך עס חאַטש אָנרופען, ארויס מיט א וואָרט, אלע שווייגען, פאר גרויס שרעק, מסתמא. איינער פונ׳ם עולם, אמת, האט זיך שוין נישט געקענט איינהאלטען, נישט געקענט שוין איבערטראָגען, אזוי האט עס איהם אָנגענומען ביים הארץ. ארומקוקענדיג זיך גוט אין אלע זייטען און געזעהען, אז קיינער, חוץ אונזערינע, איז נישטאָ, האט ער זיך אָנגעלאָדען מיט גרויס גבורה. ער האט זיך אָנגעביינגען און שטארק אין כעס, פלאָם־פייער, אי־אי! מיר אין אויער אויסגעשאָסען בסוד יענעם מיאוס הארב וואָרט:

יאנקוין, א רוח אין דיין טאטענס מאַטענס, טאטענס...!

יענע לייט ארום מיר האבען עס נישט געהערט, אָדער זיך געמאכט נישט הערענדיג כלומרשט, נאָר דער רוח האט זייא פאר שרעק שיעור נישט צוגענומען און זיינען אין איין אימפּעט, וויא דיא מייז אין דיא ווינקעליך, זיך צולאָפען. — איך בין געבליבען, אוי־וועה, איינער אליין! איך שטעה, קוק, שאָקעל־נאך מיט׳ן קאָפּ און שיס פאר הארצוועהטיג אויס מיט א ביטער געלעכטער! —



# א נאכט אין צרות.

---

עס איז שוין העט שפעט אין דער נאכט, גלופסק שלאָפט — און דיא קאַפּעלע האט נאך אלץ געשפילט. צווייא יודישע קינדער קענען קיין אויג נישט צוּמאכען, ווארפען זיך געביך פון איין זייט אויף דער אנדערער — און דיא געלעגערס אונטער זייא ארבייטען: סקריפען, קרעכצען, גיבען אָפּ קאָנצערט, וויא דער שטיינער פון יודישע געלעגערס, וואס צרווינגען זיך, צו שאָקלען זיך, צו פּילדערען זיך, זאָגען שירה ביי־נאכט פון א מינדסטען ריהר. פון א מנין געלעגערס אין א יודיש הויז דיא שירה ביי־נאכט צוהערען איז אודאי אז וואויל; נאָר נישקשה, מיט דער דאָזיגער קאַפּעלע דאָ, פון אונזערע צווייא פארשוינען, אין וועלכער עס האט געטרייא געארבייט א הינקעדיגער, א געריהרטער, א הויקעריגער, אויסגעדיענטער טאפּטשאַן מיט עפּעס א מין ריק־בעט — האט מען געקענט אויך זעהר גוט יוצא זיין. אויף דעם טאפּטשאַן, אין פאָדער־חדר, האט געשפילט אונזער הערשעלע, און אויף דעם ריק־בעט, אין אלקעריל — אונזער רפאל.ביידען האט זיך עפּיס נישט גענומען קיין שלאָף, איטליכער האט געהאט צווינגען און צוזאָגען מיט זיינס.

דיא קשיא איז אָבער: מה נשתנה הלילה הזה, פאר וואס איז פארענדערט געוואָרען דיא דאָזיגע נאכט פון אלע אנדערע נעכט? שבכל הלילות פוג׳ם אונטערגעכטיגען דאָ ביא רפאלין, האט הערשעלע געשלאָפען, אָהן עין־הרע, גאר נישקשהדיג. נאר ביים טרשטען ארייַנטרעטען זיינס אהין, צו רפאלין, אויף נאכטלאגער, איז איהם געוועזען גוט עפּיס אויפ׳ן הארצען, וויא איינעם וועלכען גאָט דער־הויכט פּלוצלים דאס מזל, דאס קליינע, נידריגע שטיבעל, וואו ס׳איז א מעגליכקיים צו בלייבען א ווייל׳ע פאר זיך אליין, אומגעשטערט פון א עולם מענשען, וויא דאָרט אין קלייזיל — האט איהם אויסגעזעהן שררות. ער האט געקוקט אויף אלסדינג דאָרט עפּיס מיט א מין דרך־ארץ, געקוקט, געטאפּט, קוים צורצוריהרען זיך מיט א פינגער און געשמאָכט פאר גרויס פארגניגען. עס האט אַזוי פיעל גע־

הייסען וויא: „אַ־נוא, נום, הערשעלע, מיר האבען אַ נאָם, הא!!“ דאס פארוויסטע באנק־בעטיל, אין־גאנצען וויא־סאיז, מיט דיא שלאָפע פיס, אויסגע־ריבען, צעטרענט, ערמערוויים מיט ארויסגעקראָכענע קישקעס קלאָטשע און אלטע פארשמאָלצעוועטע לאטעס, האט ביייא איהם אין דיא אויגען געהאט דעם זיבענטען חן. וויא דיא מעשה איז — איין אָפגעקומענס, אָפגעבאָרעטעס, פאָרט אַ מיוחס, מיט אַ געשפיקעוועטען בויך, אַ זכר פון אמאָלדיגע גוטע יאָהרען . . . ביים ארויפ־קריכען דארויף דאס ערשטע מאל, האט עס זיך שטארק געטאָהן אַ בייזער, אַ סקריפ מיט גרויס פאראיבעל. הערשעלע איז, איינהאלטענדיג דעם אטהעם, פאר־ביסען דיא ליפען, געבליבען שטעהן וויא אויף משקולת, נישט אהין, נישט אהער, אויס פאָרכט, נישט אָנצומאכען דאָ אַ שפיל, אַ גאנצע חתונה און רפאל׳ן דאָרט פונ׳ם שלאָף נישט ארויסצוברייננען. נאָר באלד אָבער האט ער זיך איינגעשטעלט, האט עס מחילה געבעטען, פאמעליכין — פאמעליכין זיך גערוקט, אויסגעצוינגען, פריהער איין פוס, דערנאך דעם אנדערען — און נישקשה, מיט חסד — שפעטער אביסעל האט אַ קליין בייזעריל איהם שוין נישט אזוי אויסגעמאכט, וואס וויימער, ווייטער איז ער מיט אַ גרעסערען שוין אפילו געוואוינט געוואָרען, עס האט געמענט שרייען, רייסען זיך צעזעטצטערהייט, ער האט זיך דארויס נאר נישט געמאכט און געשלאָפען געזונטערהייט.

בלייבט דאָך מאקי הערשעלעס נישט שלאָפען אצינד אַ גרויסע קשיא!

אפשר איז הערשעלע הונגריג געווען און דער ליידיגער בויך האט איהם גע־מאָהנט מזונות, נישט געלאָזט איהם צורוה? — ניין? ערשטענס, איז אַ יודענס אַ מאָגען גאר נים אזוי אריינגעטאָהן אין דער אכילה, אז וויא באלד עס דערגעהט איהם נישט זאָל ער האבען טענות. צווייטענס, איז דער מאָגען בייא יודען גאר נים אזא פארנעהם, מען זאָל זיך אויס זיינע טענות עפיס מאכען. אזוי פיעל דינים, אזוי פיעל גזרות, אלטע און נייע, אלץ מכח דעם זונדיגען מאָגען וויא איהם צו לערנען דרך־ארץ: דאס לאָז זיך דיר נישט גלוסטען, מען טאָר נישט! דאס יא, נאָר אביסעל, ס׳איז טהייער און דאס איז אַ מוז האָטש פריקרע, הארבליך — אזוינס האבען נאָר מיר, קינדער ישראל, אליין און אין דעם זכות מאקי ושיפען מיר ביז אצינד אין דער וועלט... היינט דריטענס, האט הערשעלעס מאָגען דענסטמאל כלל נישט געהאט וואס זיך צו בעקלאָגען, זינד ער האט אָנגעהויבען „צו נעכטיגען“ איז ער מיט אַ ליידיגען בויך קיינמאָל געגאנגען שלאָפען. בייא רפאל׳ן איז פאר איהם תמיד געווען אַ גלעזיל טהע מיט אַ שטיקעל ברויט, און דיא נאכט גראָד איז נאך געווען אַ קעפיל פון אַ הערינג, אַ ביינדיל מיט אַ שטיקל פלייש אויך,

איבערגעבליבען רפאל'ן פונ'ם מיטאג, וואס ער האט גענוסען אַהן אפעטיט, און הערשעלע האט דערצו אפילו זיך נישט צוגעריהרט.

אפשר־זשע האט זיך הערשעלען נישט געשיקט עפּיס אין דער גמרא דאָרט און דער מח זיינער האט געארבייט, וויא איינצובייסען א הארב תוספות'ל, צופאקען אויף רשי"ס א בעוואָהרעניש, געפינען „דעם רעכטען קוועטש" און אויפטאָהן שפיצעכדיג מיט א גנדראנג? — נאך א מאָל טאקי ניין! אדרבה, פערקעהרט, אין דער גמרא איז איהם היינט אויסגעקומען משונה ווילד גלאט: אי רש"י איז חלילה נישט משוגע, אי תוספות קשיא בלייבט טאקי א קשיא — ביידע זיינען גערעכט.

טילא וואס־זשע פאָרט איז היינט מיט הערשעלען אזוינס דיא מעשה.

אָווא, א מעשה! איהם לאָזט נישט שלאָפען —ביילע!

„אי, רבונו של עולם, ביילע! גנוואלד, טאטוניא, וואו איז ביילע?" — אָט דיא דאָזיגע עטליכע ווערטער פּיקען הערשעלען אין קאָפּ. ארום זייא דרעהען זיך אלע זיינע גטדאנקען און חאפען זיך א מאל ארויס מיט א ביטערען קרעכץ טיעף פונ'ם הארץ. שוין א גאנץ היבשע צייט איז דרינען, זינט הערשעלע האט זיך צו־שיידט מיט ביילע'ן דאָרט אויף דער זאָרגבאנק, אין דער האפנונג, אז אָט־אָט שטעלט זיא זיך אויפ'ן אָרט, וואָהין מען האט זיא געפיהרט, באלד זעהען זייא זיך ווידער און נעהמען ווייטער אפיר דעם איבערגעריסענעם שמיעס וועגען איטליכס פיטצעלע בעזונדער אין דער היים. אונזער עלענטער, פארוואָגעלטער הערשעלע האט זאט אָנגריידען זיך נישט געקענט בייא דעם ערשטען בעגעגעניש מיט א שכן'ס א מיידעלע, כמעט איין איינענע, א היימישע פון קינוויים־אויף. זיא אין־גאנצען האט געשמעקט עפּיס פריש מיט היים, מיט קאבצאנסק — פון איהרע אויגען האבען ארויסגעלויכטען, זיך געלאָזט זעהען פיעל ליעבע זאכען אין דיא פריהערדיגע יאָהרען, אלסדינג, האק און פאק, האט זיך איהם געפיהלט אין איהר שטימע. ער האט אויפגעחאפּט איהר איטליכס וואָרט, אויף גערעדט אליין פאר צעהן און ס'איז איהם נאך איבערגעבליבען גענוג רייד אויף שפעטער — און פלוצלים אזא וועהטיג, אזא אויסחאפּעניש . . . נישטאָ ביילע, וויא אין וואסער ארייינגעפאלען, ביילע!

דיא ערשטע צייט האט הערשעלע זיך געטרייסט אליין מיט דער האָפנונג: אָט אין־גיכען וועט זיא זיך מסתמא ווייזען. וואס דען? אפשר איז זיא דאָרט שטארק פארנומען אויפ'ן נייעם אָרט, לאָז זיא נאָר אביסעל זיך ארומקוקען, קומט זיא זיכער באלד צו רייזען, זיא האט דאך איבערגעלאָזט אויף דער אכסניא איהרע

זאכען. — אז אקענען א חודש צייט אָבער איז זיא אוועק און זיא איז אלץ נישטאָ, האט איהם שוין אָנגעהויבען גוט צו ארען, אצינד האט איהם אָנגעהויבען בעד־שיינפערליך צו אינטערעסירען ביילע. נישט ווייל זיא איז א היימישע, ערשט פון דאס זייניגע דאָרט אין דער היים, נאָר זיא טאקי, זיא, ביילע אליין — ווייל אויף איהר נעביך איז א ביטער רחמנות, ווער ווייסט, וואס מיט איהר נעבעך איז אזוינס געשעהען? דאס געפיהל פון רחמנות האט בייא איהם געוואקסען פון איין אנדער געפיהל, א פארבאָרגענס, עפּיס נאר אָהן א נאָמען — א מין ציהעניש אזוינס, נאך פון קינדווייס אָן, טיף אינעווענינג אין דער נשמה. דאס מין ציהעניש ווידער האט אָנגעהויבען שטארקער זיך לאָזען פיהלען, בעקומען שוין עפּעס א נאָמען דורכדעם טאקי, וואס דאס רחמנות איז אלץ מעהר און מעהר געוואקסען. דיא ביידע דאָזיגע געפיהלען האבען געשפּראָצט, געוואקסען און זיך דערנעהרט איינס פונ'ם אנדערען, דערצו איז אויך געווען נאך א צוגאָב, נאר א וויכטיגע זאך. עס האט זיך דערוויזען הערשעלען גאנץ קלאָהר דאס גרויסע אומגליק, אין וועלכען ער איז געשטאנען. שניאור־וואָלף וואָלט איהם זיכער אין געוואנט ארייגעשטעקט ווען עס זאָל זיך נישט געווען אונטערדרוקען פּכוצלים ביילע. איין גאָט אליין האט זיא אונטערגעשיקט, פּונקט אין דער רעכטער צייט, איהם פון יודישע הענד מציל זיין. און וויא פיעל דאנק איז ער איהר שולדיג פאר אזא גרויסע טובה! ער בעד־דארף דאָך, וויא מען זאָגט, דיא פיס איהר וואשען און דיא וואסער טרינקען, וואס אָבער לאָזט זיך אויס? זיא איהם האט געראטעוועט און ער זיא — בעגראָבען, דורך דעם אוועקגאנג זייערס פון דער אכסניא צו דער זאָרגבאנק, איז ער פונ'ם אומגליק ארויס, און זיא אריין. אוי, דער גוטער מלאך איז פארשווינדען, גאָט ווייסט וואָהין! ס'איז א רחמנות, עס רייסט, רייסט דאס הארץ!... דאס אלסדינג אין איינעם האט אויף הערשעלען שטארק געווירקט, ארויסגערופען אין איהם אזעלכע געדאנקען, אזעלכע הייסע קלאָהרע געפיהלען, וואס זיינע פאר איהם געווען פריהער נאך טונקעל, כמעט א סוד. ביילע'ס געשטאלט איז ארויסגעטרעטען אלץ העלער, העלער, געשוועבט פאר זיינע אויגען, איהם געבריהט, גענאָגט, געצויגען בייא דער נשמה. עס האט איהם עפּיס גלאט אזוי, נישט ווילענדיג זיך געטראכט, שטילערהייט א מאָל געוויינט, געוואָרען עפּיס גוט, ווייך וויא א טייג, זיך געלאָזט פון זיינע געדאנקען טראָגען, וויא א געוויקעלט קינד, און זיך פארטראָגען, פאר־פליהען א שרעק וואָהין!.... ביילע איז איהם פון זינען נישט ארויס און ער האט זיך קיין עצה נישט געקענט געבען, וויא ארום ווערט מען וועגען איהר עפּיס גע־וואויר. — געהען זוכען, פרעגען? וויא געשיקט זיך עס, א בחור'ל פרעגט זיך אויף

א מיידעל! און נאך ווער? ער, הערשעלע! אז ביים דערמאָהנען נאָר איהר נאָמען קומט איהם דיא פאַרב אין פנים, איהם דאכט זיך א שרעק! לייט קענען זעהר גרינג חלילה זיך אָנשטויסען, וואס איהם ליגט אזוינס אין זינען, וואס פאר א שיין בחור'ל, אוי, ער איז — און דענסטמאָל איז ער אויסגעשטעלט, פארפאלען פוןביידע וועלטען אויף אייביג. א קאַטאָוועס עפּיס אזא מעשה, אזוינס גאר צו טראַכטען!... וואו האט מען עס בייא יודען געהערט? גענוג איז דאָך דער ניהנם איין אָפּקומענעש פאר אזוינע זינד, נאָר פיעל ערגער נאך איז אין יודישע מיילער אריינצופאלען. דאס איינציגע טרייסט זיינע איז נאך געווען, טאָמער איז ביילע צוריק א היים אוועקגעפאָהרען. אי דיא זאבען, זיא האט דאָך דאָ איבערגעלאָזט איהר קלימיקעל? מילא, האט זיא פערגעסען, א קשיא אויף א מעשה וואס קען זיך מאבען! אונזער הערשעלע איז שטארק פון פנים אראָפּ. ער האט געזאָרגט, געליטען, נאָר געשטיקט דיא וועהטיגען אינוועניג אין זיך און אלץ געוואַרט אויף א ידיעה וועגען ביילע'ן פון דער היים — ביז ער האט זיך לסוף דערוואַרט און דיא ידיעה טאקי בעקומען.

„יא זוהנוניא — אזוי שרייבט איהם דיא מאמע אין איהר'ס א בריוועל — עיקר שכחתי, האב סאנצעלאָמעס, מיך אזוי פיעל דאָ פארערדט און פארגעסען דערווייל מכח בן־ציון־צביה'ס מיידעל, דורך וועלכער איך האב דיר געשיקט א פּאָר אונטערגענעהטע זאָקען, א קאַפּאָטקעלע מיט א אויסגעלאַטעט העמד, טראָג געזונט ביז הונדערט און צוואנציג יאָהר, ציפּע סאָסיע, זאָל געזונט זיין, האט פון איהרע פיס דיא זאָקען אראָפּגענומען און דיר געשיקט. השי"ת זאָל רחמנות האבען איהר צושיסען דעם בעשעהרטען. שוין ציים. זיא איז נעביך אויסגעטריקענט, געל און גרין אויף מיר קוקענדיג, אויף מיינע פינסטערע ביטערע צרות. דיא אויגען מיינע דיענען מיר נישט, פאר קיין יודען געדאכט, פונ'ם פיצדערען־פּליקען. אוי וועה איז מיר, וויסטע אלמנה! מילא וואס האב איך דאָ געוואָלט, הא, וואס! — יא, מכח דעם מיידעל. קארג איינענע צרות, איז נאך דאָ, וויא זאָגט מען עפּיס, א צוגאָב פרעמדע אויך. בן־ציון־צביה'ס מיין איך. ער איז נעביך אלט, קראנק, א צובראָ־כענער שארבען, האט נישט קיין פרנסה. אזא קבצנות, וויא אין קאבצאנסק היינט, געדיינקען אלטע קאבצאנסקער קבצנים ניט. אז דיא נשמה האלט זיך איז ריינע נסים, נאָר זכות אָבות טאקי, אָח־חאָ־חאָ! און דאָ האט זיין ליעבער נאָמען, בעד־היט זאָל מען ווערען, איהם געשטראָפט מיט א נייא מין שטראָף — פונ'ם מיידיל איז ביז אויף היינטינגען טאָג קיין איינגעטונקטיע פען, קיין גרוס נישטאָ. ער האלט עס נעביך נישט אויס. — טאָמיר, זוהנוניא, זעהסט־דוא זיא, אָדער ווייסט עפּיס

פון איהר, שרייב! וועסט זיך קויפען דאס אייבינע לעבען"....

א כזית חריין ווען הערשעלע זאָל געווען מיט א מאָל אויפעסען וואָלט איהם נישט געווען אזוי ביטער, נישט אזוי פארנאַגנען אין נאָז, אין דיא אויגען וויא פון דער טאַטעס דאָזיגע לעצטע ווערטער. אז ער האט זיך געהאַלטען אויף דיא פיס און נישט געפאַלען, האט ער עס געהאט צו פאַרדאַנקען נאָר דעם שטענדער, ביא וועלכען ער איז, אין קלייזיל דאָרט אין א ווינקעל געשטאַנען אָנגעשפאַרט איבער דער אָפענער גמרא ביצה. דעם גאַנצען טאָג איז ער ארומגעגאַנגען אָהן א קאָפּ און אז ער איז געקומען „געכטיגען" האט שוין רפאל'ס בעטיל אין אלקעריך גע־סקריפעט. — האט באַלד טאַקי זיך געטאָהן א וואָרף אויפ'ן געלעגער, זיך גענומען טראַכטען, זיפצען, קרעכצען געשמאַק וועגען ביילע'ן — און דער טאַפּטשאַן האט צוגעשפיעלט, אונטערגעהאַלטען געשמאַק דאס ריק־בעט אויף זיין שטיינער.

---

מילא הערשעלע האט זיך געוואָרפען אויפ'ן טאַפּטשאַן איז רעכט, ס'איז דאָ א תירוץ — ביילע, אָבער רפאל! וואס בעטייט זיין וואַרפען זיך? דאס קול פון דעם ריק־בעט וואס לאָזט מיך אזוינס הערען?

אוי, עס לאָזט מיך הערען א מעשה! ס'איז כדאי זיא צו בעשרייבען.

וויא דיא וועלט איז בעקאַנט, איז לייבצע דער רויטער אין גלופסק א יוד א נגיד, א לייטישער מענש: מיט א בלייך פנים, א לאַנגע נאָז און א קליין בערדיל— איינגאַנצען מיט דעם יודישען חן. ער איז איינער פון יענע לייט, וואס קוואַקען אויף פיינע־בריות, ארייגצוטרעטען אין דער גוטער כנופיא, וואס ניט פון זיך ארויס פאר דעם פאָלק אלערלייא גבאים, פיהרער, קאָבלעפעל, טהוערס, מאַכערס, טענצערס, נאָך און נאָך אזעלכע ניטצליכע פיינע פארשוינען, צו פאַרזאָרגען אונז, אָרעמינקע יודישע קינדער. געוועהנטליך זיינען זייא דימענטיגע מענשען, וואס נעהמען ביא יענעם ארויס דיא נשמה מיט גוטען; זייא זיינען, דאַכט־זיך, נאר אָהן א גאַל און האבען א פולע נאָז מיט פליי; כבוד איז ביא זייא גאר נישט — נאָר יענעמס, אליין פאַר זיך האבען זייא עס שטאַרק ליעב. ביא זייא איז געלט שמעלט — אָבער נאָר פרעמדס, מיין אייגענער גראָשען זעהר טהייער; נדבות — מהיכא־תיתא, א גרויסע מצוה, נאָר געבען זאָל יענער; זיפצען, קרעכצען אויפ'ן כלל ישראל, אָך, אויף וואס דיא וועלט שטעהט, נאָר קאָסטען זאָל עס נישט קיין פרוטה; יודישקייט איז זעהר טהייער, נאָר א מינדסט אינטערעס־ל איז נאָך

מחיתּער. — לייבצע דער רויטער שניידט זיך אויף א פיינע בריה און לעכצט שטארק אריינצוטרעטען מיט א פוס צווישען דיא גרויסע.

בעפאלען מיט קינדער איז לייבצע נישט געוועז, ער האט געהאט נאָר צווייא טעכטער, יונגע בתולות, דיא עלטערע, א בילד־שיינע, איין איידעלע — חנצה און דיא יונגערע, א דיקע, א ציטערדיגע — באָבקע. יענטעל, לייבצעס ווייב, פיהרט א גוט לעבען, איז א בעל־הבית'טע, קלינגט תמיד מיט א גאנצען בונד שליסעליך און האט אונטער דעם מאן, וויא מען שמועסט, א שיין קניפעל, עסט, שלאָפט, טהוט זיך וואויל, איז אָהן עין־הרע פעט, בעלייבט — און פון דעסטוועגען האפט זיך איהר עפּטערס פונ'ם מויל ארויס א זיפץ, א קרעכץ, זיא קלאָגט זיך, אין א שמועס מיט בעקאנטע, קלאפט זיך אלץ אין הארצען, אז אָט דאָ, דאָ האט זיא א וואונד, שאָקעלט מיט דעם קאָפּ, פארגלאָצט דיא איינעליך, אלץ טענות צום רבונו של עולם: אוי א זוהן, א קדיש! זיא האט שוין איבערגעטאָהן אלע מיטעל, געפריפט אלסדינג, נאָר אומזיסט דיא מיה — נישטאָ קיין זוהן!

— אז איך אליין, איז דער שטיינער איהרער געוועזן צו זאָגען, אז איך אליין נעביך בין אזוי געשטראָפט, אזוי אומגליקליך, לאָמיך־זשע האָטש נחת האבען פון דיא טעכטער, זוכה זיין בייא דעם וואס לעבט אייביג, טאטע־פאטער, אין גיכען זייא אונטער דער חופּה פיהרען און דערלעבען פון זייא יונגליך אייניקליך.

דעריבער קוים איז חנצה אלט געוואָרען פערצעהן יאָהר, האט יענטעלען זיך שטארק פארגלוסט א חתן פאר איהר — עפּיס אזא מין פארגלוסטען זיך נאך מעהר וויא דער שטיינער איז פון אלע אנדערע מאמעס, וואס דער ענין פון קינדער חתונה צו מאכען, גלאט פאר זיך אליין, איז נאָר טאקי א ברענענדיגער יצר־הרע עפּיס בייא זייא... יעטיל האט געברענט, געארבייט אויף אלע כלים, געדולט דעם מאן א קאָפּ טאָג וויא נאכט: גוואלד א חתן, א שידוך פאר דער טאָכטער! נאָר לייבצע האט זיך נישט אזוי שטארק געהיצט, איז געוועזן אין שידוכים א גרויסער איבערקלייבער, איהם האט זיך געגלוסט איין איידעם מיט אלע מעלות: א זיידען קינד, א פרומס מיט א וואויל קעפּיל, פון א געהייבענער משפחה, איינגעטונקען אין יחוס, אז נאָט און לייט זאָלען איהם מקנא זיין. לייבצע האט, וויא א סוחר, געזוכט אין א שידוך א גוט געשעפט — איינצוהאנדלען אי פאר זיך אי פאר דער טאָכטער, עס האט איהם געפּאסט צום עסק זיך משדך צו זיין מיט בערען, איינ־צוקויפען זיך אין דער גאָלדענער פאָהן, גאָלע ציטעס. ער האט געזוכט און ברוך־השם דערטאפּט דעם אנטיק — דערטאפּט א בענציה מיט איין אויסגעווייקט פּנים'ל, א בלייך בחור'ל, א דארס, ערשט בר־מצוה און שוין קאנדידאט אויף

מר׳ ;. הכלל — א תכשיט וויא געוואונשען. חנצה ווערט למזל א כלה, און צו פונפצעהן יאָהר איין אשת־איש, א פלונית׳מע. זיא זיטצט מיט איהרען ביים טאטען אויף קעסט, דאס מאנדעלע איז איין איידעמיל מיט אלע פישטשעווקעס: עס געהט זיך טאָג־טעגליך אין איין צייט דאווגען, בעלאָדען מיט א טלית־און־תפילין־זאק, גרויס וויא ער, קומט צוריק, קושט דיא מזוזה, זאָגט, אין דער וועלט אריין, גוט מאָרגען! מעהר קיין וואָרט — און עסען — אָפּגעגעסען, געהט עס זיך באלד טאַקי ווידער אין קלויז לעהרנען און קומט נאך א מאל עסען. אָפּגעגעסען, ווייטער אין קלויז, קומט אויף דער נאַכט צוריק, זאָגט, אין דער וועלט אריין, א גוט נאָוועגט, עסט אָפּ, און ניכער אין בעט אריין — שלאָפען! עפּיס שמעקט עס טוכלע, נים זיך־נאָך מיט בעל־הבית׳ל, נאר א דערקוויקענעש. חנצה איז זיך דערווייל וויא פריהער טאַקי חנצה — גאר נישט... נאָר מיט א צונעדעקטען קאָפּ. א שטיקעל פארענדערונג אָבער אין איהר, פון נאך דער חתונה, איז יא דאָ—עפּיס שעהמט זיא זיך. דערזעהט זיא איהם, איהרען, לאָזט זיא אראָפּ דיא אויגען, פאר פרעמדע איז נאך וויא ס׳איז, נאָר פאר בעקאנטע ווערט זיא רויט און זוכט וויא אנטרינען צו ווערען, עפּיס איז איהר פריקרע. וואס? — דאס איז שוין איהר סוד. דיא בעקאנטע פלעגען צווישען זיך איבערווינקען זיך מיט א שמייכעלע, נלייך וויא נערעדט: מיר פארשטעהען נישקשה, מיר פארשטעהען.... דיא מאמע פלעגט זיא, ביים אנטרינען ווערען, בעגלייטען מיט א מילדען בליק און שמעלצענדיג זיך אויף שמייכלען דערבייא און צושאָקלען מיט דעם קאָפּ.

רפאל׳ן האבען נראָד דיא נעשעפטען זיינע נעפיהרט בעקאנט צו ווערען מיט ליבצעו, קומען צו איהם אין הויז אריין. נאך ביים ערשטען מאָל זעהען רפאל׳ן פון דערווייטענס דורך דער אָפענער טהיר אין טאטענס חדר, איז ער חנצה׳ן פיר־געקומען עפּיס משונה נייא — א מענש, נאָר עפּיס איין אנדער מין, איין אנדער ריידען, איין אנדער בענעהמונג, איין אנדער קליידונג, אלסדינג אנדערש, נישט וויא בייא יענע, וואס זיינען איהר צו דיא אויגען געקומען ביז אהער. זיא האט הינטער־ווייליכס נעוואָרפען איינעליך אויף איהם, אליין נישט צרוויסען וואס זיא וויל, גלאט אזוי, עס גלוסט זיך חאַפּען א קוק. זיא האט געקוקט און אין קאָפּ בייא איהר איז נאך נישט געוועזען פארטינ קיין פיטצעל מיינונג איבער איהם. אז דער טאטע האט נאך רפאל׳ס אוועקגעהען א מאל נעמאכט אין שטוב א שמועס וועגען איהם, נעלויבט איהם אין טאָג אריין, האט זיא זיך גוט צוגעהערט, נישט צו פארלירען קיין איין וואָרט.

— יא — מאכט לייבצע אויפגערייטט און דאס היטעל פעררייסט זיך איהם

אויפ׳ן קאָפּ — א שיין געשעפּטיל, נאר נישקשהדיג... ער רעדט צו דער זאך, פארשטעהט איין עסק, איז דורכגעטריבען קלוג, וויא א רות. א, א קעפּיל! א שאָד נאָר — בעדויערט ער און קלאפּט מיט א פינגער זיך אויפ׳ן שטערען — וואס ער איז אביסעל דאס... וויא הייסט עס בייא זייא דאָרט, צו אלדע שווארצע יאָהר, אויפגעיורען. נאָר בא, עט... דאָך נישט וויא יענע אָרמע בעלי־עברות, דיא היינט טאָדישע. אויך מיר מענשען מישטעהנס געזאָגט! ... קבצנים! ער, פארשטעהט איהר מיך, ער איז א סוחר, ווייסט וויא צו פארדינען א קערביל. אָט וואס!...

דיא דאָזיגע שבחים זיינען פונ׳ם טאטענס מויל אין דער טאָכטערס אויערען אריין, גאר נים צרוויסען, וואס ער אליין האט זיך דערמ׳ט אָנגעמאכט. זיים יענער צייט הויבט בייא חנצה׳ן אָן צו ארבייטען דער מח. דאָרט אין קאָפּ, וואו ביז אהער איז געווען רוהיג, שטאָק־טונקעל, האט אָנגעהויבען פּלוצים צו טאָגען — עס האט זיך אויפגעחאפּט פונ׳ם שלאָף דער יונגער שכל, מיט איהם האבען זיך אויך גערידערט געדאנקען און זיך גענומען צום עסק: אלסדינג צו בעטראכטען, צו פרעגען, וואס בעטייט דאס, וואס בעטייט יענעס? עס ווערט אפירגענומען רפאל, חנצה׳ס געדאנקען דרעהען זיך ארום איהם, בעקוקען זיין פנים, זיין געשטאלט, אלסדינג, וויא ער שטעהט און געהט. עס שטעלט זיך פיר אויך צוגלייך בנציה, מישטעהנס געזאָגט, אזוי וויא ער איז, מיט דעם פּניציל, מיט דיא צנאָטקעלעך און אלע זיינע ניינג. פארקרימענדיג זיך קעהרען איהרע געדאנקען זיך באלד אום פון איהם ווידער צו רפאל׳ן. יא, ער איז טאקי שיין, דער טאטע האט רעכט.... ער איז בעסער, קליגער, קיין פארגלייך! פונ׳ם קאָפּ רופט זיך עס אָפּ אין הארצען. עס טהוען זיך א נעהם געפיהלען, עפּיס צופּט עס צופּט, מאָנטעט בייא דער נשמה. דאס הארץ נים אָנצוהערעניש — און חנצה׳ן פארווילט זיך איהם נאך א מאָל זעהען. אוי, חאָטש נאר א ווײלע א קוק טאָהן אויף איהם. נאָר אָנשטאָט איהם קומט וויא געוועהנטליך אלע טאָג איהרער, מישטעהנס־געזאָגט, מיט זיין קושען דיא מזוזה און מיט זיין שיינעם גוט־מאָרגען! זיא לאָזט אראָפּ, בייא זיין אריינקומען, דיא אויגען, נאָר דרינען ליגט נישט מעהר קוין שעהמען זיך, דאס וואס פריהער, ניין! דאס איז שוין נאר עפּיס אנדערש — עס קוטט איהר אויס עפּיס פּע, עס שלאָגט צום הארצען... זיא ווערט מיט זיך נישט צופריעדען, האלט עס פון איהר זיים פאר א גרויס אומרעכט, סטייטש, א קענען א מאן! וויא קומט עס צו א יודישע טאָכטער? זיא טהוט זיך אָן א כח דיא זינד צו פארגלעטען—דוקא טאָהן אויף איהם א בליק, ווייזען א פריינדליכע מינע. קוים אָבער פּועל׳ט זיא עס בייא

זיך, אין דער רגע טאַקי קומט איהר, מעשה שטן, אויפ׳ן נעדאַנק, וויא אויף צו להכהעיס, ער. חנצה איז עפּיס מיט זיך אַליין צודרעהט, נישט רעכט צו פאַר־שטעהען, וואס איז איהר אַזוינס געשעהען? זיא זוכט זיך אויס ארבייט, בכדי דעם קאָפּ זיך צו פאַרשלאָגען, מישט זיך אין דעם בעל־הבתיש׳קייט, חאַפּט זיך צו אַזעלכע מלאכות, וואס זיא האט נאָר קיינמאל נישט געטאָהן, דיא מאַמע קוועלט נאָר אָנקוקענדיג, שמעלצט זיך פאַר גרויס פרייד און ניט איהר אונטער חשק: אַזוי, טאָכטער, אַזוי, לעהרען זיך זיין א בעל־הבית׳טע, מיט דיינעם ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר!

זיא שטעהט זיך איינמאל אכיין אין שטוב פריה־מאָרגענס, אָנגעטאָהן א דינס, א שניי־ווייס קאַפּטעלע מיט א געשטיקט קרעקענדיל, פעסט געשפּילעט אַרום א קלאָהר וויא פון עלפענביין אויסגעטאָקט העלזעלע, דאס יונג פּנים׳ל מלא־חן, בלוט און מילך, א מיילכין נאָר צום מאָהלען, שוואַרצליכע־ברענענדיגע אויגען, אויפ׳ן קאָפּ א זיידען טיכיל, אַרויפגערוקט אַביסעל און עס קוקען אַרויס בגנבה האָר. קיינער אין שטוב, חוץ איהר, איז נישטאָ. זיא איז בעשעפטיגט מיט איבער־ווישען גכעזער, אויס וועלכע מען האט געטרונקען טהע. פּלוצלים עפענט זיך דיא טהיר און עס קומט אריין — ער, רפאל. ער וויטעט זיך מיט איהר בנעימות׳דיג אויף דעם נייעם שניט און פרעגט זיא אויפ׳ן פאָטער. זיא ווערט עפּיס צו מישט, רוקט געשווינד אַראָפּ דאס טיכיל און שווייגט. איהם ניט עס עפּיס א נעהם, ער זעהט פאַר זיך א שיינהייט, נאָך נאָר א קינד — און שוין מיט א צוגעדעקטען קאָפּ! ער קוקט א ווייל׳ע אויף אָהן ווערטער און איז פאַרגאַפט. באַלד אָבער געפינט ער זיך ווידער און פרעגט, אויב דער טאַטע וועט באַלד קומען. זיא טראַכט ענטפערען ניין, נאָר נישט ווילענדיג חאַפּט זיך איהר פונ׳ם מויל אַרויס „יא“ און בעט איהם זיטצען, וואונדערט זיך דערנאָך אליין דערויף, וואס זיא האט דאָ געטאָהן, נאָר פאַרפאַלען. אויף דיא איינענע מעשה טאַקי מיט איהם, איידער זיך רעכט צו בעד־דיינקען זיטצט ער שוין אַראָפּגעלאָזט דיא נאָז. וויא דער גוטער יאָהר וואָלט איהם גענומען און אַנידערגעזעצט אויפ׳ן ביינקיל. אין קאָפּ פּיקט עס איהם אַלץ אין איין פּיקעניש: קום, קום, ברודער, זייא נישט קיין לעקיש! און דאס האַרץ אָבער דערלאָזט איהם נישט, אַלץ: זיטץ, זיטץ, נישקשה! דיא האַנד דערווייל נעהמט פון זיך אליין — נעהמט און דרעהט א פּאַפּיראָס. חנצה איז נערען חאָטש מיט וואס ס׳איז צו דיענען און טראָגט אונטער א פּעקיל שוועבעליך. רפאל דאַנקט, זוכט אויס עפּיס א געשפּרעך, תחלת געהט עס שווערליך, קורץ, איבער־געהאַקט, עס קלעפּט זיך נישט. ער — איין מאָל א פרעג, ווייטער א פרעג, גלאַט אַזוי פון דער

העלער הוים, און זיא אלץ: יא, ניין, א שאָקעל מיט׳ן קאָפּ, נאָר דערנאָך שפּינט זיך דאס געשפּרעך שוין גרינגער, לייכטער. מען רעדט איבער דעם גלופּסקען עולם, איבער גלופּסקער „אריסטאָקראַטצען“ — מיני יודעליך אזעלכע, אויפגעיורענע הויזען־בלאָזען. חנצה אינטערעסירט זיך צו וויסען אויב ער איז אויך פון דער קאָמפּאניע און אז ער האט געמאכט מיט׳ן קאָפּ, זיך שטארק פארקרימענדיג, וואס האט געהייסען ערגער נאך וויא זייא געשאָלטען אין טאטען אריין, איז זיא עפּיס לעבעדיגער געוואָרען.

— דער טאטע מיינער — זאָגט זיא — האט זייא נישט ליעב, אָנקוקען קען ער דיא דאָזיגע לייט נישט.

— א א, דער טאטע! — מאכט רפאל און דרעהט מיט דער נאָז, וויא עס האט איהם נישט געשמעקט — זיין נישט קענען אָנקוקען איז עפּעס אנדערש.

פון דעם דאָזיגען געשפּרעך איז מען איבער געגאנגען דארויף, וואס דענסטממאָל האט עס געהייסען גזרות, דיא גזרה פון שקאָלעס און דעסגלייכען, רפאל האט געמאכט א ריידע דערפון מיט א מין — אריינוואַרפען אין חנצה׳ן א פונק, און זיך גענומען בעווייזען, אז דיא גזרות זיינען נאר קיין גזרות נישט. אין מיטען דעם שמועס עפענט זיך דיא טהיר, עס ווייזט זיך א גרויסער טלית־און־תפילין־זאק פון א בן־פקועה פעלכען, ארומגעליאמעוועט מיט בלויע קרייקעס, אויף וועלכע ס׳איז אויסגענעהט עפּיס ווייסע צייכענס און ציפערעס פונ׳ם יאָהר. א הענטיל, נים א שמיר דיא מזוזה, עס הערט זיך א קוש — און אין שטוב רוקט זיך אריין מיט א משונה ווילדען גוט־מאָרגען א קליין יונגערמאַנטשיקיל, א דארס, א בלייכס אין א לאַנגער לאסטיקענער קאפּאָטע מיט א ים־שוימען שטעקעלע אין דער האנד. בנציה ווארפט א בליק אויף חנצה׳ן, אויף רפאלין, ווערט רויט וויא איין אינדיק און לויפט דורך מיט דיא פיסעלעך געשווינד, שטארק אויפגעבראכט צו זיך אין חדר׳ל אריין. אין דעם בייזען בליק זיינעם איז נישט געלעגען דאס וואס מען רופט עס „פפעפערזיבעטיג“, חלילה! וויא קומט עס צו איהם? פרעגט איהם בחרם אזוינס נאר צו טראכטען, חלומ׳ען אפילו וואָלט זיך איהם נישט געקענט אזעלכעס... נאָר וואס דען? איהם האט אונטערגעטראָגען גלאט אזוי, נאר אָהן אלע חכמות, דאס שמועסען איהרס מיט א מאנסביל, איהר זיטצען מיט איהם אָהן א שומר, דאס אליין איז איין עבירה, ס׳איז דאָך דאָ בפירוש א דין — מען טאָר נים... פונקט אזוי וואָלט איהם אויך געארט א פליישיג טעפּיל ביים פייער לעבין א מילכדינס, ס׳איז נישט רעכט, נאך איידער נאר עס קען ווערען א שאלה...

חנצה איז נעבליבען זיטצען וויא אָפּגעבריהט, אין איהר איז פאַרגעגאַנגען אַזעלכעס, פון וואס זיא האט אין איהר לעבען נאך ניט געוואוסט — א גאַנצער קנויל פון פאַרמישטע געפיהלען. דאָ — פיהלט זיא א בושה, גלאַט „מאַן" אליין איז עפּיס פּריקרע, עס בעדאַרף זיין בסוד, נישט אַרויסווייזען עס פאַר לייט; דאָ—איז איהר נישט ניחא דאס שלימזל איהרס, דאס אַריינקומען זיינס, זיין געשטאַלט אַלץ מיט־איינאַנדער, מישטעהנס־געזאַגט, וואס דיינקט וועגען איהם רפאל? פע, וויא קומט דער, איהרער, צו דעם! דאָ—איז זיא בייז אויף זיך אליין וואס געהער זיא זיך אָן אָט מיט דעם? לאָז ער זיך דיינקען וואס ער וויל, אַלץ איינס; דאָ פיהלט זיא זיך בעליידינט פאַר דעם מאַן, פאַרוואס זאָל יענער דיינקען פון איהם שלעכט, ער איז דאָך פאַרט איהרער. עס פאַרדריסט זיא צו־וואס האט זיא דאָ איהם פאַר־האַלטען, א פרעמדע מענשען, וואס וויל זיא, וואס פאַרלאַנגט זיא! און דאָ — פיהלט זיא וויא עס ציהט איהר עפּיס דאס האַרץ, עס ציהט, ציהט א שרעק! — ס'איז אינוועניג אין איהר א קאָכעניש, א פלאָנטערניש, זיא מינעט זיך, דיא פאַרב שטעהט איהר אין פּנים און זיא איז וואונדער שיין, שעהנער נאך וויא פריהער. רפאל פאַרשטעהט איהר לאַגע, פיהלט אַז איצט וואָלט גלייך געווען זיא לאָזען צורות. ער רייסט זיך, רייסט זיך אַוועק געהן, נאָר אומזיסט — ער קען פון איהר דיא אויגען נישט אָפּרייסען. ביידע שווייגען, זיטצען וויא אויף שפּילקעס. באַלד אָבער קומט אָן לייבצע און נעהמט אַוועק רפאל'ן צו זיך אין חדר שמועסן עסק.



# שלמה ר׳ חיים׳ס

(א בילד פון אידישען לעבען אין דער ליטא)

— פון —

## מענדעלי מוכר־ספרים.

1.

א צעהן וויערסטליך פונ׳ם שטעדטיל ק... אין דער ליטא ערגיץ, געפינט זיך א מין קליין דערפיל עפּיס, ארומגערינגעלט מיט גרויסע וועלדער, צווישען וועלכע עס פלייצט א היבשער, א שיינער טייך, וואס לעבין איהם שטעהט א מיהל, און דעריבער הייסט דאס דערפיל מליניצא. אויף איין זייט טייך קוקען ארויס פון צווישען גרינוואַרג און ביימער א דרייא קליינע הייזליך פאַר דרייא פּויערישע פאַמיליעס, דיא איינציגע איינוואוינער דאָרט. און אויף דער אנדערער זייט טייך שטעהט הארט לעבין וואַלד איין־איינציגע שטוב פון קאַלעבדיגע ברעווענעס מיט קליינע פענסטער און א הויכען, אלטען דאך. דאָרט זיטצט חנאָ מליניצער מיט זיין הויזגעזינד, דער ארענדאַר פון דער מיהל, וואס דיא חזקה אויף דער ארענדע נעהט איבער אין זיין משפחה פון טאַטעס צו קינדער. אין גאַנצען זעהט מליניצא אויס וויא א נעסט, וואס ליגט פערבאָרגען אין א ווינקעל, אָפּגעריסען פון דער וועלט, וויים פון מענשען און פונ׳ם טראַקט, נאָר קליינע־שמאלע וועגליך שלענגלען זיך דורך דעם וואַלד דורך טאָהלען און בערגליך און פיהרען צו דערפער, וואס ליגען צוזייעט ארום און ארום. און ווען מענשען זיינען דאָ זעלטען, עס רעש׳ט נישט. עס קאָכט נישט וויא אין שטעדט, דערפאַר שווימבעלט און גריבעלט דאָ אין דיא וועלדער, אין דיא זומפּפען און פעלדער אלערלייא בעשעפעניש, חיות און עופות; דערפאַר לאָזט זיך דאָ הערען אלערלייא קולות: א געזאַנג פון פייגעל,

א קראקען א קוואָקען, א שמוצערען א גרילצען זומער, א וואיען א היילען פון הונגערינע וועלף ווינטער, און א מאל א ברומען פון א פערבלאָנדזיטען בער אויך — און אין דעם דאָזיגען קאָנצערט פערטראגט זיך א רוישען פונ׳ם וואסער ביי׳ם אראָפפאַלען אויף דיא רעדער, א קלאפען, א מאָהלען פון דער מיהל.

ס׳איז אחרון של פסח — א שיינער, א ווארמער ווערקענ־טאָג. דיא גילדענע זון האט ביי׳ם אויפגעהן צעריסען, צעטריבען דיא גרויע וואָלקענס אין דער קופּט און מיט איהר ליכטיג פּנים אראָפּגעקוקט פונ׳ם בלויען הימעל מילד פריינדליך אויף דער ערד. גאָטס בעשעפעניש, אלע פון גרויס ביז קליין, האבען אויפחאפּענדיג זיך פונ׳ם לאנגען ווינטער־שלאָף לעבעדיג פרעהליך, זיך גענומען אימליכער צו זיין זאך. פריש־געלע בלומען שטעקען ארויס דיא קעפּליך פון צווישען יונגע־גרינע גראָז, קוקען ארויס און מאכען חן. ווערבעס ביי׳ם טייך האָפּען זיך אָנטאָהן זייער נייע גרינע זופּיצע, שפּיגלענדיג זיך אין דעם וואסער ריין קלאָהר וויא זילבער. פון דיא ווייטע ווארמע לענדער, דאָרט אין דער פרעמד, קומען עופות טשאַטעסוויים צוריק אהער אין זייער רוה אריין. ווילדע גענז פליסקען זיך ערגיץ צווישען וויספּעס דאָ אין טייך. ווילדע קאטשקעס דרעהען זיך ארום דעם טשערעט, ארויס, אריין מיט א גערילך, א געשווישטש. שוועלבעליך פלאטערן, שוועבען אהין, אהער אין דער לופט, שטארק פערטראָגען אין דעם בויען, פערריכטען נייע און אלטע נעסטער. ברוך־הבאָ! דאס אלטע בעקאנטע פּאָר־פּאָלק בושעלס איז אויך למזל דאָ אין א גוטער שעה. זיא, דיא בושעליכע, שטעהט אויף איין פוס, דאס קעפּיל אין דער זייט, שטעהט בעטראכט איהר אלטע נעסט אויבען אויף א שפּיטץ בוים, און ער אויף דיא לאנגע שטעלצען שפּאצירט זיך האפערדיג אויף דעם זומפּ דאָרט, צו־קוקענדיג זיך צו א קאליזשע, וואו עס שפּרינגען, קוואקען זשאבעס, און פלוצים פּיק־פּיק, א חאפּ אין דעם רויטען ווייטען פיסק אריין... ס׳איז א לעבען, א פריידע, א פליהעניש, א זחשעניש, א געזינגערייא, א געשווישטשערייא אומיטום.

ס׳איז יום־טוב, ס׳איז ווערקענ־צייט! ...

דאס גאנצע הויזגעזינד דעם ארענדארס איז אצינד אין דרויסען. חנאָ זיטצט צושפּילעט אויף דער באנק לעבין דער שטוב, קוקט אויף גאָט׳ס שיין וועלטיל און געהניצט . . . ער האט, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, באלד נאך מיטאג גע־חאפּט א דרעמיל. דיא עלטערע קינדער ארום איהם שטעהען און שמועסען תוך־זאכען: וועגען א גרעבליע, וואס עס האט ערגיץ נישט ווייט פון דאנען אָפּגע־ריסען; וועגען דעם פּאָהרען אהין אין שטעדטיל מאָרגען פריה. איינ־צוקויפען דאָרט

פאַר דעם פּריץ און אויף פאַר זיך נייטיגע זאַכען; ווענען דער שקאַפּע, א זקנה פון א יאָהר דרייסיג, בלינדליך אביסיל, וואס ליגט, מחילה צעליינט אויפ׳ן גרינעם גראָז אקענען, קויקעלט זיך און גנייכט זיך אויס דיא אלטע קראַנקע ביינער, וכדומה נאָך אזעלכע וויכטיגע זאַכען אין דעם בעל־הבתישקייט. דיא יונגערע לויפען ארום פרייא און זיינען שטאַרק בעשעפטיגט: א טייל שטעהען אויפ׳ן בריקעל לעבין דער מיהל, קוקען וויא דאס וואַסער לויפט דורך דיא אָפענע זאַסטאַווקעס, פאַלט אין איין גוס, וויא איין שטיק גלאָז, אראָפּ טיף אונטען מיט איטפּעט, מיט גערוייש און צעשפּריגנט אין טויזענטער קליינע שפּריטצליך, שפּילענדיג אקענען דער זון אין אלערלייא קאָהלירען, וויא בריליאַנטען. ווידער א טהייל שטעלען־אונטער שיסעליך לעבין בערעזענע ביימער, פון וועלכע עס רינט, דורך א נעטאַכט שפּעלטיל אין זייא, א נעשמאַקער, קלאָהרער זאַפּט. אלע זיינען פרעהליך, זעהען אויס יום־טוב׳דיג. צוציק, דער הונד, א דיקבייכיגער מיט קורצע פיס און שווארצע פלעקען אויף דער שמוטציג־ווייסער פעל, איהם פרייעט זיך אויף דאס הארץ, פיהלט אויך, אז היינט איז יום־טוב. ער האט היינט נישקשה געחאַפּט שיריים אונטער דעם טיש, אָפּגע־לעקט א ביין. ער פעררייסט דעם ווידעל, טאַנצט, שפּרינגט משוגענערוויס אהער, אהין, אונטערפּישטשענדיג עפּיס אויף א מין משונה הינטיש קול.

אויף א פריי־גרינעם פּלאַטץ אין וואַלד הינטער דער שטוב, זיצט אויף א שטיק קלאָטץ פון א גרויכער אומגעפאַלענער סאָסנע חנא־מלינעצערס ווייב, א שעהנע בעטאַגטע יודענע, אינאיינעם מיט איהר טאָכטער, א ווייביל פון עטליכע און צוואַנציג יאָהר. אקעגען אויפ׳ן גראָז זיטצען אָנגעלעהנט צווייא קינדער איהרע— א מיידיל, א שיינהייט, א בלאָנדינקע מיט געקרויזטע לאָקען פון א יאָהר פינפצעהן, און א יונגעל אויף א פּאָר יאָהר יונגער פון איהר. ס׳איז עפּיס נאר ניט דאס פּנים, דאס אויסזעהען בייא דיא דאָזיגע דאָ וויא בייא יענע דאָרט פאַר דער שטוב. יענע און דיא זיינען עפּיס וויא אנדערע מענשען. יענע זיינען אויפגערייִמט, יום־טוב׳דיג און דיא זיינען פערא׳מערט, פערזאָרגט, זיטצען עפּיס וויא תשעה־באָב צו דיא קינות. דיא מאַמע און דיא טאָכטער ביידע זעהען אויס שטאַרק צעטראָגען. ביידע האבען אויפ׳ן הארץ זעהר פּיעל און שטיקען זיך מיט א וואָרט, איינע וואַרט דיא אנדערע זאָל אָנהויבען צו ריידען.

— נו, לאָה! — האט לסוף נאך א היבשער צייט שוויינען דיא מאַמע גלייך וויא אין דער וועלט אריין א זאָג געטהאָן — האבען מיר שוין, ברוך־השם, דעם יום־טוב אויף איבערגעקומען. נו וואס ווייטער, לאָה?

— ווייטער איז צרות. דיא אלטע צרות. אזוי, אזוי, מארגען פאהר איך מאמע!

— אז דוא וועסט בלייבען צוגאסט נאך א פאר טעג, לאה, וואס קען עס דיך ארען? — זאגט דיא מאמע און דיא אויגען פערלויפען איהר מיט טרערען.

— איך קען נישט, איך קען נישט! — ענטפערט לאה, א מאך געבענדיג מיט דער האנד.

— זיא קען נישט! — מאכט דיא מאמע בעוואשענדיג זיך מיט טרערען — ס'איז איהר ביטער שווער לעבין דער מאמע!...

— זעהסט דאך, מאמע, אז איך בין צו דיר געקומען.

— געקומען, זאגט זיא ... יא, דוא ביסט געקומען, א שיינעם דאנק דיר. נאר. . . דאס מאמעס הארץ פיהלט — פיהלט, אז דער טאכטער איז שווער. זיא זיצט דא וויא אויף שפילקעס. זיא שווייגט און דיא אויגען איהרע ריידען, איטליכער בליק איז א שטאך, איטליכע מינע איז פול מיט פערדראס, ביטער וויא גאל. געוואכד, איך האלט עס נישט אויס, עס שניידט מיך ביז אין דער זיבעטער ריפ!

— מאמע!...

— וועה איז דער מאמע, וואס האט דיא וויסטע מאמע געקענט טאהן, בעסער מאכען? ס'איז מיר אויסגעקומען חאטש לייגען זיך, שונא־ציון און שטארבען, אויסגעהן פאר הונגער, און וואס וואלט געווארען פון דיא ברעקליך קינדער?

— און היינט, וואס וועט היינט פון זייא ווערען? — מאכט לאה, מיט א זיפץ פונ'ם הארצען.

— היינט? וויא דיא מעשה איז, איידיל איז א כלה און דוד'ל...

— איין איבערביינדעל, א בילטע איטליכען אין דיא אויגען . . . און איידיל, מישטעהנס געזאגט, איז א כלה! ס'איז נאר א וועהטיג צוהערען... איידילע, וואס איז דיר? ! — טהוט זיך לאה א חאפ צו דער שוועסטעריל וואס האט פלוצים זיך א קרום געטהאן און בלייך געווארען וויא דיא וואנד — דיר איז נישט גוט, טהוט וועה? ווייטער אין דעם הארצען?...

— נישקשה, לאה, נארנישט. גלאט אזוי זיך א שטאך.

— געה, נשמה, — רופט זיך אן דיא מאמע — געה אין שטוב אריין און לייג זיך צו. געה, דוד'ל, מיט איהר און דעקט זיא דארט גוט איין מיט מיין שאל.

ביידע קינדער הייבען זיך אויף און געהען אוועק אומעטיג מיט אראפגע־לאזטע קעפ.

— שיינע תכליתים! איידיל איז א כלה, יא נעביך א כלה, א וויסטע כלה! — זאגט לאה בעטריבט, שאקלענדיג מיט'ן קאפ — א יונגע רויז, ערשט אנגעהויבען בליהען און שוין פערדארט...

— לאה, איך האלט עס נישט אויס! א הארץ האב איך פול מיט מכות און דוא שיטסט מיר נאך זאלץ אויף דיא וואונדען. געוואלד וואס בין איך שולדיג, וואס האב איך געקענט טהון? געוואלד רחמנות, האב רחמנות!

— נו, נענוג נענוג, מאמעניו!... קום בעסער זעהן וואו איז ערגיץ שלמה. וואהין ווערט ער עס אזוי אפט עפיס וויא פערפאלען?

— זאל איך אזוי וויסען בייז. דעם הײנטיגען ווינטער, וואס ער איז דא בייא מיר, האט ער פערבראכט אין לערנען. פלעגט אויפשטעהען פארטאג לערנען גמרא פאר זיך, און בייא טאג — מיט דיא קינדער. דיא מאמע האט נאר אנגעקוואלען פון אזא זוהן. דאס הארץ האט מיר זיך געפרעהט קוקענדיג אויף איהם. דיא לעצטע צייט אבער איז ער עפיס וויא איבערגעביטען געווארען. דיא גמרא אין דער זייט, תמיד פערטראכט, שרייבט, טענטעלט, איך זאל אזוי וויסען פון צער וואס ער טענטעלט אזוינס. און זינד ס'איז ווארם געווארען, עס האט אנגעהויבען אומיטום צו וואקסען, צו שפראצען, בלאנקעט ער זיך שטענדיג איינער אליין אין וואלד ארום. אלץ פערטראגען, פערפלאמט. טאמיר ווייסט־דוא וואס? אין מיטעל וואלט געוועזען חתונה מאכען, נאר ער איז אבער א פנים, א שלימטזל...

— אין וואס, מאמע, זעהסט־דוא עס ארויס?

— ס'איז א וועהטיג צו זאגען. דרייא כלות איינע נאך דער אנדערער האט מען מיר גערעדט פאר איהם. איך בין געפאהרען זייא אנקוקען. און וואס לאזט זיך אויס? איינע איז א בלינדע אויף איין אויג, דיא צווייטע מיט א צוגעפלעטשטער נאז און דיא דריטע הינקט־צו אויף א פיסיל. דאס מזל זיינס איז שוין א פנים, אזוי... מילא חתונה מאכען — נישט, וואס דען־זשע? ווייטער אין דיא ישיבות אריין, זיטצען און לערנען דארט, דערפון וויל ער נישט הערען. לאז מיך צורוה, זאגט ער, מיט דיינע ישיבות, מיט דיינע תכליתים! נענוג געשווארצט דאס פנים, נענעסען טעג, נענוג נעקוועטשט דיא באנק, געריבען זיך. רייבען זיך ווייטער דארט ביז איך וועל מיך אויסרייבען און ווערען א שמאטע — פע! נענוג אויס־געריבענע שמאטעס בייא אונז אהן מיר אויך... דוא הערסט א לשון אביסיל

פון א בחור, א זיבצעהניעהריגען בחור! — שא, אָט נעהט ער, אָט איז ער אליין! מאָמיר וואָלסט־דוא, וויא א שוועסטער, געפריווט מיט איהם א רייד טאָהן, גלאט אזוי זיך.

א בחור'ל מיט שווארצע נעגרייזעלטע האָר, א הויכען שמערען און ברער־נענדיגע אויגען ווייזט זיך פונ'ם וואלד. ער לייענט געהענדיג עפּיס א ביכעל, שטארק פערטיפט אזוי, אז ער זעהט נ'שט וואס ארום איהם.

— הא, וואס איז עפּיס אזוי פערטראכט שלמה! — מאכט דיא שוועסטער מיט א שטייכעלע, אָפּשטעלענדיג איהם אויפ'ן וועג.

— א־א, לאָה! — טהוט זיך שלמה א חאפּ און באלד טאקי קוקט ער אריין ווייטער אין ביכעל.

— עפּיס ביסט־דוא העמ־העט דאָרט, נאר ניט אויף דעם עולם — זאָגט לאה, ארויפלייענדיג דיא האנד איהם אויפ'ן ביכעל — וואס איז, איך בעט דיך ד אָ ר ט אזוינס?

— דאָרט איז נישט וואס דאָ — ענטפערט שלמה, אָנקוקענדיג דיא שוועסטער — דאָ איז צרות...

— אויס יום־טוב, שלמה! רופט זיך אָן לאה און אין דיא אויגען שטעלען זיך איהר טרערען — מאָרגען פאָהר איך, דאס וואס ס'איז דאָ צוריידען לאָמיר ריידען היינט. קום.

דיא מאמע נעהט אונטער איין אויסרייד אוועק אין שטוב אריין, איבער־לאָזענדיג דיא קינדער אליין, און זייא, דער ברודער מיט דער שוועסטער שפּאצירען ארום, אהין־אהער,ביידע ארייננעטהאָן אין א ווייטען א ברייטען שמיעס, און וויא עס זעהט אויס נאר ניט אין קיין פרעהליכען שמיעס.

דערווייל פאלט צו דיא נאכט. שטילער, שטילער ווערט דאס גערויש, דאס נעווימעל ארום און ארום. איינס נאך דאס אנדערע צינדען זיך אָן שטערענדליך אין דעם הימעל. וואלד און פעלד שווייגט, אלכדינג דאָרט רוהט. עס גלעט זייא, פערוויגט זייא דאס מילדע ווארמע ועסנע־ווינטעל. דער סאָלאָווייא זינגט זייא א שיין לידעל, זשאבעס קוואקען, דערצעהלען זייערע אלטע מעשיות — און נאָכ'ס בעשעפעניש שלאָפט. עס שלאָפט אונטער דעם שאָטען פון ביימער און ביטע־עט אויף דער טייך, איבערגעדעקט מיט טומאן. שא, שטיל, נאָר וואס א מאָל טהוט זיך א וואָרף פון אונטען א פיש און דערלאנגט איהם א פּאטש.

בייא חנאָ מליניצער אקענען איז דאס גאנצע הויזגעזינד אצינד אויף —

טען פטרט ארויס דעם פסח פון שטוב, און דאס ארויספטר'ן איהם, האק און פאק מיט אלע זיינע כלים, מאכט אָן אויף דעם יודענס נשמה עפּיס א מרה־שחורה. אך, רבונו־של־עולם, וויפיעל חן עס ליגט אין דעם פסח'דיגע פארעווען טאָפּ, אין דעם גרויסען בייכיגען בייטיל, אין דיא מאקערטעס, פלעשליך און גלעזליך! דאס איינענע גלעזיל, וואס אלע נעכט פון א גאנץ יאָהר, איז אזעלכעס פראָסט א קעלישיקיל, הכיכה הזה, דיא נאכט פון פסח, איז עס א כוס... עס שיינט עס רעדט עפּיס ווערטער, עס דערמאָהנט א מאָל אויף אין אלטע צייטען, וועלכע עס האט איבערגעלעבט, און עס הערט זיך א גרים אייניקליך פון זיידעס, באָבעס... דער איבערגאנג פון יום־טוב צו וואָך לאָזט זיך איבערהויפּט שווער פיהלען ווע: יודען, נאך שווערער, נאך איז איהם אויפ'ן געמיטה ביי'ם געזעגענען זיך מיט דעם פסח — אויס פריץ, ווייטער א יאָך!...

מאָרגען גאנץ פריה האט פון מליניצא זיך געלאָזט א וואָגען, וועלכען עס האט געשלעפּט מיט איהר כבוד אליין דיא אלטע שקאפּע, וואס איז געלעגען נעכטען צוליינט מחילה, קויקלענדיג זיך פראנק און פרייא אויפ'ן גרינעם גראָז. אויבען אין וואגען אויף פעקליך זאכען מיט א גרויסער קישען זיטצט לאָה. איינער פון חנאָ'ס זיהן זיטצט אויף דער קעלניע, מיט א בייטשיל אין דער האנד, גלאט אזוי זיך, פון יוצא ווענען, נישט צו בעליידיגען דערמיט חלילה דיא זקנה נעביך, וואס איז כמעט צווייא מאָל עלטער פון איהם און האט נאך דעם זיידען זיינעם, עליו השלום, געפיהרט. זיא נעהט זיך איהר וועג געלאסען, העצקענדיג זיך שיין פיין, וויא איהר שטעהט אן, און צוציק דער הונד, לאָזט, וויא א טרייער נעזעלע; זיא נישט אָפּ: דאָ דרעהט ער זיך איהר אקעגען, פלאָנטעט זיך איהר צווישען דיא פיס; דאָ הייגנט ער זיך איהר אויפ'ן האלז אונטערשפּרינגענדיג אין אָנהאוקענדיג איהרע פולע אויערען, דערנאך טהוט ער זיך הענדום־פּענדום א יאָג, פערלויפט איהר דעם וועג העט ווייט און שטעלט זיך ווארטען אויף איהר דאָרט, ארויסשטעקענדיג א צונג און מאכענדיג מיט דיא זייטען. שפּילענדיג און העצקענדיג זיך אזוי איז דער וואָגען אין א פּאָר שעה ארום אריינגעפאָהרען אין ק... גלייך אויפ'ן מארק.

---

## 2.

צווישען דעם רינג הייזער אויפ'ן מארק, דער שענסטער פלאטץ אין דעם שטעדטיל ק . . . שטעהט א היכצערנע שטוב מיט א גאניקעל, כמעט איין פאסאן, איין געשטאלט מיט דיא אלע אנדערע הייזער דארט, נישט מעהר, וואס זיא איז אפגעטינקעוועט, ווייס אפגעשמירט פארענט אויף דער גאס ארויס. דאס קליינ־שטעדטילדיגע, אלטפעטערישע לעבען איבערהויפט און דאס געבייא פון דיא הייזער איז, קען מען זאגען, וויא דאס לעבען און דאס בויען געסטען בייא פיינעל, פראסט איין שטיינער, איין שניט פאר אלע גלייך. עס [illegible] געגוג זיין, פון א זכר וועגען אפצומאהלען איין הויז פונ'ם רינג הייזער אין שטעדטיל ק . . . למען ידעו דורותיכם . . .

לאזען קינדס־קינדער וויסען אין וועלכע הייזער דיא זיידעס זיינען געזעסען און האבען אפגעלעבט זייערע יאהרען אינאיינעם מיט קינדער, קליינע און גרויסע און פארפאלקען אויף קעסט !

ביים עפנען דיא טהיר קומט מען גלייך פון דער גאס אריין, אזוי וויא מען שטעהט און געהט, אין א חדר, א גרויס, א לאנגס, דער עיקר דירה, וואס הייסט אייגענטליך שטוב. אין דער הינטערסטער וואנד פון שטוב, אינווענינג אקעגען דעם אריינגאנג, פיהרט א טהיר אין א פינסטער הויז, אהן פענצטער, אהן א באלקען — איין ארט פאר האלץ וכדומה נייטיגע זאכען אין דעם בעל־הבתישקייט און א מאל איז עס אויך א שטאל פאר דער בהמה, בשעת דיא גרויסע פרעסט ווינטער אדער ווען זיא איז קעלבינג, א שטיינער, און קען נעביך נישט נעכטיגען, וויא געוועהנטליך, אין דרויסען. בייא דער זייט פון דער דאזיגער הינטער־טהיר לינקס, שטעהט א גרויסער אויבען, אויף צוקאכען און באקען, און אונטער דעם פריפעטשיק איז דא איין ארט (א קאטוך) פאר עופות, וואס ליינען דארט אייער און קוואקען, וואס נעכטיגען דארט ביי נאכט, קריכען גאנץ פריה פון דארט ארויס און שפאצירען זיך פרייא אין שטוב ארום, פול אין איטליכעס ווינקעלע, אויף טיש און אויף ביינק. הארט לעבין דעם אויבען שטעהט א רובע פון גרינע קאפלעס, א הויכע, א לאנגע מיט צווייא ביינק: דיא פליישיגע און דיא מילכיגע באנק. אט דיא דאזיגע ביידע אויבענס און א וועגטיל מיט טהירליך נאך זייא, וואס ציהען זיך איבער דער גאנצער לענג שטוב, צעטהיילען זיא אין צווייא העלפטען, איין העלפט איז דיא הויפט־דירה, וועלכע איז דא בעשריבען, און דיא אנדערע בעשטעהט פון אלקערליך פאר

זיך און פאר שכנים. אקעגען דער רובע היינט פונ׳ם סופיט אראפ א לייטען קוימענדיל, עפיס וויא א מין גלאק מיט צווייא דראטענע קייטעליך, איינס אקעגען דאס אנדערע, אונטען ביים ראנד, צו וועלכע עס ווערט צוגעקייטעלט עפיס א מין אייזערנע סקאוואראדע (א לוטשניק), אויף וועלכער עס ווערט צוליינט א פייעריל פון דארע שפענדליך צובעלייכטען אלע אווענד דיא שטוב, חוץ פרייטאג צו־נאכט. וואס דענסטמאל ווערט עס בעלויכטען פון חלב׳דינע בענשליכט אין מעשענע לייכטער אויפ׳ן טיש און אין דעם זעקס־רעהרענדינען קופערנעם הייננ־לייכטער אויבען מיט איין אדלער. דער דאזיגער „לוטשניק״ נימ, וויא דיא זון, ליכט ווארמקייט דעם גאנצען הויזגעזינד און טראגט אריין פרעהליכקייט, לעבען אין שטוב. ארום איהם פערברייננט מען דיא ווינטער־נעכט אין געזועלשאפט מיט עפיס איין ארבייט, אדער גלאט אזוי זיך א געשפרעך. ווייבער, הייםישע און א־מאל אויך איינע אדער א פאר נאהענטע שכנות אין דערמיט, זיטצען זיך אויף דער פ׳יישינער, אויף דער מילכינער באנק, פליקען פעדערען און בעריידען דיא וועלט. שבת־צו־נאכט ווערט צוגערוקט א טיש, מען לייענט פיר פון „ספר־הישר״, פון „גדולת יוסף״ — און מען עסט געזאכטע קארטאפלעס. חנוכה שפיכען דיא קינדער אין דריידיכ, דיא עלטערע אין קארטען — און מען עסט לאטקעס. און גלאט אזוי א נאכט, ווען מען פרעגעלט שמאלץ, זיטצט מען אויפגערייטט, דערצעהלענדיג מע׳שיות — און מען עסט גריוועו.

אויך לאזען דיא קינדס־קינדער וויסען, אז אויף מעביל האבען דיא זיידעס זיך שטארק נישט אויסגעבראכט. א זיידענס שטוב איז אויסגעשטעלט געוועהנטליך אזוי: לאנגע הילצערנע ביינק ביי דיא ווענד, אויבענאן א לאנגער פיערפיסיגער, רויט־געפארבטער טיש, שווארצע און ווייסע קעסטעליך, איינס איבער דאס אנדערע געהיפערט, אין דערמיט טיש אויף צושפילען אין דאמקעס. דארט אין א ווינקעל פון דער העלפט וואנד ביז צו דער סטעליע, שטעהט פעסט איינגעפאכט א ווינקעל־שאפקלע מיט געגלייזטע טהירליך, פון וועלכע עס קוקען ארויס א בעכער מיט קידוש־גלעזליך, א הדס׳ל פון דראט־ארבייט, א חנוכה־לעמפיל, א פושקעלע פאר דעם אתרוג סוכות, א מייערקעפיל אויף־חידושים, א טאץ מיט שעלכליך אויף איינגעמאכטס, טעמבעקאווע און ווארשאווער־זילבערנע לעפעל. גאנץ הויך אויף דער וואנד היינגט א שפיגעל, אין וועלכען ס׳איז נישט מעגליך זיך אנצוקוקען ביז מען שטעלט זיך נישט אויף א ביינקעל, און נאך אלע מיה זעהט מען אין איהם אויס גרין און געל מיט געשוואלענע באקען פון ציינווערטיג. ס׳איז זיך גלאט אזוי א שפיגעל פון־שיינקייט וועגען, נישט חלילה צושפיגלען זיך. פעו!... דערפאר

אז מען איז שוין ארויף אויפ'ן ביינקעל זעהט מען חאַטש דאס נעמעהל אויף דיא פאַרטרעטליך, וואס הייננען איהם בייא דיא זייטען: עפּיס א יוד א גאון אין טלית און תפילין, א מין יענעראל אויף א פערד, האלב צוביסען פון פלינען אויף א „מזרח״ מיט צאצקעליך און משונה ווילדע חיות, וואס זיינען נאך לעת־עתה אין אונזערע לענדער נישטאָ.

אויף לאָזען קינדס־קינדער וויסען, אז א זיידענס שטוב אין דעם שטעדטיל ק... איז מסוגל צו אלע מינים בעדערפעניש אין דעם מענשענס לעבען. א חוץ וואס זיא דינט פאר א קעך, פאר איין עס־ציטער, אויף פאר א שלאָפצימער, וואו מען שלאָפט אויף צונויפגערוקטע ביינק בייא דיא וועגד און בייא דיא אויוועגס, איז נאך אין איהר געוועהנטליך דאָ א שיינקיל אויף. א גאנצע וואָך, פאר דעם ביסעל שטאָדט־גוים, דלפנים, איז דאָ נאָר בראנפען און בייגעל: בשעת דיא ירידים אָבער אין דיא מארק־טעג, איז שוין אויסגעשטעלט פון פיינעל־מילך: געקאָכטע אייער, שטיקלעך לעבער, הערינג און פיש מיט דרילעס אויף. ווינטער בשעת דיא קאָ־ליאדעס זייערע פערקלייבען זיך אהער אלע אָווענד אויסגעפוצטע שיקסעס מיט בחורים־שקצים א פולע שטוב, אזוי איז שוין פון אייבינ אָן געשטעלט. זייא זיטצען, קנאקען ניס, בלאָזען זיך, לאכען, פלוידערען, זינגען, שטיפען און פארזיטצען זיך שפעט ביז מען שפריצט זייא אָפ מיט וואסער און שטופט זייא ארויס, אזוי איז אויך שוין פון אייבינ אָן געשטעלט. און ווען דיא שטוב טויג פאר א טעאטער א פשיטא שוין טויג זיא פאר א קאזארמע. קיין בעסער אָרט אויף צומושטירען סאָל־דאטען וויא אין דעם זיידענס שטוב ווינטער אין דיא אָבענדען איז גאר נישטאָ. ס'איז ווארם, ס'איז ליכטיג, מען זעהט וויא צו געבען — א פאטש...

אָט אזא מין שטוב איז אויף יענע אָפּגעטינקעוועטע צווישען דעם רינג חייזער, וואס האט געגעהרט צו ר׳ חיים'ן — א שיינער געהויבענער בעל־הבית, א פארנעהם אין דעם שטעדטיל.

צו זיין א שיינער יוסטער בעל־הבית איז אין ק... נענוג געווען צו האבען א שטוב, א קוה און עפּיס א שטיקעל פּרנסה דערצו, אָבער צו זיין א פארנעהם, געאכט, געליבט איז קארג א רייכקייט, אפילו א סך א גרעסערעס דערפון. אין דער ליטא א מאָל, היינט אפשר שוין נישט אזוי, האט מען געלייגט כבוד נישט אזוי אויף געלד וויא אויף תורה. א גראָבער יונג א רייכער בלייבט נאך אלע זאכען פאַרט טאַקי א גראָבער יונג, וויא דעם עולם'ס ווערטיל טאקי: פון א חזיר־שווענציל קען מען קיין שטריימיל נישט מאכען. שפרינגען אויבענאָן, זאָגען דעות — דאס

לינט שוין אזעלכען און זיין גלייכען בטבע, זינט דיא וועלט איז בעשאפען געוואָרען, מען מוז נאך אפשר אמאָל צוזעה׳ אזוינס, הערען און שווייגען, נאָר נעהמען אנידער־זעטצען אזעלכע אויבענאָן און קוקען זייא אין מויל אריין מיט׳ן גוטען ווילען, ליעב האבען זייא באמת פונ׳ם הארצען — אָ, ניין, זוכה זיין דערצו בעדארף מען זיין א למדן, גוט און פרום, האבען זכות־אבות. יחוס איז נישט דאס בייטעל נאָר דער קאָפּ, דאס הארץ. אָט אזוי איז אין דער ליטא איבערהויפּט, בפרט נאך אין דעם שטעדטיל ק . . . איין אָרט פון תורה פון אייביגע יאָהרען, וואו דיא איינוואוינער זיינען כמעט אלע לומדים. וואו דער בית־המדרש, דער קלויז איז פול מיט בעלי־הבתים און בעלי־הביתליך, וואס זיטצען און לערנען, אויך מיט ישיבה־בחורים, פרושים פון דער פרעמד, וואס פערלאָזען ווייב און קינד, קנייטשען דיא גמרא און עסען טעג; וואו אלע פארנאכט, בין מנחה למעריב, פערקלייבען זיך ארום בעזונדערע טישען בעלי־מלאכות און נאך אנדערע פונ׳ם עולם, צוהערען א גוט וואָרט פון דיא פירזאָגער דאָרט — בייא איין טיש „מדרש“, ביים צווייטען „עין־יעקב“, ביים דריטען „פסוק“, ביים פערטען „חובת־הלבבות“ וכדומה אזעלכע חקירה און מוסר־ספרים; וואו שבת און יום־טוב ווערט פונ׳ם בעל־מימר לעבען דעם אָרון־קודש, געזאָגט פלאמענדיגע דרשות, וואס צינדען אָן דאס הארץ פון דיא כנסת־ישראל מיט היילינגער ליעבע צו דער שכינה, וואס זיינען געווירצט מיט טרייסט־ווערטער פון דיא נביאים, מיט משלים, קלוגע, שארפע גלייכווערטליך פון דיא חכמים, מיט א קול, מיט א ניגון וואס דערקוויקט, צונעהט זיך אין אלע אברים. אין אזא שטעדטיל אז מען איז זוכה צו זיין א פארנעהם, מסתמא איז עס ניט אומזיסט, מסתמא איז מען גוט, פרום און געלערענט, מיט אלע מעלות.

און ר׳ חיים האט דיא אלע מעלות אין זיך געהאט. מען קען זיכער זאָגען, ווען ר׳ חיים׳ס „פּאָנדיש“, זיין גאנץ פארמעגען בייא זיך אין שטעדטיל וואָלט ערגיץ אנדערש זיך אָנגעזעהען וויא גאר נישט, אקעגען־זשע וואָלט דער איינענער ר׳ חיים מיט זיינע מעלות אין א גרויסער שטאָדט געוואַססען, געווען פיעל מאָל גרעסער, נאך געהויבענער.

נאך אין דיא רעכטע יונגע יאָהרען, ווען אנדערע, נישט קיין יודישע קינדער, טראכטען ערשט חתונה האבען, איז שוין ר׳ חיים געוואָרען א זיידע און שרה זיין ווייב א באבע למזל. לויט דעם חשבון יאָהרען, גערעכענט צוריק, פונ׳ם זיבעטען קינד לעת־עתה ביז דעם עלסטען זוהן, שוין א טאטע, אויף קעכט נאך דערוויל, האט ר׳ חיים חתונה געהאט, א־פּנים, ווָהר פריה, כמעט נאך גאר א

קינד. עס האט געהייסען, וויא שרה פלעגט ליעב האבען אפט צו דערצעהלען, אז זיא איז נאך געווען א קליין מיידעלע און ער, דער מאן, א קליין יונגעלע, האט מען זייא פלוצלים אפגעשטעלט א חופה, אין דער בהלה, נישט היינט געדאכט. נאר ווען בהלה, וואס בהלה? — דאס מאכט א יודען נישט אויס, אזעלכע אדער אזעלכע, אלץ איינס. ווער קען זיך זייא אלע אנגעדיינקען? ! מעגליך אז דאס איז געשעהען בשעת דער גזרה, מען זאל נעהמען יודישע קינדער פאר רעקרוטען. דענסטמאל האבען יודען זיך נעקלינגט, אין חאפעניש, אין איילעניש אפצושטעלען חופות ברעקליך קינדער, גאנץ שכל׳דיג אזוי: וויא באלד אז דוא, שנעק איינער, קענסט זיין א זעלנער, קענסט דוא דאך זיין א בעל־הבית אודאי!...

ר׳ חיים איז געווען, וויא מען זאגט, אי צו גאט, אי צו לייט. זיין צייט איז געווען אפגעגעבען צו דער פרנסה, צו תורה און אויך צו שטעדטישע זאכען. יאהרענלאנג האט ער געהאלטען דיא טאקסע פונ׳ם פלייש אין דעם שטעדטיל. יאהרענלאנג אוועקגעווען א קאזאנער רב דארט, נישט בעלוינט צו ווערען דערפאר. פלעגט אויך זאגען אומזיסט א שיעור גמרא מיט פוסקים פאר יונגע לייט. זיין הויז איז געווען תמיד פול, דער אריין, יענער ארויס. קיין זאך האט זיך נישט געטאהן אהן איהם, וואו ערגיץ א שפארעניש, א לאדעניש איז ער געווען דער פערמיטלער. בשעת עפים א נויט אין כלל־זאכען פלעגט מען אנקומען צו זיינס איין עצה און ווענען אלסדינג מיט איהם זיך מיישב זיין.

נאר צו וואס א ים בדייען? איין כצענע דא, למשל, וועט זאגען בעסער פון אלע ווערטער. שא!...

### 3.

ס׳איז ווינטער, שבת־צונאכט, נאך הבדלה. אויפ׳ן „לוטשניק״ אונטער׳ן קיימענדיל, ברענט פרעהליך א פייעריל, וואס פון צייט צו צייט ווערד עס אונטער־נעהאלטען מיט דינע טרוקענע שפענדליך. דעם פייעריל אקעגען, ביי א טיש, צו־נערוקט צו דער ווארמער רובע, זיצט דאס הויזגעזינד, א שכנה פון דער צווייטער שטוב, פול מיט נייעס וויא א פויק, איז אויך דא, מען ווארפט זיך איבער מיט א ווארט און מען פליקט פעדערען. דערבייא טאקי לייענט איינער פון דיא קינדער פיר דיא מעשה פון יוסף הצדיק מיט דיא ברידער אויף עברי־טייטש. מען האט הנאה, מען וואונדערט זיך אויף דער גבורה פון יהודה — פון זיינס א געשרייא ווערט שיער נישט א תל פון גאנץ מצרים; דיא קאטץ זיצט צושארענדיג זיך צום

אויוועז, לעקט א כאפקעלע, מאכט מיט דיא אויערליך און חאט, וויא עס זעהט אוים, אויף הנאה. אין אויוועז הייצט זיך, עס קאָכט זיך וועטשערע. נאָר קורם־כל זידט דאָרט א טעפּיל קארטאָפּלעס אויף איבערצוחאפּען דערווייל. ר׳ חיים גערט הין און צורק איבער דער שטוב, נאך אין דער שבת׳דינער קאפּאָטע און זינגט זיך „אליהו־הנביא" מיט גרוים געפיהל. און וויא ער לאָזט אוים דעם סוף „במהרה יבוא אלינו", גיך און באלד קומט ער צו אונז, עפּענט זיך דיא טהיר און לייטישע מענשען פונ׳ם שטעדטיל קומען אריין — א גוטע וואָך, א גוט יאָהר!

און דאס פארשטעהט זיך אליין, אז לייטישע מענשען גיבען איינער דעם אנדערען אָפּ כבוד ביי׳ם אריינקומען, האלטענדיג א שעה אָפּען דיא טהיר אפילו ווינטער, נאָר אומצוקומען דערווייל אין שטוב פאר קעלט, אזוי אויך ביי׳ם זעטצען זיך. ס׳איז אוועק היבש צייט אין רוקעניש, אין ווינקעניש, אין בעטעניש, פּלאָנ־טענדיג זיך דערווייל דער יענעם אונטער דיא פים, ביז דיא לייטישע מענשען האבען זיך לסוף אויסגעזעצט. שרה איז מכבד דיא געסט נאָר פריינדליך מיט טרינקען „שפּעציעס" — מיני קרייטעכצער, וואס א כפּרה פאר זייא טהעע - און מיט שטיקלין קאנדעלצוקער, וואס א כפּרה דערפאר היינטיגער צוקער... מען זיצט זיך, מען בלאָזט און מען טרינקט, איינער פּעררייכערט זיך דיא פּיפּקע — א פּארצעלייען לולקעלע מיט א זילבערן דעקעל און א לאנגען געפלאָכטענעם ציביק. א פּאָר הוסטען זיך אוים, טאפּען זיך בייא דיא נעז, בייא דיא בערד און עס הויבט זיך אָהן א שמיעס. אהין אהער, דאס א ביסעל, יענס א ביסעל ביז מען קומט ארויף לסוף אויף אזא שמיעס!

— אָח־חאָ־חאָ, דיא גזרה פון דיא קליידער איז דאך טאקי א מיאוסע זאך!— מאכט אלע מיט א זיפץ — יודען זאָלען זיך אָנטהון דייטש: א קארטוז מיט א דאשיק... ס׳איז דאָך עפּים משונה א שרעק! און געוואלד צו וואס, רבונו־של־עולם, צו וואס?!... וואס קען „זייא" דאָרט, זייא וואס קען ארויסקומען דערפון, אז יודען וועלען זיך שוין אָנטהון דייטש?... עס מוז דאך עפּעס אלץ מיט א גאנג.

— מען שמיעסט, דרינגען שטעקט א שפּיצעל — רופט זיך אָן טיט א קנייט־שעלע יענער פונ׳ם פּיפּקעלע, פּארציהענדיג זיך שטארק און ארויסלאָזענדיג פונ׳ם מויל רינגעליך רויך — וואקסען זאָל עס נאָר וואקסען... פון וועמין מיינט איהר?— פון מאָנטיפיורען!

— נאָט איז מיט אייך, ר׳ בער! וואס רעדט איהר?

— אָט דאס וואס איהר הערט. אָבער ר׳ ברוך הללים מעג מען גלייבען? ער קומט ערשט פון דיא ירידין און האט דאָרט מיט זיינע אייגענע אויערען...

— איך האב אויך עפעס אזוינס געהערט — פאלט אריין אין דיא רייד א ריהרעווידינער, צאפלענדיגער יוד, פערבייסענדיג א ליפ — הא,ווארט נאָר ווארט, וואס האב איך געהערט ?

— שלאָגט נישט איבער, ר' יוסיל — מאכט דער עולם — שא !... צ־נה, ר' בער !

— מען שמיעסט, הייסט עס — הייבט אָן ר' בער נעלאסען, פאמעליך און קייעט איטליכס ווארט ביז ער ברייננט עס ארויס פונ'ם מויל — אָט וואָס : אז מאָנטיפיורע האט געזעהען ס'איז פע... איז ער געקומען מיט אזא פראָיעקט : ארוני מלך, זאגט ער, פערקויף מיר דיינע יודען. איך וועל געבען פאר זייא אזויפיעל און אזוי פיעל מיליאָן.

— הונדערט טויזענט, האב איך געהערט, הונדערט טויזענט מיליאָן ! — פאלט ר' יוסיל ווייטער אין דיא רייד אריין. געמיינט דערמיט נישט אזוי דיא סומע געלד וויא ארויסצרווייזען דא דעם עולם. אז ער ווייסט אויך וואס טהוט זיך אויף דער וועלט, נישט ערגער פון אנדערע.

— מילא וואס מאכט עס אויס — טהוט ר' בער א זאָג פערדרעהענדיג מיט דער נאָז און דערצעהלט ווייטער — מהיכא־תיתי ! ענטפערט דער מלכות בקיצור, מען מאכט באלד מאקי א תקיעת־כף אין מאָנטיפיורע ניט דערווייל איין אדעראויף.

— חלילה, הונדערט טויזענט מיליאן באלד טאקי, באלד במזומנים — צושאָקעלט זיך ר' יוסיל וויא ביי'ם שפארען זיך מיט עמיצין איבער א שטיקעל גמרא.

— אי, זייט־זשע מוחל, ר' יוסיל, שא ! בעטען איהם אלע מחילה, ער זאל שווייגען.

— בקיצור ער ניט דערווייל איין אדעראויף — דערצעהלט ר' בער ווייטער, רוהיג נעלאסען, נישט מאבענדיג זיך אוים ר' יוסיל'ס רייד — והמותר איז ער זיך מתחייב סילק'ן צום טערמין ביים נעהמען דיא ס ח ו ר ה — דיא יודען הייסט עס. דערמיט איז מען זיך צוגאנגגען. זייא געזונד — פאָהר געזונד ! נאך אָנבייסען נעהט זיך דער מלכות, וויא דער שטיינער איז, אין סענאט און איז שטארק אויפגערעגט. — אדוני מלך, פרעגט איהם דער מיניסטער, וואס איז דיא מעשה, וואס דוא ביסט היינט עפיס אזוי אויפגעראמט ? — אזוי און אזוי, ענטפערט דער מלכות מיט א שמייכעלע, געמאכט א געשעפטיל, פאר אזויפיעל און אזויפיעל פארקויפט היינט מיינע יודעליך. — אדוני מלך ! טהוט זיך א האפ דער מיניסטער זעהר

דערשראָקען, וואס האסט־דוא געטהון? ס'איז א מקח טעות!... און באַלד טאַקי פיהרט ער איהם ארויס פון דיא קאָנטאָרסקע ביכער א קלאָהרען חשבון, אז דאס פראָצענט, וואס אזא סחורה — יודען הייסט עס, טראָגט אין א געוויסע צייט יאָהרען איין, טרעפט העט־העט מיט א שמיצעל אריבער דעם מקח פאר דער גאנצער סחורה. — וואס־זשע טהוט מען? מאַכט דער מלך. געזעגנט איז דאָך געזעגנט און פון א מלכות א וואָרט איז דאָך א גזרה. אדרבה זאָג, האסט דאָך א קאָפּ פון א מיניסטער, פאַל עפּיס אויף א הסברה. — אדוני מלך! רופט זיך דער מיניסטער אָן, נאכדעם וויא ער האט א ווײַלע געטראכט, ס'איז דאָ איין עצה. גיב ארויס א בעפעהל, אָבער טאַקי באַלד, יודען זאָלען זיך אָנטהון דייטש. גראַם־שטראַם! מאַכט דער מלכות, וואס איז שייך דאס דערמיט? — ס'איז רעכט! זאָגט דער מיניסטער האלב עפּיס אויפ'ן ווינק — וויא באַלד דייטש, איז דאָך שוין, פערשטעהסט־דוא מיך, גאר עפּיס אַנדערש... מיט דיר איז דאָך געגוג אויפ'ן ווינק — א־א, שכל־דיג! גיט זיך דער מלכות א חאַפּ, דוא ביסט ווערטה פאר דער עצה א גילדענעם מעדיאל. — הערט־זשע רבותי, דעם שפּיטץ — מאַכט ר' בער, געהמענדיג זיך אויסריינינגען מיט א דרעטעלע דאס פּיפּקעלע פונ'ם אש — אַקוראַט צו'ם טערמין קומט מסתמא מאָנטיפיורע ...

— ניין, נישט אזוי, ער קומט נישט, ער לאָזט פריהער מעלדען — קען זיך ר' יוסיל נישט איינהאַלטען, צעשאָקעלט זיך און פאַלט ווידער אריין אין דיא רייד.

— שא, זייט־זשע מוחל! האַלט זיך איין א ווײַלע און שלאָגט נישט איבער, ר' יוסיל! — בעט דער עולם, וואס איז זעהר ציקאַווע צוהערען דעם סוף — נו, ר' בער, נו־נו!

— קומט ער, הייסט עס — הייבט ר' בער אָן ווייטער דעם שמועס, ציהענדיג דיא ווערטער וויא יענעם אויף צו להכעיס און שמאָכענדיג פאר הנאה — קומט ער, אזוי וויא איך זאָג אייך דאָ, צו'ם טערמין און מאַכט כהאי לישנא: אדוני מלך! נא דאס מותר געלד און לאָמיך, כפי השליל־צעטיל, נעהמען דיא סחורה — יודען הייסט עס. — אך! מאַכט דער מלכות, מהיכא־תיתי... נעה דיר, זייא מוחל, און וואו דוא ווערסט דערזעהן א יודען נעהם דיר איהם, בשם אלהי ישראל, דיא סחורה דיינע... מאָנטיפיורע לאָזט זיך לאַנג נישט בעטען און נעהמט. ער געהט אין איין שטאָדט — נישטאָ, נאָך אין א שטאָדט — נישטאָ. בקיצור אין ברדיטשוב — אויך נישטאָ. קיין סימן אפילו נישט פון א יודען. אַלע יודען זיינען אנגעטהון דייטש — דייטשען!

— אָווא, אָווא! — מאכט דער עולם פערוואונדערט — אזוי, זאנט איהר, אזוי שמיעסט דיא וועלט!

— עט! — מאכט ר' חיים מיט א שמייכעלע — נישט תמיד איז אמת וואס טראָגט זיך ארום אין דער וועלט. ס'איז זיך א ממרא...

— אזוי צו אזוי. דערווייל איז שפּל — זאָגט דער עולם מיט א קרעכץ — דיא גזרה איז דאָך טאקי א גזרה! מילא דיא קאפּאָטע יאך קאפּאָטע, ווען מען אין איהר מאכען א האק, דער גוטער יאָהר וועט זי'א נישט נעהמען מיט א שפּאלט פון הינטען אויך, אָבער א קארטוז — רבונו־של־עולם א קארטוז! . . . ר' חיים, פאלט עפּיס אויף אייז עצה, הא, וואס טראכט איהר, ר' חיים?

— איך טראכט — ענטפערט ר' חיים נאך עטליכע מינוטען שוויינען, רייבענדיג זיך דעם שטערען — איך טראכט, וואס פאָרט האבען אין א נויט דיא חכמים מיט זייער חכמה נישט געמאכט. מע טאָר א שטיינער שבת נישט טראָגען, נאָ, ציה איבער א שנירעל און טראָג. מען טאָר נישט נעהמען פּראָצענט, נא דיר א היתר־עסקא און נעהם! — ס'איז דאָ איין עצה, יודישע קינדער! זאָגט מיר, רבותי, וואס איז אזוינס א קלאפּאָווע היטעל (א חצי־שבת'ל)?

— וואס הייסט? — וואונדערן זיך אלע אין איין קול — א יודיש קלאפּאָווע היטעל איז א קלאפּאָווע היטעל, א וואָכענדיגע היטעל מיט קלאפּען! פוןביידע זייטען האט עס אויפגעשטעלטע, מיט קליאָטשע אָנגעשטאָפּטע קלאפּען, פון רויכ־ווארג, פערשטעהט זיך, און פאָרענט איז עס בעליינט, פון איין קלאפּען צום אנדערן, מיט א שמאָל שטיקעל רויכווארג, גוט צוגענעהט אונטען, אויך צום וועָרכיל אויבען. ווער ווייסט עס דען נישט א יודיש קלאפּאָווע היטעל?!

— מילא — שמייכעלט ר' חיים מיט א קנייטשעלע — מה רעש? וועט יענס שטיקעל פאָרענט, נישט צוגענעהט זיין צו'ם ווערכיל נור מיט דער אונטערסטער זייט אליין, אזוי אז עס זאָל זיך קענען אָפּלעגען: וויל מען איז דאס וויא היינט א היטעל, כשר יודישליך, וויל מען ליינט מען עס אָפּ, קומט עס אויס א דאשיק, איז מען יוצא לכל הדעות און פּטור. און וואס קען מען צו א יודען מיט אזא היטעל האבען? — א דייטש!....

— טאקי וואו תורה דאָרט חכמה. מאריך ימים ושנים זאָלט איהר, ר' חיים, זיין! — זאָגט דער עולם גאנץ צופרידען, אָנווינשענדיג איהם א פולען קאָפּ.

דאס דאָזיגע מין היטעל מיט דעם אָפּגעליינטען דאשיק איז דערנאָך אָנגע־נומען געוואָרען בכל תפוצות ישראל און גילט נאך עד היום ביי'א אלע פרומע

יודען דאָרט אונטער דעם נאמען „נאפּאָלעאָנקע". דיא וועלט אָבער בעדאַרף וויסען אַז נולד איז דאס היטעל געוואָרען אין דעם שטעדטיל ק . . . און אין דער היסטאָריע בעדארף עס שטעהן פערשריבען אויף דעם נאָמען ר' חיים'ס, דער ערשטער, וואס האט עס ממציא געווען. — נאפּאָלעאָן, מענליך, האט געטראָגען פון אזא פאסאָן א היטעל, גאנץ זיכער אָבער, מען מעג שווערען, אז ר' חיים האט מיט נאפּאָלעאָנען זיך כלל נישט אָנגעגעהרט און קיינמאָל זיין היטעל אפילו אין דיא אויגען נישט געזעהן.

צו ר' חיים'ן פלעגט מען אָנקומען אויף בשעת נישט־דאָ־געדאכט עפּיס א קראַנקהייט. קיין דאָקטאָר אין שטעדטיל איז נישט געווען, חוץ א רופא וואס האט מעהר נישט געוואוסט וויא שלאָגען צו דער אָדער, שטעלען פּיאווקעס, באנקעס, אויף גאָלען און שערען. וויא באלד עפּיס א שלאָפקייט, האט זיך געוויזען דער רופא מיט דעם גאנצען קליפּערנעציינג און געארבייט אויף אלע כלים: צוקאַראַ־דאַשעט ריק און לענד, האלז און געניק, צרווינשענדיג דערנאָך עפּיס אויף דייטשערעס. „צרגענעזונג!" און אז דיא ברכה זיינע האט נאך אלע מיטעל נישט געהאָלפען, דעם קראַנקען איז נאך געוואָרען ערגער, פלעגט מען קומען מיט א געבעט צו ר' חיים'ן, ער זאָל מוחל זיין געהן, דעם חולה „צו בעטראכטען" — און ר' חיים, וואס האט ער געקענט טהון, איז געגאנגען בעטראכטען. ביים עולם איז איינגערעדט געווען, אז ר' חיים איז א מעטער, א גרויסער מבין אין דאָקטאָריע. ער אליין ווידער האט זיך געהאלטען טאקי דרינען פאר א שטיקעל מבין. פון וואנען האט אזוינס צו איהם זיך גענומען? דארויף איז דאָ א טעם. ר' חיים אליין איז בטבע געווען א שוואכער, א שלאפער מענש. חוץ דער יודישער קראַנקהייט „מערידין", א ירושה פון דיא עלטערען, האבען איהם אין לעבען נישט אויסגעלאָזט נאך אנדערע מיני וועהטיגען: שטעכעניש אין דיא קריזשעס, א שפּאַרעניש אונטערן לעפעלע, קוועטשעניש, מאַדטקייט אין דיא גלידער, וואס היינט הייסט עס עפּיס „נערוועך", איבער וועלכע ער האט א מאָל, בייא א געלעגענהייט, זיך מיישב געווען מיט גרויסע דאָקטוירים ערגיץ, און צו'ם גרעסטען טהייל אָבער זיך נישט וויסענדיג געמאכט — עט, גארנישט א מיחוש, עס וועט אזוי זיך איבער־געהן. איינמאָל אָבער איז ער טאקי שטארק פערשלאפט געוואָרען, בעקומען א היציגע קראַנקהייט עפּיס, אזוי אז מען האט צו איהם עטליכע מאָל אראָבגעבראכט א גרויסען דאָקטאָר פון דער סביבה, דאכט זיך דעם שלאָס־דאָקטאָר, וואס ביי'ם דוכס, אליין, און דאס אויסגעהען זיך זיינס פון דער קראַנקהייט איז געווען בע־שיינפערליך א וואונדער וויא פון טויט לעבעדיג. דאס אלסדינג האט געמאכט

ר׳ חיים׳ן פאר א גענימען. איהם גענעבען דאס רעכט א מבין צו זיין אויף קריינק, שוין נישט צו ריידען פון רפואה־ביכליך פאר׳ן פאקק, אין וועלכע ער פלעגט אריינ־קוקען, פון אלע רעצעפטען, וואס האבען מיט דער צייט בייא איהם זיך אנגעקליבען. פרעגט נישט, זאגט מען, דעם דאקטאר, פרעגט דעם קראנקען, — און קראנק איז דאך ר׳ חיים אין זיין לעבען פיעל מאל געווען, און באמת טאקי פאר וואס זאל דאקטאריע ערגער זיין פון אדוואקאטסטווא, א שטיינער? אין יענער שטאדט, נישט וויט פון ק... איז דא א ר׳ אהרן, דוקא נישט אזא למדן, אין דיא שקאלעס ערגיץ נישט געלערענט, פון דעסטוועגען גילט ער אין דער סביבה פאר א „זאקאנשטשיק" נאר א מורא! בייא עפיס א קרעטציל, א מיאוסען עסק, ווענדעט מען זיך צו איהם, נאר טאקי דערפאר אליין, וואס ער, ר׳ אהרן, איז אין זיין לעבען אין פיעל תפיסות איבער־געזעסען, פאר בלבולים אין גנבות, פאר פאלשע מסירות וכדומה נאך בלבולים אזעלכע בעהיט זאל מען ווערען, און איהם איז אויסגעקומען דורכדעם נוט בעקאנט צרוועררען מיט „גאטשאלסטווא", ווייסט דיא אלע גיינג, וואס מען האט צו טהון, וואס צו שרייבען, וואס צו ריידען מיט אלע דרעהדליך, שפיטצליך און אבשניטצליך.

ר׳ חיים אבער איז געוועזן א דאקטאר נאר צו געוויסע קריינק, פון וועלכע מען קען חלילה לינען, אדער מען לינט שוין טאקי אין בעט, קיין כח נישט האבענדיג זיך צוריהרען. צו אנדערע, גלאט אזוי זיך וועהטינען זיינען שוין געוועזן אנדערע אין שטעדטיל, וואס האבען געטוינט איטליכער צו זיין זאך. אוינגען־וועהטיג, א שטיינער, דארויף איז געוועזן א ר׳ פישיל. ער האט געהאט בסוד עפיס א וועסעריל, פון וועלכעס ער פלעגט געבען עטליכע טראפענס אויף א רפואה, אומזיסט, נאר פון מצוה וועגען. צו מאגערקייט, אויסדארעניש האט פעטרוכא, דיא אלטע גויע געגעבען עפיס מיני קרייטעכער אזוינע. צו דער ניבפה, צו א מאנקאליע, א רוישען אין קאפ — דארויף איז געוועזן א מייסטער יאש דער טאטער. אויף איין עין־הרע אפשפרעכען, ציינוועהטיג פארריידען, ניסען וואקס, מיט אייער אויסקויקלען — דערצו איז געוועזן איין בריה ניטעל דיא זאגעריך, און צו קדחת, טאיאווע אדער קדחת־רביעית, פלעגט זעהר גוט העלפען דער מלמד ליפא ראובן׳ס וואס איז באמת געוועזן א גרייליכער (זעלטענער) מענש, נישטא, האט עס געהייסען, וויט אין דער וועלט צחוכען זיין גלייכען.

———

4.

ליפא ראובן׳ס, א יוד אין דיא מיטלע יאָהרען, איז איינער פון יענע מענשען, אין וועלכע גאָט האט אריינגעלייגט אלע גוטע מתנות: גייסט, הארץ און געפיהלען, נאר פערגעסען אָבער זייא צוגעבען איין קליינינקייט — מזל! ביים ארויסנעהען פון גאָט׳ס הענד אהער אויף דער וועלט האט זייא דער רוח, וויא א קערנדיל תבואה, פערטראָגען ערגיץ אין א העק, אין א וויסט אָרט, וואו ס׳איז נישטאָ דיא אלע מיטעל, וויא נעהעריג איז צו וואקסען. דער גייסט אין זייא רייסט זיך, ווכט זיך ערגיץ איין אָרט וואו צו ווייזען זיך פרייא, צעפיהרען אביסעל דיא הענד — בייא א טהייל אָבער ווערט ער, נאך אלע אומזיסטע מיה, נאך דעם אויסגלִיטש׳ען זיך אויף שטיינער אין דעם וועג, אלץ שוואכער, שוואכער, און זייא ווערען איינגאנצען אָפּהענדיג. זייא ליגען, פוילען, נעהמען זיך אמאָל אויף פאר קריינקונג צו ד׳ר משפחה, טויגען צו גאָרנישט און הייסען בייא דער וועלט: טויגעניכטסען, פער־לוירענע מענשען. ווידער בייא א טהייל הערט דער גייסט פאָרט טאקי נישט אויף צורייסען זיך ארויס, ארויס, עפּיס קאָכט עס, בורטשעט עס אין זייא, ס׳איז א שטענדיגע קאָכעניש, א ראנגלען זיך, איין אינוועניגסטע נישט־צופרידענהייט. פאר עסעניש נעהען זייא פונ׳ם לייב אראָפּ, זיינען עפּיס פערטומערט, בערכראכט, דער גייסט לאָזט זייא נישט רוהען, זייא חאפּען זיך צו אלסדינג, דאָ צו דער, דאָ צו יענער זאך, נאָר איטליכע זאך קומט אויס עפּיס משונה, עפּיס ווילד וויא דיא נאטור אליין, וואס נאך רוי, נישט בעארבייט — דאס זיינען יענע מיני קינסטלער, וואס, וויא דיא וועלט זאגט, אין דער האנד הונדערט מלאכות און ווייניג ברכות׳ן.

ליפא ראובן׳ס איז געווען א דארער, א קורצזיכטיגער מיט א בלייך פּנים, א שטילער, א גוטער און זעהר בעליעבט בייא איטליכען אין דעם שטעדטיל. זיין כאראקטער, זיין וואוינונג, זיין שטיינער לעבען. זיין טהון און אלץ מיט אנאנדער האט בעשיינפערליך געוויזען, אז אין איהם איז דאָ דאס פינטעלע, דער ברען פון א קינסטלער. ער האט נעהאט א האנד צו שניטצען, צו מאָהלען, צו שרייבען און צו קריטצען אויף קופּער און אויף שטיינער, נישט צו מאכען זיך דארויס א פּרנסה, נאר גלאט אזוי, ווייל דאס איז געווען זיין בעסטער פערגניגען; ווייל עס האט איהם דערצו עפּיס געטריבען און ער האט בעדארפט, געמוזט מייסטערען. בייא דעם שטעדטיקדיגען עולם־יודען האט ער געהייסען א בריה צו אלסדינג, א קענער,

עפּיס נאר א שרעק — און זייא האבען בייא איטליכער געלעגענהייט זיך מיט זיין בריה׳שקייט בעניטצט. מען האט איהם מכבד געוועזן מיט שניטצען דעם אָרון־קודש, מאָהלען א „מזרח“, שלאָגען מצבות, קריטצען חתימות. מיידליך, כלות, פלעגען איהם מטריח זיין, מיט זיין גוטען ווילען צו מאכען פאר זייא מוסטערען, אויף קייטעלשטיכליך, אויף העפטען, אויסנעהען פאר זייערע חתנים תפילין־זעקליך. און אז ער טוינג שוין יא צו אלע זאכען און איז דערצו נאך א גוטער מענש אויך, טהוט איטליכען צוליעב, אזוי זיך, אומזיסט, פאר וואָס־זשע זאָלען וויבער נעביך אזוי זינדיג זיין, נישט צו בעניטצען זיך מיט איהם אויך — צו קדחת א שטיינער? מען האט איהם געבעטען האט ער געשריבען עפּיס אזוינס אויף מאנדלען, אָדער אויף טעלער מיט טינט, וואס צעפיהרענדיג עס דערנאך מיט וואסער גיט מען עס דעם קראנקען טרינקען — און עס העלפט! . . . צו דיא אלע זאכען האט ליבא ראובן׳ס נאך צוגעקנעלט אויך.

פאר א מלמד האט איהם געמאכט ר׳ חיים!

שלמה ר׳ חיים׳ס, א יונגעלע פון א יאָהר זיבען, האט פון דער קינדהייט זיך געוויזען פאר א וואוילעס, א לעבעדיגעס, מיט א שארף קעפּיל צום לערנען. אין איין יאָהר האט ער זיך אויסגעלערנט בייא משה שלייען גוט עברי, געלייענט גיך ווייא א וואסער און אָנגעהויבען חומש, וויא דער שטיינער איז, פון „ויקרא“, וואס אנדערע קינדער בעדארפען דארויף אוועקזיטצען אין חדר א צווייא־דרייא יאָהר. ביים גאנצען הויזגעזינד ר׳ חיים׳ס וויא אויך בייא פרעמדע, אריינגנעהערס צו איהם אין שטוב, איז שלמה׳לע געוועזען זעהר בעליבט פאר זיין לעבעדינקיים, פאר זיין פאלען אמאָל אויף קלאָטץ־קשיות, און נאך מעהר — פאר זיינע אָנשטעלען. ס׳איז אין איהם געלעגען בטבע עפּיס אזוינס, אויפצוחאפּען באלד ביים ערשטען בליק יענעמס א מינע, א וואָרט, וואס עפּיס נישט אזוי, משונה וויא בייא אנדערע. ער פלעגט וואונדער־שיין נאָכמאכען אבי ועמען מיט אלע פּאסטעמקעס — וויא יענער רעדט, וויא יענער שטעהט און גנהט, אזוי אז מען פלעגט זיך האלטען בייא דיא זייטען פאר געלעכטער, זעהענדיג און הערענדיג איהם. בעזאָנדערס ליעב האט ער געהאט נאָכצומאכען ניטעל דיא זאָגעריך, וויא זיא קושט דיא מזוזה ביי׳ם אריינקומען אין שטוב, אָנגעטהון אין דער יופּע אויף איין ארבעל; וויא זיא פער־ציהט דיא ליפּעליך, זאָגט: „א גאָט העלף!“ מיט חן; ווען זיא גיט א ביינ דעם רוקען וויא א קעטצעלע, אזוי אז איין אקסעל קומט אויס נידעריג, דיא אנדערע העכער, דאס קעפּעלע אין דער זייט, אונטערגעהאלטען מיט דער האנד, און א

פינגער אויף דער באק; וויא זיא קנייטשט דאס פניציל, א סמארע מיט דעם נעזיל, פערגלאצט דיא אייגעליך און רעדט מיט תחינה־לשון, אלץ: „געלויבט און געאכפערט דער אלמאכטינגער, ברוך הוא וברוך שמו, וואס באשירעסט זיין פאלק ישראל ז"ערייננווארפענדיג אין דערמיט שטיקליך פונ'ם „נחלת צבי" און רבינו בחיי. — דיא מאמע פלענט מיט אנדערע גלייך טאקי אויף לאכען, נאר דערבייא, מיט א פינגער אויף דער נאז כלומר'שט אין כעס צו איהם מאכען:

— ווארט נאר, ווארט, שיין בחור'ל איינער! איך וועל נישקשה דערצעהלען דעם טאטען, וועסט־דוא שוין וויסען, נישקשה, ווער עלטער איז, וויא איין עלטערען נאכצוקרימען זיך. — זאל איך אזוי וויסען בייז, אויב איך פארשטעה, וואס פאר א מין שלאק דאס איז, רבונו־של־עולם! . .

דער טאטע אבער איז אויף דעם קינד א מבין געווען. ער האט, נוט פערשטאנען, אז בייא א געהעריגען סדר לערנען דאס אלסדינג, וואס מען בעדארף, און בייא א רעכטען מלמד אין דיא הענד, קען פון אזא קינד, מיט דער צייט, ווערען א לייט. לערנען אלסדינג, וואס מען בעדארף, האט בייא יודען צו יענער צייט, און בפרט נאך אין אזא שטעדטיל וויא ק... נישט געהייסען שפראכען, חכמה־זאכען, דאס וואס היינט. צו גמרא און פוסקים זיין נאך א בעל־תנ"ך אויך, פערשטעהען אביסעל דקדוק — איז מען שוין א פארטינער מענש, א ווילדער בריה איינער אין דער וועלט, מעהר דערפון איז גאר נישטא, טאקי איין איבריגע זאך. נאר ווער אבער האט, חוץ דעם אנהויב פון איטליבער סדרה, געלערענט קינדער תנ"ך? מען האט זיך עפים געשייעט, עס האט עפים געשמעקט מיט אפיקורסות. ס'איז טאקי א גרויס וואונדער, נישט צופערשטעהן אזוינס . . . נאר וויא דיא מעשה איז, אזוי איז עס געווען, און אזוי איז עס בייא א טהייל יודען נאך היינט. גרויסע רבנים, פארצייטען און אויך היינט, האבען נישט געוואוסט און ווייסען נישט רעכט נוט עד־היום, וואס שטעהט אזוינס אין תנ"ך, און פון דעסטוועגען שא! מען קען זיין א גרויסער למדן פסקנען שאלות אהן פסוק אויך... ר' חיים'ן אבער האט זיך געגלוסט פאר שלמה'לען זיינעם מאכען איין אויסנאהמע, פריווען לערנען איהם דוקא גאנץ תנ"ך, מיט דעם תרגום אויך, כסדר פון אנהויב ביז צום סוף. ר' חיים אליין האט געקענט תנ"ך, און געשריבען מליצה. פון זיינע בריוולעך פלעגט מען לעקען דיא פינגער. ער האט געהייסען צווישען זיינע אלע בעקאנטע א „בעל־לשון"... נאר וואו נעהמט מען אבער דעם מלמד דערצו? אט דאס האט ר' חיים געטראכט און איז כסוף געפאלען אויף ליפא ראובן'ס. איהם האט עס

ר׳ חיים געמאכט פאר א מלמד, צוקנעלען מיט זיין שלמה׳לען, סתיר־נעווען איהם צוצוגעהמען נאך עטליכע קינדער, כדי ער זאָל קענען וויא־עס־איז מיט ווייב און קינד, וויא אלע יודישע קינדער, עס אזוי זיך לעבען...

אָן דער זיווג האט עולה־יפה נעווען! דער רבי און דער תלמיד האבען זיך איינער דעם אַנדערען זעהר גוט געפּאסט. דער רבי האט געקנעלט געטרייא, און דער תלמיד — געלערנט געשמאק. דער שטייגער איז געוועהנטליך געווען, בשעת דעם לערנען ביים טיש פלעגט דער רבי זיטצען אויף זיין אָרט מיט עפּיס איין ארבייט — מאָהלען אָדער שטעכען א חתימה׳לע. נאָר דאס האט אָבער נישט גע־שאדט צום גאנג פונ׳ם לערנען, ער האט ניש־קשה, זיך גוט צוגעהערט, פערקעהרט דאס לערנען איז געגאנגען נאך פיעל בעסער. דיא ארבייט איז פאר איהם געווען דאס איינענע וואס פאר א פראָסטען בעל־מלאכה א גוטער טרינק בראנפען, זיא האט איהם בענייסטערט, בעלעבט, געמאכט בעריידעוודיג. ערשט דענסטמאָל האט ער דערקלעהרט אלסדינג שארף קלאָהר, פונ׳ם מויל האבען זיך איהם געשאָטען פעריל, אין דיא אויגען האט געפינקעלט א הייליג פייעריל, ער האט געקוקט מיט ליעבשאפט עפּיס אזוי גוט, אזוי גוט... און דעם תלמיד פלעגט עס געבען א נעהם, א ברען, אונטערגענעבען איהם א חשק, ער האט געשלינגען איטליכעס וואָרט, אויפשטעלענדיג דיא אויערליך. דאס לערנען איז נישט געווען, וויא בייא י ע נ ע, ערניץ אַנדערש א שטייגער, א שווערע משא, א ריין אָפּקומעניש, וואו דער רבי מיט דעם תלמיד ליידען נעביך ביידע גלייך: איינער שלאָגט אין קאָפּ אריין מיט געוואלד, איז דערבייא אויפגעבראכט, היטצט זיך א שרעק און דער אַנדערער, וואס זאָל ער נעביך טהון, מאכט זיך כלומר׳שט וויא איהם איז עס אין קאָפּ אריין, ציטערט, פלאטערט — און ביידע ווינשען איינער פונ׳ם אַנדערען פטור צו ווערען... ניין! דאס איז געווען נאר עפּיס וויא א שמיעס צווישען צווייא פריינד, אין וועלכען איין הארץ פיהלט דאס אנדערע — א שמיעס וואס מאכט פערגניגען אי דעם, וואס רעדט, אי יענעם, וואס הערט, ביידע פערשטעהען זיך זעהר גוט, און עס וויל־זיך צוברייננען אזוי דיא צייט נאך און נאך...

שלמה׳לע האט מיט דער צייט אלץ געוואקסען, געוואקסען, וויא א בלימעלע אונטער א גוטער השגחה, און ווערענדיג אלץ וואס ווייטער פערשטענדיגער הערט ער נישט אויף פונדעסטוועגען צו בלייבען, נאך זיינע יאָהרען נאך, א קינד. שלמה׳לע אין חדר און שלמה׳לע אין דרויסען זיינען עפּיס גאר אַנדערע, פערשידענע מענשען. לערענט ער איז געלערענט, ער איז מיט דעם נאָטצען קאָפּ אריינגעטהון אין לערנען.

ער דיינקט, טראכט, וויל גרינדליך איטליכע זאך פערשטעהן; נאָר קוים צונעד מאכט דעם ספר איז ער וויא איבערגעביטען געוואָרען, ער לעבט, שטיפט — א יונגעל מיט דיא ביינער. איבערהויפט האט שלמה׳לעס כאראקטער פון קינדוויוס אויף זיך געוויזען עפּיס וויא א צונויפגעשטעלטער פון פערשידענע מינים, נישט פון איין שטיק מאטעריע. עפּיס האבען צווייא נשמות — א מלאך מיט א רוח, געשטעקט אין איהםביידע אינאיינעם. ער איז געוועזען אי איינגעשפּארט, הארט וויא א שטיין, אי ווייך וויא א טייג, לאָזענדיג זיך פיהרען אמאָל בייא דער נאָז; אי בייז, אי מילד, גוט וויא דיא וועלט; אי ביטער־גאַל, אי צוקער־זיס; אי ערענסט, אי א קאַטאָוועס־טרייבער; אי אומיטיג־פערטראכט, אי לוסטיג־פרעהליך. שלמה׳לע איז בטבע געוועזען א הייס־בלוטינער, אָנצינדענדיג זיך וויא א שוועבעלע, וויא באלד נאָר עפּיס האט איהם נעטהון א ריהר. דיא פייערדיגע רייד פון דיא נביאים, דיא דערצעהלונגען זייערע איבער גאָט, איבער דיא וועלט, האבען אויפגעוועקט זיין כח־הדמיון און איהם נעגעבען געגוג שטאָף צו דיינקען, צו טראכטען. — „איך האב געזעהען גאָט, זאָגט ישעיה הנביא, וויא ער זיצט אויף זיין הויכען שטול, דיא פּאָלעס צעשפּרייט, פערנעהמען דעם הייליגען פּאַלאַץ. שרפים ברענענדיג מלאכים, שטעהען איבער איהם, איטליכער מיט זעקס פליגעל... און עס רופט איינער צום אנדערען און זאָגט: קדוש, קדוש, קדוש — הייליג, הייליג, הייליג איז דער גאָט צבאות, פול איז דיא וועלט מיט זיין כבוד! און עס וויגט זיך, עס ציטערען דיא זייכען דאָרט פונ׳ם שרייענדיגען קול, און דאס הויז ווערט פול מיט רויך. אוי, זאָג איך, וועה איז מיר, איך בין פארבייא! איך בין דאָך א מענש מיט איין אומריין מויל און צווישען א פאָלק מיט א בייז אומריין מויל געפין איך מיך“. שלמה׳לען זיינען דיא דאָזיגע ווערטער שטארק אין קאָפּ אריין. ער הויבט אָן צו טראכטען איבער גאָט, זיך פירצושטעלען מלאכים מיט פליגעל, און וויל אלץ וויסען זעהר פיעל אזוינס וואס פיקט איהם דעם מוח, פאָדערט א דערקלעהרונג פרעגען דעם רבי׳ן — דערצו האט ער נישט תמיד געגוג מוטה געהאט. איינמאָל האט ער יא זיך געפּריווט מאכען מיט איהם א רייד, רויט־ווערענדיג דערבייא פלאַם־פייער, נאָר דער רבי האט אויסגעהערט מיט א שמייכעלע, שוויינענדיג א קרים זיך געטהון, וויא איינער רעדט: עט!... אויף זיינע שאלות בייא אנדערע, עלטערע מיט בערד, פלעגט ער בעקומען תמיד איין ענטפער: שא, שקאָץ! א יונגעלע טאָהר נישט פרעגען. א יונגעלע בעדארף נור פּאָלגען, טהון וואס גאָט הייסט — לערנען, דאווגען, אז נישט, וועט דער אויבערשטער שטראָפען, שמייסען דאָרט מיט אייזערנע ריטער — און פאר א רוט האט שלמה׳לע געציטערט, נישט אזוי פאר דעם וועהטיג, ווייל אז מען שמייסט

מחוט וועה, וויא פאר דער שאנדע — פע, ס'איז א חרפה!... שלמה'לען איז פיר־ עקומען: נאָט עפּיס נור וויא א בייזער פריץ מיט א קאַנטשיק אין דער האנד, פאר א מינדסט קליינינקייט ווערט ער אָנגעצונדען, איש־להבה — שמייסט! בייא א מינדסט עברה'לע: איבערהיפּערן א שטיינער אין דאוונען עפּיס א וואָרט, נישט ענטפערען אָמן, א טרונק וואסער טהון א מאָל אָהן א „שהכל“, האט ער נעחאפּט א ציטער און נעטראכט: „אוי, וועה איז מיר, איך בין פארבייא!“ —

און ווער שמיעסט ימים־נוראים, וואס, כפי יודען זאָגען, אפילו א פיש אין וואסער ציטערט דענסטמאָל — איז שלמה'לע נעוועזען אין איין שרעק. דער גאנצער ענין פונ'ם אויפשטעהען צו סליחות, דאס חאפּעניש, לויפעניש אין שול, אויפ'ן פעלד, דאָס יאָממערען־וויינען, דאס טרויערדינגע נינוך'דיל בייי'ם דאוונען, דאס אומעטינגע פּנים'ל פון דער מאמע און פונ'ם גאנצען הויזגעזינד, גלייך וויא עס הענגט איבער זייא דיא רוט און מען קען זייא, מחילה, מקיים־פּסק זיין — אָט דאָס אַלסדינג האט אויף איהם אָנגעמאכט א שרעקליכע פינסטערע מרה־שחורה, ס'איז איהם נישט ניחא נעוועזען דער גאנצער יום־טוב, דיא פיש מיט דעם צימעס, עס האט איהם זיך נור געדאכט, וויא ער, דער אויבערשטער, זיצט אויף דעם הויכען שטול, דיא פּאָלעס איבער דעם מקום־קדוש, ברענענדינגע מלאכים ארום איהם, פליהען בריינגען ספרים, שרייבען, רעכנען אימליכענס עברות מיט א רעש, א גע־ פּילדער, און עס ווינט זיך דיא וועלט, עס ציטערען דיא טויערען פונ'ם הימעל פון זייער געשרייא — און ער טראכט: „אוי, וועה איז מיר, איך בין פאר־ בייא!“...

נאָר אזוי וויא אין דער וועלט איז שוין אזוי נעשטעלט, אז ס'איז נישטאָ, אין איהר אינגאנצען גוט'ס, אָהן עפּיס שלעכטס, און ריין שלעכטס, וואס דרינען זאָל נישט שטעקען עפּעס גוטס, איז דאריבער אויך מיט דיא ימים־נוראים נעקניפּט און נעבונדען נעוועזען זאכען אזעלכע, וואס האבען נעלינדערט אביסעל דעם שרעק, צוגעגעבען א זיסקייט דער ביטערע מרה־שחורה. דיא וויכטיגסטע פון יענע אַלע זאכען זיינען: עס דיא „ישובניקעס“, דיא ארענדאַרעס פון דיא דערפער, וואס פלעגען אויף דיא הייליגע טעג קומען מיט זייער הויזגעזינד אין שטאָדט אריין. דאס אָנקומען זייערס האט אויפגעריהרט דאס שטעדטיל, אָפּגעמינטערט, אָפּגעפרישט אביסעל דעם עולם, און עס האט געהאט עפּיס א מין בעזונדער טעם — כצפּיחית בדבש, האָניג מיט פעפער און ציבעלעס אינאיינעם.

דיא היסטאָריע פאָדערט, אז דיא זאך זאָל דאָ אביסעל מעהר דערקלעהרט

וערען, זיסט, ווען אפשר אין איהר פעהלען זעהר א וויכטיג בלעטיל, און פאר דיא שפעטערדיגע דורות — אוי! ווער ווייסט? — קען דיא זאך בלייבען נישט פערשטענדליך.

5.

פונ'ם חודש תשרי הייבט זיך אן א צעטיל ימים־טובים: דיא ביידע ערשטע טעג פונ'ם חודש איז ראש־השנה, דער צעהנטער טאג — יום־כפור, זייא הייסען ימים־נוראים, שרעקליכע טעג, און אינאיינעם מיט דיא טעג, וואס צווישען זייא הייסען זייא אויף עשרת־ימי־תשובה — צעהן טעג צייט, חרטה צו האבען אויף דיא זינד: וויינען, בעטען און אויסבעטען א גוט יאהר. דענסטמאל איז אויפ'ן הימעל א יריד, עס קאכט זיך דארט א שרעק.

„ונתנה תוקף קדושת היום, און דערצעהלען וועלען מיר — אזוי טהוט זיך דער מחזור דארט א זאג — דיא שטארקע היילינקייט פונ'ם טאג. דען שרעקליך פארכטיג איז ער צוגלייך, אין איהם שטייגט הויך דיין קעניגרייך. אויף גנאד איז, גאט, דיין שטול געשטעלט, דוא זיצט מיט אמת אויף איהם צו ריכטען דיא וועלט. יא, אמת! דוא ביסט דער ריכטער און פארקלאגער, דוא ווייסט און ביסט דער עדות־זאגער. דוא שרייבסט און חתמ'סט, צעהלסט און רעכענסט אלץ מיט צאהל, געדיינקסט פערגעסענע זאכען וואס העט אמאל. דוא עפענסט אויף דאס קאנטעבוך, עס לייענט דרוים אליין זיך איטליכס ווארט, פון יעדען מענשען אייגענ־הענדיג שטעהט דיא חתימה זיינע דארט. מיט'ן גרויסען שופר טהוט מען דארט א בלאז, אווא! א דינע שטימע לאזט זיך הערען — שטיל, שא. מלאכים יאגען, אין איינע שרעק אהער־הין און זאגען: עס־איז אט־א דער יום־הדין, אויף אפצור־רעכנען זיך מיט'ן גאנצ'ן נעריםעל, א־דא אין הימעל! דען וויל אין דיינע אויגען ריין און פיין, איז ביי'ם געריכט נישט מעגליך זייא צו זיין, און אלע אויף דער וועלט וויא ברייט זיא איז און לאנג, געהן דיר פערביי וויא שעפעליך א גאנג. וויא זיינע לעמער קוקט דער פאסטוך איבער גוט, ער לאזט שאף זיינע דורכגעהן אונטער'ם רוט, אזוי אט נעהמסט דוא אלע ב'שעפעניש אפיר, דוא רעכענסט, צעהלסט און לאזט פאסירען זייא פאר דיר. בעשטימסט פאר יעדען זיינס פאראויס, און ניבסט זיין פסק יעדען ארויס, ראש־השנה ווערט אויף זייא דארט אנגעשריבען, יום־כפור אפגעחתמ'ט אונטערשריבען. וויפיל זאלען אומקומען, וויפיל זאלען צוקומען, ווער זאל לעבען און ווער שטארבען, ווער אויסלעבען זיין צייט זאל ביז צום עק, און ווער

פון דאנען פאר דער צייט אוועק. ווער אין וואסער, ווער אין פייער א טויט א שווערען, ווער דורך א שווערד, ווער דורך א חיה זאָל דערהרג׳ט ווערען, ווער פאר הונגער, ווער פאר דאָרשט און נויט, ווער דורך שטורם און ווער דורך מגפה א טויט. ווער דערשטיקעניש, אין האַלי א ביין, און ווער — אין קאָפּ א שטיין, ווער זאָל צו הויז זיך רוהיג בלייבען, און ווער אין דער פרעמד זיך ארום צומרייבען, ווער זאָל זיך לעבען שטיל, און ווער אין דולעניש פיל, ווער אין פריידען, ווער אין ליידען, ווער אָנווערען, ווער רייך ווערען, ווער האַלטען זאָל אראָפּ, און ווער ארויף דעם קאָפּ".

און וויא דער ירוד, דער רעש אויפ׳ן הימעל, אזוי רעשט זיך אויך דאָ אויף דער ערד. נאך מיט א חודש פריהער טהוט אין דיא שולען א בלאָז דער שופר און וואָהרענט: יודען, עס נעהט דער יום־הדין! און יודען הויבען בעצייטענס אָן זיך ארומקוקען, מאכען א קלאָהרען חשבון פון זייערע מעשים א גאנץ יאָהר, און טהוען אלע מיטעל, וויא ארויס ריין פונ׳ם משפט, וואס שטעהט זייא פיר — זייא זאָגען סליחות, זוכען זיך גוטע אדוואָקאטען אין צדקה, אין אלטע זכות־אָבות, צו זיין מליצי יושר, פירשפרעכער אויף זייא פאר זיין הייליגען כסא־הכבוד.

טהון תשובה, בעטען, מיט צדקה שמירען —
דאס העלפט א שלעכטען פסק צו קאסירען.

דיא ארענדארעס פון דערפער ארום און ארום קומען מיט קינד און קייט, האק און פאק אין דיא שטעדט אריין, אינאיינעם מיט כל־ישראל צושטעהן דאָרט פאר גאָטס געריכט און אויסבעטען פאר זיך און פאר דער גאנצער וועלט מענשען, נאר אָהן א שום חילוק, א גוט יאָהר, א דערלייזונג פון אל־דאָס בייז.

דאס שטעדטיל ק.... איז נאר נישט דאס שטעדטיל, וואס א גאנץ יאָהר, וואו מען זעהט קיין פרישען מענשען נישט און וואו דאס לעבען פליסט געוועהנט־ליך וויא א שטיל וואסעריל רוהיג, עפיס וויא פערשלאָפען. א פאר טעג פאר ימים־נוראים האפט עס זיך אויף, עס ווימעלט פון נייע פארשוינען, וואס קומען פונ׳ם ישוב, פיהרליך אָנגעזעצט מיט ווייבער און קינדער אויף גאנצע בערג בעבעכעס, איבערבעטען, זעקליך שפייז און שטיינען מיט עופות ציהען זיך איבער דיא גאסען. בעל־בתים, יונגליך, ווייסע חברה, נעהען און לויפען אקעגען, איטליכער אקעגען זיין ארענדאר, וואס שטעהט בייא איהם יום־טוב אויף סטאנציע. פון ביידע זייטען שיטען זיך רייד הויך אויף אלערלייא קולות — פון דאנען שאלות: פאר וואס אזוי שפעט? פאר וואס אזוי און פאר וואס אזוי? און פון דער אנדערער זייט

מעשיות, וואונדער און נסים גרויסע: עס האט געלאָפּנעט אין וועג איין אָקס, געפּאַלען א פערד, אָפּגעריסען א בריק, א מעובּרת ווייביל האט זיך פערוואָלט אין מיטענדרינען געהן צרקינד, זיך איבערגעקעהרט א וואָגען, מע בעדאַרף גומל בענשען, קוים מיט דעם לעבען ארויס.... דאָרפּס־הינט ביים אָנקומען מיט זייערע בעלי־בתים רייצען אויף דיא אַלע שטעדטעלדינגע הינט, עס ווערט צווישען זייא א געבילערייא, א געשלעגערייא, גלייך וויא זייא זיינען נישט ברידער פון דער הינטישע זרע, מיט איין הינטיש מויל, איינע הינטישע ציין. און באמת טאַקי איז דאָ צווישען זייא א גרויסער אונטערשייד. דער דאָרפּס־הונט איז דאָס, וויא גאָט האט איהם בעשאַפען; ווייסט ניט קיין פּאָליטיקע, חוץ דעם בעל־הבית און דיא שטוב קען ער נישט קיינעם, בילט אויף איטליכען אָרים און רייך אלע גלייך. האַפּט טאַקי א ביין, אז יענער גיט, חאַפּט און בילט פאָרט ווייטער טאַקי, בילט מיט זיין איינען קול נישט פערשטעלט, ער איז פּראָסט אָהן אָנשטעלען. דער שטאָדט־הונט אָקעגען איז שוין עפּיס געמלאכה׳ט, אויסגעפּיינט, אביסעל פאַלש און האט מורא פאַר א שטעקען — בילט אויף איין אָרימאַן, אויף אזעלכען וואס קען זיך נישט ווערען, פאַר א שטאַרקען האט ער אָפּשייא, פאַר א רייכען, שיין געקליידט — אזאַס! מיט א שטיקעל ברויט שוחד פערשטאָפּט מען איהם דאָס מויל, שאַ! גיט יענער פון דער אנדערער זייט, א ווילד פרעמדער נאַר, א גרעסער שטיקעל, טהוט ער שוין איהם צוליב, פּאָלגט וואס מען הייסט. ער שפּאַצירט זיך אָפּט ארום, שמעקט וואו עפּיס א קערמעשיל, וואס מען קען חאַפּען א לעק, מאַכט בעקאַנטשאַפט, דרעהט מיט דעם ווידיל, שטעהט אויף דיא לאַפּקעס און בילט אמאָל עפּיס נאָר ניט מיט זיין קול, גלאַט אזוי זיך מען זאָל נישט פערגעסען, אז ס׳איז דאָ א הונט... אז ער האט ציין און קען, אין א נויט־פאַל, הינטען ארום א ביס טהון אויף.... אָט דיא דאָזיגעביידע מיני הינט אָנקוקען קענען זייא זיך נישט איינער דעם אנדערען. דיא גאַנצע צייט, וואס זייא ביידע געפינען זיך אין דעם שטעדטיל הערשט דאָרט א בילען, א האווקען, א שרייען אויף דיא ציין, עפּיס א „הינטישער וואָפּראָס", שטענדיגע קריעג און שטענדיגע געשלעגע. דער קאָפּ אזש ווערט דול! וואָרטשון א שטיינער, א דאָרפּס־הונט אָהן חכמות, ווייסט נישט מעהר וויא צו היטען דיא שטוב, לינט זיך אויסגעצויגען אין דרויסען פאַר דער טהיר, קוקט בייז וויא א רוח מיט פערלאָפּענע פון בלוט, האלב צוגעמאַכטע אויגען, רייבט, קראַצט דעם בויך אין דער ערד, שטיל אונטערפּישטשענדיג פאַר גרויס הנאה, פּלוצים רוקט זיך אונטער קאַשטאַן, א הויכער, א דאַרער, איינער פון דיא שיינע בעלי־בתישע שטאָדט־הינט. ס׳איז איהם פון דערוויטענס אין דער נאָז אריין א ריח פון יודישע

פיש, אויף וועלכע ער איז א גרויסער בעלן, אויך א ריח פון געבראָטענעס, וואס קאָכט זיך לכבוד יום־טוב דאָרט אין שטוב, און ער לאָזט זיך, וויא געוועהנטליך, צוקומען נאָהענט, שמעקען, נישטערען, טאָמיר וועט דאס מזל איהם דיענען א חאַפּ טהון עפּיס. וואָרטשונגען אָבער איז דיא זאך נישט געפּעלען — וואס געהסט־דוא עזות־פּנים, אין מיין גבול אריין ? און וואס איז עס גלאָט פּאר א מאָדע, הונט איינער, ארומגעהען איבער דיא הייזער, אריינשטעקען א מאָרדע וואו מען בעדאַרף נישט ? ! ער נימ זיך אויף איהם פון הינטען פלוצים א וואָרף, טהוט א ביס און רייסט איהם אויס א זשמענע האָר. קאשטאַן ווערד אזש פערצאפּעלט, פערלייגט, מחילה, דעם וויידיל, חאַפּט דיא פּיס אויף דיא פּלייצעס — און אוועק אוועק מיט א קוויטש... דאס איינענע איז אויך מיט פּילקען, א שווארץ הינטעל מיט איין אויסגעקרימטען ריקען און הינקענדיג פּיסעל, וואס לעבט פון קצבה — פון יודישע פּאָמייניצעס. ער לאָזט זיך וויא דער שטיינער זיינער איז, צו א יודענס שטוב, וואס זאָל ער דאָ איבערטראכטען ? פּלוצים טהוט איהם א חאַפּ טרעזאָר, א געזונטער, א קודלאָטער דאָרפס־הונט, און ברעכט איהם א ביין, אזוי אז ער פערגעהט זיך געביך פּאר וועהטיג, לויפט שפּרינגענדיג, דאס הינקענדיג פּיסעל אין דער לופטען, דאָס געזייסיל אין דער זייט אויסגעקרימט און הײלט, רויעט אויף א גריוצענדיג קול. אזא פּסק חאַפּען אויך נאך אנדערע שטאָדט־הינט. ס'איז זייא פערשטערט דאס לעבען — נישטאָ קיין צוטריט צו א יודישע שטוב ! דערפאר אָבער, דערטאַפּען זייא א דאָרפס־הונט בייא זיך, ערגיץ אויף דער גאס, מעג ער שוין זיך געזעגענען מיט דעם לעבען. זייא ווארפען זיך אויף איהם פון אלע זייטען, שארפען דיא ציין, צופען און רייסען. עס ווערד א געקוויטשערייא, נישט אויסצר האַלטען. קונדסים מישען זיך אויך אריין, הידען אונטער, ווארפען שטיינער, מאַמעס שטעהען אין דיא טהירען, רופען, שרייען און שעלטען. יודען אויף דער גאס חאַפּען א ציטער, ראַטעוועוען זיך און לויפען נאר אין איין אָטעם, האלטענדיג זיך בייא דיא פּאָלעס.

הכלל עס רעשט זיך, עס קאָכט זיך, דאס שטעדטיל איז אויף, ס'איז וויא מען זאָגט, ליהודים ! דאס לעבען אין דעם שטעדטיל נעהט שוין שטארקער, עס זעהט אויס, וויא א שטעהענדיג טייכעל, וואס וועסנע־צייט צוגיסט זיך עס, פּלייצט ניך, האַסטיג מיט א געריייש.

און בשעת דעם גערייש ווייזט זיך פון דערווייטענס א לאַנגער וואָגען פול אנגעזעצט מיט חנאָ מליניצערס הויזגעזינד. דיא אלטע שקאַפּע, וואס האט אביסעל

זיך צונעשטעלט אויפ'ן וועג, טהוט זיך אצינד אָן א כח, אריינפאָהרען אויף דעם מארק קוממיות, האָפערליך, מיט דער פּאָמפּע. און לכבוד דעם שטעדטיל ולכבוד דיא פּארשוינען, המסובין בכאן אויפ'ן וואָגען, פּערדרייסט זיא דעם ווײדיל, שטעלט אויף דיא אויערען, הייבט פּיסליך און העצקעט זיך לעבעדיג פרעהליך מיט א טאראראם, א נעקלאפּערייא פון דיא רעדער. צוציק לאָזט זיך פּאָראויס מיט דער בשורה — אז מען פּאָהרט! היטענדיג זיך, פון דעסטוועגען, דיא ביינער בייא א בענגענגיש מיט זיין גלייכען, אין הינטישע טיילער נישט אריינצופאלען. יענע איהם א שמעק — שלום עליכם, און ער יענע א שמעק — עליכם שלום! מאכט ער אָפּ בקיצור, א שמעק נאָר פון יוצא ווענען, דרעהט זיך באלד טאקי אויס און לויפט וויטער, דיא „זקנה" נאָך איהם, האָץ־האָץ בייא ר' חיים'ס שטוב, וואס פון א היבשע ציים יאָהרען שטעהט דאָרט איין חנאָ פון דער טיהל מיט וויב און קינדער— א גרויס פּעקיל, אָהן עין־הרע!

פּאר שלמה'לען שטעלט זיך דענסטמאָל א וועלט מיט נייע עסקים. ס'איז דאָ ברוך־השם וואס צו טהון, אויף וואס צו קוקען, וואס צו בעטראכטען. לאָז זיך שוין נאָט אָנשרייבען דאָרט, וואס ער וויל, דערווייל אָבער אז מען לעבט בעדארף מען לעבען.

קודם־כל חאפּט שלמה'לע זיך ארויף, באלד טאקי נאָך חנאָ'ס אָנקומען אויף דעם וואָגען, עטליכע קונדסים אריין מיט איהם, א פּאָר שטעהען, אָנהאלטענדיג זיך פון הינטען, צווישען דיא רעדער — און היידא! מען ציהט בייא דיא לייצען, מען שמייסט, מען מאכט מיט דיא ליפּען, שרייעט אין איין קול: „וויאָ־וויאָ! און מען טהוט א פאָהר אביסעל פערבייא דער שטוב. דערנאָך נעהמט מען צום סמיק צוציקן, מען טהוט מיט איהם א רעד עפּיס אויף איין אנדער מין לשון, אריינ־לאָזענדיג זיך מיט איהם אין דיא הויכע דרכים פּארהערענדיג איהם וואס ער קען, פריהער פון דערוויטענס, מיט אָפּשייא, אונטערוואַרפענדיג איהם שטיקליך ברויט, שפּעטער אלץ נעהנטער ביז מען פערקירט דעם דרך־ארץ, און עס ענדיגט זיך, וויא דער שטייגער איז, מיט א שטיין און מיט א קוויטש ...

שלמה'לע אינטערעסירט זיך אויך שטארק מיט דיא נייע מיני דאָרפּס־פּארשוינען, אלסדינג אין זייא קומט איהם אויס עפּיס משונה. טיירלעך אין נייע גראָבע שיך און זאָקען אין נייע סיטצענע קליידעליך פון א מיתה־משונה קאָליר, מיט גרויסע רויטע קוויטען, גלאָטצען אויס גרויסע קעלבערנע אויגען, א פינגעריל אין דעם מויל — און קוקען. יונגליך אין חאלאטליך, אין נייע קנאקענדיגע לייב־

סערדאקליך אח לייוועגדע פלירערליך, בלאָזען זיך, שעהמען זיך, דאלובען דיא נאָז—און שיסען פלוצים אויס, אין קילאַק, א געלעכטער, וואשענדיג בשעת מעשה מאַקי מיט דעם ארבעל, מיט דער פאָלע דיא נאָז, מחילה. היינט דאס ריידען זייערס, דאס עסען, איז אויך עפּיס אומגעליטפּערט — דאכט זיך גערעדט, און ס'איז עפּיס גאר געבעבעט, דאכט זיך געגעסען, און ס'איז עפּיס גאר געפרעסען. א קייען אביסעל, מישטעהנס־געזאָגט, א מאכען מיט דיא באקען, א זופּען מיט א הילך! דאס אייגענע פּנים, דאכט זיך, דאס אייגענע פלייש, און פּאָרט עפּיס נישט אזוי וויא בייא שטאָדט־לייט — עס שמעקט עפּיס מיט דאָרף. דיא ווילדע גאנז, א שטיינער, איז דאָס אייגענע מאַקי וואס דיא היימישע, איין פלייש, און דאָך עפּיס אנדערש — איין אנדער טעם, איין אנדער קאָליר. חנאָ אליין איז אייגענטליך געוועזען נישט קיין גראָבער מענש, נאָר צווישען איהם און ר' חיים'ן איז גאָר קיין פערגלייך. דער חילוק צווישען זייא ביידע האט שלמה'לען געוואָרפען זיך אין דיא אויגען — חנאָ אקעגען דעם טאַטען האט גאר עפּיס קיין פּנים נישט! ס'איז אויך א גרויסער חילוק צווישען טויבע־סאָסיען, חנאָ'ס ווייב, און דער מאַמע זיינער. טויבע־סאָסיע איז א ברייטביינענדיגע, א יאָדערדיגע; איהרע הענד, איהר פּנים זיינען עפּיס מגושם: פערברענט, פערבראָטען פון דער זון. געהט זיא — איז גע־גאנגען, מען פיהלט, אז זיא שטעלט א פוס, רעדט זיא — איז גערעדט מיט לעפצען, אויף דער געמבע. זיא איז גוט נאָר אָבער פּראָסט. זיא איז פרום, וויינט בייא ליכט־בענשען, חליפעט וויא באלד זיא דערהערט פון דער פירזאָגערין א קול, חאָטש זיא פערשטעהט ניט קיין וואָרט. אקעגען־זשע שרה, דיא מאַמע זיינע, איז איין איידעלע, א שוואכע. האט קליינע, ווייסע הענד מיט דינע בלויע עדערליך, א פערפרומט בלייך פּנים מיט דינע ליפּען — אין גאנצען עפּיס א רוחניות, און אז זיא נעהט דאכט זיך זיא שוועבט. זיא איז א וואוילקענענדיגע, קען אלע תחינות פון ארץ־ישראל, ווייסט אויף דעם „מעין־טהור", אלע דינים פון „חנ"ה". וואס געהערען זיך אָן מיט איין אשה, לייענט דעם „צאינה־וראינה", דעם „מנורת־המאור" און נאך אזעלכע ספרים. ווייזט ווייבער אין שול צו דאוונען, וואָס צו זאָגען, ווען צו שפּרינגען קדושה, לייענט זייא אויף פיר, און האט מיט זיך דאָרט, אין דער ווייבערשער שול, א לימענע אָדער טראָפּענס אזוינע, אויף־צוטינטערען אי זיך אי אנדערע בשעת דעם חלשה'ן....

און באמת מאַקי, אז שרה פלעגט לייענען האט מען געקענט מאַקי חלשה'ן. איהר לייענען איז געוועזען פול מיט געפיהל, איהר נגון'דיל דערבייא האט געריהרט, געציפּט בייא דער נשמה, א שטיין אפילו וואָלט פון איהרע טרערען אויף

צונאָסען געוואָרען. ס'איז כדאי אויף א ציקאוועשט צו שטעלען דאָ האַטש אביסעל פו דער תחינה ערב יום־כפור, בייא דיא וועקסענע ליכט מאכען.

שרה ליינט קנייטליך. ווייבער, שכנות מיט געבראָכענע הערצער שטעהען ארום איהר. זיא ליינט און לייענט וויא דערבייא פיר מיט א ריהרענדער שטימע טיעף פונ'ם הארצען:

„רבונו של עולם, דערבארמדיגער גאָט! דיא ליכט וואס מיר וועלען מאכען אין שול אריין פאר דיין הייליגען נאָמען וועגען און פאר דיא הייליגע ריינע נשמות, זאָלען דערוועקען דיא הייליגע אבות ואמהות, זייא זאָלען אויס זייערע קברים פאר אונז בעטען, אז קיין בייז, קיין צרות, קיין לייד זאָלען אויף אונז נישט קומען, און אונזער ליכט און אונזער מאנענס ליכט און קינדערס ליכט זאָלען נישט אויסגע־לאָשען ווערען פאר דער צייט, חס ושלום.... וויא איך וועל לייגען דעם פאָדעם פון דיא קנייטליך פאר אונזער פאטער אברהם, וואס דוא האסט איהם מציל געווען פון דעם פייער אין קאַלכאויוועך, אזוי זאָלסט־דוא אונז רייניגען פון זינד, אונזער נשמה זאָל קומען ריין פון שולד צו דיר, וויא זיא איז געקומען ריין אין אונזער גוף אריין. — אין דעם זכות וואס איך לייג דעם פאָדעם פאר אונזער מוטער שרה, זאָל גאָט ברוך־הוא אונז געדענקען דעם זכות פון איהר צער, אז מען האט איהר ליבען זוהן יצחק געפיהרט צו דער עקדה. לאָז זיא א גוטע מליצה זיין, אז מען זאָל ניט האָפּען בייא אונז אונזערע קינדערליך, זייא זאָלען פון אונז נישט אוועקגענומען ווערען און נישט פערוואָרפען ווערען ווייט פון אונז וויא דיא בלודנע שעפעליך. — אין דעם זכות, וואס מיר לייגען דעם פאָדעם פאר אונזער פאָטער יצחק, זאָלסט דוא זיך איבער אונז דערבארמען, אז מיר זאָלען קענען מגדל זיין אונזערע קינדער, זייא קענען האַלטען בייא א רבי'ן, עס זאָלען, וויא דאס ליכט, אונזערע קינדערס אויגען לייכטען אין לערנען, אין דער ליעבער תורה.... פאר דעם פאָדעם, וואס מיר לייגען פאר אונזער פאָטער יעקב, וועלכען דוא האסט געהאָלפען פון דיא שונאים, בייגעשטאנען איהם אין זיינע נויטען, אזוי זאָלסט־דוא אונז העלפען פון כל המשחיתים והמקטרגים, זייא זאָלען נישט קענען אָנריידען אויף אונז שלעכטס, אויסטראכטען בלבולים, צו פערשווארצען אונזער נאָמען.... מיר זאָלען אין דעם יום־הדין האבען א גוטען משפט מיט אונזערע מאנען און קינדער, מיר זאָלען חלילה נישט זיין קיין אלמנות און אונזערע קינדער קיין יתומים.... בזכות שלמה וואס האט געבויעט דאס בית־המקדש און תפילה געטהון, ווען אפילו נישט קיין יוד, א פרעמדער נאר פון איין אנדער אומה, אז ער וועט קומען אין בית־המקדש

אריין און דיך בעטען, זאָל זיין געבעט אויף אָנגענומען ווערען — אין דעם זכות, רבונו של עולם זאָל נישט פערשלאָסען ווערען דער טויער פונ׳ם הימעל פאר מיין געבעט און לאָמיר געדאכט ווערען מיט מיין מאַן און מיט מיינע קינדער און מיט אַלע לייט צום גוטען אין דעם נייעם יאָהר. אָמן!״

לאָז נאכדם לאַכען, ווער עס קען, לאָז ער זאָגען, אויב עס קיינט זיך איהם דאס מויל, אז דאס איז נארישע זאכען. — אהער ליכט, אהער א סך אזעלכע ריינע נשמות־ליכט! א סך אהער אזעלכע ברענענדיגע געפיהלען, ריינע הערצליכע ווערטער, הייסע טרעהרען, געבעט און ליעבשאפט צו תורה און חכמה, ליעבשאפט צו מענשען, צו א גאנצער וועלט מענשען! און דאס אלסדינג בייא וועמען איז עס? בייא יודענעס, בייא פראָסטע יודענעס, וואס אָנקוקענדיג זייא פון דרויסען דאכט זיך, זייא זיינען גאר נישט; וואס אָנקוקענדיג זייא פון מארק דאכט זיך זייא זיינען משונה פערגרעבט.... הלואי א סך אזעלכע ווייבער מיט אזעלכע געפיהלען און אזעלכע ווערטער!

דאס מענען הערען יענע, יענע.... און וויסען וואס אזוינס א יודיש הארץ בעטייט, מענען הערען און — שטומען!

## 6.

א פאָר יאָהר איז דריינען זינט שלמה׳לע האט אָנגעהויבען לערנען תנ״ך, אין גאנצען איז ער נאך א קינד, און וואס פאַרט, רבונו של עולם, האט ער שוין נישט איבערגעלעבט, וואו איז ער אין דער דאָזיגער צייט שוין נישט אויסגעווען?— ט׳אקי נאָר עפיס וויא איין אלטער, וואס וואַלט אוועקגעלעבט משותלח׳ס יאָהרען!— ער איז געוועזען אין ארם־נהרים, אין כנען, אין מצרים, אין פרס ומדי און שושן הבירה דאָרט, און נאך אין מדינות, פון הודו ביז כוש, אויך אין דער וויסטעניש, אין מדבריות און אָנגעזעהען זיך, אָנגעהערט זיך דאָרט זעהר פיעל וואונדערליכע זאכען. כאָז מען פון דעסטוועגען קיין טעות ניט האבען, נישט מיינען, אז עס האט זיך געמאכט עפיס איין אומגליק, און ר׳ חיים האט געמוזט עוקר זיין, זיך ארומ־וואַגלען מיט זיין הויזגעזינד נעביך, אָדער א שרפה, א מגפה, א בייזע מהומה, נישט דאָ געדאכט, איז אָנגעשיקט געוואָרען אויף דעם שטעדטיל, און דיא איינוואוינער זיינען זיך צעלאָפען, האבען, וויא דער שטיינער פון יודען איז אין גלות, זיך צע־שלעפט אָער אהין, איבער דער גאנצער וועלט. חלילה, קיין צער קיין בייז! דאָס

שטערטיל איז וויא פריער א שטעדטיל, דיא איינוואוינער וויא פריהער איינוואוינער, ר׳ חיים איז ר׳ חיים, אלסדינג וויא פריער, איטליכער, ברוך־השם, אויף זיין ארט און שלמה׳לע האט פונ׳ם שטעדטיל קיין פוס אפילו נים ארויסגעשטעלט. — וואס־זשע דען? דאס איז אזוינס, וואס פאר אלע אנדערע פעלקער איז עס א סוד, נאר נים צום פערשטעהן, נאר בייא יודען פערקויפט זיך עס זעהר אפט. בייא יודישע קינדער נאר געשעהט אזוינס, אז מען זאל זיטצען טאג וויא נאכט פער־שפארט אויף איין ארט, נישט צו וויסען, וואס דא ארום נעהט פיר, וואס מען ברויכט צו לערנען, צו טהון, בכדי צו לעבען מיט לייטען גלייך; מען זאל אויס־געטהון זיין פון אלסדינג דא, מבטל זיין אלע זאכען, וואס זיינען נייטיג פשוט אין לעבען אריין און איבערטראגען זיך אינגאנצען מיט דיא ביינער און אלע געדאנקען העט ווייט אין איין אנדער עולם, אין אנדערע צייטען; מען זאל נישט זעהען פאר זיך דיא וועלט, דאס וואס פאר דער נאז, און אפגעבען זיך אינגאנצען נאר מיט אזעלכעס, וואס העט א מאל, צו וועלכס מען בעדארף נישט האבען אזוי דיא אויגען און דיא אנדערע מענשליכע נראבע חושים וויא א שארפען כח הדמיון — א הוילע נאקעטע נשמה אהן לייב אהן לעבען!

שלמה׳לע נאך א יונג קינד, א היהנדרעלע, וואס ליגט נאך אין דעם איי, נ׳שט צו וויסען דאס ארט, דאס לאנד, וואו ער איז, נישט דאס פאלק, דיא מענשען, צווישען וועלכע ער געפינט זיך; וואס פרעגט איהם בחרם פון א לעבען דא צו זאגען — ער, שלמה׳לע, בעקלאגט זיך אין דיא געדאנקען ארום ערגיץ אין דיא ווייטע מקומות דארט! ער איז פערוואגעלט אין מצרים, אין דיא לענדער פון סיחון, עוג מלך הבשן און נבוכדנצר מלך בבל, דער קאפ ליגט איהם אין דעם ים־סוף, אין דעם ים־המלח, אין דעם טייך פרס און דעם ירדן. פאר איהם גע־פינען זיך מיני מענשען, מיט וועלכע מען בעדארף ריידען לשון־קודש, עפיס נאר תרגום, מען זיטצט זיך בייא זייא אין געצעלטען, מען רייט אויף מויל־אייזלען און קעמלען, מען טרינקט פון א „לאגעל״, מען נעהט בארפיס און טראגט נאזבאנדען, אלסדינג וויא דער שטייגער איז. אונזער נאטור דא, מיט איהרע מיני געוועקס, חיות און עופות נעהער זיך מיט שלמה׳לען נישט אן. וואס מאכט עס איהם אויס פעלדער מיט תבואה — קארען, רעצ׳שקע, קארטאפלעס, פון וואנען ער עסט א „קרופניק״ מיט ברויט אלע טאג? וואס ווייסט ער א סאסנע, בערעזענע און דעמבענע ביימער! ער ווייסט נאר בייא זיך אין הארצען: וויינגערטנער, טייטלען, פיינען, מילגרוימען און אייל־בירטען, פימסטענהאלץ און בוכסענביימער. פון לבעדינע מיני בעשעפעניש ווייסט ער: א ווילדעטהיר, א לינדענווארם און א פיפערנאטער, א

לעמפערט, א אינד, וואס מהוט מאַהן גלוסטען אויף קוואלען וואסער, א שור־הבר און א טירקילטויב. הכלל שלמה'לע איז נאָר א נעבירטינער דאָ און אליין איז ער עפּים וויא נישט קיין הינער, לעבט ערגיץ דאָרט, דאָרט... זיין צייט איז פּארצייטען און זיין וועלט איז א יענע, וואס א מאָל, דאָ איז ער א נר און דאָרט — איין אלט־געזעסענער; ער קומט א היים, נאָר אויף א וויילע, וויא א גאסט אויף דער סטאנציע, עסט־אָפּ, נעבטינט איבער — און מארש אהין, ווייטער מאַקי אהין !....

זיין לעבען איז, וויא דאס לעבען פון טויזענדער אנדערע שלמה'ליך, נאָר פון א זכר ווענין — אזוי און אזוי איז געווען דענסטמאָל, בימים ההם, אין יענע צייטען.

נאָר לעבען מיט דעם זכר אליין דערפון, וואס איז געווען; בלייבען בייא א געשיכטע און דרעהען זיך, דרעהען זיך אויף איין אָרט, ווייטער נישט אויף קיין האָר — אזעלכעס הייסט נישט געלעבט נאָר געטרוימט. אונזערע עלטערן, וואס זיינען געזעסען בייא דיא טייכען פון בבל און דער קאָפּ איז זייא געלעגען נאר ערגיץ אנדערש, האבען שפּעטער ערשט, ביים צוריק־קעהרען זיך פון'ם גלות, דערפיהלט אליין און אין שמחות דערצעהלט, לויט עס שטעהט אין דעם שיר־המעלות, אז נישט געלעבט האבען מיר, נאָר היינו כחולמים, מיר האבען געחלומט.

און וויא באלד אזא לעבען וואס איז א חלום, וואס־זשע איז פאר א וואונדער, אויב אין איהם גרייםט זיך אזוינס, וואס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, אויב עס דרעהען זיך ארום אין איהם רוחות, שלעק, און ס'איז גאנץ רעכט אויף בהמות מיט מענשליכע צורות, וכדומה נאך אזעלכע ווילדע בעשעפעניש !....

ווען נישט דיא ציצית, דיא מזוזה און קריאת־שמע, דיא דאָזיגע דרייא גוטע שמירות, וואס האבען שלמה'לען אביסעל בערוהיגט, וואָלט ער חלילה יונג פון דער וועלט געגאנגען פאר גרוים מורא, וואס ווילדע בעשעפעניש האבען אויף איהם אנגעמאכט.

ס'איז כדאי צו וויסען חאָטשע נור א טהייל חלומות פון שלמה'לעס יוגענד, וויא אזוי און דורך ווען ס'איז איהם ענטפּלעקט געוואָרען דער סוד פון רוחות, גלגולים און פיעל אנדערע שרעקליכע זאכען נאך גאר אין דיא קינדיש יאהרען.

אין דעם שטעדטיל ק... פלעגט צייטענווייס זיך א ווייז טהאָן, וויא פּלוצים פונ'ם הימעל אראָפּגעפאלען, א יוד מיט א ווילדער גרויער באָרד, איין אויג א בלינדס, דאס אויסזעהן זיינס שמארק שטארק משונה און געקוקט האט ער בייז פון אונטער דיא לאנגע ברעמען; האלטענדיג אביסעל איינגעבויגען דעם קאָפּ.

זיין אָנקומען האָט זיך געלאָזט הערען אין דעם גאַנצען שטעדטיל, אַלע אין איין קול: דער בעל־שם, רבי אליה בעל־שם! יודען פלעגען ניט קענען זיך זאַט אָנדערצעהלען פון רבי אליה'ס גרויסע וואונדער פון זיינע סגולות און קמיעות — דאָרט און דאָרט האָט ער ארויסגעטריבען א גלגול, דענסטמאָל און דענסטמאָל האָט ער געהאַט צו טאָהן מיט „זייא", מיט דיא נישט־גוטע, וואָס האָבען פאַר איהם דאָס נייך־יעהרינע, ציטערען פאַר זיין פּיפּס. דערבייא איז דערקלעהרט געוואָרען דער טעם פון זיין בלינד אויג, אַזוי: אַז ער רופט צונויף דיא שדים ווענען עפּיס א זאַך, שיט ער אויס א זעקעלע מאָהן און הייסט זייא מיט א שפרונג, ביז איין מאָהנדעל צונויפ־קלייבען, ווארום אָהן עפּיס איין ארבייט, לאָזען זייא איין רגע שטעהען ליידיג קענען זייא מזיק זיין. איינמאָל האָט ער זיך פאַרגעסען מאָהן אויסצושיטען האָבען זייא איהם איין אויג אויסגעדראָפּעט.

אָט דעם רבי אליה'ן, איבער וועלכען עס האָט זיך ארומגעטראָגען אַזעלכע שרעקליכע מעשיות, אַז שלמה'ילע האָט דערזעהן, איז איהם פאַר שרעק דער מאַטעס מילך ענטפאַלען. אמת טאַקי וויא רבי אליה פאָרעט זיך מיט רוחות, דערבייא איז ער נישט געווען, נאָר דאָס בלינדע איינעל האָט איהם בעוויזען גאַנץ קלאָהר, אַז דיא מעשה אָ־פּנים איז טאַקי אַזוי — אלא נישט, פאַר וואָס־זשע איז ער בלינד?... שפּעטער אביסעל מיט דער צייט, איז איהם בעשעהרט געווען צו זעהן אַזוינס אלייך טאַקי, מיט זיינע אויגען.

ווינטער בייא נאַכט, ארום ניין א זייגער, פלעגט געוועהנטליך שלמה'לע און זיינע חברים געהען פונ'ם חדר מיט פּאַפּירענע לאַמטערנעליך אין דיא הענד, מיט נעפּיכדער און געזאַנג, פּייפענדיג אין דיא קולאַקעס און צופּויקענדיג מיט דיא באַקען. קוים איז מען אויפ'ן וועג צוגעקומען צו דער גרויסער קאַלטער שול, וואו עס דאַווענען אַלע נאַכט מתים, לויט יודען מיט בערד זאָגען, האָט פּלוצים עפּיס וויא אָפּגענומען דאָס לשון. מען איז אין איין שרעק איבערגעלאָפען דאָס שטיקעל וועג פאַרבייא איהר, האַלטענדיג זיך בייא דיא ציצית און שרייענדיג, בייא זיך אין הארצען, שמע־ישראל! דערנאָך אַז נאָט האָט געהאָלפען מען איז פון דער סכנה ארויס, האָבען יודישע קינדער, וויא דער שטיינער איז, זיך געשטאַרקט, געעפענט א מויל און געזונגען שירה האָפערדיג בעהאַרצט.

איינמאָל, אין א שטאַרק קאַלטער ווינטער־נאַכט, אַז שלמה'לע איז בעהאַרצט, וויא געוועהנטליך, אריינגעלאָפען אין שטוב, האָט מען איהם באַלד אָפּגעשטעלט מיט א בייזדאומיטינער טינע, און דער „גוט'ן אָוונט!" איז איהם געבליעבען שטעהן

ווי א בייז אין האלז. ער וויל ארויס מיט עפעס א ווארט, נאר מען ווייזט איהם ווינקענדיג מיט א פינגער אויפ׳ן מויל — שא! ער זעהט, ס׳איז עפיס נישט גלאט. אין שטוב איז טונקעל, דיא מאמע איז נישטא, פון דיא מאנסביכען אויך קיינער נישטא, דיא קינדער זיצען צושטערט, איטליכער פאר זיך אין א ווינקעלע. וואס זאל ער נעביך טאהן? ער נעהט, פון קיינעם נישט בעמערקט, אויף דיא שפיטץ־פינגער און קלעטערט ארויף שטיל וויא א קעטצעלע אויפ׳ן אויווען, האטש צו דער־ווארעמען אביסעל דיא נשמה פאר קעלט. פונ׳ם אלקירעל אויף יענער זייט אויווען — א חדר׳ל פאר א פאר־פאלק, פאר דעם עלטערן ברודער מיט דעם ווייב — טהוט איהם עפיס שטארק א שיין, ער ציהעט ליגענדיג זיך אויס מיט דעם קאפ אהין, גיט בגנבה א בליק און בלייבט פערגאפט, נישט קענען א ריהר זיך צו טהון מיט קיין אבר. דאס ווייבערשע בעט דארט איז פערהאנגען, זעהט ער, מיט א פארהאנג, אנגעזעטצט פון אויבען ביז אראפ מיט בריוולעך־שפילקעס, וואס פונקלען אקעגען דער שיין פון אוואניש־ליכט, (א גראב־חלבדיג ליכט מיט א באוולענעם קנייט׳ל), דיא באנק, וואס לעבין דער רובע דארט, איז אבגערוקט און אויף איהר ארט איז אויסגעגראבען אין דער ערד א גריבעל. איינער עפיס פון א ווילד אויסזעהען האלט א שווארצען האהן, רייבערט קרייטיכער אזוינע און מאכט משונהנע הוויות. טהוט א זעטץ דעם האהן אין קעפיל און לאזט ארויס אויף משונה קולות עפעס נישט קיין מענשליכע ווערטער: „איה־ביה סטיטיה, אנרפטי, מרום, שמריאל״, ער דרעהט מיט דיא אויגען, בלאזט שעפּשטשעט: „מצפץ, מצפץ, מצפץ, מצפץ, מצפץ, מצפץ, מצפץ, מצפץ, מצפץ״, א טופ געבענדיג מיט דיא פיס, א מאך מיט דיא הענד, וויא ער ראנגעלט זיך מיט עמיצען, און בייא איטליכעס „מצפץ״ דערלאנגט ער א דרעה, א זעטץ דעם האהן אין קעפיל אזוי, אז ער פערגעהט זיך נעביך הארחלענדיג. פון אונטער דעם פאר־האנג הערט זיך אויך א שרייען, א קרעכצען, וואס רייסט אויס א שטיק הארץ. דער ווילדער פארשוין צושאקעלט זיך שטארק בייז, ציהעט איין דעם אטהעם אין זיך, קוועטשט זיך און לאזט ארויס וויא פונ׳ם בויך עפיס משונה׳דיגע ווערטער: „תלמכא חישה ובכוסביק פסלמניא״, חאפט דעם האהן ביים נארגעל, דרעהט מיט איהם וויא צו כפרות, טהוט איהם א ווארף אין גריבעל.... פארשיט און — דאס בייגקעל שטעהט באלד מאקי ווידער אויף זיין ארט.... פון אונטער׳ן פארהאנג געהן ארויס א ביטער געשרייא, צוגלייך מאקי א קוויטשעלע מיט א געוויין — מזל טוב! זאגט עפיס א יורענע און דיא מאמע, צוגעהמענדיג אביסעל דעם פארהאנג און ארוישטעקענדיג דיא קעפ, א יונגעל, הלואי אויף לאנגע יאהר!

— מזל טוב! — מאכט יענער פּארשוין, סאַפּענדיג וויא א גאנז — איך האב געהאט היינט מיט „זייא" א גוט שטיקעל ארבייט. פון היינט אָן וועלען שוין בייא דער קינפּעטאָרען דיא קינדער זיך האלטען און קיין „בענעמעניש" וועט זיך, גאנץ זיכער, מעהר נישט טרעפען.

דעם פּירוש פונ'ם דאָזיגען גאנצען ענין און פון „בענעמעניש", איז שלמה'לע אין עטליכע טעג ארום געוואָהר געוואָרען דורך „גרויסע", וואס האבען וועגען דעם צווישען זיך געפיהרט א ברייטען שמועס און דערבייא גאנץ ערנסט מיט אויס־געצויגענע פּנימער דערצעהלט א געשריבענע מעשה, וואס דיא האָר שטעלען זיך קאַפּויר זיא הערענדיג.

„אין דעם קליין שטעדטיל גאלינג, נישט וויים פון חעלעם, איז געוועזען איינער מיט דעם נאָמען ר' גבריאל. אז דאס ווייב זיינס איז געלעגען געוואָרען למזל מיט א יונגעל, האט ער געשיקט בעטען דעם חעלמער רב, רבי אליה בעל שם, ער זאָל קומען מיט זיין כבוד מהל זיין דאס קינד. דיא מעשה איז געשעהען אין חודש סיון, דאָנערשטיג. רבי אליה איז אין דעם טאָג טאקי אָווענט־צייט געקומען נאָהענט צום שטעדטיל, האט ער דערזעהען מכשפים און מכשפות מעהר פון הונדערט טויזענד. איטליכען פונ'ם מויל געהט ארויס א פלאַם־פייער, ארום זייא ברענט אויך א פייער, און זייא אלע שפּילען זיך אָט מיט דעם דאָזיגען קינד טאקי, וואס איז געבוירען געוואָרען. אז דער רב האט א קוק געטאָהן, ע"הע, אזוי איז דיא מעשה; טהוט ער א זאָג דעם משרת זיינעם: גיבער גיב מיר אהער וואסער פון מיין פלעשיל! פאר'ן וואשען דיא הענד האט ער געזאָגט א שפּרוך מיט דעם שם און גענומען זיבען מעסערס, זיבען ברעטליך, צווייא חלות מיט זיבען שיך, אין איטליכען שוך אריינ־געשטעקט א מעסער, דערנאך טהוט ער אויס דיא שיך פון זיינע פיס, וואשט צווייא מאָל דיא הענד, שטעלט אויף דעם גראָבען פינגער פון דער רעכטער האנד און זאָגט אזוי: מיט דעם כח פונ'ם הייליגען שם, אזעלכען און אזעלכען, בין איך מבטל דעם כישוף פון דיא מענער און ווייבער, דיא מכשפים און מכשפות, עס זאָל נישט שאדען דעם קינד, און מיט דעם דאָזיגען שם האט רבי אליה דערהרגעט אלע מכשפים. באלד טאקי געהמט ער דאס קינד, אָפּפיהרען עס צו זיין פאָטער און מוטער, און תיכף וויא ער קומט אריין צו זייא רעדט ער ארויס דעם הייליגען שם „שמשיהו" האבען אלע מענשען אין שטוב באלד דערזעהען, אז יענס קינד, וואס ליגט לעבין דער קינפּעטאָרע, איז גאר שטרוי און קליאָטשע — א פערבלענדזשער־ניש, בעהיט זאָל מען ווערען! עס האט זיך גאָר געדאכט, אז א מענש מישטעהנס

נעזאַנט, ער נעהמט דאס אמת'ע קינד, וואס ער האט מציל נעוועזן פון דיא קליפות, און נימט עס אַפּ צוריק דער מוטער" *).

פון דענסטמאָל אָן איז שלמה'לע שטארק צודרעהט, עס דאכט זיך איהם, ס'איז איננאנצען דאָ — א פערבלענדזעניש! אָט האפּט דעם, יענעם דער רוח, אָדער דער רוח האט זייא שוין לאַנג נעהאפּט, עס דאכט זיך נאָר בריות, און באמת איז זייער נשמה פון קליאַטשע. ער אליין איז אויך קליאַטשע....

## 7.

א מייסטערין שרעקליכע מעשיות אזעלכע צו דערצעהלען איז נעוועזן יאחנע־סאָסיע, אָדער לייבציכע, וויא זיא האט נעהייסען. זיא האט, זאָל זיך איהר נרינג שלוקערצען דאָרט, מיט איהרע מעשיות זעהר פיל אויף שלמה'לען נעווירקט.

לייבציכען, קען מען זיכער זאָגען, האט נאָט בעשאפען אויף דער וועלט מיט דער איינציגער כונה אליין, כדי אויסצודריקען מיט איהר געשטאַלט גאַנץ שארף, אין העכסטען גראד, א טהייל פון יענע חפצות, וואס נעפינען זיך בייא ווייבער איבערהויפּט צו ביסליכווייס נאָר. ווען א גרויסע מאָדניצע אין פּאריז, אָדער אין ברדיטשוב א שטיינער, שטעלט מיט זיך פיר וויא זיא שטעהט און געהט, א לעד־בעדיג בילד פון דער ווייבערשער תאוה — פּוטצען זיך, דאס הייסט, איננאַנצען איז זיא א נאַרנישט, נאָר א פּוטץ, אזוי האט לייבציכע אויף פירגעשטעלט מיט איהר מיילכען דיא ווייבערשע תאוה — צוריידען און בעריידען, נישט אויסצולאָזען קיינעם און קיין זאך אין דער וועלט. אוועקנענומען בייא איהר דיא דאָזיגע איינציגע מעלה, וואָלט זיא נעמענט נאר ניט נעבוירען ווערען, קיינעם חלילה וואָלט עס נישט נעאַרט. — לייבציכע פלעגט, וויא א נאָהענטע שכנה, קומען צו שרה'ן ר' חיים'ס ווייב, לייען אמאָל דאס, אמאָל יענס, און במעט אלע פריהמאָרגען נעהמען פּונ'ם פריפּיטשאָק א קויל פייער בייא איהם. שוועבעליך, וויא היינט, האט מען דענסטמאָל ווייניג נעוואוסט, מען פלעגט נעברויכען אנדערע מיני מיטעל און פייערנעצייג. לייבציכע פלעגט דאס קויל פייער אריינשארען אין א טעפּיל, בלאָזען עס צווישען דיא קאלטע קוילען דאָרט, און דערבייא אויסשיטען גאנצע זעק רייד. איין מאָל אין וואך האט נעמוזט צווישען דיא דאָזיגע צווייא שכנות זיך מאכען א רונז.

*) ספר „תולדות אדם" מאת הר"ר אליהו בעל שם, סימן פ״ע.

געוועהנטליך פלעגט דער רונז ארויסשפרינגען אין א מארק־טאָג, איבער עפּיס א מציאה, נאָר מעהר פון א טאָג האט ער קיינמאָל נישט געדויערט. מאָרגען גאנץ פריה איז שוין לייבציכע מיט דעם פייערטעפּיל געקומען, איז געווען זיס וויא צוקער, געבלאָזען אין טעפּיל און גערעדט א שרעק.

אין דיא לאנגע ווינטער־נעכט פלעגט זיא אָפט קומען זיטצען בייא שרה'ן מיט עפּיס איין ארבייט, מיינסטענס מיט א זאָק אין דער האנד און האלטען זיך עצות, צי ס'איז שוין צייט אָנצוהויבען דיא פיאטע, אָדער אויף וויפיל איינליך אָפּ־צולאָזען דיא זאָק. דערבייא האט זיך איהר נישט צונעמאכט דאס מויל, גערעדט, בערעדט, דערצעהלט משונה וואונדערליכע מעשיות, וואס זיינען זיך פערלאָפען אין דער וועלט, אויך מיט איהר אליין און מיט איהר זיידען עליהשלום, שווערענדיג זיך מיט כל השבועות, אז אלסדינג, וואס זיא דערצעהלט, איז אמת. פון איין מעשה איז זיא איבערגאנגען אין דער אנדערער, און אמאָל האט זיא אויסגעמישט צווייא מעשיות אינאיינעם. פון וואס מען זאָל נישט געווען ריידען איז זיך עס נישט אויסגעגאנגען אָהן לייבציכעס א מעשה. האט מען גערעדט פון עפּיס א שלאפקייט, קדחת א שטיינער, איז לייבציכע ארויס מיט דער שפּראכע :

— שא, אָט האט איהר אייך, יודישע קינדער, גאר א פרישע מעשה ! פסח קלאָטץ, אָט דער ישובניק קלאָטץ, א רויטער, א געזונטער, נאָר טאקי א פויער. זיטצט ער זיך, פסח, איבער א גרויסער שיסעל וויערמילך, אריינגעטאָהן איני־גאנצען מיט חשק אין דער אכילה. וואס דען־זשע זאָל א גראָבער יונג טאָהן ? וויא פסח זיטצט זיך דאָ אזוי, דיא נשמה זיינע אין שיסעל, קומט אריין אין קרעטשמע צו איהם עפּיס א פרישער פארשוין. ווער דער פארשוין איז ? דאס וועט זיך שוין ארויסווייזען ווייטער, שפּעטער אביסעל. שטעהט ער זיך דער פרישער פארשוין אקעגען קלאָטץ'ן, קוקט־קוקט, נישט אראָפּצונעהמען פון איהם דיא אויגען. און וויא פסח שעפּט אָן א גרויס לעפעל וויערמילך און טראָגט עס צום מויל, אזש מיין פארשוין טהוט איהם א פּאטש איבער דער האנד און דאס לעפעל מיט דעם וויערמילך פאלט אריין באָץ אין שיסעל. דוא זעהסט, מאכט דער פארשוין צו איהם, אָט דאס סקיינעטשקע שווארצענקע פינטעלע, וואס שווימט דאָ ארום אין שיסעל ? ניין, דאס איז נישט קיין פּראָסטע פינטעלע. ס'איז דיין מזל, וואס איך האב מיך דאָ בעצייטענס אונטערגעחאפּט איידער דוא האסט עס אראָפּגעשלונגען. דאס נוטעטשקע פינטעלע איז עס. ווילסט וויסען ווער, וואס ? — נא ! דאס קדחת האט זיך עס פערוואָרפען אין א שווארץ פינטעלע און געוואָלט מיט דעם וויערמילך

אינאײנעם דיר אין בויך אריין. ער נעהמט באלד טאקי א פאחיריל, ניסט אהין אינוויינינ אריין דאס זויערמילך מיט דעם פינטעלע און היינגט עס אויף איבער דעם אויבען. פסח קלאָמץ שטויסט זיך שוין אָן ווער דער פארשוין איז, אײנער פון דער גוטער כנופיא איז ער. ער האט איהם זעהר שיין בעדאנקט. דערנאך איז פסח קלאָטץ געפאָהרען אין שטאָדט אריין און געבענשט גומל.... ווער איהר דאָך מיך פרענען, וואס איז, יאחנע־סאָסיע, דער סוף מיט דעם פאחיריל? אוי, אזא סוף מיט אלע אונזערע ישונאים געזאָגט געוואָרען! עס איז אויסגעטריקענט געוואָרען וויא א שפענדיל, פון א מינדסטען בלאָז האט עס מיט איהם געוואָרפען וויא א קדחת. דער רוח האט שיער נישט צוגענומען דאס קדחת, אזוי האט עס געליטען, ליגענדיג דאָרט פערשפארט. בעדארף זיך מאכען, אז מען זאָל מיט א שפילקע א שטאָך טאָהן אין דעם פאחיריל איז דאס קדחת וויא א רוח ארויסגעפלויגען. אזוי פליהען זאָל איך, רבונו של עולם, אין פיעל גוטס, אָמן!

זינט דער דאָזיגער מעשה זאָגט זיך שלמה׳לע אָפ, פאר שרעק, פון זויערמילך. עס בעקומט איהם נישט איבערהויפט דאס עסען, דיא בעסטע שפייז אפילו. ער קוקט זיך צו אין טעלער צו א מינדסט שווארץ פינטעלע און ציטערט — אָט טהוט איהם א נעהם דאס קדחת!

איינמאָל אין א ווינטער־נאכט זיצט זיך שרה מיט לייבציכען לעבין אויבען און פליקעןביידע פעדערען. אקעגען זייא אויף דער באנק זיצט דיא סאמ׳ן, פערלייענענדיג אונטער זיך דיא הינטערסטע פיס, מאכט מיט דעם וויידעלע און קוקט מיט א פאָר גרינע אויגען. אויפ׳ן „לוטשניק״ ברענט א פייעריל, דיא קינדער, א מאָל דער, א מאָל יענער, ווארפען אונטער דארע שפענדליך. אין שטוב איז ווארם, מחיה, עס רעדט זיך עפיס געשמאק, אזוי געשמאק.

— וואס פון דער קוה, שרה, רעדסט־דוא? — פאלט לייבציכע אריין שרה׳ן אין דיא רייד — דיא קוה גיט עפיס וויינינ מילך, זאָגסט־דוא, דיא קוה? דאס נעהמען דיא מכשפות צו דאס מילך. איין מיטעל דערצו איז, קאָכען דאס „צעד־דעלקע״ (א שטיקעל ליינוואנד אויף איבערזייען דאס מילך). אז איך בין נאך א מיידיל געווען האט זיך געטראָפען בי״ת זיידע׳ן, מיר אויף צולאנגע יאָהר, א מעשה, אין דעם יאָהר טאקי, וואס מיט דעם גאָנאר, א ליכטיגען גן־עדן זאָל ער האבען — דער זיידע. ס׳איז נאך אזא מעשה נישט דערהערט געוואָרען אין דער גאנצער וועלט. מען האט איהם נישט געקענט ריהרען פונ׳ם אָרט, אזוי שווער איז דער גאָנער געווען, א הונדערט פונט, און אפשר נאך מער. ער האט בעדארפט

נעבען אודאי עטליכע טעפ שמאלץ, און גריווען נאר אָהן א צאָהל. צוריקטראָגענדיג איהם פונ׳ם שוחט, א נעקווילעטער שוין, נימ ער זיך פלוצים א שטעל אויף דיא פיס, טהומ זיך א לאָז, מיט א פייף איבער דער גאנצער גאס, און ווערט פער־שוואינדען. ווער גאָנער, וואס גאָנער — א גלגול איז דאס נאר געווען!.... טפו, איך מיש איין מעשה מיט דער אנדערער, פליישיגס מיט מילכיגס. פון מילך וויל איך דאָ נאר דערצעהלען. א מיידיל אז איך בין נאך געווען, האט דיא רויטע קוה דעם זיידענס, עליו־השלום, אויפגעהערט במעט צונעבען מילך, איז געוואָרען מאָגער, דאר־קוואר מיט ליידיגע אייטער. דיא באָבע טעמע, זאָל א גוטע מליצה זיין, האט זיך שטארק געערגערט. נעה, זאָגט זיא, גיב פרעסען א קוה, אז זיא וויל נישט נעבען קיין מילך. מכות איהר... פעטריכע, זאָל זיך מיהען נישט טיהען דאָרט, האט צוקריגענדיג זיך מיט איהרע א חברתה, א מכשפה, אויסגעזאגט דעם סוד, אז דאס איז איהר מלאכה, און פאר א טרונק בראנפען געהייסען אָט וואס: „טעמא, מאכט זיא, נעהם צעליינג אָוועגט־צייט אויפ׳ן פריפיטשאָק א פייער, שטעל ארויף דאָרט אויף א טריניישקע א טעפיל, און טעפיל טהו אריין דיא „צעדעלקע" און דיא האָר פון א פלעדערמויז מיט דיא קרייטעכצער, וואס איך גיב דיר דאָ. טהיר און לאָדען זאָלען זיין גוט צוגעמאכט, חוץ דיר, זאָל קיינער אין שטוב נישט זיין. אויב דוא האסט שטארק מורא, מעג יאחנא־סאָסיא מיט דיר בלייבען. אז דאס טעפיל וועט אָנהויבען קאָכען וועסט־דוא הערען א קלאפ אין דער טהיר, שפעטער אביסל קולות מיט א געבעט: טעמא עפען דיא טהיר! און דוא שא. דאס וועט דיא מכשפה קייקעלינדיג זיך אייפ׳ן בויך, קומען בעטען זיך, און אָנגעהמען דאס קול פון דיין מאן, און נאך אנדערע אלערלייא קולות, דוא אָבער ציט.... עפען נימ למען־השם ו..מען־השם". כך־הוה. איך געדענק עס וויא היינט. ס׳איז אָוועגט־צייט, אין שטוב איז פינכטער, איך מיט דער באבען, מיר אויף צו לאנגע יאָהר, שטעהען מיר ביים פריפיטשאָק. דאס טעפיל אויף דער טרינישקע, אונטען ברענט א פייער. קוים הויבט אָן דאס טעפיל טיאָך, טיאָך, הערט זיך אין דער טהיר קלאפ, קלאָפ. דיא באבע ציטערט, שטשירעט אוים אויף מיר איין אויג, פארבייסענדיג מיט דיא ליפען. מיר אין הארצען קלאפט אויך — טיאָך, טיאָך, נאָר גארנישט, שא! פלוצים הערט זיך א קול וויא פונ׳ם זיידען, אָבער אקוראט אזוי, מען האט געמעגט שווערען, מיט א געבעט: טעמע, לאָז מיך אריין, טעמע! דיא באָבע פארבייסט נאך שטארקער מיט דיא ליפען, ווינקט מיר מיט א פינגער אויפ׳ן מויל, דאס הייסט — שא יאחנע־סאָסיע! איך לייג אלץ אונטער שפענדליך. דאס טעפיל קאָכט פון דרויסען הערען זיך קולות: ווידער וויא דעם זיידענס קול מיט גוטען און מיט

בייזען. דאס איז געווען זיא, דיא מכשפה'טע, עס האט איהר א פנים גוט געדרעהט אין בויך פונ'ם קאכעניש אין טעפיל. שפעטער אביסעל א חריוקען פון א חזיר, א היילען פון א הונד, א מעקען פון א ציג, א מיויקען פון א קאטץ. דערנאך, דערנאך, הערסט־דוא, שרה, וואס איך וועל דיר בעסער זאגען — טהוט פלוצים א זאג לייבציכע, פארקוקענדיג זיך אויף דער קאטץ, וואס ליגט זיך אויסגעשטרעקט אקעגען אויף דער באנק, דרעהענדיג דעם ווידעל און מאכענדיג מיט דיא פאדערסטע לאפקעס — דוא הערסט, עס געפעלט מיר עפים נישט דיין קאטץ. איך האב מורא, אוי א וועהטיג איז מיר נישט, דאס איז א גלגול!.... א קאטא!

— א־קאטא, א־קאטא, א־קאטא!....

דיא קאטץ דערשרעקט זיך, לויפט און פאלט אריין אין דעם טאפ פערדערען, שפרינגט געשווינד ארויס, איינגעטינקט אין פעדערען וויא א שווארץ־יאהר. עס ווערט א געשרייא, א יאגעניש, זיא פוטץ אויף טיש און אויף ביינק, און אלע נאך איהר. ס'איז א צארען, א מהומה אויף דער בידנער קאטץ נעביך נאר פלוצים, אומגעריכט!....

פון דענסטמאל־אן דאכט זיך שלמה'לען גלגולים. דער גאנער איז נישט קיין גאנער, דיא קאטץ איז נישט קיין קאטץ, אויך דער מענש, להבדיל, איז נישט קיין מענש, דיא דאזיגע וועלט דא איז אינגאנצען טאקי נאר — איין עולם הדמיון!

8.

דא אויף דעם עולם איז שלמה'לע א למדן, ווייסט נישט פון א לעבען צוזאגען, דערפאר דארט — אויף יענעם עולם, וואהין ער פארפיהט דורך דעם לערנען, איז ער א ווילדער חכם, קען אלסדינג וויא א גרויסער למדן, אזעלכעס אפילו, וואס איז פאר אנדערע היינט גאר א סוד; ער לערענט גמרא, פארנעהמט זיך מיט דינים ומשפטים און נאך אנדערע זאכען דארט. ער איז א דארטינער מיט אלע נענג, מיט דעם שטיינער רעדען, מיט דעם שאקלען זיך, אינגאנצען מיט דיא ביינער, מיט לייב און לעבען. פאר איהם איז דארט א וועלט מיט עסקים — ס'איז דארט א מחלוקת איבער איין איי, וואס דיא חוהן האט יום־טוב געלעגט. לוים געהמען מעשר, כהנים נעהמען תרומה, זיינען מקריב קרבנות, און יודען — שטייסט

מען מלקות.... שלמה'לע איז שטארק פארנומען. וואו פאר איהם צייט, ווען צייט? נישטאָ קיין צייט! — דער קאָפּ איז איהם דול.

איינמאָל, נאך א גרויס דולעניש, אז שלמה'לע איז וויא א גאסט פון יענער וועלט אהיים אראָפּגעפאלען, עפּיס איבערצוחאפּען, האט ער באלד ביים אריינגאנג אין שטוב דערהערט א יאָמער א קלאָג, וויא מען בעוויינט א טויטען. דיא מאמע ברעכט דיא הענד, טענה'ט עפּיס און וויינט אויף א נינגן. דוד'ל און איידעלע, צווייא ברעקליך קינדער, שטעהען פון דערוויטענס אין א ווינקעלע און רעווען, קוקענדיג אויף דער מאמע, מיט אָפענע טיילערליך. לאָה, דיא עלטערע שוועסטער, זיטצט אויף דער מילכינער באנק אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז שטארק פאר־אימערט. שלמה'לען ניט א טיאָכקע דאס הארץ, אין דיא אויגען שטעלען זיך איהם טרערען, און ער הויבט אָן באלד טאקי אויך צו וויינען.

— אוי, א גזר־דין, א גרויס אומגליק, אוי־וועה, האט אונז געטראָפען! — טענה'ט דיא מאמע, פארגעהענדיג זיך פון טרערען.

— מא—אמע, מא—מע—ע! רעווען דיא קליינע קינדער און קראטצען דיא קעפּליך מיטביידע הענטליך.

— אי—איק—היק! שלוכצט שלמה'לע, דער ד א ר ט י ג ע ר חכם, און שנייצט דיא נאָז.

— וויין, שלמה'לע, וויין! — זאָגט דיא מאמע מיט תחנה־לשון, אז זיא האט איהם בעמערקט, און לייגט ביידע הענד איהם אויפ'ן קאָפּ ארויף — טהו, אל־מאכטינער פאָטער, דיא טרערען פון ריינע אומשולדיגע קינדער טאָהן אין דיין לאָגעל. אוי, אומגליקליך קינד, וויסט איז אונז, פינצטער איז אונז — פינצטערע שקאָלעס... יודישע קינדער נעהמען אין דיא שקאָלעס!

— געוואלד! — שרייעט שלמה'לע, פארגעהענדיג זיך אונטער דער מאמעס הענד.

שלמה'לע דער „ד א ר ט י ג ע ר" האט געהערט, אז אויף דער וועלט „ד אָ" געפינט זיך בייא „ז י י א" עפּיס שקאָלעס. וואס מען טהוט דאָרט אזוינס? דאס האט ער נישט געוואוסט. געהערט נאָר, אז מען שמייסט א שרעק. אצינד, דער־וויסענדיג זיך, וואס דער מאמעס געוויין בעטייט, — אז ס'איז דאָ א בעפעהל, מען זאָל יודישע קינדער נעהמען אין דיא שקאָלעס, איז איהם ענטפאלען דאס געזונט. עס האט איהם זיך געדאכט, אָט שטעהען זעלנער. מען נעהמט איהם, מען פיהרט איהם, מען שמייסט.... און דאריבער האט ער געביך געשריגען — געוואלד!

דיא מאמע־זשע ווידער האט גענוויינט נישט אזוי דערפאר, וואס מען שמייסט, שטייסען שמייסט מען דאך אין חדרים להבדיל אויך, נאר גלאט אזוי, ווייל שקאָלעס איז א מיאוסע זאך. דער נאָמען שקאָלעס אליין איז שוין פע, א שרעק, ס'איז דאך איין עק פון דער וועלט, אוים יודישקייט. וואס קען חלילה פון יודישע קינדער ווערען?

יודען אין שטעדטיל זיינען ארומגעגאנגען אָהן קעפ, מען האט געזיפצט, גע־קרעכצט און גערעדט פון דיא שקאָלעס. דערבייא געמומעלט אויף עפים א דייטשיל, א ליכענטהאל, וואס פון איהם און נאך אזעלכע וויא ער, „בערלינער", קומט דאס גאנצע שפיל ארויס. מען האט געמאכט אסיפות און געטראכט, וואס טהוט מען עפים דערצו. ס'איז געבליבען: מען זאָל גוזר־תענית זיין, זאָגען תהלים, רייסען קברים און איינלענען דיא וועלט. מלמדים געביך זיינען געווען געפלעווט, שטארק דערשלאָגען, האבען געציטערט פאר זייערע קנעלוננען. דיא שקאָלעס וועלען זייא דאך דערגעהען דאס לעבען, מאכען דעם טויט. אז גאָט אליין וועט זיך דאָ נישט ארייגמישען, נישט טהון עפים א נס, וועלען זייא דאך בלייבען אויסגעשטעלט. עס פערשטעהט זיך, דאריבער, וויא שטארק געביך זייא האבען געפילדערט, אונטער־געהידעט דעם עולם. אלע טאָג פריה און פארנאכט זיינען דיא שולען פול געווען פון יודען. מלמדים האבען געפיהרט אהין קינדער פון דיא חדרים. מען האט געזאָגט געוויסע קאפיטליך תהלים, געוויינט, געפאסט. דער ערשטער תענית שלמה'לעס איז געווען יענער, וואס וועגען דיא שקאָלעס. ווייבער זיינען געגאנגען אויף קבר־אָבות, געמאָסטען פעלד און פארגאָסען טייכען טרערען. — ס'איז געווען א פאר־ווינטער זומער! אפילו דאס ביסעל גוים אין דעם שטעדטיל זיינען אויך געווען עפים וויא צודרעהט. דיא גוים און יודען פונ'ם שטעדטיל האבען געלעבט צווישען זיך זעהר גוט — איינער פונ'ם אנדערען געצויגען דאס שטיקעל פרנסה, איינער ביים אנדערען האט געוואוסט וואס עס טהוט זיך, און איינער דעם אנדערען זיך געלאָזט דערקענען סיי אין לייד, סיי אין פרייד. איז א חתונה געווען, א שטיינער, בייא א יודען, האבען בעקאנטע גוים, געשיקט איהם דרשה־געשאנק: דער א הוהן, יענער עטליכע צעהנדלינג אייער, איינער א ברויט, דער אנדערער א קויקעטש, איטליכער נאך זיין שטאנד, און דאס איינענע טאקי אויף פארקעהרט. דאריבער האט דאס געוויין, דאס געפילדער, דענסטמאָל בייא יודען אָנגעמאכט א מרה־שחורה אויף דיא גוים און; זייא האבען זיך געוואונדערט וואס זאָל עס אזוינס בעטייטען!

— אָי, ריצקא, קאזשי, שטשאָ נאשי זשידקי טאמיטשקי פלאטשוש, קריטשאט נוואלד, יאק בורמאָ איך ריעזשוט?

— עווטאָ חאַפּונאַ וויני פּונאַיעטסאַ, שטשאָבי חאַפּן איך ני חוואַטאַיע.

— א־ני! דאָ חאַפּונאַ שצאַ דאַליעסאַ. מאָזשע מיסיאַצי דוואַ אַלבאָ טרי בורע דאָ איך סודנאָווא דניאַ. טרעבאַ פּיטאַטי, שטשאָ צע טאַקיי? באַציש אָט חיקאַ!

— סטאָפּ חיקאַ! קאַזשי־נאָ, שטשאָ עווטאָ טי טאַקי בינאַיע אַי נירקאַ פּלאַטשעס, אַ?

— אוי־וועה מעקיטאַ, נעסצענסיטצע! נימאַ טצאַסי. אָט בערקאָ! פּיטאַי או בערקאָ, ניחאַי קאַזשי בערקאָ, וועה איז מיר! — ענטפערט חיה־נרונאַ, לויפענדיג באַרג אַראָפּ צום בית־עולם אין איין אָטהעם.

— אָי, בערקאָ! טשויעש, אַ־אַ שטשאָ טאַק זשידקי חניקאַיוט, תאַ?

— עטאָ אוי, צעלאָוויצי דאָבריע, אוי ליחאָ... בודוט חאַפּאַט חלאָפּצעוו נאַשיך אוב שקאָלי! — שטעלט זיך בערקאַ דערצעהלען דיא גוים, וויא ער קען, דעם גאַנצען ענין פון דיא שקאָלעס. ס׳איז עפּיס אויסגעקומען טאַקי אַז אָך און וועה צו דיא שקאָלעס, וואס פאר אַ פּנים זייא האבען נעביך געהאַט, אריינפאַלענדיג צו בערקאַ׳ן אין טויל. דיא גוים האָבער האבען איהם פערשטאַנען, זיך איבערגעצלמט און דרייא מאָל אויסגעשפּיגען, וויא דאס איז טאַקי איין אומגליק.

ביז וואַנען אָבער זכות־אָבות וועט ביישטעהן, זיך מיהען פאר דעם כסא־הכבוד און דער אייבערשטער וועט אַ נס טהון, דערווייל האבען יודען זיך גענומען דיא אַלטע סגולה — חתונה מאַכען יונגע קינדער. ס׳איז געוואָרען אַ בהלה. שדכנים, נוטע פיינע מענשען, האבען נישט געשפּאָרט קיין מיה, געאַרבייט, אויס ליבע צום פּאָלק ישראל, אויף אַלע כלים. מען האט געחאַפּט און אָפּגעשטעלט חופות קליינע יונגליך מיט יונגע מיידליך, עס זאָל הייסען, אין דעם פאַל ווען חליכה שקאָלעס, הע־הע, אָפּגעטאָהן אויף טערקיש — נישטאָ קיין קינדער, נאָר לויטער בעלי־בית׳ליך, קליינע יודליך!... און בכדי טאַטעס פון קליינע מיידליך זאָלען זיך נישט איינשפּאַרען, זיך נישט שטאַרק איבערנעהמען מיט זייער סחורה, איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז מיידליך וועט מען אויך נעהמען עפּיס אין דיא קאַלאָניע ערגיץ. אַז שלמה׳לע איז אַרויס טרוקען. נישט חתונה געהאַט דענסטמאָל אין דער בהלה, איז דאס מסתמאָ נאָר אַ גאָט־זאַך — פאַר איהם איז אין דעם שטעדטיל נישט געוועזן זיין בעשעהרטע, און אַקעגען גאָט קען מען נישט גענן, עס העלפט נישט אקעגען איהם קיין חכמות. מיט וואס דען אנדערש לאָזט זיך עס דערקלעהרען?.... דיא מאַמע האט ראָך חשק געהאַט, דער טאַטע, אמת טאַקי, האט זיך געקרימט, וויא איינער רעדט:

פע! נאַר נאַרישקייטען. אין אזוינע זאכען איז דער ווילכען פון דיא ווייבער שרעקליך שטארק, ברעכט אייזען. און פון שלמה׳לעס זייט וואָלט נישט נאַר קיין מניעה נישט געווען, אדרבה עס וואָלט איהם נאך נאַר משונה הנאה געטאָהן. איין מאָל, פאַר וואס זאָל ער ערגער זיין פון אנדערע יונגליך, פאר וואס אנדערע יונגליך קומט עס יא כלות און איהם נישט? — אָי, האט ער עס מקנא געווען א חתן־בחור׳ל, עפּיס איז אזעלכער א גאנצער מיוחס. קיין בערדיל, אמת, האט ער נישט, שמייסען אין חדר שמייסט מען איהם ווייטער טאקי אויך, פון דעסטוועגען איז ער פאָרט עפּיס וויא א שטיקעל גרויסער: ער מענשעלט זיך, קוקט אויף זיינע חברים אראָפּ מיט גאוה, אָט־אָט, נאך אביסעל, איז ער שוין אליין א טאטע.... און צווייטענס, האט זיך איהם, נאַר אָהן דיא אלע זאכען, נכאט אזוי זיך געוואָלט האבען א כלה. ס׳איז עפּיס א גאנצער עסק — איך, בחור׳ל, האב מיר א כלה, זיטץ מיר און טראַכט מיר בייא זיך — כלה! מען בעדאַרף נישט פערגעסען, אז שלמה׳לע איז דאך געווען א ד אָ ר ט י ג ע ר, א גאנצער ירושלמי, קליינע חתן־כלה איז דאָרט אין לאַנד גאנץ געוועהנטליך, היינט האט ער דאָך אין דער גמרא מכת פּאָר־פּאָלק־זאכען עפּיס געלערענט אויך, דערצו נאך געהאט א פייערדינען כח־הדמיון, דאס פּאַטשישע פינקעלע, וואס נים אמאָל פּלוצלים, וויא פון דער העלער הויט, א בריה....

נאָר וויא דיא מעשה איז, שלמה׳לע האט אין דער בהלה נישט חתונה גע־האַט, געבליבען וויא פריהער א יונגעל. גם זו לטובה! וואָרום וויא דערנאך האט זיך ארויסגעוויזען איז אומזיסט געווען דיא בהלה. יונגליך אין דיא שקאָלעס אריין האט מען מיט געוואלד נישט גענומען, מיידליך אין דיא קאָלאָניעס — אויך נישט. חדרים זיינען געבליבען חדרים און מלמדים ווייטער טאקי מלמדים, אלסדינג וואס פריהער. אין אנדערע גרויסע שטעדט האט מען אפילו געמאַכט יודישע שקאָלעס, נאָר אָהן סכנות! קינדער זיינען דאָרט ווענינ געווען, און מישטעהנס־געזאָנט וועלכע? אָרמענקע עפּיס, פון דעם געמיינעם עולם — אויך מיר מענשען!

אויך ליכענטהאַל איז עפּיס וויא פערשווינדען געוואָרען. פון דער קאָמפּאַניע זיינער איז אין דעם שטעדטיל ק.... וויא פון דיא שקאָלעס, קיין זכר נישט גע־בליבען. מען האט איננאנצען אין זייא פארגעכען. שלמה׳לע וואָלט נישט געוואוכט פון זייער נעביין, אויב אזעלכע זיינען נאר אויף דער וועלט ערגיץ דאָ, ווען עס זאָל זיך נישט געווען שפּעטער מאכען אָט דיא דאָזיגע מעשה:

ויהי היום איז אין א שיינעם זומער־טאָג געקומען אין דעם שטעדטיל א

גרייזנרויער יוד, נידעריג געוואקסען מיט א בייכעל און מיט זעהר א ליעבליך פנים. עס האט געהייסען בייא איטליכען אין שטעדטיל: מיר האבען א נאסט — רבי נחום רויזעווער, רבי נחום איז געקומען זיך געזעגנען!....

און אלע האבען זעהר גוט פערשטאנען, וואס „געקומען זיך געזעגנען" הייסט אזוינס.

אז רבי נחום פונ'ם שטעדטיל רויזעוו האט אויסגעגעבען דיא יונגסטע טאָכטער זיינע און איז געבליבען אויף דער עלטער איין אלמן האט ער זיך פירגענומען פאָהרען בלי־נדר שטארבען אין ארץ־ישראל. נאָר אזוי וויא ביז דעם שטארבען בעדארף דאָך א מענש האבען צום לעבען און א יוד — דערצו נאָך חתונה האבען אויך, הייסט דאָך עס, מען בעדארף האבען געלד, וואס־זשע טהוט מען? בכן האט רבי נחום געטהון דאס, וואס אנדערע יודען אין אזא פאל טהון — ער איז עטליכע יאָהר ארומגעפאָהרען צווישען יודישע קינדער, פון איין שטאָט אין דער אנדערער זיך צו געזעגנען, דאס הייסט נעהמען שיינע נדבות און מאבען בעשטעלונגען, אויב עס לאָזט זיך נאָר, אויף ווייטער אויך, אם־ירצה־השם. אזא פרנסה וויא „געזעגנען זיך" רעכענט זיך בייא יודען שוין נאר ניש־קשה'דיג, אזעלכער, וואס פאָהרט אהין שטארבען, איז בכבודינער פון אלע אנדערע מיני מקבלים, בטלנים און אויך פון נשרפים א שטיינער, ער שמעקט שוין מיט קברות־בלעטליך — מיט ארץ־ישראל, ער איז שוין א קאנדידאט אויף א ירושלמי!.... רבי נחום איז ארומגע־פאָהרען אזוי עטליכע יאָהר און האט צו יודען חלילה נישט דערלענגט. מען האט איהם פארבעטען דער אויף א וועטשערע, יענער אויף ווארמעס, און ביים געזעגנען זיך, איהם געגעבען אין האנד אריין אויך. רבי נחום פון זיין זייט האט זייא צוגע־זאָגט דערפאר זעהר פיעל הבטחות. — דעם אזוי, יענעם אזוי, איינעם — בעטען פאר איהם אויפ'ן קבר פון מאיר בעל־הנס, און דעם אנדערען — ארץ־ישראל ערד....

רבי נחום האט נישט פארשעהמט דאס שטעדטיל ק... וואו ער האט געהאט בעק־קאנטע און עטליכע ווייטע קרובים, און אין א שיינעם זומר־טאָג איז ער געקומען זיך געזעגנען אהין.

געוועהנטליך עסט מען זומער אין שטעדטיל וועטשערע בייא דער שיין פון דער לבנה, אויב זיא איז דאָ, און אויב נים — בייא א חלב'דיג גראָשען ליכטעל. מען מאכט עס אָפ בקיצור, און א גוטע נאכט — שלאָפען! באלד טאקי, אָדער נאָכ־דעם וויא מען לופטערט זיך אין דרויסען אביסעל אוים. אין איין זומער נאכט אָבער, זעהר א ליכטיגע, חאָטש פעריל צוקלייבען, איז בייא ר' חיים'ן אין הויז געווען א

פארענדערונג: דער טיש איז נעגרייט גאנץ פיין, ליכט ברענען אין מעשענע לייכטער, עפּיס יום־טוב׳דיג. — דאס האט ר׳ חיים פארבעטען צו זיך רבי נחום רויזוווער אויף וועטשערע. עס האט זיך נעצווינגען ביים טיש א לאנגער, א ברייטער שמיעס איבער דעם כותל־מערבי און דער מערת־המכפלה, איבער דעם הר־הזיתים און דער מוטער רחל׳ס קבר, איבער חורבות און קברים, און מען האט פארביטען מיט א שמיעס איבער פיינען, טייטלען, מילגרוימען און באקסהארען. אלע האבען זיך בעלעקט, דיא אוינען האבען נעפלאמט, נעפונקעלט פאר נרויס הנאה. רבי נחום איז זעהר בערעדעוודיג, רעדט און רעדט, גלייך ווי ער איז שוין דארט געווען, אלסדיינג געזעהן מיט זיינע אוינען, און אלע קוקען איהם אין מויל אריין, קוקען מיט ליבשאפט, מיט גרויס דרך־ארץ און זיינען איהם אין הארץ שטארק מקנא, וואס איהם איז בעשעהרט דארט צו זיין. עפּיס אזוי גרינג זאגט זיך עס: ארץ־ישראל, ירושלים! דאכט זיך אין פלוג א לאנד—א לאנד, א שטאדט — א שטאדט: הייזער, ערד, שטויב, מיסט, בלאטע, נאר ניין! עפּיס איז עס אנדערש. וואס אנדערש, וויא אנדערש? דאס לאזט זיך נאר נים זאגען. עפּיס איז עס נישט מנושם גראב, נאר א רוחניות. מען בטדארף עס פיהלען. הייגט נעמען — אויף לשון־קודש, שטערט, ערטער, וואס שטעהען אין דער תורה!...

דער שמיעס איז דערנאך איבערגעגאנגען אויף אנדערע, פראסטע זאכען. רבי נחום איז דאך אויסגעוועזען עפּיס א וועלט, זיך געזעגענט מיט אזוי פיעל יודען, אהן עין־הרע, און אנגעזעהן, אנגעהערט זיך זאכען נאר א ים! ווילנא האט אין דעם שמיעס געשפּיעלט דיא הויפּט־ראליע, מעהר וויא פון אנדערע שטעדט האט מען זיך אינטערעסירט מיר איהר. רבי נחום האט דערצעהלט חידושים פון איהרע משונה בעריהמטע רבנים, פון איהרע ווילדע קצינים און שרעקליך נרויסע גבירים, פון קלויזען, ישיבות און ארמע בחורים — אי־אי! אויסלאזענדיג מיט האלבע־מלכות עפּיס, אין א געסיל ערגיץ דארט, וואו ס׳איז סכנות, אה מען שייעט זיך נעהען דארט בייא נאכט — שוין אויף א נידעריג אומוטיג קול: אי־אי! און נאר צום סוף איז ער ארויס שטארק אנגעלאדען אויף בערלינער עפּיס. — אט דיא יודען פון דיא שקאלעס דארט פון לילענטהאלס כנופיא, האט ער נעזאגט, פארדרעהענדיג מיט דער נאז, נענומען דערצעהלען מעשיות, חוזק מאכען פון זייא, אז דאס זיינען עפּיס ווילדע ברואים, זיטצען בייא זיך, ווען קיינער זעהט נישט, אהן היטלען און עסען אהן געוואשען! דיא תורה זייערע בעשטעהט אין לשון, אין קורצע שורה׳ליך מיט מליצה, אלץ: אהה, אהה, וועהגעשרינגען!.... איינער, דער עלטסטער זייערער, עסט, זאגט מען, שנויצען מיט ברויט. מען זאגט, ער

שטעקט אריין א חלב׳דיג ליכט אין דער קאשע און עסט.... שיינע ברואים, מישטעהנס־נעזאָגט — לאָזט אויס רבי נחום מיט א קרעכץ — אָה־האָ־האָ!

מיכא האלבע־מלכות יא! דאס האט זיך נאך געליינט שלמה׳לען אין מח. האלבע־מלכות זיינען מסתמא קליפות, דיא גוטע נקבות וויא לילית און רוסאָלקעס, א שטיינער, איבער וועלכע ער האט זיך נענוג שרעקליכע מעשיות אָנגעהערט, וויא אזוי זייא פערפיהרען מענשען מיט זייערע תנועות און זיינען הונדערט מאָל ערגער פון דעם טייפעל, פונ׳ם אשמדאי אליין. דעריבער איז רעכט, וואס דיא ווילנער שייען זיך געהען בייא נאכט אין יענע וויסטע געסליך. אָבער בערלינער, נישט קיין לצים, נאָר יודען מיט א קאָפּ, מיט הענד און מיט פיס. יודען, וואס אָהן היטלען און וואס עסען אָהן געוואשען — אזעלכעס איז נאר נישט צום פערשטעהן!.... סטייטש, וויא נעשיקט זיך עס, א יוד — און אָהן א היטעל! סטייטש, סטייטש א יוד — און נישט וואשען זיך צום עסען!! משוגע זיינען זייא צי חסר־דעה? ווייסען זייא דען נישט, וואס פאר א פסק עס קומט דערפאר דאָרט — פעך, שוועפעל און אייזערנע ריטער!.... און נאר אָהן דיא אלע זאכען, וואס פאר א פנים האט עס גלאט א יוד אָהן א היטעל? — נאָר אזעלכס אָבער האט דאָך נעזאָגט רבי נחום, א יוד וואס געזעגענט זיך, וואס פאָהרט קיין ארץ־ישראל. אזא יודען מוז מען גלויבען. אין־ברירה, בייא שלמה׳לען האט שוין געמוזט זיך לעגען אין מוח אי אזעלכעס אויך, און דער נאמען בערלינער האט זינט דענסטמאָל גע־האט בייא איהם דעם טייטש: א יוד אָהן א היטעל, וואס וואשט זיך נישט און עסט ברוים מיט שנויצען.

## 9.

שלמה׳לען נעהט למזל דאס עלפטע יאָהר. דיא תורה פאר איהם בייא ליפּא־ראובן׳ס לאָזט זיך אויס און ער נעהט איבער אויף דעם טאטענס הענד, לערנען אונטער זיין השנחה. — ללמוד, לערנען אליין, וללמד לערנען אויך מיט אנדערע, בפרט נאך מיט איינענע קינדער, דאס איז איינס פון נאָטס געבאָט, וואס יודען זאָגען עס, בעטען דארויף אין דאוונען אלע טאָג, און אז וואויל איז דעם, וואס איז אין שטאנד עס מקיים צו זיין. ר׳ חיים פלעגט אזוי טאקי מיט זיינע קינדער זיך נוהג זיין. מיט איטליכען בעזונדער פון דיא צווייא עלטערע זיהן האט ער געלערנט, נאכדעם אז זייא זיינען ארויס, איטליכער אין זיין צייט, פונ׳ם חדר, ביז דער חתונה. וויא בעשעפטינט ער איז געווען פלעגט ער אָפּרייסען א שעה אָדער א פּאָר שעה

צייט אין טאָג, צו לערנען א בלעטיל גמרא מיט זייא און מיט זייערע חברים, אין פאַל אַז זייא האבען אזעלכע געהאט. אזוי האט ער געלערענט אויך מיט זיין איידעם, לאה'ס מאַן, דיא ערשטע צייט נאך דער חתונה, און מיט נאך יונגע בעל־הבית'ליך צו איהם, נאָר אומזיסט. און אזוי איז אויך געקומען שלמה'לעס צייט לערנען תורה ביים טאטען. דער שטיינער לערנען זיינער איז געווען אזוי: אלע פריהמאָרגען, באלד נאכ'ן דאווענען, פלעגט דער טאטע, זיטצענדיג אויף זיין שטאָט אויבענאָן אין קלויז, לערנען מיט איהם א פרק אָדער צווייא פרקים משניות בסדר. נאך דעם אָנבייסען פלעגט ער בלייבען אין דער היים, צוגרייטען אין אלקיריל דאָרט דאס לייענען, וואס דער טאטע האט איהם אין דער גמרא פארגעבען מיט תוספות און מהרש"א. ער האט עס בעדארפט דערנאך איבערזאָגען, אין דער היים טאקי, אמאל ביי־א טאָג, אמאָל בייא נאכט, וויא דעם טאטען איז אויסגעקומען, און נאר אמאָל פלעגט דער טאטע אויפוועקען שלמה'לען פארטאָג אויך, און אוועק־געהן מיט איהם לערנען אין קלויז.

אמת טאקי, דאס אויפשטעהן פארטאָג, בשעת דער שלאָף איז אזוי גע־שמאק, איז שלמה'לען אָנגעקומען נישט אזוי גרינג. נאָר איז ער אָבער שוין אויפ־געשטאנען, אראָפּ פונ'ם געלעגער האט עס איהם זעהר הנאה געטהאָן. דאס אויף־זיין, דאס געהן אין קלויז און דאס לערנען האט איהם גרויס פערגניגען געמאכט. ווער ס'איז א יוד, א יוד מיט דעם פינטעלע, דער קען פיהלען דעם טעם פון אזא פערגניגען. אין דעם יורענס קאָפּ מאָהלט זיך דיא נאכט מיט וואונדער־שעהנע בילדער. עס שטעלט זיך איהם פיר אין דער נאכט געטליכע זאכען, יענע וואונדער־ליכע ערצעהלונגען פון דיא הייליגע ספרים, וואס ריהרען בייא דער לעבער — און ער ווערט אזש צושמאָלצען פאר הייסע ברענענדיגע געפיהלען.

„נאך דעם ערשטען משמר, ארום האלבע נאכט — אזוי שטעהט געשריבען — ווייעט א צפון־ווינטעלע, און דיא וואכען פון דיא מלאכים בייטען זיך דאָרט אין הימעל. עס גיט, אָט דאס ווינטעלע, דעם מלאך גבריאל א ריהר — און ער שרייעט אויבען זעקס קולות אויס, לייענט דערנאך פון א בוך ארויס דיא מענשענס אלע מעשים וואס ווערען אָפּגעטהון בייא טאָג. פון איהם דאָרט ניט עס א טאָרע אונטער דיא פליגעל דעם האָהן דאָ. ער האפט זיך אויף און קרעהט הויך אויף א קול. אי אויבען אי אונטען ווערט א געטימעל; דער האָהן קרעהט אויף דער ערד, און גבריאל אויפ'ן הימעל. דערנסטמאָל קאָזט זיך גאָט פון דרייא הונדערט און ניינציג הימלען אראָפּ אין גן־עדן אריין. כתות מלאכים לויפען פאָראויס און זאָגען שירה:

עפענט מויער'ן ברייט זיך אויף,
עפענט הו ך זיך ביז ארויף —
אַ איהר אייבינ פעסטע טהירען,
קומען לאַז דאַ נאָט שפּאַצירען!

עס זונגען אויף דיא ביימער אין גן־עדן, גיבען פון זיך ארויס זיסע שמעקענדיגע ריחות פון בשמים. אָט איז ער שוין אריין, נאָט דער מלך, מיט זיין כבוד אליין — שא! מלאכים אויף זייערע ערטער שטעהען מיט גרויס דרך־ארץ און שווייגען. פול מיט רחמנות קוקט ער אויף דיא הייליגע נשמות פון צדיקים און קדושים דאָרט, סוקט און שאָקעלט מיט דעם קאָפּ. פּלוצלים לאָזט ער ארויס א געשרייא, א ברומען וויא א לייב, דאס וויינט ער, קלאָגט אויפ'ן חורבן בית־המקדש, אויף ירושלים, דיא וויסטע שטאָדט, אויף ציון, דיא ביטערע אלמנה, אויף דיא קינדער ישראל זיינע, וואס אין גלות — און צווייא הייסע טראָפּענס טרעהרען פאלען איהם אויס דיא אויגען גלייך אין דעם גרויסען ים אריין....

אזוי וויינט נאָט דרייא מאָל אלע נאכט דאָרט אין זיינע הימלען. גוטע־פרומע יודישע קינדער לאָזט עס נישט איינלינען. זייא שטעהען־אויף ביי־נאכט פון דיא געלענערס, „ריכטען אָפּ חצות", וויינען זיך אויס פאר דעם זיסען, בארמהערצדינען פאָטער אין הימעל, און דאס יודיש הארץ פיהלט עפּיס דענסטמאָל א מין בעזונדער טעם — זיס ביטער און זויער אינאיינעם.

שלמה'לע נעהם פארטאָג איבער דער נאס, דאס שטעדטיל שלאָפט. לבנה און שטערען שטעהען אין הימעל אויף דער וואך. עס דאכט זיך איהם: דאָרט, אויבען, טהוט זיך עס אצינד עפּיס נאר א שרעק! טהוט פון ערניץ א בלאָז, דאכט זיך איהם יענס צפון־ווינטעלע, דאס גוטע ווינטעלע, וואס ווייעט אונטער דיא פלינעל פון מלאכים, וואס האט א מאָל אויך געבלאָזען אויף דוד־המלך'ס פידעלע, איהם צוקאָפּענס ביי־נאכט אויפ'ן געלענער, און עס האט זיך געשפּילט זיסע געטליבע לידער. זוזשען ערגיץ ביימער אין א גאָרטען — דאס זשושען דאָרט דיא ביימער אין גן־עדן; קרעהט ערגיץ א האָהן — דאס זאָגט ער שירה, און זיינען איהם דיא האָר, דאס פנים, פייכט פון טוי־טראָפּען — דאס זיינען נאָטס טרעהרען, דאס וויינט ער, יאָמערט אויף זיינע פארוואָגעלטע קינדער. עס שלאָפט נישט, עס דרעמעלט נישט דער היטער ישראל!.... עס צושפּילעט זיך שלמה'לען דיא גע־בליטען, זיין כח־הדמיון איז פלאם־פייער, דאס הארץ צונעהט איהם שיעור פאר גרויסע געפיהלען — און ער נעהמט זיך לערנען מיט חשק, געשמאַק אויף א נינון.

מיט דעם ארויסנעהען שלמה׳לעס פונ׳ם חדר נעהט ביסליכווייס בייא איהם פיר א פאר־ענדערונג אין דעם לעבען. אצינד פיהלט ער זיך שוין פרייער צו פערבלייבען אביסעל מעהר דאָ אויף דעם עולם. עפּיס טהוט א וועהע אין איהם איין אנדער גייסט, העלער אביסעל ווערט איהם אין מוח, ער הויבט זיך אָן ארומצוקוקען — און דערזעהט פאר זיך עפּיס אזוינס, וואס פריהער האט ער עס, דאכט זיך, אויף געזעהן, נאָר עס האט איהם זיך אויסגעוויזען גאר אנדערש, אָבער עס האט גלאט אזוי זיך איהם געוואָרפען אין דיא אויגען, נישט צומאכען אינוועניג אין דעם קאָפּ קיין פּיטצעל רושם. עפּיס טאָקי נור א מענש־א בהמה, א לייטענער גולם, מישטעהנס־געזאָגט: שטעהט און ווייסט נישט אויף וואס ער שטעהט, זעהט און ווייסט ניט וואס ער זעהט. נענוג איז דאָך זיין וועלטיל דאָ אזוי אויף קליין, האט ער עס נאך מעהר פערקלענערט — פון דיא אלע גאסען אין שטעדטיל איז פאר איהם געוועזן נור דער שול־הויף: פון אלע הייזער — דער חדר, דער קלויז, דער בית־מדרש, וואו ס׳איז דער טויער צום הימעל; פון אלע מענשען — איינוואהנער — נור דאס ביסעל יודען, און דאס אויף דוקא דיא וואס פון זיין בית־מדרש, יענע אקענען וואס פון דעם אָדער פון איין אנדער קלייזעל זיינען שוין עפּיס בע.... און באמת טאָקי, כפי עס שטעהט געשריבען, איז דאָך דיא וועלט אקעגען יענער וועלט נישט מעהר וויא א פאָר־הייזעל אקעגען א פּאלאטץ, און וואס מאכט עס א יודען אויס, שוין גאר א גרויסען מיט א באָרד אפילו אז דאס פאָר־הייזיל איז עפּיס נישט אזוי, אביסעל איינגליך? מילא הייקערט מען זיך אביסעל איין, מאכט מען זיך א קאפּעלע ניט וויסענדיג און שטערבעט אָפּ דאס לעבען וויא עס איז, פון יוצא־ווענען, אבי איבערקומען. לעבט דען נישט דער וואָרעם, להבדיל׳ אין חריין, און ס׳איז איהם געוויס גוט און זיס, אויף כפּרות דיא וועלט מיט דער גאנצער „עולם הזה“?!....

שלמה הויבט זיך אָן ארומצוקוקען וויא איינער וואס שטעהט אויף פון שלאָף, אין דיא אויגען נעהט איהם אויף א ליכט און אלסדינג קומט איהם פיר עפּיס גאר נייא, גלייך וויא ערשט פונ׳ם איי ארויסגעקראָכען. עס שטעהט זיך א שטעדטיל אויף א הויכען בארג, חוץ דעם שול־הויף זיינען דאָ נאך גאסען, וואו ס׳איז אויך א לעבען, עס געפינען זיך נאך אי געסליך אזוינע, דוקא נישט קיין יודישע, וואס זיינען, גאָט זאָל ניט שטראָפען פאר דיא רייד, אפשר טאָקי ריינער און שעהנער, מיט גערטנער, ביימער און שאָר־ירקות. — דיא טאָהלען „בארג־אראָפּ“ זיינען ערטערווייס אויך בעזעטצט, בעוואקסען מיט גרינוואַרג. זייא ציהען זיך ווייט ארום דער שטאָדט, צו־וואר־ענדינג זיך אין פערשידענע פּאנאָראמעס:

נערטנער, פעלדער און וועלדליך פון ניס, אויף נעמייזאכצען, נרינבעוואססענע זומפען מיט פליושניק (זשאווער) און הושענות, צווישען וועלכע עס רינען קוואלען וואסער, עס שווימען און גריבלען מיני עופות. אויף יענער זייט טאהלען ווייטער בערג, ווייטער פעלדער, וועלדליך און וועלדער. שלמה׳לע שמעלט אוים א פאר אוינען, קוקענדינ דארויף איננאנצען פארגאפט, מיט אזא מינע, גלייך ווי ער זעהט עס דאס ערשטע מאל.

שלמה׳לע דערנעהט זיך שפעטער, אז דאס שטעדטיל נעהער גאר צום נראף וויטגעשטיין, יודישע קינדער זיינען נור שכנים דא, זיטצען אויף צינש; אז די נוים דא, הערט א מעשה, זיינען בעלי־הבתים אזוי גוט ווי זייא, און אפשר נאך מעהר, תאבען אויף א שטיקעל ווערטה! הייננט פון־וואנען, איז איהם א גרויס וואונדער, זאל זיך עס צום שטעדטיל נעהמען די קדושה, דער ק״ק, ווי עס הייסט? דער מארק מיט די קלייטען, מיט די סוחרים און מעקלערס, מיט די שיינקען, אכסניות מיט די משרתים און פאקטוירים — די אלע זיינען, אמת טאקי, אין דער גוטער יודישקייט, אבער די ערד, די פעלדער ארום־און־ארום זיינען דאך גויעשע, זייערע להבדיל!.... א בעווייז דערויף האט ער אין די יאנעדעס, און די ניס, — יודישע קינדער נעהען מיט טעפליך, קרינגליך קלייבען יאנעדעס אין וואלד, רייסען ניס און עס ציטערט אויף זייא די הויט: אט קומט עשו נעהמט עס אוועק און איז נאך מכבד מיט א קלאפ אויף. ס׳איז זייא פארשטערט נעביך דאס לעבען, דער וואלד מיט זיינע ביימער מיט זיינע שמעקענדינע קרייטעכצער איז פאר זייא נור א ריינע אפקומעניש, א שרעק. זאל ערגיץ פאלען א בלעטיל, ענט־פאלט זייא דאס נעזונד, זאל ערגיץ א פיפס טאהן א פוינעל טהוט זייא א טיאכקע דאט הארץ. איטליבער שרייעט אין די געדאנקען „שמע־ישראל“, זיפצט נעביך און טהוט תפלה שטיל אינווענינ אין זיך, גלייך ווי זייא וואלטען נעוואנדערט אין דער מדבר ערגיץ.... ער אליין איז דאך נעפריווט נעווארען, נעוועז אין אזא צרה, נישט הייגט נעדאכט, אז ער איז נעגאנגען איינמאל מיט א פאר חברים רייסען גרינס אויף שבועות, קוים האט ער אפגעריסען א צווייגעל עפיס פון א בליהענד בארענבוימעל ערגיץ דארט לעבין א פלייט פון א גארטען, אזש צווייא שקצימליך טהוען זיך א לאז איהם אקעגען און וואלטען זיכער איהם געמאכט דעם טויט. א נס וואס נאט האט איהם נעגעבען פיס, האט ער זיך צונויפגענומען מיט אלע זיינע קרעפטען און באלד טאקי געשווינד מיט איטפעט אוועק, אוועק, איבער לאזענדינ זיינע חברים אויף גאטסבעוואהר.

שלמה׳לע קוקט זיך צו און זעהט — אָווא, א חידוש חלעבין, עס זיינען דאָ יודען, וואס גיבען זיך נישט אזוי אָפּ מיט דער גמרא, האבען אין זינען אנדערע זאכען און לעבען אויף! ער האט געמיינט, א וועלט יודען ווייסט נישט מעהר וויא לערנען, וויא אויפצוטוהען א פּשטיל, וויא צו פאלען אויף מהרשא׳ס א קשיא. מען אינטערעסירט זיך נור איינער ביים אנדערן צרוויסען וואו האלט דער אין „ביצה“, יענער אין „מכות“; נאך „בין־הזמנים“ ארבייט מען אויף אלע כלים און מען טהוט זיך א נעהם לערנען — און לסוף זעהט ער, אז ס׳איז עפּיס נישט אזוי דיא מעשה! תחילת איז איהם דיא זאך אפילו אביסעל פריקרע, וואס הייסט?... נאָר דערנאָך טראכט ער בייא זיך: טא; מסתמא בעדארף דאָך געטעניאַ אויף זיין וועלטיל האבען אזעלכע יודען אויך.

און וועמעס ארבייט האט עס געקענט זיין, אריינלעגען שלמה׳לען א פיננער אין מויל, ארויפצופיהרען איהם אויף אזוינע זאכען? סטייטש, וועמעס אנדערש ווען נישט דעם יצר־הרע׳ס! אז אין דעם מענשען שטעקט א יצר־טוב און א יצר־הרע, דאס איז קלאָר וויא דער טאָג, אלע ווייסען עס, א קינד אפילו. דיא פראגע איז נאָר, ווער פון דיאביידע קריכט דעם מענשען פריהער אין דער נשמה אריין — דאס הייסט, בשעת קומענדיג אהער אויף דער וועלט אין דעם מענשענס נשמה, א נאָלה, אָדער אונטערגעשלאָגען מיט הינד? ווער פון דיא ביידע איז בערייטער דינגער, קלינער, פּאָליטישנער, פארשטעהט בעסער וויא זיך־בעליבט צומאכען, וויא אָפּצואַרבייטען איין עסק? און וויא דיא מעשה איז, אזוי צו אזוי, איז דען דאס איינענע טאקי בייא אלע מענשען גלייך, אָדער ניין? — נאָר ענטפערען אויף דיא דאָזינע אלע זאכען איבערהויפּט, דאס זאָלען מוחל זיין יענע חקרנים, וואס זיינען מחויב צרוויסען אלסדינגג, אפילו אזעלכס, וואס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען. דאָ אָבער נעהם דיא ריידע איבער שלמה׳לע ר׳ חיים׳ס. דיא בעקאנטשאפט מיט זיין יצר־טוב און יצר־הרע הויבט זיך אָן דאָ אין דער דאָזינער מעשה מיט איהם ערשט דענסטמאָל ווען ער ווערט פרייער אביסעל, ארויסצוהאפען זיך פון דאָרט׳ פון יענעם עולם הייסט עס — אהער אויף אונזער עולם — וואס דאָרט, אויף יענער וועלט, עס נעהט מיט א יודיש קינד, פיר, דאס געוועגדט זיך נישט אין איהם, נישט אין דעם יצר־טוב און נישט אין דעם יצר־הרע זיינעם, דאָרט געפינען זיך רבי׳ס, משגיחים, בעהעלפערס, מיני נפשות אזוינע, און אזוינע, וואס פיהרען איהם, לערנען איהם, קענען אליין אָהן יענע זייער שטעדטיל בעשטעהן און שלאָגען איהם חכמות, זאבאבאָנעס זייערע אין קאָפּ אריין. דאָרט געפינען זיך אויך מזיקים, מחבלים מיט אייזערנע ריטער.... שלמה׳לעס ערשטער שטעל דאָ אויף

דער וועלט, נאָך נאר ביים אָנהויב, בעוויזט שוין, וואס פאר א מין יצר־הרע זיינער איז, וואָהין ער קוקט, וואס ער טראכט, וואס ער זאָגט, און עס לאָזט זיך שוין בער־צייטענס פאָראויסזעהן, וואס פון איהם וועט אויסוואקסען שפּעטער. א קעפּיל האָ־הא!....

שלמה'לע איז בטבע געוועזן א הייסבלוטיגער, אין איהם איז געלעגען פאר־באָרגען א פּאָעטישער פונק, און דעריבער האט דער יצר־הרע זיך געקלינגט אויפ־צובלאָזן דעם דאָזיגען פונק, איינגעבען איהם שכל, געפיהל, ליבשאפט צו דער שעהנער נאַטור — א גוט מיטעל אוועקצורייסען פון יענעם עולם, ארויסצושלאָגען דאס דולעניש פונ'ם קאָפּ.... אָט נאר דורך וואנען־ארום! פריהער מיט דער פּאָליטיקע, דיא שמד־שטיק אין דער יראָה אריינגעלעגט, אלץ נאָט און זיין הייליג נעבאָט — זעה, בחור'ל, זייא מקים א מצוה, שטערבעט ער איהם, זעה „נאָטס־וואונדער" אין דעם אויסגעשטערנטען הימעל, אין דעם רעגענבויגען און אין דיא פונקעלדינע טוי־טראָפּענס אויף דעם גרינוואַרג אין גאָרטען. הער „גאָטס קול" אין דונער, אין בליטץ, אין שטורמווינד און אין דעם ווייען פון א שטיל לופטעלע, אין דעם זשוזשען פון בינען זשוקליך, און אין דעם שוועבען פון מיקען... שלמה'לע לאָזט זיך איינריידען, פארקוקט זיך אויף אלסדינג, שפּילט זיך און איז דערוייל מפסיק פונ'ם לערנען. וואס ווייטער, ווייטער ציהט עס איהם אהין אין דיא פרייע גרינע פעלדער, אין דיא געדיכטע פערצווייגטע וועלדער. — לכה דודי, רעדט איין דער יצר־הרע, קום שפּאַצירען! שלמה'לע גנב'ט זיך ארויס פון שטוב און געהט אויפ'ן קבלת פנים צו דער שעהן חנ'עווודיגער נאַטור, וויא א חתן אקעגען דער כלה!....

דיא כלה וויטעט זיך, לאָזט זיך איהם הערען שטיל אויף א שושקענדיג קול'כיל פון צווישען שאָקלענדיגע זאנגען ווייץ און קאָרן; ווינקט איהם דורך זשוואוועד־ריתרענדיגע צווייגען פון הויך־געוואקסענע ביימער; שמייכעלט, מאכט חן דורך א שיינענדיגען זייל שטראַהלען, דורכברעכענדיג זיך צווישען דעם גרינעם ים בלעטער. זיא ווייזט איהם איהר שעהנע־רייכע גאַרדעראָבע, מאכט איהם א חשק אויסציהען זיך אויף גרינע מיט קווייטען־בלומען געשטיקטע קאווראָען, און מיט א ווייך־געשפּרינקעלטע קישעלע פון מאָך צוקאָפּענס; שיקט איהם א קוש, גרייזעלט איהם דיא האָר דורך א מילד־ווארם ווינטעלע און לאָזט פאר איהם ארום־און־ארום שפּילען א וואונדער־שעהנע קאַפּעלע — עס קנאַקט דער סאלאווייא, צוגיסט זיך אין טרעלען, דער ציזיג, דער שטיגליטץ מיט דער גאנצער חברה משוררים זייערע האלטען איהם אונטער אויף פיסטליך, געליינקליך און בייקול'כליך. ערגיץ פון דערווייטענס רופען זיך אָפּ געמבעס: א מעקען פון ציגען, א הירושען פון פערדע,

פיטערענדינג זיך דאָרט אויף דער פּאַשע און עפּיס וויא א שופר־בלאָזען פון קיה. פיינעליך ,זיננען, שפּרינגען אויבען אויף דיא ביימער, באַביטשקעליך, געפּוצט־געצירט באלאָווע דרעהען זיך, טראָגען־זיך אין דער לופט, גרילען, היישרעקען שמועטערען, טאנצען, הייבען פיסליך אויף דער ערד אונטען. עס איז א לעבען, א וועלט נישקשה דאָ אויך !.... שלמה׳לען טהוט עס אינוועניג א בריה, ער ווערט אזש צושמאָלצען פאר הייסע־זיסע געפיהלען. זאָל מען געווען מגדל זיין איהם וויא געהעריג איז, וויא עס פּאַסט אזעלכען מיט גוטע מתנות פון זיין ליבען גאָמען, וואָלטען דיא געפיהלען זיינע ארויסגענאָסען זיך אין שרייבען, אין מאָהלען, אין שפּילען, א שטיינער. שלמה׳לע אָבער האט דיא אלע זאכען, חוץ תנ״ך און גמרא, נישט געוואוסט, נישט געהערט אפילו, אז אזעלכע זיינען אויף דער וועלט נאר דאָ. מליצה־ביכליך האט ער אין דיא אויגען אפילו נישט געזעהן, דעריבער פלעגט ער אין דער הייסער שעה צוגיסען זיך אין א טרעלעלייקען — אין א נגון׳דיל פון זמירות, און א וויינענדינס צו א ,,בעדעקענס", אָדער געזאָנגט „ברכי־נפשי" הויך אויף א קול, צוקייענדיג איטליכס וואָרט, און געפיהלט דערבייא עפּיס נאר א בעזונדער טעם.

דאכט זיך אין אָנהויב גאנץ גוט, וואס קען מען, הא, צו אזא יצר־הרע האבען ?....

## 10.

מילא נאטור־שמור איז נאך צו דערליידען. הנם ס׳איז דאָך א נארישקייט, נישט ווערטה צו פארליערען דארויף א מינוט צייט אפילו, גלאַט אזוי זיך אָהן א שום נוצען; נאָר דאס וואס איז נישט שעהן, פּאַסט נישט פאר א יודען, א בעוויבטען, א טרוד אין דער פרנסה, קען מען עס נאך וויא ס׳איז מתיר זיין א יונגעל: מהיכא־תיתי, שפּאַציר דיר א מאל הינטער דער שטוב — אויף דער נאַ־טור, וויא הייסט עס בייא זייא דאָרט, יואלגער זיך אויף דער ערדה, אויפ׳ן גראָז און קוק דיר אָב אָט איז א זשוקעל, א משה־רבנו׳ס קיהלע, א פיינעלע, א שמיינעלע ! פאָרט נישט מעהר וויא א נאריש יונגעל, אָבער אלסדינגג, שיינעץ, מיט א מאָס. פארגעס נישט, יונגאטש, אז א יודיש קינד בעדארף לערנען, אז א יונגעלע, דוא שנעק איינער, בעדארף אין זינען האבען דיא גמרא, עפּיס איז דאָך, שקאָץ, א גמרא „ביצה", „כתובות" אויך דאָ אויף דער וועלט !.... יא, ווען אזוי, וואָלט מען צו שלמה׳לען נאר נישט געקענט האבען, מילא איז ער זיך אביסעל... ווייס איך וואס ?

נאר נישט! דיא צרה פאקי איז דאך אבער וואס ער האט נישט געוואוסט קיין מאס, האט זיך אביסעל טאקי פארגעסען; פלעגט פערפאלען ווערען א מאל און פערשפעטינען אהיים צו מיטאג. דער טאטע האט עס נישט בעמערקט, ווייל שטענדיג איז ער בעשעפטיגט, פלעגט תמיד, חוץ שבת און יום־טוב, עסען בעזונדער נישט אינאיינעם מיט דעם הויזגעזינד. דיא מאמע ווידער האט געהאט צו טהון מיט דעם בעל־הבתישקייט, פערנומען געווען מיט איהרע זאכען. און אז זיא איז אקעגען איהם איינמאל ארויס מיט דער שפראך: וואהין ווערט עס א יונגעלע פארפאלען? דערבייא איהם געשראקען, אז זיא מוז עס נישקשה דער־צעהלען דעם טאטען — האט שלמה'לע זיך געטאכט תם, געענטפערט מיט אזא מינעלע, וויא איינער וואס איז נאט דיא נשמה שולדיג, סטייטש, ער איז דאך געזעסען דיא גאנצע צייט אויבען, הע־הע, אין דער ווייבערשער שול און געלערנט!

אט דענסטמאל ערשט, אז שלמה'לע איז שוין פערקראכען אביסעל וויטליך, האט דער שלימזלניק, דער יצר־טוב זיינער, זיך אויסגעשלאפען; איהם גוט אוישיינעצען — אזוי און אזוי קונדים איינער! לא־די וואס געהסט ארום שלינג־און־שלאנג, אפגעריסען זיך פונ'ם לערנען, ביסט־דוא נאך צו אלע צרות א ליגנ־ער אויך — נארסט אפ, ועמען נאך? איין איינענע מאמען! דער גיהנם איז דאך פאר דיר קארג....

אוי, א וועהטיג א גרויסער, דעם גיהנם האט דאך שלמה'לע גוט געקענט פונ'ם „שבט מוסר" און נאך אזעלכע ספרים, וואו יענע בעשרייבען דיא זיבען מיני העלישע פייערען, אין וועלכער עס פרעגלען זיך, עס קומען אפ דיא ארמע בעלי־עברות; אויף דיא משונה ווילדע מלאכי־חבלה מיט דיא אייזערנע ריטער; בע־שריבען איטליכעס פיצעלע בעזונדער, גלייך וויא זייא וואלטען דארט געווען אליין, אלסדינג געזעהן מיט איינענע אויגען! — אוי־וועה, ס'איז דאך עפים נאר ניט גוט! וואס טהוט מען? —

שלמה'לע טהוט תשובה!.... ער דאווענט, בעט, גיסט אויס זיין הארץ פאר גאט שטיקערהייט מיט געפיהל, און זאגט איהם צו הרים־וגבעות; געהמען זיך בלי־נדר ווייטער צום לערנען, זיין, אם־ירצה־השם, א יוד, טאקי וואס א יוד הייסט — חוץ דעם בית־מדרש נישט אנצוקוקען דיא וועלט, פע־פע!....

דאס איז אבער נאר געזאגט. פערפאלען! איז אין א מענש דא געשמאק, געפיהל, בעהיט זאל מען ווערען, לאזט זיך עס נישט אזוי גרינג מיט דער האנד

אוועקמאכען. איז איהם נעפעלען, מעשה־שטן, דיא טנושם־שעהנע ווערק נאַטס, פשוט אין דער פאָרמע, אין דער נע׳שטאַלט וויא זייא זיינען, ווען קיין מוסר־ספר נישט סענען עס איהם פערמיאוסען, מאַכענדיג דערפון אש, עפר ועפר.... עס וועט איהם, לא־עליכם, אלץ וואס ווייטער מעהר אריין אין טעם, עס וועט איהם, נישט פאר יודישע קינדער גערעכט, עפּיס נאַר וויא א מאַגנעט ציהען, ציהען, ציהען... שעהנע צורות, גוטע זאַכען, דעם זינדיגען מענשען דערמיט צו פער־פיהרען, זיינען פאר דעם יצר־הרע אויף דער וועלט דאָ גענוג, איבערגענוג — ווילסט נישט דאס, נאַ־זשע דיר, נשמה׳ניו יענס, דאס כלומר׳שט איז פע, נאַ־זשע דיר, שלמה׳לע, א פראַדיל, א שעהנעס, א פיינס, מלא־חן!....

פראַדיל, נאָך נאַר א קינד, מיט שלמה׳לען אין איינע יאָהרען, שטאַמט פון לייטישע עלטערן, ר׳ חיים׳ס שטיקליך מחותנים, וואס האבען מיט עטליכע יאָהר צוריק זיך בעזעצט אין דעם שטעדטיל ס.... פראַדיל פלעגט זעהר אָפט קומען צו ר׳ חיים׳ן אין הויז, זיך שפּילען מיט דיא קינדער דאָרט, איז בעליבט געווען ביים גאַנצען הויזגעזינד פאר איהר גוטסקייט, פאַר איהר שעהנקייט — און שלמה׳לע האט זיך אוים איהר נארנישט געמאַכט, גלייך וויא זיא איז גאר אויף דער וועלט נישטאָ. פראַדיל — פראַדיל, איינע וואס האט געהייסען פראַדיל! מיט א מאָל אָבער וואַקסט פאַר איהם אוים פּלוצלים, וויא פון דער העקער הויט, א פראַדיל, א בילד־שעהנע, נאַר אַנטיק — און עס ניט איהם עפּיס א ציה, א טיאָבק דאס הערצעלע, עפּיס לויפט איהם וויא א הייסער שטראָם דורך דיא אלע גלידער, רויט און בלייך ווערט ער אויף איינמאָל! עס ציהט איהם, עס גלוסט זיך איהם אויף איהר צוקוקען און קוקען, נאַר גוואַלד, רבונו־של־עולם, וואס טהוט מען מיט דיר? ס׳איז דאָך א גרויסע עברה!... ער ראַנגעלט זיך מיט דעם יצר־הרע, וויא א יוד, א ווילדער עקשן: ניין, מען טאָר נישט, ניין־ניין, וועסט עס בייא מיר נישט פועלין — און חאַפּט לסוף נעביך א קליין קוקעלע! שפּעטער אביסעל — שוין עטליכע, וואס ווייטער, ווייטער ווערט דאס ראַנגלען זיך זיינס מיט דעם יצר־הרע שוואַכער, דיא מורא פאַר גאָט שוין נישט אזוי גרויס וויא דיא מורא פאר לייט — אוי, כאָז חאָטש א זייטיגער מענש עס נישט בעמערקען חלילה. אין הונדערטען פאַל, טאָמיר שטויסט זיך עמיצער אָן איז איהם ניחא בעגראָבען זיך לעבעדיגער־הייט. ער האט אָנגעהויבען פאר מורא זיך ארומצוקוקען וויא א גנב, חושד זיין בייא זיך איטליכען אין שטוב טאָמיר האט דער עפּיס אָנגעשמעקט, טאָמיר ווייסט יענער וואס אין הארץ בייא איהם טהוט זיך אזוינס, גלייך וויא ער וואָלט געווען פון גנאָז,

דורכזיכטיג, מען זעהט זיינע נעראנקען, זיינע נעפיהלען, אלסדינג וואס אינוועניג אין איהם נעהט פיר.

דיא מורא זיינע איז אָבער נעוועזען אומזיסט. ווען אפילו עס זאָל מעגליך געוועזען אריינצוקוקען איהם אין הארץ, וואָלט מען נאָר געקוקט וויא דער האָהן אין „בני־אָדם״, נישט צו וויסען דעם פירוש פון זיינע נעדאנקען דאָרט. ליעבעס, דאס איז נישט פאר דעם יודישען מוח, דאס איז פאר איהם תרגום. בייא יודען איז נאר אזוינס נישט דערהערט געוואָרען, בפרט נאך דענסטמאָל אין יענער צייט, און נאך וואו? — אין אזוינע קליינע ישטעדטליך וויא ק... און נאך בייא וועמען? — בייא מענשען פונ׳ם בעל־בתישען שטאנד!.... פאלש איז דער חן און נאריש דאס שעהנקייט, זאָגט דער פסוק, ליעבעס איז אויך נישט קיין אייביג געוועהר. בויען דארויף דאס פאמיליענלעבען, דאס אייגענע גליק און דאס גליק פון קינדער, איז וויא שטעלען א בנין אויף א הינעריש פיסעל, היינט ביסט דוא שעהן, בליהסט וויא א רויז, מאָרגען ביסט־דוא פערדארט; היינט נעה איך אויס נאך דיר און מאָרגען — נאך עמיצען אנדערש, נעה דיר צו אלרע שווארץ יאָהר!.... חתונה האבען, קינדלען, דאס איז בייא יודען א גאָטס געבאָט. עהרליך האלטען א ווייב, זיא ליעב צוהאָבען, ווייל זיא איז א ווייב, א בעל־הבית׳טע, א מאכ׳ע פון קינדער, און זאָרגען זיך פאר דעם הויזגעזינד — דאס איז א הייליגער חוב, א מצוה, וואס דארויף איז זיך א יוד מקריב. און אָט דאס טאקי האט צונעגעבען דעם פאָלק ישראל א שטיק געזינד, דאס אייבינע לעבען; אָט דאס איז אונזערע עלטערן אלע מאָל בייגעשטאנען אין דיא נויטען. איז שלעכט, ביטער, פינסטער, טרויעריג דאָרט אין דער וועלט, דערפאר איז גוט, זיס, ליכטיג, פרעהליך בייא זיך אין הויז צווישען איינעגע — לעבין ווייב און קינדער!... יא, אזא זייפענבולבעלע וויא ליעבעס, וואס פלאצט, צושפרינגט פון א בלאָז, האט מען בייא יודען אין יענער צייט נאך נישט געוואוסט. דאס איז איין מאָל. היינט צווייטענס ווען אפילו יא ליעבעס, בייא מענשען אפילו פון הייגטיגער וועלט, וואָלט בשום אופן זייא נישט געקענט איינפאלען, אז בייא קליינע קינדער זאָל נאר געמאָהלט זיין אזוינס! קינדער זיינען קינדער. יונגליך, מיידליך, וואס מאכט עס אויס, אָדער זייא שפילען זיך אינאיינעם מיט צאצקעס צווישען זיך, אָדער דיא ניאנקעס, באָנעס, גובערנאנטקעס שפילען זיך, צאצקען זיך מיט זייא, קושען זייא, האלזען זייא, און — גארנישט, פרעגט זייא בחרם!...

זאָל דאס איינענע טאקי, וואס בייא שלמה׳לען, זיך געוועזען מאכען מיט איינעם, א דערוואקסענעם מענש, וואָלט עס אונמעגליך אין איהם נעבליבען פער־

בארנען. עס וואלט זיך ארויסגעוויזען איהם אין דעם פנים, אין דעם ריידען וכדומה נאך אין אנדערע זאכען, עס וואלט דערפון געוואוסט בפירוש, נישט אנדערש מאקי, דער אנדערער צד אויך. ליעבען וויא געוועהנטליך איז א שרפה, וואס ווערט אונטערגעהאלטען פון מאטריאל מגושם'דיגע זאכען. עס ברענט, עס קנאקט ביז פונ'ם מאטעריאל ווערט האלאוועשקעס און דאס פייער לאזט זיך אויס מיט א טשאד, א רויך.... שלמה'לעס ליעבע אקעגען, דאס איז א ריינע, אינווענינסטע, אין זיך אליין; דאס איז יענס געטליכעס פייעריל, וואס האט געברענט און דער דארענבוים איז נישט געווארען פערברענט; דאס איז א בליץ פון נייסט, א חשק, א גלוסטען צו שיינקייט, וואס לאזט זיך דערקענען אין דעם רויט־פארבינען הימעל ביים אויפגאנג פונ'ם מארגענשטערען, אין פוקען־זיך פון דער רויז, אין פרישע פורפער־ליפען, אין חן־גריבעליך, אין דעם מילדען שמייכעלע און אין דעם ווארעמען בליק פון ברענענדיגע אויגען.... דאס איז יענע ליעבע, וואס ברענט וויא א „נר־תמיד" אין הארצען ביי פאעטען — פון גאט געבענטשטע מענשען; וואס ווארעמט דיא נשמה, גיט א מאל א נעהם אויסצוגיסען זיך אין געבעט, אויס־ווייגען זיך פאר גאט שטילערהייט....

עס פערשטעהט זיך, אז שלמה'לעס ליעבע איז, אזוי גוט וויא פאר אנדערע, אויך פאר פרעדלין געווען א סוד! אבי ער ווייסט וויא שטארק אנגעליינט בייא איהם איז, אז זיא קומט צו גאסט, וויא עס טהוט איהם הנאה, אז ער חאפט בגנבה אויף איהר א קוק, אז ער עסט זיא מיט דיא אויגען הינטערוויילעכס, און וואס, הא, וועט ארויסקומען, איהם אדער איהר, אז זיא וועט עס אויך וויסען? — פארט וואס?.... און גאט אליין וואס קען עס איהם ארען? — טראכט שלמה'לע, טרייסטענדיג זיך אין הארצען — מה רעש, אז עס טהוט זיך א מאל א קוק! אבער מיט איהם, מיט דעם לערנען, מיט דעם דאווענען געהער עס זיך כלל גאר נישט אן. זיינס בעקומט דאך דער רבונו־של־עולם פינקטליך: א שחרית, א מנחה, א מעריב טאג־טעגליך צו דער צייט, און א נדבה, זאל נישט אויסגערעדט זיין — עטליכע קאפיטליך תהלים א מאל אויך!....

נאר ווער ווייסט, אפשר אין דעם זכות טאקי איז שלמה'לען בעשיינפערליך געשעהן א נס פון גאט, אז ער איז געשטאנען אין א סכנה איינמאל, אליין דעם סוד זיינעם אויסצוגעבען.

שבת־נחמו, וויא דער וועלט איז בעקאנט, איז א טאג פון שמחות, סעודות ביי יודישע קינדער אין דיא שטעדטליך. נאך מיט א וואך, אדער א פאר

וואַכען פריהער שמיסען קינדער, פעקליכוויים, צווישען זיך אָפּ, צוטאכען יענעם שבת א סעודה דערפון, וואס איטליכער וועט בעצייטענס מיט דעם נוטען ווילען זיינם ברענגען צו דעם, בייא וועלכען חברה האט אויסגעקליבען. און באלד טאקי הויבט זיך אָן איין עסק פון טראָגעניש, וואס מען קען נאָר, כשר צי בגנבה, בייא זיך אין דער היים דערטאפּען. איינער ברענגט א שטיקעל קיכעל, א גרינעם עפּעל, א מער — בישתיקה פונ׳ם בינטעל וואס צום צימעס; דער אַנדערער א גרויסע, געלע אוגערקע, א האַלב איי, אָפּגעשפּאָרט נעביך פון זיין מיטאָג: דער דריטער דאס, דער פירטער יענס. א דאַר שטיקעל ברויט, א רעטיכיל, א ציבעלע, א שווענציל פון א הערינג איז אויך א סחורה. אַזוי טהון דענסטמאָל קינדער, קונדסים, און סינדער, בר־מצוה בחורים — האבען חתונה. אָט אין אזא שבת־נחמו, ביי־טאָג נאך דעם שלאָף, איז געווען, אָהן עין־הרע, פרעהליך, א רעש, א געפילדער פון קינדער, יונגליך און מיידליך, דאָרט אויפ׳ן פרייען פּלאַץ לעבין ר׳ חיים׳ס שטוב. בייא א טהייל קינדער איז דאס מויל, דיא ליפען געפארבט, מיט וואָנטשעס, פון ניקאָכטע שווארצע יאַגאָדעס און האבען א פנים וויא משונה ווילדע בריות, עפּים נאר א שרעק! ווידער בייא א טהייל פייערט א באַק, צודראַפּעט אביסעל דיא נאָז — צייכענס פון דיא גבורות זייערע אין דער מלחמה. עטליכע זיינען בייא דער סעודה פריהער נישט צופרידען געווען מיט זייערע חלקים. איטליכער קוקט וואס בייא יענעם און זיינס איז גארנישט — עפּים אזוינס, וואס קיי־שפּיי, פויל, ביטער, טפוי זאָל עס ווערען! העגד האט דאַך גאָט געגעבע׳, נעגעל אויך, נעז, אָהן עין־הרע, בייא יודישע קינדער זיינען אויך דאָ, נו האט מען זיך אביסעל, וויא דער שטייגער איז — צודראַפּעט. טאקי נאָר אביסעל, ווייל דער טאָג שטעהט נישט, נישטאָ קיין צייט, מען בעדאַרף זיך שפּילען. אויף פראדיל האט זיך געפונען צווישען דיא קינדער, זיא איז געווען וואונדער־שעהן, עפּעס נאך שעהנער וויא תמיד, און שלמה׳לע האט זאט אָנקוקען זיך אויף איהר נישט געקענט.

אויף דער לאַנגער, נידעריגער באנק דאָרט פאַר דער שטוב זיצען ווייבער שכנות, בעקאַנטע, צווישען זייא שרה, אויך ניטיל, פראדעלס מאַמע, און דיא גוטע לייבציכע. מען זיצט חלילה נישט ליידיג — מען רעדט, מען רעדט זיך אויס, איטליכע וואס אויף דעם הארץ. איינע א מעוברתע, א דיקע מיט געלע פּליאַמעס אויף דיא באַקען קלאָגט זיך, אַז עס שפּאַרט איהר אונטער׳ן לעפעלע, א פנים פונ׳ם משאָלעגט. זיא שוויצט, פּאָכט זיך מיט דעם עק פאַרטוך, פערוואַרפענדיג צרונטער דעם קאָפּ, איין וואָרט, איין געשרייא: אָי, וואו נעהמט מען א קאָגגער

מרינק וואסער! ס'איז דאָ אויך יענע יודענע מיט דער ספּאָזמע, וואס נעניצט נאר א שרעק, שפּיים און ווישט מחילה דיא נאָז. איינע א דארע, הויט און ביין, נאָך הייזעריג פון דיא תשעה־באָב'דיגע קינות, רעדט מיט דעם גאַנצען כח אויף א צוריפעם־פּארדומפּפען קול, קוים וואס זיא חאפּט דעם אָטעם, קייכט, הוסט, ארויס שטעקענדיג נעביך דיא צונג. א גאַנץ לייטישע, שעהנע יודענע מיט פּערזאָטענע אויגען אָהן ברעמען קוקט אריין א קינד, וואס בייא איהר אויפ׳ן שויס, אין קעפּיל, ווייזענדיג עס אויף אנדערע לעבין איהר, אויף א ציקאָוועשץ, וואס פּאר א מיטעל וועלען זייא ראָטען.... לייבציכע קען, שונא־ציון, זיך נישט צורייסען, אזוי פיעל ארבייט האט זיא אצינד. א קאטאָוועס עפּים מיט אזא עולם ווייבער איבערצוריידען, איטליכער זאָגט א וואָרט, דערצעהלט א מעשה, נאר נישט לאָנג געטראכט! היינט האט דאָך נאָט געגעבען אויגען אויך, אז זייא זאָלען אומיטום קוקען, נישט אויסצו־לאָזען חלילה קיין שום זאַך, בייא אזוי פיעל ארבייט וועט נאר קיין וואונדער נישט זיין, אז לייבציכע פערפלאָנטעט זיך אמאָל, מישט אויס, וויא מען זאָגט, „קאַשע מיט מאָהן" עטליכע מעשיות אינאיינעם, אין דער האָפנונג אז מען וועט זיך אָנ־שטויסען, נישקשה, און איטליכע וועט פונ׳ם אויסמישעניש ארויסנעהמען דאס, וואס איז איין אָנצוהערעניש אקעגען איהר.

— למען־השם, זיך נישט נעקוועטשט! אז דעם מגיד, געדענק איך, איז דאס צונגעל אראָפּגעפאלען, האט ער, דער זיידע, א־הם געזאָגט עליו השלום: שאַ, האלט זיך, זייט מוחל, איין, קוועטשט זיך נישט אזוי — ריידען.... אז עס הויבט אָן צושפּארען, נישט געפּריווט זאָל מען ווערען, שפּארען אָט דאָ אונטער דעם לעפּעלע, איז איין ברירה: עפען א מויל, ברען־אָפּ, גיב ארויס וואס דאָרט אין דיר איז און האלט נישט.... אָהאָ, האלט ער זיא עס אביסעל! נאכגעיאָגט, גע־חאפּט און האלט זיא, דאס שעהן בחור׳ל, יא־האָ־האָ!

אָט דיא דאָזיגע לייבציכעס ווערטער זיינען געזאָגט געוואָרען אקעגען דער הייזעריגער און דער מעוברת׳דיגער יודענע. און חאפּענדיג דערווייל א קוק אויף דיא קינדער דאָרט, וואס שפּילען זיך אין זשמורקעס, זעהט זיא, וויא שלמה׳לע יאָגט זיך נור נאך פּראדלען, אלץ מיט איהר, מיט איהר און לאָזט זיא פונ׳ם אויג נישט אָפּ.

— אוי, נימעלע, איך האלט עס נישט אויס! — מאכט לייבציכע, שאָק־לענדיג מ׳ט׳ן קעפּעלע פון דערווייטענס צו פּראדעלס מאמע — אוי, איז זיא שעהן,

אייער פראדעלע, כ׳איז איהר אין פנים נישט ארייגצוקוקען וויא אין דער ליכ־טיגער זון!

— גיט איהר נאר קיין עין־הרע נישט! ענטפערט אפ גיטעל, וואכ האלט אין א שטיעס מיט א פאר ווייבער איבער דער דאליע זייערער.

— טפוי־טפוי! — שפיים לייבציכע, פארדרעהענדיג דיא נאז מיט א ווינק אויף יענער מיט דער כפאזמע — א גגיצען אביסעל, א שפייען!.... ביים אפ־שפרעכען א גוט אויג דיא באבע מיר צו לאנגע יאהר, מיידעלוויים. שעהן בין איך געווען וויא גאר דיא וועלט, מען האט זיך אויף מיר געהאנגען. מאכט זיך א מעשה פלוצלים גאר אומגעריכט... שא, שרה׳ניו דוא ביסט דאך עס מחויב צוגעדענקען — דרעהט זיא זיך געשווינד אוים צו שלמה׳לעס מאמע — קוק נאר אן דארט, אין מחשבות׳ן, דיין בחור׳ל! לויפט איהר נאך וויא א קוה א קעלבעל, פראדלען. הא? זעהר א שעהן פארעל... הלואי אין גיכען, רבונו־של־עולם, זאל יאחנע־סאסיע דיר זאגען מזל־טוב! געדיינק מיינע ווערטער.

— איין איינפאל אביסעל, נאך אזוי יונג!

— ביסט עס, שרה׳ניו, מחויב צו געדענקען דיא מעשה א מאל, א מאל בשעת דער בהלה. וויפיעל, הא, מיינסט־דוא איז מיר דענסטמאל געווען צו דער חתונה? מיינער איז נישט מעהר געווען וויא א יאהר אכט־ניין, און אפשר מאקי נאך וויינינער.

— אודאי מיט עטליכע יאהר צוריק, בשעת דער בהלה פון דיא שקאלעס, נישט היינט געדאכט, ווען דענסטמאל פראדיל זאל זיך אונטערדוקען, העה־הע! וואלט געווען מאקי דיא רעכטע צייט. מסתמא איז דאך עס נישט בעשעהרט. צינר איז עט, נארישקייטען...

— יאחנע־סאסיען זיינען נאך, ברוך־השם, דיא אויגען נישט ארוים... אט ועה איך זעה! — דיא דאזיגע לעצטע פיער ווערטער האט שוין לייבציכע געזאגט דער יודענע מיט דיא פערזאטענע אויגען, וואס האט איהר אנגעטהון כבוד, גלייך וויא דיא אלע אנדערע דא, און דאס קינד מיט דעם קעפיל כמעט אונטער דער נאז איהר אונטערגערוקט. לייבציכע האט וויא א געניטע עס בעטראכט, דארויף פאמעליך געבלאזען, אנגעהויבען צו דערצעהלען מכח דעם א לאנגע מעשה, און פארקראכען ווייט, אזוי אז זיא האט דערווייל אין שלמה׳לען זיך פערגעסען.

שלמה׳לע האט גענומען בטנ־שען גוטל. ווען נישט דיא מעשה, וואלט ער, חס־ושלום, וויא דיא בידנע קאץ געביך אמאל, טרוקען פון לייבציכען נישט ארויס!...

---

## 11.

מען קען זיך שוין פירשטעלען, וואס פאר א טעם „ביצה“ קען האבען נאָכדעם אז מען טהוט א לעק פון יענע זאכען, צו וועלכע דער יצר־הרע גיט אונטער א חשק. נעה פארשפאר זיך, לערען און טראָג זיך איבער מיט אלע געדאנקען העטהעט אין אזא צייט, אין אזא אָרט, גאנץ וייט און פרעמד פון דיר, בשעת פאר דיא אויגען שטעהט דאָ גאָטס וועלטעלע מיט שיינע גוטע זאכען, וואס ציהען דיך בייא דער נשמה: נא, פארזוך, נישקשה, און וויים פון דיין חיות צו זאָגען! שלמה׳לע איז אצינד עפּיס וויא דערוויטערט געוואָרען פון „יענעם עולם“, אין וועלכען ער איז געווען אריינגעטהון פריהער מיט לייב און לעבען — דער קאָפּ זיינער לינט שוין נישט אין דער גמרא וויא א מאָל. עס גלוסט זיך איהם דאס, יענס און ער האט אין זינען הבלי־העולם. דאס שטיקעל „לייענען“ פאר דעם טאטען מאכט ער נאך וויא ס׳איז, זיפּט אָפּ א בלעטיל גמרא אין־חאפּעניש, איך־אייכעניש עט אזוי, אבי געפּטר׳ט, איבערגעקומען, און שפּאצירט זיך דערנאך דעם גרעסטען טהייל טאָג ארום. ער זוכט זיך אויס נייע מיני גיינג, נייע מיני חברים, זיין גלייכען, נישט זיין גלייכען, יונגער צי עלטער פון איהם וואס מאכט עס אויס? אבי זייא זיינען איהם צום הארצען, עס פערברייננט זיך מיט זייא דיא צייט, עס שמיעסט זיך, עס טראכט זיך און עס פיהלט זיך עפּיס אזוי גוט, אזוי געשמאק....

שלמה׳לע חאפּט זיך עפּטערס אריין צו אייזיק דעם שמידט אין קוזנע, בעזאָנדערענס ווען אין־דרויסען אין נאס, קאלט און איהם איז עפּיס אומיטינליך אויף דעם הארצען. ער זיטצט זיך דאָרט אין א ווינקעל און קוקט פארטראכט. אין קוזנע איז טונקעל, אקענען איהם פּאָכט הייזעריגליך א לעדערנער, געלאטעטער בלאָזזאק. ער טהוט א בלאָז און א זייל פונקען שפּרינגען, טאנצען וויא דיא רוחות אין אויבען. עס קוטט איהם דערבייא פיר יענע מעשה אין חומש, א־מאָל, א־מאָל — וויא אברהם־אָבינו זיטצט מרה־שחורה׳דיג און דרעמעלט. דיא זון געהט אונטער. עס איז א נעבעל — און אָט אין איין אויבען, רויך און א פלאם־פייער... דיא פונקען שפּרינגען און שלמה׳לעס געדאנקען פארפליהען וויטער־וויטער; עס מאָהלט זיך איהם עפּיס משונה׳דיגע צורות, דרעהענדיג זיך צווישען דיא פונקען און דראפּענדיג זיך פון דאָרט אויף דיא אָפּגעשיינטע וועגד אקעגען. עס בייטען זיך דיא געשטאלטען, ארויס־אריין, ביז עס טהוט איהם שיינענדיג זיך א ווייז פּראדיל! ער ווערט צוקאָכט, נעהמט זיך מיט גרויס חשק זיא צו בעטראכטען, קוקט־קוקט

און דערזעהט בעשיינפערליך דיא ליכטיגע צורה פון אייזיקען, וואס הידעט־אונטער פארגרעסערט אלץ דאס פייער. פלוצים, אין דער הייסער מינוט טאקי, חאפט אייזיק פונ׳ם העליש־פייער ארויס מיט צוואנגען א גליהענד שטיק אייזען, און האל־טענדיג עס אזוי אויף דער „קאוואדלע" מיט איין האנד, שלאגט ער עס מיט דעם האמער אין דער אנדערער האנד, בשעת א געזונטער, ברייט־ביינעדיגער, צר חראסטעטער בחור, בעוואפענט מיט א גרויסען, שווערען האמער קלאפט דארויף אקעגען. אייזיק איין קלאפ, דער בחור צווייא; אייזיק א דרעה דעם אייזען אהער, דער בחור — קלאפ; אייזיק א דרעה אהין און דער בחור סלאפ־קלאפ, אזש פונקען פליהען... ס׳איז דא פאר שלמה׳לען וואס צו זעהען, א מאל עפיס אנדערש, ס׳איז דא פאר איהם אויך וואס צו הערען — דיא ארבייט האט ליעב א המצאה, א ווערטיל, עס זאל געטהון ווערען לעבעדיג, פרעהליך. דארט ווערט אויך דערצעהלט שרעקליכע מעשיות, וואס דאס לייב גרוילט הערענדיג זייא. און מענשען צום ריידען איז ברוך־השם נישטא קיין מאנגעל. ס׳איז דא נענוג, אי איינענע, אי פרעמדע, וואס קומען נעבען ארבייט: דער קומט מיט א שטימפע האס, יענער קומט מיט א צעבראכען מילעכדיג סלינגעל, איין איבערגרדרעהטען שלאס. איינער קומט פידקאווען א פערד און דער אנדערער ארויפציהען איין אייזערנע רייף אויף א ראד. — אייזיק אליין איז בטבע געווען זעהר בערייידעוודיג, א צונגלאזטער מענש, מיט אבי וועמען זיך אריינגעלאזט אין א ברייטען שמיעס. בעזאנדערס האט ער ליעב געהאט אריינלאזען זיך אין חקירות, געבען יענעם צופארשטעהן דעם שפיטץ פון א זאך, און דערקלערען פאר וואס איז יענס אזוי און איז נישט אזוי? פאר וואס געזלעכער, א שטיינער, זיינען אין דער נאז אונטען, נישט אויבען, דיא לופט צו אטהיימען איז דאך פון אויבען פרישער, ריינער וויא פון אונטען מחילה? אזא קשיא האט ער זיך געסענט פרעגען, פארקנייטשענדיג זיך גאנץ ערענסט, און דער־נאך פארענטפערן עס מיט א גוט שמייכעלע, אזוי: דאס איז, פארשטעהט איהר מיך, גאנץ שכל׳דיג; כדי דער רעגען זאל אהין נישט אריינרינען, אין דער נאז, פארשטעהט איהר מיך. נאך און נאך קשיות אזעלכע פלעגט ער פרעגען, וואונדערענדיג זיך אויף דעם סדר־העולם, אויף דייא ווערק גאטס און זיין פיהרונג אין דער וועלט, אלץ: פאר וואס, פאר וואס? און לסוף אויסדריגגען על פי חקירה, אז אזוי וויא עס איז, אזוי מסתמא בעדארף זיין, אזוי מסתמא איז גאנץ גוט, גאט נישקשה איז גערעכט! דיא קאטץ האט דעריבער שארפע נענעל כדי זיא זאל זיך קענען דראפען אויף דיא גלייכע ווענד, דאס פערד האט דעריבער א ווידעל כדי אראפשמייסען פון זיך דיא פליגען, און דיא פליגען ווידער האבען

דעריבער פליגעל כדי געשווינד טאַקי אוועקצופליהען.... לערנען האט אייזיק דער שמידט דוקא גאָר ניט געקענט, פונדעסטוועגען האט עס איהם כלל נישט געשאַדעט צו דיא חקירות זיינע, צו הייסען ביים עולם: אייזיק דער חקרן. לערנען מיט חקירה זיינען אַ פּנים גאָר צווייא בעזונדערע זאכען.

גענוג שיין האט דאָך אייזיק דער שמידט דיא גאַנצע וואָך זיך אויסגענומען שטעהענדיג אין אַ צעלעכערטען לעדערנעם פאַרטוך, אָהן אַ קאַפּאָטע בייא זיך אין קוזנע און זאָגענדיג דאָרט חקירות, גאָר נאָך שעהנער אויסגעזעהען האט ער שבת און יום־טוב פאַרנאַכט אויפ'ן שולהויף. ער שטעהט זיך דאָרט אָנגעטהון אין אַ לאַסטיקענע זופּיצע, אויפ'ן קאָפּ אַ שטריימיל, גלייך מיט אַנדערע בכבוד'יגע בעלי־בתים, און דרשה'ט פאַר אַ רעדעל מענשען ארום איהם, אריינשטעקענדיג איין האַנד אין דעם גאַרטעל ביז דעם גראָבען פינגער. אַלץ וואס וויטער פאַרגרעסערט זיך דאס רעדעל, עס ציהעט איטליכען עפּיס וויא אַ מאַגנעט צוגעהען געהענטער, צולייגען איין אויער און האָרכען, וואס זאָגט אייזיק דאָרט עפּיס אזוינס. עס געהט דאָרט אַ שמועס איבער צימעס, דערנאָך אַ חקירה: וואס צימעס? וואס טייטש צימעס? מען קומט פון דעם ענין אַרויף אויף פּאַסטערנאַק, און אייזיק געהמט זיך דערקלעהרען על פּי חקירה, פאַר וואס פאַרלירט פּאַסטערנאַק דעם טעם באַלד נאָך דעם ערשטען דונער. ער פאַרפּוטעט זיך אין דער חקירה און פאַרקריכט אויף קראָפּיווע: פאַר וואס קראָפּיווע זייעט מען נישט און עס וואַקסט? — הערסטו! טהוט ער זיך אַ דרעה צוריק, הערסטו, אָט דעריבער טאַקי וואס מען זייעט עס נישט וואַקסט עס אַליין. אויף דיא אייגענע מעשה, פאַרשטעהסט איהר מיך וואס מיט גאַראָנים ... נאָט נישקשה פאַרשטעהט, פאַרשטעהט איהר מיך, אז אזעלכעס בעדאַרף אויף דער וועלט אויך זיין, פאַרשטעהט איהר מיך. אין דעם רעדעל ווערט פרעהליך, מען האט משונה הנאה און מען לאַכט. דיא חדוה אָבער איז נאָך גרעסער ווען עס קומט אַמאָל אויס אַ שפּאַרעניש דאָרט צווישען אייזיק דעם שמידט און לייזקען, דעם צווייטען חקרן אין דעם שטעדטיל. לייזקע איז אַ געוועזענער אַרענדאַר, אַ ישובניק, וואס אויף דער עלטער האט ער זיך בעזעטצט אין דעם שטעדטיל, כדי צוגעפינען זיך צווישען יודען, הערען אַ „ברכו", אַ „קדושה" און לעבען וויא גאָט האט געבאָטען. לייזקען איז דיא נאָז פאַרלייגט, עפּיס אָנגעדראָלען, דעריבער אז ער רעדט קומט אויס געפּאָנפעט און אַ מאָל אויך עפּיס וויא געפייפט. לייזקע קען בעל־הבתיש לערנען, קוקט אריין אין אַלטע יודישע חקירה־ספרים און צווישען איהם מיט אייזיקען איז תמיד אַ שפּאַרעניש. לייזקע פאַררופט

זיך אלץ אויף אנדערע חקרנים, אויף א ר י ס ט ו, אויף דעם „ספר־הברית“ וכדומה נאך אזעלכע, און ער אליין איז נישט אזא בעל־מוח; אייזיק דער שמידט אקעגען שטעלט נור אויף זיין שכל, ווייסט נישט פון קיין אריסטו און געהט אין חקירה אויף זיין אייגענעם דרך. בעזאנדערענס בעריהמט איז זייער שפּארעניש איבער באנקעס — פאר וואס שטעהט א באנקע צו פּעסט צום לייב און פאלט נישט אראפּ? לייזקע זאָגט:

— אזוי איז דיא מעשה, רבותי! דורך דעם שטעק מיט דער ברענענדיגער ליכט, וואס מען טהוט אין דער באנקע ווערט זיא, אַט א־פּנים, אויסגעלײדיגט פון דער לופט. היינט נעדיינקט־זשע, יודען! אזוי וויא מיר האבען א קייטאַ־לן, אז דיא נאַטור האט פיינד ליידינקיים, בכן־רבותי, ציהעט זיך דאס לייב, אַט א־פּנים, פארנעהמען דאס ליידיגע אָרט אין דער באנקע.

— וואס מיר שטעק, וואס מיר ליידינקייט־שטיידינקייט! — זאָגט אייזיק מיט א שמייכעלע גאנץ רוהיג, נעהמענדיג זיך פאר׳ן בערדיל — און פריהער וואס איז דען, זאָלט איהר מיר געזונד זיין, דיא באנקע געוועזען, נישט ליידיג? לופט האט דען א ממשות? אדרבה, פּריוואט זיך אויסציהען אויבען אין דער־הויך אויף דער לופט, אויב ס׳איז אזוי. און גאר אָ־חוץ דעם, וואס איז עס גלאַט פאר א לשון — אויסגעליידיגט דורך א שטעק מיט דער ליכט!

— דאס איז נישט מיין לשון — פּאַנפּעט בייזליך. לייזקע — אזוי זאָגט אריסטו. איהר הערט? אריסטו!

— אָווא, אריסטו! א קאַטאָוועס אביסעל אריסטו! א רב איז ער דען, וואס פסק׳ט שאלות, הא?

— אָבער אז אזוי שטעהט דאָרט אין אונזערע יודישע חקירה־ספרים! — זאָגט לייזקע שוין שטארק אויפגעבראכט.

— וואס טויג מיר, וואס בייא אייך, זאָלט איהר מיר געזונד זיין, שטעהט אלץ דאָרט, דאָרט! איך אליין שטעה, ברוך־השם, אזוי פיעל יאָהר שטעה איך אין קוזנע ביים אויבען. דאָרט ברענט א פייער, אביסעל א גרעסערעס פון אייער ליכט, און פונדעסטוועגען גאָרנישט, נישט דאס וואס דיא באנקע.... פאר וואס?

— ע־ע, וואס האט מען צו ריידען מיט א יונגעל! — מהוט לייזקע א זאָג, א מאך געבענדיג פאר גרויס פארדראָס מיט דער האנד, און נעהמט אוועק, נישט אויסהערענדיג, וויא אייזיק דערקלערט דעם עולם אויף זיין דרך דעם שפּיטץ, מאס אין דער באנקע שטעקט.

אייזיק דער שמידט, א יונג, א זיידע, ברוך־השם, וואס האט שוין דערלעבט איניקליך פון זיין עלטסטער טאָכטער, בייא איהם אויף קעסט מיט דעם מאַן א וואויל־לערנער, איז מיט אלע פּאָסטעמקעס זיינע געווען טאַקי נור עפּיס א יונגעל — איין אלטער־יונגעל, וואס איז א חידוש צווישען יורען. נאָך דער גרויסער מרה־שחורה, וואס דערוואקסענע יורען, בעווייבטע, מאַכען אָן מיט זייערע ערענסט־פינסטערע פּנימער, מיט זייער זאָרגען אָך־און־וועה, און ביטער־זויערען מוסר־זאָגען תמיד, איז אייזיקס פריינדליכע־פרעהליכע צורה געווען שלמה'לען אזוי טהייער גוט, אזוי צום הארצען וויא דיא ליכטיגע זון ביים בעווייזען זיך איהרם פון דיא פינסטערע חמארעס, און דער גאנצער שטיינער שמיעס זיינער מיט אלע זיינע אנדתאָ איז איהם געווען אזוי געשמאַק, נאר א דערקוויקעניש, וויא א שטיקעל חקירות נאך א משונה.פּריקרע הארב בלעטיל גמרא. דאס יודיש קינד, וואס קוים שטעלט זיך עס אויף דיא פיסליך יודעלט מען עס שוין, מאַכענדיג אויס איהם א קליין יודעל; וואס זיין יונגנד פארשווינד ניך וויא א חלום און ווערט, אז־אָך־און וועה צו איהם, פאראומערט, געעלטערט פאר דער צייט — אָט אזעלכס געביך פיהלט זיך עפּיס וויא ניי־געבאָרען אין דעם געזעלשאפט פון א מענשען, וואס איז צו איהם צונעלאָזט, ווייזט איהם א גוטע מינע, וואס איז אליין אויך נאך גאר א קינד, וואס רעדט מיט איהם איין לשון, און נעהמט איהם אריין אין דער נשמה מיט זיינע מעשיות. דאס קינד לעכטצט נאך אזעלכען, נאך זיינס א וואָרט, וויא א דאר גרעזעלע בשעת דיא גרויסע היטצען נאך א טראָפּען וואסער, און ווערט צו איהם צונעזאָטען מיט לייב און לעבען. נאָר אזעלכע יונג־אלטע מענשען אָבער איז זעהר שווער בייא אונז צו געפינען, וואס וויטער־וויטער ווערט פון זייא נישט זיין אפילו אויף קיין שהחיינו. אין שלמה'לעם צייטען איז נאך, אויף זיין מזל, געבליבען א פּאָר לייט אזוינע אין זיין שטעדטיל — אייזיק דער שמידט, איינער, און הערצעל קייל'עס דער סטאָליער, דער צווייטער.ביידע האבען געווירקט אויף שלמה'לעס נייסט, דערהאלטען אין איהם דאס יונגע פייעריל, ביידע זיינען איהם געווען זעהר טהייער און צו ביידע האט איהם דאס הארץ שטארק געצויגען.

הערצעל קייל'עס איז געווען וויא אייזיק שוין אין דיא יאָהרען, א טאטע פון קינדער, אויך א דארער א בלייכער וויא ער, מיט דעם אונטערשייד נאָר: אייזיק איז א הויכער און הערצעל א קליינטשקער, נידריג געוואקסען. אייזיק איז געווען תמיד רוהיג, געלאסען, גערעדט אויף איין שטימע גלייך, נישט געדרעהט, געשריגען זיך נישט געיאָגט, געהיטצט און נישט ארויס פון דיא כלים, אזוי וויא עס פּאסט

מאקי פאר א חקת. אקענעך־זשע הערצעל איז א שפירט, ביים רעדען ביים זיך איהם דיא שטימע און ער נימ פון זיך ארויס משונה'דיגע קולות, א מאָל אויף מיט א קוויטש. דער שמיעס זיינער איז געהאקט, געבראָכען, לאָזט זיך אויס, פאר גרויס איילעניש, מיט א ווינק, א מאך מיט דער האנד. גאָר עפּיס נישט אזוי וויא ער וויל, קאָכט ער, זידט און צאפּעלט מיט אלע גליעדער, איינגאנצען טאקי א פּאָעט מיט דיא ביינער, אזוי משונע, אזוי קאפּריזנע, אזוי אויפגעבראכט וויא א פּאָעט. און באמת האט אין איהם טאקי עפּיס אזוינס געבורטשעט — עס האט אין איהם געשטעקט א גייסט פון א ק י נ ס ט ל ע ר. דער דאָזיגער גייסט זיינער האט אינווענינג אין איהם וויא דער סמבטיון נישט געריהרט, זיך געריסען מיט אלע קרעפטען ארויס, זיך צו ארויסווייזען אין אלערלייא האנד־ארביים. דיא סאָלערייא איז בייא איהם געווען נישט אזוי, וועגען דער פּרנסה וויא צוליעב דעם פארגניגען, וואס ער האט דרינען געהאט — צו מאכען א כלי. ער האט געקענט אוועקזיטצען איבער א שטיקעל ארביים מעהר וויפיעל מען בעדארף. פארציהרען עס מיט צאצקעס, שניטצערייא, חאָטש יענער האט גאר אזוי פיל נישט פארלאנגט, נאָר צוליעב דעם אליין, עס זאָל זיין שעהן... ער האט געזעהען ליפּא־ראובן'ס מאָהלט „א ו ש פּ י ז י ן“, אויפצוהענגען עס אין סכה, ארייגדרעהענדיג אהין, וויא אין נח'ס תבה, אלערלייא חיות און עופות, נעהמט ער און מאכט „א רבי יוסי“ — א גע־מעהל אזעלכס, וואס שטעלט פיר א מעשה פון דער גמרא: „וויא רבי יוסי (אויסגעמאָהלט מיט א נריי שפּיטציג בערדעלע אין טלית און תפילין) דאווענט אין איינער פון דיא ירושלים'דיגע תורבות און הערט דאָרט א בת־קול, וואס ברומט וויא א טויב (שטעהט אויסגעמאָהלט עפּיס אביסעל משונה), זאָגענדיג: „אוי, וועה איז דיא סינדער, וואס פאר זייערע זינד האב איך חרב געמאכט מיין הויז, פאר־ברענט מיין היילינען פּאלאטץ און זייא האב איך פארטריבען אין גלות צווישען דיא אומות!“ מבינים אין דעם שטעדטיל האבען זאט אָנקוקען זיך נישט נעקענט אויפ'ן געמעהל און געזאָגט, אז עס איז איינס טאקי אין דער וועלט. רבי יוסי איז נאך יאַק רבי יוסי, אָבער דיא טויב, דיא ברומענדיגע טויב, רבונו־של־עולם, ס'איז עפּיס גאר א גוואלד!.... הערצעל האט אויך געשפּילט פידעל, נישט אויף חתונות חלילה, דארויף איז דאָך געווען דער יודישער כליזמר, פייטעל, אויף דיא וואָכענדיגע טעג, און קאָנדראַט דער גויעשער אויף שבת, בייא דער כלה אויף דעם „פאָר־שפּיל“ — נאָר גלאט אזוי זיך האט ער זיך געשפּיעלט. זומער פארנאכט, אז דיא שטאָדט־בהמות זיינען שוין געקומען פון'ם פעלד, ליגען זיך, שוין אויסגעמאָלקענע, אויף דער גאס; אויס דיא קוימענס ציהעט זיך פּאמעליך עפּיס וויא פארשלאָפע

חעל־גרויע זיילען רויך, ווייבער שטעהען בייא דיא פריפעטשיקעס, קאָכען ועטשערע; ערגיץ פון־דערווייטענס, פון א טייכעל פארטראָגט זיך א קוואָקען פון זשאבעס און זשוקליך פראָגען זיך זשושענדיג ארום אין דער לופט — דענסטמאָל צוגיסט זיך געוועהנטליך הערצעל אויף א פירעלע, שטעהענדיג אין־דרויסען, בייא זיך אויפ׳ן גאניקעל, באָרפיס, אין איינע תחתונים, מחילה. קינדער מיט שטיקער ברויט און האלבע אייער פארזאמלען זיך ארום איהם; שטאָפען אָן פולע מיילער, שמעלען אויף דיא אויערליך, גאפען אין הערצן. הערצעל פידעלט און זינגט אונטער, פידעלט און מאכט זיך נארעש מיט דיא קינדער, מהוט א פידעל און שטעלט זיך אָפּ, עס ארט איהם עפּיס, ווייטער א פידעל און — הע־הע! ער איז שוין אין כעס. אין דער־ערד אריין דיא פידעל, אויס שפילען, הערצעל האט זיך צושפילט — און באלד לאָזט זיך איבער דער גאנצער גאס הערען וויא א תקיעה־גדולה א לאנגער, א משונה־ווילדער קוויטש!.... הערצעל האט אויך ליעב געהאט אָפּגעבען זיך מיט זייען און פלאנצען בייא זיך אין גאָרטען. עס האט געהייסען בייא איהם איז דאָ א ביכעל, א „ספר־הרפואות“, וואס געהט אין דער משפחה זיינער איבער בסוד־סודות פון טאטעס צו קינדער, אין וועלכען עס שטעהט בעשריבען דיא טבע פון אלע מיני גראָזען און קרייטעכצער מיט דיא סגולות זייערע צו איטליכער קראנק־היים בעזונדער, א שאָה, נאָר, חלעבען, וואס איז שטארק פארבאָטען מיט אלע פארבאָטענישען, אָסור־חזיר, דערמיט זיך צו בענוטצען. זיסט, וואָלט ער פשוט טאָקי געקענט מחיה־מתים זיין. אויף כפרות פערילא, אלטע גויעס, מאָטערקעס מיט זייערע קרייטעכצער! הערצעלס שטיינער לעבען איז איבערהויפּט נישט געוועזען לייטען גלייך וויא בייא אנדערע יודען — קיין שיינקעל אין שטוב בייא איהם נישטאָ, חוץ קיה איז נאך אין שטאל דאָ א פּאָר אָקסען, א פערד אויך, א פויער, טראָחים, אויף שבירות, אויך, אויף צו אקערען, בעארבייטען דיא פעלדער, וואס זיינען איהם איבערגעגאנגען בירושה פון זיינע עלטערן. א הונט, עס פארשטעהט זיך, איז אויך געוועזען, דער איינציגער יודישער הונט אין דעם שטעדטיל. אין שול אריין איז הערצעל געגאנגען זעהר זעלטען, נישט דערפאר ווייל ער איז געוועזען א אפּיקורוס, האט נישט מורא געהאט פאר גאָט, חלילה! אדרבה, ער האט געגלויבט אפילו אין רוחות, מורא געהאט, געציטערט וויא געוועהנטליך א יוד. נאָר וואס דען? גלאט אזוי זיך, גאר אָהן א שום טעם. דאס איינעגע טאָקי מיט עמיצען אנדערש, ער זאָל פארפעהלען נור א מנחה, וואָלט מיט איהם געהאט צר טאָהן א וועלט מענשען — סטייטש הולטייא אָנזעטצען א מנחה! הערצעל אָבער האט זיך געמענט אָנזעטצען הונדערטער מנחות און גאָרנישט, קיינער האט זיך

ראַרױס נאָר נישט געמאַכט, װײל ער איז פֿאַררעכענט געװען בײַ איטליכען פֿאַר
אַ יונגעל, אַ צוטראַגענע מין בריה, מישטעהנס־געזאָגט. הײנט מאַקי האַט מען נאָך
מורא געהאַט, צו־װאָס זאָל מען זיך דאָ נאַרען, פֿאַר זײן קװיטש אױף. איז ער גע־
קומען אַ מאָל אין שול איז זײן בעסט אָרט געװען צװישען יונגליך װײסע חברה,
הינטער דער בימה, עס װערט דאָרט אַ לעבען, אַ גערעדערײַא, אַ געשטופּערײַא,
און דאַװנען נישט קײן װאָרט, דער שמש מעג זיך, פֿון יוצא װענען, שרײַען: שאַ!
און שײנע בעלי־בתים מעגען פּאַטשען אױף דיא שטענדערס, מיאוס־קרומענדיג זיך,
און מאַכען: אי, אי!

הערצעל־קײלעס איז געװען פֿאַר שלמה׳לען אַקוראַט װיא געװינשען. דיא
דאָזיגע צװײַא, פֿאַרשידען אין דיא יאָהרען, זײנען געװען עפּיס װיא אײנס אין זײערע
געפֿיהלען. דאָס װאָס שלמה׳לען האָט עפּיס אַלץ געמאַנטעט, אינװעניג אין איהם
געבורמשעט; אַזױנס װאָס לאָזט זיך נישט דערקלערען, אַ מין ציהעניש אַזעלכס
װאָס אָהן אַ נאָמען; עפּיס אַזױנס, װאָס איז נישטאָ בײַא אַלע פּערזאָנען,
שעהנע יודען אין דעם שטעדטיל, מיט װעלכע כ׳איז איהם עפּיס אײנג, עס קװעטשט
איהם, שטיקט איהם נור צום חלשׁ׳ן — אָט דאָס האָט ער, דיא נשמה זײנע, דער־
שמעקט, מעשה־שטן, אין הערצעל־קײלעס. און לױט װיא עס װײזט זיך שפּעטער
אַרױס, האָט דער יצר־הרע קײן בעסערן חבר פֿאַר שלמה׳לען מאַקי נישט געקענט
אָפּזוכען.

**ענדע.**

# ישראליק דער משוגענער.

.... לצים לאכען, נישטגוטע שפעטען. עס איז א געשפעטעריי, א געריידעריי נאר פעררוקט צו ווערען. דער קאפ איז דול.... דיא פיס, אוי, פיהלען נישט קיין אנהאלטעניש אונטער זיך — און איך הייננ, דאכט זיך, גאר אין דער לופטען!.... דער רוח, דער אשמדאי טהוט עס מיך א נעהם און הויבט זיך מיט מיר אויף גאנץ הויך. ער האט מיך געטראגנען וויא א רוח א מלמד און זעהר גיך מיט מיר גע־פלויגען.

נאך אונז זיינען נאכגעפלויגען גאנצע מחנות רוחות. א טהייל זיינען גע־פאהרען רייטענדיג אויף עפעס מיני פלעדערמייז, וואס הייסען וואמפירען, א טהייל אויף דראקאנען, אזעלכע מיני בייזע שלאנגען מיט פליגעל, אנדערע אויף סאוועס און נאך אנדערע אויף יאשטשירקעס. צווישען האבען זיך געדרעהט אויך מכשפים, טאשענשפיעלער, פאקוסניקעס, שפרעכער פון אלערליי נאציעס, אינ־איינעם מיט רוסאלקעס. אלטע מכשפר'טעס, קארטענוואראפערענס, ציגאנערקעס פון איטליכער נאמנה האבען זיך אויפגעהויבען גאנץ הויך, רייטענדיג אויף מעט־לעס, עפעס אויף מיני דראבעס, קאכלעפעל, אויף קאטשערעס און לאפעטעס. ס'איז געווען א פחד אנצוקוקען דאס שרעקליך פעקיל, וואס האט א גאנץ וועג זיך געדרעהט, פונקט וויא שטויב דרעהט זיך פונ'ם ווינד אין א רעדיל; וואס האט געטאנצט, געשטיפט, געפייפט, געברומט, געפישטשעט, געשווישטשעט, נישט געריהט קיין רגע.

דער אשמדאי האט מיך געהאלטען אין זיין האנד, וויא א פיינעלע, זיך גע־היט מיר חלילה קיין קוועטש נישט צו טהון, צייטענווייס זיך מיט מיר אונטערגע־שפיעלט און געמאכט קוצעניו־מוצעניו.

— ישראליק! — האט ער איינמאל צו מיר זיך אנגערופען, בשעת מיר זיינען געפלויגען העט־העט הויך — קוק, זיי מוחל, אראב אונטען ועסט דוא עפעס זעהען און הערען.

— איך זעה — ענטפער איך, אראבקוקענדיג אונטען — איך זעה עפעס זעהר א שרעקליכען טומאן. קוים־קוים וואס איך זעה ארומקריכענדיג דארט עפעס מיני בישעפעניש, ווילדע ברואים. זיי ווארפען זיך, צאפלען זיך עפיס משונה, קריכען איינער אויף דעם אנדערען, עפענען דאס מויל, אזוי וויא זיי שרייען דאכט זיך, מיט קולות. נישט אנדערש דאס איז דער גיהנם, מען מאטערט זיך דארט און מען ליידט שווערע, ביטערע יסורים. איך זעה אבער נישט און הער נישט ריכטיג וויא געהעריג

— באלד, באלד, ישראליק, וועסט דוא זעהען און הערען ריכטיג אלסריננ— זאָגט דער אשמדאי און טהוט מיר אָן שארפע ברילען וויא שפאקטיוועס — אנו, וואָס זעהסט דוא אצינד?

— ערד, ערד! טהו איך א געשריי, נישט מיט יענעם פרעהליכען קול, וואָס קאָלומבוס האָט א מאָל א געשריי געגעבען בשעת ער האָט נאָך א לאנגער רייזע אויף דעם ים פלוצלים דערזעהן דיא ערד פון אמעריקא; נאָר מיט אזא קול, וואָס איינער לאָזט ארויס ווען ער דערשרעקט זיך פאר עפעס א ווילדע זאך. איך האָב דערקענט אונזער ערד מיט איהרע דערפער, מיט איהרע שטעדט און מיט אלע איהרע מיני פארשווינדליך. איך האָב געזעהען וואָס דאָרט געהט־פיר און בין פערציטערט געוואָרען.

— ציטער נישט אזוי, ישראליק! — בעט דער אשמדאי מיך מיט א שמייכעלע — נישקשה איך האלט דיך גוט אין דיא הענד. קוק בעסער און גיב מיר איבער ריכטיג וואָס עס טהוט זיך דאָרט אזוינס.

איך זעה אויף פעלדער ווייט ארום און ארום ליגען אויסגעשטרעקט טויטע קערפער פון מענשען אינאיינעם מיט נבלות, געפיינערטע פערד. ביי א טהייל זיינען אבגעריסען דיא הענד. ביי א טהייל דיא פיס. וויעדער ביי אנדערע קריכען ארויס דיא געדערעם. צווישען זיי קרימען זיך, צאפלען זיך, נישט טויט נישט לעבעדיג, עפעס מענשליכע געשטאלטען, מישטעהנס־געזאָגט. פון וואונדען רינט זיי בלוט, דיא מיילער אָפען, דיא אייגען פערזאָטען און דיא ליפען פערברענט פערשמאכט פון דאָרשט. העט דאָרט טראָגען הינט גאנצע קעפ, ראָבען און אנדערע מיני רויב־פייגעל בעפאלען דיא טויטע, פיקען פיקען זיי דיא אויגען און רייסען זיי אוים שטיקער פלייש.... אוי, בלוט! עס גיסט זיך, רינט בלוט גאנצע טייכען, פון וועלכע עס זעצט ארוים א הייסע פארע, וואָס געהט ארויף ביז צו דיא וואָלקענס.

— נישקשה נארעלע! — פאלט אריין דער אשמדאי מיר אין דער מיט רייד מיט זיינס א וואָרט — פון דיא וואָלקענס, נארעלע, וועט עס פערשטעהסט דוא מיך, אראָבטריפען אין גרויסע טראָפּענס, אָנצוטרינקען זאט דיא פעלדער מיט זייערע תבואות, און דיא שיינע וויינגערטנער, וואָס זייער ווייןוועט דורכדעם גערעטען און וועט דערפרעהען מענשענס הערצער... נישקשה, תכשיט מיינער. קוק ווייטער! הא, וואָס?

— הינט, זעה איך, לעקען בלוט — און מענשען... אוי, מענשען, מענשען עפעס אזוינע בעפאלען וויא דיא הינט דאָרט זייערע טויטע ברידער, בעזוכען זיי,

בע'גנב'נען און בערייסען זיי, אָהן א פּיצעל געפיהל פון מענשליכקייט, פון רחמנות. איינער דאָרט, זעה איך, א פערוואונדעטער, קוים וואָס ער זיפּעט, עפענט דאָס מויל, שטרעקט אויס דיא האנד, לעכצענדיג נעביך נאָך וואסער, און יענע פארשוינען שלעפּען איהם, בעטאפּען איהם און נעהמען צו אלסדינג, וואָס געפינט זיך ביי איהם, און אויף איהם מיט א קאלטע לעבער.... ניין, איך קען נישט קוקען שרעקליך, שרעקליך!

— עס! — מאכט דער אשמדאי מיט א קנייטשעלע, שפּעטענדיג אויס מיר — גאנץ געוועהנטליכע זאכען... מלחמות! וויא דען אנדערש? א שעהנע משא־ומתן וואלט, הלעבען, געוועזן פאר מיר, ווען מענשען הם ושלום וואלטען זינט דיא וועלט שטעהט ביז אצינד איינער דעם אנדערען נישט געמאכט דעם טויט. דאָס איינציגע שטיקעל נחת, דאָס איינציגע שטיקעל נוטצען, וואָס איך, טייפעל, האָב פון אייך, שעהנע, פיינע מענשעליך. שעהן איז נור דאָס אָ: זיי פערדארבען, פערטיליגען, טהוען אָן גרויס שאָד, און אויף מיר גיסט מען אויס דאָס גאנצע באָד. זיי שעכטען און מיך מאכט מען צום שלעכטען. צבועקעס! אין דעם חומש'ל, אין דעם תנ"כ'ל, נישקשה, איז איהם גאנץ רעכט דיא מלחמות און דיא הריגות דאָרט. יענער, וואָס איך טאָר זיין נאָמען נישט דערמאָנען, הייסט ביי זיי דאָרט איש מלחמה, א פעלדמארשאל אין א רויטען מונדיר מיט שפּאָרען. דאָרט איז רעכט, נישקשה, און דאָ איז איהם שרעקליך, שרעקליך!... מאך נישט קיין חן, ישראליק. קוק!

— איך קען נישט, אָסור! — שוועך איך ביי מיין יודישקייט — עס ליגט מיר נישט בטבע אזוינע זאכען. פע, וויא איך בין א יוד!.... טראָג מיך, רוה'ל, טראָג מיך ווייטער ווייטער!

דער רוח טהוט א פליה ווייטער, בלייבט באלד שטעהען שוועבענדיג אויף איין אָרט און הייסט מיר אראָבקוקען אונטען.

פאר מיינע אויגען וואקסט אויס עפּעס א שטאָדט. איך זעה מחנות מענשען לויפען משוגענערווייז, פאלען אָן וויא דיא היישרעקען אויף הייזער, ברעכען פענסטער מיט שטיינער, זעטצען אויס טהירען, האקען, בראָקען, רייסען, צופּען שלאָגען מיט אכזריות, ערגער נאָך פון ווילדע חיות, יונג און אלט גאָר אָהן רחמנות. און דאָס אלסדינג, אוי־ועה, פאר גאָט און פאר לייט, אין דער מיט שטאָדט!...

— נעוואלד! — שריי איך מיט א פערקלעמט הארץ — וואו זיינען מיר.... וואו זיינען מיר עס אצינד?

— אָט האָט איהר אייך דעם חכם! — לאכט דער אשמדאי איבערוויגקענ־דיג זיך מיט דעם גאנצען פעקיל לצים — דיא בעסטע יונגע יאָהרען פאַרעט מען זיך ביי זיי דאַרט אוועק מיט געאָגראפיע, וויא עס הייסט ביי זיי, מישטעהנס געזאָגט, מען פאָהרט איבער דער לאנד־קארטע מיט פינף פינגער טאקי, אָנטיי־טענדיג איטליכעס ווינקעלע, איטליכעס טייכעלע. דיא גאנצע ערד, דאכט זיך, איז אין זייערע הענד. א קאטאוועס עפעס אזוינע קעפ, אזוינע אָנגעשטאָפּטע לומדים! און אז עס קומט אוים א מאָל עפעס וואָס אין דעם לעבען איז מען בהמות, גרויסע עמי־הארצים, ווייסט מען נישט פון דאנען ביז אהין, זעהט מען נישט ווייטער פון דער נאָז.... בהמה! איבער רומעניען פליהען מיר אצינד. קוק, שוטה איינער. קוק!

— אי־אי! — שריי איך קולות וויא א קינד איבער דער גאס ביים בעהעל־פער אויף דיא פּלייצעס, נישט וועלענדיג אָנקוקען דעם פינסטערען חדר, ו'יק ארויף דיא ברילען אויף דעם שטערען און פערמאך דיא אויגען.

— שא, שא, מהייערע נשמה! — נעהמט מיך איין דער אשמדאי, צמאָקענ־דיג צו מיר מיט דיא ליפען, א גלעט געבענדיג מיך אין בעקעלע און לייגט מיר צו באלד טאקי צום אייער עפעס א רעהריל — אויב דיר נשמה'ניו איז שווערליך מיט א מאָל צו קוקען, טאָ האָרך־זשע דערווייל א ביסיל. נו, וואָס?

— איך הער א געשריי, א געבעט פון אומגליקליכע נעביך, איך הער א קרעכ־צען, א גוסען, א האָרחלען.... אוי! — בעט איך רחמים — ווידער דאָס איינענע. געוואלד, לאָז זיין אוים מלחמות, האָב רחמנות, גענוג מלחמות!

— שטילער, נארעלע, שא! דאָס איז נישט קיין מלחמות. דאָס איז גלאט אזוי זיך א מין שפיעל, א ניימאָדנע שפיעל. מענשעליך נעביך צופיהרען זיך אביסיל דיא הענד. א מין פּאָלעוואני, נארעלע, איז דאָס. מען שלאָגט און מען לאכט.

—ווער וועמען?

— האָסט דען נישט דערקענט אין דיא הענד ווער? ! האָסט דען נישט דערקענט אין דעם קול וועמען? הקול קול....

— יעקב, אי־אי! — שריי איך, אָנהאפּענדיג זיך ביים קאָפּ — געוואלד, פאר וואָס, פאר וואָס?

— חי־חי־חא! — צולאכט זיך דער אשמדאי, טרעסענדיג מיט דעם ציגען בערדיל — ער פרעגט פאר וואָס? ! וואָס מאכט עס אוים? יאָ פאר וואָס, נישט פאר וואָס, אבי מען שלאָגט! דערויף איז דאָך עס א שפיעל, א מין שפיעל.

חי־חא־חא! א זון מיט א רעגען, א געוויין מיט א געלעכטער אינאיינעם, אט נייג דיין אויער, ישראליק, און הער!

— ניין, ניין! — מאך איך, פערוואָרפענדיג מיט דעם קאָפּ, אין שטופ ו־אָס רעהריל אָב פונ׳ם אויער — איך קען נישט, אָסור חזיר, איך קען ניט, קען נישט הערען!

—טרום! — טהוט דער אשמדאי אויף מיר א היק מיט שפּאָט — ער קען נישט! קען נישט קוקען, קען נישט הערען! און לייענען דיא אָנגעמאכטע געשיכטעס אייערע, וויא הייסט עס ביי אייך עפּעס היסטאָריעס־ מיסטאָריעס, קענסט דוא? אויף אָנצושרייבען א צעטעל פון פיין רדיפות, צרות, געברענטע־געבראָטענע לייד, און אלע מיני פורעניות; א צעטיל פון פערטריבענע, פערוואָגעלטע, געשלאָגענע, געפּאטשטע, געמאטערטע, אומגעקומענע —דארויף נישקשה זיינען זיי בריות. חלילה, אזוינס צו פערגעסען. אדרבה, לאָז עס בלייבען, ליגען אין טעם קינד־קינדס־קינדער. עס איז מסוגל דעם פאָלק צו דער נשמה, שעהן, פיין גאָר א מחיה.... קראצט מען ערגיץ אוים, העט אין דיא פריהערדיגע דורות, נאָך איין אויסגעפּאטשטען האפּט מען איהם אויף וויא וויא אן אבן טוב, נאָך א געשמיסענעם — פוטץ אהער אויסגעשטעלט אין צעטיל.... נא, קוק, לאָז דיא וועלט קוקען, וויסען אונזערע גבורות!... סאיז א כבוד א שעהנ־קייט, מען שעפּט דערפון נחת, מען פיהלט זיך עפּעס פרישער, לעבעדיגער, מישטעהנס־געזאָגט, מיט א מענשליך פּנים—און לאָז אָבער אויסקומען איינעם צו לידען, אליין טאקי, עפּעס א מיגדסט־קלייניגקייט, אָדער צוצוזעהען עס מיט די אויגען, צוהערען עס מיט דיא אויערן, הא־הא! צאפּעלט ער מיט די הענד, מיט פיס ער קען נישט! א קאטאָוועס עפּעס ישראליק, אזא גיבור, אזא אָנגעלערענטער, אזא יחסן, גאָר א שרעק!—לאָזט ער אוים מיט א בייז געלעכטעריל, א קוועטש געבענדיג מיך דערביי אזוי, אז נישט ווילענדיג טהו איך א קוויטש.

אודאי איז מיר נישט ליעב געוועזן דער גאנצער עסק: נישט דער קוועטש נישט דיא שטעכווערטליך, אָנצוהערעניש אקעגען יענע, וויא ער זאָגט, יענע געשיכטעס. פע, גאָר גיט קיין גוטער משא ומתן! נאָר וואָס קען מען אָבער טאָהן אז מען איז ביי יענעם אין דיא הענד, אז מען הייננט אין דער לופטען, אָבהייננענדיג איננאנצען פון יענעמס ווילען, מישטעהענס געזאָגט. אָט וויל ער טהוט ער א מאך מיט דער האנד, וואַרפט דיך ארוים — און עס ווערט פון דיר א תל! וויא אין כעם מען זאָל נישט זיין מוז מען שווינען, אָ־אָבשלינגען אלסדינג, וויא עס זאָל נישט פארדריסען מוז מען זיך נישט וויסענדיג מאכען, יאָ, נאָך

מאכען א פרעהליכע מינע צו דער בייזער שפיל, כלומרשט: עס, גאָר ניט. נאָר אלע דינג איז נשרעדט געוואָרען קענען יענע — ביי זיי העלפט חכמניות, פערשטעלען זיך, טראכט אלס דאס בייז אבי א גוט פרום פנים'ל אבי א צינגעלע וויא צוקער. דער רוח אָבער לאָזט זיך נישט נארען, ער פערשטעהט זעהר גוט דיינע געדאנקען. אז מען זאָגט: „קלוג וויא דער רוח" איז אפנים טאקי אמת.

— עפעס ביסטו מיר, ישראליק, גאָר צודרעהט. הא, עפעס וויא שטאוק נישט צופריעדען. אפשר איז דיר ענג דאָס אָרט דאָ ביי מיר אין האנד, מעגסט דו דיר ארוים. אָה! — זאָגט דער אשמדאי, שארף אָנקוקענדיג מיך, און נישט צו מאכען מיט מיר גרויסע צערעבאָניעס נעהמט ער און זעצט מיך ארויף באלד טאקי צו זיך אויף דעם שפיץ פונ'ם מינדעסטען פינגער.

איך שטעה אויף משקולת, ניט אהין, נישט אהער. פון א מינדסטען בלאָז חלילה, קען איך פערשלײדערט ווערען העט־העט, בלייבען א קדוש, מען זאָל אפילו נישט וויסען וואו איז אהינגעקומען מיין געביין. עס גרוילט מיר פאר פחד דאָס לייב.—אוי, זעהרא מיאוסע לאנגע;...

— ישראליק, ביי דיר איז דיא ברירה — מאכט דער אשמדאי עפעס וויא אָנגעברוגוז'ט — געה דיר געה, זיי מוחל, אויב דיר געפעהלט נישט דאָ ביי מיר!

— וואָס הייסט עס געפעהלט נישט? ! — מאך איך מיך תם, שטאמעל צו־דולט, מיט א חניפה־שמייכעלע, אָנהאפענדיג זיך אין דעם רוח מיט בײדע הענד —אדרבה, פאני אשמדאי, ס'איז גאָר א מחיה. זעהר גוט, אָהן עין־הרע! איך פאָהר מיר אומזיסט, אָהן א בילעט, וויא א פריץ. דיינע לצים מאכען זיך אפילו א מאָהל ביסעל נאריש מיט מיר, נאָר נישקשה, בין שוין געוועהנט מיט זיי. עס, גאָר נישט!......

און איינרייד'ענדיג דעם אשמדאי אזוי, קריך איך מיר דערווייל בגנבה אריין וויא א פלוי צו איהם אין דעם בוזעם און בעזעטץ מיך דאָרט, וואו מען טאָר ניט......

— אוי, ביסט דוא א קלוגעטשקער, ישראליק! — מאכט מיט א בייזן גע־לעכטעריל דער אשמדאי, אויסשטרעקענדיג דאביי דיא הענד און וויל מיך דער־טאפען.

ש־לעכט!.... נאָר פלוצלים פאלט אָן עפעס א בייזע מהומה די לצים ציטערן פלאטערן, דיא נישט גוטע בלייבען צומישט, נעפלעווט. עס ווערט א קאָכעניש, א פליהעניש וויא דיא פערסאמטע—און מען פערגעסט דערווייל אין מיר.

ערגעץ גאנץ ווייט, אין דיא אויבערשטע וועלטען, צו מזרח־זייט, שפאלט זיך דעם הימעל, און עס קוקען ארויס פייערויטע קעפליך פון שיינע ליכטיגע

כרובים, שרפים ואפנים, דיא גאנצע הימלישע חיל שטעהען מיט גרויס דרך־ארץ אויבען דארט. רופען איינער צום אנדערן און זאגען: קדוש, קדוש, קדוש — הייליג, הייליג איז צבאות גאט דער הערשארען! און באלד לאזט זיך הער־ען פון כארען פון מלאכים א „הללויה“, וואס צוגעהט זיך אויף א געטליכער סטרונע איבער דער גאנצער וועלט אין א זיסער, פיין־שטילער מעלאדיע, ריהרענדיג איטליכע נשמה. וועקענדיג אלע בעשעפענישען. אלע לויבען, דאנקען דעם אוי־בערשטען, פול איז דיא וועלט מיט זיין כבוד.

מיט דעם אשמדאי הויבט עס אן צו ווארפען וויא א קדחת. עס דרעהט איהם צונויף פריהער וויא א קנויל, דערנאך טהוט ער זיך א ראפטאם מיט א גריל־צענדיג פייף א ציה־אויס, אונטערשפרינגענדיג מיילענווייט אין דער לופט, טהוט זיך פלוצלים א שטעל פאררייסען דעם קאפ ארויף, עפענט א מויל, זידט קאכט און רעדט מיט העזה, אויפהויבענדיג דעם קולאק אין דער הויך.

— אז אך און וועה צו אייך, צום געזאנג און לויב אייערן!.... איך קען אייך נישקשה. קנעכט זענט איהר, משרתים, אהן אפיצעל אייגענעם ווילען, נאראנים, בטלנים!.... איך קען נישקשה אויך יענעם דעם בעל־הבית אייערן, דעם גרויסען פריץ. יענעם איז ליעב חניפה, צו הערען שטענדיג קאמפלימענטען, לויב און דאנק פאר זיין גוטסקייט, דאס אלסדינג וואס ביי אנדערע וויל ער נישט ליידען, האלט עס פאר א מיאוסע עבירה. חלילה בעטען געצאהלט פאר א מצוה, א דאנק פאר א טובה! איהם אבער בענש, דאוועט, דאוועט, דאנק און לויב אהן א אויפהער פאר איטליכעס פיטצעלע—און איהר קארגט נישט, גיט איהם שבחים מיט דער פו־לער מאס. חנפים, באסאקעס זענט איהר, קריכערס, אונטערלעקערס!....

אזוי זידעלט זיך דער אשמדאי, קריצענדיג מיט דיא הינטעשע ציין און טרייבט אונטער דיא רוחות גיכער, גיכער צופליהען.

ברכה־זאגען, וואס איך האב אנגעהויבען וויא געוועהנטליך אין דער פריה, איז מיר געבליעבען שטעהן וויא א ביין אין האלז. געה דאוועז, זיי מקיים יודיש־קייט ביים טייפעל דארט, נאך אזעלכע ווערטער, וואס א שרעק! אוי, איך בין צודרעהט.... ס׳איז נישט גוט, שטארק נישט גוט!

מיט רעש, מיט אימפעט פליהען די רוחות איבער פלאנעטעס און שטערען, ווייט ווייט ערגיץ העט אין עק וועלט. עס ווערט מיט א מאהל שווארץ־טונקעל אין דיא אויגען. עס רוישט, שטורעמט ארום און ארום, עס בלאזט, קלאפט מיט שרעק. דאס האט פון גאט דער פארטריבענער, דער וויסטער פארצייטיגער „תהו־ובהו“ זיך געריסען וויא א ווילדע חיה פונ׳ם פערשלאסענעם געפיינגניש,

אריינצושפרינגען איז דעם גבול פון ארט און צייט. דאס האט דער אשמדאי געפאכט מיט זיינע פליגעל, געקלאפט אין דיא טויערן פון דער אייבינגער, אמאלדי־גער פינסטערניש, געקראצט, געזוכט עפעס א שפאלט וויא הינטענארום ארויסצי־לאזען זיא פריי און פערפינסטערן דיא וועלט. אי, וויא שרעקליך דאס דאזיגע ארט איז גאר א געוואלד! דא איז דיא גרענעץ פון ליכט—„ווירקליכקייט"—און פון חשכות—„גארנישט" א תהום. עס איז א געוואלדעניש, א שפארעניש, א ראנגלען זיך דא צווישען דיא געמארקען. עס הויבען זיך אויף שווארצע חמא־רעס וויא דיא בערג, אט־אט, דאכט זיך, פערשלינגען זיי הימעל און ערד. פייערדיגע מלאכים אבער, וואס שטעהען אויף דער וואך בים בלייזע פלאמענ־דיגע שווערדען, דונערן און בליטצען און שרייען: „אזאס!... בין דאנען און ניט מעהר!"—עס ווערט א חאפעניש. א יאגעניש, פוטש צוריק אין זייער רוה אריין.... פון איין זייט דארט טאנט וואס ווייטער אלץ העלער און העלער. דיא הימלען פערשטעלען דעם כבוד פון גאט, כיתות מלכים זאגען שירה, איטליכע נשמה לויבט זיין נאמען הללויה! און פון דער אנדערער זייט אקענען איז שטאק־פינס־טער—נאכט!... עס ווידמען זיך דארט מיני שלעה, שוויבלען און גריבלען דיא אלע ווילדע נפשות. בייזע רוחות שרייען וויא דיא לעמפערטען, ווילען פער־ציקען, צערשעמערן — אלסדינג צו אלדי שווארצע יאהר!

יונה הנביא. איהם איז ניט אזוי שלעכט געווען צוליגען אין בויך ביים פיש וויא מיר ביים אשמדאי אין בוזעם. אונז ביידען, אמת טאקי, איז געווען גענ־נוג פינסטער און ביטער. אז־אך און וועה צו אונזער ביידענס מזל, צו ליעגען אין דער קלעהם, אין אזא שכנות מישטעהענס געזאגט. דא איז פארט א גרויסער הילוק. ער, יונה, האט וועניגסטענס געקענט האטש שרייען. תפלה טאהן צום אויבערשטען, זיך בעטען אהיים—און איך האב געמוזט האלטען מויל, נישט געטארט אפילו א פיפס טאהן, שא! דיא לצים זאלען עס חלילה נישט דער־הערען, דער רוח זאל מיך נישט א חאפ טאהן, דערמאהנענדיג זיך אין מיר, און ארויסווארפען מיך וויא א דערקוועטשטע וואנץ אין דעם טיעפען אבגרונד.

עס איז א רעש, א געפילדער! הויך אין דיא הימלען דרעהען זיך, קעהרען זיך וועלטען. זונען און לבנות געהען אויף און אונטערגעהען, איטליכער בעזונדער פאר זיך. עס ענדערן זיך דיא צייטען, עס בייטען זיך פון שטערען דיא וואכען, דיא אראב יענע ארויף, איטליכער אין זיין צייט, יעדער אין זיין ארט, עס זאל עס געקרימט ווערען אויף א האאר! דער אשמדאי פויקט צונויף זיין פעקעל רוחות און לאזט זיך מיט זיי צוריק צו אונזער ערד, וואס דרעהט זיך, אויסזע־

הענדיג וויא א שפילצען־קעפעל, ערגעץ ווייט דארט. ער וויל, הער איך, זיא נישט אבלאזען. קיין אנדערע וויא זיא טויג איהם נישט אזוי צו זיין ארבייט, דא האט ער געגוג בעהעלפערס, געגוג מיטעל צו ווייזען זיינע גבורות. דא איז א האפנונג ער זאל בייקומען, אין דער מלחמה מיט דעם רבונו של עולם זא ער זיין פון אויבען.

—וואס מיינט איהר?... וואס קומט אייך ארוים פון יענע אלע הימלען, פון אייערע אלע גן־עדן'ס, אז איהר זענט קנעכט, לאקייען? אז איהר האט נישט קיין פרייהייט, קיין אייגענעם ווילען, אז איהר זענט נור קוקלעס, וואס טהוען, מאכען מיט דיא ליפען, פלאפלען אזוי וויא מען דרודעלט זיי אן? ! טפו זאל עס ווערען אין גאנצען!—זאגט דער אשמראי, אויפשטעלענדיג ביידע קולאקעס אין דער הויך, שפייעט מיט פעך און שוועבעל, בליצט—בלינצעלט מיט דיא אויגען, שיסט דערנאך אוים מיט א געלעכטער, א שניידיגעס וויא א מעסער, שרייט זיך איבער מיט דיא רוחות אויף משונה ווילדע קולות און גיט זיי אונטער חשק גיכער נאך איהם צופליהען.

ער פליהט האסטיג. וואס א מאך מיט דיא פליגעל פליהט ער אב א וועלט, וואס ווייטער ווייטער ווערט דיא ערד גרעסער גרעסער און דער אשמדאי אליץ רוהיגער. פלוצלים בלייבט ער שוועבען שטיל, ברעכט זיך, ציהט זיך, גלייך וויא ער וואלט פון זיך אראבגעווארפען משא גאנצע בערג, און ארייגפאהרענדיג מיט דער האנד צו זיך אין בוזעם, א קראטץ צוטוהן זיך מסתמא, טאפט ער גאר אומגעריכט מיך אן.

— ע. ע, וואהין, ישראליק, דוא האסט זיך פערקליעבען! לאז מען, נור א ווייזע פונ'ם אויג דיך אבלאזען קריכסט־דוא קריכסט און קענסט באלד אין דער גרגרת אריינקריכען!..... א־נו זייט זיך מטריח, רב ישראליק, ווייטער אביסעל, ריקט זיך, רב ישראליס, זייט־זשע מוחל!—בעט מיך דער אשמדאי מחילה און שלעפט מיך ארוים, האלטענדיג צווישען דיא פינגער מיט א קליין קוועטשע־לע.

אוודאי איז פע, טאקי וואס פע הייסט! דאך פאל איך ביי מיר נים אראפ, מאך מיר הארץ, דערמאהנענדיג זיך אין מיין וואונדערדיגער געשיכטע, וואס מיט מיר האט ביז אהער זיך פאסירט,און טראכט ביי מיר: בע..... נישקשה! אז א־ך האב נעקענט מאכען ביז אהער אזא רייזע, א קאטאוועס עפעס אזא רייזע, אוים זיין וואו דיא וועלט האט איין עק, געפינענדיג זיך צווישען אזוי פיעל נישט גוטע, אלערליי שלעס און בלייבען גאנץ מיט דיא ביינער, וועל איך, אם־ירצה־

השם ווייטער מיך מסתמא אויך אויסדרעהען. מיט דעם דאָזיגען בטחון צאפּעל איך ביים אשמדאי צווישען דיא פינגער, אָנקוקענדיג איהם דערביי משונה, עפּעס מיט אזא מינע, וויא איינער רעדט: מילא א קוועטש איז א קוועטש, בין שוין געוועהנט.... קלייניגקייטען! וואָס־זשע אָבער נו וועט זיין ווייטער?

— דיין טרפה'נע מזל, ישרליק, וואָס אצינד גראד בין איך אויפגעריימט, שיינק איך דיר. זיסט, וואָלסט דוא ביי מיר געפלויגען מיט'ן קאָפּ אין דער־ערד, עס וואָלט פון דיר נישט געבליעבען קיין זכר—זאָגט דער אשמדאי און לאָזט מיך אָב פריי ביי זיך אויף דער האנד.

אבי זוכה געוועזן צו הערען עפּיס א גוט וואָרט וועך איך שוין ביי מיר שטארק געהויבען...... און שטעל מיך איין, וויא א היימישער, דעם אשמדאי אויף צו־קאוועטשטש צו טאָהן א פרעג:

— וואָס איז מיט דיר, פּאני אשמדאי, אזוי דיא שמחה?

— אָט וועסט דוא, בהמה, באלד זעהען פאר וואָס—ענטפערט ער און טהוט מיר ווידער אָן ברילען, א שנעל מיר דערביי מיט א זיס־זויער שמייכעלע אין דער שפּיטץ נאָז—א־נו, דוא זעהסט עפּעס דאָרט אויף דער ערד.

— שווערליך! זאָג איך, רייבענדיג דיא נאָז און דיא אויגען—עפּעס געהן ארויף זיילען רויך וויא פון טויזענד פייערשפּייענדיגע בערג. סאיז דאָרט עפּעס איין איבערקעהרעניש וויא סדום און עמורה!

—ניין, נארעלע!—מאכט דער אשמדאי, א בלאָז געבענדיג אזוי, אז דער רויך איז זיך צונגאנגען אין דער זייט—קוק אצינד וועסט דוא זעהען קוימענס. דאָס רויכערן דאָרט גרויסע, הויכע קוימענס פון מיינע טויזענטערליי פאבריקעס פאבריקעס פון הארמאטעס, ביקסען און כל־א־מיני אנדערע כלי־זין אויף צו מאַ־כענדעם טוידט; פאבריקעס מעהר וויא פיעל מען בעדאַרף אויף צו פעלשען אין לעבען נויטיגע זאכען, און אויך פאבריקעס אזוינע אויף צו מאכען שמאכטעס, וואָס עפּעס ניט אזוי שטארק נויטיג אין לעבען אריין; פאבריקעס פון כלים און מאשינעס, צו פערשפּאַרען מענשענס הענד, פערוועלוועלערען זייער ארבייט און צונעהמען ביי א סך דיא פרנסה; פאבריקעס פון אזעלכע מיני המצאות וויא צו פערקירצען אָרט און צייט און דורך דעם צו פערקירצען זעהר אָפט טאַקי דעם בענשענס יאָהרען; פאבריקעס צו דרוקען און פערשפּרייטען אין דער וועלט גיך און געשווינד זעהר פיעל נארישקייטען—ליגענס רכילות, בלבולים, וואָס נישט געשטוינען נישט געפלויגען, שנאה—קנאה, נאָך און נאָך אזעלכע מיאוסע זאעכנישען און אל דאָס בייז איינע אקעגען דיא אנדערע.... קורץ און גוט—

דאָס איז יער רויך פון דער „ציוויליזאציע," ווי הייסט עס ביי אייך דאָרט, וואָרט נור, וואָרט א ווײילע אַט האָסט דוא א פּאַנאָראַמע. קוק, זיי מוחל, און האָב הנאה!

עס עפענט זיך אויף פאר מיינע אויגען א שטיק לאנד, וואונדער שעהן, נור א געמעהל. פעלדער געהילט אין א סאמעט־גרינעם מאנטעל פון יונגע פרישע תבואות, געשפּרינקעלט מיט בלומכענליך ביי דיא קאנטען. אין טאָהלען פיטערן זיך שאָף און אויף בערגלאך שפּרינגען קלאָהר־ווייסע ציגען. אין דער לופט טראָגט זיך א קאָנצערט פון אלערליי שטימען: א געזאנג, א קנאקען פון שפּיל־פייגעלאך און וועלדער און וועלדליך; א שמוצערן, א זשוזשען, א צימבלען פון פליהענדע מיקען, זשוקליך אויבען, און פון שפּרינגענדיגע גרילען, היישעריקען אין דעם גראָז אונטען. און צו־ווײילען א הירזען פון פערד אויך א צובאסעווען פון קוה אויף דער ברייטער געמבע. ווייט ארום ליעגען צוזיים דערפלאך, פערמעס, ה״־זער געזונטע. געבויט מיט אלסדינג אין דער בעל־הבית־קייט, דערביי גרויסע שעה־נע גערטנער און וויינגערטנער. דאָרט בליהט דער וויינשטאָק, דער פייגענביים צולאָזט זיינע בלעטער, רויזען און אלע אנדערע שמעקעדיגע קרייטעכצער גיבען פון זיך ארויס א ריח פון געווירץ. קינדער שפּרינגען וויא דיא ציגעלעך אויף דיא הויפען, שטיפען לאכען פונ׳ם גאנצען הארצען, עלטערע זיטצען אָנגעלעהנט אונ־טע רביימער, רויכערן, שמועסען גאָר פריילין, עסען, טרינקען און זיינען פריילין.

אך—זאָג איך — וויא גוט, וויא שעהן! ס׳איז דאָך עפּעס דאָ א ליבען. גאָר א גן־עדן!

— א־יאָ שעהן? אַט וועסט דוא באלד זעהען עטוואָס שעהנערער!— זאָ־גענדיג אזוי טהוט דער אשמדאי א מאַך מיט דער האנד פאר מיינע אויגען פלינק וויא א פּאָקוסניק און הייסט מיר קוקען.

— אי־אי! לאָז איך ארויס א ביטער געשריי—נישט צו דערקענען דאָס לאנד אזוי וויסט איז עס, אזא חורבן! נאקעט זענען דיא פעלדער, נישטאָ קיין ווייץ, נישטאָ קיין קאָרען, א פייער האָט אויסגעקוילעט, אויסגעברענט ביז איין גרעזעלע דאָרט. פערדארט שטעהען ביימער, דיא צווייגען צובראָכען, אוים פרעהליכקייט ביי מענשען. מען הערט נישט קיין קול פון פיה—שאַ, נישט קיין פּיפּס, פייגעל און בהמות עפּעס וויא אויסגעשטאָרבען!.....

—דאָס האָט זיא, דיא ציוויליזאציע, אזוי געמיהט — דערקלעהרט מיר דער אשמדאי דיא זאך מיט זיין געוועהנטליך בייז געלעכטעריל—דאָס איז זיא פאר גוטסקייט געקומען אהער אומגעבעטען מיט בלוט און פייער און זיילען רויך. געקומען איז זיא פון גאנץ ווייט זיך לאָזען צו דערקענען דעם היגען פּראָסטען

עולם דאָ מיט איהרע טובות. און אזוי וויא דער עולם אָבער האָט זיך בעז אנקט, געוואָלט לעבען וויא פריהער אָהן דיא טובות, האָט זיא איהם געלעהרענט דרך־ארץ, געוויזען ווער עלטער איז.—וואָס איז מיט מיר, פרעגסטו, אזוי ריא שמחה? בהמה! ס'איז א פרייד צו זעהען וויא זיא ברענט, סמאליעט א וועלט. קלעקט איהר נישט אויף איהרע הפצות דיא וועלדער, גראָבט זי זיך וויא א קראָט טיף אין דער ערד. רייסט דאָרט קברים פון פארצייטיגע געוועקס, פלאָנצען העט־העט נאָך פאר דעם מבול, פון ותעלכע סאיז געוואָרען פערהארטעוועטע קוילען, און נעהמט זיי צו איהר געברויך. עס וועט איהר נישט קלעקען באלד דאָס אויך, זיא וועט אויסברענען, זיא וועט אויסברענען, אויפפרעסען דאָס אינוועניגסטע אין דעם בויך פון דער ערד—דענסטמאָל וועט זיא זיך א נעהם טאָהן אויבען צו דער זון. פון דעם אלטענס רייטוואָגען דאָרט אין הימעל וועט זיא ארויס'גנב'ענען דיא הייסע ברענענדיגע שרפים און זיי איינשפאנען אין איהרע מאשינעס, צו־שלעפען, צו דרעהען רעדער, אונטערשמייסענדיג זיא, מחילה, מיט עלעקטרישע בליצען עס זאָל דונערן, שיסען, פליהען טראסקען—פוף־פאף־פיף!.... בהמה! דיא אלע קוימענס פון דיא גוזמאָ־גוזמאות פאבריקעם דאָרט, זאָס זיינען מזבחות, וואו עס רויכערט זיך לכבוד מיר ולכבוד דעם גאָלדענעם קאלב,דער גאָט פון ספעקולאציעס, שווינעל, פראָיעקטען און געלד. דער דאָזיגער רויך טריקענט אויס דיא הערצער, רויכערט אויס פון אָרט דיא געפיהלען און פערוואנדעלט אלסדינג אין סחורה. ליעבע, פריינדשאפט, פרומקייט, גלויבען, צדקה און דעסגלייכען —אויך סחורה. און וואָס נאָך? ער דער דאָזיגער רויך, רויכערט ביסלעכווייז פון דאָרטען אוים אויך יענעם, וואָס איך טאָר זיין נאָמען נישט דערמאָנען, עס ווערט איהם דאָרט אלץ איינגער, איינגער, עס בלייבט איהם אלץ ווייניגער אָרט, ער ריקט זיך מחילה, אליץ ווייטער, ווייטער, און מיט דער צייט, ס'איז דאָ א האָפ־נונג, וועט דיא ערד אין גאנצען בלייבען מיינע.....

„א־א, נישט דערהארען וועסט דוא עס רשע איינער!"—טראכט איך מיר אין הארצען, פערקרימענדיג זיך מיט א יראת־שמים פנים'ל.

— הע־הע! — מאכט דער אשמדאי, פערדייסענדיג דעם קאָפּ און סמאָ־רעט מיט דער נאָז — וואָס דאָרט טהוט זיך, רודערט זיך אביסיל, הע־הע!

און באלד טאקי דערהער איך הינטער מיר עפּעס א רעש, א געריודער, א פאָ־כען וויא מיט ווייהערס, פלינעל פון א ווינטמיהל און משונה'דיגע קולות פון אי־בערגעשראָקענע אויף א קוויטש.

— מכשפה'טעם עטליכע האָבען בעקומען דיא ספאזמע, חלשה'ן דאָרט --

זאָגט דער אשמדאי מיט א שטעכעדיג געלעכטעריל — אי, א צייט א צייט, גאָר ניט דיא מכשפהטעס וואָס א־מאָל ! א מכשפהטע א מאָל אז זיא האָט זיך געגנר־מען פאָהרען רייטענדיג איז זיא געפאָהרען, נעארבייט אויף אלע כלים, נישט מי'ד צו ווערען אויף א האָר, יענער אפילו זאָל דיא כפרה ווערען. היינטיגע מכשפהטעס אָבער, מישטעהנס־געזאָגט, נאָר עפּעס ווייס איך וואָס אזוינס — איז ביי זיי נערוועו, ספאזמעס. האָבען ליעב קאוואלירען זאָלען זיי מינטערען.... אי, א צייט ! וואָס פאר א מענשען אזוינע מכשפהטעס, אזוינע לצים, אזוינע רוחות. הייא, ראַהיראַט !

א רוח, געקנייטשט געבויגען פאר אלטקייט, דאר וויא א שפענדיל א לייב פון א מיתה־משונה קאָליר מיט א היבשען האָרב און א דינע לאנגע, פערדרעהטע נאָז וויא ביי איין עלעפאנט, קומט געשווינד צופליהען צום אשמדאי, שטעלט זיך איהם אקעגען, פערוואָרפענדיג דעם לאנגען אויסגעקראָכענעם ווידעל צווישען זיינע היהנערשע פיס און אָנבויגענדיג דעם שמאָלען שטערען, אויף וועלכען עס סטארצען צוויי שטייפע צעפליך האָר וויא דיא הערנער ביי דיא ביידע ווינקלען.

— ראהיראט, מיין גוטער, געטרייער דינער ! — ווענדט זיך דער אשמדאי צום רוח מיט א שמייכעלע — וואָס מאכען עפּעס דאָרט אונזערע דאמען ?

— חן, גענעדיגער האר מאכען זיי. ווייבער !..... ווייבער ווילען, וואָס ?— א טענציל. נאָך אזא לאנגע רייזע גלוסט זיך זיי אביסיל רוה, אָבפרישען זיך אביסיל, אויספוצען זיך, אונטערהאלטען זיך, געפעלען אבי וועמען, מעג זיך זיין האָטש דעם שוואַרץ־יאָהר....

— גוט, ראהיראט ! געה, טהו דיין זאך.

עס געדויערט נישט לאנג שפרייעט זיך אוים אין דער לופט העט ווייט ביז קיין אויג קען נישט פערנעהמען עפּעס א מין זיידענער טהייערער קאווי־אָר, גע־שטיקט פון גין־גאָלד מיט דיא שעהנסטע קווייטען און אלערליי קונציגע געמעה־לען, וואָס אויף דער וועלט. עס פונקלען, שפילען דאָרט פאר דיא אויגען סמא־ראגדען־גרינע וועלדער פון וועלכע עס קוקען ארוים רובין־רויטע פאָמעראנצען. פערעסקעס פארטיגע, שיין־חנ'עוודיגע, שטעלען פון צווישען דיא בלעטער ארויס פולעטשקע, רויטליך־פערפארבטע בעקעליך, אָבגעשאָטען מיט דינע קורצע הערע־ליך, בעטען זיך עפּעס וויא אליין, שטומערהייט, זיי א געשמאקען קוש צו טהון. שווארצע קארשען מאכען אייגעליך, ווינקען, ווינקען און ציהען ביי דער נשמה. דיא אויגען צופלאקערען זיך פאר גרויס חשק, וואָהין מען קוקט איז שעהן, ליב־

ליך, וואָהין מען זאָל נישט קעהרען ווענדען מאַנטעטע עס עפּעס, מאַנטעט, עפּעס גלוסט זיך, אוי — נאַר משוגע צו ווערען!.....

וויא א היישערעק לאָזען זיך אהין אראָב דיא רוחות, גרויס און קליין אלט און יונג, צולויפען זיך דאָרט גאַנץ פריי אין אלע זייטען און פערשווינדען באלד. דער אשמדאי לאָזט מיך אָפּ אויך פריי און הייסט מיר זיך דורכגעהען אביסיל שפּאַצירען.

ארויסרייסענדיג זיך פונ'ם טיפעלס הענד בין איך געווען וויא א לאנגע צייט א געפּענטעטער האָהן, וואָס באלד נאָך דעם אויפבינדען איהם ליגט ער א ווײַלע שטיל און קוים האַפּט ער דעם אָטהעם טהוט ער זיך א שטעל־אויף קוממיות און מאכט קוקוריקו מיט ברייטקייט וויא דער גרעסטער, בעסטער וואוילסטער האָהן אין דער וועלט.... איך פערגעס זיך באלד אין דיא צרות, בין נאָר א וואוילער יונג, שפּאַציר מיר ארום, און צו וואָס איך זאָל מיך נישט צו־קוקען בעקום איך חשק, עס גלוסט זיך מיר אלסדינג, עס ווילט זיך מיר אלע יענע שעהנע זאכען. — איך שטעל מיך אזוי אָב איינמאָל אויף דעם שפּאַצירגאנג ביי א גרויסען בוקעט פון דיא טהייערסטע איידעלשטיינער: דימאנטען, בריליאנטען, סאפּירען, רובינען אלע סאָרטען, איינגעפאסט אין גאָלד. עס הויבט מיך אָן אינ־ווענינ עפּעס צודרעהען, כפי מיינע מבינות איז עס ווערט אוודאי א שרפ'ט אלפים טאָלער, און אפשר טאקי נאָך מיט א שמיטצעל אריבער, טאקי יאָ־יאָ דיא גאנצע שרפ'ט מיליאָנען, זאָל עס נישט זיין צו קיין בושה! עס קאָטערט מיך: געוואלד, איך זאָל עס האָבען, וואָלט איך עס דאָך פערקויפט, געמאכט א שעהן קאפּיטאל, וואָלט געלעבט נגידיש, געהאט אויף קאשע מיט יאָיך און אָבגעטער־בעט אזוי מיינע יאָהרען! — עס נעהמט מיך שטאַרק אָן דער יצר־הרע. באמת טאקי, זאָגט ער, פאַרוואָס זאָלסט דוא נישט אויפהייבען אזאמציאה, א כשרה מציאה? וועמען טויג עס דאָ, ווער האָט דערפון דאָ הנאה? נישט גאָט, נישט לייט. דער שווארץ־יאָהר וועט דיא רוחות נישט נעהמען אָהן דעם אויך. זיי האָ־בען געוווג. נעהם! וועסט דערמיט זיך קויפען עולם־הבא. ביי איטליכס פּיצעלע וואָס דוא וועסט דערפון געניסען וועסט דוא דאָך מאכען א ברכה, אויף א פּוטער־געבעקסיל, א שטייגער — מאכען בורא מיני מזונות, אויף א גלעזעלע וויין, ווימאַראַזיק — בורא פרי הגפן. גאָט וועט הנאה האָבען, און דוא טאקי אויך.... נעהם, נעהם! — איך קוק מיך ארום אין אלע זייטען נישטאָ קיינער, איך שטעה אביסיל און בין זיך מישב. איך מאך מיר הארץ און.....

און וויא איך שטרעק אויס דיא האנד פיהל איך פון הינטען עפּעס א קליין

שמיטצעלע וויא מיט א שטריק. איך קוק מיך נישט טויט נישט לעבעדיג אום און דערזעה יענעם אלטען, האַרבאַטען רוח.

— א־א, שלום־עליכם! — זאָגט ער מיט א שמייכעלע, א שמיטצעל גע־בענדיג מיר אויף דער האנד, וויא דער שטייגער פון רוחות איז ביים גריסען זיך, מיט דעם ווײדעל.

— עליכם שלום! — ענטפער איך אונטער דערנאָז, צוקוקענדיג זיך צו איהם מיט האלב פערמאכטע אויגען, כלומר'שט וויים איך נאָך נישט רעכט, ווער ער איז — עפּעס, דאכט זיך מיר, קענטליך.

— ראהיראט בין איך דאָך! וואָס, פערגעסען? איך בין ראהיראט, דער גו־בערנאטאָר פונ'ם דאָזיגען קאַוויאַר.

— אזוי! דער גובערנאטאָר!! — טהו איך מיך א חאפּ דערשראָקען, טראכ־טענדיג ביי מיר: אוי, וועה, האָט ער געמוזט אודאי זיך אָנשטויסען, וואָס איך האָב געוואָלט אָקאָרשט טהון.

— נישקשה, רב ישראל, מאכט נישט אזא פּירוש! איך וויל אייך דאָ ביי מיר אויפנעהמען וויא א טהייערען גאסט. סטייטש, סטייטש רב ישראליק, אז איך האָב דיא זכיה צו זעהען ביי מיר אין לאנד דעם אייניקעל פון אזא בעריהמ־טען זיידען!

— אי, איהר לאכט?!

— חלילה! גאנץ ערנסט. איך האָב זעהר גוט געקענט אייער עלטער־זיידען, דעם וועלט־בעריהמטען חכם — שלמה המלך, אייך אויף צולאנגע יאָהר. איך האָב ביי איהם אוועקגעדינט א צייט מיט יאָהרען, דיא בעסטע יאָהרען, אז איך בין נאָך געוועזען יונג און מיין עק נישט אויסגעקראָכען, ער האָט עס מיר געמאכט פאר גובערנאטאָר אָ־דאָ־אָט!

אָט וואָס ראהיראט האָט מיר דערצעהלט מיט דיא דאָזיגע ווערטער:

„דער דאָזיגער קאַוויאַר, וועלכען איהר זעהט, וואָס האלט זעכציג מייל דיא לייננ און זעכציג מייל דיא ברייט, האָט געגעהרט שלמה המלך, אויף וועלכען ער פלעגט שטענדיג פאָהרען אין דער לופט גיך און געשווינד אזוי, אז ער פלעגט עסען מיטאָג אין דמשק, אין מזרח זייט, און וועטשערע אין מדי, אין מעריב זייט. חיל האָט ער געהאט אָהן א צאָהל, פון אלע מיני בעשעפענישען אין ו ער וועלט. זיינע גרעסטע פליגעל־אדיומאנטען, דורך וועלכע ער האָט קאָמאנדרעוועט געשיקט זיינע בעפעהל, זיינען געוועזן פיער: פון מענשען — אָסף בן־ברכיה;

פון שדים — ראהיראט איך מיט מיין כבוד אליין ; פון חיות דער לייב, און פון עופות דער אדלער.

— סטייטש, וואו איז דער אויער־האָהן ? — פאל איך אריין ראהיראטען אין דיא רייד — עפּעס שמועסט מען דאָך פון א אויערהאָן אויך !

— עט, נארעשקייטען. מישט נישט איך בעט אייך, איינס מיט'ן אנדערען. דער אייערהאהן איז פאר זיך א מעשה, עפּעס מיט דעם ווערעמיל, און דאָס איז עפּעס נאָר אנדערש — מאכט ראהיראט מיט א זויערער מינע, פערדרעהענדיג דיא נאָז און דערצעהלט ווייטער :

„שטאָלץ איז שלמה המלך געווען נישט וויא א רוח, נאָר וויא טויזענט מי־ליאָן רוחות אינאיינעם. ער האָט פון זיך געהאלטען א שרעק, איינער טאקי אין דער וועלט. דעריבער פלעגט ער, זאָל איהם צו קיין גנאי נישט זיין, טהון א מאָל נארעשקייטען און צוציהען זיך דערמיט פיינדשאפט, לייטישע רייד. איך אליין האָב געהאט מיט איהם איין אויפטריט א־מאָל, האָב נישט געוואָלט מעהר פיהרען אָט דעם קאוויאָר, זיינען באלד פערציג טויזענד מענשען אראָפּגעפאלען אויף דער ערד, און ער האָט געמווזט בחרפה ובבושה בעסער ווערען. איינמאָל האָט ער געהאפּט א פסק אָט פון וועמען, אויף דער רייזע אין דער לופט פליהען מיר א־מאָל איבער דעם טאָהל פון דיא מילבען, הערט ער וויא איין שווארצער מילב זאָגט צו דיא איבעריגע : ניכער אריין אין דיא הייזליך אייערע, שלמה'ס מחנות זאָלען אייך נישט איבערפיהרען ! — אזוי ! זאָגט ער שטארק אויפגעבראכט. גנעה ראַ־היראט אראָב דאָרט צו איהר. איך קום, מאך א „סליעדסטוואָ", שריי : סטייטש סטייטש ! יענע איז זיך מודה. זיא האָט געזאָגט. — ווער ביסט דוא ? איך בין דיא מלכה. — וויא הייסט דוא ? איך הייס „מחשמה". אהין־אהער איך ארעסטיר זיא און בריינג זיא צו שלמה'ן. ער נעהמט זיא אויף דער האנד, גלייך זיך אקעגען פנים און מאכט צו איהר : זאָג, איז דען דאָ אויף דער וועלט א גרעסערער פון מיר ? — יאָ ! ענטפערט זיא, קורץ און שארף. — ווער ? — ווער ? — איך ! — וויא אזוי ביסט דוא עם גרעסער ? — ווען איך זאָל נישט זיין גרעסער פאר דיר, וואָלט דאָך דער אויבערשטער דיך נישט געשיקט אהער דוא זאָלסט זיך נאנצען מיט מיר, טראָגען מיך אויף דיא הענד. שלמה ווערט שטארק אין כעס טהוט זיא א שליידער אויף דער ערד, זאָגענדיג דערביי : מילב, דוא ווייסט נישט ווער איך בין ? איך בין שלמה דער זוהן פון דוד המלך !.... ע, נעהם זיך פון דעסטוועגען נישט אזוי איבער, זאָגט זיא, דוא ביסט א בשר־ודם. וויא אלע אנדערע ! —

שלמה איז געבליבען געפלעווט, זיך שטארק פערשעהמט פון דער מילבם ווערטער.

— איך בעט אייך איבער וויא איין אייגענע מוטער — רוף איך מיך אז פערוואונדערט — ס'איז עפעם הארבליך צו פערשטעהען. א מילב — און אזוינע ווערטער! וויא געשיקט זיך עם?

— שא, שא! — זאגט ראהיראט גאנץ געלאסען — אבער אז איך וועל אייך ברייננען א מדרש, ווייזען אז דאס אייגענע שטעהט אין מדרש, וועט איהר שוין גלויבען?.... איך האב אייך צו דערצעהלען וועגען דעם ענין נאך א מעשה, וויא שפעטער אביסיל אויף אזא לופט־רייזען האט ער דערזעהען א וואונדערליכען פא־לאטץ אין וועלכען ס'איז געוועזן אוממעגליך ארייננצוגעהען, און נאכדעם וויא ער האט זיך געראטהען מיט דעם אלטען, זיבענהונדערט־יאהריגען אדלער א ל ע־נ א ד, מיט דעם נייגהונדערט־יאהריגען ברודער זיינעם א ל ע ו ף און מיט דעם טויזענט־דרייהונדערט־יעהריגען ברודער זייערען א ל ת ע מ ר איז ער סוף־כל סוף פארט אריין אהין אין דיא אינוועניגסטע חדרים; וויא אזוי ער האט דארט ביי א גולם פון דער קעהלע ארויסדערטאפט א זילבערען טאוועל וואס דיא אויפשריפט דארויף איז איהם שווער געווען צו לייענען; וויא עפעם א בחור איז געקומען פון דער מדבר און זאגט: אדוני קעניג, דער כתב איז גריכעש און דער טייטש דערפון איז אזוי: „איך שעדער בן־עאד האב געקייניגט איבער טויזענדער מדינות, געריטען אויף טויזענדער פערד, געהאט טויזענטער מלכים אונ־טער מיר און טויזענטער גבורים טויטגעשלאגען — און דאך אז דער מלאך־המות איז צוגעקומען צו מיר האב איך גאר נישט געקענט טהון". — אט דאס אלסדינג האב איך געוואלט דערצעהלען אייך באריכות, אין זעהר א לאנגע מעשה, נאר אצינד, אז איך זעה, איהר זענט, האט קיין פאראיבעל נישט א שטיקעל אפיקורס, גלויבט נישט אין א גרייז־גרויעם אלטען רוה, איז קלינער און בע־סער — צו שווייגען. דאך אבלאזען אייך אזוי איז אוממעגליך. פארט ו ב ישראליק, פארט א טהייערער גאסט, שלמ'ה המלך'ם אייניקעל! זאגט וואס ווילט איהר רב ישראליק!

איך האב געוואלט בעטען יענעם בריליאנטענעם בוקעט, צו וועלכען דאס הארץ האט מיר אלץ שטארק געצויגען, נאר באלד האב איך מיך בעטראכט — ניין! ארויסזאגען עס גלייך, גלאט פשוט: גיב מיר! טויג נישט. דער רוח זאל איהם וויסען וואס ער מיינט. אפשר איז דאס נור איין אנשטעל. אלא וואס דען?

מען בעראַרף פריוועז הינטער ארום, מיט א שפּיטצעלע. — און באלד טאַקי פאַל איך אויף א אויבער־הסברא און טהו איהם א פרעג:

— זאָגט מיר, פּאַני ראהיראַט, אַט וואָס: לויט אייערע אייגענע ווערטער האָט דער דאָזיגער קאַוויאַר גענעהרט שלמה המלך, דאָס הייסט מיין זיידען, כפי איהר זאָגט. היינט איז דאָך דיא קשיא וויא קומט ער צום אשמדאי, הא?....

דרינען איז געלעגען שטארקע אָנצוהערעניש, א הקדמה צום בוקעט, אזוי: וועסט דוא מיר געבען מיט גוטען, מהיכא־תיתי, וועל איך זיין צופרידען חאַטש דערמיט אויך. מיט שרפ'ט מיליאָן טאָלער קען מען אויך וויא ס'איז לעבען. אלא נישט, וועל איך מיך ארויסשטעלען פאר א יורש, מאָהנען דעם גאנצען קאַוויאַר און דיך שטעלען פאר איין עדות.

ראהיראַט האָט עס א פּנים גוט פערשטאַנען. ער איז געבליבען צומישט, זיך געקרימט און נעשטאַמעלט עפּעס האלבע ווערטער.

— ס'איז, פערשטעהט איהר מיך, א היסטאָריע... א געשיכטע.... ס'איז עפּעס פּאָרגעפאלען א מאָל צווישען שלמה המלך און דעם אשמדאי. ע', דער אשמדאי, האָט איהם, פערשטעהט איהר מיך, פערוואָרפען אויף פיערהונדערט מייל. צוגענומען דיא מלוכה, דיא ווייבער, מחילה, אלסדינג.... ס'איז א גאנצע מעשה. נאָר... איהר זענט א שטיקיל אפּיקורוס — לאָזט אוים ראהיראַט, א דרעה געבענדיג דעם ווייזעל און ווערט פערשוואונדען....

— ווארט, ווארט, עס וועט א רוח אין אייער טאַטען אריין! — טראַכט איך ביי מיר שטארק אויפגעבראַכט. — א תירוץ אביסיל: ער האָט צוגענומען!... א שעהנע געשיכטע, חלעבען, א שעהנע היסטאָריע!... איהר פערשטעהט? שלמה המלך'ס מלוכה, א „גוט" פון זעכציג מייל צוגענומען — און נא דיר א פייג!....

אויף שונאי־ציון געזאָגט געוואָרען מיין ביטער הארץ! וואָס א טריט ווייטער קומט פאָר דיא אויגען אנטיקען וואונדער־שעהנע זאכען, אזא רייכקייט, אזא גוטס — מיינס, מיינס בעוונותינו הרבים און פאָרט נישט מיינס!... פלוצלים וואַקסט פאר מיר אויס, וויא פון דער העלער הויט, א פּאַלאַץ — און עס ג׳פּט מיר א טיאָחקע דאָס הארץ, מיין יודיש הארץ!...

דער פּאַלאַץ איז אינוועניג טהייער געפּוצט. מעביל פון פימסענהאָלץ, זיל־בערנע טישען געגריים מיט גילדענע קרערענצען און אלערליי כלים פון קריסטאָל. עס שימערט, עס בלענדעט, פערנעהמט דיא אויגען. עס דרעהען זיך דאָרט ארום, אוי־וועה, בת־מלכות, באלאָווע געקליידט, און גאז, כמעט האלב נאקעט, מיט

הוילע אָרעמס און מיט דעם גאנצען תאלז ביז דיא ברוסט, פע, איין־דרויסען. עפעס נור טאקי וויא אין דיא געשריעבענע מעשיות. — אויף א הויכער בימה אין דער מיט שטעהט וויא איין אָנגעמאָהלטער גולם, אָנגעבויגען דעם קאָפּ מיט א משונה ערנסט פּנים דער אשמדאי מיט זיין כבוד אליין. יונגע מכשפה'טעס, יפהפיות דרעהען זיך ארום איהם, טאפּען איהם, גלעטען איהם דאָס ציגען־בערדיל און ער שמאָכט עפּעס אזוי נארעשעוואטע פאר גרויס פערגניגען. אלטע מכשפהטעס, גרין־און־געל פאר קנאה, קוקען עס צו פון דערווייטענס, און אויס גרויס פּאַרכט צו־צוגעהען נאָהענט צו איהם, ער זאָל זיי נישט א בריק טהון, נעהמען זיי אָן פאר ליעב פּראָסטע לצים, אלטע דראבעס; טאנצען, שפּרינגען משוגענערווייז אין א ראָד און ביים פארבייגעהן גיבען זיי איהם אָב כבוד מיט גרויס אָבשיי: לצים־קאוואלירען טהוען זיך א בוק, און דאמען קליפּות שנורען צונויף דיא ליפּעליך און מאכען א קניקס. מען קניעט זיך, מען ביקט זיך און מען רויכערט איהם אונטער מיט ווייררויך. דער אשמדאי שמעקט דעם זענפטיגען ריח, גלייך וויא דאָס איז איהם נייטיג אין לעבען אריין.

איבערהויפּט האָט דער אשמדאי אין יענער צייט אויסגעזעהען מיט זיין גאנץ בענעהמען: מיט זיין שמעקען, מיט זיין לאָזען זיך גלעטען און אלע זיינע חנ'דליך — עפּעס טאקי זעהר לעקישעוואטע. גאָר ניט, דאכט זיך, דער אשמדאי, וואָס פריהער, נאָר א למך, מישטעהנס־געזאָגט, וואָס בעט זיך ביי דיא ווייבער, וואָס קוקט יענעם אין מויל אריין און בעדארף אָנקומען צו אנדערע...

— ליבער, זיסער ישראליק!... ווענדט דער אשמדאי זיך צו מיר מיט א ווייכער, שוואכער שטימע פון נעבעט — אוי, השמקני, ישראליק!

„מכות! ווענסט עס ביי מיר נישט פועל'ען“ — טראכט איך ביי מיר און מאך מיך תם, גלייך וויא נישט אָנשטויסענדיג זיך וואָס ער וויל, וואָס השמקני בעטייט.

— א שמעק, א שמעק! — גיט ער מיר מיט א רחמנות־פּנים'ל צו פער־שטעהען דעם טייטש — דוא ווענסט מיר דערמיט צוגעבען כח... בתמיה, וויא גע־שיקט זיך עס!

— מאך זיך נישט געפּגרט, ישראליק! ווייסט זעהר גוט נישקשה, אז „יע־נער“, גאָר דער גרויסער תקיף, ער וויל אויך דורך זיינע דיענער בעקומען קראפט, זאָל דורך זייער דינסט זיין בכח... הא, וואָס זאָגען דאָרט עפּעס אייערע ספרים?

— והשנית — רעד איך מיר ווייטער טאקי מיינס, וויא כלומרשט נישט גע־הערט, וואָס ער בעבעט מיר עפּעס אזוינס — והשנית פרעג איך דיך צו־וואָס בע־

דארפסט דיא קבצנען ביי מיר א שמעק, אז דיא גאנצע וועלט וויירויך שטעהט דיר פריי ? נעהם, שמעק וויפיעל דוא ווילסט.

— אט, הויבט זיך אן חקירה ! נישט פאר דיין מוח, ישראליק, אזוינע הויכע זאכען... איבריגענס, שא ! בריינגען צום לאכען איינעם קען דוקא יענעמס א קיטצעל.... אצינד פערשטעהסט דו שוין אביסיל ?

—בע ! — מאך איך מיט א קנייטשעלע — האסט אנגעטהון מיט דיינע קיטצלערס....

— נעה טענה מיט א יודען ! — מורמעלט דער אשמדאי, אוועק־קעהרענדיג אנגעברוגזט דעם קאפ אין דער זייט.

איינע פון דיא בת־מלכות, א שעהנע, שווארצחנ'ודיגע קליפה הויבט אויף איהרע אויגען צו מיר און זאגט שטיל פערקאכט : קום — טאנצען !

טפוא ! שפיי איך אוים, רויט ווערענדיג פאר בושה און טרעף גראד איינעם פון דיא „נישטגוטע“, דעם יצר־הרע, גלייך אין בארד אריין.

— א דוא, קלויזניק. פלאסקעדריגע, מעריד, פרא־אדם, אהן נעפיהל, אהן טאקט, אהן וועלט, אהן לעבען, אהן אלץ־מיט־אנאנדער ! — ווארפט זיך דער יצר־הרע אויף מיר מיט מיאוסע ווערטער, און טהוט מיך, וויא דער שטיינער זיי־נער איז א קיטצעל.

דיא קליפה ווינקט, ווינקט, נעהמט קיין אויג נישט אראב פון מיר איהר איט־ליכס בליק איז א פייל, טרעפט טיעף אין הארץ, איטליכער קוק ציהט, ציהט..... און באלד טאקי, אליין נישט רעכט צו געדיינקען וויא און וואס מיר איז געשעהען, שטעה איך געארעמט מיט דער יפהפה, און ביידע פערפלאמט מיט א שמייכעלע טאנצען מיר קאדריל ! מיט אונז אין קאהן טאנצען נאך פיעל אנדערע פארליך לצים מיט קליפות פון אלערליי סארטען — אלע יענע פיינע לייט, וואס האבען אנגעטהון כבוד יודישע קינדער צו שטעהען אין זייער געשיכטע.... דרעהענדיג זיך אין דער לעצטער פיגור פארביי דעם אשמדאי טהוט מיך דיא קליפה א ציה— אוי וועה ! איך טהו מיך, איהר צו ליעב, א בוק, און גיב איהם א שמעק וויירויך!... ער ווערט עפעס פרישער, שטארקער, וויא איין אלטער תרח נאך א גוטען שמעק טאבאקע. ער טהוט א דריגע מיט דיא היהנערשע פיס, פערבייסט דעם וויידעל— און פוטץ אראב פון דער בימה גיסענדיג, קייכענדיג פאר פרייד.

איך בלייב אהן א נשמה פאר שרעק און מיין : אט־אט חאפ איך פון איהם דעם איינענעם פסק, וועלכען יוסף דילערייניש האט אמאל געחאפט פונ'ם סם נאך דעם שמעק וויירויך, וואס ער האט איהם פאר רחמנות געגעבען.

— לעבעדיג, עולם! — גיט אונטער דעם אשמדאי קוראזש — לאָז זיך גיסען נסכים — גיסונגען פון וויין, פון וואָס איהר ווילט!....

עס הויבען זיך אויף וויא א שטורמווינד לצים, קליפות פון פערשיעדענע מינים און געשטאלטען, גרויס און קליין, און יונג און אלט אלע אינאיינעם. עס איז איין אויסמישעניש, א יאָגענעש אהין, אהין.... יענע מיט רויטע רויטע נעז, מיט געמבעס, פון דער גוטער קאָמאנדע, לויפען פאָראויס מיט א געפייפעריי, א ליארעם, א געשריי, לעבעדיג פרעהליך מיט'ן קנאק.

— גיכער, ישראליק, אהער! זעה און הער מיין גרויס כבוד דאָ אויף דער ערד — זאָגט דער אשמדאי און איז מיר מכבד מיט קוקען געבענדיג מיר בשעת־מעשה א בויג אראָב הינטער ארום דעם קאָפּ.

עס הערט זיך א ווילדע שירה פון טויזענדער אָפענע מיילער, א לאכען, א פלאטצען פון גלאָז און פלעשער, א קלאפען, צוזעמצען, א ברעכען פון פעסער — עס גיעסען זיך נסכים פון בראנפין, וויין און אנדערע געטריינקען. עס הערט זיך אויך א ביטער געוויין פון ליידענדע, א ברעכען דיא הענד, א שלויכטצען, א קרעכ־צען פון טויזענטער געבראָכענע הערצער — עס גיסען זיך נסכים פון בלוטיגע טרעהרען. עס איז איין אויסמישעניש פון פריידענגעשריי און פון אוי־וועה, פון שטארקע, האפערדיג א געטימעל און פון שלאפענקע געפאלענע קולות ביז אין הימעל, פון בייסעניש, רייסעניש, פון שטעכווערטער, געשפעט, לייטישע ציינגער און אָנצוהערעניש מיט הענד, מיט פינגער.

אוי, נישט אנגענעהם איז דיא שירה, וואָס דיא ערד זאָגט — א ווילדע, זעהר א ווילדע שירה!

— געגוג, געגוג! — שריי איך — געוואלד לאָז זיין געגוג געקוקט! נישטאָ קיין ענטפער!...

דער אשמדאי, זעה איך, איז עפּעס פערדולט, שטארק פערענדערט. דאָס פנים רויט, דאָס שווארצאפעלע פערגרעסערט, דיא אויגען וויא גלעזערנע, אויס־געגלאָצט, דער קאָפּ פארבלענדעט זיך, קוים קוים וואָס ער פלאָנטעט מיט דיא פלעגעל. ער זינקט דרעהענדיג זיך אין דער לופט אָבהענדיג אהין־אהער, אָט־אָט, דאכט זיך, פאלט ער אראָב וויא א שטיין, איך מיט איהם — און עס ווערען מיר צושאָמען דיא ביינער. שלעכט א שרעק! איך חאפּ מיך צו איהם—הע־הע! עס זעטצט איהם ארויס פון דער נאָז א ריח פון נסך: פון בראנפין, ספּירט. אזוי, דוא ביסט שכור! זאָג איך, און גיב איהם טאקי מיט דעם גאנצען כח א גוטען קניפּ — אויסקריינקען זאָלסט דוא יענעמס בראנפין, יענעמס בלוט, נאָר נישט

אצינד; שפעטער, שפעטער, אז איך וועל דיינער פטור ווערען און ארויס בשלום פון דיינע הענד. איך קנייפ איהם, מינטער איהם — אומזיסט דיא מיה. מען מוז, טראכט איך, רופען צו איהם זיינע מכשפהטעס, שפרעכערקעס. איך קוק מיך אום אהין צו זיי — אלע זיינען פערלעקט, יונג און אלט — אלע פערקנאקט, נישטא, מישטעהנס־נעזאגט, מיט וועמען צו ריידען!.... ס'איז מיר געווען צו מוטה ווי א יענע בשעת דיא שיף זייערע טרינקט זיך אין ים.

און בשעת איך בין דא אזוי צוטראגען טהוט זיך פון אונטען עפעס א זעטץ, אזוי אז איך שפרינג אזש אונטער און דער אשמדאי טהוט זיך א חאפ־אויף.

— טפוא, טפוא! — שפייעט ער, שצירעט אוים א פאר אויגען און מאכט מיט דיא לעפצען עפעס אהן ווערטער, שטארק צודולט.

איך גיב א קוק — הע־הע! מיר געפינען זיך אויף א דאך ביי א פאנאר, דורך וועלכען עס שיינטאריין ליכט וויא דורך א פענסטער אונטען אין א גרויסען זאל.

— את, וואהין... פערקראכען... א ראטהויז..חי־חי־חי! — געבעט דער אשמדאי, אונטערשמייכלענדיג וויא א שיכור, קוקט אריין פון אויבען איז זאל דורכ'ן פענסטער און שאקעלט מיט דעם קאפ וויא ער וויטעט זיך דארט מיט א בעקאנטען — א־א, שלום עליכם, שלום עליכם פאני המן!

— וואס המן וואו, היינט המן? ! המן איז אויפגעהאנגען געווארען מיט זיינע בנים שוין מעהר פון א פאר טויזענט יאהר צוריק! רעדסט עפעס מחילה וויא — וויא א שכור האב איך געוואלט זאגען, און האב פאר מורא זיך נעהאפט צוריק.

— בהמה! אז מען דארף א גנב, בהמה, שניידט מען איהם אפ פון דער תליה! וואס מיר וואס א־מאל וואס, וואס מיר היינט וואס? הערסט, ישראליק — המן! אלע דא זיינע בנים, ויזתא אויך — בעבענדיג אזוי נעהמט ער און קוועטשט מיר צו שטארק דאס פנים צום פענסטער — זעהסט, הא?

— יא! — זאג איך, פערבייסענדיג דיא ליפען — איך זעה פון דיין קוועטש קראקויא און לעמבערג.

— נערעכט! — לויבט מיך דער אשמדאי, א קניפ געבענדיג מיר אין בע־קעלע — וויא ער קען עס אביסיל געאגראפיע!! אהן עין־הרע!..... נו, וואס ווייטער?

— דיא זאל איז פול מיט מענשען. איינער, זעה איך, שטעהט אויף דע־

בימה, און וויא ער עפענט נור אויף דאָס מויל פאטשט מען איהם שוין פון אלע זייטען בראוואָ!

— אָט דאָס מיין איך טאקי! — לאכט דער אשמדאי, א בויג געבענדיג מיר פון הינטען דעם קאָפּ און ווייטער א קוועטש — דוא הערסט דיא דרשה?

— נישט, מישטעהנס־געזאָגט, וואָס צו הערען — ענטפער איך אונטער דער נאָז, פאראיבעל האָבענדיג אויף דעם קוועטש.

—נישטאָ, זאָגט ער, וואָס צו הערען! — קרימט זיך נאָך דער אשמדאי, ארויסשטעקענדיג מיר א צונג — יענער דאָרט, רעדט, דאכט זיך מיט א מויל, גענץ קלאָר: ישנו, זאָגט ער, ס'איז דאָ א פאָלק, צוזייעט צושפרייעט, זאָגט ער, בכל — אין אלע מדינות..... הער נאָר ווייטער, ווייטער, וואָס ער זאָגט!

—אלטע מעשיות! — זאָג איך, א מאך־געבענדיג מיט דער האנד — עס שלאָגט צום הארצען, ווערט נישט גוט הערענדיג. פע חלעבען! איך בעט דיך, לאָז זיין גענוג!

— א שאָד, חלעבען. דאָס וואָס דוא האָסט געזעהען און געהערט איז ערשט א טראָפּען פונם ים. נאָר מיר אליין איז אצינד עפּעס אויף פע בורדר! מען בעדאַרף געהמען נאָך א ביסיל נסך צום אויסניכטערען זיך... קום אהין צווישין דאָס דייניגע....

— פאר וואָס, געוואלד, צווישען מייניגע?

— משקה אויף אָנצוטרינקען א וועלט — דאָס איז ביי זיי, דאָס איז זייער זאך... יענער, וואָס האָט מיך צום ערשטען מאָל אָנגעטרונקען מיט וויין, מיך געמאכט שכור, ווייסט־דוא דאך גאנץ גוט, ווער ס'איז געווען — דאָס איז געוועזן אייער־ער, בניהו בן־יהוידע! וואָס, הא, אפשר א לינגען? גהה, פרעג אייערע קלויזניקעס; הער וואָס אייערע חכמים דאָרט זאָגען!....

— גענוג! — בעט איך מיך ביים טייפעל — עס דרעהט זיך מיר דער קאָפּ און איך בין דול... געוואלד לאָז מיך אָב!

א מכשפהטע, א מבוערעת. טהוט זיך פלוצלים א ווייז. מאכט א קניקס, לויפט צו דערנאָנך צום אשמדאי מיט א זים שמייכעלע אויף די פערשנירטע ליפּעליך, און שושקעט זיך מיט איהם אוועק א היבשע צייט. עפּעס געהט פיר צווישען זיי זעהר א וויכטיגע זאך.ביידע זיינען פערפלאָמט און פערטיפט שטארק אין עסק — דער אשמדאי ווענדט זיך שפּעטער אביסיל צו מיר מיט דיזא ווערטער:

— רייגע נסים נאָר איז תמיד מיט דיר ישראליק!.... איך מוז באלד טאקי

פון דאנען אוועק אויף דער ווייטער אינזעל „איל־דע־דיאבעל“ אָבארבייטען דאָרט א געשעפט מיט אלע מיינע לייט אזוי, אז עס זאָל זיך רעש'ן דערמיט דיא וועלט. עס פערשטעהט זיך, איך וואָלט דיך אהין פערשלעפּט און דוא וואָלסט זיכער גע־וואָרען דיא כפּרה דאָרט.... צו דיין טרפהנעם מזל אָבער באדארף איך גראָד דיא דאָזינגע שעהנע בכבודיגע מכשפהטע פאָהרע נויטיג אהיים, אויף דער ערד, אין מיינע אנגעלעגענהייטען. נו, וועט זיא דיך מיטנהמען. דוא וועסט דאָרט זיטצען א קורצע צייט. זיך אויסרוהען, ארויסשלאָגען דעם דול דיח פונ'ם קאָפּ ביז דער רוח וועט דיך האפּעי און מיר וועלען ווייטער פליהען אין דער לופטען....

דיא מכשפהטע זעטצט זיך באלד טאקי ארויף רייטענדיג אויף א קאָטשערע, אויפ'ן קאָפּ ביי איהר האָט זיא א היטיל מיט א פויגעל און פלעדערווישען. אין איהר פון הינטען האָט זיא מיך, ישראליק'ן דעם בר־מזל. איך זיטץ אויף דער קאָטשערע, אנהאלטענדיג זיך אין דער קליפּה מיטביידע הענד און מיר פליהען געשווינד העגדום־פּעגדום צו דער־ערד.

**ענדע.**

# שם און יפת אין א וואגאן.

# שם און יפת אין א וואגאן.

## א רייזע בעשרייבונג.

---

## מיינע שכנים.

עס איז ניט קיין געשריי פון די וואס אנטלויפען פון א פייער, עס איז אויך קיין גערודער קיין געיאגטע פון א מערדער, עס איז גלאט א געשריי אין דער וועלט אריין, א טומעל פון אונזערע אחינו בני ישראל זאלען געזונד און שטארק זיין. זיי לויפען פערסאפעט, פערשמאיעט, פערמאטערט, אין גרויס איילעניש נעבען וואגזאל אין דוראקאיוע. אין די הענד שלעפען זיי פעקליך, קליינע, מיטעלע און גרויסע. דער ליארעם און געפילדער ווערט אלץ קלינגענדער. וויבער שלעפען גרויסע פעק בעט-געוואנד, קישענס א. ז. וו.; קינדער לויפען זיי נאך, שלעפען זיך נאך און פויזען זיי נאך. גרעסערע שוויצען, קלענערע שרייען און זויג-קינדער קוויטשען, און אלע צוזאמען שטופען זיך, שפארען זיך, שטויסען איינער דעם צווייטען; דער קריגט א זעטץ אין הארצען, דער א שטורך אין זייט; מען טרעט איינער דעם צווייטען אויף די פיס; מען פערבייסט מיט די ליפען און מען קריכט ווייטער, און מיט די לעצטע קרעפטען קלעטערט מען אויף די טרעפלאך פון א וואגאן דריטער קלאס. איינער יאגט דעם צווייטען, קריכט איבער דעם צווייטען צו פערכאפען א באנק אויף זיצען פאר זיך, פאר זיין געזינדעל און פאר זיינע בעבעכעס.

און איך מענדעלי מוכר ספרים, שלעפ אויך מיינע מטלטלין און שמארק זיך ארויפצוקלעטערן, ניט צו בלייבען דער לעצטער חלילה! און אין דער זעלבער צייט, וואס אונזערע יודעלעך האבען קיין צייט

נישט און שפּרינגען דער לבנה אַנטקעגען, שטופּען זיך און זאָרגען זיי זאָלען נישט בלייבען הינטערשטעליג, און מיר קוקען אויף די בעאַמטע פון באַהן ווי אויף גרויסע שררות מיט אַ רחמנות פּנים׳ל און מיט גרוים הכנעה, אַ שטייגער ווי אונזער פאָהרען זאָל זיין אומזיסט און ווי מען טהוט. אונז אַ חסד וואָס מען לאָזט אונז אַרויף — אין דער זעלבער צייט שפּאַצירען זיך די איבעריגע פּאַסאַזשירען פון די אומות העולם גאַנץ לאַנגזאַם, רוהיג איבער׳ן פּלאַטפאָרם; זיי וואַרטען אָפּ ביז דעם דריטען קלונג, דאַן געהען זיי אַריין אין וואַגאָן ניט געחאַפּט, ניט גע־איילט און האָבען דאָך די בעסטע פּלעצער.

בקיצור. ווי מען פּטר׳ט דעם טומעל און גערודער פון אַריינ־שפּאַרען זיך אין וואַגאָן, הויבט זיך אָן אַ נייער טומעל פון פערנעהמען פּלעצ־צער. אַנדערע, קליגערע, געניטערע, געזינדערע, האָבען זייערע פּלעצער באַלד קונה געווען, עס הייסט פערחאַפּט... אַנדערע זענען נאָך גע־ונד איבער׳ן וואַגאָן, דרעהען זיך. אַהין־און־אַהער און זוכען מיט די אויגען וואו צו־צושפּאַרען זיך. אַ יודענע, אַ בייכיגע, מיט אַ גרויסען נאָז און מיט נאָך אַ גרעסערען צונג, שפּאַרט זיך און שפּאַרט איהרע פּעק פאָר־אויס, און ווי זי קומט אַריין, פאַלט זי אויף איהר פּאַק, און איהר פּנים און איהרע אַלע תּנועות זעהען דענסטמאָל אויס ווי אַיין אינדיק, וואָס מען ברייגנט פון מאַרק אַהיים אויף פּסח און ווען מען בינדט איהם אָפּ די שטריקלעך, צולייגט ער זיך גאַנץ ברייט אויף דער ערד, צושפּרייט זיינע פליגלען, בלאָזט זיך אָן און קוקט אויף אַלעם מיט וואונדער און מיט שרעק און ווייס נים וואו ער איז אין דער וועלט. ווייטער שטופּט זיך דורך נאָך אַ יודענע. זי האַלט זיך מיט קישענס מיט פּעקילך און אַלערליי שמאַטעס און רופט נאָך זיך איהרע קינדער: גיבער! שנעלער! מיט אַ געשריי מיט אַ פּישץ און אַ געפּילדער. אָט דיעזע פרוי האָט מיר גאָט ברוך־הוא אויסערוועהלט צו זיטצען אין איהר מחיצה אין ענגעניש מיט איהר מאַן, מיט איהר היבשע געזינדעל און מיט איהרע פּעקליך, זעקליך, און גרויסע זעק, און איך בין געווען ברוך־השם אַרומגערינגעלט טאַקי ווי מיט אַ מויער.

אויף די ביינק פון וואַגאָן זענען מיר געזעסען און טייכען שוויים האָט זיך פון אונז געגאָסען. יעדערער האָט געסאָפּעט, געזוכט פרישע לופט, און אונזערע פּנים׳ר האָבען געפלאַמט פון היץ. פערצייטען, אַז איך פלעג פאָהרען מיט מיין פערד און וועגעלע איבער דער וועלט און פלעג שוויצען איןביידעל, האָב איך געהאַט דערפון אַ נחת־רוח,

פשוט אַ מחיה נפשות, און האָב געפּיהלט דעם טעם ווי פון שוויצען אין באָד אויף דער העכסטער באַנק אום ערב שבת. און אויך דעם נישט-גוטען זיטצען אויף בינטלעך ספרים און שרה בת-טובים'ס תחינות האָב איך מקבל באהבה געווען. יעצט איז אָפּגענומען געוואָרען דער טעם פון שוויים, און דער שוויצען און דער ענגער זיטצען, פערשוואַכט מיך און מאַכט מיר וועהטאָגען און יסורים!... איך האָב גערעכענט אפשר האָבען דאָס מיינע זינד גורם געווען און מיין נאַטור האָט זיך אומגעביטען און איך בין נים ווערט צו געניסען פון די צוויי גוטע מתנות וואָס גאָט ברוך-הוא האָט געשיינקט זיינע היילינע קינדער ישראל: זיטצען געדריקט, ענג, אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ און... שוויצען! נאָר דער בעגעהן זיך פון דעם קאָנדוקטאָר מיט די פּאַסאַזשירען, די פיהרונג פון די פּאַסאַזשירען איינער מיט דעם צווייטען, און אַלע צרות און פּראַקטיק וואָס איך האָב געהאַט אין דער קליינער ווייַלע האָבען מיר געגעבען צופערשטעהן, אַז די ענדערונג איז נישט חלילה אין מיר זעלבסט, אין מיין נאַטור אָדער אין מיינע מעשים, עס איז גאַנץ איינ־פאַך: דער אַרט פאָהרען האָט זיך אומגעביטען, און מען קען נישט פער־גלייכען דעם פאַרצייטיגען פאָהרען אויף פערד מיט היינטיגען פאָהרען אויף דעם באַהן. אַמאָל אין ביידע', בין איך געווען איינער און מיין ווילען איז געווען מיינער. אַז עס ווערט אַמאָל ענג פון איינענע מענשען, ווי עס טרעפט, פיס מיט פיס צוזאַמענגעפלאָכטען און מען קען נים דערקענען, וועלכע איז מיינע און וועלכע מיין שכן'ס, אין מען איז איינגעפּרעסט ווי הערינג אין אַ פאַס, איז דאָך די ברירה ביי אונז: וויל מען, זיטצט מען אָנגעלעהענטערהייט אין גרויסע צרות ווי די קסרים און מען נעהמט אָן פאַר גוט; וויל מען זיך אָבער בעפרייען, קריכט מען אַראָפּ און מען געהט זיך צו פוס, און קיינער קען מיר נים פאַרוועהרען מיינע פיס און דעם פרייען דרויסען. אָט די ברירה אַליין, אַז איך קען טאָהן וואָס איך וויל, מאַכען די יסורים גרינגער. נישט אַזוי אָבער איז אויף דעם באַהן: דאָרטען בין איך נישט מיינער און מיין ווילען נישט מיינער; איך בין פערקויפט צו דעם מעשענעם קנעפּעל, צום קאָנדוקטאָר הייסט עס, מיט לייב-און-לעבען, מיט האַק-און-פּאַק ווי אַן אַרעסטאַנט אין טורמע, און איך מאָר נים פטור ווערען פון ענגעניש אפילו אויף אַ רגע.

און דאָס זעלבע איז אויך מיט'ן שוויצען. עס איז נישט גלייך, אַז מען שוויצט מיט'ן גוטען ווילען צו אַז מען שוויצט ווייל מען מוז. דאָס איז נישט דער גוטער יודישער שוויים... ווער עס איז געווען

אין וועג אום תמוז, אין דער צייט ווען הקדוש ברוך־הוא נעהמט אַרויס די זון פון איהר פוטער־פּאַס אין מיטען טאָג, קיין פויגעל פליהט נישט, קיין אָקס שרייט נישט אויף דער לאָנקע, דער וואַלד שאָקעלט זיך נישט, די צווייגען שעפּצען נישט, די גאַנצע וועלט שווייגט, און דער מענש דענסטמאָל אין וועג צושפּרייט זיך אויפ'ן וואָגען מיט'ן פּנים אַראָפּ, ווי איך, און שוויצט. — אָט דער פיהלט דעם טעם פון גוטען שוויים, אמת'ן, כשר'ן יודישען שוויים. און נאָך נישט דאָס אַליין: דער וואָגען איז ווי אַ קליינע קאָלאָניע פון פיער איילען וואָס פעראייניגט געצעהלטע מענשען, וועלכע ווערען אין וועג ווי איין געזינד. דער הימעל איז איבער זייערע קעפּ ווי אַ בלויער רעגענשירם, און די ערד שטעלט זיי פאָר אַ שעהנע פּאַנאָראַמע פון דער נאַטור; פערביי זייערע אויגען ציהען זיך לאַנגזאַם די פּראַכטען פון דער נאַטור און זיי האָבען פערגעניגען. נישט אַזוי אָבער איז מיט דעם באַהן. ער איז ווי אַ גרויסע שטאָדט, וועלכע פליהט מיט איהרע גאַסען, מיט איהר טומעל און געררודער; מיט איהרע איינוואָהנער מיט זייערע פערשידענע זיטען און מנהגים נאָך זייער שטאַנד, נאָך זייער קלאַס און נאָך זייער משוגעת; מיט זייער קנאָה, שנאָה און קאָנקורענץ, זייער האַנדעל און זייער צאַנקערייַ און קריגערייַ. זיי פאָהרען, איך מיין זיי פליהען אין דער גרויסער וועלט און קוקען נישט אָן די פּראַכט פון דער נאַטור. וואָס ליגט זיי דאָס אין זינען? וואָס געהט זיי דאָס דערין?

דער מלאך, וואָס איז ממונה אויף די תקיעות האָט געמאַכט אַ תקיעה גדולה, און דער באַהן איז זיך אַוועק. אַלעמענס פּנים'ר האָבען זיך אומגעביטען, עפּעס איז מען געוואָרען פרעהליכער, אַבי פערחאַפּט, אַבי מען פאָהרט שוין. איינער דעם צווייטען האָט אָנגעהויבען בעטראַכטען און אויספרעגען: פון וואַנען איז אַ יוד? וואוהין פאָהרט מען? מיט וואָס האַנדעלט מען? דאָס, יענעס וכדומה, ווי דער שטייגער איז אין וועג: פרעמדע ווערען קרובים, ווייטע ווערען נאָהענט און אונבעקאַנטע בעקאַנט. מען רופט איינער דעם צווייטען מיט'ן נאָמען, ווי מען זאָל זיך קענען פון פריהער. חיים עפענט זיין שעציל, נעהמט אַרויס שנאַפּס, טרינקט אַליין און איז מכבד שמואל'ן; אויך שמואל נעהמט אַרויס ברויט, ציבעלע און אַלערלייַ שאַר־ירקות און גיט חיים'ן און זיי לעבען אַ גוטען טאָג. שמעריל גיט איבער אַנשל'ען געלט ער זאָל זיך מטריח זיין אָפּגעבען זיין מחותן אין זייז שטעדטיל, אין ראובן שיקט צו שמעון'ען בריעף, און רעבענוגען צי לוי ד"ב קרעמער אין חאַנדריקעווע, און אינגאַנצען וואַגאָן איז געוואָרען איריד. די קינדער

ישראל זענען זיך עוסק אין פרנסה, דער פרעגט דעם, דער פרעגט יענעם, אַלע ריידען, און עס קאָכט זיך ווי אין אַ קרעטשמע. אויף מיר האָט אויך גערוהט דער ווילען פון מסחר, און איך האָב געוואָלט אויפבינדען מיינע ספרים, טאָמער וועל איך עפּעס לייזען; מיט אַמאָל האָב איך דערזעהן ווי אַ מחבר׳ל טראָגט זיך אַרום מיט זיין חיבור׳ל און שלאָגט זיך אָן צו יעדערען, מען זאָל ביי איהם קויפען אויס מיט־לייד, ווייל ער איז אַן אָרעמאַן, ער דאַרף חתונה מאַכען אַ בוגרת א. ז. וו. ווי איך האָב געזעהן, ווי ער איז זיך מכניע און לייגט זיך יעדערען אונטער די פיס און מאַכט זיך בזוי ומבוזה פאַר עטליכע קאָ־פיקעס, און ווי די לייטע קוקען אויף איהם מיט חוצפה און ווי מען ענטזאַגט איהם מיט אַ וויטץ, מיט אַ שטעך־ווערטעל, און וואָס די לייטע אין דעם צווייטען ווינקעל פונ׳ם וואַגאָן ריידען וועגען איהם און מאַכען חוזק אויף זיין רעכענונג, האָב איך מיר ענטזאַגט פון מיין ווילען צו עפענען מיינע ספרים און בין געבליבען זיטצען. —

טרויעריג, אָהן בעשעפטיגונג, בין איך געזעסען אויף אַ ברעג באַנק, געקוועטשט, געדריקט פון אַלע זייטען, און איך האָב בעטראַכט מיינע שכנים. די פרוי, וואָס איז געזעסען מיר אַנטקעגען, איז געווען אַ מאָגערע, מיט אַ דינעם נאָז, איהרע אויגען איינגעגראָבען, די הויט פון די ליפען פערטריקענט און אויסגעצויגען, איהר געזיכט צוקנייטשט ווי אַ געבראָטענער עפּעל. זי זיטצט אויף אַ גרויסער קישען, פון וועל־כער פעדערען פליהען אין דער הויך. זינד זי איז אַריין, האָט זי קיין בערוהטע מינוט ניט פון איהרע קינדער; זיי טומלען איהר דעם קאָפּ מיט זייערע פראַגעס און מיט זייערע קריג און מסירות איינער אויף דעם צווייטען. דריי קלענערע קינדער בייטען זיך אַלע ווייַלע מיט די ערטער, דער אַרויף, דער אַראָפּ, און קלאַפּען דערוועיל איהר אין די זייטען און וואו עס טרעפט זיך. אויף די הענד ביי איהר שלאָפט אַ זויג־קינד, וועלכער האָט זיך גוט אָנגעשריען, אָנגעוויינט און איז איינ־געשלאָפען. די טרערען זענען נאָך אויף זיינע בעקליך, אין וועלכע עס איז קיין טראָפּען בלוט נישטאָ, און ער אָטהעמט זעהר שווער און שוואַך. ביי מיין זייט איז געזעסען דער מאַן פון דער פרוי, אַ הויכער, אַ דאַ־רער, אַן איינגעבויגענער יוד מיט אַ לאַנגען האָרבאַטען נאָז, מיט אַ קליין בערדיל; אין זיינע אויגען ליגט טרויער און אויף זיינע ליפען איז אימער ווי אַ ביטערער שמייכעל. אין דער רעכטער זייט פון דעם פאָטער זיטצט זיין עלטערע טאָכטער, אַ מויד שוין אַ בוגרת, עפּעס אַ פערטראַכטע, אַ פער־אומערטע און אַ פערקלאָגטע, און נאָך צוויי מיידלעך קלענערע פון איהר.

איך בין זיך מודה, וואָס פאַר גאָט דאָס פאַר לייטען, אַז אין אָנפאַנג האָב איך שטאַרק פערהאַסט מיינע שכנים. ווי זיי זאָלען עפּעס מיינס פערנעהמען, און ווי דער אמת איז, האָבען זיי מיך טאַקי נישט געלאָזען רוהען, און אין האַרצען האָב איך געשאָלטען מיין ביטערען מזל. וואָס האָט מיך גראָדע אויפגעקאָמפּאַנירט מיט אַזעלכע מאָדנע משוגה'דיגע און דאַקוטשליווע נפשות. נאָר אַז איך האָב זיך צו זיי גוט צוגעקוקט און בעטראַכט, האָט זיך מיין האַרץ פערקעהרט צו גוטען און האָב אָנגעפאַנגען פון זיי אַנדערש צו קלעהרען. זייערע קליידער, זייער געשטאַלט און זייערע פנים'ר, וואָס זיינען געווען שוואַרץ ווי דער לינקער זייט פון אַ טאָפּ, האָבען אויף זיי עדות געזאָגט, אַז זיי זענען נעביך אונגליקליכע, וועלכע האָבען זיך גענוג אָנגעליטען, גענוג אויס־געשטאַנען, און איך האָב נישטווייסענדיג וואָס־און־ווען, אויף זיי מיטלייד בעקומען. די ביטערע זיפצען יעדער מינוט פון דער מוטער, האָבען מיר געמאַכט אַ לאָך אין האַרצען, דער פלייסען זיך פון דעם פאָטער מיט די עלטערע קינדער מיך נישט צו דריקען און ענג צו מאַכען, האָט מיך פאַר'ן האַרצען פערנומען, און מעהר פון אַלעם האָב איך מיטלייד געהאַט מיט דעם זויג־קינד, וועלכער האָט געדרימעלט פער־מאָרעט, אָהן קרעפטען, אָהן בלוט אין די ליפּעליך, אָהן אָטהעם אין זיין יונגע ברוסט, ווי ער געהט אויס ביי דער מוטער אויף די הענד — דאָס אַלעס איז פאַר מיר גענוג געווען צו פערשטעהן דעם ביטערען צרה'דיגען לעבען פון דער אונגליקליכער געזינד. דענסטמאָלט האָב איך מיר פאָרגעשטעלט אין מיין געדאַנק טויזענדער אַזעלכע בילדער פון טרויעריגע, אונגליקליכע פאַמיליעס, וועלכע ליידען הונגער, דחקות און טראָגען דעם בינטעל צרות אין טהוען אפילו נישט אַ פּיפּס, און אין זיך האָט מיין האַרץ ביטער געוויינט...

## ביסמארק הייסט ניט עסען!...

יוען איך בין אַזוי געוון פערזונקען אין מיינע געדאַנקען, האָט זיך אַ יונגעלע צו־וויינט פאַר דער מוטער, אַז ער וויל עפּעס עסען. די האַרץ איז איהם פער'חלש'ט און די מוטער שטילט איהם איין מיט די ווערטער: — „דער טאָג איז נאָך גרויס, יענקעל! עס איז יעצט נישט די צייט צו עסען, וואַרט נאָך אַ ווײַלע, וואַרט, מיין זוהן...“

— שאַ! יענקעלע, האָט דער פאָטער אויך געזאָגט און האָט

פערקרימט זיינע ליפען ווי ער וואָלט נעלאַכט. שאַ, יענקעלע! ביס־מאַרק האָט פערבאָטען צו עסען...

— איז דען דיין זוהן קראַנק חלילה? האָב איך געפרעגט דעם פאָטער מיט אַ טאָן פון רחמנות און ליעבשאַפט, און מיר האָט זיך שטאַרק פערוואָלט מיט איהם אַריין אין אַ שמועס און וויסען וואָס מיט איהם איז דער מעהר.

— חס־ושלום! זיינע ער איז געזונד און שטאַרק אויף אַלע גלידער און געדערים, וואָלט איך נאָר געהאַט די וואָג גאָלד וויפיעל זיין מאָ־גען איז מוכן ומזומן צופערדעהען שפייז צו יעדער צייט.

— און ווער איז דאָס דיין ביסמאַרק, וואָס האָט פערבאָטען עסען אַזאַ געזונדען מענשען ווי דיין זוהן? האָב איך איהם געפרעגט פער־וואונדערט.

— קענסט־דו גאָר נישט ביסמאַרק'ן? אַ חידוש!

— און וואָס איז אַז איך קען איהם נישט? ער מוז זיין ביי אייך אַ דאָקטאָר און ביי אונז אין דוראַקאָווע איז דאָ אַזעלכע דאָקטוירים און פעלדשאַרעס איפ'ן טוץ, און ווען מען וועט נעהמען קוקען וואָס זיי פער־זאָגען, קען מען זיך גיך אַוועקפעקלען פון דער זינדיגער וועלט, ווי ביי אונז זאָגט מע דעם גליי־ךווערטעל: „פון דער עצה וואָס אַ דאָקטאָר וועט געבען, קען מען געווים די יאָהרען ניט אויסלעבען".

איך האָב אָנגעמאַכט אַ געלעכטער דעם פאָטער מיט די טעכטער מיט מיין ווערטיל, מיך האָט דאָס שטאַרק הנאה געטהון און איך, זיי־ענדיג צופריעדען פון זיך אַליין, האָב אויך געשמייכעלט. איך האָב געוואָלט בעווייזען, וואָס פאַר אַ גוטער וויטצלינג איך בין און דערצעהלען נאָך מעשיות און המצאות פון אונזערע דאָקטוירים, צירולניקעס, קאָנאָוואַלעס און באָנדאַרעס. נאָר דער קאָנדוקטאָר איז אָנגעקומען נעהמען בילעטען און „פאַר בילעטען" און ער האָט מיר איבערגעשלאָגען מיינע רייד.

אַז דער קאָנדוקטאָר איז אַרויס בשלום פונ'ם וואַגאָן, און די לינקע פאַסאַזשירען זענען, אַ דאַנק דעם רבונו־של־עולם, איבערגעקומען דעם חיבוט־הקבר פונ'ם ליעגען אונטער'ן באַנק, האָבען זיך אָנגעהויבען אויפהויבען קישענס; פעקליך האָבען זיך פערנאַנדערגערוקט און זעק האָבען זיך אויפגעשטעלט און פון אונטער זיי האָט זיך אַרויסגעקראָפ־קעט אַ מענשליכע געשטאַלט, וועלכע איז געלעגען אונטער מיין אַנטקע־

געגדינגער באנק. ער איז געגאנגען אין גויעשע קליידער, אין אלטע פערלאטעטע הויזען, אין א פוילישע פויערשע סוויטע מיט מעשענע העקליך פערשפילעט ביז'ן האלז און אהן א היטעל. זיין געזיכט איז געווען ווייס ווי קאלך, די באקען איינגעפאלען, די וואנצעס פערדרעהט פון ביידע זייטען מויל און אראפגעהאנגען ווי מייזעשע עקליך. ער האט זיך געשטעלט אויף די פיס און האט זיך אויסגעגלייכט די ביינער, האט זיך אויסגעהוסט און אויסגעגענעצט ווי ער זאל אויפשטעהן פונ'ם שלאף. מיינע שכנים, די גרויסע און די קליינע, האבען איהם פריינדליך גע־גריסט מיט זייערע קעפ און האבען אויף איהם צופריעדען געקוקט און ער אויף זיי אויך דאס גלייכען. און איך שטעה און וואונדער זיך און הויב נישט אן צו פערשטעהן וואס ער געהערט זיך אן צו דער פאמיליע וועלכע איז געוועזן א יודישע מיט אלע פיטשעווקעס. פיעל סברות זענען מיר ארויף אויפ'ן זינען. און פון אלע איז ביי מיר געבליבען, אז ער מוז דאס זיין דער ביסמארק, וואס מיין שכן האט פריהער דערמאהנט; אבער באלד האב איך איינגעזעהן אז איך האב א טעות געהאט, ווארום די פרוי האט אנגערופען דעם צוגעקומענעם מיט א נאמען און זי האט צו איהם גערעדט אין אזא מין שפראך פון יודיש מיט פויליש צוזאמען און דערמאכט מיט'ן האנד און מיט'ן קאפ.

— וואס שטעהסט־דו, פאניע פרזשענקסזשווינזשיטסקי? זעטץ זיך דא אויף איצקעס ארט און איציקעל וועט זיך צושפארען אויפ'ן באנק לעבען פאטער.

— זארג נישט פאר מיר, חייקע מיין נשמה, איך וועל נעהמען מיין טהייערען איצקען אויף די קניע, אהן איהם איז אויך געגוג ענג לעבען רב משה דיין מאן — האט דער מענש מיט דעם נאמען פון איין און צוואנציג בוכשטאבען איהר געענטפערט אויף א שפראך פון צוקאליעטשעטען פויליש און הינקעדיגען דייטש צוזאמען.

— האסט־דו עפעס גוט געשלאפען, פאניע יפת? האט רב משה געפרעגט דעם מאן מיט א ליעבליכען שמייכעל. איך האב דיר געגעבען א גוטע לעהרע און היטסט עס גוט אפ, אזוי וואויל צו דיר אויף דער וועלט... אויף דער צווייטער סטאנציע וועט שוין זיין מיין אטשערעד צו געהן אונטער די פעקליך אונטער'ן באנק.

— נעהם מיך אויף די הענד, רב יפת, האט זיך געבעטען יענקעלע, און איז ארויף צו דעם מאן אויפ'ן שויס נעבען איציקלען, און ער האט זיי ביידען ליעבליך ארומגענומען.

פון גרויס וואונדער האָב איך צוּעפּענט מיין מויל און מיינע אויגען און האָב געקוקט רב משה'ן אין געזיכט שווייגענדיגערהייט און האָב געוואַרט טאָמער וועל איך עפּעס פּאָרט דערגעהן, וואָס דאָ איז פאַר אַ געשיכטע מיט די לייט. רב משה האָט פערשטאַנען וואָס איך וויל און האָט אָנגעהויבען צו מיר ריידען:

— דיעזער מאַן איז אַ געבאָרענער פּאָליאַק אין אַ קליין שטעדטיל אין וואַרשאַווער גובערניע.

— וואָרום רופסט־דו איהם יפת?

— וויל זיין ריכטיגער נאָמען פרזשענקסזשווינזשיטסקי ברעכט מיר אויס די צייהן, און צווייטענס, פּאַסט דער נאָמען יפת פאַר איהם און ער פּאַסט פאַר דעם נאָמען אין היינטיגע צייטען.

— מיט דיין ענטפער מאַכסט־דו מיך נאָך מעהר פראַגען און וואונדער און דערוויטערסט די זאַך פון מיין פערשטאַנד, אַז די קאָפּ מישט זיך מיר ווי פון די פערצייטיגע מפרשים, אַז נאָך זייער פּירוש צופערשטעהן געבען, ווייס מען ערשט קיין אָנהויב נישט. איך בעט דיך, דערצעהל מיר ריכטיג, כסדר, נישט געחאַפּט און נישט געהיפּט.

— איך בין משה דער שניידער, און דער שטייגער פון אַ שניידער, אַז ער נעהט, מאַכט ער פון צושניטענע שטיקער אַ גאַנצען בגד, און אַז ער דערצעהלט עפּעס, צו־וואַרפט ער זיינע רייד און חאַפּט פון דאַנען אַ וואָרט, פון דאָרטען אַ וואָרט, אָהן אַ טאָלק און אָהן אַ לאַד. נאָר איך וועל דיר צוליעב טהון און זיך סטאַרען ווי ווייט מעגליך דערצעהלען כסדר ווי דו פערלאַנגסט.

משה דער שניידער איז פון נאַטור פון די פרעהליכע קבצנים, וואָס גיט ביי יודען, וואָס דער דלות ווירקט נישט אויף זייער געמיטה צו מאַכען זיי אונמוטהיג, מרה־שחורה'דיג, צו קלאָגען אויף זייער ביטערען מזל און אויף די פיהרונג פון דער וועלט. ביי זיי איז איינגעפּאַסט אין האַרצען, אַז אַזוי קומט זיי אויף דער וועלט און זייער מזל האָט אַזוי גורם געווען צו לעבען אין צרות, דלות און דחקות, און זיי טאָרען אפילו זיך נישט בעקלאָגען און זינדיגען צו פערלאַנגען אַ בעסערען לעבען, פּאָרצישטעלען זיך עפּעס פערגעניגען צו געניסען פון דער וועלט. די וועלט מיט אַלע איהרע פערגעניגענס איז נישט פאַר זיי, פאַר די קבצנים הייסט עס, בעשאַפען געוואָרען, נאָר פאַר יענע רייכע, גליקליכע וועלכע — ווי זאָגט מען? — זענען אין אַ הייבעלע

געבאָרען געוואָרען, און ווען עס טרעפט זיי אַ פרישער אונגליק, אַ נייע צרה, ווערען זיי נישט איבערראַשט, ווי זיי וואָלטען עס שוין לאַנג ערוואַרטעט; און צו יעדער חוואַליע וואָס דער ברויזענדער ים פון דער פינסטערער וועלט שטעלט זיי אין וועג אַנטקעגען, בויגען זיי איין די קעפ גלייכגילטיג, און אַז זיי דערצעהלען אַמאָל זייער שלעכטע לאַגע און ליידען, איז ניט נאָר זיי וויינען נישט, נאָר זאָגאַר זיי פרעגלען עס נאָך צו מיט אַ המצאָה׳לע, מיט אַ קאַטאָוועסיל, און מיט איין איראָנישען שמייכעל לאַכען זיי פון זיך אַליין.

— ווי איך זעה, האָט רב משה געזאָגט, ווילסט־דו דאָך מיט מיר קיין שידוך נישט טהון, איז דאָך מיר געוויס פערשפאָרט דיר צו דערצעהלען מיין יחוס פון מיין טאַטען און זיידען ביז אַברהם אָבינו, און דערצעהלען דיר אַלע איינצעלהייטען פון מיין לעבען איז אויך נישט נויטהיג. און עס פערשאַפט קיין פערגעניגען אויך נישט. עס איז גענוג, אַז איך וועל דיר דערצעהלען מיין געשיכטע וואָס דער אינהאַלט פון איהר איז שוין אַ גאַנץ אַלטער און עס איז שוין אַ ירושה צו יעקב׳ס קינדער פון דור צו דור. אויב מיין געשיכטע וועט זיין גענעהט „שבת־שטעך“ אָהן בעפוצונג, אָהן באַזאַץ, איז אויך נישקשה. און אַזוי הויב איך אָן:

— איך בין אַ ליטוואַק. יונגערהייט האָב איך אויסגעוואַנדערט אין דייטשלאַנד און האָב מיר דאָרטען געלעבט פון שניידעריי מיט מיין ווייב און קינדער. כל־זמן אַז איך מיט מיין הויז־געזינד זענען געווען „יודען“ האָב איך מיר געאַרבייט רוהיג און געהאַט דעם שטיקעל ברויט. אמת רער נאָמען „יוד“ האָט מיר קיין פיעל עהרע נישט פערשאַפט און קיין איבעריגע מענשען־רעכט אויך נישט. קיין גראַפען און קיין פירשטען זענען מיר נישט געווען, אָבער פאַר פערברעכער, פאַר אויסוואורפען, פאַר שעדליכע האָט מען אונז אויך נישט געהאַלטען, און מען האָט מיך געלאָזט לעבען אין ענגעניש.

— ני, און יעצט? האָב איך איהם אונטערבראָכען, און יעצט ביסט־דו דען קיין „יוד“ נישט מעהר?

— היינט בין שוין נישט מעהר קיין „יוד“ און עס איז שוין היינט איבערהויפט גאָר קיין „יודען“ נישטאָ אויף דער וועלט; אַזוי האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ געלעכטער, ווי איך זעה ווייסט־די נישט אין וואָס פאַר אַ צייט מיר לעבען היינט.

— וואָס הייסט איך ווייס נישט? היינט איז מיטוואָך פרשת קורח און יאָהר פינף טויזענד זעקס הונדערט פערציג זינד די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען ווי די יודען זאָגען, האָב איך איהם געענטפערט בנשימה אחת.

— און ביי די דייטשען איז אָבער נישט אַזוי, האָט געזאָגט רב משה רוהיג און לאַנגזאַם. די דייטשען, וועלכע קלעהרען שטענדיג אויס נייעסען, האָבען אומגעדרעהט דעם ציינגער פון דער וועלט-געשיכטע מיט טויזענדער יאָהרען אַ הינטער און אויף זייער קאַלענדאַר קומט יעצט אויס די יאָהרען פון דעם מבול. אַ יודען רופען זיי היינט „שם“ און נישט קיין יודען „יפת“. עס זענען אָנגעקומען „שם“ און „יפת“, און מיט זיי אַלע מנהגים פונ'ם מבול, און די ערד איז איבערפילט מיט סקאַנ־דאַלען און רויבעריי. די ניט שם'ס קינדער, „אַנטיסעמיטען“ הייסט עס אויף גוי'עש, יאָגען און פלאָגען שם'ס קינדער פאַר אויסגעטראַכטע זינד און איבערהויפט פאַרוואָס זיי ווילען אויך עסען און טרינקען מיט אַלע מענשען צוגלייך. און אַנדערע רעכענען שם'ען אויך פאַר אַ זינד, וואָס ער האָט קינדער ווי מענשען. אין אָנפאַנג האָט מען דיעזע צוריק־קריבערס געהאַלטען פאַר משוגעים און מען האָט פון זיי איבעראַל גע־לאַכט. זיי פלעגען אָבער ביי זיך ניט אַראָפּפאַלען און פלעגען פראַיווען זייער משוגעת וואו זיי האָבען נאָר דערצו אַ געלעגענהייט געהאַט: אין פאַרלאַמענט, אין קירכע, אין שענק און אין באָד טאָג-טעגליך דרשן'ענדיג. ביסלעכווייז, ביסלעכוויז איז די באַנדע משוגעים געוואָ־רען גרעסער און געפעהרליכער; מען האָט אָנגעהויבען זייער פלוידע־רייען אַרומטראָגען אויף טעלערלעך און עס האָט געמאַכט אַ ווירקונג אויף אַלעמען. די רייכע, די הערשער האָבען זיך אָנגעחאַפּט ווי אָן אַ הייסען שטיין, און דער בלינדער פעביל נאָך זיי מיט קולות, מיט קללות: „אַט פון וואַנען עס שטינקט דער העכט! פון וואַנען דאָס פאָלק איז אַזוי פעראָרעמט! די יודען, שם'ס קינדער, זיי זויגען דאָס אויס די בלוט!“ דענסטמאָלט האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צרות אויפ'ן פיר, וואָס אַ טאָג ווייטער אַלץ מעהר און מעהר, ביז עס איז אויפגעשטאַנען דער גרויסער פירשט מיט דעם נאָמען „ביסמאַרק“ און האָט גוזר געווען מען זאָל שם'ס קינדער, וועלכע זענען ניט געבאָרענע דייטשען, הייסען זיך ווייטער רוקען, און טויזענדער פאַמיליעס זענען געבליבען אָהן ברויט. אָהן אַ היים, און ווי בלינדע שעפסען האָבען מיר זיך צושפּרייט איבער דער וועלט טאַפּען די ווענד! — און מיין יענקעלי! האָט דער שניידער אויסגעבראָ־כען מיט אַ ביטערען וויטץ, אָט דער יענקעלי איז אַ גרויסער עזות-פנים,

חיל נאָר נישט מקיים זײַן, וואָס גרויסע פיהרער פון היינטיגען דור האָבען גוזר געווען. ער איז הונגעריג, שרייט ער „ברויט". ער האָט אַ מאָגען, וויל ער איהם אָנפילען און נאָכגעבען די האַלז — אַך דו, יונגאַטש אײנער!

— און דו קומסט יעצט פון דײַטשלאַנד? האָב איך איהם גע־פרעגט, און מײַן האַרץ האָט מיר זייער פערקלעמט פון רחמנות אויף דעם מאַן מיט זײַנע קינדער.

— די צײַט, ווען מיר האָבען דײַטשלאַנד פערלאָזען, איז נײַן מאָנאַט, אַזוי פיעל וויפיעל דער מוזיניקעל מײַנער איז אַלט, האָט רב משה געענטפערט און האָט דערבײַ מיט זײַן פינגער געצייגט אויף דעם קינד, וואָס שלאָפט בײַ דער מוטער אויף די הענד. אין דער צײַט, ווען די פאָליציי איז מיר געקומען אָנזאָגען די בשורה, אַז מיר מוזען זאָפאָרט אַרויס פון שטוב און פון לאַנד, אין דער צײַט איז חיה, מיין ווייב זאָל געזונד זיין, געלעגען אין קינפעט מיט דעם קליינעם ליזערקען אָקערשט נאָך דער ענטבינדונג. איך פון מיין זייט האָב יוצא געווען און אָפגעגעבען דער פאָליציי מזל־טוב פון מיין ניי־געבוירענעם זוהן; איך האָב זיי דערצעהלט, אַז מיין ווייב איז אַ קינפעטאָרען און איז קראַנק און האָב זיי געבעטען, געפאַלען צו די פיס אַז זיי זאָלען רחמנות האָבען און וואַרטען מיט מיין אַרויסשיקען אַ פאָר מאָנאַט ביז מיין פרוי וועט אַ ביסעל געזונדער ווערען און עס וועט אַ ביסעל וואַ־רעמער ווערען אויפ'ן גאַס. די פאָליציי האָט מיר אָבער געגעבען צו פערשטעהן מיט ריכטיגע בעווייזע: מיט זייערע שטאַרקע הענד און שווערע שטעקענס, אַז די מצוה פון אַרויסטרייבען יודען איז איינע פון די גרעסטע און זי איז דוחה פיקוח נפש. זיי, די יודען מעגען זיין נאַקעטע, באָרוועסע, קראַנקע און שוואַכע, אום ווינטער אפילו, נוטה־למות'דיגע פרויען און קינדער, זענען זיי נישט פטור פון דער מצוה, וואָס די צייט בריינגט דערצו, און זיי האָבען מן־הסתם רעכט... נון, איך האָב גענומען מיין שטעקען מיט מיין טאָרבע, מיט מיינע נאַקעטע, באָרוועסע, שוואַכע פרוי און קינדער; האָב אַ קוש געטהון די מזוזה פון דער הויז, אין וועלכער איך האָב מיינע יאָהרען פערבראַכט און בין אַרויס אין אַ גרויסען פראָסט און אַ טיעפען שניי פון דער שטאָדט, וואָס איך האָב אין איהר געוואָהנט פון מיין יוגענד ביז צו דער על־טער. מיר נעהען פאָראויס און די פאָליציי בעגלייט אונז מיט גרויס כבוד און היט אונז מיר זאָלען חס־ושלום נישט פערבלאָנדזשען...

סוף־כל־סוף זענען מיר דאָך פאָרט יודען, פריצעשע קינדער, אברהם'ס אייניקלעך, בני־מלכים . . .

# רב משה און זיין חבר.

— און אַזוי, האָט רב משה ווייטער דערצעהלט מיט אַ גיפטיגען שמייכעל, און אַזוי האָבען די קינדער פון רב משה דעם שניידער געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד אין הונדערט זיעבען און צוואַנציג מדינות; אונזערע קליידער האָבען זיך אַרומגעריסען, אונזערע שיך צו־פוילט געוואָרען. מיר זענען געבליבען מוטער נאַקעט, די קעשענע איז פוסט — נישטאָ אַ פרוטה ביי דער נשמה! און אונזערע אויגען זענען געווען פריהער צו גאָט, נאָכהער צו זיינע יודעליך זאָלען געזונד זיין, זיי זאָלען אויף אונז רחמנות האָבען; אָבער יודען האָבען גענוג גוטע בעטער, קבצנים פון אַלע זייטען: די קומען פון מאַראָקע. די פון פרס; יעדער מיט זיין יחוס־בריעף, מיט אַ דיפלאָם אויף בעטלען. די רייכע קענען אָבער אַ לעבעדיגען זאַק נישט אָנשטאָפּען (ווען זיי ווי־לען בלייבען רייך) און זיי האָבען גענוג אייגענע אָרעמע לייט וועלכע זענען בילכער על פי דין און על פי יושר . . . זיי זענען דאָך פאָרט אייגענע . . . קורץ איך האָב זיך גענוג אַרומגעשלעפּט, גענוג אַרומגע־וואַנדרעוועט מיט מיין הויז־געזינד; איך בין גענוג אויסגעשטאַנען אין מיין טרויערדיגע רייזע אויסצוזוכען איין אָרט, אַ היים, איך זאָל זיך קענען בעזעטצען און אויסרוהען מיינע צובראָכענע ביינער; אָבער איך האָב דאָס אין ערגעץ נישט געפונען. יעצט קום איך פון גאַליציע.

ווי מיט נאָדלען האָט ער מיר מיין לייב געשטאָכען מיט זיין ערצעהלונג. און פון גרויס האַרץ־קלעמעניש האָב איך אַראָפּגעלאָזען מיין קאָפּ צו דער ערד און האָב געשוויגען. דער פיין און אַרמוטה פון מיין פאָלק האָט מיר מיין האַרץ פאַרקלעמט. פלוצלים האָט זיך לייי־זערקע אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָט זיך צושריען און צו־וויינט, און האָט מיך אויך צו טרערען געבראַכט. זיין געוויין האָט מיר אויס־געוויזען ווי עס זאָל זיין מיט ווערטער. ווי ער שרייט וועה־געשריען! אויף זיין בראָך און שלעכטען מזל און אויף דעם אַרמוטה און פיין וואָס איהם האָט בעגעגענט באַלד ווי נאָר ער איז אַרויס אויף דער ווייי־סער וועלט. מען האָט איהם געשטעמפּעלט מיט אַ זיגעל פון וואַנדרע־ווען. אַזוי ווי ער זאָל מיט זיין געוויין שיקען אַ פלוך אויף דער וועלט

מיט איהר פיהרונג, וואָס ווי ער האָט נאָר זיינע אויגעליך געעפענט, האָט זי איהם שוין געלאָזט פיהלען דעם פערביטערטען לעבען און האָט איהם אפילו קיין געהעריגע צייט געגעבען צו זיין רוהיג ביי דער מוטער, וואָס מען טהוט אפילו מיט בהמות און חיות! די מוטער מאַטערט זיך איהם איינ־שטילען, זי גלעט איהם, זי ווינט איהם אין איהרע דאַרע הענד און זאָגט איהם צו גליקען אויף שפּעטער, ראָזשינקעס מיט מאַנדלען; אָבער לייזערקע וויל נאָר נישט הערען: ער שרייט און קלאָגט, ווי ער זאָל צו איהר טענה'ן: צו־וואָס האָסט־דו מיך געבוירען אויף אַזוינע גרויסע צרות? צו פטר'ן מיינע יאָהרען מיט גוטע האָפנונגען און צוזאָגאַכצען אויף שפּעטער, אויף בעסערע צייטען?

אויך דער פאָטער שטילט איהם איין און טרייסט איהם און מאַכט שפּאַס דערביי. — „נעהם דעם פינגעריל אין מויל, זויג איהם און שווייג! נישט פאַר אַ יודען איז צו קלאָגען זיך און צו שרייען אפילו ווען דער בויך איז ליידיג, דער צונג פערטריקענט, די ליפּען פער־שמאַכט און אַלע גלידער טהוען וועה. — שווייג בעסער, שריי נישט! אָט קומט אַ ווילדער בער מיט צוויי פּנים'ר, מיט טויזענד צינגער און וועט דיך נעהמען אין טאָרבע — שווייג־זשע לייזערקע!"

אָבער לייזערקע, אָט דער קליינער יודעלע, ווייגט נאָך שטאַר־קער אויף זיין ביי־קול'כען ווי ער זאָל פּראָטעסטירען געגען זיין פאָטער מיט די ווערטער: „דו קבצן, דו שלעפּער, דו טעלער־לעקער! וואָרום האָסט־דו מיר געבראַכט אויף דער פינסטערער וועלט? אַזאַ אומגליקליכע בע־שעפעניש ווי איך, וואָס איך האָב שוין מעהר צרות געהאַט פיעל שטונדען איך בין אַלט, און איך האָב ניט אַזויפיעל האָר אויף מיין קאָפּ וויפיעל טהירען דו האָסט מיך שוין אויסגעשלעפּט".

רב משה רעדט און לייזערקע שרייט נאָך מעהר אויפ'ן קול; די מוטער זיפצט, די מיידליך טרויערען און מיר איז ביטער אויפ'ן האַר־צען. זעהר ביטער! ביז דער פּאָליאַק האָט זיך געשטעלט און האָט גענומען לייזערקען צו זיך, האָט איהם פערשפּיעלט, איינגעשטילט און איך בין אַביסעל רוהיגער געוואָרען. איך בין זעהר נייגעריג געווען צו־וויסען די ענדע פונ'ם שניידערס ערצעהלונג און איך האָב איהם גע־געפרעגט:

— זאָג מיר נאָר, וואָס איז דער מעהר מיט דעם פּאָליאַק? און וואָס ביסט־דו מיט איהם פאַר אַ מחותן?

— דער פּאָליאַק איז מײנער אַ תּלמיד, נישט אין דער אַרבײט, ער איז גאָר אַ שוסטער און איך אַ שנײדער. ער איז מײנער אַ תּלמיד אין „יודעשקײט". וואַרט אַ װײלע! האָט ער מיר װײטער געזאָגט אַז ער האָט דערזעהן װי זײנע רײד האָבען מיך געװאונדערט, חאַפּ נאָר נישט, װעל איך דיר אַלעס קלאָהר מאַכען — איך און ער האָבען פיעלע יאָהרען געװאָהנט צוזאַמען אין איין שטאָדט אין דײטשלאַנד, מיר האָבען זיך יעדערער געאַרבײט און געלעבט פריעדליך; אין אַ יום־טוב פלעגען מיר זיך אױפקומען אין שײנק און טרינקען אַ גלאָז ביער מיט פערגעניגען, און מיר האָבען גערעדט װאָס עס האָט זיך געמאַכט: פון אונזערע אײגענע בעדערפעניש, פון צעבאָװיע (יוניאָן) בעדערפעניש, דאָס, יענעם וכדומה. אין אַ נויטה פלעגען מיר אײנער דעם צװײטען אויסהעלפען, אונטערשטיצען, װי ברידער. אמת, מיר פלעגען אַמאָל דיסקוטירען װעגען רעליגיאָן, ער לויבט זײנע און איך נאַטירליך מײנע. ער ברײנגט בעװײזע פון זײערע ביכער, און איך להבדיל פון אונזערע ספרים, ער לאַכט אונז אויס װאָס מיר האָבען פאַרשעמט דעם חזיר און מיר עסען נישט זײן פלײש און צורײסט זיך לויבענדיג זײן געשמאַק, זײן געזונדקײט צום עסען; און איך חראַקע און שפּײ און װײז איהם אויף מיט אותות ומופתים װי עקעלהאַפט, װי פאַסקודנע ער איז, דער בעשעפעניש! מיר פלעגען זיך גוט אָנשרײען, אַז עס פלעגט אונז טרוקען װערען אין די העלזער „אײ שײנקער! צװײ ביער!" — דאָס איז געװען די ענדע פון אונזער ויכוח, און מיר פלעגען בלײבען װײ־מער גוטע פרײנד. ער פלעגט מיר נאָכגעבען װעגען יודישען ציטעס, פיש און פרויען, אַז זײ זענען אַ סך בעסער װי בײ זײ, און פון זײנט־װעגען אַרט איהם נישט אַז יודען זאָלען האָבען יענע װעלט אויך; און איך פון מײן זײט האָב איהם אויך עטװאָס נאָכגעגעבען און האָב פאַר די פרומע קריסטען געגעבען איין אָבטהײלונג אין גן־עדן התחתון. איך פלעג איהם בפירוש זאָגען, אַז מיך אַרט נײט װאָס זײ האָבען „די" װעלט, זײ זאָלען נאָר אונז אויך לאָזען עטװאָס געניסען מיט זײ. — קורץ, װײטער ביער! ער צלמ'ט זיך און טרינקט, איך מאַך אַ ברכה „שהכל" און טרינק, און װינשען דערװײל אײנער דעם צװײטען גליק פון האַרצען.

אָבער װי די צײט האָט זיך אומגעביטען אויף די צײטען פון מבול! עס איז געקומען אַ צומישונג אויף דער װעלט, נאָהענטע זענען געװאָרען װײט און אײנער דעם צװײטען האָט מעהר נישט דערקענט. איך האָב געזעהן מײן גוטען חבר, ער האָט זיך אויך אומגעביטען אין

איז שוין מעהר נישט פריינדליך ווי אמאל, או איך בעגעגען איהם אין גאס גריסט ער מיך נישט מעהר און אז איך גריס איהם ענטפערט ער מיר שוין נישט. און אין שיינק זיטצט ער אין איין ווינקעל און טרינקט פאר זיך און איך אין דעם צווייטען פאר זיך.

איינמאל בין איך אָנגעקומען אין שיינק און זעה אז ער זיטצט מיט א גאנצע באנדע נישט „שם׳ס קינדער" און ריידען, שימפפען אויפ׳ן קול שם׳ס קינדער מיר אויף להכעיס. איך האָב געהערט און זיך נישט געמאַכט וויסענדיג, ווי נישט מיר מיינט מען. זיי האָבען געזעהן אַז איך שווייג און האָב זיי נישט אין זינען, ווי הינט זאָלען בילען, זענען זיי נאָך בייזער געוואָרען און האָבען מיך זעלבסט מיט זייער זידלערייאון שימפפעריי בעשאָטען, און זינגענדיג שענדליכע ליעדעלעך זענען זיי צו מיר צוגעקומען, און מיט א ווילדען פער׳שכור׳טען, פערדהולמאַי־עוועטען געשריי געליארעמט: „ארוים פון דאַנען, דו פערפלוכטער יודע!" און פון זייער געשריי און טומעל איז געקומען דער שיינקער און האָט מיך אויפ׳ן עדעלען אַרט מחילה אַרויסגעטריבען, מיט פאַלשע ענטשול־דיגונג, און איך בין אַרוים פערקלאָגטערהייט.

דיעזע געשיכטע האָט מיר לאַנג־לאַנג געגריזשעט דעם מאַרך פונ׳ם קאָפּ, ווי די פליגעלע טיטוסען, און אין האַרצען האָב איך גע׳טענה׳ט צו גאָט: „רבונו־של־עולם! דו, וואָס דו האָסט אונז אויסדערוועהלט פון אַלע פעלקער און האָסט אונז ליעב. פאַר וואָס דערלאָזט־דו מיך מיט דיין גאַנצען פאָלק ישראל צו אַזאַ שפאָט און שאַנד? אויב דו טהוסט אַזוי אַלעמען וועמען נאָר דו ליעבסט, וואָלט געווען פיעל בעסער ווען דו וואָלסט אונז נישט ליעבען און אונז נישט ערוועהלען מעהר פון אַלע אומות; דיין טרייסטונג אַז דו צאָהלסט די פערדינסט פון די על־טערען צו זייערע קינדער און אייניקלעך, איז עס אויך אַ קנאַפּע נחמה, וואָרום וואָס קומט מיר אַרוים, — משה דעם שניידער דער זוהן פון דיין דינסט דוואָשיע, וואָס איך האָב אָפּגעשניטענע יאָהרען און געבראָ־טענע ליידען פון יעדען אויסוואורף און שאַרלאַטאַן? וואָס איז? דו וועסט זיך ווען עס איז אויסקראַטצען און פערוואַרפען די אויגען צו מיינע אייניקלעך מיט רחמנות און הילף? און מיט וואָס וועלען שולדיג זיין די קינדער פון די היינטיגע רויבער, אַז זיי זאָלען דאַרפען נעביך ליידען פאַר די זינד פון זייערע שולדיגע עלטערען? בעסער דאַכט זיך אויפ׳ן אָרט אַ משפט, אַ ראַספּלאַטקע און אַיין ענדע!" אַזוי פלעג איך שטענ־דיג טראַכטען און האָב זיך אַליין געשראָקען פאַר מיינע געדאַנקען

געגען נאַכט. דאָס איז דאָך נאָר רייד פון דעם יצר הרע און אַ לעסטע־רונג קעגען דעם אויבערשטען, און וואָס מעהר איך האָב זיך געמאַ־טערט צו פעריאָגען פון זיך די רעיונות, פלעגען זיי מיר אַלעם מעהר קרכיען אין קאָפּ און נישטווילענדיג פלעגט זיך טראַכטען. אַמאָל, ווען איך בין אַזוי פערזונקען געווען אין מיינע געדאַנקען און פעראומערט געגאַנ־גען אין גאַס. קומט מיר אָן אַנטקעגען דער חבר מיינער, דעם נאָז פעררימען און גלעט זיך די וואָנצעס מיט ברייטקייט און קוקט אויף מיר מיט שפּאָט און פעראַכטונג. איך האָב שוין אין דער צייט היבש צרות אויסגעשטאַנען, מיין פרנסה איז פיעל קלענער געוואָרען. קיין אַרבייט איז נישט געווען, בין איך ביי זיך געווען אַראָפּגעפאַלען און יעדערען אונטערטהעניג, און מיט אַ צובראָכענעם געמיטה האָב איך איהם גע־גריסט.

— מען קען אַ גאַס נישט דורכגעהן פון די טייוואָלים, האָט געענטפערט מיין חבר „יפת׳ מיט כעס, מיט פלייס מיך אַ שטאָך צו טהון מיט מיין פאָלק. —

— פאַניע פּרזשענקסזשווינזשיטסקי! האָב איך געזאָגט מיט געבעט, וואָס פאַר אַ זינד האָב איך אַזוינס בעגאַנגען וואָס דו ווייכסט מיר אוים?

— ווער איז דאָס!? האָט ער אַ געשריי געטהון מיט ברייטקייט און האָט אָפּגעקערט פון מיר זיין קאָפּ.

פון זיין קורצען ענטפער האָב איך פערשטאַנען ווי ווייט די שנאָה איז איינגעוואָרצעלט אין זיין האַרץ, אַז ער קען זאָגען זיין בעסטען גוטען פריינד: איך קען דאָך דיך גאָר נישט. איך האָב נאָך אַמאָל צו איהם געזאָגט:

— צו דען קענסט־דו מיך נישט!? מיך? דיין אמת׳ן גוטען פריינד, וואָס מיר זענען יאָהרען לאַנג געווען בעקאַנט! איך פרעג דיך נאָך אַמאָל, וואָס האָב איך אַזוי פערזינדיגט?

— פאַר די זינד פון דיין פאָלק ליידעסט־דו, דאָס איז אייער נאַטור פון איביג אָן צו רויבען, צו עסקפּלואַטירען דאָס פאָלק.

— ווענען האָב איך געריובט? וועמען האָב איך בע׳גזל׳ט? דו אַליין ווייסט מיינע עשירות, און אַז דו וועסט מיך אויסטרייסלען, וואָס וועסט־דו ביי מיר געפינען? מיין גאַנצע ווירטהשאַפט איז: איין אַלטע

בעם, אַ צובראָכענער טיש, און בענקלעך וואָס האַלטען זיך מיט נסים. דו ווייסט דאָך יאָ ווי ענג איך לעב, און קאַרטאָפּעל וואָס מיין חיה זאָל לעבען קאָכט אַליין, דאָס איז מיין שטענדיגע שפּייז, און דאָס איז מיין גאַנצער אייגענס פון מיין שווערער און ביטערער אַרבייט. דו ווייסט דאָך אַליין גוט דעם נחת׳דיגען לעבען פון איין אַרבייטער. אַרבייט איך דען ניט שווער און ביטער טאָג און נאַכט?

— איך ווייס, איך ווייס! האָט ער געענטפערט מיט האַס; מיט דיין אַרבייט געהמסט-דו צו בײַ אונז די אַרבייט און איהר רייסט אַרויס דעם ברויט פון אונזער מויל.

— מיינע אַרבייט פון דיינע זענען דאָך פערשיעדען, מיינע איז מיט דער נאָדעל און דיינע גאָר מיט׳ן אָל. איך טהו קיינעם קיין היזק נישט, איך בין אַ דאַנק גאָט געניט אין מיין שניידעריי, און דו האָסט מיר אַליין געדאַנקט פאַר די הויזען וואָס איך האָב דיר אַמאָל גענעהט; און איבערהויפּט נעהם איך נישט טהייערער ווי אַלע שניידער. הער נאָר מיך צו, האָב איך ווייטער געזאָגט מיט אַ ליעבליכען שמייכעל; זיי דאָך נישט קיין נאַר און קום אַריין צו מיר אין הויז, וועלען מיר ווייטער עסען געפּרעגעלטע קאַרטאָפּעל וואָס חיה מיין ווייב וועט געבען ווי אַמאָל. זעה נאָר, זעה! דיינע הויזען זענען שוין צוריסען; שוין דריי יאָהר אַז זיי דיענען דיר ערנסט; און זעה נאָר, מיינע שיך זענען שוין אויך אָפּגעפּאָרען און מען בעדאַרף זיי געבען הילף. זעהסט-דו, מיר דאַרפען איינער דעם צווייטען. איך וועל פעררריכטען דיינע הויזען און דו וועסט אַרומזעהען מיינע שיך און מיר וועלען איינער דעם צווייטען אויסהעלפען און עס וועט פאַרביידען גוט זיין.

ווי אַ מענש וואָס דער לשון האָט איהם אָפּגענומען איז ער גע־בליבען שטעהן אויף זיין אָרט און איך האָב פערשטאַנען, אַז ער קען זיך קיין עצה נישט געבען וואָס ער זאָל טהון. איך האָב זיך מיט דער געלעגענהייט בענוצט און האָב ווייטער מיט גוטען געזאָגט:

— מיט איין אמת פאַניע... דו ביסט דאָך נישט אַזאַ נאַר, ווי דו גיסט זיך אַרויס און דיין האַרץ מיינט ניט וואָס דיין מויל רעדט. גענוג דיר, ברודער צו מאַכען זיך דום, ווילד און משוגע. מאָרגען איז דאָך פרייטאָג, הער נאָר מיך און קום צו מיר אַריין וועל איך דיך טראַקטירען מיט פיש. —

— איך פערהאַס פיש פון דעם וואָס פאַרהאַסט שווײַנען פלייש!

האָט ער אַ געשריי געטהון מיט צאָרן און זיין געזיכט איז רויט געד וואָרען ווי בלוט.

— צו ביסט-דו משוגע? האָב איך איהם געענטפערט אַז איך האָב דערהערט די אורזאַכע פון זיין שנאָה. צו דערפאַר וואָס איך עס נישט וואָס מיין רעליגיאָן האָט מיר פערבאָטען, יאָגסט-דו מיך און פערהאַסט מיך? איך שווער דיר אַז איך פערשטעהע דיך נישט היינט. מיט דיינע ווערטער ביזט-דו מיר עפּעס ווי נישט ביים קלאָהרען זינען. זאָג מיר נאָר פאַניע... ווי פיהלסט-דו זיך אין געזונד? אויף דער פראַגע האָב איך קיין אַנטוואָרט נישט בעקומען, נאָר מיין גוטער חבר האָט מיך פון זיך אַ שטויס געטהון און איז אַוועק. פון דער צייט אָן האָב איך איהם שוין מעהר נישט געזעהן, און ווי איך האָב געהערט האָט ער אויך איין אַנטהייל גענומען אין דעם פּאָגראָם וועלכער האָט פּאַסירט אין שטעטין וואו מען האָט גערויבט, געפּלינדערט און פערברענט איין מקום-קדוש.

אין דער צייט וואָס רב משה האָט מיר דערצעהלט זיין געשיכטע האָט זיין עלטערע טאָכטער אַלע ווייַלע געזיפצט און איהר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט ווי אין פיבער. פּלוצלים איז איהר געזיכט בלאַס געוואָרען ווי קאַלך. עס איז איהר געוואָרען דושנע און זי איז אַוועק צום טהיר פונ'ם וואַגאָן שעפּען פרישע לופט און הינטער איהר האָט די מוטער געשאָקעלט איהר קאָפּ און האָט געזיפצט און טרערען האָבען זיך נעביך געגאָסען אויף איהרע דאַרע באַקען און אויף רב משה'ס געזיכט האָט זיך אויך אָנגעצויגען ווי אַ שוואַרצער וואָלקען פון טרויער און איז שטיל געבליבען. איך האָב פערשטאַנען, אַז זיי טראָגען אין זיך נאָך אַ גרעסערען אונגליק פון דעם וואָס ער האָט מיר ביז יעצט דערצעהלט, און איבערהויפּט פון דער טאָכטער. איך האָב עס געוואָלט וויסען און רב משה האָט עס מיר אויך צוליעב געטהון און האָט מיר שטילערהייט בסוד דערצעהלט אַז זין עלטערע טאָכטער איז געווען פערלאָבט מיט אַ פיינעם יונגען מאַן פון דער שטאָדט וואו ער האָט געוואָהנט. ער האָט געאַרבייט ביי אַ סטאָליער, זי האָט איהם ליעב געהאַט מיט'ן גאַנצען הארצען און ער זי אויך דאָס זעלבע. „איך, משה, פון דער כלה'ס צד האָב זיך מתחייב געווען צו געבען נדן מיין טאָכטער מרת בריינדיל צוויי הונדערט מאַרק מזומנים פאַר דער חתונה דעם חתן-בחור מו"ה זעליג. ער זאָל זיך קענען מאַכען אַ ווערקד שטאַט און איינקויפען ווערקצייג, און די חתונה האָט געזאָלט זיין, ווען

דער חתן ווערט אַרויס פון דער לעהרע און וועט קריגען אַ דיפּלאָם פון אַ מייסטער. די געליעבטע פּאָר האָבען געהאָפט אויף זייער האָכצייט, וועלכע האָט געדאַרפט זיין אין דריי מאָנאַטען אַרום". זיי זענען געוועזען פערטרונקען אין זייער הייסע ליעבע און האָפנונג אויף אַ גליקליכער צוקונפט. פּלוצלים איז אָנגעקומען די גזירה פון גלות, און רב משה מיט זיין פאַמיליע זענען אַרויסגעטריבען געוואָרען און די געליעבטע זענען צושיידעט געוואָרען — אט דאס איז אַיין אומגליק וואס איך קען שוין נישט פערטראגען, האט דער פאטער געענדיגט זיינע רייד. מיין טאכטער האב איך ליעב ווי מיין לעבען, און איך בין בעריית מיין לעבען אויפאָפּפערען פון איהר גליק וועגען, און ווי גרויס איז יעצט מיין בראך אַז איך זעה זי אַזוי אונגליקליך, ווי זי איז פערטרויערט, פערקלאגט און טרויסטלאז און די וועלט איז איהר פינסטער אהן איהר געליעבטען.

אַצונד האב איך פערשטאַנען וואס די טאכטער האט די גאַנצע צייט וואס דער פאטער האט מיר זיין ביטערע געשיכטע דערצעהלט אַלץ געזיפצט. דער רחמנות האט מיר דעם לונג און לעבער דורכגעלעכערט און איך האב געוויינט.

## רב משה לערענט יפת׳ן אפריכטען גלות.

דער צוג האט זיך אפגעשטעלט נעבען אַ קליינער סטאַנציע, און דער פּאליאַק איז אַראפּ צום וואַגזאַל און אין אַ מינוט אַרום האט ער געבראַכט אַ ליימענעם קרוג מיט קאַלטע וואַסער און האָט געגעבען בריינדלען טרינקען ווי אויך לייזערקען און די איבעריגע קינדער האט ער אנגעטרונקען און זיי האבען זיך דערקוויקט. דערפאַר אַליין איז ער ווערט געוועזען דעם דאַנק וואס מיין הארץ האט איהם געגעבען. איך האב שטאַרק חשק בעקומען צו־וויסען וועגען איהם די ענדע — און אַז דער צוג איז ווייטער אַוועק, האט רב משה אנגעפאַנגען ענדיגען זיין ערצעהלונג.

— דאס איז געוועזען אין גאַליציע, איך האב זיך דארטען אומגעשלעפּט פון שטאדט צו שטאדט. איינמאל בין איך גראַדע אַריין אין אַ קרעטשמע אַבענד־צייט. די שטוב איז געוועזען אַ גרויסע חורבה, אַ פינסטערניע און די ליכט פון לאמפּ, וועלכער איז געהאַנגען אין מיטען שטוב,

האָט ניט דערגרייכט ביז די ווענד. אַז איך בין אַריין, האָב איך בעמערקט ווי מענשליכע געשטאַלטען ראַנגלען זיך אין אַ פינסטערען ווינקעל און זייער געשריי איז מיר אַריין אין די אויערען. דאָס איז געווען אַ קול פון אַ מאַן מיט אַ פרוי. זיי שרייען, זידלען און שילטען זיך און דער געזידעלטער בעט זיך שטילערהייט רחמים מיט די ווערטער: „האָט דאָך רחמנות אויף מיר, איהר זייט דאָך מענשען, דער הונגער און דער דאָרשט האָבען מיך גענויטהה צו דעם פערברעכען, צו עסען אייער ברויט און צו טרינקען אייער ביער און נישט בעצאָהלען... איך האָב קיין איינציגען קרייצער אין מיין טאַש, חאָטש קוילעט מיך“, און די שילטער ברומען, שרייען און ווילען פון איהם זיינע קליידער און זיין היטעל אַראָפּנעהמען. איך האָב פערשטאַנען אַז דער גאַנצער כעס פון קרעטשמער איז, ווייל דער אָרעמאַן בעצאָהלט נישט פאַר זיין עסען. אַזוי ווי אַ יוד איז דאָך שוין געפּרובט מיט הונגער און ווייס דעם טעם ווי גוט דאָס איז, האָב איך אָנגעפאַנגען זיין אַ גוטער בעטער פאַר דעם אונגליקליכען, און האָב געזאָגט אַז אַ מענש זינדיגט פאַר אַ שטיקעל ברויט, איז גאָר נישט אַזאַ שטאַרקער פערברעכען. נאָר אַז איך האָב געזעהען אַז דער בעל־הבית נעהמט נישט קיין מוסר אָנשטאָט געלט, האָב איך איהם אָפּגעצאָהלט פון מיינע געלט פאַר דעם אונגליקליכענם מאָל־צייט און ער איז שטיל געוואָרען און איז זיך אַוועקגעגאַנגען און דער אָרימער האָט מיר פון הערצען בעדאַנקט פאַר מיין חסד וואָס איך האָב מיט איהם געטהון, און אַז מיר זענען אַרויס פון דעם פינסטערען ווינקעל אויפ'ן מיטען שטוב און מיר האָבען איינער אויף דעם צווייטען אַ קוק געטהון, זענען מיר ביידע אָפּגעשפּרונגען פערוואונדערט. איך האָב דערקענט אין דעם אונגליקליכען מיין אַלטען בעקאַנטען פאַניע... מיין חבר, און ער האָט מיר אויך דערקענט. איך האָב מיך בעסער צוגעקוקט צו איהם און דערזעהן זיין גרויסאַרטיגע הלבשה איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען, זיינע קליידער צוריסען, צופלאַטערט, די שיך אַלט, צוריסען און צוקרימט און אַ קליינע צוקנייטשטע העטקעלע אויף זיין קאָפּ. ער אַליין איז הויט און ביינער, זיין געזיכט איז גרין, געל און פערשוואָלען פון הונגער. עטליכע מינוט זענען מיר געשטאַנען און געקוקט איינער אויף דעם צווייטען אָהן ווערטער, ווי פערטרוימטע. איך האָב איבערגעשלאָגען די שטילקייט, עפּעס איז מיר דאָס האַרץ פערגאַנגען אויף מיין אומגליקליכען חבר, און איך האָב אָנגעפאַנגען: —

— וואָס איז מיט דיר פּאַניע...? פאַר וואָס זעהסט-דו אַזוי שלעכט אויס?

— אויך אויף אונז פּוילישע האָט ער מיר געענטפערט און האָט די אויגען נישט אויפגעהויבען, אויך אויף אונז איז געקומען דער אומגליק און די גזירה אויסצוואַנדערען און יעצט שלעפּ איך זיך אַרום ווי דו, זוכען אַ שטיקעל ברויט.

— נעביך! האָב איך געזאָגט און האָב אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ.

— קען דאָס זיין אַז דו האָסט אויף מיר מיטלייד? דו נעדריינקסט מיר גאָר נישט מיין פיינדשאַפט צו דיר? האָט ער טרויעריג געזאָגט.

— „גלות" פאַרגיט אַלע זינד, האָב איך איהם געזאָגט מיט מיטלייד, לאָמיר פערגעסען אַלטע זאַכען.

— מיינע זינד זענען מיר ווי שווערע שטיינער אויף מיין האַרצען. יעצט אַז מיר איז שלעכט און איך געפין זיך אין אַזאַ צושטאַנד ווי דו, פערשטעה איך שוין וואָס פיר אַ ווערדע עס האָבען די זינד וואָס די זאַטע קלעהרען אויס אויף די הונגעריגע, דער בירגער אויף דעם פרעמדען און דער שטאַרקער אויף דעם שוואַכען. פיעל, זעהר פיעל האָב איך געלערענט אין דער ווייַלע פון דער געשיכטע מיט דעם קרעטשמער און הלואי זאָל זיך דאָס טרעפען אָט די אַלע נאַרישע רייכע פערעדעלטע ליידיג-געהער, וואָלטען זיי קליגער ווערען, און עס וואָלט אַזויפיעל שלעכטעס אויף דער וועלט נישט געווען. — דו משה ביסט אַ בראַווער מאַן און איך מוז זיך שעהמען, האָט ער געענדיגט.

— נו, אַז דו ביסט פון גאַנצען הארצען אַ בעל-תשובה, האָב איך איהם געזאָגט מיט ליעבשאַפט, ביסט-דו ווייטער מיין ברודער, דערמאָהן דאָס מעהר נישט, עס איז שוין איין אַלגעמיינע זינד וועלכע געהט איבער פון דור צו דור. זעטץ זיך נעבען מיר און לאָמיר טרינקען אַ גלעזיל ביער און ווערען ווייטער ברידער ווי אַמאָל.

דיעזע שטונדע איז אויף ריכטיג געווען פאַר אונז אַ צייט פון מיטלייד איינער אויף דעם צווייטען און מיר האָבען איינער פאַר דעם צווייטען אונזערע ביטערע הערצער אויסגעגאָסען, אַזוי ווי אַמאָל אין דייטשלאַנד ביי אַ גלאָז ביער. מיר האָבען זיך דערמאָהנט אונזער פערגאַנגענעם לעבען ווען מיר האָבען זיך געאַרבייט רוהיג, מיר האָ־

בען איינער דעם צווייטען דערצעהלט פון די צרות וואָס מיר זענען אויסגעשטאַנען אין אונזער גלות. איך האָב איהם דערצעהלט מיינע ליידען און ער זיינע ווי ער וואַנדערעוועט אַרום שוין אַ לאַנגע צייט און קריגט נישט קיין שטאָך אַרבייט אין אַ פרעמד לאַנד. עס איז נישטאָ קיין אַרבייט און קיין רחמנות ביי קיינעם היינטיגע צייטען ווען די וועלט איז צוטומעלט און פערפלוכט און אַלע געשעפטען געהען קאַפּויר און יעדער מענש איז פאַר זיך פערהאַוועט. זיין ביסעל געלט האָט ער אויפגעגעסען אין וועג און ביסלעכווייז פערקויפט זיינע חפצים. עס איז איהם מעהר נישט געבליבען ווי זיין פעקעל ביינער און די אַלטע קליידער וואָס ער האָט געטראָגען אויף זיך, און אַז ער איז אַהער געקומען איז ביי איהם אויסגעגאַנגען די לעצטע פרוטה און עס איז איהם געבליבען חאָטש געה וואַרף זיך אַריין אין וואַסער. איך האָב איהם געטרייסט און איהם געגעבען נאָך אַ גלאָז ביער כדי צו מקיים זיין די מצוה פון „תנו שכר לאובד“ (גיב ביער דעם פער־לאָרענעם). די ביער האָט איהם גוט צו־וואַרעמט און די אַלטע פריינד־שאַפט האָט זיך צוגליהט און ער האָט מיך געהאַלזט און געקושט. איך האָב אויך גענוג געטרונקען לכבוד אונזער בעגעגעניש, מיר האָבען זיך אָנגעטרונקען און פערגעסען אַביסעל אָן די צרות און זענען פרעהליכער געוואָרען, ביז דער קרעטשמער איז געקימען אין האָט אונז אַ זאָג געטהון: „רבותי! עס איז שוין צייט צו געהן שלאָ־פען“. —

די נאַכט איז געוועזן זעהר אַליכטיגע, די לבנה האָט געשיינט מיט איהר פולען געזיכט. עס איז שטיל אין גאַס. קיין מענשען צו זעהען. אַלע שלאָפען שוין לאַנג און מיר געהען פערטראַכט יעדערער פאַר זיך. מיר הערען נאָר דעם קלאַפּען פון אונזערע אייגענע טריט און דעם בילען פון הינט, וואָס דרייען זיך איבערן שטאָדט. מיר זענען אָנגעקומען צו איין ראָג גאַס וואו מיר האָבען זיך בעדאַרפט צושיידען. איך האָב אָנגענומען מיין חבר ביי דער האַנד און איך האָב געפיהלט אַז זי איז קאַלט ווי אייז און ציט;רט. —

— איך געה מיט דער געסיל אין מיין סטאַנציע, האָב איך איהם געזאָגט און וואו געהסט־דו?

— „וואוהין מיינע פיס וועלען מיך טראָגען“, האָט ער געענט־פערט מיט אַ זיפץ.

— דו האָסט גאָר קיין סטאַנציע נישט? האָב איך איהם געפרענט פערוואונדערט.

— ווער איז מיר! האָט ער זיך צו־וויינט ווי אַ קליין קינד, אַ פויגעל האָט אויך איהר נעסט, אַ פוקס האָט אויך זיין נאָרע, און איך, מענשען־קינד, האָב נישט וואו מיין קאָפּ אַנצושפּאַרען.

— איז בּיי אייך גאָר קיין בּעלי־צדקות נישטאָ? וואו זענען אייערע רייכע?

— בּיי אונז זענען קיין בּעלי־צדקות נישטאָ, אונזערע רייכע האָבּען אויף אַ געזונדען פרעמדען אָרעמאַן קיין רחמנות נישט. נישט אַלע רייכע הייזער זענען אָפען פאַר אָרעמע לייט און נישט יעדערער האָט די זכיה אַריבּערטרעטען זייער שוועל. —

— הער מיך צו, האָבּ איך איהם געזאָגט שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, „גלות" איז אַ טהייערער שאַטץ און גאָטס אוֹצר און ער האָט דאָס געשיינקט זיין פאָלק ישראל. „גלות" געהערט צו אונז און נישט צו אַייך. און קיין אומה קען עס אויף זיך נישט פערטראָגען און אָננעהמען פאַר גוט, ווי מיר יודען. און וויבּאַלד דו האָסט זוכה געווען דערצו, האָסט־דו, בּרודער, קיין אַנדער רפואה נישט ווי יודעשקייט!

— און ווי אַזוי? האָט ער מיט שרעק געפרעגט, איך זאָל ווערען אַ יוד?!

— נאָר איינער! דער יודישער גאָט וויל נישט רייך ווערען מיט נאָך אַ יודען, עס איז איהם נענוג וויפיעל ער האָט, אָהן דיר האָט ער אויך גענוג יודישע קבּצנים און איז פערנומען מיט זיי, צו שפּייזען זיי מיט נסים זיי זאָלען קענען לעבּען אין צרות. איך מיין דיר נישט מגיר צו זיין, זיי זיך אַ קריסט ווי פריהער, נאָר דו זאָלסט זיך צו־געוועהנען אין דעם יודישען אַרט לעבּען, זאָלסט זיך צו זיי און צו זייער פיהרונג בּעהעפטען, דו זאָלסט קענען ווי עס איז עקזיסטירען און אַריבּערטראָגען דעם יאָך פון גלות, איך האָבּ דאָך דיר שוין גע־זאָגט, אַז דער גלות איז נאָר בּעשאַפען געוואָרען פאַר יודען און ער האָט זיי נעמאַכט אַנדערש פון אַלע פעלקער, (זיי האָבּען זייערע איינענשאַפטען אין פעהיגקייטען) און האָט זיי געגעבּען אַ בּעזונדער פאָרמע אין זייער צדקה געבּען און אין נעהמען; ווער איז נאָך ווי

די יודישע נאַציאָן אַיין אײנציגע, וועלכע ווייס ווי אױסצוגעפינען איהר בעדערפעניש וואָס איהר איז נױטיג צו דערהאַלטען די נשמה? ווער איז נאָך ווי דאָס יודישע פאָלק וואָס זאָל האָבען אַזױפיעל וואָהל־טהעטיגע אַנשטאַלטען און חברות? אָרעמע געהען שטענדיג אַרום איבער די הייזער און מאָהנען אַ נדבה ווי אַ חוב און די רייכע פרע־גען זיך נישט נאָך װעגען שפּייזען, זיי גיבען און גיבען און עס ווערט זיי נישט מיאוס און איבערדריסיג געבענדיג יעדערען וואָס שטעלט נאָר אױס די האַנד צו בעטען, ער מעג זיין געזונד און שטאַרק — און נישט נאָר דאָס, אַנדערע רופען צו זיך אָרימע לייט אַהיים און גיבען זיי עסען אפילו אום דער וואָכען און ווער רעדט שוין פון שבת אָדער יום־טוב. אָרעמע זענען דאַן ביי זיי גאַנצע בני־בית, דאָס איז די ווירקונג פון גלות מיט אַלע זיינע שלעק. מיר ווייסען ווי צו בעגעהן זיך מיט דער מתּנה פון גאָט און מיר זענען שטאַרקער פון אַ שטיין דאָס אַריבערצוטראָגען. די געשיכטע פון אונזער שפּייזען זיך איז דורך און דורך מיט נסים, פון אָנפאַנג ביז ענדע. פון דעם גרינגען ברױט מיט דעם נאָמען „מן“ וואָס מיר האָבען געגעסען אין דער מדבר פערציג וואַנדער יאָהר, ביז דעם היינטיגען בעטעל־ברױט אין דעם היינטיגען גלות. און דעריבער מוז יעדער יוד אַלע טאָג זאָגען די פּרשה פון דעם מן ווייל דאָס איז ביי איהם אַיין אַלטעגליכע געשיכטע און עס איז מסוגל פאַר דעם יודענס נשמה און אַרט לעבען.

— און וואָס בעדאַרף איך טהון? האָט מיר מיין חבר געפרעגט און האָט פון מיר זיינע אױגען נישט אַראָפּגענומען.

— איך וועל דיך לערנען די פיהרונג פון'ם גלות דו זאָלסט זיך קענען דורכלעבען. פון יעצט אָן וועל איך דיר צונעהמען צו מיין געזינד און וואוהין איך וועל געהן, וועסט־דו אױך געהן ביז וואַנען מיר וועלען אויסגעפינען אַיין אָרט וואו זיך צו בעזעטצען און אױסצורוהען אונזערע צובראָכענע ביינער. נאָר שטאַרק זיך מיין פריינד! נעהם אָן פאַר גוט די יודישע יסורים און פערגעס נישט וואָס איך לעהרען דיך.

— און פון דער צייט אָן ווען ער האָט אָנגעהױבען מיט אונז צוזאַמען וואַנדערען און איז אַרונטער אונטער מיין שוטץ, לעהרען איך איהם דעם שלחן־ערוך פון מיין אָרעמקייט און די גאַנצע לעקציע האָב איך איהם איבערגעגעבען אין אַ טראַגעדיע פון דעם ענגען יודי־שען לעבען. איך האָב איהם אױסגעלערענט לאָזען זיך בעגניגען מיט ווייניגער עסען און טרינקען, נישט איינגאַנצען נאָכגעבען דעם

מאָגען און זיינע טענות אַז ער איז הונגעריג, און פּאָר אַ צופּיעל אָפּענעם מויל בעשטראָפּען אָפּט מיט אַ תענית און איינטריקענען איהם אַביסעל ער זאָל קלענער ווערען. איך האָב איהם אויך מגלה געווען דעם סוד פונ'ם געהן איבער די הייזער און איבערצוטראָגען קאַלטבלוּ־טיג יעדע בעליידיגונג, עס זאָל איהם קיין זאַך אין וועג נישט שטעהן אום צו קריגען די נויטהיגסטע מיטלען צו דערהאַלטען דעם לעבען. אַזוינס און נאָך אַזעלכעס האָב איך איהם אַלעס געלערענט, און גע־לויבט איז דער אויבערשטער, מיין פּראַצע איז נישט געווען אומזיסט! אָנפאַנגס איז איהם שווער געווען זיך צוגעוועהנען צו אַזאַ סאָרט לעבען און נישט איינמאָהל האָט ער געוואָלט מאַכען אַ סוף צו זיין לעבען מיט די צרות צוזאַמען; אָבער ביסלעכווייז האָט ער זיך צוגעע־וועהנט און מאַכט פאָרשריטע אין זיין לעהרע און ער האָט שוין דער־גרייכט די העכסטע מדרגה פון קאַרגקייט, ליידען אונטערטהעניגקייט, אויך פייניגען דעם זונדיגען גוף זיינעם ווי איין אמת'ר יוד און היינט איז ער שוין דערצו ווי געבוירען און טראָגט גאַנץ רוהיג אַריבער די יסורים פון גלות מיט ליעבשאַפט. „אַזוי וואויל איז צו איהם," האָט רב משה געענדיגט זיין ערצעהלונג מיט אַגעלעכטער, „און אַזוי וואויל איז צו מיר זיין געטרייען רבי, וואָס איך האָב איהם זוכה געווען אַזוי צו זעהן"...

איך האָב אויפגעהויבען מיינע אויגען צום פּאָליאַק און זעה אַז ער שפּיעלט זיך מיט לייזערקען גלייך ווי נישט איהם מיינט מען און פלייסט זיך איהם צו פערשפּיעלען: ער קרעהט ווי אַ האָהן, מעקעט ווי אַ קוה, הירזשעט ווי אַ פערד, קוואַקעט ווי אַ זשאַבע און ברומט ווי אַ בער, און אַלעס לאַנגזאַם, רוהיג, שטיל און פאָרזיכטיג, דעם צווייטען נישט צו טומלען. די קינדער טאַנצען אַרום איהם גאַנץ פרעהליך, די אונשולדיגע נפשות'ליך ווייסען נעביך נישט פון זייערע צרות: יענקעלי פון דער רעכטער זייט שפּיעלט זיך, איציקעל פון דער לינקער זייט לאַכט, די טרויעריגע בריינדעל האָט אויף אַ ווייל פער־געסען איהר געליעבטען זעליג'ן און מיט אַ ליעבליכען געלעכטער האָט זי געעפענט איהרע ליפּען; און די מוטער חיה, די פערקלאָגטע נשמה, איז עפּעס אויך פריילך געוואָרען און פרעהט זיך מיט איהרע קינדערליך; און משה קוקט דאָס צו און קוועלט אָן פון נחת און מיט אַ פרעהליכען פנים בעטראַכט ער אַלעס און לעגט צונויף די הענד אויף זיין בויך און זאָגט: „פרעהט זיך, מיינע גנדערים, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זעהן יפת'ן אין די געצעלטען פון שם'ן ווי ער לערענט מיט גרוים

חשק די דינים פון גלות! שטאַרק זיך פאַניע יפת און האָב אַ פּעולה אין דיין לערנען, פון דיין טובה וועגען און פון דיין רבי'נס טובה וועגען, שטאַרק זיך! און לאָמיר זיך ביידע שטאַרקען."

נאָך פיעל פראַגעס האָב איך געהאַט צו פרעגען רב משה'ן, ליידער האָט מיר די צייט נישט ערלויבט צו פערברייגגען מיט איהם מעהר, דען דער צוג איז צוגעקומען צו אַ גרויסע סטאַנציע, וואו איך האָב געדאַרפט אַראָפּ-שטייגען. אַז איך בין אַראָפּ פונ'ם וואַגאָן מיט מיינע פעק און מטלטלין, האָב איך בעמערקט ווי דער אונגליקליכער פאָליאַק שטעהט אין אַ ווינקעל און סוד'עט זיך מיט'ן קאָנדוקטאָר מיט גרויס הכנעה און מיט אַ צובראָכענעם געמיטה און מיט אַ רחמנות פנים'ל גיט ער איהם אַ זילבערנע מטבעה. איך האָב באַלד פערשטאַנען דעם פירוש פון זיינע רייד מיט דעם קאָנדוקטאָר, דעם סוד פון דער מטבעה, און וואָס דער תלמיד פון רב משה'ן דעם שניידער פערלאַנגט. איך האָב אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און פון טיעפען האַרצען האָב איך געזאָגט: „רבונו-של-עולם! עס זאָל זיין דער ווילען פון פאַר דיר גאָט, מיין גאָט, עס זאָל נאָך זיין פיעל, פיעל תלמידים אַזעלכע און שם מיט יפת'ן זאָלען זיין ברידער און דענסטמאָלט איז צו האָפען אויף פריע־דען, אויף בעסערע, פיעל גליקליכערע צייטען פאַר אַלע פעלקער און די קינדער ישראל, אָמן!"



# אין יענער צייט.

אַז אַ יוד קומט פונ'ם וועג, מוז ער האָבען צובראָכענע זייטען און פיהלען אַ וועהטאָג אין דער פלייצע פון דעם זיטצען אין ענגשאַפט. — זיעבען פאַרשוין אויף איין אָרט. ווי דער יוד געהט נאָר אַריין אין וואָגען, איז ער מפקיר זיינע ביינער און זיין לייב און לעבען. נאָר לא עליכם, רבותי, איהר זאָלט נישט וויסען פון דעם וועהטאָג, וואָס איך האָב געפיהלט אין אַלע מיינע ביינער, אַז איך בין, נאָך אַלערליי מיני יסורים און וואָגלענישען, אָנגעקומען קיין אָדעס. אַלע מיינע ביינער האָבען דענסטמאָלט געפיהלט, ווי אמת עס זענען אונזערע חכמים זכרונם לברכה'ם רייד, וואָס זאָגען אויפ'ן פסוק „נשיתי טובה" איך האָב פערגעסען גוטעס) מיינט מען אַ מרחץ, היינו פראָסט אַ מרחץ, מיט אַלע פיטשעווקעס: מיט די ברייטע ביינק און די לאַנגע דראָנגעס אויפצוהייגען אויף זיי פלידערען מיט זאָקען און אַלערליי מאַנסבילשע בגדים; מיט אַ רופא אַ מומחה, וואָס זיטצט אין אַ ווינקעל און אַ ליכט ברענט פאַר איהם, גאָלט און צאַפּט דאָס בלוט, אַזוי ווי ס'פאַסט פאַר אַחינו בני ישראל. דאָס „גוטס" האָב איך דאַן זעהר בעדאַרפט האָבען און ס'איז אַ גרויסער שאָד, וואָס אָט דאָס „גוטס" און די אַלע איבעריגע גוטע מתנות, מיט וואָס עס ריהמען זיך די קליינע שטעדטעלעך אין אונזערע געגענדען, זענען גאָר נישטאָ אין דעם גרויסען אָדעס, און דערפאַר אַליין איז שווער אונזערע פתריליווקער און קאַבצאַנסקער יודען צו וואָהנען אין די גרויסע שטעדט...

נאָר באַלד ווי איך האָב געזעהען אַז פון מיין ווועלען וועט גאָרנישט אַרויסקומען, האָב איך געטהון, וואָס יעדער יוד טהוט בשעת הדחק — איך האָב אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד אויף אַלע מיינע

וויהמאָגען און האָבּ זיי גאָר איננאַנצען מבטל געווען. נאָך מעריב־דאַווענען בּין איך אַרויסגעגאַנגען פון מיין אַכסניא און גענומען געהן ווענען געשעפטס־זאַכען, זעהען זיך מיט סוחרים און בּעקאַנטע.

פּלוצים האָט אָנגעיאָגט אַן אונגעוויעהנליכער צפון־ווינד און האָט אָנגעטריבּען אַ פינסטערע חמאַרע. און די מענשען האָבּען גענומען לויפען, איילענדיג אַהין און אַהער. אין אונזערע צייטען איז דער קלימאַט בּכלל אינגאַנצען פערענדערט געוואָרען, ווילד און משוגע איז דער ווינד, אַזוי ווי דער קורס פון אַקציעס, וואָס דאָ שטייגט ער און דאָ פאַלט ער אַלע מאָל אין די בּירזעס, און אַזוי ווי אונזער גאַנצער דור, וואָס בּייט זיך נאָר און דרעהט זיך אַהין און אַהער. נאָר אין סוף זומער איז געוואָרען אַ פערענדערונג אין דער לופט — וואָל־קענס, קעלט און רעגען. פינסטער איז געוואָרען די זון, אַוועק איז איהר שיין און איהר שעהנקייט, די גאַנצע וועלט איז וויסט און עפּעס אַ פינסטערע אימה פאַלט אָן אויף איהר. שרים טאַנצען אין די גערטנער און מאַכען אַ תּל פון דעם רעשט, וואָס איז נאָך געבּליעבּען; ווי איין אָנשיקעניש פון גאָט קומען די חזירים און רייסען אויס מיט זייערע צייהנער אַלע גראָזען בּיז'ן וואָרצעל און פערניכטען דעם מענ־שענס פראַצע. די בּוימער האָבּען אויסגעטהון זייער פריהלינגס־ציהרונג און שטעהן אָרעם, נאַקעט, ווי מלמדים, אָהן בּלעטער. זיי אַלע שאָק־לען זיך און ציטערען, זיפצען און פּאַטשען מיט די צווייגען אויף זייע־רע אָפּגעקראָכענע קעפּ, און מען דערקענט נישט. אַז זיי האָבּען אַמאָל געבּליהט און עס איז אויף זיי געוואַקסען פּירות צום מענשענס פערגעי־ניגען. די חיה זוכט זיך אַ נאָרע אין דער ערד, די פליעג — אין אַ שפּאַלט ערגעץ אין וואַנד. אַ סך מענשען פערלאָזען זייערע וואהנונ־גען און וואַנדערען אַוועק אין ווייטע לענדער. טרויעריג איז די ערד און אַן אומעט ליגט אויף אַלע בּעשעפעניש[ען]; אַלע זענען טרויעריג און ציטערען. בּאַלד קומט דער ווינטער, דער אדון הגדול, און מאַכט אַ תּל פון דער ערד... און אט זענען אַריבּער די ימים טובים און דער ווינטער איז געקומען; אָבּער אָהן רעש, אָהן געטומעל: ער איז נישט קיין שטאַרק־שלעכטער, אַ בּעל־רחמנות איז ער, בּעט איבּער די ערד און די מענשען, וואָס אויף איהר, מיט אַ שמייכלענדיגען פּנים, דאָס האַרץ ווערט רוהיג און פריהלט אַ משונה'דיגען טעם פון אַ קוכען געפרעגעלט אין האָניג מיט עסיג צוזאַמען... די פליעג קריכט אַרויס אין דרעהט זיך, ווי אַ שכור טאַנצט אַ „קאַזאַק" אויף עפּעס אַ פּענס־טער... מיקען געהען אַרויס פון זייערע נאָרעס מחנות־ווייז, מאַכין

זיך לוסטיג, פרעהליך, ושוזשען און מאַכען זיך אַ יום־טוב אין די גאַסען. און עפּעס אַ בוים האָט צום מזל אָנגעהויבען בליהען, און ס'האָבען זיך אויף איהם געוויזען קנאָספּען. און דער מענש נאַרט זיך אַליין אָב, ווי זיין שטייגער איז. און רעכענט, אַז נסים טרעפען זיך אויף דער וועלט און האָפט, אַז עס וועט נאָך זיין גוט; — און קבצנים פרעהען זיך. מען קען האָפען אַז ס'זאָל זיין וואַרעם און די זון זאָל שיינען, אַז גאָט וועט הייסען. און פּלוצים, אָך און וועה, קומט אָן דער ווינטער מיט אַלע זיינע שרעקעניש׳ען, ער געהט און שטורעמט, אין כעס איז ער און שרייעט, ער לאָזט בלאָזען דעם ווינד און הייסט געהן דעם רעגען און דעם שניי, און פינסטער און בלאָטיג ווערט די ערד.

דער ווינד שטורעמט און שטעכט מיר ווי מיט נאָדלען אין פלייש; איך בויג אָן דעם קאָפּ און האַלט צו די קאַפּאָטע, כדי דער ווינד זאָל מיר ניט פּאַטשען אין פנים, און איינגעבויגען געה איך מיר איינער אַליין ביי נאַכט צו שלמה ישראל׳ס, מיינער אַן אַלטער בעקאַנטער.

אָ־דער מענש, שלמה, האָט געוואָהנט אין כתריליווקע, און די כתריליווקער פלעגען איהם שפּייזען בכבוד. ניט זיי פלעגען אויף איהם אויסגעבען געלד — חס־ושלום! אפילו קיין איין פּרוטה האָבען זיי אויף איהם נישט אויסגעגעבען, וואָרום די פּרוטה איז דעם כתרי־ליווקער טהייער ווי די נשמה, און ער לאָזט זי נישט געהן לאיבוד מיט זיין גוטען ווילען, — סיידען מען נייטה איהם און מען רייסט איהם אויס די פאות. דאָס ערשטע איז ביי איהם די פּרוטה, זי מאַכט איהם גרויס און דערהויבט איהם, נור דורך איהר קען ער ווערען אַזוי ווי אַ פוקס און אַזוי ווי אַ לייב אין זיין שטעדטיל, זיין אַיין עזות־פנים, פערנעהמען אַלערליי גבאות און זיך מישען אומעטום, נאָר וואָס דען? שלמה איז געווען אַ שרייבער, און די כתריליווקער האָבען איהם געדיענט אַלס שטאָף צום שרייבען, עס הייסט ער פלעגט זיך אין זיי גוט איינקוקען און אַכטונג געבען אויף זייערע מעשים. אַזוי ווי די נאַטור־פאָרשער, וואָס קוקען זיך צו, צו בעשעפעניש׳ען און ריידען וועגען בהמות, פליעגען און אַלערליי ברואים. און ווייל ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו די כתריליווקער און האָט געוואוסט אַלעס וואס ביי זיי טהוט זיך, זייער שטייגער, זייער זיטצען און זייער אויפשטעהן און אַלע רגילות׳ן פון די דאזיגע בעשעפעניש׳ען. פלעגט ער זיי אויסמאה־לען מיט אַ שרייב־פעדער, ווי זיי זענען, און פלעגט פון זיי דערצעהלען וואונדערליכע זאַכען, וואס דערפרעהען דאס האַרץ און דערלייכטען

די אױנגען... און זײנע חבורים פלעגען געלײענט װערען אין יודישע שטעדטלעך, און ער פלעגט דערפון האָבען זײן אױסקומעניש...

אין פלוג דאַכט זיך האָבען די כּתריליװקער גאָרנישט געקענט האָבען צו איהם; ער האָט הנאה און זײ פערליערען גאָרנישט, פון דעסטװעגען זענען די בּתריליװקער מיט דעם צופריעדען נישט געװעזען. פאַר װאָס? װײסען מיר בּיז הײנט נאָך נישט, נאָר צוריק רײדענדיג איז איהם אַלײן שױן אױך נמאָס געװאָרען צו האָבען כּסדר צוטהון מיט די כּתריליװקער, װאָרום אפילו האָניג אַז מען עסט צו פיעל, מײקענט מען אױך אױס; און שנית, יעדער זאַך האָט אַנ'עק. װעט ער דען אײבּיג האָבען שטאָף אױף זײנע מעשיות פון כּתריליװקער לעבען? און שלמה האָט געזעהן, אַז זײן קװאַל איז פער'עפּוש'ט און פערשטונקען געװאָרען און פרוכפּערט אַלערלײ בּעשעפּענישען, װאָס ס'איז נישט װערט צו האָבען מיט זײ װאָס צו טהון, און געהערט האָט ער, אַז עפּעס נײע בּעשעפּענישען זענען צו אונז אָנגעקומען, אין תּוך אַרײן אױך כּתריליװקער, נאָר זײ זענען קלוג, האָבען אַלערלײ געשטאַלטען און אַ מױל װאָס רעדט בּרײט און הױך, און זײערע מעשים זענען עפּעס מאָדנע, אַלע װילען זײ קענען און װיסען, װאָס זײ זענען עפּעס אַ ױנגס, נאָר קײנער האָט זײ נאָך נישט גוט אױסגעמאָהלט, און זענען נאָך אױף פרישע ערד און װאַרטען אױף שרײבּערם; — דערפאַר האָט שלמה מפקיר געװען זײנע כּתריליװקער און איז אַרױס רײן פון כּתרי־ליװקע. צו האָבען די קלוגע זיך מיט איהם געפרעהט און ער מיט זײ, װיפיעל ער האָט זיך בּײ זײ געזאָמט און װאָס ער האָט פון זײן אַרבּײט, װאָס ער האָט געאַרבּײט מיט זײן פעדער, געהאַט? — דאָס אַלעם װײס איך נישט. ס'קען זײן, אַז זײ זענען איהם אױך לסוף נמאָס געװאָרען, און ס'װאָלט איהם ליעבער געװעזען צו אָפּשינדען נבלות אין מאַרק אײדער אַזױנע בּריות... איך װײס נאָר אַז ער איז איצט אין אדעס, לערענט אַרימע קינדער תּורה אין זײן אײגענער שוהלע, און װאהנט דאָרט.

אַז איך האָב זיך גוט אנגעמאַטערט צו זוכען און טאַפּען אין דער פינסטער, בּין איך מיט גאָטס הילף אַרײנגעגאַנגען אין שטוב מיט פאַרזיכטיגקײט. ס'פערשטעהט זיך אַלײן, אַז אַרײנגעגאַנגען בּין איך דורך דער קיך, אַזױ װי ס'פּאַסט פאַר אַ יודען, װאָס װײס דרך־ארץ... אַ יוד, װי זײן שװײגער איז, קומט אַרײן שטיל, אײנגעבּױגען און מען הערט איהם גאָר נישט. עפּעס אַזױ װי פון דער ערד װאַקסט ער

אויס פאַר'ן בעל-הבית. ווי אַ בער, וואָס לוגט צו זיין „פערצוקונג", דערטאַפּט ער איהם פּלוצים, כּדי ער זאָל זיך פון איהם נישט קענען פערבאָרגען. דאָס איז אַ יורישער מנהג, אַ זכר צו אָרעמ־קייט אין גלות פון לאַנגע צייטען... אַז אָרעמע לייט און בעטלערס האָבען ביי יודען זיך געמעהרט, און נעהמערס זענען געוואָרען מעהר ווי געבערס, האָבען די בעטלערס זיך אויסגעלערענט אַלערליי קונצען און מיטלען פון יענער און קומען שטילערהייט און אונערוואַרטעט, כּדי דער בעל-הבית זאָל זיך נישט קענען בעהאַלטען און דער דאָ־זיגער — מין אַריינגאַנג, וויל ס'איז אַ ירושה פון די אָבות, האַלט ער זיך ביי אונז עד היום...

איך שטעה שוויינענדיג אַ ווײַלע אין פאָרהויז, טאַפּ די קאַפּאָטע און די פּאות, נעהם אַראָפּ די היטעל פונ'ם קאָפּ און גלייך אויס די יאַרמעלקע, ווי ס'געהער צו זיין און קוק דערווייל אַריין אין צימער, וואָס מיר ענטקעגען. אַרום אַ לאַנגען טיש, וואָס איז באַדעקט מיט אַ ווייסען טישטוך, זיצען עטליכע פּאַרשוין, אַנ'אַלטער יוד זיצט אויבען-אָן, דריי מאַנספּילען פון זיין לינקע האַנד, אַ שעהנע יודינע און בתולות פון זיין רעכטער האַנד. אויף אַ ביינקעל נעבען טיש שטעהט אַ זודיגער סאַמאָוואַר, און אַ פּאַרע, פון אַנ'אַש קאָליער, הויבט זיך פון איהם אַרויף, ווערט רויט ווי אַ ריינער נעבעל פון דער ליכט פונ'ם לאָמפּ, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון דער סטעליע. ליכטיג און וואַ־רעם און מחיה'דיג איז אין צימער. מען טרינקט טהעע און מען רעדט היימליך.

אַז איך האָב זיך צורעכט געמאַכט אין פאָר-הויז, בין איך אַריין אין צימער און געבליעבען שטעהן שוויינענדיג אויף דער שוועל.

— ווער איז דאָרט, ווער איז דאָרט? — האָט גערופען דער אַלטער און האָט זיך נישט געריהרט פון זיין אָרט.

— קיינער נישט... אַ יוד... אַ גוטען אָבענד! — האָב איך שטיל געענטפערט און בין געשטאַנען ווייטער אויף דעם שוועל.

— וואָס רעדט איהר דאָרט? — האָט דער אַלטער פערוואונדערט געפרעגט און איז צוגעגאַנגען צו מיר.

— וואָס ער רעדט?... גאָר נישט... אַ גוטען אָבענד, זאָג איך.

— אַ גוטען אָבענד — דאָס איז זעהר שעהן, נאָר איך בעט אייך, רב יוד, וואָס ווילט איהר?

— וואָס וויל איך? איך וויל גאָר נישט. גלאַט אַזוי זיך... איך בין גראָד געקומען אהער, טראַכט איך מיר, ס'איז כדאי אריינגעהן זעהן אַנ'אַלטען בעקאַנטען. וואָס מאַכט איהר, רב שלמה? אַ סך יאָהרען האָבען מיר זיך נישט געזעהן. שוין ביידע אַלט געוואָרען. איהר זענט גרוי געוואָרען. אָבער איהר האָט זיך קיין סך נישט איבערגעביטען. באַלד האָב איך אייך דערקענט אָן בּרייטען שטערען און אָן אייער קורצזיכטיגקיים. די אייגענע פינקעלדיגע אויגען, די אייגענע ליפּען, דער אייגענער, ביטערער שמייכעל, די זעלבּיגע אַלטע התלהבות אין דאָס זעלביגע מאַכען מיט די הענד בשעת ריידען, אַזוי ווי אין דער יוגענד. אַ יונגער־אַלטער זייט איהר, איהר זאָלט מיר מוחל זיין! און מיך, מיך דערקענט איהר גאָר נישט? — האָב איך געענדיגט מיט אַ פריינדליכען שמייכעל, אויסציהענדיג זיך פאַר איהם און האַלטענדיג די באָרד.

— וואַרט נאָר, וואַרט נאָר אַביסעל — האָט רב שלמה געזאָגט און האָט מיך בעטראַכט — אַצונד ווייס איך. רב מענדעלי... דאָס זענט איהר, רב מענדעלי מוכר ספרים! ברוך הבא! וואָס זענט איהר אַזוי שטיל אַריינגעגאַנגען, דורך דער הינטערשטער טהיר? און וואָס שטעהט איהר אויף דעם שוועל ווי אַנ'אָרעמאַן? כעני בפסח?

— וואָס איז אַזוינס? מען דאַרף דען קלינגען אויף גלעקער און פּויקען, אַז דער און דער געהט?! נאָר האָט נישט פאַראיבעל, וואָס איך בין אריינגעפאַנגען מיט בלאָטיגע שיך און האָב פערשמוצט די פּאָדלאָגע.

— ס'מאַכט נישט אויס. לייהם און בלאָטע איז ביי אונז אַ זכר צו יציאת מצרים — ענטפערט רבי שלמה, נעהמט מיך אַן ביי דער האַנד פריינדליך און שטעלט מיך פאָר פאַר זיין הויז־געזינד, רופט מיר די נעמען פון די דריי פּאַרשוין און זאָגט: דאָס זענען יודישע שרייבער, מיינע גוטע פריינד.

— יודישע שרייבער און גוטע פריינד! — פערוואונדער איך זיך. קעץ אין איין זאַק בייסען זיך און רייסען זיך — איז מיר דערנטסמאַלט געקומען אויפ'ן געדאַנק, און איך האָב מאַרנע פערקרימט די נאָז.

איך האָב זיך געזעצט צום טיש, און מען האָט פאַר מיר גע־שטעלט אַ גלאָז טהעע. די פאַרשוינען האָבען שוין נישט גערעדט אַזוי פרעהליך און פריי ווי פריהער, און זענען באַלד אַנשוויגען געוואָרען. אַזאַ סאָרט שווייגען הערשט תמיד צווישען מענשען, ווען עס קומט אַריין אַ נייער פאַרשוין. אין דעם שווייגען הערט זיך אַ שטילעס בילען פון אַ שלעכטען הונט און בעדייטעט: חשד, פיינדשאַפט, נישט צופריע־דענהייט, אַ ווינק און אַ בקשה: אַנטלויף, פעטער, צו אַל־די גוטע יאָהר או לאָז מיך צורוה!

גוטהערצעדיג בעגעגענען איינס דאָס אַנדערע נאָר בהמות. אַ בהמה שטעהט ביי דער קאָרעטע, קומט אַנ'אַנדערע אָן, שטעקט אויך אַריין דעם קאָפּ, שטערט איהר נישט די ערשטע און ביידע עסען און זענען זאַט, און זאָל דיר אָט די מדה פון דער בהמה נישט וואונדע־רען, ווארום דערפאַר איז זי דאָך אַ בהמה, אַ גראָבע און נידעריגע בעשעפעניש אָהן פערשטאַנד... נישט אַזוי זענען מענשען, זיי ווייזען אַרוים זייער שכל, וואָס גאָט האָט זיי נעגעבען און בעגעגענען איינער דעם צווייטען אויף מענשען־אַרט. אַזאַ מין שווייגען איז זעהר נ־ישט אַנגענעהם אַ נייעם פאַרשוין, דער מענש האָט דענסטמאָלט נישט צו שאַפען אויף זיך אַליין, די בעוועגונגען פון זיינע הענד זענען עפּעס ווי מעבאַניש אָהן אַ פריהערדיגען רצון, און וואוהין זיי קעהרען זיך נישט, זעהען זיי אוים, די הענד הייסט עס, משוגע'נערווייז. די נאָז הענגט אַראָפּ ווי פערשעמט, און ווייסט נישט וואוהין צו קעהרען זיך, אין האַרצען איז אַ דריקעניש און די נשמה וואַרפט זיך אַ הין און אַ הער ווי אַ פויגעלע אין שטייגעל...

לאַנג לעבען זאָל רב שלמה, וואָס ער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט און ריידענדיג געמאַכט די געסט. און זיי האָבען אלע גענומען ריידען הויך אויפ'ן קול. דאָס איז ידוע, אַז מחברים זענען גרויסע פלוידער־זעק, ריידען מעהר ווי ווייבער. און אַז דאָס מויל עפענט זיך נאָר ביי זיי, שיטען זיך און שיטען זיך רייד, ווי פון אַ לעכערדיגען זאַק. איך האָב אויך געעפענט מיין מויל און האָב געוויזען וואָס איך קען, גערעדט אָהן אויפהער. דאָס איז זיי געפעלען געוואָרען, און מיר זענען געוואָרען באַלד, ווי עס פיהרט זיך ביי יודען, אמת'ע „ידידים"...

— לאָמיר זיך אומקעהרען צו אונזער שמועס — האָט זיך רב שלמה אָנגערופען און געוואָלט ערוועקען זיינע קאָלעגען — פאַר רב מענדעלען איז זיך נישטאָ וואָס צו שעהמען — ער איז דערין זעהר

גניט, ער איז אַ בקי אין דעם דאָזיגען ענין... אדרבא זאָל ער הערען און זאָגען זיין מיינונג.

— וועגען וואָס האַמפּערט איהר זיך, רבותי, וואָס טהוט איהר דאָ אויף? האָב איך געפרעגט מיט אַ שיינענדיג-פּנים.

— וועגען וואָס האַמפּערען זיך מחברים? וועגען שרייבער און ביכער! — האָט רב שלמה געענטפערט. זאָגט רב מענדעלי, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין זאַך דאָס שרייבען? דאָס איז דער תּוך וועגען וואָס מיר האָבען זיך דאָ פריהער געשפּאַרט.

— און וואָס האָבען „זיי" געזאָגט? האָב איך אָפּגעגעבען כּבוד די געסט, זיי זאָלען זאָגען פריהער וועגען דעם.

— דאָס איז אַ געטליכער גייסט! האָט איינער פון די מחברים אַרויסגעזאָגט און אַ צווייטער האָט איהם צוגעבאַמקעט.

— און איך זאָג — האָט אַ דריטער אויפגעוויזען, אַז דאָס שרייבען איז אַ זאַך, וואָס מוז האָבען פאַרבערייטונג און קענטעניש. ווער עס האָט אַ מוח און בילדונג, יענער שרייבט.

— דאָס שרייבען — האָב איך מיין מיינונג אַרויסגעזאָגט און האָב אַ כּונה געהאַט אַביסעל אַ קיטצעל צו טהון די געסט מיט אַ וויטצעלע — דאָס שרייבען איז נישט מעהר ווי אַ שגעון, אַ מין שלאַפקייט, אַזוי ווי למשל די תּאוה ביי אַ סך יודען צו שטעלען זיך פאַר'ן עמוד און אַרויסווייזען פאַר'ן עולם די וואונדערליכע האַלז...

— רב מענדעלי וויל אַלץ מבטל זיין! האָט רב שלמה זיך גוטמוטהיג געבייזערט, אָוועקלייגענדיג זיין פינגער צו דער נאָז און זיס שמייכלענדיג דערביי — — —

איך מיש מיך נישט אַריין אין דעם ערשטען חלק פון דער שאלה, איבער וועלכער מיינע חברים האַמפּערען זיך, און זאָגען וואָס דאָס שרייבען איז אַזוינס; איך וועל נאר זאָגען מיין דעה אויף דעם אַנדערען חלק פון דער ענין: צוליעב וואָס איז דאָס שרייבען? — דעם מענשענס פערשטאַנד איז דער מקור פון אַלע מחשבות, און די מחשבות ווערען נישט ענדעקט און געענדיגט אינגאַנצען, ביז וואַנען מען זאָגט זיי נישט אַרויס. ערשט דענסטמאָלט ציהט זיך אויף זיי אַרויף פלייש און הויט און זיי בעקומען זייער געהעריגע צורה און דעריבער בעשטעהט

דעם מענשענס מעלה אין דעם וואָס ער קען ריידען. און היות ווי דאָס רעדען מאָלט אַ'ערליי בילדער צו די געדאַנקען פונ'ם גייסט, דעריבער דאַרף עס האָבען בעהעלפערס. און אַזאַ מין בעהעלפער איז דאָס שרייבען, אָדער דאָס געשפּרעך דורך שרייבען. דער שרייבער איז מעהר מקפּיד אויף זיין שפּראַך, קלייבט צו די נויטהיגע ווערטער און לייגט זיי גוט אויס, איז זיי מצרף איינס צום אַנדערען מיט ישוב הדעת, און האָט אַ פּינה, אַז דער גייסט און זיין צורה זאָלען פּאַסען איינס צום אַנדערען, אַזוי ווי די נשמה מיט'ן גוף ביי די בעשעפעניי־שען, נישט מעהר און נישט וועניגער ווי מען דאַרף. דערפון איז געדרונגען, אַז דורך דאָס שרייבען האָט זיך פערבעסערט דאָס רעדען, ריינער איז די מחשבה געוואָרען און דער פערשטאַנד איז גרעסער געוואָרען...

— דאָס אַלעם איז לא עלינו געזאָגט געוואָרען, — האָט מקטרג געוועזען איינער פון דער חברה. — געהט זייט בודק אונזער איצטיגע ליטעראַטור, און איהר וועט אין איהר געפינען נאָר רעדען סתם, שטראָף און מוסר, עצות, פּלפּולים און סבראות, פוסטע רייד און גוזמאות, משונה'דיגע שבחים און גרויסע זידלערייען, אַלץ ווי ביי די בטלנים, וואָס אין בית־מדרש אונטערן אויבען, און דאָס ווייזט אויף אַ ליידיג האַרץ און אַ פּוסטען מוח. נישט נאָר וואָס ער האָט קיין איין לעבעדיגע פאָרשטעלונג און קיין איין נייעם געדאַנק, נאָר ער ווייסט אַפילו נישט פון זיין חסרון, און דערפאַר מאַכט ער זיך אַליין פאַר אַ גדול, אַפילו דער קלענסטער צווישען די שרייבער, האַלט זיך קליגער פאַר אַלע און רעדט אַלץ: איך און איך; אַזוי און אַזוי זאָג א י ך, אַזוי און אַזוי האַלט א י ך, און אַזוי און אַזוי עצה'ע א י ך... אַלע זענען זיי וואוילע, זעלטענע מוסר־זאָגער, געפינען משונה'דיגע המצאות און די גרעסטע בעלי־עצות, מענשען מיט נעמען און געזעטצען געבער. יעדער קלייבט זיך אויס אַ באַרג סיני, ער זאָל לערנען דעם פאָלק געזעטצען און משפטים, מיט גאַנצע בערג רייד, וואָס ריידען זיך אָן און ענדיגען זיך מיט א י ך.

אַי, אַי, אַי! — בין איך אָנגעפאַלען אויפ'ן מקטרג שטאַרק אויפ־געבראַכט. אין הארצען האָב איך אפילו געוואוסט, אז ער איז גערעכט, פונדעסטוועגען האָב איך זיך איינגע'עקשנ'ט און האָב זיך אָנגענומען פאַר אייער היילינגען גוטען נאָמען, איהר היילינג געזינדעל שרייבער.

— די שרייבערס ביי אונז, — האָט מקטרג געוועזען נאָך איינער

פון דער חברה, — שרייבען אַליין נישט וועגען וויסענשאַפט. וועגען וועלט-זאַכען, נאָר זיי שרייבען עפּעס קוקענדיג אויף דעם בלאַחר-יד, וועגען . . . און וועגען . . . זאָגען מוסר אַנדערע, דערוועקען און בעמערקען, אַז מען וואָלט זעהר געדאַרפט שרייבען וועגען דעם. און אין דעם ענין וואָס זיי זענען עוסק ווילען זיי נישט וויסען וואָס אַנדערע האָבען פריהער פאַר זיי געזאָגט, כדי זיי זאָלען זיך מיט דעם בענוטצען און אויפבויען אַ גאַנצען בנין. נאָר יעדער איז אָדם הראשון אין זיין צייט און הייבט אָן פון אָנהויב, און דער אלף-בית ווערט אַלע מאָל אָנגעהויבען. די פריהעריגע געדענקט מען ביי אונז נישט, און אויך די געשעהענישען פון אונזער צייט געהען איבער ווי אַ חלום און ווערען פערגעסען; אַ סך זאַכען פון אונזער צייט ווערען ביי אונז נישט פערשריבען נאָר דעפאַר, ווייל מיר האָבען אַ טעות און גלויבען, אַז דאָס איז דעם היסטאָריקערס געשעפט, אַז ער וועט דאָס אַלעס שפּעטער אויספאָרשען און בעקלעהרען; נאָר ביז אַמאָל ווערען דערווייל אַ סך געשעהענישען פערפאַלען און פערגעסען. און אַז ס'וועט אויפשטעהן ביי אונז אַ היסטאָריקער און וועט וועלען אויפבויען אַ בנין פון די שטיינער — זכרונות, וועט איהם מעהר פעהלען איידער ער וועט האָבען, און דער בנין וועט קיין רעכטער נישט זיין. סיידען מיר זאָלען גלויבען, אַז היסטאָריקער זענען יודען נביאים און אין חלום זעהען זיי וואָס פריהער האָט זיך געטהון און בעשאַפען געוועזען כביכול, פון גאָרנישט. על-כל-פנים איז גענוג מען זאָל זיי געבען אַ לעבעל פון אַ נאָדעל, אַז זיי זאָלען דעם עלפאַנט אַ ר י י נ צ ו צ י ל ע ו ו ע ן א י ן ל ע כ י ל אַ ל י י ן ש ו י ן ב ע ש אַ פ ע ן. נאָר ווער ווייסט צו אַזוינע וועלען זיין אין די קומענדע דורות? . . . און דער היסטאָריקער, וואָס וועט שפּעטער אויפשטעהן, און וועט שרייבען מיט הארץ און מיט מענשליכען שכל, וועט בעשולדיגען די יודישע שרייבער פון אונזער צייט און וועט זיי מאַכען צו שאַנד, דערפאַר וואָס דאָס לעבען פון פאָלק האָט זיי נישט געדינט פאַר אַ מאַטעריאַל צום שרייבען און האָבען נישט אָנגעגרייט גענוג מאַטעריאַל פאַר די, וואָס וועלען נאָך זיי קומען, און האָבען זיך נאַריש געמאַכט מיט מעשיות און זאַכען, וואָס זענען גאָר קיינמאָל נישט אַ חוץ אין זייער מוח. און נאָך מעהר וועלען בעשולדיגט ווערען די שרייבער — האָט ער ווייטער געזאָגט, ווינקענדיג מיט די אויגען און ווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף רב שלמה'ן — די פון אונזערע שרייבערס, וואָס קענען גוט דאָס פאָלק און ווייסען ווי ס'פיהרען זיך אויף

די קליינע מיט גרויסע צוזאמען און האָבען זיך געפוילט אָנצושרייבען דעם אמת ווי עס איז.

— רבותי, רב מענדעלי האָט מורא טאָמיר וועט איהר איהם פערברענען מיט אייערע פייערדיגע רייד! — האָט געזאָגט רב שלמה מיט אַ שמייכעלדיגען פנים, זעהענדיג ווי איך בין צומישט און מיין גאַנצע צורה איז פערענדערט פון פערוואונדערונג און צומישונג — נישקשה רב מענדעלי! מחברים, ווען זיי זיטצען און שמועסען, ברענט אַ פייער אַרום זיי, נאָר עס פערברענט חלילה נישט, דאָס זיעדט אין זיי דאָס בלוט, און אַלע רייד ביי תלמידי חכמים, אַפילו ביי פּראָסט רעדען, זענען אַזוי ווי פייערדיגע קויהלען. איך קען אייך מיינע חברים, אַז איהר זענט אין האַרצען נישט אַזוי שטרענג, ווי איהר רעדט מיט'ן מויל, און נישט אַלע שרייבער, חס־ושלום, האָט איהר געמיינט, נאָר עטליכע פון זיי. נאָר אויב היינט זענט איהר שטרענגער ווי תמיד, ווייס איך פון וואַנען דאָס קומט: ס'איז היינט אַ צייט פון געוויטער אויף דרויסען. דערפאַר זענט איהר אויך מעהר אויפגערעגט, אַ ראיה האָב איך פון זיך, איך בין אויך דערשלאָגען פון דעם רעש און די שרעקען, איך בין אויך היינט צורודערט און אויפגערעגט. ס'איז איצט נישט קיין עת־רצון, ברידער! דאָס ווייס איך אויך, אַז צווישען די וואָס וועלען פעראַנטוואָרטליך זיין, ווי אונזער חבר האָט געזאָגט, דערפאַר וואָס זיי האָבען זיך געפוילט בעשרייבען דאָס לעבען אין זייער צייט, מיינט מען מיך אויך, נאָר אויך מיר קען מען מלמד־זכות זיין דאָס, וואָס מיך האָט געטראָפען אַזוי ווי מחמד'ס אָרון, וואָס הייננט אין דער לופט, ווייל צוויי מאַגנעטען ציהען איהם — איינער אַהער און איינער אַהין, און דערפאַר...

רב שלמה האָט מפסיק געווען אין מיטען די רייד, איבער אַ קאַלטען שטראָם ווינד, וואָס האָט פּלוצלונג אריינגעבלאָזען אין חדר אַריין און גענומען לעשען דעם לאָמפּ, און אַ קול פון ווערטער און געטומעל האָבען זיך געהערט פון הויז. רב שלמה'ס ווייב און טעכ־טער האָבען געפיהלט באַלד נאָכ'ן טהע טרינקען, אַז זיי זענען איבריג אין דער חברה מאַנספּילען, וואָס רעדען דברי תורה, און זענען אויפ־געשטאַנען און זענען אַרויס פונ'ם חדר. די ווייבער פון תלמידי חכמים האָבען אודאי אַ חלק לעולם הבא, ווייל דאָ, אויף דער וועלט, האָבען זיי גאָר נישט ביי זייערע מענער, אַ סך זאַכען וואָס ס'היט אָפּ אַ נאַר מהוט נישט דער תלמיד חכם: אַ נאַר רעדט אַ סך מיט זיין ווייב,

א קל־וחומר מיט א בעקאַנטענס ווייב און א תלמיד חכם אפילו מיט זיין אייגען ווייב רעדט אויך נישט. א נאַר אַז ער שפּאַציערט מיט'ן ווייב געהט ער נעבען איהר טריט ביי טריט און געהט אַריין און אַרויס נ אָ ך איהר, און א תלמיד חכם לויפט מיט גרויסע טריט פאַר זיין ווייב און געהט אַריין און אַרויס פ אַ ר איהר, א נאַר טהוט אָן דעם ווייב איהר מאַנטעל און בעדיענט זי, און א תלמיד חכם — בעדיענט דאָס ווייב איהם. א נאַר אַז ער פאַרבעט געסט צו זיך כדי צו שפּילען אין קאָרטען שפּילט דאָס ווייב אויך מיט זיי א גאַנצע נאַכט, און א תלמיד חכם אַז ס'קומען צו איהם חברים גיסט דאָס ווייב זיי אָן טהע און בעדיענט זיי, און אַז זי ענדיגט איהר אַרבייט האָט זי שוין נישט וואָס צו טהון צווישען זיי. און אַזוי איז געוועזען מיט רב שלמה'ס ווייב און טעכטער. מיר האָבען עוסק געוועזען אין אונזערס, און אַז מיר האָבען זיך פער'שמועס'ט האָבען מיר נישט אַכטונג גע־געבען ווען זיי זענען געזעסען, ווען זיי זענען אויפגעשטאַנען און ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, ביז וואַנען ס'האָט זיך דערהערט זייער קול און דער שטראָם ווינד האָט אַריינגעבלאָזען מיט כעס און דאָס סקריי־פען פון די טהירען אין דעם צימער — און מיר האָבען זיך אויפגע־חאַפּט ווי פון שלאָף. נאָך א ווייל, איז אַריינגעקומען איינע פון די פון די מיידלעך און האָט שטיל געזאָגט דעם פאָטער:

— טאַטע, עפּעס א בחור איז געקומען... נעכטיגען אין שוהלע וויל ער.

— וואָס, אַ גאַס בחור און נעכטיגען וויל ער! האָט רב שלמה אויסגערופען פערוואונדערט און צאָרענדיג — דאָ איז עפּעס נישט גלאַט. וויפיעל גנבות ווערען אָפּגעמאַכט דורך אַזוינע שפּיצליך — זאָל ער אַריינקומען!

אַנ'אָרעמער בחור, א דערשלאָגענער, פון א יאָהר זיעבעצעהן, האָט זיך געוויזען אויפ'ן שוועל, אָנגעטהון אין א געלאַטעטען מאַנטעל, וואָס איז נאַס געוועזען פון רעגען. ער איז געשטאַנען אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ.

— פון וואַנענט קומט מען עס, בחור, און וואָס דאַרפסטו־דו דאָ אין האלבע נאַכט?

— אנ'אָרט צו נעכטיגען — האָט שטיל געמורמעלט דער בחור — איך בין א פרעמדער.

— וואָס, מײַן שוהלע איז אַ קרעטשמע? — האָט חזק געמאַכט רב שלמה — פון וואַנענט ווייסט־דו דאָס? איך ווייס די שטיקליך, געה געזונדטערהייט!

אַזוי ווי דער בחור איז אַריינגעקומען שטיל אַזוי איז ער שטיל אַרויס, דערשלאָגען און גאָר נישט זאָגענדיג, נאָר אַ קוק געטהון האָט ער אויף אונז — און גאָטעניו! וויפיעל מגלות פון צרות און יסורים, פון טרויער און וועהטאָג, פון תחנונים און געבעט האָט מען געקענט לייענען אין דעם קוק!...

ווי דער בחור איז אַרויס איז רב שלמה'ס געזיכט בלייך געוואָרען, און ער איז געבליבען זיטצען פערזאָרגט, און שווייגענדיג, זיין געזיכט איז אַזוי פערענדערט געוואָרען, אַז איך האָב גאָר נישט דער־קענט דעם פריהערדיגען רב שלמה: פאַר מיר איז געווען אַ צובראָ־כענער זקן, דאָס געזיכט צוקנייטשט פון אַלטקייט און מיר אויף איהם קוקענדיג זענען עפּעס אויך טרויעריג געוואָרען, איינער האָט געגעניצט, אַ צווייטער האָט געהוסט און רעדען רעדט קיינער נישט, אין גאַס ברומט דער ווינד, קלאַפּט אויף די פענסטער און בלאָזט דורך די שפּאַלטען, בלאָזט און קלאָגט אין די קוימענס און וויל אַריין אין שטוב. מיר זענען אויפגעשטאַנען און אַרויס פערדראָסענע און זענען זיך צוגאַנגען.

---

אויף מאָרגען האָבען מיר זיך ווייטער אויף דער נאַכט פערזאַ־מעלט צו רב שלמה'ן אין שטוב און מיר האָבען זיך דערוואוסט, אַז די קאָפּ טהוט איהם וועה און ער איז אַ גאַנצע טאָג פון דער שטוב נישט אַרויסגעגאַנגען. פונרעסטוועגען איז אַריינגעגאַנגען צו איהם זיין ווייב, זאָגען איהם, אַז מיר זענען ד'אָ, און באלד האָט ער אונז גע־בעטען צו זיך אין חדר. דער חדר איז נישט זעהר קיין געראַימער, נאָר דערפאַר איז אין איהם אַנגענעהם, אין אַלע ווינקעליך איז ריין און פון די ווענד, פון די מעבעל, פון די ספרים שראַנקען דערקענט מען, אַז אין דעם חדר וואָהנט כסדר אַ תלמיד חכם, רב שלמה איז געזעסען אָנגעלעהנט ביים שרייב־טיש פערטיעפט אין געדאַנקען מיט פערטאַכטע אויגען, נעבען איהם איז געלעגען בעשריעבען פאַפּיער, וואָס איז אין אַ סך ערטער געווען געמעקט, און אַ פעדער, וואָס איז נאָך געווען פיכט פון טינט. אַז מיר זענען אַריינגעקומען האָט ער לכתחילה נישט געהערט, דערנאָך האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אין

האָט אונז פריינדליך צוגענומען — דערווייל האָבען מיר מקיים געוועז די מצוה פון בקור חולים, ווי דער יודישער מנהג איז, בײַ יודען פיהרט זיך, אז מען קומט מבקר חולה זײַן עמיצען מאַכט מען גוט־הערציג חוזק פון איהם און פון זיין קראַנק, וואָס ווי זיי זאָגען, איז זי מעהר נישט ווי אַ דמיון, כדי עס זאָל דעם חולה גרינגער ווערען, און מען זאָגט איהם מוסר, יעדער נאָך זײַן שטײַגער נאָך. דער זאָגט: אַ קלוגער יוד ווי איהר וואָס טהוט איהר אַזאַ נאַרישקייט און לעגט זיך און ווערט קראַנק, סטײַטש! און דער זאָגט: פערגעסט אין אַלע וועה־טאָגען דאָס פאַסט גאָר נישט פאַר אײַך, דערמאָהנט זיך אין אײַערע דערוואַקסענע מיידליך און סטאַרעט זיך איהר זאָלט קענען טאַנצען, אם־ירצה־השם אין ניכען אויף זייער חתונה, דערצו בריינגט ער איהם ראיות פון זיך אליין, פון זיין געדערים קריינק, פון דעם וועהטאָג אין פאַטילניצע און פון זײַנע מערידען. וואָס זיי דערקוטשען איהם אפילו און פונדעסטוועגען... גאָרנישט, ער לעבט, ברוך השם! — אין דער צייט ווען מיינע חברים האָבען זיך צושפרייט מיט אַזוינע דבורים, און יעדער האָט דערווײַל פאָרגעלעגט זײַנע רפואות, וואָס ער ווייסט שוין גוט אין זיי, אז ער איז פאַר זיי אַזש ערב, האָב איך נאָר ליעבליך געשמאַמעלט און געזאָגט בקצור: אַי, רב שלמה! כדי צו מקיים זיין אַ יודישען מנהג און יוצא ידי חובתי זיין. אין אַזוינע זאַכען, אין אַלערלײַ מיני טרייסטען ווינשען און דאָס גלייכען, בין איך איין אויסגעצייכענטער גראָבער יונג.

רב שלמה האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט, געגאַנגען און האָט אַרויסגענומען פון אַ פושקעלע אַ קליין פעקעלע, האָט איהם אויפ־געבונדען און אַוועקגעלייגט פאַר אונז מיט אַזוינע דבורים:

— קוקט, רבותי, זעהט וואָס ליעגט פאַר אייך.

— קנעפליך — זעהען מיר האָבען מיר אלע מיט איינמאָל גע־זאָגט — ווייסע ביינערנע קנעפליך און מאי קא משמע לן?

— דאָס זענען די קנעפּ פון איינציגען מאַנטעל, וואָס איך האָב געהאט אויף מיין לייב. ווען איך האָב אוועקגעוואָגעלט אין מיין יונגענד פון מיין היים אין דער ליטאָ, צוריק מיט אַ פערציג יאָהר — האָט רב שלמה געזאָגט שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

— אָבער וואָס קעהרען זיך אָן די קנעפּ מיט אייער נישט גע־

זונד זיין, און וואָס האָט איהר זיך עפּעס גראד איצט דערמאָהנט אין זיי? — איז אונז געווען א גרויסע קשיא.

— אוי, ס'איז שייך און זיי קעהרען זיך זעהר אָן, און הלואי וואָלט איך זיי נישט געווען פערגעסען — האָט רב שלמה ביטער געזיפצט און האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין בּיינקעל, ער האָט פערמאַכט די אויגען און געשווינגען פערזונקען אין געדאַנקען, דערנאָך האָט ער אָפּגעשטעלט זיין בליק אויף אונז און האָט אָנגעפאַנגען צו ריידען:

— איך בּין זיך מתודה פאַר אייך, רבּותי. אז איבער מיין היציגען מזג בּין איך נעכטען נכשל געוואָרען אין אַן'האַרבּע עברה און האָב אַרויסגעטריבּען אַ אָרעם יונגעל, אַ פערלאָזטען און פערוואָגעלטען, אַ נאַקעטען און אַ הונגעריגען, וואָס האָט בּיי מיר געבּעטען זיך איבּערנעכטיגען, בּיי מיר אין שוהלע, אין אַזאַ פינסטערער, רעגען־שנעענדיגער נאַכט. ניין רבּותי, ער האָט נישט געהאַט דערבּיי קיין שום ערמה'לע, ער איז בּאמת אַ נר און אַ פערוואָגעלטער, און נאָך מעהר — ער איז פון די ישיבה־בּחורים פון דער ליטאָ. דאָס אַלעס איז מיר קלאָהר געוואָרען בּאַלד ווי ער איז נאָר אַרויסגעגאַנגען — פון זיין שטעהן, זיין קליידונג, זיין בּקשה גופא. מיט אַזאַ מין בּקשה וועט נישט קומען אַ היגער און ס'וועט איהם דאָס נאָר נישט איינפאַלען, נאָר דוקא אַ וואַנדערער פון ערגעץ אַ ווינקעל אין דער ליטאָ, וואָס די בּתי־מדרשים און ישיבות זענען דאָרטען פאַר אַכסניות פאַר די אָרעמע בּחורים, און איך אַליין האָב דאָס אויסגעפּריווט נישט איינמאָהל אין מיינע יונגע יאָהרען. נעכטען בּיי נאַכט האָב איך נישט געקענט שלאָפען און האָב געליטען יסורים פון גיהנם, ווייל דאָס האַרץ האָט מיר געשטראָפט און שרעקליכע געשטאַלטען האָבּען זיך מיר פאָרגעשטעלט. דאָס געשטאַלט פון אַ דערשלאָגענעם בּחור און מיין געשטאַלט, ווען איך בּין נאָך געווען אַ יונגעל געקליידט ווי ער, האָבּען פאַר מיר געשוועבּט די גאַנצע נעכטיגע נאַכט און האָבּען מיך שרעקליך געפּייניגט. אַ ציטערדיגער איז פאַר מיר געשטאַנען דער אומגליקליכער בּחור, נאָר די אויגען זיינע האָבּען דערצעהלט זיינע צרות, זיין שעהנער פּנים האָט אויסגעדריקט זיין אינוועניגסטע געבּעט: האָב רחמנות אויף אַ געפּייניגטען און אַ הונגעריגען, נעהם אַריין דעם נאַקעטען און זאָל ער מיט דיר נעכטיגען ערגעץ אין אַ ווינקעלע. — שטעהן — שטעהט ער מיט אַ צוּבּראָכען

הארץ און וואַרט אויף הילף — אָנשטאָט אויף הילף שרייט מען נאָר אָן אויף איהם און מען טרייבט איהם אַרויס. שטיל און פערשעמט געהט ער אַרויס די פּלייצע געבויגען, ווי אַ שוואַכער בויגט אָן דעם קערפּער אַז דער שטאַרקער זאָל איהם שלאָגען. ווי דער איז אַרויס איז יענער געקומען, מיין געשטאַלט, און דערמאָהנט מיר: דערקען נאָר, רב שלמה, אַז דו האָסט דיך אויך געוואָגעלט פון דער ישיבה אין דיין יוגענד און אַזוי ביסט־דו אויך געקומען אַזוי ווי אַ פערוואָגעלט פּויגעלע אין איינע פון די שטעדטליך וואָס אין דעם געגענד, אָנגעטהון אין אַ צעריסענעם מאַנטעל מיט ווייסע ביינערנע קנעפּ, און האָסט זיך געבעטען מען זאָל דיר אין בית־מדרש לאָזען אַ נידערלעגען די קאָפּ. און וואָס פאַר אַ פּאָדלעץ ביסט־דו היינט, ווען דו ביסט גרויס געוואָרען האָסט־דו דאָס אַלעס פערגעסען, ווען דיר איז יעצט, מיט דעם אויבערשטענס הילף, גוט האָסט־דו דערוויטערט אַ גר און אַ דערשלאָגענעם, וואָס דו ביסט אַמאָל אַליין געוועזען אין אַזאַ שטאַנד ווי ער. אויב אַריינעהמען צו זיך האָסט־דו אפשר נישט געקענט, פאַר וואָס האָסט־דו איהם נישט גענעבען געלד ער זאָל קענען געהן איבערנעכטיגען אין איין אַכסניה, על־כל־פנים וואָלסט־דו איהם געדאַרפט זאָגען אַ פּאָר טרייסט־ווערטער, און דו, נישט נאָר וואָס דו האָסט איהם אַוועקגעלאָזט מיט גאָרנישט, נאָר דו האָסט איהם נאָך מיט שאַנד אַרויסגעטריבען. — לא עליכם, ברידער, אַזאַ וועהטאָג, וואָס איך האָב נעכטען און היינט געליטען איבער דעם וואָס איך בין אין אַזאַ זינד געשטרויכעלט געוואָרען.

— פונדעסטוועגען זאָלט איהר זיך נישט קיין סך מצער זיין — האָב איך געטרייסט רב שלמה׳ן — אַזוינע מעשׂיות טרעפען זיך אַלע טאָג און קיינער טראַכט גאָר נישט וועגען דעם, געהט און זעהט די אַלע גרויסע סוחרים, בעוואוסטע באַנקיערען, גבירים מופלגים ביי אונז, וואָס פיינינגען די משרתים זייערע און אַרבייטען מיט זיי עבודת פרך — ווער זענען זיי אַליין געוועזען? כמעט אַלע זענען פריהער געוועזען משרתים און זענען גרויס געוואָרען, יונגערהייט האָבען זיי געדיענט אין קלייטען און פלעגען אַכסניות הונדערט מאָל אַ טאָג הערען זידלערייען. אַזוי איז אויף דער וועלט פון זינד זי איז בעשאַפען געוואָרען, יעדערער פערגעסט עפּעס: דער וואָס האַלט דעם קאַנטשיק שמייסט און פערגעסט אַז מיט דעם אייגענעם קאַנטשיק איז ער נעכטען אַליין געשמיסען געוואָרען. אַ ברייטער בויך, עזות און געלט פערטרייבען דעם זכרון, און אויפ׳ן פעקעל שרצים וואָס היינט ביים

גביר פון אונטען, פערדעקט דאָס געלט, און אז אַ מויז ליעגט אויף די גילדענס — בוק זיך צו איהם.

— דיינע טרייסט־ווערטער זענען מיר נאָך קארג — האָט גע־ענטפערט רב שלמה — דאָס שלעכטס הערט נישט אויף זיין שלעכטס דערפאַר וויל ס'איז שטענדיג דאָ. גרינגער מאַכען די זינד מיט דעם וואָס זי איז זעהר געוועהנליך איז אַזוי ווי מיר זאָלען זאָגען, אַז נישט הערען, נישט רעדען און נישט זעהן איז קיין חסרון נישט, ווייל אויף דער וועלט איז דאָ אַ סך טויבע, שטומע און בלינדע. און אויב ס'איז אַזוי, מוזט־דו דאָך זאָגען אַז דער יצר־טוב מיט זיין גוטקייט און דער יצר הרע מיט זיין שלעכטקייט פליהען ביידע אַרום אין דער לופט און האָבען קיין גרונד נישט — ניין, רב מענדעלי, טרייסט מיך נישט אומזיסט, איך וויים און פיהל אַז איך האָב גע־זינדיגט.

— אָט די מעשה איז אייך אַ שטראָף פון גאָט וויל איהר פוילט זיך שרייבען אייער לעבענס־ערצעהלונג — האָט געזאָגט איינער פון דער חברה — וויפיעל מאָל האָבען מיר אייך דערמאָהנט און איהר האָט אונז אַלץ נישט געפאָלגט.

— אָט דעם בחור האָט אייך גאָט אַליין געשיקט, ער זאָל אייך דערמאָהנען די פערגאַנגענהייט — האָט אַ צווייטער אונטער־געהאָלפען דעם ערשטען — און איצט האָט איהר זיך בעל כרחך דערמאָהנט אין די אַלטע קנעפ. יהי רצון, אַז איהר זאָלט זיך דער־מאָהנען אין גאַנצען לעבען פון אונזער פאָלק אין יענער צייט כדי עס זאָל נישט פערגעסען ווערען.

— ווער האָט דאָס אייך אויסגעזאָגט דעם סוד פון מיין האַר־צען! — האָט רב שלמה אויסגערופען מיט אַ פלאַמענדיגען געזיכט — ביי נאַכט אויף מיין געלעגער, אַז איך בין געלעגען מיט אָפענע אויגען און פערשיעדענע געשטאַלטען האָבען מיך געשראָקען, ווען שטיל איז געווען אין שטוב און אַ שטורם־ווינד אין דרויסען, איז מיר געקומען אַ געדאַנק, און געזאָגט: שרייב! צייטען זענען דאָ אין מענ־שענס לעבען, וועלכע נויטהען אפילו דעם עקשן, וואָס האַלט נישט פון השגחה ער זאָל גלויבען אין איין אונבעוואוסטען בעהאַלטענעם כח, וואָס אַלסדינג ווערט דורך איהם אָפּגעמאַכט און אַלסדינג קומט אין זיין צייט און אין אַזוינע אומשטענדען, וועלכע יענער כח האָט

אויסגעקליבען, ס'ווייזט אויס, אַז אַזאַ מזל האָב איך און אַזוי איז שוין אויף מיר נגזר געוואָרען, אַז מיין וועג אויף דער וועלט און אַלסדינג וואָס טרעפט מיך, זאָל זיין אין שטורם און ציטערניש. אַ ברויזענדער ים איז מיין לעבען, מיינע טעג און יאָהרען זענען ברומענדיגע חוואַליעס און מיין נשמה איז תמיד אַ וואַרפענדע שיף, מיין ערשטע זעלבסט-ערקענונג איז מיר אויך געקומען אין שטורם. — ס'איז דענסטמאָלט פריהלינג געווען. פלוצלונג איז טונקעל געוואָרען און אויף אַ סטעזשקע אין גאָרטען, צווישען פרישע גראָזען לויפט אַ יונגעל אַ נאַקעטער און אַ באָרוויסער, נאָר אַ לייקענדע העמדעל געהט ער אויפ'ן לייב און די היטעל אויפ'ן קאָפּ. אַמאָל לויפט ער און אַמאָל שטעלט ער זיך אָפּ, זיין בליק בלאָנדזשעט אַרום און זיינע אויערען הערען זיך עפּעס איין און זענען אויפגעשטעלט ווי ביי אַיין האָז. אָט דאָס קינד בין איך געווען. דענסטמאָלט זענען מיינע אויגען אויפגעעפענט געוואָרען און איך האָב זיך אַליין ריכטיג דערזעהן — דערזעהן זיך און האָב זיך פערוואונדערט אויף דעם, וואָס איך זעה. איינער אַליין בין איך, קיין לעבעדיגער נפש איז אַרום מיר נישטאָ, אַ חוץ הימעל פון אויבען און ערד פון אונטען. און באַלד ווערט אַ רעש, אַ ברומעריי, דער קול קייקעלט זיך אַוועק אין דער ווייט און צושיט זיך דאָרטען אין אַ סך ווייטע קולות. פייערדיגע שלאַנגען און ברענענדיגע מלאָכים פליהען איבערן הימעל — דאָס איז דער רעש פון גאָט'ס רייטוואָגען, האָב איך ביי זיך געקלעהרט. גאָט דער הערשער רייט אויף די וואָלקען, שמייסט מיט דער רוט און שיט פייער, און אַ זייל פון שטויב, שטרוי מיט מעקענע צוזאַ-מען הויבט זיך אויף פון דער ערד, דרעהט זיך. לויפט אַרום אין לופט און באַלד גיט אַ גאָס אַ רעגען, אַ וואַרימער דערקוויקענדיגער רעגען. גרויסע טראָפּענס רעגען קלאַפּען אין די געוויקסען פון די גערטנער, די גראָזען, ציבעלעס און קנאָבעל בויגען אָן די קעפּליך און טוליען זיך אַזוי ווי די קינדער אויף זייער מוטערס שוים, און וואַשען זיך מיט פערגעניגען. ריטשקעס וואַסער לויפען, פון זייבען ערטער הויבען זיי אָן פליעסען און דערנאָך ווערט פון אַלע איין שטראָמענדיגע וואַסער, וואָס מורמעלט לויפענדיג מיט אַן אַנגענעהם רוישען. און אָט זעהט מען גאָטס ראָד, אַ גרויס שרעקליכע ראָד אויפ'ן הימעל, אָבער נאָר האַלב זעהט מען איהם אָן, אין דער גע-שטאַלט פון אַ בויגען וואָס אין וואָלקען, ווי שעהן עס איז, אַ מחיה! אין מעריב זייט איז בעלויכטען, די זון איז דאָרט פונ'ם נעביל אַרויס.

ווי אַ חתן פון אונטער דער חופּה, קוקט זי צו דער ערד — ליבט זי די ערד, ווינקט זי צו די וואָלקענס — ווערען זיי רויט... דאָס איז געווען מיין ערשטעס ערקענען זיך זעלבסט, גאָט און זיין וועלט. מיט דונערען און בליטצען האָט זיך מיר דאָס אַלעס בעוויזען צום ערשטען מאָל, און דער מענשליכער פערשטאַנד איז מיר געקומען פון דעם שטורעם. אויף דעם טאָוועל פון מיין האַרצען איז אויסגעקריצט זיין בילד, קיינמאָל וועל איך עס נישט פערגעסען. דאָס בילד אין דער נאַטורס שפּראַך האָב איך דענטסמאָלט פערשטאַנען און געפיהלט אין האַרצען ביי מיר — אין מיין קינדער-האַרץ. איך האָב געהערט דאָס רעדען פון די גראָזען און גערטנער געוויקסען, דיעזע שיר וואָס די פליעסענדע וואַסערען מורמלען, וואָס עס קוואַקעט דער פראש ליעגענדיג איינגעזונקען ביז האַלב אין בלאָטיגען זומפּ און גלאָצענדיג זיינע גרויסע אויגען — איך האָב דאָס גוט פערשטאַנען. ווייל איך האָב דעם פראש געענטפערט קוואַקענדיג ווי ער. און אַז איך בין געקומען צו אונז אין הויף אַריין איז אַרויס פון שטאַל די קאַלה. און האָט זיך געצויגען, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אויפגעהויבען ז'עם ווידעל און האָט געמעקעט, ס'איז אויך אַרויס די הוהן פון ערגיץ'ן אַ ווינקעל און האָט גענומען מיט איהרע הינדעליך זוכען אין מיסט, און דער האָן געהט אויך האַלטענדיג דעם קאָפּ נאָך זיי נאָך, געהט און שפּרינגט צו, ווינקט מיט די אויגען און רייסט זיך אויפ'ן האַלז; אויך די קאַץ האָב איך געזעהען אַרויסגעהענדיג פון אונטערען דאַך, רייבט זיך אין דער וואַנד, שפּרינגט מיאַוקעט -- און איך האָב געוואוסט וואָס זיי רעדען און האָב יעדערען געענטפערט אויף זיין לשון: געמעקעט, געמיאַוקעט און געפּיפּטשעט אויף אַ הויך קול. איך האָב גאָרנישט געוואוסט, וואָס עס [illegible] דער פאַטש, וואָס דער טאַטע האָט מיר געגעבען אויפ'ן באַק און פאַר וואָס די מאַמע האָט אָנגעהויבען שרייען אויף מיר, אַז זי האָט מיר דערזעהן ביי דער טהיר אַ נאַסען פון רעגען. וואָס זיי האָבען געוואָלט און וואָס ס'האָט געוואָלט דערנאָך שפּעטער מיין מלמד און אַנדערע מענשען, האָב איך נישט געקענט פערשטעהן...

רב שלמה האָט זיך אָנגעלעהנט דעם קאָפּ אויפ'ן הענטיל פון שטוהל, פון זיין געזיכט און זיינע אויגען האָט מען געקענט דערקענען, אַז דאָס האַרץ אין איהם זיעדט און מיר האָבען געוואוסט פאַר וואָס. זיין לעבענס-וועג איז געווען פול מיט דערנער און שטיינער, ער האָט זיך געדרעהט און געפיהרט אַרויף צו די בערג-סקאַלעס און

אָראָבגעניִדערט אין טיעפע אָבגרונדען. און אַצונד עפענענדיג די פעקלעך אַלטע צרות און אָנריהרענדיג מיט'ן פינגער אין די מכות וואָס זענען נאָך נישט פערהיילט געוואָרען, טהוט דאָס הארץ בעל־כרחו וועה, שטאַרק וועה. און דערנאָך אַז ער האָט זיך בערוהיגט האָט ער אָנגעהויבען:

— איך וויל אַייך איצט ענדיגען מיינע ריד, וואָס נעכטען זענען זיי אין מיטען איבערגעהאַקט געוואָרען. שוין לאַנג הייגנט מיין געגנער צווישען צוויי פעדער אין מיין האַרצען פונקט ווי מחמדים אָרון הייגנט, לויט ווי די לעגענדע דערצעהלט צווישען צוויי מאַגנעטען. אין דער צייט ווען איינער ציהט צו דעם וואָס איז שוין געוועזען, האַלט איהם דער אַנדערער אָפּ און ציהט איהם צו דעם וואָס קומט איצט פאָר. און אָט די צוויי דעות האַלטען אין מיר מלחמה, ווי צוויי קרעמער, וואָס שלעפען איין קונה און יעדערער פון זיי שענדעט דעם אַנדערענס סחורה. די זאָגט: זאָל דיך גאָט היטען פון אָט דער נייער סחורה און פון די היינטיגע תכשיטין וואָס ביי יודען. וואָס דו זעהסט איז מעהר נישט ביקע, אַ שערבעל וואָס איז באַדעקט מיט זילבער, אַנ'אָנגעבלאָזענער ליידיגער וועגעל, פון דרויסען בעשמיערט און בעציערט און אינוועניג מיאוס און בלאָטיג. ס'איז נישטאָ קיין רעכטער געעגדיגטער טיפ וואָס זאָל האָבען זיין איינענשאַפט, אַלץ איז ווי קינדער־שפיעלכעליך, רעדען אַ סך, שרייען, קלאַפען און רוישען, נישט ווייל זיי דאַרפען עס, נאָר דורך אויסוויינגסטע סבות. לאָז זיי אָפּ און נעהם זיך בעסער פאַר דעם אַלטען, דאָס איז אַ טייערע כלי וואָס די עלטערענס גייסט האַלט זיך נאָך אין איהר... און די אַנדערע שרייט און זאָגט: געה צו מיר! זעה מיין סחורה און האָב נישט אין זינען דאָס וואָס איז שוין לאַנג אַוועק, זאָלסט נישט זיין קיין כישוף־מאַכער וואָס האָט צו טהון מיט מתים. און איבער דעם נאָך ליידען אַ סך. וואָס פיעלע פון יודען לאָזען אַוועק חיי שעה און האָבען אין זינען די פערגאַנגענהייט, געהען מיט'ן פנים אויף צוריק, זעהען נישט דעם וועג, פאַלען און זייער וועג איז פאַר זיי פינסטער. אין אַלע זייערע מנהגים — אין דער היים, אין בית־מדרש און אין זייער ליטעראַטור זענען זיי ווי מתים, מתים בשעת זיי לעבען, און לעבען נאָכ'ן טוידט. דער יוד איז ערד און אש בשעת ער לעבט אין זיין שטאָדט. און אַז ער שטאַרבט שטעלט מען איהם צו זיין כבוד אַ שעהנע מצבה — און אַלע מתים זענען עהרליכע, גוטע און קלוגע; פון קליינע נרעזליך ווערען טענענבוימער, אַ קליין פישעלע

ווערט אַ לויתן אויפ'ן בית-עולם, ווי אַזוי דאָס איצטיגע איז נישט געענדיגט און נישט שעהן ווי מען דאַרף, אַם ענדע איז עס דאָך דער עיקר לעבען, און דער מענש וואָס עסט און טרינקט און פיהלט ווי אַלע לעבעדיגע, איז נישט פטור פון דער מלאכה צו צורעכט מאַכען ווי וויים ער קען דאָס לעבען, עס זאָל פון זיינעט וועגען אויך פערבעסערט וועגען און בעל-כרחו דאַרף ער אַרבייטען אין דרינגען גלייך מיט אַלע.

— וואַרט אַביסעל — האָט געזאָגט רב שלמה, זעהענדיג אַז מיר ווילען איהם איבערשלאָגען — איך ווייס, אַז איהר ווילט מיר אַזאַ זאַך זאָגען: יעדערע פון די צוויי דעות בעזונדער האָט קיין רעכט נישט, ווייל יעדער פון ביידע, ווי אַלסדינג וואָס איז איינזייטיג דערוויטערט זיך צו איינעם פון די צוויי עקען, וואָס יעדער זאַך אויף דער וועלט האָט, און אַ קלוגער פיעלזייטיגער מענש מאַכט אַ פשרה צווישען זיי. אָבער דאָס קען נאָר אַ גרויסער חכם און גרוי־סער גאון אָדער פערקעהרט: דאָס טהוט אויך דער וואָס האָט גאָר קיין שכל נישט, וואָס פיהלט גאָר נישט, אַ מענש וואָס טהוט אַלעס, ווי אַ טאָג אַרבייטער, און קלייבט גאָר נישט, איהם איז קיין חילוק נישט צו אַרבייטען מיט לעהם און ציעגעל אָדער קראַצען און זוכען אין מיסט, וואָס איז איהם דער חילוק: קאָרן אָדער שטרויה, צו אַ פּעקיעל טיכלעך אָדער אַ פעקעל ספרים? איהם איז אַלצאיינס, אַבי ער זאָל אַרבייטען און בעקומען געצאָהלט. איך בין אָבער פון די מיטעלסטע, וואָס נעהמען זיך צו דער ערשטער אַרבייט, וואָס קומט זיי צו דער האַנד, און אָט די אַרבייט, צו וועלכער זיי נעהמען זיך שוין, איז שוין זייער שטענדיגע אַרבייט, זיי פערנעהמען זיך שוין מיט איהר ביז זייער עלטער. אַחוץ דעם בין איך זיך מודה פאַר אייך — איך בין בטבע אַ פוילער, איך גיב מעהר אַכטונג און בעקוק איידער איך טהו עפּעס; איך טראַכט מעהר ווי איך אַרבייט און אַז ס'טרעפט עפּעס אַ עכּוב אין מיין אַרבייט בין איך זי מיט שמחה מפסיק. און דערפאַר אַז די דעות אין מיר זענען צוטהיילט און ביידע שלעפען מיין פּען צו זיך, די זאָגט זי איז אינגאַנצען מיינע און די זאָגט זי איז אינגאַנצען מיינע, האָב איך גע'פּסק'נט די הלכה, אַזוי ווי דער מאן-דאָמר, אַז ס'זאָל ליעגען ביז אליהו וועט קומען. און פלוצים קומט דער... דער בחור אין שטורעם אין האָט מיך אומגעקעהרט צו דער פערגאַנגענהייט, מיין גייסט שוועבט יעצט אין מיין יוגענד-וועלט. אַלט און זאַט מיט צרות,

מיט אַ האַרץ וואָס איז פערוואונדעט פון האַרמאַטען־קוילען אין לעבענס־מלחמה, מיט אַ שווערען נסיון בין איך צוריקגעקומען צו מיין יוגענד־וועלט, און דער דמיון ברייננט מיר אויף מיט כשוף — אַזוי ווי די כשוף־מאַכערין שאול המלך'ן — אַלערליי צורות און געשטאַלטען, בילדער און אַלערליי משונה'דיגע זאַכען און זיי געהען אויף און קוקען אויף מיר מיט כעס; ווייל זיי ווייסען גוט וואָס איך קוק צו זיי איצט און אויף וואָס איך דאַרף זיי — זיי ווייסען, אַז איך קום זיי נעהמען און אויסשטעלען זיי אַז יעדערער זאָל אין זיי קוקען. אָט די וועלט מיינע איז, אַז־אָך־און־וועה, זעהר אַ קליינינקע. דאָרטען בליהען נישט קיין מילגרוימען און קיין רויזען דאָרט איז קיין שמחה נישטאָ און מען הערט נישט קיין קול פון קיין פריידע, ס'פליעסען דאָרט נישט קיין טייכען האָניג און פוטער. די מענשען זענען דאָרט פראָסטע יודען מיט בערד און פאות און לאַנגע קאַפאָטעס, מאָגערע, דאַרע און אָרעמע, איינגעבויגענע און דערשלאָגענע, ציטערען, פלאַטערען און קיין ליכט איז ביי זיי נישטאָ. מיר איז זעהר וועה, רבותי, צו שלעפען אָט די אויסגעדאַרטע ביינער און מטריח זיין די בעגראָבענע, זיי זאָלען אַליין אַרויסגעהן אויף דער סצענע און ווער ווייסט צו זיי וועלען נאָך געפעלען ווערען? אַ סך פון אונזערע ברידער האָבען איצט שטאַרק צער איבער זייער נאָז, וואָס איז מכריז ומודיע: דאָס זענען יודישע קינדער! און ווען זיי זאָלען נאָר קענען וואָלטען זיי איהם פערביטען אויף אַנ'אַנדערען — און דאָ טראָגט אָן דער ווינד פון ערגיץ אַלטע יודען מיט אַלע פרטים מיט תרי"ג משונה'דיגע זאַכען, וואָס זענען שוין לאַנג פון דער מאָדע אַרויס, מען זאָל זיי בפרהסיא מביש זיין, ניין, ברידער! איך מאַך איצט קיין חוזק נישט, איך זאָג אייך אַ זאַך מיט אַ טעם, אַז פריהער פלעגען זיי מיך טרויעריג מאַכען און איבער זיי פלעג איך זיצען פערזאָרגט און אַ סך טראַכטען, און אין דער אמת'ן וואָס קאָן איך דערצעהלען פונ'ם לעבען אין יענע דורות? גרויסע, נייע זאַכען, נישט איך און נישט מיינע עלטערען האָבען נישט פער'חדוש'ט די וועלט מיט אונזערע מעשים. דוכסען, גראַפען, קעמפפער זענען מיר נישט געוועזען; קיין ליעבעס מיט מיידליך האָבען מיר נישט געפיהרט; שלאָגען זיך איינס מיט דעם אַנדערען ווי די צאַפּעס אָדער זעהען יענעמס בלוט אויף אַ דועל האָבען מיר נישט געפרובט; ווי אַזוי מען טאַנצט מיט בתולות אויף שמחות האָבען מיר נישט געוואוסט: אויף יאַגד זענען מיר אין פעלד און אין וואַלד נישט געגאַנגען, אין עק וועלט אַריין

וענען מיר נישט געפאָהרען און נײַע אינזלען האָבען מיר נישט ענט־
דעקט, קיין אָקטיאָרען זענען מיר נישט געוועזען, אויף זינגערס און
זינגערינס און אויף אַנדערע תענוגים האָבען מיר קיין געלד נישט
אויסגעגעבען, קורץ אַלע בעפוצונגען פון אַ מעשה, זי זאָל אינטע־
רעסירען דעם לעזער, זענען ביי אונז נישטאָ, דערפאַר זענען ביי
אונז דאָ חדרים מיט מלמדים און בעהעלפערס, שדכנים, חתנים און
כלות, קינדער און ווייבער, יבמות און עגונות, אלמנות און יתומים,
נשרפים און יורדים, אַלערליי וואָס געהען אַרום איבער די הייזער:
אין יום־טובים, ראש־חדש'ן און אַלע טאָג, בטלנים און גבאים,
מקבלים און פושקעס פון צדקה, אַלערליי פורעניות. אַלערליי דלות,
עניות, אביונות און אַלערליי משונה'דיגע פרנסות. דאָס איז אונזער
לעבען, אַז־אָך־און־וועה! אַ פינסטער לעבען, וואָס אי קיין פערגע־
ניגען אי קיין צרות זענען דרינען נישטאָ. אַ לעבען אָהן שיין און
אָהן ליכט, אַ לעבען וואָס האָט אַ טעם ווי ברוט אָהן זאַלץ און אָהן
צובייסעכטס.

— איהר האָט אַ טעות — האָבען מיר אַנטקעגען געטענה'ט —
און זאָל טאַקי אפילו זיין אַזוי ווי איהר זאָגט, אַז דער יודישער
לעבען איז אַ פאַרעווער, דערפאַר האָט יעדערס אַ בעזונדער טעם.
ס'איז דאָ אַ מין קעז, וואָס פיעלע מענשען קענען איהם נישט
עסען, אָבער די וואָס האָבען אַ געפיהל אין עסען, זוכען איהם און
עסען מיט גרויס אַפּעטיט. דאָס ביטערקייט פון אונזער לעבען איז
טאַקי זיין שבח. און די וואָס פערשטעהען, געפעלט עס זיי בעסער
איידער דאָס זיסקייט, וואָס ווערט אַמאָל אַזוי נמאָס, אַז ס'גלוסט
זיך ברעכען. קאַרשען איז אַ געשמאַקער מאכל נאָר פאַר קינדער.
דאָס יודישע לעבען האָטש פון דרויסען ווייזט ער אויס מיאוס,
שוואַרץ ווי אַ שמאַטע, איז פון אינווענינג שעהן. אַ גרויסער גייסט
איז אין אַזאַ לעבען, גאָט'ס גייסט בלאָזט תמיד אין איהם און
הויבט אין איהם כוואַליעס, ער זאָל איהם ריין מאַכען פון מיאוס־
קייט און פערפוילטקייט. די שטורעמס און בליצען, וואָס קומען אָן
צייטענווייז אויף יודען, מאַכען זיי ריין און בענייען זייער כח. —
דאָס יודישע פאָלק צווישען די אומות־העולם איז ווי דער פאַר־
צייטיגער פילאָזאָף דיאָגענעס, דער קאָפּ זיינער איז אין הימעל,
טראַכט וועגען גאָט. און ער אַליין וואָהנט אין אַ פאַס, וואָס
איז די גרויס אינגאַנצען פיער איילען. אונטער אַ בערגעל מיכט
אין חדר, אין ישיבות און בתי־מדרשים פלאַקערט דער פלאַם פון

ת׳רה, אין שיקט ליכט און וואַרעמקייט צווישען גאַנצען פאָלק, און אַלע אונזערע קינדער, די קליינע מיט די גרויסע, לערנען און קענען אין די קליינע אותיות. אַזאַ לעבען פאַסט טאַקי, עס זאָל בעשריבען ווערען.

— אָבער זאָל זיין ווי איהר מיינט — האָט געענטפערט רב שלמה — דאָס איז אָבער קענען דאָס לעבען פונ׳ם גאַנצען פאָלק בכלל, אָבער וואָס איז מיין לעבען אַליין און וואָס פיר אַ נייעס איז אין איהם דאָ, ס׳זאָל כדאי זיין, מען זאָל עס בע־שרייבען? וואָס מיט מיר האָט געטראָפען, האָט געטראָפען מיט טויזענדער און נאָך צעהנדליגע טויזענדער פון אונז, און די גאַנ־צע זאַך איז אַלט און געוועהנליך, איז דען דאָ נאָך איין אומה אויף דער וועלט, וואָס איהרע קינדער, זינד זיי ווערען געבוירען ביז זיי שטאַרבען, זאָל זייער לעבען זיך ציהען, ווי ביי אונז, אויף איין נוסח? דאָס אויסוואַקסען, ערציהונג און לערנען, דאָס דאַווינען און דער ניגון צו יעדער זמר, צו יעדער פיוט, צו יע־דער סליחה, אַלעס האָט זיין געוויסען נוסח, און אַפילו עסען און טרינקען האָבען איין נוסח. האָט זיך געטראָפען, צו ס׳האָט זיך ווען ס׳איז געהערט אַזאַ זאַך, אַז אין אַ געוויסער שעה, פריי־טאָג־צו־נאַכטס, למשל, זאָלען אַלע עסען פיש, לאָקשען און צי־מעס? שבת אין דער פריה רעטאַך און פעטשאַ, לעבער און צי־בעלעס מיט אייער, פערטריקענטע קאַשע מיט אַ גרויסען ביין אין איהר. אין דעם טאָג קרעפלעך, אין יענעם טאָג חלה מיט מאָהן און אין דעם טאָג געלע חלה מיט זאַפערען. ווען איינער הויבט אָן זאָגען „כל מקדש" אָדער ער שרייט „חי וקים" אין שפּאַניאַ, הערט זיך דער זעלבער ניגון און דער זעלבער קול אויך אין אַרגענטינע, וואָס אין עק וועלט. מיר זענען אַ ציבור פון מיל־בען, וואָס אַלע זענען גלייך. אין זאָאָלאָגיע איז דאָ אַ בעזונדער פרק וועגען דעם מין מילבען בכלל, אָבער נישט וועגען יעדער בעזונדער.

— אין פלוג איז דאָ עפעס אַ ממש אין דיינע רייד — האָט די חברה געענטפערט — דער לעבען פון יודען זעהט טאַקי אויס גלייך ווי ער האָט נאָר איין נוסח, אַזוי ווי דער מילבען־נוסח. אָבער אין אמת׳ן איז צווישען זיי דאָ אַ גרויסער חילוק: דער מילב הייסט מען און זי טהוט איהר חוב אַזוי ווי

די איבֿריגע מילבֿען, זי געהט נישט אַוועק פֿון ציבור אפילו אויף אַ האָר. בײַ מענשען קען דאָס אָבֿער נישט זײַן. אײן מדה, וואָס ליעגט אין טבע פֿון אַ סך מענשען, בעקומט אָבֿער בײַ יעדערען פֿון זײ אַ גאַנץ אַנדער אויסזעהן, יעדערער איז זײ מקיים ווי איהם געפֿעלט, אַנדערש ווי דער צווייטער, יעדער מענשענס טבע דערקענט מען אין רעדען, אין שמייכעל, אין ווינקען מיט די אויגען, אין געהן, אין עסען און אין טרינקען, חאָטש די אַלע זאַכֿען האָט גאָט געגעבֿען אַלע מענשען. און נאָך מעהר ווערט דער מענש דערקענט אין זײַן סגנון: אײן זאַך קומט בײַ אײן שרייבֿער אַרויס אַזוי און בײַם צווייטען — אַנדערש און מיט אײן סגנון שרייבֿען דאָס נישט אָן קײן צוויי שרייבֿער... אומזיסט אײַער טענה'ן, רבֿ שלמה! איהר מוזט שרייבֿען אײַער לעבֿענס-ערצעהלונג.

— איך מוז פֿאַר זיך אַליין, אָבֿער נישט פֿאַר יענעם — האָט רבֿ שלמה געוואָלט זיך ווי ס'איז אַרויסדרעהען — איך בין מוסכם שרייבֿען פֿאַר זיך אַליין און דאָס געשריבֿענע וועט ליעגען בײַ מיר, זײ זאָלען מיך דערמאָהנען אין מײַן פֿערגאַנגענהייט.

— נײן, רבֿ שלמה! — האָבֿען מיר אַלע געשריגען — שרייבֿען און דרוקען! — לאָמיר שוין ענדיגען דעם חשבון — האָט רבֿ שלמה געזאָגט מיט אַ פֿיינעם שמייכעל אויף די ליפּען — געהט רעכֿענט אויס אַלע ל"ט מלאכות פֿון אײן יודישען מחבר: שרייבֿען און צונויפֿנעהמען פּראַנומעראַנטען און הסכמות; דרוקען און מגיה זײַן און אויסלערנען דעם בחור הזעטצער, מאַכֿען אַ לוח-הטעות גרויס ווי די צאָהל ווערטער אין בוך; אַרומגעהן איבֿער די הײַזער און צוטהיילען די ספרים. ניעדעריג מאַכֿען זיך פֿאַר אַ קל שבקלים און ווייסען ווי אָפּצוזענטפערען די קמצנים און בעטען און בוקען זיך צוליעבֿ מעשענע פּרוטות, לכבֿוד גאָט און לכבֿוד דער תורה, צוליעבֿ דעם הייליגען לשון און צוליעבֿ די כנסת ישראל; געבֿען אַ סך כרכים בעקאַנטע און מוכרי ספרים אויף באָרג ביז משיח וועט קומען; און נאָך אַלעמען פֿערקויפֿען די איבֿערגעבליבֿענע פֿאַר פּאַפּיער — פֿאַר פֿערציג פֿונט אַ קאָפּיקע. נײן, ברידער, איך טויג נישט צו אַזוינע אַרבייט!

— האָט איהר דען פֿערגעסען, אַז ס'איז דאָ אַ מענרעלי מוכר ספרים אויף דער וועלט און לבטלה האָט גאָט נישט בע-

שאפען! — האָב איז זיך אָנגערופען ווי א בר־כוכבא. — אין איהר, זייט מיר מוחל, האָט נאָך נישט געענדיגט די צאָהל פון אלע מלאכות. דעם חילוף האָט איהר פערגעסען, דאָס מיינט מען דעם גלגול, וואָס יודישע ספרים ליידען בעונותינו הרבים, עמע־צינס א ספר ווערט מגולגל אין א תחינה פון שרה־בת־טובים. די תחינה ווערט מגולגל אין א קינה, די קינה אין א מעשענע מנורה, די מנורה אין א שופר, דער שופר אין א סליחה און א מחזור, זיי אין א צאָהן פון א פוקס, אין א כל־בו און א טלית־קטן און אָט אַזוי ווערען זיי מגולגל א גלגול נאָך א גלגול ביז זיי ווע־רען צופליקט, צוריסען און ווערען שמאטעס. ס'איז דאָ נאָך א מין חיבורים, וואָס פאַר זייער מחבר'ם זינד, ליעגען זיי ווי שטיי־נער רחמנא־לצלן און האָבען קיין שום תקנה נישט נאָר מען זאָל פון זיי מאַכען כלים צום שפייען. מען טאָר אָבער נישט שפיי־אויף שמות... נעהמט שרייבט, רב שלמה, און וואָס נאָב'ן שריי־בען נעהם איך שוין אויף מיר, דער גאַנצער ענין איז באמת מן השמים. זעהט, אַז איך בין אויך אריין צו אייך מיט א שטורעם.

רב שלמה האָט געשוויגען און האָט מיר פריינדליך נעדריקט די האַנד: ווי איינער זאָגט: איך מוז שוין טהון וואָס איהר ווילט!



# אידישע ליטעראטור.

**אונטער דיזען נאמען זיינען ביי אונז יעצט ערשיענען די פאלגענדע אויסגעוועהלטע ווערקע פון די בעסטע אידישע ליטעראטען און פאעטען.**

| | |
|---|---|
| אברהם אבינו'ס לעבענס־בעשרייבונג, א. ראזענבערג, | 3 |
| אויפגעקומענער גביר, שלום־עליכם, | 3 |
| או מען זאגט משוגע, גלויב, י. ל. פרץ, | 3 |
| אידען אין פרס ומדי, א. טאנענבוים, | 3 |
| איזאבעלא'ס נשמה, ל. ראבינאוויץ | 5 |
| אייזיק'ל שוחט, י. ל. פרץ, | 3 |
| אינדיען (דאס לאנד), י. דינעזאהן, | 5 |
| אין שטראם פון רעוואלוציאן, מ. דאנציס, | 5 |
| דער אלטער און דער נייער דור (דור הולך ודור בא), א. גאלדפאדען, | 15 |
| ארץ־ישראל פושקע, מ. ספעקטאר, | 3 |
| בארדיטשעווער טהעאטער, שלום־עליכם, | 5 |
| בארדיטשעווער טראמוואי און האטעלען, שלום־עליכם, | 5 |
| באשערט אנ'אונגליק, שלום־עליכם, | 3 |
| בבל (דאס לאנד), י. דינעזאהן, | 5 |
| ביי'ם דאקטאר, שלום־עליכם, | 3 |
| בלינדער בעטלער, א. באראף, | 3 |
| בן יחיד, ב. גארין, | 3 |
| בשעת מגפת, י. ל. פרץ, | 3 |
| גאלדעלע, מ. ספעקטאר, | 3 |
| גיטעלע'ס יום־כפור, י. דינעזאהן, | 3 |
| גימענאזיע, שלום־עליכם, | 3 |
| געלד און לעבען, ד. עדעלשטאט, | 3 |
| דור הפלגה, א. גאלדפאדען, | 5 |
| הייגריך היינע, ג. מ. באבאר, | 3 |
| הכנסת כלה, י. ל. פרץ, | 3 |
| א וויגרישנער בילעט, שלום־עליכם, | 3 |
| ווילדע מענשען אין אויסטראליען, א. קאטיק, | 3 |
| וועגס־לייט, בילדער פון מ. ספעקטאר, | 5 |
| ווערא, ד. עדעלשטאט, | 3 |
| זעלדע געהט אין טהעאטער, ב. גארין, | 3 |
| חינא (דאס לאנד), י. דינעזאהן, | 5 |
| דער חלום, י. ל. פרץ, | 3 |
| חסידישע מעשה'לעך, י. ל. פרץ, | 10 |
| דאס טעפעל, שלום־עליכם, | 3 |
| יאנקעל פעססימיסט, י. ל. פרץ, | 3 |
| ירחמיאל'קע, | 3 |
| א כעס פון א יודענע, י. ל. פרץ, | 3 |
| ל"ג בעומר, שלום־עליכם, | 3 |
| ליטעראַרישע בריעף, ג. זעליקאוויץ, | 5 |
| דער ליץ, י. ל. פרץ, | 10 |
| מאן און ווייב, מ. ספעקטאר, | 3 |
| דער מאהלער, ד. עדעלשטאט, | 3 |
| מענדעל ברייגעס, י. ל. פרץ, | 3 |
| מעשה'לעך און חלומות, י. ל. פרץ, | 3 |
| מעשה'לעך פון דול־הויז, י. ל. פרץ, | 15 |
| משופע, י. ל. פרץ, | 3 |
| משוגענער בטלן, י. ל. פרץ, | 3 |
| משוגענער פילאזאף, א. גאלדפאדען, | 15 |
| די מוסרים, ב. גארין, | 3 |
| דער משולח, י. ל. פרץ, | 3 |
| ניט קיין גלייכע פאאר. בן אביגדור, | 3 |
| נייער ראבינער, ש. פרוג, | 3 |
| נעבאך, ב. גארין, | 3 |
| נעילה, י. ל פרץ, | 3 |
| די נשמה, י. ל. פרץ, | 3 |
| עגיפטען (דאס לאנד), י. דינעזאהן, | 15 |
| ערקעלטונג און קאטאר, א. טאנענבוים, | 3 |
| אנ'עצה, שלום־עליכם, | 3 |
| פאעזיע, י. ל. פרץ, | 5 |
| דאס פינטעלע יוד, א. גאלדפאדען, | 5 |
| א פעקעל בריעף, י. ל. פרץ, | 5 |
| פערעלע, שלום־עליכם, | 3 |
| פרעה'ס יורשים, י. ל. פרץ, | 3 |
| פונ'ם פריזיוו, שלום־עליכם, | 3 |
| פישעל דער מלמד, שלום־עליכם, | 5 |
| א פערשטערטער שבת, י. ל. פרץ, | 3 |
| דער פעטער שכנא מיט דער מוהמע יאחנע, י. ל. פרץ, | 3 |
| דער פעטער פיני מיט דער מוהמע רייזע, שלום עליכם, | 3 |
| פריינקעל'ס שריפטען, | 5 |
| צו וואס טויג טהעאטער, ב. פייגענבוים, | 3 |
| צוויי קברים, ש. ראבינאוויץ, | 3 |
| צוויי פעסלאך וויין, מ. ספעקטאר, | 3 |
| דער קאר קאנדוקטאר, ד. עדעלשטאט, | 3 |
| קליינע מעשה'לעך, י. ל. פרץ, | 3 |
| די רומענישע אידען אין אמעריקא, ד. מ. הערמאלין, | 3 |
| רייזע בילדער, י. ל. פרץ, | 10 |
| דאס שטריימעל י. ל. פרץ, | 3 |
| שלום־פייווישקע, מ. ספעקטאר, | 3 |
| שמשון שלמה מיט זיינע פערד, י. דינעזאהן, | 3 |
| שמעריל'ס שמחה, מ. ספעקטאר, | 3 |
| שרה פעסי, מ. ספעקטאר, | 3 |
| שרה'לע, מ. ספעקטאר, | 3 |

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער ווי אויך ביי די פערלעגער:

## היברו פאבלישינג קאמפאני,

83־85־87 קאנאל סטריט, ניו־יארק.

